1) ייִדישע געמיינדע (קהילה)
חדר יסודי-התורה,
וויבער-שול,
טריסקער שטיבל,
אומאַנער שטיבל,
חברה תפארת-בחורים,
פּועלי-אגודת-ישראל,
לינת-הצדק.
2) די גרויסע שול.
3) בית-המדרש.
4) מקוה, שוויץ-באָד.
5) גערבער-שטיבל.
6) ראַדזימינער שטיבל.
7) אָטוואָצקער שטיבל.
8) אַלעקסאַנדער שטיבל.
9) סאָקאָלאָווער שטיבל.
10) ייִדישער גימנאַזיום,
בית-יעקב שולע,
בנות-אגודת-ישראל.
11) סעראָצקער שטיבל.
12) בית-המדרש אויף וואַרשעווער גאַס.
13) קהל-חסידים.
14) דאָס שטאָטישע שפּיטאָל-הויז.
15) ייִדישער בית-הקברות.
16)-21) ייִדישע וויאַטראַקן.
17) ראָזענבערגס מיל.
18) נאָוואָמינסקיס טאַרטאַק און מיל.
19) וואַגמאַנס מיל.
20) רינגס מיל.
22) צעלניקס ציגלניע.
23) מינצ׳ס פֿאַבריק פֿון פּולווער מאַשינען.
24) די צווייטע שפּאָר און לײַ קאַסע.
25) מלוכישע פֿאָלקס-שול פֿאַר ייִדישע קינדער.
26) דער שטאָט-בירגער, ראַט-הויז (ראַטוש),
פֿײַער-לעשער.
27) דער שלאָס, פּאַלאַץ, און אַרכיוו.
28) דער פּאָסט-אַמט.
29) שטאָטישער טעאַטער און קינאָ נאָוואָשטש.
30) ראַיאָנאָווער סעיִם.
31) קינאָ באַיקאַ.
32) די קאַשאַרן.
33) שטאָטישער עלעקטראָווניע.
34) פּשיסטאַן
35) די לאַנגע הילצערנע בריק דורך וועלכע
די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג איז דורך
-דעם אַרויסטרײַבן-אַ טאָג פֿאַר ערב-סוכּות
אין 1939 דורך די נאַצישע טמאים.
36) די אײַזערנע בריק.
37) די סאַניטאַר באַד ווו די נאַציס האָבן רעוויזירט
אין באַראַקן געוואַרט פֿאַרן אַרויסטרײַבן פֿון שטאָט.
38) די קריסטלעכע פּאָווישעכנע שולע.
39) די שטאָטישע טירמע, די קירכע און קלאָסטער.
40) דער שטאָטישער שפּיטאָל. אין פֿאַרטיידיקונגס טורעם.
41) דער גלאָקן קלויסטער
42) פֿעסטונג טורעם, גימנאַזיום, ודזשאַליטשער קלויסטער.
43) גאָטישער עוואַנגעלישע דײַטשער קירכע.
44) שלאָס קאַפּעליצע.
45) שטאָט פֿאַרוואַלטונג. (מאַגיסטראַט)
46) רוסישער צערקווע.
47) קאַטעדראַל. דער הייליקער קרייץ, דער
קריסטלעכער בית-הקברות, און דער
אינוואַלידן שפּיטאָל.


פולטוסק
געצייכנט
מ. סרעברא
פאשע פעלדער
שפאציר גארטן
בענעדיקטינסקא
רינעק
שווענטא יאנסקא
מארק
שלאס-גארטן
נייער רינעק
חזיר-מארק
סקווער
נארעוו
אלט פאפלאווס
ניי פאפלאווס
זומער-וווינונג

# פולטוסק

## ספר זכרון

העורך — רעדאקטאר

**יצחק עברי**

---

**הוצאת ארגון יוצאי פולטוסק בישראל**

**ארויסגעגעבן דורך דער פולטוסקער לאנדסמאנשאפט אין ישראל**

**תל־אביב, תשל״א—1971**

# PULTUSK
## SEFER ZICARON

PUBLISHED BY **"IRGUN YOTZEI PULTUSK"** IN ISRAEL
TEL-AVIV — 1971

Edited by:
**ITZCHAK IWRY**

נדפס בישראל








ציורים:
אבא פניכל

נדפס בדפוס המרכז בע"מ, תל-אביב

הודפס על ניר תוצרת מפעלי ניר ישראל-אמריקה בחדרה
ובסיועו של המנהל י. חיימוביץ

## ליוצאי פולטוסק בכל אתר ואתר!

ידידים יקרים,

היום הזה, עם ביצוע המשימה שהטלתם עלינו, הננו מסיימים את שליחותנו והננו מוסרים בידכם את הספר — הוא ספר זכרון לקהילה שהיתה ושאיננה עוד...

מאז ומתמיד מצוה היא להציב מצבת אבן, לאות זכרון, על קברו של הנפטר. כיצד נוכל לקיים מצווה עתיקת ימים זו, עת רובם של יקירינו אשר נספו בשואה האיומה מצאו את מותם, מי בתאי הגזים, מי במשרפות האש של הגרמנים ואחרים — עונו עד צאת נשמתם בכל השיטות האכזריות שהמציא המוח השטני של האשמדאי הגרמני. ומי שהצליח להתחמק מצפרניו הארורות ולא שיחק לו המזל להשאר בחיים, נפל במנוסתו בערבות רוסיה המושלגים. ולא מעטים הם בני קהילתנו, אשר הרימו את נס המרד נגד הצורר הגרמני ובגבורה חשמונאית לחמו ומצאו את מותם.

איך נציב להם מצבת אבן, אם לא זכו אפילו לבוא לקבר ישראל ?

לא מצבת אבן נציב לזכרם — ספר זה הוא הוא המצבה שהננו מציבים, זהו נר זכרון, נר תמיד לנשמותיהם, אותו אנו מעלים היום, נר לבני קהילה טהורים בחייהם וקדושים במותם, מקדשי השם ברבים, בעלות נשמותיהם למרום בלהבת ההשמדה, אשר הוצתה על־ידי עם מרצחים נושא "תרבות" — רומסי תרבות.

כן ישמש ספר זה כגלעד לזכרם המבורך של רבים מבני קהילתנו, ראשי ציבור ומשרתיו הנאמנים, אשר שבקו חיים לכל חי בתקופות שונות ובזמנים שונים.

כן גלעד — לזכרם של צעירים־לוחמים יוצאי פולטוסק או בניהם של יוצאי פולטוסק אשר הקריבו את חייהם על תקומת עצמאות ישראל במדינתנו ובמלחמות לבטחונה נפלו בקרב.

עם הוצאת ספר יזכור, שלוחה בזה הוקרת כולנו לכל הידידים, אשר זה שנים רבות הטו את שכמם וסייעו במבצע של כתיבה או אוסף החומר המתפרסם כיום בספר. כמה זמן יקר הקדישו כל אלה, מן היום בו הראשונים החלו במלאכה וביניהם נציין את הסופר בן עירנו מרדכי זילברמן, אשר איננו עוד אתנו, ועד הרגע הזה, בו הוועדה להוצאת הספר, שלכבוד נחשב לי לעמוד בראשה, סיימה את מלאכתה, בסיועו של ועד הארגון של יוצאי פולטוסק והיא מגישה לכם את הספר.

אין זה מוטל בספק, כי עם קריאת הספר, יתגלו אי אלה טעויות, שגיאות, אי־דיוקים וכד׳. דברים אלה לגיטימיים המה, עם כל הרצון והמאמצים שנעשו, כדי להמנע מהם ; אין עבודה מושלמת במאת האחוזים ובפרט מפעל קולקטיבי כיצירה זו.

**ולבסוף** — תודתנו נתונה לעורך הספר, ידידנו יצחק עברי, אגב — שגם הוא מיוצאי פולטוסק הנהו. מר עברי כינס במשך כ־5 שנים את החומר שנמסר לו, ראיין ידידים רבים, כדי להשיג מהם ידיעות וזכרונות והביא את החומר, לאחר עריכה, לדפוס.

בברכה

**יעקב נחושתן (קופפרמינץ)**

**יו"ר הועדה להוצאת ספר יזכור לקדושי פולטוסק**

## צו די פולטוסקער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט!

טייערע פריינד,

היינט, אינעם טאָג ווען מיר האָבן אויסגעפירט די מיסיע וואָס איז אויף אונדז אַרויפגעלייגט געוואָרן, ענדיקן מיר אונדזער שליחות און גיבן איבער אין אייערע הענט דעם ספר, דאָס גדענק־בוך פון אַ קהילה, וואָס איז געווען און איז שוין מער נישטאָ...

פון שטענדיק אָן איז עס געווען אַ מצווה אויפצושטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון אַ נפטר אַלס צייכן און אָנדענק.

ווי קענען מיר מקיים זיין דעם דאָזיקן אַלטערטימלעכן געבאָט, ווען דער גרעסטער טייל פון אונדזערע נאָענטסטע, וועלכע זענען אומגעקומען אין דער גרויזאַמער פאַרניכטונגס־תקופה, האָבן געפונען זייער טויט, ווער אין די גאַז־קאַמערן, ווער אויף די שייטערהויפנס פון די דייטשן און ווער עס האָט אויסגעהויכט זיין נשמה בשעת די גרויזאַמע פייניקונגס־מעטאָדן, וואָס עס איז מסוגל געווען אויסצוקלערן נאָר דער טייוולישער מוח פון דעם דייטשישן אשמדאי. און ווען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון זיינע פאַרשאָלטענע נעגל און ער האָט נישט געהאַט דעם מזל צו בלייבן ביים לעבן, איז ער פאַרשניטן געוואָרן אין זיין געלאָף אויף די באַשנייטע פעלדער פון רוסלאַנד.

עס האָבן זיך אויך געפונען נישט ווייניק פון אונדזער קהילה, וועלכע האָבן אויפ־געהויבן דעם פאַקל פון אויפשטאַנד און האָבן געפונען זייער טויט, קעמפנדיק מיט אַ חשמונאישער גבורה קעגן דעם דייטשן שונא.

ווי קענען מיר אויפשטעלן פאַר זיי אַ מצבה פון שטיין און מאַרמאָר, אַז זיי האָבן נישט זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל?

נישט קיין מצבה וועלן מיר פאַר זיי אויפבויען, נייערט דאָס דאָזיקע בוך וועט זיין אַ מאָנומענט פאַר זיי. מיר צינדן היינט אָן אַ זכרון־לעמפל, אַ נר־תמיד פאַר זייערע נשמות, אַ לעמפל פאַר די זין און טעכטער פון אונדזער קהילה — לויטערע אין זייער לעבן און פאַרהייליקטע אין זייער אומקום — וועלכע האָבן מקדש געווען ברבים זיין הייליקן נאָמען בשעת זייערע נשמות זענען אַרויף צו די הימלען אין די פלאַמען פון אומקום, וואָס עס האָבן אונטערגעצונדן די „קולטור טרעגערישע" רוצחים — די וואַנדאַלן פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

דער דאָזיקער ספר וועט אויך דינען אַלס דענקמאָל פאַר די זין פון אונדזער קהילה, וועלכע זענען געשטאַנען בראש פון יידישן ציבור, און געווען זיינע טרייע דינערס און וועלכע האָבן פאַרלאָזן דעם ערדישן קוגל אין פאַרשידענע צייטן און תקופות. עס וועט אויך זיין אַ געדענק־שטיין פאַר דער יוגנט און פאַר די קינדער פון די פולטוסקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געווידמעט זייערע לעבנס פאַר דער אויפ־ריכטונג פון דער יידישער זעלבשטענדיקייט אין אונדזער מדינה און וועלכע זענען געפאַלן אין אירע באַשיץ־מלחמות.

מיטן דערשיינען פונעם יזכור־ספר דריקן מיר אויס אונדזער אַנערקענונג די אַלע פריינד, וועלכע האָבן אין משך פון אַזויפיל יאָרן אונטערגעלייגט אַן אַקסל און

געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַקציע פון שרייבן און פון זאַמלען די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אינעם בוך. ווי פיל אומשעצבאַרע צייט האָבן זיי אָפּגעגעבן פונעם דאָזיקן טאָג, ווען די ערשטע האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט און צווישן זיי וועלן מיר פאַרצייכענען אונדזער בן־עיר, דעם שרייבער מרדכי זילבערמאַן, וועלכער געפינט זיך שוין נישט צווישן אונדז, און ביז דעם דאָזיקן מאָמענט, ווען די קאָמיסיע פאַרן געדענק־בוך האָט געענדיקט איר טעטיקייט מיט דער מיטהילף פונעם ארגון יוצאי פולטוסק און גיט אייך היינט איבער דעם דאָזיקן ספר.

עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז בשעתן לייענען פונעם בוך, וועלן זיך אַנטדעקן געוויסע טעותן, פעלערן, אומפּינקטלעכקייטן אד״ג. עס איז אַ לעגיטימע דערשיינונג, טראָץ דעם ווילן און די באַמיִונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, זיי צו פאַרמיידן. שווער צו געפינען אַ הונדערטפּראָצענטיקע קאָמפּלעטע אַרבעט, בפרט ווען עס רעדט זיך וועגן אַ קאָלעקטיווער אונטערנעמונג, ווי עס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס דאָזיקע ווערק.

און צום סוף — מיר דריקן אויס אונדזער דאַנק דעם רעדאַקטאָר פונעם בוך, דעם פריינד יצחק עברי, וועלכער איז, אגב, אויך אַן אָפּשטאַמיקער פון פולטוסק. פריינד יצחק עברי האָט אין משך פון בערך פינף יאָר צונויפגעזאַמלט די אַרבעטן און אַרטיקלען, וואָס זענען אים איבערגעגעבן געוואָרן, אויפגענומען גבית־עדות פון באַקאַנטע און פריינד כדי צו דערגענצן די ידיעות און פאַרפולקאָמען די זכרונות און נאָך אַ געהעריקער רעדאַקציע געבראַכט די מאַטעריאַלן צום דרוק.

מ י ט  ג ר ו ס

**יעקב נחושתן (קופּפערמ׳נץ)**
פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר דעם
**ספר יזכור לקדושי פולטוסק**

# מאת העורך

ספר־זכרון זה של עירנו נתאחר בזמן לעומת ספרי־זכרון אחרים על שברון־השברונים האחרון של העם היהודי, שיצאו לאור עד היום, — אולם לא נתאחר כלל בקריאת־יזכור החדשה שלו ובזעקתו: לא תשכח!

להיפך — כל איחור של ספר־יזכור מעורר שוב את צעקת־החמס, שקולה הולך עד סוף כל הדורות, ואשר היומיומיות האפורה, הנוחה, נוטה להחרישה לאט־לאט.

בשעה שמרחפת סכנה של שכחת אסוננו, שואת ששת המיליונים, כל אותן הזוועות שנעשו לעמנו, לעריו ולבתיו — מהווה כל ספר־יזכור חדש השתלהבות חדשה של זכירה; כל ספר־זכרון נוסף וכל גלעד חדש לקדושינו — גילוי־מחדש של גיטאות, תליות, תאי־גאזים, משרפות ומיתות משונות, שבהם נאבקו קדושינו המוכרתים בשעותיהם האחרונות.

ולא באו לעזרתם לא השמים ולא הארץ באותם רגעים איומים של כליונם.

הסתר־פנים שרר במלוא רחבי־תבל.

כל יזכור „מאוחר" הוא מאבק עם שר־השכחה, אזהרת־אש חוזרת מפני משמידינו מעולם, מהיום וממחר... — „לא תשכח!" משווע הקיום היהודי בכל הדורות ושעוותנו זו מופנית אל כל ניצול באשר הוא שם, שיראה עצמו כאוד מוצל מאש, שלהבותיה היו עלולות לאחוז גם בו, וודאי היו אוחזות בו, לולא אותו הנס המופלא:

גם לי הם נתכוונו, גם לי,
עת גרזנים קהי־צליל
הכריתוך מתבל;
עת אל רצח־ששת־המיליונים הוליכוך
למקום אבדן עלומיך, כמו אח־לצרה
הלכתי אחריך.
אך הגורל, למרבה הפליאה, נכנס באמצע
והסתירני כמו הר
ממבטו הערמומי של המוות הטמא...
גם לי הם נתכוונו, גם לי...



ישמש־נא ספר־הזכרון שלנו, בין כל ספרי־הזכרון מתמול־שלשום וממחר־מחרתיים, כלפיד שהודלק־שוב לזכר־תמיד: לזכור ולא לשכוח!

לזכור את הצוואה האילמת של קדושינו בשעה שהועלו לתלייה, בשעה שהושלכו בחמת־רצח לתוך תאי־הגאזים, בשעה שהוטלו ירויים וירויים־למחצה לתוך הבורות. לזכור כמה גדול החוב שאנו חבים להם —

לא תשכח!

הלחם של אותם גיטאות מורעבים עד מוות —
מושלך היום לרוב ברחובות...
פיות מעוותים בתאי־הגאז לא אכלוהו
הלחם הוא ל ח מ ם!
בעלי־חוב נשארנו לכליונם,
כה נצלנו מחדלונם.

חיי אותם מיליונים חללי־חרפה־ומיתה־משונה —
מושלכים לרוב סתם־כך בערים המתנערות מן החורבן...
גופים שהפכו אפר במדורות
לא חיו אותם —
אלו הם חייהם!
בעלי־חוב אנו לראשיהם הכרותים;
צווי „לא־תשכח" של אש תלויים על ימינו שניצלו.



ויכתבו־נא ספרי־„יזכור" עוד ועוד, בל תיתם כתיבתם!

אל־נא תיפסק הצבת עמודי־זכרון לחיים הקטועים של קדושינו כל עוד הכתם המפלצתי של הרג־היהודים לא יימחה כליל.



ואף כאן — לא תשכח! אף כאן בארץ־שארית־הפליטה תלוי לאו נאפד־אש זה מעל ראשינו; אף כאן במדינתנו!

רבים־רבים מבנינו כבר נפלו על קידוש העם והמולדת, אך במלחמה גלויה ובנצחון שהרעיש עמים וארצות.

גם כאן, כעם שמדינה לו, מקיפים אותנו שונאינו־בנפש, שאנו נלחמים עמהם זה שנים רבות ללא מוצא של שלום־אמת; גם כאן — לא תשכח!

לא לשכוח את הסכנות שארבו לנו בשנות 48—56—67 ולאחריהן — סכנת אותה שואה עדיין אורבת לנו —

על כן — לא תשכח!

עמנו כבר כתב בחייו שני ספרי־חורבן: חורבן בית ראשון וחורבן בית שני. נהיה־נא בטוחים, כי בזכות גבורתנו המופלאה ותקומתנו הניסית לתחיית־עם־ומדינה, לא ניזקק עוד לעולם לספר חורבן שלישי...



## פון דעם רעדאקטאר

דאָס איצט־דערשינענע יזכור־בוך פון אונדזער שטאָט האָט זיך צייטמעסיק פאַרשפּעטיקט קעגן אַנדערע שוין ביז היינט פיל אַרויסגעגעבענע יזכור־ביכער איבער דעם לעצטן יידישן בראַך פון אַלע בראַכן, אָבער זיך ווייט נישט פאַרשפּעטיקט מיט זיין נייעם יזכור־רוף און „לא־תשכח"־געשריי...

אומגעקערט!

יעדער פאַרשפּעטיקונג פון אַ יזכור־אויסגאַבע וועקט פון דאָס ניי דעם שוידער, דעם עד־סוף־כל־הדורותדיקן געוואַלד, וועמען די גרויע ניחאדיקע טאָג־טעגלעכקייט איז גענייגט לאַנגזאַם צו פאַרשטילן...

אין דער שעה, ווען עס הענגט אַ געפאַר, חלילה, פון פאַרגעסן אונדזער 6 מיליאָניקן אומגליק, אַט דאָס אַלץ וואָס עס איז געטאָן געוואָרן צו אונדזער פאָלק און צו אונדזערע שטעט און היימען — איז יעדער ניי־דערשינענער יזכור־ספר אַ נייער אופפלאַם פון דערמאָנונג; יעדער צוגעקומענער ספר־זכרון אָדער קדושים־דענקמאָל איז אַ נייער אויפדעק פון תליות, געטאָס, גאַז־קאַמערן, קרעמאַטאָריעס און מיתה־משונות, ווו אונדזערע פאַרשניטענע קדושים האָבן זיך געראַנגלט מיט זייערע לעצטע שעהען.

און נישט דער הימל און נישט דער מענטש האָט זיי געהאָלפן אין די דאָזיקע שוידערלעכע אומקום־מינוטן.

הסתרת פנים האָט געהערשט אין אַלע עקן וועלט.

יעדער „פאַרשפּעטיקטער" יזכור — איז אַ קאַמף מיט דער שכחה, אַ פייערדיקע ווידערוואָרענונג קעגן אונדזערע פאַרצייטישע און היינטיקע און אויך מאָרגנדיקע פאַרטיליקער...

„לא תשכח!" — שרייט דער יידישער קיום אין אַלע דורות!

און זיין געשריי איז געווענדט צו יעדן ניצול־געוואָרענעם און שארית־הפליטה־דיקן, ווו נאָר ער געפינט זיך, ער זאָל זיך באַטראַכטן ווי אַן איבערבלייב פון אַ שריפה, וועמעס פלאַמען האָבן אים אויך געקאָנט אַרומנעמען און וואָלטן אים זיכער אַרומגענומען, ווען נישט דער אומבאַגרייפלעכער נס:

מ'האָט געמיינט אויך מיך, אויך מיך,
ווען ס'האָבן העק מיט טעמפּע קלאַנגען
דיך פאַרשניטן פון דער וועלט;
ווען צו דער 6 מיליאָניקער מיתה־משונה מ'האָט געפירט דיך, —
צום אָרט פון דיין יונגן אומקום — ווי אַן אח־לצרה כ'בין דיר נאָכגעגאַנגען,
נאָר דער גורל — צום באַוווּנדערן — אַריין איז אין דער מיט
און מיך פאַרן כיטרען בליק פון טמאדיקן טויט
אַזוי ווי אַ באַרג פאַרשטעלט!...
מ'האָט געמיינט אויך מיך, אויך מיך...



זאָל אונדזער ספר־הזכרון צווישן די אַלע נעכטיקע, היינטיקע און איבער־איבער מאָרגנדיקע זכרון־ביכער דינען ווי אַ ווידער־אָנגעצונדענער פאַקל פון שטענדיקן געדענקען! געדענקען און נישט פאַרגעסן! געדענקען די שטומע צוואה פון אונדזערע קדושים ביים אַרויפציען זיי אויף דער תליה! ביים מערדערלעכן אַריינשליידער אינעם גאַז־קאַמער! ביים אַריינפאַלן צעשאָסן און האַלב־צעשאָסן אין די גריבער! געדענקען, אַז מיר זענען דער איבערבלייב פון זייער שוידערלעכן אומקום!...

געדענקען ווי גרויס עס איז אונדזער חוב! וויפל מיר זענען זיי שולדיק געבליבן:
לא תשכח!

דאָס ברויט פון יענע צום־טויט־פאַרהונגערטע געטאָס —
וואַרפט מען סתם־אַזוי־בשפע היינט אין די גאַסן...
מיילער צעקרימטע אין די גאַז־קאַמערן
האָבן עס נישט געגעסן.
עס איז זייער ברויט!
בעלי־חובות זענען מיר געבליבן זייער אומקום;
מיר זענען ניצול געוואָרן פון זייער טויט...
דאָס לעבן פון יענע מיליאָנען אין שאַנד־און מיתה־משונה־אומגעקומענע
וואַרפט מען סתם־אַזוי־בשפע היינט אין די פון חורבן־זיך־
אָפּטרייסלענדיקע שטעט...
גופים צעאַשטע אין די שייטערס
האָבן עס נישט געלעבט.
עס איז זייער לעבן!
שולדיק זענען מיר געבליבן זייערע אָפּגעהאַקטע קעפּ;
פייערדיקע „לא תשכחס" הענגען איבער אונדזערע ניצול־געוואָרענע
טעג...



און זאָלן די יזכור־ביכער געשריבן ווערן ווייטער און ווייטער און נישט אָפּ־געשריבן ווערן! און זאָלן די דענקמעלער נאָך די קדושימס נישט דערלעבט לעבן נישט אויפהערן געשטעלט צו ווערן! ביז דער העסלעכסטער וועלט־פּלעק פון יידישער הריגה און פאַרטיליקונג וועט נישט לחלוטין אָפּגעוואַשן ווערן! — — —



און אויך דאָ — לא תשכח!

אויך דאָ אינעם שארית־הפליטה־לאַנד הענגט דער פלאַם־פייערדיקער לאו איבער אונדזערע קעפּ; אויך דאָ, אין אונדזער מדינה! —

פיל־פיל פון אונדזערע זין זענען שוין אומגעקומען על קידוש העם והמולדת, אָבער אין אַן אָפענעם קאַמף און מיט אַ זיג וואָס האָט דערשיטערט פעלקער און לענדער.

אויך דאָ, אַלס אַ פאָלק שוין מיט אַ לאַנד, זענען מיר אַרומגערינגלט פון די זעלבע דם־שונאים, מיט וועלכע מיר קעמפן שוין אַ סך יאָרן, אָן אַן אויסוועג צו אַ שלום־אמת; אויך דאָ — לא תשכח.

נישט פאַרגעסן די סכנות, וועלכע האָבן אויף אונדז געלויערט אין די יאָרן 48—56—67 און ווייטער.

די סכנה פון יענעם אומקום לויערט נאָך אַלץ אויף אונדז — דעריבער: לא תשכח!

אונדזער פאָלק האָט שוין אָנגעשריבן אין זיין לעבן 2 חורבן־ביכער: די חורבנות פון בית ראשון און בית שני! לאָמיר זיין זיכער, אַז אַ דאַנק אונדזער אומבאַגרייפ־לעכער גבורה און נסימדיקער אויפוואַכונג צו ווידער־פאָלק און ווידער־לאַנד, וועט עס צו קיין 3טן חורבן־בוך, חלילה, קיינמאָל נישט קומען!...



כתובת עברית שנשארה מעל הכניסה לבית הכנסת הגדול שנהרס כזכר לחורבן

העברעישע אויפשריפט וואָס איז געבליבן איבערן אריינגאַנג צו דער גרויסער שול
וואָס איז רוינירט געוואָרן ווי אַ זכר לחורבן




**זכור** את פולטוסק, עירך היהודית, שהנה כבר היום פולטוסק של מעלה!
**זכור** את בני־עירך שנכרתו ולא באו לקבר ישראל!
**זכור** כי בספר־הזיכרון מנוחתם — בית עולמם!
**זכור** את הנפטר שהשליכוהו מקברו ובאותיות היהודיות של מצבתו קישטו בתי גויים; כמו שהשליכו אותך מביתך ונכרים השתכנו בו!
**זכור** את רגעי־המות, שארכו על גשר ווישקוב כמאות שנים תמימות!
**זכור** את נדודיך העקובים מדם, שנמשכו מגירוש־פולטוסק האיום עד ליערות סיביר!
**זכור** את הבנים והבנות הגיבורים של פולטוסק, שנלחמו בגבורה יהודית מופלאה עם העמלקים הגרמניים!
**זכור** את אויביך הגויים, שארבו לקיומך והסגירו אותך בזדון לידי התליין הנאצי!
**זכור** את החסיד היחיד של האומות שחרף לא פעם את נפשו להגן עליך ובאותה מיתה נספיתם גם שניכם!
**זכור** את הנס הגדול של שארית־פולטוסק, שעליו לשמש אות־אזהרה לאחדות ולתמימות־הלבבות בין בני פולטוסק שנשארו בחיים בעולם כולו!

---

**געדענק** דיין יידישע שטאָט, פולטוסק, וועלכע איז שוין היינט פולטוסק־של־מעלה!
**געדענק** דיינע בני־עיר, די פאַרשניטענע און נישט־געקומענע צו קבר־ישראל!
**געדענק** אַז אין דעם ספר הזכרון איז זייער מנוחה — זייער בית־עלמין!
**געדענק** דעם נפטר, וועלכן מ׳האָט אַרויסגעשליידערט פון זיין קבר און מיט די יידישע אותיות פון זיין מצבה האָט מען פאַרפוצט גוייִשע הייזער; אַזוי ווי מ׳האָט דיך אַרויסגעיאָגט פון דיין לעבעדיקער היים און פרעמדע האָבן זיך דאָרט באַזעצט!
**געדענק** די טויט־רגעס, וועלכע האָבן זיך אויף דער ווישקאָווער בריק געצויגן ווי גאַנצע יאָר־הונדערטער!
**געדענק** דיין לאַנגן נע־ונד און בלוטיקן וואַנדער, וועלכער האָט זיך געצויגן פון שוידערלעכן גירוש־פולטוסק ביז צו די סיבירישע וועלדער!
**געדענק** די העלדישע פולטוסקער זין און טעכטער, וועלכע האָבן מיט אויסטער־לישער יידישער גבורה געקעמפט קעגן די דייטישע עמלקים!
**געדענק** דיינע גויישע שונאים, וועלכע האָבן געלויערט אויף דיין „זיין" און בייזוויליק דיך איבערגעגעבן אין די הענט פונעם נאַצישן תליין!
**געדענק** דעם איינצעלנעם חסיד פון די אומות, וועלכער האָט נישט איינמאָל מיט זיין לייב און לעבן דיך באַשיצט און מיטן זעלביקן טויט זענט איר ביידע אומגעקומען!
**געדענק** דעם גרויסן נס פון דעם פולטוסקער שארית, וועלכער דאַרף דינען ווי אַ וואָרנונג־צייכן צו אחדות און איחוד־הלבבות צווישן אַלע לעבנ־איבערגעבליבענע פולטוסקער אין גאַר דער וועלט!



אויך זיי ברענען אין די פלעמלעך דאָ, די זעקס ;
אין שוידערלעכן „קדיש" נאָך די זעקס מיליאָן —
זיי, די קדושים פון מיין שטעטל מיט דעם אַש ;
יתגדל, אוי־ווײ־אוי־ווײ, ויתקדש ! .... — —

# פרקי עבר



„בשטה" — מבצר מהמאה ה־14

„באשטא" — אַ פעסטונג פון 14־טן י"ה

# קאפיטלען פון עבר

## תצלומים של מקומות היסטוריים בעיר*
## פאטאגראפיעס פון היסטארישע פלעצער אין שטאט*




כתובת עברית על קיר הקולגיאטה (כנסיה) שהוקמה ב־1449 ושופצה ב־1560
אַ העברעישע אויפשריפט אויף אַ וואַנט פון דער קאלעגיאטא (אַ קירכע), אויפגעשטעלט אין 1449 און רעמאָנטירט אין 1560



הטירה („זמק") של הבישופים הפלוצקאים
דער שלאָס („זאַמעק") פון די פלאָצקער בישאָפן



בית בשוק. בשנת 1806 התאכסן כאן נפוליאון בונפרט לימים מספר
אַ הויז אין מאַרק. אין 1806 איז דאָ נאַפּאָלעאָן באָנפּאַרט איינגעשטאַנען איניקע טעג

* ראה: „העיר פולטוסק ותולדותיה", עמוד 5;
זע: „פולטוסק — איר שטאָטיש לעבן און געשטאַלט", ז' 61.

# העיר פולטוסק ותולדותיה

**פולטוסק במרוצת הדורות**

ימיה של פולטוסק כימי ממלכת פולין שידיעות ראשונות על שלטונו של המלך מישקו העניק לנו הנוסע היהודי מארצות ערב אברהם בן יעקב. עובדה היסטורית היא שכבר בשנת 966 היה מתנוסס במקום מבנה מבוצר לצורך חנית חיילים (קשטלניה בפולנית) וזה בגלל חשיבותו האסטרטגית של הישוב, ששכן בשפלת הנהר נַארב לחופו הימני במקום התפל־גותו לשני אפיקים, כשאחד חוצה את העיר והשני מקיפה לצדדיה. המקום נזכר לראשונה בפריבילגיה של קונרד I נסיך מאזובשה משנת 1227. העיר ידועה היתה בשם פול־טובסקה ובמסמכים רשמיים בלטינית נזכרת בשם פולטוביה.

הישוב הוענק כנכס בלעדי לבישופים הפלוצקאים. עד היום לא ידועה הסיבה והתאריך של הענקה זו, ברם, היא שקבעה לדורות את אופיה ומהותה של העיר. עם בחירת פולטוסק כמרכז שלטונם, הוסיפו הבישופים לתואריהם את כנוי הכבוד נסיכי החבל הפולטבי Princeps territorii Pultoviensis ואחר כך דוכסי פולטוביה. בעיר כביתר המקומות שהוו נכסי הכנסיה נאסר על היהודים להתישב ואף לשהות בה.

כאחד המקומות היפים בחבל מאזובשה משך את תשומת לבם של אויבי פולין וסבל רבות מהתנפלויות, מעשי ביזה ושוד שנעשו ע״י העמים השכנים: הליטאים, הרוסינים וה־ידזבינגים ובשנת 1337 הפכו הליטאים את העיר לעפר ואפר.

הבישוף קלמנס פיז׳חלה הקים את העיר מהריסותיה וכדי לעודד את התפתחותה העניק לה בשנת 1339 את הזכויות הנובעות מהחוק החלמנאי Prawo Chełmińskie [1]. שגשוגה נמשך החל מהמאה ה־14 הודות לראשי הכמורה הקטולית, שעל־ידי הקמת בניני פאר וארמונות במקום, שאפו להראות גם את עוצמתם החילונית. משך פרק זמן זה התפתחה העיר מבלי שיפקדוה תהפוכות גורל וסערות מלחמה. בתקופה זו הוקמו רוב בניניה העתיקים, אשר בחלקם מקשטות את העיר עד היום הזה. נגידים ומלכים העניקו לה זכויות שונות והנסי־כים ממזובשה, זימוביט, קזימיר, וולדיסלב שחררו את העירו־נים בשנת 1432 מחובת המסים. המלך זיגמונד I נתן רשות להקיף את העיר בחומה בגלל מצבה הטופוגרפי המיוחד.

במלחמת פולין עם שודיה בין המלך יאן־קזימיר וקרל גוסטב השודי, כבש האחרון את פולטוסק בשנת 1656 וצבאו־תיו גרמו לה הרס רב. השרפות שפקדו את העיר לעיתִים תקופות, מגיפות הדבר ושטפונות גרמו לשקיעתה והתרוששות תושביה. במלחמה השניה עם השבדים בשנת 1703 נערך ע״י פולטוסק קרב עקב מדם בין המלך השבדי קרל VIII וצבאות הסאסים בפקודו של הגנרל שטיינאו שנחלו מפלה מוחצת. סביבתה הקרובה שמשה בשנת 1806 זירת קרבות בין צבאות נפוליאון וגייסות הרוסים. על שער הנצחון שהקים בונפרטה בפריס חרות גם שמה של פולטוסק בין יתר שמות של קרבות ושדות מערכה שהנחילו לו את הנצחון. למרות כל ההרס שהיה מנת חלקה במשך דורות, שייכת העיר לאחת היפות בפולין ושרדו בה כמה מבנים עתיקים ויפים.

פולטוסק שמשה בתקופות שונות מרכז תרבותי חשוב. בקולגיאטה (כנסיה שעל־ידה מתקבצים הקנוניקים /זקני הכמורה/) לימד הכומר וויאֶק (Wujek) שתרגם את התנ״ך מלטינית (Vulgata) לפולנית והמטיף והמסגנן הפולני המפורסם ושונא ישראל פיוטר סקארגה. בקולגיאטה זו מצוי עד היום לוח ובו תקוקים פסוקים בעברית[2]). בית־הספר ששמו יצא לתהילה הרחק מגבולות העיר הוציא מבין קירו־תיו אישים מפורסמים ששמם יצא לתהילה בפולניה ואף מחוצה לה. פה סיים את חוק לימודיו הקנצלר של מדינת פולין יז׳י אוסולינסקי (1595—1650) שהתפרסם בשעתו בבירות

1) זכויות וחובות שהוענקו לעירונים בעיר חלמנו שבפומרניה ושמשו דוגמא להשגת זכויות בערים אחרות.

2) הפסוקים לקוחים מתהילים וישעיהו, שבנבואותיו, לפי פירוש הכנסיה הנוצרית, מצויים רמזים על בואו של ישו המשיח. השמועה אמרה, שהם נחרטו בשיש ע״י איש יהודי, גדול ובקי בתורה, שטרם התנצרותו בלה ימים רבים במנזר זה.

אירופה בגלל תוכניותיו הפוליטיות הנועזות והסופר ויקטור גומוליצקי.

### נצני ההתישבות היהודית בעיר

כפי שהזכרנו לעיל חל על היהודים אסור המגורים בעיר, אולם כמו ביתר מקומות מסוג זה הם עקפו אותו ע״י התישבות בשטחים ובמקומות כפריים שבגבולות פולטוסק, שהיו בבעלות פרטית ולא נכללו בתחום שפוטה (iursdica).

בספרי בתי המשפט ותעודות משפטיות של ארץ מאזובשה מהמאה ה־15 מוצאים אנו ידיעה על ישוב יהודי בפולטוסק כבר בשנת 1480 [3]). במסמך משפטי משנים 1483—1486 נזכר שמו של היהודי הפולטוסקאי רובין (ראובן) [4]). ד״ר יעקב שצקי מזכיר בספרו על תולדות יהודי וארשה את פולטוסק כאחת הערים שאליהם עקרו היהודים אחרי גירוש וארשה בשנת 1483 [5]). גם ד״ר יצחק שיפר כולל את קהילת העיר בחישוב עומדני של ממדי האוכלוסיה היהודית בפולין במאה ה־14 וה־15 [6]). ברור מעל כל ספק שהיהודים לא יכלו להת־ישב ב„ממלכת״ בישופים זו ומתקבל על הדעת שהיו באים העירה מהיורסדיקות הנ״ל ושוהים בה רק בשעות היום לצרכי פרקמטיה. אשור למצב זה מוצאים אנו מאוחר יותר, מכתב־יד משנת 1786 [7]), האומר בין היתר: „העיר אין לה אף יהודי וגם לא סובלת (אותו — מ. ר.). מיהודים אין איזר שהי התישבות (incolatum ullum), כלומר אזרחות, אף מחסה הקטן ביותר עד כדי כך, שאם גם בא העירה פלוני יהודי לרגל עסקים, לא יכול ללון בה, אלא נסע לכפר או לעיר אחרת״. ברם, היהודים שמצאו את מחייתם בעיר והיו מסתל־קים ממנה בערוב יום, קראו את ישוביהם שמעבר לחומות בשם קהילת פולטוסק. הבישופים רמי היחס, אנשי הכמורה בכל שלבי ההירכיה הקטולית, האצולה הפולנית והעירונים זקוקים היו לסוחר, למלווה ברבית, למתווך היהודי ובשמירה על קדושת בירתם יצאו ההגמונים ידי חובתם רק באיסור התישבותם בעיר של צולבי ישו המשיח. למעשה היה שייך היהודי לנופה העירוני של פולטוסק. ואמנם, בנחשול עלילות הדם ששטף את ערי פולין בשלהי המאה ה־16 לא נעדר גם מקומה של פולטוסק. בשנת 1597 הופיע פיוטר סקארגה כקו־מיסר מטעם המלך נגד מספר יהודים מהעיר שקנו אצל שודד כנסיה הוסטיה (לחם קדוש) וטמאו אותו. לפי הוראותיו של סקארגה עונו האומללים, הודו בפשעים אשר לא בצעו והועלו על מוקד [8]). ובתור קוריוז, מאה עשרים וחמש שנה קודם לכן, ב־9 בספטמבר 1471, נשפט העירוני הפולטוסקאי סטניסלב גאודק בגלל כפירתו בדת ישו ו„התיהדותו״ [9]), אולם כפי שמעיר בצדק י. טרונק הכוונה כנראה לתנועת הריפורמה של ה„אחים הצ׳כים״, שהתפשטה אז במזובשה.

לפי הנתונים ההיסטוריים שאסף בסקירתו על תולדות העיר פאבל ויז׳ביצקי, מזכיר העיריה בשנת 1884, „חדרו״ (לפי הגדרתו) היהודים לעיר בשנת 1794 עם חלוקת פולין, אולם גורשו מהמקום לפי החלטת הלשכה הביאליסטוקאית (Kamera Białostocka — משרד מפקח על נכסי הממשלה). נסיונות ה„חדירה״ האלו נעשו על ידי יהודים שהתמקמו בכפרים הסמוכים לפולטוסק, מפופובה, ישוב כפרי המרוחק מהעיר כ־18 קילומטר ומהכפר פופלבי, שרוב אדמותיו היו קניניו של נתן נטע נוטקביץ׳, אשר התיחס אל הפורוצ׳ניק (סגן) הרמן נוטקביץ׳ שהצטיין במלחמות נפוליאון, בשרתו בלגיונים של דומברובסקי [10]).

### ההגירה לעיר והתפתחותה עם בטול אסור ההתישבות

עם כניסתם לפולין של הצבא הצרפתי התישבו היהודים בעיר החל משנת 1806 באין מפריע וכבר בשנת 1815 קבלו רשות להקמת בית־כנסת. בית־תפילה זה אשר הורחב ושופץ בשנת תרכ״ד (1864) נשרף ב־21 ביולי 1875 ובאותה שנה הוקם מחדש בנוי לתפארת [11]).

לפי מאמר שהתפרסם ב„המליץ״ בשנת תרנ״ה (1895), מס׳ 71 מאת יעקב מהרש״ק (הומצא לנו ע״י מר מ. צינוביץ׳) היה ראשון המתישבים „ברשיון הגמון אחד אשר לא הצטיין בשנאתו לישראל״ השו״ב ר׳ אשר אנשל בר׳ אריה פרידמן.

---

3) מג״ר ישעיה טרונק, צו דער געשיכטע פון יידן אין מאַזאָוויע אין 15טן י״ה. ייווא, היסטאָרישע שריפטן, כרך 2, דף 208.

4) Dr. E. Ringelblum, Żydzi w Warszawie od czasów najdawniejszych do ostatniego wygnania w roku 1527. Warszawa 1932, p. 18.

5) ד״ר יעקב שאַצקי, געשיכטע פון יידן אין וואַרשע. ייווא ניו־יאָרק, 1947, כרך 1, דף 22.

6) ד״ר יצחק שיפער, קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטלאַלטער. וואַרשע 1936. דף 148 ודף 150 הערה 1 a.

7) „Stan miasta Pułtowska czyli prawa i przywileje, dawności założenia jego, wolności i swobody okazujące, r. 1786 wypisane."

8) ש. דובנוב, דברי ימי עם עולם. הוצ׳ דביר, תש״ח, כרך 6, דף 175.

9) מג״ר ישעיה טרונק, כנ״ל, דף 218 והערה 59.

10) סגן נוטקביץ׳ הצטיין לתהילה בלגיונים של דומברובסקי, נפצע עם כבוש קורטון בטוסקניה. אחרי יציאתו מהשרות בלגיונים התישב בפריז וחי שם עוד בשנת 1824. היה אביר מסדר הכבוד הצרפתי. מתוך הספר: Dr. Ignacy Schiper, Żydzi Królestwa Polskiego w dobie Powstania Listopadowego. Warszawa 1932, p. 57.

11) התאריך הראשון והאחרון לפי: Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego i innych Krajów Słowianskich, Warszawa 1888 r.

אחריו הורשה למספר „בעלי מלאכה: חייטים וסנדלרים וכדומה אשר נחוצים היו לו (להגמון — מ. ר.) ולכמריו הרבים, להתיַשב ולתקוע להם יתד במקום נאמן בעיר קדושה הזאת ואם כי העדה היתה קטנה ומספר אנשיה מועט מאוד, בכל זאת ניתן להם הרשיון לכונן בית תפילה לעבודת אלקים". בשנת 1815 הוקם גם בית הקברות על חלק מאדמותיו של זלמן לוברניצר (תושב חדש מהעיירה לוברניץ ע"י ולוצלבק[12] כלשון הכתוב: „נדב אחד מראשי הבאים ר' זלמן לוברניצר (הנקרא על שם כפר מושבו) אשר היה בעל אחוזת נחלה, כברת ארץ והקצוה לשדה קברות היהודים". (המאמר במלואו ראה בנספח). עד אז הובלו המתים לעיירה מקובה ואח"כ לכפר פופובה, שאז היה „מקום מושב ליהודים וכל צרכי העדה היו שם, בית הכנסת ובית המדרש, מקוה ושדה קברות וכדומה". בשנת 1882 הורחב בית הקברות ע"י רכישת 2252 אמות אדמה חקלאית (כ־1.5 הקטר) ובשנת 1885 אישר השלטון הראשי בלומז'ה כסוי חלק מהוצאות גדורו בסך 1781 רובל 731 קופיקות. מאז התרת ההתישבות התפתח הישוב היהודי בצעדים מהירים. להלן טבלאת גדול האוכלוסיה היהודית בעיר, ע"פ הנתונים הרשמיים של הממשל הרוסי.

| השנה | ס"ה האוכלוסיה | יהודים מספר | יהודים % | גדול האוכלוסיה היהודית ב־% |
|---|---|---|---|---|
| 1810 | 2295 | 118 | 5.1 | — |
| 1825 | 3957 | 643 | 16.3 | 444.9 |
| 1856 | 4271 | 1856 | 43.4 | 188.5 |
| 1865 | 6866 | 3227 | 46.9 | 73.9 |
| 1888 | 9046 | 4756 | 52.4 | 47.4 |

הטבלא מדגימה באופן ברור את העליה המתמדת במספר היהודים בפולטוסק מבחינה אבסולוטית וגם ביחס לאוכלוסיה הכללית ואנו למדים ממנה על הקצב המזורז של התישבות היהודים בעיר. במשך 15 שנה מ־1810 עד 1825 התווספו 525 יהודים, גדול של 444.9 אחוזים; משנת 1825 עד שנת 1865 הגיע האחוז ל־401.7 ובאותו פרק זמן התרחבה האוכלוסיה הנוצרית רק ב־136.0%.

אחרי העליה הגדולה במספר היהודים בעיר עם פתיחת שעריה, חל משנת 1825 גדול כמעט שווה במשך 64 שנים הבאות, אם נחלקן לשתי תקופות של 32 שנים כל אחת: משנת 1825 עד שנת 1856 גדלה האוכלוסיה היהודית כמעט פי שלוש ומשנת 1856 עד 1888 פי שניים וחצי ויותר, ברם, החל מ־1865 מסתמן תהליך של האטה מתמדת — מ־1856 עד 1865 הגדול הוא בס"ה 73.9% (משך תקופה של 10 שנים) ומשנה זו עד 1888, בפרק זמן של 24 שנים רק 47.4%.

משנת 1831 אחרי כשלון המרד הפולני נכנסה פולין הקונגרסאית לתקופה של שגשוג כלכלי. מרחבי רוסיה על שווקיה נפתחו לפני מוצרי התעשיה הפולנית המתפתחת. בשנת 1845 נסללה מסילת הברזל הראשונה וארשה—צ'נסטוחוב, שהוארכה אח"כ עד לוינה. מסילה זו עברה הרחק מפולטוסק, אולם הנהר נארב שמש עורק תחבורה נוח אל הויסלה שעל מימיה הושטו הסחורות אל הבירה הפולנית ואל טורון ודנציג שבצפון ומוארשה אפשר היה גם להעביר ברכבת את התוצרת לדרומה של פולין. על אדמת מאזובשה הדשנה פיתחו יהודי פולטוסק מסחר רב היקף בתבואות ועצים והקימו תעשיה משגשגת של עבוד מוצרי חקלאות. בעיר ובפרבריה קיימות היו 13 טחנות קמח המונעות בכוח המים והרוח. בשנת 1875 (אחרי השרפה הגדולה) הקים יוליוש קרוננברג מבשלת שכר בבית דו־קומתי בפנת רח' בנדיקטינסקה (אח"כ פיוטרה סקארגי). כמו־כן קיים היה בית חרושת לעורות, מטויה, מנסרת עצים, 2 בתי־חרושת למי־סודה ומפעלים אחרים.

### האטת קצב ההתפתחות וסיבותיה

תאריכי יסוד טחנות הקמח המצויים בידינו מביאים אותנו להסקת מסקנות כמעט זהות שהסקנו מהטבלא על התפתחות האוכלוסיה היהודית בעיר. בשנת 1821 הוקמו ששה בתי־ריחיים, ב־1848 — שניים, ב־1861 — שלושה, ב־1871 ו־1879 טחנה אחת בכל שנה. אם משנת 1821 עד 1861 נוסדו 11 טחנות קמח, הרי שתי הטחנות הנוספות הוקמו כל אחת בהפרש של 9 שנים.

הסיבה להאטת קצב התפתחות האוכלוסיה והתעשיה נעוצה בשני גורמים: פתיחת מסילת הברזל וארשה—בידגושץ', שחוברה למסילת וארשה—צ'נסטוכוב—וינה וההתקוממות הפולנית בשנת 1863. המסילה החדשה שנקראה גם מסילת הרכבת הויסלאית, הובילה אל המערב, אל גרמניה התעשייתית והמתפתחת שהוותה שוק מצויין לתוצרת וחומרי גלם חקלאיים. עם פתיחתה פחת ערכם של נתיבי המים ותחנת הרכבת הקרובה היתה מרוחקת מפולטוסק מרחק של 22 קילומטר. מובן מאליו שסוחריה ויצרניה לא יכלו לעמוד בהתחרות עם עמיתיהם שעריהם או ישוביהם סמוכים היו לפסי הרכבת. בזמן ההתקוממות הפולנית ניטשו קרבות מרים בין המורדים והצבא הצאַרי בסביבות העיר. המצב הצבאי שהוכרז במדינה ואי הודאות הפוליטית שיתקו את חיי המסחר והתעשיה. השרפה

12) התאריך לפי המאמר ב„המליץ": „אחד מראשי הנפטרים אשר נקבר בבית הקברות החדש הוא הישיש הר"ר יעקב בר אלכסנדר שאך ז"ל. על מצבת קבורתו יתנוספו הדברים האלה: „שנת תקע"ה, זה היה ראשון על בית העלמין".

הגדולה שפרצה בשנת 1875 נתנה מכה ניצחת לכלכלת העיר.

שפור מה במצב הסתמן עם מקומם של שני גדודי הצבא הרוסי והקמת בית־חולים אזורי. בסביבות העיר היו נערכים מדי שנה בשנה תמרוני צבא נרחבים ורבים מאחינו בני ישראל מצאו את מחיתם כספקי הצבא. ברם, העיר בכללה לא נכנסה למעגל ההתעוררות הכלכלית והתעשיתית שחלה עם הריפורמה של וילופולסקי משנת 1862, אשר בטלה את כל ההגבלות שחלו בשטח זה על היהודים.

בשנת 1887 התפרסמה בעתון „הצפירה" (גליון 207) כתבה סטטיסטית על תעסוקת יהודי פולטוסק. (ראה נספח בסוף המאמר). מתוך 1079 מפרנסים היו 17 סוחרים מדרגה בינונית ואף למעלה מזה ורק שבעה היו סוחרים בעלי גילדה שניה, ספקים לממשלה ולצבא. סוחרים זעירים היו 251, מתוכם 60 בעלי דוכנים בשוק. מתוך 64 סוחרי תבואה, רובם בממדים קטנים, היו 7 יצואנים. היו גם שני בעלי קרקעות וששה בעלי טחנות קמח. יתר 732 מפרנסים, שהם 67,8% מסך 1079, היו מתווכים שונים, בעלי־מלאכה ושוליות, עגלונים, סבלים, עובדי עבודה שחורה ולהבדיל כלי־קודש שונים.

### החיים הצבוריים

החיים הצבוריים היהודיים בפולטוסק עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה התנהלו על מי מנוחות. הרב, הדיין ופרנס הקהילה (דוזאָר, מלשון דוזורצה — שומר או מפקח. הקהילה נקראה באופן רשמי בפני השלטונות דוזור בוז'ניצ'ני, כלומר פקוח על בתי־הכנסת) היו נציגיו של הצבור היהודי הפול־טוסקאי כלפי הרשות ונתמנו רק מבין מכובדי העיר. תפקי־דיהם הצטמצמו בשמירה על נכסי הקהילה ופקוח על המהלך התקין של החיים הדתיים וחנוך הבנים לתורה ולמצוות.

עם כבוש הגרמני בשנת 1914 נשתנו פני הדברים. הודות לשלטון הליברלי יחסית של הגרמנים התפתחו חיי תרבות וצבור ונוסדה ההסתדרות הציונית. עם בקורם של רב הצבא הגרמני ד"ר פנחס כהן והרב ד"ר קרליבך הוקמה הסתדרות אגודת ישראל וצעירי אגודת ישראל בתמיכת השלטונות הצבאיים כמשקל נגד לציונות. בהיותם מעונינים לרכוש את לב הצבור היהודי ולנצלו נגד תנועת העצמאות הפולנית המתגברת, עיבדו הגרמנים חוק בחירות לקהילות שמטרתו היה הקמת נציגות יהודית צבורית נבחרת. אמנם עד כדי בחירת נציגים לקהילה לא הגיעו פני הדברים, אולם עצם הרעיון הדמוקרטי גרם לתסיסה בצבור והווה התחלת התהליך של השתחררות מהתלות בגביר ובתקיף היהודי. בעיר הוקמה ספריה צבורית וגימנסיה יהודית. השפעת הדת הלכה ופחתה.

### תקופת השלטון הפולני

עם נצחון צבאות הברית ותקומת פולין, בתקופת המעבר בין השלטון הצבאי והאזרחי סבלו רבות יהודי פולטוסק. החיי־לים הפולנים שבפקודו של הגנלר האלר („האלרצ'יקים") גזזו זקנים והתעללו בתושבים. במלחמת פולין—ברית־המוע־צות בשנת 1920 נכבשה העיר זמנית על ידי הצבא האדום ולוחמיו הרעבים והיחפים בזזו מכל הבא ליד.

בתקופת ממלכת פולין העצמאית הגיעו ממדי האוכלוסיה היהודית בפולטוסק ל־40% מכלל התושבים. העיר הנוצרית, מרכז הבישופים והכמורה הקטולית הפכה לעיר יהודית תוססת.

עשרים שנות השלטון הפולני היו רצופות שרשרת התנכ־לויות להמוני העם היהודי. גראַבסקי, סלבוי־סקלאַדקובסקי הם סמני דרך במדיניות ההתרוששות של המעמד היהודי הבינוני. הפוגרומים והחרם הכלכלי של האנדציה, מלווה הסכמת ה„אובשם" (אדרבא) של ראשי השלטון, האנטישמיות שלוחת הרסן וזו המתעטפת באיטצלא של פתרון מדיני כביכול ליהודי פולין, הם שסללו את הדרך לקלגסי היטלר והכשירו את לבות המוני העם הפולני להיות שותפים פעילים או סבילים לרצח המיליונים.

רצתה ההשגחה וגורל רוב קהילת פולטוסק, שמינתה בשנת 1939 למעלה משבעת אלפים נפש היה שונה מגורל אחיהם בערים אחרות. עם כניסת הגרמנים נגזר על היהודים לעזוב את העיר. הם גורשו לעבר שטחי הכבוש הרוסי, עברו את הגבול ונתקבלו באהדה ע"י קציני וחיילי הצבא האדום.

תולדות העיר פולטוסק ושגשוגה עם התפתחות הקהילה היהודית הם עדות נאמנה לחיוניותה המפליאה של יהדות פולין, לכוחות היצירה שפעמו בקרבה — אוצרות אנוש שהוכ־חדו בידי זדים.

## נספח 1

## ראשיתה של קהילת פולטוסק

(„המליץ", תרנ"ה—1895, מס. 71)

לפני שנות קדם לא ייראה ולא יימצא פה שום יהודי, כי העיר פולטוסק היתה עיר קדושה מאד לקאתולים. פה היה מקום משכן ההגמון הראשי אשר מצודתו היתה פרושה על ארץ רבה. בית הסעמינאר הגדול לפרחי כהני הקאתולים וכומרים למאות השתקשקו ברחובותיה. עד היום יתנוסס בשיא גבהו ארמון ההגמון, ואשר בימי מרידת הפולנים האח־

רונה נהרס הארמון לאוצר המלכות ועתה נהפך לבית־חולים של אנשי הצבא והכמרים נתפזרו לכל רוח. עד היום יעמוד על תלו בית תפילת הקאתולים אשר מארבע רוחותיו כתובים באותיות ובשפת עברית הפסוקים: „ממזרח שמש" וכו׳; „בית יעקב לכו ונלכה" וכו׳; „שמע ישראל" וכו׳.

מובן הדבר כי ליהודים היה אסור דריסת הרגל על אדמת עיר הקדושה הזאת ואלה הנוסעים דרך פה נאלצו לעבט ארחותיהם סחור, סחור, כי נערי הקאתולים סקלו באבנים על ראשי היהודים, אשר יהינו לנסוע דרך עירם.

תחילת התיישבות היהודים בעיר פולטוסק זה כתשעים שנה. היהודי הראשון אשר התיישב בפולטוסק היה השו"ב ר׳ אשר אנשיל ב"ר אריה פרידמן ז"ל. אז היה מספר היהודים מעט מאד, כי ברשיון הגמון אחד אשר לא הצטיין בשנאתו לישראל, הורשה לאחדים מבני־בריתנו, בעלי מלאכה: חייטים, סנדלרים וכדומה, אשר נחוצים היו לו ולכמריו הרבים להת־יישב ולתקוע להם יתד במקום נאמן בעיר הקדושה הזאת, ואם כי העדה היתה קטנה ומספר אנשיה מעט מאד, בכל זאת נתן להם הרשיון לכונן להם בית תפילה לעבודת אלקים.

ואז לא היה עוד שדה קברות ליהודים בעיר הזאת ומתיהם הובלו לבית החיים אשר ליהודים בעיר מאקאווע הרחוקה ממנה שלש פרסאות, ואחר כך שלחו מתיהם לקבור לכפר פאפאווע אשר כעת לתחום העיר סעראצק יחשב; ואז היה הכפר הנ"ל מקום מושב ליהודים וכל צרכי העדה היו שם, בית הכנסת ובית המדרש, מקווה ושדה־קברות וכדומה.

ההגדה מספרת ואומרת, כי היהודים הראשונים, אשר התיישבו בפולטוסק נרדפו מחמת ההמון עד כי לא יכלו לעבוד את אלקיהם בגלוי. ובליל שבת קודש היה מן הנמנע להם להדליק נרות בבתיהם ורק בחשכה ישבו, כי לולי זאת רגמו אותם האספסוף באבנים. אולם אחר־כך כאשר היהודים החלו להתרבות ומקרוב ומרחוק נהרו הנה על־ידי עסקיהם ומשלוח ידם, כי נהיתה לעיר מרכולת העמים ומסחר התבואה והעצים שגשג ועלה כפורחת ונקראה בשם „דאנציג הקטנה", כי אז לא היו פסי מסילת הברזל מלוא רוחב ארצנו, והדרך מווארשה ווילנא—קאוונא—פעטערבורג היה מוביל דרך העיר הזאת, ואשר דרך המלך (שאסעע — כביש) נקרא עד היום „דרך פעטערבורג", ובראות העדה כי חסרון שדה־קברות ליהודים נרגש פה מאד, וכבד עליהם הדבר להוביל את מתיהם לכפר הקטן פאפאווע, ובפרט בימי קור והפשרת שלגים, נדב אחד מראשי הבאים ר׳ זלמן לובראַניצער (הנקרא על שם כפר מושבו) אשר היה בעל אחוזת נחלה, כברת ארץ והקצוה לשדה־קברות היהודים.

אחד מראשי הנפטרים אשר נקבר בבית הקברות החדש הוא הישיש המנוח הר"ר יעקב ב"ר אלכסנדר שאך ז"ל. על מצבת קבורתו יתנוססו הדברים האלה: „שנת תקע"ה, זה היה הראשון על בית העלמין". מצבה זו נתחדשה על ידי חברת גחש"א (גומלי חסד של אמת). בפנקס של חברה זו גחש"א נכתב, כי הפקידו שבועות ימים שומרים על חצר הקברות לשמור על הקבר היחידי הזה כדת וכמנהג. (ראשית התייסדות חבורת גחש"א היה בשנת תקע"ה).

ברבות היהודים צר וקטן היה בית־הכנסת מלהכיל את כל המתפללים והתפללו במנינים פרטיים. אחר־כך פרצה תבערה בעיר ונשרף בית הכנסת (כי היה מבנין של עץ). נבנה מחדש בשנת תרכ"ד,חומת אבנים לתלפיות. היכל נחמד והדרת הקדושה חופפת עליו.

כן יספרו תושבי העיר הזקנים, כי אחד מהיהודים הרא־שונים שהתיישבו בפולטוסק, משך עליו חמת הכומרים וב־פקודתם גרשוהו ההמון מלהסתפח על נחלתו, מקום מושבו. הוא נסע לווארשה לפני נציב המדינה, אשר היה אז השר פאשקעוויץ׳, ובחמלתו עליו נתן צו כי יביאו העירה (פולטוסק) בכבוד גדול, בתרועה ובקול שיר, וכן היה, כי אנשי הצבא יצאו לקראתו לקבל פניו והביאוהו (העירה) בשירים וב־מנגינות.

בחסד הקייסר הרחמן, הטוב והמטיב אלכסנדר השני נ"ע נפתחו שערי עיר פולטוסק לכל היהודים לגור שמה, וגם לרכוש להם אחוזת נחלה כטוב וכישר בעיניהם, ולא יהיו עוד תלויים בממשלת הכהנים רק יהיו נבדלים לעדה לבדה, כי עד אז ספרי הנולדים והנפטרים של היהודים היו בידי הכומרים. מאז ועד עתה מספר היהודים הם כעת שליש לפי מספר תושבי העיר הנוצרים. בהם ישנם עשירים גדולים, מרבי נכסים ומרבית הבתים והנכסים הגדולים — להם הם.

מהעת אשר נסללה מסילת הברזל הווייכסלית, נגדע קרן פולטוסק, פנה זיוה, פנה הודה. כי רוח החיים באופני המסחר חדל. משק האניות והספינות לא נשמע עוד על נהר הנארווע כמקודם. עוברי אורח לא יסורו דרך פה ולא יערבו מערבם. להעשיר יש עושר רב וזקני העיר יקוננו עליה, כי יד ה׳ היתה בה לרעה; כי הוכתה מכה רבה ואנושה, אשר לא תוכל עוד להרפא ממנה".

יעקב מהרשק

(הביא לדפוס: משה צינוביץ)

## נספח 2

# סטאטיסטיקה כלכלית על פולטוסק

### לפי כתבה ב„הצפירה״ משנת התרמ״ז (1887), גליון 207, מעשה ידיו של יצחק מרקוספלד

**מה יפעל ישראל**

פולטוסק: אלה פקודי בני ישראל בעירנו למחלקותיהם: סוחרים בעלי גילדא ממדרגה השניה מקבלי עבודה מאת הממשלה — 5; קוני תבואה לשלוח לחוץ לארץ — 7; מספקים צרכי כלכלת אנשי הצבא — 2; סוחרי בגדי צמר (טוכהענדלער) — 2; סוחרי בגדי משי וצמר־גפן — 11; מוכרי יי״ש לסחורה (הורט — 2; יי״ש מזוקק — (דיס־טילאַטאָר) — 1; עוזריו — 9 ב״ב; סוחרים קטנים — 91; מוכרי סחורה על השוק — 60; מוכרי יי״ש ושכר — 39; מוכרי שכר בלבד — 5; עושי רקיעי פחים (בלעכער) — 4; חובשי נגעים (פעלדשער) — 2; בוני בתי עץ — 1; בוני בתי אבן — 10; עושי כובעים — 15; בעלי עגלות — 36; סרסורים — 4; צבעים — 4; עושי שמן בבית הבד — 4; עושי נרות של חלב — 2; עושי חומץ — 2; סוחרי ברזל — 4; מוכרי עורות מעובדים — 6; מוכרי דגים בקיץ — 12; בחורף — 15; מוכרי דגים מלוחים — 10; מוכרי נפט — 2; תופרי בגדי אנשים — 25; תופרי בגדי נשים — 28; כורכי ספרים — 5; עושי מלאכה בזהב ואבנים טובות — 2; חרש נחושת — 1; חרשי ברזל — 9; מחזיק בית המרחץ — 1; מושחי בשער (מאַליאַרעס) — 10; מנגנים בכלי שיר — 5; טוחני תבואות — 6; מוכרי חלב — 3; חזן — 1; מלמדים — 34; מורה מטעם הממשלה — 1; רב — 1; שמשים — 4; בדחן — 1; חוכרי גנות — 12; בעלי קרקעות — 2; אופים — 23; חוכרי מעברות — 2; אופי מיני מטעמים — 4; עושי חבלים — 8; מוכרי בשר — 26; שוחטים — 5; חרש המסגר (שלאָסער) — 1; מזגגים — 6; חרשי כלי עץ — 35; סוחרי כלי עץ לתשמישי דירה — 2; משקדים (דרעקסלער) — 1; מוכרי סיד — 3; עושי יריעות צמר־גפן — 4; רצענים — 54; מחזיקי בתי אכסניה — 4; סוחרי תבואות שונות — 57; מתקני מורי השעות — 4; נושאי סבל — 30; עושי מלאכות כבדות שונות — 45; מסתתי אבנים — 25; מלוי ברבית — 9; עוזרים לבעלי מלאכות — 193; סופרים וסוכנים — 26.

יצחק מרקוספלד

מנחם ראוויצקי

# פּולטוסק אין לויף פון דורות

## אַלגעמיינע געשיכטע

דער אַלטערטימלעכער ישוב פּולטוסק ציט זיינע שטאַמען נאָך פון די יאָרן פון פּוילנס אַנטשטייונג, ווען די ערשטע ידיעות וועגן דער הערשאַפט פונעם קעניג מיעשקאָ האָבן מיר באַקומען פון די רייזע־באַשרייבונגען פונעם ייִדיש־אַראַבישן סוחר אברהם בן יעקב. עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט אַז שוין אין יאָר 966 האָט זיך געפונען אויפן אָרט אַ באַפעסטיקונג צום סטאַציאָנירן פון זעלנער (קאַשטעלאַניאַ אויף פּויליש) און דאָס צוליב זיין סטראַטעגישער וויכטיקייט. די שטאָט ליגט אינעם פלאַכלאַנד פון טייך נאַרעוו, אויף זיין רעכטן ברעג, דאָרט וווּ ער שפּאַלט זיך אין צוויי וואַסער־אויסגוסן, ווען איינער שניידט אַדורך די שטאָט און דער צווייטער רינגלט זי אַרום. פּולטוסק ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין דער פּריווילעגיע פון קאָנראַד דעם 1טן, דער פירשט פון מאַזאָוויע פון יאָר 1227. די שטאָט איז דאַן געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען פּולטאָווסקאַ און אין די אָפיציעלע דאָקומענטן ווערט זי דערמאָנט מיט דעם לאַטייניש נאָמען פּולטאָוויאַ.

דער ישוב איז געשאָנקען געוואָרן די פּלאָצקער בישאָפן אַלס זייער אייגנטום. ביז היינט איז נישט באַוווּסט די סיבה פון דעם דאָזיקן גאָב, אָבער ער האָט אויף לאַנגע דורות באַשטימט דעם כאַראַקטער און מהות פון דער שטאָט. מיט אויסוויילן פּולטוסק אַלס דעם צענטער פון זייער הערשאַפט, האָבן זיך די בישאָפן טיטולירט ווי די פירשטן פון דער פּולטוסקער ערד Princeps territorii Pultoviensis און שפּעטער די דוקאַסן פון פּולטוסק. אין דער שטאָט, ווי אין אַנדערע מקומות, וואָס האָבן געהערט צו די קלויסטער־גיטער, איז געווען פאַרבאָטן די ייִדן זיך צו באַזעצן און אפילו צייטווייליק איינצושטיין.

ווי איינע פון די שענסטע ערטער אין מאַזאָוויע האָט זי געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פיינד פון פּוילן און האָט געליטן פון אַ סך אָנפאַלן, רויב און צעשטערונג פון ליטווינער, רוסינער און יאַדזווינגער און אין יאָר 1337 האָבן די ערשטע פאַרוואַנדלט די שטאָט אין אַש און פּראָך.

דער בישאָף קלעמענס פּיעזשכאַלאַ האָט אויפגעשטעלט די שטאָט פון די חורבות און כדי צו סטימולירן איר אַנטוויקלונג געשאָנקען איר דאָס כעלמנער רעכט [1]. איר אויפבלי וואָס האָט זיך געצויגן פון 14טן י״ה האָט זי צו פאַרדאַנקען די קאַטוילישע קלויסטער־האַרן, וועלכע האָבן געשטרעבט דורך אויפבויען פּראַכט־בנינים און פּאַלאַצן צו באַווייזן זייער וועלט־לעכע פּאָטענץ. אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט זיך די שטאָט אַנטוויקלט, נישט ווערנדיק געפּרוּווט פון מלחמות און גורל־ענדערונגען. אין דער דאָזיקער תקופה איז אויפגעבויט געוואָרן דאָס רוב פון אירע אַלטערטימלעכע בנינים, וואָס אַ טייל באַצירט אפילו ביז היינט די שטאָט. דיגניטאַרן און קעניגן האָבן איר געשאָנקען פאַרשידענע פּריווילעגיעס און די פירשטן פון מאַזאָוויע זיעמאָוויט, קאַזימיר און וולאַדיסלאַוו האָבן באַפרייט אין יאָר 1432 די שטאָטישע בירגער (מיעשטשאַנעס) פון פאַרשידענע שטייערן. דער קעניג זיגמונט I האָט דערלויבט אַרומצוריגלען די שטאָט מיט אַ מויער צוליב איר באַזונדער טאָפּאָגראַפישער לאַגע.

בשעת דער פּויליש־שוועדישער מלחמה צווישן דעם קעניג יאַן־קאַזימיר און קאַרל־גוסטאַוו האָט דער לעצטער דעראָבערט פּולטוסק אין יאָר 1656 און זיינע חיילות האָבן צעשטערט די שטאָט. די כסדרדיקע שריפות, די מגיפה פון דער שוואַרצער פּעסט און די אָפטע פאַרפלייצונגען האָבן גורם געווען צום אונטערגאַנג און צו דער פאַראָרעמונג פון דער באַפעלקערונג. אין דער צווייטער מלחמה מיט די שוועדן אין יאָר 1703 איז פאָרגעקומען ביי פּולטוסק אַ בלוטיקע שלאַכט צווישן דעם שוועדישן קעניג גוסטאַוו דעם 3טן און דעם מיליטער פון די סאַסן אונטער דער אָנפירונג פון גענע־

1) די פרייהייטן און פאַרפליכטונגען וואָס זענען געגעבן געוואָרן די בירגער פון דער שטאָט כעלמנא אין פאָמערן און געדינט אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע שטעט.

ראַל שטיינאַו, וועלכער האָט געליטן אַ פולשטענדיקע מפלה. אין דער נאָענטער אומגעבונג פון דער שטאָט איז אין יאָר 1806 פאָרגעקומען אַ פאַרמעסטונג צווישן נאַפּאָלעאָנס אַרמיי און די רוסישע כוחות. אויפן טריומף־טויער, וואָס באַנאַפּאַרטע האָט אויפגעשטעלט אין פּאַריז, פיגורירט פּולטוסק צווישן די נעמען פון שלאַכט־און קאַמפּס־ערטער וואָס האָבן אים געבראַכט דעם נצחון. טראָץ די צעשטערונגען אין משך פון דורות, געהערט די שטאָט צו איינע פון די שענסטע אין פּוילן און עס זענען אין איר פאַרבליבן עטלעכע אַלטער־טימלעכע און שיינע געביידעס.

פּולטוסק האָט געדינט אין פאַרשידענע תקופות ווי אַ וויכטיקער קולטור־צענטער. אין דער קאָלעגיאַטע (אַ קלויס־טער ווו עס פאַרזאַמלען זיך די קאַנאָניקן) איז געווען לערער דער גלח ווויעק, דער איבערזעצער פון דער לאַטיינישער ביבל (די ווולגאַטאַ) אויף פּויליש און דער באַרימטער פּרע־דיקער און פּוילישער סטיליסט ווי אויך שונא ישראל פּיאָטר סקאַרגאַ. אין דער דאָזיקער קאָלעגיאַטע געפינט זיך ביז היינט אַ טאָוול מיט אויסגעקריצטע העברעישע פּסוקים [2]. די שול וואָס איז געווען באַקאַנט ווייט איבער די גרענעצן פון פּולטוסק האָבן אַבסאָלווירט שילער, וואָס זייער נאָמען איז שפּעטער באַוווּסט געוואָרן אין גאַנץ פּוילן און אַפילו אויסער איר. דאָ האָט געענדיקט זיין לערע דער קאַנצלער יעזשי אָסאָלינסקי, וועלכער איז בשעתו באַרימט געוואָרן אין די הויפּשטעט פון אייראָפּע מיט זיינע דרייסטע פּאָליטישע פּלענער און דער שרייבער וויקטאָר גאָמוליצקי.

### די אנהויבן פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין שטאט

ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט איז אויף די יידן חל געווען דער פאַרבאָט צו וווינען אין דער שטאָט, אָבער אַזוי ווי אין אַנדערע ערטער האָבן זיי אויך דאָ אויסגעמיטן דעם פאַרווער דורך באַזעצן זיך אויף פלעצער און דאָרפישע שטחים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די גרענעצן פון פּולטוסק, אָבער געווען אַ פּריוואַטע אייגנטום און נישט אַרונטער־געפאַלן אונטער אירע געזעצן (iursdica).

אין די געריכטסביכער און די געריכטסאַקטן פון דעם לאַנד מאַזאָוויע פון 15טן י״ה געפינען מיר ידיעות וועגן אַ יידישן יישוב אין פּולטוסק שוין אינעם יאָר 1480 [3]. אין די אַקטן פאַר די יאָרן 1483—1486 ווערט דערמאָנט דער נאָמען פונעם פּולטוסקער ייד רובין (ראובן) וואָס שטאַמט פון וואַרשע [4]. ד״ר יעקב שאַצקי אין זיין געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע דערמאָנט פּולטוסק ווי איינע פון די שטעט, וווּ עס האָבן זיך באַזעצט די וואַרשעווער יידן נאָכן גירוש וואַרשע אין יאָר 1483 [5]. ד״ר יצחק שיפּער נעמט אַריין די פּולטוסקער קהילה אין זיין אָפּשאַצונג פון דער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן אין 14טן און 15טן י״ה [6]. עס אונ־טערליגט נישט קיין שום ספק אַז יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין דעם דאָזיקן „קעניגרייך" פון די בישאָפן און עס איז אַנצונעמען אַז זיי זענען געקומען אין שטאָט פון די א״ד יורזדיקעס און פלעגן זיך דאָ אָפּהאַלטן בלויז אין משך פון טאָג אין די ענינים פון קאָמערציעלן משא־ומתן. אַ באַ־שטעטיקונג פון דער לאַגע געפינען מיר אין אַ שפּעטער־דיקן כתב־יד פון יאָר 1786 [7], וועלכער דערציילט צווישן אַנדערע: „די שטאָט האָט נישט אַפילו קיין איין יידן און פאַרטראָגט (זיי) נישט. פון יידן איז נישטאָ אַ יעטוועדע באַזעצונג (incolatum ullum), דאָס הייסט בירגערשאַפט, אַפילו די קלענסטע באַהעלטעניש אויף אַזוי ווייט, אַז אויב עס איז געקומען איינער אַ ייד צוליב געשעפטס־וועגן אין שטאָט, האָט ער נישט געקאָנט איבערשלאָפן אין איר, נאָר אָוועקפאָרן אין דאָרף אָדער אין אַן אַנדער שטאָט". פון דעסט וועגן האָבן די יידן, וועלכע האָבן געפונען זייער פּרנסה אין שטאָט און געמוזט אָוועק פון איר מיטן זון אונ־טערגאַנג, גערופן זייערע זיצפלעצער הינטער די מויערן קהילת פּולטוסק. די הויכגעשטעלטע בישאָפן, די גלחים אויף אַלע שטאַפּלען פון דער גייסטלעכער היעראַרכיע, די פּוילישע שליאַכטע און די שטעטישע האָבן זיך געגוויטיקט אין יידישן סוחר, וווּכערניק און פאַרמיטלער. היטנדיק די „הייליקייט" פון זייער קאַטוילישער פּאָסעסיע, זענען די בישאָפן יוצא

2) די פסוקים זענען גענומען פון תהילים און ישעיהו וואָס זיינע נבואות האָבן, לויט דעם פירוש פון דער קירך, אָנגעזאָגט וועגן אָנקום פון ישו דעם משיח. ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז זיי זענען אויסגעקריצט געוואָרן אינעם מאַרמאָרנעם טאָוול דורך אַ יידן אַ גדול און בקי אין תורה, וועלכער האָט פאַר זיין שמדן זיך פאַרברענגט אַ לאַנגע צייט אין דעם דאָזיקן קלויסטער.

3) מג״י ישעיה טרונק, צו דער געשיכטע פון יידן אין מאַ־זאָוויע אין 15טן י״ה. ייוו״אָ, היסטאָרישע שריפטן, באַנד 2, ז׳ 208.

4) Dr. E. Ringelblum, Żydzi w Warszawie od Czasów najdawniejszych do ostatniego wygania w roku 1527. Warszawa 1932, p. 18.

5) ד״ר יעקב שאַצקי, געשיכטע פון יידן אין וואַרשע. ייוו״אָ ניו־יאָרק, 1947, באַנד 1, ז׳ 22.

6) ד״ר יצחק שיפּער, קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאַלטער. וואַרשע 1936, ז׳ 148 און ז׳ 150 הערה 1a.

7) „Stan miasta Pułtowska czyli prawa i przywileje, dawności założenia jego, wolności i swobody okazujące, r. 1786 wypisane."

געווען מיטן פאַרווערן נאָך דאָס וווינרעכט פון די „גאָטס קרייצערס". פאַקטיש זענען די יידן געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער פולטוסקער שטאָט־לאַנדשאַפט. און ווירקלעך — די כוואַליע פון די בלוט־בלבולים, וואָס האָט פאַרפלייצט פוילן צום סוף פון 16טן י"ה, האָט אויך נישט אויסגעמיטן פולטוסק. אין יאָר 1597 איז אַרויסגעטרעטן פיאָטר סקאַרגאַ אַלס אַ קאָמיסאַר פונעם קעניג מיט דער באַשולדיקונג קעגן עטלעכע יידן פון פולטוסק אַז זיי האָבן געקויפט אַ האָסטיע (הייליקן ברויט) פון אַ גוי, וועלכער האָט באַגנבעט אַ קלויס־טער און זי געשענדעט. לויט דער פאַראָרדענונג פון סקאַרגאַ זענען די אומגליקלעכע געוואָרן געפייניקט, זיך מודה געווען אינעם פאַרברעכן, וואָס זיי האָבן נישט אָפּגעטון און פאַר־ברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן [8]. און אַלס קוריאָז, 125 יאָר פריער, דעם 9 סעפּטעמבער 1471 איז געמשפט געוואָרן דער פולטוסקער שטעטישער סטאַניסלאַוו גאַודעק פאַר פאַר־לייקענען די קריסטלעכע אמונה און צוליב „יודאַיזירן" זיך. אָבער, ווי עס באַמערקט ריכטיק י. טרונק, עס האַנדלט זיך דאָ מסתמא וועגן דער הערעזיע פון די „טשעכישע ברידער", וואָס האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט אין מאַזאָוויע [9].

לויט די היסטאָרישע פּרטים וואָס עס האָט צונויפגע־זאַמלט וועגן דער געשיכטע פון דער שטאָט פּאַוועל וויעזש־ביצקי, דער מאַגיסטראַט־סעקרעטאַר אין יאָר 1884, זענען די יידן „אַריינגעדרונגען" אין פולטוסק אין יאָר 1794, בשעת דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן, זענען אָבער פון דאָרטן אַרויסגעטריבן געוואָרן לויט דער פאַראָרדענונג פון דער ביאַליסטאָקער קאַמער (אַן אַמט, וואָס האָט קאָנטראָלירט די רעגירונגס גיטער). „אַריינצודרינגען" אין דער שטאָט, האָבן געפּרוווט די יידן וועלכע האָבן געוווינט אין דער נאָענט, פון דעם דאָרף פּאָפּאָווע, וואָס האָט זיך געפונען 18 קל"מ פון פולטוסק און פון פּאָפּלאַווי, ווו דאָס רוב ערד האָט גע־הערט צו נתן נטע נאָטקיעוויטש, וואָס האָט זיך געיחוסט מיט זיין קרוב דעם פּאַרוטשניק (לויטענאַנט) הערמאַן נאָטקיע־וויטש, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות אין די לעגיאָנען פון דאָמבראָווסקי [10].

### די איינוואַנדערונג אין דער שטאָט און איר אַנטוויקלונג מיטן אָפּשאַפן די גזירה פון וווינרעכט

מיטן אַריינמאַרש קיין פוילן פון דער פראַנצויזישער אַרמיי האָבן זיך די יידן באַזעצט אין שטאָט אין יאָר 1806 אָן קיין שום שטערונגען און שוין אין יאָר 1815 באַקומען אַ דערלויבעניש אויפצושטעלן אַ שול. דאָס געבעטהויז, וואָס איז אויסגעברייטערט און אויפגעריכט געוואָרן אין יאָר תרכ"ד (1864), האָט אָפּגעברענט אין 21 יולי 1875 און אין דעם זעלבן יאָר צוריק אויפגעבויט געוואָרן שענער ווי פאַר דער שריפה [11].

לויטן מאמר, וואָס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין „המליץ" אין יאָר תרנ"ה (1895) נומ. 71 דורך יעקב מהרש"ק (צוגעשטעלט דורך מ. צינאָוויטש), איז דער ערש־טער תושב אין שטאָט „מיט דער דערלויבעניש פון איינעם אַ בישאָף, וועלכער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט זיין שנאה צום פאָלק ישראל" געווען דער שו"ב אשר אַנשל בר' אריה פרידמאַן. נאָך אים האָט מען דערלויבט נאָך עטלעכע „בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער און ענלע־כע, וואָס זענען געווען נויטיק אים (דעם בישאָף — מ. ר.) און זיינע פיל גלחים, צו באַזעצן זיך און אַריינהאַקן אַ געצעלטפּלאַקן אויף אַ באַגלויבטן אָרט אין דער דאַזיקער הייליקער שטאָט און כאָטש די עדה איז געווען קליין און זייער צאָל מענטשן זייער ווייניק, איז דאָך זיי געגעבן געוואָרן אַ דערלויבעניש גרונטצופעסטיקן אַ געבעטהויז צו עבודת אלקים". אין יאָר 1815 איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַ בית־הקברות אויף אַ טייל ערד, וואָס האָט געהערט צו זלמן לובראַניצער (אַ נייער תושב, וועלכער האָט געשטאַמט פון ליבראַנץ ביי וולאָצלאַוועק [12]), לויט דער שפּראַך פון „המליץ": „עס האָט געשאַנקען איינער פון די ערשטע אָנגעקומענע ר' זלמן לובראַניצער (גערופן לויט זיין באַזידלונג־דאָרף), וועל־כער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַן ערד נחלה, אַ שטיק פון זיין לאַנד־באַזיץ און האָט צוגעטיילט פאַר אַ פעלד קובר צו זיין די יידן". (דעם גאַנצן מאמר זע בייגעלייגט צום סוף פון דער דאַזיקער אַרבעט). ביז דאַן זענען די מתים געפירט געוואָרן אין דעם שטעטל מאַקאָווע און נאָך דעם אין דאָרף

8) ש. דובנאָוו. וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק. ייווא"אָ, ווילנע 1939, ב' 6, ז' 321.

9) מג"ר ישעיה טרונק, דצ"וו ז' 218 און הערה 59.

10) לויטענאַנט נאָטקיעוויטש האָט זיך רומפול אויסגעצייכנט אין די לעגיאָנען פון דאָמבראָווסקי, פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי איינ־נעמען קאַרטען אין טאָסקאַניע. אַרויסטרעטנדיק פון דער דינסט אין די לעגיאָנען, זיך באַזעצט אין פּאַריז און דאָרט געלעבט נאָך אין יאָר 1824. געווען קאַוואַליר פונעם פראַנצויזישן ערן־לעגיאָן. פון בוך: Dr. Ignacy Schiper, Żydzi Królestwa Polskiego w dobie Powstania Listopadowego. Warszawa 1932, p. 57.

11) די ערשטע און לעצטע דאַטע לויט: Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego i innych Krajów Słowianskich, Warszawa 1888 r.

12) די דאַטע לויטן אַרטיקל אין „המליץ": „איינער פון די ערשטע נפטרים, וועלכער איז באַגראָבן געוואָרן אויפן נייעם בית־עולם, איז דער אַלטיטשקער הר"ר יעקב בר אלכסנדר שאַך ז"ל. אויף דער מצבה פון זיין קבר זענען אָנגעצייכנט די דאָזיקע ווער־טער: „שנת תקע"ה, דער איז געווען דער ערשטער אויפן בית־עלמין".

פּאָפּאָווע, וואָס איז דאַן געווען „אַ זיצאָרט פאַר יידן און אַלע הצטרכותן פון דער עדה זענען דאָרט געווען: אַ שול און אַ בית־מדרש, אַ מקווה און אַ בית־הקברות וכדומה". אין יאָר 1882 איז דער בית־עלמין פאַרברייטערט געוואָרן מיטן צוקויפן 2252 איילן (אַרום 1.5 העקטאַר) אַקער־ערד און אין יאָר 1885 האָבן די מאַכט־אָרגאַנען אין לאָמזשע באַשטעטיקט צו דעקן אַ טייל פון די אויסגאַבן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן פאַרצוימען דעם שטח, אין דער הויך פון 2781 רובל און 731 קאָפּיקעס. נאָך דער באַוווינונגס־דערלויבעניש האָט זיך דער יידישער יישוב אין פּולטוסק אָנגעהויבן שנעל צו אַנטוויקלען. מיר גיבן אָן אַ טאַבעלע פונעם וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, אויפן סמך פון די אָפּיציעלע אָנגאַבן פון דער רוסישער קאָמונאַלער מאַכט.

| יאָר | ס"ה אַלג. באַפעלקערונג | יידן צאָל | % | דער וווּקס פון דער ייד. באַפ. אין % |
|---|---|---|---|---|
| 1810 | 2295 | 118 | 5.1 | — |
| 1825 | 3957 | 643 | 16.3 | 444.9 |
| 1856 | 4271 | 1856 | 43.4 | 188.5 |
| 1865 | 6866 | 3227 | 46.9 | 73.9 |
| 1888 | 9046 | 4756 | 52.4 | 47.4 |

די טאַבעלע באַווייזט אונדז דייטלעך דעם כסדרדיקן וווּקס פון די צאָל יידן אין פּולטוסק, סיי אַבסאָלוט און סיי אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און מיר באַקענען זיך מיט דעם שנעלן טעמפּאָ פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין שטאָט. אין משך פון 15 יאָר, פון 1810 ביז יאָר 1825 זענען צוגעקומען 525 יידן, אַ וווּקס פון 444.9%; פון יאָר 1825 ביז 1865 איז דער פּראָצענט 401.7 און אין דער זעלבער צייט ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג נאָר 136.0 פּראָצענט. נאָכן ראַשיקן אויפשטייג פון דער צאָל פון די יידישע איינוווינער, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן עפענען פון די שטאָט־טויערן איז דער וווּקס פון יאָר 1825 ביז 1888 אין משך פון 64 יאָר, ווען מיר צעטיילן זיי אויף צוויי צייט־אָפּשניטן פון 32 יאָר יעדער, געווען כמעט אַ גלייכער — פון יאָר 1825 ביז 1856 איז די יידישע באַפעלקערונג געוואַקסן כמעט דרייפאַכיק און פון יאָר 1856 ביזן יאָר 1888 מער ווי צוויי־און האַלב־פאַכיק. אָבער פונעם יאָר 1865 לאָזט זיך מערקן אַ פּערמאַנענטער פאַרלאַנגזאַמונג־פּראָצעס — פון יאָר 1856 ביז 1865 איז דער וווּקס 73.9% (אין משך פון 10 יאָר) און פון דעם יאָר ביזן יאָר 1888, אין אַ צייטאָפּשניט פון 24 יאָר, בלויז 47.4 פּראָצענט.

פונעם יאָר 1831, נאָכן דורכפאַל פון פּוילישן אויפשטאַנד, איז קאָנגרעס פּוילן אַריין אין אַ תקופה פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. דאָס רחבותדיקע רוסלאַנד האָט געעפנט אירע טויערן פאַר דער פּראָדוקציע פון דער זיך ראַש־אַנטוויקלנדיקער פּוילישער אינדוסטריע. אין יאָר 1845 איז געעפנט געוואָרן די באַן־ליניע וואַרשע־טשענסטאָכאָוו, וואָס איז שפּעטער פאַרלענגערט געוואָרן ביז ווין. דער דאָזיקער באַן וויאַדוקט איז אַדורך ווייט פון פּולטוסק, אָבער דער טייך נאַרעוו האָט געדינט אַלס באַקוועמע פאַרבינדונג מיט דער ווייסל, וואָס אויף אירע וואַסערן האָט מען געקענט לאָזן סחורות צו דער פּוילישער הויפּטשטאָט און קיין טוירן און דאַנציג אין צפון. פון וואַרשע האָט מען אויך געקאָנט פירן די פּראָדוקציע מיט דער באַן קיין דרום. אויף דער פעטער מאַזאָוורשער ערד האָבן די פּולטוסקער יידן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטן האַנדל מיט תבואה און געהילץ און אויפגעשטעלט אַ פּראָספּערירנדיקע אינדוסטריע, וואָס האָט באַאַרבעט די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. אין פּולטוסק און אַרום איר זענען געווען טעטיק 13 וואַסער־און ווינט־מילן. אין יאָר 1875 (נאָך דער גרויסער שריפה) האָט יוליוש קראָנענבערג אויפגעשטעלט אַ בראָנפן־פאַבריק און אַ צוויי־שטאָקיקן הויז אויף עק בענעדיקטינסקע גאַס (שפּעטער פּיאָטראַ סקאַרגי). אויך זענען געווען טעטיק אַ גאַרבעריי, אַ שפּינעריי, אַ טאַרטאַק, צוויי סאָדע־פאַבריקן און אַנדערע אונטערנעמונגען.

### די פאַרלאַנגזאַמונג פון דעם אַנטוויקלונגס־טעמפּאָ און אירע סיבות

די דאַטעס פון גרינדן פון די מילן וואָס מיר האָבן באַקומען, ברענגען אונדז צו די זעלבע אויספירן צו וועלכע מיר זענען דערגאַנגען, אַנאַליזירנדיק די טאַבעלע פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין יאָר 1821 זענען אויפגעשטעלט געוואָרן זעקס מילן, אין יאָר 1848 צוויי, אין 1861 — דריי, אין יאָר 1871 און 1879 איין אונטערנעמונג יעדן יאָר. אויב צווישן די יאָרן 1821—1861 זענען געגרינדעט געוואָרן 11 מילן זענען די ווייטערדיקע צוויי צוגעקומען יעדע איינע מיט אַן אָפּשטאַנד פון 9 יאָר.

די סיבה פון דער ווייטערדיקער לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג און פון דער אינדוסטריע אין שטאָט איז פאַרבונדן מיט צוויי פאַקטאָרן: דאָס עפענען די באַן־ליניע וואַרשע—בידגאָשץ (וואָס איז פאַרבונדן געוואָרן מיט דער באַן וואַרשע—טשענסטאָכאָוו—ווין) און דער פּוילישער אויפשטאַנד אין יאָר 1863. די נייע באַן־ליניע, וואָס האָט זיך אויך גערופן די ווייסל־באַן־ליניע,

האָט געפירט קיין מערב, צו דעם אינדוסטריאַליזירטן דייטשלאַנד, וואָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מאַרק פאַר אַגראַר־פּראָדוקטן און רוי־שטאָפן. מיטן עפענען דעם דאָזיקן באַן־וועג איז געוואָרן געמינערט די וויכטיקייט פון די טייכן און די נאָענטסטע באַן־סטאַציע איז געלעגן 22 קל״מ ווייט פון פּולטוסק. עס איז פאַרשטענדלעך אַז די פּולטוסקער סוחרים און פּראָדוצענטן האָבן נישט געקענט קאָנקורירן מיט זייערע פאַך־קאָלעגן פון די שטעט און ערטער, וואָס האָבן זיך געפונען לעבן די באַן־רעלסן.

בשעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד זענען פאָרגעקומען אין דער אומגעגנט פאַרביסענע קאַמפן צווישן די אויפשטענדלער און דעם רוסישן מיליטער. דער אויסנאַם־צושטאַנד און די פּאָליטישע אומזיכערקייט האָבן פּאַראַליזירט דעם מסחר און די אינדוסטריע. די שריפה אין יאָר 1875 האָט געגעבן אַ דויערהאַפטן קלאַפּ דער שטאָט־ווירטשאַפט.

אַ געוויסע פאַרבעסערונג האָט זיך געלאָזט מערקן מיט דער פּלאַצירונג פון צוויי רוסישע פּאָלקן אין שטאָט און מיטן אויפשטעלן פון אַ קרייז־שפּיטאָל. אין דער אומגעגנט זענען פאָרגעקומען יעדן יאָר מיליטערישע מאַנעוורעס אין אַ ברייטן מאַסנשטאַב און אַ טייל יידן האָבן געפונען זייער חיונה ווי צושטעלערס און אונטערנעמערס (פּאָדריאַטשיקעס) פאַרן רוסישן מיליטער. די שטאָט אָבער בכלל איז נישט אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם קרייז פון דער ווירטשאַפטלעכער און אינדוסטריעלער אויפלעבונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט ווילאָפּאָלסקיס רעפאָרם פון יאָר 1862, וועלכע האָט מבטל געמאַכט אַלע באַגרענעצונגען וואָס זענען חל געווען אויף יידן אין די דאָזיקע צווייגן.

אין יאָר 1887 איז אין דער צייטונג „הצפירה" (נומ. 207) פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ סטאַטיסטישע אָפּהאַנדלונג וועגן די פּראָפעסיעס פון די יידן אין פּולטוסק. (ז' די ביילאַגע 2 אינעם העברעישן מאמר „מה יפעל ישראל"). פון 1079 באַשעפטיקטע זענען 17 געווען מיטעלע און אפילו גרעסערע סוחרים און נאָר זיבן זענען געווען סוחרים פון דער צווייטער גילדע — צושטעלער צו דער רעגירונג און מיליטער. קליינע סוחרים זענען געווען 251, צווישן זיי 60 מאַרקהענדלער. פון 64 תבואה־סוחרים, מערסטנס פון קליינעם מאַסשטאַב, זענען 7 געווען עקספּאָרטערן. עס זענען אויך געווען צוויי ערד־באַזיצער און 6 מילנערס. די רעשט — 732, וואָס מיינט 67,8% פונעם ס״ה 1079, זענען געווען מעקלער, בעלי־מלאכות און געזעלן, בעלי־עגלות, טרעגער, שוואַרצע אַרבעטער און להבדיל פאַרשידענע כלי־קודש.

## דאס געזעלשאפטלעכע לעבן

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּולטוסק ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געפלאָסן אויף די רויִקע וואַסערן פונעם דורך דורות פאַרהייליקטן לעבנס־שטייגער. דער רב, דער דיין, דער קהילה־פּרנס, אָדער פּאָפּולער דער דאָזער (פונעם וואָרט דאָזור בּוזשניטשני — שול־אויפזיכט, ווי עס איז אָנגערופן געוואָרן אָפיציעל דורך דער מאַכט די יידישע קהילה), זענען געווען די פאָרשטייער פון דעם שטאָטישן ציבור כלפי די מאַכט־אָרגאַנען און געוואָרן אויסגעוויילט אָדער נאָמינירט צווישן די מיוחסים פון רייכן שטאַנד. זייערע פונקציעס האָבן זיך באַגרענעצט אין אָפּהיטן דעם קהילה פאַרמעגן, אַכטונג געבן אויף דעם רעגולערן גאַנג פון דעם רעליגיעזן לעבן און דער דערציונג פון די קינדער צו תורה און מצוות.

די לאַגע האָט זיך געענדערט מיט דער דייטשער אָקופּאַציע אין יאָר 1914. אַ דאַנק דעם דייטשן ליבעראַלן רעזשים האָט זיך אַנטוויקלט דאָס קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן און עס איז געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. מיטן באַזוך פונעם דייטשן מיליטערישן רב ד״ר פּנחס כהן און הרב ד״ר קאַרליבאַך איז אַנטשטאַנען די „אגודת ישראל" און „צעירי אגודת ישראל", וועלכע זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אַלס אַ קעגנגעוויכט צו די ציוניסטן. זייענדיק פאַראינטערעסירט צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער יידישער באַפעלקערונג און אויסנוצן זי קעגן דער פּוילישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, האָבן די דייטשן אויסגעאַרבעט אַ קהילה־וואַל־אָרדינאַציע מיטן ציל אויפצושטעלן אַ געוויילטע יידישע פאָרשטייערשאַפט. כאָטש צו וואַלן איז עס נישט דערגאַנגען, האָט דאָך דער דעמאָקראַטישער געדאַנק גורם געווען צו אַ געזעלשאַפטלעכן אויפברויז און געווען דער אָנהויב פונעם פּראָצעס פון באַפרייען זיך פון דער אָפּהענגיקייט פונעם יידישן גביר און תקיף. אין שטאָט האָט זיך געעפנט אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק און אַ יידישע גימנאַזיע. די רעליגיעזע השפּעה איז געוואָרן וואָס אַ מאָל קלענער.

## אונטער דער פוילישער מאַכט

מיטן נצחון פון די אַלירטע און אויפקום פון דער פּוילישער רעפּובליק, אין דער דורכגאַנגס־תקופה צווישן דער מיליטערישער און ציווילער מאַכט האָבן זיך די פּולטוסקער יידן נישט ווייניק אָנגעליטן. די פּוילישע סאָלדאַטן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל האַלער („האַלערטשיקעס") האָבן געריסן בערד און שיקאַנירט די יידישע איינוווינער. אין דער

פויליש־סאוויעטישער מלחמה אין יאָר 1920 איז די שטאָט ציטווייליק פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי און די הונגעריקע און באָרוועסע סאָלדאַטן האָבן געראַבעוועט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן איז די יידישע באַפעלקערונג אין פולטוסק דערגאַנגען ביז 40% פון דער אַלגעמיינער צאָל פון אירע בירגער. די אַמאָליקע קאַטוילישע שטאָט, דער צענטער פון די בישאָפן און דעם קאַטוילישן קלער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברויזנדיקן יידישן ישוב.

צוואַנציק יאָר פון דער פּוילישער מאַכט זענען געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקע פאַרפאָלגונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג. גראַבסקי, סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי זענען וועגצייכנס אין דער פּאַופּעריזאַציע־פּאָליטיק פון דעם יידישן מיטלשטאַנד. די פּאָגראָמען און דער ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט פון דער ענדעציע, באַגלייט מיט דער „אָווּשעם״ — הסכמה („אדרבא״) פון די הויפּטן פון דער פּוילישער רעגירונג, דער נישט־געצוימטער אַנטיסעמיטיזם און אויך דער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטערן מאַנטל פון מכלומרשטער פּאָליטישער לייזונג פאַר די יידישע מאַסן, האָבן געפּלאַסטערט דעם וועג פאַר די חיילות פון היטלער און צייטיק געמאַכט די הערצער פונעם פּוילישן פאָלק צו זיין אַקטיווע אָדער פּאַסיווע שותפים צום מאָרד פון די מיליאָנען.

6

עס האָט געוואָלט די השגחה אַז דער גורל פונעם גרעסטן טייל פון דער פולטוסקער קהילה, וועלכע האָט אין יאָר 1939 געציילט איבער 7 טויזנט נפשות, זאָל זיין אַנדערש ווי פון זייערע ברידער אין אַנדערע שטעט. מיטן אַנקום פון די דייטשן האָט מען באַפוילן די יידן צו פאַרלאָזן די שטאָט. זיי זענען געטריבן געוואָרן צו די געביטן וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די סאָוויעטן, אַריבערגעטראָטן די גרענעץ און אויפגענומען געוואָרן פריינדלעך דורך די אָפיצירן און זעלנער פון דער רויטער אַרמיי.

די געשיכטע פון דער שטאָט פולטוסק און איר אויפשטייג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קהילה איז אַ בולטער באַווייז פון דער וויטאַליטעט פונעם פּוילישן יידנטום, פון די שאַפונגס־קראַפטן, וועלכע האָבן אין אים פולסירט, — מענטשלעכע אוצרות וואָס זענען אַזוי גרויזאַם פאַרלענדט געוואָרן.

---

ביילאגע

## אנהויב פון דער קהילה פולטוסק

(„המליץ״, תרנ״ה—1895, מס. 71)

נאָך פאַר די אַלטע צייטן האָט זיך נישט אָנגעזען און נישט געפונען דאָ קיין שום ייד, ווייל די שטאָט פולטוסק איז געווען אַ זייער הייליקע שטאָט פאַר די קאַטאָליקן. דאָ איז געווען די הויפּטרעזידענץ פונעם בישאָף, וואָס זיין פעסטונג איז געווען אויסגעשפּרייט איבער אַ גרויסן לאַנד־שטח. די גרויסע געביידע פונעם סעמינאַר פאַר די קלעריקעס און גלחים אין די הונדערטער רוישן אויף אירע גאַסן. ביז היינט הויבט זיך אויף צום העכסטן שפּיץ דער פּאַלאַץ פונעם בישאָף, וואָס איז אין די טעג פונעם לעצטן פּוילישן אויפשטאַנד דעוואַסטירט געוואָרן פון דער מלוכהשער שאַץ־קאַמער און איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל און די גלחים האָבן זיך צעשפּרייט אויף אַלע זייטן. ביז היינט שטייט געגנצלעך אויפגעבויט דאָס געבעטהויז פון די קאַטאָליקן, וואָס אויף זיינע פיר זייטן זענען אויפגעשריבן אין דער העברעישער שפּראַך די פּסוקים: „ממזרח שמש״ וכו׳, „בית יעקב לכו ונלכה״ וכו׳, „שמע ישראל״ וכו׳.

פאַרשטייט זיך, אַז די יידן איז פאַרווערט געווען אַוועקצושטעלן אַ פוס אויף דער ערד פון דער דאָזיקער הייליקער שטאָט און די, וועלכע זענען דורכגעפאָרן דורך דאַנען, זענען געצוווּנגען געווען פאַרלייגן זייער וועג אַרום און אַרום, ווייל די קאַטוילישע קינדער האָבן געוואָרפן מיט שטיינער אויף די קעפּ פון די יידן, וועלכע האָבן געוואַגט דורכצופאָרן דורך זייער שטאָט.

דער אָנהויב פונעם באַזעצן זיך פון די יידן אין פולטוסק איז אַ וואָסערע ניינציק יאָר. דער ערשטער, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין פולטוסק איז געווען דער שו״ב ר׳ אַנשל ב״ר אריה פרידמאַן ז״ל. דאַן איז געווען די צאָל יידן אַ זייער קליינע, ווייל מיט דער דערלויבעניש פון איינעם אַ בישאָף,

וועלכער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט זיין שנאה צום פאָלק ישראל, איז דערלאָזט געוואָרן אייניקע יידן בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער, און ענלעכע, וועלכע זענען געווען נויטיק אים און זיינע פיל גלחים, צו באַזעצן זיך און אַריינהאַקן אַ געצעלטפלאָקן אויף אַ באַגלויבטן אָרט אין דער דאָזיקער הייליקער שטאָט, און כאָטש די עדה איז געווען קליין און זייער צאָל מענטשן זייער ווייניק, איז דאָך זיי געגעבן געוואָרן אַ דערלויבעניש גרונטצופעסטיקן אַ געבעט־הויז צו עבודת אלקים.

און דאַן איז נאָך נישט געווען קיין קבורה־פעלד פאַר די יידן אין דער דאָזיקער שטאָט און זייערע מתים זענען געפירט געוואָרן אויפן בית־החיים וואָס איז געווען פאַר די יידן אין שטאָט מאַקאָווע, וואָס איז ווייט פון איר צען וויאָרסטן, און נאָך דעם האָבן זיי געשיקט זייערע מתים צו באַגראָבן אין דאָרף פּאָפּאָווע, וואָס איצט ווערט עס צוגערעכנט צו די גרענעצן פון דער שטאָט סעראָצק; און דאַן איז דער א״ד דאָרף געווען אַ זיצאָרט פאַר יידן און אַלע הצטרכותן פון דער עדה זענען דאָרט געווען, אַ שול און אַ בית־מדרש, אַ מקווה און אַ בית־הקברות וכדומה.

די לעגענדע דערציילט, אַז די ערשטע יידן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פּולטוסק, זענען פאַרפאָלגט געוואָרן פונעם המון אויף אַזוי פיל, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט דינען צו זייער גאָט אָפּענערהייט. און אין דער נאַכט פון שבת־קודש איז זיי אוממעגלעך געווען אָנצינדן ליכט אין זייערע הייזער און זיי זענען געזעסן נאָר אין דער פינצטערניש, ווייל אויב נישט, וואָלט זיי דער פּעוול פאַרוואָרפן מיט שטיינער. אָבער נאָך דעם, ווען די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו מערן און פון דער נאָענט און ווייט געשטראָמט דאָ צוליב זייערע געשעפטן און פאַכן, ווייל זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַנדלס־שטאָט פאַר די פעלקער און דער האַנדל פון תבואה און האָלץ האָט פּראָספּערירט און געבליט און מען האָט זי גערופן „קליין־דאַנציג״, ווייל דאַן זענען נישט געווען קיין באַן־רעלסן איבער דער גאַנצער ברייט פונעם לאַנד און דער וועג פון וואַרשע קיין ווילנע—קאָוונע—פּעטערסבורג האָט געפירט דורך דער דאָזיקער שטאָט, און וואָס דער הויפּט־וועג (שאָסעע) רופט זיך ביז היינט דער פּעטערסבורגער וועג, די עדה זעענדיק, אַז עס פילט זיך דאָ זייער דאָס פעלן פון אַ בית־הקברות פאַר יידן און ס'האָט זיי זייער באַשווערט צו פירן זייערע מתים אינעם קליינעם דאָרף פּאָפּאָווע, און בפרט אין די פראָסטיקע טעג און צעגיין זיך פון די שנייען, האָט געשאָנקען איינער פון די ערשטע אָנגעקומענע ר' זלמן לובראַניצער (גערופן לויט זיין באַזידלונג־דאָרף), וועלכער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַן ערד־נחלה, אַ שטיק פון זיין לאַנד־באַזיץ און האָט צוגעטיילט פאַר אַ פעלד קובר צו זיין די יידן.

איינער פון די ערשטע נפטרים, וועלכער איז באַגראָבן געוואָרן אויפן נייעם בית־עולם איז דער אַלטיטשקער הר״ר יעקב ב״ר אלכסנדר שאַך ז״ל. אויף דער מצבה פון זיין קבר זענען אָנגעצייכנט די דאָזיקע ווערטער: „שנת תקע״ה, דער איז געווען דער ערשטער אויפן בית־עלמין״. די מצבה איז אויפגעפרישט געוואָרן דורך דער חברה גחש״א (גומלי חסד של אמת). אינעם פנקס פון דער דאָזיקער חברה גחש״א איז פאַרשריבן, אַז זיי האָבן באַשטימט שומרים וואָכנלאַנג אויפן פעלד פון בית־הקברות צו היטן דעם איינציקן קבר כדת און מנהג. (די גרינדונג פון דער געזעלשאַפט גחש״א איז געווען אין יאָר תקע״ה).

מיט דער פאַרמערונג פון די יידן איז די שול ענג און קליין געוואָרן צו פאַרנעמען אַלע מתפללים און מען האָט געדאַוונט אין פּריוואַטע מנינים. נאָך דעם איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אין שטאָט און די שול איז פאַרברענט געוואָרן (ווייל די געביידע איז געווען פון האָלץ). אויפגעבויט געוואָרן פון דאָס ניי אין יאָר תרכ״ד, אַ שטיינערנער מויער, פּראַכט־פול געבויט און אַ הדרת קודש באַדעקט זי.

אַזוי דערציילן די ערשטע תושבים אַז איינער פון די ערשטע יידן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פּולטוסק האָט געצויגן אויף זיך די ווּט פון די גלחים און לויט זייער באַפעל האָט אים דער המון פאַרטריבן און נישט געלאָזן זיך באַזעצן אויף זיין נחלה, זיין וווינאָרט. ער איז געפאָרן קיין וואַרשע און געשטעלט זיך פאַרן גובערנאַטאָר פון לאַנד, וועלכער איז דאַן געווען דער פירשט פּאַשקעוויטש, און דערבאַרעמענ־דיק זיך אויף אים, האָט ער געגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל אים ברענגען אין שטאָט (פּולטוסק) מיט גרויס כבוד, מיט טרומייטער און געזאַנג, און אַזוי איז געווען, ווייל די מיליטער־לייט זענען אַרויס אים אַנטקעגן מקבל פּנים צו זיין און געבראַכט אים (אין שטאָט) מיט לידער און געזאַנג.

מיטן גענאָד פונעם באַרמהאַרציקן, גוטן און ווּילטעטיקן קייסער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן נ״ע, זענען געעפנט גע־וואָרן די טויערן פון דער שטאָט פאַר אַלע יידן צו וווינען דאָרט און אויך דערווערבן אַ שטיק ערד לויט ווי עס געפעלט און גלייכט זיי, און זיי וועלן שוין נישט מער זיין אָפּהענגיק פון דער מאַכט פון די גלחים און נאָר זיין אָפּגעטיילט אין אַן עדה פאַר זיך, ווייל ביז דאַן זענען געווען די ביכער פון די געבוירענע און פאַרשטאָרבענע יידן אין די הענט פון די גייסטלעכע. פון דאַן ביז אַצינד איז איצט די צאָל יידן אַ

דריטל לויט דער צאָל פון די קריסטלעכע איינוווינער. צווישן די זענען דאָ גרויסע עושרים מיט אַ סך פאַרמעגן און דאָס רוב הייזער און די גרויסע פאַרמעגנס — צו זיי געהערן.

פון דער צייט ווען עס איז אויפגעבויט געוואָרן די ווייסל־באַן־ליניע, איז פאַרשניטן געוואָרן די גרויסקייט פון פולטוסק, עס איז אַפּגעוואָנדן געוואָרן איר פראַכט, ווייל דער גייסט פון לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין די רעדער פון מסחר. עס הערט זיך שוין נישט דאָס גערויש פון די שיפן און שיפלעך אויפן טייך נאַרעוו ווי פריער. פאַרבייגייער ווועלן דאָ נישט אָפּטרעטן און אָפּנעכטיקן. ביי אַן עושר איז דאָ אַ סך רייכטום און די עלטסטע פון שטאָט קלאָגן אויף איר, אַז גאָטס האַנט האָט זי געטראָפן צום שלעכטן; ווייל זי איז געקלאַפּט געוואָרן מיט אַ שווערן און געפערלעכן קלאַפּ, פון וועלכן זי וועט זיך שוין נישט קענען אויסהיילן.

יעקב מהרשק

(געבראַכט צום דרוק: משה צינאָוויטש)

# פולטוסק בעתונות – אין דער פרעסע

## לתולדות ההשכלה בפולטוסק

ב„המגיד״, שנה שניה (שנת תרי״ח, 1858 נומ׳ 23) פירסם קורספונדנציה מווארשה משכיל עברי מפולטוסק בשם יעקב אסיס־טענד. בקורספונדנציה הנ״ל, הכתובה בתאריך י״ד בתמוז, מודיע הכותב הנ״ל על ההוצאה־לפועל כעת בענין הבאנקיר היהודי יעקב עפשטיין, איש ווארשה (מת בשנת 1836) לעניני חינוך למלאכה, לנערות עזובות, בנות ישראל ולסוחרים שמטה ידם.

## השריפה הגדולה בפולטוסק

(„הצפירה״, 1876, תרל״ו, גליון ט׳)

הנה כבר נודע בתבל אשר שפך ה׳ חרון אפו על אנשי עירנו בחודש תמוז (תרל״ה, 1875) העבר ויצת אש בתוך העיר והבערה ללהב יצאה ובערך שלש שעות נשרפו יותר משלש מאות בתים, ויותר דאבה נפשנו, אשר בית הכנסת שהיה לכלילת יופי גם כן נשרף בעוה״ר ולא נשאר לנו אף מקום אחד להתפלל ולשפוך לבנו על צרותינו המרובות, כי בית המדרש שהיה לנו נהרס קודם השריפה מפקודת הממשלה יר״ה. וגם בנין המקוה נשרף ושני מוסדות הצי־בור האלה לא היו מפני איזה סיבות ומניעות בקופת הביטוח („פייער קאַססע״).

בחורף, תרל״ו, החלה התעוררות בקרב יהודי פולטוסק לבנות מחדש את בית הכנסת והתחילו להאציל מהונם נדבות הגונות למטרה זו.

אולם תרומות אנשי פולטוסק לא מספיקה בכך, כי רוב אנשי העיר נתרוששו מאד ורבים אשר קודם השריפה פזרו לאביונים מכספם ומלחמם נתנו לדל, עתה סבב עליהם גלגל החוסר ופורשים ידם ושואלים ללחם ר״ל, והבעלי בתים אשר ניצולו מהשריפה מועטים המה, והם צריכים להעניק מכספם ל„נשרפים״ וביחוד לקרו־ביהם ולכן אין באפשרותם להשיג כסף רב הנצרך לזה. לכן ההכרח אצלינו להודיע צערנו לרבים, להרבות בתחנונים לאחינו בני ישראל רחמנים. עורו נא נדיבי לב יקירי רוח, האצילו נא חמלה וחנינה להיות לנו לעזר ולסעד איש איש כמתנת ידו לדבר מצוה רבה לגמור בנין בית המקדש מעט, ובזכות זה נזכה לראות בבית המקדש בירושלים. וכל מי שיתנדב נדבת לבו להשלים זה הבנין, נכון לבו בטוח אשר מתן דמו ירצה לו ותקותנו בטח אשר הענין לייקרת ערכו יביע אומר ויזרז נדיבי לב למלאות רצוננו ורצון שמים, ויתמלא כל משאלות לבבם לטובה, המצווה לברך את עמו ישראל באהבה״.

(חתומים מטה על פניה זו פרנסי הקהלה דפולטוסק, אשר פנו לציבור היהודי אף מחוץ לעיר מעל דפי „הצפירה״ מתאריך הנ״ל):

דוד הכהן, זלמן מאיר שטיינבערג, חיים לייזר קארץ ונחום בר״ש רובענשטיין

הנ״ל מציינים כי „את הכסף אשר יתנדבו נדיבי לב ימחלו לשלוח להרב הג׳ דפה״.

## פולטוסק (פלך לאמזא)

(„המליץ״, 1889, מס׳ 207, ל׳ תשרי, תר״ן)

דבר נפל בעירנו אשר הרעיש לב אחינו יושבי העיר: ילד נוצרי, בן ליהודי שהמיר דתו, הודיע לפקידי הממשלה, כי נער עברי בן פחמי גילה אזנו, כי גופת עלמה נוצריה נקברה בקברות ישראל למטרת אמונה. השמועה הזאת התפשטה מהר בכל פינות העיר, כי היהודים הרגו לפני שלש שנים נערה נוצריה והסתירוה במרתף בית יהודי ירחים אחדים. טרם הצליח בידי היהודים לקברה בקברותיהם לעשות במחשך מעשיהם ולהעלים הדבר מעיני הממ־שלה, והנה נוצרי אחד אשר בתו אבדה לפתע פתאם, התעורר לקול השמועה הזאת ויחלט כי ברור הדבר שבתו היא הנרצחת בידי היהודים וטמנוה בבית העלמין שלהם, כי סגולה בדוקה היא לעצור בעד המשחית לבלי יבוא בגבול ישראל אם יקברו איזה נוצרי בקרקע של בית הקברות יהודי חדש שהוקם זה עכשיו. כי על־ידי כך ימעט מספר המתים מהיהודים בייחס למתים הנוצרים שבעיר. והיות וקהלת פולטוסק קנתה זה רק לפני איזה שנים חלקת־שדה להרחיב בית הקברות הישן (שכבר אין שם מקום לקברים נוספים) ולזאת עשו מה שעשו כנ״ל.

עד מהרה באו פקידי הממשלה וחוקר הדין, הקטיגור וגם וועד רופאים מומחים לבית הקברות היהודי ובתוכם קהל גדול מהנוצ־רים, שם חפרו במעבה האדמה במקומות אשר ציינו המעלילים וחופשו חפש מחופש למצוא קבר הנערה הנוצריה. אולם הם נוכחו לדעת כי יש בזה עלילת שקר על היהודים וכאשר באו כן שבו ריקם ופני צוררי ישראל חפו.

שבתי ב״ר אברהם משה בעהאם

## דבוק בפולטוסק בשנת 1889

שבתי ב"ר אברהם משה בעהאם מודיע לנו ב„המליץ" (נומ' 3 שבשנה הנ"ל, כי „ישנם עוד אנשים בפולטוסק המאמינים עוד בשדים ובלצים לרגל מקרה כזה: „כי קול יצא בעיר כי נשמת אחד האנשים שמת בפולטוסק, 40 שנה לפני כן נתגלגלה ונכנסה באשה בת שלושים וחמש והדבוק מדבר מתוך גרונה. המון העם החשוכים כמו נהר ירוצו לראות בעיניהם את הגלגול ולשמוע תוכחתו ומוסר שפתיו לפושעים ולמורדים בתורת ה'. כי כמו חי יעביר לפנינו את השבטים הנוראים, את שבעת מדורי הגיהנום, את מלאכי החבלה וכל הענויים הקשים אשר הגלגול עונה בכל ימי ענותו זה ארבעים שנה עד יום מצאו מנוח בגוף האשה הזאת.

זקני פולטוסק מספרים כי „הלץ" הזה (כן יכנוהו) היה (בזמנו) איש פשוט המוני כבד פה ונלעג לשון ועתה שפתיו ממללות כאילו בקי הוא בעל פה בספרי כתבי חסידים כמו „קהל חסידים", „שבחי הבעש"ט" ודומיהם ויודע אף לספר נפלאות ולהגיד תורה, אשר עשי ואשר הגידו צדיקים שבחייו היו עוד צעירים לימים.

הקורספונדנט המתמשכל הנ"ל מסיים מכתבו ב„המליץ", כי „הרב הצדיק מ. ־ ג. יישם כל מעיינו לגרש ולהבריח את הדבוק מהאשה האומללה, על־ידי שמות וסגולות נפלאים ולפי דברת רבים יצליח חפצו זה בידו". אולם בינתיים נתפשטה שמועה בפולטוסק כי עוד ארבעה „גלגולים" ישוטטו כבר בעירם לצודד נפשות ול־הדבק באיש או אשה אשר ימצאו חן בעיניהם.

והפועל יוצא מכל זה שחסידי עירנו (פולטוסק) מחפשים עוונות וחטאים בעיר, למען דעת בשל מי הרעה הזאת לנו, כי מלאה עירנו גלגולים ודבוקים להחריד את לב יושביה ולגזול מהם את מנוחתם.

## אלון בכות

(„הצפירה", 1904, נומ' 93)

ביום א' שבוע זה (ט"ז אייר, תרס"ד) הובל לקברות בכבוד גדול אחד מנכבדי הסוחרים בעירנו, אחרי מחלה קצרה וכבדה נקטף פתיל חייו, הרבני הנגיד הנכבד מו"ה שלמה זלמן בהמנוח מו"ה זאב יצחק יובלער ז"ל בשנת הששים ושתיים לימי חייו.

המנוח הנ"ל במשך ארבעים שנה ניהל בית מסחרו, נשא ונתן באמונה ובישור לבב. ואם כי סוחרים רבים הסבו לו נזק שלא שלמו לו חובותיהם, בכל זאת לא ירד לנכסיהם מעודו לגבות כספו בכח הבית־דין. בכלל מצוין היה בכל דרכיו ומעשיו והיה חרד וירא לדבר ה'. את בניו ובנותיו הדריך בדרך התורה והחכמה, אהב להתעסק תמיד בגמילות חסדים וחבר נכבד היה בחברות רבות למעשה הצדקה והחסד. כל החסדים אשר עשה לטובת העניים והנדכאים היה בהצנע לכת. ורק מתן בסתר היה חפץ לבו ומטרתו בחיים, ולא חפץ כי יהללהו ויפארהו בשער על מעשי צדקתו ונפשו הטהורה בגבהי מרומים שמה קנה. ובצל שדי תתלונן, ותנצח"ה.ה' המנחם ציון ינחם את אשתו האלמנה, בניו ובנותיו, חתניו ונכדיו ובני משפחתו היקרים שיחיו ואת כל המתאבלים עליו, ובתוכם גם אנכי, אחד ממכיריו ומכבדיו.

יעקב בהרה"ג המנוח מוהר"ר
משה צבי זצ"ל מהרש"ק

## פולטוסק

(„הצפירה", תרע"ח, ח' ניסן, 21 מערץ 1918)

האגודה „בני ציון" פה נגשה לייסד בית מחסה לילדים. כדי להמציא אמצעים להחזקת המוסד הזה, ערכה האגודה נשף זמרה, בהשתתפות מר סירוטה, החזן הראשי של ביהכנ"ס בווארשה, בני ובתו, שהכניס סכום הגון. ועד אגודתנו נגש גם כן לייסד שעורי ערב לגדולים.

בגימנסיה לנערות ובפרוגימנסיה לנערים, המתקיימות בעירנו, תופס לימוד השפה העברית מקום הגון. במוצאי החג (פסח) עורכים המוסדות האלה נשף, שבו יציגו מחזה עברי.

## פולטוסק

„היינט", נומ' 13, ווארשע, מאָנטיק, 21טן יאַנואַר, 1929

### די גמ"ח־קאַסע

שבת־צו־נאַכטס, דעם 5־טן יאַנואַר, איז אונטערן פאָרזיץ פון ה' אברהם רוזשאַ פאַרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אונדזער גמילת־חסדים־קאַסע. עס איז גענומען געוואָרן צו קענט־ניש דער בעריכט פון סעקרעטאַר ה' יהודה אריה לעווקאָוויטש וועגן דער צוויי־יעהריגער טעטיגקייט פון דער קאַסע, אַן וועלכער עס זענען אַנגעשלאָסען 600 מיטגלידער און וועלכע האָט זיך ערוואָרבען דעם צוטרוי פון דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג אין אונזער שטאָדט. די גמ"ח־קאַסע גיט אַרויס אָהן־פּראָצענטיגע הלואות אויף סומעס פון 50 ביז 100 זל., פון וועלכע עס געניסען 500 לווים. די הלואות ווערען געגעבען אויף לענגערע טערמינען, אויסצוצאָהלען ראַטעסווייז. די קאַסע בעזיצט שוין אַ קאַפּיטאַל פון 20.000 זל.. די פאַרזאַמלונג האָט בעשלאָסן אַנצונעהמען אין דער געזעלשאַפט אַלס עהרען־מיטגלידער, אין הסכם מיטן אַרטיקעל 12 פון סטאַטוט — פאַרן פרייז פון 100 זל. און העכער לויטן גוטען ווילען פון עהרען־מיטגליד זעלבסט. דאַן איז איינשטימיג בעשלאָסן געוואָרן צו נאָמינירן אַלס עהרען־מיטגלידער פון אונזער געזעלשאַפט די פאָל־גענדע ח"ח: שמחה מעלניק, נישניעווויטש, מ. דעליקטיס, ישעיה בזשעזשינסקי, הערש ליב סאָקאָל, בונם גראָדשטיין, בצלאל מאַיערס־דאָרף, יעקב לייב נאָוואָמינסקי, וועלוול יאַזשינא און גדליה וואָלסקאַ.

## א תענית אין פולטוסק

„נייער היינט", נומ' 22, פראָווינץ־שפּיגל

אין פולטוסק האָט דער רב גוזר תענית געווען צוליב אַנ'אָר־טאָדאָקסישען רעדנער.

און געשעהן איז עס אָט ווי אַזוי:

די פולטוסקער שלימאַקעס (שלומי אמוני ישראל) האָבען אַראָב־געבראַכט זייערען אַ רעדנער, וועלכער האָט געהאַלטען אַ דרשה אין האַנדווערקער־פאַראיין. די חסידים האָבען דערביי נישט פּער־געסען אַראָבצובערענגען אַלס שמירה פּאָליציי.

די שלימאַקעס האָבען אָבער געוואָלט מזכה זיין אויך דעם היגען בית־המדרש מיט אַ דרשה, און דאָס האָט באַגעגענט אַ ווידער־שטאַנד מצד דער יוגענד, ווייל עס עקזיסטירט פון לאַנג אַנ'אָבמאַך מיט'ן היגען רב, אַז אין בית־המדרש זאָל נישט רעדען קיין שום פּאַרטיי־רעדנער, אפילו פון די אָרטאָדאָקסען.

דאָס מאָל איז דער דאָזיגער אָבמאַך ליידער געבראָכן געוואָרען, און דער בעל־דרשן האָט גענומען רעדען. די יוגענד האָט אָבער פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט איהם לאָזן רעדען און עס איז געקומען דערצו, אַז די יוגענד האָט געזונגען די „שבועה" און מען האָט דעם רעדנער אויסגעפיפען.

אויף מאָרגען, שבת, איז געקומען דער רב אין בית־המדרש אַריין און אויסגערופן:

„ווען איך בין נאָך געווען אין גאָסטינין, איז אַמאָל געקומען אַ חזן דאַוונען אין שוהל, האָבען אייניגע געגענער איהם אויסגעפיפן. איז דער גאָסטיניגער צדיק ז"ל, וואָס האָט נאָך דאַן געלעבט געקומען אין די זאָקן פון זיין שטוב אין בית־המדרש און האָט גוזר־תענית געווען, און דאָ האָבן דאָך אַזוי פיל מענטשען געפיפן און מען האָט געזונגען אַ שבועה, דאַרף מען דאָך אַוודאי פאַסטען. על כן בין איך גוזר, אַז יום א' פרשת במדבר מוזן אַלע פון קליין ביז גרויס פאַסטען, אפשר וועט דער חטא פאַרגעבען ווערען".

## פולטוסק

„מאָמענט", 1938, נומ' 42, 18 פעברואר

צווישען די 16—17 טויזענט איינוואוינער זענען ביז 42 פראָצענט יודען. דער היגער יודישער ישוב איז ניט קיין אַלטער. פריהער האָבען דאָ קיין יודען נישט געטאָרט וואוינען, ווייל דאָס שטעטל האָט געהערט צו גלחים.

אין געזעלשאַפטליכער היניזכט איז פולטוסק שטאַרק אָבגעשטאַנען. געווען אַ מאָל אַ גימנאַזיע, איז פון איהר גאָרנישט געוואָרען. נישטאָ קיין שום יודישע שול. פאַראַן בלויז אַ שבת־ובקע וואו ס'לערנען אַ 7—8 הונדערט קינדער. נישטאָ קיין פאָלקס־שול, נישטאָ כמעט אויך קיין האַנדווערקער פעראיין. לעצטענס האָט אונזער שטאָדט בעזוכט דער שליח פון „אָרט", ה' אָסטאַשינסקי, וועלכען ס'האָט זיך נאָך לאַנגע בעמיהונגען איינגעגעבען צו אָרגאַניזירען אַ קאָמיטעט פון „אָרט". פאָרזיצערין פונ'ם קאָמיטעט איז איינע פון די טיכטיגסטע געזעלשאַפטליכע טהוערינס, פרוי דעליקטיס. זי צוזאַמען מיט נאָך עטליכע פרויען פיהרען אָן די אַקציע צו בעשפייזען די קינדער פון דער שבת־ובקע. אַ חוץ איהר געהן אַריין אין קאָמיטעט די ה"ה גרינבוים, קהלה־סעקרעטאַר יאבלאָנקע, בזשעזינסקי און פרל' בורשטיין פון די האַנדווערקער, סעקר. יאנער, פרוי פיעקאַרזש, קירשענבוים, קאָפילעוויטש, פענסטער און אַנד.

דער קאָמיטעט איז צוגעטראָטען דורכצופיהרען צושניידעריי קורסען פאַר שניידער. אויך ווערט פראָיעקטירט אַ דערגענצונג'ס קורס פאַר סטאָליער, צושניידעריי קורסען פאַר מיידלעך, עווענטועל טריקאָטאַזש. אַ דאַנק דער ענערגיע פון דער פאָרזיצערין דאַרף מען האָפען, אַז די אַרבייט פון קאָמיטעט וועט זיך איינגעבן און אונזער שטאָדט וועט בערייכערט ווערן מיט עטליכע וויכטיגע יודישע אינסטיטוציעס.

ג. ל.

„מאָמענט", נומ' 232, 1938

מיט אַנערך אַ האַלב יאָהר איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרען אַנאָפטיילונג פון „אָרט". ס'איז דורכגעפירט געוואָרען אַ דערגענצונגס־קורס פון דאַמען צושניידעריי אונטער דער לייטונג פון אינסטרוקטאָר ה' קאָזשען. דער קורס האָט געהאַט אַ גוטן ערפאָלג. איבער דרייסיג פערזאָן האָבען בעזוכט די קורסען. די טעג איז פאָרגעקומען דער פייערליכער עקזאַמען מיט'ן אָנטייל פון הויפט אינסטרוקטאָר פון „אָרט" אין וואַרשע, ה' גרינבערג. אונטער דער לייטונג פון ה' קומאַטקאָווסקי ווערט איצט אויך געפירט אַ טריקאָטאַזש־קורס. בראש פון דער „אָרט"־טעטיגקייט שטעהט פרוי דעליקטיס און סעקרעטאַר זוגער.

ג. ל.



# רבני פולטוסק



משה צינוביץ

## הרב הגאון
## ר׳ יהושע׳לה מקוטנה

**א.**

הרב רבי ישראל יהושע מקוטנה היה ראש וראשון לגאוני פולין בדורות האחרונים. בקיאות וחריפות, „סיני" ו„עוקר הרים", התמזגו אצלו למזיגה מוצלחה ומופלאה במינה. הוא היה אוצר ספרים חי. בכוח זכרונו המופלא ידע בעל־פה את כל הבבלי והירושלמי ונושאי כליהם, מפרשים, פוסקים, ראשו־נים ואחרונים ויודע היה למנות דבריהם מלה במלה. כל אלה שחיו במחיצתו ידעו לספר, שגאון זה היה חוזר על משנתו בעל־פה, מסכתות שלמות, ספרים שלימים של פוסקים ו„שאלות ותשובות"; וכן ידע בעל־פה את התנ"ך ומפרשיו ואת כל המדרשים לכתבי קודש.

נוסף על כך היה גאון זה מחונן בשכל כביר, בעיון מרוכז בעמקנות וידע לשמור על קוי גבול מסוימים, שחידושי תורתו ופסקיו יהיו מושתתים על יסודות איתנים, ושלבי המשא־ומתן התלמודי, ליבוני הסוגיות הנידונות וחבלי היצירה התו־רנית יתנהלו לפי המטרה הסופית — „לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא".

הסופר נחום סוקולוב, שהכיר את הגאון מקוטנה פנים אל פנים לרגל בקוריו בפלוצק (עיר גידולו וחינוכו של נ"ס), התבטא פעם עליו במילים אלו: — כל התורה כולה מסיני ועד ליסא (הכוונה לישיבתו של הגאון ר׳ יעקב בעל ה„נתי־בות" בליסא, שמצודתה היתה פרושה על קהילות פולין, גם בחלקה הרוסי), כל המשנה ומקרא ופירושיהם, כל הספרות התלמודית הרחבה מני ים — הכל מצא קן ומשכן קודש במוח האיש האחד הזה". שמו היה נשוא תמיד בחרדיות על שפת כל אחינו בפולין. לגאונותו הדגולה הגיע גאון זה לא רק הודות לכשרונותיו המופלאים אלא אף בעמל שקדנותו הגדולה למופת. ואותו סופר נ"ס שיצק מים על ידי גדולי תורה מפור־סמים בשחרית חייו, כותב על הגאון מקוטנה באחד ממאמריו על ערך הרבנות בישראל, כי: „למעלה משבעים שנה לא פסק פומיה מגירסא ואין כל ספק, כי למד גם בחלום. שעה אחת בחברתו טובה היתה מקריאת ספר שלם. שיחה אחת משיחותיו היתה דיה לעשות ממנה דרוש יקר".

התמדתו ושקדנותו הביאו אותו לידי כך, שסירב לקבל רבנות בקהילות גדולות, שמא יטרידוהו שם מתלמודו. כך, למשל, יודעים אנו שויתר על הרבנות בקהילת לובלין המפור־סמת ובביאליסטוק שבחרה בו למרא דאתרא במקומו של הגאון בעל „עונג יום־טוב" (ברבנות זו זכה אח"כ רבה של סובאלק וראדום, הרב ר׳ שמואל מוהילובר). רבי ישראל יהושע העדיף לשבת בעיירה קוטנה — אף היא מהקהילות הידועות בפולין ושימשו בה רבנים מפורסמים — להשפיע בה מתורתו שלושים ושלוש שנה (לפני כן היה רב בפולטוסק, גומבין, וורקה ושרינסק). מכאן השיב בענינים הקשים שהיו שואלים אותו אף גאונים ידועים, ביניהם גאוני ליטא. הכל ראו בו מרא דאתרא בהילכתא של יהדות פולין.

ר׳ יהושע׳לה היה מקובל ונערץ בכל החוגים והשדרות; ואפילו שלא מבני ברית; וכן על הרשות הפולנית והרוסית, הודות למידותיו ונימוסיו ותכונות נפשו, תום וענוה, אהבת האדם, הצדק והשלום. הוא היה סמל הפרישות והטהרה, נקיון כפיים ובר־לבב, שנאת כבוד ובצע, מצניע לכת, מתון וסובלן — כל הסגולות הדרושות למנהיג רוחני של הציבור על כל חוגיו, שכבותיו ומעמדיו.

**ב.**

הגאון מקוטנה יצא לו מוניטין עוד בגיל העמידה, אם כי בחייו כמעט שלא נתפרסמו חידושיו ותשובותיו בדפוס.

אף בפירסום חיבורו „ישועות ישראל" על שולחן־ערוך חו"מ חלק א' (ורשה, תרל"ו) — עסק בנו יחידו, הרב משה פנחס טרונק, ממלא מקומו אחר־כך ברבנות קוטנה.

בשנים האחרונות נדפסו עוד שני חיבורים משלו, „ישועות מלכו" (תרפ"ז) ו„יבין דעת" (תרצ"ב), ועמל בסידורם וב־הדפסתם נכדו הרב יצחק יהודה טרונק (רבה האחרון של קוטנה), בצירוף חידושים משלו, קצת על הרמב"ם, קצת על שולחן־ערוך, יורה דעה וכמה עשרות תשובות בהלכה. כל מה שנדפס — לפי שיירי רשימות שהיה רושם לו המחבר באקראי — אינו מגלה לנו את הגאון הקוטנאי בשיעור קומתו ובמלוא מטענו הרוחני. אין כאן אלא מעין נצוצות מדמותו הרוחנית הכבירה של רבי ישראל יהושע מקוטנה, אשר האירה את עולם התורה בתקופתו.

מעניינות כמה מתשובותיו בספרו „ישועות מלכו" המפי־צות אור על ההווי הדתי בימיו בכלל, וגם על עמדתו לתו־פעות חדשות שהועלו אז לדיון על שולחן גדולי־התורה.

כך, למשל, בענין „התכלת" בציצות שהומצאה אז על־ידי הגאון האדמו"ר רבי גרשון הניך מראדזין ז"ל עם הסתיי־גותו בדבר הזה, הואיל ואין לנו ידיעה ברורה שזה תכלת ודעת גדולי ישראל היא, שהאידנא אין אנו מחויבים בתכלת. אינו אומר „קבלו את דעתי" בענין זה, כרבנים מפורסמים אחרים על ההכרח ל„הסיר התכלת". הוא משאיר פתח פתוח בדבר זה, שהוא רואה מהרהורי לבו ש„אפשר ומתנוצץ הגאולה" מחידושו זו של רבי גרשון הניך ליינר.

לעומת זה מוצאים אנו באחת מתשובותיו תקיפות דעתו כשהוא רואה באחת מהנהגות בית־הכנסת בטשנסטוחוב מעין „תיקונים בדת". כותב הוא בשנת תרמ"ג ל„הנכבדים האפרתים היקרים" שבקהילה ההיא, שתקנו תקנה בבית־הכנסת הגדול לקרוא את העולה לתורה רק ב„יעמוד": „כהן", „לוי", „שלישי" וכו' — מבלי להזכיר את שם ה„עולה" לתורה ואת שם אביו — שיש בזה הפרת חוק, והוא מסביר: „כשם שבחולי־הגוף, במחלה, אשר היא באברים הראשונים במעלה; במוח או בלב — כל נקב הכי קטן, אף כחודו של מחט, הרבה יותר מסוכן ממחלה כבדה, אשר באיברים אחרים, כמו יד או רגל — כך העוון הקל הנוגע בכללות ישראל חמור מעבירה הנוגע רק לפרט.

הגאון מקוטנה ראה ב„תיקון" זה גם משום פגיעה ב„כיבוד אב" כשאין מזכירים את שמו, כשבנו עולה לתורה.

ג.

מהקוים העיקריים בדמותו הרוחנית של הגאון הקוטנאי — הצטרפותו הגלויה לתנועת ישוב ארץ־ישראל ואף לתנועת חיבת־ציון, שהחלו אז לפעם בחלק מסוים של יהודי־התפוצה וביחוד ברוסיה. במובן זה, הגאון מקוטנה וחתנו הרב מקאליש, רבי חיים אליעזר ווקס, בעל „נפש חיה" — יחידים היו בקרב רבני פולין הקונגרסאית. יתר על כן, הגאון מקוטנה הרחיק עוד לכת, בו בזמן שחתנו „בעל נפש חיה" היסס להצטרף לתנועת חיבת־ציון המאורגנת וניסה לנקוט פעולה נפרדת בענין זה, נסיון שלא הצליח ברובו.

רבי יהושע'לה עצמו מצטרף לכמה מפעולותיו של ידידו הרב ר' ישראל מוהילובר ובא בדברים גם עם הועד האודיסאי בנידון זה. את נטיתו הנפשית לתנועת ישוב ארץ ישראל רואים אנו עוד בשנות השבעים, כשעודד רוחו של ר' צבי הירש קאלישר לדבר גדול זה. כבר אז כותב הוא לו:

„שמחתי בראותי גודל התאמצותו בדבר חברת ישוב ארץ ישראל, עשה תעשה וגם יכל תוכל, בל יפול לבבו ואל ירך מדברי המתנגדים, כי לא בהשכל ידברו. אשרי חלקם של המתאמצים בזה, כי מצוה גדולה היא להחזיק את המת־ישבים בארץ־ישראל".

קורת רוחו מתנועה זו שהוא רואה בה חזון גדול, ניכרת היטב במכתב תשובתו בנידון זה ל„הרב הגדול בוצינא קדישא מגזע תרשישים" — האדמו"ר רבי ישראל מקוצק, בדברים אלו: — „אין ספק שהוא (ישוב ארץ ישראל) מצוה גדולה, כי הקיבוץ (לא"י) הוא אתחלתא דגאולה, ובפרט מה שראינו עתה התשוקה הגדולה, הן באנשים פחותי ערך, הן בבינוניים, הן בישרים בלבותם — קרוב לודאי שתתנוצץ רוח הגבורה... ובזמן הזה שנשתנה בעזהי"ת לטובה הן בסכנת הדרכים והן מצד עניות, בודאי היא מצוה גדולה".

וכן מענינת תשובתו בחיבורו הנ"ל על עזה ועבר הירדן המזרחי, שהן חלק בלתי נפרד מארץ־ישראל ומקודשת במס־גרת הקדושה הראשונה והקדושה לעתיד לבוא. הגאון מקוטנה הצטרף לדעתו של חותנו הנ"ל, בדבר אתרוגי קורפו, שיש עליהם חשש מורכבים והעדיף מהם את אתרוגי ארץ ישראל אם רק כשרים הם על־פי־דין, אף על פי שאינם מהודרים ביופי.

ד.

ביקורו בארץ ישראל בשנת תרמ"ו עם חתנו הרב ח. א. וואקס, עשה רושם על חכמי־ירושלים ויקיריה והכל חרדו לקראת החותן והחתן. התוצאות של ביקור זה: חיזוק כולל ורשה—פולין, בניית בתי מגורים נוספים לאנשי הכולל הזה והקמת תלמוד־תורה וישיבת „חיי־עולם" לבני פולין שב־ירושלים.

רבה זכותו של הגאון רבי ישראל יהושע בדברי ימי הישוב החדש, בהצטרפותו להרב ר' שמואל מוהילובר ורבי

יצחק אלחנן בהיתר העבודה בשנות השמיטה לפי תכנית מסוימת.

ויש לציין כאן, כי רבי ישראל יהושע טרונק היתה לו דעה משלו בנידון זה, ששאלה זו היא שאלה מקומית. הקולו־ניסטים צריכים לפנות בענין זה אל ראשי הרבנים הספרדים הוותיקים במקום, שהם הראשונים לבוא לארץ ישראל, ביחוד כשצריכים להתחשב עם הנימוק „חביבה עלי עדה קטנה שבארץ־ישראל" — והואיל והרבנים הספרדיים הנ"ל התירו את העבודה בשביעית, לפי תנאיהם הם, צריכים הקולוניסטים לציית להם בזה ואין רבני הגולה צריכים להיזקק לשאלה זו. אבל רבני הגולה לא שמעו אז לעצתו זו, נוצרה בינתיים ספרות שלימה של שו"ת בימים ההם, הללו מתירים והללו אוסרים.

סוף דבר היה, כי יצאה הוראת היתר מרבני קובנה, קוטנה, ביאליסטוק ועוד, ורובם של המתישבים החדשים התנהגו לפי ההוראות המיוחדות במסגרת ההיתר הזה.



הגאון מקוטנה נפטר בכ"ה בתמוז תרנ"ג בגיל 72, ועתה מלאו ע"ז שנה למותו. רושם פטירתו היה ניכר בכל רחבי פולין. בין עשרות הרבנים המפורסמים שבאו לחלוק לגאון פולין את כבודו האחרון היו: הגאון האדמו"ר רבי אברהם מסוחאטשוב (מחותנו של הנפטר וידיד נפשו), רבי אליהו חיים מייזל אב"ד בלודז, רבי יואב יהושע בעל „חלקת יואב" אב"ד בגוסטינין (אח"כ — אב"ד קונסק) ועוד הרבה מפור־סמים וגדולי־תורה. אף המפקד גדוד הצבא הרוסי שחנה בסביבת קוטנה נתן יום חופשה לחייליו היהודים, שיוכלו להשתתף בלויה זו.

מעניינת היא צוואתו של הנפטר הגדול: למעט בהוצאות הקבורה, לא להקם אוהל על קברו ואת הש"ס קנין כספו — למסור לצורך ישוב ארץ־ישראל.

משה צינוביץ



ר' יהושע'לה — כך קראו אותו בפולין — נולד לאביו הרב החסיד ר' דוד ז"ל ולאמו הצדקת מרת דבורה ז"ל בחודש כסלו בשנת תקפ"א בקהילת פלוצק. בהיות הילד בן שנתיים לקחה אותו אמו ללבוב, כדי לבקר את אביו ר' דוד שלמד אז בישיבת הגאון ר' יעקב אורנשטיין בעל „ישועות יעקב" ובעת זקנתו היה רגיל לספר שהוא זוכר את צורת פיו של בעל „ישועות יעקב".

כמנהג הימים ההם בהיות ר' יהושע'לה בן שלש התחיל ללמוד ב„חדר" תורה ומפרשים וכשהגיע לגיל 6 למד כבר גמרא וכתב בעצמו חידושי תורה שלו. מורו ומדריכו של ה„עילוי" הצעיר, היה אבא ר' דוד. ר' יהושע'לה היה מתמיד גדול מנעוריו וכשנתנו לו לאכול לחם בחמאה, מעולם לא רצה לבטל את זמנו למריחת החמאה על הלחם, והיה אוכל את הלחם יבש אלא אם כן מרחה לו אמו את הלחם. והוא היה אוכל בחיפזון כדי שלא לבטל את זמנו מן הלימוד. כבר מנעוריו נעשה בקי בש"ס ופוסקים וכל ארבעת חלקי ה„שלחן־ערוך" היו שגורים על פיו. היה רגיל כל שבת קודש לעבור על שתי מסכתות שבת ועירובין, כמאתיים וששים דף גמרא. ה„עילוי" הצעיר ר' יהושע'לה היה ילד שעשועים של כל הלמדנים שבפלוצק.

בהיות ר' יהושע'לה כבן אחת־עשרה מת עליו אביו, אבל אמו הצדקנית השגיחה עליו והוא המשיך ועסק בתורה בהת־מדה. כבן ארבע־עשרה התארס ר' יהושע'לה עם בת גילו מרת פרידה, בת הרב ר' חיים בן הרב הגאון מו"ה ר' יהודה מירביטש, אבל ר' חיים לא זכה להכניס את חתנו העילוי לחופה, כמה שבועות לפני החתונה חלה והלך לעולמו. ובכל זאת אחרי החתונה נשאר העילוי להיות סמוך על שולחן חותנתו שש שנים ועסק בשקידה בתורה.

מאביו ז"ל ירש ר' יהושע'לה את הזיקה לחסידות והיה נוסע מדי פעם בפעם אל הרבי הזקן מקוצק. פעם שהה ר' יהושע'לה בקוצק יותר משלושה חדשים והרבי מקוצק שהיה רגיל להדריך את כל אחד מחסידיו על פי דרכו, קרא את ר' יהושע'לה לחדרו ואמר לו: „לפי דעתי אתה צריך לחזור הביתה, ולעסוק בתורה ונראה מה יצא ממך". הוא הכיר באברך הצעיר שנוצר לגדולות ועליו להיות בעתיד „רבם של כל בני הגולה" ופוסק הלכות, ולא רצה שיבטל את זמנו עם חסידים בקוצק. ר' יהושע'לה שמע בקול רבו, חזר הביתה והשקיע את עצמו כולו רק בתורה. חברו וידידו הצעיר הגאון מסוכטשוב היה רגיל לספר שחותנו הרבי מקוצק העריך מאד את ר' יהושע'לה כגאון ובקי בכל חדרי תורה, ובעיקר מצאה חן בעיני הרבי מדת האמת שבו על שאיננו נושא פני איש. וכשנתקבל ר' יהושע'לה כרב בקהלות שונות היו שם מחסידי קוצק, בכל פעם כשנסעו החסידים לקוצק אל הרבי התענין הרבי מקוצק לדעת מה שלומו של הרב הצעיר, ואף שבימים הבאים לא סר ר' יהושע'לה למשמעתו של שום „רבי" אחרי הרבי מקוצק — נשאר „חסיד" כל ימיו.

בקהילת פלוצק, כהן כרב בשעתו הרב הגאון המפורסם ר' חיים אורבך מלנטשיץ בעל „דברי חיים" וגם הוא העריך מאד את ה„עילוי" הצעיר ובכל פעם השתעשע אתו בדברי תורה והלכה. כבר בתקופה ההיא, בהיותו עוד צעיר לימים תפס ר' יהושע'לה עמדה חשובה בחיי הקהילה בפלוצק. בימים ההם החליט הפרנס הידוע ר' שלמה זלמן פוזנר מוורשה

לעשות את הנסיון לחולל מהפכה בחיי ההמונים היהודיים העניים, על ידי העברתם לעבודת אדמה, למען יתפרנסו מיגיע כפיהם. קנה אחוזה במחוז פלוצק והושיב בה יהודים לעבוד בשדות. שם האחוזה היה „קוכארי" וכדי למשוך את היהודים לעבודת האדמה, יסד ר' שלמה זלמן גם ישיבה באחוזה ההיא והזמין את הגאון הצעיר ר' יהושע'לה לבקר אצלו באחוזה, הוציאו אל השדות והראה לו כיצד יהודים עובדים אדמה, וגם לומדים תורה בשעות הפנויות מעבודה.

(גלבר, „היהודים והמרד הפולני", עמוד 21)



הרב הגאון ישראל (אליהו) יהושע טרונק, שבפי העם נקרא בקיצור בלשון חיבה: רבי יהושע'לה, אף למרות ההקטנה שבשמו היה ידוע בסביבתו הקרובה והרחוקה, ואף בחוגי הרבנים בכל תפוצות ישראל כגדול בין הגדולים ובאנציקלו־פדיה הבריטית ובאנציקלופדיה הרוסית־היהודית צוין בתואר „גדול התלמידים בעולם". לשלשת שמותיו נודעת סמליות היסטורית משלהם. בכך נתכוון אביו ר' דוד להתוות את דרכו בחיים בכיוון הגדולה בתורה ומיזוג הזרמים שפילגו לפנים את בית ישראל. לפיכך קרא „ישראל" על שם רבי ישראל בעל־שם־טוב; אליהו — על שם הגאון מווילנה ויהושע — על שם „פני יהושע". בשמוש כללי הושמט השם „אליהו", ובפי העם נקרא בשמו השלישי בלבד, וגם הוא בהקטנה של חיבה: ר' יהושע'לה, אבל בהלכה למעשה החמיר על עצמו להזכיר את שמותיו במלואם. וכשבתו הרבנית מקליש נתגרשה מבעלה הראשון, והיה צורך לכתוב בגט את שם אביה, הורה לכתוב לה שני גיטין, באחד — בת ישראל יהושע ובשני — בת ישראל אליהו יהושע.

בדרך שני הגדולים ששמותיהם נקראו עליו, הבעש"ט והגר"א, הלך גם בחיבת ארץ־ישראל, ובימיו, כשחיבה זו החלה נוגעת בשאלות הלכה למעשה והחלה תובעת מעשים, תרם לה את חלקו באומץ ובמרץ.

הגאון ר' יהושע'לה שקד ככל האפשר בתחומי ההלכה להקל ולא להחמיר, כדי שההלכה תתקיים וגם העם יוכל להתקיים. הנה כי כן היתה אז החמאה מיצרך חיוני מאד ליהודים תושבי הערים בפולין, אבל לא היתה אפשרות לספק להם חמאה מתוצרת יהודית בלבד, באו שוחרי חומרות וביקשו ממנו להכריז איסור על חמאת נכרים. אך הוא דחה אותם בנימוקים מבוססים בהלכה ובהתחשבות בצרכי המוני עם, והתיר להם להחמיר על עצמם, אבל בלא להעיק בחומרותיהם על אחרים. וכן נהג בנוגע לאכילת כופתאות בפסח, שהמח־מירים הציגו אותה כאיסור גמור, והוא, בהיותו רב צעיר בעיירה שרנסק שליד פלוצק, התחשב במדת היכולת של המוני העם לעמוד בחומרות, ולא הסתפק בהוראה להיתר, אלא אף הציג בחלון ביתו כופתאות לראווה בפסח למען ידעו המוני העם, שבאכילת כופתאות אינם פורקים מעליהם עול המצוות.

(א. ש. אלברג, „הבוקר", 17.5.58)



בשנת ת"ר בהיותו כבן תשע־עשר נתקבל כרב בקהילת שרנסק וישב שם שבע שנים בכבוד ובמנוחה. בשרנסק יסד ר' יהושע'לה ישיבה והוא בעצמו היה ראש־הישיבה. מישיבה זו יצאו הרבה תלמידי־חכמים בפולניה. בפרק זמן זה היה רגיל ר' יהושע'לה להפגש עם הגאון המפורסם ר' אברהמלה מטשכנוב שהיה מזדמן לעיתים קרובות לשרנסק. הגאון מטשכנוב אף שהיה קשיש ממנו העריכו מאד.

בשנת תר"ז עבר ר' יהושע'לה משרנסק לקהילת גומבין במקומו של הגאון הצדיק ר' שרגא פייבל דנציגר מגריצה שעזב את קהילת גומבין. כאן בגומבין התחיל לכתוב ולענות תשובות לשואליו. מאותה תקופה נשארו שתי תשובות בספרו „יבין דעת" בליקוטי שו"ת סימן ז' משנת תר"ז „לתלמידי החריף המופלג חכם לב מו"ה חיים מרדכי" (תלמידו זה הוציא אח"כ את ספר הכריתות לר"ש משנץ עם הערותיו והיה ידוע כתלמיד־חכם גדול), ובסימן כ"ז שם „להרב ר' יצחק מזיכלין' משנת תר"ח.

אולם כאן בגומבין פרצה מחלוקת נגדו. ואף שקודמו ר' שרגא פייבל בא לגומבין במיוחד כדי להשקיט המחלוקת ולהסביר להם שידעו איך להתנהג עם רבם הגדול, לא השפיע עליהם ובסוף כעבור שלש שנים בשנת תר"י עבר לוורקי. בוורקי נתפרסם ר' יהושע'לה כגדול הדור והתחילו לפנות אליו בשאלות מכל קצוי פולין. מאותה תקופה נשארו ממנו תשובות שונות שנדפסו בספרו „ישועות מלכו" סימן ל"א משנת תרי"א ובספרו „יבין דעת" תשובות סימני ט', י', י"ב, י"ד, ט"ו, י"ז, י"ח, כ' ועוד משנים תרי"א—תרי"ג.

בוורקי גר אז הצדיק ר' מנחם מנדל קאליש, בנו של הצדיק ר' יצחק קאליש. הוא היה ממעריציו של הרב הגאון ר' יהושע'לה, והיה רגיל לבקר את ר' יהושע'לה בכל רגל, לקיים מאמר חז"ל „חייב אני לקבל פני רבי ברגל". לאנשי שלומו היה אומר „כל זמן שר' יהושע'לה מכהן כרב אצלנו בוורקי, אני ישן במנוחה, כי סומך אני עליו כי כל עניני הדת מתנהלים כתקונם".

בשנת תרי"ג כשנודע לצדיק ר' מנחם מנדל שר' יהושע'לה עומד לעזוב את וורקי, כדי לעבור לפולטוסק בא אליו והציע לו שישאר בוורקי והוא בעצמו יוסיף לו על משכורתו מכיסו. גם חסידי וורקי מכל פולניה היו נוהגים כבוד ברבם, ר'

אב״ד סטאניסלאוי (גאליציה המזרחית), הקורא על המחבר „הרב הגאון המהולל סיני ועוקר הרים" וכותב עליו „ידיד נפשי"; ר' חיים ברלין מירושלים (בנו של הנציב מוולאזין), אשר כותב עליו: „כבוד ידיד נפשי מאז, הרב הגאון, חריף ובקי, סיני ועוקר הרים, כהן גדול מאחיו"; ר' חיים חזקיהו מדיני (בעל ה„שדי חכם"); ר' יחזקאל ליבשיץ אב״ד פלוצק וקאליש (מחבר הספר „המדרש והמעשה" על התורה); ר' שלמה הכהן המו״צ הישיש דווילנא ור' יוסף רוזן אב״ד דווינסק (ידוע בשם „העלוי הרוהטשאבי"). על־ידי שלשת חיבוריו הנ״ל, זכה המחבר לפרסומת של למדן מובהק ותודות זה זכתה בו קהילת פולטוסק.

ד) „נס לשושנים" (ווארשה תרס״ט) על הלכות חנוכה וחידושים על מסכת שבת. לחיבור זה מצורפים חידושי תורה נפלאים ממורו ורבו האוסטרובצאי הנ״ל, אשר תמיד עמדו בהתכתבות תורנית הדדית.

ה) קונטרס „מקוה טהרה" (ווארשה, תרע״ד) — על דבר מקוה זוחלת ומכזבת מימיה, בצירוף תשובתו של הגאון שר התורה ורב הרבנים — ר' יוסף ראזין מדווינסק.

ו) „שבועת העדות" (פיעטרקוב, תרפ״ב), חידושים על הפרק „שבועת העדות" — במסכת שבועות.

ז) „אלה המשפטים", שנדפס כבר על ידי בניו, אחרי פטירת המחבר, בשנת תרפ״ו. בספר זה, בסוף המדור „אלה החוקים", מסיק הרב המחבר, כי בנין בית המקדש השלישי ייבנה על־ידי הקב״ה בעצמו ולא על ידי אדם ושמקודם יתכנס בית הדין הגדול (משמעות מיוחדת בכך, בעמדנו כעת לאחר „מלחמת ששת הימים" הנשגבה כשזכינו לירושלים המשוחררת והשלימה, אשר היא כעת בידי ישראל).




המצבה על קברו של הרב אוטרמן זצ״ל.
די מצבה אויפן קבר פון דעם רב אָטערמאַן זצ״ל.

**יוצאי חלציו של הרב אוטרמן:**

בניו: יחיאל אלעזר הי"ד, גדול בתורה וביראת שמים. נדפסו ממנו הגהות והערות לספרי אביו ז"ל; חנוך העניך הי"ד, מושלם בכל המעלות, חתן הרב הגאון ר' משה חיים קליינברג, אב"ד קרעזשאוויטש; ר' מרדכי שלמה, מופלג בתורה, נפטר לפני השואה; ר' אפרים אוטרמן, חותנו ר' יוסף מנחם ווירגין, חסיד מופלג, ממונה כולל ווארשה—פולין בירושלים ומנוחתו כבוד על הר הזיתים.

ר' אפרים זכה להמלט מווארשה בשנת ת"ש, כשהגרמנים כבשו את העיר ושלטו בה, והגיע בשלום לארץ־ישראל. היה גר בתל־אביב, סוחר, הוציא מחדש לאור את „פתח האהל" של אביו הגאון דפולטוסק זצ"ל. לפני שנה חלה ונפטר.

דמותו של הרב אוטרמן, כמרביץ תורה לבני ישיבה צעי־רים וכדואג לשלומם ומצבם האישי הפרטי וכן תיאור אופיו האצילי ותכונתו הנאה במידות ונימוסים, מתוארים היטב מתוך אהדה וחיבה על־ידי הסופר העברי הישיש הידוע צ. ז. וויינברג (גר כעת בתל־מונד), אשר היה אחד מתלמידיו מובהקיו לשעבר (בגוסטינין), — בשני סיפוריו „סליחה" ו„בין גויים"; הראשון — בקובץ ספוריו „שם ופה" והשני — בספרו „אשר עבר". בסיפורו „בין גויים" יודע הסופר הנ"ל לתאר בתיאור לבבי, איך ששופט השלום (בגוסטינין) הרוסי לבדייב ידע להוקיר את הרב ר' „ישובב" המנהיג הדתי של יהודי עיירה זו. היה מבאי ביתו של הרב הזה, משוחח עמו על הוויות העולם ועל שאלות דת ופילוסופיה. שופט רוסי זה ראה בהרב אוטרמן איש ישר דרך, דובר גלויות ללא אבק חניפה, איש הסמל של יהודי נאה ובן המסורת היהודית הקדו־מה. שופט שלום רוסי זה מחסידי אומות העולם, עזר להרב בלימוד הלשון הרוסית וגם תיקן לו שגיאותיו בענוה.

יש לציין, שידיעת השפה הרוסית בדיבור ובכתב, היה אז מן ההכרח התחוקתי לרבנים יהודיים בפולין הרוסית שבימים ההם, אשר היו ממלאים תפקיד רב דתי־רוחני ורב מטעם השלטון כאחד. שלא כבליטא ורוסיה ששני תפקידים אלה נחלקו לשניים; לרב דתי ולרב מטעם, אולם לעתים היה קורה שבכמה עיירות שבפולין הרוסית כיהנו בבת אחת שני רבנים כנ"ל, וזה לרגל תנאי־מצב אישיים ומקומיים. דבר זה קרה גם בפולטוסק כפי שזה מובא בהמשך רשימתנו על „רבנות פולטוסק".

## הרב הגאון ברוך יצחק ישכר הלוי לוינטל



הרב לוינטל היה אחרון שברבני פולטוסק. בן להגאון הצדיק מוה"ר אפרים שרגא זצ"ל בעל שו"ת „חידת אפרים". טרם שמלאו לו 20 שנה, היה גדול בתורה והיה כבר הגון ומוכשר לנהל קהל גדול של עיר גדולה. התחתן עם בת הצדיק ר' שלמה אב"ד דעיר ניישטט (שע"י פלונסק). אחרי תשע שנים שאכל מזונות על שולחן ההורים נתמנה לרב בעיר סקולסק (סמוך לקאליש). שם הגביר חיילים, יום ולילה לא פסק פומיה מגירסא. לימודו בתורה היה בקדושה ובטהרה שלא הכל הבינו את רוב גדלו וכח גבורתו בתורה. בעיר סקולסק כיהן כרב שמונה שנים. אחר־כך נתמנה כאב"ד בעיר בריסק דקוי (סמוך לוולוצלבק) וכיהן שם במשך 13 שנה, ושם הדפיס את ספרו „עטרת ראש" על משניות זרעים. משם עבר לכהן פאר בעיר פולטוסק, ואז הדפיס הספר „זכרון ישכר" ב"ח על משניות מועד.

בעיר פולטוסק היה רב משך שש עשרה שנה (עד לשואה הנאצית), ושם הרביץ תורה למכביר בתלמידים רבים ויצא שמו לתהלה בקרב כל הארץ.

בקיץ האחרון, לפני המלחמה העולמית השניה, הדפיס ספר „ברכת יצחק", חידו"ת על „בראשית" ו„שמות", והיו כבר מכורכים (חומש „ויקרא" היה כבר מסודר בדפוס, ו„במדבר" ו„דברים" היו מסודרות אצלו בכתב יד).

אולם המלחמה האיומה בלבלה את הכל, החריבה את ביתו, וכמובן שגם הספרים ספרי הקודש נפגעו. סבל יסורים נוראים באבדן הדברים היקרים הללו.

בגלל סבל המלחמה נדד אז עם רעיתו הרבנית מעיר פולטוסק, עד שהגיע לווילנא, ששם שכן הגאון רשכבה"ג ר' חיים עוזר זצ"ל. גאון זה בשמעו, כי הרב לוינטל בא לעירו

מיד קיבל את פניו באהבה ובחביבות שאין לתארן, כי הוא ידעו משכבר הימים ע״י ספריו המרובים, והכיר את ערכו וגדולתו בתורה ותמך בו מכל וכל בכל ימי שבתו שמה, שנה וחצי.

אולם היה לו רצון כביר לנסוע לעיר הקודש ירושלים תובב״א, וזה עלה בידו תודות השתדלותו של ש״ב הרב ר׳ יואל זליג זילברברג נ״י.

אחרי נסים מרובים הגיע הרב לוינטל עם רעיתו הרבנית לעיר הקודש (בערב פסח, שנת תש״א).

למרות חולשתו הגדולה, הגדיל לעשות והתחיל כמו מחדש לחדש חידושי תורה, חדשים לבקרים, כי היה הוא כמעיין המתגבר וכמעיין הנובע, שלא פסק מימיו.

נפטר ביום כ״ז באדר, תש״ד. זצ״ל.

(מתוך „דברים אחדים", „פתח דבר", שנכתבה בידי אשת הרב המנוח, הרבנית ברכה חיי שרה לוינטל לספר „ברכת יצחק" שהופיע מחדש בירושלים תש״ו. ע״ה) *.


ספר
ברכת יצחק
על התורה

ספר
שו״ת
ישועות מלכו
כולל
תשובות בעניינים הנוגעים לד׳ חלקי שו״ע

סדור תפלה
צלותא דאברהם
רבנו אברהם זצוק״ל לנדא
שומע תפלה
צלותא
שירותא דצלותא

---

* ראה תמונתה ב„נשים צדקניות".

# רבנים אין פולטוסק

מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן יישוב אין פולטוסק און דער אַנטשטייונג פון דער יידישער קהילה איז דער ערשטער רב געווען ר׳ יהושעלע טרונק, דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער קוטנער גאון. ער איז געווען רב אין פולטוסק נאָר אַ קורצע צייט און נאָך אים איז געקומען דער רב ר׳ אלעזר קאַהן. דער דריטער רב איז געווען ר׳ חנוך זונדל גראַדזענסקי. דעם פּלאַץ פון ר׳ זונדל האָט פאַרנומען ר׳ שמחה הלוי עפּשטיין. ר׳ שמחהלע איז געווען אַ גרויסער לערנער, אַ בקי אין תורה און הלכה, אַ ירא־שמים המסתפק במועט, כמעט נישט געקענט קיין צורת מטבע. ער איז געווען ווייט פון הוויות העולם, דערווייטערט זיך פון קהילישע אינטריגעס און געווען באַליבט דורכן גאַנצן פולטוסקער עולם. ער האָט אָבער נישט געקענט די רוסישע שפּראַך און די צאַרישע מאַכט האָט אים נישט באַשטעטיקט אַלס רב. זי האָט נאָמינירט אין שטאָט דעם רב בעהאַם, וועלכער האָט געשטאַמט פון ליטע און געווען אַ פאָרגעשריטענער און געבילדעטער מענטש. די קהילה אָבער און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז אין איר איבערגעוויגנדיקער מערהייט באַשטאַנען פון חסידים און מתנגדים, האָט אים איגנאָרירט און נישט אַנערקענט. לויט זיין אַמט האָט ער געדאַרפט פירן די עווידענץ פון די יידישע חתונות און געבורטן, אָבער מען האָט זיך צו אים נישט געוואָנדן ער זאָל גיבן חופה וקידושין און בשעת ברית מילה נישט פאַרשריבן ביי אים דעם ניי געבוירענעם. הרב בעהאַם איז געווען פאַראַנטוואָרטלעכט פאַר דער רוסישער מאַכט און אויך נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זיין פרעסטיזש און אין שטאָט האָט זיך אַנטוויקלט אַ ביטערער קאַמף צווישן דעם פרומען און אָפגעשטאַנענעם עולם און דעם געלערנטן און אויפגעקלערטן רב. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז כאָטש ר׳ שמחהלע האָט נישט אָפיציעל געפירט דאָס רבנות אין שטאָט איז ער געשטאַנען פון דער ווייטנס פונעם דאָזיקן קאַמף, אָבער, זייענדיק אַן איידעלער און טיף רעליגיעזער מענטש, געליטן פון דעם בזיון התורה. ווען ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1905, געפינענדיק זיך אויף אַ דאַטשע אין פניעווע (צווישן ווישקאָוו און פולטוסק), האָט הרב בעהאַם רעזיגנירט פון זיין אַמט, נישט וועלנדיק ווידער פונאַנדערוויקלען דעם קאָנפליקט צווישן דעם קאַזיאָנעם רב און דעם עווענטועלן נייעם רב פון דער קהילה, און עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ר׳ חיים משולם קויפמאַן הכהן אָטערמאַן איז אָנגענומען געוואָרן אין פולטוסק אַלס רב אין יאָר 1908; געשטאַמט האָט ער פון פראַגע ביי וואַרשע. ער איז געווען אַ גאון הדור, באַהערשט פולקאָם די רוסישע שפּראַך אין וואָרט און שריפט און איבערגעזעצט אפילו די תהילים אין רוסיש און געווען דער מחבר פונעם ספר „עונג שבת". ער איז געווען אַ געראַער חסיד אָבער מיט אַ מאָדערנעם צוגאַנג צום לעבן. בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן 1915—1918 איז ער זייער געשעצט געווען פון דער מאַכט. בכלל האָט זיין געשטאַלט — אַ ייד מיט אַ הדרת פנים, פון מיטעלן וווקס, מיט אַ טונקל־שאַטינענער באָרד, מיט ווייסע הענטשקעס און אַ צילינדער אויפן קאָפּ, אָנגעטון אין אַ טכוירענעם פוטער און אַ נורקע־קאָלנער, אין גלאַנצעדיקע שטיוול — געוועקט כבוד און אָנזען.

פונעם צווייטן רב ר׳ אלעזר קאָהן האָט געשטאַמט דער מורה הוראה ר׳ הירש נטע כהן, וועלכער איז נפטר געוואָרן צום סוף פון 19טן י"ה. דער צווייטער מורה הוראה איז געווען ר׳ פיישע, אַ וואָרקער חסיד. ער האָט שטענדיק, ביז זיין טיפן עלטער, פאַרברענגט ביים לערנען און מיט זיין הויכן געשטאַלט, ווייסער באָרד און געמיטלעכן הסבר געוועקט צו זיך כבוד און דרך־ארץ. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1913, פרשת בא.

# פאלטוסקער רבנים פאר די לעצטע 100 יאר *

דער גרויסער גאון ר׳ יהושעלע קוטנער (ישעיה טרונק), באַקאַנט אין דער לומדישער חסידישער וועלט, מחבר פון פיל רבנישע ספרים — איידער ער איז געוואָרן רב אין קוטנע איז ער פריער געווען רב אין פולטוסק. געבוירן אין פלאָצק, כסלו תקפ״א (1821). צו 3 יאָר אַריינגעגעבן אים אין חדר און נאָך אין זעלבן „זמן״ אָנגעהויבן לערנען „חומש״. ווען ער איז אַלט געוואָרן 6 יאָר, האָט ער שוין געשריבן חידושי תורה. אַלע אַרומיקע האָבן אים נאָך אַלס קינד באַוואונדערט פאַר זיין ברייטן פאַרשטאַנד און טיפן שכל. אַחוץ זיינע גאונישע פעיקייטן, איז ער נאָך געווען אַ גרויסער מתמיד. צו 13 יאָר געוואָרן אַ יתום. באַשאַנקען מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון, איז ער שוין אין זיין יוגנט געווען בקי אין ש״ס און פוסקים. צו 14 יאָר חתונה געהאַט. 6 יאָר געגעסן „קעסט״ ביי זיינע שוויגער־עלטערן. אין יאָר ת״ר אָנגעקומען אַלס רב אינעם שטעטל שרענסק. אין שרענסק פאַרבליבן ביז ווינטער תר״ז. דאַן געוואָרן רב אין גאָמבין. דאָרט פאַרבליבן 3 יאָר. אין תר״י געוואָרן רב אין וואָרקע. אין יענער צייט שוין געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די גרעסטע גאונים. אין יאָר תרי״ג געוואָרן רב אין פולטוסק. אין פולטוסק איז אים געבוירן געוואָרן זיין איינציקער זון משה פנחס. דאָ פאַרבליבן אַלס רב 8 יאָר צייט. טבת, תרכ״א, ענדגילטיק זיך באַזעצט אין קוטנע און פאַרבליבן ביז צו זיין פטירה.

אין יאָר תר״ל אַרויסגעגעבן זיין באַרימט ספר „ישועות ישראל״. וועגן דעם ספר האָט זיך דער סאָכאַטשעווער גאון אויסגעדריקט, אַז „די וועלט פאַרשטייט גאָר נישט זיין טיפ־קייט, ווייל ער איז באַשטימט פאַר מופלגים, וואָס זייער צאָל איז ווייניק״.

זומער, תרמ״ו, עולה געווען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין שווער דעם גאון, מחבר פון ספר „נפש חיה״, פון קאַליש.

אין תר״ן — מסוכן קראַנק געוואָרן אויפן האַרץ. די דאָק־טוירים האָבן אים געראָטן נישט צו לערנען. ער האָט אָבער זיי נישט געפאָלגט.

זונטיק, פרשת מטות ומסעי, כ״ה תמוז, תרנ״ג, 12 אַ זייגער, מיטאָג־צייט, איז ער נפטר געוואָרן. די גרעסטע גדולי הדור האָבן אים מספיד געווען מיט די ווערטער: „ווי צו דעם דור, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין מנהיג״.

נאָך אים איז געוואָרן ממלא מקום ר׳ אלעזר הכהן, איינער פון די הויפּט־תלמידים פונעם קאָצקער רבין. דער בעל „חידושי הרי״ם״, דער גרינדער פון דער גערער דינאַסטיע — איז געווען זיין חבר. געבוירן אין וואַרשע, אין יאָר 1791 (תקנ״א). צו 13 יאָר איז ער שוין געווען באַקאַנט אין די לומדישע קרייזן ווי אַ גרויסער עילוי, בקי אין ש״ס ופוסקים.

ר׳ אלעזר, כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער גאון, איז קודם געווען אַ חסיד. ער איז געפאָרן צו דריי פאַרשידענע צדיקים: צו ר׳ שמחה בינם פשיסכער, צו ר׳ מענדעלע קאָצקער און שפּעטער צו זיין אַמאָליקן חבר, צום בעל „חידושי הרי״ם״.

ער איז געווען באַרימט אַלס גרויסער חכם. פיל מענטשן פלעגן צו אים קומען און פרעגן עצות אין פאַרשידענע ענינים. ער איז געווען רב אין פאַרשידענע שטעט: אין מאַקאָווע, סאָכאַטשאָוו, 10 יאָר אין פלאָצק און 12 יאָר אין פולטוסק.

ער איז נפטר געוואָרן שבת, כ״א מרחשון, תרמ״ב (1882) אין עלטער פון 91 יאָר.

אגב איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין דער זעלבער צייט פון ר׳ אלעזר, האָט געלעבט איינער פון די אויסגעצייכנטסטע בעלי־תפילות פון זיין דור, באַקאַנט אַלס ר׳ זלמן פולטוסקער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ זיס קול (לויט קענער פון מוזיק, פלעגט ער נעמען די העכסטע טענער). ער פלעגט אויך שפּילן אויף אַ פידל, דערביי איז ער געווען אַ אָנגעזעענער תלמיד־חכם, בקי אין ש״ס ופוסקים. פלעגט לערנען יומם ולילה. מיט פירן דעם מסחר האָט זיך פאַרנומען זיין פרוי. ער פלעגט אויך פאַרפאַסן חסידישע ניגונים צו פאַרשידענע תפילות. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פיל צדיקים פון זיין דור.

נאָך ר׳ אלעזר הכהן איז געוואָרן רב ר׳ שמחהלע **. מיין טאַטע, עליו השלום, פלעגט פיל דערציילן פון זיין לומדות

---

* זע: „רבני פולטוסק״, מ. צינוביץ.

** פאַר אים איז געווען רב: ר׳ חנוך זונדל גראָדזענסקי, אַ „מתנגד״, פון דער ליטע, פון וועלכן פולטוסק, אַלס אַ חסידישע שטאָט, האָט זיך אָפּגעגרענצט אַביסל.

און צדקות. געווען שטאַרק באַליבט אין שטאָט, דערפון דער פאַרצויגענער נאָמען ר׳ שמחהלע.

נאָך ר׳ שמחהלעס פטירה איז אָנגעקומען אַלס שטאָט־רב הרב ר׳ חיים משולם אַטערמאַן קויפמאַן. פון נידעריקן וווקס. געהאַט גרויס אָנזען אין שטאָט, ווייל אַ חוץ זיין בקיאות אין ש״ס ופוסקים האָט ער אויך באַזעסן וועלטלעכן וויסן. באַהערשט גוט די פוילישע שפּראַך. ביים איינשווערן יעדן יאָר די יידישע רעקרוטן פלעגט ער לייענען אַ פרשה פון דער תורה אין דער פוילישער איבערזעצונג. געדאַווענט אין שול און נישט געפאָרן צו קיין רבין. אַלס קינד, געדענק איך, ווי ער פלעגט דאַווענען פאַרן „עמוד״. פאַרמאָגט אַ זיסע קלינגענדיקע שטימע — אים צו הערן דאַווענען איז געווען אַ תענוג רוחני. אין די 20 יאָרן — פלוצעם געשטאָרבן, אין עלטער פון עטלעכע פופציק יאָר. פיל רבנים פון די אַרומיקע שטעט האָבן אים מספיד געווען. אין די הספדים האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער אבידה, וואָס די שטאָט האָט געליטן מיטן פלוצלונג־דיקן טויט פון זייער באַליבטן רב.

דער לעצטער רב אין פולטוסק איז געווען הרב ישכר דב לעווינטאַל. זיין לומדות האָט מען געקאָנט אָראָפּלייענען פון זיין פנים. ער איז געווען טיף באַקאַנט אין ים התלמוד. פרום איז ער געווען אין לשער, און פונקט ווי ער איז געווען בקי אין ש״ס ופוסקים, אַזוי איז ער אין וועלטלעכע ענינים געווען אומבאַקאַנט. אפילו אַ גוייש וואָרט נישט געקאָנט אַרויס־רעדן. אַ טיפּ פון די פאַרצייטיקע רבנים. פאַר זיין קומען קיין פולטוסק איז ער פריער געווען רב אין סקאַלסק (8 יאָר) און אין בריסק (ביי וולאָצלאַוועק, 13 יאָר).

ווען די דייטשן ימ״ש האָבן אַרויסגעיאָגט די פולטוסקער יידן, זענען זיי זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע פאַרוואָרפענע מקומות. דער פולטוסקער רב ר׳ יששכר לעווינטאַל האָט פאַר־וואָגלט אַזש קיין ווילנע. ווען איך בין אָנגעקומען אין 39טן יאָר קיין קובאַ, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון משה גבאי (פייגע די אַלוויניטשקעס זון), ער שרייבט מיר אויסשליסלעך וועגן רב לעווינטאַל, אַז ער געפינט זיך אין אַ שווערן מאַטער־יעלן מצב, און בעט אים צושטיצן.

דער אויסגאַנג פון זיינע וואָגלענישן איז מיר געבליבן אומבאַקאַנט *.

---

* נאָך גרויסע נסים איז הרב ר׳ ברוך יצחק ישכר הלוי לעוונטאל אָנגעקומען מיט זיין פרוי די רביצין, ברכה חיי שרה, קיין ירושלים, ערב פסח, שנת תש״א (1941). טראָץ זיין גרויסע שוואַכ־קייט, האָט ער נאָך אַלץ מחדש געווען חידושי־תורה. זיינע 2 ערשטע ספרים: „עטרת ראש״ און „זכרון ישכר״, האָט ער נאָך זוכה געווען אַרויסצוגעבן אין חוץ לארץ; דעם ערשטן ספר (אויף משניות זרעים) — אין בריסק, דעם 2טן (אויף משניות מועד) — אין פולטוסק. זיין לעצטן ספר „ברכת יצחק״, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען אַליין אַרויסצוגעבן בשלימות, צוליב דער מלחמה, איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אין ירושלים, תש״ו, דורך זיין פרוי, די רביצין ע״ה, וועלכע האָט אַליין געשריבן די הקדמה צום ספר (זע: „רבני פולטוסק״). הרב ישכר לעווינטאַל איז נפטר געוואָרן אין ירושלים, כ״ז אדר, תש״ד. זצ״ל.

## ר׳ צבי הירש הכהן

אַ זון פון באַקאַנטן צדיק ר׳ אלעזר הכהן פון פולטוסק. שוין אין זיין קינדהייט געווען באַקאַנט ווי אַ מענטש מיט אַ שאַרפן מוח. צוזאַמען מיט זיין פאָטער געפאָרן צום רבין ר׳ בונעם פון פשיסכע און שפּעטער — צו ר׳ מענדעלע קאָצקער, וועלכער האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס אַכטונג פאַר זיין לומדות.

ער איז געווען רב אין דעם אָנגעזעענעם יידישן שטעטל זגערש, ווו ער איז געווען באַליבט פאַר זיינע מידות טובות.



**מוצאי״ם, שובי״ם ודמויות של גדולי תורה ויראי אלקים**

**דיינים, שוחטים און געשטאַלטן פון למדנים און גאָטספאַרכטיקע יידן**

משה סרעברא

# הערש־נטע דיין *

ר׳ צבי־נתן בר׳ יחיאל־מיכאל הכהן, אָדער ווי די פולטוס־קער האָבן אים גערופן, הערש־נטע דיין, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1856 (תרט״ז). געווען אַ גרויסער מתמיד נאָך אין זיינע יוגנט־יאָרן, געהאַט אַ שאַרפן מוח צום לערנען און געווען דאָס שיינדל פון דער משפחה. זיינע מורי־דרך האָבן אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט נאָך אויסוואַקסן אַ גדול־בישראל און באַשיינען ערגעץ־ווו אַ כסא של רבנות. ער האָט פרי חתונה געהאַט, ווי מען איז זיך נוהג געווען אין יענע צייטן, אָפּגעזעסן עטלעכע יאָר אויף קעסט און זיך נאָך דערביי מער פאַרטיפט אינעם לערנען. דריי קינדער, איין זון און צוויי טעכטער, האָט זיין פרוי אים געבוירן. שפּעטער, ווען יאַנקעלע דער בכור איז אויסגעוואַקסן, איז ער געווען צום ערשטן רב אין גראַכאָוו און דערנאָך — רב אין וואַרשע.

איז אָבער הערש־נטען נישט באַשערט געווען צו זיצן בשלווה און עוסק זיין אין תורה ועבודה, דער מלאך־המות האָט מיט איינמאָל געגעבן אַ פלאַטער איבער זיין הויז און אַוועקגעריסן פון אים זיין יונגע פרוי. בלייבנדיק מיט 3 פיצלעך יתומים, האָט ער נישט געקאָנט זיך פונאַנדערנעמען. ער האָט צוליב דעם אַ סך געליטן פון ביטול־תורה, וואָס האָט שלעכט געווירקט אויף זיין געזונט־צושטאַנד. בלית־ברירה האָט ער חתונה געהאַט אַ צווייט מאָל און געבוירן נאָך 4 קינדער: 3 זין און 1 טאָכטער.

אין תרמ״ה (1885), אַלט זייענדיק 29 יאָר, איז ער אויפ־גענומען געוואָרן אין פולטוסק אַלס דיין (מורה־הוראה). ס׳איז ביי אים געווען אַן אָפענע שטוב. מענטשן זענען אַריין און אַרויס; ווער מיט אַ שאלה און ווער מיט אַן עצה. אויך איז ער געזעסן און געלערנט מיט 15 בחורים, וואָס ער האָט אויסגעקליבן, צוגרייטנדיק זיי צו היתר־הוראה. 15 יאָר איז ער געווען דיין אין פולטוסק. די יידישע באַפעלקערונג האָט אים גערן געהאַט. ער איז געווען באַליבט אין שטאָט, נישט נאָר פאַר זיין למדנות, נאָר אויך פאַר זיין חכמה.

אין תרנ״ז (1897) איז הערט־נטע קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער מחלה. 3 יאָר אָפּגעקרענקט און אין תר״ס (1900), אין ראש־חודש כסלו, איבערגעגעבן דעם באַשעפער זיין הייליקע נשמה. ס׳איז אויסגעפאַלן אום פרייטיק. זיין ארון האָט מען געטראָגן אין דער שול און ביז נאָך האַלבן טאָג — געמאַכט מיט אים הקפות אַרום דעם בעלעמער ביי אַ געעפנטן ארון־קודש מיט קאַפּיטלעך תהילים און הספדים.

44 יאָר איז ר׳ צבי־נתן ב״ר יחיאל־מיכאל הכהן אַלט געווען, ווען ער איז נפטר געוואָרן און איז באַהאַלטן געוואָרן אויפן פולטוסקער בית־עולם. אויף זיין קבר האָט מען אַוועק־געשטעלט אַן אהל און די יינגלעך, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין דעם חודש פון זיין פטירה, האָבן די עלטערן אַ נאָמען געגעבן נאָך אים, דעם פולטוסקער דיין, ר׳ הערש נטע, זצ״ל.

**משה סרעבראַ**

* וועגן דעם דיין ר׳ יצחק קאַפּעל, זע: „ברוך שמחה פּרוכטנ־בוים", מ. סרעבראַ.

## ר׳ וואווע סיני זאב ליפסקר ובנו, ר׳ שלמה־זלמן

ר׳ וואָווע, יליד פולטוסק, היה אחד מראשוני השו״בים בעיר, אחרי סבו ר׳ יקותיאל, ז״ל. עוד בהיותו בן 18 נתמנה לשוחט. חוץ מזה שהיה חזן כשרוני מאד, ידע גם לנגן בכינור ולחבר מנגינות לדברי תפילה ופזמוני עם. אף אלה שלא מבני ברית כיבדוהו ובאו לשמוע אל רינתו ואל תפילתו. היה מקובל מאד וחביב על אנשי העיר והיה לתפארת הקהילה. איש חסיד גדול היה ובעל מידות נאות. היה גם ידוע כבעל־תפילה בחצר האדמו״ר מגור. נפטר ב־1900.

ר׳ שלמה־זלמן ליפסקר, בנו, שנקרא בפי כל: זלמן שוחט. גם הוא היה למדן וחסיד גדול, אשר הלך בעקבות אביו. היה שוחט, חזן ומוהל ולעיתים גם היה עובר לפני התיבה אצל רבו ה„שפת אמת" ז״ל.

בימים הנוראים היה מתפלל „שחרית" בבית־הכנסת ו„מוסף" — בבית־המדרש. גם הוא כאביו היה מקובל בעיר וחביב על הבריות. איש אציל היה. ידע והבין את דרכי החיים. 31 שנה כיהן כשו״ב בפולטוסק, עיר מולדתו. לפני כן נתמנה



ר׳ שלמה־זלמן ליפסקר שו״ב ז״ל

כשוחט בעיירה מישניץ (מחוז אוסטרולנקה) שם כיהן כ־13 שנה. נולד ב־1866 ונפטר ב־1931.

זכרונם לברכה.

**מפי בני עיר**



## ר׳ וואָווע שוחט און זיין זון, ר׳ שלמה־זלמן

ר׳ וואָווע סיני זאב ליפסקער, געב. אין פולטוסק, איז געווען איינער פון די ערשטע שוחטים אין שטאָט, נאָך זיין זיידן ר׳ יקותיאל ז״ל.

זייענדיק אַלט 18 יאָר האָט אים שוין קהל אויפגענומען אַלס שוחט. אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער חזן, האָט ער אויך געשפּילט פידל און אַליין מחבר געווען ניגונים פאַר תפילות און פאָלקס־מאָטיוון. אפילו קריסטן פלעגן אים שעצן און קומען הערן זיין דאַוונען. ער איז געווען אַ גרויסער חסיד און באַוווסט אַלס אַ מתפלל פאַרן עמוד אינעם גערער הויף. ער איז געווען זײער אָנגענומען אין שטאָט און די פולטוסקער קהילה האָט מיט אים שטאַלצירט. געשט. אין 1900.

ר׳ שלמה־זלמן ליפסקער, זיין זון, וועלכן מ׳האָט אין שטאָט גערופן: זלמן שוחט, אויך ער איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ גרויסער חסיד. געגאַנגען אין די וועגן פון זיין פאָטער, וואָווע. ער איז געווען חזן, שוחט און מוהל, פלעגט פון מאָל צו מאָל אויך דאַוונען אַלס שליח־ציבור ביים „שפת־אמת״ ז״ל.

ימים נוראים פלעגט ער דאַוונען „שחרית״ אין שול און „מוסף״ — אין בית־המדרש. אויך ער, ווי זיין פאָטער וואָווע, איז געווען זייער אָנגענומען און באַליבט ביים פולטוסקער קהל. ער איז געווען אַן אַדל־מענטש. געוווּסט אין פאַרשטאַנען דעם גאַנג פון לעבן. 31 יאָר איז ער געווען שוחט אין זיין געבורט־שטאָט, פולטוסק. פאַר דעם איז ער 13 יאָר געווען שוחט אינעם שטעטל מישיניעץ (אָסטראָלענקער פּאָוויאַט). געב. אין יאָר 1966 און געשט. אין 1931.

כבוד זייער אָנדענק.

**אויפגענומען ביי טאטישע**



ר׳ סיני זאב שו״ב המכונה ר׳ וואָווע פולטוסקער, היה מבעלי־תפילה הידועים בחצר הרבי מגור. היה איסטניס בכל הענינים. ידע דבר דבר על אופנו, אהב את הסדר, הנקיון והטהרה. בצוארון מזוהם ובנעלים לא מוברקות לא יצא החוצה, כמעט לא נמצא רבב על בגדו.

ר׳ וואָווע הפולטוסקאי היה בעל־כח ובעל בשר. חסנו כאלון ואל חכו שופר. כתפיו רחבות, ריאתו בריאה וכולו היה אומר: גבורה. הוא היה מתפלל לפני התיבה בגור ולימי החג היה מביא ניגונים חדשים. אף הטונים הנמוכים שלו היו לשאגות ארי ממש. לפעמים כשהשתמש לקטעי תפילה בניגון ישן נושן וה„עולם״ (הקהל) החל, כמובן, לעזור לו — השתיק את כולם בקולו האדיר והחזק.

בסוף ימיו, וקולו לא נשמע בבואו אל הקודש והדבר הזה הורידוהו דומה ללא עת.

**הובא ע״י מ. צינוביץ**

---

הערה — באַמערקונג: מלבד הכתבות על כמה שו״בים המובאות כאן בספר — לא הגיע לידינו שום חומר נוסף על יתר השו״בים שחיו ופעלו בפולטוסק כמו: ר׳ רפאל, ר׳ יידל, ר׳ מאיר אַפּוזדבער, ר׳ גדליה, ר׳ ישראל־יצחק פוקס ואחרים. משום כך לא נשאר לנו אלא לפרסם את שמותיהם בלבד ועם בני העיר הקוראים הסליחה (המ.).

אחוץ די אַרטיקלען איבער אייניקע פון די שוחטים, וועלכע ווערן דאָ געבראַכט אין בוך — האָבן מיר נישט באַקומען קיין שום צוגאָב־מאַטעריאַל איבער די איבעריקע שוחטים, וועלכע האָבן געלעבט און געווען טעטיק אין פולטוסק ווי: ר׳ רפאל, ר׳ יידל, ר׳ מאיר אַפּאָזדאַווער, ר׳ גדליה, ר׳ ישראל־יצחק פוקס און אַנדערע. דעריבער וועלן מיר זיך מוזן באַנוגענען בלויז מיטן פאַרעפנטלעכן זייערע נעמען און בעטן ביי די בני־עיר, די לייענער, אַנטשולדיקונג (רעד.).

דוד קליגער

# ר' חיים לייב קליגער

**(זון פון דוד מיכאל קליגער ז"ל)**



ר' חיים לייב קליגער האָט געשטאַמט פון פראַשבע. צו 13 יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום. אין דעם עלטער האָט ער שוין געלערנט אין בית המדרש מיט דערוואַקסענע בחורים־תלמידי חכמים גמרא מיט תוספות און מיט זיי דורכגעקנעלט אַ שוורן רמב"ם. שוין דעמאָלט האָט מען אים אין די לומדישע קרייזן גערופן: „דער פראַשבער עילוי". דער באַוווסטער יאַנאָווער רב (און דערנאָך: פולטוסקער) הרב ר' ברוך יצחק ישכר לעווינטאַל, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין קינדער, האָט אים צוגענומען פאַר אַן אייגן קינד און מיט אים געזעסן און געלערנט ביז צו זיין חתונה.

ר' מרדכי שו"ב, אַן אָנגעזעענער גערער חסיד און לאַנג־יאָריקער שוחט אין ווישקאָווע, האָט דורך דער אָנווייזונג פונעם גערער רבין בכבודו ובעצמו, גענומען פאַר אַן איידעם ר' חיים לייבן, וועלכער איז געווען אַ שטענדיקער בן־בית ביים רב לעווינטאַל.

ר' חיים לייב האָט זיך גיך אויסגעלערנט שחיטות און איז געוואָרן איינער פון די הויפּט־שוחטים אין ווישקאָווע.

נאָך דער פּטירה פון אַ געוויסן שוחט אין פולטוסק, איז ר' חיים לייב אָנגענומען געוואָרן אויף זיין אָרט.

ר' חיים לייב האָט געשמט אין פולטוסק פאַר אַ גרויסן חסיד און למדן מופלג. ער האָט געלערנט יעדן טאָג אַ שיעור מיט קינדער און אַלע שבת אין דער פרי מדרש — מיט די בית המדרש יידן. שבת־ראש חודש און ימים נוראים פלעגט ער דאַווענען פאַרן עמוד" מיט אַ כאָר. ער פלעגט אויך האַלטן „דרשות" פאַרן עולם. פרייטיק־צו־נאַכט פלעגט ער דאַווענען אין גערער „שטיבל", ווי אויך אין די וואָכעדיקע טעג.

ער איז געווען איינער פון די אָנפירער פון „אגודת ישראל" אין פולטוסק.



גיטעלע קליגער, די פרוי פון ר' חיים לייב שוחט ז"ל, איז געווען באַוווסט אין פולטוסק מיט איר ערלעכקייט, גוטס־קייט און פרומקייט. איר פאָטער, ר' מאָטל שוחט, איז געווען אַ גרויסער למדן און תלמיד־חכם. איר זיידע, וואָס איז אין גאַנץ וואַרשע געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען, ר' יאָסעלע קאַפּטאַל, האָט געלערנט ביי ר' איטשע מאיר דעם „חידושי הרי"ם (דער ערשטער גערער רבי ז"ל).

גיטעלע קליגער האָט געהאַט די זעלביקע אויפגאַבע אין פולטוסק, וואָס די פרומע חנה באַשע. זי האָט געהאָלפן אָרעמע און שוואַכע, געטראָגן „יאַכלעך" צו קראַנקע, דאָס האַרץ צי־„דערכאַפּן" און אַ בגד צו אַ געפּרוּווירענעם אָרעמאַן. איר פרומקייט איז געווען אין לשער. אין שול איז זי געזעסן ביז צו דער לעצטער „קדושה". אירס בת־יחידה, דינה'טשע, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אין איר פרומען גייסט, איז געווען איינע פון די גרינדערס פון די „בית־יעקב"־שולן און פון די אַרטיקע „אגודה"שע פרויען־טוערינס.

דוד קליגער

## ר' זלמן — ה„בעל־תפילה" מפולטוסק

**מעמודי חסידי קוצק, הרי"ם וצ'כאנוב**

הוא היה למדן מופלג, עמקן ובקי בכל חדרי תורה. בעל־„קבלה" היה, שוחר מדע ותושיה. כל ידיעותיו שאף מתוך הספרים הכשרים, כגון: „צוהר לתיבה", „מאור עינים", „תכונות השמים", „מעשה טוביה" וכדומה. מדקדק היה וידיעה לא מעטה היתה לו בחשבון ותכונה. הוא היה חסיד קוצקאי מן הראשונים ובחיקו היה אומן גם את ספרי המלבי"ם, ביניהם ספר „המשל ומליצה". ספרי החזיון לרמ"ח לוצאטו וכדומה — שעשועים היו לו. אוצר ספרים גדול היה לו, בו ספרים יקרי המציאות וכתבי־יד יקרים. יומם ולילה לא פש פומיה מגירסה והרביץ תורה גם ברבים. התלמידים של ר' יהושע'לה מקוטנה, בעודו רב בפולטוסק, הלכו גם לשמוע את השיעור של ר' זלמן שהיה ידען גדול, היודע תמיד מה להשיב על כל שאלה „מדעית". מחסור לא ידע, חנות מנופקטורה היתה לו, שבה היתה אשתו הסוחרת ופירנסה אותו. בשעתו נחשב ר' זלמן בין מכיריו וחוגי החסידים לאנציקלופדיה בזעיר אנפין.

היה בעל קול נעים וחיבר ניגונים עבור חצרות אדמו"ריים. ידע גם לנגן בכנור וחליל. תפקידו באספקת ניגונים חדשים

לא היה גדול: ניגון אחד לראש־השנה, וניגון לחג השבועות. בעיה זו לא העיקה עליו ביותר, ולא עשה הכנות מרובות לכך. רק כשעתיים לפני נסעו לחצר הצדיק לימים הנוראים ולחג השבועות הרגיש בחובת תפקידו המוסיקלי, כי „עת להפר תורתו ולעשות לה". הוא לא ישב לשלחן הכתיבה ולא קמט את מצחו לרשום את פרי מחשבתו על הנייר בכתב־התוים שהיה זר לו. במקום זה לקח לו מארונו גליון משורטט, ואם היה זה לפני ר"ה רשם עליו בעפרון „היה עם פיפיות", היא התפילה שעליו היה לחבר לו ניגון חדש. ואם לפני השבועות — רשם עליו נגון „אקדמות" (שני דברים אלה היו לנגוני מפתח בתפילת קוצק בשני החגים האמורים). בדרך נסיעתו לרבי חזר ר' זלמן על הנגון מתוך הכתב, ואלה היו עניני חוקו מדי שנה בשנה. נגוניו עשו ברובם רושם והיו מסודרים היטב, סמיטריים והגיוניים.

עם פטירת רבי מנדלי מקוצק המשיך לחבר את נגוניו עבור חצר גור בראשותו של הרי"מ. אך עם פטירתו של הרי"מ מגור נתפרד מן החבורה ובמקום לנסוע לאלכסנדר של ר' העניך, שהיה ממלא מקומו של הרי"מ נסע ר' זלמן לציכאנוב להגאון הצדיק ר' אברהם. בציכאנוב ניטלה מר' זלמן החסידות החריפה והפקחית שינקה מן הסביבה שלו הקודמת. היה עוסק בתורה ובחכמה בחדר עבודתו כעשרים וחמש שנה עד יום פטירתו (בערך תרנ"א; מ. צ.) והיה נחבא אל הכלים, וזולת ה„אקדמות" ו„היה עם פיפיות" שנפוצו מדי שנה בשנה בין חסידי ציכאנוב (ובסוף ימיו גם בין חסידי רבי זאב וולף מסטריקוב, שנסע אליו ר' זלמן, לא כחסיד אלא כידיד) ומשם לכל תפוצות חסידי פולין — לא ידע איש ממנו קטנה או גדולה.

הוא היה צנא מלא ספרי, בקי בש"ס ופוסקים. כאמור ידע ר' זלמן לנגן גם בכלי שיר ואהב להשכיח את עצמו בנגינה, ברם אחרי האסון שקרה לו במות עליו בנו חביב־חייו חדל לתפוש בכלי הניגון, ובמקום זה השקיע עצמו יותר בלמודה של תורה. חוק היה להגאון ר' אברהם מסוכאטשוב ובעודנו יושב על כסא הרבנות באשלסק הסמוכה לפולטוסק, לארח את ר' זלמן מדי שנה בשנה ליום „הניטל" ובשעה שהלומדים מפסיקים מלימוד ור' זלמן הורה לר' אברהם כללי הדיקדוק ומעט חשבון ותכונה, כי ירא היה ר' אברהם ללמוד כללי הדיקדוק מפי הספרים שכולם היו חשודים בעיניו ועם ר' זלמן השתעשע.

למורת רוחו אנוס היה, אחרי פטירת הצדיק מציכאנוב, להתפלל בבית החסידים הגורי שבפולטוסק. אף איש אחד לא היה לו שם, אשר יוכל להחליף עמו דברים. הוא עמד בקרן זוית, ראה ושמע דברים, אף על פי שלא היו לרוחו.

(„השירה והזמרה בחצרות הצדיקים בפולין":
א. נ. בירנבוים, ב„העולם" 1907, גליון 4)

**הובא ע"י משה צינוביץ**

משה צינוביץ

## הנכבד פנחס שמואל זיינוויל כהן מפולטוסק

אביו הרב אברהם הכהן היה מו"צ־ראשון בווארשה וממלא מקום הרב־אב"ד של הקהילה הנ"ל. אבי אביו של פנחס שמואל היה הרב הגאון אלעזר הכהן אב"ד פולטוסק, מאקוב ובסוף ימיו — בסוכאטשוב (ייחדנו עליו מאמר מיוחד ברשימת רבני פולטוסק).

ר' פנחס שמואל זיינוויל כהן קנה לו פירסום גם מחוץ לפולטוסק עיר מגוריו עם חיבור ספר „כוס ישועות" על המסכתות בבא־קמא ושבועות ופירושים יקרי מציאות — להגאון ר' צבי הירש חריף אב"ד האלבערשטאדט. מאה ושמונים שנה היה הכתב־יד הזה של הגאון הנ"ל מונח בקרן זוית עד שבא איש פולטוסק והדפיס אותו בשנת תרס"ב בווארשה.

לספר יקר־ערך זה צירף המוציא־לאור את תולדות הגאון המחבר, מעשה ידי הרב ההיסטוריון ר' צבי יחזקאל מיכלזון אב"ד פלונסק (אח"כ מו"צ קהילתי בווארשה), המכיל חומר חשוב לתולדות הרבנות בפולין לפני מאתים וחמישים שנה. סייע בהדפסת ספר זה האברך המופלג שלשלת היוחסין ר' שאול הניך בן הנגיד החסיד ר' אברהם לייביש ברלינר (חתן הגאון ר' חיים אלעזר וואקס אב"ד קאליש ופיעטרקוב, בעל שו"ת „נפש חיה") — מגזע של המחבר. אברך זה נתפס אחר־כך להשכלה. הצטיין כמתמתיקאי מובהק ומיחידי הסגולה היה בזה: מילא אחר־כך תפקיד של פרופסור למתמטיקה באוני־ברסיטה הווארשאית שבתקופת פולין העצמאית.

ר' פנחס שמואל כהן עסק גם הרבה בהדפסת ספר סבו „חידושי מהראק" הכהן.

## החזן והסופר העברי א. ב. בירנבוים

ר׳ אברהם בער בירנבוים נולד בפולטוסק למשפחת חסידי קוצק. אביו היה יהודי חרד ולמדן. בנו קיבל חינוך חרדי מובהק ב„חדרים״ שבעיירה ובבית חסידי קוצק („שטיבל״) שנהפך אח״כ לבית חסידים גוראי. בגיל י״ז מתחתן. נהיה למשורר של ה„שלחן״ האדמו״רי בגור (אצל מרן ר׳ יהודה לייב בעל ה„שפת אמת״, נכדו של הגאון ר׳ יצחק מאיר בעל „חידושי הרי״ם״, מייסדה של שושלת אדמו״רית זו).

לבו של האברך הצעיר נמשך למוסיקה ויתמסר לכך מקודם בארעי ואחר כך ביותר קביעות. התנהגות זו לא יישרה בעיני חותנו החסיד הקיצוני — ויתן לו גט. בן י״ט שוב מתחתן. התמסר לחזנות ולמוסיקה דתית ובשנת 1890 נהיה לחזן ושוחט בפרושניץ (עיירה מחוזית בפלך פלוצק).

בשנת 1893 עזב את משרתו בפרושניץ ונתמנה בתור חזן ראשי בבית הכנסת המודרני החדש (דייטשע שוהל) שבצ׳נסטוחוב. כאן הוא רואה לפניו עולם חדש ונימוסים אחרים לגמרי. ניתנה לו כאן האפשרות להשתלם במוסיקה, ובהיותו מחונן גם בעט סופרים פרסם מאמרים, מחקרים ורשי־מות מאלפים על נושא זה במאספים עברים ויהודים־גרמנים.

בשנת 1906 פתח אברהם בער בירנבוים בית־ספר לחזנים ולחזנות בצ׳נסטוחוב והתאמץ להשריש בקרב חניכיו חזנות מסורתית ביחד עם השכלה מוסיקאית כללית. ואמנם חונכו אצלו בבית ספר זה עשרות חזנים, שכמה מהם נהיו אפילו זמרים ידועים באופרות שבכרכי אירופה ואמריקה.

אחרי י״ג שנות חזנות נהיה בירנבוים לדרשן בבית־הכנסת ודרשותיו ונאומיו עמדו על גובה ריטורי ותכניתי גבוה. עזרו לו בכך: לימודיו התורניים הבסיסיים שקיבל בצעירות בבית המדרש וה„שטיבל״ הגוראי שבפולטוסק עיר מולדתו וכן שעוריו התורניים ששמע בשעתו מפיו של הרב הגאון ישכר בעריש גרויבארט, עת היותו רב אב״ד בעיירה פרושניץ (לפני שקיבל רבנות שדלץ ואחר כך — רבנות בנדין).

בשנת 1913 התפטר ר׳ אברהם בער ממלוי תפקיד חזן בצ׳נסטוחוב ועבר לגור בלודז. שם המשיך במחקריו בשדה המוסיקה הדתית ואף יסד שם ירחון בשם „חזנים שטימע״ („קול החזנים״). כמה ממחקריו בשדה החזנות פרסם בעתונו הנ״ל ובבמות ספרותיות פריודיות אחרות. ביחוד יש לציין רשימתו רבת ההיקף והתוכן שפירסם בשנת תר״ס בשבועון העברי „העולם״ (שהופיע אז בקלן).

ר׳ אברהם בער בירנבוים נפטר ב־11 לנובמבר 1922 (תרפ״ג) בהיותו במקרה בעיר מגורו הקודם צ׳נסטוחוב. והוא אז רק בן חמישים ושמונה. העתונות היהודית בווארשה („היינט״, „מאמענט״ ועוד) וכן העתונים היידישאים באמריקה פירסמו מאמרי־הערכה לזכרו של חזן מוסיקאי זה, אשר תרם רבות לפיתוח המוסיקה הדתית בישראל.

משה צינוביץ

משה סרעברא

## ר׳ יצחק העלפאנד
### (ראש ישיבה)

פולטוסק האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די חסידישע שטעט אַרום וואַרשע. אין די שבתים האָט מען עס בפירוש געקאָנט זען, ווייל פול זענען דעמאָלט געווען די חסידישע שטיבלעך פון גערער, אַלעקסאַנדערער, ראַדזימינער, אָטוואָצ־קער, אַמשינאָווער, טריסקער און סעראָצקער חסידים מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, סאַמעטענע קאַפּלען, זיידענע גאַרטלען און וואָלענע טליתים מיט זילבערנע עטרות. פרעמד איז זיי געווען דער קאַלטער ליטוויש־מתנגדישער נוסח, סיי אין לערנען סיי אין דאַווענען. אָבער נישט האָבנדיק אין פולטוסק קיין ישיבה לויטן חסידישן שטייגער, האָבן זיי געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיטן פאָלקס־ווערטל, „אַז מ׳קאָן נישט אַריבער מוז מען אַרונטער״ ד.ה. איידער פולטוסק זאָל חס וחלילה בלייבן אינגנצן אָן אַ ישיבה, טאָ זאָל שוין זיין אַ ליטווישע...

עס איז געווען דאַן, ווען אין שטאָטישן בית־המדרש האָט זיך באַוויזן די ערשטע „ראַזוויעדקע״ פון די נאָווארדקער אין געשטאַלט פון אַ יונגערמאַן מיט אַ פּנים איינגעראָמט אין אַ פעציק־שוואַרץ בערדל, אין אַ שוואַרצע שליאַפּע אויפן קאָפּ און אין אַ טונקעלער דריי פערטלדיקע קאַפּאָטע. אויף די ברעטער פונעם בעלעמער, בין מנחה־למעריב, ווען ער האָט אָפּגעהאַלטן זיין ערשטן פייערדיקן דרשה־רעפעראַט, האָט ער גלייך צוגעשמידט צו זיך דעם עולם. פון זיין מויל האָבן זיך געשאָטן אָן אַ שיער מאמרי־חז״ל, משלים מיט נמשלים.

פערלדיקע רייד האָבן זיך געקאָלערט איבערן בית־המדרש, באַגלייט מיט אַ ספּעציפיש סקאַרבאָווען אַנגענומענעם ליטווישן ניגון. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ שוואַרצן פלאַקער פונעם בעלעמער אַראָפּ. פאַרכישופט איז מען געווען סיי פון זיין פּערזענלעכן, אַקוראַטנעם אויסזען, סיי פון זיין אַרט רעדן. מ׳וואָלט אַזוי געשטאַנען און געשטאַנען און נישט מיד געווארן אים צו הערן.

ר׳ הלל וויטקינד איז געווען דער דאָזיקער יונגערמאַן. אַ שליח פון די נאָווארדקער „בית־יוסף״־ישיבות. געוואַנדערט האָט ער איבער שטעט און שטעטלעך, כדי אײַסצוגעפינען מקומות, ווו מ׳קאָן גרינדען ישיבות פאַר דער רעליגיעזער יוגנט, זיי זאָלן נישט ווערן אָפּגעריסן פונעם תורה־קוואַל.

הרב ר׳ הלל וויטקינד, דער היינטיקער ראש־ישיבה פון דער ליטווישער נאָווארדקער מוסר־ישיבה אין תל־אביב, האָט דאַן געוואָרפן די זריעה אויף אַ צעאַקערט און צוגעגרייט פעלד און אין משך פון אַ קורצער צייט איז געגרינדעט געוואָרן אין פולטוסק אַ נאָווארדקער מוסר־ישיבה „בית יוסף״, אויפן נאָמען פון ר׳ יוסף יוזל (הורביץ), דעם באַוווסטן גאון און חכם, דעם גרויסן בעל־מוסר און נאָכפאָלגער פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער.

אַלס ראש־ישיבה איז געשיקט געוואָרן ר׳ יצחק העלפּאַנד, אַדער ווי מ׳האָט אים גערופן אין די נאָווארדקער קרייזן ר׳ יצחק סלאָנימער, לויט זיין געבוירן־שטאָט.

ר׳ יצחק העלפּאַנד איז געווען אַ גרויסער למדן מיט אַן אַנאַליטישן מוח, פול מיט שאַרפזין. מיטן בליק האָט ער דערקענט זיינע תלמידים און געוווסט פון פאַרויס אָפּצושאַצן יעדן איינעם. ער איז געווען איינער פון די געציילטע תלמידי חכמים, מיט וועלכע מ׳האָט זיך גערעכנט אין דער צענטראַלער לייטונג פון די נאָווארדקער ישיבות. ער איז געווען דער שוואָגער פון באַוווסטן ביאַליסטאָקער ראש־ישיבה, הרב הגאון ר׳ אברהם יאָפען און אויך פונעם ראש פון דער נאָווארדקער ישיבה אין וואַרשע, אויף פראַנציסקאַנער, דעם באַקאַנטן רב און גאון ר׳ אברהם מירער.

ר׳ יצחק העלפּאַנד איז געווען זייער אַן ערנסטער מענטש מיט אַ למדנישן שטערן און ברוין־שוואַרצע, האַלב־פאַרחלומטע אויגן. טיף פאַרטראַכט האָט ער אַרומגעשפּאַצירט איבערן בית־המדרש פון וואַנט צו וואַנט, די הענט פאַרשטעקט אין די אַרבל, אַ מאָל פון פאָרנט, ס׳רוב מאָל פון אונטן, אַנבאַלאַנגט פון דער שטימונג און פון די רעיונות, וואָס האָבן אים געעגבערט. איז ער געווען פאַרטראַכט אין לערנען, האָט ער די הענט געהאַלטן פאַרשטעקט פון אונטן, איז ער געווען פאַרנומען מיט צוגרייטן אַ מוסר־שמועס, האָט ער די הענט געהאַלטן אין די אַרבל פון פאָרנט. זיין שאַרפזיניקער מוח האָט אומאויפהערלעך געאַרבעט. גייענדיק איבערן בית־המדרש אַהין און צוריק, האָט ער אין זיין זכרון געמישט מסכתות מיט מפרשים און אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ נישט קלאָרע שטעלע אין איין מסכתא, וואָס איז געווען פונקט דער היפך צו אַן אָרט אין אַ צווייטע מסכתא, אויף וואָס ער האָט געמוזט געפינען אַ תירוץ, ווייל „תורת ד׳ תמימה און יעדער קשיה מוז פאַרענטפערט ווערן...״*.

די שאלות ותשובות, וועלכע ער האָט דורכגעפיבערט אין משך פון עטלעכע שעה, האָט ער יעדן דאָנערשטיק פאַרנאַכט איבערגעחזרט פאַר די העכערע כיתות. וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ קרייז אַרום דעם שטענדער, אויף וועלכן ער איז געווען אָנגעשפּאַרט. דאָס האָט מען גערופן „דער פלפול פון דער וואָך״, ווייל ער האָט געהאַט אַ שייכות צו דער מסכתא, וואָס די ישיבה־בחורים האָבן געלערנט אין משך פון דער וואָך. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט דעם פלפול און אפילו ווען ער איז געווען פאַרקילט, איז ער געקומען מיט אַ טיכל אַרומגעבונדן דעם האַלדז. די תלמידים האָבן פון אַזאַ פלפול „געלעקט די פינגער״, ווייל דאָס האָט געשאַרפט דעם מוח און אויך אָנגערעגט צו אַליין טראַכטן, מחדש צו זיין און זוכן קשיות און זיי צו פאַרענטפערן מיט אייגענע כוחות.

ר׳ יצחק העלפּאַנד האָט זיך אַ גאַנץ יאָר פאַרנומען — בעיקר — מיטן לערנען. זייער ווינציק צייט האָט ער געווידמעט אויף מוסר־שמועסן. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען איבערהויפּט זיין שוואָגער, בערל אַסטראַלענקער, וועלכער איז געווען דער מנהל הישיבה. אַ קליינגעוויקסיקער יידל מיט אַ בייכל און אַ לאַנגער נאָז. קיין גרויסער למדן איז ער נישט געווען, גאָר אַ שוואַכער קענער אין תלמוד, איבערהויפּט פון מפרשים. ער האָט זיך נאָר געגריבלט אין מוסר־ספרים ווי: „מסילת־ישרים״, „חובת־הלבבות״, „שער התשובה לרבנו יונה״ און אין די צען מדרגות־האדם. ער פלעגט דאָס איבערחזרן און אַריינקנעלן אין די מוחות פון די ישיבה־בחורים. זייער אָפט פלעגט ער לויפן „נקיות״, צוריקקומען און זיך לאַנג לאַנג וואַשן די הענט ביים כיור. זיין באַליבט ווערטל איז

* דער ליטווישער נוסח לערנען „אויפן אַרט״ איז מחייב דערצו אַז קיין שום ספק זאָל נישט איבערבלייבן. אגב ווערט געזאָגט, אַז אַ ליטוואַק איז בטבע מער חשדניק און נושטערער ווי למשל, אַ פּיילישער אָדער אַן אַנדערער. זאָל דאָס אפשר זיין צוליב אַגעאָגראַפישן גורם, וואָס ליטע האָט געשטעקט צווישן 2 פאַר איר פאַרדעכטיקע מדינות: דייטשלאַנד און רוסלאַנד, וועלכע האָבן שטענדיק געוואָרפן אַן אויג אויף איר... און ס׳איז אַ כלל אַז אַ חשדניק לאָזט זיך נישט לייכט פאַררעדן. פאָרשט, זוכט און נושטערט אַזוי לאַנג ביז ער דערגרונטעוועט זיך צו עפּעס (רעד.).

געוועז „אַז וואָס איז אַ מענטש? אַ מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ סמעטניק"...

אָבער איין חודש אין יאָר האָט דער ראש־ישיבה, ר׳ יצחק, ממש געפיבערט מיט די געדאַנקען און רייד אין זיינע מוסר־שמועסן און דאָס איז געווען אינעם תשובה־חודש אלול, ווען „אַ פיש אין וואַסער ציטערט". אין דעם חודש פלעגט דער ראש־ישיבה זיך אַריינוואַרפן אין די מוסר־ספרים בלב ונפש און יעדן שבת צו נאַכטס פלעגט ער איינאָרדענען אַ התעוררות־אָוונט פאַר די בני הישיבה אין בית־המדרש. מיט זיין שמועס האָט ער נישט נאָר געוועקט צו תשובה די לעבעדיקע ברואים, נאָר עס האָט זיך געדוכט, אַז אפילו די דוממס אינעם בית־המדרש זאַפּן אַריין ר׳ יצחקס מוסר־רייד, וואָס שניידן ווי מיט מעסערס אַלע רמ"ח איברים.

באַלד נאָך „הבדלה", ווען אַלע מתפללים האָבן פאַרלאָזט דעם בית־המדרש און איינער האָט דעם צווייטן געווונטשן „אַ גוטע וואָך" און עס זענען בלויז געבליבן די בני הישיבה, האָט דער ראש־ישיבה זיך אַוועקגעשטעלט ביים הילצערנעם שטענדער וואָס איז געשטאַנען ביים עמוד, ווו די ברענענדיקע ליכט האָבן באַלויכטן דעם „שויתי" לעבן ארון־קודש מיטן פלושענעם פרוכת. אַרום אים האָבן זיך געטוליעט ווי שעפסן אַלע ישיבה־בחורים מיט די מדריכים און מיטן מנהל. מען האָט אויסגעלאָשן די ברענענדיקע ליכט און די עלעקטרע און אין דער פינצטערניש האָט יעדן באַהערשט אַ מיסטישע שטי־מונג, מען האָט נאָר געפילט דאָס קלאַפּן פונעם אייגענעם האַרצן. יעדער איינער האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע מחשבות אויפן שוועל פונעם נייעם יאָר. פלוצעם האָט דורכגעשניטן די שטילקייט דאָס מאָנאָטאָנע קול פון ר׳ יצחקן, ווי אַ בת־קול פון ווייטן: „איי, איי, איי; איי איי איי איי! החזק במוסר אל תרף"...

ער האָט גערעדט וועגן דער יידישער דת, וואָס די צעבור־שעוועטע כוואַליעס פון בייזן ווילן פאַרשלינגען זי און וועגן דעם ביסעלע מוסר, דער מאָראַלישער דערהייבונג, וואָס איז ווי אַ רעטונגס־שטריק אינעם צעברויזטן ים. און דער רבונו של עולם שרייט צו אונדז: החזק במוסר אל תרף נוצריה, כי היא חייך", און געענדיקט האָט ער אַזוי: דעריבער לאָמיר אויסשרייען מיט אַלע כוחות „אבינו מלכנו חטאנו לפניך!". און פון איבער 80 העלדזער האָבן אויפגעהילכט אין דער שטילער נאַכט „אבינו מלכנו חטאנו לפניך!" די תלמידים האָבן מיטגעזאָגט מיטן דרשן און זייערע קולות זענען געשטיגן העכער און העכער, ביז זיי האָבן אַנגעקלאַפּט אין די הימלשע טויערן...



טראָץ דעם וואָס אפילו די פאַרביסנסטע חסידים האָבן מסכים געווען מיט אַ מוסר־ישיבה, טראַכטנדיק, אַז דאָס לערנען מוסר ברענגט נישט צו קיין זינד און ר׳ משה־חיים לוצאטו האָט נישט געשריבן זיין „חובת הלבבות", כדי מ׳זאָל זיך מיט אים נישט באַנוצן, זענען זיי אָבער נישט געפעלן געוואָרן די משונהדיקע מנהגים פון די ליטוואַקעס; פאַר וואָס זיי טראָגן נישט קיין גאַרטלען בעת דאַווענען; דאָס וואָס אומפאַרהייראַטע בחורים זענען די בעל־תפילות פאַרן עמוד; פאַר וואָס די בעל־תפילות טוען נישט אָן קיין וואָלענעם טלית, נאָר וואַרפן אַרויף אויף די אַקסלען אַ רעקל אָדער אַ פאַלטן; וואָס זיי גייען קורץ געקליידעט מיט „מאַטשעיוווקעס" און געקנעפלט ווי עס לאָזט זיך, אפילו פון לינקס אויף רעכטס און מיט דעם זענען זיי עובר אויף אַ „לאו": „לא תלכו בחוקת הגויים". האָט טאַקע ר׳ יצחק איינמאָל אין אַ פורים באַקומען אַנאָנים אַלס שלח־מנות אַ ברייטן זיידענעם גאַרטל. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס וויל מען אים פון דער חסידישער זייט אויספרווון, ווייל אין קעגנזאַץ צו די חסידים, וואָס טענהן אַז ביי די תפילות דאַרף מען טראָגן אַ גאַרטל, כדי ס׳זאָל זיין אַ מחיצה צווישן האַרץ און דער ערוה, האָט דער ראש־ישיבה ווי יעדער ליטוואַק געהאַלטן, אַז ווער ס׳האָט אַן ערלעך האַרץ, איז זיין גאַנצער קערפער כשר און מ׳דאַרף נישט מאַכן קיין מחיצה; ביי וועמען די ערוה איז געבונדן מיט זינד איז דאָס האַרץ אויך טרייף און אויך אַ גאַרטל וועט גאָר נישט העלפן. פונדעסטוועגן האָט ער דעם אַנאָנימען נדבן צוליב געטאָן און געטראָגן דעם גאַרטל ביים דאַווענען און אַפילו ווען ער האָט שפאַצירט שבת ביי טאָג אויף דער גרעבליע. ער האָט זיך נישט געוואָלט איינרייסן מיט די חסידים־שוטים, סוף סוף איז ער דאָך געווען געבונדן מיט דער שטאָט, וועלכע שטעלט צו „טעג" און נאַכטלעגער פאַר צענדליקער בחורים, וואָס קומען פון דער פרעמד און זענען מקיים דעם „הוה גולה למקום תורה". ווייזט אויס, אַז ר׳ יצחק האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער מימרא „ווילק סיטי אי אָווצאַ צאַלאַ" (דער וואָלף זאַט אין דאָס שעפסל גאַנץ).

היינט, מיטן אומקום פון אַזויפיל יידישע לערנער און גדולי הדור, קאָן מען זאָגן, אַז ר׳ יצחק העלפאַנד איז געווען דער פראָטאָטיפ פון אַ גייסטיקן פירער, באַשאָנקען מיט אַלע מעלות פון אַ יידישן דערציער און וועגווייזער. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן: תורה וגדולה במקום אחד.

ת. נ. צ. ב. ה.

## ברוך שמחה פרוכטענבוים ז״ל

מיט יראת הכבוד און שטאָלץ דערמאָן איך איינעם פון די שענסטע יידן פון אונדזער שטאָט ר׳ ברוך שמחה פרוכטנ־בוים, דעם איידעם פון אברהם־משה גרינבוים, אַ זון פונעם וואַרשעווער מורה־הוראה, הרב שמואל אשר.

ברוך שמחה איז מיר איינגעקריצט אין זכרון. וויפל מאָל איך וויל אים אין מיין געדעכעניש אַוועקשטעלן אין ריי מיט דער „פני" פון אונדזער שטאָט, אַלץ מער וואַקסט ער אויס משכמו ולמעלה. טראָץ דעם, וואָס אין דער ווירקלעכקייט איז ער געווען פון מיטעלן וווקס.

ברוך שמחה איז געווען אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ שוואַר־צער, געדיכטער באָרד, אין וועלכער עס האָבן זיך געזילבערט עטלעכע גראָע האָר, מיט געדיכטע ברעמען, אונטער וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעלויכטן מילדע, סאַמעט־ווייכע אויגן, וואָס האָבן געשמייכלט מיט באַשיידנקייט און האַרציקייט. מען האָט אין אים געפילט אַ פריינד, צו וועלכן מען קאָן זיך באַציען מיט צוטרוי.

ברוך שמחה איז געווען דער שפּיגל פון גערער שטיבל און די חסידים האָבן זיך מיט אים געגרויסט. ער איז אויך געווען אַנגעזען אין דער גאַנצער שטאָט און אַלע אָן אויסנאָם האָבן מיט דרך־ארץ דערמאָנט זיין נאָמען. שטענדיק איז ער געווען ריין אָנגעטאָן, אָפּגעהיטן, לויטן כלל, אַז אַ תלמיד־חכם, ווען ער טראָגט אַ בגד מיט פלעקן איז חייב מיתה. ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן זיין קול. ביי אים איז טאַקע פאַרווירקלעכט געוואָרן די אימרה: „דברי חכמים בנחת נשמ־עין". ער האָט זיך אויך קיינמאָל נישט געבייזערט און געפירט זיך לויטן פסוק: „בשלושה דברים אדם ניכר: בכיסו, בכוסו ובכעסו".

ער איז געווען אַ תלמיד־חכם און געדינט אַלס ביישפּיל פאַר אַלע. געזעסן יום ולילה ביי ש״ס און פוסקים און אויך געפונען צייט זיך צו פאַראינטערעסירן מיט עניני הציבור; געווען דאָזער אין דער קהילה, נישט אָפּגעלאָזט דאָס אויג פון אַלע רעליגיעזע אַנשטאַלטן ווי: חדרים, מקוה אד״ג.

אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, אַוועקגעזעצט זיך גלייך ביים לערנען, נאָך עטלעכע שעה עוסק זײַן אין לימוד־תורה, איז ער אַוועק דאַווענען אין גערער שטיבל. ער האָט נישט געדאַוונט מיטן מנין, נאָר פאַר זיך, ווייל זיין דאַוונען האָט געדויערט פון 9 פרי ביז 3 ביי טאָג. תפילות דאַרף מען מכוון זיין און אין דעם „סדום־בעטל" פון אַ שעה דאַווענען מיטן מנין, קאָן מען נישט מגשים זיין אַלע כוונות. ער איז זיך רויק שעהענ־ווייז געשטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט, זיך לייכט באַוויגן, אַראָפּלאָזנדיק דעם וואַלענעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה איבערן פנים און נישט מיד געוואָרן. ווען ער פלעגט וועמען מסביר זיין אַ שווערע סוגיא אָדער סתם אין אַ שמועס וועגן יידן און יידישקייט, האָבן פון זיין מויל געטריפט ממש פערל. אַזאַ איידלקייט און עלאַסטישקייט פון אַ שפּראַך איז געווען זעלטן צו הערן. האָסט גלייך דערפילט, אַז דאָס זענען רייד פון סאַמע האַרצן און זיי געהערן צו די „דברים היוצאים מן הלב ונכנסים ללב". אויב ער האָט דערפילט למשל, אַז עמעצער בלאָנדזשעט און עס באַהערשן אים ספקות, האָט ער שמייכלנ־דיק און אין אַ גוטמוטיקן טאָן געפּרוווט אים אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג. ער האָט פאַרמאָגט אַ קלאָרן יישוב־הדעת, אַ גראָדן שכל. נישט געווען כמעט קיין איין שווערע דין־תורה, אַז דער פולטוסקער רב, ברוך יצחק ישכר הלוי, זאָל וועלן פסקענען, אַז ברוך שמחה זאָל נישט האָבן אָנטייל גענומען אַלס בורר.

ביי „פאַרהערן" חדר־יינגלעך פון די העכערע יסודי־תורה־כתות, אפילו ישיבה־בחורים, האָט ברוך שמחה פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך צו זיי צו אַראָפּלאָזן פון תלמודישן אָלימפּוס, זיך צופּאַסן צו זייער יוגנטלעכער וועלט, וואָס נישט שטענדיק איז זי אין איינקלאַנג מיטן באַנעם פון די גרויע בערד...

ברוך שמחה האָט נישט געוואָרט ביז אַ פאַרהערטער זאָל פאַרלירן דעם גלייכגעוויכט. ווען ער האָט נאָר דערפילט, אַז אַ פאַרהערטער גייט אַראָפּ פון די רעלסן, האָט ער אים גלייך אַ גלעט געגעבן און מיט אַ שמייכלדיקן פּנים אים אפילו פאַרויסגעלאָפן, כמעט ווי אונטערגעזאָגט, אַזוי אַז דער בחור האָט דערפילט די וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס ברוך שמחה האָט געשאַפן אַרום זיך און ער איז פּאַמעלעך אַרויף אויפן דרך־המלך, דאָס איבריקע איז שוין געגאַנגען ווי אַ מזמור. און קיינער איז פון אים נישט אַרויס, חלילה, אַ פאַרשעמטער אין אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

מיט ברוך שמחהן פלעגן על־פּי־רוב מיטקומען נאָך צוויי פאַרהערער. איינער איז געווען שמואל שמחה ליכטנשטיין, פון די אָנגעזעענסטע בני־תורה אין שטאָט, אַ מאַנופאַקטור־סוחר, אָן אייגנטימער פון איינע פון די שענסטע געשעפטן אין צענטער פון דער פּובליטשנער גאַס, פון די שענסטע בעלי־בתים, סיי אין גערער שטיבל, סיי אין שטאָט, לאַנגיאָריקער דאָזער אין דער יידישער קהילה, געזאָרגט פאַר די שטאָטישע באַדערפעניש. מיט זיין וואָרט האָט מען זיך גערעכנט אין די חסידישע, סוחרישע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן. ער איז געווען באַשיידן, מעסיק, געהאַט אַן אָפענע האַנט, זיך געהאַלטן בכבוד און אויך מכבד געווען דעם צווייטן. ער איז געווען אַ גוטער פאַרהערער פאַר די שאַרפע גמרא־קעפּלעך. ער האָט נישט באַשווערט, אָבער אויך נישט פאַרגרינגט. ער

האָט זיך נישט געאיילט, געהאַט צייט. ער איז געקומען פאַרהערן און הערן, אָבער נישט אונטערזאָגן. אַ פאַרהערער איז נישט קיין מלמד, וואָס טייטלט אונטער. האָסטו געכאַפּט אַ טרעמע, טאָ קום אַליין צו זיך, פּלאָנטער זיך אַרויס אָן קיינעמס הילף...

דער צווייטער איז געווען דער פּולטוסקער מורה־הוראה, ר׳ יצחק קאַפּטיל. מען האָט אים גערופן אין די ישיבות, וווּ ער האָט געלערנט, „איטשע מלאַווער" אָדער „דער מלאַווער עלוי". אַ שאַרפער קאָפּ, אַ למדן־מופלג, גערעדט שנעל, אַפּטמאָל איז אים געווען שווער צו פאַרשטיין וואָס ער וויל. די אויגן ביי אים האָבן געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון די לעכער. נישט נאָר וואָס ער האָט נישט נושא חן געווען אַלס פאַרהערער ביי די גמרא־יינגלעך, נאָר אַפילו אין גערער שטיבל, צווישן גרויסע בערד איז מען נישט געווען שטאַרק נוטה זיך מיט אים מתווכח צו זיין. ער האָט נאָר געזוכט ווי אַזוי צו באַשווערן אַ תלמיד. זיינע פּאות האָבן אויסגעזען ווי שפּרינגפעדערס, ווי שרויפן און ער האָט זיך טאַקע אַריינגעשרויפט מיט שאלות אָן אַ שיעור. האָסטו געענטפערט אויף איינער, האָט ער דיר, תוך כדי דיבור, באַוואָרפן מיט אַ סך אַנדערע, נישט געלאָזט אָפּ־עטעמען. פון אונטער זיינס אַ פאַרהער ביסטו אַרויס ווי אַן אויסגעקוועטשטע לימאָנע. ער פלעגט אָנוואַרפן אַ פּחד אויף די ישיבה־בחורים. יידן פון פּולטוסק האָבן אויסגעמיטן דעם מורה־הוראה און נישט געוואָלט זיך ווענדן צו אים מיט אַ שאלה, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער מחמיר.

זענען געזעסן די ישיבה־בחורים ביי די לאַנגע טישן אין בית־המדרש, די לעצטע אָקאָרדן פון איינחזרן זענען געוואָרן איינגעשטילט. און ווען ס׳זענען אַריינגעקומען די אויבנדערמאָנטע דריי פאַרהערער, האָט יעדער איינער פון די בחורים געבעטן אין דער שטיל, אַ תפילה־בלחש, ער זאָל האָבן דעם זכות אַריינצופאַלן צו דעם איידעלן, גוטהאַרציקן ברוך שמחה פּרוכטנבוים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער איז פון הללס תלמידים.

## משה יוסף געלבאַרד
(דער מנקר)

צווישן חסידים איז באַקאַנט דאָס ווערטל, אַז: „ווען צען אירע ד.ה. אַ מנין יידן פאַרלאַנגען פון אַ ייד ער זאָל יוערן זייער רבי באַקומט דער דאָזיקער מענטש רוח־הקודש". משה יוסף דער מנקר, דעםווישקאָווער רבינס זון, האָט אין דעם געגלייבט ווי אין ביאת המשיח פּונקט ווי אַלע חסידישע

יידן אין זיין צייט. ער איז טאַקע נישט געווען קיין גאָר גרויסער למדן, ווייט ווייט פון אַן עוקר הרים מיט אַ שאַרפן קאָפּ, וואָס ווייסט מחדש צו זיין אין דברי תורה, אָדער אַ בלאַט גמרא מיט תוספות האָט ער געקאָנט, ווייל ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ פרייע צייט איז ער געזעסן און געלערנט אָדער מעיין געווען אין די הייליקע ספרים. געווען אַן אָפּ־געהיטענער אין אַלע תרי״ג מצוות, אָבער געווען פון גאָט געשטראָפט, וואָס איין מצוה האָט ער נישט געקאָנט מקיים זיין, די ערשטע מצוה פון פּריה־ורביה... ער איז נעבעך געווען קינדערלאָז און האָט דערפון שטאַרק געליטן, זיך שטאַרק מצער געווען, טאָג־טעגלעך זיך געפרעגט, צי האָט ער אַמאָל נישט געזינדיקט מיט איינע פון די קליינע עבירה־לעך „שאדם דש בעקביו". ער האָט אין דעם געוואָלט געפינען די סיבה פון זיין אַ „הולך ערירי". טראָץ דעם וואָס ער האָט נישט געפונען קיין שום באַווייז פאַר זיינע פּיינען, דאָך האָט ער זיך פאַרלאָזט אויפן רבונו של עולם, אַז זיינע וועגן זענען גערעכטע...

דעריבער ווען זיין פאָטער זצ״ל, דער ווישקאָווער רבי, איז נפטר געוואָרן און אַ עדה חסידים פון אַלטן ווישקאָווער רבין זענען געקומען צו משה יוספן *, ער זאָל ממלא־מקום זיין דעם פאָטער און ווערן ווישקאָווער רבי, האָט ער אין תחילת אָפּגעזאָגט: „ניין, איך וויל נישט און קאָן נישט און איך טאָר נישט זיין קיין רבי, כ׳בין נאָך נישט מוכשר דערצו, כ׳בין אַליין אַ מוכה־גורל. וואָלט איך ראוי געווען אַ רבי צו זיין, וואָלט פון מיר אַ דור אַרויסגעקומען... זאָל מיין יינגערער ברודער מאָטל (דער פּאָפּאָווער שוחט) ווערן דער ממלא־מקום נאָכן הייליקן פאָטער. ער איז געראָטענער, ער איז מער פּאַסיק און שטייט אַ סך העכער פון מיר, איך וועל אויף אים קיין שום פאַריבל נישט האָבן, אדרבה". די חסידים אָבער זענען געשטאַנען אויף זייעריקן: „ביי אונדז ביסטו שוין רבי, דו ביסט דער עלטערער זון, ס׳וועט זיין ווי דער ציבור פאַרלאַנגט, מזל־טוב, מזל־טוב, רבי!" גלייך האָט מען אַרויסגעצויגן פלעשער בראָנפן מיט פאַרבייסעכץ פון די בוזעמס און מ׳האָט געטרונקען צוזאַמען מיטן רבין לחיים. משה יוסף האָט זיך גוט באַטראַכט, איבערגעלייגט און בדיעבד זיך אויפגעהערט קעגנצושטעלן. געטראַכט, אַז אַן עדה יידן פאַרלאַנגען, וועט ער אפשר קריגן רוח־הקודש און מכפר זיין אויף די חטאים, וואָס ער איז זיכער באַגאַנגען און דער אויבערשטער וועט זיך מרחם זיין אויף אים און באַגליקן

---

* זיין אָפּשטאַם און אָנגעהעריקייט צו דער אין דעם דאָזיקן אַרטיקל דערמאָנטער שטאָט — לויט ווי ס׳איז אָנגעגעבן געוואָרן פונעם אַרטיקל־שרייבער (רעד.).

מיט אַ בן־זכר. ער האָט דערביי אַ טיפן זיפץ געטאָן און געטראַכט: הלוואי! שבת, ביים טיש פירן, משה יוסף זיצט אויבן אָן, אַרום אים — די חסידים, מען זינגט זמירות, מ'איז ממשיך דעם פאָטערס זמר, אַזוי ווי ביי אַלע רביים. ווען ער האָט אָבער געוואָלט תורה זאָגן, עפּעס מחדש זיין, אייגנס אַרויסברענגען, האָט זיך אים דער שטערן באַגאָסן מיט שווייס, דאָס פּנים איז מיט בלוט פאַרלאָפן, אין האַלדז האָט געקרעלט, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס קול ווערט ביי אים דער־שטיקט. בלויז איינצלנע ווערטער האָבן זיך אַרויסגעריסן „או וויי, טאַטע פאָטער", טרערן האָבן אים געשטיקט, ער האָט געוואָלט זיך אויסוויינען פאַרן עולם. דער קאָפּ זיינער האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אויפן ראַנד פון טיש. אַזוי אָנ־געשפּאַנטערהייט האָבן זיך אין מוח ביי אים געפּלאָנטערט נישט דערגאַנצטע מחשבות. די געשפּאַנטקייט ביי אים האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט און ס'האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן אין די שלייפן. ער האָט צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַרומ־געקוקט די טיש־זיצערס, עלטערע יידן מיט גרויע בערד, דעם פאָטערס חסידים און ער אַ יונגערמאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד, ער וועט זיי געבן אַ דרך? צי האָב איך שוין דעם דרך פאַר זיך אַליין געפונען? האָט ביי אים דער מוח געשפּי־גען: איך, אַ קליינטשיק שרייפּעלע, וועל זיין בכוח צו באַוועגן זקנים, זיי זאָלן גיין אין ריכטיקן וועג, ווען איך אַליין שטיי אויפן קרייץ־וועג, אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד?...

„רבותי", האָט ער אָנגעהויבן, „די אַלע וואָס האָבן אַמאָל תורה געהערט ביים טאַטנס טיש, קאָנען מיר פאַרשטיין, אַז וואָס איך זאָל נישט זאָגן, וועל איך גאַרנישט מחדש זיין. קעגן דעם טאַטנס תורה־זאָגן, וועט עס ביי מיר אַרויסקומען צו בלאָס, וויל איך נישט דעריבער דעם פאָטער פאַרשעמען און כ'וועל היינט קיין תורה נישט זאָגן. איין זאַך דאַרפט איר וויסן: איר זאָלט זיך שטאַרקן קעגן יצר־הרע, וועלכער וווינט אין אונדז, פאַרשטעלט אים אַלע טומאהדיקע וועגן, ווייל ער וויקלט זיך איין אין אַ קדושה־מאַנטל און וויל פאַר־פירן אין שאול־תחתיה, זאָל דער זכות פון מיין פאָטער מגין זיין ובא לציון גואל במהרה בימינו אמן".

אַ גאַנצע וואָך האָבן די חסידים „געלעקט די פינגער" און איבערגעזאָגט דעם רבינס תורה, אָבער דער רבי, משה־יוסף, אַליין האָט כמעט די גאַנצע וואָך נישט געגעסן, נישט געטרונקען, זיך געפּייניקט, אַז ער איז נישט ראוי צו זיין אַ רבי איבער אַן עדה, וואָס שטייט העכער פון אים... ער האָט געמיינט, אַז ער וועט באַקומען רוח־הקודש, ער וועט קאָנען עפּעס מחדש זיין, זאָגן סתרי־תורה. ווייזט אויס, אַז רוח־הקודש „לא בשמים הוא", דאָס קריגט מען נישט ווי אַ געשאַנק. אויף צו באַקומען רוח־הקודש דאַרף מען אַליין אַרבעטן איבער זיך, מאַטערן זיך פון קינדווייז אויף, דאָס גייט נישט איבער בירושה, ער האָט פאַרשפּעטיקט, אָן רוח־הקודש וועט ער קיין רבי נישט זיין. ער וועט וואַרפן דאָס רביסטווע, ער וויל ערלעך און אויפריכטיקייט זיין פאַרן רבון־עולמים, פאַר די גרויע זקנים און פאַרן פאָטערס כבוד...

משה־יוסף איז, אַנשטאָט רבי, אַליין געוואָרן אַ חסיד פון אַ רבין, טראָץ דעם, וואָס ער איז צו אים קיינמאָל נישט געפאָרן — ער איז געוואָרן אַ בראַסלאַווער חסיד, איינער פון די טויטע־חסידים, וועלכע האָבן זיך פאַרבונדן מיט זייער רבין אויף עולם־ועד. טאָג־טעגלעך איז ער געווען פאַרטיפט אין „לקוטי־מהרן" פון ר' נחמן בראַסלאַווער. דער עיקר איז אים געפעלן געוואָרן די שטעלע אין לקוטי־מהרן, ווו ר' נחמן שרייבט „געוואָלד יידן, זייט זיך נישט מיאש, ביי די פאות וועל איך אייך אַרויסשלעפּן פון גיהנום און אַריינפירן אין גן־עדן". ווען ער האָט נאָר געהאַט פרייע צייט איז ער געזעסן אין אומאַנער שטיבל צוזאַמען מיט יחיאל מוכר ספרים און — יבדל־לחיים — מיטן רב משה בורשטיין (משה רוזשאַנער), וועלכער איז איצט איינער פון די זיילן פון בראַסלאַווער חסידות אין ירושלים. שעהענווייז פלעגן זיי אָפּזיצן, זיך אויסטאָן פון גשמיות און מיט „כל עצמותי תאמרנה" אויסטאַנצן דעם „וטהר לבנו לעבדך באמת" ביז הייזעריקייט און אין אַ יומא דפגרא פלעגט ר' משה־יוסף איבערדרייען דעם פוטער מיטן פעלץ אַרויף און זיך משמח זיין מיט זיינע אומאַנער חסידים אין אַ התלהבותדיקן טאַנץ עד אור הבוקר, ווען מ'איז שוין געגאַנגען צו שחרית.

האָבן טאַקע ערלעכע יידן געזאָגט אויף ר' משה־יוספן, אַז אַזאַ פלאַמיקער חסיד ווי ער, שטייט טיילמאָל פיל העכער און שטייגט אַריבער נישט איינעם פון די חסידישע רביים אין פוילן, אונגאַרן אָדער רומעניע.

## ר' משה יוסף ר' שמחהלעס

ר' משה יוסף עפּשטיין — דעם פּולטוסקער רב ר' שמחה־לעס זון, איז געווען פאַרצייכנט אין דער רשימה פון די יידן, וואָס זייער גאַנץ לעבן, פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת האָבן זיי נאָר געזאַמלט מצוות, כדי איבער 120 יאָר אָנקומען אויף יענער וועלט מיט אַזאַ פּאַק מעשים־טובים, אַז אויב די פמליה של מעלה וועט הערן דעם קטיגור און וועלן זיי פאַר־מינערן, געפינענדיק אין אַ טייל פון זיי אַ שמץ של גאווה אָדער דאָס עובר זיין אויף ביטול־תורה — זאָל נאָך סטייען אויף אַנצוקומען אין גן־עדן.

טאָג־טעגלעך גאַנץ פרי האָט מען משה יוסף געטראָפן איילן זיך אין גערער שטיבל. ער איז געגאַנגען קוים אָנרירנ־דיק דעם שטיינערנעם ברוק און ער האָט געשפּאַנט נישט אויפן טראָטואַר נאָר אויפן מיטן גאַס, כדי ער זאָל אַמאָל נישט דאַרפן דורכגיין צווישן צוויי פרויען.

יעדן טאָג איז ער געשטאַנען, דאָס שוואַכע יידעלע, ביים ארון־הקודש מיט דבקות, שעהען לאַנג, איינגעוויקלט אין וואָלענעם טלית און מכוון געווען יעדעס וואָרט. ער האָט קיינמאָל נישט געדאַוונט מיטן מנין, נאָר פאַר זיך, אַ חוץ שבתים און ימים טובים. אין מיטן דאַוונען, נאָך שמונה־עשרה, פלעגט ער אַריינקוקן אין אַ ספר. אַז ער איז שטאַרק מיד געוואָרן, האָט ער זיך צוגעזעצט אויף אַ מינוט אויף דער שפּיץ באַנק און באַלד אויפגעשריגען ווי געביסן פון אַ שלאַנג, דערמאָנענדיק זיך, אַז דאָס איז שוין צופיל תענוג.

משה יוסף איז געווען אַ לעבעדיקער שולחן־ערוך, אַלע זיינע מעשים זענען געווען אויסגערעכנט על פי דין, ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ קוצו של יוד, הונדערט מאָל נאָכגע־טראַכט צי ער גייט נישט אַמאָל אַראָפּ פונעם גלייכן וועג, אַ מחמיר פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינד, אָבער לגבי אַנדערע איז ער זיך באַגאַנגען לפנים משורת הדין און חס וחלילה נישט חושד געווען, אַז ס׳קאָן זיך געפינען אַ ייד מיט שלעכטע כוונות. ס׳איז אַ ספק צי ער האָט זיך געקענט אויף אַ צורת מטבעה, ווייל ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַנוצט מיט קיין געלט און אויב ער האָט געדאַרפט באַצאָלן דעם אַלטן מאָטל גבאי פאַר אַן עליה, וואָס ער האָט מנדר געווען, האָט אים די טאָכטער איינגעוויקלט די מטבעות אין אַ פּאַפּירל און ער איז בלויז געווען דער שליח, וועלכער האָט עס איבערגעגעבן בצנעה דעם גבאי, אַריינגעשטעקט אים אין האַנט אַריין ערגעץ אין אַ ווינקל, זיך אויסהיטנדיק נישט צו געבן בפרהסיה, ווייל אין דעם איז שוין פאַראַן אַ שמץ פון גאווה.

משה יוסף איז געווען אַ גרויסער שווייגער, זעלטן ווען האָט מען אים געהערט רעדן. צוליב דעם פּחד פון אַן איבריק וואָרט איז ער אָפּגעקומען בלויז מיט אַ שנוי־צורה, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַ באַוועג מיטן פּנים און אַז ער האָט שוין יאָ גע־מוזט אַרויסרעדן אַ וואָרט, האָט ער דאָס געטאָן מיט האַלב געשלאָסענע אויגן, ווייל אָפענע אויגן ברענגען צו באַגער און מיט דעם איז מען עובר אויף לא תחמוד. איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס דאָס קליינע שוואַכע יידעלע האָט געקאָנט בייקומען אַזאַ ריז ווי ס׳איז דער יצר־הרע, וועלכער האָט אויף אים, משה יוספן, נישט געהאַט קיין שליטה.

אין 1922—1923 (תרפ״ג), ווען די יידישע קהילה אין פולטוסק האָט באַשלאָסן אויפפרישן די שול און צו בויען אַ בנין פאַר דעם חדר „יסודי התורה״, פאַר „לינת הצדק״ אא״וו און מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך געלט, האָט משה־יוסף יעדן מאָל איבערגעריסן פרי דאָס דאַוונען און מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם אַרומגעלאָפן צו די יידישע סוחרים, אַרויסגעשלעפּט זיי פון אונטערן טאָמבאַנק, אפילו אין אַ מאַרק־טאָג, און צוזאַמען מיט זיי אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט צו זאַמלען געלט פאַרן הייליקן צוועק אויפצר־שטעלן אַ הויז פאַר די תינוקות של בית רבן. צוליב זיין כבוד האָבן די סוחרים זיך נישט אָפּגעזאָגט און די אַקציע איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

אין תרפ״ד (1924) איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית פונעם שיינעם בנין צוזאַמען מיטן אויפפרישן די שול און די גאַנצע שטאָט האָט זיך משמח געווען מיט איינע פון די גע־וואַגסטע טאָטן, וואָס די יידישע באַפעלקערונג, אָן אונטער־שייד פון קלאַס און ריכטונג, האָט אַדורכגעפירט.

אַלס ביישפּיל מיט וואָס פאַר אַ מידות טובות עס האָט זיך אויסגעצייכנט משה־יוסף, קאָן דינען זיין פירן זיך בשעת דער פּטירה פון זיין מוטער, די אַלטע רביצן. דאָס איז געווען יום־טוב סוכות, אין די צוואַנציקער יאָרן. ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די טרויעריקע ידיעה, בין איך ווי אַנדערע געלאָפן אין דער שטוב צו זאָגן אַ פּרק תהילים. משה־יוסף איז געשטאַ־נען ביים פענצטער און אַריינגעקוקט אין „מעבר־יבוק״. ביי דער רביצינס בעט איז געשטאַנען איר טאָכטער. ער האָט איר נישט געלאָזט וויינען ביז מען האָט נישט פעסטגעשטעלט די יציאת הנשמה דורך צורוקן אַ פעדערל צו דער נאָז פון דער פאַרשטאָרבענער. ערשט דאַן האָט ער מתיר געווען און צו־געגעבן: „ה׳ נתן וה׳ לקח, יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם״.

## ר׳ יחיאל מוכר־ספרים ז״ל

יחיאל סגריזעק אָדער ווי מען האָט אים גערופן יחיאל מוכר־ספרים. צוליב דעם וואָס ער האָט געהאַנדלט מיט יידישע רעליגיעזע ספרים, און די מערהייט פון דער פולטוסקער יידישער באַפעלקערונג האָט אפילו נישט געוווסט זיין פאַ־מיליען נאָמען, איז געווען אַ קבצן אין זיבן פאָלעס. ער איז געווען אַזוי צוזאַמענגעוואַקסן מיטן אַלטן בית־המדרש, ביז ער איז געוואָרן אַ טייל פון זיין אינווענטאַר. דאָס אויג איז געווען צוגעוווינט צו טרעפן טאָג טעגלעך ר׳ יחיאל מוכר־ספרים אַן איינגעהילטן אין טלית און תפילין האַרט ביים אַריינגאַנג, ביים ברעג פון הילצערנעם טיש, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אויסגעשפּרייט זיין „קראָם״: סדורים, מחזורים, חומשים, בינטלעך ציצית און נאָך אַנדערע תשמישי־קדושה

ווי אויך מעשה־ביכלעך פון חסידישע רביים, ווי שבחי בעל־שם־טוב, פון ראפשיצער, פון אר״י הקדוש, פון שפאָלער זיידן, פון ר׳ נחמן מברסלב א״א.

אויסערלעך האָט ער זיך נישט אויסגעטיילט פון אַנדערע יידן אין שטעטל, געהאַט אַ באָרד מיט פאות און געטראָגן לאַנגע מלבושים, געקנעפלט פון רעכטס אויף לינקס, אַ גרויסן ווייסן טלית־קטן מיט שוואַרצע פאַסן אין דער ברייט און לאַנגע כפל־שמונהדיקע ציצית, וואָס זענען אַריבערגעהאַנגען נידעריקער פון די קניען און האָבן זיך געבאָמבלט אויף די האַמבורסקע כאַלעוועס פון די שטיוול, וועלכע ער האָט געטראָגן יאָרן־לאַנג. די באָרד האָט זיך ביי אים געטיילט אין 4—5 טיילן, קיין קאַם איז איבער איר נישט אַדורכגעגאַנגען. ווען ער וואָלט ביים לערנען איר נישט אַריינגעכאַפּט אין דער דלאָניע, וואָלטן מיט דער צייט ביי אים אויסגעוואַקסן עטלעכע בערד. דאָס ווייסע העמד מיטן קאָלנער זענען געווען ביי אים צעכראַסטעטע, די האָריק־באַוואַקסענע ברוסט האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער שוואַרצער, מיט זילבערנע פעדעם דורכגעוואָרפענער באָרד. טייל יידן אין שטאָט האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ מרה־שחורהניק און דאָס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס ער פלעגט אָפטמאָל זיך אויסטאָן פון דער גשמיותדיקער וועלט און אַריין אין רוחניות, אין אַן אויסגעטרוימטער דורך אים ליכטיקייט, אין אַ גייסטיקער אַטמאָספער, צו וועלכער נישט יעדער איז זוכה.

תמיד איז יחיאל געווען פאַרטראַכט אין דברים העומדים ברומו של עולם, תכלית הבריאה, מידת הרחמים און מידת הדין, גיהנום און גן־עדן, מעשי מרכבה; ער האָט געוואַנדערט אין פרדס און נישט פאַרבלאָנדזשעט, ער איז אַרויס פון קבלה־לאַבירינט מיט אַ ארבעה וחמישהדיקער אמונה אין ביאת המשיח במהרה בימינו, מיט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו ארץ־ישראל, וועלכע שטייט אין סאַמע מיטן וועלט, געוואַרט און געהאָפט יעדן טאָג, עס זאָל קומען די גאולה פאַרן פאָלק ישראל.

אַ פאַרשוויצטער אין זומערדיקע חמימהס, אַן אויסגעווייקטער פון רעגן אין האַרבסטיקע טעג, אַן אויפגעשווידערטער פון קעלט און פראָסט אין ווינטער, פלעגט ער זיך איילן אין די פאַרטאָגן מיט זיין אָרעם פעקל ספרים אין בית־המדרש אַריין, זיך איינהילן אין טלית און תפילין, דאַווענען לאַנג און נישט אויסטוענדיק פון זיך דעם טלית — ממשיך זיין מיט ש״ס און פוסקים; אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער קאָן מער ווי האַלב ש״ס פון אויסנווייניק. קיינמאָל זיך נישט געבייזערט, שטענדיק האָט אַ זיס שמייכעלע גערוט אויף זיין פנים. אַזוי איז ער אָפגעשטאַנען פון פאַרטאָג ביז 2—3 אַזייגער ביים ברעג טיש, פאַרטאָן אין תורה און תפילה. איז צוגעקומען אַ קונה און געגעבן צו לייזן פאַר אַ סדורל, אַ חומשל אָדער אַ בינטל ציצית, איז גוט, האָט מען אים נישט געגעבן צו לייזן פאַר אַ מעשה־ביכל, נאָר בלויז דורכגעלייענט אַן געלט, איז אויך געווען גוט, אַבי מען האָט עס אים נאָר איבערגעלאָזט און נישט אַוועקגעשלעפט אין ערגעץ... פון עשירות איז ער געווען ווייט, ס׳גאַנצע לעבן אַן עני ואביון, ווייל וואָס מ׳שטיינס געזאָגט האָט יחיאל מוכר־ספרים געדאַרפט? געוווינט אין אַ פינצטער שטיבל, אַז ער איז אין שטוב אַריין דורך דער טיר איז די זון אַנטלאָפן דורכן פענצטער. עסן איז ביי אים נישט געווען קיין ווערט, אַבי די נשמה צו דערהאַלטן, פון מלבושים האָט ער נישט געטראַכט. די שבתדיקע אַטלאַסענע קאַפּאָטע האָט ער געטראָגן נאָך פון דער חתונה. ער האָט זיך מיט דער קאַפּאָטע נישט געשעמט, ער האָט זי געטראָגן בכבוד גדול, אַרומגעוויקלט מיט אַ ברייטן זיידענעם גאַרטל. דער עיקר איז דאָך נישט די זיידענע שבתדיקע קאַפּאָטע, נאָר די נשמה־יתירה און זי מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן דעם וואָס טראָגט אַ גאַנצע אָדער אַ צעריסענע קאַפּאָטע.

דאָס צעקנייטשטע סאַמעטענע היטל האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרלוירן די נאַטירלעכע פאַרב, דערפאַר דאָס פנים, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער שוואַרצער גרוילעכער באָרד און פאות, האָט שבת, נאָכן טובל זיין זיך אין דער מקוה, אַרויסגעלויכטן ביי אים מיט הייליקייט. אויך דער טלית מיט דער זילבערנער עטרה האָט ער געטראָגן פון דער חתונה אָן, שבת און אין דער וואָכן. איז טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס ער איז געווען אַ ביסל אויסגעשוויטסט און פאַרגעלט און פון דער זילבערנער עטרה האָט שוין געפעלט מער ווי אַ העלפט. דערפאַר זענען די ציצית פון טלית תמיד געווען ווייס, ווייל ער האָט זיי בכוונה אַלע מאָל געביטן, וויקלענדיק דעם וואָלענעם שמש פון קניפל צו קניפל.

יחיאל האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעלע באַדערפענישן און שטרעבונגען. ס׳האָט אויסגעזען אַז ער באַגרייפט נישט אפילו אַז מ׳דאַרף עפעס פאָדערן פון לעבן. פאַרקערט: ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז גאָר אַ עושר — „איזהו עשיר השמח בחלקו״ און זיך טאַקע באַנוגנט מיט דעם חלק וואָס איז אים צוגעפאַלן אויף דער וועלט. צופרידנשטעלן די קערפערלעכע באַדערפענישן איז ביי אים געווען אַ טפל, דער עיקר איז די נשמה, איז ער טאַקע געזעסן על התורה ועל העבודה דאָס גאַנצע לעבן, ביי טאָג און ביי נאַכט — אַרויס פון טלית אַריין אין ים־תלמוד — ער האָט נאָר געמאַכט אַ שטיקל הפסקה עטלעכע שעה יעדע נאַכט, כדי צו דערפרישן די כוחות.

ווער ס׳האָט אים געהערט טאָג־טעגלעך אויסזינגען ביים דאַוונען מיט אַ ספּעציפישער צוגעפּאַסטער מעלאָדיע דעם פּסוק אין „אשרי״: „פּו־ת־ח א־ת י־די־ך ו־מ־שבי־ע ל־כ־ל ח־י ר־צ־ו־ן״, האָט זיך ממש פאַרגעשטעלט ווי דער רבש״ע בכבודו ובעצמו טיילט איין מיט זיין ברייטער האַנט אַלע ברואים די טאָג־טעגלעכע שפּייז.

יחיאל איז נישט געפאָרן אפילו צו קיין רביים, נאָר זיך אויסגעקליבן אַלס רבין ר׳ נחמן בראַסלאַווער ע״ה, געוואָרן איינער פון די בראַסלאַווער חסידים, אָדער ווי מ׳האָט זיי גערופן: „די טויטע חסידים״, געלערנט מיט זיי אין אומאַנער שטיבל לקוטי־מהרן. ער פלעגט זאָגן, אַז פון יעדן וואָרט אין „לקוטי־מהרן״ שטראַלן אַרויס טויזנטער זונען, וואָס באַלייכטן די יידישע אייביקייט. בשעת־מעשה האָט זיין פּנים געשטראַלט און אַנגעשטעקט די צוהערער, וועלכע האָבן געשלונגען פון זיין אמונה מיט דערהויבנקייט און נשמה־יתירה. און ווען זיי האָבן פאַרענדיקט מיט אַ צוויי שעהדיקן טאַנץ, איז פון זיי אַוועק דאָס לעצטע ביסל גשמיות און זיי האָבן געשפּאַנט אין אַ ליכטיקער וועלט פון בלויז רוחניות.

שבת ביי טאָג נאָכן אָפּעסן דעם מאָגערן טשאָלנט און צושפּאַרן זיך אויף אַ שעה, בבחינת „שינה בשבת תענוג״, איז ער אַוועק אין בית־המדרש, ווו עס האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ עדה יידן, פאַר וועלכע ער פלעגט לערנען די פּרשה פון דער וואָך. עמך־יידן, בעלי־מלאכות און קלייטניקעס, וועלכע זענען פאַרהאַוועט אַ גאַנצע וואָך און האָבן נישט קיין צייט אַליין דורכצואַקערן דאָס שטיקל חומש מיט רש״י, זענען שבת ביי טאָג געקומען אין בית־המדרש אַריינכאַפּן אַ „יידיש וואָרט״. זיי פלעגן זיך אויסזעצן ביים לאַנגן טיש וואָס אונטערן בעלעמער און יחיאל מוכר־ספרים צווישן זיי. די יידן ביים און אַרום טיש האָבן זיך איינגעהערט מיט התפעלות, ווען יחיאל האָט אָנגעהויבן אויסצוטייטשן די סדרה פון דער וואָך מיט פּשוטן פּשט, צופּוצנדיק מיט אַ משל, וואָס האָט געדאַרפט איינפלאַנצן ביי די צוהערער גוטע מידות. נישט שטענדיק איז דער עולם געווען אויפגעמונטערט פון יחיאלס משלים, זיי זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ טיפן טרויער, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן ווי אַזוי די שונאי־ישראל, די ערלים האָבן געכאַפּט ר׳ חנינה בן טרדיון, אים געוואָרפן אויפן שייטער הויפן און ווען די פלאַמען האָבן אים אַרומגענומען האָבן די רוצחים אים געלייגט אויפן האַרצן איינגענעצטע שטיקער וואָל, צו פאַרלענגערן זיינע יסורים; אָדער ווי אַזוי די רוימער די רשעים האָבן געכאַפּט דעם תנא ר׳ עקיבא, אויסגעריסן ביי אים די באָרד, אויסגעדרייט די פינגער, אויפגעהאָנגען ביי די פּאות, אויסגעטאָן נאַקעט און געקעמט זיין הייליק לייב מיט אָנגעגליטע אייזערנע קאַמען. און ווען ער האָט געשילדערט די ליידן וואָס די גויים האָבן פאַרשאַפט די יידן אין אַלע דורות און אין אַלע צייטן, האָבן זיך ביי אים צעפינקלט די אויגן מיט אַ שאַרפן גלאַנץ, די פאַנטאַזיע האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן און ער האָט געטרייסט זיינע צוהערער, אַז נישט שטענדיק וועלן די גויים פייניקן די יידן. ס׳איז שוין נישט ווייט די צייט ווען משיח וועט אויסלייזן דאָס פאָלק ישראל און יידן וועלן זיך מחנותווייז לאָזן קיין ארץ־ישראל. די גויים וועלן זיי מקנא זיין, ביי יעדער ציצה וועלן זיך אָנכאַפּן זיבן ערלים און זיי וועלן בעטן זיך, אַז מ׳זאָל אויך זיי מיטנעמען קיין ארץ־ישראל. אָבער עס וועט זיי גאָרנישט העלפן, זיי וועלן מוזן בלייבן אין גלות. איינער וועט וואַרפן די שולד אויפן צווייטן, אַז ער האָט געפייניקט די יידן און זיי וועלן זיך איינער דעם אַנדערן דורס זיין. און ער האָט פאַרענדיקט, אַז נאָך ביאת המשיח, ווען אַ ייד וועט אַמאָל אַרויספאָרן פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ, וועלן אים די גויים דערזען, אַרומרינגלען אים, אַרויפזעצן אויף אַ גאָלדענער שטול און אַלע וועלן אויסשרייען: „זשידעק זאָג חכמות״...

אָט אַזוי האָט זיך דער תמימותדיקער יחיאל מוכר־ספרים פאָרגעשטעלט די נקמה אין די גויים. מיט גלויבן און טרייסט האָט ער אָנגעשטעקט די הערצער פון זיינע צוהערערס און געלערנט, זיי זאָלן האָפן אויף מידת הרחמים. איז אָבער געקומען די מידת הדין און איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצישע רוצחים טויזנטער, ווי יחיאל, יראת־שמימדיקע יידן. און דער יושב בשמים האָט זיך שווייגנדיק צוגעקוקט ווי די ערד זאַפּט אַריין דאָס בלוט פון מיליאָנען ר׳ עקיבאס און מיליאָנען ר׳ טרדיונס און ווי זיי גייען אויס אין די פלאַמען פון די קרעמאַטאָריומס.

משה סרעבראַ

# דוד הערש גרינשפּאַן

ווייניק מענטשן אין פּולטוסק האָבן געוווּסט אַז אין דער שטאָט געפינט זיך אַ גרויסער למדן און בקי דוד הערש גרינשפּאַן.

מיין ברודער דוד־הערש האָט פאַרבראַכט 19 יאָר אין די ליטישע ישיבות צווישן אַזעלכע לומדים און גאונים ווי דער חפץ־חיים ז״ל, הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי ז״ל פון ווילנע און אַנדערע ראשי ישיבות. אַ דאַנק זיין שאַרפן מוח און זיינע פעיקייטן האָט ער באַרימט געמאַכט אונדזער שטאָט, ווייל מען האָט אים גערופן ר׳ דודל פּולטוסקער. ער איז געווען אַ בעל־סמיכה פון דעם פאָרלעצטן לאָמזשער רב און גאון ר׳ אהרן באַקשט ז״ל, דעם שפּעטערדיקן רב אין שאַוול, ליטע. ווען ער פלעגט קומען סוכות און פּסח אַ היים, פלעגט דער פריערדיקער פּולטוסקער רב ר׳ קויפמאַן ז״ל שיקן צו אים דעם שמש אַז ער זאָל קומען צו אים און זיי זענען ביידע געזעסן על תורה ועבודה און דוד הערש האָט מער פאַרבראַכט ביי אים ווי ביי זיין משפחה.

אין יאָר 1931 האָט ער חתונה געהאַט אין פּולטוסק און פאַרבליבן אין שטאָט ביז דעם גירוש.

הרב דוד הערש גרינשפּאַן האָט געצויגן זיין חיונה פון דער בשותפותדיקער מיט זיינע ברידער ווייַן־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון ברום־אַסמאַן אויפן בערגל פון טורמע־געסל און וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַס־און לימאָנאַדע־פאַבריק. טראָץ דעם וואָס אין דער פרעמד האָט ער גענומען אַ אַקטיוון אָנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן און אינעם חינוך־וועזן האָט ער אין פּולטוסק נישט געפונען פאַר זיך קיין פּאַסיקן פּלאַץ. ער האָט זיך באַגרענעצט מיטן לערנען דעם דף יומי אין אַ ברייטן קרייז פון די בעסערע תלמוד־לערנער און באַצויבערט אַלעמען מיט זיין שאַרפזין, און טיפקייט און קלאָרקייט פון זיין הסבר. די חברים פון פּועלי אגודת ישראל האָבן מאַסנווייז געשטראָמט צו הערן פון אים פרייטאָג צו נאַכט די פּרשה פון דער וואָך מיטן פּירוש פון מלבי״ם און אין די זומער־שבתים פּרקי אבות מיטן פּירוש פון רמב״ם. זיינע באַגרינדונגען און אויפקלערונגען, פּאַראַלעל מיט זיינע לאָגישע אַרגומענטן האָבן אויף אַלעמען געמאַכט דעם גרעסטן איינדרוק.

מיט דער גרעסטער אַכטונג און כבוד האָט זיך צו אים באַצויגן דער ראש־הישיבה פון פּולטוסק, וועלכער איז געווען זיין בעסטער פריינד, געווען ביי אים אָן אָפּטער גאַסט און איבערגעגעבן אים דורכצופירן די בחינות פון די תלמידים, געבעטן צו האַלטן פון צייט צו צייט פאַר זיי שיעורים און איבערנעמען די גייסטיקע אַפּוטרופּסות איבער דער ישיבה.

ווי ווייט עס איז דערגאַנגען דער אויטאָריטעט פון מיין ברודער קען באַווייזן דער פאָלגענדיקער פאַקט. סוף יאָר 1938 איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן דעם לעצטן פּולטוסקער רב ר׳ ברוך יצחק יששכר הלוי לווינטל ז״ל און אַ טייל שוחטים און דעם שוחט־מוהל און חזן ר׳ הערשל אַראָנאָוויטש, וועלכע האָבן אים געוואָלט באַזייטיקן פון זיין אַמט. דער פּולטוסקער רב האָט זיך געוואָנדן צום לאָמזשער רב, איבערגעגעבן דעם גאַנצן באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל און געבעטן אַז דער שוחט זאָל פאַר אים אָפּגעבן בחינות אין הלכות שחיטה און מילה ווי אויך שחיטה מעשית. ר׳ הערשל איז די בחינות דורכגעגאַנגען, אָבער דער לאָמזשער רב האָט אים אָפּגעהאַלטן ביי זיך נאָך דריי טעג און ערשט נאָך דעם געבעטן ביי אים אַנטשולדיקונג און געווונטשן פיל הצלחה ביי ממשיך זיין די מלאכת הקודש אין פּולטוסק ווי פריער. ערשט ווען ר׳ הערשל מיט זיין פאַמיליע זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געקומען געזעגענען זיך מיט מיין ברודער, האָט ר׳ דוד הערש אים געוויזן דעם בריוו פונעם לאָמזשער רב מיט די פּולטוסקער באַשולדיקונגען, וווּ ער בעט אים צו זיין דער פּוסק אחרון אינעם סכסוך. די חוות־דעת פון מיין ברודער איז געווען אַ דעצידירנדיקע און אַזוי איז ר׳ הערשל געבליבן ביי זיין פּאָסטן. איך וויל באַטאָנען, אַז ער האָט געהאַנדלט קעגן דעם ווילן פונעם רב און זיינע ידידים, ווען נאָר דער ריינער אמת און די גערעכטיקייט זענען געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. צוליב זיין יושר און גרויסער בקיאות אין הוראה פלעגן צו אים אַרויפקומען אַ סך פּולטוסקער יידן און באַראַטן זיך וועגן פאַרשידענע פערזענלעכע ענינים און דין־תורות און אַפילו וועגן קרימינעלע פּראָצעסן.

ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען פּולטוסק און אַרויסגעטריבן אַלע יידן, האָט ער צוזאַמען מיט זיין פרוי, פיר קינדער, שוויגער און שוועגערין דורכגעמאַכט דעם גאַנצן

בהלה־מאַרש ביז ביאַליסטאָק און ביי דער ערשטער געלעגנ־הייט אַריבער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קיין ווילנע. ער איז דאָ אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד פונעם ווילנער גאון הרב ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי ז״ל, באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ דירה און אויך מיט אַ געהאַלט פאַר האַלטן שיעורים אין די ניי־אנטשטאַנענע ישיבות פאַר די תלמידים פון קאָנ־גרעס־פוילן און פון די פאַרנומענע דורך די סאָוויעטן געביטן. ווען מיר האָבן זיך געפונען אין די יאָרן 1940/41 אין די אַרכאַנגעלסקער וועלדער, האָבן מיר פון אים באַקומען שפּייז־פּעקלעך און וואַרעמע באַקליידונג.

דעם 16טן יוני 1941, 10 אַזייגער פרי, ווען ער האָט גע־האַלטן זיין טעגלעכן שיעור אין דער ישיבה, זענען אַריין אין זיין וווינונג די ענ.קאַ.ווע.דע.־לייט און נישט געפינענדיק אים אין דער היים, אַרעסטירט זיין פרוי מיט איר שוועסטער און אַרויסגעשיקט קיין סיביר, איבערלאָזנדיק די פיר קליינע קינדער מיט דער אַלטער שוויגער. מיט צען טעג שפּעטער, דעם 26טן יוני, נאָכן אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי קיין ווילנע, איז מיין ברודער מיט די פיר קינדער און שוויגער געוועזן פון די ערשטע נאַצישע קרבנות אין דער שטאָט.

יהיה זכרו ברוך והי״ד.



בית הכנסת הגדול שנהרס בימי הנאצים
די חרוב געוואָרענע גרויסע שול אין די צייטן פון די נאַציס

# עיר שהיתה




מראה כללי — אַלגעמיינער אויסבליק

# א שטאט וואס איז געווען

רפאל משה שאך

# פולטוסק - איר שטאַטיש לעבן און געשטאַלט

**(אַ דורכבליק)**

**הייזער, גאַסן און פּייזאַזשן**

אויפן מערבדיקן ברעג פונעם טײַך נאַרעוו, דעם דריטן אין דער גרויס פון די טייכן אין פוילן, 52 קילאָמעטער פון דער הויפטשטאָט וואַרשע, אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט בערג, ליגט די שטאָט פולטוסק. ווען מען דערנענטערט זיך צו דער שטאָט, באַווייזט זיך פון דערווייטנס אַ פּאַנאָראַמע פון מאַלעריש איבערן טייך צעשפּרייטע געביידעס און איבער זיי דאָמינירט דער טורעם פונעם שלאָס וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פאַר דער קלויסטער־היעראַרכיע אין יאָר 1522 דורך רפאל לעשטשינסקי. דעם אַנקומענדיקן צו די גרענעצן פון דער שטאָט דוכט זיך אַז באַלד וועלן זיך פאַר אים עפענען די טויערן פון אַן אַלטערטימלעכער פעסטונג. אָבער ווי דער־שטוינט ווערט ער ווען גלייך ביים אַריינגאַנג אין דער שטאָט דערזעט ער אַ גרויסע מיל, אַרום וועלכער עס דרייען זיך פיל יידן און ער דערוווסט זיך, אַז זי איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך די ברידער ישראל און זעליג ראָזענבערג. פון דער מיל לאָזט מען זיך באַרג־אַראָפּ אינעם צענטער פון דער שטאָט, ווו מען דערזעט בלויז יידישע געשעפטן, אָנהויבנדיק פון ערשטן געוועלב, ווו עס שטייט אין אַ לעדערנעם פאַרטוך ביים קאָוואַדלע דער גרייז־גרויער שמיד מיט אַ ווייסער באָרד און אַ לולקע אין מויל און מיט אַ שווערן האַמער אין האַנט. דערנעבן אַ ווערקשטעל פון אַ סטעלמאַך, אַ ייד פון אַ נידעריקן ווּקס מיט ציצות איבער די קנעכל, מיט פאַרשאַרטע אַרבל, מיט אַ קליין גרוילעכער בערדל און פאַרחלומטע אויגן. שטייט ער אַזוי און שניצט דעם הילצערנעם זוואָן אין ראָד. אַביסל ווייטער אַ שילדל פון אַ יידישן שניידער, פון דער צווייטער זייט אַ שילד פון אַ בעקער. און אַזוי לענג אויס איבער די גאַסן, אומעטום פול מיט יידן ביז דו דערגייסט צו אַ גרויסן פּלאַץ געפּאַקט מיט פורן און רינדער, צום חזיר־מאַרק. דאָ קויפט אָדער פאַרקויפט אַ פּויער אָדער אַ גוט־באַזיצער מיט דער פאַרמיטלונג פון אַ יידן אַ פערד צי אַן אַנדערע בהמה. מיטן פאַרענדיקן די טראַנזאַקציע גייען זיי אַריין אין דעם דערבייִיקן שענק, ווו אַ שטילער, קליינ־ווּקסיקער ייד מיט אַ בלאָנדער באָרד דערלאַנגט זיי דאָס ביר און געבראָטענע גענדזנס. נישט ווײַט פונעם שענק געפינט זיך דאָס טיי־הויז, וואָס איז פול מיט גערוך פון פערד־און מענטשן־שווייס, מיט דעם שאַרפן געשמאַק פון פריש געבראָטענע פליישן. דאָ זיצן פאַרשידענע טיפּן מענטשן און רעדן זיך אַדורך אויפן ווונק. פלוצלונג קומט אַריין אַ פאַרמאַ־טערטער בעל־עגלה, בעט זיך דאַוונען מנחה בצבור און אַלע, ווי אויף אַ באַפעל, וואַשן זיך די הענט און שטעלן זיך צום מנין און אברהם אליהו דער שענקער קוועלט וואָס יידן געדענקן אָן גאָט.

ווען דו גייסט ווייטער, באַמערקסטו אַ גרויסע געביידע. דאָס איז די דאַמף־מיל אויסגעבויט אין יאָר 1910 דורך שמואל רינג, יצחק פרידלאַנד און אברהם שאַפראַן, ווו אויסער דעם מאַשיניסט זענען אַלע באַשעפטיקטע — יידן. אין אַ זייט פון דער מיל געפינען זיך די האָלץ־קוילן־סקלאַדן מיט אַ גרויסער טאַנאָווער וואָג פון יהושע ראָזענבערג. דערנעבן ווימלט מיט פורן, פּלאַטפאָרמעס און בריטשקעס פון די יידישע בעלי־העגלות, וואָס זענען גרייט צו פירן אויף אַלע וועגן. ווען דו געפינסט זיך אויף דער וואַרשעווער גאַס, דערזעסטו אַ קריסטלעך ווורשט־געשעפט, וואָס אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג שטייט ליידיק און ווי פאַרחלומט. די גאַס איז געפלאַס־טערט מיט גלאַטע שטיינער און דער טראָטואַר מיט פליטן. אַלע הייזער געבויט פון ציגל און נאָר צוויי פון האָלץ און פון אַלע שיידט זיך אויס אַ געביידע פון וועלכער עס ציט זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען אַ געווימל פון דראָטן. דאָס איז דער פּאָסט־און טעלעגראַפן־אַמט, וואָס פאַרבינדט די שטאָט מיט דער דרויסנדיקער וועלט. פון רעכטס פון דער דאָזיקער געביידע שטייט אַ גרויסער שטאָטיקער געמאַך, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן צוים און אין די טונקעלע מויערן אויבן פאַר־קראַטעוועטע פענסטערלעך מיט משופּעדיקע בלעכן. דאָס איז די באַוווסטע פולטוסקער טורמע, ווו עס קומען אָפּ אַרום צוויי הונדערט פאַרברעכער די האַרבסטע שטראָפן. לעבן איר געפינט זיך דער קלויסטער פון די „רעפאָרמאַטאָרן", וועלכער באַדינט

אויך די טורמע. אויף רעכטס ציט זיך די גאַס „אַלטער מקום״ וואָס דערגייט ביז צום נאַרעוו, אַ שטילע רויקע גאַס, וווּ עס וווינען פיל קריסטן אָבער מערסטנס יידן. פון אַלטן מקום פאַרקערעוועט מען אויף לינקס פון דער וואַרשעווער גאַס צו דער דריטער מאַי גאַס, וווּ עס געפינט זיך אַ צווישטאָקיקע לאַנגע געביידע פון דעם שפּיטאָל אויפן נאָמען „ווינצענט אַ פּאַולא״ און וואָס עקזיסטירט נאָך פונעם 1594 יאָר און איז אויפגעבויט געוואָרן אויפס־ניי אין יאָר 1876. אַחוץ די דאָק־טוירים איז דער פּערסאָנאַל באַשטאַנען אויסשליסלעך פון קלויסטער־שוועסטער. ביי אַ געהעריקער אינטערווענץ האָבן אויך יידן באַקומען דאָ מעדיצינישע הילף און געווען ליבעראַל באַהאַנדלט.

אַנטקעגן דעם שפּיטאָל געפינט זיך דער שטאָט־טעאַטער, אויסגעבויט אין יאָר 1910. אויפן פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען ביים קרייצפּונקט פון די גאַסן וואַרשעווער, דריטער מאַי און שוויענטאַ־יאַנסקע, פלעגן פאַרקומען נאַציאָנאַלע פייערלעכ־קייטן. אויפן אַלטן מקום ביז צום ברעג פונעם טייך־אויסגוס, וואָס פליסט אין מיטן דער שטאָט, איז געשטאַנען דער באַרימ־טער האָטעל „וויקטאָריאַ״, וווּ עס האָבן זיך פאַרהאַלטן אַלע גרויסע אַגראַריער פון געגנט ווי אויך פּראָמינענטע פּערזענ־לעכקייטן און הויכע מלוכה־באַאַמטע. אינעם קאַפע־הויז פון דעם האָטעל און פאַר דעם רעסטאָראַן פלעגן פאַרקומען די משא־ומתנס צווישן די יידישע סוחרים און די פּריצים. ביי דער גאַס שוויענטאַ־יאַנסקא (פּובליטשנאַ) איז געפלאַסן דאָס טייכל, וואָס האָט זיך געצויגן פון נאַרעוו איבער די פּאַשע־פעלדער ביי ריביטעוו צוריק צום נאַרעוו, אַזוי אַז דער צפונדיקער טייל, דער צענטער פון שטאָט, האָט זיך געפונען ווי אויף אַן אינזל. דער גאַנצער שטח האָט געהערט צו דער קלויסטער־פּאַראַפיע.

אין המשך פון דער שוויענטאַ־יאַנסקע האָט זיך געצויגן אַן אַלטערטימלעכע מאַסיווע שטיינערנע בריק, סטיליזירט ווי אַן אַרקאַדע איבערן וואַסער, צוגעבנדיק רייץ און חן דער אומגעגנט. מען האָט דערציילט אַז עס האָבן זי איפּגעשטעלט מיט הונדערטער יאָרן צוריק גאַלערן (שקלאַפן), וועלכע זענען געווען פאַרשלאָסן אין די קאַטאַקומבעס פונעם קלויסטער. אַן ענלעכע בריק „די קאַזאַקן בריק״ איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר 1870 דורך דעם סטאַציאָנירטן אין שטאָט פּאָלק קאָזאַקן. די צווייטע זייט שוויענטאַ־יאַנסקא שניידט דורך די אַלעיע, וווּ עס געפינט זיך דער גאָרטן פונעם קלויסטער („פּאַראַ״) און וווּ עס שטייט אַ שיס־טורעם („באַשטאַ״) נאָך פונעם 14טן י״ה.

די שוויענטאַ־יאַנסקאַ גאַס האָט זיך געצויגן אין אַ גראַדער ליניע ביז צום מאַרק־צענטער און געווען פאַר־בויט פון ביידע זייטן מיט צוויי און דריישטאָקיקע הייזער און פיל מיט געוועלבער און געשעפטן, אַזוי אויך דער מאַרק־פּלאַץ. אין אויסבליק פון דער שוויענטאַ־יאַנסקע און ווייט איבערן מאַרק האָט זיך געלאָזט זען דאָס הויז פון ר׳ גדליהו זילבערשטיין. רעכטס פון דער שוויענטאַ־יאַנסקער, אויף דער קאַטלאַרסקער גאַס (שול־גאַס) האָט זיך געפינען די שול און דער בית־מדרש, וווּ יידן פלעגן זיך איילן דאַוונען, דורכ־שניידנדיק די דריטער מאַי גאַס און די שוו.־יאַנסקע.

רעכטס, אין צענטער פון מאַרק, איז געשטאַנען דער ראָט־הויז מיטן שטאָט־זייגער, געבויט אין שוועדישן סטיל פון 17טן י״ה. לויט היסטאָרישע קוועלן איז ער געבויט געוואָרן אין יאָר 1405 דורכן בישאָף יאַקוב פון קורדוואַנאָווא און געוואָרן צעשעדיקט בעת די קאַמפן מיט די שוועדן. אין יאָר 1728 איז ער רעסטאַווירט געוואָרן דורך דעם בישאָף זאַלעסקי, וועלכער האָט אויך צוגעבויט דעם טורעם פונעם שטאָטזייגער, וועלכן מען האָט געזען איבער דער גאַנצער געגנט.

רעכטס פון מאַרק, ביים עק פון שלאָס־פּאַרק איז געשטאַ־נען אַ קליינע קאַפּליצע אויפן אָרט וווּ בשעת די קאַמפן ביי פּולטוסק אין אָנפאַנג 19טן י״ה, האָט נאַפּאָלעאָנס פערד צעבראָכן אַ פוס, און דער קיסר איז אַרויס אומבאַשעדיקט. אינעם הויז וווּ נאַפּאָלעאָן מיט זיין ברודער היעראָנים און זיין סוויטע האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט געוווינט דער פּולטוסקער רב ר׳ חיים משולם קויפמאַן ז״ל.

באַרג־אַרויף צום מזרח געפינט זיך דער צוויי־גאָרנדיקער שלאָס און צופוס אים אַנטפּלעקט זיך אַ רייכער פּייזאַזש פונעם טייך נאַרעוו מיט די קליינע אַזיערעס אינמיטן דער פאַרביקער געדיכט־וואַלדיקער און אַגראַרישער געגנט. דער שלאָס מיט זיינע אונטערערדישע קאָרידאָרן, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז ווייט, איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די קלויסטער־היעראַרכיע אין 16טן י״ה אַלס רעזידענץ פון די פּלאָצקער בישאָפן. דאָ, אין אַ באַזונדערער געביידע, האָט זיך געפונען דער סעמינאַר פאַר די קאַטוילישע גייסטלעכע, דער קאַרצער און די שטאָט־באָד האָבן אויך געהערט צום שלאָס.

לינקס פון מאַרק צו מערב האָט זיך געפונען אַ טייל פונעם גרויסן בענעדיקטינער קלויסטער אויך מיט אַ זייגער־טורעם און מיט אַ באַלקאָן, וווּ יאָר איין, יאָר אויס פלעגט מען אָפּ־שפּילן מיט פאַנפאַרן די געבעטן צום אויפגאַנג און אונטער־גאַנג פון דער זון. ווען מען גייט אַדורך דעם קלויסטער־הויף, באַמערקט מען אין דרויסן ביים אַריינגאַנג אין דער קירך אַ טאַוול, וווּ עס זענען דורך אַ משומד אויסגעקריצט געוואָרן אין לשון־קודש די פסוקים:



הרחוב „שוויענטאַ־יאַנסקאַ״
די „שוויענטאַ־יאַנסקאַ״־גאַס



הגשר ב„שוויענטא־יאנסקא״
די בריק אויף דער „שוויענטאַ־יאַנסקאַ״־גאַס



ה„רטוש" (בית עיריה) עם שעון העיר עד ל־1939
דער „ראַטוש" (ראַטהויז) מיטן שטאָט־זייגער ביז 1939




הגשר מול הנחל ומראה הכנסיה הרוסית שנהרסה בשנות ה־20
די בריק אַנטקעגן טייכל און דער אויסבליק פון דער רוסישער קירכע,
וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין די 20ער יאָרן



ככר התיאטרון — טעאַטער־פּלאַץ



פרק הספורט — ספּאָרט־פּאַרק




הגן סביב בית המחוז (פאָוויאַט) * — דער גאָרטן אַרום דעם פאָוויאַט־בנין




מראה כללי — אַלגעמיינער אויסבליק

* ראה אותה תמונה ב„פרקי שואה".
זע דעם זעלבן בילד אין די „קאַפּיטלען פון אומקום".



מראה העיר **מהגן העירוני**
אויסבליק פון דער שטאָט — **דורכן שטאָטישן גאָרטן**



הרחוב „סטשיצה" על יד הנחל
די גאַס „סטאַשיצאַ" ביים טייכל (צולם — סאַטאַג. ב־1958)



הרחוב בנדיקטינסקה אחרי „פיוטרי סקרגי" בדרך אל הגימנסיה
די גאַס בענדיקטינסקאַ נאָך דער „פּיאָטרי סקאַרגי" אויפן וועג
צו דער גימנאַזיע (צולם — פּאַטאַג. ב־1958)

„צאינה וראינה, בנות ציון, במלך שלמה,
בעטרה שעטרה־לו אמו ביום חתנתו וביום
שמחת לבו [1]).

אכן אתה אל מסתתר, אלהי ישראל מושיע״ [2]).

דער קאָמפּלעקס קלויסטער־בנינים איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין 16טן י״ה. לינקס ביי די גאַסן פּיאַטראַ סקאַרגי, בענעדיקטינסקאַ, שטאַשיצאַ (אונטער די אַלעען) שטייט די ריזיקע, דריי־שטאָקיקע געביידע פון דער מענער־רעגירונגס־גימנאַזיע, אויפגעבויט אין יאָר 1872 אין קלאַסישן סטיל. שפּאַצירנדיק מיט דער בענעדיקטינסקער גאַס צו דער דריטער מאַי גאַס (געוו. פּעטערבורגער), גייט מען אַריין רעכטס אין דעם שטאָטישן פּאַרק, וווּ זומער זונטאָג נאָך מיטאָג פלעגט שפּילן די מיליטערישע אָרקעסטער אָדער פון די פייערלעשער. אין דער גלייכער ליניע אויף מערב האָט זיך אָנגעהויבן די גאַס קאָשציושקי (מאַקאָווער), ווו אין עק אינעם הויז אַנטקעגן דעם שפּאַציר־גאָרטן איז געווען דער ערשטער טעאַטער, וואָס איז ליקווידירט געוואָרן מיטן אויפבויען פון אַ מאָדערנעם שטאָט־זאַל אין יאָר 1910. די גאַס באַזיצט איבער 100 הייזער און נאָר פיר האָבן זיך געפונען אין יידישן באַזיץ און עס האָבן אויף איר געוווינט בלויז צוואַנציק יידישע משפחות. דאָ האָט זיך אויך געפונען די רעגירונגס־גימנאַזיע פאַר מיידלעך א״ב פון לעאָקאַדיע פּאָטאָצקאַ און די „שקאָלאַ טשוויטשען״ (שול פון איבונגען). די גאַס האָט געפירט אויסער דער שטאָט, ווו ביי דער ענדע איז געשטאַנען די ווינט־מיל פון יעקל סטאַראָ־שוויעצקי און פון דעם אָרט האָט געפירט דער וועג קיין פּרייסן דורך מאַקאָוו, פּזשאַשניטש, כאָרזשעלע, לאָמזשע און אויגוס־טאָוו.

אויף דרום, אויפן צוזאַמענטרעף פון דריטער מאַי און קאָשציושקי, הויבט זיך אָן די טשעכאַנאָווער גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער טאַרטאַק און די אַגראַר־מאַשין־פאַבריק פון ר׳ מענדל מינץ. דער גרילצלדיקער פייף פונעם פאַבריק־קוימען, וואָס האָט געהילכט איבער דער גאַנצער שטאָט האָט געגעבן צוּוויסן די פרויען און קינדער וועגן דעם צוריקקער פון זייערע מענער און טאַטעס און באַטייט פאַר די לעצטע דעם סוף פון אַ טאָג פון שווערע[illegible]ע און אָנגעזאָגט מיט פרייד די שעהן פון אָפּרו.

אויף דער טשעכאַנאָווער גאַס געפינען זיך די גרויסע קאַזאַרמע־בלאָקן, וואָס זענען געבויט געוואָרן נאָך בשעתן צאַרישן רעזשים דורך יידישע אונטערנעמער, ווי עקיבא באַרנשטיין, וועלכער האָט צו דעם צוועק אויפגעשטעלט די צעגעלניע און גדליהו זילבערשטיין, וועלכער האָט צוגעשטעלט אייזן. די צעגעלניע פון עקיבא באַרנשטיין האָט זיך געפונען אינעם דרומדיקן עק פון דער שטאָט אויפן וועג קיין טשעכאַ־נאָוו און מלאָווע.

עס זענען אַריבער יאָרן, אַ וועלט איז חרוב געוואָרן און מיין געבורט־שטאָט פולטוסק שטייט אַזוי לעבעדיק פאַר די אויגן מיט איר ברויזנדיקן לעבן, מיט אירע הויפּטגאַסן און שאָסייען און מיט די קליינע געסלעך, ווי נאַשעלסקאַ, טעלע־גראַפּיטשנאַ, טראַוּגוטאַ, גורקי, זשווירקי־וויגורי, סוויענטעי־מאַריי, סענאַטאָרסקאַ, סטאַשיצאַ, זאַמקאָוואַ, ביאַלאָוויעזשסקאַ, באַלטאַזאַראַ, ריביטוואָ, שקאָלנאַ א״א.

מיר האָבן זיך אויסגעלעבט אין אַ יידישע סביבה, אָבער געווען צוגעבונדן צום פּוילישן פּיעזאַזש, צו די ברייטע, אומ־ענדלעכע פּליינען, צו די טייכן און וועלדער. אין דעם דאָזיקן קאַלעידאָסקאָפּ פון ווייץ און קאָרן, פון ברוינער, פעטער ערד, פון ווינט־מילן און פאַבריק־קוימענס האָט אונדזער שטאָט געהאַט אַ באַזונדערן רייץ און חן און פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינע פון די שענסטע ערטער אין מאַזאָוויע און אין גאַנץ פּוילן.

## פרנסות און מלאכות

פולטוסק האָט געהייסן ביזן אָנהויב פון 19טן י״ה פּ ו ל ט ו ס ק אַ און די שטאָט האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון די הויפּט־שאָסייען וואַרשע—פּרייסן און וואַרשע—פּעטער־בורג. פון דעם אָרט ווו עס האָבן זיך געקרייצט די גאַסן וואַרשעווער, אַלטער מקום, פּעטערבורגער (דריטער מאַי גאַס) ביז צום טייך נאַרעוו, ביז צום אָרט ווו מען האָט זיך געקענט מיט דער הילף פון אַ פּאַראָם איבערשיפלען אויפן צווייטן ברעג, האָט דער גאַנצער שטח געהערט צו דער קירכע און געווען איזאָלירט דורך דעם טייך־אויסגיס, וואָס פליסט אינמיטן פון דער שטאָט. דאָ האָבן זיך געפינען די קלויסטער־געביידעס מיטן מיטלעלטערלעכן שלאָס, וואָס איז געווען די רעזידענץ פונעם בישאָף און דאָ איז געווען דער גלחים־סעמינאַר.

ביזן אָנהויב 19טן י״ה האָט זיך אין דער שטאָט קיין ייד נישט געטאָרט געפינען צוליבן פאַרווער פון די גייסטלעכע, די בעלי־בתים פון פולטוסק. בלית־ברירה האָבן זיי זיך באַזעצט אין די אַרומיקע דערפער, אין פּאָפּאָווע, 18 קילאָמעטער פון דער שטאָט, ווו עס האָט זיך געפונען אַ באַדייטנדיקע צאָל

1) שיר השירים, ג׳, י״א. אַן אָנדייט אויפן גליק און שכר פונעם גרעגאָט, ווייל ער האָט זיך באַהאָפטן מיטן ריכטיקן גאָט.

2) ישעיה, מ״ה, ט״ו. אַ פסוק פון אַ קאַפּיטל, ווו דער נביא רופט די פעלקער צו פאַרלאָזן געצנדינעריי און קומען צו גאָט פון ישראל. (ווי באַוווסט, טענהט די קירך אַז די נבואות פון ישעיהו זאָגן אָן וועגן אָנקום פון ישו דעם משיח).

יידן און אין דעם שכנותדיקן דאָרף פּאַפּלאַווע, ווו גרעסערע שטחים פון אים האָבן געהערט צו נתן נטע נאָטקעוויטש, דעם פּריוויליגירטן יורש פון פּאַרטשניק הערמאַן נאָטקעוויטש, וועלכער האָט געדינט אין די לעגיאָנערן פון דאָמבראָווסקי, אויסגעצייכנט זיך אין די פאַרשידענע נאַפּאָלעאָנישע שלאַכטן און באַערט געוואָרן מיטן פראַנצויזישן ערן־לעגיאָן אָרדן.

נאָכן אונטערדריקן דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1831 איז פּולטוסק אָפּגעברענט געוואָרן ביז דעם קלויסטער שטח, וואָס איז אָפּגעגרענעצט געווען פון דער שטאָט מיטן טייך אויסגוס. אין דער דאָזיקער צייט האָבן זיך שוין עטלעכע יידישע משפחות, בדרך כלל האַנטווערקער, איינגעפונדעוועט אין שטאָט, און כדי צו סטימולירן איר אויפבוי נאָך דער שרפה און צו פאַרבעסערן איר עקאָנאָמישע לאַגע, האָבן יידישע פּריוויליגירטע סוחרים (פון דער ערשטער גילדע), ווי פסח קראַנענבערג, גדליהו זילבערשטיין (דער איידעם פון נתן נטע נאָטקעוויטש) באַקומען דאָס רעכט זיך צו באַזעצן אין שטאָט, צו קויפן פּלעצער און צו בויען הייזער (נאָר פון ציגל). מיט דער צייט האָט זיך די צאָל יידן פאַרגרעסערט און זיי האָבן זיך מאַטעריעל גוט איינגעאָרדנט. צו קבורה פלעגט מען פירן קיין נאַשעלסק, ווייל ערשט אין אַ צייט אַרום האָט מען געקויפט אַ פּלאַץ פאַר אַ בית־עלמין *).

אין דער רייכער און וואַלדיקער אומגעבונג, אויפן ברעג פון טייך נאַרעוו, וועלכער האָט געדינט אַלס גוטער און באַקוועמער קאָמוניקאַציע מיטל, האָבן די יידן אַנטוויקלט דעם תבואה־און האָלץ־האַנדל און אויסנוצנדיק דעם וואַסער טראַנספּאָרט, דערלאַנגט ביז דאַנציג און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד. די פאַרשטאַרקטע אימיגראַציע פון די יידן קיין פּולטוסק אינעם צווייטן העלפט פון 19טן י"ה האָט פאַרוואַנדלט פּולטוסק אין אַ וויכטיקן תבואה־עקספּאָרט־צענטער.

דער פּוילישער אויפשטאַנד אין יאָר 1863 האָט אָפּגעשטעלט די דאָזיקע אַנטוויקלונג און די שרפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ווידער חרוב געמאַכט די שטאָט. אָבער אַ דאַנק דער יידישער איניציאַטיוו איז די שטאָט צוריק ראַש אויפגעבויט געוואָרן לויט אַרכיטעקטאָנישע פּלענער און עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן בלויז געמויערטע הייזער, וואָס האָט געגעבן דער שטאָט אַ מאָדערנעם אויסזען. יידן זענען געוואָרן די באַזיצער פון 60% אומבאַוועגלעכע גיטער; עס איז רעסטאַוורירט געוואָרן די אָפּגעברענטע שול אויף אַ ריחבותדיקן און שיינעם פּלאַץ.

מיטן אויפקום פון דעם באַן־פּאַרקער אין פוילן איז פּולטוסק אויסגעמיטן געוואָרן צוליב רוסישע סטראַטעגישע פּלענער און די שטאָט האָט זיך געפונען 22 קילאָמעטער פון אַ נאָענטסטער באַן־סטאַציע. דאָס האָט געגעבן אַ קלאַפּ דעם האַנדל און האַנטווערק, ווייל די שטעט און שטעטלעך ווו עס איז אַריבער די באַן־ליניע זענען געוואָרן די הויפּט־פּאַקטאָרן אינעם אַגראַר־האַנדל. נאָכן דערשטיקן אָבער פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד האָט די צאַרישע מאַכט פאַרשטאַרקט אירע מיליטערישע כוחות אין פוילן און אין פּולטוסק האָבן זיך איינקוואַרטירט צוויי מיליטערישע פּאָלקן און די קאָמענדאַנטור און שטאַב פון דער דיוויזיע. אויך איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גובערניע שפּיטאָל. אַ דאַנק דעם האָט זיך די מאַטעריעלע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג באַדייטנדיק פאַרבעסערט, ווייל אַ טייל יידישע משפחות האָבן געצויגן זייער פּרנסה ביים צושטעלן שפּייז און פוטער דעם מיליטער און ביי פאַרשידענע מיליטערישע אונטערנעמונגען (פּאַדריאַטשיקעס). די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן און דערגרייכט אין יאָר 1914 אַרום 8 טויזנט נפשות. אַלס באַווייז פון דער גינציקער עקאָנאָמישער לאַגע קען דינען דער פאַקט וואָס פון פּולטוסק איז כמעט נישט אַנגעגאַנגען קיין שום יידישע עמיגראַציע.

איבערגייענדיק צו דער אויספירלעכער באַשרייבונג פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, וויל איך ביי דער געלעגנהייט אָנמערקן די נעמען פון די דאָזיקע פּאַדריאַטשיקעס, וועלכע זענען דורך זייער ענערגיע, מי און פלייס דערגאַנגען צו רייכטום און כבוד, געבנדיק פּרנסה אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי זיי און מנדב געווען געלט פאַר יידישע אינסטיטוציעס און ווילטעטיקע צוועקן.

1. יצחק מאַרקוספעלד צוגעשטעלט בוי־מאַטעריאַלן פאַרן רוסישן מיליטער אין פּולטוסק און מאָדלין (געאָרגעווסקי קאַרפּוס), אַ גרויסער למדן, געקענט גאַנץ ש"ס אויסווייניק און דערצו באַהערשט אין וואָרט און שריפט די פּוילישע און רוסישע שפּראַך;

2. שלמה דוד ווי[illegible]רג פלעגט ליפערן בהמות אין דער דיוויזיע און פאַרן אַלעקסאַמפּאָלסקין פּאָלק (שפּעטער 7טן רעוועלסקן פּאָלק). לאַנגע יאָרן פאָרזיצער פון דער קהילה און גבאי אין דער חברה קדישא;

3. פאַרן אַלעקסאַמפּאָלסקין פּאָלק האָט אויך צוגעשטעלט תבואה און פּאַשע בנימין גאָצלער, וועלכער האָט זיך שפּעטער איבערגעצויגן קיין סקערניעוויץ מיטן איבערגיין פונעם פּאָלק אין דער דאָזיקער שטאָט;

---

*) געני פעסטגעשטעלטע דאַטעס וועגן דער יידישער איינוואַנדערונג אין פּולטוסק זע אינעם היסטאָרישן מאמר פון מ. ראַוויצקי. — רעד.

4. הערשל (פנחסעס) נוטקעוויטש האָט צוגעשטעלט פּראָדוקטן און געהאַט אַ קאָלאָניאַל געוועלב ביי די קאַזאַרמעס. געווען בטבע אַ כלל־טוער און אויסגעקליבן געוואָרן אַלס לאַווניק אין מאַגיסטראַט;

5. פלייש פאַרן מיליטער האָט געפירט בן־ציון יאַנאָוועט פון פאַך אַ קצב, אָבער אַ ייד אַ למדן.

6. ישעיהו ראָזענבערג האָט געליפערט האָלץ און קוילן. זיין קאָמפּאַרט־ווינונג איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן נייטבאַדערפטיקן. כאָטש פרום און אָפגעהיטן, געגעבן זיינע קינדער וועלטלעכע בילדונג. זיינע צוויי טעכטער האָבן פּראַקטיצירט אַלס דאָקטוירים און אומגעקומען מיט זייער ברודער לייבל אין געטאָ וואַרשע.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער האַנדל אין שטאָט געלעגן כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט. אויף אַרום 150 יידישע געשעפטן פון אַלע אָפּצווייגן זענען נאָר פיר קליינע קאָלאָניאַל־געשעפטן געווען קריסטלעכע. אויך האָבן זיך געפונען אין יידישן באַזיץ די 100 סטראַגאַנעס און בעלי־מלאכהשע ווערקשטעלן אויפן מאַרק, ווי פיש, גרינוואַרג, מעל, שפייז, געבעקס, גאַלאַנטעריע, מאַנופאַקטור, רימער־אויסאַרבעטונגען, שוסטער, סטאָלער, שטריקער, גאַרבער, שמוקלער. די לעצטע פיר פאַכן, ווי אויך קירזשנער, היטלמאַכער, קאַמאַשנשטעפער, איינבינדער, טאָקער, ראָווערן־מעכאַניקער, זייגערמאַכער זענען געווען פאַרטרעטן אויסשליסלעך דורך יידן. פון דער אַלגעמיינער צאָל פון שוסטער, שטובן מאַלער, שלאָסער, שמידן, סטעלמאַך, אויוון־שטעלער, טשעשלער זענען 60% געווען יידן און בעקער און שערער 75%. עס איז אויך געווען איין יידישער בוי־מייסטער — שלום לייבאָוויטש.

**סטראַגאַנעס**

ביי גרינוואַרג האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן חיה זיעלינסקא, די „מאַסקאַלקע״. מען האָט איר אַזוי גערופן צוליב איר מאַן, וועלכן מען האָט געכאַפּט אויף 25 יאָר מיליטערישן דינסט ביי ניקאָליי דעם ערשטן;

אַ סוחר און אַרענדאַר פון פרוכט איז געווען וואָלף אַגראַדניק;

מעל און קאַשעס האָט פאַרקויפט רחמיאל דער קאַשעמאַכער מיט זיין פרוי די „שוואַרצע שרה״, זי איז געווען די פאַרקויפערין און ער דער קאַשע־„פּראָדוצענט״, אַליין אַן אַמשינאָווער חסיד, שטרענג פרום און אָפגעהיטן;

זיין שכן ביי דער דערנעבנדיקער שטעל איז געווען שמואל קאַשעמאַכער אַ שאַרפזיניקער קאָצקער חסיד;

ביי די פיש־שטעלן האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין געלאַסנקייט און פּשוטקייט דער קליינוואָקסיקער משה סאָפּיאַן. זיין באַציִונג צו קונים האָט געווען דרך־ארץ און צוטרוי;

דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן זיינוול בערלינער, אויך אַ קליינוואָקסיקן מיט שפּיציק־שאַרפע שוואַרצע אויגן און טונקעלער באָרד (זיין זון לייבל איז געווען דער בעל־קורא אין שול);

אַ פיש־הענדלער איז אויך געווען דוד שלמה ניסנט צינאַמאָן, אָבער די פּאַקטישע סוחרטע איז געווען זיין ווייב שרה, די אשת־חיל, ווייל זיין קאָפּ איז געווען ביים לערנען, ער איז געווען אַ גערער חסיד און אַ בעל־קורא אין גערער שטיבל;

מיט פיש־הורט־האַנדל האָט זיך פאַרנומען משה זעמעל (געשטאָרבן אין ישראל), געפירט פיש קיין וואַרשע און אימפּאַרטירט אויף ווינטער פון אויסלאַנד.

## האַנטווערקער *

**סטאָלער**

אויסער די קריסטלעכע סטאָלער, וועלכע האָבן נאָר פּראָדוצירט טרומנעס, זענען די מעבל־און בוי־סטאָלער געווען אויסשליסלעך יידן. די ערשטע אין שטאָט זענען געווען דוד יאַזשינא און אברהם קירשענבוים, שפּעטער זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע צענטליק, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעטיילט מיט דער גוטער קוואַליפיצירטער אויסאַרבעטונג אַלטער יאַזשינא. די מעבל פּראָדוקציע איז געווען זייער אַנטוויקלט און געאַרבעט אַ סך פאַר דער הויפּטשטאָט וואַרשע. פון סטאָלעריי האָבן זיך אויסגעהאַלטן אַרום 150 משפּחות.

**שניידער**

די ערשטע שניידערס אין שטאָט זענען געווען זלמן וואָלאַסקאַ און אברהם בזשעזשינסקי און שפּעטער די ברידער יחזקאל און גרשון וואָלאַסקאַ (געשטאָרבן אין רוסלאַנד אין יאָר 1942). באַזונדערס פאַרצווייגט איז געווען גרייטע קאָנפעקציע־שניידעריי און פון די בעלי־מלאכות געדענקט זיך משה כניאַנאָווער, דער אייגנטימער פון אַ דאַמען־קאָנפעקציע־מאַגאַזין.

**שוסטער**

כאָטש עס זענען געווען אין פולטוסק צוויי קריסטלעכע

* זע: האַנטווערקער און קליינהענדלער — יאַריד פאַרעס, אידא בולמאַן (טאַשימאָוויטש).

שוסטער־מאַגאַזינען, דאָך זענען די יידישע געשעפטן פון פייוול יאַבלאָנקא, אברהם רוזשע, זעליג גאָלדבערג, אברהם ויעלינסקי און יהונתן גוט געווען איבערגעפולט פון קריסט־לעכע קונים. פון דעם צווייג האָבן געצויגן חיונה אַרום 75 משפחות.

## קצבים

אין דער שטאָט זענען געווען 25 קצבים־משפחות. באַזונ־דער איז כדאי צו דערמאָנען ראָכטשע די קצבטע, אַן ענער־גישע און ערלעכע פרוי, וועלכע איז שטענדיק געווען גרייט אויסצוהעלפן אין אַ נויט. איידעמס צו אירע טעכטער האָט זי אויסגעקליבן שאַרפע לערנער און איינער פון זיי איז געווען יוסף גראַסבאָרד, מיין העברעיש־לערער.

בכלל האָבן די קצבים פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונ־דערן טיפּ פון יידישן פאָלקס־מענטש, ווו כוח און האַרץ האָבן באַוויזן צו יידישער גבורה. נישט איינמאָל האָבן זיי זיך אָנגענומען די קריוודע פון יידישן פאָלק און געוויזן די שונאי־ישראל דעם כוח פון זייער פויסט.

## בעלי־עגלות

אַרום 30 פאַמיליעס. אין זייערע הענט איז געלעגן דער גאַנצער צווישנשטאָטישער פאַרקער און אויך די פּאָסט־איבער־שיקונגען. פון זיי געדענקט זיך: דער הויך־געוויקסיקער, „הויכער" דוד ביבערשטיין, יודל „פּניוואַק", ניעסטעמפּאַוועד מיט זיין פרוי חוה, וואָס זייער זון מאיר־וועלוול האָט געהאַט היתר הוראה.

## זייגערמאַכער

דער ערשטער זייגערמאַכער אין שטאָט און פון די ערשטע משפחות אין פּולטוסק איז געווען לייבל שאַך. דעם פאַך האָט ממשיך געווען זיין זון יצחק שמאי (מיין זיידע), וועלכער האָט געהאַט אויפזיכט אויפן שטאָט־זייגער, מיין פאָטער אברהם שאַך, וועלכער האָט געהאַלטן אַ ווערקשטעל מיט פינף מענטשן, זלמן שפּערלינג און זיין זון משה, וועלכער האָט איבערגענומען די קאָנטראָל איבערן שטאָט־זייגער. פון מיין פאָטערס ווערק־שטעל זענען אַרויסגעקומען גוטע פאַכמענער, ווי יעקל לינד־בערג, וואָס איז אויך געווען אַ גאָלדשמיד און געהאַלטן אויפ־זיכט איבערן שטאָט־זייגער ביזן נאַצי־גירוש, חיים־שלמה סאַפּיאַן, דער אָרגאַניזאַטאָר פון „פועלי ציון", פישל בורשטין (געשטאָרבן אין ישראל), בערל קאַראַש, ווייסבערג, יוסף עפּשטיין, זונדל ראַזענבערג און אַלטער קלאָס.

## שטובן־מאָלער

90% פּראָצענט פון די דאָזיקע האַנטווערקער זענען געווען יידן און צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט עקיבא ביבערשטיין, מיט זיין קינסטלער־טאַלענט. זיין זון מענדל, וועלכער האָט איבערגענומען דעם פאַך פון זיין פאָטער, איז אומגעקומען ערב דעם גירוש פון אַ דייטשער קויל. די נאַציס האָבן אים באַשולדיקט אַז ער האָט אונטערגעצונדן אַ מיליטערישן אויטאָ.

## אינדוסטריע

די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין שטאָט, אין קליי־נעם, צי אין גרויסן מאַסשטאַב, זענען געגרינדעט געוואָרן דורך יידן און געווען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה אין זייער באַזיץ.

אגראַר־מאַשינען־פאַבריק און האָלץ־טאַרטאַק, געגרינדעט צום סוף פון 19טן י"ה דורך מענדל מינץ און באַשעפטיקט 150 אַרבעטער, צווישן זיי סטאָלער־פאַכמענער יידן;

ציגל־פאַבריק, געגרינדעט דורך עקיבא באַרנשטיין, שפּע־טער געווען אין באַזיץ פון שמחה צעלניק;

פאַבריק פון קאָפּלעס צו אויוונס און קיכן, פאַרלייגט דורך חיים־ישראל לעבמאַן און שמעון פרידלאַנד;

טאַרטאַק און דאַמף־מיל פון י. ל. נאַוואָמינסקי;

דאַמף־מיל, פאַרלייגט דורך די ברידער ישראל און זעליג ראָזענבערג און פייבל מאַנטאַזש;

דאַמף־מיל, געגרינדעט דורך שמואל רינג, יצחק פרידלאַנד, אברהם שאַפּראַן;

דאַמף־מיל, אויפגעבויט דורך יוסף מענדל וואַגמאַן און נטע קאַמינסקי;

ווינט־מיל, אויפגעשטעלט דורך יעקל סטאַראָשוויעצקי;

איילמיל, אין באַזיץ פון חיים וויינשטיין;

איילמיל, פון בערל אָלעווניק;

איילמיל, אייגנטימער רוזשע.

אויסער דעם זענען געווען צען קאַשע־מילן אויסשליסלעך אין יידישע הענט.

סאָדע־וואַסער־פאַבריק, געגרינדעט דורך מרדכי וואַסער־צוג און שפּעטער אין דער אייגנטום פון זיין איידעם שמואל שטוצקי, באַרימט געווען מיט אירע אויסאַרבעטונגען אין דער גאַנצער געגנט;

סאָדע־וואַסער־פאַבריק, פון פייבל סאָכאַטשעווסקי;

סאָדע־וואַסער־פאַבריק פון יעקב גורמאַן;

סאָדע־וואַסער־פאַבריק פון אלעזר כהן;

סאָדע־וואַסער־פאַבריק פון מנשה און אלעזר מרגלית, די זין פון הירש־נטע הכהן מרגלית, דעם ערשטן פּולטוסקער מורה־הוראה;

וואַטע־פאַבריק, געהערט צו מרקיאל מאירסדאָרף;

עסיק־פאַבריק, פון ישראל פרענקעל;

קנעפּ־פאַבריק געגרינדעט אליעזר צארקא;

פינף זייף־פאַבריקן געפירט אויף אַ גאַר פרימיטיוון אופן צווישן אַנדערע דורך אליהו טאַשימאַוויטש; הירש האָלצמאַן; יאַנקל און ברידער גרינבערג;

צוויי צוקערלעך־פאַבריקן געפירט דורך יצחק וויגאָדאַ און זיין זון אברהם גרשון;

## מיסחר

### אייזן־געשעפטן

איינער פון די ערשטע סוחרים אין פולטוסק איז געווען גדליהו זילבערשטיין. ער האָט אויף דער שוויענטאַ־יאַנסקער גאַס געהאַט דאָס גרעסטע אייזן־געשעפט אין שטאָט און אַ דערלויבעניש צו פאַרקויפן געווער, אַ זעלטנהייט ביי יידן אין יענע צייטן. געהאַט אַן אייגן הויז אין צענטער פונעם מאַרק „דאָס אייזערנע הויז", ווי מען פלעגט עס רופן אין פולטוסק. שפּעטער איז דאָס געשעפט איבערגעגאַנגען צו זיין זון נטע און זיין איידעם יחזקאל טאַוב. יחזקאל טאַובס איינקל, ד״ר זאב טבע איז אַ באַקאַנטער כירורג אין ישראל.

ביים ענדע פון 19טן י״ה זענען צוגעקומען נאָך פיר יידישע אייזן־געשעפטן, פון וועלכע איינס האָט געהערט צו מענדל („רוזשאַנער") לייבמאַן און געפירט האָט עס זיין פרוי שרהטשע די טאָכטער פון יהושע מאירסדאָרף.

### תבואה סוחרים און עקספּאָרטערן

פון די תבואה עקספּאָרטערן זענען אין פולטוסק געווען באַקאַנט: משה לענט, וועלכער האָט אויפגעשטעלט אין פולטוסק אַ גרויסן שפּייכלער (מיט אַ פענדעלע אויפן דאַך מיט זיינע ראשי תיבות); מרדכי וואַסערצוג, דער ערשטער ייד אין שטאָט, וועלכער איז געגאַנגען קורץ געקליידעט; ברוך קראַנענבערג; זכריה קאַפּעלאָוויטש, נחמן וואָלף ראָזענבערג און אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַנדלט פאַרן אינערלעכן געברויך.

## קאָלאָניאַל־בראַנזשע

### הורט געשעפטן

אַ פראָספּערירנדיק הורט־געשעפט האָט געהאַט נחמן אָזשאַראָוו און שפּעטער בצלאל מאירסדאָרף, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו, אויסגעבויט אַ גרויס הויז אויף דער קאַטלאַרסקער גאַס און געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעפירט וואַסער־לייטונג און קאַנאַליזאַציע אין זיין געביידע. בשעת די רוסישע צייטן האָט זיך אינעם הויז געפונען דער שטאַב פון דער דיוויזיע, שפּעטער דער צענטער פון די חדרים, דערנאָך די יידישע גימנאַזיע און צום סוף די יידישע פאָלקסשולן. בצלאל מאירסדאָרף איז געווען אַ „פאַרברענטער" גערער חסיד, פאַנאַטיש פרום און געלאָזט זיך אַ סך קאָסטן פאַר גער.

עס זענען נאָך געווען צוויי קלענערע הורט־געשעפטן, וואָס האָבן געהערט צו חנוך און דבורה גאָלדשטיין און שפּעטער צו זייער זון לייבל און צו איינעם פון די גרינדער פון דער יידישער גימנאַזיע מענדל גאָלדשטיין. חוץ פון דעם זענען געווען אין שטאָט אַ סך קליינע דעטאַלע קאָלאָניאַל־געוועלבער.

פון וויין און בראָנפן איז געווען איין יידיש געוועלב, וואָס איז געוואָרן פאַרלייגט סוף 19טן י״ה דורך הירש זילבערמאַן („יעזשאַרעק"). חוץ דעם האָבן פאַרקויפט „היימיש" וויין מאָטל פאַרבעראָוויטש („מעדמאַכער"), משה יוסף עפּשטיין (ר' שמחהלעס זון) און ברוך מענדל פראַגער.

אַלס קעגנזאַץ צו אַלקאָהאָלישע געטראַנקען וויל איך דערמאָנען די מילכטרעגערס, וואָס פלעגן פאַרקויפן מילך אין די יידישע הייזער און צווישן זיי דעם באַוווסטן אין שטאָט משה־יאַנקל ליפּניאַק, וועלכער איז געווען איבערגעטריבן פרום און ביי וועלכן די מילך און פּוטער איז געווען למהדרין מן המהדרין.

### מעל־סוחרים

הורט־סוחרים פון מעל זענען געווען הירש נאָטקעוויטש און אברהם אהרן רינג. דער לעצטער האָט עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד און רוסלאַנד און האָט גוט באַהערשט די דייטשע און פוילישע שפּראַך. געווען אָנגענומען אין שטאָט אַלס אויפגעקלערטער און וויסנהאַפטער מענטש און אפילו קריסטן האָבן געזוכט ביי אים ראַט און שטיצע.

פון אַנדערע שפּייז־געשעפטן איז כדאי צו דערמאָנען דאָס הייוון־הורט־געשעפט פון מאָטל וואַלערשטיין און דעם ציקער־סלאַד פון חיים ענגעלמאַן דעם איידעם פון משה שאַפּראַן.

### מאַנופאַקטור

משה שאַפּראַן האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אין זיין אייגן גרויסן הויז, ווו עס האָבן זיך געפונען 36 פאַרשידענע געוועלבן. ער האָט דאָ אויסגעבויט אַ בית־מדרש, ווו עס האָט זיך שפּעטער געפונען דאָס ראַדזימינער שטיבל. אַחוץ דעם האָט ער געהאַט שותפות אַ דאָרף מיט נחום סאָקאָלאָוו שוועגער. געשפּענדט אַ סך געלט אויף רעליגיעזע און וווילטעטיקע צוועקן.

אברהם קאַמינסקי איז געווען דער באַזיצער פון אַ גרויס מאַנופאַקטור־און גאַלאַנטעריע־געשעפט אין זיין אייגן ריזיק הויז וואָס האָט זיך געצויגן איבער דריי גאַסן און ווו עס זענען געווען נאָך 23 אַנדערע געשעפטן. דאָס געשעפט האָט געפירט זיין פרוי אסתר מלכה, די טאָכטער פון יהושע מאירסדאָרף און געלאָזט דעם מאַן, דעם וואַרקער חסיד, מתעסק זיין זיך אין תורה און בצרכי הצבור. זייער זון נטע האָט געהאַלטן מאַנופאַקטור אויף הורט און געווען אַ שותף צו יוסף מענדל וואַגמאַנס מיל.

אין שטוצקיס הויז האָט זיך געפונען דאָס טעקסטיל־געשעפט פון איטשע וולאָסקא. ער האָט געפירט אַ זייער פרומע שטוב, אָבער זיין זון, וועלכער איז געווען אַ לערנער מיט אַ פּראַקטישער וועלט־אַנשויונג, האָט באַלייגט עקזאַמענס אין דער דענטיסטישער שול אין וואַרשע, געענדיקט די לימודים און פּראַקטיצירט אַלס דענטיסט אין דער הויפּטשטאָט. דאָס געשעפט האָט שפּעטער געפירט וולאָסקעס איידעם בן־ציון בלום, איבערפירנדיק עס אין שאַפּראַנס הויז.

אַ געשעפט פון בעסערע שטאָפן פון לאָדזשער און טאָמאַ־שאָווער פאַבריקן האָט געהאַלטן מענדל אַסמאַן („דער לאָדזשער"), מיט זיין פרוי מלכה, וועלכע האָט אים פאַרטראָטן בשעת זיינע אָפטע רייזעס אין די דאָזיקע שטעט.

צווישן אַנדערע זענען געווען טעקסטיל־סוחרים משה קראַנענבערג (אַ ניישטאַטער חסיד); זכריה קאַכמאַן (אַן איידעם פון יהושע מאירסדאָרף) מיט זיין ווייב נחה; מאיר ענגלאַנד, אַן איידעם פונעם גרויסן הויז־באַזיצער שמעון ראָזענאַווסקי, געשטאַמט פון סאָסנאָוויץ, אַ גערער חסיד און אַ גרויסער לערנער. זיין טאָכטער איז געווען פון די ערשטע מיידלעך פון פּולטוסק, וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

גאַלאַנטעריע

פון די אייגנטימער פון גאַלאַנטעריע־געוועלבן קומען אויפן זכרון משה גאָלדשטיין, אַ ייד אַ למדן, בעל־שחרית אין גערער שטיבל; משה ירמיהו לוין, אַן איידעם פון יעקל נוטקעוויטש, ער האָט זיך שטענדיק מתעסק געווען אין ווילטעטיקע צוועקן און דאָס געשעפט האָט געפירט זיין טאָכטער הינדע און איר מאַן אברהם נוטקעוויטש, וועלכע האָבן זיך שפּעטער איבער־געצויגן קיין וואַרשע און דאָרט געעפנט אַ הורט־גאַלאַנטעריע־אונטערנעמונג; איטשע מאיר גאָלדשטיין און זיין פרוי פּאַיע אין דאָס געוועלב האָט שפּעטער איבערגענומען זייער טאָכטער שרה און איר מאַן שלום הירש סימכאָוויטש; שמואל שמחה ליכטענשטיין און זיין פרוי רחל, זייער אַן ענערגישע, געבראַכט אַליין די סחורה פון וואַרשע; זיי האָבן שפּעטער געפירט אַ גרויס מאַנופאַקטור געשעפט.

לעדער־בראַנזשע

לעדער געשעפטן האָבן געהערט צו משה חיים באָרנשטיין און צו משה לייב עלקעס.

גלאָז

געוועלבער פון גלאָז און גלאָזוואַרג זענען געווען אין באַזיץ פון אברהם יצחק ראָזענבערג (גדליהו זילבערשטיינס אַן איידעם), וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיין זון אלתר; פון באַטשע וורענע; פון האָזענשפּרונג; פון מענדל מאַנטמער.

האָלץ־מיסחר

די דאָזיקע בראַנזשע איז געווען זייער אַנטוויקלט אין פּולטוסק מיט פיל סוחרים, צווישן וועלכע דער טאָן־געבער איז געווען ר' שמואל דאָן, וועלכער האָט געשמט אין גאַנץ פּוילן אַלס גרויסער האָלץ־עקספּאָרטער. זיינע ברייט־פאַר־צווייגטע געשעפטן האָט ער געפירט פון זיין קאַנטאָר, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין אייגן פּראַכטפול הויז אויף דער דריטער מאַי גאַס (פּעטערבורגער) נומ. 7. שפּעטער האָט די עסקים געפירט זיין זון מאָטל דאָן.

אַ סוחר אין גרויסן מאַסשטאַב איז געווען אברהם משה גרינבאום, געהאַט זיין האָלץ־סקלאַד ביים „פּזשעוווז" אויפן עק אַלטן מקום. ער איז אומגעקומען אין טיפן עלטער אין געטאָ וואַרשע אין יאָר 1942.

אַ האָלץ־עקספּאָרטער איז אויך געווען דוד רובינשטיין, איינער פון די פאַרגעשריטענע יידן אין שטאָט; זיין טאָכטער איז געווען די איינציקע אין פּולטוסק וואָס האָט צו יענער צייט געלערנט אין אַ קריסטלעכער פּענסיע אין וואַרשע; זי איז געווען די פרוי פון לייבוש דאָן, וועלכער האָט געהאַט אַ האָלץ־סקלאַד פון בוי־מאַטעריאַלן און געווען דער פּרעזעס פונעם סוחרים־פאַריין.

איך האָב איבערגעגעבן ווי מעגלעך אויספירלעך די ווירט־שאַפטלעכע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּולטוסק, כדי צו פאַראייביקן אויף דורות דעם יידישן טאַט, די ענערגיע, מי און פּראַצע פון אונדזערע שוועסטער און ברידער, וואָס זייערע לעבנס זענען אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן געוואָרן.

# פינף שאסייען

מיט פינף הויפט־שאָסייען האָט מען געקענט אַריינפאָרן און אַרויספאָרן פון פולטוסק: מיטן מאַקאָווער, טשעכאַנאָווער, נאַשעלסקער, סעראָצקער און ווישקאָווער שאָסיי.

די פאַרבינדונג איז געווען באַזונדער מיט צפון, און באַזונדער מיט דרום, באַזונדער מיט מזרח און באַזונדער מיט מערב.

ווען מיט איין שאָסיי האָט מען געקענט אַריינפאָרן קיין רוסלאַנד (מיטן ווישקאָווער שאָסיי), האָט מען געקענט מיט אַ צווייטן אַריינפאָרן קיין דייטשלאַנד (מיטן טשעכאַנאָווער שאָסיי).

ברייטע רחבותדיקע שאָסייען, געפּלאַסטערטע פון שטיין, מען זאָל זיך קענען קעגן־זייטיק אויסמיידן, מיט אומצייליקע דערפער, גרויסע און קליינע ביי די זייטן, מיט טייכלעך און בריקלעך, מיט אַ שטאַרקע באַוועגונג אויף פורן, לייטער־וואָגנס און פלאַטפאָרמעס מיט לאַדונג און בריטשקעס, פאָוואָזן און וואָלאַנטן, מיט איין פערד, מיט צוויי פערד און אפילו מיט פיר פערד „נאַשפּיץ". ווער מיט שווערער לאַדונג און ווער מיט פאַנטאַזיע צו באַווייזן זיך מיט שיינע פערד — זעקס פון איין מאַשטש (ראַסע)... פערד געצוימטע, צעיושעטע מיט פּיאַנע אויף די פּיסקעס — ווי לייבן, ווי אַדלערס טראָגן זיי זיך זיך מיטן פורן אין שטאָט אַריין.

— קיין פולטוסק!

✶

זעלטן ווען זענען די וועגן געווען אַזוי ווילד־ראָמאַנטיש און געפירט שיכורע פריצים און פריציטעס מיט געשפּיצטע פערד, דאָס רוב זענען די שאָסייען געווען פול מיט האָראָ־פּאַשנע פויערים און יידן, וואָס האָבן שווער און ביטער געפראַצעוועט אויף זייער טאָג־טעגלעך ברויט. געפירט, ווער תבואה, ווער אייזן, ווער מעל, ווער קוילן און ווער גאָר אַ קראַנקן צום באַקאַנטן יידישן פעלדשער ר' ברוך יאַסקאָוויטש.

— קיין פולטוסק.

ווען עס האָט געהייסן „קיין פולטוסק", האָט עס געהייסן: צו די יידן קיין פולטוסק. די תבואה, דאָס האָלץ, די קאַרטאָפל, דאָס גרינוואַרג איז „געגאַנגען" צום יידישן סוחר. יידן האָבן געבויט מילן, טאַרטאַקן, צעגעלניעס און אייזן־גיסערייען.

זיי האָבן געבויט און פונאַנדערגעבויט דעם האַנדל אין פול־טוסק, געשאַפן פון פולטוסק אַ שטאָט מיט אַ ברייטן פאַרנעם, מיט אַ יידישער מערהייט.

כאָטש אָביעקטיוו גענומען האָט פּ־לטוסק געהאַט שוואַכע מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין צופאַר־באַן, זענען די יידן געווען די בעלי־עגלות און געפירט פראַכט און משאות פון איין שטאָט אין דער צווייטער. כמעט קיין איין גוי האָט זיך מיט דעם נישט באַשעפטיקט. שפּעטער, ווען עס זענען אויפגעקומען אויטאָס, זענען יידן געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן איינגעפירט דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט.

✶

40 יאָר...

איבער 40 יאָר, ווי איך האָב דיך פאַרלאָזט, פולטוסק, מיין געבורטס־שטאָט, ווי איך האָב דיך נישט געזען.

ווען איך בין אַוועק פון דיר, ביסטו געווען פול מיט יידיש לעבן, מיט יידישער קולטור, מיט יידישקייט, מיט תורה, מיט יידישן האַנדל, מיט יידישע געוועלבער און סטראַגאַנעס, מיט יידישע בעלי־מלאכות און יידישע פאַבריקן, מיט יידיש לשון און יידישן שטאָלץ...

ווו ביסטו איצט יידיש פולטוסק?!

ווו ביסטו בית־מדרש, ווו ביסטו יידישע ביבליאָטעק, יידיש געוועלב, יידישע היים, יידישער בית־עלמין?!

פולטוסק, מיין שטאָט, ביסט אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידישע טאַטע־מאַמע, פון יידיש קינד, פון יידישער שול... דיינע יידן פאַרטריבן, אויסגעהרגעט, זייער פאַרמעגן צערויבט...

איכה ישבה בדד העיר פולטוסק?

דיינע גאַסן זענען אויסגעפּלאַסטערט מיט יידישע מצבות און דיין בית־עלמין איז אויסגעגלייכט און עס פּאַשן זיך דאָרט שעפּסן!!!

נאָך קיינמאָל איז מיין בענקשאַפט נישט געווען אַזוי שטאַרק נאָך מיין שטאָט, ווי איצט, ווען איך שרייב די שורות. עפּעס איז מיר איצט געוואָרן אַלץ זיבן מאָל טייער, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער. אַלץ איז מיר אַזוי נאָענט און פאַר־שטענדלעך. אַלץ, יעדעס ווינקעלע, יעדעס שטיינדעלע, יעדעס

געסעלע. מיין שטאָט, מיין יידישע שטאָט פּולטוסק, אויפֿ־געבויט פון יידישע אַרבעט און פּראַצע.



די פּולטוסקער שאָסייען קומען נישט אַריין אין שטאָט איינציקווייז, יעדער באַזונדער, אויפגעפּראַלט און ווויל־יונגעריש, נאָר וועלנדיק אָפּגעבן דער שטאָט פּולטוסק איר כבוד — פּאַראייניקן זיי זיך אונטער דער שטאָט און קומען אַריין פון איין זייט זאַלבעצווייט, ווי אַ פּאָרל אין טאַנץ, מאַקאָווער און טשעכאַנאָווער שאָסיי און פון דער צווייטער זייט, ווי געסט פון דריי גוט באַפריינדעטע משפחות אויף אַ שמחה: דער סעראָצקער, נאַשעלסקער און ווישקאָווער שאָסיי.

די ערשטע צוויי שאָסייען, דער מאַקאָווער און טשעכאַ־נאָווער „פּאַלן" גלייך אַריין אויף דער שטילער, אַריסטאָקראַ־טישער 3־טער מאַי גאַס, פּונקט ווי די בחורים און מיידלעך פון מאַקאָוו, רוזשאַן און טשעכאַנאָוו וואָס קומען מאַסנווייז אין די חול־המועדן אויף די „קוקן" און גייען זיך „אַזוי סתם" שפּאַצירן לענג־אויס דער 3־טער מאַי גאַס. און האָט מען זיך שוין אַ ביסל „מער פאַרליבט", גייט מען שוין אַ ביסל ווייטער, אַראָפּ אויפן מאַקאָווער שאָסיי. דאָ זענען פאַראַן זייער באַ־קוועמע ערטער זיך אַוועקצוזעצן, אפילו ווערענדעס און אויך — טיפער גראָז...

דאַקעגן דער דריי־פּאַכיקער שאָסייען־קניפּ: סעראָצק, נאַשעלסק און ווישקאָוו פּאַלט גלייך אַריין אין דעם קעסל פון עמק, אויף דעם פערד־מאַרק און חזיר־מאַרק דעם צענטער פון בעלי־עגלות, פערד־הענדלער און חזירים־הענדלער — אויפן וואַרשעווער שאָסיי; אינעם טומל און גערודער, געשרייען און קללות, צווישן וועגענער, וואָס קומען אָן מיט לאַדונג פון די „קאָלעיעס" (באַנען) נאַשעלסק און ווישקאָוו און וועגענער וואָס גייען גלייך קיין וואַרשע און מ׳וואַרט נאָר „בלויז" אויפן „דריטן פערד", וואָס דאַרף צוגעשפּאַנט ווערן אָן דער זייט פון וואָגן, אָדער מ׳וואַרט גאָר אויפן שמייסער.

ביידע שאָסיי־קניפּן, דער „דרייער" און דער „צווייער", טרעפן זיך צוזאַמען אויפן שיין־ציכטיק פּלעצל, אויפן חן־גריבעלע פון פּולטוסק, אויף איר שמייכלדיקן פּונקט, אויפן אַזוי גערופענעם טעאַטער־פּלאַץ.

שטייט זיך אַזוי אויף דעם פּלעצל אַ שיין־געטאַקטע טעאַטער־געביידע, ווי אַ ליבע מאַמע, וואָס שעפּט נחת פון אַנלויף פון די וועגן, לעבן איר האַרץ, אין האַרץ פון פּולטוסק.



ערגעץ, אויסער דער שטאָט, נעמט איר אַרום מיט אַ מעכטיקן אָרעם דער טייך נאַרעוו. גלייך ווי ער וואָלט זיך געשעמט דאָס צו טון אין שטאָט גופא, פאַר מענטשן. אויסער דער שטאָט האָט דער נאַרעוו קיין מורא נישט פאַר קיינעם. ער איז שטאַרק, ברייט, רייסיק און מעכטיק, טיף און אכזריות־דיק. קעגן אים איז פּולטוסק אַזוי נעבעכדיק־קליין, צניעות־דיק און שעמעוודיק. דער נאַרעוו גייט פון מרחקים, שטאַמט פון גרויסן יחוס, אַזש פון ליטע. גייט אַדורך לאָמזשע, אַ שטאָט פון לומדים און משכילים — פּולטוסק גרויסט זיך מיטן נאַרעוו. נישט שטענדיק רופט מען אָן דעם נאָמען „נאַרעוו" — מ׳באַנוצט זיך מיט אַ פיל היימישערן נאָמען, בלויז: „טייך".

וואָס אַן אמת, זענען די גוים און שקצים, געווען פיל היימישער מיטן „טייך", ווי די יידן און יידישע קינדער. מיר יידן האָבן אַ ביסל מורא געהאַט פאַר אים, פאַרט אַ טיפער טייך, אַ קאַלט וואַסער, מ׳קען זיך אַמאָל פאַרקילן, אָדער, חלילה, דערטרינקען ווערן אין זיינע כוואַליעס. אַזוי זומער, אַזוי ווינטער. זומער פון באָדן זיך און שיפן זיך און ווינטער פון גיין אויפן אייז. וואָס פאַראַ הערלעכער תענוג איז עס געווען דאָס באָדן זיך אין טייך אין אַ זומער־פאַרנאַכט אָדער אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג דאָס גליטשן זיך אויפן אייז, אפילו אָן ליזשוועס. איצט דער אָפּצווייג פון טייך, דאָס „פּיסעלע" פון דעם נאַרעוו, וואָס איז בנימוסדיק געפלאָסן אין סאַמען האַרץ פון פּולטוסק און אפילו זוכה געווען צו גאַנצע 6—7 שיינע און געשמאַקע בריקעלעך פון האָלץ און פון שטיין. ממש ווענעציע!

ווער פון אונדז, פּולטוסקער, דערמאָנט נישט אין טיפער בענקשאַפט, דאָס „קעטאַנע בריקל" און ווער פון אונדז איז נישט געשטאַנען אויף די אַנדערע בריקלעך און שטיל און פאַרחלומט געקוקט אין וואַסער אַריין אויף די פישעלעך, וואָס פלעגן זיך מאַסנווייז זאַמלען דווקא ביי די בריקלעך, געפינענדיק דאָ מער צו עסן ווי ערגעץ־אַנדערש. אָדער אַראָפּקוקן אויף די שיפּענדיקע זיך פאַרלעך אין די קליינע שיפלעך...

זומערצייט, אין די גרויסע היצן טריקנט אויס אומרחמנות־דיק דאָס טייכעלע „דאָס פּיסעלע" און בלייבט נעבעך נאַקעט, ווי אַ קערפּער, וואָס קוקט אַרויס פון אַ צעריסן העמד, גרין און בלאָטיק, רחמנא ליצלן. אין יעדן אָרט כמעט, קען מען דאָס טייכל אַדורכגיין. אַלץ ווערט אַזוי איינגעשרומפּן, שמאָל און מאָגער... קוים, וואָס דאָס קליין ביסעלע וואַסער קען זיך אַדורכשטופּן און געפינען דעם וועג צום טאַטן — דעם נאַרעוו...

דערפאַר אָבער צו פּסח, גלייך מיט אַלע טייכן, ווערט עס

פול און דראָט מיט אַרויסגיין פון די ברעגעס — מיט אַזאַ גאווה, מיט אַזאַ עזה און חוצפה — אַ ים!

און מען מאַכט טאַקע פאַרהיטונגס־באַטעריעס (וואַלן), ווייל עס האָט שוין געטראָפן (כמעט אַלע פאָר יאָר), אַז אויך דאָס טייכל גייט אַרויס פון די ברעגן און מאַכט אַן חורבות. פאַר אונדז קינדער איז עס אַ גרויסע שמחה. אין אונדזערע קעלערן קומט אַן וואַסער און מיר שיפן זיך אין... באַליעס...

אויסער דער שטאָט ווילדעוועט און שטורעמט דער נאַרעוו. ער פאַרגיסט שטחים, פעלדער און לאַנקעס, שנייט אָפּ ישובים און גאַנצע דערפער. ווי־ווייט נאָר מ'וואַרפט מיטן אויג ליגט אַלץ אונטערן וואַסער. אַ שרעק! הימעל און וואַסער. דער נאַרעוו איז אַ גרויסע און ברייטע גרין־בלאָע טאָפל פון וואַסער...

שפּעטער אָבער, צו זומערצייט, איז ווידער דער נאַרעוו רויק און שטיל און פליסט זיך ווי אַ זיידענער באַנד מיט זיין שטענדיקן ברייטן וועג. סטאַטעטשנע און מיוחסדיק שווי־מען אויף זיינע כוואַליעס פאַרמאַכטע בערלינקעס מיט תבואה און דאָס שענסטע פון שענסטן: די טראַטוועס מיט געהילץ...

העט ווייט ווייט אויפן האָריזאָנט שלענגלט זיך אין גרינער בלאָקייט, צווישן הימל און וואַסער אַ הילצערנע סטענגע פון קלעצער מיט קליינע בודקעלעך און פיצעלעך מענטשן. דאָס פירן זיי דעם הילצערנעם שלאַנג, שרייען אַריין אין דער ווייטקייט און גיבן זיך פאַרשידענע האַנט־צייכנס ווי צו פירן דאָס געהילץ, וואָס פאַרקערעוועט זיך אַמאָל לינקס, אַמאָל רעכטס, ווי אַ וואָרעם מיט טויזנט פיס, לענגאויס דעם וואַסער. ער סקריפּעט פון צאָרן און גלייכט זיך ווידער אויס און שווימט זיך ווידער זיין וועג:

— קיין דאַנציג!



יעדער שאָסיי, וואָס האָט געפירט אין שטאָט אַריין, האָט געהאַט זיין „ראַזשינקע", און אַז מ'איז שוין צוגעקומען צו אָט דער „ראַזשינקע", האָט מען געוווּסט, אַז מען דאַרף שוין נישט מער ציילן די קילאָמעטער־סלופּעס, אַז מ'איז שוין באַלד אין דער שטאָט.

אַזוי האָט דער מאַקאָווער שאָסיי געהאַט זיין וויאַטראַק (ווינט־מיל) ביי דער זייט, גאָר דערלעבן, וואָס מען האָט אים געזען פון מרחקים. אַזוי ריזעדיק איז ער געווען. געמאַכט פון טונקל־ברוינעם האָלץ. ער האָט מאַיעסטעטיש זיך צעשפּרייט מיט דער ברייטקייט פון זיינע פליגל. געקרוינט איבער דער גאַנצער סביבה און ווען דער וויאַטראַק איז „געגאַנגען" האָט מען העט־ווייט געהערט זיין סקריפּען און דאָס שניידן די לופט.

שבת, נאָך מיטאָג, אַז מ'האָט געוואָלט מאַכן דאָ אַן אויס־פלוג, פלעגט מען בלויז זאָגן: מיר גייען צום וויאַטראַק. עס איז געווען אַ שפּאַר שטיקל וועג און מ'האָט זיך גוט אָנגעמאַטערט ביז מען איז צוגעקומען. דער וויאַטראַק איז אָבער שבת נישט געגאַנגען, ווייל ער האָט געהערט צו אַ ייד. ס'האָט אָבער נישט געשאַט, דער וויאַטראַק האָט ווינציקער געשראָקן ווען ער האָט נישט געאַרבעט. דערפאַר האָט מען אים געקענט רויקער באַקוקן פון אַלע זייטן און אפילו אַריינקריכן אינע־ווייניק.

אַמאָל, געדענק איך, בין איך אַרויפגעקראָכן אויף דער ווינט־מיל מיט די לייטער־טרעפּ, וועלכע זענען געווען זייער הויך און דערנאָך האָב איך זיך געשראָקן אַראָפּצוגיין, ווייל כ'האָב געמיינט, אַז דער וויאַטראַק קען נאָך אָנהויבן „גיין"...

ווינטן האָבן געבלאָזן ווי אַלע טעג אין דער וואָך, אָבער די יידישע ווינטמיל האָט גערוט אום שבת...



די „ראַזשינקע" פון טשעכאַנאָווער שאָסיי איז געווען צעלניקס צעגעלניע (ציגל־פאַבריק) און מענדל מינצס אייזן־פאַבריק. דאָס איז געווען דער שטילסטער שאָסיי פון אַלע שאָסייען אַרום פּולטוסק. אפשר דערפאַר וואָס פּולטוסק איז געווען ווייניקער געבונדן מיט טשעכאַנאָוו ווי מיט אַנדערע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. און פאַרקערט, טשעכאַנאָוו האָט געהאַט „אונטער דער נאָז" מלאַווע מיט דער דייטשישער גרענעץ און וואַרשע מיט אַ דירעקטע באַן־פאַרבינדונג. טאָ צו וואָס ברויך זי האָבן פּולטוסק? טשעכאַנאָוו איז דערמיט געווען מער מיוחסדיק, מער „מערב אייראָפּעיש" ווי פּולטוסק; טשעכאַנאָוו ליגט מערבדיק פון פּולטוסק.

איך דערמאָן זיך נישט אַן קיין שום ביימער אויף דעם טשעכאַנאָווער שאָסיי. איך געדענק נישט קיין ישובים, קיין דערפער, אַלץ איז עפּעס דאָרט געווען אַזוי פלאַך און האָרי־זאָנטיק, בלאָטיק און ליימיק. איצט ווערט מיר קלאָר פאַר־וואָס דאָ איז אַנטשטאַנען צעלניקס ציגל־פאַבריק, ווייל די אומגעגנט איז געווען אַ ליימיקע.

ר' אפרים צעלניק* אַליין איז געווען אַ ייד אַ ברייט־פּלייציקער, אַ משכיל, אַ פאַרגעשריטענער מיט אַ פיין צוגע־שוירן בערדל, אָבער פון געלע, ממש רויט־פייערדיקע האָר. ווען איך פלעג רעדן מיט אים (און גלייכצייטיק קוקן אויף אים), פלעג איך שטענדיק טראַכטן, אַז זיינע רויטע האָר וואַקסן ביי אים אויס נקמה, ווייל ער ברענט אַזוי רויט־

* זע: אפרים צעלניק, י. גרינשפּאַן.

פייערדיק אויס דאָס ליים אויף ציגל אין זיין גרויסער ציגל־פאַבריק...

די צעגעלניע האָט זיך געצויגן אויף אַ גרויסן שטח, צעוואָרפן דאָ און דאָרט, אַזוי, אַז מ׳האָט באמת נישט געוווּסט ווו זי הויבט זיך אָן און ווו זי ענדיקט זיך. וויכטיק איז אָבער געווען דער פאַבריק־קוימען. האָט מען געזעען דעם קוימען — איז דאָס געווען די צעגעלניע.

די צווייטע „ראָזשינקע״ פון דעם שאָסיי איז געווען מינצס אייזן־פאַבריק. דאָס איז שוין געווען אַ שיינע, גרויסע טונקעלע געביידע (מ׳האָט געזאָגט, אַז ס׳האָבן אין איר געאַרבעט אַ סך אַרבעטער, קריסטן מיט יידן צוזאַמען). און ווען מ׳האָט אפילו נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ פאַבריק, האָט מען גלייך געזעען דעם שטאַרקן רויך פון פאַבריקס־קוימען און געהערט דאָס קלאַפּן און קלעמפּערן פון אייזן און שטאָל.

דאָס געשריי פון געשלאָגענעם אייזן האָט זיך געטראָגן העט־ווייט, גלייך ווי מ׳וואָלט געטון די גרעסטע עוולה וואָס מ׳מאַכט פון אויסגעקרומטע און פאַרזשאַווערטע שטיקער אייזן — אַן אַקער־אייזן אָדער אַ סאָכע.

ר׳ מענדל מינץ * אַליין, דער אייגנטימער פון דער פאַבריק, איז געווען אַ ייד אַ חסיד, אַ ירא־שמיים, וואָס פלעגט נישט גיין אויפן טראָטואַר, נאָר אין מיטן וועג, כדי זיך חלילה נישט אָנצושטויסן אויף אַן... אשה. פלעגט קוקן אויף דער ערד און גיין זיין וועג.



דער סאָראָצקער שאָסיי איז געווען דער באַוועגלעכסטער שאָסיי פון אַלע שאָסייען אַרום פּולטוסק. דורך אים איז מען אַממיינסטן געפאָרן קיין וואַרשע און פון וואַרשע.

אָט דער שאָסיי טאַקע האָט נישט גערוט נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. כסדר געווען אין באַוועגונג. מיט פּאַסאַזשירן און לאַדונג מכל המינים. אין היץ און אין קעלט, אין פרעסט און זאַווערוכעס, אין נעפּל, אין שלאַקס־רעגן, דורכגענעצט ביזן ביין, האָט דער יידישער בעל־עגלה טאָג־איין־טאָג־אויס געמאָסטן די וועגן מיט זיין פערד און וואָגן, בויד און אויטאָ. געגאַנגען אין סכנות דורך פינצטערע נעכט, אָן פחד און מורא פאַר גויים גנבים, פאַר גזלנים, אפילו נישט באַוואָפנט מיט געווער (ווער האָט דעמאָלט געוווּסט פון אַ רעוואָלווער?...), אפילו אָן אַ מעסער, איז דער יידישער בעל־עגלה געגאַנגען זיין וועג. ווער האָט געדאַרפט געווער? דאָס איז גוט פאַר אַ גוי, אָבער נישט פאַר קיין ייד. ווען אַ יידישער בעל־עגלה איז איבערגעפאַלן געוואָרן אין אַ שטאָק פינצטערער נאַכט, האָט אונדזער פּולטוסקער ראשית כל געהאַט אַ פּאָר ידיים אויף צוריק צו דערלאַנגען און ווען מ׳האָט געברויכט פלעגט ער אויך אַ כאַפּ טון אַן אָרטשיק, אָדער אַ שטיק אייזן, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט אונטער דער קעלניע און דערמיט מכבד זיין דעם אָנפאַלער, וועלכער האָט שוין געהאַט צו געדענקען זיין גאַנץ לעבן, אַז מיט אַ יידישן בעל־עגלה הייבט מען נישט אָן. און נאָך אַזאַ שטיקל אַרבעט (און אפילו אָן אַזאַ אַרבעט) און אויך סתם אַזוי צווישן 12 און 2 ביינאַכט, נעמט זיך אונדזער בעל־עגלה אַרויס פון די הויזן־קעשענע זיין פלעשל שפּירט, אַ ריינעם 96־קער, מאַכט אַ „שהכל״, גיט אַ געזונטן „ציי״, רייבט זיך אָן אַ האַנט אָן אַ האַנט און גיט זיך אַ צענדליק קלעפּ מיט די הענט אין די שולטערן און צו די פערד גיט ער אַ טשמאַקע און אַ צי מיט די לייצעס:

— „היידא, וויאָ!״

דאָס בעל־עגלה־פאַך אָבער איז גאָרנישט געווען קיין געהויבנס. אַ שווערע פּרנסה, וואָס אַ חוץ די פליכט אָפּצוהיטן די סחורה פון גנבישע הענט, האָט מען געמוזט זאָרגן, אַז די פערד זאָלן נישט טרינקען קיין צו קאַלטע וואַסער, ווען זיי זענען פאַרשוויצט, אָדער דאָס נאָך ערגערע, אפשר דאָס ערגסטע אין דעם פאַך, אָפּצוהיטן די פערד, אַז דער קאָנקורענט זאָל זיי נישט... אָפּסאַמען.

ליידער איז דאָס מין סמען פון פערד געווען זייער „אָנגענומען״ ביי אונדזערע פּולטוסקער בעלי־עגלות. אפשר מער ווי אין דער גאַנצער סביבה. אַזאַ אָפּסמען האָט אָפטמאָל דערפירט דערצו, וואָס דער „אָפּגעסמטער״ בעל־עגלה איז געוואָרן אויס בעל־עגלה און געמוזט גיין זיך פאַרדינגען פאַר אַן איינפאַכן „שמייסער״. זיין אַ „מענטש״ ביי יענעם. דאָס איז געווען ביטער. אַ „מענטש״ ביי יענעם! אויס מיט זיין אַליין בעל־הבית!!

דערפאַר איז נאָך אַזאַ איינמאַליקן אָפּסמען די פערד, געגאַנגען אַ רייע פון אָפּסמען, אַלס אַקט פון נקמה, וואָס האָט נישט איינמאָל דערפירט דערצו, אַז כמעט ביי אַלע בעלי־עגלות האָט מען געטייט די פערד... „צדק״ איז געמאַכט געוואָרן, דער חשבון איז געוואָרן דערלעדיקט...

נאַטירלעך, זענען נאָך לאַנג געווען געשלעגן מיט קלעפּ, געוויינען און געשרייען. בעל־עגלהשע ווייבער האָבן זיך די באַקן אויסגעקניפּט, די האָר זיך פון די קעפּ אויסגעריסן, די קעפּ אָן וואַנט געשלאָגן, אָבער — דערפון זענען די פערד נישט לעבעדיק געוואָרן. עס איז פשוט געווען אַ נס וואָס נאָך די געסמטע פערד, זענען נישט געווען קיין געסמטע מענטשן.

✶

* זע: מענדל מינץ, י. גרינשפּאַן.

די ראַזשינקע פון סעראַצקער שאָסיי איז געווען ראַזענ־בערגס פּאַראָווע מיל. האָט מען שוין געזען דעם פּאַר־שטאָקיקן מויער, וואָס איז געשטאַנען נישט מיטן פראָנט צום שאָסיי, נאָר פון דער זייט, און הייזקעס, הייזקעס אַרום, שטענ־דיק באַדעקט מיט אַ ווייסלעך־גרויען שטויב — האָט מען געוווּסט, אַז מ׳איז שוין באַלד דאָ אין פּולטוסק.

אָט זעט מען שוין פון דעם אָרט גאַנץ פּולטוסק (עס איז געווען אויף אַ בערגל). אָט זעט מען שוין דעם באַרימטן ראַטהויז מיטן שטאָטזייגער, וואָס דער יידישער זייגערמאַכער שפּערלינג האָט אים איין מאָל אין חודש אָנגעצויגן.

ר׳ סראָלקע ראַזענבערג, דער מיטאייגנטימער פון דער מיל (צוויי ברידער זענען זיי געווען), איז געווען אינגאַנצן ענלעך צו זיין מיל. אויך ער האָט עפּעס אַוועקגעקוקט אין דער זייט, ווען ער האָט גערעדט מיט אייך און אויך ער איז געווען האַלב גרוי און האַלב טונקל, פּונקט ווי זיין מיל, וואָס איז געווען באַדעקט מיטן שטויב פון קאָרן־מעל, אויפן דאַך, אויף די פענצטער, אויף די ווענט און נאָר אַ מאָסע פון פייגע־לעך און טויבן פלעגן נישט אָפּטרעטן פון דעם אָרט. דאָ אין דער מיל האָבן זיי געקריגן זייער טעגלעך שפּייז, דאָס בעסטע און טייערסטע — ווייצן־קערנדלעך.

דער ווישקאָווער שאָסיי. דאָס איז דער שאָסיי פון פרישע לופט! אייגנטלעך זענען פאַראַן צוויי שאָסייען: אַן אַלטער און אַ נייער. דער נייער איז נאָר אַ שטיקל המשך צום אַלטן, וועלכער פירט צו דער אַלטער, פאַרברענטער בריק אויפן נאַרעוו. דאַקעגן דער נייער שאָסיי (ער איז אפילו נישט אַזוי ניי) פירט צו דער נייער גרויסער הילצערנער בריק איבער דער נאַרעוו.

דער ווישקאָווער שאָסיי, איז נישט ווי אַלע אַנדערע שאָסייען — פלאַך. ער גייט אויף אַ הויכע גראַבליע. עס איז דערפאַר, וואָס דער שאָסיי ליגט האַרט ביי דער נאַרעוו, וועל־כער קען אָפּט איבערשווענקן אַ נידעריק־פלאַכן שאָסיי. אויך דער הויכער שאָסיי, איז ווייניק וואָס געווען זיכער קעגן איבערשוועמונגען.

איך וואָלט אויף דעם שאָסיי געזאָגט, אַז ער איז אַ „היל־צערנער שאָסיי", ווייל ליגענדיק לעבן די גרויסע פאַפּלאָווער וועלדער ווערט מערסטן טייל אויף אים געפירט האָלץ. זומער און ווינטער — האָלץ! דאָ איז שוין דער בעל־עגלה פון גאָר אַן אַנדער מין, מיט אַן אַנדער בגד און מיט אַן אַנדער פנים: אַ פויער אויף אַ גוייִש פערדל, אַ לייכטס מיט אַן אונטער־געבונדענעם ווײדל. אויך דער וואָגן איז אַן אַנדערער, דאָ איז דער „וואָגן" בלויז צוויי רעדער פון פאָרנט און צוויי רעדער פון אונטן און אין דערמיט ליגט אַן אונטערגעהאַקטער לאַנגער בוים, וואָס מ׳פירט אים אַריין צו זעגן אין נאָוואָ־מינסקיס טאַרטאַק. אַדער בכלל זעסטו נישט קיין רעדער ביים וואָגן, נישט קיין פאַדערשטע און נישט קיין אונטערשטע. בלויז אַ קלאָץ, אַ בוים איז דער וואָגן, אָן שום רעדער, אָן שום גאַרנישט. שלעפּט דאָס פערדל אַ קלאָץ איבערן שאָסיי — אין נאָוואָמינסקיס טאַרטאַק אַריין!

איך בין זיכער, אַז ווען נישט נאָוואָמינסקיס טאַרטאַק וואָלט דאָ גאַרנישט געווען, וואָלט דאָ קיין שאָסיי נישט געווען און אפשר אויך נישט קיין... וואַלד.

איז די געגנט ווייט אַרום פאַרטראָגן מיט זעגעכץ פון די צעזעגטע ביימער, קלעצער, בעלקעס און ברעטער. דאָס „לייב" פון האָלץ ליגט דאָ פונאַנדערגעשיט און פאַרטראָגן פון ווינט איבער אַלע וועגן, וואָס פירן אין טאַרטאַק אַריין.

דאָ, אויף דעם שאָסיי און אין דער געגנט איז די לופט גאָר אַן אַנדערע, אַ לופט פון וואַלד, פון האָלץ, פון זעגעכץ און פון טייך. דאָ איז די לופט קלאָר, שמעקעדיק און פרייער. דאָ זעט מען מער פייגל, דאָ זעט מען מער בלומען. דאָ פאַר־לויפט די לופט מיטן ריח פון זשיוויצע. אין דער געגנט פאָרט מען אויף „פרישע לופט", אויף זומער־וווינונג, דאָ גייט מען קלייבן גזשיבעס (שוואָמען), יאַגאַדעס און פּאָזשיאָמקעס, אָנ־רייסן „ניעזאַפּאָמינייקעס" („פאַרגעס־מיך־נישט־בלומען"). דאָ קען מען קריגן צו טרינקען אַ גלאָז מילך „גלייך פון דער קו" און דאָ קען מען זיך אַוועקלייגן אין שמעקעדיקן היי אַדער קאָניטשינע, אַליין אַדער זאַלבעצווייט, רעדן וועגן ליבע און חלומען...

אויב אפרים צעלניק איז ענלעך געווען צו אַן אויס־געברענטער ציגל, מענדל מינץ צו אַ שטיק אייזן, סרולקע ראַזענבערג צו קאָרן־מעל, זענען די נאָוואָמינסקיס געווען ענלעך צו ביימער, דעמבעס. אַלע הייכע, פעסט־געבויטע, אָנ־געטון אין בעקעשעס, אין שטיוול, „גויים", לויטן אויסזען, גערעדט מיט אַ דאָרפישן אַקצענט, מיט אַ שאַרפן „ריש". געקומען צו רייטן אין שטאָט אַריין אויף פערד, ממש ווי גויים — אָבער אַלע זענען זיי געווען הייסע יידן, מיט יידישע און נישט פאַרגויישטע נעמען, ווי: לייב נאָוואָמינסקי, שולעם, פייוויש נאָוואָמינסקי אאַ״וו.

און אָט דער שמעקעדיקסטער ווישקאָווער שאָסיי, מיט זיין ראָמאַנטיק און שיינער גרויסער בריק איבערן ברייטן נאַרעוו האָט „זוכה" געווען צו זיין דער יסורים־וועג פאַר די יידן פון פּולטוסק, וועלכע זענען דעם 26טן סעפּטעמבער 1939 אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים. פיל יידן זענען אויף דעם וועג דערמאָרדעט געוואָרן, פיל יידן זענען פון דער בריק געוואָרפן געוואָרן אין נאַרעוו און דאָ

האָבן זיי זייער טויט געפונען, האַרץ־רייסנדיקע סצענעס פון באַרבאַריי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם וועג.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז דווקא ווייל ד״י פּולטוסקער יידן זענען דורך די ד״״טשן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייער שטאָט און דווקא דורך דעם ווישקאָווער שאָסיי, זענען זיי געוואָרן געצוווּנגען צו גיין צו דער מזרח גרענעץ פון פּוילן, זענען זיי שפּעטער פאַרטריבן געוואָרן קיין סיביר און צוליב דעם איז פאַרהעלטניסמעסיק אַ גרויסער טייל געבליבןביים לעבן.

דער אומגליק פון ווישקאָווער שאָסיי, האָט אויך געהאַט זיין גליק.



דער שטילסטער און רויִקסטער פון אַלע שאָסייען איז געווען דער נאַשעלסקער שאָסיי, כאָטש ער האָט פאַרבונדן פּולטוסק מיטן זייער וויכטיקן באַן־קנופּ וואַרשע—מלאַווע און פון דאָרט מיט דער גאָר גרויסער וועלט. מיט דער באַן פון נאַשעלסק זענען געקומען לאַדונגען ממש פון אַלע עקן, פון אַלע וועלט־טיילן.

נאָך אין מיינע פריסטע קינדער־יאָרן האָב איך געהערט דעם נאָמען „נאַשעלסק" ביי מיין פאָטער אין שטוב, דעם באַקאַנטן סוחר און חשובן תושב פון פּולטוסק ר׳ הערשל (צבי) זילבערמאַן, וואָס מ׳האָט אים גערופן אין פּולטוסק „הערשל יעזשאַרעק". דאָס איז דערפאַר, ווייל באַזעצנדיק זיך אין פּולטוסק אין יאָר 1889, האָט ער איבער זיין ניי־געעפנט געשעפט אַרויסגעהאַנגען אַ גרויסן שילד: פאַרטרע־טונג פון אויסאַרבעטונגען פון „יעזשאַרקע" און פּולטוסקער זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז זיין נאָמען.

אַלזאָ, אין מיין עלטערן־הויז האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט וועגן מיטגעבן אַ פראַכט אויף דער „קאָלעי" — דאָס האָט געהייסן ברענגען סחורה פון דער נאַשעלסקער באַן־סטאַציע. נאַטירלעך, אַז אויך אַנדערע יידן פון פּולטוסק האָבן געפירט זייערע ברייטע געשעפטן דורך דער נאַשעלסקער באַן־סטאַציע.

עס שטייען מיר נאָך פאַר די אויגן די גרויסע ריזן פעסער ווייַן, וואָס פלעגן אָנקומען פון דער נאַשעלסקער באַן־סטאַציע, ווינטער אין שניי־פראָסטיקע טעג.

מיין פאָטער האָט אויפגעמאַכט די פעסער מיטן אויס־געפּרווירענעם ווייַן און יעדן איינעם מכבד געווען מיט אַ גומענע קישקע, ער זאָל „ציען" דעם ווייַן, וויפל ער וויל נאָר און וויפל זיין האַרץ גלוסט. און דער עולם בעלי־עגלות האָט „געצויגן"...

א גן־עדן אויף דער וועלט, מ׳קען טרינקען ווייַן וויפל מ׳וויל, אָן אַ סוף! ס׳איז שוין געווען אַ טראַדיציע, ווען ס׳איז אָנגעקומען ווייַן צו „יעזשאַרקען"... נישט איינער איז אַזוי איינגעשלאָפן ביים ציען דעם ווייַן מיט דער קישקע אין האַנט — ווי אַ קינד וואָס ציט פון אַ פלעשל — ביז ס׳איז אים די קישקע אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט און ווייַן האָט זיך גענומען גיסן אויף דער ערד. דעמאָלט האָט אַ צווייטער אַ כאַפּ געטון די קישקע און ער האָט גענומען ציען...

און אַלע האָבן געטרונקען. ביז אַלע ווי איינער האָבן זיך גוט אָנגעטרונקען.

— פאַניע יעזשאַרעק, דערלעבט איבער אַ יאָר מיט אייער ווייב און קינדער און גיסט ווידער ווייַן, — שרייט אַריין דער קליין־געוווּקסענער בעל־עגלה „אנטאלעק".

קיינעם האָט זיך נישט געגלוסט אָוועקצוגיין. דער עולם וואָלט אַזוי געשטאַנען אַ גאַנץ לעבן ביי ד״י גרויסע פעסער מיט ווייַן. אַ קלייניקייט מ׳גיט צו טרינקען ווייַן אומזיסט, וויפל מ׳וויל און. אי דער געבער, אי די טרינקערס, זענען צופרידן...

דער פראָסט אין דרויסן ברענט.

איך זע דאָס בילד דורכן פענצטער פון שטוב. אין פאַר־פראָסטיקטן פענצטער האָב איך אויסגעבלאָזן אַ קליין רעדעלע אויף אַרויסצוקוקן אין דרויסן...

קיינעם איז נישט קאַלט. קיינער קלאַפּט אפילו נישט אין די אַקסלען. דער ווייַן וואַרעמט אינעווייניק. די אַרבעט איז געענדיקט. די פּנימער זענען צעשמייכלט, צופרידן, יום־טוב אין דערוואַכן. קיינעם גלוסט זיך נישט אַוועקגיין.

ענדלעך זאָגט דער פאָטער מיינער:

— חברה, צופרידן? אַלע האָבן געטרינקען, וויפל יעדער האָט געוואָלט? און איצט גייטס אַ היים. נאָך געלט קומטס מאָרגן, ווען עץ וועט זיין אויף אַן אמת ניכטער...

— גוט, פאַניע יעזשאַרעק, קראַנט ווי אין אַ באַנק — ענטפערט דער עולם און נעמט אָפּגיין. און אָפּגייענדיק שרייט דער עולם צו:

— פאַניע יעזשאַרעק, לייזט אַ סך געלט.

אָט די פעסער ווייַן, פונקט ווי אַ סך אַנדערע סחו־רות, זענען געקומען פון ווייטערע מקומות, פון אויסלאַנד, דורכן נאשעלסקער שאָסיי, וועלכער איז אַחוץ אַלעמען געווען אַ שטילער און אמווינציקסטן באַוועגלעכער שאָסיי.

און אפשר אויך דער טרויעריקסטער. אפשר דערפאַר, ווייל ביים סאמע אַריינפאָרן אין שטאָט אריין, לינקס, איז געלאָפן אַ שמאָלער, ליימיקער וועג, וואָס האָט געפירט צום פּולטוסקער בית־עלמין... דאָ האָב איך באַגלייט צו זייער אייביקער רו אַ סך פון מיינע באַקאַנטע און פריינד און אויך

מיין פאַטער צבי זילבערמאַן — יעזשאַרעק ז״ל, דעם שטאָלצן ייד, גוטן מענטש, וואָס האָט געגעבן גמילת־חסדים און אַ שיעור און אויסגעהאַלטן אַ ישיבה פון איבער הונדערט בחורים.

איצט ווען איך שרייב די שורות פון זכרונות, האַלט איך אין מיינע הענט און קוק זיך איין אין צוויי בילדער, וואָס זענען מיר צוגעשיקט געוואָרן פון פּולטוסק. ביידע שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסן שטח מיט זאַמד און גראָז, איינגע־טריקנטע ביימער און וויטקעס. אויפן האָריזאָנט דריי־פיר קליינע אָרעמע הייזקעס, ווו עס פּאַשן זיך אַ צענדליק שעפּסן, האַלטענדיק די קעפּ צו דער ערד... קיין שום וואָלקן, אַלץ איז גראָ, פאַרטריקנט, ליידיק און אָרעם, פאַרוואָרלאָזט און טרויעריק... קיין מענטש, עפּעס ווייט, ווייט ביי די שעפּסן שטייט אַ קינד אין דער הויך.

— פּולטוסקער יידן, אָט דאָס איז פאַרבליבן פון אייער בית־עלמין, פון די מצבות און אהלים...

— מיט די מצבות זענען געוואָרן אויסגעפּלאַסטערט די פּולטוסקער גאַסן פון אַלטן־מקום ביז צום שלאָס...

מען האָט זיך נישט באַנוגנט מיט מאַכן אַ סוף מיט די לעבעדיקע יידן, נאָך אַלץ געווען צו ווייניק, האָט מען געשענדט און פאַרניכטעט דאָס אָרט פון די טויטע — דעם בית־עלמין...

— קיין זכר זאָל נישט בלייבן אפילו נאָך די קברים.

פּויליש פאָלק, האָסט געזיגט !...

— דיין געוויסן האָט זיך ענדלעך באַרויקט !...

— דו האָסט אויך זוכה געווען, וואָס אויף דיין ערד זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די טרעבלינקעס, מיידאַנעקס, אויש־וויצס — מער ווי פינף שאָסייען האָבן געפירט צו דיינע קרעמאַטאָריעס... ווייל די טרעבלינקעס זענען געווען אין די נשמות פון דער גרויסער מערהייט פון פּוילישן פאָלק...

רפאל משה שאך

# פּולטוסק - עקאָנאָמיש און קולטורעל

## (אין אנפאנג פון 20טן י״ה ביז 1927)

אין אָנהויב פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אויף דער פּוילישער גאַס געוועלטיקט די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי — די „ענדעציע“, אונטער דער אָנפירונג פון דמאָווסקי. זייער הויפּטציל איז געווען אַרויסצושטופּן די יידן פון אַלע צווייגן פונעם עקאָנאָמישן לעבן אין פּוילן. עס איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן די לאָזונג „קויפט נישט ביי יידן, קויפט נאָר ביי אייגענע, ביי פּאָליאַקן“. עס זענען געגרינדעט געוואָרן פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיוון און ווירטשאַפטלעכע אונטער־נעמונגען און די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט דערפילט איר „פּאַטריאָטישע פליכט“ מיטן אָפּהאַלטן זיך פונעם קויפן ביי יידן. דער אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט פונעם יאָר 1912, ווען מיט דער הילף פון די קולות פון די וואַרשעווער יידן איז אין דער פּערטער רוסישער דומע געוויילט געוואָרן דער סאָציאַליסטישער קאַנ־דידאַט יאַגיעלאָ.

אין די דאָזיקע יאָרן איז אין פּולטוסק געגרינדעט געוואָרן דורך אַ גרופּע פּוילישע ערדבאַזיצער און גרויס־אַגראַריער דער „סינדיקאַט ראָלניטשי“, וואָס האָט צוגעשטעלט אייזן־מאַטעריאַלן, אַגראַר־מאַשינען און עקספּאָרטירט תבואה. עס זענען אויך אויפגעקומען צוויי גרויסע מאַנופאַקטור־און גאַלאַנ־טעריע־געשעפטן און עטלעכע שפּייז־קלייטן. דאָס האָט זייער געטראָפן דעם יידישן האַנדל און מלאכה, אָבער געווען אויך אַ סטימול פון קאָנסאָלידאַציע און פונעם אָרגאַניזירן זיך פונעם יידישן סוחר און האַנטווערקער. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ליי־און שפּאָר־קאַסע, וועלכע האָט דעראָבערט אין משך פון אַ קורצער צייט דעם פולסטן צוטרוי פון אַלע שיכטן פון דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג און דער באַנק „וזאַיעמני קרעדיט“ (קעגנזייטיקער קרעדיט), וועלכער האָט באַדינט אויסשליסלעך די שטאָטישע סוחרים. די ביידע אינ־סטיטוציעס זענען אויפגעשטאַנען אין אַ צייט פון דער פאַר־ערגערטער יידישער עקאָנאָמישער לאַגע, ווען דער איינציקער פּוילישער באַנק אין שטאָט (אינדוסטריע־באַנק) האָט אויפ־געהערט צו געבן די יידן הלוואות. די צוויי יידישע אינסטי־טוציעס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין שטיצן דעם

יידישן האַנדל און האַנטווערק מיט געבן הלוואות און געהע־ריקן קרעדיט זייערע מיטגלידער. דער ביילים־פּראָצעס (בלוט־בלבול), וואָס האָט זיך געצויגן צוויי און אַ האַלבן יאָר (פרי־לינג 1911 — האַרבסט 1913) האָט פאַרשטאַרקט די אַנטי־סעמיטישע העצע אין פּוילן און די באָיקאָט־לאָזונגען. אין פּולטוסק האָט זיך מיט דעם אויסגעצייכנט דער גלח שרע־דזשינסקי, וועלכער האָט צו דעם צוועק אויסגענוצט די קירך־אַמבאָנע. אַ דאַנק אָבער דעם ליבעראַלן אַלטיטשקן פּראַלאַט דעם גלח גענסטי, וועלכער האָט אונטערגעהאַלטן ווירטשאַפט־לעכע באַציונגען מיט דער יידישער באַפעלקערונג, איז איבער־געריסן געוואָרן די העץ־פּראָפּאַגאַנדע אין די קלויסטערס און דער פּראַלאַט אַליין האָט אין זיינע פּרעדיקונגען גערופן צו פריינדשאַפט צווישן מענטש און מענטש.

טראָץ דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט האָט זיך אַנטוויקלט דער יידישער האַנדל און מלאכה און גורם געווען צום ווייטער־דיקן ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג פון דער שטאָט. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן גרויסע יידישע געשעפטן און אויפ־געבויט געוואָרן אַ סך נייע הייזער. אין יאָר 1913 האָבן יענקל ברים און אברהם יוסף אַסמאַן אויפגעשטעלט עטלעכע בנינים אויף אַ גרויסן ערד־שטח אויף די גאַסן טראַאוגוטאַ, טעלעגראַ־פיטשנאַ און גורקי, און מיליטער־קאַזאַרמעס פאַר קאָזאַקן. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט דורך ב. ליפּניצקי און עס האָבן אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן צוויי יידישע דענטיסטן שמואל בזשאַזשאַוויטש און ישעיהו בזשע־זינסקי.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה דעם 1טן אויגוסט 1914, ווען עס איז אין גאַנץ רוסלאַנד דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, זענען עטלעכע צענדליק פּולטוסקער יידן מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי און אויך עטלעכע, וועלכע זענען פאַראורטיילט געוואָרן פריער דורכן צאַרישן געריכט, זענען פאַרשיקט געוואָרן אין טיף פון רוסלאַנד. פּולטוסק האָט זיך געפונען 70 קל״מ פון דער הויפט־פראָנט־ליניע כאָרזשעל—מלאַווע (זאַלדע) — דזיאַלדאָווע.

מיטן פּראָקלאַמירן פונעם אויסנאַם־צושטאַנד אין שטאָט איז לויט אַ באַפעל פון פּעטערבורג אָרגאַניזירט געוואָרן אין שטאָט אַ פרייוויליקע בירגער־מיליץ אונטער דער אָנפירונג פונעם פּוילישן אַפטייקער סטאַניסלאַוו שניעגאָצקי. די יידן, וועלכע האָבן זיך אויפן רוף פון הרב אַטערמאַן פרייוויליק צוגעשטעלט צו דער מיליץ, זענען פאַרטיילט געוואָרן אין וואַכן פון צוויי מענטשן אויף איין גאַס. צו אַ וואַך אויף דריי גאַסן איז צוגעטיילט געוואָרן אַ קריסטלעכער נאַכט־וועכטער פון מאַגיסטראַט. זיי זענען געווען באַוואָפנט נאָר מיט שטעקנס און אויפן אָרבל געטראָגן אַ ווייסע לענטע מיטן שטאָט־צייכן און מיט דער אויפשריפט „פרייוויליקע בירגער־מיליץ״ אויף רוסיש און פּויליש. די הויפט־איניציאַטאָרן פון שאַפן די בירגער־וואַך זענען געווען דוד הירש טאָוב, בערל (דב) זילבערמאַן (דעמאָלט אַלט 20 יאָר), הירש נוטקעוויטש, ישעיהו קופּערמינץ און דער דענטיסט ישעיהו בזשעזינסקי. די וואַכן זענען געווען טעטיק פון 9 אָוונט ביז 5 אַ זייגער אין דער פרי. ווען עס איז געווען פאַרבאָטן די ציווילע באַוועגונג אין שטאָט.

אין אָנהויב איז די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון דער שטאָ־טישער באַפעלקערונג געווען אַ צופרידנשטעלנדיקע, די שטאָט איז געווען איבערגעפולט מיט מיליטער, די מיליטערישע פאָר־מאַציעס פלעגן זיין אין אַ כסדרדיקער באַוועגונג, אויפן פראָנט און צוריק, און די יידן האָבן געצויגן חיונה פון די זעלנער. דער דאָזיקער מצב האָט זיך אָבער פאַרערגערט נאָך עטלעכע וואָכן, ווען אין דער שטאָט זענען אָנגעקומען יידישע פליטים פון די ערטער ביי דער פראָנט־ליניע, פון מלאַווע, כאָרזשעל, פּראַשניץ, קראַסנאָשילץ, רוזשאַן, אָסטראָלענקאָ, גאָוואָראָוואָ, מישיניעץ א״א. זיי זענען גאָר פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן פון די פּולטוסקער תושבים. מען האָט די אַרויסגעשיקטע און אַנטלאָפענע איינגעאָרדנט אין פּריוואַטע וווינונגען, אין שול און אין בית־מדרש. אַ ספּעציעל־געשאַפענער קאָמיטעט האָט געזאָרגט פאַר שפּייז און מעדיצינישער הילף פאַר די היימ־לאָזע. די באַפעלקערונג האָט זיך ממש געטיילט מיט זיי מיט אַלעמען.

אינעם קאָמיטעט האָבן אָנטיילגענומען אברהם יוסף האָוס־מאַן, מאָטל דאַן, יוסף מענדל וואַגמאַן, אברהם שאַך, יצחק פרידלאַנד, שמחה צעלניק, הערש זילבערמאַן, שלמה באָרנ־שטיין, די זין פונעם רב — העניך און שיינמאַן אַטערמאַן, וועלוול באָרנשטיין, מאיר ליפּסקער, ישעיהו ראָזענבערג, דוד הירש טאָוב, מענדל מינץ א״א. אַלס בוכהאַלטער האָט פריי־וויליק געאַרבעט מרדכי האָוסמאַן.

אויך האָט מען געזאָרגט פאַר די יידישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן סטאַציאָנירט אין שטאָט. די יידישע פרויען מיט רוזשא דאַן אין דער שפּיץ, האָבן גענייט וואַרעמע ווינטער־וועש פאַר דער רוסישער אַרמיי, געשיקט זיסוואַרג און פרוכט פאַר די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן אין די שפּיטעלער. פאַר דער דאָזיקער וווילטעטיקער אַרבעט זענען אויסגעצייכנט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט דער רב ר׳ חיים משולם קויפמאַן אַטערמאַן און דער אַלטער מיליטערישער שניידער אברהם בזשעזינסקי.

די דייטשן האָבן פאַרנומען פּולטוסק כמעט אָן קאַמף און זענען האַרציק אויפגענומען געוואָרן דורך דער יידישער באַ־

פעלקערונג. די יידן וועלכע האָבן געהאַט אַ געמיינזאַמע
שפּראַך מיט דער דייטשער מיליטערישער פאַרוואַלטונג זענען
געווען די פאַרמיטלער צווישן זיי און די פּאָליאַקן. אין דער
ניי־געשאַפענער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע זענען נאָמינירט
געוואָרן אַלס ראַטמענער און לאַווניקעס: יחזקאל טאַוב, אברהם
קאַמינסקי, הירש נוטקעוויטש, מאָטל דאַן, יוסף שטוצקי און
אַלס סעקרעטאַר יוסף הענאָוויטש. אין דער שטאָטישער מיליץ
זענען אַריין מרדכי ווינאַגראַד, יחזקאל סאָכאַטשעווסקי, יצחק
פּיאַנקאַ, יאַסקולקאַ א״א.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטאָט איז אָבער געוואָרן וואָס
אַמאָל ערגער. דער האַנדל און מלאכה האָבן זיך אינגאַנצן
אָפּגעשטעלט. די גרויסע אייזנגיסעריי־פאַבריק פון מענדל
מינץ, וועלכע האָט באַשעפטיקט 150 אַרבעטער איז פאַרברענט
געוואָרן אין די קריגס־אָפּעראַציעס, אַזוי אויך די מיל פון די
שותפים יוסף מענדל וואַגמאַן און נטע קאַמינסקי. די פריערישע
ווירטשאַפטן זענען געווען חרוב. מיטן אַריינפירן קאַרטן אויף
שפּייז־פּראָדוקטן און אַנדערע לעבנס־מיטלען איז דאָס פאַר־
טיילן פון די דאָזיקע אַרטיקלען איבערגעגעבן געוואָרן אין
יידישע הענט. מאָטל דאַן, דוד הירש טאַוב, שמעון פרידלאַנד,
פרימעט אייזנבערג און נטע קאַמינסקי האָבן אויפגעשטעלט
אַ גרויסע קאַנטינע, מיט מאַגאַזינען און סקלאַדן און פאַר־
טיילט און צוגעשטעלט לעבנס־מיטלען אויפן גאַנצן פולטוסקער
און מאַקאָווער קרייז. זיי האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע קאָנ־
צעסיע לטובת דער יידישער באַפעלקערונג, געשטיצט פאַר־
שידענע חברות און פריוואַטע פּערזאָנען אין אַ צייט פון
שווערער נויט און הונגער, ווען מאַסן מענטשן זענען געגאַנגען
אַרבעטן אויף עפנטלעכע אַרבעטן פאַר אַ מינימאַלער לוין.

אין קעגנזאַץ אָבער צו דער קאַטאַסטראָפאַלער עקאָנאָ־
מישער לאַגע פון די פולטוסקער יידישע איינוווינער האָט
אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אויפגעבליט דאָס
קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן. עס איז געגרינדעט
געוואָרן אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק, עס זענען
אויפגעקומען פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, ציוניסטן, „צעירי־
ציון״, „פּועלי־ציון״ „מזרחי״ און די אַרבעטער פּאַרטיי „בונד״.
דער דראַמאַטישער קרייז אונטער דער אָנפירונג פון אברהם
קאָטנער האָט אויפגעשטעלט פּיעסעס פון מאָדערנעם יידישן
רעפּערטואַר. עס זענען פאַרגעקומען קעסטל־אָוונטן, אויף
וועלכע מען פלעגט אַראָפּברענגען פּרעלעגענטן פון דער
הויפּטשטאָט, וועלכע פלעגן רעפערירן און אויפקלערן די
פאַרשידענע פּראָבלעמען, וועלכע זענען באַרירט געוואָרן
פונעם עולם. די שטאָט האָבן באַזוכט יעקב זרובבל, ה. ד.
נאָמבערג, י. מ. ווייסנבערג, יואל מאַסטבוים, הלל צייטלין,
ד״ר מיליקאָווסקי, ביינוש מיכאַלעוויטש, וויקטאָר אַלטער.

אין דער דאָזיקער צייט איז די שטאָט אויפגעטרייסלט
געוואָרן פונעם אַרעסט פון בערל זילבערמאַן אַלס באַשולדיקטן
אין שפּיאָנאַזש לטובת די רוסן און אַוועקשיקן אים קיין דייטש־
לאַנד. נאָך אַ האַלב־יאָריקן איבערייס איז ווידער אַרעסטירט
געוואָרן אַ צווייטער פולטוסקער ייד ישעיהו ראָזענבערג, אַ
געוועזענער פּאַדריאַטשיק און האָלץ־סוחר. עס האָבן נישט
געהאָלפן קיין שום אינטערווענצן, אפילו ביים דייטשן גובער־
נאַטאָר פאָן באַזעלער. די פאַרהאַלטענע זענען נישט באַפרייט
געוואָרן.

אַ געוויסע פאַרלייכטערונג אין דער שווערער נויט האָט
געבראַכט דער ענערגישער מענדל מינץ, וועלכער האָט נאָך
אַ סך באַמיונגען באַקומען אַ פּאַסירשיין צו פאָרן קיין דייטש־
לאַנד, פון וואַנען ער האָט געבראַכט צוויי לאַסטאַויטאָס מיט
נייע מאַשינען און איינריכטונגען פאַר זיין אָפּגעברענטער
פאַבריק, וועלכער ער האָט אויפגעשטעלט פון דאָס ניי און
געגעבן אַרבעט אַ סך יידישע אַרבעטסלאָזע.

סוף יאָר 1916 האָט די מערהייט פון די היימלאָזע פאַר־
לאָזט פולטוסק און אומגעקערט זיך אין זייערע היימען. די
וואָס זענען געבליבן אין שטאָט האָבן געפירט אַ שווערן־
טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר זייער קיום, טוענדיק די סאַמע
שווערסטע און אומפאַסיקסטע אַרבעטן.

שיינע יידן, למדנים, וואָס זענען אין זייערע פריערדיקע
היימען געווען בכבודיקע איינגעפונדעוועטע סוחרים, זענען
אין די נייע וווין־ערטער געוואָרן שניידער, שוסטער אָדער
גאָר אפילו האָלצהעקער...

די וויסטע נויט האָט כסדר געבושעוועט. אין אַ שבת־
צו־נאַכט, ווען אין גערער שטיבל האָבן זיך געהאַט צונויפ־
געזאַמלט צו שלש סעודות די גערער נגידים, האָבן זיך
אַריינגעריסן אַ גרופּע פרויען און דראָענדיק מיט וואַלגער־
העלצער געפאָדערט פון זיי שפּייז און הילף פאַר זייערע
אויסגעהונגערטע קינדער. אין שטאָט איז געווען טעטיק די
אינסטיטוציע „בית־לחם״, געגרינדעט דורך ישעיהו קופּער־
מינץ, שמחה צעלניק, שלמה באַרנשטיין א״א. עס זענען איינ־
געפירט געוואָרן צדקה־פושקעס אין אַלע יידישע הייזער
און אויך אַ וועכנטלעכער פרייוויליקער אָפּצאָל פאַר די נויט־
באַדערפטיקע. אינעם הויז פון זעליג ראָזענבערג איז איינ־
געאָרדנט געוואָרן אַ פאָלקס־קיך אונטער דער אויפזיכט פון
פייגע רויזע ראָזענבערג. אָבער די דאָזיקע פילאַנטראָפּישע
טעטיקייט האָט נאָר טיילווייז געלינדערט די שווערע לאַגע
וואָס האָט געהערשט אין אַ סך יידישע הייזער און יעדן
טאָג זענען צוגעקומען נייע נויטבאַדערפטיקע.

חול המועד פסח תרע״ו (1916) איז מיט דער איניציאַטיוו פון די גערער חסידים גערופן געוואָרן אין בית־מדרש אַ גרויסע אסיפה פון די מתפללים פון אַלע חסידישע שטיבלעך. אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט אברהם חיים בלום, אברהם בירנבוים, שלום הערש לינדבערג, ישראל פרענקעל, פייבל ראָטבלאַט און אַנדערע גערופן צו שאַפן די אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע „אגודת שלומי אמוני ישראל״. נאָך דעם ווי די „אגודה״ איז געגרינדעט געוואָרן, זענען אַ דאַנק איר איניציאַטיוו קאָנצענטרירט געוואָרן אינעם גרויסן הויז פון בצלאל מאירסדאָרף אַלע חדרים פון שטאָט. טעטיק אין דעם איז געווען דער מלמד יהודה איצל פאַסקאָוויטש. אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער אַרבעט זענען די חדרים איבערגעגאַנגען אין באַקוועמע צימערן און די תלמידים האָבן אָנגעהויבן צו לערנען אין היגיענישע, מאָדערנע באַדינגונגען, ווי עס האָט געפאָדערט די דייטשע מאַכט. אין דער זעלבער צייט איז אויך אין פולטוסק געעפנט געוואָרן אַ דייטשע פאָלקסשול פאַר יידישע שילער אונטער דער לייטונג פון יצחק גוטמאַן. לערער זענען געווען מאָטל דאָן, הערמאַן שטוצקי, יצחק יורקעוויטש און פריילין בוכמאַן.

מיט דער איניציאַטיוו פון ישעיהו קופערמינץ האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט מיטן ציל צו גרינדן אין פולטוסק אַ יידישע גימנאַזיע. אינעם קאָמיטעט זענען אויסער קופערמינצן אַריין די פאָלגנדיקע פערזאָנען: יצחק צעלניק, שלמה באָרנשטיין, מענדל גאָלדשטיין, אברהם רוזשע, יצחק פרידלאַנד, דוד הערש טאַוב, הערש זילבערמאַן, יחזקאל וולאָסקאַ, שמואל ישמח און ישעיהו בזשעזשינסקי. אַ דאַנק זייער מסירותדיקער אַרבעט איז אין דער שטאָט געעפנט געוואָרן אַ פיר־קלאַסיקע יידישע מיטלשול. אַלס דירעקטאָר איז געוואָרן אָנגענומען אברהם ליפמאַן, אַ פליט פון פינסק. די דערעפענונג פון דער יידישער גימנאַזיע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער פולטוסקער יידישער באַפעלקערונג. פיל חסידישע מוטערס האָבן מיט דער שטילער הסכמה פון זייערע מענער געשיקט די טעכטער אין דער גימנאַזיע זיי זאָלן באַקומען וועלטלעכע בילדונג, ווי „עס פאַסט פאַר די היינטיקע צייטן״ און נישט דאַרפן מחלל שבת זיין אין די גויעשע שולן.

אין יאָר 1917 האָט יוסף מענדל וואגמאַן פאָרגעשלאָגן דעם פולטוסקער מאַגיסטראַט צו פאַרלייגן עלעקטרישע באַלייכטונג אין שטאָט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געגעבן איר הסכמה און אויף אַזאַ אויפן איז פאַרלייגט געוואָרן די עלעקטרישע נעץ אין שטאָט, וואָס האָט זיך געצויגן פון דעם גענעראַטאָר פון וואַגמאַנס מיל אויפן אַלטן מקום. ביי די דאָזיקע אַרבעטן זענען באַשעפטיקט געוואָרן 90% יידן.

מיט דער אַנטשטייונג פון דער ערשטער פוילישער אויטאָנאָמער רעגירונג אין לובלין און דאָס לאָזן אין גאַנג פון פוילישן געלט האָט זיך געשאַפן אַ כאַאָס אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן און דער שוואַרצער מאַרק האָט געבושעוועט. די ספּעקולאַציע איז באַקעמפט געוואָרן דורך דער דייטשער מיליטערישער און ציווילער אַדמיניסטראַציע. צום דאָזיקן צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער אַמט וועלכער האָט קאָנפיסקירט סחורות און אַרויפגעלייגט גרויסע שטראָפן אויף די ספּעקולאַנטן. נישט איינמאָל האָבן אָרנטלעכע סוחרים געליטן צוליב מסירות און שאַנטאַזש. דאָס האָט באַוויגן צו גרינדן אַ סוחרים־און אַ האַנטווערקער־פאַראיין. די צוויי אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך גענומען אַלס ציל צו באַשיצן זייערע מיטגלידער פון אומזיסטע שיקאַנעס, מטפל געווען אין די שטייערן, וואָס זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע, נאָרמירט די פרייזן פון סחורות און פון דער האַנטווערקער־פּראָדוקציע און אינטערוועניִרט ביי דער מאַכט אין פאַרשידענע פראַגן. אַלס פאָרזיצער פונעם סוחרים־פאַרבאַנד איז אויסגעקליבן געוואָרן לייבוש דאָן. אין דער פאַרוואַלטונג פונעם האַנטווערקער־פאַראיין זענען אַריין יחזקאל וולאָסקאַ, אַלטער יאַזשינאַ, משה שפּערלינג, פייוול מעלניק, משה דראָנזשעק און יוסף בלומשטיין. בראש פון דער פאַרוואַלטונג איז געשטאַנען אברהם רוזשע.

אין פרילינג 1916 זענען אין פולטוסק אָנגעקומען די לעגיאָניסטן פון פילסודסקין — דער פיפטער פולק לעגיאָנען אין אַ באַטעריע אַרטילעריע, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען יידן. צווישן די אָפיצירן האָבן זיך געפונען סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, דער שפּעטערדיקער פוילישער פּרעמיער און אינערן־מיניסטער, וועלכער האָט אין פולטוסק פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר אינעם עפּידעמישן שפּיטאָל און קאַפּיטאַן קאָשציאַלקאָווסקי, וועלכער איז אויך געווען פּרעמיער מיניסטער פון איינעם פון די פוילישע רעגירונגס־קאַבינעטן.

בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן די יידן קאָלאַבאָרירט מיט דער פוילישער באַפעלקערונג אין שטאָט. ווען אין אָקטאָבער 1917 האָט ד „פּע.אָ.וו.״ (פוילשע געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע) דורכגעפירט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף אַ דייטשן פּאָסטן און דערהרגעט צוויי זשאַנדאַרמען און ביי וועלכן עס איז געפאַלן דער פוילישער פּאַטריאָט טשאַפּליצקי, האָט זיך אין זיין לוויה, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־דעמאָנסטראַציע קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט, באַטייליקט אַ יידישע פאָרשטייערשאַפט מיטן הרב אָטערמאַן בראש. די צוויי יידישע לאַווניקעס אינעם שטאָט־

ראַט הירש נוטקעוויטש און שמחה צעלניק און דער סעקרעטאַר יוסף העניאָוויטש האָבן אין פאַרשידענע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע פראַגן געשטימט מיט דער פּוילישער פאַרשטייערשאַפט. אויך אין דער אַנטוויקלונג פון די דייטשן דעם 11טן נאָוועמבער 1918 האָבן זיך באַטייליקט יידישע גימנאַזיע־שילער.

אָבער טראָץ דער לאָיאַליטעט פון דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג צו דער ערשט אַנטשטאַנענער פּוילישער מלוכה האָט זי נישט מוותר געווען אויף איר יידישער ווירדע און נאַציאָנאַלן כבוד. ווען אין דעצעמבער 1918 איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקער פּאָגראָם אין לעמבערג, האָבן די פּולטוסקער יידן רעאַגירט מיט אַ מאַסן־פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין בית־מדרש ביי שוואַרצע פאָנען און ברענענדיקע ליכט. דער רב האָט מספּיד געווען די קדושים און אויסגעדריקט דעם וויי־געשריי פון די פאַרזאַמלטע. די רעדנער יעקב האָוספּיגעל און שמואל ישמח האָבן גערופן צו שטעלן זיך ביי דער זייט פון די יידישע חברים פונעם נאַציאָנאַלן ראַט ביי דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג מיט יצחק גרינבוים בראש און שטיצן זיי אין זייער קאַמף פאַר יידישע רעכט.

ווען סוף יאָר 1918, איז פאָרגעקומען די ערשטע מאָביליזאַציע אין אומאָפּהענגיקן פּוילן פונעם יאָרגאַנג 1898, האָבן די דינסט־פאַרפליכטנדיקע געשוווירן טרייהייט דער פּוילישער מאַכט אין דער שול אין דער אָנוועזנקייט פונעם רב און די פאָרשטייער פון מיליטער און דער ציווילער אַדמיניסטראַציע. אין דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, זענען מאָביליזירט געוואָרן נאָך 6 יאָרגענג און פון פּולטוסק זענען געפאַלן אין די קאַמפן דוד אָסטזשעגאַ, לייבאָוויטש און שענבערג. אין דער זעלבער צייט (אַפּריל 1920) איז אין דער שטאָט אָנגעקומען דער 7טער האַלער־פּולק. דאָס דאָזיקע מיליטער, וואָס עס האָט אָרגאַניזירט דער גענעראַל האַלער אין פראַנקרייך, און אין שפּיץ פון וועלכן עס זענען אויך געשטאַנען פראַנצויזישע אָפיצירן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַנטיסעמיטיזם. די „האַלערטשיקעס" פלעגן אַרויסוואַרפן פון די באַנען די יידן, געשניטן בערד או"וו. אין פּולטוסק אָבער איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויִק, ווייל דער קאָלאָנעל פונעם 7טן פּולק איז געווען אַ פראַנצויזישער ייד און נישט דערלאָזט צו קיין עקסצעסן.

נאָכן צוריקשטויסן פונעם פּוילישן מיליטער פון הינטער קיִעוו, בשעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין פּוילן, ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנעענטערט קיין פּולטוסק, האָבן די פּוילישע סאָלדאַטן, בעת פאַרלאָזן די שטאָט ראַבירט יידישע געשעפטן און אַרעסטירט עטלעכע יידן, צווישן זיי דוד זילבערשטיין און בן־ציון בלום און אַוועקגעפירט זיי אין אינטערנירונגס־לאַגער יאַבלאָננאַ.

אַכט טעג איז פּולטוסק געווען פאַרנומען דורך דער רויטער אַרמיי. צוריק דעראָבערט די שטאָט האָט דער 15טער און 22סטער פּוילישער פוסגייער פּולק. די פּוילישע מיליטערישע מאַכט האָט גלייך אָנגעהויבן צו כאַפּן יידן צו דער אַרבעט, יונג און אַלט, אפילו קינדער (צווישן זיי דעם שרייבער פון די שורות, אין עלטער פון 13 יאָר). מען האָט געדאַרפט, צווישן אַנדערע, אויסרייניקן דאָס מיסט פון דער טורמע, אין וועלכער מען האָט מיט צוויי טעג שפּעטער אַריינגעזעצט צענדליקער יידן מיט דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט די באָלשעוויקן, צווישן זיי דעם גר"יז־גראָען הירש נוטקעוויטש, וועלכער איז פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען, אין אַ קורצער צייט נאָך זיין באַפרייונג געשטאָרבן. אויסגעצייכנט האָט זיך מיט זיין סאַדיזם צו די יידישע פאַרהאַלטענע דער קאַפּיטאַן פון דער פּוילישער דעפענסיווע זאַקשעווסקי. דער 13טער פּולק, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין שטאָט האָט מאָביליזירט דינס־פליכטנדיקע יידן און געפירט זיי דורך די גאַסן פון דער שטאָט אויף איבונגען אין ציווילע קליידער מיט מיליטערישע היטלען אויף די קעפּ אונטער דער קאָמאַנדע פון פּוילישע אונטעראָפיצירן און מיט דער באַגלייטונג פון אַנטיסעמיטישע לידער.

נאָכן סאָוועטיש־פּוילישן אָפּמאַך סוף 1920 יאָר ווערט פאַרשטאַרקט די יידישע עמיגראַציע פון פּולטוסק איבערן ים און די עליה קיין ארץ־ישראל. דער „החלוץ" אין פּולטוסק, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921 דורך מרדכי זילבערמאַן, הערצקע בורשטיין, יהודה לייב פּיעקאַזש, משה רינג, י. ראָזענבערג א"א. שליסט אָן אָפּמאַך מיט די גוטבאַזיצער פּעפּער און שערעשעווסקי, לויט וועלכן עס ווערט דערמעגלעכט צו עפענען אַ הכשרה־פאַרם אין זייער גוט וויעלישעוואָ, 35 קל"מ פון פּולטוסק.

מיטן איינפונדעווען און אָרגאַניזירן זיך פון די מאַכטאָרגאַנען פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דאָס יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַ ראַשיקן טעמפּאָ. אין פּולטוסק איז געווען טעטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, פּועלי ציון, די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און דער „בונד". אויך האָט עקזיסטירט אַן אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אין שטאָט איז דורך שמחה דאַן, אהרן דאָמב און מרדכי זילבערמאַן געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, וועלכער האָט געבראַכט פרעלעגענטן אויף פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע און

קולטור־טעמעס. די פּאַרלעזונגען זענען פּאָרגעקומען אינעם נייעם קינאָ־זאַל, וואָס עס האָט אויפגעבויט נתן נוטקעוויטש. עס איז געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז. אויך די פּאַר־שידענע פּאַרטייען און יוגנט אָרגאַניזאַציעס פלעגן פירן אַ קולטור־וויסנשאַפטלעכע און אויפקלערונגס־אַרבעט.

ווען אין יאָר 1926 האָט פּילסודסקי פונאַנדערגעלאָזט דעם פּוילישן סיים און דער דורך אים געשאַפענער מכלומרשט אומפּאַרטייאישער „בלאָק פּאַר צוזאַמענאַרבעטן מיט דער רעגירונג" („בע.בע.ווו.ער") האָט איבערגענומען די מאַכט אין לאַנד, האָט ער, באַקעמפנדיק די אַנטיסעמיטישע „ענדעציע", געלינדערט די לאַגע פון די יידן. מיטן קומען אָבער פון היטלער צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד האָט זיך אויך געשטאַרקט דער אַנטיסעמיטישער טעראָר אין פּוילן. די רעגירונג האָט געשטיצט עקאָנאָמיש דעם פּוילישן האַנדל און האַנטווערק. מיטן שליסן דעם אַנטי־אַגרעסיע פּאַקט צווישן דייטשלאַנד און פּוילן האָבן זיך פּאַרגרעסערט די סימפּאַטיעס פון דער פּוילישער געזעלשאַפט און פון די פּוילישע מאַכטהאָבער צום נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, איבערהויפּט אין שייכות מיט זיין לייזונג פון דער יידן פּראָגע.

אין פּולטוסק האָט די אַנטיסעמיטישע העצע געהאַט אירע פּאָלגן נאָך פריער. ערב פּורים 1927 האָט דער פּאָלאַק טשעסלאַק דערהרגעט אָן קיין שום סיבה דעם איידעלן און באַשיידענעם שוסטער פייוול מעלניק ביי זיין סטראַגאַן אויפן מאַרק. דער דאָזיקער מאָרד האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף די יידישע איינוווינער, וועלכע האָבן זיך מאַסנווייז באַטייליקט אין זיין לוויה. ווי דערשטוינט איז מען שפּעטער געוואָרן, ווען דער מערדער האָט אויפן משפּט באַקומען נאָר דריי יאָר טורמע...

דער דאָזיקער שוידערלעכער מאָרד און די שנאת־ישראל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט מיט יעדן יאָר אָנגענומען שאַרפערע פאָרמען, זענען בלויז געווען אַ נישטי־קער פאָרשפּיל צו דער בלוטיקער טראַגעדיע פון די פּולטוס־קער יידן און דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אליעזר צבי שניאַדאָווסקי

# קולטור־מצב און קהילה־וועזן אין די יאָרן 1925-1905

כדי צו באַקומען אַ מער־ווייניקערע פאָרשטעלונג וועגן דעם קולטורעלן צושטאַנד און קהילה־וועזן אין פּולטוסק, דאַרף מען, לויט מיין מיינונג, אָנהייבן צו שילדערן די תקופה ביז 1914. דערביי וויל איך אונטערשטרייכן, אַז דער אויס־דרוק „קהילה־וועזן" איז דאַן געווען נאָר אַ טעאָרעטישער, ווייל פּאַקטיש האָט אַזוינס נישט עקזיסטירט. עס איז נישט געווען קיין קהילה־אַפּאַראַט און אויך נישט קיין קהילה סעקרעטאַר. די ביוראָ און דאָס מאַטעריאַל האָבן זיך געפונען ביי איינעם פון די דאָזאָרעס אין אַ שטוב. די קהילה איז אויך נישט געווילט געוואָרן דורך דעמאָקראַטישע וואַלן. עס פלעגן אויסגעקליבן ווערן דריי דאָזאָרעס — דורך געוויסע פּריווילעגירטע מענטשן אין שטאָט, וואָס נאָר זיי האָבן דאָס געהאַט רעכט צו טון.

וואָס פּאַר אַ ספּעציעלע פאַרדינסטן עס האָט געדאַרפט האָבן דער, כדי צו האָבן וואַל־רעכט — איז מיר אומבאַוווסט [1]. איך געדענק נאָר ווי איך בין איין מאָל בייגעווען די דאָזיקע וואַל־צערעמאָניע, נאָך אַלס קינד.

דאָס איז פּאָרגעקומען אין שול אויפן בעלעמער, אַ רוסי־שער פּאָליציאַנט איז דערביי געווען אָנוועזנדיק און אויס־גערופן האָט מען ביי די נעמען געוויסע מענטשן, זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע שטימען. אָבער, ווי געזאָגט, האָבן נאָר פּריווילעגירטע פּערזאָנען געהאַט דאָס רעכט צו ווילן. ווי געוויינלעך זענען שטענדיק אויסגעווילט געוואָרן „שיינע יידן" און גבירים. אַלס אויסגעקליבענע דאָזאָרעס אין יענער צייט געדענק איך בלויז אַ צוויי־דריי, ווי שלמה קאַפּעלאָ־וויטש, שמעון ראַדזינאָווסקי און אפרים צעלניק. די טעטיקייט

1. זע „וועגן קהילה־וועזן ביז 1914" נאָך דעם דאָזיקן אַרטיקל.

פון אָט די דאָזאָרעס איז געווען אַ זייער באַגרענצטע. זיי האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט קיין שום געזעלשאַפטלעכע אָדער סאָציאַלע פּראָבלעמען. זיי זענען געווען בלויז אויפ־זעער איבער דעם קהילה־פאַרמעגן פון דער שטאָט (דאָזאָר נעמט זיך פון „דאָזאָר בוזשניטשני" — בתי־תפילה אויפ־זעערס — ווי עס איז אָפיציעל פון 19טן י"ה גערופן געוואָרן די יידישע רעליגיעזע פאָרשטייערשאַפט דורך די מאַכט־אָרגאַ־נען), ווי אויך אויף אויפצונעמען און אויסצוהאַלטן אַ רב אין שטאָט.

דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דעם קולטורעלן לעבן אין שטאָט. ביז יאָר 1914 האָט דער באַגריף יידישע קולטור כמעט ווי נישט עקזיסטירט. די באַפעלקערונג איז געווען דורכאויס יידיש־פרום געשטימט און זיך געטיילט אויף צוויי קלאַסן: חסידים בני־תורה און המון העם, ד. ה. פשוטע יידן, בעלי־מלאכות אד"ג. אָט דער פשוטער ייד האָט זיך געפילט אַלס „נחות־דרגה" אין באַצוג צו די „שיינע יידן" פון דער מזרח־וואַנט, וואָס האָבן געקאָנט פאַרנעמען דעם אָרט פון אַ מנהיג אָדער פּרנס. דעריבער ווען אַ פשוטער ייד האָט זיך נאָר געקאָנט דערלויבן צו פאַרשאַפן אַ וואויל־לערנער פאַר זיין טאָכטער, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט דערצו מיט די גרעסטע כוחות. דאָס איז דאָן געווען אַ גרויסער כבוד און פון די גרעסטע אַספּיראַציעס ביי יעדן איינעם אין שטאָט. יעדער פאָטער האָט געשטרעבט, אַז זיין זון זאָל זיין פון די בני־תורה און געהערן צו די „בעסערע" מענטשן.

אָט די אַלע בית־מדרש־בחורים און קעסט־יונגעלייט, האָבן מיט זיך דאָן פאַרגעשטעלט דעם קולטורעלער עלעמענט פון דער יוגנט. פון וועלטלעכער ליטעראַטור איז מען געווען ווייט. מ'האָט זיך אין דעם אפילו נישט געניייטיקט. אדרבא, ווען אַ בחור אָדער אַ יונגערמאַן האָט גענומען לערנען אַ ביסל למודי־חול אָדער לעזן אַ צייטונג, איז ער פאַררעכנט געווען אַלס „אַפּיקורס".

חינוך הבנים האָט דאָן געהייסן: אַריינגעבן דאָס קינד צו 4 יאָר אין אַ „חדר". ביז צו 13—14 יאָר האָט ער געלערנט חומש, רש"י און גמרא און דערנאָך האָט דאָס יינגל געדאַרפט ממשיך זיין דאָס לערנען אין בית־המדרש אָדער אין גערער שטיבל[2]. טייל עלטערן האָבן אַוועקגעשיקט דאָס קינד אין אַ ישיבה, אין וועלכער ער האָט געלערנט ביז צו דער חתונה.

קיין שול־וועזן פון דער רעגירונג האָט כמעט נישט עקזיסטירט. צוליב פּאָליטישע טעמים איז די רעגירונג געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער אַנאַלפאַבעטיזם זאָל געוועלטיקן. כאָטש עלעמענטאַרע שולן זענען יאָ געווען און אפילו רוסישע גימנאַזיעס, אָבער דאָס איז געווען איבערהויפּט פאַר קריסט־לעכע שילער און עס איז אויך נישט געווען קיין פליכט, אַז יעדעס קינד מוז ענדיקן אַ שול. זייער אַ קליינער פּראָ־צענט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געשיקט זייערע קינדער אין דער רעגירונגס־שול, חוץ פון די „פּאָסטעמ־פּאָווע", וועלכע האָבן מיט יידישקייט זייער ווייניק וואָס געהאַט צו טאָן, און אפילו פון די קרייזן זענען צום מייסטן געשיקט געוואָרן מיידלעך. עס איז דאַן זייער שווער געווען זיך צו דערלויבן אָפּצורייסן אַ יינגל פון יידישע לימודים. די גימנאַזיע איז כמעט געווען געשלאָסן, נישט נאָר בלויז פאַר יידן, נאָר אויך פאַר קריסטן, און עס איז זייער שווער געווען דאָרט אָנגענומען צו ווערן. עס איז געווען אַן ענין בלויז פאַר פּריוויליגירטע, ווי קינדער פון אָפיצערן, רוסישע „נאַטשאַלסטוואָ", הויכע באַאַמטע אד"ג.

נאָך דער רעוואָלוציע פון 5טן יאָר, האָט די רעגירונג געמאַכט געוויסע רעפאָרמעס און גענומען פאָדערן, אַז יידישע קינדער זאָלן באַזוכן די שולן. יידן האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ גזרה. גלייך איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אסיפה פון די גדולי התורה און חסידות און מ'האָט באַשלאָסן צו אינטער־ווענירן ביי דער מאַכט. און אַזוי איז דאָס געזעץ געבליבן פאַר יידישע קינדער בלויז להלכה.

איך געדענק, ווען איך בין געגאַנגען אין חדר, האָט אונדז דער מלמד געשיקט אויף איין שעה אין טאָג אין דער שול אַריין און דאָס איז געווען בלויז כדי צו באַפרידיקן דעם לערער. דאָס לערנען האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערן ווערט. העכסטנס האָט מען זיך געקאָנט אויסלערנען שרייבן אויף רוסיש אַן אַדרעס. עס איז געווען נישט מער ווי איין קלאַס פאַר אַלע חדרים־קינדער, אָן אונטערשייד פון עלטער און אָן קיין יערלעכע עקזאַמענס און צייגענישן.

אין דעם זעלבן נוסח איז געווען די דערציונג פון אַ טאָכטער. אַלס קינד האָט מען דאָס מיידל אַריינגעגעבן אין אַ חדר אָדער אַריינגענומען אַ פּרוי אין שטוב, אויסגעלערנט דאַוונען (און דאָס אויך נאָר אין יחסנדיקע שטיבער, ווייל צום גרעסטן טייל פלעגט מען אויף דעם מותר זיין...). דער־נאָך ווען דאָס מיידעלע האָט שוין געקאָנט דאַוונען פון סידור, איז זי שוין פאַרבליבן אין דער היים און צוגעהאָלפן דער מוטער. ווען דאָס מיידל איז געוואָרן ראויה לחופה, האָט זי זיך גענומען לערנען שרייבן אַ ביסל יידיש. עס פלעגן זיך צוזאַמענגעמען עטלעכע חברטעס און געשאַפן זיך אַ לערער אויף אַ „שטונדע". כדאי דאָ צו דערמאַנען דעם

2. דאָס גערער שטיבל איז דאַן געוואָרן אַ הויפּט־מקום־תורה אין שטאָט נאָכן בית־המדרש.

לערער ר׳ משה װיעלקעבראַדאַ, װעלכער האָט בײַ זיך אין שטוב אָפּגעגעבן לעקציעס פֿאַר גרופּעס מײדלעך, ספּעציעל זײ געלערנט שרײַבן יידישע בריוו. מ׳האָט אים גערופֿן דער בלינדער משה, װײַל ער האָט נישט געזען אויף איין אויג און געפּאַסט האָט אים אויך זײַן צונאָמען װיעלקעבראַדאַ, האָבנדיק זײער אַ לאַנגע שײנע באָרד, געװען אַ גערער חסיד, אַ כּלל־טוער, געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון דער חברה „לינת הצדק״.

עס פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז מײדלעך פֿלעגן אַרײַננעמען אַ לערער אויף רוסיש, פּויליש, מאַטעמאַטיק, אָבער דאָס נאָר בײַ רײַכערע פֿאַמיליעס, כאָטש די עלטערן פֿלעגן פֿון דעם קײן גרויס פֿאַרגעניגן נישט האָבן. די דאָזיקע „לעקציעס״ פֿלעגן טײל מאָל דערגײן צו שװערע פֿאַמיליען „אינצי־דענטן״, װײַל זײ פֿלעגן זיך ענדיקן אַמאָל מיט אַ... ליבעס־דערקלערונג פֿון בײדע צדדים אָדער ממש מיט הייראַט (װי עס איז געשען דער פֿאַל מיט אַ פֿולטוסקער חסידישער משפּחה, װאָס האָט אין יענער צײַט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין שטאָט און איז אַפֿילו געװען באַשריבן אין דער פּרעסע...).

אַזוי האָט אויסגעזען דער חינוך הבנים ביז 1914. אַ צײַטונג איז נאָך דאַן געװען פֿאַררעכנט אַלס דבר טמא. אַפֿילו װען די ערשטע מלחמה איז אויסגעבראָכן און יעדע נײַעס פֿון פֿראָנט פֿלעגט מען ממש שלינגען, פֿלעגט מען די צײַטונג כאַפּן פֿון האַנט צו האַנט נאָר בכדי צו װיסן דעם גאַנג פֿון דעם קריג, נישט געהאַט האָט זי דאַן דעם מינדעסטן צוזאַמענ־האַנג מיט װעלכע עס איז קולטור — דאָך האָבן מיר, בחור־רים, זיך נישט דערלויבט צו עפֿענען אַ צײַטונג אין שטיבל. װען די דערוואַרטנדיקע צײַטונג איז אָנגעקומען, האָבן מיר זי געלײענט אויפֿן בוידעם פֿונעם גערער שטיבל.

איך געדענק װי אַזוי עס זענען אַנטשטאַנען די ערשטע קולטור־שפּראָצונגען אין שטאָט, און װער עס איז געװען פֿון די ערשטע (אָדער ממש דער ערשטער) קולטור־טרעגער, פֿון װעלכן עס האָט זיך גענומען אַנטװיקלען אַ מאָדערנע קולטורעלע יוגנט. דאָס איז געװען דאָס בוך־געשעפֿט פֿון ישעיהו קופּערמינץ. געקומען איז ער פֿון אָסטראָלענקע און געעפֿנט אַ בוך־געשעפֿט, אײַנגעאָרדנט דערבײַ אַ ביבליאָטעק פֿון יידישע און העברעישע ביכער, און ער האָט זײ פֿאַר אַ קלײנעם מאַנאַטלעכן אָפּצאָל אויסגעבאָרגט צום לײענען. ער איז אויך צוגלײַך געװען דער פּרעסע־אַגענט. בײַ אים אין געשעפֿט האָט מען געקענט טרעפֿן פֿאַרשײדענע מינים צײַטונגען, זשורנאַלער אד״ג. אויף אַזאַ אופֿן איז ער געװאָרן פֿון די ערשטע ליכט־פֿאַרשפּרײטער אין פּולטוסק. דאָס גע־שעפֿט פֿלעגט אויך דינען פֿאַר יוגנטלעכע צוזאַמענקומעניש, פֿאַר שמועסן אויף קולטורעלע טעמעס, װעלכע זענען דאַן געשטאַנען „ברומו של העולם״. דאָס געשעפֿט, קאָן מען זאָגן, איז דאַן געװען דער קולטור־צענטער, פֿון װאַנען עס האָט זיך גענומען אַנטװיקלען אַ מאָדערנע קולטורעלע יוגנט.

אין יאָר 1914, װען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז דאָס קולטורעלע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אינגאַנצן צעשטערט גע־װאָרן ביז צו דער דײַטשישער אָקופּאַציע.

מיטן אָנפֿאַנג פֿון דער דײַטשישער אָקאַפּאַציע, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ נײַע תּקופֿה. די דײַטשישע מאַכט האָט זיך גענומען חנפֿענען צו די פּאָליאַקן, זײ געשאָנקען געװיסע אויטאָנאָמישע רעכט מיט אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג און געװײלטע שטאָטראַטן.

אויך די יידן האָבן באַקומען אַ קהילה־סטאַטוט אויף דעמאָקראַטישע יסודות. ס׳האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ יידישע גמינע מיט אברהם חיים בלום אַלס פּרעזעס (שפּעטער: יצחק מאיר בוימגאַרטן), יעקב יאַבלאָנקאַ אַלס סעקרעטאַר און מענדל רוזשאַנער אַלס קאַסירער.

עס האָבן זיך אויך אַנטװיקלט פֿאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, װי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע אָפּצװײַגונ־גען א״א. עס האָט זיך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק װי אויך אַ יידישע גימנאַזיע.

מיט דעם אַרײַנמאַרש קײן פּילן פֿון דער דײַטשישער אַרמײ, זענען אָנגעקומען צװײ מיליטערישע ראַבינער, ד״ר פּנחס כהן און ד״ר קאַרליבאַך, װעלכע האָבן געלײגט דעם גרונדשטײן פֿון דער „אגודת־ישראל״־פּאַרטײ און האָבן פּאָ־פּולאַריזירט די דאָזיקע אידעע מיט גרויס װירקזאַמקײט אין די אָרטאָדאָקסישע קרײַזן, װערנדיק געשטיצט פֿון דער דײַטשישער מאַכט.

איך געדענק: אין מײַן אָנװעזנהײט האָט דער רב זײַענ־דיק אַן אַרײַנקומער צו אים אין שטוב, באַקומען דעמאָלט אַ בריװ פֿון דײַטשישן קרײַז־שעף, אים געבעטן, אַז ער זאָל גרינדן אַן „אגודה״ אין פּולטוסק. די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג איז דאַן פֿאָרגעקומען אין בית־המדרש, װוּ זינדל ראָזענבערג איז דאַן געװען דער ראש המדברים.

עס האָט דאַן אָנגעהויבן צו דערשײַנען די װאַרשעװער טאָג־צײַטונג „דער יוד״ מיט אַ רײַכן ליטעראַרישן מאַטער־יאַל, פּאָפּולאַריזירנדיק גלײַכצײַטיק דעם געדאַנק פֿון „אגודת־ישראל״. אין דער צײַטונג האָבן מיטגעאַרבעט דײַטשישע אָרטאָדאָקסישע זשורנאַליסטן און זי איז אויסגעהאַלטן גע־װאָרן פֿון דער דײַטשישער מאַכט.

אויך איז געגרינדעט געװאָרן די אָרגאַניזאַציע „צעירי

אגודת ישראל״, וועלכע האָט איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק פון בלויז אָרטאָדאָקסישע ליטעראַטור, ווי אויך פאַרשידענע פעריאָדישע אויסגאַבן און זשורנאַלן פון דעם מין.

עס זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן שעורי־ערב; אַ מגיד־שיעור האָט יעדן פאַרנאַכט געלערנט מיט קהל אַ בלאַט גמרא.

אַזוי זענען בערך אָנגעגאַנגען די באַציונגען פון דער דייטשער מאַכט צו די פּאָליאַקן אויפן קריסטלעכן שטייגער.

דאָס איז אין קורצן אַן איבערבליק פונעם קולטורעלן צושטאַנד און קהילה־וועזן אינעם דעמאָלטדיקן יידישן פאָלקטוסק, וואָס ס׳איז שוין היינט מער נישטאָ.

## וועגן קהילה־וועזן ביז 1914

(אַלגעמיינע באַמערקונג)

„ביז יאָר 1914 זענען די יידישע קהילות נישט געווען זעלבשטענדיק. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן געהייסן דאָזאָרעס.

דאָזאָרעס זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, שמשים ביים רוסישן מאַגיסטראַט. רעכט צו ווילן האָבן געהאַט נאָר די שטאָט־צאָלער און אַדורכגעפירט די וואַלן (נישט קיין דעמאָקראַטישע). זיי האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט אויסצווויילן אַ רב. די פונקציעס פון די דאָזיקע דאָזאָרעס זענען געווען צונויפצושטעלן די שטאָט־ליסטע און אָפּשאַצן וויפל יעדער איינער זאָל צאָלן. אָבער איינגעמאָנט דעם שטאָט האָט נאָר דער מאַגיסטראַט. זיי האָבן אויך געהאַט אַ פונקציע איינצואָרדענען אַ מי שברך אין בית־המדרש בעת יעדער „גאַלאָווקע״ (יעדן געבוירן — טאָג פון אַ מיטגליד פון דער קייזערלעכער פאַמיליע).

ביי דער דאָזיקער צערעמאָניע פלעגן מוזן בייזיין דער רב און די דאָזאָרעס. דער רב האָט געזאָגט אַ קאַפּיטל תהילים און דער חזן מיטן כאָר פלעגן זינגען דעם „הנותן תשועה למלכים״ ווי אויך דעם רוסישן הימן („באָזשע, צאַריאַ כראַני״). ביי דער דאָזיקער צערעמאָניע פלעגט אויך ביי־זיין אַ פאַרשטייער פון דער מאַכט (דער זשעמסקער אָדער דער פאָוויאַטאָווער נאַטשאַלניק). עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַפילו דער גובערנאַטאָר אַליין איז געקומען.

איבערגעבן אין אַרענדע דעם מרחץ מיט דער מקוה פלעגט אויך דער מאַגיסטראַט און נישט די דאָזאָרעס. דער אַרענדאַטאָר פלעגט צאָלן דעם מאַגיסטראַט, און פון עטאַט פון מרחץ־אַרענדע פלעגט דער מאַגיסטראַט צאָלן אַ טייל שכירות די רבנים; אַ טייל שכירות פלעגן די רבנים אויך באַקומען פון דער שחיטה דורך די שוחטים. די שטאָט־צאָלער האָבן געהאַט דאָס רעכט אויסצוּוויילן אַ רב, אָבער נישט צו דיספּאָנירן מיט די מיטלען פאַר וואָוילטעטיקע צוועקן. די וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, האָבן זיך דעמאָלט געמאַטערט אויסצוהאַלטן זיך מיט אייגענע מיטלען (ד. ה. זאַמלען נדבות ביי יחידים או״וו). פאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ מצב איז אַלץ געווען פאַרנאַכלעסיקט.

ערשט אין יאָר 1924 איז דערשינען פּילסודסקיס דעקרעט וועגן דורכפירן וואַלן צו די יידישע קהילה־פאַרוואַלטונגען און רבנים. אין די גרעסערע קהילות איז געוויילט געוואָרן אַ ראַט מיט אַ פאַרוואַלטונג. זיי האָבן געוויילט נאָר אַ ראַט פון 12 פערזאָן און דער ראַט האָט נאָכדעם געוויילט אַ פאַרוואַלטונג פון 8 פערזאָן. קיין ראַט־מיטגלידער האָט נישט געקאָנט זיין אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד. די טעטיקייט פון דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט שוין אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. אירע פונקציעס און די רעכט זענען באַשטאַנען: צונויפשטעלן אַ בודזשעט — פאַר אַלע רעליגיעזע הצטרכותן ווצ״ב. אויסהאַלטן רבנים, שוחטים, דיינים, נאמנים, מקוה־מרחץ, בתי מדרשים, עירבון, „תלמוד־תורה״ או״וו, ווי אויך צו שטיצן וואוילטעטיקע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס״.

(ט. מאַקאָווער, ספר־יזכור אָסטראָוו־מאַז. ז׳ 194)



„באַשטאַ״ (שיס־טורעם) — געבויט אין אַ שפּעטערדיקן גאָטישן סטיל

# אינסטיטוציעס און פאַראיינען

# מוסדות ואגודות

זאב אַראָנאָוויטש

## קאטליארסקע גאס

**יידישער קולטור־צענטער אין פולטוסק**

די קאַטליאַרסקע גאַס, וועלכע האָט זיך גערופן די שול גאַס, אָנגעהויבן זיך פון אַ עק שטאָט און פאַרענדיקט זיך אין צענטער — האָט קאָנצענטרירט אין זיך כמעט אַלץ פונעם יידישן רעליגיעזן, קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. אָנהייבנדיק פון פאַרשידענע בתי־תפילה, דערציונגס־אַנשטאַלטן, יוגנט־באַוועגונגען אאַ״וו. כ׳בין זיכער, אַז עס איז נישט געווען קיין איין ייד אין פולטוסק, וועלכער זאָל נישט האָבן געהאַט קיין קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער גאַס. אין דער יוגנט, צי אויף דער עלטער. עס איז געווען בדרך כלל אַ ריין־יידישע גאַס, אַחוץ געציילטע נישט־יידישע הייזער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי באַפעסטיקטע אינזעלעך אויף אַ ים, ווו אַ פוס פון אַ ייד האָט נישט געוואַגט איבערצוטרעטן. (לעצטנס זענען אויך די „אינזעלעך" אַריינגעפאַלן אין יידישע הענט).

פיל כוחות, מאַטעריעלע און גייסטיקע, האָבן די פולטוסקער יידן אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער גאַס. פיל פון אונדז און אונדזערע עלטערן האָבן דאָרט פאַרבראַכט זייערע בעסטע יאָרן — די גאַס, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן; די גאַס, וועלכע האָט איבערגעלאָזט פיל זכרונות, וואָס לעבן עד היום אין מיר און באַוועגן מיך זי צו באַשרייבן.

### די שול *

דער חשובסטער פלאַץ אויף קאַטליאַרסקע איז געווען די שול. זי האָט זיך ספּעציעל נישט אויסגעצייכנט מיט איר אויסערלעכן אויסזען און אפילו נישט מיט איר אינערלעכן. דאָס איז געווען אַ גרויסער בנין, פּשוט געבויט, אָן שום באַפּוצונגען אָדער קונסט־מאָלערייען אין פאַרגלייך מיט שולן אין אַנדערע שטעט. צוליב דעם אפשר האָט זי נישט געהאַט קיין באַזונדערע צוציִונגס־קראַפט אין די וואָכעדיקע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. דערפאַר אין די יום־טובים און ספּעציעל אין די ימים נוראים פלעגט דער קהל פון אַלע שיכטן, אָן אויסנאַם, שטראָמען אַהינצו. אַ באַזונדערן רושם האָט איבערגעלאָזט אויף די מתפללים דאָס דאַווענען פון הערשל שוחט (מיין פאָטער ז״ל) מיטן כאָר. איבערהויפּט די סליחות און ימים־נוראים תפילות. פראַגמענטן פון מיין פאָטערס חזנישע תפילות (וואָס ער אַליין האָט מחבר געווען) פלעגט די שטאָט נאָכזינגען אַ גאַנץ יאָר.

איך וועל שטענדיק געדענקען מיין פאָטערס אימפּאָזאַנטן דאַווענען אין דער ערשטער סליחות־נאַכט, די איבערפולטע גרויסע שול פון יונג און אַלט; דאָס מאָלערישע בילד, ווי אונדזערע מאַמעס פלעגן מיטנעמען פון שול די ברענענדיקע ליכט, וואָס זענען געבליבן נאָכן אָפּזאָגן די סליחות, כדי צו באַלייכטן דעם וועג אַהיים, מחמת די שטאָק־פינצטערע נעכט.

### דער בית־המדרש

האַרט ביי דער שול איז געשטאַנען דער בית המדרש. אַן אַלטער גרויסער פירקאַנטיקער בנין מיט אַ סך פענצטער אַרום, דורך וועלכע עס פלעגט אַריינדרינגען אַ סך זון־ליכט ווי אויך פרישע לופט פון די אַרומיקע פעלדער. ביי דער מערב־וואַנט זענען געשטאַנען צוויי גרויסע אויוונס, וועלכע זענען, אום ווינטער, געווען געהייצט פון ר׳ ישראל יצחק דעם גבאי. זיי זענען אָבער נאָר געווען ביכולת צו באַוואַ־

* זע: „די גרויסע פולטוסקער שול", מ. סרעברא.

רעמען אַ קליינעם שטח. צוליב דעם איז אין בית המדרש תמיד „אַרומגעגאַנגען" אַ קעלט. די פענצטער זענען, אין משך פון ווינטער, געווען באַדעקט מיט אַ דיקער שיכט פון שניי און אייז. די ווענט האָבן „געשוויצט" פון ווילגאָטש. טראָץ דעם האָט דער ביה"מ געדינט אַלס מקום־מנוחה און גייסטיקער הנאה פאַר אַ גרויסן טייל פון קהל, בעיקר פאַר די אָרעמע שיכטן, פון בעלי־מלאכות, קצבים, בעלי־עגלות אד"ג. צו „מנחה ומעריב", איבערהויפּט אין די גרויסע קאַלטע ווינטער־נעכט, פלעגט דער עולם מאַסנווייז קומען אין בית־המדרש. גאַנץ אָפט פלעגט אַראָפּקומען אַ מגיד, האַלטן אַ דרשה; זיינע „גוטע ווערטלעך", חידושי תורה און משלים איבער פרשת השבוע, האָבן באַגייסטערט די צוהערער. אָפט־מאָל האָט ער ממש צוגעשמידט זיינע צוהערער צו די פלעצער און מיט אָפענע מיילער האָט מען „געשלונגען" זיין יעדן איינציקן ווערטל אָדער קלוגן משל. אַ סך מאָל פלעגן זיינע ווערטלעך אַרויסרופן אַ האַרציקן געלעכטער, ביז מען האָט פאַרגעסן אין אַלע צרות און אויך אין דעם שווערן ווינטער אין דרויסן. שבת נאָך מיטאָג האָט מען זיך צונויפגעזאַמלט אַרום די לאַנגע־טישן און געלערנט. ביי איין טיש איז געזעסן מיט דער חברה „עין יעקב" — דער צדיק און למדן ר' יחיאל מוכר ספרים; ביי אַ צווייטן טיש האָט געלערנט מיט דער „חברה מקרא" — דער באַוווסטער תלמיד־חכם ר' הענעך מלמד און ביי אַ דריטן טיש האָט מדריך געווען די „חברה מדרש" — ר' יעקב אריה מעלניק.

## די ישיבה

צענדליקער בחורים, וואָס האָבן געהאַט געענדיקט דעם „חדר" ביי די „העכסטע" מלמדים, האָבן זיך אַרומגעדרייט אין שטאָט און נישט געהאַט ווו ממשיך צו זיין דאָס לערנען. זייער שטרעבונג איז געווען צו פאָרן ערגעץ אין אַ ישיבה אויסער פולטוסק; אין לאָמזשע צי אין וואַרשע. ווי נאָר עס האָט זיך געגרינדעט אַ ישיבה אין דער אייגענער שטאָט, זענען כמעט אַלע בחורים געגאַנגען דאָרט לערנען. עס זענען אויך אָנגעקומען תלמידים פון די אַרומיקע שטעטלעך, און אפילו פון גאַנץ ווייט. באַזעצט זענען געווען פון זיי די לאַנגע טישן פונעם גרויסן בית־המדרש. דער קול התורה האָט גע־קלונגען פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט. דער ראש ישיבה, ר' יצחק העלפאַנד ז"ל, דער גרויסער למדן און בעל־מידות, האָט אַרויסגערופן גרויס כבוד ביי אַלעמען אין שטאָט. מיט דער צייט האָט זיך אויך געשאַפן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וואָס האָט באַדאַרפט זאָרגן פאַרן מצב פון די ישיבה־בחורים. כדאי צו דערמאנען, אַז די טעטיקסטע מיטגלידערין פונעם קאָמיטעט איז געווען די שטאָט־בארימטע כלל־טוערין און אשה צדקנית חנה באשע ז"ל, וועלכע מ'האָט גערופן די „מאַמע" פון די ישיבה־בחורים.

## די מקווה

נאָענט פון בית המדרש איז געשטאַנען די מקווה — אַן אַלטער בנין מיט פאַרשמירטע פענצטער, וועלכער איז באַ־שטאַנען פון אייניקע גרויסע און קליינע צימערן. דאָרט זענען געווען איינגעמויערט גרויסע קעסלען מיט דאַמף, וואָס איז מיט גרויס רעש געלאָפן דורך די רערן, כדי הייס צו מאַכן דאָס וואַסער. דאָס איז געווען דער איינציקער בית־מרחץ פאַר די יידן אין שטאָט, וואָס פלעגט יעדן ערב־שבת זיין איבערגעפולט מיט מענטשן.

זומער פלעגט אַ גרויסער טייל יידן זיך באָדן אויך אין טייך, ווינטער זענען כמעט אַלע געגאַנגען אין מקווה און די ענגשאַפט אין דערפאַר געווען זייער גרויס. אין איינעם פון די צימערן איז געווען די „שוויץ־באָד". בלויז אַ געוויסער טייל איז געווען ביכולת צו פאַרזוכן דעם „גוטן טעם" דערפון; נישט יעדער איז געווען בכוח אויסצוהאַלטן דעם „שוויץ".

אין משך פון אַ סך צייט האָבן די שטאָטישע עסקנים זיך באַמיט אויסצובעסערן דעם באַשטאַנד פון דער מקווה. דער לעצטער בעדער, ר' זרח, אַ ייד מיט אַ ביסל מער ענערגיע, האָט מיט דער צייט אַריינגעבראַכט אַ סך חידושים, ווי באַזונדערע צימערלעך מיט וואַננעס, טושן און נאָך אַנדערע באַקוועמלעכקייטן.

## דער בנין „חדר יסוד התורה"

אין משך פון אַ סך יאָרן זענען אונדזערע עלטערן געווען שטאַרק באַזאָרגט איבער דעם מצב פון די „חדרים". ווו מיר האָבן באַקומען אונדזער הויפּט־דערציִונג. די מלמדים זענען געווען פשוטע ערלעכע יידן; נישט האָבנדיק קיין פרנסה האָבן זיי זיך גענומען צו מלמדות. יעדן חול־המועד, פסח צי סוכות, פלעגן זיי גיין פון איין בעל־הבית צום צווייטן און זיך באַמיט אים איבערצוצייגן, אַז ער דאַרף געבן דאָס יינגל נאָר אין זיין חדר. דאָס צימער פון „חדר", על פי רוב ענג און קליין, האָט געדינט אי צום עסן, אי צום שלאָפן, ווו לופט און ליכט זענען דאָרט געווען פון די זעלטענע געסט.

ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו קאָנצענטרירן די „חדרים" אין דעם בנין, ווו ס'איז געווען די יידישע גימנאַזיע. יעדער מלמד האָט באַקומען אַ באַזונדער צימער פאַר זיין „חדר". גרויסע צימערן זענען דאָס געווען און קיין ליכט האָט דאָרט נישט נישט געפעלט. ליידער האָט עס לאַנג נישט אָנגע־

האַלטן. צוליב פאַרשידענע סיבות זענען די מלמדים זיך פונאַנדערגעגאַנגען יעדערער צוריק צו זיין חדר.

מיט דער צייט איז געבוירין געוואָרן דער געדאַנק צו בויען אַ ספּעציעלע געביידע פאַר די „חדרים". אַ ספּעציעלער קאָמי־טעט האָט זיך דערמיט פאַרנומען. דער בנין איז געשטעלט געוואָרן אויפן שטח, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער שול. פיל מי און גרויסע געלט־סומעס זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אין דעם דאָזיקן הויז. איך געדענק ווי מיר, קינדער, פלעגן זיך אַרויסנאַרן פון „חדר" מיט כלערליי תירוצים און געלאָפן צום בוי־פּלאַץ, געהאָלפן שלעפּן ציגל און אַנדערע מאַטער־יאַלן פאַר די מויערערס. ווען די געביידע איז פאַרטיק געוואָרן האָט זי באַקומען דעם נאָמען: „חדר יסוד התורה".

דער באַקאַנטער עסקן ר' פנחס יעקב לעווין איז באַ־שטימט געוואָרן אַלס אָנפירער פונעם דאָזיקן תורה־אַנשטאַלט. איינער פון די שענסטע צימערן איז גלייך פאַרנומען געוואָרן דורך דער יידישער קהילה. אין משך פון דער צייט האָבן דאָרט פאַרנומען צימערן פאַרשידענע חברות, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט „מנינים" אויף צו דאַווענען אין די שבתים און אויך דאָרט געלערנט אַ פּרק משניות אָדער „עין יעקב".

איין צימער האָט פאַרנומען די חברה „לינת הצדק" מיטן „הויכן שלמה" בראש, אַ צווייטן — די קצבים, וועלכע האָבן דאָרט איינגעאָרדנט זייער אַ שיינעם דאַוון־פּלאַץ, וואָס איז געווען אינגאַנצן געשלאָסן פאַר פרעמדן קהל.

דערמאָנענדיק די קצבים, קאָן איך נישט פאַרבייגיין און נישט שילדערן דעם „סיום־הספר", וואָס זיי האָבן אַמאָל איינגעאָרדנט און האָבן איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן רושם אין שטאָט. דער „סיום" איז פאָרגעקומען אין איינער פון די גרויסע ווינטער־נעכט, אין חנה באַשעס הויז. נאָך אין תחילת אָוונט האָט מען אויפגעהאַנגען אויפן באַלקאָן פון יאָקל שניידער, אין סאַמע פראָנט — אַ טראַנספּאַרענט, עלעק־טריש באַלויכטן, וועלכער האָט מודיע געווען דעם עולם וועגן „סיום".

אַ גרויסער קהל האָט גלייך געגומען שטראָמען פון אַלע זייטן און באַלאַגערט דאָס הויז. אַלע האָבן גענומען זיך שטופּן אַרויף צו דעם צימער, ווו מען האָט געשריבן די לעצטע שורות. דאָרט האָט מען פאַרקויפט אותיות, און נאָך יעדן אות האָט מען געטיילט לעקעך און בראָנפן און אַ קאַפּעליע פון כלי־זמרים האָבן צוגעשפּילט פריילעכע מאַרשן און דער עולם האָט געטאַנצט מיט התלהבות.

געענדיקט שרייבן דעם ספר־תורה, האָט מען אים אַראָפּ־געטראָגן אונטער אַ חופּה אויף דער גאַס, ווו ס'האָט זיך פאַר־זאַמלט כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט און האָבן אים מקבל פנים געווען מיט גרויס התלהבות און טענץ. דאָן האָט זיך אָנגעהויבן די הקפה איבער די גאַסן. אונטער די קלאַנגען פון מוזיק און מיט דער באַגלייטונג פון אַ גרויסן עולם מיט ליכט אין די הענט און מיט פייערווערק האָט מען דעם ספר אַרומגעפירט איבער אַ פּאָר יידישע גאַסן, ווו די פענצטער פון די הייזער זענען געווען באַלויכטן מיט ליכט.

אַ גאַר באַזונדערן רושם האָבן געמאַכט די רייטער אויף פערד; אין מאַסקעס און מיט שטורקאַצן אין די הענט האָבן זיי אַרומגעריטן איבער דער שטאָט.

אפילו די נישט־יידן זענען געווען שטאַרק איבעראַשט פון דער דאָזיקער צערעמאָניע. „זשידאָווסקע וועסעלע" (אַ יידישע חתונה) — האָבן זיי דאָס גערופן.

דערנאָך איז מען צוגעקומען צו דער שול, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער טייל פון דער צערעמאָניע. זי איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן און ממש מיט מסירת־נפש האָט מען זיך דאָרט געמוזט אַריינרייסן. מענער, פרויען און קינדער האָבן באַזעצט אַלע שטענדערס, בענק און טישן. מען האָט „געקלעטערט אויף די גלייכע ווענט" צו באַקומען אַ שטיקל פּלאַץ.

די שול איז געווען באַפּוצט מיט קאָלירטע לאָמטערן און אַלע ליכטן האָבן געבלענדט ווי אין אַ יום־טוב — אַ יום־טוב וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין דער וואָכן. דער רב האָט געגעבן אַ רמז מיין טאַטן, און ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען מיטן כאָר דעם באַרימטן „שמע ישראל" (אַ געזאַנג וואָס איז צוגעפּאַסט צו סיום־הספר־פייערונג), און דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינצושטילן. מען האָט געלייענט עטלעכע פּסוקים פונעם נייעם ספר, און מיט געזאַנג און טענץ אים אַריינגעשטעלט אין ארון הקודש.

ווען דער „סיום" האָט זיך געענדיקט איז שוין געווען נאָך חצות.

## די „פּועלי אגודת ישראל"

אין איינעם פון די שענסטע לאָקאַלן אין דעם „חדרים"־בנין איז געגרינדעט געוואָרן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע „פּועלי אגודת ישראל", וואָס דער שרייבער פון די שורות איז געווען איינער פון אירע גרונטלייגערס. זי האָט קאָנצענ־טרירט אַרום זיך איניקע צענדליק יונגע רעליגיעזע אַרבעטער, וועלכע האָבן געפירט אַ קולטורעלע און סאָציאַלע טעטיקייט אין משך פון אַלע יאָרן.

כדאי צו דערמאָנען די אימפּאָזאַנטע סדר־נעכט, וואָס זיי האָבן איינגעאָרדנט יעדעס יאָר אין דעם לאָקאַל פאַר די יידישע זעלנער וואָס האָבן געדינט אין דעם שטאָטישן מיליטער.

**דאָס גערער שטיבל**

אויפן דריטן פּלאַץ פון די בתי־תפילה אין שטאָט — נאָכן בית־המדרש — איז געשטאַנען דאָס גערער שטיבל, וואָס האָט געהאַט צוויי אַריינגאַנגען — איינער פון דער סענאַטאָרסקע און דער צווייטער פון דער שול־גאַס.

אין דעם שטיבל האָבן געדאַוונט ביי עטלעכע הונדערט מתפללים, צווישן זיי — די גרעסטע נגידים און עסקנים פון שטאָט. דאָס שטיבל האָט פאַרנומען דריי צימערן, וווּ ס׳זענען תמיד געזעסן און געלערנט בחורים ווי אויך עלטערע מענטשן ביי לאַנגע גרויסע טישן. יעדער גערער חסיד האָט געשטרעבט, אַז זיין זון זאָל זיין צווישן די לומדים (גערער חסידות האָט פון תמיד אָן געלייגט דעם טראָפּ אויף למדנות). דערפאַר זענען די טישן תמיד באַזעצט געווען מיט בחורים, וועלכע האָבן יומם ולילה עוסק געווען אין תורה.

פּלוצעם האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן „נייע ווינטן" פון פּראָגרעס און פאַרשריט און פאַרכאַפּט די מוחות און די רעיונות פון די „גערער" בחורים. קודם האָט מען זיך גענומען משנה זיין די אויסערלעכע צורה ד״ה אָפּגעשוירן באָרד און פּיאות, אָנגעטאָן ווייסע געקראָכמאַלעטע קעלנערלעך, האַלבע שיך מיט שנוראַוואַדלעס — זאַכן וואָס פאַר אַ חסידישן בחור זענען זיי געווען שטרענג פאַרבאָטן און געווען אַ סימן, אַז מ׳איז „קאַליע" געוואָרן און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון יידישקייט. די חסידים האָבן באַשלאָסן צו באַזייטיקן די „אפיקורסים" פון שטיבל.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען עטלעכע צענדליק בחורים אַרויסגעטריבן פון שטיבל מיט כוח. די דאָזיקע אַרויסגעטריבענע חסידיש־„פאַרזינדיקטע" בחורים זענען דערנאָך געווען דער רוקן־ביין און עיקר־יסוד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פולטוסק.

שפּעטער האָט דאָס אָרט פון גערער שטיבל, וואָס איז אַוועק אין אַן אַנדער פּלאַץ פאַרנומען די „בית־יעקב" שול.

נאָך אייניקע חסידים־שטיבלעך זענען געווען אין דער דאָזיקער גאַס, ווי דאָס אָטוואָצקער שטיבל מיט עטלעכע מנינים מתפללים, צווישן וועלכע עס זענען געווען די באַוווּסטע נגידים פון שטאָט, ר׳ מענדל מינץ און ר׳ אברהם קאַמינסקי; דאָס סאָקאָלאָווער שטיבל, וווּ עס האָט זיך געפונען דער באַרימטער „חדר" פונעם קליינעם יאַנקעלע; דאָס טריסקער שטיבל און דאָס שטיבל פון די בראַצלאַווער חסידים.

**די יידישע גימנאַזיע**

אויף קאַטליאַרסקע גאַס איז געשטאַנען איינע פון די שענסטע געביידעס פון דער שטאָט, וועמענס אייגנטימער ס׳איז געווען ר׳ בצלאל נחמנס, איינער פון די חשובסטע בעלי־בתים אין פולטוסק. ס׳איז געווען אַ דריי־שטאָקיק הויז, געבויט אין מאָדערנעם סטיל. אויפן הויף איז געווען אַ פלומפּ מיט אַ ברונעם, מיט אַן אינעווייניקסטע קאַנאַליזאַציע וואָס איז געווען אַן אויסנאַם־זאַך אין שטאָט. די צימערן זענען געווען מער צוגעפּאַסט פאַר אַן אַנשטאַלט ווי צום וווינען. דערפאַר איז דאָס הויז כמעט שטענדיק געווען באַזעצט פון אינסטי־טוציעס, שולעס, חדרים, אד״ג. די יידישע גימנאַזיע האָט אין דעם הויז עקזיסטירט נישט מער ווי עטלעכע יאָר.

**די גמ״ח קאַסע, „מזרחי", „שומר הדתי" און די „יבנה" שולע**

קעגנאיבער דעם דאָזיקן בנין האָט זיך געפונען די יידישע גמילת־חסד־קאַסע, וועלכע איז געווען טעטיק אין משך פון אַ סך יאָרן. איינער פון אירע הויפּט־גרינדער און אַקטיוו־סטע טוער איז געווען ר׳ משה שפּערלינג.

די שול־גאַס ווי געזאָגט, איז געווען אַ ריין־יידישער צענטער, אַ חוץ עטלעכע נישט־יידישע הייזער, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אָפּגעשלאָסענע פעסטונגען, וווּ אַ ייד האָט נישט געהאַט קיין דריסת רגל. איינער פון די הייזער איז געווען דער באַוווּסטער שיינער האָטעל־רעסטאָראַן פון לעוואַנדאָווסקי מיט זיינע זין.

במשך פון אַלע יאָרן האָט דער האָטעל געדינט אַלס אַ פאַרוויילונגס־פּלאַץ פאַר פּריצים און הויכע באַאַמטע, וועלכע האָבן דאָרט איינגעאָרדנט פון צייט צו צייט פאַרשידענע בעלער. דער הויף און דער שיינער גאָרטן אַרום איז תמיד געווען אָפּגעשלאָסן פאַר אַ פרעמדן, בפרט פאַר אַ ייד, אָבער אין די לעצטע יאָרן, איז די גאַנצע געביידע מיטן חצר און דעם שיינעם גאָרטן איבערגעגאַנגען אין יידישע הענט און אין איינעם פון אירע שיינע לאָקאַלן האָט זיך געפונען די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך דער „השומר־הדתי", און די „יבנה"־שולע.

אין אַ קעגנאיבערדיקן הויז האָט געפירט איר טעטיקייט איינע פון די גרעסטע פּאַרטייען אין שטאָט — די לינקע „פּועלי־ציון".

**„הכנסת אורחים"**

בדרך כלל איז פולטוסק געווען „באַשאַנקען" כמעט מיט די אַלע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן עקזיסטירט אויך אין אַלע אַנדערע יידישע שטעט, אַחוץ איין אַנשטאַלט, וואָס האָט געפעלט אין שטאָט, די „הכנסת אורחים".

כמעט אַלע יאָרן האָבן די אָרעמע לייט, וואָס פלעגן

קומען אין שטאָט צו קלייבן נדבות נישט געהאַט קיין אַנדער פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן ווי אין „גערער שטיבל" אויף די בענק און טישן, אָדער אין בית המדרש. אַזאַ מצב האָט געמאַכט זייער אַ שווערן רושם אויף די מתפּללים. מיט דער איניציאַטיוו פון ר' משה יאַקל שטיינבערג, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן אויפן שול פּלאַץ אַ קליינער בנין פאַר דעם צוועק. אגב: אויפן זעלבן פּלאַץ איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַ שעכט־הייזל פאַר עופות.

דאָס איז אַ קורצער און אַלגעמיינער איבערבליק איבער דער שול־גאַס (קאַטליאַרסקא), וועלכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעליגיעזן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן צענטער פונעם יידישן פּולטוסק.

# בתי ספר — שולן

שרה פראָסט

## די יידישע „פּאָווזשעכנע" שול

צוליבן קליינעם פּלאַץ, איז אין יאָר 1934 איבערגעגאַנגען די יידישע פּאָווזשעכנע שול פון חנה מעלניקס הויז אין דער קאַטליאַרסקער גאַס אויף אַ נייעם אָרט — אויף די פּאַגורקעס. די שול איז געווען צעטיילט אויף 2 טיילן. איינער פון זיי האָט זיך געפונען אין מאַרק ביי ראַזאַנאָווסקין, לעבן דער אַלעיאַרנע (ד.ה. דער קלענערער טייל).

די פּאַגורקעס האָבן זיך אָנגעהויבן פון תחילת וואַרשעווער גאַס. דאָס איז געווען אַ ברוקירטער באַרג, וועלכער האָט זיך געצויגן ביז צו דער שול. דער וועג צו דער שולע איז געווען זייער נישט קיין גוטער. ווינטער־צייט, ווען דער שניי איז צעגאַנגען איז ממש געווען אַ סכנה אַרויפקלעטערן אויפן באַרג. נישט איינמאָל האָבן זיך די שילערס אויסגעגליטשט און זיך „גוט" צעקלאַפּט. אָבער טראָץ די אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן, איז דאָס הויז אַליין געווען זייער גרויס און באַקוועם און געהאַט אַלץ וואָס אַ שול דאַרף האָבן.

אין דער שול האָבן געלערנט ביי 900 יידישע קינדער, אין 2 שיכטן: פאַר מיטאָג און נאָך מיטאָג. די לערערס זענען געווען געמישטע, פּוילישע און יידישע, מיט דעם הויפּטקיעראָווניק (אָנפירער) זיבלעווסקי, אַ קריסט, וועלכער איז געווען זייער אַ שטרענגער. דעריבער האָבן אַלע לערער ביי אים געוואָלט נושא־חן זיין. מהאי טעמא זענען טאַקע פאָרגעקומען פאַרשידענע רייבונגען צווישן די לערער און לערערקעס, וואָס פלעגט גורם זיין דערצו, אַז טיילמאָל האָט עמעצער פון זיי געמוזט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן און איבערגיין אין אַן אַנדער דערביייִק שטעטל.

די לערערקעס פון דער פּאָווזשעכנע: רויזען, ראָזשאַן, הודעס, פּיעקאַרזש, פּרינץ, טאַרע, מאַלעצקאַ (אַן אַלטע אומפאַרהייראַטע פרוי מיט ברילן, וועלכע האָט איר פרייע צייט פאַרבראַכט אין קלויסטער), גאָלדשטיין, פּיליאַר. די לערער: רובינשטיין, שטערן, באַראָוויעץ (דער מוזיק־לערער, וואָס האָט געשלאָגן מיט דעם סמיטשעק איבערן קאָפּ), גאָרדזיעי, דער לערער פון מאַטעמאַטיק, פאַר וועמען אַלע קינדער האָבן געציטערט און נישט איינמאָל באַקומען אַ „גוטן" קלאַפּ פון זיינע ברייטע הענט; ער איז געווען אַ קראַנקער און זייער נערוועז.

די שול האָט געהאַט 2 אַריינגענג. די שילער זענען תמיד געגאַנגען דורך דעם אונטערשטן אַריינגאַנג. פון דער רעכטער זייט טויער, איז געווען אַ לאַנגער קאָרידאָר מיט צוויי קלאַסן, אַ קאַנצעלאַריע פאַר די לערער און אַ קאַבינעט פאַר דעם קיעראָווניק; אין דער קאַנצעלאַריע איז געשטאַנען אַן אַקוואַריום מיט פישלעך און פאַרשידענע כלים פאַר פיזיק, וועלכע האָבן געדינט אויף מסביר צו זיין די לימודים פאַר די קינדער.

אויף דער לינקער זייט האָבן זיך געפונען 2 קאָרידאָרן,

* זע: בית־יעקב־שול, „אגודת־ישראל", י. גרינשפּאַן; „יבנה־שול", דב בעריש לאַנדאָו.

וועלכע האָבן געפירט אין 8 זאַלן. אין יעדן קלאַס האָבן געלערנט פון 45 ביז 56 קינדער. פון דער 5טער קלאַס האָט מען די יינגלעך אַוועקגעשיקט אין דער פוילישער מענערישער פּאַוושעכנע. זיי האָבן דאָרט זייער געליטן פון דעם אַנטי־סעמיטיזם און דאָס האָט, וואַרשיינלעך, געברענגט דערצו, וואָס די יינגלעך האָבן פאַרלאָזט די שול און זיך אָנגעהויבן צו לערנען אַ פאַך. צוליב דעם טאַקע האָבן זייער ווייניק יינגלעך אין פולטוסק געענדיקט די פּאַוושעכנע.

די שול האָט געהאַט אַן אייגענעם קלוב, אַ געוועלבל פאַר שרייב־געצייג און אַ ביבליאָטעק. אָנגעפירט דערמיט האָט אַ לערער, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַלע מאַטעריאַלן. דאָס געוועלבל (סקליעפּיק) איז געווען אָפן 2 מאָל אין טאָג. פאַרקויפט האָבן שילערס פון די העכערע קלאַסן. דער קלוב איז באַשטאַנען פון אַ שיינעם זאַל, ווו די תלמידים האָבן אין די ווינטער־טעג געקאָנט מאַכן זייערע לעקציעס און אויך פאַרברענגען אין פאַרשידענע שפּילערייען. די ביבליאָטעק איז געווען טעטיק אום פרייטיק נאָך די לעק־ציעס און זונטאָג — אום ווינטער, אין די קליינע טעג. די טאָג־אָרדענונג אין דער שולע האָט זיך אָנגעהויבן מיט 10 מינוט גימנאַסטיק פאַרן לערנען און דאַן 3 שעה לימודים. 11 אַזייגער, ביי דער גרויסער הפסקה, האָבן די קינדער געגעסן זייער פרישטיק און געשפּילט זיך אויף דעם גרויסן ספּאָרט־פּלאַץ. ווינטער האָבן די אָרעמע קינדער, אין דער צייט פון דער גרויסער הפסקה, באַקומען ברויט מיט קאַווע. דאָס האָט געהייסן „פּאָמאָץ־זימאָוואַ" (ווינטער־הילף), וואָס איז געווען איינגעאָרדנט דורך אַ פרויען־קאָמיטעט, מיט וועלכן עס האָבן פאַרוואַלטעט: דענטיסטין, אַרוויציען, דענט׳ בעלאַ און די פרויען בראַניאַ דראַנזשעק, טשערנאַוואָסקאַ און אַנדערע.

אויך האָט די שול געהאַט אַ ספּעציעלן זאַל פאַר איבונגען (גימנאַסטיק) מיט פאַרשידענע איינריכטונגען. באַנוצט האָט מען זיך מיט אים נאָר ווינטער אין די גרויסע קעלטן. דער זאַל האָט אויך געדינט פאַר אַקאַדעמיעס, וועלכע מ'האָט איינ־געאָרדנט לכבוד די מלוכהשע יום־טובים ווי: 3טער מאַי, טאָג פון דער פוילישער באַפרייונג (11טן ליסטאָפּאַד), געבוירן־טאָג פון די הויפּטן פון פוילישער רעפּובליק א"א.

קינדער פון דער יידישער „פּאַוושעכנע" האָבן אָנטייל גענומען אין די דעפילאַדעס און מאַרשן, וואָס פלעגן פאָר־קומען אין די פייערונגס־טעג. די מיידלעך פון די עלטערע קלאַסן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויפן שול־הויף אין גראַנאַט־פליסירטע ספּודניצעס, גראַנאַט־בלוזעס מיט אַ ווייסן „מאַרי־נאַרסקן" קראַגן, וואָס איז געווען אַרומגעניית מיט אַ בלויער טאַשמע. זיי האָבן אַריינמאַרשירט אין דער גרויסער שול, ווו הערשל שוחט אָדער מיין פאָטער, אהרן שמש, האָט אָפּ־געריכט פאַר זיי אַ ספּעציעלע תפילה און דאַן האָבן זיי זיך באַהאַפטן צו די גרויס דורכמאַרשירנדיקע שורות אויף דריטער מאַי גאַס.

די שול האָט אויך אָנטייל גענומען אין די ספּאָרט־יום־טובים (שוויענטאָ ספּאָרטאָווע), ווי אויך אין אַ סך אַנדערע פייערונגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער שטאָט.

אַ געוויסע צייט איז געווען איינגעפירט דער יום־טוב פון קינד (שוויענטאָ דזיעצקאַ). די קינדער פלעגן זייער שיין פאַרברענגען אין וואַלד און באַקומען מתנות (די לעצטע צייט איז דאָס אָפּגעשאַפן געוואָרן). מ'האָט אויך געפייערט דעם „טאָג פון דער מוטער". יעדער האָט זיך באַמיט צו ברענגען דער מוטער אַ בוקעט בלומען, וואָס איז אין יענער צייט נישט לייכט געווען צו באַקומען. יינגלעך פלעגן אין דעם טאָג צעהאַקן אַ ביסל האָלץ אָדער אָנפילן דאָס פעסל מיט פריש וואַסער.

יעדער קלאַס האָט זיך געהאַט זיין פּרעזעס און פאַר־שידענע קאָמיסיעס ווי אויך אַן עסטעטישע קאָמיסיע, וועלכע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם סאַניטאַרן צושטאַנד און ריינקייט אין קלאַס. ס'איז אויך געווען אַ קאַסע, ווו די קינדער פון קלאַס האָבן געזאַמלט אַ גאַנצן יאָר געלט, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו קויפן אַ מתנה דער דערציערין אָדער דעם קיעראָווניק צום סוף פונעם שול־יאָר.

דריי מאָל אין יאָר פלעגן פאָרקומען עלטערן פאַרזאַמלונגען („וויוויאַדוווקעס"), אויף וועלכער די לערער האָבן איבער־געגעבן וועגן די דערגרייכונגען אָדער הינטערשטעליקייט אין לערנען פון די שילער.

אַ גרויסן איינפלוס אין דער שול האָט געהאַט דער רב און די יידישע גמינע. אין די פרייטיק־טעג ווינטער־צייט, ווען דער רב האָט מורא געהאַט, אַז די קינדער, וועלכע לערנען אין דער 2טער שיכט, ד"ה נאָך מיטאָג, וועלן מחלל שבת זיין, האָט ער געפּועלט ביים „קיעראָווניק", אַז די לימודים פון די קלענערע קלאַסן זאָלן פאָרקומען זונטיק אָנשטאָט פרייטיק.

די שול האָט אויך אָנטייל גענומען אין אויסקויפן פאַר־שידענע אַקציעס פאַר אויפבוי פון שולן, ווינטער־הילף אד"ג. דער הילפס־קאָמיטעט פאַר אָרעמע קינדער פלעגט אַרויס־גיין עטלעכע מאָל אין יאָר מיט אַ בלימל אין גאַס. די יידישע קינדער האָבן אויך גענאָסן פון פּריווילעגיעס אין קינאָ און טעאַטער, וואָס איז זיי ספּעציעל צוגעטיילט געוואָרן. זיי האָבן אויך געמאַכט אויספלוגן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך סוף שול־יאָר. ווען זיי האָבן געענדיקט זייערע לימודים.



בית ספר עממי, כתה א׳ עם המורה **גרוסברד** (במרכז התמונה)
בין היושבים על הארץ, השני משמאל: **חיים אהרנוביץ**
פאָלקס־שול 1טע קלאַס מיט דער לערערין **גראסבארד** (אין צענטער)
צווישן די זיצנדיקע אויף דער ערד. 2טער פון לינקס: **חיים אהראָנאָוויטש**



די „פאָווּשעכנאַ״ מיטן לערער **שטוצקי** אין דער מיט



כיתה בבית ספר עממי עם המורה רוזשאַ הודעס
אַ קלאַס אין דער „פאָווזשעכנאַ" מיט דער לערערין רוזשאַ הודעס



בית ספר עממי עם המנהל גוטמן



בית־ספר עממי — פאָלקס־שול מיט די לערערינס **רושא** הודעס און גראסבארד



בית ספר עממי, עם המורה **טורנר** במרכז התמונה (1924)



בית־ספר עממי — שבתובקה, פולטוסק, 1937



פאָלקס־שול



כיתה בבית־ספר — אַ שול־קלאַס



„פּאָווּשעכנאַ", מיט דער לערערין פאַלקאָוונאַ (1931)

מרדכי זילבערמאַן (מיעטעק)

# די יידישע גימנאַזיע

אינעם מאָדערנעם יידישן לעבן פון פּולטוסק, אין אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט, איז די גרינדונג פון דער יידישער גימנאַזיע געווען איינע פון די וויכטיקסטע קולטור־געשעענישן אין שטאָט.

עס איז געווען אין די יאָרן 1915—1916, אין סאַמען ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דייטשן האָבן איינגענומען פּולטוסק באַלד נאָכן מלחמה אויסברוך, זומער 1914. די יידן האָבן פריער אָפּגעעטעמט נאָך די רדיפות און פּאָגראָמען פון דער צאַרישער מאַכט און פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשישע אַרמיי איז געווען ממש אַ דערלייזונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. דעמאָלט, אין קעגנזאַץ צום יאָר 1939, האָבן די יידן פון אַ גאַנץ יאָר געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די דייטשן. אַ קלייניקייט: יעדער ייד האָט זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט די דייטשישע זעלנער און אָפיצירן — ער האָט גערעדט „דייטש״ — ער האָט זיך מיט זיי אויסגעטענעט, און געהאַנדלט מיט זיי. זיי האָבן נישט געראַבעוועט ווי די רוסן, נאָר פאַרקערט, די דייטשן האָבן נישט צוגענומען קיין סחורה אָן געלט, געווען אָנשטענדיק, ערלעך, זויבער, געשפּילט זיך מיט קינדער, געטיילט ברויט, שאָקאָלאַד און סיגאַרעטן.

— — — — — — — — — — — — — — —

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די רוסיש־דייטשישע גרענעץ געווען הינטער מלאַווע, אַרום 60 קילאָמעטער פון פּולטוסק. אין אָנהויב פונעם קריג זענען די רוסן אַריינגעדרונגען קיין מזרח־פּרייסן און אָפּגעהאַלטן נצחונות איבער די דייטשן, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ מיליטערישער מאַנעוור פונעם שונא אַריינשלעפּן די רוסן אין מיטן פון דער דייטשישער טעריטאָריע. דאָרט זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן און געכאַפּט די אמתע קלעפּ. עס זענען געווען באַקאַנט די גרויסע שלאַכטן אין מזרח־פּרייסן לענג־אויס דער גרענעץ נישט ווייט פון פּולטוסק.

דאָס אָפּטרעטן פונעם רוסישן מיליטער איז פאָרגעקומען אין גרויסער בהלה דורך פּולטוסק, וואָס איז געווען זייט יאָר־הונדערטער אַ באַקאַנטער סטראַטעגישער קניפּן — פּונקט, מיט זיינע נאַטירלעכע גרענעצן, ווי דער טייך נאַרעוו, וואָס האָט פאַרבונדן מיטן טייך בוג און מיט דער ווייסל. אָבער די דאָזיקע גינסטיקע געאָגראַפישע לאַגע האָבן די רוסן נישט אויסגענוצט כדי אָפּצושטעלן דעם פאָרויסמאַרש פונעם שונא אין דער ריכטונג צו דער פעסטונג מאָדלין און וואַרשע.

אגב, דעמאָלט ביי פּולטוסק איז אַנטדעקט געוואָרן אַ מערקווירדיקער פאַקט, וואָס האָט באַוויזן די גרויסע קאָרופּציע, וואָס האָט געהערשט אינעם צאַרישן רוסלאַנד.

אויף אַלע רוסישע מיליטערישע פּלענער און מאַפּעס, איז געווען אָנגעצייכנט אַז אויפן נאַרעוו לעבן פּולטוסק געפינט זיך, אַ חוץ די עקזיסטירנדיקע בריקן, נאָך איין גרויסע בריק אין דער ריכטונג פוןווישקאָוו. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז קיין בריק נישט געווען און דאָס אָפּטרעטנדיקע רוסישע מיליטער האָט זיך אין דעם אָרט געמוזט אָפּשטעלן, נישט האָבנדיק קיין דורכגאַנג איבערן טייך. נאָך אינטערעסאַנטער איז, אַז די רוסישע „דומע״ (פּאַרלאַמענט), האָט יעדן יאָר באַשטעטיקט אינעם מלוכהשן בודזשעט אַ סומע אויף צו רעפּערירן די בריק און פאַר די בריק־היטערס, שוין אָפּגערעדט וועגן די שווערע הונדערטער טויזנטער רובלס, וועלכע זענען נאָך פריער אַסיגנירט געוואָרן כדי זי אויפצושטעלן.

מעגלעך, אַז דאָס פעלן פון דער דאָזיקער בריק און פון אַן אייזנבאַן־ליניע ביז נאַשעלסק און ווישקאָוו האָט גורם געווען אַז פּולטוסק איז געלעגן פאַרוואָרפן אין אַ זייט, געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען און אין משך פון דורות פאַרהעלטנמעסיק ווייניק זיך אַנטוויקלט.

אין אַנדערע שטעט האָט שוין פון לאַנג אַריינגעדרונגען די השכלה־באַוועגונג, די פּאָליטישע רייפקייט און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פּרוכטבאַרע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אין פּולטוסק האָבן נישט אויפגעהערט די מחלוקותן צווישן די רביישע „שטיבלעך״, צווישן די דאַוועלנערס פון בית־מדרש און די דאַוועלנערס פון דער שול און עס האָבן געוועלטיקט

אָפּגעשטאַנענקייט און „מסירות״ (די פּרשה מיטן „קאַזשאַננעם״ רב בעהאַם). דאָס ביסל וועלטלעכע בילדונג האָט מען געקראָגן אין די אָפּיציעלע רוסישע מלוכה־פּאָלקס־שולן, ביי די לערערס קאַפּעלאָוויטש און גוטמאַן און ביי געצײלטע פּריוואַטע לערערס ווי די ברידער חיים און איטשע יורקאָוויטש.

האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1914 איז אַנט־שטאַנען אין פּולטוסק אַ „חדר מתוקן״ („חדר מסוכן״ ווי עס האָבן אים אָנגערופן די גאָר פרומע). דער שרייבער פון די שורות איז געגאַנגען אין דעם דאָזיקן חדר. דער „לערער״ איז געווען הער גלאַוואַטש. דער טיטל „לערער״ אַנשטאָט „רבי״, איז געווען אַ גרויסער חידוש פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען אַ נייעס וואָס מען איז דאָרט געזעסן ביי קליינע טישע־לעך און נישט ביי איין גרויסן טיש ווי אין אַלע אַנדערע חדרים. גלאַוואַטש, געדענק איך, האָט געהאַט אַ געהילף, און האָט אויך געווען בײ מיר גרויס אָנזען דערמיט וואָס ער איז געווען דער מחבר פון אַ ביכעלע אַפּאָריזמען און גלײכווערטלעך אין יידיש און איז דורך דעם אין מיינע פאַנ־טאַזיע אויסגעוואַקסן צו אַ גרויס פּערזענלעכקייט.

ליידער אָבער האָט זיך גלאַוואַטש פון זיין מלמדות נישט געקענט לאַנג אויפהאַלטן אין פּולטוסק און איינע פון די סיבות פון דער ליקווידאַציע פון זיין חדר איז, ווייזט אויס, געווען די גרינדונג פון דער יידישער גימנאַזיע, וועלכע האָט אים צוגענומען די קינדער, ווייל אויב שוין נישט לערנען אין אַ געוויינלעכן חדר, טאָ זאָל שוין טאַקע זיין אין אַן „אמתער״ גימנאַזיע.

מיטן שטראָם פון מלחמה־פּליטים פון די מזרח געביטן האָט זיך באַוויזן אין פּולטוסק אין יאָר 1915 אַ טונקל־ברוינער יונגערמאַן מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן, אין די פערציקער יאָרן, גלאַט ראַזירט, מיט אַ פליכטוואַטן קאָפּ און אַ פּאַריסן נעזל, אַ קאַלמיקישער טיפּ, דאָך מיט פיינע מאַניערן, שטענדיק אָנגעטון אין אַ שוואַרצן אַנצוג מיט געשטרייפטע הויזן. גערעדט האָט ער אַ זאַפטיקן יידיש און געהאַט אַ דיפּלאָם פון אַ שווייצאַרישן אוניווערסיטעט אויף אייראָפּעישע שפּראַכן, בעיקר דייטש און פראַנצויזיש.



**אברהם ליפּמאַן**
גרינדער און דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין פּולטוסק.
מיסד ומנהל הגימנסיה היהודית בפולטוסק.

געהייסן האָט ער אברהם ליפּמאַן און האָט נושא־חן געווען מיט זיין עמד־טאַן און פאָלקסטימלעכן יידיש און האָט באַלד געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּולטוסק.

פּאַראַלעל מיט די צוגרייטונגען צו גרינדן אַ יידישע גימנאַזיע, האָט ליפּמאַן געגעבן אַ שורה רעפעראַטן אויף יידיש וועגן שפּינאָזען און געטען, ראָמען ראָלאַן, טאָלסטוי און דאָסטאָיעווסקי און וועגן שפּענגלערס פילאָזאָפיע פון אינטערגאַנג. ער האָט געבראַכט קיין פּולטוסק אַ נייעם גייסט פון מערב־אייראָפּעישער קולטור, וואָס איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט אין די ברייטע קרייזן פון פּולטוסק. און האָט אַ דאַנק דעם צונויפגעזאַמלט אַרום זיך אַ קרייז פון מענטשן, וועלכע זענען געווען גרייט אים צו העלפן אין דער גרינדונג פון דער יידישער גימנאַזיע.

ער איז געווען אַ מייסטער פון וואָרט און פון איבער־צייגונג, אַ רעדנער מיט אַן אָנגענעמער דיקציע און אַ מיט־באַגלייטנדיקער זשעסטיקולאַציע. זיין רעפעראַט איז געווען פיין געבויט, גוט־פאַרשטענדלעך, נישט איבערגעלאָדן, און האָט באַרייכערט דעם אַלגעמיינעם וויסן פון די צוהערערס.

אַ דאַנק די רעפעראַטן איז ליפּמאַנען געווען זייער לייכט איבערצוגייען צו פאַרווירקלעכן זיין אידעע וועגן אַ יידישער קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע פאַר ייִנגלעך און מיידלעך מיט דייטש אַלס אונטעריכטס שפּראַך. ווי געזאָגט איז דאָס געווען אין די יאָרן 15—1916 און די גימנאַזיע האָט געדאַרפט זיין אונטער דער קאָנטראָל און אויפזיכט פון דייטשן שול־אינספּעקטאָר, וועלכער האָט זיך באַצויגן מיט גרויס סימפּאַטיע צו אַ שול־אַנטשטאַלט.

ער האָט פאַראינטערעסירט מיט דעם געדאַנק אַ גאַנצע רייע בעלי־בתים פון שטאָט ווי: ישעיהו קופּערמינץ, הירש זילבערמאַן („יעזשאַרעק״), אברהמל רוזשא, מענדל גאָלד־שטיין, אפרים צעלניק, יאַנקל יאַבלאָנקאַ (סעקרעטאַר), שמואל ישמח, אברהם ראָזענבערג און נאָך אייניקע, וועלכע האָבן געבילדעט דעם עלטערן־קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר דער פינאַנציעלער זייט פון דער גימנאַזיע. עס איז מיר נישט באַקאַנט וויפל די דייטשע שול־מאַכט האָט דעמאָלט געגעבן אויף דער יידישער גימנאַזיע, אָבער זי האָט געגעבן נישט ווינציק, ווייל ליפּמאַן איז געווען פעיק צו ציען געלט פון די דייטשע מאַכט אָרגאַנען.

מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז אַ דאַנק די לערערס איז אונדז געלונגען, יידישע קינדער פון פּולטוסק, וואָס דאָס רוב פון זיי האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געהערט קיין ריכטיק דייטש וואָרט — צו לערנען זיך פון דייטשע שול־ביכער כמעט לויטן קורס פון דייטשע שולן. דער שרייבער פון די שורות, פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע שילער, האָט נאָך אַ קנאַפּ יאָר

לערנען די דאָזיקע שפּראַך אין דער גימנאַזיע דעקלאַמירט אויף אויסנווייניק — אויף די גימנאַזיע אויפטרעטונגען — די באַלאַדן פון שילער.

ליידער האָט זיך נישט די גאַנצע באַפעלקערונג באַצויגן מיט סימפּאַטיע און התלהבות צו ליפּמאַנען און צו זיין גימנאַזיע. ביידע, סיי ער, סיי זיין גימנאַזיע זענען געוואָרן שטאַרק באַקעמפט דורך פאַנאַטיקער און צוריקגעשטאַנענע, בשעת איר גרינדונג און נאָך דעם ווי זי האָט אָנגענומען די פאָרמען פון אַן אָרגאַניזירטן בילדונגס־אַנשטאַלט מיט אַ צענדליק לערער און מיט קנאַפּע צוויי הונדערט שילער.

מען דאַרף געדענקען, אַז פאַר ליפּמאַנען איז אין פּולטוסק נישט געווען קיין יידישע אָדער העברעישע שול אינעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט און ס'רוב צוקונפטיקע שילער פון דער גימנאַזיע האָט דעמאָלט געלערנט ביי פּריוואַטע לערער און ביי „אויטשניעס פון די קלאַסן", אַזוי, אַז דער גימנאַזיע קאַנדידאַט איז געקומען צו ליפּמאַנען אָן קיין שום שול־צייגעניש, און אָפטמאָל געווען אַוואַנסירט אין אַ טייל קעגנשטאַנדן מיט אַ קלאַס אָדער צוויי העכער, דאַקעגן אין אַנדערע געווען הינטערשטעליק. אַזוי, אַז ליפּמאַן מיט זיינע לערער האָבן אַליין געמוזט פעסטשטעלן די קלאַס־אָנגעהעריקייט פון שילער, כדי ביידע צדדים זאָלן שפּעטער נישט האָבן קיין צרות. נישט איינמאָל האָט ליפּמאַן געמוזט נעמען אין אַכט דעם פאַרלאַנג פון אַ טאַטן אַריינצונעמען „זיין קינד" אין אַ העכערער קלאַס, אונטער דער דראָונג, אַז ער וועט דאָס קינד שיקן אין דער פּוילישער גימנאַזיע — און דאָס איז שוין געווען אַ היזק. עס פלעגן טרעפן פאַלן פון איבערפירן שילער פון איין קלאַס אין דער צווייטע במשך פונעם שול יאָר.

אין אַלגעמיין מוז מען מודה זיין, אַז ליידער איז דער ניוואָ פון דער גימנאַזיע נישט געווען קיין הויכער, און במשך פון איר עקזיסטענץ איז עס געווען איינע פון די הויפּט דאגות פון די לערער צו הויבן דעם ניוואָ. מען קען זאָגן, אַז פון אָנהויב האָט מען כמעט ווי אָנגעיאָגט קינדער אין דער גימנאַזיע, פּשוט אויף צו קענען דעקן די ריזיקע הוצאות פון אויסהאַלטן דעם שול־אַפּאַראַט.

ווו מ'האָט נאָר געקענט געווינען אַ קינד פאַר דער גימנאַזיע, איז ליפּמאַן אין דער ערשטער צייט אַליין געגאַנגען צו די עלטערן, צוגערעדט זיי און אויפגעקלערט בשעת מעשה די מעלות־טובות פון בילדונג בכלל און סתם אַריין אין אַ גוט־ברודערישן שמועס. דער עיקר, דאָס קינד זאָל פאַרשריבן ווערן אין דער גימנאַזיע...

איך געדענק, אַז צום ערשטן מאָל האָב איך ליפּמאַנען געזען ביי מיין פאָטער אין געשעפט אויף דער 3־טער מאַי גאַס, זיצנדיק מעשה חברה'מאַן אויפן טיש. ליפּמאַנען איז, ווייזט אויס, דאָס מין זיצן געווען נויטיק אויף צו קענען באַווייזן זיין פאָלקסטימלעכקייט. ער איז ביי אונדז אין קלייט געווען אַן אָפטער „זיצער". עס איז געווען אין צענטער פון דער שטאָט, מ'האָט געקענט זען מענטשן און מיין פאָטער האָט פון צייט צו צייט דערלאַנגט אים אַ גלעזל גוטן אונגאַר וויין (נאַטירלעך אָן געלט). וועלכער האָט ליפּמאַנען שטאַרק געשמעקט. און עס איז געווען נאָך אַ סיבה. מיין פאָטער האָט געהאַט לעבן זיין גרויסן וויין־געשעפט, אַן אָפיצירן־קאַסינאָ, ווו מ'האָט געקענט זען די פני פון דער דייטשישער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, בתוכם אויך דעם דייטשן שול־אינספּעקטאָר און זיינע געהילפן. ליפּמאַנען איז זייער אָנגעגאַנגען אָנצוהאַלטן מיט זיי אַ נאָענטן קאָנטאַקט און ביי זילבערמאַנען איז עס געווען דער פּאַסנדיקער פּלאַץ.



איך בין אָנגענומען געוואָרן אין דער פערטער קלאַס פאַר ייִנגלעך, די העכסטע קלאַס וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין דער גימנאַזיע (מיט יעדן נייעם שול־יאָר האָט זיך דער אַנשטאַלט אויטאָמאַטיש אַנטוויקלט צו אַ פולער, 8 קלאַסיקער גימנאַסיע). אין דעם דאָזיקן יאָר איז געווען נאָך איין העכערע קלאַס, די 5־טע, אָבער נאָר פאַר מיידלעך, ווייל זיי האָבן געדאַרפט אַ נידעריקערן קורס. אין די גאָר נידעריקע קלאַסן זענען געגאַנגען געמישט ייִנגלעך מיט מיידלעך, דאַקעגן אין אונדזערן זענען שוין מיידלעך מיט ייִנגלעך געווען באַזונדער. איך ווייס נישט, ווער האָט דאָס געפאָדערט, צי די שול־מאַכט, צוליב פּעדאַגאָגיש־פאָרמעלע טעמים, צי די טאַטעס צוליבן איינציקן טעם, אַז דערוואַקסענע ייִנגלעך זאָלן נישט לערנען צוזאַמען מיט מיידלעך. דער דאָזיקער סדר פון באַזונדערע קלאַסן איז געווען גענוג קאָסטבאַר, און געווען אַ לאַסט אויפן גימנאַזיע בודזשעט.

דאָס איבערזיפּן פון דער שול־יוגנט לויט אירע קענטענישן האָט פאַרהעלטנמעסיק נישט לאַנג געדויערט, און דאָס נאָרמאַלע לערנען פון דער ערשטער יידישער גימנאַזיע אין פּולטוסק האָט זיך אָנגעהויבן.

די דערעפענונג איז פאָרגעקומען אין בלומס הויז אויף דער 3־טער מאַי גאַס (אַגב האָט בלום, וואָס איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקער גערער חסיד און דערצו דער בעל־הבית פון דעם הויז, אַריינגעכאַפּט נישט ווייניק צרות פון זיינע שטיבל־חסידים, דערפאַר אָבער האָט ער גענומען גראָבע דירה־געלט...).

די דערעפענונג־פייערונג איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע. אַלע שילער און שילערינס זענען געקומען יומטובדיק אויס־

געפוצט, אָנגעטון ווי ווייט מעגלעך איינהייטלעך. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. די זאַלן האָבן געשמעקט מיט זויבערקייט, מיט בלומען, מיט יום־טוב — אַלץ איז געווען גרייט אויפצונעמען די שול־יוגנט.

מיר האָבן זיך גענומען צונויפזאַמלען אין גרעסטן זאַל פון בנין, דעם אַזוי גערופענעם „רעקרעאַציאָנס זאַל”, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו קליין און נישט געקענט אויפנעמען אַלע צונויפגעקומענע. קודם כל האָבן זיך די לערערס גענומען קנוילן אין גרופן פון באַקאַנטע, און שפּעטער סעגרעגירט זי אין קלאַסן פון ייִנגלעך און מיידלעך. עס האָט געהערשט, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, אַן אומגעוויינלעכער רעש. צוויי הונדערט מיילער האָבן מיטאַמאָל גערעדט און עס האָט געקאָכט און געברויזט ווי אין אַ קעסל. קוים וואָס מ'האָט געהערט די רעדעס פון ליפּמאַנען, פון דעם קרייז־שול־אינספּעקטאָר, פון נאָך אַ לערער, פון דעם פאָרשטייער פון עלטערן קאָמיטעט און פון אַ שילערין, אַ שיין־חנ'עוודיק מיידעלע.

עס האָט אַלעמען אַדורכגענומען אַ גרויסע שמחה אַז מיר האָבן זוכה געווען צו האָבן אַן אייגענע ייִדישע גימנאַזיע. מיר וועלן זיך מער נישט דאַרפן שטופּן אין די פּוילישע לערן־אַנשטאַלטן און הערן כסדר דאָס וואָרט „זשיד”, ווערן געשלאָגן און באַליידיקט און מוזן שווייגן. מיר געפינען זיך פון איצט אָן אין אונדזער ייִדיש־נאַציאָנאַלער גימנאַזיע. מיר וועלן לערנען אונדזער שפּראַך, אונדזער רעליגיע און אונדזער געשיכטע. צום ערשטן מאָל וועלן מיר אויף אונדזערע מוזיק לעקציעס אויך זינגען אונדזערע נאַציאָנאַלע לידער, אונדזערע היימישע זיסע פאָלקס־מעלאָדיעס, וועלכע זענען אַזוי נאָענט צו אונדזערע הערצער און נשמות: ייִדישע און העברעישע.

✶

די נאָרמאַלע אַרבעט פון דער ייִדישער גימנאַזיע האָט זיך אָנגעהויבן. אין אָנהויב האָט נישט אַלץ געקלאַפּט. בעיקר זענען געווען שוועריקייטן מיטן פעלן פון לערער, מיט שול־צימערן, מיט אויסשטאַטונג, מיט ביכער א.א.וו. אָבער מ'האָט זיך ווי־עס־איז אַן עצה געגעבן.

שוין פון 7 אינדערפרי האָט גענומען רוישן אין די צימערן פון דער גימנאַזיע ווי אין אַ בין־שטאָק. עס האָבן אָנגעהויבן קומען די שילער און שילערינס פון אַלע טיילן שטאָט, ווער פון ווייטן וואַרשעווער שאָסיי, ווער פון נאָענטן טשעכאַנאָווער און מאַקאָווער שאָסיי, ווער פון הינטער קלעשעווע און ווער פון פּאָפּלאָווע, ווער פון די ווייטסטע מקומות פון הינטער דער שטאָט. געקומען זענען זיי אין רעגן, אין שניי, אין פראָסט און אין היץ, באַוויגן מיטן דורשט פון וויסן און מיט דעם באַוווסטזיין און פרייד אַז זיי לערנען אין אַן אייגענער ייִדישער מיטלשול.

נישט אַלעמען איז אָנגעקומען אַזוי לייכט זיך צו לערנען אין דער גימנאַזיע. ווער עס האָט געדאַרפט פירן אַ שווערן קאַמף מיט די עלטערן, ווער עס האָט געמוזט אַליין פאַרדינען אויפן שכר־לימוד און ווער עס האָט געדאַרפט צוזאַמען מיטן לערנען אויך העלפן אין דער שטוב. אָבער אין דער פרי, צווישן די ווענט פון דער שולע האָט מען פאַרגעסן וועגן אַלע זאָרגן. אַלע זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען יעדער אין זיין קלאַס, פאַרנומען זייער אָרט אויף דער שול־באַנק. דער דיזשורנער אין קלאַס האָט געזאָרגט, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג: דעם לערערס פּאַטעל אויפן אָרט, די טאָוול — ריין אָפּגעווישט דער שוואָם, טינט, און קרייד אויפן אָרט. אַכט אַזייגער, מיטן שאַרפן און דויערנדיקן קלונג פונעם שול־גלאָק האָט זיך אָנגעהויבן דער געוויינלעכער שול־לערן טאָג.

✶

צוזאַמען מיט ליפּמאַנען איז געקומען אין שטאָט אַן אומגעהויער הויכער ייִד מיט אַן אַקסל אָנגעבויגן אַ ביסל אין אַ זייט, מיט אַ שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ, מיט לאַנגע הענט און פיס. זיינע דיקלעכע ליפּן האָבן שטענדיק אויסגעדריקט אַ תמימותדיקן שמייכל. פונקט אַזוי ווי ליפּמאַן האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ שוואַרצן אַנצוג און אַ גומענעם קראַגן, און געהאַלטן אַ שטעקן אין דער האַנט. ער האָט געלאָזט דעם צווייטן רעדן וויפל ער וויל, אויסגעהערט אים און אפילו נישט אָפּגעענטפערט, נאָר געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. איר האָט געפילט אַז דאָס, וואָס דער הויכער און דאַרער מענטש ענטפערט נישט, איז נישט חלילה מחמת גרינגשעצונג, נאָר פאַרקערט, ער הערט אויס יעדעס וואָרט אייערס, און וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, איז ער מסכים מיט אייך.

— דאָס איז געווען דער העברעישער לערער ראָזענקוויט. מען האָט געזאָגט אויף אים אַז ער איז פון איינע פון די לאַטיין אַמעריקאַנישע לענדער און אַז ער האָט דאָרט אַ פאַרם, אָבער ער שטאַמט פון ליטע און אַז רייטנדיק אויף אַ פערד איז ער אַראָפּגעפאַלן און צעבראָכן אַ פוס, דערפאַר גייט ער מיט אַ שטעקן. די וועלט־מלחמה האָט אים געטראָפן אין פּינסק און דערפאַר זיין פריינטשאַפט מיט ליפּמאַנען.

ראָזענקוויט איז געווען דער כסדרדיקער באַגלייטער פון ליפּמאַנען, זיין נישט־אָפּטרעטנדיקער שאָטן, לכל הפחות אין ערשטן פּעריאָד פון די צוגרייטונגען צו עפענען די גימנאַזיע. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ליפּמאַן איז דער פּראַק־טיקער, דער פאַרווירקלעכער און ראָזענקוויט איז דער בעל־חלומות, דער פאַנטאַזיאָר — וואָס איז געווען אין איינקלאַנג

מיט זיין באַרוף, דעם ציוניסטישן העברעישן לערער וואָס האָט געחלומט וועגן טאָג, ווען זיינע שילער וועלן נוצן אין טעגלעכן געברויך די העברעישע שפּראַך — און נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

בכלל זענען דאָס רוב לערער געווען ציוניסטיש געשטימט (אַחוץ פון איינעם אַ בונדיסט). דאָס איז געווען דער מצב אין אָנהויב. אין משך פון דער צייט האָט זיך די לאַגע געענ־דערט. אין אַלגעמיין, איז די גימנאַזיע שטענדיק געשטאַנען בראש פון אַלע ציוניסטישע אַקציעס ווי: פאַרשפּרייטן פון שקלים, בלימל טעג פאַרן ק.ק.ל., דאָס פאַרשרייבן אין גאָל־דענעם בוך פון ק.ק.ל., פלאַנצן ביימער אין יער־הרצל א״א, כאָטש אָפיציעל האָט זיך די גימנאַזיע נישט געקענט באַטייליקן אין די אַקציעס. זי איז אָבער געווען דער איינציקער פּלאַץ אין שטאָט ווו מען האָט געלערנט העברעיש אַלס קעגנשטאַנד. אויף אונדזערע גראַנאַט־סאַמעטענע־היטלען האָבן מיר גע־טראָגן אַ זילבערנעם מגן־דוד און אַ בלאָ־ווייס זיידן שנירעלע, און אונדזער שול־אַנשטאַלט איז געווען באַהויכט דורך דעם נאַציאָנאַלן ציוניסטישן גייסט. אונדזערע דראַמאַטישע אָוונטן אין די יידישע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע יום־טובים, ווו מיר זענען אויפגעטרעטן אויך אין עברית, זענען געווען איבער־פולט פון באַזוכער, נישט נאָר פון עלטערן נאָר אויך פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. יעדער דראַמאַ־טישער אָוונט פלעגט ווערן איבערגעחזרט אייניקע מאָל.



ווי געזאָגט, האָט זיך די גימנאַזיע געעפנט אויף דער 3־טער מאַי גאַס אין בלומס הויז, אויפן דריטן שטאָק. אין אַ צייט אַרום איז זי אַריבער אויפן מאַקאָווער שאָסיי אין אַ ווילע מיט אַ גאָרטן, נישט ווייט פון אַ רעגירונגס־לערער סעמינאַר, ווו קיין יידן האָט מען נישט אָנגענומען. דער ווירט איז דוכט זיך, געווען אַ גויישער און אויך די געגנט אַ קריסטלעכע, אַזוי אַז עס זענען פאָרגעקומען נישט ווייניק אינצידענטן צווישן אונדזערע תלמידים מיט די שקצים, וועלכע האָבן געוואָרפן שטיינער, אַרויסגערופן געשלעגן, געהאַקט שויבן, און צוליב דעם האָט זיך די גימנאַזיע איבערגעטראָגן אין אַ קורצער צייט אַרום אויף דער קאַטליאַרסקער גאַס אין אַ גרעסערער דירה שוין אויף צוויי שטאָקן, אין סאַמען יידישן צענטער פון שטאָט.

דאָס איז געווען אַ גרויסער לאָקאַל, מיט צענדליק צימערן, מיט אַ גרויסן טורן־זאַל, וואָס האָט גלייכצייטיק געדינט פאַר אַ רעקרעאַציע־זאַל. דאָ זענען געווען פיינע צימערן פאַר קלאַסן. אַ גרויסע קאַנצעלאַריע, אַ לערער־צימער, אַ קאַבינעט און אַ וווינונג פון 2—3 צימערן פאַרן גימנאַזיע־דירעקטאָר און אויך אַ צימער פאַרן שול־דינער.

אין דעם דאָזיקן לאָקאַל האָט די גימנאַזיע דערגרייכט איר העכסטן פונקט פון אַנטוויקלונג. צווישן אירע ווענט, האָבן מיר דערלעבט צו הערן די באַלפור דעקלאַראַציע, דערוווּסט זיך וועגן דעם זיג פון די אַלירטע און וועגן דעם אַנטשטיין פון אַ זעלבסשטענדיקן פּוילן, אָבער דאָ אויך האָט די גימנאַזיע אויסגעהויכט איר נשמה. די פּוילישע מאַכט האָט זי געשלאָסן, ווייל עס איז איר געווען ווי אַ דאָרן אין אויג אַ יידישע זעלב־שטענדיקע בילדונגס אינסטיטוציע.



אין דער צייט פון מיינע שול יאָרן האָבן זיך געביטן פיר דירעקטאָרן: ליפּמאַן, באַרענשטיין, פינקעל און דינצעס.

דער ערשטער, דער גרינדער פון דער גימנאַזיע, אברהם ליפּמאַן, איז געווען אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן און איינע פון זיי איז געווען די, וואָס ער האָט גערעדט אַ זאַפטיקן און געשמאַקן יידיש און דורך דעם געעפנט דאָס האַרץ פון יעדן ייד אין פּולטוסק, שוין אָפּגערעדט פון זיין זעלטענער איבערצייגונגס־קראַפט.

זיין לערער פערסאָנאַל איז אפשר געווען דער אַממיינסט ציוניסטישער פון אַלע לערער־צוזאַמענשטעלן, וואָס איך האָב געקענט אין דער גימנאַזיע. אפשר איז דאָס געווען צוליב דעם וואָס זיין קאַדענץ איז אויסגעפאַלן אין דער צייט פון דער דעמאָלטדיקער דייטשער אָקופּאַציע (1915), וואָס האָט זיך באַצויגן מיט גרויס סימפּאַטיע צום לערן־אַנשטאַלט. ווו די אונטעריכט שפּראַך איז געווען דייטש. די לאַגע האָט זיך געענדערט דעם 11־טן נאָוועמבער 1918, ווען מיטן פּראָקלאַ־מירן פּוילנס אומאָפּהענגיקייט האָט די נייע מאַכט געפאָדערט צו באַזייטיקן די דייטשישע שפּראַך און אַנשטאָט איר אַריינ־פירן פּויליש. זי איז פאַרבליבן בלויז אַלס אויסלענדישע שפּראַך אַזוי ווי פראַנצויזיש, אָבער די יידישע שילער האָבן שוואַך געקענט פּויליש, שוין פשוט צוליב דעם, וואָס אין שטוב און צווישן זיך האָבן זיי גערעדט יידיש און דער דאָזיקער לימוד איז געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן ניוואָ.

ליפּמאַן האָט אַליין נישט געקענט די דאָזיקע שפּראַך און האָט געמוזט רעזיגנירן פון זיין אַמט.

די שפּעטערדיקע דריי דירעקטאָרן: אינג׳ באַרענשטיין אינג׳ פינקעל און מגר. דינצעס — האָבן מיט קיין שום באַזונדערס זיך נישט אויסגעצייכנט. אַן אויסנאַם איז אפשר געווען דינצעס, וואָס זייענדיק פון אויסבילדונג אַ פּאַלאָניסט און מחבר פון אַ באַקאַנט שול־ביכל, „זאַמלונג פון די בעסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן מיצקעוויטשן", וואָס איז שטאַרק צונויף

געקומען די שילערס. ער האָט געהאַט ביי דער פּוילישער מאַכט גרויס אָנזעען, צוליב זיין ספּעציאַליזאַציע אין דער פּוילישער שפּראַך און ליטעראַטור. ער האָט געהאַט אַ פיינע און גאַנץ אָריגינעלע אויסשפּראַך, געווען פון נידעריקן וווּקס, אַ שיינער בלאָנדין און ווען ער האָט אָנגעטון זיין שוואַרצן שוואַלבנשוואַנץ (אַ מין פראַק נאָר מיט פאַרונדיקטע פּון פאָרנט פאָלעס), האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונגער שייגעץ. מ'האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער איז אַ ביסל אונטער־געשמדט און דאָס אַלץ צוליב... ווייבער, צו קענען פון זיי פּטור ווערן. „בייזע צינגער" האָבן געזאָגט, אַז ער האָט שוין געדינט... 5 רבונו של עולמ'ס. ער האָט אויסגענוצט זיין גוטע רעפּוטאַציע ביי דער פּוילישער מאַכט, כדי די גימנאַזיע זאָל באַקומען פולע רעכט, אָבער אויך אים איז דאָס נישט געלונגען.

✶

אין דער פּערספּעקטיוו פון מער ווי פערציק יאָר זינט מיינע פּולטוסקער שול־יאָרן דערמאָן איך זיך נאָר וועגן איינצעלנע אינצידענטן מיט אונדזערע לערער. אַזוי האָבן מיר פאַרמעקט מיט צעגאָסענער טינט די שלעכטע קעגנשטאַנד־אָפּשאַצונגען, וואָס עס האָט אונדז געשטעלט דער דאָצענט שפּירא, דער לערער פון ביאָלאָגיע און כעמיע, לויט אונדזער מיינונג אומגערעכטע, און געוואָרן באַשטראָפט פונעם דירעק־טאָר ליפּמאַן; אַ צווייטער פאַל ווען מיט דער אונטערשטיצונג פון דער גאַנצער קלאַס האָב איך זיך אָנגענומען די עוולה פון מיין חבר ג., וועלכער איז געוואָרן באַליידיקט מיט אַ סאַדיסטישער הנאה פונעם דירעקטאָר באָרנשטיין, וואָס האָט אונטערריכט ביי אונדז פיזיק; אַן אינצידענט פון אַ ברייטן פאַרנעם איז געווען דער פאַל מיטן געשמדטן לערער פון לאַטיין איזאַק, וועלכער האָט ביי אונדז געפונען אין אַ לאַטיינישן „בריק" (אַ פאַרווערטע בראָזשור פון גרייטע איבער־זעצונגען פון לאַטיינישע טעקסטן) אַ קרן־קיימת מאַרקע און געשפּאָט איבער אונדזערע נאַציאָנאַל־ציוניסטישע געפילן. איך בין געווען דער וואָס האָט דעמאַסקירט דעם צביעותדיקן רענעגאַט און איבערגעריסן זיין לערנען אין אונדזער קלאַס.

אָבער בדרך כלל איז געווען זייער אַ סימפּאַטישע צו־זאַמענאַרבעט מיט די לערער. די שילער און די לערער האָבן זיך קעגנזייטיק ליב געהאַט. נאַטירלעך איז נישט יעדער קעגנשטאַנד געווען גלייך צום אַנדערן, פּונקט ווי נישט יעדער לערער איז געווען ענלעך צום צווייטן מיט זיין כאַראַקטער, שטימונג, טעמפּעראַמענט און בילדונג. אינטערעסאַנט, אַז דאָס רוב לערער זענען געווען פריילעכע, מענער און פרויען און דערצו נישט קיין גאַנץ יונגע. אַ טייל האָט חתונה געהאַט אין פּולטוסק, געגרינדעט אַ משפּחה, און איז צוגעבונדן געוואָרן צו דער שטאָט און געפונען זיין קרייז, וווּ מען האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

עס איז שווער צו באַהויפּטן אַז די לערער האָבן זיך געקענט אויסלעבן אין פּולטוסק אין פולן זין פון וואָרט, חוץ פון זייער פּעדאַגאָגישער אַרבעט זענען זיי דאָך געקומען פון אוניווערזיטעט־צענטער פון גרויסע שטעט מיט ביבליאָטעקן און טעאַטערן. אָבער אַ טייל האָבן זיך געפונען אין שטאָט אויף לערער פּאָסטנס כדי צו פאַרדינען אויף חיונה און גלייכ־צייטיק ענדיקן דעם שטודיום און מאַכן זייערע דיפּלאָמען (צ.ב. ד"ר באַרוכאָוויטש ד"ר פון מעדיצין, וועלכן איך טרעף נאָך היינט צו טאָג אין תל־אביב).

אַחוץ געציילטע לערער במשך פון די 4—5 יאָר, בייזע מענטשן פון דער נאַטור, זענען אַלע געווען זייער סימפּאַטיש און ליב, און איבערגעגעבן צו זייער באַשעפטיקונג, כאָטש זיי פלעגן גאַנץ אָפט נישט קריגן נאָרמאַל אויסגעצאָלט די פּענסיע... זייטיקע פּרנסות, אַחוץ פּריוואַטע לעקציעס, האָט נאַטירלעך קיינער נישט געהאַט.

אונדזערע באַציונגען צו די לערערס און דירעקטאָרן זענען געווען „אָפיציעל" נאָר בעת די שול־לעקציעס. אין דרויסן אויסער די שול־ווענט זענען מיר געווען מער חבריש. ווער שמועסט שוין אויף אונדזערע אָוונטן אין דער גימנאַזיע, אָדער אויספלוגן־דיסטאַנץ־אַרטיק, אָבער גלייכצייטיק העכסט קאָלעגיאַל.

מיר זענען נישט באַקאַנט קיין ערנסטע „שפּיצלעך" וואָס מיר זאָלן האָבן געמאַכט אונדזערע לערער, ווי עס איז געווען אָנגענומען אין אַנדערע גימנאַזיעס. נאַטירלעך, אַז קליינע „שפּיצלעך" זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, סתם מעשה קונדס. מיר פלעגן אויסנוצן די שוואַכע זייטן פון לערער און צוגעפּאַסט אונדזערע שטיפערייען צו זיינע עווענטועלע קערפּערלעכע אָדער גייסטיקע־פעלערן.

איך וועל פּרווון דאָ אויסרעכענען די לערער, וועלכע האָבן געלערנט בעת מיינע שול־יאָרן. זיכער וועט די רשימה נישט זיין קיין קאָמפּלעטע, און איך בעט אַנטשולדיקונג ביי די וואָס כ'האָב זיי פאַרגעסן.

דירעקטאָרן, ווי געזאָגט, זענען געווען פיר: ליפּמאַן, פינקעל, באָרענשטיין און דינצעס.

לערערינס: נינאַ בלאָך (די יינגסטע שוועסטער פון געוועזענעם תל־אביבער שטאָט־פּרעזידענט, דוד בלאָך־בלומענ־פעלד), קאַבאַק, ראַפּאַפּאָרט, אַפּעל, מירלאָס־האָוסשפּיגעל.

לערער פון העברעיש, תנ"ך, יידישע געשיכטע, משניות א.א.: ראָזענקוויט, האַלפּערן, קאָסאָווסקי, שפּר, באַקאַליאַר,



המורה שקארלאט



גימנסיה ממשלתית —
אַ גרופּע יידישע תלמידים
אין דער פּוילישער גימנאַזיע



ידות בגימנסיה היהודית —
נס פון דער יידישער גימנאַזיע



יידישע גימנאַזיע



↑
אַ קלאַס פון דער יידישער גימנאַזיע
מיט דער דערציערין פ׳ טיגער, 1923





→
**עקיבא וואָנכוצקר**
מורה בעיר. (מנהל בן־שמן. נאסר ע״י
האנגלים במשפט נשק ה„הגנה״. נפטר
בישראל).

←
**א. קוזובסקי,**
מחנך ומורה לעברית

↓ יידישע גימנאַזיע



שקאַרלאַט, פּאַטאַלאָווסקי, קאַפּלאַנסקי, גראָסבאַרד אָדער וויעלקאָבראָדאַ.

לערער פון וועלטלעכע לימודים: דאצענט שפּירא, ד״ר מירליאַס, האַמער, ד״ר באַראַכאָוויטש, בזשוכאַטש, איזאַק, וויכערט (לערער פון צייכנען), סקרזשיפּצע (לערער פון מוזיק), סוראָוויטש, ד״ר דעליקטיש.

גימנאַזיע סעקרעטאַר: יאַבלאָנקאַ, וועלכער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים דערהאַלטן דעם קיום פון דער גימנאַזיע.

אין ישראל האָב איך נאָך באַוויזן צו טרעפן די לערערין נינא בלאַך ז״ל און מיט איר אָנצוהאַלטן אַ נענטערן קאָנטאַקט. אַזוי ווי אין פּולטוסק, איז זי ווייטער פאַרבליבן אַן איידעלע און ליבע פרוי. זי האָט דערמאָנט פּולטוסק אַלס דאָס שענסטע קאַפּיטל פון איר לעבן. יעדע פאָטאָגראַפיע פון דער פּולטוסקער גימנאַזיע איז ביי איר געווען ווי אַ הייליקטום. האַרט פאַר איר טויט האָט זי מיר איבערגעגעבן אַלע בילדער, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. אים צו לאַנגע יאָרן, טרעף איך נאָך ביז היינט אין תל־אביב אונדזער לערער ד״ר לודוויג באַראַכאָוויטש. ער איז אַן אינערלעכער דאָקטאָר אין קופּת־חולים (קראַנקן קאַסע פון דער הסתדרות העובדים). אויך ער איז איבערגעפּולט מיט זכרונות פון פּולטוסק. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט ער אין פּולטוסק געמאַכט זיין מעדיצין־דיזערטאַציע.



דאָס אַנטשטיין און אונטערגאַנג פון דער יידישער גימנאַזיע אין שטאָט איז אַ חשובער רינג אין דער געראַנגל־קייט פון יידישן יישוב אין פּולטוסק פאַר נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און קולטור. עס איז אַ הערלעכער קאַפּיטל פון יידישן קאַמף און אויסדויער. עס איז די געשיכטע פון אַ גרויסער דערציִונגס אינסטיטוציע וועלכע איז דערשטיקט געוואָרן באַלד אין אָנהויב פון איר שפּראָצן.

ווי געזאָגט, איז די יידישע גימנאַזיע, זייט איר אַנטשטייונג, געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון דער פּוילישער מאַכט בכלל און פון דער פּוילישער געזעלשאַפט בפרט. די פּוילישע מאַכט האָט געירשנט אַ טיף איינגעפונדעוועטע רוסישע גימנאַזיע פון אַ הויכן לערן־ניוואָ, וועלכע איז אויטאָמאַטיש געוואָרן אַ פּוילישער מלוכהשער לערן אַנשטאַלט און זיין בודזשעט איז געדעקט געוואָרן פון דער פּוילישער מדינה. די צאָל שילער איז געווען אַ גרויסע און הונדערטער פון זיי האָבן געגאָסן פון סובסידיעס. דאַקעגן איז דער געראַנגל פאַרן קיום פון דער יידישער גימנאַזיע אין פּולטוסק געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג.

קיין שום סובסידיעס זענען נישט געקומען פון קיין שום צד. די דעמאָלט פּוילישע רעגירונג האָט געדריקט אין אַלע הינזיכטן, ביז זי האָט די גימנאַזיע פאַרמאַכט.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן: אויב אַ טייל פון די יידישע עלטערן האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער גרויסער וויכטיקייט פון אַ יידישער מיטלשול און האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דער פּוילישער גימנאַזיע, האָט מען דאָס געטון נישט נאָר צוליב בילדונג, דערציִונג און ביליקן שול־אָפּצאָל, נאָר מיט דער האָפענונג אַז די קינדער וועלן שפּעטער קענען פאַרנעמען אַ געהעריקע פּאָזיציע אין לעבן, אַלס אַבסאָלווענטן פון אַ פּוילישע גימנאַזיע. אויך דאָס ביסעלע ביליקע גאווה און פּוסטע אַסימילאַציע־געפילן האָט דאָ אַ געשפּילט אַ גרויסע ראָל. דאָך האָט די יידישע גימנאַזיע דערפילט אַ וויכטיקע שליחות און געווען דער ערשטער און דער לעצטער גרויסער קולטור צענטער פאַר הונדערטער יידישע יוגנטלעכע אין פּולטוסק, וואָס נאָר אַ דאַנק אים האָבן זיי געקראָגן בילדונג און וויסן.

אַ דאַנק דער יידישער גימנאַזיע האָט זיך פּולטוסק קונה־שם געווען אינעם אומקרייז פון לאָמזשע, מלאַווע, לובלין און וואַרשע, ווו ס׳זענען געווען יידישע גימנאַזיעס, און קיין פּולטוסק פלעגן קומען תלמידים נישט נאָר פון נאָענטע מקומות נאָר אויך פון ווייטערע, אויך פון ערטער, ווו עס זענען געווען יידישע מיטלשולן.



אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן איז פאַרמאַכט געוואָרן די יידישע גימנאַזיע אין פּולטוסק און מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר שפּעטער איז פאַרניכטעט געוואָרן דער יידישער יישוב אין פּולטוסק דורך די נאַצישע פאַרברעכערס און ס׳איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד די יידישע שטאָט פּולטוסק מיט אַלע אירע קולטורעלע אינסטיטוציעס, מיט אירע גייסטיקע און מאַטעריעלע ווערטן. אָבער די געדעכענישן פון אונדזערע גליקלעכע און זאָרגלאָזע שול־יאָרן אין דער יידישער גימנאַזיע און די ליבע געשטאַלטן פון אונדזערע דערציִערס וועלן שטענדיק פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון, וואָס ווייטאָגט איבערן אומקום פון אונדזער היימשטאָט.

# בתי תפילות

פון די פאַרשידענע בתי־תפילות אין פולטוסק האָט, ווי געווייגלעך, פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ די שטאָטישע שול און נאָך איר דאָס בית־המדרש, ווו מ׳פלעגט דאַווענען זומער און ווינטער. אַמאָל האָט דאָס בית־המדרש געדינט אַלס דער איינציקער תורה־צענטער אין שטאָט, ווו שטאָטישע בחורים זענען געווען אויסגעזעצט ביי אַלע טישן כמעט און געלערנט יומם ולילה. אַ טייל פון זיי זענען דערנאָך אויסגעוואַקסן און פאַרנומען אפילו שטעלעס פון רבנים אָדער שוחטים ווי: הרב משה בלום (שמואלקע משה דיינס זון), וועלכער האָט געמומען דאָס רבנות אין זאַמאָשטש; משה־נטע דעם מורה־הוראהס זון, רב אין גראַכאָוו (ביי וואַרשע) א״אַנד. עס האָט אויך עקזיס־טירט זייער אַ רייכע תורה־ביבליאָטעק פאַר די דאָזיקע בחורים.

שפּעטער האָט זיך דער הויפּט־מקום־תורה ביסלעכווייז איבערגעטראָגן אין גערער שטיבל און אין בית־המדרש האָט מען שוין געלערנט ווייניקער. דאָך געדענק איך געוויסע בחורים, וועלכע האָבן ממשיך געווען דאָס לערנען אין בית־המדרש און זענען באַרימט געוואָרן אין שטאָט אַלס אויס־געצייכנטע לומדים ווי: נתן־נחום קאָהן (יחזקאל ביינישעס זון), שלמה בולמאַן (בצלאל בעקערס זון) און יחיאל־מאיר ראָזענבערג (זינדל ראָזענבערגס ברודער). זיי האָבן אַלע געשמט פאַר גרויסע בעלי־תורה און קאַנדידאַטירט אויף רבנישע שטעלעס.

פון אַלע פולטוסקער חסידים־שטיבלעך האָט דאָס גערער שטיבל פאַרנומען דעם אויבן־אָן. דאָרט האָבן זיך גרופּירט די „סלתא ושמנא״ פון דער שטאָט סיי אין צאָל, סיי אין קוואַליטעט און אַרויסגעגעבן פון זיך כלל־טוער און עוסקים בצרכי העיר ווי: דאַזערעס, ראַטמענער אאַז״וו. אין גערער שטיבל האָט מען געדאַווענט פון כאַפּרי ביז 12 בייטאָג. איך געדענק ווי 12 בייטאָג האָט ר׳ משה־יוסף דעם רבס געמאַכט זיינע הכנות צום דאַווענען; דאָס זעלבע ר׳ ברוך־שמחה פּרוכטנ־בוים, וואָס האָט זיך געמוחט, שפּאַנענדיק הין און צוריק און זיך ערשט געגרייט צו די תפילות „פון פאַרנט״.

לעצטנס, אין מיין צייט נאָך, איז דאָס גערער שטיבל געוואָרן לחלוטין דאָס, וואָס אַמאָל דער בית־המדרש; דאָס איינציקע אָרט פאַר בחורים צו „זיצן און לערנען״. טאָג און נאַכט, קאָן מען זאָגן, איז דאָס שטיבל פול געווען מיט חסידים, לערנער און מתפללים. אַלץ איז געקומען אין שטיבל אַריין, אפילו בעלי־בתים ווי נאָר זיי האָבן פאַרמאַכט זייערע קראָמען; באַזונדער אין די ווינטערן פלעגט מען זיך גוט אויסוואַרעמען די ביינער ביים אויסגעהייצטן אויוון נאָך אַ גאַנצן טאָג פרירן אין געוועלבל, פאַרפירן פאַר איינוועגס אַ שמועס אין פּאָליטיק און אויך אַריינכאַפּן אַ בלעטל גמרא. איך געדענק ווי בין מנחה למעריב פלעגן טאָג־טעגלעך ווערן באַזעצט די שטיבל־טישן, אַחוץ פון די בחורים, וועלכע פלעגן דאָרט שטענדיק לערנען — אויך פון בעלי־בתים.

עס שטייט נאָך פאַר מיר לעבעדיק דאָס בילד פון די ביי טישן־אַרומגעזעצטע לערנער ווי: ר׳ ישראלטשע (פון דער עסיק פאַבריק) מיט דעם גרויסן סאַמעטענעם היטל און זיל־בערנער ווייסער באָרד, איינער פון די גרעסטע לומדים און שענסטע פערזענלעכקייטן אין שטאָט, אַ טיש־זיצער ביי דעם גערער רבין; מענדל רוזשאַנער; משה־ירמיהו לוי; מענדל לאַדזשער; מאָטי לייב; אברהם־משה גרינבאום; משה שטיינ־בערג; שמואל־שמחה ליכטנשטיין; משולם כץ, אַ יונגערמאַן אַ למדן א״א.

פון די יונגע לייט, „קעסט״־איידעמס: דוד, אברהם־משה גרינבאומס איידעם (קראַסנאַשילצער רבס זון); דוד־שלמה, משה־ירמיהוס איידעם (שפּעטער געוואָרן שוחט אין וואַרשע); פּנחס־שלמה, שלום־הערשס איידעם; לייבל משה־יעקלס א״א. פון די עלטערע שטיבל־בחורים: חיים וויערניק, מאָטעס־בינם דעם מלמדס זון, אַ גרויסער מתמיד און ירא־שמים; אהרן־לייזער פּאַדעמבאַוויטש, שמעון דעם פישערס זון, וועלכער איז געווען מיין ערשטער שיעור־זאָגער און איז ליידער, נאָך זיין חתונה דערטרונקען געוואָרן אין רוזשאַן; משה־יוסף לינדענבערג א״א. פון די יינגערע וועל איך נאָר דערמאָנען עטלעכע: מאיר בזשאָזע; יעקב־לייב בוימגראַטן; הערשל שטיינבערג; הערשל לוי; שמואל־הערש סימכאָוויטש און דער שרייבער פון די שורות.

אַחוץ וואָס דאָס גערער שטיבל האָט מיט זיך פאַר־

געשטעלט אַ הויפּט־מקום תורה ותפילה אין שטאָט, פּלעגן דאָרט די יונגעלייט פּראַווען אויך חסידות, סעודות ראש־חודש אד"ג. עס האָט אויך געדינט אַלס אַ וואַרעמע סביבה פאַר פרעמדע, נישט נאָר בלויז פאַר די בחורים אָדער יונגע לייט פונעם שטיבל. ווען אַן אָרימער פוסגייער איז אָנגעקומען אין שטאָט, איז זיין ערשטער אַדרעס געווען דאָס גערער שטיבל. דאָ האָט ער געפינען אַ פּלאַץ איבערצונעכטיקן אַ נאַכט און ווען עס איז געווען אַן אורח־הגון, האָט ער אויך באַקומען אַפּצועסן אַ מיטאָג ביי אַ שטאָטישן בעל־הבית און דערצו נאָך עפּעס געלט אין קעשענע (עס איז געווען אַ ספּעציעלע קאַסע ביי די בחורים, וואָס פלעגן איינקאַסירן וועכנטלעכע נדבות ביי די מתפללים פאַר דעם צוועק).

מיטן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג, אין 1914, איז אַלץ צעשטערט געוואָרן. מיטן אָנפאַנג פון דער דייטשישער אָקאָפּאַציע איז אויסגעבראָכן אַ שווערע טיפוס־עפּידעמיע. עס האָט זיך אָנגעהויבן פון גערער שטיבל. קאָן זיין דערפאַר, וואָס ס'איז אָנגעפּאַקט געווען מיט היימלאָזע, אָנגעלאָפענע פון די אַרומיקע שטעטלעך: כאָרזשעל, מישעניץ, קראַסנאָ־שיעלץ, רוזשאַן א"א. די ערשטע קרבנות פון דער עפּידעמיע זענען טאַקע געווען די בחורים און די יונגע לייט פון גערער שטיבל. אויך פון די בעלי־בתים זענען געפאַלן זייער אַ סך קרבנות. מ'האָט אויסגעמיטן צו נעמען מעדיציניש הילף ביי אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געמוזט גלייך מעלדן דער שטאָט־מאַכט פון אַזאַ פאַל. און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט איבערפירן אין שפּיטאָל, פאַר וועלכעס יעדער קראַנקער און זיינע שטוביקע האָבן שטאַרק מורא געהאַט, ווייל דאָרט זענען געווען אַ סך טויט־פאַלן.

אגב איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אַ זייער כאַראַק־טעריסטישער פאַל: צווישן די היימלאָזע האָט זיך געפונען אַ ייד פונעם שטעטל יאַנאָוו, וועלכער האָט געמוזט פאַרלאָזן די היים צוליב די שלאַכטן. ער איז שטענדיק געזעסן אין גערער שטיבל מיט די בחורים. אין יאַנאָוו האָט ער זיך פאַרנומען מיט 3 פּראָפעסיעס: מיט דאָקטעריי, זייגערמאַכעריי און מלמדות. מיטן אויסברוך פון דער טיפוס־עפּידעמיע, ווען מען האָט אויסגעמיטן זיך צו ווענדן צו אַ דאָקטאָר, האָט מען בלית ברירה גענומען זיך באַנוצן מיט דעם ייד אַלס רופא. ער פלעגט שרייבן רעצעפּטן און די אַפּטייקן האָבן עס אָנגענומען. ס'איז דערגאַנגען, אַז כדי אים צו באַקומען, האָט מען אים געמוזט באַשטעלן פריער און וואַרטן אין דער ריי. אין פולטוסק איז געווען אַ פעלדשער, ברוך יאַסקאָוויטש, וועלכער האָט פיגורירט אין שטאָט אַלס מומחה, נישט נאָר בלויז ביי יידן, נאָר אפילו ביי קריסטן. געוווירוערנדיק פון דעם נייעם קאָנקורענט, האָט ער געמאָלדן וועגן דעם דער מאַכט. דער קרייז־דאָקטאָר האָט גלייך גערופן דעם יידן צו זיך און אים געשטעלט מעדיציניש פראַגן. דער האָט גראַד געוווסט, צו זיין הצלחה, אויף אַלץ צו ענטפערן. פון דעמאָלט אָן האָט אים דער קרייז־דאָקטאָר געגעבן אַ דערלויבעניש אויף צו באַזוכן קראַנקע. פאַר־שידענע שיכטן פון שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אים צו באַנוצן און אויך דער מאַגיסטראַט ביי פאַרשידענע מעדיצינישע אַקציעס ווי: שטעלן פּאָקן וכדומה. אגב, איז דער שרייבער פון די שורות געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן דורכ־געמאַכט די עפּידעמישע קראַנקייט און פאַרלאָרן דאָן זיין מוטער.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן, פאַרשטייט זיך, צעשטערט דעם נאָרמאַלן לעבנס־גאַנג פון דער שטאָט ווי אויך אינעם גערער שטיבל. אָבער מיט אַ צייט שפּעטער האָבן זיך די ענינים אָנגעהויבן צוריק איינצואָרדן. עס זענען געקומען עטלעכע בחורים פון די היימלאָזע, ווי: אלתר רוזשאַנער, אַ בחור מצוין בתורה (שפּעטער — דער איידעם פון בצלאל בעקער) און שלמה זאַרעמבער, אַ תלמיד פון לאָמזשער ישיבה מיט אַ כלל־טוערישער נשמה א"א און האָבן געשאַפן אַ שבת־קיך אין שטיבל פאַר פרעמדע אורחים. צוליב דעם דעמאָלט־דיקן מצב ביי דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז אוממעגלעך געווען צו ברענגען, ווי געוויינלעך, אין דער היים אַן אורח אויף שבת. האָט מען דעריבער דאָס עסן געקאָכט אין שטיבל.

מיט דער צייט איז אונטערגעוואַקסן אַ נייער יונגער דור פון שטיבל־בחורים פון וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען די בולטסטע ווי: מאיר־זאב ניעסטעמפּאָווער, יצחק ווענגראָווער, יעקל יאַנוש, ישראלטשע ריינגעווירץ, הרב משה סעגאַל (היינט אין אַמעריקע) און יוסף ראַטבלאַט.

דעם צווייטן פּלאַץ פון די חסידים־שטיבלעך האָט פאַר־נומען דאָס אָטוואָצקער שטיבל, וואָס האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט אַ פאַרשלאָסענע וועלט. זיי האָבן נישט גערן געהאַט, אַז עס זאָלן צו זיי אַריינקומען פרעמדע חסידים. אין אָטוואָצקער שטיבל זענען אויך געווען אָנגעזעענע גבירים, אנשי מעשה מיט דעם מורה־הוראה ר' פיישע אין דער שפּיץ.

עס איז נישט צו באַשרייבן דעם יראת הכבוד, וואָס די אָטוואָצקער חסידים האָבן אַרויסגעוויזן פאַר דעם דאָזיקן מורה־הוראה, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר דעם גייסטיקן מנהיג פונעם שטיבל. ער, אַ זקן מיט אַ לאַנגע ווייסע באָרד, געוועזענער סטאַניסלאַווער רב און אַ גרויסער חסיד נאָך פון אַלטן רבין — האָט געהאַט זיין השפעה אויף איטלעכן פון זיי און אַרויסגערופן ליבשאַפט און אונטערטעניקייט ביי יעדן. ביי אים פלעגן זיך די חסידים צוזאַמענקומען שבתים, יום־

טובים און פאַרברענגען אין חסידות, געזאַנג און טענץ.

די אָנגעזעענע אָטוואָצקער חסידים זענען געווען: אברהם קאַמינסקי, נטע קאַמינסקי, אברהם־מרדכי וואָנכאָצקער (נטעס איידעם), מענדל מינץ, נחמן־וולף ראָזענבערג, זעליג ראָזענבערג (נחמן וואָלפס זון), ישראלקע ראָזענבערג, אברהם־יוסף האָכמאַן, יאָקל ברום, — זיי זענען געווען די גבירים און די שיינע יידן פון שטיבל, וועלכע האָבן אין שטיבל מבטל געמאַכט זייער פערזענלעכן יש צוליבן חסידות...

עס זענען אויך געווען ראַדזימינער חסידים, וועלכע האָבן פ־יער געדאַוונט אין בית־המדרש פון משה שאַפּראַן, וואָס האָט איינגעאָרדנט ביי זיך. שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ ראַדזימינער שטיבל וואָס האָט שטאַרק מצליח געווען און געוואָרן אַ דאַוון־צענטער פאַר אַ סך מתפללים פון דער אומגעגנט.

אין אַלעקסאַנדערער שטיבל, פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען נאָר אין די שבתים און ס׳האָט דאָרט געדאַוונט אַ קליינער צאָל חסידים.

אַ קליינער צאָל מתפללים איז אויך געווען אין אַמשע־נאַווער שטיבל און אויך דאָ האָט מען געדאַוונט בלויז אין די שבתים און יום־טובים.

אויך אין סאָקאָלאָווער שטיבל פלעגט מען נאָר דאַוונען אין די שבתים צוליב דער קליינער צאָל דאַוונער, אָבער זיי האָבן פאַרמאָגט זייער אָנגעזעענע רייכע חסידים ווי אפרים צעלניק (אברהם קאַמינסקער איידעם), שמעון פרידלאַנד, יצחק פרידלאַנד א״א.

עס איז ווערט צו דערמאנען אַז אין דעם סאָקאָלאָווער שטיבל האָט דאַן געלעבט אַן עלטערער חסיד מיטן נאָמען הערשקע, אַ למדן גדול, און דאָרט געהאַט זיין וווין־פּלאַץ. מיט אַ שטרוי־זאַק און אַ קישעלע צוקאָפּנס פלעגט ער זיך ווינטער אויסבעטן ביי דעם אויוון און זומער — אויף אַ געוויינלעכן באַנק. עסן פלעגט מען אים ברענגען אין שטיבל. שבת האָט ער געגעסן ביי יצחק פרידלאַנד. די יום־טובים פלעגט ער פאַרברענגען ביים סאָקאָלאָווער רבין. אָט דער דאָזיקער ייד איז געווען דער גייסטיקער מנהיג אין שטיבל. איך געדענק, ווען איך האָב אַלס ייִנגל געלערנט אַ געוויסע צייט מיט אַ חבר אין סאָקאָלאָווער שטיבל פלעגט הערשקע, ליגנדיק אויף דער באַנק, ווי ער וואָלט געדרימלט, אונדז אויסבעסערן, אין וואָס פאַר אַ מסכת מיר זאָלן נישט האָבן געלערנט, אונדז מסביר זיין אַן אומקלאָרן אָרט אין דער גמרא אָדער אַ שווערן תוספות. ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין ש״ס און געוווּסט בעל־פּה יעדער שטעל פון לערנען.

ס׳איז אויך געווען אַ בית־המדרש אויף דער וואַרשעווער גאַס, ווי אויך אַ „קהל־חסידים״ שטיבל און אַ בית־המדרש ביי מאָטל דן, חוץ פּריוואַטע מנינים פון פאַרשידענע חברות.

אַזוי האָט זיך געלאָזט הערן גאָטס וואָרט פון די שטיבלעך און בתי־תפילות אין שטאָט ביז עס איז חרוב געוואָרן די ק״ק פּולטוסק מיט אירע תמימותדיקע ירא־שמימדיקע יידן.

משה סרעברא

# די גרויסע פּולטוסקער שול

די גרויסע פּולטוסקער שול איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר תרכ״ד (1864), ווי עס איז געוואָרן אָנגעצייכנט אויפן שוואַרצן מאַרמאָרענעם טאָוול ביים הויפּטאַריינגאַנג.

די פּולטוסקער שול האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איר אַרכיטעקטאָנישן בוי. זי איז געווען פּשוט און איינפאַך ווי אירע מתפללים. אַ לאַנגער, הויכער, פון גרויסע ציגל געמויערטער בנין, מיט אַ בלעכערנעם דאַך משופּעדיק פון ביידע זייטן, דער אויבערשטער טייל מויער נאָענט צום דאַך, אַרום מיט לענגלעכע פענצטער, פון אויבן פאַרקיילעכט מיט קאָלירטע קאַנטיקע שייבלעך. די מזרח וואַנט מיטן געשניצטן ארון־קודש איז אַרויסגעגאַנגען אין בית־המדרש־הויף אַנטקעגן דער אַלטער און נייער מקווה און שוויץ־באָד. די מערב־וואַנט האָט זיך געפונען אין שול־הויף, וואָס האָט זיך געגרע־נעצט מיט דעם מויער און סאָד פונעם האָטעל־אייגנטימער לעוואַנדאָווסקי. אין סאַמע מיטן פון דער מערב־וואַנט איז געווען אַ ברייטע טאָפּל־טיר און פון ביידע אירע זייטן אויף רעכטס און אויף לינקס האָבן געפירט הילצערנע שטיגן מיט גרויסע הילצערנע אַנלענען צו דער פרויען־גאַלעריע דורך

צוויי דרויסנדיקע פאַדערהייזער, וואָס זענען געווען צוגעבויט צום מויער און אויסגעזען ווי צוויי טויבנשלאַקן. די פרויען־גאַלעריע האָט זיך שוין געפונען אין שול, איבער די קעפּ פון די מתפּללים.

ביי דער דרום־וואַנט נעבן דער טאָפּלטער אַרויסגאַנג־טיר איז געווען צוגעבויט אַ געמויערטע גרויסע עזרת־נשים מיט ליכטיקע ווענעציע־פענצטערס פון דריי זייטן און מיט אויסגעהאַקטע ברייטע פענצטערלעך מיט אייזערנע קראַטן אין דער שול אַריין, כדי די פרויען זאָלן קאָנען הערן דעם בעל־תפילה.

די צפונדיקע פראָנט־וואַנט איז אַרויסגעגאַנגען אין צענטער פון דער קאַטליאַרסקער גאַס, אָדער ווי מען האָט זי גערופן די „שול־גאַס", ווו עס איז געווען דער פּאַראַדנער אַריינגאַנג אין גאַטס־הויז. פון דעם צפון־מערבדיקן ווינקל ביז דעם מויער פון לעוואַנדאָווסקין האָט זיך געצויגן אַ הילצערנער, הויכער פּאַרקאַן, אַרום 20 מעטער די לענג. אין מיטן איז געווען אַ צוויי־טייליקער ברייטער טויער, וואָס איז תמיד געווען פאַרמאַכט אויף אַ שלאָס. די חדר־ייִנגלעך פלעגן אַריבערקלעטערן דורך אים און שפּילן אין דעם רחבותדיקן שולהויף אין „פּאַלאַנט", אָדער אַרויפכאַפּן זיך אויף די היל־צערנע טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט אין דער ווייבערשול און זייערע געשרייען און טומל האָבן אָפּגעקלונגען אינעם ליידיקן חלל פון די זאַלן.

דריי שטיינערנע שטיגן האָבן געפירט פון דער גאַס צו די צוויי ברוינע אַריינגאַנג־טירן, וואָס זענען געווען צוגע־שניצט מיט פאַרשידענע אָרנאַמענטן. אין דרויסן, פון ביידע זייטן פונעם אַריינגאַנג האָבן זיך געפונען פּירקאַנטיקע פענצ־טער און צווישן זיי און דער טיר האָבן אַרויסגעשטאַרצט שיין פאַרמירטע אייזערנע הענגערס אויפצוהענגען לאַמטערן. איבער דעם אַריינגאַנג איז געווען איינגעמויערט דער א"ד שוואַרצער מאַרמאָרנער טאָוול מיט דער דאַטע פון אויפשטעלן פון דעם בית־הכנסת און אַרויפצו אַ גרויסער, קיילעכדיקער פענצטער מיט קאָלירטע שייבלעך, וואָס האָבן געבילדעט אַ מגן־דוד און פון ביידע זייטע זייטן לענגלעכע פענצטערס, ביים שפּיץ פאַרקיילעכט מיט קאָלירטע שייבלעך. איבער דעם אַלעם אַ דרייקאַנטיקער קאַרניז, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פונעם פראָנט מיט דער אויפשריפט „מה טובו אהליך יעקב".

אַריינגעגאַנגען איז מען אין דער שול דורכן פּאָליש, וועלכער איז געווען אָפּגעגרענעצט פונעם היכל פון דריי זייטן מיט שמאָלע שויבן־טירן, וועלכע מען האָט געקענט פונאַנדער־רוקן און צונויפשטעלן אין דער פאָרם פון אַ האַרמאָניע. פאַר־מאַכטערהייט האָט דער פּאָליש אויסגעזען ווי אַן אַלטאַנע. ווען מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון אים אויף דריי טרעפּ, איז מען שטיין געבליבן ביים זאַל, וואָס האָט זיך אָוועק געצויגן ביז דרייסיק מעטער. דער אַריינגאַנג אין שול און דאָס אַראָפּלאָזן זיך פונעם פאָדערהויז האָט געשאַפן אַ באַרג אַרויף אין אַ באַרג אַראָפּ, כדי מען זאָל קענען באַרעכטיקן דעם פּסוק אין תהילים „שיר המעלות ממעמקים קראתיך ה'".

אין צענטער פון שול־זאַל אויף אַ הויך פון אַכט טרעפּ האָט זיך געפונען דער בעלעמער מיט פיר צוגעפוצטע זיילן, וועלכע האָבן מיט ברענענדיקע חלב־ליכט באַלויכטן די גאַנצע שול און געשאַפן אַ פייערלעכע, מיסטישע שטימונג.

לענגאויס דער מערב־וואַנט זענען געווען איינגעבויט פּירקאַנטיקע זיילן, איינער פון צווייטן אָפּגערוקט אויף אַ מרחק פון 4 מעטער, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן די פרויען




די שול ביז 1923 — געצייכנט: משה סרעבראָ

גאַלעריע, אַ פאַרשטעלטע מיט הילצערנע געטאַקטע שפּראָצן אין באַהאַנגען מיט דורכזיכטיקע פאָרהאַנגלעך. צוליב מאַנגל אין אָרט אין די ימים־נוראים, פלעגט מען יאָר־יערלעך אָפּ־צוימען אַ שטיק שול אונטער דער גאַלעריע מיט ברעטער און איינאָרדענען דאָרט אַן עזרת־נשים.

ביי די טרעפלעך וואָס האָבן געפירט צום ארון־הקודש מיטן קערשן־רויטן פּרוכת איז יאָרן לאַנג געשטאַנען ביים עמוד דער זייער אין שטאָט געשעצטער חזן־שוחט און מוהל ר׳ הערשל אַראַנאָוויטש ז״ל, אַרומגערינגלט מיט זיינע דריי זין און אַ כאָר פון שטאָטישע משוררים. הערשל שוחט פלעגט פאַרפאַסן אַ טייל נגונים צו די תפילות, זיין שיינע שטימע, אויסגעמישט מיט די שטימען פון זיין כאָר האָט געקלונגען איבערן חלל און אָנגעפילט די הערצער פון די מתפללים מיט אַ געפיל פון הייליקייט און גרענעצלאָזן גלויבן אין גאָט.

אין יאָר 1923 האָט די קהילה באַשלאָסן איינצולייגן דעם הילצערנעם פלאָט אויף קאַטליאַרסקע און מיט דער מיטהילף פון אויסלענדישע פאָנדן אָנגעהויבן אויפצושטעלן אַ פרעכטיקן געמויערטן בנין פאַר אַ חדר „יסודי תורה״ און אַנדערע אינ־סטיטוציעס. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, חסידים און מתנגדים, קנאים און אויפגעקלערטע, יונג און אַלט, דער עיקר „עמך״ האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. ווער ס׳האָט געהאָלפן מיט געלט, ווער ס׳האָט זיך מתנדב געווען צוצולייגן אַ האַנט, אַלע אַן אויסנאַם האָבן גענומען אַן אַנטייל אין דער גרויסער מצווה. אין פאַרלויף פון אַ יאָר איז געוואָרן אויפ־געשטעלט אַ בנין, מיט וועלכן די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געגרויסט. אינעווייניק אין שול האָט מען צענומען די פרויען־גאַלעריע, אויך איינגעלייגט די פירקאַנטיקע געמויערטע זיילן, וואָס האָבן זי אונטערגעהאַלטן, פון דרויסן האָט מען אַראָפּגעוואָרפן די „טויבן־שלאַקן״ מיט די הילצערנע גאַרנס לענגאויס דער מערב־וואַנט. עס זענען צוגעבויט געוואָרן גרויסע, געמויערטע צימערן, וועלכע מען האָט אָפּגעטיילט פון דער שול־וואַנט מיט אַ ברייטן דריי־מעטערדיקן קאָרידאָר, מיט צוויי אַריינגענג. איבער זיי איז געוואָרן אויפגעבויט אַ רחבותדיקע ווייבער־שול, מיט גענוג אָרט אויך אויף די ימים־נוראים, אַזוי אַז מען האָט שוין נישט באַדאַרפט אַוועקצונעמען אַ שטיק שול אויף אַן עזרת־נשים. פון דער ווייבער־שול זענען אין שול אַריין אויסגעהאַקט געוואָרן גרויסע האַלב־קיילעכ־דיקע טויערן, כדי עס זאָל דערגרייכן דאָס קול פונעם חזן, אויך מיט צוויי אַרויסגענג, מיט ציגעלנע טרעפּ, מיט ברייטע פענצטער אין הויף אַריין, ווי אויך אין פראָנט פון דער גאַס.

ווען עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דער בנין, האָט די יידישע קהילה באַקומען איר שטענדיקן לאָקאַל, די „לינת הצדק״ האָט זיך מער נישט געדאַרפט וואַלגערן אין פריוואַטע וווינונגען און באַקומען צוויי צימערן, איינעם פאַרן לאָקאַל און דעם צווייטן פאַר דער קאַנצעלאַריע. אין איין צימער האָבן געהאַט זייער מנין די טריסקער חסידים און דערנעבן די „חברה תפארת בחורים״ פון די קצבים. ביי זיי איז שוין געווען מאָדערן אילומינירט, ביים „שויתי״ האָט מען אויפגעהערט



די שול (אַ רעמאָנטירטע) פון 1924 ביז 1939 — געצייכנט: משה סרעבראָ

צו צינדן ליכט, נאָר אַ דריי געגעבן ביים קנעפּל און עס האָבן זיך אָנגעצונדן אַכט לענגלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך. אין איין צימער האָבן זיך באַזעצט די אומאַנער חסידים מיט ר׳ משה יוסף מנקר, ר׳ יחיאל מיכר ספרים, די ברידער זשעפּקאַ א״א. אויך די „פּועלי אגודת ישראל״ האָבן באַקומען אַ שיינעם לאָקאַל פון צוויי צימערן, איינעם פאַר זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און שעורי ערב און דעם צווייטן, אַ קלענערן, פאַר זייער רעליגיעזער ביבליאָטעק. און ווען עס האָט זיך געגרינדעט אין שטאָט די מוסר ישיבה „בית־יוסף״, האָט דער ראש ישיבה הרה״ג ר׳ יצחק העלפאַנד באַקומען אַ צוויי־צימער־וווינונג פאַר זיין משפחה, איבערן לאָקאַל פון דער קהילה און די פאג״י. צום בעסטן האָבן אויסגעשפּילט די חדר־יינגלעך. אויב ביז דעמאָלט זענען די חדרים געווען צעוואָרפן איבער דער שטאָט, אין די פּריוואַטע וווינונגען פון די מלמדים, זענען איצט אַלע חדרים געוואָרן קאָנצענטרירט אין דעם נייעם מויער. יעדער מלמד האָט באַקומען אַ רחבותדיקן צימער מיט טישן און בענק, מיט עלעקטרישער באַלייכטונג און מיט היגיענישע איינריכטונגען.

עס איז אויך אויפגעפרישט געוואָרן דער פראָנט פון דער שול דורך דעם יידישן מולער ה׳ לייב שוואַרץ, וועלכער האָט געשטאַמט פון פּינסק און איז פאַרבליבן אין פּילטוסק פון די פּליטים, וועלכע האָבן אָנגעשפּאַרט אין שטאָט ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. דער פּינסקער מולער איז געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך און גאַנצע טעג געשטאַנען אויף דער רושטאָוואַניע און מיט כוונה, ווי אַ סופר ביים שרייבן די דראַבנע אותיות, אויסגעקריצט אַ פּראַכטפולן שול־פראָנט, וואָס האָט באַשיינט די שול־גאַס. אַרום דעם קיילעכדיקן פענצטער האָט ער אויסמאַרמירט אַ קראַנץ פון מירטן־בלעטער, דאָס זעלבע אַרום דעם מגן־דוד, אויך בולט געמאַכט די אותיות ת ר פ״ד, די דאַטע ווען דער בנין מיטן שול־רעמאָנט זענען געוואָרן פאַרענדיקט.

אויסגעפּוצט איז געשטאַנען די שול אויף דער קאַט־ליאַרסקער גאַס, די שטאָלץ פון דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג. און ווען די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די קאָלירטע שול־שייבלעך, איז דער אָפּשיין געפאַלן איבער יידישע הייזער און אויפגעפּראַלטע פענצטער, וווּ עס זענען געזעסן יידן מיט ווייסע בערד און רייטנדיקע ברילן אויף די נעזער, צוגעשאָקלט זיך ביי אָפענע סדורים און אַנטקעגן־געשיקט דער שול קאַפּיטלעך פון תהילים...

ביים צפון־מזרחדיקן ווינקל פון דער שול האָט זיך געפונען דער אַריינגאַנג אין בית־המדרש־הויף, ווו ביי ברענענדיקע חלב־ליכט פלעגן זיינע מתפללים מחדש זיין די לבנה. לינקס פון דעם אַריינגאַנג איז געשטאַנען דער בנין פון דער אַלטער און נייער מקווה מיט דער שוויץ־באָד. ביי דער מקווה־וואַנט אין הויף האָט זיך געפונען אַ טיפער ברונעם מיט אַ גרויסן אנדערהאַלבן־מעטערדיקן ראָד מיט אַ קאָלבע. דורך דרייען דעם ראָד האָבן די קלאָרע וואַסערן דערגרייכט דורך די רערן צו דער קאַפּלנער, נייער מקווה.



פון דעם אַריינגאַנג, לענגאויס דער מזרח־וואַנט פון דער שול, ביים סוף פונעם מויער איז מען אַריינגעקומען אין ווייבער־שולכל, אין שול־הויף, אין די בתי־שמוש, אינעם שעכט־הייזל. גלייך, איז געווען דער אַריינגאַנג אין ווייבער־בית־המדרשל, וועלכער איז געווען אַ טייל פונעם גרויסן בית־המדרש, ווו אין קאָרידאָר איז געשטאַנען שטענדיק, אָנגעשפּאַרט שיפּועדיק אָן דער וואַנט, דאָס טהרה־ברעטל און אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די חדר־יינגלעך און דערוואַקסענע.

דער אַריינגאַנג אין בית־המדרש פון לינקס האָט געפירט דורך אַ פּאַדערהויז, וואָס איז פול געווען מיט צעריסענע חומשים, סדורים, מחזורים, שמות, אָנגעוואָרפענע אין אַ באַרג, דערגרייכנדיק אַ האַלבן גאַרן ביזן בוידעם. אַ טוכלער ריח האָט געציקלט די נאָזלעכער און געאיבלט. עס איז דאָ שטענדיק געווען טונקל און עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בלאַסע ליכט, וואָס האָט אַראָפּגעלויכטן דורך אָן אַנטקעגנדיקן פענצטערל. דער בית־המדרש איז געווען אַ פּירקאַנטיקער ציגלנער בנין, פון 12 ביז 15 מעטער ברייט און לאַנג. ווען ער איז אויפגעשטעלט געוואָרן האָט קיינער נישט געוווּסט. ביי די ווענט זענען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע, הילצערנע טישן מיט בענק, אויף וועלכע עס זענען געזעסן די לערנער. אַלץ איז דאָרט געווען פאַרטונקלט, די ווענט, דער סופיט, דער בעלעמער מיטן עמוד. בלויז צוויי ליכטיקע פלעקן זענען געווען קענטיק אינעם אָרום — די צוויי קאַכלנע אויוונס, אַרום וועלכע עס האָבן זיך ווינטער געזאַמלט די וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט. אויך זקנים פלעגן דאָ אויסוואַרעמען זייערע געבוויגענע גלידער און דרימלענדיק חלומען וועגן די צייטן וואָס זענען אַוועק.. רעכטס ביים אַריינגאַנג נעבן פענצטער איז געווען איינגעמויערט אין וואַנט דער האַלב־קיילעכדיקער כיור מיטן מעשענעם הייבער אַרויסצולאָזן צוביסלעך וואַסער צו וואַשן די הענט. דערנעבן איז געהאָנגען אַ ברייטער האַנטוך, וואָס האָט זיך געדרייט אויף אַן אויסגעהוילטער הילצערנער רעדל אויף אַ דראָט און קיינמאָל נישט געווען טרוקן. אויף מזרח, נעבן ארון־קודש איז געווען דער שטאָבילער זיץ־פּלאַץ פון דעם באַליבטן און געאַכטעטן פולטוסקער רב הרה"ג ר' חיים משולם הכהן אַטערמאַן זצ"ל. אין מיטן בית־המדרש איז געשטאַנען דער בעלעמער מיט צוויי פּאָר טרעפּלעך. נעבן ארון קודש ביים עמוד, פון וואַנען עס האָבן געפירט שטיגן צום פתיחת הארון, האָט שמואלקע קראַנזשעק מיט חזקה אָפּגעמוספט אין די ימים נוראים מיט אַ כאָר איבער 25 יאָר. ביי „זכור ברית" האָט מען געהערט זיין קול ווייט איבער דער גרעבליע, איבערן טייך, אַזש אין די הייזקעס פון אַלטן מקום.

בלאָנדזשעט אַרום מיין געדאַנק איבער די דאָזיקע מקומות פון מיין פאַרפייניקטער שטאָט, איבער די הייזער און גאַסן און מיין גאַנצער וועזן ווערט אַרומגענומען מיט אַ גרענצלאָזן טרויער. וויל איך, אין מיינע באַשרייבונגען געבן אַ תיקון דער געשענדעטער פולטוסקער שול, דער גייסטיקער סימבאָל פון יידישן פולטוסק, דעם שול־הויף, דעם בית־המדרש און די אַרומיקע בנינים, דאָרט ווו עס איז געפּורעמט און געשטאַלטעט געוואָרן אונדזער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַוווּסטזיין.

# אונדזערע מלמדים און לערער

רפאל משה שאך:

עס זענען געווען געציילטע משפחות אין פולטוסק, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די רעגירונגס־שולן. די זין פלעגט מען שיקן אין די חדרים און צו פריוואַטע מלמדים און די טעכטער פלעגט מען לערנען אַ ביסל עברי און שרייבן אַ יידישן בריוו. עס זענען געווען מלמדים, וועלכע האָבן אויך געלערנט מיט די קינדער אַ ביסל רוסיש און יידיש און אַ טייל חדר־יינגלעך האָבן גענומען לעקציעס פון וועלטלעכע למודים ביי פריוואַטע לערער, יידישע און קריסטלעכע און ביי גימנאַזיע־שילער. פאַר די אָרעמע שיכטן האָט געזאָרגט די תלמוד־תורה מיט אירע זעקס מלמדים.

די חדרים זענען געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט, אָבער דער גרעסטער טייל האָט זיך געפונען אין דער שול־גאַס. דער חדר האָט זיך בדרך־כלל געפונען אין אַ דירה פון איין צימער מיט אַן אַלקער, ווו עס האָבן זיך געפונען די בעטן צום שלאָפן און אינעם צימער האָט דער „רבי" געלערנט מיט אַרום 40 קינדער.

איך האָב געלערנט אינעם חדר פון זישע ווינאַגראַד, אָנגעהויבן אַלס פיר־יעריק קינד. דער מלמד איז געווען אַ מתנגד, אָבער אָנגענומען זייער ביי די חסידים, וועלכע האָבן צו אים געשיקט זייערע קינדער צום לערנען, אויך מיידלעך. אין אַ גרויסן צימער, ווו אויף דער וואַנט האָט געהאָנגען דאָס בילד פון ניקאָליי דעם צווייטן, זענען געשטאַנען לאַנגע טישן מיט בענק און קליינע קינדער־בענקלעך ביי דער וואַנט. איבערן גערויש און טומל פון די חדר־יינגלעך האָט געהערשט די איידעלע און זיסע שטימע פונעם „רבין", וועלכער האָט מיט אַ שמייכל אויסגערופן די קינדער צום

לערנען אלף־בית, אַוועקשטעלנדיק זיי אויף אַ הילצערנעם קלעצל ביי זיין טיש. צו הילף האָט ער געהאַט צוויי בעלפערס, נתן און פּרץ, וועלכע האָבן מיט די טייטלען געוויזן די קינדער די אותיות. אַז מען האָט שוין געקענט „אויסדיווערטער״ הברה, האָט ר׳ זישע, דערציילנדיק שיינע מעשהלעך, אָנגעהויבן צו לערנען חומש „ויקרא״. דאָס דאָזיקע „אַוואַנסירן״ איז נישט יעדן יינגל לייכט אָנגעקומען, ווייל ר׳ זישע איז געווען אַ גרויסער מקפּיד און אַכטונג געגעבן צי דער תלמיד זאָגט נישט אַמאָל פון אויסנווייניק פונעם צוהערן זיך פריער און לייענט נישט די אותיות. ווען ער האָט אָבער פעסט־געשטעלט אַז דאָס יינגל קען די „הברה״, האָט ער אים זייער געלויבט און מוסר געזאָגט אַנדערע קינדער. דעם לעדערנעם קאַנטשיק, וואָס האָט געהאָנגען ביי אים אויף דער וואַנט האָט ער זייער זעלטן באַנוצט און אויך פאַרווערט די בעלפערס צו שלאָגן די קינדער. אויך האָט ער אויפגעפּאַסט אַז די בעלפערס זאָלן נישט אויספרעסן עפּעס ביי די קינדער צום אייגענעם נוצן. עס האָבן ביי אים געלערנט אַרום פערציק קינדער.

מ י כ א ל  מ א י ר ס ד אָ ר ף איז געווען אַ מלמד מיט אַן איינגעבוירענעם מאָלער־טאַלענט. ער איז געווען אַ ראַדזימינער חסיד, פון מיטעלן וווּקס מיט אַ לאַנגער שפּיציקער גרוי־ווייסער באָרד אויפן לענגלעכן פּנים. ווען ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים אַ פּרשה חומש, האָט ער זיי ווי צוגעשמידט צו זיך, ווייל ער האָט בשעת־מעשה געצייכנט אָדער געשניצט פון פּאַפּיר פאַרשידענע געשטאַלטן און בילדער פון תנ״ך. ווינטער־צייט פלעגן די קינדער פאַרגעסן אין די לאַנגע ווינטער־נאַכט צו גיין אַ היים, ווערנדיק פאַרגאַפט פון זיינע קינסטלערישע שאַפונגען. ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלט ער געוויס אויסגעוואַקסן צו אַ קינסטלער מיט אַ וועלט־רום, אָבער אין פּולטוסק און אין דער אומגעגנט האָט ער זיך באַנוגנט מיט באַפּוצן די עמודי קודש אין די בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך מיט בילדער פון די צוועלף שבטים און מיט לייבן פון די עשרת הדיברות.

י ה ו ד ה ־ א י צ ל  פּ אַ ס ק אָ ו ו י ט ש * איז געווען אַ דורכגעטריבענער ראַפינירטער מלמד. געווען אַ גערער חסיד און מיט אַ היימישן חסידישן שמועס דערוואָרבן די הערצער פון די עלטערן פון די קינדער. באַצויגן זיך צו די תלמידים „פּאַטעריש״ און אָפט שפּאַצירט מיט זיי שבת פאַר נאַכט אויף דער גאַס. אָרדענונג אין חדר האָט ער געהאַלטן מיט פאַרשידענע צוואַנגס־מיטלען, אפילו מיט פּאַטשען די קינדער.

ביי אים האָט מען שוין געלערנט אַ דף גמרא. ער האָט אויך געלערנט שרייבן יידיש פון אַ בריוון־שטעלער.

איך האָב אויך געלערנט ביים ג אַ ו ו אַ ר אָ ו ו ע ר  מ ל מ ד, וועמענס אמתן נאָמען געדענק איך נישט. ער איז געווען אַ וואַרקער חסיד, אַ מחותן פון ישראל משה גאָלדבערג („ראָדאַלניק״). ביי אים האָבן געלערנט נאָר אַכט תלמידים, צווישן זיי אויך שמחה דאַן. מען האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס אַכטונג צוליב זיין פּעדאַנטישן און ציכטיקן האַלטן זיך. אַ דאַנק זיין אָרדענונג אין לערנען און זיינע אויפקלערונגס־פעיקייטן האָט ביי אים מצליח געווען דער שוואַכסטער שילער. אין דעם זין איז ער געווען דער איינציקער מלמד אין שטאָט און זיינע תלמידים האָבן אים זייער געשעצט און געלערנט ביי אים מיט גרויס חשק.

ה ע נ י ך  ק א נ א ר (דער סעראָצקער). ער איז געווען אַ גערער חסיד, פאַנאַטיש פרום, אַן ערנסטער און אַן אָנגעווייטיקטער ייד. ווען ער האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו, האָט מען אים צוליב זיין פעסטן געבוי און גוטן געזונט גענומען אין מיליטער. פון דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה איז ער געבליבן מיט אַ הינקענדיקן פוס און אונטערגעגראָבטן געזונט, צוליב דעם וואָס ער האָט נישט געגעסן פון קעסל און נאָר געלעבט פון טרוקענעם ברויט. דערצו האָבן אים די קינדער אויך אָפּט געקרענקט. ער איז אָנגעגאַנגען פאַר דעם בעסטן מלמד פאַר דערוואַקסענע תלמידים און אָנגענומען צו ווערן ביי אים צום לערנען איז אָנגעגאַנגען אַלס זכות. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער תלמוד־קענער, געלערנט דעם שיעור מיט אַלע מפורשים. זעלטן האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל, סיידן ווען אַ תלמיד האָט תופס געווען זיין הסבר און געשטעלט אים אַ געהעריקע שאלה און פאַרצויגן מיט אים אַ לאַנגן וויכוח. אויך אַ פּרשה חומש האָט ער אויסגעשעפּט מיט אַלע פּרושים, אָבער נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף נביאים און כתובים צוליב גרויס פרומקייט און פאַנאַטיזם. פון אים איז מען שוין אַוועק אין אַ ישיבה, ווייל ביי ר׳ העניך איז געווען דער העכסטער סטאַדיום פון חדר־לערנען.

כמעט אויף דעם זעלבן גראַד איז געשטאַנען דער חדר פון י ש ר א ל  מ ש ה  ד ר ו ז ד, וועלכער איז געווען אַ רויִקער און געלאַסענער מענטש, וואָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן פון זיין פּאַטריאַרכאַלישער געשטאַלט. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, אַ זייער פעיקער. ער האָט, ליידנדיק, פאַרטראָגן די עוולות פון זיינע תלמידים און באַמיט זיך שטענדיק, אַזוי אין זיין חדר ווי אין בית־המדרש, געמיטלעך איבערצוצייגן און באַאיינפלוסן די תלמידים און לערנער און

* זע: „יהודה־איצל מלמד דער בונטאַר״, מ. סרעבראָ.

אויסמיידן קריגערייען. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר אַ גע־דריקטן און נויטבאַדערפטיקן יידן און געזאַמלט אַ נדבה צווישן די בעלי־בתים.

אויסער די אויבנדערמאָנטע זענען אויך געווען מלמדים אין שטאָט: אליעזר קוטשער, לייבוש ר' פּייטעס, דער קליינער יענקעלע (פאזנער), משה יעקלס, חנא מיכלס כווינא, ישראל מאיר מעלניק, נחמן משה אייזנשטאַדט, דער געלער שלמה (האַלצמאַן), הערש לייב אבאזשאנעק, יחזקאל סאפּיאַן, אברהם האַלצמאַן.

יידיש און עלעמענטאַרע ידיעות פון דער רוסישער שפּראַך האָבן געלערנט משה וויעלקאבראַדאַ (דער בלינדער משה) און מאָטל פּאַטאַלאָווסקי. דער ערשטער איז געווען פון אַ הויכן וווקס, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער, שוין אַ ביסל גרוילעכער באָרד. איין אויג איז ביי אים געווען בלינד און ער פלעגט זיך צוליב דעם איינבויגן איבער דעם שרייבן פון זיינע תלמידים. יידיש האָט ער זיי דיקטירט פון אַ בריוון־שטעלער און רוסיש פון „רוסקאַיאַ ריעטש". צום רעכענען האָט ער אַליין צונויפגעשטעלט אַ ביכל אין יידיש. ער איז געווען אַ פרומער אַלעקסאַנדערער חסיד און גערעכנט זיך אַלס ספּעציאַליסט פון וועלטלעכע למודים ביי פרומע עלטערן.

מאָטל פּאַטאַלאָווסקי האָט געירשנט די פעיקייטן פון זיין טאַטן דעם בדחן און האָט געוווסט ווי אַזוי אַנגענומען צו ווערן ביי די יידישע פאָלקסשיכטן פון פולטוסק און גע־לערנט מיט זייערע קינדער אַ ביסל רעכענונג און שרייבן פּויליש און רוסיש מיט אַ שיינער האַנטשריפט.

דער ערשטער אָפיציעלער יידישער לערער אין פולטוסק איז געווען יחזקאל ענאָוויטש, וועלכער איז אין יאָר 1870 געוואָרן דער לייטער פון אַ פיר קלאַסיקער רעגירונגס־פאָלקסשול און דער סעקרעטאַר פון דעם רוסישן פּראָגימ־נאַזיום אין שטאָט. בדרך כלל זענען אין דער דאָזיקער שול געגאַנגען נאָר מיידלעך (צווישן זיי אויך מיין מוטער). אינעם פּראָגימנאַזיום האָבן געלערנט נאָר צוויי יידישע שילער פון פולטוסק, ענאָוויטשעס צוויי זין משה און יוסף. אָבער פון אַנדערע שטעט פון פוילן און רוסלאַנד האָבן דאָ געלערנט אַ סך יידן, ווייל צוליב דער באַגרענעצונג־נאָרמע פאַר יידן האָבן זיי נישט געקענט אַנגענומען ווערן אין די גרויסע שטעט און אין פולטוסק זענען געווען אַ סך פרייע פּלעצער. צווישן זיי האָט זיך געפונען פלאָריאַן, נחום סאָקאָלאָווס זון, וועלכער האָט אויך געוווינט אויף ענאָוויטשעס סטאַנציע, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר די יידישע שילער פונעם פּראָגימנאַזיום *.

יחזקאל ענאָוויטש איז געווען אַ ייד אַ משכיל, געווען פרום אָבער פאַרגעשריטן און געטראָגן אַ צוגעשוירן בערדל. זיין פרוי איז געגאַנגען אין אַ שייטל און געפירט אַ שטרענג כשרע יידישע שטוב. זיין איידעם, דער מאַן פון זיין עלטסטער טאָכטער רבקה, איז געווען יצחק גוטמאַן, וועלכער איז געווען דער לייטער פון דער זיבן־קלאַסיקער פּוילישער פאָלקסשול פאַר יידן. ער איז געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין שטאָט, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ליי־און שפּאָר־קאַסע און פון לינת־הצדק. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַנפאַל אין יאָר 1927, איבערלאָזנדיק אַ פרוי מיט צוויי קינדער. זיין זון, יחזקאל גוטמאַן, געפינט זיך זייט יאָר 1933 אין ארץ־ישראל און אַרבעט אַלס עלעקטרע אינזשעניר. אויך דער צווייטער איידעם פון ענאָוויטש, קאַפּעלאָוויטש, איז געווען אַ לערער אין דער פּוילישער רעגירונגס־פאָלקסשול. (בילדער פון לערער זע: „די יידישע גימנאַזיע", מ. זילבערמאַן).

## משה סרעברא:

ווי די מערהייט יידישע קינדער אין יענע צייטן, האָב איך פאַרבראַכט מיינע קינדער יאָרן אונטערן רבינס קאַנטשיק. אויב דעם מלמד האָט פאַרפעלט אַביסל זאַלץ צו דער גריץ, אָדער די רביצין האָט אים דערלאַנגט צום טיש אַ נישט דער־פעפערטע וויעטשערע, האָט ער אויסגעלאָזט זיין כעס אויף מיין געזעס און פלייצע. יאָרן האָב איך זיך געוואַלגערט פון איין חדר אינעם צווייטן, אומעטום אַריינגעזאַפּט די געדיכטע, זויערלעכע לופט פון האַלב ווילגאָטנעם שטוב און דעם צימרינג ריח פון דעם רבינס וואָנסעס, וואָס זענען פאַרגעלט געוואָרן פון שטופּן אָן אויפהער מיטן גראָבן פינגער דעם שמעק־טאַבאַק אינעם רויט־בלוילעכן נאָז.

אין אַלע פריוואַטע חדרים האָט מען געקענט ווי מיט אַ מעסער שניידן די פינצטערניש און די טוכלעקייט, אַזוי געדיכט איז די לופט דאָרט געווען. און אַז עס האָט זיך שוין דורכגעריסן דורך אַ גאַנצער שויב אַ זונשטראַל (על פי רוב זענען אַנשטאָט שויבן געווען פאַרשטעקט שטיקלעך דיקט, ברעטלעך, בלעך, אָדער אַ רויט קישעלע), איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ העלן פאַס זאַמד־שטויב און געצויגן זיך אין דער לופט ביזן עק צימער. אין די זומערן האָבן די חדר־יינגלעך געפּראַכט פון היץ, זיצנדיק צונויפגעפּרעסט ביי די חומשים, אויסגעטאָענע ביז די אַרבע־כנפות. ווינטער האָבן ביי זיי פון קעלט געפרירט די נעזלעך און די שפּיץ פינגער פון די הענט און פיס. דער פראָסט, וואָס האָט מיט אייז געבלומט די פאַרפרוירענע שויבן, האָט אַריינגעדרונגען אונטער זייערע

* זע: „זכרונות פון פולטוסק", פלאָריאַן סאָקאָלאָוו.

מאַנטלען און די קינדער האָבן געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן און געפּלאַטערט ווי בלעטלעך אין ווינט.

פון יעדן מלמד האָבן זיך איינגעקריצט פּרטים אין מיין זכרון, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרגעסן און אין פּערספּעקטיוו פון דער צייט שווימען אַרויס זייערע געשטאַלטן, ווי זיי זענען אָפּגעהיט געוואָרן אין מיין געדעכעניש.

שטעלט זיך אַוועק פאַר מיינע אויגן זישע מלמד. מיט דער קלאָר ווייסער באָרד, מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען און צעשמייכלטן פּנים. מיט זיין שטילער באַשיידנקייט, האָט ער מיך, דעם קליינעם צוציק, באַצויבערט אין מיינע ערשטע חדר־טעג, פּונקט ווי עס פאַרלאַקט דער פרילינג, וואָס קומט אָן נאָכן האַרבן ווינטער. אַ העלע שיין האָט זיך צעשפּרייט אין זיינע ד' אמות און אַרום אים האָט געזומערט און געשמעקט מיט צעשטראַלטן זון־אויפגאַנג און געווינטערט מיט קריסטאַלענעם אויגן־בליק פון פריש אָנגעשאָטענעם זילבער־פּוכיקן שניי.

פאַרשווינדט זישע און עס רוקט זיך אַרויס דער קורץ־זיכטיקער ישראל מאיר מלמד. טראָץ דעם, וואָס ער פלעגט אָנטאַפּן ווי אין דער פינצטער די אותיות פונעם סידור אָדער חומש, האָט ער פון דעסטוועגן ביים שלאָגן אַ תלמיד שטענדיק געטראָפן אין ציל. ביז היינט איז פאַרבליבן פאַר מיר אַ רעטעניש ווי אַזוי ער האָט בלינדערהייט דערטאַפּט דעם קרבן.

און אַלס קעגנזאַץ צו די קלעפּ און זבאַכעס, וואָס איך האָב באַקומען פון דעם דאָזיקן מלמד קומט מיר אַנטקעגן די געשטאַלט פון אַלתרן, דעם האַרבאַטן מלמד, וואָס טראָץ זיין מום, איז ער געווען זייער באַליבט ביי די תלמידים. ער פלעגט דערציילן די חדר־יינגלעך שיינע מעשהלעך, וועלכע זענען איינגעזאַפּט געוואָרן אין זייערע יונגע מוחלעך און צעשפּילט זייער קינדערישע פאַנטאַזיע.

איך געדענק ווי איינמאָל אין אַ דאָנערשטאָג נאָך מיטאָג האָט ער אונדז מגלה געווען דעם באחרית הימים. — זאָלט איר טאָקע וויסן, ליבע קינדערלעך — האָט ר' אלתר אונדז דערקלערט מיט אַ סודותדיקער פאַרהוילקייט — אַז היי־יאָר אין תרפ"ג וועט משיח קומען במהרה בימינו. אַ רמז דערויף זענען די ראשי־תיבות פון תרפ"ג, וואָס לייגן זיך אויס אין דער פוילישער שפּראַך: „תען ראָק פּאַלעסטינאַ גאַלאָפּ" (ten rok Palestina galop) — אין דעם יאָר וועט מען רייטן קיין ארץ ישראל. נאָכן אַנטפּלעקן דעם דאָזיקן סוד, האָבן מיר זיך געגרייט יעדן טאָג מקבל פּנים צו זיין משיחן אַ רייטנ־דיקן אויף אַ ווייס אייזעלע, געדאַוונט מיט כוונה, געלייענט קריאת שמע פאַרן שלאָפן גיין, נישט איבערהיפּנדיק קיין איינציק וואָרט, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער אין דער פרי, נישט פאַרמיטן קיין „ברכי־נפשי" און געציילט די טעג און שעהן ביז צו דער גאולה.

ער האָט אונדז, 6—7 יעריקע קינדער, דערציילט די סיבה פאַרוואָס מען רופט אונדזער שטאָט פּולטוסק. פּאַקטיש האָט זי אַמאָל געהייסן טוסק און איז געווען אויסגעשפּרייט אויף אַ גאָר גרויסן שטח. ווען די ברידער אלימלך און ר' זישע, וועלכע האָבן געפּראַוועט גלות און געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך אין מדינת פּוילן, האָבן אָנגעשפּאַרט אין דער שונא־ישראל־שטאָט טוסק, ווו אַ זכר פון אַ יידן איז נישט געווען בנמצא, האָבן די מאַנאָכן פאַרכאַפּט די הייליקע צדיקים און איזדעקעוועט זיך איבער זיי, אָפּגעשוירן די בערד און פּאות און מיט חרפות און קלעפּ פאַרטריבן פון דער שטאָט. האָבן די הייליקע ברידער פאַרשאָלטן דעם מקום און ס'איז חרוב און פאַרברענט געוואָרן אַ האַלבע שטאָט. די זומפּן אויף ריביטוועד פּאַשניק זענען אַ זכר פון די קלויסטערס, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. נאָך היינט־צו־טאָג פאַלן דאָרט אַריין חזרים און פערד און אין דער איבעריקער טייל שטאָט, וואָס איז גאַנץ געבליבן זינקען איין יעדן יאָר די קלויסטערס מיט אַ ציגל די טיף. און ווייל פון דער שטאָט טוסק איז געבליבן אַ העלפט, האָט מען איר משנה שם געווען אויף פּולטוסק. ד"ה האַלב טוסק.

ביי די דאָזיקע מלמדים האָב איך בלויז געלערנט אַ זמן אָדער העכסטנס אַ יאָר. דערפאַר האָב איך עטלעכע יאָר פאַר־בראַכט ביי ר' יצחק נחום מלמד (גורפינקעל), אַ הויכגעוויקסיקן ייד מיט אַ קליינער באָרד, דורכגעוואָרפן מיט גרויע פעדים, אַ שוואַרץ־האָריקן מיט ביינערדיקע הענט. ביי יעדן קלאַפּ, וואָס מען האָט פון אים באַקומען, האָט מען געפילט זיינע קנאָכיקע פינגער, וועלכע האָבן זיך איינגע־שרויפט אין פלייש און ווי געלעכערט די יינגלישע פלייצעס. ביי יצחק נחום מלמד האָט מען זעלטן געזען אַ שמייכל און דאָס נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ בייזער, נאָר דווקא פון צופיל ערנסטקייט. ער איז געווען אַ תלמיד־חכם און אַ געערער חסיד. שבת און יום־טוב איז ער געגאַנגען אין געערער שטיבל מיט געמאָסטענע טריט, היטנדיק זיך נישט צו מאַכן קיין פסיעה גסה, דאָך האָט ער קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט צום צווייטן מנין. יעדע פרייע מינוט, איבערהויפּט שבתים און יום־טובים, האָט ער אויסגענוצט מעיין צו זיין אין אַ ספר.

יצחק נחום מלמד האָט געוווינט אין אַ צימער מיט אַ קיך, ביידע פון איין גרויס פון בערך פיר אויף פיר מעטער. עס איז ביי אים שטענדיק געווען אויפגערױמט. אַלץ אַרום, די מעבל,

די כלים, דאָס געפּעס האָט געגלאַנצט פון זויבערקייט. לענגאויס ביי דער וואַנט זענען געשטאַנען צוויי סאָפקעס און פּאַראַלעל צו זיי אַ לאַנגער טיש מיט הילצערנע בענק. אַרום טיש זענען געזעסן ביי זעכצן תלמידים. דער רבי אויבנאָן נעבן פענצטער און אויפן ראַנד פון טיש אַ לעדערנער רימען. מיין זיצאָרט איז געווען אויף דער סאָפקע. ווען איך האָב באַקומען פון רבין אַ טרעבענץ, האָב איך זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע און אַרונטערגעשאַרט זיך אויף דער קאַנאַפּע. דאָרט איז געווען דער זיכערסטער אָרט אויסצומיידן פרישע קלעפּ. דעם רבין האָט דאָס שטאַרק נישט געשמעקט. האָט ער די אָנגעצילטע פויסט לכבוד מיר אַראָפּגעלאָזט אויף אַ צווייטן יינגל, וועלכער האָט אַביסל אונטערגעלאַכט, ווייל ליגנדיק באַהאַלטענערהייט, האָב איך אים געקיצלט אין דער פּיאַטע.

אינעם צווייטן צימער, אָדער קיך, האָבן די חדר־יינגלעך נישט געהאַט קיין דריסת־הרגל. דאָרט זענען געזעסן דעם רבינס טעכטער און גענייט וועש און קליידער. די ניי־מאַשין האָט צוגעקלאַפּט צום טאַקט און מיר האָבן צוגעהאָלפן מיטן אַלטן, סקאַרבאָוון ניגון פון „אָז ישיר" אָדער אַקדמות. ווען איך בין עלטער געוואָרן און כ׳האָב געלייענט פּרצעס „דריי נייטאָרן", האָבן מיר זיך אָוועקגעשטעלט פאַר די אויגן דעם רבינס דריי טעכטער, וועלכע זיצן און נייען און שטעפּן זיך אויס גרויע צעפּ...

די מאַטעריעלע לאַגע ביי יצחק נחום מלמד איז געווען אַזוי שווער, אַז עס האָט אַפילו נישט געסטייעט אויף אַ פּעקל טאַבאַק. ער פלעגט אַרויסשיקן די תלמידים אין מאַרק אַריין, איבערהויפּט אין די מאַרק־טעג דינסטאָג און פרייטאָג, ווען עס פאָרן זיך צונויף די פּויערים, כדי צונויפקלייבן צווישן די וועגענער און פערדישע פּאָדקאָוועס די נישט פאַרענדיקטע שטיקלעך פּאַפּיראָסן. דעם צונויפגעזאַמלטן טאַבאַק פון די פאַרשידענע סאָרטן „שאר ירקות" האָט ער אויסגעשטופּט אין גילזן און כדי ער זאָל זיך נישט אויסשיטן האָט ער די עקן פון די גילזן צוגעפּרעסט צום גלעזל פון דער ברענעדיקער נאַפטלאָמפּ. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך באַמיט צונויפזאַמלען וואָס מער רעשטלעך און ברענגען זיי דעם רבין, וועלנדיק מיט דעם אויסמיידן די בויקערס פון זיינע ביינערדיקע פויסטן. דאָס האָט אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן. זיינע הענט האָבן טאָג־טעגלעך געאַרבעט אויף רעכטס און אויף לינקס, דעם געגעבן אַ זעץ, אַ צווייטן אַ ריס, אַ דריטן אַ פלעם, אַ פערטן אַ שטורקע, אַ פינפטן אַ פליק, אַ זעקסטן אַ זבענק, אַ זיבעטן אַ פּראַסק. אַמאָל האָט ער זיך באַנוצט מיט די פויסטן, אַמאָל מיטן פּאַסיק, ווידער אַמאָל מיט אַ שטיק האָלץ און אַן אַנדער מאָל מיט זיינע גרויסע שטיוול מיט די פּאָדקאָוועס. אַנדרייען די אויערן ביז חלשות איז ביי אים געווען סתם אַ שפּאַס...

ביי ר׳ יצחק נחומען האָב איך שוין געלערנט אַ בלאַט גמרא און נישט איינמאָל זענען די גמרא־בלעטער פאַרנעצט געוואָרן פון אַ יינגלישער טרער אָדער פאַרפלעקט געוואָרן מיט בלוט, וואָס איז גערינען פון קינדערישע נעזער נאָך די קלעפּ פונעם מלמד. היינט אָבער, ווען איך דערמאָן זיך וועגן מיינע קינדער־יאָרן און עס שטייט אויף ווי לעבעדיק מיין חרוב געוואָרענע געבוירן־שטאָט, גייט אויף, אויף די ליפּן דער ניגון פון מרדכי געבירטיגס ליד „קינדער יאָרן" און אַזוי ווי צו מיין מוטער קען איך אויך מיט נאָסטאַלגיע זאָגן וועגן מיינע מלמדים: „יעדער קניפּ פון זייער האַנט מיר נאָך אַזוי גוט באַקאַנט — כאָטש קיין צייכן איז מיר נישט פאַרבליבן"...

## יהושע אבראמטשיק:

מען קען אָפּלאַכן פון אַלטן חדר, פונעם בייזן מלמד, אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז מיר האָבן פיל געלערנט פון אונדזערע מלמדים.

מיין ערשטער מלמד איז געווען דער לאָמער משה, געוווינט אין שול־גאַס. ער פלעגט שטענדיק זאָגן: „קינדערלעך, די תורה איז פול מיט גאָלד און בריליאַנטן, דערצו דאַרף מען אָבער האָבן אַ שליסל; דער שליסל — דאָס איז דער אלף־בית". ביי אים האָב איך געלערנט אַ „זמן". אין משך פון „זמן" — צוגעקומען ביז עברי (דער סדר איז געווען: א״ב, קמץ־אלף, אויסרעדן, שפּעטער — אָנגעהויבן עברי).

מיין צווייטער מלמד איז געווען דער געלער שלמה. ביי אים האָבן מיר געלערנט חומש מיט רש״י און אָנגעהויבן אַ „משנה". ער האָט געהאַט אַ געדיכטע געלע באָרד מיט לאַנגע ברעמען און זייער אַ בייזן אויסזען. ער איז טאַקע געווען אַ שלעכטער צו זיינע תלמידים. פאַר יעדער קלייניקייט פלעגט ער אונדז שלאָגן.

איינמאָל בין איך אַנטלאָפן אויף אַ גאַנצן טאָג פון חדר (דאָס איינציקע מאָל וואָס איך בין פון אַ חדר אַנטלאָפן), ער פלעגט מיט זיינע לאַנגע נעגל מאַכן צייכנס אויפן לייב. איך האָב פאַר מיין טאַטן איינמאָל אויסגעטאָן דאָס העמד און געוויזן אים די צייכנס. מיין טאַטע האָט אים אויסגערעדט. דער רבי האָט אים צוגעזאַגט, אַז ער וועט מיך מער נישט שלאָגן. ביי אים האָבן מיר זיך אויסגעלערנט מעביר־סדרה זיין לויטן טראָפּ, לויט זיינע קללות, וועלכע ער פלעגט אויסזינגען מיט דער זעלביקער מעלאָדיע. מיר האָבן זיך ביי אים נישט גענוי־

טיקט אין אַ לוח, ווייל עטלעכע וואָכן פאַר יעדן יום־טוב פלעגט ער האָבן ספּעציעלע יום־טובדיקע קללות: אַ באַזונדערע קללה פאַר פסח, שבועות אא״וו. אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר געלערנט צוזאַמען. ביטער איז געווען דאָנערשטיק, ווען יעדער תלמיד האָט געדאַרפט „זאָגן״ באַזונדער. ער האָט געפאָדערט. אַז די תלמידים זאָלן כמעט וויסן פון אויסנווייניק. דאָנערשטיק פלעגט מען קריגן געשמיסן. ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז ער האָט אַ תלמיד אַרונטערגעריסן אַן אויער (אַזאַ פאַל איז געשען מיט עליע שטשאַיוס זון). פרייטיק איז שוין געווען גרינגער. מ׳האָט געלערנט בלויז אַ האַלבן טאָג.

ישראל־מאיר מלמד: געווינט אַנטקעגן די שול, אַ הויכער מיט אַ קאָזשע בערדל. אַ גוטער, שטילער גלאַ־סענער מענטש. פונקט דער היפך פון געלן שלמה. מיר האָבן ביי אים געהאַט אַ „גן־עדן״. טאָמער האָבן מיר דאָנערשטיק עפעס פאַרגעסן, פלעגט ער אונטערזאָגן. מיר האָבן געהאַט פרייע צייט צו דערציילן זיך פאַרשידענע ווונדער־מעשיות. דער עיקר האָבן מיר ליב געהאַט צו דערציילן שרעקלעכע געשיכטעס פון כישוף, שדים, לצים, דיבוקים, גזלנים אד״ג. אין אַ פינצטערע נאַכט האָט קיינער נישט געוואַגט אַרויס־צוגיין פון שטוב, ווייל אין אונדזערע קינדערשע מוחות האָבן זיך געשאַפן שרעק־בילדער פון די נאָכדערציילטע מעשיות.

ווינטער פלעגן מיר זיצן אין חדר ביז שפעט ביי דער נאַכט, מיר פלעגן מאַכן פאַפירענע לאַמטערנעס, אַריינשטעלן דערין אַ ליכטל צו באַלייכטן אונדז דעם וועג אין אַ פינצטערע נאַכט (דעמאָלט האָט נאָך פולטוסק נישט פאַרמאָגט קיין עלעקטרישע גאַסן־באַלייכטונג). מיר האָבן זיך געהיט נישט פאַרבייצוגיין 12 אַ זייגער ביי דער נאַכט נאָענט פון דער שול, ווייל דעמאָלט דאַווענען די מתים און קאָנען איינעם פון דער גאַס אויפרופן צו אַן „עליה״... מיר האָבן אפילו געוווסט, ווי מען דאַרף זיך באַגיין, אויב עס געשעט אַזאַ פאַל; דער אויפ־גערופענער מוז צוגיין צום בעלעמער, מאַכן אַ ברכה, נאָר אַרויסגיין פון שול מוז ער הינטערוויילעכטס, כדי די מתים זאָלן אים נישט מזיק זיין.

ביי אים האָבן מיר שוין געלערנט עטלעכע פרשיות מיט רש״י, אויך אייניקע קאַפיטלעך תנ״ך און אָנגעהויבן גמרא בבא־קמא.

אַ מדרגה העכער איז געווען איצל מלמד. געווינט אין מאַרק. אויך אַ גוטער האַרציקער מענטש, קיינמאָל נישט געבייזערט זיך אויף אונדז. ביי אים האָבן מיר שוין געלערנט, אַחוץ חומש מיט רש״י, שווערע סוגיות פון דער גמרא. ביי אים האָבן מיר צום ערשטן מאָל אויך געהערט די געשיכטע פון יאָסעלע פאַנדריק (אין צייט פון „ניטל״). אַ טעמע, וואָס האָט אונדז שטאַרק פאַראינטערעסירט. געלייענט האָט ער פון אַ געשריבענעם העפט, וואָס האָט פאַרנומען נאָענטע 2 שעה. מיר האָבן מיט אויפגעריסענע מיילער זיך צוגעהערט צו דער אויסטערליש־טשעקאַווער געשיכטע, נישט צו פאַרלירן קיין איינציקן וואָרט. ביי אים האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט פאַר־שידענע קינדער־רעטענישן, איינפאַלן און טרעפענישן. אונ־דזערע מוחות האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַרפן.

אַ קליינער טייל קינדער מיט גוטע קעפלעך, זענען פון אים אַריבער צום העכסטן גמרא־מלמד: ר׳ הענך, פון וועמען מ׳איז געגאַנגען לערנען „פאַר זיך״ אין שטיבל, אָדער געלאָזט זיך אין פאַרשידענע ישיבות.

די אַלע אויבן אויסגערעכנטע זענען געווען איינגע־פונדעוועטע מלמדים, יאָרן־לאַנג זיך פאַרנומען מיט מלמדות.

אַ ניי אויפגעקומענער גמרא־מלמד איז אין יענער צייט גע־ווען מרדכי מענדל סעגאַל, (פייגע די אַליווניטשקעס אַ שוואָגער). אים האָב איך צו פאַרדאַנקען וואָס איך בין נישט געבליבן פאַרגרעבט. די געשיכטע איז אַזאַ: מיינע עלטערן האָבן געווינט אין דאָרף, האָט ער מורא געהאַט, איך זאָל נישט פאַרלאָזן דעם חדר און אומקערן זיך צו די עלטערן. דאַן פלעגט ער מיר טאָג־טעגלעך אויסזוכן שטעלן אין דער גמרא, ווי אויך פון אַנדערע ספרים, וועלכע ווייזן אָן, ווי הויך עס איז אָפגעשאַצט דער תלמיד־חכם און ווי גרינג־געשעצט עס איז דער עם הארץ.

אָט די אַלע מלמדים האָבן אין אונדז איינגעפלאַנצט אַ סך מידות טובות. מיר האָבן אין די חדרים באַקומען אַן עכטע יידישע דערציִונג. די חדרים און ישיבות, דאָס זענען געווען אונדזערע אוניווערסיטעטן.

---

באַמערקונג: עס ווערן דאָ, אין דער מלמדים־רובריק, איבערגעחזרט איין און די זעלבע פערזאָנען (ביי זייערע נעמען בלויז), צוליב די כאַראַקטער־באַזונדערקייטן, וואָס יעדער אַרטיקל־שרייבער געפינט אויס אין זיי (רעד.).

יוסף בלומשטיין

# יידישע בענק

פולטוסק האָט זיך אויסגעצייכנט, אויב מ׳קאָן אַזוי זאָגן, מיט צוויי זאַכן: מיט איר נאַטור־באַשאַנקענער שיינקייט און מיט איר... עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט.

די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז מערסטן טייל באַ־שטאַנען פון קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, האָט געליטן נישט נאָר פון מאַנגל אין פרנסה נאָר אויך פון מאַנגל אין געלט אויף צו פירן דעם וואַרשטאַט אָדער דאָס קרעמל. ס׳איז מער ווי זיכער, אַז די ספּעציפישע עקאָנאָמישע לאַגע פון די פולטוסקער יידן האָט נישט איבריק נושא־חן געווען ביי די גרויסע וואַרשעווער סוחרים און פאַבריקאַנטן אויף צו געבן גרעסערע קרעדיטן און דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז מ׳האָט געמוזט נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט.

אין יאָר 1907 איז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די חברים: יעקב בראַף, יחיאל־מאיר ליפשיץ, יעקב האָכמאַן, אברהם הענדעל, שלום לייבאָוויטש, משה בלום, פייוול מעלניק, שלמה באָרנשטיין, משה כוינאָווער, משה שפּערלינג, דער שרייבער פון די שורות א״א — געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע באַנק אין פולטוסק, אונטערן נאָמען: „דרוגיע טאָוואַ־זשיסטוואָ ספּולדזיעלטשע״ (צווייטע קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפט). די אויפגאַבע פון דער דערמאָנטער באַנק איז געווען: צו געבן קרעדיט יידישע קליין־הענדלער און בעלי־מלאכות אויף אַ סומע וואָס האָט דערגרייכט ביז 300 רובל, אויף אַ צוויי יעריקן אויסצאָל. יעדער מיטגליד פון דער באַנק האָט באַ־דאַרפט אַריינטראָגן אַ פּאַי פון 10 רובל. די באַנק האָט זיך געפונען אין דער הויז פון ה׳ שמעון ראָזאָווסקי, אין מאַרק.

די באַנק האָט עקזיסטירט ביז 1914. ווען עס איז אויס־געבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט זיך די טעטיקייט פון דער באַנק אָפּגעשטעלט, און איר גאַנצער פאַרמעג האָט זיך געפונען ביי ה׳ יצחק סטאַראָשוויעצקי.

אין יאָר 1923 האָט אַ פאָרשטייער פונעם אַמעריקאַנער „דזשוינט״־אָפּטיילונג אין וואַרשע — אין שייכות מיט דער אַלגעמיינער הילפס־טעטיקייט פון „דזשוינט״ — באַזוכט פולטוסק און צווישן אַנד. פאַרגעלייגט צו עפענען אויף דאָס ניי די יידישע באַנק מיטן באַדינג, אַז יעדער מיטגליד זאָל אַריינטראָגן אַ פּאַי פון 5 זלאָטעס, און אין פאַל ווען די מיט־גלידער וועלן דערגיין ביז 200 — וועט דער „דזשוינט״ צולייגן אַ סומע פון נאָך 6.000 זל.

דער פריערדיקער פאָרזיצער פון דער באַנק ה׳ משה שפּערלינג מיט נאָך עטלעכע כלל־טוער האָבן פאַרהאַנדלט מיטן „דזשוינט״־שליח און ווען זיי זענען געקומען צו אַ הסכם, איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די, וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן די פּאַיען.

אגב: די צאָל מיטגלידער (מיט פּאַיען) איז דערגאַנגען ביז 750. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון 6 חברים און אַ ראַט פון 6 חברים (מיט דער זעלבער צאָל קאַנ־דידאַטן וואָס אין יעדער אינסטאַנץ).

סיי די אַלגעמיינע שווערעווירטשאַפטלעכע לאַגע אין דעמאָלטדיקן פוילן און סיי דער באַזונדערער שווערער מצב פון די יידישע מאַסן — האָבן זייער פיל באַשווערט און באַ־לעסטיקייט די באַנייטע טעטיקייט פון דער יידישער באַנק. די צאָל פּעטענטן אויף הלוואות זענען געווען אומגעהויער גרויס. איז באַשלאָסן געוואָרן, כדי צו באַפרידיקן אַ וואָס גרעסערע צאָל ווענדונגען, צו געבן הלוואות נאָר אין אַ סומע פון 25 זל.

אַ דאַנק דער ריכטיקער אָנפירערשאַפט פון דער באַנק פון איין זייט און דאָס פּינקטלעכע צאָלן די הלוואות פון דער צווייטער זייט — האָט די באַנק זיך דערוואָרבן אַ זייער גוטן נאָמען, אַזוי אַז זי איז דערגאַנגען צו אַן אייגענעם גרונט־קאַפּיטאַל פון 70.000 זל. און צו דעפּאָזיטן פון פאַרמעגלעכע קרייזן — אויף אַ סומע פון 370.000. דאָס האָט דערמעגלעכט צו אַ כסדרדיקער העכערונג פון די הלוואות, אַזוי אַז אין יאָר 1929 איז די סומע פון אַן הלוואה שוין געווען 500 זל.

דער שווערער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט דאַן גע־טראָפן די ווירטשאַפט אין פוילן, האָט אויך, ווי געזאָגט, משפּיע געווען — און גאַנץ שווער — אויף אונדזער באַנק. עס איז אַנטשטאַנען, ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, אַ גאָר גרויסע בהלה אַרום דער באַנק. די וועלכע האָבן געהאַט ביי אונדז דע־פּאָזיטן, האָבן זיך געאײַלט זיי אַרויסצונעמען, און די, וועלכע זענען אונדז שולדיק געווען געלט, האָבן אויפגעהערט צאָלן. אין רעזולטאַט דערפון האָט זיך געשאַפן אַ גאָר־שווערע לאַגע.

ביים עולם איז אַנטשטאַנען אַן... אָפּאָזיציע, אָרגאַניזירט דורך די א״ג „חברה בחורים״, וועלכע האָבן געפּאָדערט איבער־צוגעבן די באַנק אין צווייטע הענט, וועלכע וועלן „ראַטעווען די לאַגע״.

נאָך לאַנגע באַראַטונגען, זיצונגען און פאַרזאַמלונגען איז געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג מיט ד״ר ניסניעוויטש אַלס פאָרזיצער. צום באַדויערן האָט די נייע פאַרוואַלטונג נישט געבראַכט צו קיין שום פאַרבעסערונג. אדרבא, נאָך אַ יאָר צייט, האָט זיך דער קריזיס אין דער באַנק נאָך מער פאַר־שטאַרקט. אַ סך סיבות זענען צו דעם גורם געווען, די הויפּט־סיבה: די גרויסע צאָל נישט־געצאָלטע הלוואות און פּראָטעס־טירטע וועקסלען. דער מצב איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן ערגער. דער „דזשוינט״ האָט פון צייט צו צייט געשטיצט און גלייכ־צייטיק געפאָדערט פון דער באַנק־לייטונג, איינצומאָנען די הלוואות, אַ זאַך, וואָס איז געטאָן געוואָרן, אָבער מיט פיל שוועריקייטן און — זעבלסטפאַרשטענדלעך — מיט שוואַכע רעזולטאַטן.

טראָץ דעם האָט די באַנק פאַרגעזעצט איר עקזיסטענץ און זיך באַמיט צו העלפן אַנדערע און אויך זיך. די באַנק איז געווען אַנגעשלאָסן אין רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד פון די יידישע בענק אין וואַרשע, וועלכער פלעגט קאָנטראָלירן איר טעטיקייט יעדן חודש און אויך איר יאָר־בילאַנס און איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ סך בענק אין פוילן, יידישע ווי נישט־יידישע.

אויסער די אויבן דערמאָנטע ערשטע יידישע באַנק אין פולטוסק — איז אין יאָר 1910 אַנטשטאַנען אַ צווייטע יידישע באַנק א״נ „וזאַיעמני קרעדיט״ (שפּעטער געענדערט דעם נאָמען אויף: „באַנק קופּיעצקי״). די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון בלויז סוחרים, אָנגעפירט פון ה׳ וועלוול יאַזשינע און אַנדערע. אין יאָר 1930 איז זי ליקווידירט געוואָרן.

די ערשטע יידישע באַנק אין אונדזער שטאָט האָט זיך טראָץ די אַלע אויבנדערמאָנטע שוועריקייטן געהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ירחמיאל גרינשפאַן

# דער האַנטווערקער פאַראיין

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין פולטוסק געגרינדעט געוואָרן אַ האַנטווערקער אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע יידישע בעלי־מלאכות אין שטאָט און אַנטוויקלט זיך אין אַ גרויסער און שטאַרקער אינסטיטוציע. דער פאַראיין האָט אַפּגעדונגען איינעם פון די שענסטע זאַלן אויף דער דריטער מאַי גאַס אין הויז פון די קאַפּעלאָוויטשעס און איינגעאָרדנט אין אים אַ בינע און מיט זיץ־פּלעצער פאַר עטלעכע הונדערט מענטשן. דאָ זענען פאָרגעקומען טעאַטער־פאָרשטעלונגען און אַנדערע קולטור־אימפּרעזעס, פאָרלעזונגען פון שרייבער און דיכטער. דער פאַראיין איז געווען צעטיילט אויף פאַרשידענע פאַכן־סעק־ציעס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן פאַרשטייער אין דער אַלגע־מיינער פאַרוואַלטונג, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ קאָנסאָלידירטע פאַרשטייערשאַפט כלפי חוץ. די טעטיקייט פונעם האַנטווערקער־פאַראיין איז געווען אַ פּילזייטיקע און אַ דאַנק דער אינערלעכער קאָנסאָלידאַציע פון די בעלי־מלאכות איז דער פאַראיין געווען אימשטאַנד צו זיכערן די פינאַנסיעלע אינטערעסן און פאַכמענישן ניוואָ פון די יידישע האַנטווערקער. ער האָט אויך מיט דערפאָלג אָפּגעשטויסן די אַנגריפן פון די פּריווילעגירטע פוילישע האַנטווערקער, מיט זייערע געשלאָסענע צעכן, וועלכע האָבן געפירט אַן אַנטי־סעמיטישע אַקציע קעגן דעם יידישן בעל־מלאכה און פאַר וועלכע פולטוסק איז געווען אַ שטאַרקע פעסטונג אַלס צענטער פונעם קאַטוילישן קלער.

צווישן די חברים פון דער פאַרוואַלטונג פונעם יידישן האַנטווערקער־פאַראיין איז כדאי צו דערמאָנען: משה כוינאָווער, אברהם רוזשע, משה שפּערלינג, שלמה באָרענשטיין, חיים זעליג גרינשפּאַן, יוסף פאַרבעראָוויטש, פאַרבער, מעלצער, אינזש׳ האוזנשפּיגל, אברהם זיעלינסקי א״א. אַרום דעם פאַראיין האָבן זיך גרופּירט האַנטווערקער און פאָלקס־מענטשן פון דער גאַנצער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג. אין דער אַלגעמיינער פאַלקס־באַוועגונג פאַר יידישער פאַרטיידיקונג אין פּוילן, אונטער דער אָנפירונג פונעם גרויסן יידישן טריבון אַדוו׳ נח פּרילוצקי, האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן דער יידישער האַנטווערקער פאַראיין אין פּולטוסק.

מיט אַ גרויסן ענטוזיאַזם, ווי בכלל אין יענע צייטן, איז די פאַרוואַלטונג צוגעטרעטן צו שאַפן אַן אייגענעם שטיצפאַנד פאַר זייערע מיטגלידער. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע מיט דער באַטייליקונג פון די ח״ח משה שפּערלינג, שלמה באָרענשטיין און יוסף פאַרבעראָוויטש, וועלכע האָט פאַרגעלייגט, אַז אַלע חברים זאָלן אויסקויפן פאַר אַ קליינער סומע אַ „פּאַי״ — אַן אַקציע — און אויף אַזאַ אופן באַקומען דאָס רעכט אויף אַן אָנפּראָצענטיקער הלוואה. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער געשטאַלט פון אַ ליי־קאַסע און די א״ד חברים אין דער שפּיץ פון משה שפּערלינג האָבן מיט איר פאַרוואַלטעט און באַשעפטיקט זיך מיט די הלוואות שלא על מנת לקבל פרס. כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן איז, וואָס די קאַסע האָט זיך געפונען אין אַ זייטיקן צימער פונעם שמש פונעם האַנטווערקער לאָקאַל אין חצר פון שמעון ראָזאָנאָווסקי און אין דעם דאָזיקן קליינעם צימערל איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר דער שפּעטערדיקער זיך אַזוי שטאַרק צעוואַקסענער „ליי־און שפּאָר־קאַסע מב״פ״, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער קאַטליאַרסקער גאַס נומ. 4 מיט אירע גרויסע און שיינע צימערן און אַ פאַרצווייגטן באַאַמטן־אַפּאַראַט.

די טעטיקייט פון דער האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע איז איבערגעריסן געוואָרן מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, אָבער ביזן צווייטן וועלט־קריג איז געווען טעטיק די ליי־און שפּאָר־קאַסע, וועלכע האָט טריי געדינט דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט און צעשטערט געוואָרן צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פּולטוסקער יישוב דורך די בלוטיקע דייטשע סאַטראַפּן.

אידה בולמאַן (טאַשימאַוויטש)

# האַנטווערקער און קליין־הענדלער – יאַריד פאַרערס

פיל סיבות האָבן גורם געווען צו דעם אַז אין פּולטוסק זאָלן זיך געפינען אַ סך יידישע קליינהענדלער און האַנטווערקער, וועמענס הויפּט־פּרנסה איז געווען דאָס פאָרן אויף יאַרידים כדי צו פאַרקויפן זייער סחורה און זייער פּראָדוקציע. די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סך דערפער און קליינע שטעטלעך, אַ גרויסער טייל פון די פּולטוסקער יידן האָבן זיך מפרנס געווען פון קליינע וואַרשטאַטן און פון קליינהאַנדל. דער אַפּזאַצמאַרק אין שטאָט גופא איז געווען זייער אַ באַגרענעצטער און דאָס האָט גורם געווען צו פאָרן אויף יאַרידים. געפאָרן זענען שוסטער, שניידער, היטלמאַכער, סטאָלערס, בעקערס, זייפנזידערס און אַנדערע בעלי־מלאכות, אויך סוחרים פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע און אַנדערע אַרטיקלען, אויפקויפערס פון עופות, בהמות און פערד זענען געווען צווישן די יאַריד־פאָרערס. עלטערע מענטשן און יונגע לייט, גאַנצע משפחות האָבן זיך וואָך איין, וואָך אויס געלאָזט אין די וועגן.

בדרך כלל זענען די יאַרידים פאָרגעקומען מאָנטאָג, מיטוואָך און דאָנערשטאָג. דינסטאָג און פרייטאָג זענען געווען די סטאַבילע מאַרק־טעג אין פּולטוסק. דער טאָג פון יאַריד האָט אויך געדינט ווי אַ פּאַסיקער טערמין אויף צו צאָלן אַ וועקסל,



„שולחן" בשוק — אַ „טיש" אין מאַרק

אָפּגעבן אַ גמילות־חסד אָדער איינקויפן אַ פריש ביסל סחורה.

נישט פון די לייכטע זאַכן איז געווען דאָס צוגרייטן זיך צום יאַריד. צום ביישפּיל: צוליב דעם וואָס אין גאָלאָמין (אַ גרויס דאָרף צווישן פולטוסק און טשעכאַנאָוו) איז פאָרגעקומען אַ יאַריד איינמאָל אין חודש מאָנטאָג און ס'זענען געווען אַ סך פאָרערס, האָט מען געדאַרפט אויסער צוגרייטן די סחורה אַ פּאָר טעג פריער, אויך באַזאָרגן זיך מיט אַ וואָגן. ווער עס איז געפאָרן אַליין, די מערהייט אָבער איז געפאָרן זאַלבע־צווייט אָדער זאַלבע־דריי אויף איין וואָגן. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז ממש אין דער לעצטער מינוט האָט דער בעל־עגלה אָפּגעזאָגט צו פירן די סחורה און די מענטשן און דאַן האָט מען געמוזט זוכן אַן אַנדערן פורמאַן און דאָס איז שוין געווען שווערער, ווייל די מערהייט פון די אונטערטרייבערס זענען געווען פויערים פון די אַרומיקע דערפער און דאַן איז דער פרייז פון אַ פורמאַנקע געשטיגן, אָדער מען האָט געצאָלט נישט טראַכטנדיק אַפילו צי עס לוינט זיך.

נישט לייכט איז אויך געווען דאָס איינפּאַקן פון דער סחורה. שעהן־לאַנג האָט דאָס געדויערט, ווייל מען האָט געפּאַקט יעדן אַרטיקל באַזונדער, כדי די סחורה „זאָל בעסער גיין", די שטאָף זאָל „האָבן" קונים אא"וו. און אַז מען האָט געענדיקט די אַרבעט זונטאָג פאַרנאַכט, איז קוים געבליבן עטלעכע שעה אויף אָפּרוען זיך, ווייל אַרום 10 אַזייגער ביינאַכט האָט מען שוין געמוזט זיין אין וועג, כאָטש דער יאַריד האָט זיך געשטעלט ערשט אַרום 9 אַזייגער אין דער פרי און דער וועג האָט געדויערט בלויז עטלעכע שעה. מען האָט אָבער געמוזט זוכן אַ פּלאַץ ווו אַוועקצושטעלן די „שטעל" מיט דער סחורה. און אַז מען האָט שוין געפונען אַ פּאַסיקן אָרט, האָט מען אים געמוזט היטן אַ גאַנצע נאַכט, אַז אימיצער זאָל אים נישט פאַר־כאַפּן און אויך אויף דער סחורה האָט מען געמוזט אויפפּאַסן, איז מען טאַקע פאַרשוואַרצט געוואָרן אַ גאַנצע נאַכט.

פאַרטאָג, ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע זון־שטראַלן, האָט זיך אָנגעהויבן דער טומל מיט אויסלייגן די סחורה, פאַרפעסטיקן און פאַרהיטן דעם געשטעל מיט די אַרטיקלען קעגן אַ שטאַרקן ווינט און אַ שאַרפער זון, אָדער אַ גאַס־רעגן און נישט איינמאָל איז טאַקע די סחורה פאַר־נעצט געוואָרן. צווישן איין אַרבעט און דער צווייטער האָבן יידן „אַרייננעכאַפּט" אַ דאַווענען און טיילמאָל אַן אָנבייסן.

8—9 אַזייגער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע קונים — יונגע פויערטעס, וועלכע האָבן געזוכט קרעלן און פאַרשידענע פאַרביקע סטענגעס (טאַשמעס) צו פאַרפּוצן די האָר. עלטערע פויערטעס האָבן איינגעקויפט קאָלירטע קאָפּ־טיכלעך שטאָפן אויף קליידער, זאָקן, זייף און אַנדערע אַרטיקלען. שפּעטער, ווען די פויערים האָבן שוין פאַרקויפט, ווער אַ בהמה, ווער אַ פערד, אָדער אַנדערע דאָר־פישע פּראָדוקציע, זענען זיי געקומען איינצושאַפן זיך אַן אַנצוג, אַ שטיקל שניט־סחורה, שטיוול, היטלען, קראַוואַטן וכד'. צווישן איין קניה און דער צווייטער האָט מען געלייזט געבעקס, נאַשוואַרג און בראָנפן אין די אָרטיקע קרעטשמעס. אַ באַזונדערן אָרט אויף די יאַרידים האָט פאַרנומען דער האַנדל מיט עופות, בהמות און פערד. דאָ האָבן זיך אויסגעמישט די קולות פון די בעלי־חיים מיט די געשרייען פון די סוחרים, פויערים און מעקלערס, און דער האַנדל איז געגאַנגען גאַנץ אָפט אויף שווערע הונדערטער און טויזנטער זלאָטעס.

אַז גאָט האָט געהאָלפן און עס האָט זיך געשטעלט אַ גרויסער יאַריד, ווי אַ שטייגער פאַר „באָזשע נאַראָדזעניע" (כריסטמעס) אָדער פאַר דער קריסטלעכער פּאַסכע און עס איז געווען אַ שיין וועטער, האָט זיך געמאַכט אַ גוטער פדיון און יידן האָבן געקאָנט צאָלן אַ וועקסל, אָפּגעבן אַ גמילות־חסד און קויפן אַ פריש ביסל סחורה. אָבער נישט שטענדיק איז מען געקומען צוריק אַ היים מיט אַ פאַרדינסט. מיטן פאַר־שטאַרקן זיך פון אַנטיסעמיטיזם, בפרט נאָך דעם ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָט זיך די לאַגע אינגאַנצן געענדערט. די אַזוי באַרימטע דורכן דעמאָלטדיקן פוילישן אינער־מיניסטער און פּרעמיער סלאַוואָי סקלאַד־קאָווסקי געוואָרפענע לאָזונג „אָווּשעם", ד"ה שלאָגן יידן, חס־וחלילה, אָבער ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט אַדרבא און אַדרבא, האָט געגעבן אירע רעזולטאַטן. אַנטיסעמיטישע סטודענטן און סתם כוליגאַנעס האָבן פּיקעטירט די יידישע סטראַגאַנעס און אַוועקגעריסן מיט כוח די קונים פון די שטעלעס פון יידישע הענדלער און בעלי־מלאכות. אויב אַרום יידישע געשעפטן

אויף די גאַסן פון די שטעט און שטעטלעך איז די דאָזיקע „פּאַטריאָטישע" אַרבעט געווען אין אַ געוויסער מאָס באַגרע־נעצט, איז אָבער די לאַגע אויף די מערק און יאַרידים געווען אַ פּיל ערגערע. מען איז געשטאַנען מיט דער סחורה אונטערן פרייען הימל און בשעתן אָנקום און שלאָגן פון די כוליגאַנעס האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן די פּאָליציי צו דער ריכטיקער צייט. דאָס האָט צוגעגעבן מוט סיי די העצער און סיי די פּוילישע ניי־געבוירענע סוחרים, פּויערים און „לומפּן־פּראָלע־טאַריאַט", וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צום קליינהאַנדל (באַקומענדיק פינאַנציעלע שטיצע פון פּוילישע ווירטשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציעס), אַנצופאַלן אויף יידן און איבערדרייען זייערע שטעלעס. יעדער קלענסטער ווידערשטאַנד פון אַ יידישן סוחר האָט געדראָט מיט אַ פּאָגראָם.

אַז דער יאַריד איז אַריבער בשלום און מען האָט נישט געשלאָגן און נישט צעראַבירט די סחורות, האָט נאָך בשעתן אומקערן זיך אַ היים געלויערט די געפאַר צו כאַפּן אַ שטיין אין קאָפּ פון אונטערגעהעצטע שקצים. מען האָט ערשט אָפּ־געאָטעמט פריי, ווען מען האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָ־מעטער ווייט פונעם שטעטל.

טראָץ די אַלע ליידן און צרות האָבן יידן ממשיך געווען צו פאָרן אויף יאַרידים, נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר סכנות, ווייל מען האָט געמוזט ברענגען פרנסה אין שטוב.

די מוט, אויסדויער און עקשנות פון די יידישע מאַרק־הענדלער פון פולטוסק, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, זענען געווען אַ רינג אין דער קייט פון אַלגעמיינעם יידישן קאַמף אינעם פאַרמלחמהדיקן פוילן קעגן דיסקרימינאַציע, אַנטאייגנונג און ברוטאַלן עקאָנאָמישן טעראָר.

יחיאל אבאזשאנעק

# דער פראפעסיאנעלער באקלייד פאראיין

באַלד נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך געפירט אַ פאַרצווייגטע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט אין פולטוסק. צוליב פאַרשידענע סיבות האָט זיך די טעטיקייט איבערגעריסן און געוואָרן באַנייט ערשט אין יאָר 1934. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען אין שטאָט האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט דער סטאָלער־פאַך. די בעלי־מלאכות האָבן באַ־שעפטיקט אַ סך יוגנטלעכע אין די אָפטע אַרבעטס־קאָנפליקטן האָבן געשאַפן אַ נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע. מיט דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע סטאָלער־אַרבעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער האָלץ־פאַראיין, וועל־כער האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אין שטאָט.

לויט דעם ביישפּיל פון די סטאָלערס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט די שניידער־אַרבעטער אונטער דער אָנפירונג פון בן־ציון זגריזעק, משה באַשקער, שמעון קאָפּעלאָוויטש, יחיאל אַבאַזשאַנעק א"א. די אָרגאַניזיר־אַרבעט האָט זיך אָנגעטראָפן




גרינדער פון דעם האָלץ־פאַראיין אין פולטוסק, 1933

אויף גרויסע שוועריקייטן, געפירט געוואָרן אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט און באַלד ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין אַ זומער־וווינונג אין דאָרף פּאָפּלאַוועס איז אָנגעקומען די

פּאָליציי. די אַרבעטער האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אינעם דערבייִיקן וואַלד, אַזוי אַז קיינער איז נישט אַרעסטירט געוואָרן.

די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן זיך געוואַנדן צום צ.ק. פונעם באַקלייד־פאַראיין אין פּולטוסק. דער שרייבער פון די שורות האָט פּערזענלעך אינטערווענירט אין וואַרשע און באַקומען די דערלויבעניש צו פירן אַ פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט צווישן די שניידער־אַרבעטער אין פּולטוסק.

די פאַרוואַלטונג פונעם פאַראיין איז באַשטאַנען פון יענקל געלודאַ אַלס פאַרזיצער, יחיאל אַבאַזשאַנעק אַלס סעקרעטאַר, משה באַשקער — קאַסירער און בן־ציון זגריזעק און שמעון קאַפּעלאָוויטש — מיטגלידער. זיי אַלע זענען געווען פאַר־אַנטוואָרטלעכט פאַרן סטאַראָסטע פאַר דער טעטיקייט פונעם פאַראיין.

גלייך מיט דער גרינדונג, האָט די פאַרוואַלטונג זיך געוואַנדן צו די אַרבעטס־געבער, אַז זיי זאָלן קומען אין פאַראיין און אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך מיט די אַרבעטער. די בעלי־בתים זענען דערשטוינט געוואָרן פון אַזאַ „חוצפה" און איגנאָרירט די דאָזיקע ווענדונג. אָבער זייערע אַרבעטער זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט און די דאָזיקע מוטיקע האַנד־לונג איז געוואָרן אַ סענסאַציע אין שטאָט. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן די „חצופים", אַפילו אין בית־מדרש ביים דאַוונען. נישט האָבנדיק אָבער קיין ברירה, זענען די מייס־טערס פריער צי שפּעטער געקומען אין פאַראיין און אונטער־געשריבן דעם אָפּמאַך.

אינעם פאַראיין זענען געשאַפן געוואָרן פאָלגנדיקע פאַך־סעקציעס:

1. מענער־מאַגאַזין סעקציע מיט אַ פאַך־קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון די ח"ח בן־ציון זגריזעק, צדוק פאַדעמבאָוויטש, גדליה מאַרקאָוויטש, בערל פענסטער און חיים פאַגעלמאַן;
2. מיט דער פאַך־קאָמיסיע פון מענער־באַשטעלט האָבן אָנגעפירט די ח"ח שמעון קאַפּעלאָוויטש, משה באַשקער, יוסל וואַלשעווער א"א;
3. בראש פון דער דאַמען־קליידער־סעקציע זענען געשטאַנען די ח"ח רויזע בלומבערג, העניע דניאל, ליבטשע ראָזענבערג און יחיאל אַבאַזשאַנעק;
4. פאַר דער שמוקלער סעקציע זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך די ח"ח אהרן זיספּיין, אברהם גרשון פינקעלשטיין און יחיאל אַבאַזשאַנעק.

צווישן די פאַרשידענע פאַך־פּראָבלעמען האָט זיך אַרויס־גערוקט אין דער ערשטער ריי די פראַגע פון וויפל שעה עס זאָל באַשטיין דער אַרבעטס־טאָג. מיר האָבן דעמאָלט געפאָדערט צו באַגרענעצן די אַרבעט אויף 9 שעה. פאַרשטייט זיך אַז די אַרבעטס־געבער האָבן אויף דעם נישט מסכים געווען און מיר האָבן באַשלאָסן צו שטרייקן. דער שטרייק איז געווען אַן אַלגעמיינער און אַרומגענומען דעם גאַנצן שניידער־פאַך. בשעת אַ פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדיקע, וועלכע איז פאָר־געקומען אין לאָקאַל פון „בונד", איז געקומען פּאָליציי און אַרעסטירט אַלע אָנוועזנדיקע מיט די פאַרוואַלטונגס־מיטגלי־דער. זיי זענען געפירט געוואָרן אין אַרעסט אַריין איבער די גאַסן פון פּולטוסק און דאָס האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. ווען דער פאַר־זיצער פון פאַראיין יענקל געלודאַ האָט זיך אומגעקערט פון דער פּאָליציי איז ער געווען פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן פון די פייניקונקען וואָס ער איז דורכגעגאַנגען.

דער פּראָפעסיאָנעלער באַקלייד־פאַראיין אין פּולטוסק האָט ווירדיק פאַרטראָטן און באַשיצט די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער, די האָרעפּאַשנע שניידער־אַרבעטער. זיין קאַמף פאַר פאַרבעסערן די לוינען און די סאָציאַלע באַדינגונגען האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אינעם אַלגעמיינעם קאַמף פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין פוילן פאַר אַ בעסערן מאָרגן און אַ נייער וועלט, פריי פון עקספּלואַטאַציע.

# לינת הצדק

די חברה „לינת הצדק" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 (תרפ"ה). די ערשטע אסיפה איז פאָרגעקומען אין חודש כסלו, אין הויז פון משה וויעלקאָבראָדאָ, מיט אירע ערשטע חברים און גרינדער משה וויעלקאָבראָדאָ *, שלמה ווינקלהאָק, יהודה איצל פאַסקאַוויטש, העניך קאַנער, העניך הענדעל, יואל מאַקאָווער און דער שרייבער פון די שורות. ביי דער צווייטער אסיפה זענען צוגעקומען די חברים: מאָטל פאַטאַלאָווסקי, הערש־חיים פיש, לייבל הענדעל, דוד אייזיק פאַלדאָ און ישראל בורשטיין.

אונדזער ערשטע טעטיקייט האָט זיך קאָנצענטרירט נאָך אויף דער לינה", ד. ה. יעדן אָוונט (פון 9 ביז 6 פרי) פלעגן געשיקט ווערן צוויי חברים צו אַ קראַנקן איבערנעכטיקן די נאַכט. דערנאָך, ווען מיר האָבן באַקומען פאַר דער אינסטי־טוציע אַ לאָקאַל (אויף קאַטלאַרסקע 12), האָבן מיר אָנגעהויבן, אין תחילת מיט אייגענע פינאַנסיעלע מיטלען, איינשאַפן געוויסע רפואה־כלים פון ערשטן געברויך פאַר אַ קראַנקן.

שפּעטער, ווען מיר האָבן באַקומען אַ פאַרבינדונג מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און באַקומען זייער ערשטע שטיצע (ווי: דורך פר' קוטנער 75 דאָלאַר און אין אַ קורצער צייט פון אַ טוריסטין, אַ טאָכטער פון מענדל פאָס — 50 דאָלער), האָבן מיר איינגעקויפט נאָך מער נוצלעכערע כלים ווי: ליג־וואַננעס, זיץ־וואַננעס אד"ג. שטיצן דעם קראַנקן מיט אַ דאָקטאָר און רעצעפּטן האָט די חברה נאָך נישט געהאַט די מעגלעכקייטן. איז געוואָרן באַשטימט, זיך צו ווענדן צו דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט וועגן אַ חודשלעכער שטיצע פאַר דעם צוועק. איבער 800 מאַן האָבן זיך באַשטייערט און יעדער חודש איז איינגעקאַסירט געוואָרן ביי אַ 100 זל. בערך. דאַן זענען מיר שוין געווען בכוח צו געבן דעם קראַנקן הילף פון אַ דאָקטאָר ווי אויך קויפן פאַר אים אַ רעצעפּט אין אַן אַפּטייק. די ערשטע פאַרבינדונג פון „לינת הצדק" איז געווען מיטן ד"ר ניסניעוויטש און נאָך דעם — מיט די דאָקטוירים טאַמבאַק און גורני, איינשטעלנדיק מיט זיי אַ פּרייז און אַ אופן פון צאָלן פאַר דער וויזיט.

דאָס זעלבע מיט די אַפּטייקער: שניעגאָדסקי און וואָלסקי בנוגע די רעצעפּטן. יעדער קראַנקער האָט באַקומען אונדזער שטיצע. די נישט פאַרמעגלעכע האָבן באַקומען בחינם אַ דאָקטאָר און אויך רעצעפּטן. מיר זענען אויך אַנטקעגנגעקומען אַ קראַנקן, ווען ער האָט זיך געניי‍טיקט אין אַ געוויסער דער־האַלונג און באַדאַרפט „קומען צו די כוחות". מיר פלעגן אויך באַזאָרגן די אומפאַרמעגלעכע קראַנקע מיט באַהייצונג אין די קאַלטע פראָסטיקע ווינטערן. יעדער נאַכט פלעגן דיזשורירן צוויי מיטגלידער אין אונדזער לאָקאַל, זייענדיק גרייט אין פאַל פון אַ נייטיקייט אַרויסצורופן אַ דאָקטאָר צו אַ קראַנקן.

מיט דער צייט פלעגן זיך מיט אונדזערע מעדיצינישע כלים באַנוצן אפילו קראַנקע פון דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג. כמעט אַלע דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך געפונען אין פולטוסק (9 אין צאָל) ווי אויך אַקושערקעס פלעגן זיך באַנוצן מיט די כלים פון „לינת הצדק".

ס'איז כדאי דאָ צו דערמאָנען דעם פאַל, ווען אַ מוטער פון 5 קליינע קינדער איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט אַ דאַנק דעם „לינת הצדק".

איך האָב דעמאָלט געוווינט אויף דער 3טער מאַי גאַס און געווען דער אויפזעער איבער די מעדיצינישע כלים פון דער אינסטיטוציע. ס'איז געווען ווינטער־צייט. נאָך האַלבער נאַכט. איך הער אַ האַסטיקן קלאַפּ אין דער טיר. ס'דערשיינט אויף דעם שוועל אַ צעשראָקענער קריסט מיט אַ ליאַרעם:

„קאַלעגאַ דראַגי! ראַטעוועּ! אַ מוטער פון 5 קליינע קינ־דער איז איינגעפאַלן אויף דיפטעריט און די „פּאַרוווקע" וואָס זי דאַרף האָבן, איז אין ערגעץ נישט צו באַקומען אַ חוץ אין וואַרשע!"

איך בין געלאָפן אין לינת הצדק און אים געגעבן די כלי.

אין אַ פאַר טעג אַרום איז דער קריסט געקומען מיר דאַנקען מיט אַן אומבאַשרייבלעכער פרייד.

נאָך פיל ענלעכע פאַלן פון אַפּגעראַטעוועטע מענטשן איז צו פאַרצייכענען אויפן חשבון פון דער דאָזיקער אינסטי־טוציע, וועלכע האָט עקזיסטירט יאָרן לאַנג ביז צום נאַצי־חורבן, וואָס האָט אַלץ פאַרשניטן.

* דער בלינדער משה. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מיט אַן הדרת פנים. ער איז געווען אַ יחיד במינו אין שטאָט מיט זיין שיינעם פיזישן אויסזען און הויכער געשטאַלט. פאַר לאַנגע יאָרן געווען פאָרזיצער פון „לינת הצדק". דאָס איז געווען זיין ערן־אַמט. פראָפעסיאָנעל איז ער געווען אַ לערער. יינגלעך און מיידלעך פלעגט ער איינאיבן אין דעם קאַליגראַפישן שריפט און געלערנט אָנשרייבן אַ יידיש בריוול. ער פלעגט אויך לערנען חשבון, דאַוונען אין תנ"ך. אַ מין מאָדערנער חדר־מלמד.

רפאל משה שאך

# פרייע פראפעסיעס

## טיפן פון יידישע דאקטוירים, דענטיסטן, אדוואקאטן אד״ג

נאָך פיל מי און פרווון אריינצובאַקומען אַ יידישן דאָקטער אין פולטוסק, איז ענדלעך (אין 1926) געלונגען אַראָפּצו־ברענגען אַ יידישן דאָקטער, וועלכער איז מיט גרויס פרייד אויפגענומען געוואָרן אין שטאָט. נישט נאָר בלויז אַ ייד פון אָפּשטאַם איז ער געווען, ער איז געווען דורכאויס נאַציאָנאַל און כולו ציוניסט, דאָס איז געווען ד״ר ניסניעוויטש.

אַלס אַ גוטער דאָקטער, איז ער גיך אָנגענומען געוואָרן אין אַלע קרייזן פון שטאָט. די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אים אין תחילת, אַלס ייד, באָיקאָטירט ווי אויך די פוילישע דאָקטוירים, וואָס האָבן נישט געוואָלט אין דער ערשטער צייט מיט אים קאָנסוליטירן ביי אַ קראַנקן (אגב, שטאַמענדיק פון די רוסישע געגנטן, האָט ער די פוילישע שפּראַך נישט באַזעסן ווי געהעריק) — האָבן אים אָנערקענט גאָר נישט לאַנג דויערנדיק. נישט לייכט איז געווען אים צו באַקומען צו אַ חולה. זיין בקיאות אין דער מעדיצין האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַ רושם. די קריסטלעכע דאָקטוירים פלעגן ביי ערנסטע פאַלן אויסשליסלעך פאָדערן זיין קונסול־טאַציע. מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער געאַרבעט אינעם קריסטלעכן שפּיטאָל „ווינצענטי אַ פּאולא״.

ד״ר בער ניסניעוויטש, אַלס דעקלאַרירטער ציוניסט, האָט גלייך פון ערשטן טאָג אָן, ווען ער איז אָנגעקומען אין שטאָט, גענומען אָן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַלגעמיינער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע (זייענדיק געגנייגט צום „על המשמר״). גאָר גיך איז ער איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָר־זיצער פון דער פּאַרטיי. אויך אויף דער פול־אַלגעמיינער האַלב־יעריקער פאַרזאַמלונג ווערט ער ווידער איינשטימיק אויס־געוויילט אַלס פאָרזיצער — ווי אַן אָנערקענונג פאַר זיין ערנסטן ווידמענען זיך די ציוניסטישע און אַלגעמיין־געזעל־שאַפטלעכע יידישע פּראָבלעמען אין שטאָט. ווערנדיק אַרויס־געשטעלט דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווי אויך מיט שטימען פון אַנדערע גרופּירונגען, ווערט ער ראַטמאַן אין שטאָטראַט, דאָזער און דערנאָך פּרעזעס פון דער יידישער גמינע. ער איז אויך פאָרזיצער פון ראָט פון דער יידישער ליי־און שפּאָר־קאַסע.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט ער באַ־שלאָסן אַלץ צו ליקווידירן. אום זומער 1934 פאַרלאָזט ער פולטוסק און באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1963 באַזעצט ער זיך אין לאָנדאָן, וווּ עס געפינט זיך זיין איינציקער זון.

ד״ר פּראַשאַוער, אָנגעקומען אין פולטוסק אין ניסניעוויטשעס צייט. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ גוטער דאָקטאָר, געהאַלטן פאַרטראָגן אויף היגיענישע און אַלגעמיין־וויסנשאַפטלעכע טעמעס אינעם סעימיקאָוון זאַל אין שלאָס און איז זייער געווען געאַכט, האָט ער זיך נישט געקאָנט דערהאַלטן אין שטאָט. זייענדיק שטאַרק אַסימילירט, איז ער דורך דער יידישער באַפעלקערונג נישט טאָלערירט געוואָרן. נאָך אַ קורצער צייט האָט ער פאַרלאָזט פולטוסק, זיך באַזעצט אין וואַרשע און פּראַקטיצירט אין אַ יידישן שפּיטאָל.

ד״ר יעקב טאַמבאַק, געבוירן אין יאָר 1895. איני־טערניסט און כירורג, פּראַקטיצירט אין כאַרזשל (פּראַשניצער געגנט). אין די 30 יאָרן פּראַקטיצירט אין פולטוסק. ער פלעגט האַלטן לעקציעס אין דער יידישער שפּראַך איבער מעדיצי־נישע פּראָבלעמען. שפּעטער אַוועק קיין וואַרשע. אומגעקומען בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

זיין נאָמען פיגורירט צווישן די 2.500 יידישע דאָקטוירים, וועלכע זענען אומגעקומען אין פוילן ביי די נאַציס ימ״ש.

ד״ר גורני, אַ פולטוסקער, (שמחה צעלניקס אַן איידעם), וועלכער איז אָנגעקומען אין שטאָט נאָכן פאַרענדיקן זיין סטודיע און פּראַקטיק. אין קיין געזעלשאַפטלעכע שטאָ־טישע ענינים האָט ער זיך נישט באַטייליקט. ער האָט פּראַק־טיצירט ביזן אויסברוך פונעם קריג אין 1939. לעבט היינט אין אַמעריקע.

ד״ר באַרט, אָנגעקומען פון לעמבערג אין יאָר 1936, נישט קוקנדיק וואָס ער איז נאָך געווען זייער יונג און נאָר

וואָס געהאַט פאַרענדיקט זיין סטודיע, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך באַהאַוונטקייט אין זיין פאַך און איז געוואָרן אָנגענומען אין שטאָט אַלס אַ גוטער דאָקטער.

בעת דעם גרוש־פּולטוסק האָט ער זיך געפונען אין פעלד־שפּיטאָל וואָס אין דעם בנין פון דער מענערישער רעגירונגס־גימנאַזיע. מ׳האָט אים גלייך באַפוילן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. פון דער היים האָט מען אים גאָר נישט געלאָזט מיטנעמען ווי יעדן איינעם פון אונדז. דאָס איינציקע וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך איז געווען זיין דיפּלאָם, וועלכן די געסטאַפּאָ האָט אין מיין געגנוואַרט — בעת די פּערזענלעכע רעוויזיעס אין שלאָס — צעריסן און אים נאָך גוט צעשלאָגן, ווען ער האָט מיט טרערן געבעטן, זיי זאָלן עס אים צוריק אָפּגעבן.

ב ר ו ך  י א ס ק אָ ו ו י ט ש. אַ סך יאָרן פעלדשער אין פּולטוסק. אַ הויכער מיט אַ קליין־ביסל־צוגעשוירענער באָרד. שטאַרק אָנגענומען געווען, סיי ביי יידן סיי ביי קריסטן. נישט איינמאָל פלעגט מען אים רופן, נאָכן באַזוך פון אַ דאָקטער, כדי ער זאָל באַשטעטיקן דעם דאָקטערס דיאַגנאָז און זיינע אָנווייזונגען... פיל מאָל האָט מען אויף אים געדאַרפט וואַרטן, האַבנדיק אַ סך באַזוכונגען ביי קראַנקע אין דער שטאָט ווי אויך אין די דערפער אַרום. ער איז געווען רעליגיעז, אָבער זייער אויפגעקלערט. געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. געווען צו יעדן צוגעלאָזן און ביי אַלעמען באַליבט. ביי אָרימע קראַנקע פלעגט ער אין פיל פאַלן אַליין אויסקויפן די רעצעפּטן. געשטאָרבן אין 1920.

ש מ ו א ל  ב ז ש אַ ז אָ ו ו י ט ש, דער ערשטער יידישער דיפּלאָמירטער דענטיסט, וועלכער האָט פּראַקטיצירט פון 1900. שטאַמט פון אָסטראָלענקע, אָנגעקומען אין פּולטוסק אין 1908. געווען דער ערשטער און איינציקער דענטיסט אין שטאָט. כאָטש אַ גוטער פאַכמאַן, איז ער אין תחילת באַיקאָטירט געוואָרן און דוקא פון דער יידישער באַפעלקערונג, צוליב זיין „פרייער" אויפירונג; פלעגט אַרבעטן אום שבת אד״ג. די יידישע באַפעלקערונג פלעגט זיך דעריבער ווענדן צו ברוך דעם פעלדשער, וועלכער פלעגט רייסן ציין מיט אַ גאָר לייכטע האַנט. דער שיינער דענטיסטן־קאַבינעט פון בזשאַזאָוויטשן איז געווען ממש „ליידיק" פון יידישע פּאַציענטן. דערפאַר איז ער שטענדיק פול געווען מיט קריסטלעכע פּאַציענטן און מיליטער־לייט. ער האָט זיך אפילו באַמיט צו זיין נאָענט דער יידישער באַפעלקערונג, רעדנדיק, אגב, אַ שיינעם יידיש, אָבער אָן דערפאָלג. ער איז געווען אינגאַנצן ווייט פון וועלכן עס איז נאַציאָנאַל געפיל און יידישער טראַדיציע. דאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן (1916—17) איז אים געלונגען צו קומען אין קאָנטאַקט מיטן יידישן קהל דורך זיין מיטאַרבעט אינעם קאָמיטעט פון דער אָרעמער קיך, ווו ער האָט געליטן אַ דורכ־פאַל. אין 1920 איז ער אַוועק קיין אַרגענטינע.

מ ש ה ־ מ ע נ ד ל  נ י י מ אַ ן. געפירט אַ ביוראָ, געשריבן ביטעס צום געריכט און געהאַט אַ ידיעה אין גענג פון משפּטים. אַליין אַ פרומער מיט אַ באָרד, נישט געשוירן נאָר געפּוצט, לאַנג געקליידעט, מיט אַ שטייפן ווייסן קראַגן און שוואַרצן שניפּס, געקענט גענוי דעם נאַפּאָלעאָן־קאָדעקס און די קרימינעלע פאַרשריפטן מיט די אונטערוועגן און שפּיצלעך, געוווסט גענוי ווי צו צובינדן איין עק מיט אַ צווייטן... געהאַט אַ פיין־איינגעאָרדנטן קאַבינעט מיט אַ וואַרט־צימער. צווישן זיינע קליענטן זענען געווען פיל קריסטן. ער פלעגט אַרויסזאָגן אויטאָריטעטמעסיק זיין שטעלונג, אָנווייזנדיק דערביי אויף די „גענג" אין דעם פּראָצעס, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן פאַר געווונען... ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַדוואָקאַטן אין דעם קליענטס נאָמען, פאַרשטייט זיך, וועלכער האָט זיך אין מערסטן טייל באַצויגן צו אים מיט צוטרוי. דאָס אינטערעסאַנטע פון דעם איז: אין יענער צייט איז אין פּולטוסק געווען אַ קרייז־געריכט און אַ שטאָט־געריכט מיט 5 אַדוואָקאַטן, בלויז קריסטן — דאָך איז משה־מענדל ניימאַן, וואָס האָט געשרייבן פּויליש און רוסיש נישט אינגאַנצן ריין פון גרייזן, געווען טאָלערירט פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען.

געלעבט אין פּולטוסק ביזן גירוש 1939.

ד״ר־דענט. י ש ע י ה ו  ב ז ש ע ז י נ ס ק י, געבוירן אין פּולטוסק, באַקומען אַ דערציִונג אין דער פּולטוסקער גימנאַזיע. שנעל דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס אַ זייער טאַלאַנטירטער צאָן־דאָקטער. אַ דאַנק זיין שטאַרקע איבערגעגעבנקייט און איידעלע באַנעמונג איז ער געשעצט געווען פון אַלע שיכטן אין שטאָט, סיי פון יידן, סיי פון קריסטן.

ער איז געווען פון איבערצייגונג אַ בונדיסט. אַלס אַן אַקטיווער חבר פון „בונד", איז ער פיל מאָל אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָטראַט, זייענדיק אויף דעם דאָזיקן אַמט פון זיינע פריסטע יאָרן (1919) ביז צום אויסבריך פון 2טן וועלט־קריג (1939). אַ סך יאָרן איז ער אויך געווען פּרעזעס פון דער יידישער ליי־און שפּאָר־קאַסע. זייער פיל פון זיין צייט האָט ער געווידמעט פאַר וווילטעטיקע צוועקן לטובת דער יידישער באַפעלקערונג אין פּולטוסק. אין מערץ 1940 איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן אין מאַיערובעק (ביי וואַרשע), נאָך דעם ווי זיי האָבן אים אָפּגעפּייניקט, פון חודש נאָוועמבער 1939, אין ציטאַדעל אין וואַרשע.

כבוד זיין אָנדענק.

זיין פרוי חוה, די טאָכטער פון ר׳ ישראל־משה דרוזד,

האָט מיט אים מיטגעאַרבעט אַלס דיפּלאָמירטע דענטיסטין. אויך זי האָט אַ סך פון איר צייט אָוועקגעגעבן פאַר אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע ווילטעטיקע צוועקן און זיך באַמיט שטענדיק צו זיין פון די ערשטע ביים פאַרטיילן הילף נויטבאַדערפטיקע. צוזאַמען מיט אים איז זי פאַרהאַלטן געוואָרן (אין נאָוועמבער 1939) און פאַרפייניקט געוואָרן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, פון וואַנען זי איז באַפרייט געוואָרן. זי איז אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ אין 1942.

כבוד איר אָנדענק.

ד״ר מענדל דעליקטיש, פריער לערער פון לאַטיין אין דער יידישער גימנאַזיע. אין יאָר 1930 נאָכן פאַרענדיקן זיינע יורידישע סטודיעס און אַלס אַפּליקאַנט ביים אָנגעזעענעם געשווירענעם אַדוואָקאַט שמידט, עפנט ער אַן אַדוואָקאַטן־ביוראָ, דעראַבערט פיל קליענטן און באַקומט אַ שם פון אַ טאַלאַנטפולן אַדוואָקאַט. ער איז געווען דער ערשטער יידישער אַדוואָקאַט אין פּולטוסק. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין יידישקייט, גערעדט אַ זאַפטיקן יידיש אין דער אָנוועזנהייט פון פיל קריסטלעכע קליענטן ווי דעמאָנסטראַטיוו...

ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דאָך פלעגט ער אַרויסטרעטן פרייוויליק אין קאָמוניסטישע פּראָצעסן, ווייל דאָס רוב באַשולדיקטע זענען געווען יידן.

ד״ר דעליקטיש טרעט אַרויס אַלס צוויל־מאַנער אין פאַרשידענע פּראָצעסן, ווי אין 1934, ווען דער יידישער בעל־העגלה, בערל סענדעראָוויטש („דער טאַרלער״), ווערט דערמאָרדערט דורך דעם אַנטיסעמיט גזשעגאָזשעווסקי. פירנדיק אַ וואָגן צוקער פון טשעכאַנאָוו קיין פּולטוסק; אין 1935, ווען אַ פויער דערמאָרדעט אַ יידן אין דאָרף זאַמסק (ביי 8 ק״מ פון פּולטוסק) — אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט 4 טעג אין קרייז־געריכט, ווו עס זענען אַרויסגעטרעטן: אַלס באַשולדיקער — פּראָקוראָר וויזעל פון וואַרשעווער קרייז־געריכט און ד״ר דעליקטיש אַלס צוויל־מאַנער. כאָטש האָבנדיק קעגן זיך צוויי גרויסע אָנגעזעענע אַדוואָקאַטן, פאַרטיידיקער פונעם מערדער, דאָך האָט דעליקטיש, אַרויסווייזנדיק אַ סך שפּראַכלעכע טעכניק און רעדנערישן טאַלאַנט ביים גאַנג פונעם פּראָצעס, שטאַרק מצליח געווען מיט זיין צוויל־תביעה־רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן נאָך די באַשולדיקונגס־רייד פונעם באַגאַבטן אָנגעזעענעם פּראָקוראָר וויזעל, וועלכער האָט דעליקטישן שטאַרק געדריקט די האַנט פאַר זיינע אומגעהויערע רעטאָריקאַלישע פעיקייטן (דער אורטייל איז דאַן געווען 3 יאָר — דער פרייז פאַר אַ יידיש לעבן...). אַזוי אויך אין אַנדערע פּראָצעסן, ווו ד״ר מענדל דעליקטיש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ באַזונדערקייט.

ווי אַ באַווייז אויף זיין ציוניסטישער פּערזענלעכקייט דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן דער פאַקט אין יאָר 1936, ווען יידישע סוחרים ווערן אויפגעפאָדערט צו באָיקאָטירן דייטשישע אויסאַרבעטונגען; נאָך דעם גרויסן פּראָצעס קעגן דעם אָנגעזעענעם סוחר־אימפּאָרטער אַלבערשטאַט פון וואַרשע — פאַר איבערייסן אַן אָפּמאַך מיט אַ דייטשישער פירמע צוליב די נאַצי־געזעצן און יידישע פאַרפאָלגונגען. אַלס פּראָטעסט ווערן דאַן אין פּולטוסק די געשעפטן אויף אייניקע שעהן געשלאָסן און ד״ר דעליקטיש צוזאַמען מיטן 2טן יידישן אַדוואָקאַט ד״ר לעוווער (היינט אין ישראל) טרעטן אַרויס דאַן אויף די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, רופנדיק צו אחדות און צו עקאָנאָמישן קאַמף קעגן די דייטשן. ד״ר דעליקטיש רייסט איבער דאַן זיין אַרבעט אין געריכט. ער קומט אין שול, וואָס איז איבערפולט פון סוחרים און האַנטווערקער. ער רעדט פלאַמפייערדיק, באַצייכנט אַלס פאַררעטער פון יידישן פאָלק די, וואָס טאָלערירן דעם פאַרקויף פון דייטשישע אויסאַרבעטונגען. אַלע ווערן דורכגענומען פון זיינע טיפע יידישע רייד, וועלכע הילכן אָפּ אין חלל מיט אַזוי פיל נאַציאָנאַלן שטאָלץ, קאַמפּסגרייטקייט און אהבת־ישראל.

ד״ר דעליקטיש איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי בעלאַ רובינשטיין־דעליקטיש, וועלכע האָט אין 1918, ענדיקנדיק גימנאַזיע און איר סטודיע אין וואַרשע, געעפנט אין פּולטוסק אַ דענטיסטן־קאַבינעט און פּראַקטיצירט מיט גרויס דערפאָלג און געווען ביי אַלעמען באַליבט. כאָטש זי האָט נישט באַהערשט גוט די יידישע שפּראַך, איז זי געווען נאָענט דער יידישער געזעלשאַפט, פיל פון איר צייט געווידמעט פאַר ווילטעטיקע צוועקן, אַקטיוון אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע אימפּרעזעס, אפילו ריין ציוניסטישע. נאָר ווען זי פאַרבינט זיך מיט דעם פריערדיקן לערער פון לאַטיין, רייסט זי אים אָפּ פון זיין אַרבעט און העלפט אים פאַרזעצן זיין יורידישע סטודיע.

צוזאַמען מיט זיי איז אויך אומגעקומען זייער איינציקע טאָכטער רוזשאַ. כבוד זייער אָנדענק והי״ד.

# ספורט ותרבות
# ספארט און קולטור



ספאָרט־גרופע „גוויאַזדאַ", פולטוסק

בגוף בריא —

נפש בריאה



קבוצת „מכבי", 1924



יידישע ספאָרט־גרופע אין פולטוסק, 1922



„מכבי“ פולטוסק, 1929

## אין אַ געזונטן קערפער —
## אַ געזונטער גייסט



→
„מכבי“ פולטוסק, 28—1930




←
„מכבי“ אין
אַ פינג־פאָנג־פאַרמעסט, 1930



ממיסדי העתון (שבועון) „אונזער וואָרט" עם ד"ר ליפמן (היושב בשורה השניה באמצע); ביניהם מרים טל (השניה משמאל בשורה הנ"ל) ואחרים

גרינדער פון דער ראַיאָן־צייטונג (וואָכן בלאַט) „אונזער וואָרט" מיט ד"ר ליפמאַן (אין דער מיט פון דער 2טער שורה) און מרים טל (די 2טע פון לינקס, אין דער א"ד שורה) א"א



ועד אגודת „הזמיר" בפולטוסק
קאָמיטעט פון מוזיק־ליבהאָבער־קרייז „הזמיר" אין פולטוסק



די חברים פון „הזמיר"־קרייז אין פולטוסק, 1927



# על אחד בעיר

**תרבות וציונות בפולטוסק עם ישעיהו קופרמינץ**

# ווען איינעם אין שטאט

**קולטור און ציוניזם אין פולטוסק מיט ישעיהו קופערמינץ**

אין לעלות כלל וכלל על המחשבה: לכתוב ספר־זכרונות על חיי פולטוסק היהודית והמפלגות שאינם עוד, מבלי שית־נוסס על דפיו שמו של ישעיהו קופרמינץ במקום הראוי לו, כי אין לתאר את חיי העיר, הנוער הפולטוסקאי, הציוני והלא־ציוני, בלי ישעיהו. עקשנותו לכל דבר ציוני ותרבותי הכי פעוט היתה בבחינת יהרג ואל יעבור; תשוקתו הבלתי נלאת להאיר את הדרך, אשר תוהים הולכים בה, היתה להפליא; עזרתי מסירתו ונאמנותו לכל עניני העיר, כגדול כקטן, לכל צעיר יהודי, אשר החיים ההשכלתיים והחצי־מודרניים, בימים ההם, קרצו לו עין מעבר ל„שטיבל" ובית־אבא החסידי־פנטי — היו ללא גבול.

ישעיהו קופרמינץ נולד באוסטרולנקה בשנת 1882. הוא בא לפולטוסק עם רעיתו מלכה מעיר סובאַלק (עליה עוד נייחד את הדיבור). אבא שלו, ר' חצקל קופרמינץ, איש חסיד גוראי היה, למדן, סוחר אמיד ששמו הלך לפניו.

במרכז רחוב שבינטאַ־יאַנסקה מס' 10 פתח ישעיהו חנות לספרים, מכשירי כתיבה ומכירת עיתונים שונים. וראו את הפלא. במהרה נהיתה החנות למקום־מפגש מרכזי לנוער המש־כיל וספריה — לספרי־קריאה עבור הצמאים לידע בימי־אז. אין איש פולטוסקאי שלא ישא בלבבו את שמו של ישעיהו באהבה ובחרדת־קודש. עד היום!

הבחורים הללו! אלה המשכילים והנצני־משכילים, אשר עמדו עדיין ברגל אחת בבית־המדרש ובחסידים־שטיבל וברגל השניה דרכו כבר — בעזרתו הנאמנה של ישעיהו — לקראת עולם רחב וחפשי; אלה ודאי לא ישכחהו לעולם.

היה ציוני ואיש אשכולות בכל רמ"ח איבריו. בבית ישעיהו התהלכו הצעירים הפולטוסקאים וגם ידידיו וחבריו המבוגרים כי רבים היו. ביתו היה ביתם ורוחו — רוחם.

וכשם שאהב את הציונות והתרבות אהבת־נפש כך אהב בכל נימי ליבו את נושאיה ומביאי דבריה; אלה אשר הביאו את ה„אידיאלים" ואת התקוות למחר־יותר־טוב אל העיירות הקטנות והמרוחקות. כי הוא היה גם מן ה„מתאבקים בעפר של תלמידי חכמים". כל נואם או סופר שהגיע מעיר הגדולה להפיץ קצת תרבות וידע — היה מקבל בשמחה ובלבביות בל תתואר. היה גם דואג להם.

מקורביו היו מספרים מעשה במשורר היידי הגדול, ישראל שטרן, בן־עירו, שבא לפולטוסק לנאום על נושא ספרותי, אך הופעתו החיצונית היתה מאד מוזרה ובלתי מניחה את הדעת (כי, כידוע, לא הקפיד משורר נעלה זה מימיו על חיצוניותו ולא טרח כלל להרוויח מהדפסת שיריו שנכתבו בכשרון־עליון נדיר...) התחנה הראשונה היתה, כמובן: ישעיהו. מיד קיבל אותו בזרועות פתוחות, קנה לו נעליים חדשות, הלביש אותו כראוי והכין לו הופעה נעימה בפני הקהל הפולטוסקאי. ועוד ועוד סיפורים מעין אלה אפשר לספר עליו והם מציינים את יחסו החם והלבבי לאמן או לאיש התרבות.

ישעיהו היה האיש אשר פתח דף ראשון ומזהיר בתולדות הציונות בפולטוסק והיה, כאמור, מורה־דרך ועוזר רוחני לבני הנוער; מים חיים שתו בחורי פולטוסק מבארו של ישעיהו.

אישיותו הקסימה והפליאה. כל פעולה שיצאה מתחת ידו היתה כאילו רק „לשם שמים" והאמין בה אמונה שלמה. הן בהנהגה הציונית או בפעולות ציוניות או מוניציפליות אחרות, אשר תמיד העמיד את עצמו בראש ובלב ישר, חם ותמים ואותו הדין בהדרכת חבר או ביעוץ לבחירת ספר מתאים לקריאה...

מגדולי הציונים היה ומן המסורים והנאמנים והפעילים ביותר בעיר. היה יו״ר ההנהגה הציונית, חבר מועצת העיר, יו״ר ועד קרן הקיימת וקרן היסוד.

זכה עוד ישעיהו בשנת 1935 לעלות ארצה שנמשך אחריה כל ימיו עם בני משפחתו, אך לא זכה להאריך בה ימים. אחרי זמן מה חלה ובשנת 1947 נפטר. שירת חייו המופלאים באמצע נפסקה.

ברוך יהיה זכרו.

(מפי בני העיר)



מען דערציילט: ער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער בראשית־השכלה אין פּולטוסק און פון אַלע ציוניסטישע און קולטורעלע אַרבעטן אין שטאָט; אומדערמידלעך גע־קעמפט קעגן פאַנאַטיזם; אַריינגעלויכטן מיט אַן אומגעוויינ־לעך לכט פון אמונה אין האַרץ פון די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געטרונקען פון זיין קולטורעלן־ציוניסטישן ברונעם; יידן פאַנאַטיקער אפילו פלעגן בייגן דעם קאָפּ פאַר זיינע טוונגען, וועלכע זענען געווען לויטער־ריין און לשמה; חסידים — מיט בערד און פיאות פלעגן פאַר אים דרך־ארץ האָבן; בפה אחד האָבן אַלע מודה געווען, אַז אַן אומגעהויערע גייסטיקע קראַפט זיצט אין אים; לערער און וועג־ווייזער איז ער געווען פאַר די לעכצער צו נייע דרכים; פאַר דער חסידי־שער „לתרבות־רעהדיקער" יוגנט, וואָס האָט זיך אין יענער צייט גענומען אויסטאָן פון די בלינדע פאַרפרומטקייטן און זיך געצויגן צו די השכלה־רופן, וואָס זענען געקומען פון יענער זייט „שטיבל" און טאַטע־מאַמעס פאַנאַטיש הויז... יעדער ווילן צו אויפקלערונג איז ביי אים געווען טייער; יעדע גע־וואַלד־טענה פון אַ צאַרנדיקן טאַטן צו זיין אַפּיקורסותדיקן זון און יעדער בזיון פון אַ „טריף־פּסול"דיקן שטיבל־אַרויס־געוואָרפענעם בחור האָט אָפּגעציטערט אין זיין איידעלן האַרצן, ווי אויך האָבן אים גוט געקענט די יידישע ספרים און גמראָ׳ס, אונטער וועלכע עס האָבן געציטערט „זיינע טריף־פסולס", ווינקענדיק צו בעסערע ליכטיקערע מאָרגנס...

מען דערציילט: ער איז געקומען פון זיין געבוירן־שטאָט, אַסטראָלענקע, און געעפנט אַ געשעפט, אויף שווענטאַ־יאַנסקאַ נומ׳ 10, פון ביכער, שרייב־געצייג און פאַרשידענע צייטונ־גען און זשורנאַלן און באַלד איז געשען דער וואונדער: דאָס געשעפט איז געוואָרן אַ צענטער פאַר יוגנטלעכע צונויפ־טרעפונגען מכל המינים און זיינע ביכער זענען געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט לייען־מאַטעריאַל פאַר די דאָרשטיקע נאָך וויסן אין יענער צייט.

נישטאָ קיין פּולטוסקער, ער זאָל דעם נאָמען קופּערמינץ נישט טראָגן אין זיין האַרצן מיט ליבע און הייליקן ציטער. ביז היינט צו טאָג!

די דאָזיקע פּולטוסקער בחורים! משכילים און האַלב־משכילים, וועלכע זענען נאָך מיט איין פוס געשטאַנען אין חסידים שטיבל און בית־המדרש און מיט דער צווייטער האָבן זיי שוין געשפּאַנט צו אַ פרייע ברייטע וועלט — די וועלן אים זיכער קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

ער איז געווען ציוניסט און קולטורעל מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים. מיט גרויס דביקות האָט די יוגנט זיך צו אים באַהאָפטן. אויך זיינע פריינט און חברים די דערוואַקסענע, ווייל אַ סך זענען זיי געווען. זיין שטוב איז געווען זייער שטוב און זיין גייסט — זייער גייסט.

אַזוי ווי ער האָט ליב געהאַט אהבת־נפש דעם ציוניזם און די קולטור, אַזוי האָט ער ליב געהאַט מיט אַלע פעדים פון זיין נשמה די טרעגער און ברענגער פונעם ציוניסטישן קולטורעלן וואָרט; אָט די, וועלכע פלעגן ברענגען אידעאַלן און ליכטיקע האָפענונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן צו די קליינע פאַרוואָרפענע שטעטלעך. ער איז געווען פון די „מתאבקים בעפר של תלמידי חכמים". יעדן רעדנער אָדער שרייבער, וועלכער איז אַראָפּגעקומען פון דער גרויסער שטאָט פאַרשפּרייטן דאָ קולטור און וויסן — פלעגט ער אויפנעמען מיט אומבאַשרייבלעכער פרייד און אַ סך האַרץ. ער פלעגט אויך פאַר זיי זאָרגן.

זיינע מקורבים פלעגן דערציילן דעם פאַל מיטן גרויסן יידישן דיכטער, ישראל שטערן, זיינס אַ בן־עיר, וועלכער איז איינמאָל אַראָפּגעקומען קיין פּולטוסק האַלטן אַ ליטעראַ־רישן רעפעראַט, אָבער זיין אויסערלעכער אויסזען איז געווען זייער אויסטערליש און נישט צופרידנשטעלנדיק פאַר אַן אָפיציעלן אויפטריט (ווייל ווי באַוווסט, האָט דער דאָזיקער גרויסער דיכטער קיינמאָל נישט מקפּיד געווען אויף זיין אויסערלעכער קליידונג און אפילו זיך כלל נישט באַמיט עפּעס צו פאַרדינען פון זיינע אָפּגעדרוקטע לידער, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן מיט אַן אומגעוויינלעכן טאַלאַנט...). די ערשטע סטאַציע איז נאַטירלעך געווען: ישעיהו קופּערמינץ. מיט אָפענע אָרעמס האָט ער אים אויפגענומען. ער האָט אים גלייך געקויפט אַ פּאָר שיך, באַקליידט ווי עס דאַרף צו זיין און אים דערמעגלעכט אַ „מענטשלעכן" אויפטריט פאַרן פּולטוסקער קהל...

און נאָך און נאָך אַזעלכע ענלעכע מעשיות פלעגט מען

ווען אים דערציילן, וועלכע האָבן באַצייכנט זיין אומגעוויינ־לעך וואַרעמע האַרציקע באַציונג צו אַ קינסטלער אָדער קולטור־מענטש.

ישעיהו קופּערמינץ איז געווען דער, וואָס האָט אויפֿ־געעפֿנט די ערשטע ליכטיקע בלאַט אין דער געשיכטע פֿון ציוניזם אין פּולטוסק. ער איז געווען קולטורעל דורך און דורך, און ווי געזאָגט, דער גייסטיקער וועג־ווייזער פֿאַר דער דאָרטי־קער יוגנט. ער האָט פֿאַרכישופֿט אַלעמען מיט זיין פּערזענלעכ־קייט, מיט זיין גוטאַרציקייט און אומבאַגרענעצטער מסירות. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען לשם דער זאַך גופא און האָט אין דעם געגלייבט באמונה שלמה. צי עס איז געווען אַלס פֿאַרזיצער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צי אין די מוניציפּאַלע ענינים פֿון דער שטאָט, צי אַלס יושב־ראש פֿון קרן־קיימת און קרן־היסוד קאָמיטעט האָט ער זיך שטענדיק געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון יעדע אַרבעט מיט אַ וואַרעם האַרץ און מיט אומבאַגרייפֿלעכער תמימות. אַזוי, ווען ער האָט געדאַרפֿט זיין אַ ראַטגעבער פֿאַר אַ חבר, אָדער ווען ער האָט אים געדאַרפֿט צוקלייבן אַ לייען־בוך פֿון די ביכער אין זיין געשעפֿט...

ער איז געווען איינער פֿון די גרעסטע ציוניסטן און פֿון די איבערגעגעבנסטע און טעטיקסטע אין שטאָט.

אין יאָר 1935 האָט נאָך ישעיהו קופּערמינץ זוכה געווען צו קומען מיט זיין משפּחה אין לאַנד, צו וועלכן עס האָט אים זיין גאַנץ לעבן געצויגן, און איז געווען זיין איינ־ציקע שטרעבונג, אָבער, ליידער, נישט אויף לאַנג. אין אַ געוויסע צייט אַרום איז ער קראַנק געוואָרן און אין יאָר 1947 איז ער נפטר געוואָרן.

דאָס געזאַנג פֿון זיין וווּנדערלעכן לעבן איז אין סאַמע מיטן איבערגעריסן געוואָרן. כבוד זיין אָנדענק.

**(אויפֿגענומען ביי שטאַטישע)**



דער ערשטער אָנזאָג פֿון אַ קולטורעלן נאַציאָנאַלן אויפֿבוי אין אונדזער שטאָט איז געקומען מיטן אויסברוך פֿונעם ערשטן וועלט־קריג אין 1914, אָבער פּאַקטיש זענען די זוימען דערצו פֿאַרלייגט געוואָרן נאָך מיט אַ פֿינף יאָר פֿריער דורך דער דעמאָלטיקער נאָך יונגער פֿאַמיליע ישעיהו און מלכה קופּערמינץ מיט זייער אָנקומען אין פּולטוסק. פֿאַר־לייגנדיק אַ געשעפֿט פֿון ביכער און שרייב־געצייג מיט אַ שפּאַרער יידישער ביבליאָטעק, האָבן זיי אויך דאָרט אַריינ־געפֿירט די יידישע און פּעריאָדישע פּרעסע, דערינטער די „הצפירה“.

כאָטש זיי האָבן דאָן אין תחילת געלעבט אין זייער באַ־גרענעצטע וווין־באַדינגונגען; אַ דירה, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ געוועלב מיט אַ דערנעבנדיקן ליכט־קאַרגן צימער, וועלכער האָט אויך געדינט אַלס געוועלב אין די קריסטלעכע זונטיק־טעג, ווען די געשעפֿטן זענען אומעטום געווען גע־שלאָסן — דאָך האָט די שטוב זייערע מיט דעם נידעריקן איינציקן פֿענצטער אין עק פֿון דעם ענגן חצר געשטראַלט מיט אַן אַ שיר ליכט פֿאַר די אַריינקומענדיקע, וועלכע זענען אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט אַזוי פֿיל ליבע צו ארץ־ישראל און שטאַרקן ווילן, וואָס גיכער אַהינצו דערגרייכן...

זייער פֿיל האָבן זיך אַרום זיי געקלאַמערט, אפילו די סאַמע קעגנער פֿון „ציון“ האָבן זיך צו זיי באַציונגען מיט כבוד.

זייער איינציקער צימער האָט געדינט אַלס עס־שלאָף־און אויפֿנאַם־צימער, ווי אויך אַלס „לייען־זאַל“ (חוץ אַלס געשעפֿט אין די זונטיק־טעג).

פֿאַר אונדז, פּולטוסקער, איז די שטוב געווען דער קרן־זוית און דאָס וויגעלע פֿון ציוניזם. ישעיהו קופּערמינץ איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס האָט אויפֿן פּולטוסקער קריסט־לעכן קלערישן באָדן פֿונאַנדערגעוויקלט די פֿלאַטערנדיקע בלוי־ווייסע פֿאָן מיטן מגן־דוד און זי געהאַלטן הויך, שטאָלץ, פֿאַר וועלכעס ער האָט נישט איינמאָל געליטן סיי מאַטעריעל סיי פֿיזיש, אָבער נישט געפֿאַלן און דרייסט געשפּרייזט פֿאָרויס.

זיי האָבן, די ערשטע, געבראַכט אין פּולטוסק די קרן־קיימת־פּושקע און עפֿנטלעך זי אויפֿגעהאַנגען אין זייער געשעפֿט אויף אַ אָנזעעוודיקן אָרט און אויך זי פֿונאַנדערטראָגן אין אַלע אַנדערע שטיבער, זאָרגנדיק, אַז די פּושקע זאָל האָבן איר געהעריקן פּלאַץ אין די יידישע וווינונגען.

זיי זענען געווען די ערשטע פֿאַרלייגער פֿון „צעירי־ציון“ אין פּולטוסק און האָבן געבראַכט דעם ערשטן עברית־לערער: שקליאַר, שפּעטער: קאַזאָווסקי, וואַנכאַצקער און געשאַפֿן דעם געדאַנק פֿון עפֿענען אַ יידישע גימנאַזיע (אין 1906).

אַ דאַנק זיי האָט ממש מיט כוח אַריינגעדרונגען דאָס יידישע בוך פֿון אונדזערע גרויסע קלאַסיקער אין פּולטוסק, ווו מ׳פֿלעגט עס לייענען אויף די ביידעמער, כדי די אַרומיקע נאָענטע זאָלן נישט באַמערקן. נישט איין סקאַנדאַל איז זיי אויסגעקומען אויסצושטיין דורך דעם.

מיט שטאָלץ האָבן זיי פֿאַרגעזעצט זייער וועג, דורכ־פֿירנדיק זייערע קולטורעלע ציוניסטישע אַרבעטן — סיי פֿאַר יחיד, סיי פֿאַר כלל — וועלכע זענען געקומען פֿון זייער אייגענער גאָט־געבענטשטער איניציאַטיוו און פֿון ערלעכע מענטשלעכע מסירת־נפשדיקע קוואַלן.

ווען ישעיהו קופּערמינץ האָט אין די 30טער יאָרן פֿאַר־לאָזט פּולטוסק און איז אָנגעקומען מיט זיין משפחה אינעם אויסגעטרוימטן ארץ־ישראל, האָט ער — ווי עס טרעפֿט דוקא ביי גרויסע טרוימער — נישט זוכה געווען דאָ מאריך ימים צו זיין.

אין יאָרן אַרום איז ער פֿון אַ שווערער קראַנקייט גע־שטאָרבן. זכרונו לברכה.

**רפאל משה שאַך**



ישעיהו קופּערמינץ אַליין האָט געשטאַמט פֿון אַסטראָ־לענקע און געבראַכט פֿון זיין געבוירן־שטאָט דעם פֿלאַ־מענדיקן גלויבן אין ציון. ער איז געווען דער, וועלכער האָט אויפֿגעשטעלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּולטוסק און געווען איר פֿאָרזיצער ביז זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל. חוץ פֿון דעם איז ער געווען דער פּראָמינענטער געזעלשאַפֿט־לעכער עסקן אין שטאָט און עס איז נישט פֿאַרגעקומען קיין שום אונטערנעמונג פֿון אַלגעמיינעם און פּאָליטישן כאַראַקטער, וועלכער ער זאָל נישט ווידמען אַלע זיינע פֿיזישע און גייס־טיקע כוחות.

ישעיהו קופּערמינץ איז געווען דער ציוניסטישער פֿאָר־שטייער אין דער יידישער קהילה און אינעם שטאָטראָט, אָבער פֿאַרטרעטן האָט ער קודם־כל אַלע יידן פֿון דער שטאָט. ער איז שטענדיק געווען גרייט יעדן צו העלפֿן און אויב אימיצער איז דיסקרימינירט געוואָרן, האָט ער מיט דערפֿאָלג אינטערווענירט אין די געהעריקע קהלישע אָדער מוניציפּאַלע אינסטאַנצן.

די יוגנט און אַלע וועלכע האָבן זיך געוואָלט באַקענען מיט דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור האָבן געשטראָמט צו זיין בוכהאַנדלונג אויף שוו. יאַנסקא 10, און פֿאַרן אַריינ־גאַנג פֿון זיין געשעפֿט האָט מען שטענדיק געטראָפֿן יידן פֿון אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. דאָס אָרט איז פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטלעכן צונויפֿטרעף, פֿאַר אַ זאַמל־פּונקט, ווו מען האָט געקאָנט געוויר ווערן וועגן פּאָליטישע און ליטעראַרישע נייעס. דאָ האָט מען געקענט טרעפֿן אַ גרופּע אומזיסטע צייטונג־לעזער, וועלכע האָבן „אָקופּירט" די טרעפֿעלעך ביים געשעפֿט־אַריינגאַנג, באַקומענ־דיק פֿונעם אייגנטימער די צייטונגען אומזיסט אויף דורכצו־לייענען און צוריקגעבן זיי. צווישן זיי האָבן זיך געפֿונען עטלעכע פֿרומע יידן, אַ פּאָר יונגע חסידים און סתם תלמידי חכמים, וועלכע האָבן געוואָלט וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער ברייטער וועלט. איר האָט דאָ געטראָפֿן סתם ליידיקגייער און איידעמס אויף קעסט, וועלכע האָבן באַקומען טאָג איין טאָג אויס די צייטונגען פֿון ה' קופּערמינץ און ער האָט זיי געלאָזט פֿאַרנעמען דעם גאַנצן פֿראָנט־טייל פֿונעם געשעפֿט און אַפֿילו קיין דאַנק נישט פֿאַרלאַנגט פֿון זיי, כאָטש אָפֿטמאָל האָבן זיי פֿאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג פֿאַר קונים. דאָס פֿאַר־געניגן וואָס ער האָט פֿאַרשאַפֿט אַ יידן איז פֿאַר אים געווען טייערער פֿאַרן פּדיון...

ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן רעאַליזירן ציוניסטישע, אַלגעמיין־געזעלשאַפֿטלעכע, אָדער פֿילאַנטראָפּישע אויפֿגאַבן און פּלענער, האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס געשעפֿט, פֿאַרגעסן וועגן זיין פֿאַמיליע און איינגעשפּאַנט זיך בלב און נפש צו דער אַרבעט. זיין פֿרוי פֿלעגט דאַן פֿאַרבלייבן אַליין אין געוועלב און דערמיט אויסהעלפֿן איר מאַן אין זיין טעטיקייט לטובת הכלל, וואָס ער האָט געטון מיט אמתער יידישער התלהבות און אייפֿער. ער האָט אויף זיינע פּלייצעס געטראָגן די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג אין שטאָט, געזען אין דעם אַ הייליקע אויפֿגאַבע און דערוואָרבן אָנהענגער פֿונעם נאַצ־יאָנאַלן געדאַנק אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך צו יעדן באַ־צויגן מיט דער גרעסטער אַכטונג, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אין אַפֿילו אין מאָמענטן פֿון אויפֿרעגונג האָט ער נישט אָנ־גערירט קיינעמס כבוד. ווייל ר' ישעיהו איז געווען אַ מענטש מלא שלימות אין נוסח פֿון טוב לב שזה שקול כנגד הכל.

ווען ער איז עולה געווען מיט זיין פֿאַמיליע קיין ארץ־ישראל, האָט די שטאָט פֿאַרלוירן איינעם פֿון די איבער־געגעבנסטע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים. אין לאַנד פֿון זיינע טרוימען האָט ער אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה. תנצב"ה.

תבדל"א זיין הויך־געשעצטע פֿרוי און חברטע פֿון לעבן און אידעאַל האָט געשאַפֿן אַרום זיך און אין איר הויז מיט אירע איידעלע און סובטעלע אייגנשאַפֿטן אַן אַטמאָספֿער פֿון פֿריינדשאַפֿט און דרך־ארץ. זי האָט אינספּירירט די צוזאַמענ־טרעפֿן אין זייער וווינונג פֿון יונגע מענטשן פֿון פֿאַרשידענע פּאָליטישע שאַטירונגען. דאָ האָט מען אַרומגערעדט און גע־פֿירט אַ מיינונגס־אויסטויש וועגן פֿאַרשידענע קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונגען אין יידישן לעבן.

זייער הויז האָט געדינט אַלס ביישפּיל פֿון אַ מוסטער־האַפֿטן יידישן פֿאַמיליע־לעבן, ווו די אידעאַלן פֿון אינטעג־ראַלער יידישקייט און די אָפּפֿערוויליקייט לטובת הכלל האָבן שטענדיק אָפּגערוקט אין אַ זייט יעטוועדע זאָרג פֿון פּער־זענלעכן וווילשטאַנד.

**ירחמיאל גרינשפּאַן**



## אחי ישעיהו ז״ל

אחי המנוח, לפי שהכרתיו אז, בזמן שחיינו בצוותא בחיק משפחתנו — עלי לציין כי בתכונותיו היה דומה לאבא ז״ל וירש ממנו את הקוים העקריים מאופיו.

טוב היה בטבעו ומוכן בכל הזדמנות לבוא לעזרת האדם הסובל והנענה. מטבעו איש ציבור ועסקן. כמה שנים אחרי חתונתו ובשל אי־הצלחתו בעסקיו בעיר מולדתו אוסטרולנקה, עבר לגור בפולטוסק ושם פתח חנות לספרים וצרכי־כתיבה. התעסקותו בחנות הספרים הביאה אותו ליחסים הדוקים עם סוגי אנשי ההשכלה בעיר זו. החנות וביתו היוו מרכז לפגי־שות נוער המשכילים. מדי פעם בפעם היו מתאספים, דנים ומתווכחים על כל מיני בעיות ושאלות שעמדו אז ברומו של העולם.

בשנת 1912 הייתי נער בן 15 ונשלחתי על־ידי הורי לפולטוסק ללמוד ולהתכונן לגמנסיה. הגמנסיה היתה רק לבנים ורוב התלמידים היהודים היו מערי מרכז רוסיה. רוב רובם של יהודי פולטוסק היו חסידים ואדוקים מאד ונמנעו לשלוח את בניהם לגמנסיה. הנוער הלומד הזה היה גורם תוסס ומשפיע על הנוער שבאו מבתי החסידים, אשר נמשכו להשכלה ובחדרי התלמידים התרכזו בחורי הישיבות ולומדי התורה, כדי ללמוד לימודים כלליים. בימים ההם הנוער טרם חלם על מועדונים כמקום מפגש ובלוי ובית אחי שימש למרכז, שם התאספו בחורי הישיבות עם תלמידי הגמנסיה.

הליכותיו התנהלו בחום ובערנות רבה ובימים ההם הנצו הניצנים הראשונים של ארגון ציונית בעיר ובין בני הנוער במיוחד. מצב היהודים בפולניה היה בכל רע.

השנאה ליהודים, שהיתה קיימת בעם הפולני אף בימים כתקונם, מצאה לה פורקן והשתפכה כלבה מהר געש שוטפת וגומרת בכל משכנות היהודים. הסיסמה הידועה: „עזבו את פולניה ולכו לכם לפלשתינה״ („זשידזשי דאָ פּאַלעסטינא״) נשמעה ונזרקת בפני היהודים בכל הזדמנות.

הנוער היהודי הרגיש ביותר את העלבון במצב זה, כי נסתמו בפניו כל העמדות שיוכל להאחז בהן. העתיד היה מאד קודר וההוה מר שבעתיים. לא פלא שבתנאי מצוקה כאלה התפשטה הציונות בכל שכבות הנוער והעם והשאלה „לאן״ נסרה בחלל מגוריהם. פעילי הנוער החלו להפיץ ספרות ציונית, מכרו שקלים לקונגרס הציוני, בולים ועסקו בשקידה באסוף כספים לטובת הקרן הקימת. פעולה זו נעשתה בסתר ובתנאי מחתרת — משני טעמים: השלטון הרוסי אסר כל ארגון ופעולה צבורית בשטח זה והנתפס ב„פשע״ זה עלול היה להאסר ולקבל עונש גדול. ושנית: הכרחי היה להסתיר את הפעולה הציונית גם מעיני ההורים, כי התנגדו לתנועה זו.

אחי ישעיהו הטיל על עצמו איצטלה זו ובלי הרף עבד ופעל בשטח זה בכל מרצו וחום נפשו. בידים נאמנות זרע את הזרעים הראשונים כדי להניח את היסוד לארגון אגודה ציונית בפולטוסק, והרבה כוחות השקיע בידו להפיץ את הרעיון הציוני הנשגב ולהגשימו בפועל ממש — לקום ולעלות לארץ.

עולה בזכרוני מקרה אחד מאלף מנבכי העבר הרחוק. אבי ז״ל היה מחסידי גור וישעיהו ז״ל בחור כבן 18, היה משכיל ומציץ כבר בצנעא ובהסתר בספרים חיצוניים ו„אסורים״. הוא וחברו, אביעזר זילקביץ, ישבו בבוקר אחד בשטיבל של חסידי גור ולמדו גמרא בצוותא, ועל הברכים מתחת לספסל החזיקו את הספר „אהבת ציון״ של מאפו. ולפתע ירדו על פניהם סטירות לחי מצלצלות. הם היו כ״כ שקועים בקריאה ונישאו על כנפי הדמיון, הרחק, הרחק, שם בציון, בין כרמיה, הריה ושדותיה, והחלום היה כה נפלא שלא הרגישו בהתגנב מאחוריהם חסיד זקן אחד שנכנס לשטיבל ללמוד דף גמרא. נגש בשקט להציץ, כנראה, איזו מסכת כה מושכת אותם, וכשהבחין את הספר הפסול הנחית עליהם את מכתו בלי אומר ודברים. העלבון היה גדול ונוקב, אולם הסטירה היתה מבחינת הניצוץ שהדליק את המוח והלב לרעיון הציוני.

כל חייו בגולה הקדיש למען רכוש נפשות לתנועה ואסוף כספים לקרנות הציוניות, להשתתף בכל כוחותיו להשיג רשיו־נות עליה לחלוצי העיר, לא חשך כל מאמץ להשיג הישגים מרשימים בכל פעולותיו וגם בעצמו התכונן לעלות ציונה (לא קלה היתה העליה לארץ בימים ההם). בזמן השלטון המנדטורי לגמרי לא קל היה הדבר, עקב ההגבלות המרובות והיה צריך לנקוט בתחבולות שונות כדי לעקוף את האיסורים של שלטון הרשע.

באחד הימים החליט אחי שהגיע „עת לעשות״... חסל את עסקו ועלה ארצה יחד עם אשתו, שתי בנותיו ובנו. בארץ שרר משבר גדול וחוסר עבודה, ולא היה לו במה להאחז וקשה היתה הפרנסה כקריעת ים סוף. אחרי הרבה לבטים וטרדות מרובות החליט לחזור לעסקו הקודם ופתח חנות ספרים ומכ־שירי־כתיבה בתל־אביב ולאט לאט הצליח לכונן לו פרנסה ולמצוא את לחמו בכבוד.

כמה מאושר היה על שזכה עוד לראות את ראשית צמיחת המדינה היהודית, וההכרזה על יסוד המדינה עודדה ושלהבה אותו, עת שכבו על ערש דוי.

יהא זכרו ברוך לעולם, יצרור בצרור החיים וממשיכי דרכו.

**אביעזר דרורי—קופרמינץ**
כפר יחזקאל

# מפלגות וארגונים

# פארטייען און ארגאניזאציעס

## ערשטער אויפשפראץ פון ציוניזם אין פולטוסק

דאָס איז געווען נאָכן 6—5טן יאָר. דער ציוניזם אין רוסלאַנד איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. די רוסישע זשאַנדאַרמעריע האָט גערודפט עד חרמה יעדע אָרגאַניזירונג, וואָס האָט פּאַר זיי געשמעקט מיט רעוואָלוציע און אויפשטאַנד קעגן צאַר.

אין יאָר 1912, זייענדיק אין וואַרשע, האָב איך זיך געשטעלט אין ענגער פאַרבינדונג מיט יצחק גרינבוים און אַנדערע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן (גרינבוים איז דאַן געווען דער פירער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס האָבן נאָך געפירט אַן אומלעגאַלע טעטיקייט), בכדי אָנצוהויבן אַ ציוניסטישע טעטיקייט אין פולטוסק.

### די „פאַרזאַמלונג" אויף אַ בוידעם...

אונדזער ערשטע ציוניסטישע אַרבעט איז געווען: רופן אַ פאַרזאַמלונג, אָננעמענדיק דערביי אויסערגעוויינלעכע זיכערהייטס־מיטלען. אין אַ געוויסן זומערדיקן אָוונט, זענען זיך צונויפגעקומען ביי אַ 13—12 מאַן. צווישן זיי: העניך אָטערמאַן (דעם רבס זון), שיינמאַן, זיין ייִנגערער ברודער, מאיר ליפסקער (זלמן דעם שוחטס), איך א"אַנד, וועלכע איך געדענק נישט גענוי זייערע נעמען. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אויף אַ בוידעם, וואָס האָט געהערט צו מיין טאַטנס אייגן הויז, ר' הערשל זילבערמאַן ז"ל — עטלעכע טעג פאַר יום כיפור אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון אונדזערע מענטשן אַרום הויז. מיר האָבן אָנגעצונדן ליכט, געמאַכט אַן אזכרה ד"ר הערצלען, געזאָגט „קדיש", דערנאָך: אויפגעהויבן אַ ווייס־בלויע פאָן, אָפּגעזונגען „התקווה" און מיט טרערן אין די אויגן געשווירן צו זיין געטרייע ציוניסטן: „מי ברכב, מי ברגל — נעלה לארצנו". דערנאָך האָבן די פאַרזאַמלטע גערעדט איבער דער אומגעהויערער באַדייטונג און חשיבות פון דעם דאָזיקן מאָמענט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער ציוניזם אין פולטוסק.

### די „קערה"...

ביי דער גאַנצער טריף־פּסולקייט פון ציוניזם ביי די רוסישע מאַכט־אָרגאַנען, איז דער איינציקער „הכשר" געווען: די קערה ערב יום־כיפור, ווו עס איז געזאַמלט געוואָרן געלט פאַר ציוניסטישע צוועקן. די קערה מיט דער אויפשריפט: „עובדי אדמה בארץ ישראל" — האָט אַלעמען געצויגן און גערופן. דאָ אָבער האָבן מיר געהאַט דורכצופירן אַ שווערע פאַרביטערטע מלחמה. די פרומע אין שטאָט, איבערהויפּט די גערער חסידים, האָבן אין דעם געזען אַ שטאַרקע אפיקורסות און פריקת עול. די חסידים בכלל, זענען בפירוש געווען קעגן ציוניזם, אין וועלכן זיי האָבן געזען אַן אָפּהאַלט פון דער אמתער גאולה. מיר האָבן געדאַרפט אָרגאַניזירן אַ גרופּע, וועלכע זאָל היטן די „קערה" פאַר אַן איבערפאַל, מען זאָל דאָס געלט נישט צונעמען. די „קערה" איז דעמאָלט געווען דאָס שלאַג־וואָרט פון ציוניזם; די „קערה" אום ערב יום־כיפור איז געווען געוויין און שמחה פאַר ייִדן. יעדער האָט געוואָלט שוין פאָרן קיין ארץ־ישראל און געפרעגט: ווען קאָן מען שוין?! — — דאָס אויפגעזאַמלטע געלט פון דער „קערה" פלעגן מיר אָפּשיקן אין דער צענטראַלע אין אָדעס, ווו עס האָט דעמאָלט פיגורירט בראש פון ציוניזם מנחם מענדל אוסישקין.

### נאָך אונדזער „אָפיציעלער דעקלעראַציע"...

עס איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז נאָך אונדזער אויבן דערמאָנטער „אָפיציעלער דעקלעראַציע" וועגן התחלתה דציוניזם אין פולטוסק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס געפינען זיך גאָר אַ סך ציוניסטיש־געשטימטע אין אונדזער שטאָט, וועלכע זענען ביז איצט געווען נסתרים, ל"ר־ציוניסטן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו קומען אפילו פון די סאַמע שטרענג־חסידישע קרייזן. מיר האָבן מיט דער צייט אָנגעהויבן פירן אַן אינטענסיווע טעטיקייט ווי אויך אַן אָרגאַניזירונגס־אַרבעט אין די

שטעטלעך אַרום פּולטוסק. דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, מיט דער באַפולמעכטיקונג פון דער צענטראַלער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע אין וואַרשע, וועלכע איז געשטאַנען מיט אונדז די גאַנצע צייט אין אַן ענגער פאַרבינדונג.

די ציוניסטישע אַקציעס זענען אַריין אין ברען, ווי: דער פאַרקויף פון די ק״ק־מאַרקעס; מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן די „קאָפּיקע־ביבליאָטעק״, וואָס די חברה „להפצת עבודת האדמה בא״י״ האָט אַרויסגעגעבן מיט אוסיש־קינען בראש (מיט אוסישקינען אין אָדעס זענען מיר געווען פאַרבונדן שריפטלעך און מיט גרינבוימען אין וואַרשע — פּערזענלעך); אָרגאַניזירט רעפעראַטן און פאָרלעזונגען איבערן מהות פון ציוניסטישן געדאַנק סיי אין שטאָט, סיי אין דער אַרומיקער געגנט. מיר האָבן שוין געהאַט אַן אייגענעם שטעמפּל און געשטרעבט אויך צו אַן אייגענעם ווינקל. צוויי זאַכן, געדענק איך, האָבן מיר אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי דברים שבקדושה: די פאָן און דעם שטעמפּל. דירעקטיוון פלעגן מיר באַקומען פון די „העכערע״ מקומות, ווי אויך פאַרשידענע אַגיטאַציע מאַטעריאַלן און דווקא אויף אַ לעגאַלן אופן. אַ קוריאָז דערביי: די זשאַנדאַרמעריע האָט מיך איינ־מאָל גערופן מיט דער טענה, וואָס אויף דער פּאָסט האָבן זיי געפונען אַגיטאַציע־מאַטעריאַלן אויף מיין פּריוואַטן אַדרעס. ווען איך האָב זיי דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס מאַטעריאַל איז לעגאַל, האָט דער נאַטשאַלניק געענטפערט: „אויב דעם צאַר איז דאָס ליב — איז עס מיר ניחא״.

**שהחיינו...**

אַזוי איז אויסגעפאַלן דער ערשטער זון־אויפגאַנג פון ציוניזם אין פּולטוסק. ביסלעכווייז האָבן זיינע „שטראַלן״ אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין יעדן ציוניזם־שטרעבנדיקן און איז געוואָרן מיט דער צייט אַ לעבעדיקער פאַקטאָר, געצויגן דעם זכות־קיום ביז צו די יאָרן פון דער צייטווייליקער אטראָפּירונג, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין יעדער קולטור־רעלער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, צוליב דעם אַלגעמיינעם קולטורעלן און עקאָנאָמישן מצב אין שטאָט.

צום סוף דאַרף מיט שטאָלץ דערמאָנט ווערן, אַז די אַלע ערשטע און אויך שפּעטערדיקע ציוניסטישע אַרבעטן און פּרוון, וועלכע האָבן שטאַרק מצליח געווען אין שטאָט — זענען געמאַכט געוואָרן, טיילמאָל מיט דער הויפּט־איניציאַטיווי און טיילמאָל מיט דער אומבאַשרייבלעכער מסירת־נפשדיקער מיטהילף פון די 2 ליכטיקע ציוניסטישע געשטאַלטן אין פּולטוסק: ישעיהו און מלכה קופּערמינץ, וועלכע האָבן פון די סאַמע ערשטע געמאַכט „שהחיינו״ איבער דעם ציוניסטישן אָנקום און אויפבלי, און זייער פּריוואַט־שטוב איז דעמאָלט געווען, די הויפּט נעסט פאַרן פּולטוסקער ציוניזם.

אויפגענומען ביי **דב זילבערמאַן**

יהושע ליכטנשטיין

# די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין די יאָרן 1929-1939

דאָס איז געווען אין סוף פון די 20ער יאָרן, ווען פּולטוסק האָט זיך נאָך אַ לאַנגן קולטורעלן פּאָליטישן שלאָף אויפ־געכאַפּט. יעדע אָרגאַניזאַציע אָדער פּאַרטיי האָט גענומען אויפוואַכן און זיך אָנגעהויבן צו רעאָרגאַניזירן. דאָס אייגענע איז אויך געשען מיט אונדזער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אויפגעשטאַנען אין יאָר 1929 צו אַ באַנייט לעבן און אויפגעפרישטע טעטיקייטן.

מיט דער מיטהילף פון די ח״ח ישעיהו קופּערמינץ, ד״ר ניסניעוויטש, אביגדור ענגעלמאַן, שמואל ישמח, בורשטיין, יהודה־לייב פּיעקאַזש, משה רינג, אברהם גוזשיק, מענדל פּראַגער, פּרוי שטיינבערג (היינט אין חיפה), רוזשאַ דאַן, יעקב יאַבלאָנקאַ און דער שרייבער פון די שורות — ווערט אין 1929 די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע רעאָרגאַניזירט. אויף דער 3טער מאַי־גאַס (אין כרמלהס הויז) דינגען מיר אַ לאָקאַל,

וועלכער ווערט איבערגעבויט פון די פריערדיקע 3 קליינע צימערן אויף איין גרויסן זאַל מיט אַ סעקרעטאַריאַט און מיר טרעטן גלייך צו צו אַ פאַרצווייגטער און אינטענסיווער אַרבעט.

אַחוץ די ריין־ציוניסטישע, נעמען מיר איבער מיט דער צייט כמעט די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין שטאָט. אין דער יידישער גמינע, אין וועלכער מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין פאַרטרעטערשאַפט — פירן מיר אַריין דריי פון אונדזערע חברים: ד״ר ניסניעוויטש, ד״ר דעליקטיש און יעקב יאַבלאָנקאַ. אויך צום שטאָטראַט גייען מיר מיט אַן אייגענער רשימה און פירן אַריין עטלעכע לאַוניקעס.

## „קרן קיימת״ און „החלוץ הכלל״

אויך אויפן געביט פון „קרן קיימת לישראל״, מאַכן מיר זייער גרויסע פאַרשריטן. עס ווערט געפירט אַ פּרוכטבאַרע טעטיקייט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ישעיהו קופּער־מינץ אַלס מורשה און יהושע ליכטנשטיין אַלס וויצע־מורשה, פאַרנעמענדיק דערביי דעם ערשטן אָרט צווישן די ציוניסטישע קערפּערשאַפטן אויפן פּלאַץ ווי אויך אין די אַרומיקע שטעט־לעך. עס ווערן איינגעאָרדנט גרויסע באַזאַרן פאַר ארץ־ישראל, מיר דינגען אָפּ דעם „זגאַדאַ״ קינאָ, לאָזן אויפן עקראַן יידישע פילמען און די איינקונפטן „גייען״ פאַרן „קרן־קיימת״.

אין דער זעלבער צייט גרינדעט זיך דער „החלוץ הכלל״ מיט דער אָנפירונג פון די ח״ח אביגדור ענגעלמאַן, יהודה־לייב פּיעקאַזש, יהושע ליכטנשטיין א״א. חברים ווערן אַרויס־געשיקט אויף הכשרה: קיין מיעכאָוו און אין נאָך אַנדערע שטעטלעך. אַ דאַנק אונדזער אינטענסיווער אַרבעט געלינגט אונדז אַפּצושיקן, אין משך פון אַ פּאָר יאָר, אַ געוויסע צאָל חברים און חברטעס קיין א״י, ווו זיי געפינען זיך ביזן הייניקן טאָג ווי: שלום כץ און פרוי (פון דער היים: פרידלאַנד), יעקב פלודאַ, ברכה (פון דער היים: מאַירסדאָרף), צפּורה עלקעס און אַנדערע. איבער 30 פּערזאָן, בערך, פון די הכשרה־גרופּעס לעבן היינט אין ישראל.

## חוג הנוער הציוני

מיט דער צייט גרופּירן מיר אַרום זיך אויך די לערן־יוגנט פון די שולן און גימנאַזיעס, יוגנטלעכע פון 16—18 יאָר, וועלכע זענען גאַנץ ווייט פון ציוניסטישן געדאַנק, ווערן אַריינ־געצויגן אין אונדזערע רייען. מיר האַלטן פאַר זיי פאַרטראַגן, צוויי מאָל אין דער וואָך. די אַרבעט מיט זיי פירן אָן די חברים אברהם ווינאַגראַן און יהושע ליכטנשטיין, ווי אויך פאַרשטייער פון „השומר הצעיר״.

פון דער דאָזיקער יוגנט געפינען זיך היינט אין ישראל טריינע באַרנשטיין, גניע פּרוכטנבוים א״א.

## אונדזער קולטורעלע אַרבעט

צוזאַמען מיט דעם גייען אויך אָן מיט הצלחה אונדזערע קולטורעלע אַרבעטן. יעדן פּרייטיק צו נאַכט ווערט איינ־געאָרדנט אַ קעסטל־אָוונט, ווו עס באַטייליקט זיך די מערהייט פון דער פּולטוסקער יוגנט. עס פּלעגן צו אונדז קומען אפילו קאָמוניסטן. כמעט יעדן שבת ביי טאָג זענען אַראָפּגעקומען באַקאַנטע פּרעלעגענטן פון וואַרשע ווי: ד״ר שיפּער, ז. סעגאַ־לאָוויטש א״א און האַלטן רעפעראַטן איבער פאַרשידענע טעמעס, קולטורעלע און פּאָליטישע. אַחוץ דעם זענען יעדן שבת צו נאַכט אָרגאַניזירט געוואָרן טאַנץ־אָוונטן, פאַרשי־דענע פּאַנדן אד״ג. מיר פּלעגן אויך איינאָרדענען טעאַטער־אָוונטן, אַראָפּברענגען יידישע אַרטיסטן ווי: יאַסעלע קאַלאַדני, מאָריס לאַמפּע א״א. די פאַרשטעלונגען זענען געגאַנגען אונטער דער לעגאַליזאַציע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויך זענען אויסגעפירט געוואָרן פאַרשידענע רעציטאַציע־אָוונטן.

אגב: די „מזרחי״, וועלכע האָט קיין אייגענעם לאָקאַל נישט געהאַט, פּלעגט זיך באַנוצן פאַר אירע טעטיקייטן מיט אונדזער זאַל. אויף אַזאַ אופן זענען זיי אויטאָמאַטיש אַריין אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

## קרן היסוד

די אַרבעט פון „קרן היסוד״ איז אָנגעפירט געוואָרן כמעט אויסשליסלעך דורך דער ציונ. אָרגאַניזאַציע מיטן אַקטיוון אָנטייל פון די חברים יצחק פרידלאַנד, ישעיהו קופּערמינץ, יעקב פּרוכטבוים, דב לאַנדאו, שמואל ישמח, יהושע ליכטנ־שטיין, יהודה פּיעקאַזש, משה שאַך, ד״ר ניסניעוויטש, שלמה ווישניעוויטש און אַנד׳. די דאָזיקע אַרבעט איז געפירט געוואָרן גאָר אינטענסיוו און די פּולטוסקער יידן האָבן געגעבן מיט אַ ברייטע האַנט. ס׳איז באַזונדער צו פאַרצייכענען דעם חבר זילבערשטיין, ברוך־שמחה פּרוכטנבוימס איידעם, וועלכער פּלעגט מנדב זיין ביד רחבה; שטענדיק געבן פיל מער וויפל מ׳האָט פון אים געפאָדערט, אַרויסווייזנדיק דערביי זיין פולע פּערזענלעכע סאַטיספאַקציע.

פון די אַלע אויבן דערמאָנטע אַקטיוויסטן און איבערגעגעבענע פון דער אַלגעמ. ציונ. אָרגאַניזאַציע אין פּולטוסק. אין משך פון די לעצטע צען יאָר — איז אַ חוץ, וואָס מען דאַרף באַזונדער אונטערשטרייכן די טעטיקייט פון דער גרויסער ציוניסטישער פּערזענלעכקייט ווי ס׳איז געווען ישעיהו קופּער־מינץ ז״ל (אַריינגענומענדיק אין דעם זיין איידעלע פרוי מלכה, שתבדל״א, וואָס איר האַרץ האָט דאַן מיטגעקלאַפּט מיט יעדע ציוניסטישע טוונג אין שטאָט — לעבט איצט אין ישראל) — דאַרפן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די איבערגעגעבענע אַרבעטן

פון די איבעריקע אַקטיוויסטן פון דער ציונ. אָרגאַניזאַציע ווי: אברהם ווינאַגראַן, אברהם גוזשיק, שמואל פרידמאַן, גרשון וויגאַדאַ, יאָספּע מאירסדאָרף, סעקרעטאַר מרדכי שטערן, צוועטל סקאַלאַ, ישראל זלמן צינאַמאַן, סעקרעטאַרין באַשע ליכטנשטיין (פון דער היים: פּיליאַר), דב לאנדאו א״א, וועלכע האָבן געגעבן זייער ערלעכןביישטייער צום קיום פון דער אָרגאַניזאַציע ביז צו דער היטלער־תקופה.

אַ טייל פון די אויבן דערמאָנטע געפינען זיך היינט אין ישראל, די איבעריקע — אַ טייל נפטר געוואָרן און אַ טייל — אומגעקומען פון די נאַצישע רוצחים ימ״ש. הי״ד.

~~~

## א מעשה מיט א דרינגענדיקער זיצונג אין לאקאל פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע...

### (עפּיזאָד)

ווען יצחק גרינבוים האָט ביי די לעצטע סיים־וואַלן פאַראָרגנט פּלעביסציט־וואַלן, האָט מיט אַ צוויי וואָכן פריער, געדענק איך, ס׳איז געווען אום ווינטער־צייט, אַ שבת צו נאַכט, ווען יידן פלעגן אויפ־מאַכן די געשעפטן, צו כאַפּן אַ שטיקל פּדיון אויף אַ „פולער וואָך" — זיך פלוצעם באַוויזן אין אונדזער מאַניפאַקטור־געשעפט דער „קאָננער" פּאָליציאַנט (רייט־פּאָליציאַנט), וועלכער איז געווען אַ שם־דבר אין שטאָט, מיט די גרויסע געלע וואָנסעס, גלאַנציקע שטיוול און אַ ביקס אויף דער פלייצע און מעלדעט, אַז איך און די גאַנצע ציוניסטישע פאַרוואַלטונג ווערן גערופן צו אַן אויסנאַם־זיצונג אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ווען איך פרעג אים: „ווער האָט דיך געשיקט מיך רופן?" ענטפערט ער: „דאָס איז נישט דיין זאַך, וועסט שוין אַלץ וויסן, ווען דו וועסט קומען צו דער זיצונג, וועלכע קומט היינט פאַר, 8 אָוונט.

איך לויף גלייך אַריין צו ישעיהו קופּערמינץ און פרעג אים, וואָס זאָל דאָס באַטייטן? ענטפערט ער, אַז מ׳האָט אים אויך וועגן דעם געמאָלדן.

דער טאַטע מיינער, הערנדיק אַז די פּאָליציי רופט מיך, האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און זאָגט מיר אָן, איך זאָל זיך, חלילה, נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט פאַרן קאָמענדאַנט. וואָס נאָר מ׳וועט פון מיר וועלן, זאָל איך טאָן.

פונקט 8 אַזייגער, ווען איך קום אַרויף אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, טרעף איך דאָרט דעם סטאַראָסטע, וויצע־סטאַראָסטע, קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי און אַ דעליגאַט, וואָס איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע.

דער דעליגאַט דערקלערט: אַזוי ווי אַלע יידן זענען אין בלאָק פון דער סענאַציע (פּילסודסקי), אַחוץ גרינבוים, וועלכער „לויפט" אינדיווידועל און אַזוי ווי פּילטוסקער—מלאַווער קרייז האָט נישט קיין שום אויסזיכטן, אַז די יידן זאָלן זיין ביכולת דורכצופירן אַ מאַנדאַט — בכן פאָרלאַנגט ער פון אונדז, אַז מיר זאָלן נישט שטימען פאַר גרינבוימען, נאָר פאַר דער סענאַציע.

דאַן רופט זיך אָפּ דער קאָמענדאַנט: ווען מיר וועלן שטימען פאַר פּילסודסקען, וועלן מיר דערפאַר באַקומען אַ גרויסן זאַל מיט אַ סך שטיצע און ער, אַלס קאָמענדאַנט, וועט אַוועקקוקן אין אַ זייט און יידן וועלן קאָנען לייזן געלט, זונטיק, הינטן אַרום...

ווען דער שרייבער פון די שורות פרעגט אים, פאַר וואָס האָט ער זיך נישט געוואָנדן צו אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט — דאַן הייסט ער מיך גלייך אַרעסטירן און זיץ איבער די גאַנצע נאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געפאָלגט די אינסטרוקציעס פונעם וואַרש. צענטראַל־קאָמיטעט און אין טאָג פון די וואַלן זענען אַרעס־טירט געוואָרן: ישעיהו קופּערמינץ, אברהם גרשון וויגאדא און אַנדערע.

**יהושע ליכטנשטיין**

★

ORGANIZACJA SJONISTYCZNA W PUŁTUSKU.

**W sobotę dnia 29 sierpnia 1931 r. o godz. 9 wieczór**

**Z INTENCJI OTWARCIA NOWEGO LOKALU PRZY UL. 3-go MAJA 11**

odbędzie się

**WIELKI WIECZÓR LITERACKO-MUZYCZNY**

**חנוכת=הבית**

z następującym programem **(Chanukas habais).**

1. Otwarcie przez prezesa organizacji.
2. Odśpiewanie hymnu przez chór pod kierownictwem p. Guzika, tekst Pragera, muzyka D. Aronowicza.
3. Powitanie miejscowych organizacyj.
4. Referat delegata C. K. Organizacji Sjonistycznej Dr. Klejnbauma w Warszawie.
5. Występ studenta Konserwatorjum Warszawskiego p. Dana Arnowicza, który odśpiewa szereg najnowszych pieśni.
6. Najnowsze tańce przy dźwiękach i reflektorach orkiestry jazzbandowej
7. KONKURS TANGA.
8. LOTERJA AMERYKAŃSKA
9. POCZTA FRANCUSKA.

Bufet obficie zaopatrzony. Wstęp 1 zł. i 1.50 gr. Szatnia na miejscu. Koniec o świcie.

כרזה על נשף ספרותי־מוזיקלי גדול שאורגן ע״י ההסתדרות הציונית לרגל עברתה לאולם חדש ב־1931.

אַ פלאַקאַט וועגן אַ גרויסן ליטעראַרישן־מוזיקאַלישן אָוונט, איינגעאָרדנט דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו איר איבערגיין אין אַ נייעם לאָקאַל אין יאָר 1931.
~~~



יום סרט לטובת קרן הקיימת — אַ בלימל־טאָג פאַרן קרן הקיימת (עם י. קופרמינץ במרכז)




קבוץ „גרוכוב" המאוחד, פלוגה בפולטוסק — קיבוץ הכשרה של החלוץ הכללי (עם י. קופערמינץ במרכז)



קאָמיטעט פון קרן־קיימת: אויפנאַמע לכבוד דעם ח׳ ביאַלאָפּאָלסקי (3טער פון רעכטס, 2טע שורה) מיט ישעיהו קופּערמינץ (ערשטער פון רעכטס, די זעלבע שורה) א״א

**במסיבת קרן הקיימת, 1932, עם:**
ישעיהו קופרמינץ (מורשה של ק״ק), יהושע ליכטנשטיין (סגן מורשה) וחברי הועד:
יהודה פיעקארז׳, משה גולומב, אברהם גח׳יק, יצחק דון, מרדכי שטרן ואחרים.



**די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, 1935 מיט די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער:**
אברהם ווינאָגראָן, אביגדור ענגעלמאַן, אברהם גוזשיק א״א
(דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן אין גאָרטן פון ד״ר ניסניעוויטשעס הויז)



**בזר של קק״ל — באַזאַר פון קרן הקיימת**
מיט: מלכה קופערמינץ, רבקה קופערמינץ, פרוי ד״ר ניסעניעוויטש, יהודה פיעקאַז׳ א. גוזשיק,
פייוול ארפה, משה גאַלאָמב א״א



**יום סרט קק״ל**

מיט (פון לינקס, אין דער מיטלסטער זיצנדיקער שורה): טערעזא זילבערמאַן, אביגדור קופערמינץ, רויזע קראַנזשעק (שטעטין), קאַזאָווסקי, טאָכטער און זון פון לייבקע קלעזמער א״א; מיעטעק זילבערמאַן (דער 4טער פון רעכטס, אין דער זיצנדיקער שורה אויף דער ערד) א״א.




באַזאַר קאָמיטעט ביי קק״ל מיט רוזשה דאַן, (אין דער 2־טע שורה אין מיטן)

# אין יענער תקופה

די ערשטע באַגעגעניש מיט ד״ר ניסניעוויטש אין דער וווינונג פון לייביש דאַן, דערמאָנט גלייך יענע תקופה פון דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פולטוסק, וועלכע האָט מיט נייע אויפגעפרישטע כוחות אָנגעהויבן מיט גרויס הצלחה איר טעטיקייט.

די נעמען פון די דעמאָלט־אַנפירנדיקע ציוניסטישע פּער־זענלעכקייטן, די טייערע פלאַם־פייערדיקע יידן און בלב־ונפשדיקע ציון־קעמפער און טוער ווי: ישעיהו קופּערמינץ, יהודה־לייב פּיעקאַרזש, שמואל ישמח און אַנדערע — וועלן אייביק לעבן און לייכטן אין די הערצער פון דער ציוניסטי־שער פולטוסקער שארית הפליטה אין מדינת ישראל און אין גאַר דער וועלט.

ווען איך האָב אויבן דערמאָנט די משפחה דאַן, מוז מען מיט אַ באַזונדער חשיבות דערמאָנען די פרוי רוזשאַ דאַן ע״ה, וועלכע איז געשטאַנען בראש פון קרן הקיימת ביז 1939. די איבערגעגעבנקייט פון דער דאָזיקער פרוי איז נישט געווען אָפּצושאַצן און אומגעוויינלעך איז געווען איר התלהבות פון יעדער טעטיקייט אויפן ציוניסטישן געביט.

אויך איז צו דערמאָנען לשבח גדול דעם פּאַטראָנאַט פון פּאַרטרעטער פון פאַרשידענע ציוניסטישע ריכטונגען, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען: די אַנטוויקלונג פון דער חלוצישער באַוועגונג.

אויך דאַרף מען אונטערשטרייכן די טעטיקייט פון דער גרופּע חברים, וועלכע זענען געווען פאַרטרעטן אין קרן היסוד און געגרינדעט די דאָזיקע חשובע ציוניסטישע אינסטיטוציע ווי: יהודה־לייב פּיעקאַרזש, אליהו גרינבערג און אַנדערע; די אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן געשאַפן אַ קינדער־גאָרטן ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וווּ אין דער שפּיץ איז געשטאַנען די באַרימטע גננת רבקה, אַ טאָכטער פון ישעיהו קופּערמינץ, וועלכע האָט מיט אומבאַשרייבלעכער געטריי־שאַפט זיך געווידמעט פאַר דער דערציִונג פון די דאָזיקע קינדער. איר מסירת נפש איז געווען אַ שם־דבר אין שטאָט.



גן ילדים עברי עם הגננת רבקה קופרמינץ
העברעישער קינדער גאָרטן מיט דער פרעבליסטין רבקה קופּערמינץ



בית הספר העברי „יבנה" עם המורה ב. צ. פרגר
העברעישע „יבנה"־שול מיטן לערער ב. צ. פראַגער

און זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן די „יבנה"־שול מיט דעם חשובן חבר אליהו גרינבערג, די חברים פיאַנטניצע און פראַגער אַלס לערער, ח' זוטא (פון לובלין) מיט דעם חבר סלאָוואָקאָווסקי (פון פשעדבארזש); די דאָזיקע טוערס האָבן אָוועקגעשטעלט די שול אויף אַ הויכן ניוואָ און אַ דאַנק זיי האָט זי זיך מוסטערהאַפט אַנטוויקלט.

אויך איז נישט צו פאַרגעסן דעם קרן־קיימת־„מנין", וועלכער האָט געדינט אַלס צוגרייטונג פאַר אַן עליה קיין „ארץ". ווען נישט דער היטלעריסטישער שטורעם, וואָלטן פיל פּלוטסקער פאַמיליעס געלעבט היינט אין דער יידישער מדינה. כדאי דאָ צו דערמאָנען אַז ווען די נאַצי־מאַכט האָט אין 1938 אַרויסגעטריבן די יידן, פּוילישע בירגער פון דייטש־לאַנד קיין זבאָנשין, האָט דער קרן־קיימת־„מנין" געשאַפן פאַר זיי אַזאַ הילפס־סומע, וואָס די גאַנצע שטאָט האָט נישט באַוויזן צו זאַמלען. ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אין די ראַמען פון דעם דאָזיקן אַרטיקל די פיל אַנדערע אַקציעס פון גרויסן ווערט, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעפירט אין שטאָט.

אין יאָר 1939, פאַר פסח, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט מיטן שטאָט־רב הרב לעווינטאַל און מיט דער איניציאַטיוו פון די חברים פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, צו שאַפן אַ פסחדיקע קיך פאַר די יידישע מאָביליזירטע זעלנער אינעם פּוילישן מיליטער (פּוילן האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן צוגרייטן צום קריג...) ווי אימפּאָזאַנט און פייערלעך עס איז צוגעגאַנגען דער סדר פאַר די סאָלדאַטן! מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש איז עס אַלץ געטאָן געוואָרן. דער רב האָט אָפּגעריכט דעם סדר כדין וכדת. אין קאָמיטעט זענען געווען פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון שטאָט.

ווען איך דערמאָן דאָ דעם שטאָט־רב, איז אוממעגלעך נישט צו דערמאָנען דעם זעלטענעם האַרציקן איידעלען מענטשן און ייד, וואָס איז געווען משמש־בקודש ביים רב און געהאַט אַ גרויסע ליבשאַפט צו תלמידי חכמים. דאָס איז געווען ר' מרדכי דירעקטאָר, אַ ייד וואָס איז פול געווען מיט אהבת ישראל, וועלכער האָט געקאָנט מוותר זיין אויף זיין אייגענעם איך און אפילו אויף זיינע פערזענלעכע פאַמיליע־ענינים. עס איז נישט געווען אַפּצושאַצן זיין מסירות. קיינער האָט נישט געוווּסט, אין וויפל שטיבער ער האָט אַריינגעטראָגן וואַרעמקייט און פּראַקטישע הילף. ער האָט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק יעדע זאַך, וואָס האָט געשמעקט מיט ריינקייט און אמת, און געהאַט די פולע פאַרשטענדעניש פאַר דער טעטיקייט פון דער ציוניס־

טישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געשמעקט מיטן ריח פון יידישער גאולה, כאָטש ער אַליין איז קיין ציוניסט נישט געווען. ער האָט געהאַט גרויס כבוד פאַר יעדן ערלעכן עסקן, ווייל אַזוי איז אויך ער געווען.

צום סוף וויל איך דאָ דערמאָנען אונדזער חשובן חבר שלמה ווישניעוויטש, וועלכער האָט אויף אונדז אַלעמען גע־ווירקט מיט זיין האַרציקער פשטות און וועלכער האָט זיין אייגענע וווינונג איבערגעגעבן פאַר ציוניסטישער טעטיקייט, וועלכע האָט געדינט אַלס צענטער פאַר אונדזערע פאַרטייאישע אַרבעטן.

ירחמיאל גרינשפאן

# „אגודת־ישראל"

אַ גרויסן און אָנגעזעענעם אָרט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פולטוסק האָט פאַר־נומען די „אגודת ישראל" אַלס אַ יידישע רעליגיעז־אָרטאָ־דאָקסישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט אַ ספּעציפישן צוגאַנג צו די יידישע אַלגעמיינע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. אין צענטער פון איר טעטיקייט האָט זיך געפונען די יידישע רעליגיעזע דערציִונג אין אַלע אירע פאָרמען. מיט דער הילף און שטיצע פון אָנפירנדיקע אגודישע פערזענלעכקייטן פון דייטשלאַנד האָט די „אגודה" אין פוילן געעפנט לערן־אַנ־שטאַלטן פאַר ייִנגלעך אונטערן נאָמען „חדר יסודי התורה". אויך אין פולטוסק איז געעפנט געוואָרן אַזאַ חדר ווי אויך אַ רעליגיעזע שול פאַר מיידלעך „בית־יעקב". נישט באַקומענדיק קיין שום שטיצע פון די מלוכהשע אָדער מוני־ציפּאַלע אינסטאַנצן האָט די „אגודת ישראל" געמוזט פירן אַ שווערן געראַנגל, כדי אויסצוהאַלטן די דאָזיקע רעליגיעזע דער־ציִונגס־אינסטיטוציעס און איינהאַלטן די שולן אין אַנטשפּרע־כנדיקע סאַניטאַרע באַדינגונגען לויט די פאָדערונגען פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום. דער טאָפּלטער לערער־פּערסאָנאַל, באַזונדער פאַר ייִנגלעך און פאַר מיידלעך און פון דער צווייטער זייט דער נידעריקער שכר־לימוד, וואָס עס האָבן געצאָלט




הועידה המחוזית הראשונה של בנות אגודת ישראל —
די ערשטע קרייז־קאָנפערענץ פון די אגו"י־טעכטער, פולטוסק 1928



יידישע טעכטער־שולע „בית יעקב“

די מיטל פאַרמעגלעכע משפחות און פאָלקס־מענטשן, האָט געפאָדערט עקשנותדיקייט און אויסדויער כדי צו רעאַליזירן און ממשיך זיין דעם רעליגיעזן חינוך.

גלייכצייטיק מיטן חדר „יסודי התורה“ האָט די „אגודה“ געעפנט די מיידל־שול „בית יעקב“, ווי אויך אַ קינדער־גאָרטן פאַר קליינוואַרג פון דריי יאָר אָן. מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער האָט זיך געגרינדעט, אַ דאַנק דעם סטימול פון דער „בית יעקב דערציִונג, די אָרגאַניזאַציע „בנות אגודת ישראל“.

די ערשטע לערערין אין דער „בית יעקב“־שול איז געווען די טאָכטער פונעם באַוווּסטן „אגודה“ עסקן אין שטאָט ר' זיינדל ראָזענבערג ביז זייער אָפּפאָר קיין וואַרשע. מיטן אָנקר־





בנות „אגודת ישראל"

מען פון דער לערערין פרייליין נאַשעלסקאַ, וועלכע איז געווען אַ זייער טאַלענטפולע, ענערגישע און איבערגעגעבענע דערציערין, איז די צאָל שילערינס זייער געשטיגן. פרייליין נאַשעלסקאַ איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס פרוי שענירער און ביז איר פריצייטיקן טויט געווען אין ישראל די הויפּט פּעדאַגאָגישע לייטערין פון אַלע „בית־יעקב"־שולן אין לאַנד. זי האָט געזאָרגט אַז די שול און דער קינדער־גאָרטן אין פּולטוסק זאָלן שטיין אויף אַ געהעריקן ניוואָ און מיט איר אומדערמידלעכער איניציאַטיוו און איבערצייגונג־כוח (זי איז געווען אַ גלענצנדע רעדנערין) האָט זי דערוואָרבן דעם פולן צוטרוי ביי דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג. זי איז געווען די, וועלכע האָט צונויפגעזאַמלט די רעליגיעזע פרויען אין דער שטאָט אין דער אָרגאַניזאַציע „נשי אגודת ישראל", וועלכע האָבן איר צוגעהאָלפן אין דער דערציערישער אַרבעט.

ווי באַוווסט זענען די גערער חסידים געווען אַ מערהייט אין שטאָט און לויטן קול־קורא פונעם גערער רבין הרה"ק ר' אברהם מרדכי אלטער זצ"ל האָבן זיך אַלע אָנגעשלאָסן אין דער „אגודת ישראל". דאָס גערער שטיבל האָט פאַרנומען אַ דירה פון דריי גרויסע צימערן און דאָ זענען פאָרגעקומען די זיצונגען און באַראַטונגען פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט. די „אגודה"־פאָרשטייער זענען געווען די מערהייט אין דער יידישער קהילה אין פּולטוסק און צווישן די יידישע פאָרשטייער אינעם שטאָטראַט און געהאַט די קאָנטראָל איבער אַלע רעליגיעזע אַנשטאַלטן אין דער שטאָט. אין די רייען פון דער „אגודה" האָבן זיך באַטייליקט מענטשן פון אַלע רעליגיעזע שאַטירונגען אין דער שטאָט און אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אַן אַקטיוו פון חסידי גור ווי: ר' איטשע מאיר בוימגאַרטן, דער ראש הקהילה; ר' אברהם חיים בלום, מיטגליד פון ועד הקהילה א"א. זיי זענען אויך געווען די אַגודהשע פאָרשטייער אינעם שטאָטראַט. אָבער די דאָזיקע עלטערע עסקנים האָט געפעלט ענערגיע, איניציאַטיוו און מוט ווי אויך פאַרשטענדעניש פאַר די נייע פאָרמען און לאָזונגען פון דער פאַרטיי. מיט די דאָזיקע מידות און מיט אָן אַ שיעור אידעאַליזם האָט זיך אויסגעצייכנט ר' זיינדל ראָזענבערג, אַן אָטוואָצקער חסיד, אַ שיינער בן־תורה און אַ פיינער בעל־תפילה. ער איז געווען אַ ייד אַ פּיקח, אַ פאָלקס־מענטש. פון פאַך איז ער געווען אַ זייגערמאַכער און געהאַט אַ געשעפט אויף דער שוויענטאַ־יאַנסקא גאַס אין הויז פון די שאַפראַנס, נאָענט צום מאַרק. ר' זיינדל ראָזענבערג איז געווען אַ יידישער עסקן פון אַ הויכן קוואַליטעט, מוטיק, ענערגיש, פול מיט איניציאַטיוו און דער עיקר איבערגעגעבן פאַר דער זאַך, וועלכער ער האָט מקדיש געווען זיין גאַנצע פרייע צייט שלא על מנת לקבל פרס, מקריב געווען זיין פערזענלעכן וווילשטאַנד פאַר די אינטערעסן און צילן פון דער „אגודת ישראל". אַ דאַנק אים זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דער חדר „יסודי התורה" און די מיידל־שול „בית־יעקב". צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן אָבער האָט ער פאַרלאָזט פּולטוסק און די „אגודת ישראל" און צוזאַמען מיט איר די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט האָט

פאַרלאָרן איינעם פון די וויכטיקסטע און פעיִקסטע רעליגיעזע עסקנים.

אויפן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן באַדן האָט די „אגודת ישראל" אין פּולטוסק פאַרנומען אַ צענטראַלן אָרט. אירע פאָרשטייער האָבן זיך געפונען אין אַלע מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס אין שטאָט און אין דער יידישער קהילה און זייערע אינטערווענצן ביי דער מאַכט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג זענען געווען די דערפאָלגרייכסטע. דער כוח פון דער „אגודת ישראל" אין פּולטוסק איז געקומען צום אויס־דרוק בעת די מוניציפּאַלע וואַלן און צו דער יידישער קהילה. אין די דאָזיקע טעג, ווען אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו געווינען דעם צוטרוי פון דעם יידישן וויילער, האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי טיף דער יידישער קיבוץ אין פּולטוסק איז געווען פאַרוואָרצלט און צוגעבונדן צו די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון זייער פאָלק און די „אגודה" האָט שטענדיק באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען.

די אידעאַלן פון דער „אגודה" האָבן געפונען אַן אָפּ־קלאַנג אין די הערצער פונעם יונגן דור אין שטאָט און אַלס באַוויז קען דינען דאָס אַנטשטיין פון דער אָרגאַניזאַציע „צעירי אגודת ישראל", וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו קעמפן פאַר דער רעאַליזירונג פון די פּאַרטיי ־שטרעבונגען און די גרינדונג פון דער „הסתדרות בנות אגודת ישראל". רעליגיעזע געשטימטע מיידלעך, וועלכע זענען געקומען פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, געפירט אַ סעפּעראַטע טעטי־קייט אָבער גלייכצייטיק געשטאַנען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער מוטער־פּאַרטיי די „אגודת־ישראל". זיי האָבן געפירט קורסן פון יידישער טראַדיציאָנעלער דערציִונג, איינגעאָרדנט עפנטלעכע פאַרלעזונגען און דיסקוסיע־אָוונטן מיט דער מיט־הילף פון דער א"ד „בית־יעקב"־לערערין פרייליין נאַשעלסקאַ. אַ וויכטיקן פּלאַץ אין זייער אַרבעט האָט פאַרנומען ארץ־ישראל. פּונקט אַזוי ווי די מיטגלידער פון „פּועלי אגודת ישראל" האָבן זיי געשטרעבט עולה צו זיין. אַ גרויסער טייל פון די חברות איז אַוועק אויף די הכשרה־פּונקטן פון דער „אגודה" און פון „פא"י" און נאָכן פאַרענדיקן זיי באַקומען סערטיפיקאַטן און עולה געווען אַלס חלוצות. דער גרעסטער טייל אָבער פון די דאָזיקע אידעאַליסטישע מיידלעך איז פאַר־בליבן אין זייערע היימען און אומגעקומען אין די געטאָס און אין די טויט־לאַגערן. הי"ד.

*

## „פּועלי אגודת־ישראל"

מיטן אומשיכטונג־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן זענען אין פּולטוסק אַנטשטאַנען צענדליקער וואַרשטאַטן וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ סך יוגנטלעכע אַרבעטער פון אַלע שיכטן פון דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג. אין מיטן פון די 20ער יאָרן איז אַרויפגעשווומען אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע אין שטאָט דער אַרבעטער־קלאַס מיט אַלע זיינע פּראָב־לעמען: קאַמפן פאַר אַ מענטשלעכן אַרבעטס־לוין, פאַר בעסע־רע סאָציאַלע באַדינגונגען, פאַר אַן אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, פאַר קראַנקייט־פאַרזיכערונג אא"וו. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטרעטן אַלע יידישע פּאַרטייען און אָרגאַ־ניזאַציעס... די אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין דעם פאַראיין איז נישט געווען קיין פּאַסיקע פאַר די צענדליקער רעליגיעזע יוגנטלעכע, וועלכע זענען נאָר וואָס אַוועק פון דער ישיבה אָדער פונעם חסידישן שטיבל. ווערנדיק פאַך־אַרבעטער, זענען זיי געווען געצוווּנגען צו פאַרשרייבן זיך אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. נישט ווילנדיק אָבער איבער־רייסן מיט זייער טראַדיציאָנעלן וועג זענען זיי נישט אַריינ־געטראָטן אינעם דאָזיקן פאַראיין און געבליבן אָן אַן אָרגאַני־זאַציאָנעלער ראַם, אין וועלכער זיי זאָלן זיך קענען געזעל־שאַפטלעך אויסלעבן און נישט זיין געצוווּנגען באַאיינפלוסט צו ווערן פונעם וועלטלעכן גייסט, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די אַרבעטער און זענען נישט געווען באַשיצט פון קיין שום אָרגאַניזאַציע.

אין דער דאָזיקער תקופה איז אַנטשטאַנען די נייע רעליג־יעזע פּאַרטיי „פּועלי אגודת ישראל" אונטער דער אָנפירונג פונעם גרויסן רעליגיעזן אידעאָלאָג און אָראַטאָר ר' יהודה לייב אָרלעאַן, דעם שפּעטערדיקן לייטער פונעם סעמינאַר פאַר „בית־יעקב"־לערערינס אין קראָקע און זיין חבר לייבעלע פאַרם. מיט דער הילף פון אַנדערע רעליגיעזע אַרבעטער־עסקנים זענען זיי באַלד אין אָנהויב צוגעטרעטן צום צונויפ־רופן די ערשטע לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי אין וואַרשע. די ידיעה וועגן דער אַנטשטייונג פון דער פּאַרטיי האָט אויך דערגרייכט קיין פּולטוסק און אַ גרופּע יוגנטלעכע זענען זיך צונויפגעקומען אין דער דירה פון ח' שמחה שטאַטזינגער, ווו עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ




צייטווייליקער אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט, וועלכער האָט באַשטימט צוויי חברים אַלס דעלעגאַטן צו דער דאָזיקער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ, די ח״ח שמחה שטאָטזינגער ז״ל און דעם שרייבער פון די שורות.

די קאָנפערענץ האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין אַלע יידישע קרייזן אין פוילן. אַ רעליגיעזע אַרבעטער־פּאַרטיי איז געווען אַ נייעס אויף דער יידישער גאַס. און קומענדיק צוריק פון דער קאָנפערענץ זענען מיר גלייך צוגעטרעטן אויפצושטעלן אין דער שטאָט אַן אָפּטיילונג פון דער פּאַרטיי. אַזוי ווי אונדזער אַרבעט האָט זיך נאָר באַגרענעצט אין די אָוונטן, האָבן מיר רעזערווירט פּראָוויזאָריש איינעם פון די צימערן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם ניי־צוגעבויטן צווייסטאַקיקן בנין אויף דער גאַלעריע פון דער פרויען־שול.

די ערשטע אַרבעט פונעם גרינדונגס־קאָמיטעט איז געווען צו ווערבירן אַ וואָס גרעסערע צאָל חברים און ווען די אַקציע איז געלונגען, איז אויסגעקליבן געוואָרן די פּאַרטיי־פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אַריין: ירחמיאל גרינשפּאַן, שמחה שטאָטזינגער, משה סרעבראָ, וואָלף אַראָנאָוויטש, משה לייב מעלניק, יעקב מעלניק, ירחמיאל גורמאַן א״א און וועלכע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם צ.ק. אין וואַרשע.

צו יענער צייט האָט פאַרנומען אַ קליינע גרופּע פון „צעירי אגודת ישראל״, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער אפּוטרופּסות פון די „שאַרפּע״ גערער חסידים, איינעם פון די גרעסטע לאָקאַלן ביי דער קהילה. דער לאָקאַל האָט אויך געדינט פאַר דער „בית־יעקב״־שול. עס איז כדאי אונטערצושטרייכן אַז די דאָזיקע גערער חסידים האָבן זיך באַצויגן צו אונדז זייער נעגאַטיוו, כמעט פיינדלעך, ווי צו אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן. מיר זענען גלייך צוגעטרעטן צו דער אַקטיווער אַרבעט און אָנגעהויבן צו פּאָפּולאַריזירן צווישן דעם פולטוסקער יידישן ציבור און בפרט צווישן די יידישע אַרבעטער די פּרינציפּן און צילן פון דער נייער פּאַרטיי. מיר האָבן זיך געוואָנדן צו די אָנפירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַנען אין וואַרשע, וועלכע האָבן אונדז געשיקט אַלס רעדנער דעם מיטגליד פון פון דער צענטראַלע, דעם ח׳ ראָזענבערג. עס איז געשטאַנען פאַר אונדז די פראַגע ווי אַזוי צו באַקומען אַ פּאַסיקן לאָקאַל פאַר אַ פאַרזאַמלונג. קיין געלט האָבן מיר נישט געהאַט און מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער „בית־יעקב״ לערערין, צו יענער צייט דעם שפּעטער רבי'ס טאָכטער, זי זאָל אונדז דערלויבן איינצואָרדענען דעם עפנטלעכן מיטינג אין דער שול און דער שרייבער פון די שורות האָט באַקומען פון איר אָן קיין שום שוועריקייטן דעם שליסל פונעם זאַל.

מיר האָבן געמאַכט אַלע נויטיקע צוגרייטונגען צום באַשטימטן טאָג: אַנאָנסירט און פּובליקירט אומעטום, צוגעגרייט דעם זאַל פאַר הונדערט געסט, דער ח׳ ראָזענבערג איז געקומען צו דער באַשטימטער צייט און אין אָוונט האָבן זיך פאַרזאַמלט געסט פון פאַרשידענע קרייזן און ריכטונגען. פּלוצעם



**פון רעכטס צו לינקס, שטייען:** משה סרעברא, שמחה שטאטזינגער (הי"ד), ירחמיאל־ישראל יצחק גורמאַן, ליטמאַן שוואַרץ (הי"ד), ברוך מרדכי קירשנבוים (הי"ד), **יעקב מעלניק**
**זיצן:** וואָלף אראנאָוויטש, בן־ציון זשעלאסקא, משה יונה פריימאַן (ז"ל), גרשון פענער (ז"ל), שמחה שטיינבערג



פועלי אגודת ישראל — קבוצת נוער
יוגנט גרופע ביי פא"י (אָרטאד. אַרבעטער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, אָפּ. פולטוסק, פא"י)

האָבן זיך באַוויזן צענדליקער גערער חסידים מיט גמרות אונטער די אָרעמס, באַזעצט עטלעכע שורות פון בענק און אָנגעהויבן אויפן קול לערנען און אויף אַזאַ אופן געוואָלט שטערן דעם אוונט. מיר האָבן זיך אין דער ערשטער רגע געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט און נישט געוווסט וואָס צו טון. דאָס זענען דאָך געווען די פני פון דער שטאָט, די תקיפים, אָבער ווען דער זאַל איז פול געוואָרן מיטן פאַרזאַמלטן עולם, האָבן מיר זיך געוואָנדן צו זיי אין אַ זייער העפלעכן טאָן און געבעטן אונדז נישט צו שטערן. אָבער ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג מיט פויסטן און שטעקנס. עס איז אָנגעקומען די פּאָליציי בראָש מיטן וויצע־קאָמענדאַנט (דער אוונט איז געווען לעגאַליזירט). די זאַך וואָלט זיך מיאוס געענדיקט, ווען נישט די אינטערווענץ פון דעם ראש הקהל ר׳ איטשע מאיר בוימגאַרטן, וועלכער האָט פאַרהאַנדלט מיטן קאָמענדאַנט און די פּאָליציי האָט פאַרלאָזט דעם זאַל. נאָך דעם אוונט איז דער לאָקאַל געבליבן ביי אונדז, ווי עס האָט באַשלאָסן אַ בוררות פון ביידע צדדים. ווען די „בית־יעקב״־שול איז אין אַ קורצער צייט שפּעטער אַריבער אין אַ צווייטן פּלאַץ, זענען די „פּועלי אגודת ישראל״ געוואָרן די איינציקע בעלי־הבתים איבער אָט דעם הערלעכן לאָקאַל, ווו עס האָט זיך אויך געפונען אַ קליינער צימער, וועלכער האָט געדינט אַלס אַ סעקרעטאַריאַט.

דער סעקרעטאַריאַט האָט אויסגעאַרבעט אַ פּאַרפּליכטנדיקן רעגולאַמין און באַשטימט אַן איינהייטלעכן מיטגליד־אָפּצאָל. די ערשטע אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען איינצואָרדענען די טאָג־טעגלעכע שעורים פאַר די אַרבעטנדיקע חברים און פאַר סימפּאַטיקער, ווו זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער חינוך אין תנ״ך און תלמוד, ווי אויך למודי חול. צו דעם צוועק האָבן מיר איינגעלאַדן אַלס פרייוויליקע לערער פריינד פון פא״י, ר׳ יעקב גאָלדשטיין, ר׳ יעקב אריה מעלניק, ר׳ משה יוסף געלבאַרד, הרב ר׳ דוד צבי גרינשפּאַן און דעם לאַנג־יעריקן תלמיד פון דער מתיבתא אין וואַרשע שמחה בונים אייזנשפּרינגער (זיי אַלע זענען אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס, הי״ד). דאָס באַטייליקן זיך אין די שעורים איז געווען פאַר אַלע חברים אָבליגאַטאָריש. שבת און יום־טוב איז געווען געלערנט מעניני דיומא. די שעורים האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג און געפונען אַ גוטן אָפּקלאַנג אין שטאָט. אינעם שבתדיקן דאַוונען בציבור האָבן זיך באַטייליקט אַלע חברים און סימפּאַטיקער, ווי אויך אין די שבת־צו־נאַכטיקע שלש סעודות און זמירות, ביי וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט אַן אויסגעצייכנטער כאָר אונטער דער לייטונג פון ח׳ בן־ציון זשעלאָסקא. עס זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן לעקציעס פון עלעמענטאַרער שול־בילדונג מיט דער באַטייליקונג פון אַ דיפּלאָמירטן לערער פאַר אַ חודשלעכן אָפּצאָל. אין אוונט, ווען עס האָבן זיך פאַרענדיקט די שעורים, איז דער לאָקאַל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לייען־זאַל, ווו עס האָט זיך געפונען די טעגלעכע פּרעסע און אויך וואָכן־ און מאָנאַטשריפטן, אָרטאָדאָקסישע און אַנדערע ליטעראַרישע אויסגאַבן. דער פאַרוואַלטונג איז געלונגען אויפצושטעלן אַ ביבליאָטעק, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען אַ חוץ ספרי־קודש אויך ספרי־חול, די גאַנצע אָרטאָדאָקסישע ליטעראַטור, וואָס איז שוין אין יענער צייט געווען רייך אין כמות ווי אויך אין איכות און די בעסטע געקליבענע ווערק פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור, די יידישע קלאַסיקער, די געשיכטע פון יעבץ און פיל אַנדערע ווערק. עס איז געווען אַבאָנירט דער רייכער קולטור־זשורנאַל פון „בית־יעקב״ — „דגלנו״ (רעדאַגירט פון אלעזר פרידענזאָן־שניר), ווו עס האָט פאַרעפנטלעכט זיינע לידער דער אַזוי־ווייניק באַקאַנטער פאַרן פאָלקסקער עולם עלוי, וועלכער האָט געשטאַמט פון אונדזער שטאָט, מאיר זאב ניעסטעמפּאָווער, וואָס האָט זיך אויך פאַרמאָסטן פאָרצוזעצן די אָנגעהויבענע אַרבעט פון שרייבן די יידישע געשיכטע אין גייסט פון דער תורה פונעם גאון הרב ר׳ דן פלאַצקי זצ״ל, דעם רב פון אָסטראָוו־מאַזאָווי. אויך זענען פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט געוואָרן שמועסן אויף ליטעראַרישע טעמעס און קעסטל־אוונטן, אויף וועלכע עס זענען אויף אַ זייער חברישן אופן דיסקוטירט און באַרירט געוואָרן פאַרשידענע ליטעראַרישע און פּאָליטישע פּראָגן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט די יידישע געזעלשאַפט. יום־טובים, חנוכה און פורים האָבן די מיטגלידער פון „פּועלי אגודת ישראל״ געפייערט ביי געדעקטע טישן אינעם גרויסן זיצונג־זאַל פון דער קהילה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אונדזער לאָקאַל און צו וועלכע עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן פאַרשטייער פון דער קהילה פון דער „אגודה״, ווי אויך חשובע גערער חסידים, וועלכע האָבן זיך פאַררעכנט פאַר אונדזערע סימפּאַטיקער און וועלכע האָבן עפנטלעך אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג פאַר דער שיינער און מסירותדיקער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און אונטערגעשטראָכן איר באַדייטונג פאַר דער רעליגיעזער יוגנט אין שטאָט.

דעם אָנזען און אָנערקענונג פון דער יידישער געזעלשאַפט האָבן מיר דערגרייכט אַ דאַנק אונדזער אָפּפערוויליקער און אינטענסיווער אַרבעט. מיר האָבן איינגעאָרדנט עפנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע־פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון צענטראַלע פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי, די ח״ח הלל זיידמאַן, ראָזענבערג, קאָוואַלסקי א״א, וועלכע האָבן פּאָפּולאַריזירט פאַר די יידישע

מאַסן די צילן און שטרעבונגען פון דער פּא״י. נישט איינמאָל זענען פאָרגעקומען העפטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן אונדזערע חברים מיט די מיטגלידער פון די וועלטלעכע אַרבעטער־פּאַרטייען און געדינט אַלס אַ באַווייז, אַז די פּא״י איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר אין פּולטוסק.

אַלס אַרבעטער פּאַרטיי, האָט די „פּועלי אגודת ישראל״ נישט פאַרגעסן וועגן אירע ספּעציפישע סאָציאַלע און פּראָפעסיאָנעלע אויפגאַבן און געשטאַנען שטענדיק אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון אירע מיטגלידער, ווי דירעקטע הילף און קאַמף פאַר אַ געהעריקן אַרבעטס־לוין. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גמילות־חסד־קאַסע, ווו דער חבר האָט באַקומען אַן אָנפּראַצענטיקע הלוואה. מיר האָבן זיך געוואָנדן צום „דזשוינט״ און באַקומען אַ באַדייטנדיקע סומע פאַר דער קאַסע, אַזוי אַז מיר האָבן אויך געקענט אויסברייטערן די הלוואות אויסער דעם ענגן קרייז פון אונדזערע מיטגלידער. נישט אַלע אין פּולטוסק האָבן געוווּסט פון דער שטילער אָבער אַזוי וויכטיקער סאָציאַל־קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פון דער יידישער רעליגיעזער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי אגודת ישראל״.

אין אונדזער טעטיקייט האָט די אַרבעט פאַר ארץ־ישראל פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ. עס איז געזאַמלט געוואָרן געלט פאַר בויען יידישע רעליגיעזע יישובים אינעם לאַנד פון אונדזערע אבות און עס זענען צוגעגרייט געוואָרן יונגע קאַדרען פאַר דער חלוצישער עליה. די דאָזיקע אַרבעט האָט קאָנצענטרירט דער אומדערמידלעכער עסקן ר׳ פּנחס מאָנדרי פון מלאַווע, וועלכער האָט אָפּגעגעבן פּיל כוחות און פלייס פאַר ארץ־ישראל און וועלכער איז געווען דער שעפער פון די הכשרה־פּונקטן אין אונדזער ראַיאָן. אויף אַזאַ אופן איז דערמעגלעכט געוואָרן די עליה פון די חברים פון פּא״י אין פּולטוסק. מיר זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן אַרויסגעשיקט אַ גרופּע מיטגלידער אויף הכשרה אין אָט די פּונקטן. דאָס זענען געווען די ח״ח: שמחה שטיינבערג, מאָטל גאָלדשטיין, יעקב מעלניק א״א און וועלכע האָבן נאָכן אַדורכמאַכן די הכשרה באַקומען סערטיפיקאַטן און עולה געווען קיין ארץ־ישראל. די אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט פאַר זיי אַ געזעגונגס־אָוונט און עטלעכע חברים פון דער פאַרוואַלטונג ואני בתוכם האָבן זיי באַגלייט ביז צו דער באַן קיין וואַרשע.

נאָך דער דאָזיקער עליה האָבן מיר פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט. מיר זענען טעטיק געווען בשעת די וואַלן צו דער יידישער קהילה און אין די שטאָטראַט־וואַלן און אַרויסגעשטעלט אַ זעלבשטענדיקע ליסטע אונטער דעם פּאַרטיי־נאָמען פון „פּועלי אגודת ישראל״. אַ דאַנק דער אָנערקענונג, וועלכע אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דערוואָרבן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט איז דער אויסגאַנג פון די וואַלן געווען שטענדיק גינציק פאַר אונדז און מיר האָבן אַריינגעפירט אין די יידישע און אַלגעמיינע אַנשטאַלטן אונדזערע פאָרשטייער און פאַרטרויונגס־מענטשן און פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּולטוסק.

אין אָנהויב פון די 30ער יאָרן איז אין פּולטוסק פאָרגעקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון „פּועלי אגודת ישראל״, וועלכע האָט געדויערט עטלעכע טעג און אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די פּאַרטיי־פאָרשטייער פון מאַקאָוו, פּראַשניץ, טשעכאַנאָוו, נאַשעלסק, ווישקאָוו און אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען פאָרשטייער פון דער צענטראַלע פון וואַרשע. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע פראַגן און עס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן פּלענער פון ווייטערדיקער אַרבעט.

די טעטיקייט פון דער רעליגיעזער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי אגודת ישראל״ אין פּולטוסק, איינע פון די פּיל יידישע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, איז געווען אַן אויסדרוק פון דעם ברויזנדיקן יידישן לעבן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון צוואַנציק יאָר פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, און וואָס איז אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע הענקער און מערדער.

מרים טל (מניה גרינברג)

# „השומר הצעיר"

תנועת „השומר־הצעיר" בעירנו, נוסדה בשנת 1923, כאשר שליחיה של תנועה זו ממקוב הופיעו בעירנו והחלו לפעול בקרב הנוער הפולטוסקאי ובפרט בין חניכי הגימנסיה הפילו־לוגית, מיסודו של הד"ר ליפמן.

הגרעין הראשון שהתארגן במסגרת „השומר הצעיר" היה מורכב מאברהם גוטרמן, ברכה אנגלמן, אברהם וינוגראן, רוזה ידז'ה גרינברג, (כעת נטע אביבי) כותבת השורות האלה, קובה שופר ואחרים. הפעולות הראשונות היו רק פעולות צופים כגון: טיולים, משחקים בחיק הטבע ועוד. לאט לאט התרחב ארגוננו. קבלנו הוראות ומדריכים מעיר הבירה וורשה. חיש מהר עלה הקן בפולטוסק על כל אלה שבסביבה ואף — על „קן" היוזמים שעוררו אותנו להקמת התנועה.

חברי התנועה בפולטוסק היו רובם ככולם נוער לומד, תרבותי ובעלי יכולת ארגונית רבה. לא הסתפקנו עוד במשחקי שדה, אלא ארגננו אספות וקיימנו הרצאות על נושאים אקטו־אליים, במאמץ רעיוני ברור וחתירה מתמדת לקראת הגשמה, כלומר הכנה להכשרה פיסית, כדי להיות ראויים לעליה ארצה. הכשרת הנוער, ראשית כל בשטח התודעה הלאומית דרשה מאתנו, ראשוני הגדודים והקבוצות, מאמץ עליון.

בקיאים מאתנו לא היו בתולדות־עם ולא ידעו עברית. אני זוכרת שבעירנו היו רק שתי בנות ששלטו בשפה העברית: רבקה קופרמינץ ז"ל וחנה ישמח (בשני הבתים האלה דיברו גם יתר בני המשפחות עברית) והנוער המשכיל היה משוחח בשפה הפולנית.

במשך הזמן הצלחנו להביא לפולטוסק מורה לעברית, קריסטל, והוא למד אותנו את השפה על בוריה. ראינו בזה הכשרה רוחנית חשובה ביותר לקראת העליה. הודות לחברי השומר הצעיר התחילו לשמע את השפה העברית בחוצות עירנו, ידיעת הלשון נתנה תנופה כבירה לפעולתנו בקרב הנוער ובתוך הסתדרותנו. רבים מאתנו ויתרו על המשך השכ־לתם בגולה והכינו את עצמם לעליה ארצה.

היציאה של רבים למקומות הכשרה וההכנות לקראת העליה הקרובה, יצרו בעיר אוירה חדשה. רבים מההורים שהיו בהתחלה ממחרימי תנועת השומר הצעיר ו„החלוץ", הפכו לתומכים נלהבים בשאיפות הציונות וכך זכתה הסתדרותנו לשנות את פני הרחוב היהודי ועוררה את היהודי הגלותי לאמונה בתחית העם.



„השומר הצעיר", גדוד יהודה המכבי, 1925





**השומר הצעיר — גדוד תל־חי 1927**

עם מאטעס נובומינסקי (ראש הקן של השוה"צ, בשורה האמצעית במרכז, ה־5 משמאל) והחברים: י. יאזשינא, מ. גאָלאָמב, לאה פענער, וולאָסקאַ, צ. שפּירא, א. פשטיצקי, ד. בראמזאַן, ה. רוזשא, ל. פיעקאַרזש, ווייס, אייזנקייט, כץ, יאַבלאָנקאַ, פאטאלאָווסקי, פ. באשקער, ז. רובין, ש. גרינבערג, לאטערמאַן, מאַרגאָליס, ב. גאפּטעק, צ. גולדשטיין, ש. וויינטראוב, ח. גולדשטיין ואחרים.



ייסוד תנועת „השומר הצעיר", 1923



**הלהקה הדרמטית**
**של „השומר הצעיר", 1933**

**בין העומדים מצד ימין:** רוזנוביץ, דאנציגר, שפרינצה, צ. גולדברג, אייזנקייט, ז'לינסקי, אהרונוביץ, בשקר.

**בין היושבים מצד ימין:** ש. לוטרמן, א. נוטקביץ', הבמאי לוטרמן, ב. מונצ'ז', י. אייזנקייט, שטרן.



קבוצת „נשרים" ב„השומר הצעיר" בהדרכת ראש הקבוצה צבי גולדשטיין
**מימין, יושבים:** אריה בשקר, לוי רוז'ה, יחזקאל זילינסקי, אפרים ירוזילימסקי, משה וינטרויב
**שוכבים:** ירחמיאל קינל, יוסף רוז'ה, המדריך צבי גולדשטין, יוסף סנדרוביץ, יוסף בורנשטין



חברות ב„השומר הצעיר" עם אברהם גוטרמן (למעלה, במרכז)

משה איזוב (איזנקייט)

# קן „השומר־הצעיר"

קן השומר הצעיר בפולטוסק נוסד ב־1923. היו אלו שנות פריחה של התנועה הציונית ותנועות נוער ציוניות. התרוששות היהודים מבחינה כלכלית מצד אחד והאנטישמיות הפרועה מצד שני דחפו רבבות יהודים ונוער לכוון הפתרון הציוני. צעדינו הראשונים לא נתקלו באהדה מצד הורינו הדתיים, שראו בנו מרדנים קיצוניים והתייחסו בזלזול ובפקפוק לגבי המטרה שלנו — עליה לארץ ישראל ועבודה על הקרקע. לחמו בנו גם מפלגות הפועלים השמאליות כמו ה„בונד" והקומו־ניסטים. את הגרעין הראשון היוו התלמידים מהגימנסיה היהו־דית ולאט לאט התחילו להצטרף אלינו גם מסיימי בתי הספר היהודיים ופועלים צעירים. במרוצת הזמן הגענו ל־200 חברים, מאורגנים בקבוצות וגדודים לפי הגילים.

הופעתנו ברחוב היהודי בימים ההם היתה ממש מהפיכה. משהו חדש ומרענן על רקע האפור היומיומי של החיים היהו־דים. דרכי החנוך ב„השומר הצעיר" היו רב־גווניים. את הדגש שמנו על החינוך הציוני־סוציאליסטי ובעיקר על חינוך לקראת הגשמה עצמית, זאת אומרת לעליה ולחיי קיבוץ. מיזוג הרעיון הלאומי עם הצופיות משך אלינו נוער בגיל הצעיר, שהבית והרחוב לא סיפק אותם ושחיפש משהו חדש ולנגד עיניו התנוססה ב„קן" הסיסמה „גוף בריא בנפש בריאה"". המכנסים הקצרים, החולצה הירוקה או האפורה, העניבה עם הסמל השומרי היה ביטוי חיצוני מובהק לאותה מהפיכה בחיי הנערים והנערות בימים ההם. השתדלנו להמחיש להם את הכרת ערכם העצמי. למדנו אותם ללכת ברחוב בראש מורם, להיות גאים כבני אדם וכיהודים מול האנטישמיות של האוכלוסיה הפולנית, שניסתה בין היתר להשפיל את כבודנו הלאומי. כמו־כן שמנו את הדגש על חינוך לערכים כלל אנושיים ומוסריים. השתדלנו להחדיר לליבם את האמונה במחר יותר טוב, את האידיאלים על עולם אחר, של חיים יפים יותר וצודקים יותר. לא כולם הגשימו את צווי תנועתנו, לא כולם הלכו אתנו עד הסוף. אבל גם אלה שעזבו אותנו ספגו לקרבם מאוירה המיוחדת של „השומר הצעיר" ולעולם יזכרו את תקופת היותם חברי התנו־עה. כי מי יכול לשכוח את האספות של הקבוצות, של הגדודים או של כל הקן, את בין־הערביים של ימי אביב וקיץ, כאשר כל אחד היה ממהר להחליף את הבגדים, ללבוש את „המדים" השומריים ולרוץ ליער, מעבר לגשר ולנהר נארב לאסיפת הקבוצה, בחיק הטבע, הרחק משאון הרחובות הצרים של העיר.

וכי מי לא זוכר את הטיולים הרבים בקיץ ובחורף עם התרמילים על הגב, ואת מושבות הקיץ שאורגנו ע"י הנהגת הגליל בסביבה כפרית. בחיי הקן השומרי גרמו שני דברים לחווייה עמוקה — השירה והריקוד. לא ידענו לדבר עברית, אבל שירים ידענו למאות. היינו שרים בהתלהבות ובדביקות חסידית ממש. ברגעים אלו היינו שוקעים בעולם אחר, בעולם טוב ויפה. רקדנו „הורה" עד מאוחר בלילה בקן השומרי הצנוע עד שפקעה סבלנותם של דיירי הבית. אלה היו הימים היפים שלנו, ימי רומנטיקה והוד, של קשרי חברות עמוקים, של חלומות, תקוות ותכניות לעתיד.

החינוך בקן השומרי לא הצטמצם רק לקראת יציאה להכ־שרה ועליה. דאגנו גם למפעלים תרבותיים בעלי אופי כללי. בספריה שלנו שהקימונו באמצעים הדלים שעמדו לרשותנו, השתדלנו לרכוש ממיטב הספרות העולמית, ולהגיש לכל דיכפין ספר טוב. רבים היו הקוראים הקבועים מבין האוכלוסיה היהו־דית במקום, מכל הגילים והשכבות. השתתפנו גם באופן פעיל יחד עם כל הזרמים הציוניים בפעולה למען „קרן הקיימת" ולקחנו חבל בעבודת „החלוץ" הכללי והשתתפנו בפגישות, הרצאות וכנסים. מקן השומר הצעיר עלו רבים לארץ ישראל לפני פרוץ מלחמת העולם השנייה וגם מניצולי השואה. חלק נמצא בקיבוצים — אחרים פזורים בכל חלקי הארץ. ברם, אינני יכול להשתחרר מהמועקה הכבדה בזכרי את חברי ואת יתר בני עירנו שהושמדו בידי זדים ולא זכו לחיות במדינת ישראל המשוחררת.

# א באגעגעניש מיט משה נאדיר אין פאפלאווער וואלד...

(א דערינערונג פון א ראש־קבוצה)

ס'איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן; אין אַ שבת־אינדערפרי. מיר זענען דאַן געזעסן אין פּאַפּלאָווער וואַלד ביי אַ גרינעם „לעבעדיקן" טיש, איך מיט מיין יונגער „השומר־הצעיר"־קבוצה (קבוצת „נשרים"), און געפירט אַ שמועס איבער דער געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל.

ס'איז געווען זומער־צייט. אַ מחיהדיק ווינטל האָט אַרומגעשטיפט אין וואַלד, פאַרטשעפּנדיק די ביימער, וועלכע האָבן לייכט באַוויגן זייערע קר.ינען־קעפּ, ווי זיי וואָלטן צוגעשאָקלט מיט הסכמה צו אונדזער איצטיקן שמועס, וואָס איז פול געווען מיט אויפקלערונג, דערמוטיקונג, גאולה־האָפענונג און ארץ־ישראלדיקן מאַרגן... דער גרינער, ווונדערלעכער אַרום האָט נאָך מער צוגעגעבן פרייד און לייכטקייט פאַר אונדזערע יונגע געמיטער. אונדזער שמועס איז געוואָרן אַלץ מער אינטערעסאַנטער און וואַרעמער. די קבוצה־חברים, האָבן געצאַפּלט צו די ארץ־ישראלדיקע וויזן, באַווירקט פון די געאָגראַפישע שילדערונגען פון אונדזער דורות־אויסגעטרוימטן לאַנד.

נאָר פּלוצעם, אינעם סאַמע מיטן פונעם שמועס, איז פאַר אונדזערע אויגן אויסגעוואַקסן אַ הייכע געשטאַלט אין אַ שוואַרצער פּאַלערינע מיט אַ שוואַרצן ברייטן קאַפּעליוש, ווי נישט פון דער וועלט. דער באַגלייטער פון דעם דאָזיקן געשטאַלט איז געווען: מיטעק זילבערמאַן. זיי האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט, געבעטן אַנטשולדיקונג און ער, מיטעק, האָט פאַר אונדז פאָרגעשטעלט דעם באַקאַנטן שרייבער און פּאָעט משה נאַדיר, אַלס גאַסט פון אַמעריקע.

זיין בליק האָט אונדז אַלע ליבלעך און וואַרעם אַרומגענומען. דער דיכטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אונדזער שמועס, און אין אַ ווײַלע אַרום זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ בקשה, כ'זאָל אים דערלויבן צו שטעלן אַ פראַגע.

איך האָב פאַרשטייט זיך, גלייך דערויף מסכים געווען

— איך זע, ליבע קינדער, האָט ער געזאָגט, אַז אייער קבוצה־אָנפירער לערנט מיט אייך די געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל. צי ווייסט איר אָבער ווו איר געפינט זיך איצט, אינעם דאָזיקן מאָמענט? און וואָס פאַר אַ באַטייט האָט דער דאָזיקער פּלאַץ, ווו איר געפינט זיך?

די קינדער זענען פון זיינע רייד געבליבן ווי געפּלעפט, נישט וויסנדיק וואָס צו ענטפערן.

— איך פאַרשטיי אייער פאַרלעגנהייט — האָט ער געזאָגט — אָבער איך וועל עס אייך באַלד דערקלערן. מענטשן, וואָס ווויינען אַ סך צייט אויף אַ פּלאַץ, זענען נישט ביכולת אָפּצושאַצן דעם ווערט פונעם דאָזיקן מקום און אויך זיינע שיינקייטן, וואָס ער טראָגט אין זיך. זיי מיינען, אַז אַזוי ווי עס איז, איז עס מחויב צו זיין. איך אָבער, אַלס גאַסט איר געפינט זיך אין ווענעציע — אין דער ווענעציע פון „אויף אַ ווייל, וואָס זעט אויף אַ מייל" — קען אייך זאָגן אַז פּולטוסק, האָט ער מיט פּאַטאָס אויסגערופן, ווייל אייער שטאָט איז אַרומגעגאַרטלט מיט אַ סך וואַסערן; טייכן און בריקן".

דערשטוינט בין איך דאַן געוואָרן פון זיין דאָזיקער דערקלערונג, ווייל איך האָב אַלע יאָרן נישט געלייגט קיין אַכט דערויף.



משה נאַדיר אין 1926

אויף דער צווייטער זייט פון בילד געפינען זיך די ווערטער: „פאַר דער רעדאַקציע ,פרייהייט', ניו־יאָרק. משה נאַדיר איז מיט גרויס דערפאָלג אויפגענומען געוואָרן ביי אונדז אין פולטוסק. מיר שיקן אייך זיין בילד, וועלכעס איז ביי אונדז געמאַכט געוואָרן".
אונטערגעשריבן: פאָטאָגראַף ר. יאָסאָקוויטש,
פולטוסק, אויג. 4, 1926.

מיר האָבן האַרציק זיך געזעגנט און זיך געווונטשן צו טרעפן אין ארץ־ישראל. איך מוז מודה זיין, אַז פון דעמאָלט אָן, האָב איך אָנגעהויבן צו קוקן מיט „אַנדערע אויגן" אויף אונדזער שטאָט און איר אומגעגנט. מיינע אויספלוגן מיט דער קבוצה פלעג איך מאַכן על פי רוב אין די געגנטן פון „דיכטערס לאַנד"... און יעדעס מאָל האָב איך געפילט דעם „אַנטפּלעקטן" אמת פון זיינע דעמאָלטדיקע רייד.

# „השומר־הצעיר" מיט אַ צײַט שפּעטער

גענוי ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ מיטגלידערין אין „השומר הצעיר" — געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז זייענדיק נאָך אין די קלענערע כּיתות פון דער „פּאָווישעכנער" שול, איז אונדזער מנהל, אַ קריסט, און דערצו אַ גרויסער אַנטי־סעמיט, איינמאָל, אין אַ געוויסן טאָג אַריין צו אונדז אין קלאַס און געהאַלטן אַ מוסר־רעדע, אַז: יעדן שול־קינד, וועלכן מ׳וועט טרעפן אויף דער גאַס נאָך 7 אַ זייגער אין אָוונט, וועט באַשטראָפט ווערן; שטרענגע שטראָפן וועלן באַקומען די קינדער, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זיי האָבן אַ שייכות צו וועלכער עס איז ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — די וועלן בכלל באַזייטיקט ווערן פון דער שול.

צוזאַמען מיט דעם פּחד, וועלכער איז געווען גרויס, האָט עפּעס אין אונדזערע קינדערישע מוחות ווי אויפגעוואַכט... מיר האָבן כּסדר דערפון גערעדט.

אין די 30ער יאָרן האָט דער „השומר־הצעיר" געפירט אַ גרויסע אַגיטאַציע פאַר ווערבירן חברים פון דער שול־יוגנט. דעמאָלט איז דער „השומר־הצעיר" נאָך געווען אַ ריין־סקויטישע באַוועגונג, וועלכע האָט געהאַט אַ באַזונדערע צוציִונגס־קראַפט מיט איר אויסערלעכקייט: דער ספּעציעלער לבוש מיט די סימבאָלן און מיטן „חזק־ואמץ" — בראש פון אַלע אויסצייכענונגען. די דאָזיקע באַוועגונג האָט ווירקלעך אַרייַנגעצויגן די בעסטע יידישע יוגנט אין אירע רייען. אויף דריטער מאַי גאַס איז געווען דער קן פון „השומר־הצעיר", וועלכער איז מיט דער צײַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַרימער היים פון ברידער און שוועסטער, וואָס זענען גרייט געווען קעגנזייטיק זיך צו העלפן.

איך האָב געהערט צום גדוד „אמת" און צו דער קבוצה „התחיה". דער ערשטער ראש הגדוד איז געווען שלום ווײַנטרויב. עס זענען געווען עטלעכע קבוצות; מיין ראש הקבוצה איז געווען שולמית דאַנציגער.

דאָס זענען געווען די שענסטע יאָרן אין מיין לעבן. צוויי מאָל אין דער וואָך האָבן מיר געהאַט אסיפות פון דער קבוצה און יעדן שבת איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דעם גדוד. אין די זומער־טעג זענען די אסיפות צום מערסטן פאָרגעקומען אין וואַלד, אָדער אויף די פּאָפּלאַווער לאַנקעס. מיר פלעגן גיין גרופּעסווייז מיט געזאַנג איבער דער שטאָט; דעמאָלט איז קיינער נישט געווען אונדזער גלייכן.

שפּעטער, ווערנדיק אַ ביסל עלטער, האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז נישט בלויז דאָס זינגען און טאַנצן איז וויכטיק. די קולטורעלע אַרבעט אין „גדוד" האָט אונדז אַלעמען מיטגעריסן. מיר האָבן געלערנט יידישע און ציוניסטישע געשיכטע, פּאַלעסטינאָגראַפיע און אפילו געשיכטע פון סאָציאַליזם. גרויס אַכט איז געלייגט געוואָרן אויפן לימוד פון עברית. אין יענע יאָרן איז צבי גאָלדבערג (פון גדוד „עמק") געווען אין אונדזערע אויגן אַ גאון אין דער שפּראַך. ער האָט צום מערסטן גערעדט עברית. מיר האָבן אים דערפאַר מקנא געווען. וויפל מיר האָבן זיך באַמיט, איז אונדז אויסגעקומען זייער שווער די שפּראַך צו באַהערשן. בכלל איז אין יענער צײַט געווען אַ געיעג נאָך וויסן. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן, כּדי צו קאָנען אָנטיילנעמען אין די דיסקוסיעס איבער די פּראָבלעמען, וועלכע זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די אסיפות.

איך וויל דאָ באַצייכענען, אַז איינער פון די באַוווסט־זיניקע בחורים פון אונדזער גדוד איז געווען לייזער געלודאַ ז"ל. עס איז נישט געווען קיין איין „פּראַגע", אין וועלכער ער זאָל נישט אָנטיילנעמען און אויסדרוקן זיין פּערזענלעכע מיינונג.

איינע פון מיינע נאָענטסטע חברות איז געווען הנה דאַניעל. אירע אַן עלטערע שוועסטער איז געווען טעטיק אין דער קאָמ. באַוועגונג. פון דעם האָט זיך גענומען איר דראַנג נאָך זעלבסט־לערע. זי האָט מיך ממש מיטגעריסן און געשטויסן צו לערנען פיל ווערק, וועלכע זענען געווען געבונדן מיט סאָציאַליזם. שפּעטער איז עס מיר באַזונדער צונוץ געקומען, זייענדיק אַליין אַ ראש־קבוצה.

אַ גרויסע ראָל האָט געשפּילט די ביבליאָטעק פון „השומר־הצעיר". איך בין שטאָלץ געווען דערויף, וואָס איך האָב פאַר איר כּמעט צוויי יאָר איבערגעגעבענער אַרבעט אָוועקגעגעבן. די ביבליאָטעק איז געווען אָפן יעדן אָוונט און געהאַט

פיל סטאַבילע לייענער. מיר האָבן זיך באַמיט אַראָפּצוברענגען די נייעסטע ביכער, אין די דריי שפּראַכן: יידיש, עברית און פּויליש...

באַזונדער אימפּאַזאַנט זענען געווען די ל״ג־בעומר־פייערונגען. דאָס שטאָלצע מאַרשירן פון דער שומרישער יוגנט אין רייען איבער די שטאָטישע גאַסן, האָט אַרויסגערופן גרויס כבוד אפילו ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. פאַר מיינע אויגן שטייען נאָך די 100ער יידישע יוגנטלעכע מיט פּנימער שיינענדיקע פון גליק אין אַ ל״ג־בעומר־טאָג, שפּרייזנדיק צום כּאַפּלאַווער וואַלד, ווו מ׳האָט אויפגעשטעלט ספּעציעלע פּאַלאַטקעס און אַן אייגענע קיך. דאָס געזאַנג און דאָס געטאַנץ אַרום די פייערן האָט געהויבן ביז גאָר דאָס געמיט. טאַטע־מאַמע האָבן געשעפּט נחת, זיך צוקוקנדיק צו דעם. איצט דער פאַרנאַכטיקער צוריקמאַרש אין שטאָט מיט געזאַנג פון חלוצישע ארץ־ישראלדיקע לידער — דאָס איז נישט צום פאַרגעסן!

יעדן זומער פלעגן אייגעאָרדנט ווערן, אין די דערפער אַרום פּולטוסק, זומער־קאָלאָניעס, וועלכע האָבן געטראָגן אַ ריין־סקויטישן כּאַראַקטער. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער עסטעטישקייט, דיסציפּלינאַרע פּינקטלעכקייט און אייגנאַרטיקייט. דאָס אַלץ האָט דערצויגן און אַנטוויקלט די בענקשאַפט צו ארץ־ישראל.

איינע פון די לעצטע שומרישע זומער־קאָלאָניעס, אין וועלכער איך האָב אָנטייל גענומען איז געווען אין פּניעווע (אַ דאָרף לעבן פּולטוסק). דאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אַלע גדודים פון אונדזער קרייז, וואָס פון די אַרומיקע שטעט, ווי: טשעכאַנאָוו, נאַשעלסק, רוזשאַן, ווישקאָוו א״א. דאָס פאַרברענגען צווישן הימל און ביימער און דאַן דער זון־פאַרגאַנג און דערנאָך דער לבנה־אויפשיין — אומפאַרגעסלעך איז דאָס בילד!

מיר האָבן זיך דאַן פאָרגעשטעלט, אַז פּונקט אַזוי וועט אויסזען דאָס לעבן אינעם אייגענעם לאַנד, צו וועלכעס מיר האָבן אַזוי געבענקט.

און אויך דאָס בילד וועט שטענדיק לעבן אין מיר, ווען בן־גוריון איז געקומען רעפערירן אויף אונדזער צוזאַמענפאָר אין מלאַווע. פון אַלע זייטן זענען געפאָרן לאַסט־אויטאָס. די שטאָט איז געווען געפּאַקט פון מענטשן. בן־גוריון איז געשטאַנען אויף אַ טיש, מען זאָל אים גוט אַרויסזען. זיינע רייד האָבן געקלונגען אין די אויערן. דאָס פּאַטריאָטישקייט האָט אַריינגעדרונגען טיף אין אונדזערע הערצער. מיר האָבן נישט געפילט קיין שום מידקייט. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט ביז מיר זענען צוריקגעקומען אַ היים. נאָר איין־און־איינציקער געדאַנק האָט אין אונדז געלעבט: פאָרן קיין ארץ־ישראל און אויפבויען אַן אייגן לאַנד.

אברהם בוים

# החלוץ הצעיר

שנת 1926, עם פרוץ המשבר הכלכלי בארץ ישראל והפסקת העליה שבאה בעקבותיו, הוחלשה תנועת החלוץ בפולין. הדבר הורגש ברחבי התנועה החלוצית. במרכז גמל אז הרעיון להתחיל את החינוך החלוצי מגיל צעיר יותר, כדי להכשיר גרעינים נאמנים לתנועה, שלא יתפזרו עם כל שינוי קל וחולף בארץ. סניפים של החלוץ הצעיר נוסדו ב־1928, בערך, בערים ובעיירות. העבודה החינוכית התנהלה בקבוצות קטנות של 10 עד 15 חברים והתבססה בעיקר על השיחה החפשית הדנה בנושאים ציוניים־חלוציים וגם ספרותיים וכלליים. המדריכים היו חברי החלוץ.

יאָר 1926, מיטן אויסברוך פונעם עקאָנאָמישן קריזיס אין ארץ־ישראל און דעם אָפּשטעל פון דער עליה, וואָס איז נאָך דעם געקומען, איז די חלוצישע באַוועגונג אין פּוילן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס האָט זיך געלאָזט מערקן אין אַלע ווינקלעך פון דער חלוצישער באַוועגונג. אין דער צענטראַלע איז דעמאָלט צייטיק געוואָרן דער געדאַנק, אָנצוהויבן די חלוצישע דערציונג פון אַ מער יינגערן עלטער, כדי זיי, די יינגערע, פרי צו פאַרפלאַנצן אין דער באַוועגונג, זיי זאָלן זיך נישט פונאַנדערפאַלן מיט יעדער לייכטער פאַרבייגייענדיקער ענדערונג אין לאַנד. אָפּטיילונגען פון „החלוץ־הצעיר״

זענען געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1928, בערך, אין פיל שטעט און שטעטלעך. די דערציערישע אַרבעט האָט זיך געפירט אין קליינע גרופּעס פון 10 ביז 15 חברים און האָט זיך באַזירט, בעיקר, אויף פרייע שמועסן, אין וועלכע עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן ציוניסטיש־חלוצישע פּראָבלעמען, ווי אויך ליטעראַרישע און עקאָנאָמישע. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָבן די חברים פון „החלוץ״.

פולטוסק עיר מולדתי, העיר שנעורי חלפו בה, עיר ששקקה חיים יהודים תוססים, במקום זה שפתוחה הכלכלי היה מועט ושרוב מקומות העבודה בו היו מלאכה זעירה ומסחר, נאבקו היהודים על פרנסתם ומחייתם. היה בה נוער ער ואידיאליסטי, אולם בלי יכולת להגשים את שאיפותיו. על כן רב היה הפיצול המפלגתי והסתדרויות הנוער השונות נלחמו על נפש הנער והעלם היהודי.

הרבה התלבטויות רעיוניות עברו עלי עד שפעם בא שליח ה„חלוץ״ לפולטוסק והחדיר בי את האידיאולוגיה של „החלוץ הצעיר״. וכאילו בחבלי קסם נאחזתי ברעיונות האלה והחלטתי: זאת היא הדרך בה אלך ובכל להט נפשי הטלתי את עצמי לפעולה.

קבוצה קטנה של חברים ארגנו את צריף החלוץ־הצעיר בפולטוסק: שמחה מלניק, מנחם בלום, ישראל ורונה, יוסף גוליברודה, משה ויינגרוד, שמחה בוימגרטן ואני. הצטרפו אלינו גם חברים יותר צעירים: פייבל ארפה, מוטל גלבלום, נתן מונצז׳, יענקל פאָנר, משה שטרן ואחרים שאת שמם אינני זוכר.

בשנים 1929—30 גדל הסניף והתרחב. נוער רב נהר לשורותנו ופעולתנו התרבותית והמדינית ניכרת היתה בכל שטחי החיים בעיר. קיימת היתה התחרות בין ארגוני הנוער וכל אחת רצתה למשוך לצדה את טובי הפעילים מהצד שכנגד — השומר הצעיר, פועלי ציון שמאל, שארגנו ערבי ויכוחים בהשתתפות כל הנוער בעיר, הציונים הכלליים ובעיקר הקומוניסטים שבגלל הדכוי הכלכלי והפוליטי של השלטונות הפולנים הצליחו במידה מסויימת בפעילותם.

למרות כל זאת, גדל סניפנו והרחיב את שורותיו. נציגינו השתתפו בכל הפעולות הציוניות. במפגשים כלליים התנופף דגלנו לצדם של כל הדגלים.

היו לנו הישגים וגם כשלונות בהסברת שאיפותינו. רכשנו חברים חדשים וגם עזיבות היו מנת חלקנו — אולם הרעיון המרכזי — ההגשמה החלוצית היא שהדריכה את החברים שלנו שהחלו להתכונן ליציאה להכשרה לקראת עליתם ארצה.

**פלוגת ההכשרה**

בינתיים קרה מאורע בעירנו. נוסדה פלוגת הכשרה שהיתה מסונפת לקיבוץ גרוכוב שע״י ורשה. דוגמתם האישית של חברי ההכשרה השפיעה עלינו מאד. ראינו את ה„הגשמה״ במציאות עם כל הקשיים ועם כל הקסם שבדבר. לחברי קיבוץ ההכשרה היה קשה להשיג עבודה בעיר ועברו עליהם ימים של רעב ממש. ואם לא עבדו לא היה להם מה לאכול. הורינו לא הרפו מאתנו: לחיים כאלה אתם מתכוננים? תראו: הם ילדים מבתים הגונים, עובדים בעבודות בזויות וסובלים חרפת רעב. מה חסר לכם בביתכם? אבל הנוער שלנו הרגיש שהאדמה בוערת מתחת לרגליו. האנטישמיות גברה, החרם הכלכלי צמצם מקורות פרנסה. הפוגרומים והתעלמות השלטונות מלהעניש את הפורעים, העלבונות שספגו היהודים הגבירו את השאיפה לעליה ולבנין חיים חדשים ובריאים בארץ המולדת. בוגרי תנועתנו יצאו להכשרה. הסניף היה במלוא זהרו. חבל רק שלא היה הסיפק בידי רבים לעלות ארצה (והסיבות ידועות).

בבוא הפולש הנאצי נגדעו החיים היהודיים בפולטוסק ובא הקץ על פעולתה המבורכת של הסתדרות „החלוץ הצעיר״ בעיר.





**ועד „החלוץ הצעיר" 1928**
שמחה מלניק, מנחם בלום, ישראל ורונה, יוסף גוליברודה, משה
וויינגרוד, נתן מונצ׳ז, יענקל פאָנר, משה שטרן



**ועד החלוץ הצעיר בפולטוסק, 1933**
**היושבים מימין — פון רעכטס:** ישראל וורא̇נא̇, מא̇טל געלבלום,
חיה שטערן, פייבל ארפא, שמחה בוימגרטן, (על הארץ) ווישנא,
אבאזשאנעק

## ב„הכשרה" חלוצית — אין חלוצישער „הכשרה"



פולטוסקאים בקיבוץ בילושוב — פולטוסקער אין קיבוץ וויעלישאָוו, 1925





„החלוץ הכללי" במצעד 1 למאי



קב. נוער יוצאי תנועות הלוציות במסיבת פרידה לעליתו של יוסף גרינברג

# קאָמוניזם און קאָמוניסטן

די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1918. פון דאַן אָן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אין די שטעט און שטעטלעך קאָמוניסטישע קעמערלעך.

צוליבן מאַנגל אין ברייטערע ידיעות איז שווער פעסט־צושטעלן גענוי די התחלה פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּולטוסק, אירע ערשטע גרינדער, די כסדרדיקע אַנט־וויקלונגס־אַרבעט אא״וו.

אַ געוויסע שיין אויף דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין אונדזער שטאָט, וואַרפן אייניקע אויסצוגן פון כתב־ידן, געשריבן דורך אַקטיווע קאָמוניסטן; ווער „אויסגעהאַלטן״, נישט אויפגעבנדיק זיין גלויבן ביזן סוף און ווער אַנטוישט מיט ביטערער חרטה אויף זיין רעוואָ־לוציאָנערן נעכטן...

אברהמל בלענקיטני[1]) שרייבט אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע:

„צו 15 יאָר בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער פּועלי־ציון יוגנט, ווו מיין ברודער שלמה איז שוין דאַן געווען אַ טוער. צו דער קאָמ.־יוגנט בין איך אַריבער אין פרילינג 1930. אין יענעם ווינטער פלעגן אַריינקומען אין פּוע״צ־לאָקאַל צוויי קאָמוניסטקעס — איינע פון זיי מיין שוועסטער דאָבי — און פירן דיסקוסיעס. מיין סימפּאַטיע איז שוין דאַן געווען אויף זייער זייט און כ׳פלעג זיי שטילערהייט צוהעלפן.

נאָכן אָפּזיין אין קאָמיונג אין פּולטוסק אַ האַלבן יאָר, בין איך געפאָרן קיין וואַרשע „אַרבעטן״, זייענדיק דאָרטן העכער אַ יאָר אַ מיטגליד אין קאָמיונג. צוערשט צוויי מאָנאַטן אין אַ לויזער פּראַקציע און דערנאָך — אין אַ ענג קעמערל. אונדזער אַרבעט איז דאַן געווען: קומען אויף די מיטינגען און דעמאָנ־סטראַציעס, וועלכע די פּאַרטיי האָט איינגעאָרדנט; זאַמלען געלט פאַר „מאָפּר״ [2]); פונאַנדערקלעפּן אומלעגאַלע פּלאַקאַטן און ברענגען אומפּאַרטייִשע יונגטלעכע אויף פאַרזאַמלונגען. אין אונדזער טעקסטיל־פאַראיין אין קעמערל בין איך צוערשט געווען פּרעסע־קאָמיסיאָנט פון די לעגאַלע יידישע צייטונגען, וועלכע מיר האָבן דאַן קאָלפּאָטירט. דערנאָך — אויך טעכני־קער. אין די לעצטע מאָנאַטן — אויך שעפּאַסטווע אַלס דריטע פונקציע.

צוריקקומענדיק קיין פּולטוסק אָנהייב 1932, האָב איך נישט מיטגעאַרבעט אַ לענגערע צייט צוליב אַ פּראָוואָקאַ־טאָר [3]), וועלכער האָט געאַרבעט אין דער פּאַרטיי. אין סעפּ־טעמבער 1934 האָב איך זיך געוואָנדן צום פּאַרטיי־סעקרעטאַר וועגן מיטאַרבעט. געענטפערט אויף דער ווענדונג האָט ער מיר ערשט נאָך ניי־יאָר 1935. דאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין פּאַרטיי־קאָמיטעט איז ער געווען איינער אַליין, אויסער אים — אַ קעמערל פון סטאָלאַר־אַרבעטער און איין מאָפּראָ־וויעץ. ערשט האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט פון פיר מאַן, איך — איינער פון זיי. איינער פון אונדז פיר — אַ קרעמער, וועמענס אַנזען איז געווען אַרונטערגעריסן, צוליב זיינע סקאַנ־דאַליעזע האַנדלונגען אַלס קרעמער. ער האָט געהאַט אַ דעצי־דירנדיקן איינפלוס אויפן סעקרעטאַר, אַזוי אַז פּאַקטיש האָט ער אַליין אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַציע. צוליב דעם וואָס איך בין נישט איינשטימיק געווען מיט זיינע מיינונגען, האָט ער זיך באַמיט מיך צו באַזייטיקן און אויפגעהערט מיך צו רופן אויף זיצונגען, אָנגעבנדיק פאַרשידענע תרוצים דערויף.

איך האָב זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן די לעגאַלע

---

1) אברהמל בלענקיטני, געבוירן אין 1911, אין קראַסנאָשיעלץ, ביי חסידישע עלטערן. אין 1915 ווערט ער פאַרטריבן צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע פונעם קליינעם שטעטעלע, וואָס ליגט נאָענט ביים „פּראָנט״ — קיין פּולטוסק, ווו ער פירט אָן אַקטיווע קאָמוניסטישע טעטיקייט, אַלס איינער פון די דאָרטיקע קאָמ. אָנפירערס.

אין דעם 2־טן וועלט־קריג עוואַקוירט ער זיך מיט זיין משפחה קיין רוסלאַנד. בעתן היטלער־אָנגריף אויפן ראַטן־פאַרבאַנד, מאָבי־ליזירט ער זיך אין דער רויטער אַרמיי. פון דאַן אָן ווערט זיין געביין פאַרשוווּנדן.

2) „מאָפּ״ר״: אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע צו העלפן און זאָרגן פאַר די מאַטעריעלע נויטן פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע פאַמיליעס. ווען נאָך די רייניקונגען און פּראָצעסן אין מאָסקווע איז די פּ.ק.פּ. אויפגעלייזט געוואָרן דורכן קאָמאינטערן אין יאָר 1930, איז די מאָפּ״ר געווען דער פעלד פאַרן המשך פון דער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין פּוילן.

3) זע ווייטער דעם אַרטיקל פון יהושע אַבראַמטשיק.

(קאָמ.) פּרעסע, אַזוי ביז פרילינג 1936. דאַן בין איך אַרעסטירט געוואָרן. געמוזט דעריבער אַוועק פון פּולטוסק צוריק קיין וואַרשע.

אין סוף פון זעלבן יאָר, האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ שווערע צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט און אָנגעהאַלטן ביז אָנפאַנג 1939. היימלאָז און נידערגעשלאָגן פון דעם מצב און נישט קאָנענדיק אַרבעטן אַקטיוו אין דער פּאַרטיי[4] — האָב איך דאָך נישט פאַרגעסן אין מיינע פליכטן אַלס קאָמוניסט; צו פירן אַן אויפקלערונגס־טעטיקייט צווישן אַרבעטער; צו פאַרטיידיקן די „מאָסקווער" פּראָצעסן" און די סאָוויעטישע

4) ווי באַקאַנט איז אין יאָר 1938 די קאָמ. פּאַרטיי אין פּוילן פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן.



צוויי אויסצוגן פון דער אויטאָביאָגראַפיע פון אברהמל בלענקיטני
(פאַקסימילע אנשטאָט זיין בילד)



חבורת נוער „שמאל" — אַ גרופּע קאָמוניסטן

אויסערן פּאָליטיק א״א, לגבי קעגנער און מכלומרשטע קאָ־מוניסטן״...

**יהושע אבראַמטשיק** פון טאָראָנטאָ שרייבט:

די יוגנטלעכע, וואָס זענען אַריינגעטרעטן אין דער לינקער באַוועגונג[5] (דער שרייבער פון די שורות איז גלייך פון ישיבה אַריינגעטרעטן אין דער באַוועגונג), האָבן געזען אין יענער צייט אין דעם ראַטן־פאַרבאַנד אַ מלוכה, וואָס האָט ברייט געעפנט דעם וועג פאַר דער יידישער יוגנט צו שטודירן און אַרבעטן. עס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סאָמע פונאַנדערבלי די יידישע קולטור מיט אַ ריי טעגלעכע יידישע צייטונגען, פאַרלאַגן, יידישע שולן, יידישע וויסנשאַפטלעכע פאָרש־אינסטיטוטן — אַ לאַנד, ווו אַנטיסעמיטיזם איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מלוכה־פאַרברעכן. דאָס איז געווען, נאַטירלעך, אַ גרויסע צוציִונגס קראַפט פאַר אַ טייל פון דער יידישער יוגנט, פאַר וועלכע עס זענען געווען באַגרענצט די מעגלעכקייטן צו שטודירן און אַרבעטן אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן. עס האָט זיך דעמאָלט קיינעם נישט געקאָנט אפילו חלומען, אַז עס וועט אין ר.פ. אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן פאַרניכטעט ווערן די יידישע קולטור מיט אירע גרעסטע און בעסטע שעפער; און ספּעציעל דער יידן־פּראָבלעם זאָל בלייבן נישט געלייזט. מיט פיל פון די דאָזיקע יוגנטלעכע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן און מיט וועמענס טעטיקייטן איך בין געווען גוּט באַקאַנט — אויף זיי וויל איך זיך ברייטער אָפּשטעלן און אַ טייל פון זיי גענוי כאַראַקטעריזירן. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז געהערן און אַרבעטן אין דער לינקער באַוועגונג, איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס מסירת נפש; פאַר יעדער קלענסטער אַרבעט האָט געדראָאָט מיט שווערע תפיסה, אורטיילן און פייניגונגען בעת דער אויספאָרשונג. טראָץ דעם אַלעם (אָפּזאָגנדיק זיך פיל מאָל פון אַ באַקוועם רויִק לעבן) זיך נישט אָפּגעשראָקן און געפירט אין די שווערסטע באַדינגונגען אַ ברייט פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

דער וואָס האָט משפיע געווען איך זאָל אַריינטרעטן אין דער קאָמ.־פּאַרטיי, איז געווען אַ סטאָליאַר־אַרבעטער, **מענדל בורשטין**, אַ האַרציקער גוטער חבר. זיין מוטער — אַן אַלמנה, האָט געהאַט אַ שפּייז־געשעפט אויפן אַלטן מקום. בערך אַ יאָר צייט געאַרבעט מיט אים צוזאַמען אין אַ סטאָליאַר־וואַרשטאַט. אַליין איז ער געקומען פון חדר, אַ פּלייסיקער לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור, פּאָליטיש באַוווסטזיניק. ער פלעגט פאַר מיר ממש מיט קינדערשער נאַיִווקייט מאָלן בילדער ווי אַזוי די יידישע יוגנט לעבט זיך אין ס.ס.ס.ר. און געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז פוילן איז רייף פאַר אַן ענלעכער רעוואָלוציע, אין וועלכער די יידישע יוגנט אין פוילן וועט אין דער נאָענטסטער צוקונפט קאָנען געניסן פון אַ פריידיק לעבן.

**די דריי ברידער פּאָגלמאַן** — אַלע פּאָליטיש קלאַסן־באַוווסטזיניק. דער יינגסטער, חיים, געווען בקי און שטאַרק באַהאַוונט אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור; ער איז געווען אַ שאַרפער דיסקוסאַנט און דער ערשטער קרבן פון דעם נייעם פאַרשאַרפטן תפיסה־רעגולאַמין פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, ווען פּאָליציי האָט באַנוצט טעראָר קעגן אים (אין שייכות מיט זיין ענין איז געווען אַן אינטערפּעלאַציע אין סיים. לעבט היינט אין פוילן).

**הערשקע ראָטבלאַט** — געקומען פון אַ גוט באַקאַנטער חסידישער פאַמיליע. געלערנט ביז 20 יאָר אין „שטיבל״. אַ גרויסער למדן. אונטער דער השפעה פון זיינער אַ שוועסטער, וועלכע האָט געאַרבעט אין וואַרשע, אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי. פאַר זיינע פאַרצווייגטע פּאָליטישע טעטיקייטן געוואָרן צוויי מאָל פאַרמשפּט. דעם ערשטן אורטייל פון 6 יאָר אָפּגעזעסן אין וואַרשעווער ציטאַדעל. דעם צווייטן אורטייל פון 4 יאָר אָפּגעזעסן אין פולטוסקער תפיסה (געלעבט נאָך דער מלחמה אין פוילן).

דאָבי, אַ יינגערע שוועסטער פון שלמה אהרן בלענקיטני (אנגעזעענער טוער פון לינקער פ״צ), געאַרבעט אין וואַרשע, געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער באַוועגונג, באַקומען 4 יאָר תפיסה; ווען זי איז אַרויס פון דער טורמע געווען לעבנסלוסטיק און מונטער ווי אַמאָל, און פאַרגעזעצט איר אומלעגאַלע פּאָליטישע אַרבעט (פאַרהייראַט, געלעבט אין פינסק).

**ביידע ברידער בוכהענדלער** — זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר פּאָליטישע טעטיקייטן; איינער פון זיי — נאָך נישט אַלט זייענדיק קיין 16 יאָר. דער עלטערער איז געווען פאַרמישט אין אַ פּראָצעס צוזאַמען מיט נפתלי ציגאַמאַן.

אויפן עלטערן האָט מען גערעדט, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. דאָס זענען געווען נישט מער ווי בייזוויליקע קלאַנגען. דער שרייבער פון די שורות איז געשטאַנען מיט אים אין אַן ענגן קאָנטאַקט אייניקע יאָר. ער פלעגט באַזאָרגן מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור אונדזער דאָרף (אַבריטע) און קיינמאָל נישט דורכגעפאַלן. (לעבט היינט אין פּאַריז).

**צבי סוזשע** — זיין פאָטער האָט געהאַט אַ שוך־געשעפט און האָט אַלע זיינע קינדער געגעבן וועלטלעכע בילדונג. צבי, נאָך אַלס שילער אין גימנאַזיע, האָט שוין געהערט צום „השומר הצעיר״. ווען ער איז אַוועק שטודירן קיין פראַנקרייך — אַריינגעטרעטן אין דער פראַנצויזישער קאָמ.־

5) די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

פּאַרטיי. קיין פּולטוסק איז ער געקומען ערב דער מלחמה אַלס „לינקער". נאָך דער קריג פאַרנומען אַ הויכן פּאָסטן אין דער פּוילישער רעגירונג.

ל י י ב ע ל ע  פ י ע ק אַ ז ש — מיינער אַ יוגנט־חבר (דער פּאַרצווייגענער „לע" פון זיין נאָמען האָט געשטאַמט צוליב זיין נידעריקן וווּקס), אַנגעלייענט אין יידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור, פאַרמאָגט אַ רייכע שפּראַך; זיינע שמועסן איבער רעליגיע זענען געווען גוט באַאַרבעט. געווען אויך, די לעצטע יאָרן, קאָרעספּאָנדענט פון ווילנער ייוו״א, געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר דער עקאָנאָמישער סעקציע פונעם אינסטיטוט. אַ געוויסע צייט געהערט צו דער לינקער באַוועגונג. שפּעטער זיך אָנגעשלאָסן צו די לינקע פּ״צ.

אין דער צייט פון דער מלחמה אַוועק קיין ר. פ. דאָרט האָט אים אַ נאָענטער פּאַרטיי־חבר געמסרט פאַר דער נ.ק.וו.ד. (ער געפינט זיך אין פּוילן).

ה ע ר ש  ר אַ פּ אַ פּ אָ ר ט — אַ זון פון אָרעמע עלטערן, האָט ער שוין פון די פריסטע יאָרן פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער און נויט. געפילט די אויסזיכטלאָזיקייט פון דער יידישער יוגנט ביים דעמאָלטדיקן פּוילישן האַלב־פאַשיסטישן רעזשים. ער האָט געגלייבט, אַלס ייד און רעוואָלוציאָנער, אַז נאָר אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע איז בכוח צו שאַפן בעסערע באַדינגונגען פאַר די פעלקער, וואָס האָבן באַוווינט פּוילן און בתוכם אויך יידן. אין די פריסטע יאָרן אַריינגעטראָטן אין דער לינקער באַוועגונג. לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי.

אין 1936, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער שפּאַנישער בירגער־קריג, איז הערשקע, דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, אָנגעקומען קיין שפּאַניע און געקעמפט אין דער אינטערנאַציאָנעלער בריגאַדע ביזן פאַלן פון דער שפּאַנישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. ווען די אויסלענדישע בריגאַדעס האָבן פאַרלאָזן שפּאַניע, אַוועק קיין פראַנקרייך, אינטערנירט אין אַ פראַנצויזישן לאַגער. שפּעטער באַקומען אַזיל־רעכט פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג, צוזאַמען מיט נאָך 10 אינטערנירטע.

אין יוני 1941, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און נאַצי־דייטשלאַנד, פאַרלאָזט מעקסיקאַ און געקומען קיין ראַטן־פאַרבאַנד. אין 1942, ווען עס האָט זיך געשאַפן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע די פּוילישע אַרמיי אויפן נאָמען פון טאַדעאוש קאָשציושקאָ, איז ער אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער פריש־געשאַפענער אַרמיי.

געפאַלן ביי לענינאָ אינעם ערשטן שלאַכט פון דער פּוילישער בריגאַדע מיט די נאַצישע האָרדעס.

נ פ ת ל י  צ י נ אַ מ אָ ן*) — באַקאַנט און אָנגעזען אין אונדזער שטאָט אַלס קולטור־געזעלשאַפטלעכער עסקן. אין 1934, איז ער צוליב אַ פּראָוואָקאַציע אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּוילישע דעפענסיווע. מורא האָבנדיק פאַר אַ שווערן אורטייל אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. אין 1936, בעת די באַרימטע סטאַלין־„טשיסטקעס" געווען איינער פון די ערשטע קרבנות, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די רוסישע נ.ק.וו.ד. אַלס כלומרשטער פּוילישער שפּיאָן.

ווען אַט די בורשטינס, ראַפּאַפּאָרטס, און צינאַמאָנס וואָלטן געלעבט אין דער אוממענטשלעכער פינצטערער צייט, וואָס אונדזער דור איז באַשערט געווען אַדורכצולעבן, וואָלטן זיי זיכער זיך ביטער אַנטוישט, נאָך די אַלע שיינע חלומות, אַז נאָר דער סאָציאַליזם קאָן פאַרענטפערן די יידן פראַגע, וועלכע איז היינט צו טאָג אין ראַטן־פאַרבאַנד נאָך פיל שאַרפער און שרייענדיקער ווי מיט צענדליקער יאָרן צוריק. אָבער געדענקען דאַרף מען, אַז די יוגנט האָט געלעבט מיט דעם שיינעם חלום פון אַ בעסערער און שענערער וועלט און מקריב געווען די בעסטע יאָרן פון זייער לעבן פאַר אַט דער אידעע. געדענקען און באַוווּנדערן דאַרף מען זייער מוט, אומבאַגרענעצער ליבשאַפט און קרבן־גרייטקייט פאַר אַט די דאָזיקע אידעאַלן.

*) נפתלי צינאַמאָן איז געווען איינער פון די באַגאַבטסטע יוגנטלעכע אין פּולטוסק, וועלכער האָט דערוואָרבן אויטאָדידאַקט זיין בילדונג און ליטעראַטור־קענטעניש. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יוגנטלעכע האָבן מיר אין יאָר 1923 געשאַפן אַ „יוגנטקרייז" ביי די לינקע פּועלי־ציון. אָבער נפתלי צינאַמאָן האָט אונדז אין גיכן פאַרלאָזט און איז אַריבער צו די קאָמוניסטן.

ווען מיר, אַ גרופּע פּועלי־ציוניסטן, האָבן אין יאָר 1925/26 געגרינדעט די געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", האָט ער, נפתלי, צוזאַמען מיט אַנדערע, פון פאַרשידענע ריכטונגען, געגרינדעט אַ צווייטע קולטור־געזעלשאַפט — די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק — און אַריינגעצויגן די גאַנצע יוגנט און עלטערע אַרבעטער אין אַ קולטור־פאַרמעסט.

(פון בוך „גורל", ז' 97, אהרן בלענקיטני, פארלאג י. ל. פרץ, ת״א)

ישראל זיסקינד

# די טעטיקייט פון „בונד"

אין יאָר 1917 האָט זיך געגרינדעט די בונדישע פּאַרטיי (אויפן נאָמען פון דער „גראָסער"־ביבליאָטעק) אין די לאָקאַלן אויף בענעדיקטינסקא 1, ווינקל 3־טער מאַי גאַס, אין הויז פון ה. נוטקעוויטש (שפּעטער האָט דאָס הויז געהערט צו נאָטע קאַמינסקי).

די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע: משה מלינאַרזש, חאַצקל שעלאָנטשיק, רובין, גרייעק, בערטשע זיסקינד, משה דאָמב, ווייזגאַרבער און חיימאָוויטש — אַלס פּאַרזיצער.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פּאַראיין ביים „בונד", אונטער דעם פּאָרזיץ פון וועלוול מאַצקי.

אין 1918, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די באַזיגטע דייטשן האָבן פּאַרלאָזט די שטאָט און דער קריזיס פון אַרבעטלאָזיקייט האָט זיך פּאַרשאַרפט, האָט די בונדישע פּאַרטיי צוזאַמען מיטן סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פּאַראיין אויף אַן אַלגעמיינער פּאַרזאַמלונג באַשלאָסן צו רופן אַלע יידישע בעלי־בתים פון שטאָט אויף אַן אסיפה אין דער יידישער גמינע — בנוגע הילף פּאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג אין שטאָט.

צו דעם באַשטימטן טערמין זענען כמעט אַלע שטאָט בעלי־בתים געקומען צו דער דאָזיקער אויסנאַם־זיצונג. עס האָט זיך גלייך געשאַפן אַ מין „רעטונגס־קאָמיטעט" און יעדער בעל־הבית האָט זיך געמוזט באַשטייערן מיט אַ געוויסן געלט־סכום, וואָס ער האָט איינגעצאָלט גלייך אויפן פּלאַץ און ווער נישט — האָט זיך געדאַרפט פּאַרפליכטן עס שפּעטער אָפּצוברענגען. איבער 2 טויזנט דייטשישע מאַרק זענען דע־מאָלט געשאַפן געוואָרן.

כדאי דאָ צו פּאַרצייכענען, אַז פון די ערשטע בעלי־בתים־מתנדבים, וועלכע האָבן „צום ערשטן וואָרט" זיך פרייוויליק און מיט אַ וואַרעם האַרץ אָפּגערופן אויף אונדזער פּאָרשלאָג, שפּענדנדיק גאָר חשובע געלט־סכומים אויף צו לינדערן די נויט פון דער באַפעלקערונג — זענען געווען: איטשע מאיר באומגאַרטן, אברהם חיים בלום, ראָזענבערג, בערל פיינשניי־דער, שאַפּראַן, אברהמל קאַמינסקי און איטשע מאיר גורמאַן.

כאָטש ביי אַ געוויסן טייל, איז דער ענין נישט אַזוי גלאַטיק „געגאַנגען"...

גלייך זענען מיר צוגעטרעטן צו פּאַרטיילן די פּראָדוקטן, וועלכע זענען איינגעשאַפט געוואָרן פּאַר דעם געלט. די, וועלכע האָבן נישט געקאָנט קומען אָפּנעמען זייערע „פּאַקעטן", זיך קרעמפּירנדיק — האָט מען אַריינגעשיקט אין שטוב.

די דאָזיקע אַרבעט איז געווען פּאַררעכנט אין שטאָט אַלס איינער פון די גרעסטע אויפטוען פון דער בונדישער פּאַרטיי אין פּולטוסק.

אין יאָר 1920, בעת דער פּוילישער מלחמה מיט די סאָוויעטן, זענען כמעט אַלע חברים מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און די טעטיקייט פון דער בונדישער פּאַרטיי איז אינגאַנצן פּאַראַליזירט געוואָרן.

אין יאָר 1923, ווען אַלע זענען באַפרייט געוואָרן, האָט דער „בונד" צוריק אויפגעלעבט, אָנגעהויבן זיינע טעטיקייטן, נאָך אין אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב ווי פריער. און דאָס שוין נישט אויפן נאָמען פון דער „גראָסער"־ביבליאָטעק, נאָר אויפן נאָמען פון דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, און מיט גאַנץ אַנדערע אָנפירנדיקע חברים ווי: יצחק באָטשאַן, נח קאהן, יצחק זשעזשניקער, לוי מלינאַרזש, מרדכי גאוואַרטשיק, לאה ניימאַן, חוה אינווענטאַרזש, ישראל זיסקינד, נאָסקע פינקעלשטיין א"א.

דער נייער לאָקאַל פון דער פּאַרטיי האָט זיך געפונען אינעם הויז פון ה' טוראַק, אין דעם געסל, וואָס האָט געפירט צום שעכטהויז.

די ביבליאָטעק האָט שוין דאַן פּאַרמאָגט אַן ערך פון טויזנט ביכער און עס איז געפירט געוואָרן אַ גרויסע קולטור־רעלע טעטיקייט. יעדן פרייטיק צו נאַכט פלעגן פּאָרקומען קעסטל־אָוונטן ביי אַ גרויסער צאָל צוהערער, מיטן אָנטייל פון די חברים: צינאַמאַן, גרינשפּאַן, ליפּמאַן (דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע) און אַ ריי אַנדערע חברים. ווי אויך פלעגן פּאָרקומען יעדן שבת פּאַרשידענע פּאָרלעזונגען פון באַקאַנטע רעדנער, וואָס זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון וואַרשע און אַנדערע גרעסערע שטעט. מיר פלעגן אויך פון צייט צו צייט

איינאָרדענען פאַרשידענע אונטערנעמונגען אין אונדזער אייגע־נעם לאָקאַל.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז יאָר 1931. פון דאַן אָן האָבן מיר, צוליב געוויסע סיבות, זיך געמוזט איבער־טראָגן מיט האַק און פּאַק (אין דעם: אונדזער שוין גרויס־אויסגעוואַקסענע ביבליאָטעק) אין הויז פון ה׳ קילאָוויטש, אויף סענאַטאָרסקאַ 5. שוין נישט אויפן נאָמען פון דער „פּרץ־ביבליאָטעק, נאָר אויף אַ גאַנץ נייעם נאָמען, וואָס האָט געהייסן: „קולטור־ליגע״.

עס האָבן שוין דאַן מיט אונדז מיטגעאַרבעט אונדזער אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, צווישן זיי: חיעל אַבאַזשאַנעק, משה יעלין, סרוליק ראַגאַזאַ, רובין (געפינען זיך אַלע אין ישראל).

עס איז צו באַדויערן, וואָס אונדזער בעסטער יוגנטלעכער חבר, מענדעלע אבאזשאַנעק, האָט נישט זוכה געווען צוריק צו קומען פון ראַטן־פאַרבאַנד. עד היום ווייסן מיר נישט, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

באַזונדער ווערט איז צו פאַרצייכענען אונדזער גרויסע אַקציע בעתן דורכפירן די שטאָט־ראַט וואַלן אין 1938; ווי אַזוי עס איז צושטאַנד געקומען דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער בלאָק, וועלכער איז באַשטאַנען פון „בונד״, לינקע פּועלי־ציון, האַנטווערקער און קאָמוניסטן, באַקומענדיק אין שטאָטראַט 6 מאַנדאַטן, בעת די בירגערלעכע פּאַרטייען מיט די בעלי־בתים האָבן נאָר באַקומען 2 מאַנדאַטן.

אינטערעסאַנטע סצענעס פלעגן זיך אָפּשפּילן ביי די וואַל־אורנעס, אין טאָג פון אָפּגעבן די שטים, ווען אין איין פאַמיליע פלעגן זיין פּאַרטיי־מענער מיט פאַרשידענע שטים־צעטלען...

ווי, למשל, זין, וואָס איינער האָט געהערט צום „בונד״ און דער צווייטער צום לינקן פּועלי־ציון — פלעגן שווער מלחמה האַלטן מיט זייער פאָטער, דעם אגודהניק, ער זאָל אָפּגעבן זיין שטים פאַר זייער פּאַרטיי און אַזוי להיפך.

איך וויל דאָ איבערחזרן, אַז אין משך פון די 22 יאָר, וואָס די בונדישע פּאַרטיי האָט עקזיסטירט און געווען טעטיק אין אונדזער שטאָט, איז געפירט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע פּאַר־צווייגטע אַרבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן ווי אויפן קולטורעלן געביט.

ווער פון אונדזערע פולטוסקער געדענקט נישט די אַלע איינגעאָרדנטע טעאַטער־פאַרשטעלונגען און רעציטאַציע־אָוונטן אויפן נאָמען פון דער יידישער קולטור־ליגע אין פולטוסק?

די פיל־מאַליקע קאָנצערטן פון יאָסעלע קאָלאָדני אין פולטוסקער שטאָט־טעאַטער, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט זיך ספּעציעל מטפּל געווען, אי מיט זיין פּערזענלעכן אַראָפּקומען, אי מיט דער לעגאַליזאַציע פון די אויפטריטן; די פאַרשטעלונג „אַ חתונה אין שטעטל״ מיטן אָנטייל פון די נאַשעלסקער אַמאַטאָרן (אַפּריל, 1939); די פאָרלעזונגען אין שטאָט־טעאַטער פון אַרטור זיגלבוים, יעקב פּאַט א״א, ווו דער זאַל פלעגט שטענדיק זיין איבערפולט?!

די טורינגער ביכער, וואָס פלעגן געטוישט ווערן, אָוונט ביי אָוונט, אין לאָקאַל פון דער געז. „קולטור־ליגע״?!

טאָ זאָל פאַרצייכנט ווערן לזיכרון אָט די גרויסע אימפּול־סיווע טעטיקייט פון אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט דעמאָלט פאַר־כאַפּט די יידישע גאַס, אַריינגעבלאָזן די האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן — ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דאָס אַלץ אָבער עקזיסטירט שוין נישט מער.

אונדזערע טייערע חברים זענען, צום גרעסטן טייל, שוין נישט מער ביים לעבן.

זאָלן זייערע נעמען און טעטיקייטן געהייליקט ווערן אין אונדזער ספר הזיכרון.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס אַ ליכטיקן אָנדענק צו זייער אומשולדיקן אומקום דורך די נאַצישע מערדער. הי״ד.





ה„בונד" — דער „בונד" מיט יחיאל אבאזשאנעק (2ער פון רעכטס, אין דער שטייענדיקער שורה)



**אַ גרופּע ערשטע חברים פון „בונד"**

מיט (אָנהייבנדיק פון רעכטס, אויבערשטע שורה): משה יאַקובאָוויטש, אריה פאַלדא, צירל ראָזנבערג, מוניעק רובינשטיין, משה גאַלינא, וועלוול קאָן, מירטשע פרידמאַן, רחל פרידמאַן, פעסע קאָן (די איבעריקע זענען חברים פון מאַקאָווע).



דער ערשטער בלימל־יום־טוב, איינגעאָרדנט דורכן „בונד" אין
פולטוסק — פאַר די פאָגראָם־געליטענע אין אוקראינע



„**בונד" מיט**: לייבל בורשטיין, יחיאל אבאזשאנעק, ישראל ראָגאָזאַ
צלאל וולאדארסקי, הערש וועלוול ראפאפארט

יחיאל אבאזשאנעק

# דער „בונד" אין מיין צייט

די לעגאַלע טעטיקייט פֿון „בונד" אין פּולטוסק, האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג צוזאַמען מיט דער גרינדונג פֿונעם „גראָסער"־קלוב, וועלכער האָט אין זיינער צייט געפֿירט אַ פֿאַרצווייגטע טעטיקייט צווישן די פּולטוסקער יידישע אַרבעטער און פֿאָלקס־מאַסן.

אויף וויפֿל מיר איז באַקאַנט, איז אַחוץ די טעטיקייטן אויפֿן קולטורעלן, פּאָליטישן, פּראָפֿעסיאָנעלן און ספּאָרט־געביט, וואָס דער „גראָסער"־קלוב האָט געפֿירט אין יענער צייט — אויך געפֿירט געוואָרן אַ פֿאַרצווייגטע אַרבעט אויפֿן קאָאָפּעראַטיוון געביט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון: באַזאָרגן די אָרעמע באַפֿעלקערונג מיט לעבנסמיטלען און פּראָדוקטן, וואָס איז דעמאָלט זייער שווער געווען צו באַקומען. ביים „גראָסער"־קלוב איז געווען אַ ביליקע אַרבעטס־קיך פֿאַר אַרבעטס־מענטשן, אָנגעפֿירט דורך די חברים: יעקב מעלניק, אברהם וואַנסאָווער און עלי פּיעקאַרזש. ס'איז אויך געווען אַ בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, וווּ ס'איז געווען טעטיק דער ח' פֿישל ראָזנבלום און אַנדערע.

מיט דער אַלגעמיינער טעטיקייט פֿונעם „גראָסער"־קלוב האָבן אָנגעפֿירט די חברים: איטשע וואַרטאָווסקי, משה גאַלינא, שמואל־לייב רובין, חיים חיימאָוויטש, יצחק שעלאָנטשיק, כאַצקל שעלאָנטשיק, נח שעלאָנטשיק, יעקב שעלאָנטשיק, וועלוול רובינשטיין, מאַניעק רובינשטיין (אַ לערער אין דער יידישער גימנאַזיע), ד"ר ליפּמאַן, אריה פּאַלדאַ, משה יאַקאָבאָוויטש, יידל יאָסקאָוויטש, שמחה ראָגאָזאַ, פֿישל ראָזנבלום, ד"ר שאַיע בזשעזשינסקי און פֿרוי, חיה לאַמפּאַרט, אינז' שווערגאָלד (טעטיק אין דער יידישער גימנאַזיע), חוה אינוועזטאַזש, עלי פּיעקאַזש, יעקב מעלניק, אברהם וואָנסאָווער, שאָשע לאַסקאַ, אברהם פֿאַרבעראָוויטש, שראָלטשע גראַביע, די פֿרוי פֿון ד"ר אורנשפּיגעל (פֿון דער היים: מירלאַש) און אַנדערע.

די טעטיקייט פֿונעם גראָסער־קלוב איז געווען, ווי אויבן דערמאָנט, גאָר אַ פֿאַרצווייגטע און האָט אַרומגענומען גרויסע טיילן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג, איבערהויפּט פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די קולטורעלע אויפֿקלערונגס־אַרבעט איז געפֿירט געוואָרן אין אַ גאַנץ ברייטן פֿאַרנעם, צווישן די אַקטיווע אויפֿן דאָזיקן געביט זענען געווען ד"ר ליפּמאַן און פֿרוי אורנשפּיגל־מירלאַש.

אויך די אַרבעט אויפֿן פּראָפֿעסיאָנעלן געביט האָט זיך שטאַרק געלאָזט מערקן אין שטאָט, ווייל די לאָזונג פֿאַר אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג האָט אין יענער צייט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג. סעקרעטאַר פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין איז געווען ח' איטשע וואַרטאָווסקי.

אויך אויפֿן ספּאָרט־געביט איז געפֿירט געוואָרן אַ דערציערישע טעטיקייט, אָנגעפֿירט פֿונעם ח' רובינשטיין א"א. מיט דער קולטורעל־דערציערישער אַרבעט האָבן אָנגעפֿירט די חברים גאַלינאַ, וואַרטאָווסקי א"א.

צום באַדויערן באַזיץ איך נישט קיין גענויע מאַטעריאַלן וועגן די גרויסע טעטיקייטן פֿונעם „בונד" אין יענער צייט, ווייל זייער ווייניק חברים פֿון יענעם דור געפֿינען זיך צווישן די לעבעדיקע.

שפּעטער, ווי באַוווסט, האָט זיך די טעטיקייט פֿונעם „בונד" איבערגעטראָגן אין לאָקאַל פֿון דער אַלגעמיינער פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז מיט דער צייט איבערגעגאַנגען צום „בונד", אונטערן נאָמען „קולטור־ליגע". ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ברייטע אויפֿקלערונגס־אַרבעטן צווישן די אָרעמע פֿאָלקס־שיכטן, כדי זיי אַריינצופֿירן אין דער אָרגאַניזאַציע און מיט דער הילף פֿון איינגעאָרדנטע פֿאָרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן און אויפֿקלער־פֿאַרזאַמלונגען איז אונדז געלונגען צו פֿאַרגרעסערן די רייען פֿון דער אָרגאַניזאַציע אויף אַ קאָלאָסאַלן אופֿן.

די פּאַרטיי האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונג אינעם יידישן לעבן בכלל און אינעם לעבן פֿון די פּולטוסקער יידן בפֿרט. מיט באַגרענעצטע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן און אָרעם אין אינטעלעקטועלע כוחות, ווייל די טוער פֿון „בונד", ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט, זענען געווען אַרבעטס־מענטשן פֿון פֿאָלק, וועלכע האָבן געפֿירט אַ שווערן קאַמף פֿאַר זייער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ — האָט די פּאַרטיי געשטרעבט צו רעאַ־

ליזירן אירע אידעאַלן. זי האָט אָנגעפּילט מיט האָפענונג די אַנגעווייטיקטע יידישע פאָלקס־מאַסן; האָט זיי געלערנט און געוויזן דעם וועג צו אַ שענערן, בעסערן לעבן. דעראַבערנדיק צוטרוי אויף דער יידישער גאַס אַ דאַנק איר טעטיקייט האָבן זיך אירע רייען אין פּולטוסק צעוואַקסן.

דער „בונד", ווי אַ יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, האָט אויפגעוועקט דעם יידישן אַרבעטער פון זיין לאַנגן דרימל און אים צוגעגרייט צו גרויסע מעשים. אַזוי איז געווען אומעטום, ווו דער „בונד" האָט עקזיסטירט און אַזוי אויך אין פּולטוסק. כאָטש מיט גאַנץ באַשיידענע מיטלען, אָבער מיט אַ מעכטיקן ווילן האָט די פּאַרטיי געפירט איר קאַמף מיטן אַנאַלפאַבעטיזם. מיט דער הילף פון זעלבסטבילדונגס־קרייזן איז אויפגעעפנט געוואָרן דער וועג צום בוך און מיט דעם געשטאַרקט און געהויבן דעם גייסט פונעם אַרבעטנדיקן מענטש.

די ערשטע באַגעגענישן פונעם „בונד" מיט דער פּולטוס־קער באַפעלקערונג זענען געווען ביי די וואַלן. דאָס זענען געווען ברייטע פּאָליטישע אויפקלערונגס־אַקציעס, פּנים אל פּנים מיט דער שטאָטישער ווירקלעכקייט. ס'זענען פאָרגע־קומען פאַרזאַמלונגען אין לאָקאַל און מיטינגען אונטערן פרייען הימל מיט דער באַטייליקונג פון חברים פונעם בונדישן צענ־טראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע. פון די וואַלן צום פּוילישן סיים, צום שטאָט־ראָט אָדער צו דער יידישער קהילה — האָט די פּאַרטיי אַ סך געוואָנען; עס זענען צוגעקומען פיל נייע חברים.

דער „בונד" האָט געהאַט אירע אויסגעוויילטע פאָרטרע־טער אין שטאָטראָט, די חברים יצחק באַטשאַן (אַ שניידער) און וועלוול מאַצני (אַ שוסטער), וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער יידישער און ספּעציעל אָרעמער באַפעל־קערונג אין פּולטוסק (אין יאָר 1939 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראָטמאַן פון „בונד" ח' נוטקעוויטש).

מ'מוז צוגעבן, אַז נישט בלויז ביי די וואַלן האָט דער „בונד" געפירט זיין אויפקלערונגס־אַרבעט, נאָר אויך אַ גאַנץ יאָר. צו דעם צוועק זענען זייער אָפט אין שטאָט איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן און פאַרלעזונגען פון באַקאַנטע בונדישע טוער ווי: ערליך, הימלפאַרב, יעקב פאַט, לעאָ פינקלשטיין, זיגלבוים, אייסעראָוויטש א"א. ס'פלעגן אויך פאָרקומען צו־זאַמענטרעפונגען מיט חברים פון די שכנותדיקע שטעטלעך.

מיט דער צייט האָבן זיך געגומען אויסברייטערן די האָרי־זאָנטן פאַר דער בונדישער טעטיקייט און פּולטוסק. די נויט־וועגדיקייט פאַר אַ צושטראָם פון יונגע כוחות און די רייפקייט פונעם געדאַנק צו שאַפן אַ היים פאַר יונגע יידישע אַרבעטער און אַרבעטער־קינדער, וועלכע נייטיקן זיך אין אַ סאָציאַליס־טישער דערציִונג — איז געווען די סיבה פון דער גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע „יוגנט־בונד „צוקונפט". צווישן דער ערשטער גרופּע יוגנטלעכע זענען געווען די חברים יואל אַבאַזשאַנעק, צלאל וואָלאָדאַרסקי (וועלכער איז געקומען דורך זיין ברודער מאָטל וואָלאָדאַרסקי, אַ פּאַרטיי־חבר נאָך פון פריער) און דער שרייבער פון די שורות. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע ווערבירונגס־אַקציע, אַריינצוציען נייע יונגע חברים אין דער דאָזיקער יוגנטלעכער אָרגאַניזאַציע.

אונדזער אַרבעט איז געווען אַ פּרוכטבאַרע: אַרבעטער־ייִנגלעך און מיידלעך פון די אָרעמסטע יידישע שיכטן אין שטאָט זענען צו אונדז געקומען. די ערשטע עבודה איז געווען, צו דער־לאַנגען אַ ביסל „ליכט" דעם אַרבעטער־יונגוואַרג און אויס־צוּוואָרצלען ביי זיי דעם אַנאַלפאַבעטיזם. ווי מאַכט מען עס? קיין פעדאַגאָגן און לערער זענען נישט געווען צוגעגרייט פאַר דעם. חברים מיט גוטן ווילן און זייער באַשיידענע קענטעניש האָבן עס געטאָן. מ'האָט געלערנט לייענען און שרייבן און אויך זענען געשאַפן געוואָרן קרייזן, ווו מ'האָט געלערנט גע־שיכטע פון סאָציאַליזם און פון דער אַלגעמיינער און יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיט די דאָזיקע קרייזן האָבן אָנגעפירט די חברים יצחק זשעזשניקער, וועלוול מאַצני, נאָסקע פינקל־שטיין, ביילע געוואָרטשיק א"א. ס'האָט זיך געשאַפן אַ כאָר, אָנגעפירט פון ח' פינקלשטיין, ווו מ'האָט געלערנט זינגען פאַרשידענע אַרבעטער־און פאָלקס־לידער און איינגעאָרדנט פון צייט צו צייט פאַרשידענע פאַרוויילונגס־אימפּרעזיעס.

דער צושטראָם פון די יוגנטלעכע איז וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן, ווייל די יוגנט פון די אָרעמע שיכטן האָט דאָ געפונען איר פּלאַץ און איר שטאָלץ. זי האָט דערפילט איר נוצלעכקייט אין אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויסגעוואָרצלט דעם מינ־דערווערטיקייט געפיל פון די אַרבעטער־קינדער אַלס אָרעמער שיכט אין שטאָט, אויף וועלכן מ'האָט שטענדיק געקוקט מיט נישט קיין קליינעם ביטול...

ס'איז אויך געזאָרגט געוואָרן פאַר דער פיזישער דער־ציִונג פון דער יוגנט. עס האָט זיך געשאַפן אַ ספּאָרט־סעקציע אונטערן נאָמען „מאָרגנשטערן" מיטן ח' נח קאַן בראש, וועלכער איז אגב געווען אַ גרויסער ספּאָרט־ליבהאָבער.

די יוגנט האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן אויסצופירן אַ סך וויכטיקע אַרבעטן פאַר דער פּאַרטיי. גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלערליי אָרגאַניזירונגען, אונטערנעמונגען און פּאַרטיי־דערשיינונגען: ביי די סיים־אָדער שטאָט־וואַלן ווי ביי דער אַגיטאַציע, ווו ס'איז געווען נויטיק צו באַזוכן די היימען פון די פּולטוסקער איינוווינער; ביי די איינגעאָרדנטע בלימל־טעג פון דער „קולטור־ליגע"־געזעלשאַפט; ביים פאַר־

שפרייטן איר יוגנט־אָרגאַן „יוגנט בונד צוקונפט״; ביים פאַר־טרעטן עלטערע חברים, וועלכע האָבן צוליב דאגת המשפחה אָדער אַנדערע סיבות נישט געקאָנט זיין אַזוי אַקטיוו — אומעטום האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער חבר מיט זיין מסירות, ענערגיע און אַקטיוויטעט.

אומבאַשרייבלעך־גרויס זענען געווען די איבערלעבונגען פון דער יוגנט ביי אירע פאַרטייִשע מיטאַרבעטן. די צוזאַמענ־טרעפונגען מיט די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון די אַרומיקע שכנותדיקע שטעטלעך פלעגן אַרויסרופן אַן אַ שיעור ענטוזי־יאַזם ביי אונדזערע יוגנטלעכע. ווער שמועסט שוין, ווען עס איז אונטערגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפלי פון דער יוגנט בונד „צוקונפט״ אין פוילן. מ׳האָט זיך דערצו געגרייט ווי צו אַן אויסטערליש געשעעניש, וואָס האָט זיך אַריינ־געוועבט אינעם לעבן פון דעם יונגן אַרבעט־מענטש; דער באַזוך, צום ערשטן מאָל, אין דער פוילישער רעזידענץ־שטאָט וואַרשע, ווו דער פלי איז פאַרגעקומען אַא״וו אַא״וו. די כסדרדיקע גרויע וואָכעדיקייט, נויט און נידערגעשלאָגנקייט, וואָס האָבן ביז היינט געקלעמט דעם פאָלקס־יוגנטלעכן, אָן אַ טראָפּן פרייד און צוזאָג — זענען פאַרשוווּנדן אין דער פאַרטייִישער אַרבעט. אַ נײַ לעבן האָט זיך אַנטפּלעקט! די ברייט־פאַרצווייגטע יוגנטלעכע אַרבעטן סײַ אין גאַס, סײַ אין די ד׳ אמות פון דער אָרגאַניזאַציע; די פרייע שפּאַצירן איבער דער שטאָטישער בריק אין די זומער־אָוונטן, ווו יוגנט־גרופּעס פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פלעגן זיך צונויפ־טרעפן און יעדער גרופּע פלעגט דער אַנדערער וועלן איבער־שטייגן מיט אידעע געזאַנגען און ספּעציפישע פאַרטיי־לידער — דאָס אַלץ האָט געקאָנט עדות זאָגן אויף דער קאָלאָסאַלער ענדערונג אינעם גייסט און באַנעם פון דעם יוגנטלעכן. די פריערדיקע נעבעכדיקע יינגלעך און מיידלעך זענען מיט דער צייט געוואָרן אַקטיווע טוער אין דער פאַרטיי און גענומען מיט שטאָלץ אויף זיך דעם עול פון געזעלשאַפטלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט.

אויך אַ סך שווערע יאָרן זענען אַריבער איבער דער פאַרטיי. נישט לייכט איז אונדז אָנגעקומען צו דערהאַלטן דעם לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע, צוליב אונדזערע שוואַכע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, אָן אַ שום אונטערשטיצונג פון וועלכער עס איז אינסטיטוציע; זענען די פאַרטיי־אויסגאַבן געדעקט געוואָרן פון די אַרבעטער־גראָשנס, וואָס די חברים האָבן איינגעצאָלט. נישט איינמאָל האָט געטראָפן אַז מ׳האָט געשלאָסן דאָס עלעקטרישע ליכט און די פאַרזאַמלונגען פלעגן געפירט ווערן ביי אַ חלבנע ליכטל; און נישט איינמאָל האָבן מיר געמוזט דעם לאָקאַל פאַרלאָזן, ווייל ס׳איז נישט געווען צו באַצאָלן קיין דירה־געלט; מאַנאַטן לאַנג זיך אַרומגעדרייט אויף דער גאַס און געפירט די אָרגאַניזאַציע־טעטיקייטן אין די פּריוואַטע שטיבער פון אונדזערע חברים. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען די חברטע חוה אינוועג־טאַרזש, וועלכע האָט אומצייליקער מאָל געווידמעט איר הויז פאַר אונדזערע טעטיקייטן. נאָר אַ דאַנק דעם שטאַרקן ווילן און גרויסע ליבע פון אונדזערע חברים צו דער פאַרטיי און אויך מיט דער הילף פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע און שווער פאַר־האַרעוועטע גראָשנס זענען מיר בכוח געווען צו דינגען אַ צווייטן לאָקאַל און צוריק צו עפענען פאַר זיי אַ פאַרטיי־היים. די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעטן פלעגן די חברים פירן אין די אָוונטן, נאָך אַ גאַנצן טאָג זיין באַשעפטיקט ביי זייערע אַרבעטס־פּאָכן. די אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט געהאַט קיין געצאָלטע אינסטרוקטאָרן. יעדער איינער האָט פרייוויליק דערפילט זיין פאַרטייִישן חוב. אָפטמאָל איז די פאַרטיי־אַרבעט געווען פאַרבינדן מיט אַ פאַרלוסט פון אַרבעטס־טעג פאַרן חבר.

ווען די „יוגנט בונד צוקונפט״ האָט באַשטימט צו מאַכן אַ פאָן, האָבן די צוקונפטיסטן זי אַליין אויסגעהאַפטן. מיט פריידיקן ציטער און מיט אַ געפיל ווי צו אַ הייליקייט האָבן זיי אויסגענייט יעדער אות, יעדעס וואָרט. און אַז די פאָן איז געוואָרן פאַרטיק און אַנטהילט, האָט יעדער יוגנטלעכער גע־פילט, אַז ער האָט באַקומען עפּעס אַזאַ זאַך, וואָס מאַכט אים זיכערער און פעסטער אין זיין גלויבן פאַר אַ בעסערער, שענערער און מענטשלעכער וועלט.

עס איז אויך נישט צו פאַרגעסן די פּרעסע־טעג פון דער „פאָלקסצייטונג״, דער טעגלעכער פאַרטיי־אָרגאַן פון „בונד״, ווען די יונגע בונדיסטן, צוזאַמען מיט די עלטערע חברים, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די פּולטוסקער גאַסן מיט פּעק צייטונגען אונטערן אָרעם, אַזוי אַז ס׳איז כמעט נישט געווען קיין איין שטוב פון אַן אַרבעטער אָדער פאָלקס־מענטש, ווו די „פאָלקסצייטונג״ זאָל נישט האָבן דערגאַנגען. און ווער פון די פּולטוסקער אַרבעטער־קרייזן האָט נישט געקענט דעם אַקטיוון יוגנטלעכן בונדיסט, מענדעלע אַבאַזשאַ־ניק, וועלכער האָט זיין גאַנץ יונג לעבן אָוועקגעשאַנקען דעם „בונד״ און זיין סאָציאַליסטישן געדאַנק; וועלכער האָט זיך געפרייט, צוקוקנדיק ווי דאָס בונדיש־סאָציאַליסטישע וואָרט קומט צו די פּולטוסקער יידישע פאָלקסמאַסן און איז טאַקע שטענדיק געווען דער שלאָגלער פון דער גרעסטער צאָל פאַר־שפּרייטע פאָלקסצייטונגען אין אונדזער שטאָט (אומגעקומען פון הונגער און דערשעפּונג, אין יאָר 1942, אין די סטעפּעס פונעם סאָוועטישן אוזבעקיסטאַן). דער זעלבער ענטוזיאַזם

איז אויך געווען ביים פאַרשפּרייטן די ליטעראַרישע אויסגאַבעס פון „בונד" ווי: „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור", „פאָרויס", ווי אויך זשורנאַלן אין דער פּוילישער שפּראַך: „מישל סאָציאַליסטשנאַ", וואָלנאַ מלאַדזשעש" א״א. דער פּרעסע־קאָמיסיאָנט איז געווען ח׳ ישראל זיסקינד.

דער „בונד" צוזאַמען מיט דער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע האָבן אויך געזאָרגט וועגן שאַפן אַ היים פאַר די אַרבעטער־קינדער, און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די קינדער־אָרגאַניזאַציע: „סקיף" (סאָציאַליסטישער קינדער פאַרבאַנד), וועמעס טעטיקייט ס׳איז באַשטאַנען פון אַריינציען אַרבעטער־קינדער אין אירע רייען און געבן זיי אַ סאָציאַליסטישע דערציִונג. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן פאַר די קינדער אָוונט־קורסן פאַר לייענען און שרייבן יידיש, אײַנפלאַנצנדיק אין זיי אַ ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, צום סאָציאַליזם און צו אַרבעט. ס׳זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אָפטע אויספלוגן און שפּאַצירן אין וואַלד און אין פעלד. פאַרכאַפּט איז יעדער געוואָרן אין דער געזעלשאַפט פון די שטיפערישע סקיפּיסטן און סקיפּיסטקעס. יונגער איז מען געוואָרן, הערנדיק זיי זינגען: „מיר זענען יונג און דאָס איז שיין"... אָדער ווען זיי פלעגן אין קאָלעקטיוו לייענען פאַרשידענע קינדער־דערציילונגען פון דער „קליינער פאָלקסצייטונג", וואָס פלעגט דערשיינען יעדן פרייטיק. זיי פלעגן אויך זיך באַטייליקן אין פאַרשפּרייטן די „פאָלקסצייטונג" אין די פרעסע־טעג. די עלטערע סקיפּיסטן האָבן אויך אָנטייל גענומען אין די דעמאָנסטראַציעס פון 1־טן מאַי. ווען איך שרייב פון דער דאָזיקער קינדער־אָרגאַניזאַציע מוז איך דערמאָנען די צוויי באַגאַבטע קינדער פון זייער אָרעמע היימען, דעם סקיפּיסט לייבטשע שייקעוויטש און די סקיפּיסטין חנה פּיגאַ, וועלכע האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זייערע אַרבעטן פאַר דער אָרגאַניזאַציע. זיי וואָלטן זיכער דערגאַנגען צו אַ מדרגה פון טיכטיקע טוער פאַר דער יידישער אַרבעטער־געזעלשאַפט. מיט דער טעטיקייט פון „סקיף" האָבן אָנגעפירט די חברים מענדעלע אַבאַזשאַנעק, בנימין מעלניק, מאַשאַ באַטשאַן, העניע זעלמאַנאָוויטש און אַנד.

זאָל מיר דערלויבט זיין דאָ צו דערמאָנען ח׳ יצחק שעפּטער, אַ יוגנטלעכן אַרבעטער, וועלכער איז געווען פאַרזיצער פון „יוגנט בונד צוקונפט" ביז צום אויסברוך פונעם 2־טן וועלט־קריג. ער איז געווען אַן אַרבעטער יינגל פון זייער אַן אָרעמע היים. ווען ער איז אַריינגעטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע איז ער געווען ווייט פון וועלכער עס איז בילדונג. מיט דער צייט געוואָרן אַקטיוו און איז דערגאַנגען צו אַ מדרגה פון אַן אָנפירער, פאַר וועלכן דער וועג צום בוך און צום שריפט איז געווען אָפן. צוזאַמען מיט אים האָבן מיט־געאַרבעט די חברים בנימין מעלניק, שאולקע קנאָרפּעל און אַנדערע.

ווען ביי דער פולטוסקער אַרבעטערשאַפט איז מיט דער צייט רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָבן זיך אָנגעהויבן צום ערשטן אָרגאַניזירן די סטאָליאַר־אַרבעטער, ווייל דאָס פאַך איז אין שטאָט געווען זייער פאַרצווייגט. דערנאָך: שניידער־אַרבעטער און אַנד. די חברים פון „בונד" זענען געווען פאַרטרעטן אין די אָרגאַניזיר־גרופּעס און זיך אַקטיוו באַטייליקט ביים אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט. ביי די סטאָליאַרעס איז געווען טעטיק דער ח׳ ישראל ראַגאַזאַ. דער שרייבער פון די שורות איז געווען פון די אָרגאַניזאַטאָרן און טעטיקע פון באַקלייד־פאַראיין און אויך זיין פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר, ווי אויך טעטיק אין די דאַמען־קליידער און־שמוקלער סעקציעס. צוזאַמען מיטן ח׳ משה נאַדאַלני (אַ טרעגער־אַרבעטער) אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיטן טרעגער־פאַראיין. דער בונדיסט יודל יאַלאָוויטש איז געווען טעטיק ביי די בעקערס.

דער „בונד" אין פולטוסק האָט אויך נישט פאַרגעסן אין די האַנטווערקער און כאַלופּניקעס. פולטוסק איז געווען מער אַ שטאָט פון יידישע פאַכן ווי פון אינדוסטריע, וועלכע זענען באַשטאַנען פון שוסטעריי, שניידעריי, סטאָלעריי, היטל־מאַכעריי, שמידעריי אד״ג. קיין גרויסע וואַרשטאַטן זענען נישט געווען בנמצא. די אַרבעטס־געבער זענען צום מערסטן באַשטאַנען פון האַנט־ווערקער און כאַלופּניקעס, וועלכע זענען אַליין אויך געווען אַרבעטער און האָבן געהאַט זייערע אייגענע פּראָבלעמען. אויף דעם עלעמענט האָט דער „בונד" אָרגאַניזירט, געשאַפן אַ סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין, אָנגעפירט דורך די חברים יצחק באַטשאַן, וועלוול קאָהן, נאָסקע פינקעלשטיין, וועלוול מאַצני, אָגורעק און בערטשע זיסקינד. ס׳איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ליי־קאַסע פאַר די האַנט־ווערקער און כאַלופּניקעס. עס איז צו דערמאָנען דאָ דעם ח׳ וואַרטאָווסקי, דעם פירער פון דעם פולטוסקער רעליף־קאָמיטעט אין אַמעריקע, וועלכער האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופן אויף אונדזער ווענדונג וועגן דער גרינדונג פון דער ליי־קאַסע. צו דער דאָזיקער אַרבעט איז אויך צוגעשטאַנען דער ח׳ באַטשע רינג (אַ לערער פון די „פּאָוושעכנע" שולן), וועלכער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג. ביזן אויסברוך פון דעם קריג איז מיר אויסגעקומען מיט אים צו שטיין אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט, מיט אים געאַרבעט ביי די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן, צוזאַמען אַרויסגעטרעטן אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען אין פאַרשידענע מקומות פון דער שטאָט (ווי אין דער שטאָטישער

שול, אין די חסידים־שטיבלעך, ווו יידן זענען זיך צונויפ־געקומען צום דאַווענען א״א). ביי די דאָזיקע שטאָט־ראָט וואַלן איז אויסגעווײַלט געוואָרן, ווי אויבן דערמאָנט, דער ח׳ נוטקעוויטש אַלס ראַטמאַן. לויט אַלע סימנים איז דער ח׳ רינג אומגעקומען אין די סאָוויעטישע לאַגערן.

דאָס אָרגאַניזירן די פּולטוסקער אַרבעטער אין די פּראָפ.־פּאַראיינען איז גאָר נישט געווען פון די לייכטע זאַכן, ווייל די פּולטוסקער אַרבעטס־געבער זענען שוין געווען אָפּגעווינט פון האַלטן אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון פּראָפ.־פּאַראיינען. דערפאַר האָט זיך געפירט אַ שטאַרקער קאַמף פאַר אָנערקענונג פון די דאָזיקע פּראָפ־פאַראיינען און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט שטרייקן. טראָץ די קליינע שטרייקן, וואָס פלעגן אויסברעכן צוליב פאַרשידענע אַרבעטס־קאָנפליקטן, זענען אויך פאָרגעקומען אַלגעמיינע שטרייקן, מיט וועלכע עס פלעגן זיך סאָלידאַריזירן אויך אַרבעטער פון אַנדערע צווייגן. עס איז ווערט צו דערמאָנען דעם סאָלידאַריטעט־שטרייק מיט די פּוילישע אַרבעטער פון בוי־פאַך, ווי אַלע אַרבעטער פון שטאָט האָבן געשטרייקט און ער איז אפילו פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הונגער־שטרייק. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אין אַן אויסנאַם־צושטאַנד, צוליב דער פּאָליציי, וואָס האָט פּאַטראָלירט איבער די גאַסן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזעלכע אַקציעס זענען אויך פאָרגעקומען אַרעסטן. אַ גרויסער אַרעסט איז פאָרגעקומען בײַם שטרייק פון די שניידער־אַרבעטער — ביי אַ פאַרזאַמלונג אין בונדישן לאָקאַל. דער לאָקאַל איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער פּאָליציי און אַלע שטרייקנדיקע זענען אַרעסטירט געוואָרן. דאָס פירן איבער די גאַסן אַזאַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער מיט פּאָליציי, האָט געמאַכט דאַן אין שטאָט אַ גרויסן רושם.

דער „בונד" אין פּולטוסק איז אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער פּויליש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּ.פּ.ס. און פלעגן צוזאַמען פירן באַראַטונגען איבער פאַרשידענע פּאָליטישע פראַגן ווי געמיינזאַמע וואַל־אַקציעס צום פּוילישן סיים, ערשטע מאַי־פייערונגען און אַנדערע וויכטיקע ענינים, וועלכע זענען געשטאַנען אויף אַ בשותפותדיקער טאָג־אָרדענונג.

אונדזערע בונדישע חברים זענען אויך געווען טעטיק ביי פאַרשידענע אַלגעמיין־יידישע שטאָט־אַקציעס ווי: זאַמל־אַקציעס פאַר די יידישע וועלטלעכע פאָלקס־שולן, אַקציעס פאַרן ייוו״א (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט) א״א. אויף די געז. „אָרט", וועלכע האָט האַרט פאַרן קריג אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין פּולטוסק איז געווען פאַרטרעטן דורך דעם ח׳ נאָסקע פינקלשטיין. אויך אין דעם שטאַטישן דראַמ־קרייז, וועלכער איז געווען טעטיק אַ סך יאָרן, זענען געווען פאַרטרעטן די חברים משה פאַלדאַ, לוי מלינאַזש, נאָסקע פינקלשטיין, שאשע לאָסקאַ, שלמה ציטרינאַזש און אַנד. צוזאַמען מיט די לינקע פּועלי־ציון זענען אויך געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען צו עפענען אַ קינדער־היים ווי אַן אָפּטיילונג פון די יידישע וועלטלעכע שולן.

דער אויסברוך פונעם צווייטן וועלט קריג האָט צונישטגעמאַכט דעם פּלאַן צו גרינדן אַ טאָ״ז־געזעלשאַפט (צו פאַרהיטן דאָס געזונט), וואָס איז לעצטנס געווען זייער פּאָפּולער אין פּוילן. די בונדיסטן האָבן זיך צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע חברים באַטייליקט אין די ערשטע גרינדונגס זיצונגען מיט די ספּעציעל באַרופענע פערזאָנען דערצו ווי: ד״ר טאָמבאַק, ד״ר בזשעזשינסקי, ד״ר ניסניעוויטש און אַנד׳.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאָנען, אַז אויף אַלע אונדזערע ווענדונגען צו די דאָקטוירים בזשעשינסקי און טאָמבאַק, וועגן פאַרשידענע פּאַרטייִישע אַקציעס — פלעגן זיי זיך שטענדיק וואַרעם און מיט פיל פאַרשטענדעניש אָפּרופן.

די ערשטע־מאַי־דעמאָנסטראַציע פון די לעצטע יאָרן פאַר דעם קריג, זענען פאָרגעקומען צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער און זענען געווען זייער אימפּאָזאַנט, טראָץ די רעפּרעסיעס פון דער פּאָליציי, וועלכע האָבן אַלץ געטאָן, כדי אָפּצושרעקן די יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן זיך אין די דעמאָנסטראַציעס נישט באַטייליקן. אַז די רעפּרעסיעס האָבן נישט געהאָלפן און די יידישע אַרבעטער האָבן דאָך דעמאָנסטרירט, פלעגט די פּאָליציי זיך נוקם זיין אין די צוקונפטיסטן, וועלכע האָבן זיך אין די דעמאָנסטראַציעס באַטייליקט. דער גוטבאַקאַנטער הינטישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט שליווע מיט דעם פּאָליציי־אַגענט שמוליקאַווסקי פלעגן גיין לעבן די רייען פון די צוקונפטיסטן און זיי דראָען, אַז גלייך נאָך די דעמאָנסטראַציעס וועלן זיי אַרעסטירט ווערן און אַז מ׳וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען אאז״וו. די צוקונפטיסטן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן און מיט התלהבות געוואָרפן די לאָזונגען קעגן פאַשיזם און רעאַקציע, פאַר פרייהייט און סאָציאַליזם. יעדער דעמאָנסטראַציע פלעגט זיך ענדיקן מיט אַ גרויסן מיטינג אינעם שטאָטישן מאַרק, ווו ס׳זענען אויפגעטרעטן מיט רעדעס אָרטיקע יידישע און פּוילישע אַרבעטער און אויך פון אַנדערע שטעט. די דעמאָנסטראַציעס און די מיטינגען האָבן איבערגעלאָזט אַן אומגעהויערן רושם אויף דער באַפעלקערונג. אַ לאַנגע צייט פלעגן אין די אַרבעטער־קרייזן אָנגיין דיסקוסיעס איבערן גאַנג פון די אימפּאָזאַנטע ערשטע מאַי־פייערונגען.

די פּאָליטישע לאַגע אין פּוילן אין די לעצטע יאָרן פאַרן

אויסברוך פונעם קריג איז געוואָרן וואָס אַמאָל דערדריקנ־דיקער. די רעאַקציע האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ. די לופט האָט געשמעקט מיט פּולווער. היטלער־אַגענטן, וועלכע האָבן זיך געפונען כמעט אין אַלע מקומות פון פּויליש־מלוכהשן און ווירטשאַפטלעכן לעבן, האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַרומגעכאַפּט דעם גרעסטן טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. די כוליגאַנישע איבער־פאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די העצעס קעגן יידן, באַגלייט מיט לאָזונגען פון באָיקאָט און אויסמיידן יעדער קניה ביי אַ ייד, זענען געקומען מיט אַן אָפיציעלן הכשר פון דער פּוילישער רעגירונג. דער גוט־באַקאַנטער „אָווּשעם" פונעם פּוילישן פּרעמיער מיניסטער, האָט זיך ווי אַ שווערער וואָלקן אַראָפּ־געלאָזט איבער דעם פּוילישן יידנטום. עס האָבן זיך געשאַפן גרופּעס פון פּוילישע כוליגאַנעס מיט שטעקנס, צוגעפּעסטיקטע מיט ראַזיר־מעסערלעך און אַזויערנאַך געמאַכט זייערע איבער־פאַלן אויף יידן. זיי האָבן זיך געשטעלט ביי די יידישע געשעפטן און קרעמלעך און נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסט־לעכן קונה, — די אַזוי טרויעריק באַקאַנטע פּיקעטניקעס. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטאָט, אויך דאָ האָבן זיך באַוויזן די כוליגאַנעס מיט זייערע שטעקנס ביי די יידישע געשעפטן און געמאַכט איבערפאַלן און פאַרפאַלגט מיט אַ באַזונדערער אכזריות יעדן קריסט, וואָס האָט זיך בגניבה אַריינגעכאַפּט אין אַ יידישער קראָם הינטער־ווייל עכץ. און דאָ האָבן די פּאָליטישע פּאַרטייען מיט די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען געהאַט וואָס צו זאָגן. ס'איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַ זעלבסט־שוץ פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אין לאָקאַל פון די פּראָפ־פאַר־איינען צוגעגרייט און פון דאָרט אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די גאַסן, כדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס, און אַ דאַנק דעם איז אויסגעמיטן געוואָרן אַן איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין פּולטוסק.

דער „בונד" האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל ביים אָרגאַניזירן די הילפס־אַקציע פאַר די ערשטע פּליטים פון זבאָנשין, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד קיין פּוילן.

די לאַגע אין פּוילן איז געוואָרן וואָס אַ טאָג ערנסטער. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן וואָס אַמאָל אומרויקער, פילנדיק די זיך דערנענטערנדיקע קאַטאַסטראָפע.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 איז געקומען דאָס אומ־גליק. דאָס פאַשיסטישע דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן איר בלוטיקן מאַרש אויף אייראָפּע. די גאַנצע קריגס־מאַשין איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג ביים איבערפאַלן פּוילן, וואָס איז אין געציילטע וואָכן אָקופּירט געוואָרן. פון די ערשטע פאַר־נומענע שטעט איז געווען פּולטוסק. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פיינטלעכע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. אַ גרויסער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכער איז געווען צוגעגרייט דורך דער גוט־פּלאַנירטער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע פון די היטלעריסטישע אַגענטן, האָט אויפגענומען די אַריינמאַרשירנדיקע נאַצי־אַרמייען מיט גרויס סימפּאַטיע און צוזאַמען מיט זיי אָנגעהויבן די פינצטערע מלאכה קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. טיילן פון דער פּוילישער פאַשיסטישער יוגנט זענען געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די געסטאַפּאָווצעס און אָנגעוויזן ווו עס געפינען זיך יידן. מען האָט געשלעפּט יידן פון די הייזער צו די צוואַנגס־אַרבעטן אָדער געכאַפּט זיי אויף די גאַסן און אָן קיין שום סיבה דערשאָסן — דאָס איז אַלץ מיט דער מיטהילף פון די פּוילישע פאַשיסטישע גרופּעס.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז צום גוט־באַקאַנטן טאָג פון גירוש־פּולטוסק, ערב סוכות 1939. אין די אַלע גאַסן, וועלכע זענען באַוווינט געווען פון יידן, האָבן זיך באַוויזן ס.ס.־לייט, אַרויסגענומען אַלע פון די היימען און זיי געטריבן צום שטאָטישן פּאַרק ביים שלאָס, קאָנצענטרירנדיק אַלע יידן אויף איין פּלאַץ. אויך דאָ האָט מען געקאָנט באַמערקן די פרייל עכע שטימונג, וועלכע האָט געהערשט ביי טיילן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. אונטער אַ האָגל פון קלעפּ האָבן די יידן גע־מוזט אָפּגעבן זייער געלט און אַלע אַנדערע ווערטפולע זאַכן. נאָך דעם האָט מען געטריבן פון דער שטאָט די צום טויט דערשראָקענע פּולטוסקער יידן איבער דער ווישקאָווער בריק אונטער אַ רעגן פון קוילן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס יידישע לעבן אין פּולטוסק.

*

זאָל מיין באַשיידענער איבערבליק איבער דער צוואַנציק יעריקער טעטיקייט פון אַ צעצווייגטער אַרבעטער־פּאַרטיי צווישן דער יידישער באַפעלקערונג — דינען אַלס אַ „יזכור" און שטענדיקן נשמה־זכר נאָך די טייערע, בלב ונפש איבער־געגעבענע חברים „בונדיסטן", „צוקונפטיסטן" און „סקיפּיסטן", סימפּאַטיקער און פריינד וועלכע זענען אומגעקומען מיט די שוידערלעכסטע טויטן דורך די נאַצישע מערדער.

ש. בלענקיטני

# טעטיקייט פון „פועלי ציון" אין די יאָרן 1939-1923

סוף זומער 1923 האָט זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע חברים פון דער „יוגנט" ביי דער פועלי־ציון אויף אַ באַראַטונג. די אָפּגעשטאַנענקייט אין שטעטל אויפן קולטורעלן און פּאָליטישן געביט, האָט געדריקט אונדזערע געמיטער און נישט געלאָזן צורו. מיר האָבן באַשלאָסן צו ווערן אַקטיוו און אין אָנהויב צו שאַפן זעלבסט־בילדונג־קרייזן און צוריק אויפלעבן די ביבליאָטעק, וועלכע איז געלעגן ביי אַ חבר פאַרקלאַפּט אויף אַ בוידעם אין אַ קאַסטן. מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט אַ גענויעם פּלאַן פון אונדזער טעטיקייט, וואָס איז באַשטאַנען פון: א) אָרגאַניזירן זעלבסט־בילדונג קרייזן, ב) פאַרשפּרייטן די יוגנט פּרעסע, ג) אויפלעבן די ביבליאָטעק, ד) ווערבירן נייע פּאַרטיי־מיטגלידער און־צעטיילט צווישן זיך די דאָזיקע אויפ־גאַבעס. איך האָב איבערגענומען דאָס אָרגאַניזירן פון דער ביבליאָטעק.

**די גרינדונג פון דער בּאַראַכאָוו ביבליאָטעק**

אין פּולטוסק האָט אין די יאָרן 1916—1920 עקזיסטירט אַ „שלום־עליכם" ביבליאָטעק, וועלכע איז פאַרניכטעט געוואָרן אין פּויליש־באָלשעוויסטישן קריג אין יאָר 1920. אין יאָר 1922 איז געגרינדעט געוואָרן די צווישנפּאַרטייִשע י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק (אינעם הויז אין ווינקל פון די גאַסן קאָטלאַרסקאַ־פּיאָטראַ־סקאַרגע), וואָס כמעט אירע ביכער האָבן געשטאַמט פון דער רייכער פועלי־ציון ביכער־זאַמלונג, אַ המשך פון דער צעשטערטער שלום־עליכם ביבליאָטעק. די י. ל. פּרץ ביבליאָ־טעק האָט איבערגעריסן איר טעטיקייט צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן און פּאַרטיי־רייסענישן.

איבערנעמענדיק דעם קאַסטן ביכער, האָב איך נישט געפינען נישט קיין קאַטאַלאָג און נישט קיין קאַרטאָטעק פון די לעזער, ביי וועלכע ס'זענען געבליבן די ביכער. סך־הכל זענען געלעגן אין קאַסטן אַרום 70 ביכער און בראָשירן. הונ־דערטער ביכער זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן. נאָך דעם אויס־סאָרטירן און קאַטאַלאָגירן די ביכער, איז אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן אַ פּלאַץ, די ביבליאָטעק זאָל קאָנען אָנהייבן פונקציאָ־נירן. ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן — צו באַקומען אַזאַ פּלאַץ ביי אַ חבר אין אַ פּריוואַטער שטוב, וווּ די לעזער זאָלן קאָנען נעמען און טוישן דאָס בוך. האָב איך זיך אין דער ערשטער צייט באַנוצט מיט אַ „פּעדלעריש" מיטל און אָנגע־הויבן צו טראָגן די ביכער צווישן דעם עולם. כ'האָב גענומען אַ 3—4 עקזעמפּלאַרן אונטערן אָרעם אָדער אונטער דער פּאָלע פון מאַנטל — צוליב מורא פאַר פּאָליציי אָדער אַלס שוץ פאַר אַ רעגן — און אַרויס אויף דער שפּאַציר־גאַס (שוו. יאַנסקאַ—דריטער מאַי) און געטוישט זיי צווישן די לעזער.

ווען עס האָט זיך פאַרברייטערט דער לעזער־קרייז און מיין אַרבעט איז געוואָרן שווערער, האָבן זיך געפינען גוטע חברים, וועלכע האָבן מיר פאַרלייכטערט מיין אויפגאַבע. כאָטש זיי האָבן געוווינט אין ענגשאַפט און אין גאָר שלעכטע וווינונגס־באַדינגונגען, האָבן זיי דערלויבט אויף אַ געוויסע צייט אַריינצושטעלן די ביבליאָטעק און די ביכער טוישן אויפן פּלאַץ. צווישן זיי וויל איך דערמאָנען דעם ח' דוד באָרעקעס, אַ פּולטוסקער איידעם, פון פאַך — אַ בייגער (גאַרבער פון פויערישע פּשיסוועס צו שטיוול). געאַרבעט ביי יענעם פאַר אַ קליינעם לוין, געלעבט אין הונגער און נויט. דאָך איז ער שטענדיק געווען גוטמוטיק, מיט וויץ און הומאָר. אין יענע יאָרן איז ער געווען באַקאַנט אין פּולטוסק אַלס מיטגליד פון שטאָטישן דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין כאַראַקטער ראָלן. אָט אין זיין ענגן צימערל איז אַ לאַנגע צייט געווען טעטיק די ביבליאָטעק.

פאַר דעם לעזער אָפּצאָל האָבן מיר איינגעקויפט די בעסטע אין יענער צייט יידישע אויסגאַבן און אויך אויסגעשטעלט וועקסלען. הגם ס'איז אין יענער צייט געווען נאָך צוויי פּריוואַטע ביבליאָטעקן, ביים ה' קופּערמינץ און ביים ח' יעקב פינקלשטיין (היינט אין ישראל), איז אונדזער ביבליאָטעק שנעל אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער פאַק־טאָר אין קולטור־לעבן פון דער פּולטוסקער יוגנט. מיר האָבן זיך נישט באַנוצט בלויז מיטן אויסבאָרגן ביכער, נאָר איינ־

געאָרדנט צוויי מאָל אין דער וואָך זעלבסטבילדונגס־קרייזן און אַלגעמיינע לעקציעס; ווינטער — אין פּריוואַטע שטיבער און זומער — אין שטאָטישן גאָרטן, אין פעלד און אין וואַלד, אויסנוצנדיק דערביי די געלעגנהייט, ווען אַן עלטערער חבר איז געקומען פון דער גרויסער שטאָט, כדי איינצואָרדענען אַ „וויכטיקערן" שמועס און אַ קעסטל־אָוונט. מיר האָבן אויך אַראָפּגעבראַכט פון צייט צו צייט פּרעלעגענטן פון וואַרשע.

די צאָל מיטגלידער איז אויסגעוואַקסן, אונדזער אַרבעט האָט אַרומגענומען אַלע ברייטערע קרייזן און מיר האָבן געפילט, אַז מיר דאַרפן שאַפן אַ לעגאַלע קולטור־אינסטיטוציע אין שטאָט.

אין יענער צייט איז טעטיק געווען אין פּוילן די צענטראַלע פון „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". איינער פון אירע ערשטע בויער און גרינדער איז געווען דער ח' ד"ר ברוך אייזנשטאַט, אַן איבערגעגעבענער פּועלי־ציון חבר, אַ זעלטענער פּעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַן האַרציקער באַנעמונג צו חברים. ער האָט אָפּגעגעבן אַלע זיינע כוחות, כדי צו גרינדן אין דער פּראָווינץ אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער קולטור־געזעלשאַפט.

חול המועד פּסח, יאָר 1925 איז צונויפגערופן געוואָרן אַ צווישנפּאַרטיייִשע קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון ד"ר אייזנשטאַט. מיר האָבן געהאַלטן, אַז כדי צו עפענען אַ לעגאַלע קולטור־אינסטיטוציע מוז מען אָנקומען צו נאָך אַנדערע פּאַרטייען און אומפּאַרטיייִשע. אָבער דער ח' אייזנשטאַט האָט באַלד דערקלערט, אַז אַן אָפּטיילונג פון דער „געז. אָוונט קורסן פאַר אַרבעטער" קאָן נאָר געגרינדעט ווערן פון פּועלי־ציון און סימפּאַטיקער. ער האָט אָנגעוויזן, אַז מען מוז נישט שאַפן קיין גרויסע קולטור אינסטיטוציע, נאָר אַרבעטן אין דער טיף, אויסלערנען יוגנטלעכע אַנאַלפאַבעטן לייענען אַ יידיש בוך, לערנען די, וואָס קאָנען שוין לייענען — פאַרשטיין אַ בוך און באַמיען זיך, אַז אונדזערע מיטגלידער זאָלן זיך קאָנען בילדן אויך מיט אייגענע כוחות און אויסוואַקסן באַוווסטזיניקע קעמפער פאַר אַן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, אַ ציל, וואָס צו זיין רעאַליזירונג האָבן מיר זיך גענומען מיט גרויס חשק און ברען.

אַזוי אין געשאַפן געוואָרן אין פּולטוסק די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". כדי צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון אונדזער אַרבעט אויפן קולטורעלן און בילדונגס־געביט, מוז מען זיך דערמאָנען, אַז אין יענע צייטן, פון אָנהייב צוואַנציקער יאָרן פון הייַנטיקן יאָרהונדערט, האָט צווישן די יידישע מאַסן, וואָס זענען פאַראָרעמט געוואָרן אין דער וועלט־מלחמה און אין דער נאָכמלחמהדיקער אינפלאַציע, געהערשט אַנאַלפאַבעטיזם און אומוויסן. אונדזערע קורסן האָבן געעפנט פאַר דעם יידישן יוגנטלעכן אַרבעטער און בעל־מלאכה אין שטאָט נייע האָריזאָנטן, געהאָלפן אים פונאַנדערצופינען זיך אין די אַלגעמיינע וועלט־פּראָבלעמען און אין יידישע ספּעציפישע פראַגן בפרט.

אין די יאָרן 5—1924 זענען אין פּולטוסק קיין עפנטלעכע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס נישט געווען, הגם ס'איז דאָן טעטיק געווען אַ ליטעראַרישע גרופּע מיט די ח"ח שמחה דאָן, מ. זילבערמאַן, ליפּמאַן (דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע) א"א, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט פון צייט צו צייט עפנטלעכע פאַרלעזונגען פון יידישע שרייבער ווי: מלך ראַוויטש, ז. סעגאַלאָוויטש, יואל מאַסטבוים, י. מ. ווייסנבערג א"א, אַרויסגעגעבן אַ צייטונג (איינמאַליקע אויסגאַבע), איינגעאָרדנט אָוונטן און ליטעראַרישע משפּטים מיט אַרטיקע כוחות. די אָוונטן פלעגן פאָרקומען אין דעם זאַל פון אַמאָליקן „אלימפּ", שפּעטער — אין דעם האַנטווערקער־פאַראיין, ביי פּרינצן אויף דריטער מאַי גאַס. אויך מיר האָבן דאָרט דורכגעפירט אַ ריי רעפעראַטן פון ח' זרובבל, אהרן וואָל און אַנדערע, ווי אויך איינגעאָרדנט פאָרשטעלונגען און אַרטיסטישע אימפּראָוויזאַציעס אין שטאָטישן טעאַטער־זאַל, רעזשיסירט פון ח' משה ווײַדע.

די דאָזיקע אונטערנעמונגען האָבן אונדז אָבער נישט באַפרידיקט. מיר האָבן זיך געוויטיקט אין אַן אייגענעם לאָקאַל, אַן אייגענער היים פאַר דער ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געהאַט צעוואַקסן, אַ צענטראַלן אָרט פאַר אונדזער פאַרצווייגטער קולטור־אַרבעט.

אין דעם נייעם בנין אויף סענאַטאָרסקאַ 5 פון דעם אַלטן סרעבניצקי, האָבן מיר געדונגען דעם גאַנצן אויבערשטן שטאָק און לויט אַן אָפּיציעלער דערלויבעניש פאַרוואַנדלט אים אין אַ געזעלשאַפטלעכן זאַל. זייער שווער איז אָנגעקומען צונויפצוזאַמלען די סומע פון צוועלף הונדערט זלאָטעס פאַר אַ יאָר דירה־געלט, ווען 100 זל' זענען געווען דער חודשלעכער פאַרדינסט פון אַ קוואַליפיצירטן געזעלן. אָבער פאַר די חברים האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום שוועריקייטן. זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייערע אָרעמע פאַרדינסטן, פון וועלכע זיי האָבן געדאַרפט אויסהאַלטן נישט נאָר זיך, נאָר אויך זייערע אומפאַרמעגלעכע עלטערן. יעדער האָט מיט פרייד צוגעטראָגן זיין ביישטייער. ווינטער 25—1926 איז דער לאָקאַל פאַרענדיקט געוואָרן. דער נייער לאָקאַל האָט באַרעכטיקט די גרויסע אָנשטרענגונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן. עס איז געווען איינער פון די שענסטע לאָקאַלן אין שטאָט — אַ דערגרייכונג, וואָס נישט יעדע געזעלשאַפט האָט זיך געקאָנט פאַרגינען און

איז געווארן אַ וויכטיקער קולטור־צענטער פון דער פולטוסקער אַרבעטער־יוגנט.

אויך דער „בונד" און אַנדערע גרופּירונגען זענען נישט אָפּגעשטאַנען און זיי האָבן מיט דער הילף פון דער פּריוואַטער ביבליאָטעק פון ח׳ יעקב פּינקעלשטיין געשאַפן, צוזאַמען מיט די „רויטע" (קאָמוניסטן) און רעכטע ציוניסטישע גרופּירונגען, די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק (נעבן דער פּאָסט, אין שעכט הויז געסל). עס איז אמת געווען אַ שיינער פּלאַן און אַ גרויסער פּאַרמעסט. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום, זענען דאָרט פּאַרבליבן נאָר בונדישע מיטגלידער און האָבן זיך נישט געקאָנט גלייכן צו אונדזער געזעלשאַפט. צו דער גרויסער און ברייטער טעטיקייט, וואָס די „געז. אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" האָט אין יענער צייט אַנטוויקלט אויף אַלע געביטן, האָט אויך געהערט די גרויסע צאָל פּאַרלעזונגען פון די אָנגעזעענסטע פּרעלעגענטן אין יענער צייט ווי: דער דיכטער פּרץ מאַרקיש, לעאָ פינקלשטיין, ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר אייזנשטאַט א״א; דאָס שאַפן פון אייגענעם דראַמ־קרייז, וועלכער האָט זיך נישט בלויז באַנוגנט מיטן אויפטרעטן אויף דער זאַל־בינע, נאָר אויך פאַרגעשטעלט אין שטאָטישן טעאַטער־זאַל.

די ביבליאָטעק איז שנעל אויסגעוואַקסן און די צאָל ביכער איז דערגאַנגען צו טויזנט, דערינטער אַ סך אַמעריקאַנער אויסגאַבן צו 1.50—2 דאָלאַר אַ בוך (אין דער צייט ווען דער קורס פון דאָלאַר איז געווען 9 זל.) דער לעזער־אָפּצאָל איז געווען 50 גר׳ ביז 1 זל׳. מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן גענאָסן פון דער ביבליאָטעק אָן געצאָלט. מיר האָבן איינגעאָרדנט יעדע וואָך, ס׳רוב פרייטיק צו נאַכט, רעגולירע פּאַרלעזונגען, ליטעראַרישע דיסקוסיעס, קעסטל־אָוונטן, לעבעדיקע צייטונגען א״א, ווו עס האָבן אָנטיילגענומען אַרטיקע חברים.

די זעלבסטבילדונג־קרייזן זענען פּאַרגעקומען יעדן אָוונט רעגוליער. יעדע גרופּע — אין זיין באַשטימטער שעה. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן אָוונט־קורסן אין דער יידישער שפּראַך, וועלכע זענען פּאַרגעקומען אינעם לאָקאַל פון דער פאָלקס שול מיטן אָנטייל פון די שול־לערער, פון וועלכע ס׳איז באַזונדער געווען אַקטיוו אַלס לערערין די פּרוי האדעס (רוזשאַנקע), אונטער דער אָרגאַניזירונג פון אונדזערע חברים: יעקב שטשופּאַק, יצחק דאַמב, מאַקס גורני, שמחה קירשנבוים און מאָטל שטשופּאַק (היינט אין ישראל).

און דאַן, אין מיטן ברען פון דער פאַרצווייגטער קולטור־טעטיקייט, זענען אונטערגעקומען די שטאָטראַט־וואַלן פון 1 יולי 1927. דאָס איז געווען איינע פון די גרעסטע וואַל־קאַמפּאַניעס, וואָס זענען ווען עס איז פאַרגעקומען אין פולטוסק און האָט אַריינגעצויגן סיי די יידישע, סיי די פּוילישע באַפעלקערונג אין אַ געזעלשאַפטלעכן און אַ פּאָליטישן קאַמף. עס איז געווען אַ יאָר נאָך דער פּילסודסקי־איבערקערעניש (מאַי, 1926), וואָס האָט מיט כוח צוגענומען די מאַכט ביי דער ענדעקיש־פּריצישער „פּיאַסט"־רעגירונג. אויף דער פּוילישער גאַס האָבן פאַרביטערט געקעמפט צווישן זיך די שטאַרקע פּאַראייניקטע „נד.כד"־פּאַרטייען און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — פּ.פּ.ס., וועלכע האָט אונטערגעשטיצט די פּילסודסקי־רעגירונג ביי און נאָך דער איבערקערעניש.

אויף דער יידישער גאַס איז דער קאַמף געווען נאָך היציקער און שטאַרקער. די דריי בירגערלעכע ליסטעס און די דריי אַרבעטער־ליסטעס, האָבן זיך שטאַרק באַקעמפט. דערצו האָט דער „בונד" געפירט אַ העפטיקע קאַמפּאַניע קעגן דער „נייער" פּועלי־ציון־ליסטע.

די וואַל־קאַמפּאַניע אָבער איז פּאַרגעקומען אין דער צייט, ווען דער „פּועלי־ציון" איז אויפגעשטיגן אין שטאָט. דער גרויסער לאָקאַל פון דער „געז. אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אַלס זיץ־אָרט פונעם וואַל שטאַב, ווו מ׳האָט געמאָלן פּלאַקאַטן און טראַנספּאַראַנטן. די גרויסע געמאָלענע ציפערן „5" (דער נומער פון דער פּוע״צ.־ליסטע), האָבן געהאַנגען אויף די אויסערלעכע און אינערלעכע ווענט. אויפן הויף זענען פּאַרגעקומען וואַל־פאַרזאַמלונגען און צענדליקער מיטינגען זענען געוואָרן איינגעאָרדנט אין שטאָט־טעאַטער, אין קינאָ „באיקא" און אין אַנדערע קלענערע זאַלן, ווו עס זענען אויפגעטרעטן אונדזערע חברים, יעקב שטשופּאַק, יצחק דאַמב, שמחה קירשנבוים און דער יונגער משה לאַנדאַו (זילבערמאַנס איידעם), אַ חוץ די רעדנער פון דער צענטראַלע אין וואַרשע. די אַקטיוויטעט פון די חברים, וועלכע האָבן אויך אויסגעהאַלטן די וואַל־הוצאותן, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען פּאָלגנדיקער:

| פּאַרטיי | שטימען | מאַנדאַטן |
|---|---|---|
| נ.ד.־כ.ד. | 1466 | 8 |
| פּ. פּ. ס. | 1236 | 7 |
| פּועלי ציון | 675 | 3 |
| „בונד" | 212 | 1 |
| „רויטע" | 124 | 0 |
| דריי ליסטעס פון יידישע בירגערלעכע | 1106 | 5 |
| בס״ה | 4819 | 24 |

(בס״ה שטימען פּוילישע 2702 — 15 מאַנדאַטן; שטימען יידישע 2117 — 9 מאַנדאַטן).

פון דער פוע״צ פּאַרטיי זענען אין שטאָטראַט אויס־געוויילט געוואָרן: יעקב שטשופּאַק, משה מערלא און חיים יאַזשאַמבעק.

נאָך די וואַלן האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער מאַגיסטראַט־פאַרוואַלטונג. די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער האָבן נישט געוואָלט גיין אין איין בלאָק מיט דער „פּ.פּ.ס.״ און האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער ענדעקישער פראַקציע, אַז זיי וועלן אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר זייער קאַנדידאַט וואַשילעווסקי אַלס בירגערמייסטער און די נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע האָט צוגע־זאָגט אונטערשטיצן די קאַנדידאַטור פון אַ יידישן וויצע־בירגערמייסטער. וואַשילעווסקי איז טאַקע אויסגעוויילט גע־וואָרן מיט דער הילף פון די יידישע בירגערלעכע שטימען, אָבער ביי דער אָפּשטימונג פאַרן יידישן קאַנדידאַט, האָט זיך די „נ.צ.״ אָפּגעהאַלטן... זיי האָבן באַלד ביי דער ערשטער זיצונג אָפּגענאַרט זייערע יידישע פּאַרטנערן.

דער ח׳ שטשופּאַק האָט זיך אין שטאָטראַט אַרויסגעוויזן ווי איינער פון די אַקטיווסטע און בעסטע יידישע ראַטמענער; כאָטש באַגרענעצט אין דער פּוילישער שפּראַך־קענטעניש, האָט ער געקעמפט מיט דער אַנטיסעמיטישער שטאָט־ראַט־מער־הייט, בתוכם — אַ טייל פון די פּ.פּ.ס. ראַטמענער, קעגן דער דיסקרימינאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

אין צווישן האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען צווישן די פּוילישע ראַטמענער, וועלכע האָבן זיך נאָך מער פאַרשאַרפט מיטן דערשיינען אין יאָר 1928 פונעם דעקרעט פון נייע וואַלן! עס איז געשאַפן געוואָרן די רעגירונגס־פּאַרטיי „סאַנאַציע״ און דאָס האָט נאָך מער צעשפּליטערט דעם צוזאַמענשטעל פון שטאָטראַט. און ווען דער סטאַראָסטע האָט אויפגעפאָדערט, אַז ביז דעם 15־טן מערץ 1928 דאַרף געוויילט ווערן אַ וויצע־בירגערמייסטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן די אומפעיקייט פון שטאָטראַט אַדורכצופירן די אָפּשטימונג. דער ח׳ יעקב שטש־פּאַק האָט דאַן געוואָרפן די ראַטמענער אין פּנים: זענט איר נישט פעיק צו פירן אַ נאָרמאַלע טעטיקייט, טאָ זאָגט זיך אָפּ! דער „וואָרף אין פּנים״ איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אַ סך ראַטמענער און דער שטאָטראַט האָט זיך אָנגעגעבן אין דע־מיסיע. דער סטאַראָסטע האָט באַשטעטיקט די דעמיסיע און האָט באַשטימט (לויט די געזעצן) אַ שטאַטישע הויפּט־וואַל־קאָמיסיע, אָבער אָן איין יידישן פאַרשטייער.

דער ח׳ שטשופּאַק האָט אין נאָמען פון דער געוו. „פּועלי־ציון״־פראַקציע אַריינגעטראָגן אַ פּראָטעסט צום וואָיעוואָדע, צוליב דעם דיסקרימינירן די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר ביי 44% פון דער אַלגעמיינער צאָל פון די שטאָט־בירגער. דער סטאַראָסטע האָט אים דאַן אַרויסגערופן און פאַרלאַנגט אַז ער זאָל צוריקציען דעם פּראָטעסט, ווע לכער האָט באַדאַרפט באַטראַכט ווערן אין קרייז־געריכט, אָבער ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן זיין ווענדונג. ביי דעם פּראָצעס האָט דער קרייז־ריכטער — פאַרשטייט זיך — געגעבן גערעכט דעם... סטאַראָסטע! אָבער אויך רעקאָמענדירט דעם ה׳ איטשע־מאיר בוימגאַרטען אין דער וואַל־קאָמיסיע.

די שטאָטראַט־וואַלן זענען פאָרגעקומען דעם 24־טן יולי. אויך דאַסמאָל איז דער וואַל־קאַמף געווען זייער אַ פּאַרבי־סענער, הגם דאָס איז שוין געווען די דריטע וואַל־קאַמפּאַניע אין משך פון אַ יאָר. אויף דער פּוילישער גאַס איז קענטיק געווען די ראַדיקאַלע ענדערונג פון די פּאָליטישע כוחות פאַר־העלטענישן. די סאַנאַציע האָט געירשנט די „נ.ד.״ מאַנדאַטן און אויך „געריסן שטיקער״ פון דער פּ.פּ.ר. די יידישע בירגער זענען דאָס מאָל געגאַנגען נאָך מער צעשפּליטערט, אָבער צוליב דער גינסטיקער וואַל־אָרדינאַציע, איז נישט פאַר־לוירן געגאַנגען קיין איין יידישער מאַנדאַט און עס זענען ווידער געוויילט געוואָרן 9 יידישע ראַטמענער.

די רעזולטאַטן זענען געווען:

| פּאַרטיי | שטימען | מאַנדאַטן |
|---|---|---|
| סאַנאַציע | 1688 | 10 |
| פּ. פּ. ס. | 777 | 4 |
| אומאָפּהענ. פּויל. | 234 | 1 |
| פּועלי־ציון | 404 | 2 |
| „בונד״ | 244 | 1 |
| „רויטע״ | 203 | 1 |
| שפּאַר־קאַסע | 313 | 1 |
| אָרטאָדאָקסן | 290 | 1 |
| גמילת־חסד | 243 | 1 |
| קליין הענדלער | 193 | 1 |
| בירגערלעכע ציונ. | 181 | 1 |
| בס״ה | 4770 | 24 |

(בס״ה שטימען פּוילישע: 2699; יידישע: 2071. מאַנדאַטן פּוילישע — 15, יידישע — 9).

דער נייער שטאָטראַט איז שוין געווען פּראָדוקטיווער. די „סאַנאַציע״ האָט געשלאָסן אַ בלאָק מיט דער פּ.פּ.ס. און יידישע בירגערלעכע. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ פעסטע מערהייט. פון דער „סאַנאַציע״ איז געוויילט געוואָרן דער בירגערמייסטער און צוויי לאַווניקעס, פון פּ.פּ.ס. — דער וויצע־בורמיסטש, פון די יידן — איין לאַווניק, דער ה׳ יעקב יאַבלאָנקאַ.

פֿון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן די קאָדענץ פֿונעם באַ־קאַנטן אין פּולטוסק בירגערמייסטער זאַבאַקשיצקי, וועלכער האָט אויפֿגעהאַלטן זיין קאַנדידאַטור ביז צום אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער ח׳ יעקב שטשופּאַק האָט, צוליב זיינע שאַרפֿע אַרויסטריטן און אָפֿטע קאָנפֿליקטן מיט די פּוילישע ראַט־מענער, אויפֿגעגעבן זיין מאַנדאַט און אַוועק קיין וואַרשע. זיין אָרט האָט פֿאַרנומען דער ח׳ יאַזשאַמבעק. דער צווייטער ראַטמאַן פֿון די פּוע״צ איז געווען דער ח׳ מערלא.

שוין נאָך די ערשטע טעטיקייט פֿון ח׳ יעקב שטשופּאַק בשעת דער קאָדענץ פֿונעם ערשטן שטאָטראַט, האָבן מיר אָנגעהויבן „פֿילן״, אַז דער סטאַראָסטע זעט אונדז נישט גערן אין „זיין״ שטאָט. אָבער נאָך די וואַלן צום צווייטן שטאָט־ראַט, זענען די שיקאַנעס קעגן דער געז. „אָוונט קורסן פֿאַר אַרבעטער״ געוואָרן אַזעלכע שטאַרקע, אַז זיי האָבן פּשוט רויִנירט די געזעלשאַפֿט מאַטעריעל און זי איז געצוווּנגען געווען איבערצוגיין אויף פֿאַסן פֿון אינערלעכער קולטור־אַרבעט און דאָס נאָר פֿאַר אייגענע מיטגלידער. דער סטאַ־ראָסטע האָט שוין געזאָרגט, אַז מיר זאָלן צופֿיל נישט קאָנען קומען צו דער עפֿנטלעכקייט. יעדע ווענדונג צו אים וועגן אַ דערלויבעניש אויף אַן אונטערנעמונג אָדער פֿאַרלעזונג, איז מיט פֿאַרשידענע תּירוצים אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. ער און אַ געשיקטע דורך אים בוי־קאָמיסיע האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דער לאָקאַל פֿון דער געזעלשאַפֿט איז נישט פּאַסיק פֿאַר עפֿנט־לעכע אונטערנעמונגען. די פֿאָרלעזונגען און אַרויסטריטן, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט זענען געפּסלט געוואָרן דורך דעם סטאַראָסטע, אָדער באַשטעטיקט געוואָרן אין לעצטן מאָמענט, אַזוי אַז אין ערשטן פֿאַל האָט די געזעלשאַפֿט געמוזט דעקן די הוצאות און אין צווייטן פֿאַל פֿלעגט נישט קומען קיין גענוגנדיקער עולם צוליב די פֿאַרשפּעטיקטע אַנאָנסן.

נאָך דעם פֿאַרלאָזן די שטאָט פֿון אַ טייל אַקטיווע חברים, בין איך געווען געצוווּנגען איבערצונעמען אַ טייל פֿון זייער אַרבעט. ביז דאַן האָב איך זיך פֿאַרנומען נאָך מיט דער באָראָ־כאָוו־ביבליאָטעק און מיט דער דערציִונגס־אַרבעט. איצט בין איך אויך געוואָרן דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פֿון דער געזעלשאַפֿט ביי דער מאַכט און ח׳ משה מערלא איז געוואָרן דער פֿאָרזיצנדער. און ווענדנדיק זיך אָפֿט צום סטאַ־ראָסטע און צו זיין פֿאַרטרעטער שיקאָרסקי, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו פֿילן און זען זייער דיסקרימינאַציע און נקמה־פּאָליטיק קעגן אונדזער פֿאַראיין. ווי געזאָגט, האָבן מיר באַשלאָסן צו רעזיגנירן פֿון עפֿנטלעכע אימפּרעזעס און זיך ווידמען דער אינערלעכער קולטור־טעטיקייט פֿאַר דער גרויס־סער צאָל אונדזערע מיטגלידער. מיט דער הילף פֿון ח׳ יצחק דאָמב האָבן מיר אָנגעהויבן צו פֿירן אַ גרויסע דערציִונג אַרבעט, אָפּהאַנדלונגען וועגן ניי דערשינענע יידישע ביכער, וואָנט־צייטונגען, לעבעדיקע צייטונגען אד״ג. ווינטער האָבן מיר אָנ־געהויבן רעגולירע לעקציעס פֿון פֿאָלקס אוניווערסיטעט (דער עפֿנטלעכער דערעפֿנונגס־אָוונט איז אויך פֿאַרבאָטן געוואָרן דורכן סטאַראָסטע!). די לעקציעס זענען געווען פֿאָלגנדיקע: 1) יידישע און מערב־אייראָפּעישע ליטעראַטור, 2) געאָגראַ־פֿיע און פֿעלקער, 3) עקאָנאָמישע וויסנשאַפֿט, 4) יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע. עס איז אויך פֿאַרגרעסערט געוואָרן די ביבליאָטעק, טראָץ דעם מאַטעריעלן קריזיס פֿון דער גע־זעלשאַפֿט.

זייער דערפֿאָלגרייך זענען מיר געווען אויפֿן פֿעלד פֿון פֿאַרשפּרייטן בילדונג צווישן האַלבע און גאַנצע אַנאַלפֿאַבעטן.

דער ערשטער גרויסער קלאַפּ, וואָס האָט אונדז געטראָפֿן איז געקומען נישט פֿונעם סטאַראָסטע, נאָר פֿונעם מלאך המות... דער טויט פֿון ח׳ שמחה קירשנבוים אין זיין בליענדיקן עלטער און אין מיטן פֿון זיין פֿרוכטבאַרער טעטיקייט, האָט פֿאַראַליזירט אונדזער אַרבעט. אויך דער ח׳ יצחק דאָמב, וועלכער איז אַריבער אין דריטן סעמעסטער פֿון יורי, האָט שוין נישט געהאַט קיין סך צייט אָפּצוגעבן זיך מיט די ענינים פֿון דער געזעלשאַפֿט. בכלל האָבן פֿאַרלאָזן פּולטוסק אין יענע יאָרן אַ סך אַקטיווע חברים און אַוועק קיין אויסלאַנד. דאָך זענען מיר געבליבן נאָך אַ גענוג אַקטיווע גרופּע. פֿון דער „יוגנט״ זענען אויך אונטערגעוואַקסן טעטיקע חברים און מיר האָבן ווייטער פֿאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אויך געשאַפֿן די קינדער אָרגאַניזאַציע „יונג־באָר״ (יונגע באָראָכאָוויסטן) ליידער אָבער האָבן מיר שוין נישט געקאָנט פֿינאַנסירן דאָס אויסהאַלטן פֿונעם לאָקאַל. מיר האָבן נאָר גערונגען אַ קליין צימערל פֿאַר דער ביבליאָטעק און אַריבער־געפֿירט אונדזער טעטיקייט אין וואַלד, אויפֿן פֿעלד אָדער אין שטאָטישן גאָרטן. צום סוף זומער האָבן מיר גערונגען אַ גרעסערן לאָקאַל ביים ה׳ לייביש דאַן אין טראַוגוטאַ־געסל, לעבן זיין האָלץ־סקלאַד און פֿאָרגעזעצט אונדזער פֿאַרצווייגטע אַרבעט.

די יוגנט מיטגלידער אין די קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונג־באָר״ זענען ס׳רוב באַשטאַנען פֿון שילער פֿון דער „פּאָווּשעכ־נער״ שול, אָדער פֿון די, וואָס האָבן שוין פֿאַרענדיקט די פֿאָלקס־שול און האָבן שוין געאַרבעט אין די פֿאַרשידענע וואַרשטאַטן.

אין פּסח פֿון יאָר 1930 האָב איך אָנטייל גענומען אין דעם ביבליאָטעק־קורס, וואָס די צענטראַלע פֿון דער „געז. אָוונט־

קורסן״ האָט איינגעאָרדנט אונטער דער אָנפירונג פון ה׳ ווייסבערג, לייטער פון דער יודאיסטישער ביבליאָטעק ביי דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע, און ד״ר עמנואל רינגעלבלום מיט זיין פרוי און האָב דערוואָרבן דערפאַרונג פאַר דער וויטערדיקער ביבליאָטעק־פירונג. און ווידער האָט אונדז דער גורל שווער געטראָפן מיטן טויט פון ח׳ יעקב שטשופאַק אין וואַרשע.

דער רעזשים אין פוילן איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער רעאַקציאָנער. דער סיים איז דורך פּילסודסקען פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן. די רדיפות אויף די לינקע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן זיך געשטאַרקט אויך אויף דער פּראָווינץ. די ליסטע פון „פּועלי־ציון״ צום נייעם סיים איז דאָס מאָל געפּסלט געוואָרן. מיר האָבן באַקומען אַ וואָרענונג פון סטאַראָסטע, אַז אויב מיר וועלן אַגעטירן פאַר דער געפּסלטער ליסטע וועט מען אונדז פאַרמאַכן דעם לאָקאַל און אַרעסטירן. פונדעסטוועגן האָבן מיר באַוויזן צו באַקומען אין פּולטוסק אויף דער געפּסלטער ליסטע 248 שטימען, ווען דער „גרויסער״ לינקער בלאָק האָט אויף זיין געפּסלטער ליסטע באַקומען בלויז 57 שטימען.

הגם דער לאָקאַל איז געווען באַקוועם פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, וועלכע מ׳האָט געקאָנט פירן אומגעשטערט פון שכנים און אַנדערע פאַקטאָרן, איז ער אָבער נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער באָראָכאָוו־ביבליאָטעק. דאָס געסל איז געווען אין אָוונט נישט באַלויכטן. אונדזערע אינטערווענצן ביים מאַגיסטראַט מיט דער הילף פון אונטערשריפטן פון אַלע איינוווינער צו באַלויכטן דאָס געסל, האָבן נישט געהאָלפן. ס׳איז אונדז קיין אַנדער ברירה נישט געבליבן ווי... דינגען אַ צווייטן לאָקאַל. האָבן מיר פאַר דער ביבליאָטעק צייטווייליק געדונגען אַ קלייטל ביים בריקל פון בענעדיקטינסקא. דערנאָך איז אונטערגעקומען אַ פּאַסיקער גרויסער לאָקאַל אין צענטער שוו. יאַנסקאַ, ביים ה׳ ווייסמאַן (פון אַפּטייקסקלאַד). מיר זענען געווען גענוג פאַרזיכטיק און גערופן דעם שטאָטישן אינזשינער, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט די פּאַסיקייט פון לאָקאַל פאַר אַ געזעלשאַפט און פאַר עפנטלעכער אונטערנעמונג. מיר האָבן דעריבער זיך פינאַנסיעל אָנגעשטרענגט און געדינגען דעם זאַל. אָבער בשעת אָנגעבנדיק די ביטע צום סטאַראָסטע וועגן אַן אונטערנעמונג, האָט דער סטאַראָסטע אַראָפּגעשיקט זיינס אַ קאָמיסיע, וועלכע, נישט קאָנענדיק געפינען אויפן זאַל קיין שום חסרון, האָט אפילו באַשטעטיקט, אַז ער איז יאָ צוגעפּאַסט, אָבער געפּסלט דעם... טרעפּן־צימער. מיר האָבן ווידער געמוזט מיט היזק מוותר זיין אויף דער דירה און זוכן אַ צווייטע. ענדלעך האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל אין דער נידער אויף קאָטלאַרסקאַ 6, אין גרויסן הויז פון דער פריערדיקער גימנאַזיע און די שפּעטערדיקע פאָלקס־שולן. דער לאָקאַל איז נישט געווען גענוג געראָם פאַר דער גרויסער צאָל מיטגלידער אין יענער צייט, אָבער מיר האָבן דאָרטן ווידער אָנגעהויבן פונאַנדערצוּוויקלען אונדזער פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. טיילמאָל איז אונדז, אַחוץ די גרויסע צאָל ליטעראַרישע און אַנדערע קולטורעל־אָוונטן מיט אונדזערע אייגענע כוחות, געלונגען פון צייט צו צייט אַראָפּצובריינגען רעפערענטן פון דרויסן. אָנהייבנדיק פון יאָר 1930, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ פּאַפּיערניקאָור־אָוונט, פאַרלעזונגען פון יצחק לעוו, יעקב זרבבל א״א, עטלעכע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, בתוכם: פון באַרימטן דראַמ־קרייז אונטער דער רעזשי פון משה ווײַדע פון וואַרשע, ווי אויך אייניקע פאָרשטעלונגען פון יאָנאַס טורקאָוו, אַ פּיעסע מיטן אָנטייל פון אידאַ קאַמינסקאַ — „מיר פרויען״, צוויי רעציטאַציע־קאָנצערטן פון רחל האָלצער א״א.

דאָס איז געווען די תקופה נאָכן קולטור־קאָנגרעס, איינגעאָרדנט דורך דער צענטראַלע „געז. אָוונט־קורסן״. מיר, דעלעגאַטן, זענען צוריקגעקומען מיט נייעם שוווּנג און ווילן פאָרטצוזעצן אונדזער אַרבעט. אויך האָט זיך דער ח׳ אהרן דאָמב באַזעצט אין פּולטוסק און מיר האָבן פונאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט, אָפטע פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס און אַנדערע, יידיש־אָוונט־קורסן פאַר האַלבע אַנאַלפאַבעטן און פאַר שילער פון דער פּאָווּשעכנער שול. מיר האָבן אויסגעברייטערט די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק און זיך אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער, צווישן אַנדערע: אַרויסצוגעבן אַן איינמאָליקע אויסגאַבע צום 15־טן יובל פון דער פּועלי־ציון־יוגנט אין פּולטוסק; און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ סך מאַטעריאַל דערצו. ווען דער פּלאַן האָט שוין באַדאַרפט רעאַליזירט ווערן, איז ביים ח׳ דאָמב געשען אַ פאַמיליע־אומגליק. די „געז. אָוונט קורסן״ איז אין גאַנץ פוילן פאַרמאַכט געוואָרן דורך די מאַכט־אָרגאַנען. די פּאָליציי האָט דאַן פאַרחתמעט אין פּולטוסק די ביבליאָטעק מיטן לאָקאַל, וועלכע זענען פאַרמאַכט געווען העכער אַ האַלבן יאָר.

אין יענער צייט איז שוין געווען לעגאַליזירט אין צענטראַלן מאַסשטאַב און אויך ביי אינדז אין שטאָט — די געזעלשאַפט: „פריינד פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל״. דער לאָקאַל, וואָס מיר האָבן געדונגען פאַר דער געז. איז געווען אויף ראָג מאַרק־סענאַטאָרסקאַ ביי אַ קריסטלעכן בעל־הבית. האָבן מיר איבערגעטראָגן דאָרט אונדזער טעטיקייט. ווען ס׳איז מצד דער צענטראַלע און די מאַכט־אָרגאַנען געקומען צו אַ הסכם, אַז דער פאַרמעגן פון דער „געז. אָוונט קורסן״ גייט אַריבער צו דער געזעלשאַפט „פריינד״, האָבן מיר געדונגען דעם לאָקאַל

אויף קאַטליאַרסקע 5, אַנטקעגן דעם פּריערדיקן, אָבער אויך דאָרטן האָבן מיר נישט געהאַט לאַנג קיין רו. דאָן האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל ביים ה' אברהמל זשעלינסקי אויף סענאַטאָרסקע. פון צייט צו צייט איז אונדז געלונגען צו לעגאַליזירן אַ פאַרלעזונג. מיר האָבן אין יענער צייט איינגעאָרדנט אַן אויפטריט פונעם דיכטער און דראַמאַטורג לייב מלאך, נאָך זיין באַזוך אין ארץ־ישראל און דאָס צווייטע מאָל ביי אַ פול געפּאַקטן שטאָט־טעאַטער־זאַל — נאָך זיין באַזוך אין איטאַליע נאָכן קריג פון מוסאָליני אין אַבעסיניע. די ביבליאָטעק האָט דאַן איבערגענומען מיין חבר און פּאַרטיי־תלמיד לייבל פּיעקאַזש, איינער פון אונדזערע באַגאַבסטע מיטגלידער, נאָך פון דער קינדער־אָרגאַניזאַציע.

מיטן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, איז אין דעם דאָזיקן לאָקאַל פאַרענדיקט געוואָרן דאָס קאַפּיטל פון אונדזער רייכער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

✶

איך האָב, לויטן זכרון און אויך מיט דער הילף פון „ארכיון העבודה” אין תל־אביב, באַמיט זיך אויפצולעבן אַ קאַפּיטל פון דער שטורמישער און עפעקטיווער טעטיקייט פון דער פּועלי ציון יוגנט און פאַרטיי צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין פולטוסק. די אַרבעט איז געווען נישט נאָר אַ פרייוויליקע, נאָר אויך געפאָדערט פון יעדן אַקטיוויסט אויפצוהאַלטן פון זיינע אָרימע פאַרדינסטן — די הוצאותן פון דער אינסטיטוציע, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט.

אין אָנבליק פון אַנדזער גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן אין פּוילן, זאָלן מיר געדענקען די אַלע, וועלכע האָבן אָנגעפירט און מיטגעהאָלפן ביים בויען און שאַפן פון דער געזעלשאַפט און פון דער פאַרטיי און וועלכע זענען אומגעקומען אויף די פראָנטן אין קאַמף קעגן די היטלער־מערדער אָדער אכזריות־דיק אומגעבראַכט געוואָרן אין די געטאָס און טויט־לאַגערן.

מיר, די לעבנגעבליבענע, טראָגן אין זיך זייער אָנדענק צוזאַמען מיטן זכר פון אונדזער יוגנט־תקופה, וואָס איז געווען אַזוי אַלטרויסטיש איבערגעפילט מיטן ציון־אידעאַל און פון אַ וועלט פון אַ בעסערן מאָרגן פאַרן יידישן פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

און זאָלן נאָך צום סוף דערמאָנט ווערן די אַלע, וועלכע האָבן אין משך פון די אַלע יאָרן, אָדער אין אַ טייל פון זיי, אַקטיוו מיטגעאַרבעט און מיטגעטראָגן די שווערע לאַסט פון דער קולטורעלער און פּאָליטישער טעטיקייט פון דער פּועלי ציון אין פולטוסק, וועלכע איך קען נישט צוליב פאַרשידענע טעמים יעדערן באַזונדער כאַראַקטעריזירן;

**די אומגעקומענע:**

מאַקס גורני, משה בראַדער, יורע אַלטמאַן, הינדע גרינבוים, שלום רוזשאַ,ביילע פּיעקאַזש, שמחה מאַרקוספעלד, חיים מאַרקוספעלד, הערש וויעלעדרוזש, שיעלע בלענקיטני, לייבעלע גרינבערג, מענדעלע גריזעק;

**די געשטאָרבענע נאָכן קריג:**

גדליה טאַשימאָוויטש — אין ישראל; גאָלדע טאַשימאָוויטש — אין קאַנאַדע; אסתר מארגוליס — אין פּוילן;

**די לעבן געבליבענע:**

מאָטל שטשופּאַק, שלמה בלענקיטני, יהודה־אריה מעלניק, יהושע גרינבערג, גרינטשע פיש, שרה פיש, פריידע פיש, יעקב סלאַמיאַנקאַ, פּסח ווישניא, איטקע טאַשימאָוויטש, בערל מידא, סינדער מידא, יצחק מידא, אליהו בולמאַן, מירל טאַשימאָוויטש — געפינען זיך אין ישראל; טאַבטשע סימכאָוויטש — אין פּאַריז; דבורה נוטקעוויטש, נחמן קירשנבוים, הערצקע געלודא, פּרץ בראַדער — אין אַרגענטינאַ; טאַבע מארקוספעלד, יצחק סום, שמחה ציפּלאָווסקי, בלומע טאַשימאָוויטש — אין קאַנאַדע; לייבל פּיעקאַזש — אין פּוילן; עזריאל לאַסקא, מאָטל פּשעטיצקי — אין אַמעריקע.



גדליה מרקוביץ ואברהם פישרמן עם קבוצה קטנה של „יונגבאַריסטן”.
גדליה מאַרקאָוויטש און אברהם פישערמאַן מיט אַ קליינע גרופּע „יונגבאַריסטן”



**פאַרוואַלטונג פון דער פּועלי־ציון־יוגנט, 22—1921**

**פון רעכטס שטייען:** אהרן דאַמב, הי״ד (דריטער אין ריי), קאָפּילאָוויטש ז״ל (פערטער אין ריי), ש. ד. קאָפּילאָוויטש

**זיצן:** זעמל (2־טער אין ריי), יעקב ראָטבלאַט (3־טער), ברוך ראָטבלאַט, ז״ל (4־טער)



פאַרוואַלטונג פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק אין יאָר 1923



**דער ערשטער יוגנט־קאָמיטעט פון דער לינקער פּועלי־ציון (יוגנט אָרג. „יוגנט") אין י. 1924**
**פון רעכטס אויף לינקס, שטייען:** י. גרינבערג, מעלניק, פּרץ בראָדער, ג. טאַשימאָוויטש (ז"ל)
**זיצן:** מ. רייך („יוגנט" צענטראַלע), שטשופּאַק (ז"ל), באָרעקעס (הי"ד)



**„יוגנט" פון לינקע פּועלי ציון אין יאָר 1925**
**צווישן דער גרופּע:** שלמה אהרן בלענקיטני, טאַשימאָוויטש, סאפּיאָן, גרודזשיק, ניימאַן, קאָן.
לאַסקע, סענדראָוויטש, פּיש, ארפּא צלל, מעלניק, דאַניעל א"א



**אַ גרופּע יוגנט פון דער לינקער פּועלי־ציון**
פון רעכטס זיצט שמעון זעליג ניימאַן, וואָס האָט באַקומען אַ קויל אין פּלייצע פון די דייטשן,
אין די ערשטע טעג פון קריג



דראַמ.־קרייז ביי „געז. אַוונט־קורסן", לינקע פּועלי־ציון, יאָר 1927

# פועלי־ציון - אקטיוויסטן

שמחה קירשנבוים (1911—1929). געקומען איז ער צו אונדז אין ביבליאָטעק דאָס ערשטע מאָל טוישן אַ בוך פאַר זיין ברודער, וועלכער איז געווען אַ חבר פון דער „פועלי־ציון". אַ בלייכער בחור, כמעט נאָך אַ קינד מיט קורצזיכטיקע אויגן און דאַן נאָך אַ שילער פון דער פאָלקשול.

אָבער ווען ער האָט געביטן די ביכער דריי מאָל אין דער וואָך ווען די ביבליאָטעק איז געווען אָפן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז ער אַליין איז עס דער לעזער. אין אַנהייב האָב איך געצווייפלט צי ער דערליינט די ביכער ביז צום סוף. אָבער פון זיינע ענטפערס, האָב איך זיך איבערגעצייגט אַז כ'האָב פאַר זיך אַ נישט דורכשניטלעכן, ביז גאָר טאַלאַנטפולן יונגן לעזער. כ'האָב אים אינספּירירט צו לייענען דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר זיין עלטער אין אונדזער ביבליאָטעק. מיט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן בעטן צו צוויי ביכער און איך האָב מסכים געווען.

מיט אַ קורצע צייט שפּעטער איז ער געוואָרן אַ „יוגנט" מיטגלידער. דאַן האָב איך פון אים פאַרלאַנגט אַז לויטן ביישפּיל פון אַנדערע פעיִקע חברים זאָל ער זיך טיילן מיט זיין וויסן מיט אַנדערע יוגנטלעכע. ער האָט גערן איינגעשטימט און איז געוואָרן אַן אינסטרוקטאָר פון אַ יוגנט קרייז.

דאָס מיליטער־דינסט האָט מיר אויף אַ יאָר אָוועקגענומען פון די פּאַרטיי רייען. ווען כ'האָב זיך צוריקגעקערט, איז ער שוין געווען אַ רייפער געזעלשאַפטלעכער טוער, אַריינגעטאָן אין דער קולטור־אַרבעט און דערציִונגס ענינים און זייער אַקטיוו ביי די דעמאָלט געעפנטע אָוונט קורסן. ער האָט שוין דאַן אויך ביי טאָג געאַרבעט אַלס שמוקלער, געווידמעט די אָוונטן פאַר דער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און פאַרן דערציִונגס ווערן און די שפּעטע נאַכט שעהן — פאַר אייגענער זעלבסטבילדונג.

ביי די וואַלן צום שטאָטראָט אין יאָר 1927 איז ער געווען פון די אַקטיווסטע טוער — סיי ביי די טעכנישע צוגרייטונגען ווי מאָלן פּלאַקאַטן און לאָזונגען, צוגרייטן רשימות פון די וויילערס און סיי ביי די וואַל־מיטינגען און פאַרלעזונגען.

קוים 16 יאָר אַלט, האָט ער אַרויסגערופן שטוינונג ביי די עלטערע חברים מיט זיינע רייפע געדאַנקען און טרעפלעכע פאָרשלאָגן אויף די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, ביי וועלכע מען האָט אים דערלויבט בייצווווינען.



שמחה קירשנבוים

צוזאַמען מיט ח' יצחק דאָמב, וועלכער האָט שטודירט אויפן צווייטן סעמעסטער פון יורידישן פאַקולטעט מיטן ח' יעקב שטשופּאַק און אַנדערע חברים האָט ער נאָך די וואַלן זיך גענומען מיטן גאַנצן ברען צו אָרגאַניזירן די פּאַרצווייגטע פּאַרטייִשע קולטור טעטיקייט. ער איז אויפגעטרעטן אויף פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע און דערציִונגס טעמעס, נישט נאָר אין פּולטוסק, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך ווי מאַקאָוו־מאַז., רוזשאַן, ווישקאָוו א"א.

ווען מיר האָבן געשאַפן דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט, האָט זיך דער יונגער שמחה קירשנבוים אונטערגענומען צו רעפערירן וועגן דער יידישער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור. ער האָט אויך רעדאַגירט און אַרויסגעלאָזט אַ וואַנט־צייטונג.

אין יענער צייט האָט ער מיר איינמאָל געוויזן אַן ענטפער־בריוו פון י. מ. ווייסנבערג, ווו דער שריפטשטעלער שרייבט, אַז ער זעט אין אים אַ פול־צוזאָגנדיקן טאַלענט און זאָגט אים צו בקרוב אָפּצודרוקן איינס פון זיינע צוגעשיקטע דערציילונגען.

אינעם שווערן ווינטער פון 1928—9 האָט דער פאָלקס־אוניווערסיטעט נישט איבערגעריסן זיין רעגולערע אַרבעט. אין מיטן דעצעמבער, איז שמחה געקומען אין אָוונט מיט אַן אַרומגעוויקלטן טוך אויפן האַלדז. אַ הייזעריקער, האָט ער זיך

פאַרענטפערט, אַז ער איז אין משך פון דער וואָך געווען קראַנק אויף גריפּע און דער דאָקטאָר האָט אים אויך איצט פאַר־ווערט אַרויסצוגיין פון שטוב. ער האָט געבעטן צו מעלדן די חברים אַז פון מאָרגן אָן באַנייט ער זיינע לעקציעס. אָבער ער איז ווידער בישט געקומען... ער איז געוואָרן קראַנק אויף אַ שווערער לונגען־אָנטצינדונג און אין משך פון עטלעכע וואָכן געראַנגלט זיך מיטן טויט.

אין אַ שווערן פראָסטיקן טאָג, זונטאָג דעם 3טן פעברואַר 1929, האָבן הונדערטער אַרבעטער און יוגנטלעכע אים באַ־גלייט אויף זיין לעצטן וועג, ווי־אויך דעלעגאַציעס און קרענץ פון אַלע ייִדישע אַרבעטער פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אין דער אַרבעטער צייטונג ווי דעם אָרגאַן פון דער לינקער פּועלי־ציון פון 15טן פעברואַר און אין אַפּריל־נומער פון דער „פרייער יוגנט" זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט גרע־סערע נעקראָלאָגן פון פולטוסקער חברים און פון די אַרומיקע שטעטלעך.

יוסף פּרענקעל. יוסף פרענקעלס זיידע איז געווען ר' ישראל פרענקעל אָדער ישראל פאַרבער, וועלכער איז אין דער עלטער פון איבער 90 יאָר נאָך געגאַנגען גלייך, נישט איינגעבויגן, האָט אָן אָנשטרענגונג צעהאַקט אַ שייטל האָלץ, געשטאַנען ביים קעסל און געמישט די געפאַרבטע מאַטעריאַלן און זיך פאַרנומען מיט כללטועריי. העלפנדיק די היימלאָזע אין זייער נויט.

זיין צווייטער זיידע איז געווען דער זאַרעמבער יורקע־וויטש, וואָס זיינע זין זענען געווען באַקאַנט מיט זייער וויסן און לערע. זיין מוטער בלומע איז נישט אָפּגעשטאַנען מיט איר חכמה און אינטעליגענץ פון אירע געלערנטע ברידער.

זיין עלטערער ברודער שמחה האָט זיך פרי באַפרייט פון פאָטערס השגחה אָבער האָט געפאָלגט דעם פאָטער, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געלערנט מיט אים ייִדישקייט. דאָך איז ער פריער פון מיר געוואָרן אַקטיוו אין דער „פּועלי־ציון" יוגנט. שפּעטער איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון געזעלשאַפט „אָוונט קורסן", אָנגעפירט מיט זיי און באַזונדער אַקטיוו געווען אין כאָר און אין דראַמ־קרייז. אין יאָר 7—1926, בעת מיין דינען אין מיליטער, איז ער געווען דער ביבליאָ־טעקאָר פון דער „באָראָכאָוו" ביבליאָטעק. צוזאַמען מיט די עלטערן און משפחה זענען זיי אין יאָר 1929 אַוועק קיין וואַרשע. יוסף האָט זיך באַזעצט אין פּרושקאָוו. מיטן אויסברוך פון קריג איז ער אַוועק קיין ביאַליסטאָק אָבער דערנאָך אומגעקערט זיך אַ היים צו דער פרוי און קינדער.

ער איז דערמאָרדעט געוואָרן פון פּוילישע כוליגאַנעס — יאָרן פאַר די נאַצישע מאַסן־אויסראָטונגען.

אהרן דוד סאפיאן. ער איז אַלע יאָרן געווען אַקטיוו אין דער „פּועלי ציון". זייענדיק אַ גוטער פאַרדינער (געווען אַ פישער) האָט ער געשטיצט די פּאַרטיי ביי אַלע פינאַנציעלע אַקציעס. ער פלעגט זיך באַטייליקן אין פּועלי ציון כאָר און אויך אויפטרעטן סאָלאָ. אין די ימים נוראים האָט ער אויך מהנה געווען די מתפללים אין דער גרויסער שול, ווען ער האָט מיט זיין אויסגעצייכנטער באַס־שטימע צוגעהאָלפן דעם שטאָטישן חזן הערשל שוחט (אַראָנאָוויטש) ביים עמוד. ער איז געשטאָרבן אין ישראל.

גדליה מאַרקאָוויטש. ער איז געווען דער יונגע־רער פון די צוויי ברידער, וועלכע זענען געוואָרן יונגערהייט פאַריתומט פון זייער פאָטער. די מוטער האָט שווער געהאָ־רעוועט כדי צו דערנערן און דערציען אירע קינדער. די לאַגע פון דער משפחה האָט זיך פאַרבעסערט, ווען די ברידער האָבן זיך אויסגעלערנט אַ פאַך. גדליה איז געוואָרן אַ שניידער און געאַרבעט אַלע יאָרן ביי ווישניעוויטשן. ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „יוגנט" איז ער געווען כמעט אַן אַלפאַ־בעט, נישט האָבנדיק אין די יונגע יאָרן קיין מעגלעכקייטן זיך צו לערנען. באַלד אָבער האָבן זיך אַנטפּלעקט זיינע נישט דורכשניטלעכע פעיקייטן. ער האָט זיך באַלד אויסגעלערנט לייענען און שרייבן און אָנגעהויבן אָנטייל צו נעמען אין עפנטלעכע דיסקוסיעס איבער פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס און געוואָרן אַ אינסטרוקטאָר פון אַ יוגנט קרייז, שפּעטער אויך פון „יונגבאַר". ווען ער איז אין יאָר 1932 שווער קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען אָנטצינדונג, האָבנדיק שוין „דערפאַרונג" נאָך דער קראַנקהייט און טויט פון דעם ח' שמחה קירשנבוים, האָבן מיר באַלד אין די ערשטע טעג איינגעאָרדנט ביי אים דיזשורן פון חברים און ממש נישט אָפּגעטרעטן פון אים. מיט דער הילף פון די בעסטע דאָקטוירים איז אונדז געלונגען אים אָפּצוראַטעווען פון די נעגל פון מלאך המות און נאָכדעם דערמעגלעכט אים צוריקצוקומען צו די כוחות.

ער איז געווען אַקטיוו אין דער פּועלי ציון פאַרטיי ביזן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט קריג. דאָס אָרט פון זיין אומקום אין ראַטן־פאַרבאַנד איז אומבאַקאַנט. דאָס לעצטע מאָל האָט מען אים געזען אין 1941 אין מאַגילאָוו פון וואַנען ער האָט זיך געוואָלט דורכשלאָגן אויף מזרח, זיך צו ראַטעווען פון דער אָנגרייפנדיקער דייטשיש־היטלעריסטישער אַרמיי.

יוסף פרידמאַן. ער איז געווען דער מיטלסטער פון דריי ברידער, וועלכע זענען אין זייער פריען עלטער פאַר־יתומט געוואָרן, ווען זייער פאָטער יעקב פרידמאַן, אַ זאַכן־סוחר, איז אומגעקומען פון אַן אויטאָבוס־קאַטאַסטראָפע.

אין יאָר 1926, נאָך זייער יונג, האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אין דער „יונגט". באַלד זיך אויסגעצייכנט אויף פאַרשידענע געביטן. שפעטער איז ער אַלע יאָרן געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע.

אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי פייגע (פון דער היים שעלאַנטשיק) און זיין־זייער קינד אין ווייסרוסלאַנד.

שלמה ליטוואַק. געקומען איז ער אין דער „פועלי ציון" יוגנט אין יאָר 1925 און געהאַט אונטער זיך אַ „סטאַזש" פון אַ סך איבערגעלייענטע ביכער און אַ פעקל דיקע העפטן באַשריבענע מיט לידער, וועלכע ער האָט קיינעם נישט גע־וויזן, אויסער אַן אינטימן חבר (און דערונטער מיר). אָבער ווייזט אויס אַז מיט דער צייט האָט זיך ביי אים די פאָעטישע נייגונגען אויסגעוועפט. צי דאָס איז געווען צוליב נאַטירלעכע סיבות, אָדער צוליב זיין שווערן געראַנגל צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט אַלס אַ לערן ייִנגל ביי שניידער. ער האָט געדאַרפט פאַרדינען נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך צוהעלפן זיינע אָרעמע עלטערן, באַלאַסטעט מיט קליינע קינדער און דער עיקר, זיין כראָניש קראַנקע מוטער.

פונעם 1927טן יאָר האָט ער געאַרבעט אַלס געזעלן אין וואַרשע און איז געווען איינער פון די אַקטיווע חברים אין דער „פולטוסקער קאָלאָניע" אין דער הויפשטאָט. נאָך זיין חתונה מיט דער ח'טע פייגע עפשטיין פון פולטוסק זענען זיי שוין געוואָרן אָפיציעלע וואַרשעווער תושבים. זיי זענען אומ־געקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

אפרים פיש. אין אָנהויב פון די 30ער יאָרן האָט ער געהערט צו דער גרופּע אויסגעצייכנטע יונגע חברים, וועלכע האָבן פאַרנומען פירנדיקע אַמטן אין דער פולטוסקער „פועלי ציון" יוגנט. אַחוץ די געציילטע קלאַסן פון דער פאָלקס שול, וואָס ער האָט פאַרענדיקט, האָט ער זיין אויסבילדונג באַקומען אין דער „יוגנט". ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טעטי־קייט אויף אַ סך געביטן, זייענדיק אַ יוגנט־אינסטרוקטאָר און איינער פון די יוגנט אָנפירער.

אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און חברטע גיטל פענסטער. זיי איז באַשערט געווען אַדורכצומאַכן דאָס טרויע־ריקע קאַפיטל פון „קיינעמס לאַנד" אויף דעם פאַס צווישן דער דייטשער און סאָוויעטישער גרענעץ. די סאָוויעטישע וואַכן האָבן זיי נישט אַדורכגעלאָזט אויף די פאַרנומענע דורך זיי געביטן. זיי האָבן זיך נישט געראַטעוועט און געטיילט דעם גורל פון די זעקס מיליאָנען זין און טעכטער פון יידישן פאָלק.

די משפחה מערלא. דריי פון פינף קינדער פון דער משפחה מערלא זענען געווען אַקטיווע טוערס אין דער „פועלי ציון" פאַרטיי. דער עלטסטער הערשל איז געווען אין די יאָרן 1918—1923 דער פאַרזיצער פון דער געמיינזאַמער י. ל. פרץ ביבליאָטעק, אָבער די שווערע לונגען־קראַנקהייט האָט אים יונגערהייט אַוועקגענומען פון דער אַקטיווער פועלי־ציון־אַרבעט. ער איז געשטאָרבן דעם 24טן יולי 1925.

דער צווייטער זון משה איז אויסגעוויילט געוואָרן פון דער פועלי ציון ליסטע אין שטאָטראָט אין יאָר 1927, דערנאָך — אין יאָר 1928 און אין יאָר 1939 — אויף דער געמיינזאַמער אַרבעטער־ליסטע.

די טאָכטער ביילע איז געווען די דריטע לויטן עלטער. זי איז אַקטיוו געווען אין דער „פועלי ציון" יוגנט פון אָנפאַנג צוואַנציקער יאָרן. געווען אין די יאָרן 1925—1928 געהילף ביבליאָטעקערין און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער געזעל־שאַפט אָוונט־קורסן. זי און זייערע משפחות זענען אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די נאַציסטישע מערדערס. דאָס אָרט פון זייער אומקום איז נישט באַקאַנט.

משה בורשטין. געשטאַמט האָט ער פון מאַקאָוו־מאַזאָוויעצקי. ווען ער איז געוואָרן אַ פולטוסקער איידעם און באַזעצט זיך אין דער שטאָט, איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער און פון די אָנפירער פון די „פועלי־ציון". זיין וואַרשטאַט און זיין דירה זענען אַ סך יאָרן געווען דער טרעפפונקט פונעם „פועלי־ציון"־אַקטיוו. אין מאַי 1939 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין שטאָטראָט אויף דער געמיינ־זאַמער אַרבעטער־ליסטע.

נאָכן אַרויסיאָגן די יידן פון פולטוסק דורך די נאַציס, האָב איך דערהאַלטן פון אים עטלעכע בריוו. אין די יאָרן 1940—41, ווען ער האָט זיך געפינען מיט זיין פרוי עטקע אין וואָראָשילאָווגראַד (פריער: לוגאַנסק). זיין יונגערער ברודער, וואָס האָט ערב דעם קריג חתונה געהאַט קיין קראָס־נאָשילץ, איז דערשאָסן געוואָרן אין די ערשטע טעג פון קריג, בעת מען האָט אים געטריבן קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט. די איבעריקע מיטגלידער פון דער גרויסער משפחה זענען שפעטער אומגעקומען צוזאַמען מיטן מאַקאָווער יידנטום. זיין פרויס ברודער, אברהמל אגורעק מיט דער פרוי און דער־

וואַקסענע קינדער, זענען אומגעקומען אין אַ שטעטל אין מינסקער קרייז. זיין שוועסטער איטקע מיט איר מאַן, משה־חיים דראַנזשעק, און דריי דערוואַקסענע קינדער, האָבן זיך באַזעצט אין סאַרני, נאָכן אומקערן זיך אין 1940 פון ראַטן־פאַרבאַנד און דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיטן סאַרנער יידנטום.

י ע ק ב  ש ט ש ו פ אַ ק (1899—1930). פון די יונגסטע יאָרן, שוין אין 1916, איז ער אַריינגעטראָטן אין דער ניי געגרינדעטער „פועלי־ציון"־יוגנט אין פולטוסק און געווען אין די שפּעטערדיקע יאָרן דער פאָרשטייער פון „פועלי־ציון" אין פאַרשידענע צווישנפּאַרטייִשע קולטור־אינסטיטוציעס. ער האָט אַוועקגעגעבן אַ סך צייט אויף אויסצובילדן די יוגנט, געלערנט זיי צו פאַרשטיין אַ צייטונג און באַוויגן צו לייענען אַ בוך. אַליין אַן אויטאָדידאַקט, איז ער אַ דאַנק זיין זעלבסט־בילדונג געוואָרן איינער פון די באַוווסטזיניקסטע יידישע אַרבעטער און געזעלשאַפטלעכע טוער אין שטאָט. ער איז געווען אַ מוסטער פאַר אַנדערע יוגנטלעכע און באַוויזן, אַז מיט אַ שטאַרקן ווילן קאָן מען, אָן אָפיציעלע שולן און בילדונגס־אַנשטאַלטן, דערגרייכן בילדונג און וויסן.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך אים באַגעגנט אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט אין דער אַלגעמיינער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, אין יאָר 1922, ווען ער האָט רעפערירט צוזאַמען מיט אַנדערע חברים אויף אַ ליטעראַרישער טעמע. דאָס איז געווען מיין ערשטער באַזוך אויף אַזאַ מין אָוונט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך געטראָפן אין אַ פאַרטאָג, ווען ער האָט געטראָגן פון אונטער דער שטאָט צוויי שווערע קאַנען מיט מילך — פאַר זיין מוטערס מסחר — אָנגעטאָן אין די אַרבעטס־מלבושים. ווען איך האָב אים באַגריסט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן מיט מיר צו שמועסן. ער האָט מיך דערקענט, אַז איך בין בייגעווען אויפן אָוונט אין ביבליאָטעק און אויך געוווסט, אַז איך אַרבעט אין איין וואַרשטאַט מיט זיין יונגערן ברודער, מאָטל, אַלס לערן־יינגל. זיין ערשטע פראַגע איז געווען, פאַר וואָס איך ווער נישט קיין „יוגנט"־מיטגלידער? איך האָב אים געענטפערט, אַז צו מיינע לאַנגע קליידער פּאַסט מיר דאָס נישט. האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— קליידונג? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס? נאַרישקייטן! און אַז איך גיי אָרעם געקליידעט שטערט עס מיר?

דערנאָך איז ער אַ לענגערע צייט נישט געווען אין פולטוסק און געאַרבעט אין וואַרשע. ווען ער פלעגט קומען אַ היים אויף יום־טוב, האָבן מיר אים שוין נישט אָפּגעלאָזט, ער זאָל פאַר אונדז רעפערירן אויף וועלכער ס'איז נישט טעמע.

ווען מיר האָבן געגרינדעט די געזעלשאַפט פאַר אָוונטקורסן, האָט ער ווידער זיך געפונען אין פולטוסק און געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג און פון אירע קולטור־אינסטיטוציעס.

ביי די שטאָטראַט־וואַלן, דעם ערשטן יולי 1921, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן פון דער פוע"צ־ליסטע. כאָטש באַגרענעצט אין דער פוילישער שפּראַך, האָט ער זיך אַנטפּלעקט אַלס איינער פון די בעסטע און אַקטיווסטע יידישע ראַטמענער. ער האָט געקעמפט קעגן דער דיסקרימינאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג און נישט אַדורכגעלאָזט קיין שום פּונקט פון דער טאָג־אָרדענונג, אויב דאָס איז געווען קעגן די אינטערעסן פון די יידישע בירגער אין שטאָט.

נאָך די צווייטע שטאָט־ראַט־וואַלן אין יאָר 1928, אין וועלכע ער איז ווידער אויסגעוויילט געוואָרן, האָט ער געקאָנט זיין טעטיק אין מאַגיסטראַט פאַר אַ קורצע צייט. צוליב אַ סך סיבות האָט ער געמוזט פאַרלאָזן פולטוסק, און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

ס'איז קוים אַריבער אנדערטהאַלבן יאָר נאָכן שווערן פאַרלוסט, וואָס מיר האָבן געהאַט צוליבן טויט פון ח' שמחה קירשנבוים, ווען מיר האָבן באַקומען די דערשיטערנדיקע ידיעה פון וואַרשע, אַז יעקב שטשופּאַק איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט אין בליענדיקן עלטער פון 31 יאָר. מיר זענען גלייך אַוועקגעפאָרן אין דער פוילישער הויפּשטאָט, כדי איינצואָרדענען זיין לוויה צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון פולטוסקער חברים אין וואַרשע.

אין דער גרויסער לוויה, וועלכע איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק דעם 10טן יולי 1930, האָבן זיך אויך באַטייליקט פאָרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער איז געווען טעטיק — מיט בלומען און קרענץ. אין דער „אַרבעטער־צייטונג" פון 11טן יולי איז געדרוקט געוואָרן אַ גרויסער נעקראָלאָג מיט פּרטים וועגן דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פונעם פאַרשטאָרבענעם.

צו די שלושים, שבת דעם 9־טן אויגוסט, האָבן מיר איינגעאָרדנט אין שטאָטישן טעאַטער־זאַל אַ טרויער־אַקאַדעמיע, אויף וועלכער עס האָבן זיך אויך באַטייליקט אַ גרויסע צאָל חברים פון מאַקאָוו, ווישקאָוו, רוזשאַן און טשעכאַנאָוו.

מיטן פריצייטיקן טויט פון יעקב שטשופּאַק האָבן מיר פאַרלוירן אַ טייערן חבר און פריינד, אַ געטרייען מיטבויער פון אונדזער פּאַרטיי און אירע קולטורעלע אינסטיטוציעס.

א ה ר ן און י צ ח ק  ד אַ מ ב. צוויי ברידער, צוויי וועלטן, איין גורל.

צוויי ברידער זענען זיי געווען. ביידע זענען געווען אין דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי; אהרן — נאָך פון ערב די צוואַנציקער יאָרן, יצחק — אין די יאָרן 25—1929. זיי זענען נישט געווען ענלעך צו זיך. אהרן — אַ ביסל אָפּגעלאָזן און יצחק — אַ גרויסער פּעדאַנט. אהרן איז געווען אַ רויִקער, איבערגעטראָגן די שווערסטע באַדינגונגען שטיל, רויִק. יצחק איז געווען אַ ברוויזנדיקע נאַטור. ביידע זענען געווען „אייזערנע מוחות". אויב אהרן איז געווען אַ פּענאָמען, איז יצחק געווען אַן עילוי.

אהרן האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען, אין די יונגע יאָרן, איבערגעריסן מיט דער גימנאַזיע, יצחק האָט מיט דער־פאָלג געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט אין אָנהייב פון די 30ער יאָרן. ביידע גוטע רעדנער. אהרן האָט גערעדט רויִק, שטיל, געציילט די ווערטער און טיפזיניק באַגרינדעט זיינע אַרגומענטן. יצחק איז געווען אַ מאַסן־רעדנער, האָט געשפּריצט מיט פונקען און אָנגעצונדן די צוהערער מיט ענטוזיאַזם. דער לעבנס־וועג זייערער איז געווען פאַרשידנאַרטיק. אהרן האָט נישט געוואָלט גענייסן פון דער הילף, וועלכע עס זענען געווען גרייט צו געבן אים די שטענדיק־פאַרהאָרעוועטע טאַטע מאַמע. דער פאָטער דוד דאָמב — אָדער קאַשטאַן, ווי מ'פלעגט אים רופן אין שטאָט — איז געווען אַ קצב. די מוטער האָט אין זעלבן קלייט געהאַט צו פאַרקויפן גרינצייג. זיי האָבן געשטרעבט, אַז זייער בכור זאָל ממשיך־זיין זיין בילדונג. אָבער אהרן האָט איבערגעריסן מיט דער גימנאַזיע און געוואָרן אַקטיוו אין דער נאָר וואָס געגרינדעטער „פּועלי־ציון־יוגנט", און אויך אָנגעהויבן „אונטערזינדיקן" מיט פּאָעזיע. אין יאָר 1923 האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין דער גרויסער וועלט לערנען זיך אין די „אוניווערסיטעטן פון לעבן" און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ — קוילן־גרעבער אין בעלגיע. ער איז אויך געווען אַ געוויסע צייט אַ סעקרעטאַר ביי שלום אַש אין פראַנקרייך און געשריבן לידער*.

אין יאָר 1927 איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן. ס'האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז ער האָט ענדלעך דערגרייכט זיין לעבנס־ציל. ער האָט חתונה געהאַט און ס'איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ זונעלע (אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן פּרץ — נאָך זיין באַליבטן דיכטער י. ל. פּרץ). עס איז געווען אַ זעלטן געראָטן קינד און געוואָרן אַ קרוין פאַר דער גאַנצער משפחה און אויך דערנענטערט זיינע ביז דעמאָלט ברוגזע עלטערן.

ווײַנענדיק אין די יאָרן 3—1931 אין פּולטוסק, איז אהרן געווען אַקטיוו אין דער פּאַרטיי אויפן קולטורעלן געביט. כאָטש קומענדיק צוריק פון בעלגיע איז ער געווען אָנגעזאַפּט מיט אידעען פון אַנאַרכיזם־אינדיווידואַליזם און נישט מסכים געווען מיטן פּאָליטישן וועג פון דער „פּועלי־ציון". ער איז דעמאָלט אַרויסגעטרעטן אויף אַלע איינגעאָרדנטע ליטעראַרישע דיסקוסיעס און אָנגעהויבן (צוזאַמען מיט מיר) צונויפזאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַן איינמאָליקער יובל־אויסגאַבע פון 25 יאָר פון דער „פּועלי ציון יוגנט" אין פּולטוסק און צוזאַמען מיט דעם — וועגן יידישן ישוב אין פּולטוסק זייט זיין אַנטשטייונג.

סוף נאָוועמבער 1933 איז דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן אונדזער קולטור־געזעלשאַפט און צוזאַמען מיט איר אויך די ביבליאָטעק. ס'איז דעמאָלט אויף אַ קורצע צייט איבערגעריסן געוואָרן אונדזער קולטור דערציִערישע אַרבעט. אין יענער צייט איז ער שווער געטראָפן געוואָרן פון גורל. דאָס קינד, וואָס האָט זיך אַזוי שיין אַנטוויקלט, האָט פּלוצעם באַקומען אַ שווערן אָנפאַל פון דער בלינדאַרם און מ'האָט אים נישט באַוויזן צו ראַטעווען. ער האָט אַ געוויסן גלייכגעוויכט צוריק באַקומען, ווען עס איז געבוירן געוואָרן ביי אים דאָס צווייטע קינד — אַ מיידעלע. אָבער זיינע שוועריקייטן צו געפינען אַ שטענדיקע אַרבעט און פּרנסה האָבן אים ווירקלעך צעשטערט זיין לעבנס־גלייכגעוויכט, אָבער נישט צעבראָכן. ער האָט געשריבן לידער אָבער אין ערגעץ נישט געשיקט צום דרוקן. ער האָט מיר אַמאָל געהאַט איבערגעגעבן צוויי העפטן מיט לידער, כ'זאָל עס האַלטן אין דער ביבליאָטעק.

— פאַר וואָס שיקסטו זיי נישט ערגעץ אָפּצודרוקן? ער האָט אויף מיין פראַגע אַ מאַך געטאָן:

— וואָס וועט עס מיר געבן... כ'געדענק נאָר, אַז אין איין ליד האָט זיך גערעדט וועגן „גראָבן קברים, גאַנצע חמרים"... ווי ער וואָלט נביאות געזאָגט אויף דער נאָענטער גרויסער קאַטאַסטראָפע. אין דער צייט פון די מאָסקווער פּראָצעסן, האָט ער מיר געזאָגט: — דאָס גרייט סטאַלין צו, אַז ער זאָל קאָנען גיין אַ שטיקל וועג מיט היטלערן"... ווען איך האָב אים אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער, האָט ער מיר געזאָגט: — הלוואי זאָל עס טאַקע נישט געשען, אָבער צוויי „אַנטיפּאָדן" קומען זיך צונויף... נישט נאָר איך, אויך זיין ברודער יצחק האָט אים נישט פאַרשטאַנען. יצחק פלעגט זאָגן: — מיין ברודער אהרן איז געבוירן געוואָרן מיט 100 יאָר צו פרי, דעריבער קען ער זיך נישט אַריינפּאַסן אין היינטיקן יאָרהונדערט...

נאָך אַ צייט אויפהאַלטן זיך מיט דער פרוי און קינד אין וואַרשע, האָט ער אין פרילינג 1937 ווידער פּרובירט דאָס מזל אין פּולטוסק. אויך דאַסמאָל איז אים נישט געלונגען. ער האָט

* זיין ליד „איך און ס'פערד" — אַ קוילן־גרובן מאָטיוו איז געדרוקט געוואָרן אין דער „פרייער יוגנט" אין וואַרשע (אָרגאַן פון דער „יוגנט־פּוע"צ") אין מאַי 1926.

זיך אָפּגעמאַטערט אַ גאַנצן זומער און אַוועק צוריק קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער געאַרבעט אַלס שוואַרצער אַרבעטער אין אַ גאַרבעריי און אַזוי געמוטשעט זיך ביזן אומקום אין וואַרשעווער געטאָ.

אַנדערש איז געווען דער לעבנס־וועג פון זיין ברודער יצחק, וועלכער האָט אין די יאָרן 29—1927 אַ סך צושטייער געגעבן צו אונדזער פּאָליטישער און קולטור־דערציערישער טעטיקייט. אין דער צייט, ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן דעם ערשטן סעמעסטער פון יורידישן פאַקולטעט, האָט ער בשעת די פעריען אָפּגעגעבן די אָוונטן און שבתים פאַר די חברים און רעפערירט אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס. ס'האָט אים אפילו געסטייעט צייט אויך פאַר די אַרומיקע שטעטלעך, ווי רוזשאַן, מאַקאָוו א"א. ווען ער האָט דערגרייכט און געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, האָט ער פּראַקטיצירט ביי אַן אַדוואָקאַט אין סוואַלק אָדער אויגוסטאָווו (ביי גראָדנע), ביז ער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע יידן.

צוויי באַזונדערע כאַראַקטערן, צוויי באַזונדערע לעבנס־וועגן און איין גורל איז זיי באַשערט געווען...

משה אַלטמאַן. ער איז געווען אין די יאָרן 24—1928 איינער פון די גאַר אַקטיווע יוגנט מיטגלידער פון דער „פּועלי־ציון". שפּעטער אַריבער קיין וואַרשע, דאָרט געאַר־בעט און געווען פון די טעטיקסטע חברים פון דער „פּולטוסקער קאָלאָניע" פּועלי ציון אין וואַרשע. אין יאָר 1929 האָט ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע פריינד, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין פראַנקרייך. אַלס פאַכמענער האָבן זיי זיך אין פּאַריז גוט איינגעאָרדנט און דאָרט חתונה געהאַט. אינעם חורבן, וואָס איז געקומען אויפן פראַנצויזישן יידנטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען אומגעקומען די חברים: משה אַלטמאַן, הענעך קאַן, הערש־מאיר גרינשפּאַן און זיין פרוי, מרים ביימאַן און איסר נאָוואָמינסקי.

געבליבן לעבן זענען די ח'טע עטקע לאַסקאַ, די פרוי פון הענעך קאַן, פּסח ווישניא (היינט אין ישראל).

## ברוך רינג

דערמאָנענדיק די פּוע"צ אַקטיוויסטן האָב איך זיך דער־מאָנט אין נאָך איינעם אַ קולטורעלן, פּאַרטייִשן און געזעל־שאַפטלעכן „אַקטיוויסט" פון אַ גאַר באַזונדערן ווערט. כאָטש ריין אידעאָלאָגיש האָט ער נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער לינקער פּוע"צ (וואָס איז פאַר אים, ווייזט אויס, צו „רעכט" געווען...), נאָר אויסקומענדיק מיר צו אַרבעטן אין זיין מחיצה אויף אַ סך אַנדערע געביטן, וואָס האָבן טיילווייז אויך געהאַט אַ שייכות צו אונדזער פּאַרטיי און אָפּשאַצנדיק זיינע אַלגעמיינע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטי־קייטן אין שטאָט — ברענג איך אים אַריין אין דער דאָזיקער „סביבה", וועלכע איז אים דאָך אינגאַנצן נישט פרעמד געווען.



אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין פּולטוסק, אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג, איז געווען ברוך — אָדער בוטשע — רינג. געשטאַמט האָט ער פון קראַסנאָשילץ. זיין פאָטער איטשע־מאיר איז געווען אַ ברודער פונעם פּולטוסקער שמואל רינג, וועלכער איז געווען אַ גערער חסיד און איינער פון די גבירים אין שטעטל. ברוך איז נישט נאָר נישט געגאַנגען אין די דרכים פון זיין פרומען פאָטער, נאָר — אויך נישט אין די ציוניסטישע וועגן פון זיין ברודער. ער איז געווען ראַדיקאַל־לינק, אָבער אָן דער שנאה צו אַנדערע אַרבעטער־ריכטונגען. סוף צוואַנציקער און אָנפאַנג דרייסיקער יאָרן איז ער געווען אַ לערער און לייטער פון דער יידיש־פּאַוושעכנער שול אין רוזשאַן. אין שטעטל האָט ער מיטגעאַרבעט אויפן קולטור־געביט מיט דער לינקער „פּועלי־ציון" און דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן". אַלס פריוויליקער לערער אויך געגעבן לעקציעס אויף ליטע־ראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס.

איינמאָל, ערב דעם ערשטן מאַי, האָט די פּאָליציי אין רוזשאַן אַדורכגעפירט אַרעסטן צווישן די „פּועלי־ציון"־חברים און אַנדערע לינקע קרייזן און מען האָט אויך פאַרהאַלטן אים, ברוכן. האָט זיין פרוי (פון דער היים: ווילנבערג — אַ מאַקאָווער), וואָס איז געווען אויך אַ לערערין, איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע פון אַלע שול־קינדער, וועלכע האָבן געפאָ־דערט צו באַפרייען זייער ליבן שול־פאַרוואַלטער. די פּאָליציי, נישט האָבנדיק קעגן אים קיין גענוגנדיקע באַווייזן, האָט אים נאָך 48 שעה אָפּגעלאָזט. אָבער די פּוילישע ראַטמענער פון דער אַנטיסעמיטישער נ.ד. האָבן פאַרלאַנגט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו באַזייטיקן אים אַלס שול־לייטער און דאָס איז זיי געלונגען, טראָץ דער אינטערווענץ פון דער יידישער קהילה.

ברוך רינג און זיין פרוי האָבן זיך איבערגעצויגן קיין פּולטוסק, און־ממשיך געווען אַלס לערער. אויך אין פּולטוסק האָט ער זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט לערעריי און מיטגע־אַרבעט מיט אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען. נאָר אויב אין רוזשאַן איז זיין מיטאַרבעט געווען אויפן קולטורעלן געביט, האָט ער אין פּולטוסק זיך פאַרנומען מיט פּאָליטישער טעטיקייט.

איך האָב זיך נענטער באַקאַנט מיט אים אין יאָר 1936, ווען ס'איז מיט זיין איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן אַ געמיינזאַמער קאָמיטעט פון „פועלי־ציון". „בונד" און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ.

אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו פאַרוואַנדלען די „גמילת־חסד"־קאַסע פון אַ פּריוואַט קרעמל אין אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, פון וועלכער ברוך רינג איז געוואָרן דער פאָרזיצער. נאָך דער דאָזיקער רעאָרגאַניזאַציע, איז די אַמעריקאַנער שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע אויף פסח פאַרטיילט געוואָרן אונטער אַ געהעריקער געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל.

די צווייטע אַקציע איז געווען אַ פּאָליטישע. דאָס איז געווען די צוגרייטונג צו די שטאָטראָט־וואַלן אין מאַי 1939. צוליב דער רעאַקציאָנערער וואַל־אָרדינאַציע, איז כמעט אוממעגלעך געווען, אַז אונדזערע פּאַרטיי זאָל גיין זעלבשטענדיק צו די וואַלן און ס'איז טאַקע אונטער זיין אָנפירונג געלונגען צוזאַמענצושטעלן אַ געמיינזאַמע אַרבעטער ליסטע און צו באַקומען 6 ראַטמענער פון דער אַלגעמיינער צאָל 7 יידישע.

אויף דער געמיינזאַמער ליסטע איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן ברוך רינג, ש. בלענקיטני, משה בורשטין א"א.

מיר האָבן זיך דעמאָלט געגרייט צו די קהילה־וואַלן, אָבער צו דער דאָזיקער אַקציע זענען מיר שוין נישט דערגאַנגען. מיר האָבן אויך נישט באַוויזן צו ווערן אָפיציעלע מיטגלידער פון שטאָטראָט, ווייל ביז די וואַלן זענען באַשטעטיקט געוואָרן, האָבן די היטלער־חיילות פאַרנומען פּוילן.

ברוך רינג, דער ראַדיקאַל, וועלכער איז אַוועק אינעם אויסגעטרוימטן לאַנד, האָט געטיילט דעם גורל פון טויזנטער אַנדערע יידישע אַרבעטער־טוער. ער האָט זיך מן הסתם געגרויסט מיט זיינע „זכות אבות" אַלס קאָמוניסט און ער איז פאַר דעם אויסגעצייכנט געוואָרן מיט צען יאָר קאַטאָרגע, ווייל די נ.ק.וו.ד. האָט אין יאָר 1940 פאַרגעזעצט די ליקווידאַציע פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי, וואָס יעזשאָוו האָט אָנגעהויבן אין די יאָרן 1936—1938.

ווו עס איז אַהינגעקומען זיין געביין איז נישט באַקאַנט. ס'איז אויך נישט באַוווסט דער גורל פון זיין פרוי און זיינע צוויי טעכטער.



# בית״ר

בית״ר — ברית הנוער העברי ע״ש יוסף תרומפלדור אמנם נוסדה בפולין תחילה בתור הסתדרות „השחר״ בשנת 1925, אולם הקן בפולטוסק לא נמנה על ראשוני הקננים. בערים הסמוכות לפולטוסק כגון סרוצק, צ׳כנוב, פרסניץ, מלבה ועוד, כבר פעלו קנני בית״ר, עת אוהדיה של תנועה זו בפול־טוסק עדיין השתייכו, על אף הבדלי ההשקפות, להסתדרות הציונים הכלליים בעיר והיו פעילים בה.


יעקב נחושתן (קופפרמינץ)

אחרי מאורעות הדמים בארץ־ישראל בשנת 1929, נעשו המאמצים הראשונים לארגון קן בית״ר בפולטוסק. קריאותיה של תנועה זו להקמת גדוד עברי ליגאלי בארץ, כדי למנוע שפיכות דמים וכוונתה לחנך את הנוער ברוח צבאית ולהכינו מבחינה מעשית ללגיון — קריאות אלה מצאו אוזן קשבת גם אצלנו בפולטוסק.

התחלתי לחפש שותפים לרעיון ובאתי בדברים עם בני נוער, אשר השתייכו אז למסגרות מפלגתיות אחרות. במקומות אחדים וביניהם בחנותו של אבי, תליתי כרוזים שהגיעו מה־מפקדה הראשית בוורשה, ובהם מצע התנועה.

הראשונים שגילו ענין בהצטרפות לבית״ר היו צבי ל. טרמן וחנה ישמח. תקופת־מה הצטרפו גם לקבוצה המייסדת גוז׳יק ומוריץ פרנקל, אשר פרשו אחרי תקופה קצרה.

מחוסר מקום ובגלל העדר תקציב, קיימנו את פגישותינו הראשונות במועדון ההסתדרות הציונית ולאחר זאת תחת כיפת השמים, ביער בפופלבי או בבתים פרטיים. מדי פעם בפעם החלו להצטרף לבית״ר קבוצות נוער חדשות מתוך חוגי הנוער הלומד והעובד, וכאלה אשר עברו לבית״ר מהסתדרויות נוער אחרות.

זכורה לי שבת בתקופה הראשונה, עת ערכנו את המסדר השבועי ביער, ופתאום הרגשנו בשלישיה של נערים המת־קרבת אלינו וכולם ב„אידישע היטלאך״, שלישיה בה צעד אחד ליד משנהו, כאילו הסתדרו במתכוון לפי הגובה. היו אלה יעקב שטיינברג ז״ל ויבדלו לחיים אוזכים צבי בלום ויואל ליפניאק, אשר הופיעו ביער והביעו את משאלתם להצ־טרף לשורותינו.

פעם אחרת, אף זה בשבת, בעת ניהול המסדר ביער נעמד במרחק מה יהודי גבוה, בגיל העמידה והאזין לדברינו. היה זה ר׳ אברהם ז׳לינסקי, אשר התקרב וביקש את רשות הדיבור. בשפה פשוטה ובשכל קר של יהודי מנוסה וחייל מצבא ניקולאי, הסביר ר׳ ז׳לינסקי את הצורך בצבא עברי, כשם שלעמים אחרים יש צבא משלהם. מהיום ההוא ואילך עמד ר׳ ז׳לינסקי בהתלהבות לצידה של תנועה זו וכן לצידו של ארגון החיילים המשוחררים ע״ש זאב ז׳בוטינסקי „ברית החייל״, שנוסד בשנת 1932.

הפעילות בבית״ר התבססה על עבודה תרבותית־חינוכית והכשרה הגנתית. העבודה החינוכית התנהלה לפי החומר להד־רכה שקיבלנו מנציבות בית״ר בוורשה. באשר להכשרה ההגנ־

תית, נעשו אי־אלה נסיונות לארגן פלוגה של פ.וו. מחניכי בית״ר, ליד גדוד הצבא הפולני שחנה בפולטוסק, לשם אימון בנשק, אולם ללא הצלחה.

ב־1932 התקיימו בעיר ז׳לונקי קורסים מרכזיים למדריכי הכשרה הגנתית של בית״ר, אשר התנהלו תחת פיקודו של רב החובל ירמיהו הלפרן. לאחד הקורסים האלה נשלחו החברים ברוך גפטק וצבי לוטרמן ושניהם קיבלו, עם סיום הקורס, את התואר של מדריכי הכשרה הגנתית.

עד כמה היה ענין הצבאיות זר לרוחו של הנוער היהודי בפולטוסק, מוכיחות התגובות המשונות למראה הראשון של תלבושת צבאית, אותה לבשו חניכי בית״ר.

נזכר אני, כיצד נתקלתי בקריאות מוזרות (כגון: „בייגט זיך אַראָפּ, אַ גרינער גייט!״) בצאתי לראשונה לרחוב בתל־בושת רשמית; והקריאות באו הן מצד חברי תנועות ציוניות והן תנועות מתנגדות לציונות.

אם כי העליה לארץ היתה לגבי חברי בית״ר בגדר של „נומרוס קלאוזוס״, אשר נהפך אחר כך ל„נומרוס נוללוס״ כאשר הסוכנות הפסיקה להקציב לארגון זה סרטיפיקטים — רבים היו הבית״רים מפולטוסק אשר יצאו לגדודי הכשרה, שהיו פזורים ברחבי פולניה (כגון וולברום, רוקיטנו, שצ׳בז׳שין, אלכסנדר ועוד). השמות של היוצאים להכשרה הזכורים לי הם: צבי בלום, צבי מלינה, פיבל מונצ׳, משה ניסטמפובר, משה וישניה, משה שינבלוגה ומרדכי דומב.

בשנת 1932 נעשה נסיון נפל של ארבעה מחברי הקן (והם: מרדכי דומב, צבי מלינה, אפרים גורמן, צבי נובידבור) להבריח גבולות, על מנת להגיע ארצה. בסודי סודות נפרדו הם מיחידי סגולה בבית״ר, נסעו במוצאי שבת ב„פלטפורמה״ לוורשה, נכנסו לרכבת אשר נסעה דרומה ושכבו תחת הספסלים, על מנת להגיע לגבול הדרומי. לרוע מזלם נתגלו בהגיעם לעיר קטוביץ והוחזרו לוורשה לאחר ששילמו קנס (כרטיס כפול).

לעומת נסיון נפל זה נעשה ע״י כותב טורים אלה נסיון מוצלח של הברחה בעת עלותו ארצה בשנת 1933. ילד מהעיר נשלסק, בן 13, יתום מהוריו, הגיע לפולטוסק בשעת טיול של חברים מערים סמוכות לעירנו. ילד זה נשאר אחר כך בפולטוסק והתאכסן בבתי חברים, אשר ריחמו עליו והכניסו אותו לביתם. בצאת רכבת העולים בה נסעתי מוורשה, הוסתר הילד תחת ספסל והגיע לעיר הנמל קונסטנצה ולאחר זאת הורעלה בכל מיני תחבולות לאניה בה הגיע ארצה.

מפקדות הקן פיתחו בכל הזמנים עבודה תרבותית ענפה. השעורים ללימוד השפה העברית משכו אליהם חוגים רחבים, לא רק של חברים, אלא גם של אוהדים, אשר ששו לרכוש ידיעות בשפתנו.

מדי חודש בחודשו נערך ע״י הקן עתון־חי, בו גילו ענין בני נוער, שהיו במסגרת בית״ר או מחוגי האוהדים, שהשתתפו באופן פעיל בערבים אלה.

ממפעלי תרבות אחרים אשר פותחו ע״י בית״ר בפולטוסק יש לציין במיוחד את הספריה שנוסדה ב־1937 ושמנתה 2000 ספרים ושנוהלה וטופחה ע״י צבי פיונטניצה. על מסירותו למפעל תרבותי זה מוכיחה העובדה, שבעת פלישת הגרמנים לעיר, העביר פיונטניצה את כל הספריה לביתו באמרו: „מה שיהיה אתי יהיה עם הספריה״.

חוג דרמטי בהנהלתו של ציטרינג׳ היה לשם ולתפארת לחובבי אמנות הדרמה בעיר. חוג זה הציג מחזות על נושאים ציוניים לאומיים, הקשורים בארץ־ישראל.

עם קום ארגון חיילים משוחררים מכל הצבאות, נוסד גם בפולטוסק בשנת 1932 סניף של ברית החייל ע״ש זאב ז׳בוטינסקי.

בין מפקדיו של ארגון זה יש למנות את הניק יוסקוביץ וסגנו מוניק דון. ארגון זה משך תשומת לב מיוחדת בתהלוכות שנערכו בחגים הלאומיים בתלבושת המצוחצחת ובסדר הצבאי ששרר בין שורותיו. באחד הכינוסים המחוזיים, שנערך ע״י ברית־החייל בשנת 1936, עת נסעו אנשי ברית־החייל במכוניות לפלונסק, התנפלו חוליגנים וביניהם חיילים פולניים במדים, בפגיונות ודקרו למוות את זיגמונד יוסקוביץ, אשר מת במקום.

בפולטוסק גם התגייס חוג של עסקנים לאומיים מבוגרים חברי תנועת ז׳בוטינסקי — ברית הצה״ר. לארגון זה הצטרפו גם אלה מתוך חניכי בית״ר אשר עברו את חינוכם הלאומי בשתי הדרגות הראשונות ועברו לדרגה ג׳. מתוך העסקנים המבוגרים יש לציין במיוחד את העסקן הלאומי־דתי ר׳ שמואל ישמח.

מפקדי קן בית״ר בפולטוסק בכל תקופות קיום הקן היו (לפי הא״ב): ישראל וישניה, משה וישניה, יהודה כץ, צבי לוטרמן, יעקב נחושתן־קופפרמינץ, מנדל שיפמן. חברי המפקדה: שמואל ברגזון, ברוך גפטק, ללק גרדשטין, סימק גניאזדה, משה וינשטין, רחל זילברשטין, דבורה לנדאו, פיבל מונצ׳ז, משה מלבר, טולה מלצ׳ז, משה ניסטמפובר, לאה פיקז׳, מאיר פרנקל, צבי פיונטניצה, פודמבוביץ.

מבין חניכי בית״ר בפולטוסק הצטיינו במלחמתם נגד הגרמנים: יהושע בורדוביץ, ברוך גפטק ויוסף ניסטמפובר.

מבין מפעלי ספורט שאורגנו ע״י קן בית״ר יש למנות את הסקציה לפינג־פונג ואת קבוצת הכדורגל.



קן בית״ר בפולטוסק — קעמערל פון בית״ר אין פולטוסק



בית״ר — גדוד קרן תל־חי



ברית החייל



מסיבה בבית״ר, פולטוסק

# אין פולטוסק פון דעמאָלט...

## טיפּן * שטאָט־בילדלעך * שילדערונגען

משה סרעברא

## די שטאָט אין אַ טאָל

יעדער איינער איז פול מיט נאָסטאַלגיע, מיט בענקשאַפט צום אָרט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, ווו ער האָט זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט און זיך דערצויגן. די פאָלקס־שול, חדר, ישיבה — זענען איינגעקריצט אין זיין זכרון, יעדעס מח־קעמערל באַהאַלט אַן אנדער פראַגמענט פון זיין עבר. וואָס מער דער מענטש דערווייטערט זיך פון זיין קינדהייט, אַלץ מער וויל ער אויפפרישן דעם זכרון פון יענער ווייטער צייט, צו וועלכער ער וואָלט גערן זיך צוריקגעקערט. ווילט זיך טאַקע אויפפרישן דעם זכר פון יענע גליקלעכע טעג; צוריקגיין צו אונדזער יוגנט־עפּאָכע, דערמאָנען זיך וועגן יוגנט־חלומות, וואָס זענען נישט געוואָרן פאַרווירקלעכט.

ווען עס קומט אַרויף אויף מיין זכרון די שטאָט פולטוסק, פיל איך ווי כ׳וואָלט פאַריונגערט געוואָרן און זאַפּ אין זיך אַריין די לופט פון אירע בערג און בערגלעך און פון אירע וועלדער אַרום, ווי אין די יאָרן פון דער קינדהייט.

דער טאָפּאָגראַפישער אויסזען פון פולטוסק, איז געווען אַנדערש ווי פון די אַרומיקע שטעטלעך ווי למשל: טשעכאַנאָוו, מאַקאָוו, רוזשאַן, סעראָצק, באַשעלסק און ווישקאָוו. די שטאָט איז געלעגן אין אַ טאָל. דער וועג פון וואַרשע אָדער נאַשעלסק, האָט געפירט באַרג־אַראָפּ. אויף דער גאַנצער לענג פון דער וואַרשעווער און דריטער־מאַי גאַס ביז דעם טשעכאַנאָווער שאָסיי, זענען פון לינקס אַלע הייזער און הייזקעס געשטאַנען אין שאָטן פון אַ באַרג, וואָס האָט איבער זיי געוועלטיקט. שווער איז געווען צו קלעטערן אויף אים און ער האָט „אַריינגעקוקט" אין אַלע הייף און אין אַלע פענצטער. רעגן צייט האָט ער געשיקט וואַסער שטראָמען און פאַרגאָסן די הייף, און די קינדער האָבן געהאַט ווו זיך צו פּליסקען באָרוועסערייט אין די קאַלוזשעס בלאָטיקע וואַסערן. אָבער ווען דו האָסט אַרויפגעקלעטערט אויפן סאַמע שפּיץ באַרג, האָסטו גאָר געזען, אַז דער באַרג אין דער הייך איז גאָר אַ פלאַכלאַנד, באַדעקט מיט גערטענער, סעדער, סתם גראָזיקע לאָנקעס, וואָס ציען זיך רחבותדיק ביזן און נאָכן שעכטהויז און יידישן בית־עלמין, ווייט ווייט ביזן אומענדלעכן האָריזאָנט.

די שטאָט איז געווען צעטיילט אויף דריי טיילן, צוליב די טייכן וואָס האָבן זי איבערגעשניטן לענגאויס פון מזרח צו מערב. אין דעם ערשטן טייל — אָנקומענדיק פון וואַרשע — זענען געווען די גאַסן: נאַשעלסקער שאָסיי, וואַרשעווער גאַס, זשווירקי אי וויגורי, וויענזיענאַ, דער חזיר־מאַרק, אַלטער מקום, מאַריא־פאַנני, דריטער־מאַי, קאָשטשושקי, טשעכאַנאָווער וועג א״אַנד. אין דעם טייל שטאָט זענען אויך געווען די בנינים און פלעצער: פון דער פולטוסקער טורמע, פון שטאָטישן שפּיטאָל, פון שטאָטישן טעאַטער, די קינאָס: „נאָוואָשטשי" און „בייקא", ראָזענבערגס, וואַגמאַנס און רינגס פולעטאַזשנע מילן, די קאָשאַרן, די וויאַטראַקן, צעלניקס צעגעלנע, מענדל מינצס פאַבריק פון אַגראַר־מאַשינען, דער שטאָטישער שפּאַציר־גאָרטן, די פּאָסט, די ביר ברויערײ, די פאָווּשעכנע שול, דאָס שעכטהויז, דער יידישער בית־הקברות, ווי אויך דער וואַסער־האָפן („פשיסטאַן") מיט אַ געפלעגטן שיינעם בלומען סקווער.

אין צווייטן טייל, אין צענטער שטאָט, זענען געווען די גאַסן: דער רינעק, שוו. יאַנסקאַ, סענאַטאָרסקאַ, בענעדיקטינסקאַ, סטאַשיצא, קאָטלאַרסקא, שקאָלנא, אַ האַלבער ריביטעוו און פּיאָטר. סקאַרגי. ביי די יידן איז די לעצטע דערמאָנטע גאַס געווען איינגעטיילט אין 3 טיילן: איין טייל האָט מען גערופן די פלומפּ־גאַס, ווייל פון תמיד אָן איז דאָרט אין מיטן גאַס געשטאַנען אַן אייזערנער פלומפּ און אין די הייסע זומער־שבתים פלעגט מען קומען צאַפּן קאַלטע, ריינע, געשמאַקע וואַסער. יידן האָבן זיך מיט אַזאַ קאַלטן טרונק מחיה געווען און פרום געמאַכט איבער דעם אַ „שהכל". די צווייטע טייל גאַס האָט מען גערופן די יאַטקע גאַס, ווייל דאָס רוב קצבים האָבן דאָ געהאַט זייערע כשרע יאַטקעס. די דריטע

טייל גאַס האָט מען גערופן „אונטער די קלאַסן“, ווייל דאָרט איז געשטאַנען די פּוילישע גימנאַזיע.

אין דעם צענטראַלן טייל פון שטאָט, זענען געווען די בנינים און אינסטיטוציעס: דער שלאָס אָדער פּאַוויאַט, דער מאַגיסטראַט, דער סאָנד־אָקרענגאָווי (קרייז־געריכט), דאָס ראַטהויז, שפּעטער די פייערלעשער, דער ניין־שטאָקיקער שטאָט־זייגער, דער גרויסער קאָשטשאָל (קירכע) און להבדיל די יידישע שול מיטן בית־המדרש, די ישיבה, די מקוה מיט דער שוויץ־באָד, דער בנין פון יסודי התורה, דער לינת־הצדק, די צווייטע שפּאָר־און לײַ־קאַסע, די גמילת־חסדים קאַסע, די יידישע גימנאַזיע, די בית־יעקב שול, די „יבנה“ שול און כמעט אַלע חסידים־שטיבלעך: גערער, ראַדזימינער, אָטוואָצקער, אַלעקסאַנדערער, סאָקאָלאָווער, טריסקער א״אַנד.

דער דריטער שטאָט־טייל איז געווען דער קלענסטער, אַ האַלבער רעביטעוו מיט נאָך אַ פּאָר שמאָלע געסלעך, וואָס איינע פון זיי האָט געפירט צו דער פּליאַזשע און קעמפּע און צום שטאָטישן פּאַשניק, וווּ יידן און קריסטן פלעגן טאָג־טעגלעך אַרויסטרייבן זייערע בהמות — איבער טויזנט קי, אַ חוץ קאָזעס און שעפּסן. אפילו גאַנצע סטאַדעס גענדז האָבן זיך געפּאַשעט אויף די ריביטווישע פעלדער, וועלכע האָבן פאַרמאָגט גוט גראָז, אַ דאַנק דעם גרויסן און ברייטן טייך נאַרעוו, וועלכער האָט זיי אונטערגעשוואָנקען. די גענדז, זאַטע, אָנגעפרעסענע, צופרידענע פלעגן זיין אָנגרייפעריש און יאָגן די מענטשן, וועלכע זענען געקומען אויף דער פּליאַזשע און פון „שפּוילטאָג“ פלעגט זיך אויפהייבן אַ טשאַטע גענדז און אַוועקפליען איבער הונדערט מעטער מיט אַ געגאָנערײַ און רעש, וואָס האָט אָנגעפילט, אגב, די אַרומיקע לופט מיט פרייַ־לעכן געפילדער. די ריביטווישע פעלדער זענען פול געווען מיט טיפע זומפּן. אַ פערד, אָדער להבדיל אַ מענטש, אויב עס איז דאָרט פאַרקראָכן, איז איינגעזונקען געוואָרן און פון דאָרט מער נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. ס׳איז אין פּולטוסק אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז אַמאָל, איידער פּולטוסק איז אָפּגעברענט געוואָרן, מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק, זענען די פעלדער געווען פאַרבויט מיט הייזער, מיט גאַסן, מיט געסלעך און אויפן אָרט, ווו די זומפּן געפינען זיך, זענען געשטאַנען טומאַהס (טיפלעס) און ביי דער שרפה זענען די קאָשטשאָלן איינגעזונקען געוואָרן...

אַ דאַנק דעם טייך נאַרעוו און זיינע אָפּצווייגן, וואָס האָבן צעטיילט די שטאָט, האָט פּולטוסק פאַרמאָגט 7 בריקן: 2 לאַנגע איבערן נאַרעוו, אַ הילצערנע און אַן אייזערנע איבער 300 מעטער די לענג, דריי קליינע, הילצערנע און אין צענטער שטאָט צוויי געמויערטע. מען דערציילט, אַז אויף איינער פון זיי, צווישן שוו. יאַנסקאַ און שטאָטישן טעאַטער, איז אין די צוואַנציקער יאָרן געשטאַנען דער דיכטער־הומאָריסט משה נאַדיר, אַן איינגעהילטער אין אַ פּאָלערינע, באַוווּנדערט דעם טייך אין מיטן שטאָט, געשעפּט ריינע לופט און מיט התפּעלות אויסגערופן: „דאָס איז דאָך דער פּוילישער ווענעדיג“. אַ פרעמדער טאַקע, אַז ער פלעגט קומען קיין פּולטוסק, האָט ער באַוווּנדערט דעם שיינעם פּייזאַזש און זיך נישט געקאָנט אָנזעטיקן פון די ווערבע־ביימער, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעהאָנגען די דינע צווייגן מיט די לענגלעכע בלעטלעך, וואָס האָבן דערגרייכט ביזן וואַסער, ווי זיי וואָלטן געטונקען די פינגער אין טייך און זיך געגרייט צו אַ תפילה, צו דאַנקען פאַר זייער באַשאַף.

פאַר, אָדער אין אָנהייב־פרילינג, ווען עס האָט זיך גערירט דאָס אייז פון נאַרעוו, האָבן זיך די טייכן אונטערגעהויבן און פאַרגאָסן אַ שטיק פון אַלטן מקום. טיילמאָל האָט זיך דאָס וואַסער געהויבן איבער פינף מעטער, אַזוי, אַז דאָס „געוויסער“ האָט אָנגעמאַכט שאָדנס און צענדליקער משפחות האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען און זיך איינלאָקירן ביי פריינד און באַקאַנטע, ווייל אַ סך הייזער אויף אַלט־שטאָט (סטאַרע־מיאַסטאָ) זענען פאַרגאָסן געוואָרן. אפילו די סטאַשיצא־גאַס מיט דער גרעבליע זענען געלעגן אונטערן וואַסער און דער שול־הויף איז געוואָרן ווי אַן אָזשערע, דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביז דער דרומדיקער וואַנט פון בית־המדרש, און אַ דריטל פון דער סענאַטאָרסקע גאַס ביז דער קאָטליאַרסקע זענען געוואָרן פאַרפלייצט. כ׳געדענק, איינמאָל ביי אַזאַ „געוויסער“ האָט זיך אין אַ שבת דאָס וואַסער אַזוי צעשפּרייט, אַז צמח פּרוכטנבוים און די קינדער פון די שכנים האָבן אַרויסגעשלעפּט די באַליעס און מיט שטעקנס, אָנשטאָט וויאָסלעס, זיך געשיפלט ביז צו חנה־באַשעס בעקעריי, כדי אַ היימצופירן די טשאָלנטער. אפילו אַ טייל פונעם מאַרק איז געווען אין וואַסער און דער גרויסער קאָשטשאָל האָט זיך געוויקט די פיס אין אַ טייך.

דער „געוויסער“ האָט טאַקע לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, בלויז עטלעכע וואָכן, אָבער אין דער קורצער צייט האָבן די פעלדער אַרום פּולטוסק אויסגעזען ווי אַ ים — הימל און וואַסער. אין דער פּערספּעקטיוו האָט דער וואַלד, וואָס האָט אַרומגערינגלט די שטאָט, געווען ענלעך פונדערווייטנס צו אַ שיף וואָס פאָרט אַוועק מעבר לים. צו דער ווישקאָווער לאַנגער בריק, האָט דאָס וואַסער נישט דערגרייכט, ווייל זי איז געשטאַנען העכער ווי דער שאָסיי און זומער צייט פלעגן דורכגיין אונטער דער בריק דאַמפּערס, אַראָפּבייגנדיק בלויז אַ דריטל, אָדער אַ העלפט פון זייער הויכן קוימען. אָבער ביי

אַ גרויסער פאַרפּלייצונג, אַז די האָסט זיך אָרומגעלייגט אויף דער בריק און אַראָפּגעלאָזט אַ האַנט, האָבן די פינגער כמעט דערגרייכט אין טייך. פונדעסטוועגן זענען קיין קרבנות נישט פאַרצייכנט געוואָרן, אָבער אין די הייסע זומער־חדשים, בשעתן באָדן זיך, האָט דער נאַרעוו מיט זיינע אַפּצווייגונגען איינ־געשלונגען אַ סך קריסטלעכע און נישט ווייניק יידישע קרב־נות, צווישן זיי — ווי איך געדענק — חיים־אַרן אסטראַ־קולסקי, דעם שניידערס זון; יצחק־נחום שטיינבערגס זון; זיינעם אַ קוזין, שמחה, פּיניע שטיינבערגס זון; מאַטעס נאַוואָמינסקי, ראש־הקן פון „השומר־הצעיר״; שילעם קראַ; לייזער גרינבערג; די צוויי יינגלעך ביאַליסטאָצקי און מאירס־דאָרף. כבוד זייער אָנדענק.

חנה כהן (וויינשטיין)

# אונדזער געסל די „אַלעיקעס״

פונעם הויז אויף סטאַשיצאַ 4 ראָג שוויענטאָיאַנסקאַ האָט געפירט לענג־אויס דעם ברעג פונעם אָפּפלוס פון טייך נאַרעוו אַ שמאָל געסל, וואָס מען האָט גערופן די „אַלעיקעס״. דאָס קליינע, שטילע געסל איז געווען זייער ווייניק באַוווינט. ביי דער זייט האָט זיך געצויגן דער פּאַרקן פונעם גרויסן, שיינעם סאָביעסקי־גאָרטן. פון ביידע זייטן פונעם געסל זענען גע־וואַקסן גרויסע, ברייט צעצווייגטע ביימער, וועלכע האָבן געוואָרפן אַרום זיך אַ ברייטן שאָטן און איינגעהילט דאָס געסל אין די בין־השמשות־שעהן אין אַ סודות־פולער טונקלקייט. דער ברעג טייך אין פאָרם פון אַ בערגל איז געווען באַוואַקסן מיט גראָז אויסגעמישט מיט פיל־פאַרביקע פעלד־בלימלעך. מיר, קינדער, פלעגן דאָ וויילן זומער גאַנצע טעג, דערציילן זיך מעשיות, לייענען ביכעלעך, אָדער פאַרמעסטן זיך אין וואַרפן שטיינדלעך איבעם וואַסער. דאָס בערגל איז געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ אויף צו כאַפּן פיש, די קליינע פּלאַט־קעלעך.

שעהן־לאַנג האָבן מיר געכאַפּט פליגן, אָפּגעריסן זייערע קעפּלעך און פאַרטשעפּעט אויף די ווענדקעס. ביים כאַפּן פיש האָט געמוזט הערשן אַ פולשטענדיקע שטילקייט, נישט אָפּצושרעקן די פיש. צוליב דעם טאַקע איז מען מערסטנטייל געגאַנגען אויף פישפאַנג פאַרטאָג.

דינסטאָג און פרייטאָג אין די מאַרק־טעג פלעגט דאָס געסל פאַרפולט ווערן מיט פויערישע וואָגנס. אין די דאָזיקע טעג זענען די פויערים געקומען צו אונדז אין דער אַלעיאַרניע, צו אבא אַלעיניק (וויינשטיין) שלאָגן אייל פון זייערע סעמיע־זוימען, אָדער פונעם רעפּס און צושטעלן אַ שטיקל שוואַרצן, פרישן ברויט אונטער דער אייל־פּרעס און אויך מיך, אַ קליין מיידל, מכבד געווען. ביז היינט ליגט מיר אין מויל דער טעם פון דעם שטיקל ברויט, באַנעצט מיט אייל און באַשאָטן מיט זאַלץ... אָפטמאָל פלעג איך העלפן דעם פוילישן אַרבעטער צו דרייען דעם קעסל, ווו עס האָט זיך געקאָכט דער קולאַטש, מען זאָל שנעלער פאַרטיק ווערן. ווייל נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט פלעגט אונדז דער פאָטער מיטנעמען זיך באָדן אין טייך. מיר האָבן זיך אַריבערגעשיפלט אויף דער קליינער פּלאַזשע אַנטקעגן דער קאָשציושקי גאַס. גאַנצע שעהן האָבן מיר פאַרבראַכט אין וואַסער אונטער די געדיכטע קוסטעס פונעם טייך ביז עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט.

ווינטער, ווען דער טייך איז פאַרפראָרן געוואָרן, האָט זיך די יוגנט פאַרווײַלט אויפן אייז אויף ליזשוועס און שליטנס. אויף דער בריק אויף דער שוויענטאָיאַנסקער גאַס זענען גע־שטאַנען גרופּעס נייגעריקע און צוגעקוקט זיך צו די ספּאָרט־לערס, וועלכע פלעגן זיך באַווייזן מיט זייערע פאַרשידנ־אַרטיקע קונצן און פיגורן אויף די ליזשוועס.

פרייד אָבער און טרויער זענען געקניפּט אין איינעם. דער טייך האָט געפאָדערט זיין קרבן אַפילו אין ווינטער. ביים ברעג, נישט ווייט פונעם אָרט ווו די יוגנט האָט פאַרבראַכט אין ווינטער־ספּאָרט האָבן זיך געפונען די „פּושערעמבעלס״ (ספּעציעל אויסגעהאַקטע לעכער אין אייז), ווו מענטשן האָבן

געשעפט וואַסער צום טאָג־טעגלעכן געברויך. די צענטראַלע פּלומפּ אויף דער דריטער מאַי גאַס איז אָפט געווען פאַרפרוירן און עס איז געווען לייכטער און נענטער פאַר די איינוווינער פונעם אַרום אָנצופילן זייערע עמערס מיטן וואַסער פונעם טייך. ביי אַזאַ פּזשערעמבעל האָבן זיך אין אַ זוניקן ווינטער־טאָג געשפּילט קינדער און צוויי יינגלעך זענען אַריינגעפאַלן אין וואַסער און פאַרשווּנדן אונטערן אייז. האַרץ־רייסנדיקע געוויינען און קולות האָבן זיך געטראָגן פון זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער און פונעם פאַרזאַמלטן עולם. איינער איז געווען דער צוועלף־יעריקער אליהו מאירסדאָרף און דער צווייטער חוה־אטעס זון, אהרן, אין דער עלטער פון צען יאָר. (חוה־אטע איז געווען אַן אַלמנה. זי האָט פאַרקויפט שניט־סחורה אויף אויסצאָלן. ביי איר איז דאָס געווען שוין דאָס דריטע אומגליק. צוערשט דער מאַן, נאָך דעם אַ טאָכטער און איצט איר זונעלע).

מען האָט אויסגעהאַקט דאָס גאַנצע אייז ביז צו דער גרויסער בריק פון פּאָפּלאַוועס. דאָס קינד פון מאירסדאָרף האָט מען געפונען אַ טויטן, חוה אטעס זון האָט מען געזוכט מאָנאַטן ביז מען האָט אַנטדעקט אין דעם נאַרעוו לעבן נאָווי־דוואָר אַ דערטרונקן קינד און מען האָט עס באַגראָבן אַלס דעם דערטרונקענעם אהרן.

אויף די „אַלעיקעס” האָט זיך געפונען די סאָדע־וואַסער־פאַבריק פון קאַלוסקין און די בעקעריי פון חיה די בעקערין, ווו אַלע יידישע בעלי־ביתטעס האָבן געבאַקן חלות אויף שבת און געטראָגן טשאָלנט. ביים סוף פונעם געסל אין הויז אויף סטאַשיצא 4, האָט איבער דער דרוקעריי פון קודערסקין געוווינט דער בעסטער שניידער פון פולטוסק אַנשל גאַלאָמב. די פרוּוען פון די אָפיצירן פון 13טן פאָלק האָבן ביי אים גענייט זייערע קאָסטיומען. זיין פרוי פייגע איז געווען אַ סימבאָל פון גוט־האַרציקייט און אָפּפערוויליקייט, שטענדיק גרייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן.

מיט די זעלבע זייטן האָט זיך אויסגעצייכנט מיין מומע אַטע ווישניע. ביי איר איז ממש געווען אַן אָפענע שטוב פאַר יעדן. בשכנות מיט קודערסקיס דרוקעריי האָט זיך געפונען איר געשעפט פון ראָווערן און עלעקטרישע טיילן. ליצנים פלעגן זאָגן אַז זי „עפנט אויף” די שטאָט. סיי זומער און סיי ווינטער, ווען אַלע איינוווינער זענען נאָך געווען איינגעוויקלט אין טיפן שלאָף, האָט זי זיך שוין געפאָרעט אַרום איר געוועלב. זי איז געווען די „מאַמע” פון „בית”ר”. אירע זין, ישראל און משה, זענען געווען טעטיק אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און אין די אָוונטן פלעגן זיך ביי איר אין שטוב פאַרזאַמלען יונגוואַרג און דערוואַקסענע און פאַרברענגען מיט געזאַנג און טענץ.

דאָס לעבן אויף די „אַלעיקעס” האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פונעם נאָרמאַלן לעבנסגאַנג פון אַלע פּולטוסקער יידישע איינוווינער. פריידן און ליידן, שמחות און טרויער, לאַנגע זומער־טעג און שטילע ווינטער־אָוונטן, דאגות פּרנסה און צער גידול בנים — קאַפּיטלעך יידיש לעבנס־שטייגער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן. עס האָט נישט געפעלט קיין שנאת ישראל צווישן די האַרן פון לאַנד, ווירטשאַפטלעכער באָיקאָט, עקסטרעמינאַציע, בלוטיקע עקסצעסן — דער יידישער ווידערשטאַנד איז געווען דער הערלעכער קאַפּיטל פון ווירדיקן קאַמף פון פאָלק ישראל פאַר זיין קיום און נאַציאָנאַלן כבוד.

דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם אָבער איז געווען אַן אפס ואין אַנטקעגן די ווילדע נאַציִשע האָרדעס, וועלכע האָבן איינגענומען די שטאָט מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פאַרפולט זענען געוואָרן די שטילע „אַלעיקעס” מיט געוויין און געשרייען פון אומשולדיקע קרבנות, וועלכע מען האָט געשלעפּט פון די הייזער. טרערן פון קליינע קינדער, בלוט איז גערינען פון צעשלאָגענע קעפּ...

עס איז חרוב געוואָרן אונדזער געסל „אַלעיקעס” און פאַרוויסט איז געוואָרן דאָס יידישע פולטוסק...

# אין מעת־לעת פון קדושה
## (א שבת־בילד)

דער רעש פון דעם נאָר־וואָס פאַרענדיקטן מאַרק־טאָג, איז נאָך אינגאַנצן נישט איינגעשטילט. דאָ און דאָרט לויפט נאָך אַ פאַרשפעטיקטער ייד אַ פאַרסאַפּעטער, שלעפנדיק מיט די לעצטע כוחות די אין מאַרק איבערגעבליבענע פאָר דרענגלעך פון זיין „שטעל", ער איילט זיך, כדי נישט אַריינצופאַלן, חלילה, אין קיין מענטשלעכע מיילער, אַז ער איז אַ „מחלל־שבתניק"! ווי די לעצטע אַקאָרדן פון אַ פאַרענדיקטן קאָנצערט קלינגען איבערן שטיינערנעם ברוק די מיט אייזן־געשמידטע רעדער פון אַ וואָגן פון אַ פויער, וועלכער האָט קוים באַוויזן אַריינצוכאַפּן עטלעכע קניות אין די יידישע געוועלבער אָדער ביי די מאַרק־טישלעך.

אַ פאַרשוויצטער — ווי גלייך נאָך דער הייסער מקוה — לויפט איבער דער לאַנגער „שוויענטא־יאַנסקא"־גאַס דער „געלער אהרן", וועלכער פאַרנעמט זיך מיט צוויי גאָר וויכטיקע שליחותן: ער איז דער קברן אין שטעטל און אויך איינער פון די אָנפירער פון דער חברה „שומרי־שבת" אין פולטוסק. איז איצט, פרייטיק נאָך מיטאָג, ווען עס איז, ברוך השם, נישטאָ קיין לוויה, לויפט ער ראַטעווען יידישע נשמות פון אפיקורסות ר"ל, אָדער פון אַן עבירה בשוגג און דעריבער שרייט ער אַריין מיט אַלע כוחות אין יעדן יידישן געשעפט: „ליכט צינדן! צייט פאַרמאַכן דאָס געוועלב!"

און פונקט אַזוי ווי אויפן בית־הקברות אַזוי אויך דאָ איז נישט פאַראַן קיין יחסנים ביי ר' אהרונען. רייכע, אָרעמע — אַלצאיינס. די קדושה פון שבת איז מחייב אַלעמען, אפילו דעם הער ישעיהו קופערמינץ, אָט דער, וועלכער גייט אָן אין שטאָט פאַרן גרעסטן משכיל און אַזוי גערופענעם אַפּיקורס, ר"ל... אָט דער, וועלכער ברענגט פון וואַרשע די גאַזעטן און „פאַרזאָרגט" אויך מיט טריף־פסולע ביכער „קאַליע־געוואָרענע" ישיבה־בחורים; אויך פאַר אים האָט ר' אהרן קיין מורא נישט. ער טרעט פון אים נישט אָפּ ביז ער „בייסט" אים איין ד. ה. ביז ער שליסט דאָס געשעפט.

און אַז געשלאָסן זענען יידישע געוועלבער און אָפּגעשטעלט יידישע וואַרשטאַטן, ווערט מיטאַמאָל אַזוי שטיל ווי איינגעדרימלט וואָלט דאָס שטעטל נאָכן לאַנגן שווערן מאַרק־טאָג. אויך די גויים זענען שוין פאַרשוווּנדן, ווי זיי וואָלטן אויסגערונען געוואָרן.

מ'זעט נישט מער: נישט גאָנשאַראָווסקי דעם שיכור, וואָס מאַכט אַ כוסה 3 מאָל יעדן טאָג, אין יעדער יידישער שענק; נישט קאַלינאָווסקען דעם כוליגאַן, וואָס רייסט זיך אָנצושלאָגן אַ פּאָר יידן, נאָר ער האָט מורא אימת־מות פאַר די יידישע קצבים און טרעגערס; און אויך נישט ניעראַדקא דעם פּאָליציאַנט, וואָס מאַכט פּראָטאָקאָלן יידן מיט אַ סאַדיסטישער הנאה...

איז בפירוש צו זען ווי די וואָך מיט אירע שווערע וואָכעדיקע לאַסטן טרעט אָפּ פאַרן שבת־קודש אין שטעטל.

ביסלעכווייז אָבער פאַרשווינדט די דאָזיקע אַבסאָלוטע שטילקייט דורך דעם, וואָס דאָ און דאָרט באַווייזן זיך יידן, חסידים, מתנגדים, אָנגעטאָן שבתדיק, מיט אַ בנעימותדיקן גאַנג צו „קבלת־שבת" אין שול, בית־המדרש אָדער חסידים־שטיבל, פונוואַנען עס רייסן זיך אַרויס האַרציקע ניגונים און תפילות דורך די חזנים און בעלי־תפילות: הערשל אַראָנאָוויטש, זלמן ליפּסקער, שמואלקע קראָנזשעק, מענדל רוזשאַנער, אלתר פּיליאַר און נאָך אַנדערע, וועלכע שפּרייטן זיך פונאַנדער מיט נשמה יתירה איבער די גאַסן און געסלעך פון שטאָט.

האָבן יידן פאַרענדיקט דאָס מקבל־שבת זיין, שפּאַצירן זיי זיך רויק און געלאַסן אַ היים צום פרייטיק־צו־נאַכטסדיקן טיש און פּאַראַלעל מיט זיי — דער דאָזיקער טייל יוגנט, וואָס האָט שוין באַוויזן זיך צו „באַפרייען" פון די „רעליגיעזע קייטן", מערסטן טייל קומט ער פון די „רעזורעס", ווו עס ווערן באַהאַנדלט „גורלדיקע וועלט־פּראָבלעמען" און ווען עס אויבן־אָן עס האָט פאַרנומען קוטנערס רעזורע, ווו עס פלעגט דאָרט קאָכן ממש ווי אין אַ קעסל: אי פון קוטנערס „גראַנדיאָזע" טעאַטער־פּלענער, אי פון אַנשל קאָפּלאָוויטשעס „טיפּע" ידיעות וועגן דער פּוילישער אַרמיי, אי פון די הייסע דיסקוסיעס צווישן זשעזשניקער דעם „בונד"אָוויעץ און יעקב שטשופּאַק דעם „לינקן פּעצעק"...

און דאַן פֿלעגן אַלע צוזאַמען: טאַטעס, מאַמעס, זין, טעכטער, איידעמס, און שנורן — פּראַוועון די ערשטע שבתדיקע סעודה. פֿאַרשטייט זיך, אַז חברה יונגוואַרג פֿלעגט „אַריינכאַפּן" איינס־צוויי דאָס עסן און זיך אַרויסלאָזן אין „גאַס", דאָס הייסט: אין די אָרגאַניזאַציעס, קלובן און פּאַרטײלאָקאַלן — אויף צו הערן אַ גוטן רעפֿעראַט, באַטייליקן זיך אין אַ קעסטל־אָוונט אָדער צו אַ רעפּעטיציע אין אַלגעמיינעם שטאָטישן יידישן דראַמאַטישן קרייז.

אויך די רעליגיעזע יוגנט בלייבט נישט זיצן אין דער היים. זי פֿילט אָן די שטיבלעך און בתי־מדרשים מיט לערנען אַ בלאַט גמרא און מיט „צעקייען" אַ פּלפּולדיקן יורה־דעה אָדער מהרש"א. אַ טייל פֿון דער יוגנט שפּאַצירט אין די הויפּט־גאַסן און „האַלטן אַן אויג" אויף יעדן כוליגאַנישן שייגעץ, וועלכער פּרוּווט פֿאַרטשעפּען דעם אָדער יענעם ייד דערפֿאַר, וואָס די „זשידעס" האָבן „פֿאַרכאַפּט די גאַנצע שטאָט"; און ווען אַזאַ איינער „רייסט זיך" צו קלעפּ, באַקומט ער דאָס זייניקע גלייך אויפֿן אָרט, זאָל דאָס זיין פֿון שייע שינאַוולאַגע צי פֿון עמעצן פֿון דער משפּחה שליאַס, אָדער פֿון איינעם פֿון די „שטשוביאַקעס".

און ווען די לאָקאַלן פֿאַרמאַכן זיך, מערט זיך דעמאָלט די צאָל יוגנט אויף די גאַסן און עס שטאַרקן זיך די דיסקוסיעס צווישן „רעכטע" און „לינקע", הילכיקער ווערט דאָס געלעכטער פֿון סתם־חברה ביז עס ווערט שטיל. עס הערן זיך נאָר דאָ און דאָרט שעפּטשערייען פֿון פֿאַרליבטע פּאָרלעך.

ס'איז שבת אין דער פֿרי. שטיל און געמיטלעך איז אַרום. די הייזער, די גאַסן — אַלץ טובלט זיך אין דער קדושה פֿון שבת. אויסגעטאָן פֿון דאגת־פּרנסה און פֿון שווערן וואָכעדיקן עול — גייען יידן צום דאַווענען און אויף צוריק אַ היים טיילט מען זיך מיט די נייע „שטיקלעך" פֿון די בעלי־תּפֿילות און חזנים. די נשים צדקניות מיט זייערע הויכע שבת־יומטובדיקע קופּקעס, ווי קרוינען אויף זייערע קעפּ — טאָפּל שיינט אויף זיי די הייליקייט פֿונעם שבת־טאָג; די דינטשעס, שיינע־רחלס, חנה־באַשעס — זיי גייען פֿון שול מיט שטילע דריבנע טריטלעך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אָנצורירן די שטיינער פֿון ברוק און שמועסן בשעת־מעשה איבער ווייבערישע מצוות ווי, למשל, פֿאַרזאָרגן אַ ישיבה־בחור מיט אַ „טאָג"; „צונויפֿקראַצן" אַ שטיקל נדן פֿאַר אַן אָרעמער כלה, אַ יתומה, וואָס איז שוין לאַנג ראוי לחופּה; אָדער וועגן „השגחה געבן" אויף כשרע יידישע טעכטער, זיי זאָלן, חלילה, נישט געשטרויכלט ווערן... צי גאָר וועגן אָפּקאָכן אַ „יאַכל" פֿאַר אַ קראַנקן אָרעמאַן, נעבעך — די אַלע זאַכן זענען גאָר נישט פֿון די קליינע מצוות! די יוגנט ווידער — פֿאַרברענגט די דאָזיקע אין דער פֿרייִקע דאַוון־שעהען אויף איר נוסח: מיט זיצונגען, באַראַטונגען, קולטורעלע און פּאַרטייִשע ענינים. מען לויפֿט צו אַ פֿוטבאָל־מעטש צווישן די אָרטיקע ספּאָרט־קלובן („מכבי"; די שקצים פֿון „נאַדנאַרוויאַנקה" א"א); מען כאַפּט זיך אַראָפּ אין פּאָפּלאַווער וואַלד אויף אַן אומלעגאַלער „מאַסוּווקע" אָדער קרייז, מען פֿאַרגעסט אָבער קיינמאָל נישט אָפּצוהיטן די שעה, ווען דאָס „אַלטוואַרג" (די עלטערן) קומט פֿון דאַווענען, כדי נישט דורכצולאָזן די שבתדיקע סעודה, ביי וועלכער מען זיצט שטאַרק אומגעדולדיק און ווי נאָר דער טאַטע הייבט אָן דאָס „בענטשן" און די מאַמע נעמט אַראָפּנעמען פֿון טיש — אַזוי שאַרט זיך דאָס יונגוואַרג גלייך אַרויס פֿון שטוב, ווער אויף אַ שפּאַציר אויף „יענער זייט" ווישקאָווער בריק און ווער אויף אַן „אינטימען" שפּאַציר אין די „אַלעיקעס" ביים שטאָטישן טייך־ברעג נאָכן געלן שלמהס חדר...

און אַז יידן ענדיקן דעם שבת־נאָכמיטאָגדיקן שלאָף, גייען זיי הערן אַ „גוטן" מגיד אין גרויסן בית־המדרש, אָדער — אַ באַרימטן רעדנער אין איינעם פֿון די שטאָטישע זאַלן.

ס'איז שבת פֿאַר נאַכט. אין גרויסן בית־המדרש נעבן דער גרויסער שול און אין קליינעם בית־המדרש אויפֿן וואַרשעווער שאָסיי זיצן האָרעפּאַשנע יידן מיט הענט פֿאַרמאָזאָליעטע און מיט פּנימער פֿון הייסע זונען אָפּגעברענטע און פֿון „קנאַקעדיקע" פֿרעסט און שניידנדיקע ווינטן „צעשעקעטע" — און הערן זיך צו מיט גרויס התמדה צום לערנען פֿון יידן, בני־תורה ווי: הענעך מלמד, יהודה־איצל מלמד, יחיאל מוכר־ספֿרים אָדער סתם אַ ייד, אַ למדן, וועלכער לערנט פֿאַר זיי אַ פּרק משניות, אַ שטיקל שולחן־ערוך, חיי־אדם און דאָס מיט אַזאַ פּירוש, אַז עס צעגייט ממש אין די גלידער... איז וואַקסן דעמאָלט אויס די דאָזיקע „עמך"־יידן אין זייערע אייגענע אויגן. מיט רעכט שטאָלצירן זיי דערויף, וואָס אויך זיי, די א"ג „פּראָסטע" יידן, זענען אַריין אין „היכל התורה" גלייך מיט די חסידים־למדנים און אַלע „שיינע יידן", די שטענדיקע בעלי־בתים פֿון דער „מזרח־וואַנט"; דאָס מיינט אָט־אָ־די, וועלכע זיצן אין די פֿאַרשידענע חסידים־שטיבלעך איינגעהילטע אין דער טונקלקייט פֿונעם בין־השמשות און „פּראַווען" „שלוש־סעודות". טיף פֿאַרזונקען אין מחשבות, איינער צוגעטוליעט צום צווייטן, ברומען זיי פֿאַרדביקעט דעם „בני־היכלא"־ניגון, געלאַסן און צעצויגן, ווי זיי וואָלטן וועלן דערמיט איינהאַלטן מיט אַלע כוחות דעם שבת, ער זאָל נישט אַוועקגיין; זאָל ער נאָך, נאָך אַ ביסל אונטערוואַרעמען מיט זיין פֿייער דעם גוף מיט דער נשמה און טאַקע געבן כח אויף דער נייער וואָך, וואָס ברענגט מיט זיך מיט ווידער דעם אַלטן

עול פון דאגת־פּרנסה און ווער ווייס וואָס פאַר אַ נאָך זאָרגן?!

אָבער איידער יידן באַווייזן זיך אַרומצוקוקן, צעגייט זיך דאָס פינצטערניש און עס ווערט מוצאי־שבת. די שמשים און גבאים צינדן אָן די ערשטע הבדלה־ליכט און צוזאַמען דערמיט צינדט זיך אָן פון דאָס ניי דער אייביקער בטחון אין דעם „אַלמעכטיקן". צעגייען זיך יידן אַ היים אויף אָנצוהייבן אַ נייע וואָך פון מסחר, מלאכה און אויך תורה. די יידישע מיל־אייגנטימער: סרולקע ראָזענבערג, שמואל רינג און די וואַג־מאַנס מאַכן זייערע חשבונות מיט די „מאַנצאַרזשעס" (מעל־סוחרים); סוחרים פון געוועלבער „כאַפּן" אַריין, נאָך אין שבת־צו־נאַכטס, אַ שטיקל לייזעכץ; יידישע בעקערס: ר' צלאל, איטשע־מאיר בוימגאַרטן, דער „ביאַליסטאָקער" און אַנדערע — איילן מיטן „זויערן" די טייגן אויף פרישע זעמל און ברויט אויף זונטיק פאַר טאָג; יידישע בעלי־עגלות שטאָטן אָפּ אַ „וויזיט" אין די שטעלער ביי זייערע פערד, וועמען זיי זאָגן אָן, אַז מאָרגן, זונטיק, שפּאַנט מען זיי איין אין די „פראַכטן" קיין וואַרשע.

די יוגנט, איבערהויפּט דער טייל, וואָס האָט אָפּגעגעבן דעם שבת, צום מערסטן, פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים — זי איילט זיך דווקא נישט צו שיידן מיטן שבת. פאַר איר איז דער שבת־צו־נאַכטס אַן המשך פון רו און פאַרברענגען, נוצט זי אים טאַקע אויס אויף גיין אין קינאָ, אין טעאַטער און טייל מאָל אויף „וויעטשאָרקעס" פון וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע אָדער אויף אַ פּריוואַט גלעזל טיי.

ווי אַ לעצטער אַקאָרד פון אַן אינהאַלטסרייכן קאָנצערט אָדער ווי אַ פינאַל פון אַ פילפאַרביקער דראַמע, אַזוי ווערט אָפּגעשלאָסן דער שבתדיקער מעת־לעת מיטן דערשיינען פון די סטאַבילע דאגות און פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס דאַרפן און מוזן זיך פאַרמעסטן, סיי דער יחיד, סיי דער כלל יידן אין שטאָט.

# קווארטאלן

ווי נאָר דו לאָזט זיך אַראָפּ פון סעראָצקער־נאַשעלסקער שאָסיי, וואַרפט זיך דיר גלייך אין די אויגן: פון רעכטס — דער ברייטער רחבותדיקער נאַרעוו, וואָס פאַרבינדט די שטאָט אַזש מיט דאַנציק, ד"ה מיט ים, דורך די לאַנגע האָלץ־טראַט־וועס, וואָס ער, דער טייך, פירט אויף זיך לויטן באַפעל פון גרויסע יידישע האָלץ־סוחרים, און פון לינקס — דער אור־אַלטער באַרג, וואָס באַשיצט די שטאָט פון מערב־זייט, שוין הונדערטער יאָרן וואָס מען דאַנקט אים אָפּ דערפאַר, משטיינס געזאָגט, אָפּשניידנדיק פון אים פון צייט צו צייט גאַנצע שטיקער לטובת הכלל... ס'טוט אים טאַקע ווי דעם באַרג, אָבער שרייען וועט ער נישט, אַ באַרג איז דאָך שטום! דערפאַר אָבער רעדן שוין פאַר אים די „וואַרשעווער שאָסייניקעס", וועלכע וווינען ביי זיין ראַנד און פאַרשרייען די וועלט. אָט, למשל, עס איז זונטיק פאַר נאַכט, בעלי־עגלות לאָדעווען די פראַכטן מיט די פלאַטפאָרמעס קיין וואַרשע מיט כל המינים סחורות.

דאָ שרייט מענדל אַבקעס צו די בנים: „אַבע! שפּאַן צו דעם „שימל"! איזאַק! פיר אַריין צוריק דעם קאַשטאַן, ביזט בלינד? זעסט נישט אַז די „נבלה" לאָמט?"

און דאָרט שטייט שפּרינצע קאָטשאַלעק און קאָמאַנ־דעוועט מיט אַ טאָן פון אַ צאַרישן פעלדפעבעל:

„דוד! רחטשע! משהלע! עץ עט היינט דערלעבן אַרויס־צופאָרן צי ניין? ווו איז דער שמאַסער?

מער פעלט מיר נישט, אַז מרדכי סטראַזשניק אָדער יאַנ־קאָווסקי, זאָל גיין די כפרה, זאָל מיר בעמען טאָפּן די פעקלעך".

און ס'איז טאַקע דאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן. ווייל נאָר פון אויבן ליגן די זעק מיט די געבאַקענע פערפל פון צאַלעל בעקער, אָבער פון הינטן ליגן אַ סך נישט קיין גלאַט־כשרע סחורות...

ביי די מילן פון שמואל רינג, סרולקע ראָזענבערג און מענדל וואַגמאַן שטייען אָנגעשטעלט אָן אַ שיער וועגענער, גוייִשע און יידישע, און לאָדעווען מעל קיין וואַרשע. די פערד הירזשען. די טרעגערס גיבן זיך אין „טאַטנס טאַטן אַריין" און די פורמאַנעס שרייען אָדער שעלטן זיך איבער אַ ביסל. אַמאָל אויף די פערד און אַמאָל איינער אויפן אַנדערן, ביז ס'הייבן אָן „אַרבעטן" די אָרטשיקעס, בייטשן אָדער גאַנצע דישלעס. און אַז עס גיט זיך אַ „וואָש" צו אַ „שייגעץ" משה ראַשער, קלמן רייטשיק אָדער הערשל בערעקעס, איז שוין „אָך און ווי צו זיינע יאָרן". און איידער וואָס־ווען זיצן שוין אַלע צעקריגטע צדדים ביי אברהם־עליען אין שענק, „שניידן" אַ כוסה נאָך אַ כוסה און שלום ושלווה!

און ווי באַגלייט־מוזיק שפּילן צו צום טומל פון די בעלי־עגלות — די קאָוואַליעס! אָט איז ר׳ ישראל קאָוואַל מיטן ווייב, יוסף קאָוואַל מיט די זין און נאָך און נאָך אַנדערע. עס „קאָכט״ די גאַס פון די געשרייען און געפילדער אין דעם „הייליקן״ זונטיק.

און אַז ס׳דערנענטערט זיך דער בין השמשות, לויפן אַלע סוחרים פון די שפּייז־געוועלבלעך פון דינטשע שמואל־אברהמס ביז צו דער קראַנזשעקליכע, לאָזן איבער זייערע ווייבער אין די געשעפטן כדי אַריינצוכאַפּן אַ „מנחה־מעריב״ אין קהל־חסידים אָדער אין נחמן־ראובנס בית־מדרשל, און פאַר איין וועגס שוין כאַפּן אַ שמועס וועגן מסחר, פערד, קאַטשעצער פּויערים, קלעשעווער פּריץ און אויך אַ ביסל וועלט־פּאָליטיק.

אָבער ווי נאָר דו פאַרלאָזט דעם רוישיקן וואַרשעווער שאָסיי, קומסטו גלייך אַריין אין אַן אַנדער וועלט, אַ שטילע פּוסטע גאַס, וואָס פאַרמאָגט נאָר אַ פּאָטשט, אַ טורמע, אַן אַלטן קאָשטשיאָל און אַ גוייִשן שפּיטאָל. דערפאַר אָבער גלייך נאָכן שפּיטאָל פון לינקס און דער גאַס פון פאַר דער גרויסער שריפה — „אַלטער מקום״, הייבט זיך אָן די אמתע גרויסע מאָדערנע שטאָט ווי אַ וואַרשע אָדער אַ פּאַריז, להבדיל! דאָס גרויסע טעאַטער מיט די שיינע האַסעלבערג־צוקערניע פון איין זייט און די צוויי גרויסע „וויסטאַוועס״: פון יעזשאָרקעס וויין־געשעפט און פון זינגערס ניי־מאַשינען — פון דער צווייטער זייט. אַ פּאָר טריט ווייטער — די שפּאַנדראַסקינס צוקערניע, וואָס איז פול מיט שליאַכטע און פּריצים און אין דרויסן מיט אָנגעשטייפטע סטאַנגרעטן אויף קאָטשן. צווישן זיי — יידן־סוחרים, יידן־מעקלער און סתם־יידן, וואָס ווייסן נעבעך נישט וועמען פריער אַנטקעגנצושפּרינגען און באַדינען; די פּריצים אָדער די סטאַנגרעטן מיט די פּריצטעס, בכדי צו כאַפּן אַ גילדן פּרנסה. און ווי אויף אָפּצוקילן אַ ביסל די צעהיצטקייט פון דער צוקערניע, קומט דאָס שטילע טייכל, וואָס שניידט דורך די שטאָט, באַגלייט פון די ראָמאַנטישע „אַלעיקעס״ מיט אירע אַלטע ביימער און ווידער שיינע יידישע געשעפטן פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע, פוטער, שיך א״א.

אויף דער שוו. יאַנסקאַ־גאַס, פון וואַנען מ׳פאַרנעמט זיך רעכטס צו דער שול־גאַס, וווּ עס געפינט זיך די אַלטע גרויסע שול, די ערשטע יידישע גימנאַזיע, איז באַלד די צווייטע גאַס רעכטס — די פעסטונג פון די יידישע קצבים, די יאַטקע־גאַס, וואָס אַ געוויסן חלק פון איר געהערט צו דער טיפער זקנה, ראָכטשע די קצבטע, מיט אירע 3—4 דורות קצבים און אַ ביסל — צו די יידישע קורניקעס מיט הערשל קייסער בראש, וווּ עס וווינט אויך — ווי כדי צו פאַרזאָרגן מיט אַ מצווה די פראָסט־פּשוטע יידן — די ערלעכע תמימותדיקע צדקת, די אַלטע שיינע־רחלע.

און אָט ביסטו שוין אין מאַרק. לאַנג איז ער ווי דער יידישער גלות. פון איין זייט דער קאָשטשיאָל, פון דער צווייטער — דער אור־אַלטער שלאָס (נאָך פון שוועדישן קעניג זאָגט מען), און אין מיטן — דער גאָר־גאָר הויכער שטאָט־זייגער, וואָס קוקט אויף דער שטאָט, ווי זי וואָלט געהערט צו אים. ער האַלט ביי זיך די „סטראַזש־אָגניאָווע״ (פייער־לעשער), צעקלינגט זיך ווען ער וויל נאָר, און עס חלשן צו אים ממש אַלע חדר־ייִנגלעך — אַרויפצוגיין גאָר אויבן און זען ווי שפּערלינג, דער זייגער־מאַכער, דרייט אים אָן מיט די „אייגענע הענט״...

לינקס פון דעם שטאָט־זייגער, אין דעם שטילן ריביטווע־געסל, פליסט זיך אַ שטילער טייך, וואָס נישט שטענדיק לאָזט מען אים צורו. אַ גאַנצע וואָך איז נאָך אַ האַלבע צרה. קומט אָבער דאָנערשטיק פאַר נאַכט — גיבן זיך אַ נעם צו אים די פישערס: ר׳ זיינוויל פישער מיט דער זילבערנער באָרד, ר׳ דוד־הערש פישער מיט די בנים און ר׳ משה זעמעל, אַ ייד, אַ גבר, פון וועמענס אַ מתנת־יד פליט אַ פישער־שייגעץ גלייך אין וואַסער אַריין, און זיי שלעפּן פונעם טייכל די גרויסע קאַרפּן, העכטן און קליינע קאָרישן. ס׳איז אויסטערליש צו זען, ווי בכבודע בעל־הבתישע פישער־יידן שטייען באָרוועסע אין די לאָדקעס, ווי חדר־ייִנגלעך, להבדיל, אין די הייסע זומער־חדשים, און שלעפּן מיט די גאָלע הענט, אום ווינטער, די פיש, סאָרטירנדיק און איינפּאַקנדיק זיי אין פעסער, די וואָס „גייען״ קיין וואַרשע און די וואָס אין די „באַליעס״ — אין מאַרק אַריין.

דער גרויסער מאַרק איז אויך נישט פריי פון יאַרידים און מערק מיט זייערע מאַרק־שטייער, בעלי־מלאכות און סוחרים, און דער קליינער מאַרק (חזיר־מאַרק) מיט די יידישע פערד־הענדלער. עס רוישט אין ביידע מערק ווי אין אַ בין־שטאָק.

און די יוגנט? זי זיצט אויך נישט מיט פאַרלייגטע הענט! לערנט און אַרבעט. סיי אין די ישיבות, שולן, גימנאַזיעס און וואַרשטאַטן. שטעלט אויף פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, ביבליאָ־טעקן, שפּילט טעאַטער מיט אייגענע כוחות און פלאַנצט זיך איין אַ גלייבן אין אַ בעסערער וועלט.

אַז די פולטוסקער ייד. יוגנט איז געווען אַ באַוווסטזיניקע באַווייזן די געגרינדעטע ביבליאָטעקן, דער געוואַלדיקער דורשט צום לייענען און די אומבאַשרייבלעכע ליבע צום בוך, סיי צום יידישן, סיי צום וועלטלעכן, וועלכע האָט געטליעט אין האַרץ פון כמעט יעדן יוגנטלעכן; אַ ווילן צו אויסבילדונג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין דנאָ. עס קאָנען אויך עדות זאָגן אויף

דעם: די גאַנץ־אָפּט „אימפּאָרטירטע" מגידים און דרשנים פאַרן „עלטערן" עולם און די שרייבער און באַרימטע רעדנער — פאַר דער יוגנט, פון יעדן סאָרט און קאַליבער; פון הלל צייטלין ביז זרובבל, פון מלך ראַוויטש ביז יצחק גרינבוים, איצט: די אָפּטע ליטעראַרישע אָוונטן, שמועסן, משפּטים איבער שרייבער און ביכער אא"וו.

און אַז די פּולטוסקער יוגנט האָט געהאַט אַ ידיעה אין הלכות ספּאָרט, קאָנען באַווייזן די צוויי ספּאָרט־קלובן: „מכבי" און „גוויאַזדאַ־שטערן", וועלכע האָבן געהאָלפן אויסגלייכן דעם איינגעבויגענעם יידישן רוקן און געוויזן, אַז מ'קאָן ענטפערן די גויים מיט „עין תחת עין".

געוווּסט האָט אויך פּולטוסק צו פאַרטיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן, והא ראיה: די עטלעכע גוט אָרגאַניזירטע פּראָפ.־פאַראיינען, די גמ"ח־קאַסעס אא"וו.

און דאַוון־ערטער מכל המינים זענען געווען און חסידים־שטיבלעך פון אַלערליי רביים מיטן גערער שטיבל בראש און איר האַרציקן בעל־תפילה, ר' מענדל רוזשאַנער, וועמענס ימים־נוראימדיקער „זכרנו לחיים" האָט ממש דעם הימל געשפּאָלטן!

און באַזונדער די בני־תורה אויטאָריטעטן, וואָס פּולטוסק האָט אַרויסגעגעבן — די בחורים מיט היתר־הוראה, איצט די צוויי יונגע דיכטער־טאַלאַנטן: דער ליריש־סענטימענטאַלער שמחה דאָן (סימעק) און דער בונטאַריש־קעמפנדיקער אהרן דאָמב; דער באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר דן אַראָנאָוויטש שיבל"א און נאָך איניקע טאַלאַנטפולע שרייבער, מוזיקער און אַרטיסטן (וועלכע ווערן אינעם פּולטוסקער „ספר־זכרון" באַזונדער דערמאָנט).

איצט: ווי אַזוי פּולטוסק האָט זיך געפרייט אויף אירע באַנקעטן, סיום־הספרים, טאַנץ אָוונטן און יידישע חתונות! און דאָ טויכט באַלד פון זיך אַליין אויף דאָס מוזיקאַליש־ווונדערלעכע געשטאַלט פון דעם אַלטן לייבקע קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע, ווען ער פלעגט יעדע חתונה־פרייד אָנהייבן מיט זיין „אויפגעשפּילט זאָל ווערן" און נעמען צו הילף ר' מאָטל בדחן (זון פון באַרימטן נח בדחן) און לאָזן זיך אַמאָל מיט גבורה אויף די טענער פון זיין פידל און אַמאָל פאַרגיין אין דער טיף, אַז קהל איז אַזש אויסגעגאַנגען פון מתיקות... און דאַן דאָס באַזינגען די כלה, וועלכע „גייט אויף אַ נייער בריק" צו איר מזל און צו איר גליק"... און די פרייד איז אַ „גורלדיקע", וואָס פּילט אָן די הערצער פון חתן־כלה, מחותנים און גוטע פריינד.

דעריבער איז אויך קיין ווונדער נישט, וואָס אַזאַ פאַרבנרייכע קהילה האָט פאַרמאָגט אַזאַ געלערנטן און אינטעליגענטן רב ווי ס'איז געווען הרב ר' חיים קויפמאַן־אָטערמאַן זצ"ל.

טאָ זאָלן די דאָזיקע שורות דינען פאַר אַ „יזכור" די אַלע שיכטן פון דער פּולטוסקער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע זענען אומגעקומען אין די מערדערישע הענט פון די נאַציס ימ"ש.

און באַזונדער — די „עמך"־מענטשן, פון באַזונדערן מין און געשטאַלט, וועלכע האָבן פאַרבראַכט זייער גאַנץ לעבן כמעט „הינטער די קוליסן" פון דער געזעלשאַפט; זיי די גבורה־יונגען, וואָס האָבן נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן זייערע כוחות; און וואָס זייער געדעכעניש איז ביכולת גיך אָפּגעווישט צו ווערן פון זיכרון, זיי וויל איך ווידמענען די דאָזיקע שורות פון אַ באַקאַנטן דיכטער: „אַז דאָס אַלץ, שטעטלדיקע היים / וועט אַמאָל ווערן קידוש־השם / ווער האָט זיך געריכט אויף דעם? / דער מיידלשער שפּאַציר פאַרנאַכט צו געפעלן / אָפיצערן, סטודענטן, געזעלן / און פאַרפירן ראַנדעוווס אויף שוועלן / דער טרעגער־יונג מיט די צעריסענע הענט / מיטן פאַרמעליקטן שטריק איבערן העמד / וואָס פלעגט שעלטן דעם רייזנדער פון דער פרעמד / די פלינקע פייערדיקע קעשענע־גנבים / וואָס פלעגן בדיל־דל שטעלן די פערד־סוחרים / אָ, שטעטל, אפילו אָט די בושה / איז פאַר מיר היינט קדושה!..."



# די הילצערנע בריק

די פולטוסקער הילצערנע בריק האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער שטאָט. אַחוץ דעם וואָס זי האָט געדינט אַלס אַ לעבנסוויכטיקער קאָמוניקאַציע־פּונקט פאַר אויטאָס, דראָזשקעס און סתם פורן פון כלערליי ריכטונגען פון און צו דער שטאָט — האָט זי פאַראייניקט די פאַרשטאָט פאַפלאַוועס.

די בריק האָט זיך אָנגעהויבן גלייך מיטן סוף פון דער סטאַשיצע גאַס.

אָנהייב דער בריק, רעכטס, איז געווען אַ קליין הילצערן בריקעלע, וואָס האָט געפירט צו דער „סטאַרע־מיאַסטאָ“־גאַס. נעבן דעם בריקעלע איז געשטאַנען אַ קליין הילצערן־בודקעלע, ווו עס זענען געלעגן די כלים, מיט וועלכע מ'האָט די בריק גערייניקט און אויך איז דאָרט תמיד געזעסן דער שומר פון דער בריק.

אָנהייב דער בריק, לינקס, איז געווען דער גרויסער שטאָטישער פאַרק מיט דעם „זאַמעק“, ווו עס האָט זיך געפונען דער בנין פון דער „סטאַראָסטווע“, דאָס אָרט, וואָס וועקט אין אונדז, פולטוסקער, די שוידערלעכע זכרונות פונעם גירוש...

די הילצערנע בריק איז געשטאַנען אויף הילצערנע און אייזערנע פילאַרן און האָט זיך געצויגן ביי אַ 500 מעטער בערך. לענג אויס דער בריק איז געווען אַ באַריערע, פון וועלכער מ'האָט געקאָנט פריי אַראָפּקוקן צו דעם נאַרעוו. פאַר דער באַריערע האָט זיך לענג אויס געצויגן אַ הילצערנער בעלעק, וועלכער האָט אָפּגעטיילט דעם גרענעץ פון דער באַריערע און מ'איז איבער דעם געגאַנגען ספּאָרטמעסיק, געטרישט איין פוס נאָכן צווייטן, זיך אָנהאַלטנדיק ביי די הענט פון טאַטע־מאַמע אָדער פון חברים...

די פילאַרן זענען געשטאַנען אין וואַסער, וואָס איז געווען זייער בלאָטיק און באַוואַקסן מיט הויכע גראָזן.

הינטער דער בריק איז דורכגעשווומען דער נאַרעוו מיט זיינע בלויע וואַסערן, ווו די רעכטע זייט האָט געפירט צו דער „וואַרשעווער“ פלאַזשע און די לינקע — צו דער ריביטווער פלאַזשע.

ביים סוף בריק, רעכטס, האָבן זיך געצויגן גרינע לאָנקעס און אַ שמאָלער וועג, וועלכער האָט געפירט צום אַלטן פאַפלאַוועס. פרילינג־צייט זענען די לאָנקעס געווען פאַרגאָסן און ביי דעם אויפקום פון דער זון האָבן זיך די לאָנקעס געפאַרעט און די גאַנצע געגענט איז געווען איינגעהילט אין אַ נעפל. אין דער זעלבער צייט זענען די פעלדער געווען באַשיט מיט געלע און בלויע בלימעלעך, נאָך וועלכע די יוגנט פלעגט זיך לאָזן צו דער בריק, זיי אויפצוקלייבן — די שיינע שמעקעוודיקע פרילינג־בלימעלעך!

פון דער לינקער זייט בריק האָט געפירט אַ שמאָלער וועג צום נייעם פאַפלאַוועס און צו דעם טרוקענעם סאָסנע־וועלדל מיט די „ביאַלע גורע“.

גלייך ווי די בריק האָט זיך געענדיקט איז געווען אַ ברוקירטער שאָסיי, וועלכער האָט געדינט אַלס הויפּט־וועג צו פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך און געפירט צו דעם טאַרטאַק פון די ברידער נחום, שילעם און פישל נאַוואַמינסקי.

מיט צוויי זייטיקע וועגן האָט מען געקאָנט אַריינפאָרן אין דעם אַלטן און אין דעם נייעם פאַפלאַוועס, ווי אויך אָנקומען אין דער „קאַנטינע“, וואָס האָט געהערט צו דעם 13־טן פוסגייער־פאָלק.

זייער באַלעבט איז געווען די בריק אין די צוויי מאַרק־טעג: דינסטיק און פרייטיק. דעמאָלט פלעגן פון אַלע זייטן צענדליקער פורן מיט איינגעשפּאַנטע, גוט־געפּאַשעטע פערד שלעפּן די אָנגעלאָדענע זעק מיט קאַרטאָפל, ווייץ און קאָרן, אויבס, גרינוואַרג, הינער און אייער, קוישן מיט פּוטער און באַנקיעס מיט סמעטענע. צו די פורן זענען געווען צוגעבונדן יאַלאָשקעס און קעלבלעך, פון וועלכע דאָס מעקן האָט זיך געהערט פון ווי וויט. אויף די פורן זענען געזעסן פאַרפוצטע פויערטעס מיט פאַרשידנפאַרביקע טיכלעך פאַרבונדן אונטערן האַלדז, געהיט מ'זאָל נישט צוגנבענען די סחורה און אויפן מאַרק האָבן זיי אויך געהאָלפן זי פאַרקויפן.

ווער עס האָט געוואָלט כאַפּן אַ מציאה, האָט זיך אין די דאָזיקע טעג גאַנץ פרי אַוועקגעשטעלט ביים אָנהייב בריק און אויפגעקויפט די סחורה. אַזעלכע אויפקויפערס האָבן נישט געפעלט, ווייל ביי אַ סך פולטוסקער יידן איז עס געווען זייער פּרנסה. מיין פעטער יאַנקל בראַף מיט זיינע שותּפים פלעגן שטיין ביי דער „ראָגאַטקע" און אָפּנעמען דעם שטייער־אָפּצאָל, וואָס איז געווען אַרויפגעלייגט אויף די, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינפירן סחורה צום פאַרקויפן אין שטאָט.

נאָך די צוויי מאַרק־טעג איז די בריק געווען זייער שמוציק און עס האָט זיך געטראָגן אַן אומאַנגענעמער ריח. דאָס אַלץ איז אָבער גאַנץ שנעל אָפּגערייניקט געוואָרן.

זומער צייט, ווען יידישע משפּחות פלעגן „זיצן" אויף פרישע לופט אין פּאָפּלאָוועס, פלעגן די באַלעבאָסטעס ליפערן גאַנצע קוישן מיט פּראָוויאַנט פונעם מאַרק נאָך דער בריק.

באַזונדער שבת פלעגן גיין גאַנצע משפּחות מיט געפּאַקטע קוישן „גוטע זאַכן" — באַזוכן זייערע קרובים די „דאַטש־ניקעס און אגב אַליין אויך אַריינכאַפּן אַ ביסל פרישע לופט פון דעם שמעקעוודיקן וואַלד און אַ שטיקל אָפּרו פון דער שווערער וואָך.

מען האָט אויך געשמועסט, אַז די בריק איז אַ סגולה צו פאַרשידענע קראַנקייטן. אַז אַ קינד, למשל, האָט באַקומען אַ קאָקליוש־הוסט פלעגט די מאַמע אים פירן איבער דער בריק. דאָס קינד פלעגט זיך גוט אויסהוסטן און די מאַמעס האָבן געגלייבט, אַז די לופט פונעם טייך איז בכוח צו פאַרלייכטערן די דאָזיקע קראַנקייט. דאָס זעלבע בנוגע אַנדערע קראַנקייטן.

די בריק האָט געוווּסט צו דערציילן פון כל המינים שפּאַ־צירן איבער איר: פון יידישע פּרייטיק־צו־נאַכטסדיקע שפּאַ־צירן; פון פאַרשידענע שול־קינדער און יוגנט־אויספלוגן; פון די בית"ר און השומר־הצעירישע ל"ג־בעומר־מאַרשירונגען דורך דער בריק צום וואַלד, ווו מ'האָט פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג מיט געזאַנג און טענץ; און פון נאָך אַ סך אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

וועלכער פוס פון אַ פולטוסקער האָט נישט באַטראָטן די הילצערנע בריק? אפילו מלמדים מיט זייערע חדר־יינגלעך פלעגן שפּאַצירן איבער איר.

כאָטש די בריק האָט אויך געוווּסט צו דערציילן פון שפּאַ־צירן דווקא נישט קיין קאָלעקטיווע, נאָר אפילו פון יחידים איינזאַמע, שפּאַצירנדיק אַליין אין דער סאַמער טיפער נאַכט, ווען זייער טרויעריקער שווערער בליק איז אַלעמאָל געפאַלן צו דעם טייך וואָס איבער דער בריק...

פאַר די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט די בריק געהאַט אַ גאָר גרויסע באַדייטונג. איך געדענק ווי אין די הייסע זומער־טעג, ווען ס'איז אונדז געווען שווער אַדורכצופירן אונדזערע אסיפות אין די קליינע דושנע לאָקאַלן, פלעגט מען שבת גאַנץ פרי (אַ זייגער 6) וועקן איינער דעם צווייטן און די גאַנצע קבוצה מיט אונדזער מדריך, שבתי ראָזאַנאָוויטש, האָט זיך צונויפגענומען אויף אַן אָפּגעשמועסטן פּונקט און פון דאָרט פלעגן מיר דורכמאַרשירן די בריק — צו די גרינע לאָנקעס און דאָרט דורכפירן אונדזערע אַלע פּראָגראַמען וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג.

גאָר שטאַרק באַלעבט איז געווען די בריק אין געוויסע פּוילישע יום־טובים (ווי: „שוו. יאַן" א"א). דעמאָלט פלעגט ביי נאַכט די גאַנצע בריק זיין באַלויכטן. צענדליקער לאָדקעס מיט פאַרשידנפאַרביקע לאַמטערנעס האָבן געבלענדט מיט זייערע ליכט. די פּוילישע יוגנט איז געזעסן אין די שיפלעך און געזונגען, געשפּילט אויף פאַרשידענע אינסטרומענטן און געלאָזט „קאַלטן פייער" איבער דעם נאַרעוו. די גאַנצע יוגנט האָט זיך דאַן געצויגן צו דעם „פּשיסטאַן", ווו מ'האָט זיך געווײַלט ביז אין דער פרי. די יידישע יוגנט פלעגט דעמאָלט שטיין אויף דער בריק און זיך צוקוקן צום גאַנג פון דעם יום־טוב.

ווינטער־צייט, ווען עס איז אָנגעפאַלן אַ גרויסער שניי און דער פראָסט איז דערגאַנגען ביז צו 20 גראַד, איז די גאַנצע געגענט געווען אָפּגעשטאָרבן. אויף דער בריק האָבן געריסן שטאַרקע ווינטן און געשליידערט די מענטשן אויף אַלע זייטן. דער נאַרעוו איז פאַרפרוירן געוואָרן און דער גאַנצער אַרום איז געווען איינגעהילט אין אַ ווייסן פאַנצער. דעמאָלט האָט די בריק געדינט אַלס אַ שליט־וועג פאַר דער גאַנצער געגנט. מ'האָט זיך געשליטלט איבער דער בריק פון און צו דער שטאָט. ווער צוליב האַנדלס־צוועקן, ווער צוליב סתם אַ שפּאַציר אָדער ספּאָרט. אין אַזאַ צייט האָבן מיר, די שול־קינדער פון שטאָט, געהאַט שטאַרק מיטלייד מיט די יידישע קינדער, וועלכע האָבן געמוזט קומען פון פּאָפּלאָוועס לערנען אין דער שטאָטישער „פּאָושעכנער" שול, ווייל דאָרט איז קיין שול נישט געווען. פאַרפרוירענע זענען זיי געקומען און טיילמאָל האָבן זיי אינגאַנצן נישט געקאָנט קומען צוליב די שווערע קעלטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די היינטיקע פולטוסקער הילצערנע בריק האָט זיכער און געוויס שוין לאַנג פאַרגעסן דעם אַמאָליקן יידישן גאַנג אויף איר, די פריידיקע שפּאַצירן און אויספלוגן פון דער יידישער יוגנט; דאָס שאַלן פון די ל"ג־בעומרס; דאָס האַרציקע געלעכטער פון די יידישע שפּאַצירנדיקע קינדערלעך מיט זייערע מאַמעס און טאַטעס; ווייל די בריק איז היינט דורך

און דורך גוייש; אויסגעריסן האָט מען מיטן וואָרצל דעם יידישן שפּאַציר פון דער בריק.

פאַרגעסן האָט די בריק שוין זיכער און געוויס אויך לאַנג דעם דעמאָלטדיקן אויף־טויט־דערשראָקענעם ייד, דעם היים־אַרויסגעטריבענעם און נאָכגעשאָסענעם, וואָס זיין בלוט האָט זיך לויפנדיק געגאָסן אויף דער גאַנצער לענג פון בריק, געיאָגט דורך די נאַצישע אויף דור־דורות־פאַרשאָלטענע טמאים.

✶

## ש. בלענקיטני

אַחוץ די פיר קליינע בריקן פון עטלעכע מעטער אין דער מיט פון שטאָט — וועלכע האָבן איר גופא פאַראייניקט — איבער די עטלעכע שמאָלע טייך־אָפּצווייגונגען פון דעם נאַרעוו, ווי בענעדיקטינסקער, שוו. יאַנסקער, אַלטער מקום און ריביטווע — האָט פולטוסק פאַרמאָגט צוויי גרויסע בריקן איבער דעם נאַרעוו, וועלכע האָבן געעפנט דעם וועג קיין ווישקאָוו און אַנדערע ישובים צווישן נאַרעוו און בוג.

איין בריק איז געווען אויף דרום פון שטאָט, צום סוף פון דער וואַרשעווער גאַס, פון וועלכער ס׳האָט געפירט אַ גלייכער וועג צו נאָוואָמינסקיס טאַרטאַק; די צווייטע בריק איז געווען אויף צפון נעבן דער שלאָס געביידע, פון וועלכער ס׳האָט געפירט אַ גלייכער וועג קיין פּאָפּלאַוועס, און לינקס — קיין אָבריטע און אַנדערע דערפער.

ביידע בריקן זענען דאָס ערשטע מאָל אויפגעריסן געוואָרן אין ערשטן וועלט־קריג. די דייטשן האָבן דאַן אין זייער אָקופּאַציע־צייט נאָר פאַרראָכטן די בריק אויף דער וואַרשע־ווער־גאַס. מיט איין בריק איז זיי לייכטער געווען צו קאָנט־ראָלירן און רעווידירן די באַפעלקערונג ביים באַקעמפן דעם פּראָדוקטן־שמוקל.

אין 1920 בעת דער מלחמה מיט די באָלשעוויקעס האָבן די פּאָליאַקן זי אויפגעריסן. דערנאָך האָבן זיי אויפגעשטעלט די הילצערנע בריק נעבן שלאָס. די בריק אויף דער וואַרשע־ווער גאַס איז, שפּעטער צו, אויסגעבויט און פאַרענדיקט גע־וואָרן אין די דרייסיקער יאָרן, אַ מאָדערנע, שיינע, מיט דער נייעסטער טעכניק — פון שטאָל, אייזן און בעטאָן, מיט וועל־כער די שטאָט האָט שטאָלצירט.

דאָך איז די אַלטע אָפּגענוצטע הילצערנע בריק געבליבן ביי יעדן פון אונדז אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן צוליב אַ סך, אַ סך טעמים.

די הילצערנע בריק איז אין משך פון אַלע יאָרן ביזן צווייטן וועלט־קריג געווען אַ נאָענטער פאַרבינדונגס־וועג צו איינע פון די בעסטע אָפּרו־ערטער און שיינע נאַטור־פּלעצער פון פולטוסק. דאָס איז געווען די סביבה פון פּאָפּלאַוועס, וועלכע האָט זומערצייט געצויגן דאַטשניקעס אַפילו פון וואַרשע. אָבער פאַר דער פולטוסקער אַרבעטנדיקער יוגנט איז די בריק אויך געווען אַ פאַרבינדונגס־וועג צו אַ וויכטיקן קולטור־צענטער: דאָס איז געווען דער פּאָפּלאַווער וואַלד.

די יוגנט פון אַלע ריכטונגען האָבן זומערצייט אויס־גענוצט און פאַרוואַנדלט דעם וואַלד אין איר קולטור געזעל־שאַפטלעכן צענטער, פאַרלאָזנדיק די ענגע דושנע געזעל־שאַפטלעכע לאָקאַלן און איבערגעטראָגן אַהין אין דעם טרר־קענעם דופטיקן סאָסנע־וואַלד אירע דערציִערישע און קולטור־רעלע טעטיקייטן.

די בריק גופא איז אין די זומערדיקע אָוונטן געווען אַן אנגענעמער שפּאַציר־פּלאַץ. די יוגנט פון אַלע ריכטונגען האָט געקענט אין העכערע טענער פירן אירע דיסקוסיעס; דאָס וואָס האָט איר נישט דערלויבט דער שפּאַציר פּלאַץ אין צענטער שטאָט, ווי דאָס זענען געווען די טראָטואַרן פון שוו.־יאַנסקא און דריטער מאַי גאַס, דער שפּאַציר גאָרטן פון פּראָוואָסלאַוונעם קלויסטער אָדער דער פּאַרק נעבן שלאָס.

אָנגעהויבן האָט זיך דער „זומער־סעזאָן" שוין פאַר פּסח צייט. שפּאַצירנדיק אויף איר האָבן מיר באַוווּנדערט די סטיכישע נאַטור כוחות, ווען דער נאַרעוו האָט שוין אויך אָנגעהויבן מאַכן זיינע הכנות מיטצוזומערן, נאָכן באַפרייען זיך פון זיין אייז־פּאַנצער, אין וועלכן ער איז געווען געשמידט אַ גאַנצן ווינטער. די ריזיקע אייז־קריעס האָבן זיך איבער אים געטראָגן ווי אַ סטאַדע שעפּסן, געשטויסן איינע די אַנדערע, צעשפּאָלטן אָדער גאָר פאַרהאַלטן־געוואָרן ביי די אייז־ברע־כער, וועלכע האָבן פאַרהיטן די בריק־זיילן. מיר האָבן באַ־וווּנדערט דעם ריזן טייך, וועלכער האָט געהאַט פאַרפלייצט אַלע לאָנקעס און פעלדער אַרום.

ווען דער נאַרעוו איז צוריק אַריין אין זיין גבול האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון „מאַיוּווקעס".

אין די פּאַרטאָגן פון די שבתים האָבן זיך אַ סך צענד־ליקער יוגנטלעכע פון אַלע ריכטונגען אַראָפּגעגליטשט נאָך דער בריק פון באַרג־שפּוע צום פעלד, און מיטן וועג, וועלכער האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל מיטן לויף פון דעם נאַרעוו — אַוועק אין וואַלד אַריין.

דער אָנפאַנג פון וואַלד איז באַשטאַנען פון קליינע נידע־ריקע סאָסנע־קוסטן, וועלכע האָבן פאַרהאַלטן די וואַנדערנ־דיקע פּאָפּלאַווער זאַמדן. וואָס טיפער אין וואַלד אַלץ גרעסער זענען געווען די ביימער ביז די גאָר גרויסע ריזיקע סאָסנעס.

דאָרטן האָבן יוגנטלעכע און עלטערע אַרבעטס מענטשן, איינגעזאַפּט אין זיך אַחוץ פרישע לופט, אויך דעם נחת־רוח פון די גייסטיקע שפּייזן: רעפעראַטן, דיסקוסיעס, שמועסן אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס אאַ״וו. דער וועג אַהין האָט געפירט דורך דער הילצערנער בריק.

אין די ערשטע טעג פון סעפטעמבער 1939, ערב דעם אַריינמאַרש פון די היטלער־חיילות זענען ביידע בריקן אויפ־געריסן געוואָרן דורך די פּאָליאַקן פאַרן אָפּטרעטן. אין די ערשטע טעג פון דייטשישן אַריינמאַרש האָבן זיי גלייך פאַר־ראַכטן די הילצערנע בריק. נאָר אָנשטאָט צו פאַראייניקן ביידע טיילן בריק, פון וועלכער דער מיטלסטער טייל האָט געפעלט — האָבן זיי געמאַכט אַ שיפוע־בריק פון דער ערשטער העלפט ביז אויף דער צווייטער זייט צום פעלד.

אין דעם שיפוע־שטח ווערט זומערצייט די נאַרעוו אויס־געטרוקנט און ס׳בלייבן עטלעכע קליינע זומפּיקע אָזיערעס.

דאָ אין די זומפּיקע וואַסערן האָבן עס די ס״ס־לייט, בעתן גירוש אַראָפּגעוואָרפן פון דער שיפוע־בריק די יידן, אַלס „שטראָף״, ווייל זיי זענען בישט שנעל געלאָפן איבער דער בריק דאָן ווען זיי, די ס״ס־לייט, האָבן די לויפנדיקע נאָכ־געשאָסן.

אַ סך פון די אַראָפּגעוואָרפענע יידן האָבן די ס״ס־לייט אָפּגעהאַלטן אין די זומפּיקע וואַסערן אַ גאַנצע נאַכט.







**לעליתו של רוזנברג ארצה**

**מימין, למעלה:** ש. בורנשטין, מ. שטיינברג, ש. פסקוביץ, גוז'יק, בורשטין, קופלוביץ

**למטה:** וגמן, רינג, יצחק דון, רוזנברג, פיעקארז', מרדכי (מיעטעק) זילברמן



אַ גרופּע פולטוסקער חברים —
צום אָפּפאָר פון ח' גורמאַן קיין אַמעריקע, 1928



על יד ה„פשיסטן" — מעגן הסירות
ביי דעם „פשיסטאַן" — אַנקערונג־פּלאַץ פאַר שיפלעך



שמחה דאַן, משה זאגער, אהרן דאַמב



**מימין:** מאיר ליפסקר, יעקב יבלונקה (מזכיר ועד הקהילה והגימנסיה היהודית בפולטוסק) מרדכי האוסמן
**פון רעכטס:** מאיר ליפסקער, יעקב יאבלאָנקאָ (סעקרעטאַר פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג און יידישער גימנאַזיע אין פולטוסק), מרדכי האוסמאַן



אַ גרופּע פולטוסקער אין וואַרשע נאָך אהרן דאָמבס צוריקקומען פון בעלגיע
(א. דאָמב, באַברילט, אין צענטער)

# אין פולטוסק פון דעמאלט...




העיר בגאונה — די שטאט אין איר אויפקום

# זכרונות

## בתים ואנשים * היימען און מענטשן

פלוריאן סוקולוב*

# זכרונות מפולטוסק

זכרונו של אנוש, כשמגיע עד ימיו המוקדמים ביותר, ידמה לעתים קרובות למגדלור מסתובב. זרקורו, או שמפיץ אור, או שוקע בעלטה על מנת כעבור רגע שוב להבריק. יש מחזות מהילדות המוארים על פרטיהם הקטנים באורות מבריקים, אחרים שוקעים באפלת השכחה. על כן יסלח לי הקורא אם זכרונותי מפולטוסק אינן נמשכות תדיר והן מקוטעות באי אלו מקומות.

לפני שאתחיל בספורן של אלו רצוני להבהיר במבוא מדוע אנוכי, ילד שטרם מלאו לו עשר שנים, מצאתי את עצמי בפולטוסק, איפה שביליתי שלש שנים בגימנסיה המקומית, אז עוד פרוגימנסיה, כי היו בה רק ארבע מחלקות. בזמנים ההם של שעור אחוזים קבוע ליהודים בבתי־הספר של המדינה, לא קל היה להתקבל לגימנסיה ממשלתית, בפרט בוורשה, אשר שם עבר זרם המועמדים פי כמה את מספר המקומות הפנויים. ברם, לא זאת היתה הסבה העיקרית למשלוחי לפולטוסק. על אורח־חיי הנעים בפולטוסק חב אני תודה למצב ענינים מסויים, טופוגרפי יותר מטבעו, שלא היה לו שום שייכות אל תקנת האחוזים.

מגורינו בוורשה קשור היה עם המערכת ובית־הדפוס של „הצפירה". לפי מידת התפתחות כתב־העת של אבי נהיה מדי פעם בביתנו צר יותר מידידים ואורחים ולא נשאר הרבה מקום לנערים כה מלאי חיים ושובבים כמו אחי הגדול הנריק ואני. כנראה שהורי היו בדעה כי נלמד יותר טוב בערי־השדה. אחי סודר בפרוגימנסיה בזמושץ' במעונו של ה' כודאַק ואותי כוונו לפולטוסק, כשאחי חזר לגימנסיה בוורשה ואחד ממוריו בזמושץ', לישקביץ', הועלה לדרגת מפקח בפולטוסק. אבי היה תמיד כל־כך טרוד, שלא היה לו פנאי להתענין בפרטים של חנוכנו בבית־הספר. זמושץ' נבחרה בעצת ידידו, הסופר הדגול יצחק לייבוש פרץ, אשר מוצאו היה משם. אבל בענינים אלה הכריעה תמיד האמא. היא העדיפה את פולטוסק על היותו קרוב לוורשה וקרוב לעיר מולדתה מקוב. אבל ה„פרוטקציה" העיק־רית שלי אל פולטוסק היה אחי הנריק, חביבו של המפקח לשקביץ'. מגעים אחרים עם הגימנסיה המקומית לא היו לנו. אמנם אבי היה כבר אז נשוא פנים בין היהודים ובודאי היו לו בפולטוסק מכרים וידידים ומעל לכל קוראים מסורים, ברם יהודי פולטוסק נמנו אז ברובם המכריע לחסידים ואורטודוק־סים. במשך כל זמן שהותי בפולטוסק לא היה לי אף חבר ממשפחה מקומית, להוציא את בניו של מר אנוביץ'. כל התלמידים היהודים לא היו מבני המקום וכמעט כולם גרו במעונו של מר יחזקאל אנוביץ', שהיה מורה בבית־ספר יסודי יהודי ויחד עם זאת מלא תפקיד של מזכיר הקהילה. המפקח לישקביץ' היה ידיד של יהודים ותמך מאוד באנוביץ'. מעון דומה, אבל בממדים יותר קטנים, החזיק גם הרב באהם.

לזכרון יש קפריסות משלו, אבל בדרך כלל זוכרים היטב

* בנו של הסופר נחום סוקולוב ז"ל.

רגעים בלתי נעימים, מאשר נוחים, אבל שנותי בפולטוסק היוו אידיליה בלתי מופרעת במאומה, מלאת מאורעות ילדות עלי־זים, שנהגתי להזכירם לעתים קרובות ברגשות לבביים.



אמי ואבי הובילו אותי לפולטוסק, כחי עומד לפני מסע זה. היו נוסעים עם רכבת לנשלסק ומשם עם מרכבת־דאר לפול־טוסק. התרשמתי מאוד מכרכרה זו ובפרט מהדוור הצעיר על מושב הרכב עם החצוצרה שנשף בה בכוח כה רב, שיכול היה להתחרות עם שופרות יריחו. היה יום סתיו נהדר. לא יכולתי מלהשבע את עיני ממראות חדשים, ממקומות לא מוכרים, כי היתה זו נסיעתי הארוכה הראשונה. למרות שפול־טוסק מרוחקת מוורשה לא יותר מ־50—60 קילומטר, נסעו אז אליה יותר זמן משהיום עם אוירון מאירופה לאמריקה. הגענו עם דמדומים וירדנו לפני בית בככר השוק, מקום המצאותו של המעון.

אף פעם לפני־כן לא הייתי בעיירה קטנה זו והכל סיקרן אותי: האנשים, הבנינים והנהר נאַרב, שהקיף את העיר עם פלגיו שגוונם כהה, כמעט שחור. אבל ברגע הראשון עשה עלי את הרושם הגדול ביותר מגדל הצופים הגבוה בתבורו של השוק, שעמד כאותו שומר המגן על הכניסה מפני אויב. ידעתי שבתחילת מאה ה־XIX התנהל קרב גדול על פולטוסק, בו הכה נפוליאון את הרוסים. על דבר זה התמלאתי גאווה שאלמד בעיר כזו, כי נפוליאון היה גיבור שנות ילדותי.

קנטרתי את אחי, אשר זמושץ׳ שלו לא יכלה להתפאר בקרב גדול כזה, אלא רק במצור והגנת גבורה נגד השוודים. למחרת, אחרי בואנו, הלכנו לגימנסיה. הייתי מוכן היטב והבחינה לכתה השניה לא הוותה עבורי שום קושי. הכי טוב ממחזור הלמודים ידעתי לטינית וגיאוגרפיה. והנה, כשנבחנתי בגיאוגרפיה, קרתה אי הבנה משעשעת. המורה שאלני על סין. על כל שאלותיו על ערים, נהרות וכד׳ עניתי מהר ומדוייק. ברם, כששאלני מי גר בסין, לא עלה בדעתי שחושד בי כי אינני יודע על קיום הסינים. בזכרי, שבספר הגיאוגרפיה של סמירנוב צויין בדפוס זעיר שחוץ מסינים גרים שם אנגלים, צרפתים, אמריקנים וכו׳, מניתי את כולם. המורה חזר עוד פעם על שאלתו ואני שוב: אנגלים, אמריקנים וכ״ה. המורה התחיל לצעוק עלי: הגד כבר מי גר בסין! ואני בלי הרף בשלי. ואלמלא המפקח, אשר לחש לאוזנו שכוונתי בוודאי לנתינים זרים, היה מכשיל אותי ממקצוע הגיאוגרפיה האהוב עלי. „נו כורושו״ (טוב) אמר בחיוך — והיה שתוי כהלכה — וקבע לי ציון שלוש.

תקרית קטנה זו שמשה לי לאחר־מכן כאזהרה לא להזדרז בתשובות ולא להתפאר בכל הידע, אם אין שואלים על כך.



אחרי התוצאות המוצלחות של הבחינה הצטלמנו — אחי ואני — אצל גב׳ ינינה זקשבסקה. אני שומר את התצלום הזה כמזכרת יקרה מימים ההם. הוא העלה את יוקרתי בקרב החב־רים, כי במשך מספר שנים היה מוצג ליד צלומים אחרים בתיבת ראווה של צלמניה זו ברחוב פובליצ׳נה. בלכתי לבית־הספר יכולתי מדי יום ביומו לראות את עצמי ואת אחי, האפוטרו־פוס בן הי״ג שלי במשך הימים הראשונים לאחר בואנו לפול־טוסק, כי האמא בהחפזה הביתה, נסעה לא בכרכרה ולא ברכבת, אלא ברכב יהודי עם בעל־עגלה ישר לוורשה.

הלימודים טרם החלו, על כן נסחבתי עם אחי בעיר ובסביבה. מחוץ לנהר וגנים לא היה בפולטוסק שום מיקסם אחר לנוער. השרידים ההיסטוריים ענינו אותי רק במעט. הרבה יותר הדוכנים בשוק, איפה שאפשר היה בפרוטות מעט למלא את הכיסים באגסי־יין עסיסיים ובשזיפים מזן ההונגרי. התגלגלנו על המדשאות בגן בינות זמזומי יתושים וזבובונים או מתחת לעצים פרושי־ענף, שערמונים נשרו מהם, יפים יותר מאשר בגן הזקסי בוורשה. היה לנו תיאבון־זאבים במדה כזו, שלא הספיק לנו האוכל במעון ובערב אחד נטל אותי אחד והובילני בדלת צדדית למסעדה אחת וכיבד אותי בארוחת־ערב נוספת. בלענו שתי אומצות בשר גדולות ולגמנו בירה לסירוגין. לא הייתי עדיין במדי הגימנסיה וצעדנו זה עבר מבלי להענש. עד היום זוכר אני את טעמו של הבשר עם הבצל.

המשורר המפורסם ויקטור גומוליצקי, מחברו של שיר, מבין היפים ביותר בספרות הפולנית, „אל מלא רחמים״ היה תלמיד בפולטוסק ארבעים שנה לפני. ספרו המקסים „זכרונות המדים הכחולים״ נקרא על ידי כמה דורות וממשיך עדיין להיות חומר קריאה אהוב על הנוער.

אבל היו אלה זמנים אחרים. הגימנסיה הפולטוסקאית לא נהפכה עדיין לרוסית. למרות הכל, בתיאורי העיר, הסביבה, טפוסי בני־אדם, הגימנסיה הישנה, שעשועי התלמידים וב־הרבה דברים אחרים מצאתי בה הרבה פרטים שנעמדו כחיים בזכרוני.

אותה טירה עתיקה על ראש התל, אותן הכנסיות, מנזרים, בית־העיריה בככר השוק, אותם הגנים והרחובות עם הבתים הכפופים והחנויות הקטנות, בהם גרה האוכלוסיה היהודית, אותם הטיולים והמשחקים ליד הנהר, אותם ערפילי בוקר וערב ואותם הכעכים — בייגליך, שנהגו לקנות אצל התגרניות היהודיות ואותו שפע של דגים שמלאו את השווקים בימי הששי בשבוע.

כמו לפנים, כך גם בזמנים שלי, היו רוב התלמידים בניהם של בעלי־האחוזות, של חוכרים או של האצולה הזעירה. כמו

לפנים ישבו אחדים שנים מספר בכתה אחת ובמחלקה הרביעית היו אלה בחורים בעלי שפם שעשנו סיגריות. אבל בזמנו של גומוליצקי לא היתה כנסיה רוסית בתבורה של העיר, שמולה נערכה מדי שבוע תהלוכה צבאית של חיל המצב המקומי, גדוד הרגלים האלקסופולסקי ודיביזיון התותחנים.

זמן רב לא שנתה פולטוסק את צורתה. בהמצא מן הצד, רחוק מקו הרכבת, לא התפתחה, אלא להיפך, הלכה והתדלדלה. ברם, בימים עברו היתה אחת הערים החשובות והיפות במזוביה. עם כנונה בתחילת מאה ה־XIII מלאה במשך זמן רב תפקיד של שמירה על אזורי הגבול, בהדפה פלישות הליטאים, אשר בפקודו של קייסוט כבשו לזמן קצר את פולטוסק. רק כאשר האחוד של פולין עם ליטא בשנת 1569 הביא את השלום, התחילה העיר להתפתח והגיעה לשגשוג, בהפכה לאחד ממרכזי התרבות והמדע הפולנים. בקולגיום הישועי בפולטוסק שעלה באש בשנת 1696, היו קרוב לאלף תלמידים. לימד שם הכומר המפורסם יאקוב וויאֶק, בעל התרגום הקלאסי של התנ״ך לפולנית, אשר העשיר את השפה הפולנית והעריך ימים במשך דורות; הרצה שם המטיף הפולני הגדול הכומר סקארגה, למד־דעת הפיטן המזהיר מאציי סאַרבירסקי, אשר רכש תהילה במערב־אירופה בשירי הליריקה הדתית שלו בשפה הלטינית. קראו לו הורציוס הנוצרי.



לא אוכל לקרוא את רשימ:תי „זכרונות המדים הכחולים״. מדים אלה לבשנו רק בימי החג הרשמיים. כותרת מתאימה יותר יכולה להיות „זכרונות הסגיס האפור״. יען כי לבושנו היום־יומי היה סגיס אפור עם קפולים לפנים וצוארון מכופתר מן הצד על שני כפתורי זהב. לא אדע בפקודת מי ובגלל איזו אשמה הונהגו אצל תלמידי פולטוסק מדים רוסיים אלה, שהבדילו אותנו מיתר הגימנסיסטים בממלכת פולין. אפס, בודאי הצטער על זה המפקח הליברלי לישקביץ׳, אשר אזכרו תמיד לחסד. לעולם לא ראיתיו יותר, אבל שמעתי שאחרי מלחמת העולם הראשונה נשאר בפולין, התחתן עם מורה יהודית ובילה את שארית ימיו באוטבוצק, בקבלו קצבה מהממשלה הפולנית, שהשיג עבורו תלמידו מהגימנסיה הפולטוסקאית, סלבומיר צ׳רבינסקי, אחד מהמעולים בין שרי התרבות הפולנים.

עם כל הליברליות שלו החמיר לישקביץ מאוד בכל הנוגע למראה והתנהגות התלמידים, כשפגש ברחוב תלמיד באדרת פתוחה, כלה אותו בבית־הספר למספר שעות, השווה למספר הכפתורים שלא רוכסו. פעם קרה הדבר אתי. מהרתי אל מגרש החלקה ולמרות הכפור רק נטלתי על שכמי את מעיל התלמידים עם ששת הכפתורים. המפקח גער בי וצווה לרוץ אל הכלא (כתה נעולה על בריח) לשש שעות. אבל במהרה בא אלי עם כרך של שירה רוסית ואמר שאהיה חבוש כל אותו זמן עד שאשנן בעל פה שיר מסויים של פושקין שלא למדנו בגימנסיה ושלא היה קל ואף לא קצר. לאחר חצי שעה התדפקתי על דלת משרדו ונכנסתי, בדקלמי את השיר היפה „אנצ׳אר״, בעל מגמה מהפכנית נעלה. המפקח היה מרוצה, פניו התבהרו ושאל אם מבין אני את הרעיון המנחה של השיר. את זאת לא יכולתי כל־כך להסביר לו. „פראַקרסנר״ (מצויין) — הגיד ,בטפחו על כתפי — „כשתגדל תבין את זה טוב״ והוציא אותי מה„כלא״.

ההחלקה היתה מהספורטים המעטים שלנו, אבל לא היתה שייכת לשעשועים שבטיחות בצדם, כי החלקנו על הנהר נארב והיו מקרים, כמו בזמנו של גומוליצקי, שהנערים נפלו מתחת לקרח שהובקע וטבעו. בימות הקיץ חתרנו הרבה במשוטים, דגנו דגים ונהנינו לשובע מהרחצה בנהר, כי בזמנים ההם לא היו בבתים בפולטוסק אמבטיות, מקלחות ובכלל תנאי הגהות הותירו אחריהם הרבה משאלות. מים היו שותים מהנארב ואני זוכר היטב את פסח שואב־המים, בעל הכתפיים החסונות וזקן אדמדם, אשר סיפק אותם בכדים למעון.

כפי שהזכרתי, נמצאו במעונו של מר אנוביץ׳ נערים ממקומות שונים של פולין, ליטא ואוקראינה. כולם למדו היטב, אם כי אינני זוכר מתי לאמיתו של דבר עשינו את השעורים שהטילו עלינו. המעון היה תמיד גדוש מעל למידה, ביום שררו בו תנועה מתמדת ורעש ושכנו שלושה־ארבעה בחדר אחד. היו בינינו הרבה נערים מוסיקלים, בערבים הצטלצלו שירים במקהלה ולעתים קרובות היה בא לייבקה הזקן שלימד אחדים מאתנו נגינה בכנור. לפנים היה זה כנר מזהיר, מקובל מאוד בעיר ואם זכרוני אינו מביא אותי לכלל טעות נשא את שם המשפחה סקז׳יפצה (כנור).

ה׳ יחזקאל אַנוביץ, תמיר, רזה ובהיר־שיער, בעל זקן־תיש, במשקפיים, היה מטופל במשפחה ענפה ועבד קשה כדי לקיימה, בקשרו את עיסוקו בגימנסיה עם נהול בית־ספר יסודי לילדים יהודים. אַנוביץ, אדם שקט ונוח לבריות, לא נמנה על המחנכים הקפדניים ובכלל לא היה זמנו פנוי להתערב בעניננו. לפעמים היו מופיעים במעון לפתע מורינו מהגימנסיה, שנתמנו לפי התור לבדוק איך מבלים אנו את זמננו מחוץ לכותלי בית־הספר, האם מכינים את שעורינו ולא מסתובבים בעיר, אם לא קוראים ספרים בלתי־מתאימים וכד׳. לבקורים אלה היתה גם מטרה לגלות חוגים חשאיים של תלמידים וספרות בלתי־חוקית. ברם לעולם לא הביאו למסקנות, משום שבדרך־כלל הציצו המורים רק לעתים רחוקות לתוך שידותינו ומלאו ללא רצון את התפקידים הבלתי־אהודים עליהם. ואם במקרה מצאו ספר אסור, קופסת סיגריות או

דברים אחרים, שלא הותרו, היו עוצמים את עיניהם ואינני זוכר אם לאחר בדיקות אלו ננקטה אי־פעם פעולה נגדנו. אכן קשה להגיד שבילינו את הזמן באופן מופתי. חופשי ועליז היה לנו במעון זה. לא אחד התחמק אחרי ארוחת הערב למכ־רים בעיר, ארגנו מסיבות שונות והיה זה לנו למסורת לשחק בקלפים בלילה משבת ליום ראשון. מעות, כמובן, לא היו על שולחן המשחקים, ברם כל אחד מהשחקנים הוציא שווה־כסף משלו בצורת פתקאות בחתימת־ידו ובציון הערך. חובות קלפים אלו היו תמיד מסלקים נאמנה אחרי קבלת הכסף מהבית. מארגן בעל המצאות של אירועים אלה היה אחד מחברינו במעון, לאחר־זמן מנהלו של בנק.

מעוננו נמצא בבית שבשכנותו היה מוסך למרכבות שהת־חרה עם כרכרות הדאר. בעלו היה אביו של חברנו מיטראיב, רוסי, שבגמר שרותו הצבאי התישב בפולין. בביתו עם החצר הגדולה, איפה שהיו האורוות ומבנים לאכסון העגלות, גר גם קצין של חיל־הפרשים, כראבוב, אשר אהב את נוער בית־הספר ונטע בלבו חשק לרכיבה. לא אחד מאתנו נצל את ההז־דמנות, כדי לעלות על גבו של סוס ולהקיף את רחבת החצר של המוסך, כי אסור היה לנו להתגנדר עם זה ברחוב. יתכן כי מכאן נולדה האגדה, עליה שמעתי לא מזמן, שהיה לי סכסוך עם נערים יהודים, אשר הרימו קול צעקה, כשראו אותי, בנו של נחום סוקולוב, דוהר בשבת על סוס דרך העיר. שום דבר דומה לא קרה ובכלל לא היה הדבר בגדר האפשרות.

ברם, זוכר אני כמו בחיים את הסוסים הטובים של מיטראיב בהקשר למקרה לגמרי אחר. היה אביב, התחילה פגרת הקיץ והתכוננתי לוורשה. והנה באחד הימים השכם בבוקר הופיעה לפתע אמי. „לוורשה תסע אחר־כך" — הודיעה לי, „עתה אקחך למקוב אל הסבתא, אבל צריכים להשיג מהר עגלה, כי אין לי הרבה זמן". „לשם מה לנו עגלה" — עניתי בגאווה של מומחה — „אדון מיטראיב ישכיר לנו מיד כרכרה". רצתי אל המוסך וכעבור רגעים מעט הגיע לקראתנו אחת המרכבות הטובות ביותר של מיטראיב. זזנו בדהרה אל עיר מולדתה של אמי.



לעולם לא אשכח טיול זה. תכלת השמים, האופק הרחוק של המישור המזובי באדוות גלים עצלה, שדות, יערות, נאות־דשא והבקר הרועה בו, נהרות ונחלים המתנוצצים בזיוה של שמש, כפרים דלים עם בתים מתחת לגגות של תבן, עיירות קטנות כמעט לחלוטין יהודיות, שהתנוססו מעליהן מגדלי הכנסיות, בתי־מרזח בצדי הדרך וטחנות־רוח, דיונות־חול וענני אבק — כל אותו המראה הכללי החד־גוני ועם זאת מלא החן המיוחד, אשר משני צדי הדרך ממקוב לפולטוסק, נחרט עמוק בזכרוני.

כשהייתי לפני שנתיים בישראל, דודני ממקוב, משה סגל, שעלה מפולניה לפני ארבעים שנה, חניך בית־הספר החקלאי מקוה ישראל, עתה איכר ואחד מהחלוצים הרבים של מאבק ממושך ומפרך על אדמות־בעל, הזכיר בהתרגשות את נהרות מזוביה, אשר את שפע מימיהם זכר מהילדות.

על אותה אדמה מזובית חיו במשך מאות בשנים דורות של אבותי: מצד אבי על יד הויסלה, מצד אמי על יד הנארב ואוזיץ׳. לא היתה שם עיירה, שלא היו לנו שארי־בשר.

היה זה בקורי השני במקוב. את הראשון לא אוכל לזכור, נמשך הוא זמן קצר ביותר. באשר שם, במקוב, באתי לאור העולם והייתי רק בן כמה שבועות, כשהביאני אמי לוורשה. אם דרך פולטוסק או במסלול אחר — הפרט הזה לא אדע. אבל בתולדות משפחתי שזור היה כל כך מקוב בפולטוסק, שלא יהיה זה מחוץ לענין להקדיש גם לו קומץ זכרונות, לפני שאחזור לזה הספור הפולטוסקי.

אבא ואמא התעכבו לא פעם בפולטוסק. אבא היה מספר לפעמים על יהודי פולטוסק ידידיו, אבל אינני יכול להזכר בשמותיהם ולא אדע אם היו אלה רבנים מזהירים, מגידים, בעלי־תלמוד רציניים, משכילים עם חושי ביקורת או אזרחים בעלי צדקה ובכלל דמויות יהודיות מענינות. ובודאי היו לו לפנים בפולטוסק ידידים ומכרים מקרב המעמדות המוזכרים לעיל. אחותי צלינה זוכרת מעשיה מסויימת מפולטוסק, אשר אבא היה נוהג לעתים קרובות לספר כקוריוז. בימים עברו היתה בפולטוסק חנות עם שלט „רחל בתו של תלמוד". תלמוד זה היה צריך להיות מאוד פופולרי, אם אפילו לאחר מותו הופיע על שלט לשם משיכת קונים.

מקוב, על אף היותה עיר מחוזית, היתה קטנה מפולטוסק. זוכר אני היטב את ככר השוק, שם עמד ביתה של הסבתא עם אגף צדדי בן קומה אחת, בו חיו הורי מספר שנים לפני שעקרו לוורשה. בעליה, בחדר הקטן, עמוס ספרים ועתונים, עבד אבא לא רק ביום. לעתים מזומנות דלק האור בחדר במשך כל הלילה. שם חיבר את ספרו הראשון „הגיאוגרפיה של ארץ־ישראל".

סבי, יצחק הרש סגל, היה איש אמיד מאוד. היו לו עסקים מסועפים ומלבד הבית ומחסן הברזל היה בעל שתי אחוזות כפריות במחוז מקוב, פּוֹדוֹש ולאֶנג. מת בגיל צעיר, עוד לפני נשואי ההורים והסבתא, מוכשרת מאוד ובעלת מרץ, ניהלה במשך שנים רבות את עסקי הרכוש שירשה. ממַקוב נסענו לפּוֹדוֹש ולאֶנג, אחוזות יפות ומנוהלות בצורה נאה, שם ביליתי שבועות אחדים, בהתענגי מחיי הכפר.

חלק ניכר ממשפחת אמי הסגלים, הרובינים, השיינברגים, נטשו את מקוב עוד לפני מלחמת העולם הראשונה והתפזרו ברחבי פולין והעולם. צאצאיהם מיוצגים לרוב במדינת ישראל. שאר המשפחה נספה במלחמה האחרונה, ביניהם היתה אז עוד בחיים אחות אמי — שיינברג, אשר הפושעים הגרמנים רצחוה בשוק של מַקוב.

קרובי ממקוב היו באים לפולטוסק בזמני. אם זכרוני אינו מטעה, עמדו הם ביחסי מסחר עם משפחת זילברשטיין, בעלת מחסן גדול של ברזל בשווקה של פולטוסק. מדי פעם היה בא גם לפולטוסק ידיד ותיק של משפחת אמי, עורך־הדין יאַזירסקי, לישיבות בית־המשפט בפולטוסק. היה לו שפם ארוך, הילכות של עובד אדמה ושום איש לא היה מזהה אותו כיהודי.

✶

כשעורך ספר־הזכרון על פולטוסק פנה אלי בהצעה לכתוב זכרונות על העיר, הייתי מאוד נרגש שקיימים עדיין יוצאי פולטוסק, אשר יודעים כי הייתי שם תלמיד. נדמה היה לי ברגע הראשון שאכניס זכרונות אלה בתוך אחד או שניים דפים. הייתי נער קטן וקרה זה מכבר. אבל, כשהעתקתי את מחשבתי לימים ההם, הופיעו כאילו מתוך הערפל, פרטים ומאורעות שונים שנשכחו והם חלפו במוחי כל פעם יותר ברור. אחד מאלה הוא מקרה צדדי פעוט, אבל מאוד אופייני לימים ההם, אשר מתבקש שנרשום אותו.

חזרתי לפולטוסק אחרי פגרת־החורף בוורשה בחברת גברת מוכרת אחת, שנסעה עם בנה, כדי למסרוֹ לגימנסיה ולמעונו של אֶנוביץ׳. נסענו ברכבת וצריכים היינו לרדת בנשילסק. כנוסע מנוסה בקו רכבת זה קיבלתי על עצמי את התפקיד מורה־הדרך. היה מאוחר בערב. בחוץ התחוללה סערת שלג ומהחלונות הקפואים של הקרון לא ראו מאומה. בגלל טעות, באשמתי, לא ירדנו בנשילסק אלא בתחנה פומיאַכובאֶק. טרם הספקתי להתמצא איפה אנו, זזה הרכבת. לא בא בחשבון ללון במקום הפתוח הזה תחת כפת השמים. אף אחד מהנוסעים לא ירד ושומר התחנה או המסילאי לא היה בכוחו לעזור לנו, הראה רק את הדרך לישוב הקרוב, משם נוצצו האורות. למזלנו עברה במקום עגלה אחת, שאספה אותנו למבנים הקרו־בים, למקום ששכנה שם מאפיה יהודית. קבלו אותנו בזרועות פתוחות, וכאשר ספרה הגברת, לה אירחתי חברה, לבעלי המאפיה בנו של מי הנני, התקהלה כל משפחת האופה. חום נעים, ריח החלות הטריות ואנשים אלה שופעי הלבביות — כל זה גרם שהרגשנו פתאום את עצמנו כאילו בגן העדן אחרי מקרה ביש־המזל שלנו. נוסף אני הרגשתי את עצמי מאוד משפחתי, כשהשגחתי איך האופה הזקן, בעל קלסתר הפנים הפטריארכלי, קורא אחרי ארוחת־הערב את „הצפירה״. כבדו אותו במזון למכביר ונתנו את המיטות הטובות ביותר עם שמיכות מוך. לפני הפרידה לפי המנהג העתיק צבת אותי בלחי האופה מכניס האורחים באצבעותיו היגיעות.

✶

בגימנסיה הפולטוסקאית לא התקיימו בזמני שעורי־דת יהודית כמו בגימנסיות ממשלתיות אחרות בגלל המספר הזעוּם של התלמידים היהודים. הדבר לא היה חסר לנו ביותר, למרות שאחדים מהחברים במעונו של אנוביץ׳ קבלו בביתם חנוך דתי. ברי, שבחגים היהודים היינו משוחררים, אבל אינני זוכר אם אפילו החברים הדתיים האלה הלכו להתפלל לבית הכנסת. לעומת זאת היינו חייבים ללכת לשם בימי חגא לתפילה לבריאות הצאר ומשפחתו. כרגיל היה בית־הכנסת ריק בימים אלה. הרב באֶהם, אשר היה חייב בהתאם למשרתו לערוך תפילות אלו, במידה שווה בלתי נעימים עבורו כמ׳ עבורינו, היה איש רציני מאוד ובקי בשפת־עבר. אבי היה מיודד אתו והפציר בי שאקח אצל הרב באֶהם שעורים בעברית. ברם, הלימוד לא ערך זמן רב, כי היה זה בתקופת הבחינות הסופיות שלי בפולטוסק.

לא היתה אז מורגשת שום אנטישמיות בגימנסיה, לא מצד המורים ולא מצד התלמידים. בזמנים ההם נתנה האנטישמיות בפולין את רשומה רק במעט. לעומת זאת כבש את כל ישותנו משפטו של דרייפוס אשר עדיין לא נגמר. ידענו על בוריו את כל פרטיו ונהלנו ויכוחים נלהבים בנושא הצלתו של דרייפוס. חברי הקרוב, מַקס יאַלין מסאֶרוצק, בנו של ידידת אמי מבית קרוגמן, אחד הנערים החסונים ביותר בגימנסיה, תכנן בריחה לפריז כדי להאבק שם למען דרייפוס. זמן רב לא היה חי אחריי־כן אולם נפל במעמד אחר לגמרי.

✶

אל התפילות לשלום הצאר בבית־הכנסת הוביל אותנו — צעדנו כולנו יחד — המורה לשירה היפוליט ליוטוסטאנסקי, זקן חייכן, עם מבט פנים ערמומי ושפם סרוח ודק, סיני יותר מסיגו, מאשר רוסי. לבוש היה תמיד בקפידה ועם המקטורן שלו היה דומה יותר לפקיד שפרש לקצבה מאשר למורה. בכיס נשא תמיד מצלל ובהקישו אתו על הספסל, אהב להצ־מידו לאוזני התלמידים בהעוויה של קוסם. הקמרטון הזה היה בוודאי כל השכלתו המוסיקלית. לא הכרתי את עברו ולא הבנתי מדוע מעניק לי אהדה מיוחדת. רק אחרי שנים נודע לי שהיה זה אותו ליוטוסטאנסקי המקולל על ידי היהודים, מחברם של ספרים על רצח לצורכי פולחן דתי, אשר בו, כבקי בתלמוד, הסתייעה הריאקציה השחורה בימי מלכותם של הצארים. עוד בזמן המשפט של ביילים ציטטו המומחים של הקטגוריה את חבוריו „המדעיים״. לעת זקנה שלחוהו למשרה

קטנה לסובאלק ומשם לפולטוסק. מוצאו לא היה ידוע במדויק. לפי גירסה אחת היה הוא כומר קאתולי, לפני שקבל עליו את הדת הפראבוסלבית, לפי אחרת היה יהודי מומר, מושגו על התלמוד היה כזה כמו על מוסיקה *. אבל כנראה שכבר בפולטוסק התעורר בו מוסר־הכליות והתיחס בידידות ליהו־דים, וכעבור שנים מספר כתב מכתב סנסאציוני לאבי שפורסם ב„הצפירה", בו הודה באשמה וחזר בו מכל דבותיו השפלות. כשעיינתי לפני זמן לא רב בארכיון של אבי, מצאתי עוד מכתב של ליוטוסטאנסקי, כתוב בפולנית רצוצה מפטרבורג, אשר מתקשר עם שהותו בפולטוסק. המכתב הזה, בעל אופי סחטני, המגלה בעת־אחת התנוונות מזקנה, לא פורסם מעולם. אולם הוא מהווה קוריוז מענין מאין שיעור, המעיד על טיבם של אנשים, אשר היו פעם מעמודי התווך של התעמולה האנטישמית ברוסיה.

„יודע אני היטב" — כותב ליוטוסטאנסקי — „שאדוני ידיד העם שלו, גם אני אינני שונא של בני הברית הישנה, אַחי לפי אברהם, יעקב ומשה. בפולטוסק שירתתי בגימנסיה ובנו של אדוני, התלמיד שלי, יכול להעיד שהייתי מגינם הגדול של התלמידים בני הברית הישנה. הלכתי לשיר לבית־הכנסת, יצרתי מקהלה בימי חגא. שאדוני פרסם את המכתב שלי „ודוי" זה טוב מאוד. קהל בני הברית הישנה התרכך אלי עם זה... אבל המכתב הנוכחי צריך להיות בהחזקת סוד... אני עכשיו מצטער מאוד שבחמת־רוחי, כשהמרה גברה עלי הוצאתי אותו חבור על רצח לצרכי פולחן דתי. זה משנה מונחים הספרים בבתי־המסחר ולא נתתי מודעה, כדי לא לגרום לשפיכות עוד יותר גדולה של דם יהודי... שולטת היום ריאקציה מסוכנת והת־רגזות המוני העם נגד היהודים. כדי אחת לתמיד לגמור את הבעיה הזו של מעשי רצח פולחניים, יזמתי רעיון, שאפשר להוציא אל הפועל רק בתווכו של אדוני. אז שמי לא יהיה מקולל ואחרי המוות אוכל לנוח בשקט בקברי".

אחרי הקדמה זו, שאני מביא פה בקצור, מציע ליוטוס־טאנסקי שהיהודים יקנו את שארית המהדורה של „יצירתו", אשר מוכן הוא למכור בזיל־הזול, כלומר תמורת 3.000 רובל וכיוון שהיהודים בוודאי יאספו בקלות הרבה יותר למטרה זו, יעביר את היתרה לרשותו של אבי לצורך הלמודים האוני־ברסיטאים העתידים של „תלמידו האהוב" (כלומר הלימודים שלי) ויחד עם זה הוא מיעץ שלא אלמד ברוסיה אלא בגרמניה. אחרי נסיון בלתי מוצלח זה של סחיטה, השתתק ליוטוסטאנסקי, יען כי לא מצאתי שום מכתבים אחרים.

כשאני נזכר באותו ליוטוסטאנסקי, המקולל בימים ההם, הנוכל השכיח, אשר שר ליד החזן בבית־הכנסת, כדי להת־וודות על חטאיו ולרצות עם זה לעשות עסק טוב ואני משווה אותו עם הפושעים הגרמנים הגדולים, שרצחו מיליונים של יהודים, חושב אנוכי על הפרדוקסים המשונים ברוסיה הצארית ועל הזמנים השלווים של שנות הלימודים שלי בפולטוסק. אגב, האיש הזה בעל העבר האפל היה יוצא דופן בין חבר המורים שודאי צורף אליהם על ידי שלטונות המשטרה.

בגימנסיה שלנו היו עוד מורים אחדים בני העם הפולני, מחנכים מצויינים. לטינית לימד כאנאצקי, יוונית — פוז'רסקי, המורה לרוסית היה גולוביב, למטמטיקה — זינוביב, לציור — הזקן קראפט, שצייר את המסך בתיאטרון בפולטוסק; התהלך בקושי ותמיד נשא אתו כרית, שעליה היה מתישב. כתיבה תמה לימד אותנו איבנוב שהיה תמיד מבושם. המפקח לישקביץ' הרצה על היסטוריה ובהתעמלות שהיתה מיוסדת בעיקרה על תרגול וטיולם ברגל בלווי תזמורת צבאית, אימן אותנו דוברוב.

אבל נחזור לחברי ממעונו של אֶנוביץ'. במשך שלש שנות שהותי היו הם מעל לעשרים בכל חמשת הכתות כולל המכינה. הנה השמות שאזכור: ראֶגבר, זלמנובסקי, גורביץ' (שני אחים), וישאֶביאֶנסקי, גרוסמן, יאהרבלום, גוטמן, היאֶלנים (שני אחים), קנובלמן, זמיגרובסקי, לובלסקי, גולדשטין, יאֶזירסקי, האיגלסונים שני אחים), יונסון, ברונה, אפשטין ושלשת האחים אֶנוביץ'.

המעון שלנו הקריב מס דמים לרוב במהפכות, מלחמות ותאי הגזים. מעטים מתו מות רגיל ואינני יודע במדויק כמה עודם בחיים. ראשון ניספה מקס יאֶלין, שנהרג לנגד עיני בזמן ההפגנה בפלאַץ בנקובי (ככר הבנקים) בוורשה בשנת 1905. באותה שנה נורה אחד מהאחים איגלסון ושנה אחרי־כן אחד מהגורביצ'ים. אחדים מהרשימה הזו נספו בזמן מלחמת העולם הראשונה. לא אדע כמה בעת המלחמה האחרונה, אולם בודאי הרבה יותר. צעיר מאוד מת החבר שלי, זיגמונד יאהרבלום, מהנדס מוכשר במידה בלתי רגילה, דודנו של מנהיג פועלי־ציון ידוע בפריס מרק יאהרבלום.

באנציקלופדיות בחוץ לארץ מופיעה פולטוסק בהקשר לשני קרבות: של קרול ה־XII בשנת 1703 כאשר השבדים נצחו את צבאות הסַסים ושל נפוליאון I בשנת 1806 כשהצר־פתים גברו על הרוסים. אולם באנציקלופדיה הבריטית מצאתי עוד פרט אחד שאף פעם לא שמעתי עליו. בשנת 1868 ירד בפולטוסק גשם צפוף של מטאוריטם — בערך 100.000. לא מוזכר שם אם הרג מישהו או גרם נזקים. פולטוסק נשרפה הרבה פעמים ולא אחת היתה קורבן של שטפונות. אבל אסונות איתני הטבע אינם כל כך אימתניים כמו האסונות הנובעות מאיתנו של האדם. בשנים, כשהייתי תלמיד בפולטוסק, על

* ראה הערה בסוף המאמר.

גבולם של שתי שנות־מאה, לא עלה בחלומו של איש, אפילו של הפסימיסטים הכי־גדולים, שיתכנו הזוועות שהביאה המאה העשרים, אשר טמנה בחובה בשורות כה יפות. מי מסוגל היה אז לחזות מראש שתי מלחמות עולם גדולות ואת הטרגדיה היהודית, שאין דוגמתה בדברי־הימים, אשר במליונים של קורבנותיה בלעה גם את יהדות פולטוסק.

כל זה שייך להיסטוריה. אפס, שום דבר לא יחלוף לנצח כל־עוד קיים הזכרון האנושי. בזכרונותי שלי ששרטטתי כאן בחטף, מרחפים לנגד עיני אורחות בני־אדם, שהלכו לעולמם ואראה תמונה בהירה של פולטוסק מימים עברו, עיר שנות התלמיד המאושרות שלי, אשר שמרתי בזכרוני אסיר התודה.

# נספחים

**מתוך המאמר של יצחק מאור: „צדרבאום ועלילת הדם", „דבר" גליון מס' 13187, מיום 18.10.1968**

I

היה זה בסוף מלכותו של הצאר אלכסנדר השני, כאשר אחרי תקופת ה„ריפורמות" הליברליות, התחילו מנשבות רוחות ריאקציוניות בממלכת רוסיה. שנוי זה היה ניכר גם ביחס השלטון והציבור הרוסי אל היהודים. העתונות הצוררת וחיי־בורי־שיטנה נגד היהודים והיהדות הוסיפו מידה גדושה של משטמה לאווירה הספוגה שנאת ישראל.

ב־1876 נתפרסם כתב־פלסתר חדש — „על השתמשות היהודים בדם נוצרים למטרות דתיות" מחבר הספר, היפוליט ליוטוסטאנסקי, היה קודם־לכן כומר קאתולי, וכעשר שנים לפני הוצאת חיבורו זה הודח מכהונתו על אורח חייו המגונים והבלתי מוסריים. עם גירושו מהכנסיה הקאתולית, עבר ליוטוסטאנסקי לכנסיה הרוסית־פראבוסלבית ונתקבל כסטודנט מן המניין באקדמיה הדתית במוסקווה. הכומר הנוכל, שהיה זקוק לכסף, פנה תחילה עם כתב־היד של חיבורו אל רבה של קהילת מוסקווה, זלקינד מינור, והודיע לו, שהוא מוכן לגנוז את חיבורו, העלול להזיק מאוד ליהודים, אם ישלמו לו סכום של 500 רובל כסף. הרב מינור דחה, כמובן, הצעתו זו של ליוטוסטאנסקי, ואז הוא הדפיס ופרסם את ספרו.

עם הופעת הספר הוא נסע לפטרבורג והגיש עותק ממנו ליורש העצר, הוא הצאר אלכסנדר השלישי שלאחר־מכן, הנסיך הגדול נתן לו פרס — טבעת של זהב משובצת ביהלום. ראש הז'אנדרמריה רכש מספר רב של עותקים מהספר ושלח אותם לפקידי המשטרה החשאית בכל רחבי רוסיה. הצלחה זו עודדה את ליוטוסטאנסקי ביותר והניעה אותו להוציא כתבי־פלסתר נוספים על היהדות, שהיו אף הם, כמו חבורו הראשון, מלאים זיופים והבליטו את בורותו של המחבר בכל השייך ליהדות ולתורת ישראל.

עורך „המליץ", אלכסנדר צדרבאום, הזמין על־ידי העתונות את ליוטוסטאנסקי לויכוח פומבי, כדי להוכיח את בורותו בעניני היהדות ולגלות את הזיוף של ה„מובאות" המשולבות בגוף החבור. אבל ליוטוסטאנסקי התחמק מן הויכוח הפומבי בידעו שלא יעמוד בו. אז פרסם צדרבאום הודעה בעתונים, שהוא מוכן להוכיח בבית־המשפט את כל מעשי־התעתועים של ליוטוסטאנסקי והציע לו, שיגיש נגדו תביעה משפטית על הוצאת שם רע. הפעם לא יכול עוד ליוטוסטאנסקי להתחמק, ובעל כרחו הגיש תביעה משפטית נגד צדרבאום. הענין נתברר בבית־המשפט בפטרבורג בספטמבר 1880.

ההיסטוריון שמעון דובנוב מספר בספרו האבטוביוגרפי, כי הוא נכח בבית המשפט בשעת הדיון בפרשה זו. שם ראה את דמותו המוצקה של ליוטוסטאנסקי ולעומתו את הזקן השחוח צדרבאום שדיבר רוסית גרועה... אולם בעדו דיבר אחד מטובי הפרקליטים של פטרבורג, נואם מזהיר ומשכנע. הוא תיאר את עברו האפל של ליוטוסטאנסקי, מי שהיה כומר קאתולי, גורש מהחברה הפולנית על התנהגותו המגונה והמבישה, עבר אל הכמורה הרוסית־פראבוסלבית והתחיל לכתוב ספרים מלאים בורות וזיופים, כפי שכבר הוכח על־ידי מלומדים יודעי־דבר ובעלי סמכות בתחום היהדות. התובע ליוטוסטאנסקי מלמל משהו להצדקתו, אך הסתבך בתשובותיו על שאלות השופט, ובכלל עשה רושם עלוב ביותר. כדי לצאת מן המבוכה, הוא הסר לפתע את טבעת הזהב עם היהלום, ובהראותו אותה לשופט הכריז, שקיבל זאת כפרס בעד עבודתו ה„מדעית" מאת „הוד רוממותו יורש העצר".

הקהל צפה במתיחות לתגובתו של השופט. אולם הלה, שהיה ידוע בפטרבורג כבעל השקפות ליברליות, דחה את ידו של ליוטוסטאנסקי ואמר בשלוה: „אסוף את הטבעת, אין לה כל שייכות לעניין".

...בפסק דינו הכריז השופט לאמור: „את תלונתו של ליוטוסטאנסקי להשיב ריקם, והאשמתו את צדרבאום בהוצאת שם רע יש לראות כבלתי־הוגנת". פסק דין זה עשה רושם רב: העתונות הריאקציונית התמרמרה מאוד על משפט ליברלי זה ואילו העתונות היהודית צהלה ושמחה... ליוטוסטאנסקי ערער על פסק הדין, אך הערכאה השניה אשרה את ההחלטה הראשונה.

# האשמה מאת ליוטאסטאנסקי על היהודי ר׳ פייבוש ווינאגראן

**כתבה מעיר פולטוסק נואת יעקב בהרה״ג משה צבי שיחי׳ מהרש״ק שנתפרסמה בעתון „המליץ״ (מס׳ 25) ב־30 בינואר 1896**

II

פולטוסק. עש״ק כ״ג שבט, תרנ״ו. מה מאושרים אנחנו יושבי עיר פולטוסק, כי זה שנים אחדות „זכינו״ ליהנות מאור פניו של הנודע לנו מאז היפאליט ליוטאסטאנסקי, אשר האיר לעולם בספריו המפורסמים: „היהודים והתלמוד״, „על אודות צורך היהודים לדם נוצרים למטרה האמונה״; האדון הנ״ל יוצא ובא בקרב היהודים, יבא עמהם בדברים ומרבה שיחה בדרשותיו על אודות היהודים והיהדות בחברתם, כדרכו בקדש תמיד; גם כבר „זכינו״ לפעמים, כי אצל מכבודו והדרו להופיע בבתי אחינו ביום שמחת לבם להשתעשע מעט לראות במחזה, ובהיותו מעורב בין היהודים ויבא גם בביתם לרגלי ענינים שונים...

בלי תפונה ראה ונוכח, כי פה לא ישתמשו כלל בדם נוצרים למטרת האמונה, כי בחסדי ה׳ לא יאבדו נערים נוצרים מבתי הוריהם ולא יתעלמו מתוך הקהל; הוא יודע ומכיר דרך רבים מאחינו האוהבים לשלוח מגילת סתרים וכתבי מרורות לשרי הממשלה על אחיהם בני בריתם, על חטאים עוונות ופשעים שלא באו לעולם, ואם היה חלילה אף קורטוב אחד של אמת בהעלילה הנתעבה „עלילת דם״, כי אז עפו „פתקי־אויל״ לשרי הרשות מצד היהודים בעצמם, וכבר קרה כזאת לפני שנים אחדות. עוד טרם בא האדון הנ״ל לגבול העיר הזאת, אשר אז החלה העלילה הנזכרת לצמוח כמעט מעפר שפלותה, על ידי נער עברי ריק ובליעל, אשר בחפצו לקחת נקם מאת אחיו העברים, העיר אזן הנוצרים החשובים, כי יהודים הרגו נער נוצרי ויקברוהו בשדה קברות היהודים פה למען כסות דמו, ועד מהרה נאספו קהל גדול מהנוצרים גם פקידי הממשלה ויחפשו חפש מחופש גם חפרו במקומות רבים ולא מצאו שום דבר רע (כנדפס בשעתו ב„המליץ״), ונער הבליעל מעולל העלילה חמק עבר מן העיר ועקבותיו לא נודעו, מיראתו מעונש הממשלה בתור מוציא דיבה ומשטין חנם.

אכן כפי הנראה הסיח האדון הנ״ל מענינים קלים הערך כ„עלילת־הדת״, בדעתו כי המון העם מהנוצרים חדל להאמין באמונות טפלות כמו אלו, ולכן לקח לו ענינים אחרים לטפל בהם.

איש יהודי תושב פולטוסק ר׳ פייביש ווינאגראן שמו, אשר לפני שנים אחדות היה איש עשיר, ועתה ימצא ידיו בעסק הסרסורות במסחרים שונים אצל היהודים והנוצרים, נאשם מאת ליוטאסטנסקי בבית המשפט כי פעם אחת תיכף אחרי הפסח להיהודים בלכת ליוטאסטאנסקי לתומו ברחוב העיר, התנפל עליו ווינאגראן ויכהו ויגזל מאתו כיס עור ובתוכו היה 5 רו״כ, וימסר הדבר לחוקר דין ולשר השוטרים, וע״ז העיד לו עד אחד מ־גוררים הנוצרים, כן אסף עשרים ושתים חתימות מבעלי בתים הנוצרים, כי ווינאגראן ושלשת בניו (אחד מהם נמצא זה כארבע שנים בארצות הברית, והשני יגור ג׳ שנים בהיער אבריטא, והשלישי ב׳ שנים ביער זאטאר — בתור סופרים וגזברים בהיערות) אנשים חשודים המה ועלולים לכל עושק ומרמה, וספח לזה כתב בקשתו לשר הפלך מווארשה כי יגרשם מפולטוסק.

כאשר נודע כתב הבקשה לבעה״ב הנוצרים, מהרו ושלחו כתב הודעה לשר עירנו (פרעזידענט), כי בשגגה ובלי ידיעה קודמת את האיש הנ״ל כתבו וחתמו על הכתב ולא ידעו הכתוב שמה, ויבקשו מאת שר העיר לבל יאשר בחותמו את תעודתם וחתימת ידם. ועוד זאת כי גם ערכו בעה״ב הנוצרים הנ״ל כתב תעודה בחתימת ידם, המעידה כי ווינאגראן ומשפחתו המה אנשים ישרים וחלילה להם מעושק ומרמה, וימסרו לידו, והאיש ווינאגראן שלח את תעודתם עם כתב התלונה על ליוטאסטאנסקי והעיד עדים, כי האדון הנ״ל הכהו שתי פעמים ברחוב העיר, פעם אחת ביום 20 אפריל ובפעם השנית ביום 20 יון 1895 — לשליט גליל הלמ״דים בפולין היושב בווארשא, והשיג תשובת השר הנ״ל, כי אינו נזקק לענינים כאלו, ורק ימסור הדבר בפלילים. כן שלח תלונתו ובקשתו להגענעראל גובערנאטור גראף שובאלאוו, ותשובת לשכת נציב המדינה מיום 1 אקטיאבר 1895 היתה, כי הענין הזה אין לו יחס לעניני אדמיניסטראציא, רק בבית המשפט יכירנו מקומו. משפט ליוטאסטאנסקי הנאשם בתור מכה רעהו היה נועד להתברר יום 5 דעקאבר 1895 בבית משפט הגליל, ונדחה לזמן אחר, מפני עד אחד אשר לא בא ליום הדין ובקרוב יתברר שנית.

עתה הגיש ליוטאסטאנסקי כתב אשמה לשר הזשאנדרמים על פייבל ווינאגראן ובנו ישראל, כי בחפצם להתנקם ממנו התנכלו לשים קץ לחייו ע״י התרעלה, וזה דבר האשמה: ליוטאסטאנסקי חי פה חיי פרישות, בלי אשה ובנים, ויש אצלו שפחה נוצרית לשמשו; ויבאו ווינאגראן ובנו לבית אדונה ויקראוה החוצה ויאמרו אליה: הא לך שכרך חמשה ועשרים רו״כ עם צלוחית קטנה ובה נוזלים ותשימי את הארס הנ״ל במאכל אדונך. שר הזשאנדארמים שלח את כתב השטנה לשר המחוז לעשות חקירה ודרישה כחוק. כאשר נקראה השפחה לשר המחוז ונשאלה מה עשתה עם הצלוחית הנ״ל, אמרה כי הראתה לאחיה ושאלה עצתו כדת מה לעשות, אך הוא מהר

פלאַריאַן סאָקאָלאָוו*

# זכרונות פון פולטוסק

דער מענטשלעכער זכרון, גרייכנדיק צו די פריעסטע יאָרן, איז אָפטמאָל געגליכן צו אַ דרייענדיקן זיך ים־לאַמטערן. זיין רעפלעקטאָר דאָ וואַרפט ער ליכט־גאַרבן, דאָ זינקט ער איין אין דער פינצטערניש, כדי נאָך אַ רגע ווידער אויפפינקלען. אייניקע בילדער פון אונדזער קינדהייט זעען מיר בולט־באַלויכטענע אין זייערע קלענסטע פּרטים, אַנדערע זינקען איין אין דער טונקלהייט פון פאַרגעסן. זאָל טאַקע דער לעזער מיר מוחל זיין אויב מיינע פולטוסקער זכרונות זענען נישט באַשטענדיקט און ערטערוויז זייער אָפּגעריסן.

אײדער כ׳הויב אָן צו דערציילן, וויל איך אין אָנהויב אויפקלערן פאַרוואָס איך, קוים אַ צען יאָריק יינגל, האָב פאַרבראַכט דריי יאָר אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. דאָן נאָך אַ פּראָגימנאַזיע, ווייל זי האָט געהאַט נאָר פיר קלאַסן. אין יענע צייטן פון פּראָצענט־נאָרמעס פאַר יידן אין די רעגירונגס־שולן איז נישט געווען לייכט אַנגענומען צו ווערן אין אַ רוסישער מלוכהשע גימנאַזיע, בפרט אין וואַרשע, ווו דער צופלוס פון די קאַנדידאַטן האָט פילפאַכיק איבערגעשטיגן די צאָל פון פרייע פלעצער. אָבער דאָס איז נישט געווען די הויפּט־סיבה פון אָוועקשיקן מיך קיין פולטוסק. מיין זייער איינגענעמע פולטוסקער קאַריערע האָב איך צו פאַרדאַנקען אַ געוויסן צושטאַנד, מער פון אַ טאָפּאָגראַפישן כאַראַקטער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַם מיט דער פּראָצענט־נאָרמע.

אונדזער וווינונג אין וואַרשע איז געווען געבונדן מיט דער רעדאַקציע און דער דרוקעריי פון „הצפירה״. אין דער זעלבער מאָס ווי עס האָט זיך אַנטוויקלט מיין פאָטערס צייטשריפט, אַזוי איז אין אונדזער הויז געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער פון פריינד און געסט און ס׳איז געבליבן זייער ווייניק פלאַץ פאַר צוויי אַזעלכע לעבעדיקע און שטיפערישע יינגלעך, ווי מיין עלטערער ברודער הענריק און איך. די עלטערן האָבן, ווייזט אויס, געהאַלטן, אַז ערגעץ אויף דער פּראָווינץ וועלן מיר זיך בעסער לערנען. מיין ברודער איז געוואָרן איינגעאָרדנט אין דער פּראָגימנאַזיע אין זאַמאָשטש אויף דער סטאַנציע פון הער כאַדאַק און מיך האָט מען געשיקט קיין פולטוסק, ווען מיין ברודער האָט זיך אומגעקערט קיין וואַרשע אין דער גימנאַזיע און איינער פון זיינע זאַמאָשטשער לערערס, לישקעוויטש, האָט אַוואַנסירט אַלס אינספּעקטאָר אין פולטוסק. דער פאָטער איז געווען שטענדיק אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו אינטערעסירן זיך אין די פּרטים פון אונדזער שול־דערציִונג. זאַמאָשטש איז אויסגעקליבן געוואָרן לויט דער עצה פון זיין פריינד דעם גרויסן שרייבער יצחק לייבוש פרץ, וועלכער האָט פון דאָרט געשטאַמט. אָבער אין די דאָזיקע ענינים האָט שטענדיק דעצידירט די מוטער. זי האָט אויסגעקליבן פולטוסק צוליב דעם, ווייל ס׳איז געווען נענטער צו וואַרשע און נאָענט צו איר היימשטאָט מאַקאָוו. אָבער מיין הויפּט־פּראָטעקציע אין פולטוסק איז געווען מיין ברודער הענריק, דער ליבלינג פונעם אינספּעקטאָר לישקעוויטש. קיין שום אַנדערן קאָנטאַקט מיט דער דאָרטיקער גימנאַזיע האָבן מיר נישט געהאַט. דער פאָטער טאַקע איז שוין דאַן געווען אַ יידישע פּערזענלעכקייט און האָט געדאַרפט האָבן אין פולטוסק באַקאַנטע און פריינד און קודם־כל איבערגעגעבענע לעזערס, אָבער די יידן אין פולטוסק זענען דאַן באַשטאַנען איבערהויפּט פון חסידים און אָרטאָדאָקסן. דורך דער גאַנצער צייט פון מיין אויפהאַלטן זיך אין פולטוסק האָב איך נישט געהאַט קיין איין חבר פון אַן אָרטיקער יידישער משפחה חוץ פון די זין פון ענאָוויטש. אַלע יידישע שילער זענען געווען צוגעפאָרענע און כמעט אַלע האָבן געוווינט אויף דער סטאַנציע פון הער יחזקאל ענאָוויטש, וועלכער איז געווען אַ לערער פון אַ יידישער אָנפאַנג־שול און גלייכצייטיק אויסגעפירט דעם אַמט פונעם סעקרעטאַר פון דער קהילה. דער אינספּעקטאָר לישקעוויטש איז געווען אַ פריינד פון יידן און האָט ענאָוויטשן זייער געשעצט. אַן ענלעכע סטאַנציע אָבער אין אַ קלענערער פאָרם, האָט אויך געהאַט דער רב בעהאַם.

דער זכרון האָט זיינע קאַפּריזן, בדרך כלל געדענקן זיך בעסער פאַרדריסנדיקע מאָמענטן פון לעבן ווי אַנגענעמע. אָבער מיינע פולטוסקער יאָרן זענען געווען איין נישט צע־

* זון פונעם שריפטשטעלער נחום סאָקאָלאָוו ז״ל.

ויקח את הצלוחית ונפצה אל הסלע. כמו כן נקראו גם עדים אחרים והדבר נמסר לחוקר דין.

תוצאות דבר המשפט הוא ענין נכבד, וכל בני העיר ישיחו ידברו בדבר המשפט, איך יפול הדבר.

**יעקב בהרה״ג מוהר״ר משה צבי שיחי׳ מהרש״ק**

שטערטע אידיליע, פול מיט פריילעכע יינגלערישע פּאַרפּאַלן, וועלכע כ׳דערמאָן אָפּט מיט האַרציקן סענטימענט.

✶

די מוטער און ברודער האָבן מיך אַוועקגעפירט קיין פּולטוסק. כ׳געדענק פּונקט ווי לעבעדיק די רייזע. מען איז געפאָרן מיט דער קליין־באַן קיין נאַשעלסק און פון דאָרט מיט אַ פּאָסט־קאַרעטע קיין פּולטוסק. די קאַרעטע האָט מיר זייער אימפּאָנירט, און בפרט דער יונגער פּאָסטיליאָן אויף דער קעלניע מיטן טרומייטער, אין וועלכן ער האָט אַזוי מעכטיק געבלאָזן, אַז ער האָט געקענט קאָנקורירן מיט די שופרות פון יריחו. עס איז געווען אַ הערלעכער האַרבסט־טאָג. כ׳האָב נישט געקענט אָנזעטיקן מיינע אויגן פון די ביי, אומבאַקאַנטע פּאַר מיר געגנטן, ווייל עס איז געווען מיין ערשטע ווייטע רייזע. כאָטש פּולטוסק ליגט מסתמא נישט ווייטער ווי 50—60 קילאָמעטער פון וואַרשע, איז מען דאַן געפאָרן לענגער ווי היינט פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. מיר זענען אָנגעקומען בשעת דער דערמערונג און אָפּגעשטיגן ביי אַ הויז אין מאַרק, וווּ עס האָט זיך געפונען די סטאַנציע.

קיינמאָל פריער בין איך נישט געווען אין אַ שטעטל און אַלץ האָט מיך אינטערעסירט: מענטשן, געביידעס און דער טייך נאַרעוו, וואָס רינגלט אַרום מיט זיינע טונקעלע, כמעט שוואַרצע אָפּצווייגן די שטאָט. אָבער אין דער ערשטער רגע האָט געמאַכט אויף מיר דעם גרעסטן איינדרוק די הויכע באַש־טע אין מיטן מאַרק, וואָס איז געשטאַנען אַזוי ווי אַ באַוואָפנטער וועכטער וואָס באַשיצט דעם אַריינגאַנג קעגן דעם שונא. כ׳האָב געוווּסט אַז אין אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט איז פּאָר־געקומען איבער פּולטוסק אַ גרויסע שלאַכט, ווּ נאַפּאָלעאָן האָט צעשלאָגן די רוסן. דאָס האָט מיך אַריינגעפירט אין שטאָלץ, אַז איך וועל לערנען אין אַזאַ שטאָט, ווייל נאַפּאָלעאָן איז געווען דער העלד פון מיינע קינדער־יאָרן.

כ׳האָב זיך געגרייצט מיט מיין ברודער, וואָס זיין זאַמאָשטש קען זיך נישט באַרימען מיט אַזאַ גרויסער שלאַכט, נאָר בלויז מיט דער באַלאַגערונג און דער העלדישער פאַרטיידיקונג קעגן די שוועדן. צומאָרגנס נאָכן אָנקומען זענען מיר אַוועק אין דער גימנאַזיע. כ׳בין געווען גוט צוגעגרייט און דער עקזאַמען אין דער דריטער קלאַס האָט מיר נישט גורם געווען קיין שום שוועריקייטן. אַמבעסטן פונעם שול־פּראָגראַם האָב איך געקענט לאַטיין און געאָגראַפיע. און אַט, ווען כ׳האָב אָפּגעגעבן געאָגראַפיע איז פּאַרגעקומען אַ שפּאַסיקע מיס־פאַרשטענדעניש. דער לערער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן איינצלהייטן פון כינע. אויף אַלע פראַגן וועגן שטעט, טייכן אא״וו האָב איך געענטפערט שנעל און גענוי. אָבער ווען ער האָט מיך געפרעגט וועגן עס וווינט אין כינע, איז מיר אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז ער איז מיך חושד אַז איך ווייס נישט וועגן דער עקזיסטענץ פון די כינעזער. דערמאָנענדיק זיך, אַז אינעם לערנבוך פון סמירנאָוו איז אָנגעגעבן מיט קליינעם דרוק, אַז אויסער כינעזער וווינען דאָרט ענגלענדער, פראַנצויזן א״א, האָב איך זיי אַלע אויסגערעכנט. דער לערער האָט נאָך אַמאָל איבערגעחזרט זיין פראַגע און איך ווידער: ענגלענדער, פראַנצויזן, אַמעריקאַנער אא״וו. דער לערער האָט אָנגעהויבן צו שרייען אויף מיר: זאָג שוין ענדלעך אַרויס ווער וווינט אין כינע! און איך כסדר דאָס זעלבע. און ווען נישט דער אינספּעקטאָר, וועלכער האָט אים אַריינגערוימט אין אויער, אַז איך האָב מסתמא אין זינען אויסלענדער, וואָלט ער מיך געשניטן פון מיין אַזוי געליבטער געאָגראַפיע. „נו כאַראַשאָ״ — האָט ער דערקלערט — און געווען איז ער שטאַרק אונטערגעטרונקען — און אַוועקגעשטעלט מיר אַ דריי.

דער דאָזיקער קליינער אינצידענט איז פאַר מיר שפּעטער געווען אַ וואָרענונג, נישט צו זיין פלייסיק אין תשובות און נישט באַרימען זיך מיטן גאַנצן וויסן ווען מען פרעגט נישט וועגן דעם.

✶

נאָכן געלונגענעם עקזאַמען האָבן מיר זיך פאָטאָגראַפירט — דער ברודער און איך — ביי פרוי יאַנינאַ זאַקשעווסקאַ. די פאָטאָגראַפיע היט איך אָפּ ווי אַ טייערעם אָנדענק פון יענע צייטן. זי האָט געהויבן מיין פּרעסטיזש צווישן די חברים, ווייל אין משך פון עטלעכע יאָר איז זי געווען אויסגעשטעלט צווישן אַנדערע פאָטאָס אינעם שויפענצטער פונעם פאָטאָ־גראַפישן אַנשטאַלט אויף דער פּובליטשנער גאַס. גייענדיק אין דער שול, האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקוקן זיך און דעם ברודער, מיין דרייצניעריקן אַפּאָטראָפּוס אין משך פון די ערשטע טעג פון מיין אָנקומען קיין פּולטוסק, ווייל די מוטער, איילנדיק זיך אַ היים, איז אפילו אַוועקגעפאָרן נישט מיט קיין רייטוואָגן און מיט דער באַן, נאָר מיט אַ יידישן בעל־עגלה דירעקט קיין וואַרשע.

די לימודים האָבן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן, האָבן מיר זיך דעריבער אַרומגעדרייט מיטן ברודער איבער דער שטאָט און אין דער אַרומיקער געגנט. אַ חוץ דעם טייך און די גאָרטנס האָט פּולטוסק נישט געהאַט קיין שום אַטראַקציעס פאַר דער יוגנט. די היסטאָרישע דענקמעלער האָבן מיך ווייניק אינטערעסירט. פיל מער די מאַרקשטעלעס, ווּ מען האָט געקענט פאַר אַ פּאָר גראָשן אָנפּילן די קעשענעס מיט זאַפטיקע וויין־באַרנעס און פלוימען־ווענגערקעס. מיר האָבן זיך אויסגעצליגן אויפן גאָרטנגראָז צווישן דעם זשומען פון

קאַמאַרן און פליגן, אָדער אונטער די צעצווייגטעביימער, פון וועלכע עס זענען אַראָפּגעפאַלן קאַשטאַנעס, שענערע ווי אין זאַקסישן גאָרטן אין וואַרשע. מיר האָבן געהאַט אַזעלכע וועלפּישע אַפּעטיטן, אַז עס איז אונדז נישט געווען גענוג דאָס עסן אויף דער סטאַנציע און אין איינעם אַן אָוונט האָט מיך דער ברודער אַריינגעפירט דורך אַ זייטיקער טיר אין אַ רעסטאָראַן און געפונדעוועט אַ צוגאָב־קאָלאַציע. מיר האָבן אויפגעגעסן צוויי ריזיקע ביפשטיקן, פאַרטרונקנדיק מיט ביר. כ׳בין נאָך נישט געווען אין שול־אוניפאָרם און די דאָזיקע אונטערנעמונג איז מיר אַריבער שטראָפלאָז. ביז היינט געדענק איך דעם טעם פונעם דאָזיקן ביפשטיק מיט די ציבעלעך.

דער באַרימטער פּאָעט וויקטאָר גאָמאָליצקי, דער מחבר פון איינעם פון די שענסטע לידער אין דער פּוילישער ליטע־ראַטור: „אל מלא רחמים״, איז געווען אַ שילער אין פּולטוסק 40 יאָר פאַר מיר. זיין באַציבערנדיק בוך: „זכרונות פונעם בלויען מונדיר״ איז געלייענט געוואָרן דורך עטלעכע דורות און איז נאָך אַלץ די באַליבטע לעקטור פון דער יוגנט.

אָבער דאָס זענען געווען אַנדערע צייטן. די פּולטוסקער גימנאַזיע איז נאָך נישט געווען רוסיפיצירט. דאָך האָב איך אין די באַשרייבונגען פון דער שטאָט, פון די געגנטן, פון מענטשן־טיפּן, פון דער אַלטער גימנאַזיע, פאַרוויילונגען פון די שילער געפונען אין איר אַ סך פּרטים, וועלכע האָבן זיך מיר ווי לעבעדיקע געשטעלט אין זכרון.

דער זעלבער שלאָס אויפן בערגל, די זעלבע קירכעס, קלויסטערס, דער ראַטהויז אויפן מאַרק, די זעלבע גאָרטנס און גאַסן מיט קליינע איינגעהויקערטע הייזקעס און קלייטן, וווּ עס האָט געוווינט די יידישע באַפעלקערונג, די זעלבע שפּאַ־צירן און פאַרוויילונגען ביים טייך, די זעלבע מאָרגן־און אָוונט־נעפּלען, די זעלבע בייגעלעך, וואָס מען האָט געקויפט ביי די מאַרק־יידינעס און די שפע פון פיש, וואָס האָט פאַר־פלייצט די פרייטאָגדיקע מאַרק־טעג.

פונקט אַזוי ווי אַמאָל, זענען אויך אין מיינע צייטן די מערהייט שילער געווען זין פון ערד־באַזיצערס, פון לאַנד־אַרענדאַרן אָדער פון דער נידעריקער שלאַכטע. אַזוי ווי דאַן, זענען אַ טייל פון זיי געזעסן צו עטלעכע יאָר אין איין קלאַס און אין דער פערטער זענען דאָס געווען יונגען אונטער די וואָנצעס, וועלכע האָבן גערייכערט סיגאַרעטן. אָבער אין גאָמוליצקיס צייטן האָט זיך נישט געפונען קיין צערקווע אין מיטן שטאָט, אונטער וועלכער ס׳איז פאַרגעקומען יעדע וואָך אַ מיליטערישער פּאַראַד פונעם אָרטיקן גאַרניזאָן, דעם אַלעק־סאָפּאָלסקין אינפאַנטעריע־פּאָלק און דער אַרטילעריע־דיוויזיאָן.

פּולטוסק האָט אין משך פון אַ לאַנגער צייט נישט געענ־דערט איר אויסזען. ליגנדיק ביי אַ זייט, ווייט פון דער באַן־ליניע, האָט זי זיך נישט אַנטוויקלט, נייערט געפונען זיך אין אַ ירידה. אַמאָל אָבער איז זי געווען איינע פון די וויכטיקסטע און שענסטע שטעט אין מאַזאָווּשע. געגרינדעט אין אָנהויב פון 13טן י״ה, האָט זי אויסגעפילט די פונקציעס פון באַשיצן די פּוילישע גרענעצן, אָפּשטויסנדיק די אָנפאַלן פון די ליטווינער, וועלכע האָבן אונטער דער אָנפירונג פון קייסטוטן פאַרנומען אויף אַ קורצע צייט די שטאָט. געבראַכט דעם שלום האָט ערשט די פּויליש־ליטווישע אוניע (פאַראייניקונג) אין יאָר 1569, די שטאָט האָט זיך פאַנאַנדערגעבויט און דערגאַנגען צו אַזאַ אויפבלוי, אַז זי איז געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע צענטערס פון דער פּוילישער קולטור און וויסן. אינעם יעזויִטישן קאָלעגיום, וועלכער איז געוואָרן אָפּגעברענט אין יאָר 1696, האָבן זיך געפונען אַרום טויזנט שילער. עס איז דאָ געווען לערער דער באַרימטער גלח וויעק, דער מחבר פון דער קלאַסישער איבערזעצונג פון דער ביבל אין פּויליש, וועלכער האָט באַרייכערט די פּוילישע שפּראַך און געווען דויערהאַפּטיק אין משך פון גאַנצן יאָרהונדערט. עס האָט דאָ פּרעלעגירט דער גרעסטער פּוילישער פּרעדיקער, דער גלח פּיאָטר סקאַרגאַ, געלערנט זיך דער אויסגעצייכנטער פּאָעט מאַציעי סאַרביער־סקי, וועלכער האָט דורך זיינע לאַטיינישע רעליגיעזע ליריקעס דעראָבערט רום און מערב אייראָפּע. מען האָט אים גערופן דער פּוילישער האָראַציוס.



כ׳וואָלט נישט געקענט אָנרופן מיינע פּולטוסקער געדע־נקענישן „זכרונות פונעם בלויען מונדירל״. די דאָזיקע אוני־פאָרמען האָבן מיר בלויז געטראָגן אין די פייערלעכע טעג. מער אַ צוגעפּאַסטער טיטל וואָלט געווען „זכרונות פון דער גרויער בלוזע״. אונדזער טאָג־טעגלעכע קליידונג טאַקע איז געווען אַ גרויע בלוזע מיט רונצלען פון פאָרנט און מיט אַ קאָלנער, אַ פאַרמאַכטן פון דער זייט מיט צוויי זילבערנע קנעפּ. כ׳ווייס נישט צוליב וועמענס באַפעל און פאַר וועלכע זינד איז איינ־געפירט געוואָרן צווישן די פּולטוסקער שילער דער דאָזיקער רוסישער אוניפאָרם, וואָס האָט אונדז אונטערגעשיידט פון אַנדערע גימנאַזיסטן אין קרוין־פּוילן. אַממייסטן האָט דאָס מסתמא פאַרדראָסן דעם ליבעראַלן אינספּעקטאָר לישקעוויטש, וועלכן כ׳דערמאָן שטענדיק צום גוטן. איך האָב אים שפּעטער שוין קיינמאָל נישט געזען, אָבער געהערט, אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געבליבן אין פּוילן, חתונה געהאַט מיט אַ יידישער לערערין און פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן אין אָטוואָצק, באַקומענדיק אַ פּענסיע פון דער פּוילישער רעגירונג, וואָס עס האָט פאַר אים דערגרייכט זיין שילער פון

דער פּולטוסקער גימנאַזיע, סלאַוואָמיר טשערווינסקי, איינער פון די בעסטע פּוילישע בילדונגס־מיניסטאָרן.

בײַ זײַן גאַנצן ליבעראַליזם איז לישקעוויטש געווען זייער שטרענג אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אויסערלעכן אויסזען און דעם אויפפירן זיך פון די שילער. ווען ער האָט געטראָפן אַ תלמיד אויף דער גאַס מיט אַ צעעפנטן שינעל, האָט ער אים גלייך פאַרמאַכט אין דער „קאַזע" (קאַרצער) אויף אַזויפיל שעה וויפל עס זענען בײַ אים געווען נישט קיין פאַרמאַכטע קנעפּ. איינמאָל האָט עס געטראָפן מיט מיר. כ'האָב זיך געאײַלט אויף דער גליטש און טראָץ דער פראָסט האָב איך נאָר געהאַט פאַרוואָרפן אויף זיך דעם שינעל מיט זעקס קנעפּ. דער אינספּעקטאָר האָט מיך אָפּגעזידלט און געהייסן לויפן אין קאַרצער (אַ פאַרמאַכטע קלאַס) אויף זעקס שעה. נאָך אַ קורצער צײַט אָבער איז ער געקומען צו מיר מיט אַ באַנד רוסישער פּאָעזיע און דערקלערט, אַז איך וועל זײַן אין דער „קאַזע" אַזוי לאַנג ביז איך וועל זיך אויסלערנען אויף אויסנווייניק אַ ליד פון פּושקינען, וואָס מיר האָבן זי נישט געלערנט אין דער גימנאַזיע און וואָס איז בכלל נישט געווען קיין לײַכטע און קיין קורצע. נאָך אַ האַלבע שעה האָב איך אָנגעקלאַפּט אין זײַן קאַבינעט און רעציטירט דאָס שיינע געדיכט „אַנטשאַר" מיט אַ סובטעלער רעוואָלוציאָנערער טענדענץ. דער אינספּעקטאָר איז געווען צופרידן, דאָס געזיכט בײַ אים האָט זיך אויסגעלײַכט און ער האָט געפרעגט צי איך פאַרשטיי דעם הויפּטגעדאַנק פונעם ליד. כ'האָב אים דאָס אַזוי גוט נישט געקענט אויפקלערן. „פּרעקראַסנאָ" — האָט ער געזאָגט — „ווען דו וועסט אונטערוואַקסן, וועסטו עס גוט פאַרשטיין" און מיך אַרויסגעלאָזט פון דער קאַזע.

די גליטשט איז געווען איינע פון אונדזערע ווינציקע ספּאָרטן, אָבער נישט געהערט צו די זיכערע פאַרוויילונגען, ווײַל מיר האָבן זיך געגלישטשט אויף דער נאַרעוו, און עס זענען פאָרגעקומען פאַלן, ווי פאַר גאָמוליצקיס צײַטן, אַז די יינגלעך זענען אַרײַנגעפאַלן אין אַן אײַז איבערברוך און דערטרונקען געוואָרן. זומערצײַט האָבן מיר זיך פיל געשיפלט און געראָדערט, געפאַנגען פיש און אויסגענוצט איבער דער זאַט די טײַך־באָד, ווײַל אין יענע צײַטן זענען אין די פּולטוסקער הײַזער נישט געווען קיין וואַנעס און קיין טושן און בכלל האָט מען צו די היגיענישע באַדינגונגען געקאָנט האָבן אַ סך ווונטשן. וואָסער האָט מען געטרונקען פון דעם נאַרעוו און איך געדענק גוט פסח דעם וואָסער טרעגער מיט די מעכטיקע אַקסלען און געלער באָרד, וועלכע האָט פאַרזאָרגט וואָסער מיט עמערס אויף דער סטאַנציע.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָבן אויף דער סטאַנציע פון הער ענאָוויטש קוואַרטירט יינגלעך פון פאַרשידענע געגנטן פון פּוילן, ליטע און אוקראַינע. אַלע האָבן זיך גוט געלערנט, כאָטש איך געדענק נישט ווען זיי האָבן געמאַכט די לעקציעס. די סטאַנציע איז געווען כסדר איבערגעפּולט, בײַ טאָג איז דאָרט געווען אַ שטענדיקע באַוועגונג און רעש, ווײַל מיר האָבן זיך געפונען צו דרײַ־פיר אין אַ צימער. עס זענען געווען צווישן אונדז אַ סך מוזיקאַלישע בחורים, אין די אָוונטן האָבן זיך געטראָגן כאָראַלע געזאַנגען און אָפט פלעגט קומען דער אַלטער לייבקע, וועלכער האָט אייניקע פון אונדז געלערנט פידל. אַמאָל איז ער געווען אַ באַרימטער פידלער, זייער פּאָפּולער אין דער שטאָט, און אויב מײַן זכרון פאַרפירט מיך נישט האָט ער געהייסן סקזשיפּצע (פידל).

הער יחזקאל ענאָוויטש, אַ הויכער, דאַרער בלאָנדין מיט אַ קאָזע־בערדל און ברילן, באַשאָנקן מיט אַ גרויסער משפּחה, האָט שווער געאַרבעט אויף זייער אויסהאַלטונג, פאַרבינדנדיק זײַן באַשעפטיקונג אין דער גימנאַזיע מיטן פירן אַן אָנפאַנגס־שול פאַר יידישע קינדער. ענאָוויטש, אַ שטילער און מילדער מענטש, האָט נישט געהערט צו די שטרענגע דערציִערס און האָט בכלל נישט געהאַט קיין צײַט זיך אַרײַנצומישן אין אונדזערע ענינים. טיילמאָל האָבן זיך אומדערוואַרט באַוויזן אויף דער סטאַנציע אונדזערע לערערס פון דער גימנאַזיע, וועלכע זענען געווען באַשטימט לויט דער ריי צו קאָנטראָלירן ווי אַזוי פאַרברענגען מיר די צײַט אויסער דער שול, צי מיר גרייטן צו די לעקציעס און שלעפן זיך נישט אַרום איבער דער שטאָט, צי מיר לייענען נישט קיין אומפּאַסיקע ביכער אדג"ל. די דאָזיקע וויזיטן האָבן אויך געהאַט דעם צוועק צו אַנטדעקן קאָנספּירירטע שילער־קרייזן און נישטלעגאַלע ליטעראַטור. זיי האָבן אָבער קיינמאָל נישט געהאַט קיין רעזולטאַטן, ווײַל בדרך כלל האָבן די לערערס זעלטן ווען אַרײַנגעקוקט אין אונדזערע קופערס און אויסגעפּילט אַן חשק די אומאַנגענעמע פאַר זיי אויפגאַבע. און ווען אפילו זיי האָבן צופעליק אָנגעטראָפן אויף אַן אומלעגאַל ביכל, אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן אָדער אַנדערע פאַרבאָטענע זאַכן, פלעגן זיי פאַרמאַכן די אויגן און איך געדענק נישט צי האָבן די דאָזיקע רעוויזיעס געהאַט פאַר אונדז וואָסערע נישט פאָלגן. און עס איז שווער צו זאָגן אַז מיר האָבן פאַרברענגט אונדזער צײַט אויף אַ געהאַרכזאַמען אופן. פרײַ און פריילעך איז אונדז געווען אויף דער סטאַנציע. נישט איינער פלעגט זיך נאָכן אָוונט־ברויט אַרויסגנבענען צו באַקאַנטע אין שטאָט, מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאַרוויילונגען און ס'איז געוואָרן בײַ אונדז אַ טראַדיציע אַז פון שבת אויף זונטאָג פלעגן מיר שפּילן אין קאָרטן. געלט, פאַרשטייט זיך, האָט זיך אויפן טיש

נישט געפונען, אָדער יעדער פון די שפּילערס האָט אַרויס־געלאָזט זיין אייגענע „וואַלוטע" אין דער פאָרם פון צעטלעך מיט אַן אונטערשריפט און מיט דער באַצייכענונג פון זייער ווערט. די דאָזיקע קאַרטן־חובות פלעגן ווערן אָרנטלעך באַצאָלט נאָכן באַקומען געלט פון דער היים. אַן איינפאַלרייכער אָרגאַניזאַטאָר פון די אימפּרעזעס איז געווען איינער פון אונדזערע חברים אויף דער סטאַנציע, אַ שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון אַ באַנק.

אונדזער סטאַנציע האָט זיך געפונען אין אַ הויז וואָס איז געווען בשכנות מיט אַ רעמיזע פון רייטוואַגנס, וואָס האָט קאָנקורירט מיט די פּאָסט־דיליזשאַנסן. איר אייגנטימער איז געווען דער פאָטער פון אונדזער חבר, מיטראַיעוו, אַ רוס, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין פּוילן נאָכן פאַרענדיקן מיליטער־דינסט. אין זיין הויז מיטן גרויסן הויף, ווו עס האָבן זיך געפונען די שטאַלן און די וואָזאַווניעס האָט אויך געוווינט דער קאַוואַלעריע אָפיציר כראַבאַוו, וועלכער האָט ליב געהאַט די שול־יוגנט און פלעגט אונדז צורעדן צום רייטן. נישט איינער פון אונדז האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט כדי אַרויפ־זעצן זיך אויף אַ פערד און אַרומרייטן איבערן הויף פון דער רעמיזע, ווייל באַוויזן זיך מיט דעם אויף דער גאַס האָט מען נישט געטאָרט. מעגלעך, אַז פון דעם האָט זיך געשאַפן די באָבע־מעשה, וועגן וועלכער כ'האָב ערשט געהערט פאַר אַ קורצער צייט צוריק, אַז איך האָב געהאַט אַ סכסוך מיט יידישע יינגלעך, וועלכע האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד, ווען זיי האָבן דערזען מיך, דעם זון פון נחום סאָקאָלאָוו, רייטן אום שבת אויף אַ פערד דורך דער שטאָט. קיין שום ענלעכער פאַל האָט נישט געהאַט קיין אָרט און בכלל איז דאָס געווען אוממעגלעך. אָבער איך געדענק ווי לעבעדיק די גוטע פערד פון מיטראַיעוו אין שייכות מיט גאָר אַן אַנדער געלעגנהייט. עס איז געווען פרילינג, עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זומער־פעריען און איך האָב זיך געגרייט קיין וואַרשע. און אָט, אין איינעם אַ פרי־מאָרגן האָט זיך אומדערוואַרט באַוויזן אויף דער סטאַנציע מיין מוטער. „קיין וואַרשע וועסטו פאָרן שפּעטער" — האָט זי מיר דערקלערט — „איצט נעם איך דיך קיין מאַקאָוו, צו דער באָבען, אָבער מיר דאַרפן שנעל באַקומען אַ וואָגן, ווייל איך האָב נישט קיין סך צייט. „צו וואָס אַ וואָגן" — האָב איך געענטפערט מיט דער גאווה פון אַ מבין — „הער מיטראַיעוו וועט אונדז תיכף פאַרדינגען אַ פאַעטאָן". כ'בין צוגעלאָפן צו דער רעמיזע און אין אַ ווײַלע אַרום איז פאַרפאָרן צו אונדז איינער פון די בעסטע רייטוואַגנס פון מיטראַיעוו. מיר זענען אַוועק מיט אַ שנעלן גאַלאָפּ צו דער געבוירן־שטאָט פון מיין מוטער.



כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם דאָזיקן אויספלוג. דער בלויער הימל, דער ווייטער האָריזאָנט פון דער שטיל־צעכוואַליעטער מאַזאָווישער פליין, פעלדער, וועלדער און גרינע לאָנקעס מיט פאַשענדיקן זיך פי, טייכן און טייכלעך שעמע־רירנדיקע אין זון, אָרעמע דערפער מיט שטרויענע דעכער, קליינע שטעטלעך, כמעט פולשטענדיק יידישע, איבער וועלכע עס האָבן זיך געהויבן קלויסטער־טורעמס, קרעטשמעס ביי־זייט פון די וועגן און ווינטמילן, זאַמדיקע דיונעס און וואָלקנס שטויב — אָט די גאַנצע מאָנאָטאָנע אָבער פון באַזונדערן חן פּאַנאָראַמע פון די ביידע זייטן טראַקט פון פולטוסק קיין מאַקאָוו, האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון.

ווען כ'בין געווען מיט צוויי יאָר צוריק אין ישראל, האָט מיין קוזין משה סעגאַל, וועלכער איז עולה געווען קיין ישראל מיט 40 יאָר צוריק, אַן אַביטוריענט פון דער אַגראַרשול מקוה־ישראל, היינט אַן אַגראַריער און איינער פון די פיל חלוצים פון לאַנגן און שווערן קאַמף אויף וואַסערלאָזע באָדנס, מיט פיעטעט דערמאָנט די טייכן פון מאַזאָוויע, וואָס זייער שפע האָט ער געדענקט נאָך פון דער קינדהייט.

אויף דער דאָזיקער מאַזאָווישער ערד האָבן געלעבט אין משך פון יאָר־הונדערטער דורות פון מיינע עלטערן, פון פאָטערס־זייט ביי דער ווייסל, פון מוטערס־צד ביי דער נאַרעוו און אָזשיץ. עס איז דאָרט נישט געווען קיין שטעטל, ווו מיר האָבן נישט געהאַט קיין קרובים.

דאָס איז געווען מיין צווייטער באַזוך אין מאַקאָוו. דעם ערשטן קען איך נישט געדענקן, ער האָט געדויערט גאָר קורץ. ווייל דאָרט, אין מאַקאָוו, בין איך געקומען אויף דער וועלט און כ'בין בלויז אַלט געווען עטלעכע וואָכן, ווען מיין מאַמע האָט מיך געבראַכט קיין וואַרשע. צי דורך פולטוסק, צי דורך אַן אַנדער וועג, דעם פּרט ווייס איך נישט. אָבער אין דער געשיכטע פון מיין משפחה האָט זיך מאַקאָוו אַזוי צונויפ־געקנופּט מיט פולטוסק, אַז ס'וועט זיין צום ענין ווידמען אויך אים אַ בינטל זכרונות, איידער איך וועל זיך אומקערן צו דער פולטוסקער דערציילונג.

דער פאָטער און די מוטער האָבן זיך נישט איינמאָל אָפּגעשטעלט אין פולטוסק. דער פאָטער האָט צייטנווייז דער־ציילט וועגן די פולטוסקער יידן, זיינע פריינד, אָבער איך קען זיך נישט דערמאָנען זייערע נעמען און כ'ווייס נישט צי זענען דאָס געווען באַוווּסטע רבנים, מגידים, וואַגיקע תלמוד־קענער, סקעפּטישע משכילים, אָדער געשעצטע קהילה־טוערס, וויל־טעטיקע בירגער און בכלל אינטערעסאַנטע יידישע געשטאַלטן. און זיכער איז, אַז מיט לאַנג צוריק האָט ער אין פולטוסק

געהאַט פֿריינד און באַקאַנטע צווישן דער דערמאָנטער קאַטע־גאָריע מענטשן. מיין שוועסטער צעלינאַ געדענקט אַ פּולטוס־קער מעשהלע, וואָס מיין פֿאָטער פֿלעגט אָפֿט דערציילן ווי אַ קוריאָז. אין פּולטוסק איז אַמאָל געווען אַ קלייט מיט אַ שילד „רחל די טאָכטער פֿון תלמוד”. דער תלמוד האָט גע־דאַרפֿט זיין זייער פּאָפּולער, אויב אפֿילו נאָכן טויט האָט ער פֿיגורירט אויפֿן שילד כדי צוציען קונים.

מאַקאָוו, כאָטש אויך אַ קרייז־שטאָט, איז געווען באַ־דייטנדיק קלענער פֿון פּולטוסק. כ׳געדענק זייער גוט דעם מאַרק, ווו עס איז געשטאַנען דער באָבעס הויז מיט אַ צוגע־בויטע איין־שטאָקיקער געביידע, ווו עס האָבן געוווינט די עלטערן אין משך פֿון עטלעכע יאָרן, איידער זיי האָבן זיך איבערגעצויגן קיין וואַרשע. אינעם קליינעם צימערל אין דער הויף, פֿאַרוואָרפֿן מיט ביכער און צייטונגען, האָט מיין פֿאָטער געאַרבעט נישט נאָר ביי טאָג, אָפֿט האָט דאָרט געברענט ליכט אַ גאַנצע נאַכט. דאָ האָט ער אָנגעשריבן זיין ערשט בוך, די געאָגראַפֿיע פֿון ארץ־ישראל.

מיין זיידע יצחק הערש סעגאַל איז געווען זייער פֿאַר־מעגלעך. ער האָט געפֿירט פֿאַרצווייגטע געשעפֿטן און אַחוץ דעם הויז און אַן אייזן־סקלאַד האָט ער געהאַט צוויי גיטער אין מאַקאָווער קרייז, פּאָדאָש און לענג. ער איז יונג געשטאָרבן, נאָך פֿאַר דער חתונה פֿון די עלטערן און די באָבע, זייער אַ פֿעיִקע און אַן ענערגישע, האָט דורך לאַנגע יאָרן געפֿירט די געשעפֿטן פֿינעם געירשנטן פֿאַרמעגן. פֿון מאַקאָוו זענען מיר אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאָדאָש און לענג, שיינע און גוט געפֿירטע ווירטשאַפֿטן, ווו איך האָב פֿאַרבראַכט עטלעכע וואָכן, האָבנדיק הנאה פֿון דאָרפֿישן לעבן.

אַ באַדייטנדיקער טייל פֿון מיין מוטערס משפּחה, די סעגאַלס, רובינס און שיינבערגס, האָבן פֿאַרלאָזט מאַקאָוו נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און צעשפּרייט זיך איבער פּוילן און דער וועלט. זייער גענעראַציע איז צאָליק רעפּרע־זענטירט אין ישראל. די רעשט משפּחה איז אומגעקומען אין דער לעצטער מלחמה, צווישן זיי די שוועסטער פֿון מיין מוטער, שיינבערג, וועלכע די דייטשע פֿאַרברעכער האָבן דער־מאָרדערט אויפֿן מאַקאָווער מאַרק.

מיינע מאַקאָווער קרובים פֿלעגן קומען צו פֿאָרן קיין פּולטוסק פֿאַר מיינע צייטן. אויב מיין זכרון איז זיך נישט טועה, זענען זיי געווען אין האַנדלס־באַציִונגען מיט דער פֿאַמיליע זילבערשטיין, די אייגנטימער פֿון אַ גרויסן אייזן־סקלאַד אויפֿן פּולטוסקער מאַרק. אָפֿט פֿלעגט אויך קומען קיין פּולטוסק אַן אַלטער פֿריינד פֿון מיין מוטערס משפּחה, דער אַדוואָקאַט יעזיערסקי, צו די פּראָצעסן אינעם פּולטוסקער געריכט. מיט לאַנגע, דיקע וואָנסעס און מיט אויסזען פֿון אַ גוט־באַזיצער, אַז קיינער וואָלט אין אים נישט דערקענט קיין ייִדן.



ווען דער רעדאַקטאָר פֿון פּולטוסקער יזכור־בוך האָט זיך צו מיר געוואַנדן מיטן פֿאָרשלאָג אָנצושרייבן פּולטוסקער זכרונות, בין איך געווען זייער גערירט אַז עס עקזיסטירן נאָך פּולטוסקער איינוווינער, וועלכע ווייסן אַז איך בין דאָרט געווען אַמאָל אַ שילער. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וועל אַריינ־נעמען די דאָזיקע דערינערונגען אין איין אָדער צוויי זייטן. כ׳בין געווען אַ קליין ייִנגל און פֿאָרגעקומען איז דאָס מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. אָבער ווען איך האָב זיך מיט מיינע געדאַנקען אַריבערגעטראָגן אין יענע צייטן, האָבן זיך אָנגע־הויבן אַרויסצושאַרן ווי פֿון אַ נעפּל פֿאַרשידענע פֿאַרגעסענע איינצלהייטן און פּאַסירונגען און האָבן זיך אַדורכגערוקט אין מיין זכרון וואָס אַמאָל קלאָרער. איינער פֿון זיי איז אַ קליינער, אָבער זייער אַ כאַראַקטעריסטישער פֿאַר יענע צייטן עפּיזאָד וואָס בעט זיך מען זאָל אים פֿאַרנאָטירן.

כ׳האָב זיך אומגעקערט קיין פּולטוסק נאָך די ווינטער־פֿעריען אין וואַרשע אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַ באַקאַנטער פֿרוי, וועלכע איז געפֿאָרן מיט איר זונעלע כדי אָפּצוגעבן אים אין דער גימנאַזיע און אין ענאָוויטשס־סטאַנציע. מיר זענען געפֿאָרן מיט דער באַן און האָבן געדאַרפֿט אַראָפּגיין אין נאַשעלסק. ווי אַ דערפֿאַרענער רייזנדער אויף דער דאָזיקער באַן ליניע, האָב איך זיך אונטערגענומען צו זיין דער וועג־ווייזער. עס איז געווען שפּעט אין אָוונט, אין דרויסן האָט געבושעוועט אַ שניי־זאַווערוכע און פֿון די פֿאַרפֿרוירענע וואַגאָן־פֿענצטערס האָט מען גאָרנישט געקענט זען. דורך אַ טעות, צוליב מיין שולד, זענען מיר אַראָפּ נישט אין נאַשעלסק נאָר אויף דער ביי־סטאַנציע פּאָמיערוועק. איידער איך האָב זיך באַוויזן צו אָריענטירן ווו מיר געפֿינען זיך, האָט דער צוג גערירט פֿון אָרט. עס האָט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן איבערשלאָפֿן די נאַכט אונטערן נאַקעטן הימל אויפֿן אָפֿענעם באַן־אָפּשטעל. קיינער פֿון די פּאַסאַזשירן איז נישט אַראָפּ־געשטיגן און דער סטאַציע־היטער צי דער אייזנבאַנער האָט אונדז נישט געקענט העלפֿן און נאָר געוויזן דעם וועג צו אַ נאָענטן יישוב, פֿון וואַנען עס האָבן געפֿינקלט די ליכט. צום גליק איז פֿאַרבייגעפֿאָרן אַ פֿערד־און־וואָגן, וועלכער האָט אונדז גענומען צו אַ פּאָר נאָענטע געביידעס, ווו עס האָט זיך געפֿונען אַ ייִדישע בעקעריי. מען האָט אונדז אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס און ווען די פֿרוי, וועלכער איך האָב גע־לייסטעט געזעלשאַפֿט, האָט דערציילט די בעלי־בתים וועמענס

זון איך בין, איז זיך צונויפגעלאָפן די גאַנצע פאַמיליע. אַנגענעמע וואַרעמקייט, דער גערוך פון פרישע חלות און די דאַזיקע מענטשן פול מיט האַרציקייט — דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז מיר האָבן זיך פּלוצעם דערפילט ווי אין אַ גן־עדן נאָך אונדזער שלימזלדיקער פּאַסירונג. און איך האָב זיך געפילט זייער פאַמיליאַר, ווען איך האָב דערזען ווי דער אַלטער בעקער מיטן פּאַטריאַרכאַלישן פּנים לייענט נאָכן אָוונט־ברויט די „הצפירה". מען האָט אונדז מכבד געווען מיט גוטן שפּייז און געגעבן די בעסטע בעטן מיט פּערנעס. ביים געזעגענען זיך האָט דער גאַסטפריינדלעכער בעקער געגעבן מיר לויטן אַלטן מנהג אַ קניפּ אין דער באַק מיט זיינע פאַרפּראַצעוועטע פינגער.



אין דער פּולטוסקער גימנאַזיע זענען פאַר מיין צייט נישט געווען קיין לעקציעס פון יידישער רעליגיע, ווי אין אַנדערע רעגירונגס־אַנשטאַלטן, צוליב דער קליינער צאָל יידישע שילער. דאָס האָט אונדז נישט שטאַרק געפעלט, טראָץ דעם וואָס אייניקע חברים פון ענאָוויטש סטאַנציע האָבן באַקומען אין זייערע היימען אַ רעליגיעזע דערציִונג. אויף די יידישע יום־טובים זענען מיר געווען באַפרייט, אָבער איך געדענק נישט צי אפילו די רעליגיעזע חברים זענען געגאַנגען דאַווענען אין דער שול. דאַקעגן האָבן מיר געמוזט גיין אין די אָפיציעלע חגאות, אויף די גאָטעסדינסטן פאַרן געזונט פון צאַר און זיין פאַמיליע. די שול איז געווען פּוסט, ווי שטענדיק אין אַזעלכע טעג. דער רב בעהאַם, וואָס האָט געדאַרפט צוליב זיין אַמט אָפּריכטן די תפילות, פּונקט אַזוי נישט אַנגענעמע פאַר אים ווי פאַר אונדז, איז געווען זייער אַן ערנסטער מענטש און אַן אויסגעצייכנטער העבראַיסט. מיין פאָטער איז געווען מיט אים באַפריינדעט און געפאָדערט פון מיר אַז איך זאָל נעמען ביי אים לעקציעס פון העברעיש. נישט לאַנג אָבער האָט געדויערט די דאָזיקע לערנע, ווייל דאָס איז געווען אין דער צייט פון מיינע לעצטע עקזאַמענס אין פּולטוסק.

מען האָט דאַן נישט געפילט קיין שום אַנטיסעמיטיזם אין דער גימנאַזיע, נישט מצד די לערער און נישט מצד די שילער. אין יענע צייטן האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם געלאָזט נאָך שוואַך פילן אין פּוילן. דאַקעגן זענען מיר אַלע אויף ענאָוויטשעס סטאַנציע געווען טיף איבערגענומען מיט דרייפוס פּראָצעס, וועלכער האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. מיר האָבן געקענט דורכאויס אַלע זיינע פּרטים און געפירט לייִדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס ווי אַזוי צו ראַטעווען דרייפוסן. מיין נאָענטסטער חבר, מאַקס יעלען פון סעראַצק, אַ זון פון מיין מוטערס פריינדין, פון דער היים קרוגמאַן, איינער פון די שטאַרקסטע יינגלעך אין דער גימנאַזיע, האָט פּלאַנירט צו אַנטלויפן קיין פּאַריז כדי דאָרט צו שלאָגן זיך פאַר דרייפוסן. נישט לאַנג האָט ער געלעבט נאָך דעם, אָבער ער איז אומגעקומען אין אַנדערע אומשטענדן.



צום גאָטעסדינסט לכבוד דעם צאַר האָט אונדז געפירט אין דער שול — מיר האָבן מאַרשירט אַלע צוזאַמען — דער לערער פון געזאַנג, היפּאָליט ליוטאָסטאַנסקי, אַ זקן מיט אַ שמייכל אויפן כיטרען פּנים און דינע, הענגענדיקע וואָנסעס, מער פון כינעזישן טיפּ ווי פון רוסישן. ער איז שטענדיק געווען קאָרעקט אָנגעטאָן און אין זיין פּראַקל האָט ער אויסגעזען מער ווי אַן עמעריטירטער באַאַמטער איידער אַ לערער. אין דער קעשענע האָט ער תמיד געטראָגן אַ קאַמערטאָן און האָט ליב געהאַט אַ קלאַפּ צו געבן מיט אים אין דער שול־באַנק און צורוקן צו די אויערן פון די שילער מיט דער מינע פון אַ מאַגיקער. דער קאַמערטאָן איז געווען, ווייזט אויס, זיין איינציקע מוזיקאַלישע אויסבילדונג. כ'האָב נישט געקענט זיין פאַרגאַנגענהייט און נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער באַשענקט מיר מיט אַ באַזונדערער סימפּאַטיע. ערשט נאָך אַ סך יאָרן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער געשאַלטענער דורך די יידן ליוטאָסטאַנסקי, דער מחבר פון ביכער וועגן ריטועלע מאָרדן, אויף וועמען, ווי אַ קענער פון תלמוד, פלעגט זיך פאַררופן די שוואַרצסטע רעאַקציע אין די צאַרישע צייטן. נאָך בשעת ביילים פּראָצעס האָבן די עקספּערטן מצד דער באַשולדיקונג ציטירט זיינע „וויסנשאַפטלעכע ווערק". אויף דער עלטער האָט מען אים אַוועקגעשיקט אויף אַ קליינעם פּאָסטן קיין סוּוואַלק און פון דאָרטן קיין פּולטוסק. זיין אָפּשטאַם איז נישט געווען גענוי באַוווּסט. לויט איין ווערסיע איז ער געווען אַ קאַטוילישער גלח איידער ער האָט אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַווישן גלויבן, לויט אַן אַנדערער איז ער געווען אַ געשמדטער ייד. וועגן תלמוד האָט ער געהאַט אַזאַ אַנונג ווי וועגן מוזיק *. אָבער, ווייזט אויס, אַז שוין אין פּולטוסק האָט זיך ביי אים אויפגעוועקט דאָס געוויסן און ער האָט זיך באַצויגן פריינדלעך צו יידן און אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן אַ סענסאַציאָנעלן בריוו צו מיין פאָטער, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „הצפירה", מודה זייענדיק זיך אין דער שולד און צוריקציִענדיק אַלע זיינע נידערטרעכטיקע בלבולים. דורכקוקנדיק נישט לאַנג דעם פאָטערס אַרכיוו, האָב איך געפונען אַן אַנדערן בריוו פון ליוטאָסטאַנסקין, געשריבן אין אַ צעבראָכענעם פּויליש פון פּעטערבורג, וועלכער בינדט זיך מיט זיין אויפהאַלטן אין

* זע די באַמערקונג צום סוף פונעם אַרטיקל.

פּולטוסק. דער בריוו, פון אַ שאַנטאַזש־כאַראַקטער, וואָס דעקט אויף גלייכצייטיק די איינגעשרומפּענע עלטער פונעם מחבר, איז אין ערגעץ נישט געוואָרן פאַרעפנטלעכט. און ער איז אַ זייער אינטערעסאַנטער קוריאָז וואָס באַווייזט וואָס פאַראַ סאָרט מענטשן זענען אַמאָל געווען די זיילן פון דער יידן־פרעסערי־שער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד.

„כ'ווייס זייער גוט" — שרייבט ליוטאָסטאַנסקי — „אַז דער הער איז אַ פריינד פון זיין פאָלק, איך בין אויך נישט קיין שונא פון די זין פונעם אַלטן טעסטאַמענט, מיינע ברידער לויט אברהם, יעקב און משה. אין פּולטוסק האָב איך געדינט אין דער גימנאַזיע און דער זון פונעם הער, מיין געוועזענער שילער, קען באַשטעטיקן אַז אַז איך בין געווען אַ גרויסער פּראָטעקטאָר פון יידישן גלויבן. כ'בין געגאַנגען זינגען אין דער סינאַגאָגע, כ'האָב פאַרמירט אַ כאָר אין די פייערלעכע טעג. אַז דער הער האָט פאַרעפנטלעכט מיין בריוו „ווידוי" דאָס איז זייער גוט. די עפנטלעכקייט פונעם אַלטן טעסטאַמענט איז מיט דעם ווייכער געוואָרן צו מיר... אָבער דער דאָזיקער בריוו דאַרף געהאַלטן ווערן בסוד... איך באַדויער איצט זייער וואָס באַוויזגן דורך דער גאַל, האָב איך פאַרעפנטלעכט אַ ווערק וועגן ריטועלע מאָרדן. שוין אַ יאָר ליגן די ביכער אין די בוכהאַנדלונגען און איך האָב נישט געגעבן קיין אַנאָנס כדי נישט גורם צו זיין צו נאָך אַ גרעסערער יידישער בלוט־פאַרגיסונג... עס הערשט איצט אַ געפערלעכע רעאַקציע און אַן אויפברויז פונעם פשוטן עולם קעגן יידן. כדי צו ענדיקן דעם דאָזיקן ענין פון ריטועלע מאָרדן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, האָב איך אַנגענומען אַ געדאַנק, אַז מען קען דאָס טון נאָר מיט דעם הערס פאַרמיטלונג. דאַן וואָלט מיין נאָמען נישט געווען געשאָלטן און איך וואָלט נאָכן טויט געקענט רויק רוען אין קבר".

נאָך דער דאָזיקער הקדמה, איבערגעגעבן דאָ בקיצור, לייגט פאָר ליוטאָסטאַנסקי, אַז די יידן זאָלן אויסקויפן די פאַרבליבענע אויפלאַגע פון זיין „ווערק", וועלכע ער איז גרייט צו פאַרקויפן פאַר אומזיסט, ד"ה פאַר 3,000 רובל, און ווייל די יידן וועלן זיכער אַנזאַמלען אַ סך מער אויף דעם צוועק, וועט ער איבערווייזן די רעשט צו דער דיספּאָזיציע פון מיין פאָטער אויף די צוקונפטיקע אוניווערסיטעט שטודיעס „פון זיין באַליבטן שילער" (ד"ה אויף מיינע שטודיעס) און דערביי ראָט ער, איך זאָל זיך נישט לערנען אין רוסלאַנד, נאָר אין דייטשלאַנד. נאָך דעם נישט געלונגענעם שאַנטאַזש־פּרווו איז ליוטאָסטאַנסקי אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל איך האָב נישט געפונען פון אים קיין שום אַנדערע בריוו.

ווען איך דערמאָן זיך דעם אַמאָל אַזוי געשאָלטענעם ליוטאָסטאַנסקין, דעם געוויינטלעכן שווינדלער, וועלכער האָט געזונגען לעבן חזן אין שול, כדי תשובה צו טון פאַר זיינע זינד און גלייכצייטיק געוואָלט מיט דעם מאַכן אַ גוט געשעפט און איך פאַרגלייך אים מיט די גרויסע דייטשע פאַרברעכערס, וועלכע האָבן אויסגעמאָרדעט מיליאָנען יידן, טראַכט איך וועגן די גראָטעסק־פּאַראַדאָקסן פון צאַרישן רוסלאַנד און די אידילישע צייטן פון מיינע שול־יאָרן אין פּולטוסק. אגב, דער דאָזיקער מענטש מיט דער טונקעלער פאַרגאַנגענהייט איז געווען אַן אויסנאַם צווישן די לערערס, ווייזט אויס, אונטער־געשיקט פון דער פּאָליציי־מאַכט.

אין אונדזער גימנאַזיע זענען געווען נאָך עטלעכע פּראָ־פעסאָרן פּאָליאַקן, אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגן. לאַטיין האָט אונטעריכט כאַנעצקי, גריכיש פּיאַזשערסקי, דער לערער פון רוסיש איז געווען גאַלאָוויעוו, פון מאַטעמאַטיק זינאָוויעוו, פון צייכענונג דער אַלטער קראַפט, וועלכער האָט געמאָלן די קורטינע אינעם פּולטוסקער טעאַטער; ער איז קוים געגאַנגען און שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ קישעלע, אויף וועלכער ער פלעגט זיך אַוועקזעצן. קאַליגראַפיע האָט אונז געלערנט דער שטענדיק שיכורער איוואַנאָוו. דער אינספּעקטאָר לישקעוויטש האָט פאָרגעלייגט היסטאָריע און אין גימנאַסטיק, וועלכע איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון מושטרירן און אויספלוגן צופוס אונטער דער באַגלייטונג פון אַ מיליטערישער אָרקעסטער, האָט אונדז געאיבט דאָבראָוו.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו מיינע חברים פון ענאָוויטש סטאַנציע. אין משך פון מיין דריי־יעריקן אויפהאַלט זענען זיי געווען איבער צוואַנציק אין אַלע פינף קלאַסן, איינגע־רעכנט דעם איינטריט־קלאַס. די נעמען וועלכע איך געדענק: רעגוועער, זאַלמאַנאָווסקי, גורעוויטש (צוויי ברידער), ווישע־וויאַנסקי, גראָסמאַן, יאַרבלום, גוטמאַן, די יעלענס (צוויי ברידער), קנאָבעלמאַן, זמיגראָווסקי, לובעלסקי, גאָלדשטיין, יעזיערסקי, די איגאַלסאָנס (צוויי ברידער), יאַנאַסאָן, בראָנע, עפּשטיין און דריי ברידער ענאָוויטש.

אונדזער סטאַנציע האָט איבער דער מאָס געגעבן איר בלוט צושטייער אין די רעוואָלוציעס, מלחמות און גאַז־קאַמערן. ווייניק זענען געשטאָרבן מיט אַ נאָרמאַלן טויט און איך ווייס נישט גענוי וויפל לעבן נאָך. דער ערשטער איז אומגעקומען מאַקס יעלען, דערהרגעט אין מיינע אויגן בשעת אַ דעמאָנסטראַציע אויפן באַנק־פּלאַץ אין וואַרשע אין יאָר 1905. אין דעם זעלבן יאָר איז דערשאָסן געוואָרן איינער פון די ברידער איגאַלסאָן און אַ יאָר שפּעטער איינער פון די גורעוויטשעס. עטלעכע פון דער דאָזיקער ליסטע זענען געפאַלן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. כ'ווייס נישט וויפל אין

דער לעצטער, אָבער געוויס אַ סך מער. זייער יונג איז גע־שטאָרבן מיין חבר, זיגמונד יאַרבלום, אַן אויסערגעוויינלעך טאַלענטירטער אינזשינער, דער קוזין פונעם באַקאַנטן פועלי־ציון טוער מאַרק יאַרבלום.

✶

אין די אויסלענדישע ענציקלאָפּעדיעס פיגורירט פולטוסק אין צוזאַמענהאַנג מיט צוויי גרויסע שלאַכטן: פון קאַראָל דעם 12־טן אין יאָר 1703, ווען די שוועדן האָבן צעשלאָגן דאָס זאַקסישע מיליטער און פון נאַפּאָלעאָן דעם 1־טן אין יאָר 1806, ווען די פראַנצויזן האָבן באַזיגט די רוסן. אָבער אין דער ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ האָב איך געפונען נאָך איין פּרט, וועגן וועלכן כ'האָב קיינמאָל נישט געהערט. אין יאָר 1868 איז אַראָפּגעפאַלן אין פולטוסק אַ געדיכטער מעטעאָריטן־רעגן — אַרום 100,000. עס ווערט נישט באַצייכנט צי ער האָט ווען דערהרגעט אָדער גורם געווען שאָדן. פולטוסק האָט אָפט אָפּגעברענט און נישט איינמאָל געווען אַ קרבן פון פאַרפלייצונגען. אָבער נאַטור־קאַטאַקליזמען זענען נישט אַזוי שרעקלעך ווי קאַטאַסטראָפעס פון דער מענטשלעכער סטיכיע. אין די יאָרן, ווען כ'בין געווען אַ שילער אין פולטוסק, אויף דער גרענעץ פון צוויי יאָרהונדערטער, האָט זיך קיינעם נישט געחלומט, אַפילו די גרעסטע פּעסימיסטן, אַז עס זענען מעגלעך די שרעקלעכקייטן, וועלכע עס האָט געבראַכט מיט זיך דער אַזוי גוט צוזאַגנדיקער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט. ווער האָט דעמאָלט געקענט פאָרויסזען צוויי גרויסע וועלט־מלחמות און די ביישפּיללאָזע אין דער געשיכטע יידישע טראַגעדיע, וועלכע האָט אין די מיליאָנען פון אירע קרבנות אויך פאַרשלונגען דעם יידנטום פון דער שטאָט פולטוסק.

דאָס אַלץ געהערט צו דער געשיכטע. אָבער נישט אַלץ פאַרגייט אויף שטענדיק כל זמן עס לעבט די מענטשלעכע געדעכעניש. אין מיינע זכרונות, אַזוי ספּאָנטאַניש פאַרצייכנטע, ציען זיך לאַנגע שורות פון מענטשן, וועלכע זענען אַוועק און איך זע אַ העל בילד פונעם אַמאָליקן פולטוסק, די שטאָט פון מיינע גליקלעכע שילער־יאָרן, וועלכע כ'האָב פאַרהיט אין מיין דאַנקבאַרן זכרון.

# ביילאגעס

אויסצוגן פונעם אַרטיקל פון יצחק מאור „דרבאום ועלילת הדם", „דבר" נומ. 13187 פון 18 אָקטאָבער 1963

## I

...דאָס איז געווען ביים סוף פון דער הערשאַפט פונעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם 2־טן, ווען נאָך דער תקופה פון ליבע־ראַלע רעפאָרמען האָבן אין דער רוסישער מלוכה אָנגעהויבן צו בלאָזן רעאַקציאָנערע ווינטן. די דאָזיקע ענדערונג האָט זיך געלאָזט מערקן אויך אין דער באַציִונג פון דער מאַכט און דער רוסישער געזעלשאַפט צו יידן. די אַנטיסעמיטישע פרעסע און די בייזוויליקע פּאַמפלעטן האָבן צוגעגעבן אַן איבער־פולטע מאָס פון האָס צו דער אָנגעזאָפּטער מיט שנאת־ישראל אַטמאָספער.

אין יאָר 1876 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ נייער פּאַש־קוויל „וועגן דעם באַנוצן זיך פון יידן מיט קריסטלעך בלוט צו רעליגיעזע צוועקן". דער מחבר פונעם בוך, היפּאָליט ליוטאָסטאַנסקי, איז געווען פריער אַ קאַטוילישער גלח און בערך מיט צען יאָר פאַרן פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע פאַר־פאַסונג איז ער באַזייטיקט געוואָרן פונעם אַמט פאַר זיין אומאָנשטענדיקן און אוממאָראַלישן לעבנסשטייגער. מיטן אויסטרייבן אים פון דער קאַטוילישער קירך איז ליוטאָסטאַנ־סקי איבער צו דער רוסיש־פּראַוואָסלאַוועער און אָנגענומען גע־וואָרן אַלס אַ געוויינלעכער סטודענט אין דער רעליגיעזער אַקאַדעמיע פון מאָסקווע. דער גלח און שווינדלער, וועלכער האָט זיך געניויטיקט אין געלט, האָט זיך אין אָנהויב געוואָנדן מיטן כתב־יד פון זיין אַרבעט צו דעם רב פון דער מאָסקווער קהילה, זאַלקינד מינאָר, און דערקלערט אים, אַז ער איז גרייט צו פאַרניכטן זיין אַרבעט, וואָס קען זייער שאַטן די יידן, אויב ער וועט אים באַצאָלן אַ סומע פון 500 זילבערנע רובל. דער רב מינאָר האָט, פאַרשטייט זיך, אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג פון ליוטאָסטאַנסקי און דאַן האָט ער אָפּגעדרוקט און פאַרעפנטלעכט זיין בוך.

מיטן דערשיינען פונעם בוך איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג און דערלאַנגט איין עקזעמפּלאַר דעם קרוינפּרינץ, דעם שפּעטערדיקן צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן. דער גרויס־פירשט האָט אים געשאָנקען אַ מתנה — אַ גאָלדענעם רינג מיט אַן איינגעפאַסטן ברילאַנט. דער הויפּט פון דער זשאַנדאַר־מעריע האָט איינגעקויפט אַ גרויסע צאָל עקזעמפּלאַרן פונעם בוך און געשיקט זיי צו די באַאַמטע פון דער געהיים־פּאָליציי אין גאַנץ רוסלאַנד. דער דאָזיקער דערפאָלג האָט ליוטאָסטאַנ־סקין זייער דערמוטיקט און באַוויזן אַרויסצולאָזן זיינע פּאַס־קווילן וועגן יידנטום, און אויך זיי, ווי זיין ערשטע פאַרפאַסונג, זענען געווען פול מיט פעלשונגען און ליגנס און באַוויזן די

פּראָסטקייט און אומוויסן פונעם מחבר אין אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו ייִדן און ייִדישקייט.

דער רעדאַקטאָר פון „המליץ", אַלעקסאַנדער צעדערבוים, האָט איינגעלאַדן ליוטאָסטאַנסקין דורך דער פּרעסע צו אַן עפנטלעכע וויכוח, כדי צו באַווייזן זיין גראָביונגערישקייט אין די פּראָבלעמען פון ייִדנטום און אויפדעקן די פעלשונגען פון די „ציטאַטעס", וואָס זענען אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אינעם טעקסט פון דער אַרבעט. אָבער ליוטאָסטאַנסקי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער עפנטלעכער פּאָלעמיק, ווייסנדיק אַז ער וועט זיך נישט קענען אַנטקעגנשטעלן. דאַן האָט צעדערבוים פאַרעפנטלעכט אַ מודעה אין די צייטונגען, אַז ער איז גרייט צו באַווייזן אין געריכט אַלע שווינדלערייען פון ליוטאָסטאַנסקין און האָט אים פאַרגעלייגט ער זאָל דערלאַנגען קעגן אים אַ געריכטס־אָנקלאַגע פאַר באַשמוצן זיין נאָמען. דאָס מאָל האָט זיך שוין ליוטאָסטאַנסקי נישט געקענט אַרויסדרייען און געוואַנדן זיך קעגן זיין ווילן אין געריכט. די זאַך איז באַטראַכט געוואָרן אינעם פּעטערבורגער געריכט אין סעפּטעמבער 1880.

דער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק, אַז ער איז געווען אַנוועזנדיק בשעת באַטראַכטן די פּרשה אינעם געריכט. דאָרט האָט ער געזען דעם פעסט־געשטאַלטיקן ליוטאָסטאַנסקין און אַנטקעגן אים דעם איינגעבויגענעם זקן צעדערבוים, וועלכער האָט גערעדט אַ שלעכטן רוסיש. אָבער פאַר אים האָט געטעהנעט איינער פון די בעסטע אַדוואָקאַטן פון פּעטערבורג, אַ גלענצנדיקער און איבערצייגנדיקער רעדנער. ער האָט געשילדערט די טונקעלע פאַרגאַנגענהייט פון ליוטוסטאַנסקי, וועלכער איז געווען אַ קאַטוילישער גייסטלעכער, איז פאַרטריבן געוואָרן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט פאַר זיין אומאַנשטענדיקער אויפפירונג, אַריבער צו דעם רוסיש־פּראַוואָסלאַוונעם גלחטום און אָנגעהויבן צו שרייבן ביכער, פול מיט פעלשונגען און עם־הארצות, ווי עס איז שוין באַוויזן געוואָרן דורך געלערנטע, באַהאַוונטע אין די ענינים און בעלי־סמכא אינעם תחום פון ייִדישן וויסן. דער איינקלאָגער ליוטאָסטאַנסקי האָט געשטאַמלט עפּעס צו זיין באַרעכטיקונג, אָבער פאַרפּלאָנטערט זיך אין זיינע ענטפערס אויף די פראַגן פונעם ריכטער און בכלל געמאַכט אַ זייער נעבעכדיקן רושם. כדי אַרויסצוקריגן זיך פון דער פאַרלעגנהייט, האָט ער אַראָפּגעצויגן דעם גאָלדענעם רינג מיטן בריליאַנט און באַווייזנדיק דעם ריכטער דערקלערט, אַז דאָס האָט ער באַקומען אַלס באַלוינונג פאַר זיין „וויסנשאַפטלעכער" אַרבעט פון „זיין עקסצעלענץ דעם קרוינפּרינץ".

דער עולם האָט געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דער רעאַקציע פונעם ריכטער. אָבער ער, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין פּעטערבורג מיט זיינע ליבעראַלע אָנשויונגען, האָט אָוועקגערוקט די האַנט פון ליוטאָסטאַנסקי און רויק געזאָגט: „קלייב צונויף דעם רינג, ער האָט קיין שום שייכות נישט צום ענין..."

אין זיין אורטייל האָט דער ריכטער דערקלערט: די אָנקלאַגע פון ליוטאָסטאַנסקין צוריקווייזן און זיין באַשולדיקן צעדערבוימען אין אַרויסלאָזן אַ שלעכטן נאָמען באַטראַכטן ווי אַן אומאַנשטענדיקע. דער דאָזיקער אורטייל האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם: די אַנטיסעמיטישע פּרעסע איז געווען פאַרביטערט אויף דעם ליבעראַלן אורטייל, און די ייִדישע צייטונגען האָבן געשאַלט פון פרייד און שמחה. ליוטאָסטאַנסקי האָט אַפּעלירט קעגן דעם אורטייל, אָבער די צווייטע אינסטאַנץ האָט באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון דער ערשטער...

## די באַשולדיקונג פון ליוטאָסטאַנסקין אויפן ייִד פייבוש ווינאַגראַן

**אַ קאָרעספּאָנדענץ פון פּולטוסק פון יעקב דעם זון פון הרה"ג משה צבי שיחי' מהרש"ק**
**וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „המליץ" (נומ. 25) דעם 30־טן יאַנואַר 18[illegible]6.**

II

פּ ו ל ט ו ס ק עש"ק כ"ג שבט תרנ"ו. ווי גליקלעך זענען מיר, די איינוווינער פון דער שטאָט פּולטוסק, ווייל זייט עטלעכע יאָר האָבן מיר „זוכה" געווען צו געניסן פון דער גוטווייליקייט און פריינדשאַפט פון דעם אונדז נאָך פון אַמאָל באַקאַנטן היפּאָליט ליוטאָסטאַנסקי, וועלכער האָט באַלויכטן די וועלט מיט זיינע באַרימטע ביכער „די ייִדן און דער תלמוד", „וועגן דער נויטווענדיקייט פון די ייִדן צו ניצן קריסטלעך בלוט צו ריטועלע צוועקן"; דער א"ד הער באַזוכט די ייִדן, פאַרפירט מיט זיי געשפּרעכן און אָפטע שמועסן מיט זיינע פאַרטראַגן אין זייער געזעלשאַפט וועגן ייִדן און ייִדישקייט, ווי עס איז שטענדיק זיין וועג אינעם הייליקטום; אויך האָבן מיר שוין טיילמאָל „זוכה" געווען, ווייל ס'איז אים צום כבוד און פּראַכט צו באַווייזן זיך אין די הייזער פון אונדזערע ברידער אין טעג פון זייערע פאַרווייליונגען כדי צו אַמוזירן זיך צו ביסלעך, צוקוקנדיק זיך צום ספּעקטאַקל, און זייענדיק אויסגעמישט צווישן די ייִדן, קומט ער אין זייערע הייזער אויך צוליב פאַרשידענע אַנדערע ענינים...

אָן קיין צווייפל האָט ער געזען און איבערצייגט זיך אַז דאָ נוצט מען בכלל נישט קיין קריסטלעך בלוט צו גלויבנס־צוועקן, אַז צוליב גאָטס געבאָד גייען נישט פאַרלוירן פון קריסטלעכע ייִנגלעך זייערע עלטערנס־הייזער און פאַרשווינדן נישט פונעם מענטשן־געזעמל; ער ווייסט און קען דעם דרך פון פיל אונדזערע ברידער וועלכע האָבן ליב צו שיקן געהיימע בריוו און פאַרביטערטע געשריפטן צו רעגירונגס־האַרן וועגן זייערע גלויבנס־ברידער, וועגן חטאים, זינד און פאַרברעכן, וואָס זענען קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געקומען, און א״יב, חלילה, עס וואָלט געווען אַ טראָפּן פון אמת אינעם עקלהאַפטן בלוט־בלבול, וואָלטן דאַן געלאָפן פון די ייִדן אַליין „זינלאָזע קוויטלעך” צו די הויפּטן פון דער מאַכט, און אַזוינס איז שוין פאָרגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק. נאָך איידער עס איז געקומען דער דאָזיקער הער אין די גרענעצן פון דער שטאָט, ווען דאַן האָט דער דערמאָנטער בלבול אָנגעהויבן כמעט ווי אויסשפּראָצן פונעם אורגרונד פון זיין נידערטרעכטיקייט דורך אַ ייִדישן ייִנגל, אַ ליידיקגייער און אַ פאַרדאָרבענעם, וועלכער, וועלנדיק נעמען נקמה פון זיינע ייִדישע ברידער, האָט וואַכזאַם געמאַכט די אויערן פון חשובע קריסטן, אַז די ייִדן האָבן געטויט אַ קריסטלעך ייִנגל און באַגראָבן דאָ אויפן ייִדישן בית־הקברות, כדי צו פאַרדעקן זיין בלוט, און גאָר שנעל האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער המון פון קריסטן, אויך רעגירונגס־באַאַמטע און געזוכט, געניששטערט און געפאָרשט, אויך געגראָבן אין אַ סך ערטער און נישט געפונען קיין שום פאַרדאָרבענע זאַך (ווי עס איז געדרוקט געוואָרן בשעתו אין „המליץ”), און דער פאַרדאָרבענער ייִנגל דער בלבול־מאַכער איז אַנטרינען, אַוועק פון דער שטאָט און זיינע שפּורן זענען נישט באַקאַנט געוואָרן, אויס מורא פאַר דער שטראָף פון דער רעגירונג אַלס פאַרשפּרייטער פון רכילות און אומזיסטע באַשולדיקונגען.

אַלזאָ, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, האָט דער א״ד הער זיך דערוווּסט פון די ענינים פון קליינער באַדייטונג, ווי דער „בלוט־בלבול”, ווייסנדיק אַז דער קריסטלעכער המון האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין די דאָזיקע זאַבאַבאָנעס, און דעריבער האָט ער גענומען אַנדערע ענינים זיך מיט זיי צו פאַרנעמען.

אַ ייִדישער מענטש, אַ פולטוסקער תושב, ר׳ פייבוש ווינאָגראָן איז זיין נאָמען, וועלכער איז פאַר עטלעכע יאָר געווען אַ רייכער מענטש און איצט פאַרנעמט ער זיך מיט די געשעפטן פון מעקלעריי און פאַרשידענעם מיסחר צווישן ייִדן און קריסטן, איז באַשולדיקט געוואָרן פון ליוטאָסטאַנסקין אין געריכט, אַז איינמאָל גלייך נאָכן ייִדישן פסח, ווען ליוטאָס־טאַנסקי האָט שפּאַצירט אויף דער שטאָט־גאַס, איז אויף אים אָנגעפאַלן ווינאָגראָן, צעשלאָגן אים און צוגערויבט אַ לעדערנע טאַש און אינעווייניק זענען געווען 5 זילבערנע רובל, און דער ענין איז איבערגעגעבן געוואָרן צום אויספאָרשונג־ריכטער און צום קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, און אויף דעם האָט עדות געזאָגט איינער פון די קריסטלעכע איינוווינער, אַזוי האָט ער צונויפגעזאַמלט צוויי און צוואַנציק אונטערשריפטן פון קריסטלעכע בעלי־בתים, אַז ווינאָגראָן און זיינע דריי זין (איינער געפינט זיך שוין פיר יאָר אין אַמעריקע, דער צווייטער וווינט 3 יאָר אין וואַלד אָבריטאַ און דער דריטער 2 יאָר אין וואַלד זאַטאָר — אַלס שרייבער און קאַסירער אין די וועלדער) זענען פאַרדעכטיקע מענטשן און געניגטע צו יעדער גזילה און אָפּנאַרעריי, און בייגעלייגט צו דעם זיין שריפטלעכע ביטע צום גובערנאַטאָר אין וואַרשע, ער זאָל זיי אַרויסטרייבן פון פולטוסק.

ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן דער אינהאַלט פון דעם בקשה־שריפט דורך די קריסטלעכע בעלי־בתים, האָבן זיי זיך צוגעאײַלט און געשיקט אַ דערקלערונגס־כתב צו אונדזערן שטאָט־פּרעזידענט, אַז אָן דער פריערדיקער קענטעניש פון דעם מענטשן האָבן זיי זיך אונטערגעשריבן אויפן בריוו און נישט געוווּסט וואָס עס איז דאָרט געשריבן, און געבעטן דעם פּרעזידענט ער זאָל נישט באַשטעטיקן מיט זיין סטעמפּל דעם דאָקומענט און זייערע אונטערשריפטן און נאָך מער, וואָרום עס האָבן די א״ד קריסטלעכע בעלי־בתים פאַרפאַסט אַ שריפטלעכע צייגניש מיט זייערע אונטערשריפטן, וואָס באַוויזט אַז ווינאָגראָן און זיין משפחה זענען אָרנטלעכע מענטשן און היטן זיך אָפּ פון רויב און אָפּנאַרעריי, און האָבן דאָס איבערגעגעבן אים אין האַנט, און דער מענטש ווינאָגראָן האָט געשיקט די באַשטעטיקונג מיט אַן אָנקלאַגע־בריוו אויף ליוטאָסטאַנסקין און דערוויזן מיט עדות, אַז דער א״ד הער האָט אים צוויי מאָל געשלאָגן אויף דער גאַס פון דער שטאָט, איין מאָל דעם 20־טן אַפּריל און דעם צווייטן מאָל דעם 20־טן יוני 1895 — צום בילדונגס־קוראַטאָר פון דער פּוילישער גובערניע, וועלכער זיצט אין וואַרשע, און באַקומען אַן ענטפער פון דעם א״ד האַר אַז ער פאַרנעמט זיך נישט מיט אַזעלכע ענינים און וועט בלויז איבערגעבן די זאַך אין געריכט. אויך האָט ער געשיקט זיין אָנקלאַגע און ביטע צום גענעראַל גובערנאַטאָר גראַף שוואַלאָוו און דער ענטפער פון זיין קאַנצעלאַריע איז געווען, אַז דער דאָזיקער פּראָבלעם האָט נישט קיין שייכות צו אַדמיניסטראַטיווע ענינים און זיין ריכטיקער פּלאַץ איז נאָר אין געריכט. דער פּראָצעס פון ליוטאָסטאַנסקי, וועלכער איז באַשולדיקט אין שלאָגן אַ צווייטן איז באַשטימט

געוואָרן פאַרצוקומען דעם 5־טן דעצעמבער 1895 אינעם קרייז־געריכט, און אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערן טערמין, צוליב איינעם אַן עדות, וועלכער איז נישט געקומען צום טאָג פון די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען און אין דער נאָענטסטער צוקונפט וועט ער ווערן ווידער באַהאַנדלט.

איצט האָט ליוטאָסטאַנסקי דערלאַנגט אַ באַשולדיקונגס־שריפט צום הויפּט פון דער זשאַנדאַרמעריע אויף פייבל ווינאָ־גאָרן און זיין זון ישראל, אַז וועלנדיק נעמען פון אים נקמה, האָבן זיי פאַרטראַכט צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן דורך פאַר־סמען אים, און דאָס איז דער אינהאַלט פון דער אָנקלאַגע: ליוטאָסטאַנסקי לעבט דאָ אַן אָפּגעשיידטער, אָן פרוי און קינדער, און עס איז פאַראַן ביי אים אַ קריסטלעכע דינסט אים צו באַדינען; און עס זענען געקומען ווינאָגאָרן און זיין זון צום הויז פון איר האַר און אַרויסגערופן איר אין דרויסן און געזאַגט איר: אָט האָסטו דיין שכר פינף און צוואַנציק זילבערנע רובל מיט אַ קליין סלאָיִקל און אין אים אַ פליסיקייט און לאָז אַריין די דאָזיקע גיפט אינעם עסן פון דיין האַר. דער הויפּט פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט געשיקט די בייזוויליקע שריפט צום קרייז־נאַטשאַלניק אַדורכצופירן אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג. ווען אָבער די דינסט איז גערופן געוואָרן צום קרייז־נאַטשאַלניק און געפרעגט געוואָרן וואָס האָט זי געטון מיט דעם א״ד סלאָיִקל, האָט זי געזאָגט אַז זי האָט געוויזן איר ברודער און געפרעגט אַן עצה ווי גערעצלעך צו האַנדלען, אָבער ער האָט איילִיק אַוועקגענומען דעם סלאָיִקל און צעבראָכן אויף שטיקלעך אין אַ פעלדז. עס זענען אויך גערופן געוואָרן אַנדערע עדות און די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ געריכטס־אויספאָרשער.

דער געריכטס־אויסגאַנג איז זייער אַ וויכטיקער ענין און אַלע שטאָט־איינוווינער שמועסן און רעדן וועגן דעם משפּט. ווי עס וועט פאַלן די זאַך.



# פרקי ילדות

חלק א׳

## שני עולמות

### א. עיר יושבת בין שדות ויערות

פולטוסק בשחר ילדותנו היתה עיר־פלך שקטה בליבה של מאזובשה. לא היו בה כבישי אספלט ולא בתי מידות ארבע־קומתיים ואף הרכבת לא הגיעה אליה, אבל רחבת ידים היתה, והיא השתרעה בין שדות ויערות, גדולה בבניינה ובמנייננה מכל ערי השדה שבסביבה.

נשתמרו בה סימני דיוקנה של עיר מסחר ומלאכה, בסג־נון של בניין ערים מתקופת מלכות פולין בשלהי ימי הביניים, ששיוו לה חן מיוחד, הלא הם: השוק המלבני הגדול והכנסיות בשני קצותיו; מגדל ה„ראטהויז" (בנין מועצת העיר), הוא משכן מכבי האש שבמרכז הכיכר; כיכר השוק הישן, הקטן ממנו, „שוק החזירים", ברובע הישן של העיר; הטירה (הזאמק), משכן משרדי הפלך אשר על הגבעה, הצופה על פני הנארב והיא משלט מגן על העיר מימים עברו; ועל כולם הנארב, הנהר הגדול הזורם בפאתי העיר והיובלים המשתפכים לתוכו, האחד החוצה את העיר לרוחבה והשני המקביל לו אשר בירכתי הריביטבה, וכולם לופתים את חוצות העיר משלושה עברים ומבתרים אותה בתווך, ביוצרם רשת של רחובות וגשרים, גדולים וקטנים, מעין גלגול של ויניציה, וארמונות וגונדולות אין לה.

פולטוסק יושבת במישור רצוף בתוך מרחבים פרושים לעין עד מלוא האופק. על שתי גדות הנארב משתרעים כרי דשא פרחוניים, המכתרים את העיר מצד מזרח וצפון, ובעיבורה מצד מערב ודרום משתרעים למרחקים בוסתני פרי וגני ירק. ומעבר להם, באשר תשא שם עיניים, תראה במרחקים, שמעבר לנהר יערות לאין קץ, ומן הצד שלמולו מרחבי שדות של ירק ותבואה. פולטוק שתולה על יובלי מים בין יערות מזה ובין שדות מזה.

אי שם דרומה הובילה הדרך לוורשה, לקלחת השאון של העולם הגדול, לשם הועידו את פניהם סוחרים ועמילים (שפי־ליטרים), אנשי שררה ופקידי הרשות, בעלי חולאים שביקשו להתרפא אצל רופאים־פרופסורים, חסידים שנסעו אל הרבי, וצעירים שנדחקו לעיר הבירה כדי לקרוע אשנב לעצמם לחלל העולם החיצון שמעבר לרוגטקה של פולטוסק. אבל אנחנו הילדים נמשכנו לכיוון הגשר שעל הנארב, המוביל מזרחה, למרחבי השדות, לפופלאבס ולצפונות היער.

הישוב היהודי שכן בקצה תחומם של בעלי המיבטא של „ניין" בנ׳ פתוחה, שהיה שגור אצל יהודי פולין הקונגרסאית לשעבר, ואילו בוישקוב וברוז׳אן שמעבר לנארב צפונה־מזרחה התחיל כבר תחומם של בעלי המיבטא „ניין" בנ׳ סגולה כמיב־טא הליטוואקים; לאמור, בני פולטוסק מהותם ושורשיהם בתרבות והווי יהדות פולין הענפה.

### ב. שני עמים ושני עולמות

בילדותי ראיתי את פולטוסק כעיר יהודית ביסודה, שישבו בה גם גויים לגיוון הנוף, משל לא היו אלא מסגרת לתמונה, ואילו במרכז של התמונה היתה פולטוסק של היהודים.

לאמיתו של דבר היתה חציצה טבעית בין יהודי העיר לבין הגויים שבה, אף שדרנו בכפיפה אחת. אלה התייחדו בתחום משלהם ואלה בשלהם, שני עמים — שני עולמות. חרגו מכלל זה אותם הגויים שישבו בתוכנו ממש, דלת מול דלת, כגון ה„גוי של שבת" שהיה מכבה את האורות בבית הכנסת, פאייב־סקי השומר, האורח הקבוע בחתונות אצל יהודים, יאנובסקי הגובה של המאגיסטראט ונושא־המכתבים היהיר, שהיה מקבל בפסח את מנת המצות שלו, שהיו משובצים בנוף היהודי של המקום.

מרכזם הרוחני של הגויים היה בקושצ׳ול שבקצה המערבי של השוק, הוא בית התפילה הקתולי הגדול שלהם (בלשוננו „התיפלה"), ובאיזור הסמוך לו. אנו הילדים היינו מוקירים רגלינו מאותו מקום מחמת פחד מן השקצים ומן הכלבים של הכמרים, וגם משום שסלדנו מרוחות רעים שהיו מקננים שם בין הצלבים, הפסלים ושאר התרפים של הגויים.

לעומתם, המרכז הרוחני שלנו היה בשול־גאַס (רחוב בית־הכנסת) ובסביבתו. היה זה תחום בלעדי ליהודים ובו בית הכנסת, בית־המדרש, חדרי תלמוד־תורה, בית ועד הקהילה, מקווה, בית־השחיטה, „הכנסת אורחים" ובתי תפילה קטנים, והכל מכונסים בחצרות זה ליד זה. נוספו עליהם בתי תפילה ובתי־ועד של יהודים מפוזרים ברחבי העיר. יהודים ישבו בכל מקום, במרכז העיר ובמבואותיה, באשר פנית ראית יהודים בחנויות וסדנאות המלאכה, ופרט ל„גיטו" של הגויים שמסביב לקושצ׳ול, שהיה נקי מיהודים, היתה עירנו „מיוהדת" לגמרי. אמנם, הצריח של הכנסיה זקף קומתו בחוצפה כלפי שמיא מעל כל הגגות, כמבקש לדחוק את רגלי השכינה, ואילו בית הכנסת ושאר בתי התפילה שלנו צנועים היו ופשוטים. ומה בכך? ומה נחשב צריח הקושצ׳ול בעינינו, ילדי החדר?...

כל אחד משני העולמות, היהודי והגויי, היה מכונס בעצמו ומעמיד פנים כמתעלם אחד מהשני. ולא זו בלבד שהם דיברו גויית ואנחנו אידיש, אלא שאנו קראנו לרחובות העיר שמות משלנו והם כינו אותם בשמות של קדושיהם הנוצרים וגדוליהם: סטאשיצה, פיוטרה סקארגי, שביינטויאַנסקה, טראוגוטה וכו׳, ובשפתנו: די שול־גאַס, די יאַטקע גאַס, די פובליצ׳נע גאַס, דער אַלטער מקום, אויפן חזיר־מארק, אויף די ריביטווע, ביים טארטאַק וכו׳. רצית לדייק במען? — די היה להוסיף: בככר השוק אצל רוזנובסקי; ליד טחנת הקמח של וואגמאן, אצל הפלומפּ, על הגשר סמוך לבודקה, בחצר של הרבי מסרוצק שליד הנחל וכו׳ וכו׳ — ומיד ידעת בדיוק היכן, מאין ולאן.

אמנם, בתוך תחומנו ממש, בטבור של רחובות המסחר היהודי, וביחוד ברחוב פובליצ׳נא — שביינטויאנסקא בלשונם — ישבו סוחרים, מיישצ׳אנים פולנים, במובלעת גויית מוקפת חנוונים יהודים, כאילו הכריזו: אנו מייצגים כאן את העם השליט. הם קנו להם שביתה בחנויות שבקרנות הרחוב דוקא: בית המסחר ה„קולוניאלי" של בוקובסקי, בעל שפם השיבה, שהיה מסולסל בזווית של 90 מעלות כלפי מעלה, תפס קרן אותו רחוב ליד הגשר; קרן אחרת ברחוב זה היתה תפוסה על ידי זוג מיארז׳ייבסקי; למולם בקרן רחוב קוטלארסקא — מחסן בית המרקחת של יגאלסקי ובניו; ומעבר לרחוב בפינה — חנות הספרים הדוממת של רפר, הנוצריה הזקנה; והלאה משם בקרן רחוב „מאחורי הקלאסים" בית המרקחת של שניגוצקי. מדוע נאחזו הגויים בקרני הרחובות דוקא, לא אדע; ואחרון אחרון — החנות הזרה והמוזרה של מוכרי ארונות־מתים, וחלון הראווה שלו שהיה מלא צלבים ופרצופי תרפים ופסלים דוקא בלב הרחוב.

היינו עוברים על פני ארונות־המתים שבאותה חנות ועוצ־מים עיניים, ראינום ולא ראינום. היינו נכנסים לבית המר־קחת של שניגוצקי על בהונות הרגליים ביראה, כאילו לתוך טריטוריה זרה נקלענו, ומששילמנו ואמרנו „דוביזאניה", חמקנו משם, מן הכפור הלז לתוך האוויר החם של עירנו, לרחוב שלנו ולאידיש של בית אבא־אמא. לא היה הכוח במובלעת זו לטבוע חותם גויי על המרכז המיוחד של העיר.

אפילו רחבת התיאטרון שבלב העיר מיוהדת היתה. יהו־דים עברו או נעצרו שם לשיחת רעים. פלוני סר לחנותו של יאז׳ורק־זילברמן או של פלודה, ילדים ונערים פנו לבודקה (לקיוסק של עץ) של מנדלי גורמן או של אפרים ומנשה לשתות קבאס וללקק גלידה. נערים שחשקו לרכוב על אופניים היה להם שם שיג ושיח תמיד בבית המלאכה של ליס, ולפנות ערב היו עומדים שם צעירים יהודים בצידם של אחרים שאינם בני־ברית, ושיחותיהם היו קולחות ברמה עד לכניסה להצגת הקולנוע או התיאטרון.

משום כך תמהתי תמיהה גדולה, מה לו וליאנק הפסל (ישו הצלוב) שאיווה לו למושב על כן של אבן מוקף גדר של ברזל בטבורה של העיר, מול הבודקה של מנדלי? בשביל מה ולמה העמידו אותו במקום זה ליד הגשר דוקא? באחד הימים עברנו על פני היאנק בשובנו מן החדר הביתה, ואחד מאתנו לחש את הפסוק „שקץ תשקצנו, תעב תתעבנו כי חרם הוא". אחר כך תלש שלוש שערות מפאתו השמאלית, ואנחנו עשינו כמוהו. אז נתחוור לי כי אין זה סתם גולם הניצב ליד הגשר, אלא שליח הוא של הרוחות המרחפים ליד הקושצ׳ול, שנשתלח משם לתוך רשות הרבים שלנו. לכן, בזכות של לחש הפסוק שלנו עשינו אותו בטל ומבוטל כעפרא דארעא.

### ג. לא בכל יום יאריד

בכל יום ויום היו יהודי עירנו הומים ומהמים אחרי פרנסה, אך בלא המולה יתרה בראש חוצות. איש איש ומנת חלקו, בלי פרץ ובלי צווחה. אם הפריץ רצה למכור כרי של גרעינים במחיר שנקב, והיהודי שלנו, הקונה־בכוח, הסכים אך ורק לפחות מזה, לא היה טעם לדחוק את השעה, כי בסופו של דבר לא היתה ברירה לפריץ אלא לוותר לבעל־דברו ולקבל את המחיר שהיה ראוי לו. וכך גם החייט, הסנדלר, הכובען ושכמותם, יהודים־מכל־השנה שעיסוקם היה להלביש את עם הארץ ולהנעילו — לא אצה להם הדרך בסתם יום של חול.

ובאמת, מה הטעם לחיפזון בסתם יום של חול, כלום הנארב בוער? בבוקרו של יום כזה היתה עגלת איכר יתומה מטרטרת על פני הרחוב הרצוף חלוקי־אבנים מן הגשר הגדול לעיר פנימה, ופניה היו מועדות אל הנפח היהודי לבקש תיקון לפרסה שניזוקה, או אל סוחר־הבקר היהודי למכור עגל שנפל בו מום

בליטוף אבהי ליטפתים ובמסירות רבה שמרתי עליהם שלא תארע להם כל תקלה. ביום התהלכו בחצר, ובלילה הכנסתים לצריף. ומה חשכו עיני בפתחי בבוקר־קיץ בהיר אחד את דלת הצריף ולפני — נוצות וכתמי־דם, נוצות וכתמי־דם. לבי נשבר בקרבי. שכנים התקבצו סביבי, נאנחו וסיפרו כי שמעו בלילה את קריאותיהם־צווחותיהם ובודאי טרוף טרפה אותם נמיה *. רבות בכיתי. אפרוחים תמימים אלה מה חטאו? ימים רבים התאבלתי עליהם ומאנתי להתנחם.

שנים חלפו. חיי העיירה התנהלו באפיקם כדרכם מימים ימימה, ואיש לא ראה בנמיה קטנה זו מעין הקדמה להשתערות שניה, איומה מהראשונה, התנפלותה של חיה טורפת וחזקה יותר; איש לא ראה את הנולד עד בוא השואה הגדולה על יהדות אירופה. נמיה גדולה ואיומה קמה בכל פראותה ובכל כיעורה וטרפה בדרכה את הכל, ובין כל ערי פולין נטרפה גם שארית־ישראל של עיר־ילדותי והקריאות־הצעקות „הצילו" היו לשוא.

* מין חיה יונקת טורפת קטנה.

אליעזר צבי שניאדאווסקי

# זכרונות פון די יאָרן 1905-1920

שווער איז אין די היינטיקע צייטן פון אַטאָם־באָמבעס און צווישן־פּלאַנעט ראַקעטעס צו שרייבן זכרונות וועגן דעם פאַרגאַנגענעם יידישן לעבן, וואָס איז אזוי רויק געפלאָסן אין זיינע אַנגענומענע ראַמען. איך בין אין ספק צי דער היינטיקער דור וועט קענען באַגרייפן און פאַרשטיין דעם דאָזיקן לעבן, וואָס איז אַזוי בלוטיק פאַרשניטן געוואָרן.

שווער איז אָבער צו באַפרייען זיך פונעם פיטעטע צום אַמאָל און ווען איך ווענד זיך מיט מיין זכרון צו מיין היימשטאָט, זע איך ווי שיין איז דאָרט געווען דאָס לעבן, ווי גייסטרייך און איבערפולט מיט שטרעבונגען און אידעאַלן. דער רוח האָט באַוועלטיקט דעם חומר און איז געווען דער יסוד פונעם „אני מאמין" פונעם יידישן מענטשן. דער ייד איז געווען איבערגליקלעך, ווען ער האָט זיך געקענט באַפרייען פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, אָפּשאָקלען זיך פון דעם שטויב פון גלות און איבערגעבן זיך אין גאַנצן דעם לערנען, אַריינטיפן זיך אין אַ ספר, ביי אַ גמרא אָדער ביי אַ משניות.

ווען עס איז געקומען דער הייליקער שבת אָדער אַ יום־טוב האָט זיך יעדער געפילט אין אַ וועלט פון אצילות, אַלץ האָט געשפיגלט מיט קדושה, דער פייערלעך געדעקטער טיש, די ליכט, דער מעשענער הענג־לייכטער. מיט וויפל התרוממות הנפש איז מען געזעסן ביי דער שבתדיקער סעודה מיט די זמירות און געזאַנגען און דער ייד וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך שווער געהאָרעוועט אויף אַ ביסל פרנסה און אָפט אויסגעטראָגן בזיונות און דערנידערונגען, האָט זיך געפילט ווי א בן־מלך. און נישט נאָר ביי זיך אין שטוב. אויך דער בית־המדרש איז שבת געווען איבערגעפולט מיט מענטשן, וועלכע האָבן געזאָגט גאַנץ תהילים מיט מנין, ווען מען האָט געענדיקט דאָס תהילים זאָגן זענען אַלע טישן פאַרנומען געוואָרן פון די חברות, וועלכע האָבן געלערנט ביז צו תפילת שחרית. ביים דרום איז געזעסן דוד קראַנזשעק, אַ גערער חסיד, און געלערנט חומש מיט מפרשים פאַר דער „חברה פועלי יושר".

אַביסל נענטער צום מזרח האָט יעקב לייב מנקר, אַ גערער חסיד, אויסגעזינגען מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ דעם מדרש רבה פאַר „חברה מדרש".

ביי דער מערב־וואַנט, צווישן די צוויי קאַפּעלנע אויוונס, האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ די חברה „תפארת בחורים" און אַנטקעגן, אַריבער דעם בעלעמער, האָט ישראל משה מלמד געלערנט מיט דער חברה „חיי אדם". די קולות פון די לערנער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין האַרמאָניע און זיך געלאָזט הערן ווייט, ווייט אויסערן בית־המדרש.

נאָך דער שבתדיקער סעודה און נאָך דעם מקיים זיין „שינה בשבת תענוג" איז ווידער פול געוואָרן דער בית־המדרש. אָבער נישט נאָר די יידישע היים און די שול האָבן אָפּגעשפיגלט די קדושה פון שבת, נאָר אויך די גאַסן פון דער שטאָט האָבן געטראָגן אויף זיך דעם חותם פונעם רו־טאָג. און אויב אַ פויער האָט זיך צופעליק דורכגעשאַרט מיט זיין וועגעלע איבער דער שטאָט אין אַ שבתדיקן טאָג, האָט ער זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט, פילנדיק מיט דעם אינסטינקט פון אַ פשוטן, גלויבנדיקן מענטשן אַז ער פראָפאַנירט א הייליקטום.

די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, דאָס עקאָנאָמישע לעבן, אפילו פון די קריסטן איז געווען אָפּגעשטעלט. אויב דינסטאָג אָדער פרייטאָג איז אויסגעפאַלן אַ יידישער יום־טוב איז קיין יאַריד אָדער מאַרק נישט פאָרגעקומען. אַ מנוחה־דיקע שטילקייט האָט באַהערשט די גאַסן און די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך צוגעפּאַסט צו די רו־טעג פון די יידן און געמאַכט אירע איינקונפטן לויטן יידישן לוח און דער פויער האָט געבראַכט כפרות אויף יום־כפור, גענדז אויף סוכות, קאַרטאָפל אויף פסח און אַפילו גרינס אויף שבועות.

ווער געדענקט נישט די אימה ופחד, וואָס האָט געהערשט מיטן אָנקום פון חודש אלול, מיטן דערנענטערן זיך פון יום־הדין. די שולן זענען פון פאַרטאָג געוואָרן איבערפולט, עס האָט זיך ממש געפילט ווי „מלאכים יחפזון, וחיל ורעדה יאחזון". דער בית־החיים איז געוואָרן איבערפולט מיט באַ־זוכער וועלכע זענען געקומען זיך משתטח זיין אויף די קברים פון די צדיקים און די שוכני עפר, זייערע קרובים. די קולות און די יללות פון די פרויען זענען דערגאַנגען עד לב השמים.

ראש השנה און יום־כפור, ווען הערשל שוחט האָט אין שול מיט זיין האַרציקער שטימע און מיט דער מיטהילף פונעם כאָר אָנגעהויבן צו זאָגן דעם „ונתנה תוקף", איז מען אַזוי גערירט געוואָרן, אַז דאָס האַרץ איז ווי צעגאַנגען פון השתפכות הנפש און די קולות און דער געוויין פון די פרויען האָבן געקענט רירן אַ שטיין.

מיט וואָס פאַר אַ התלהבות האָט מען מקיים געווען דעם „ושמחת בחגיך" מיטן אָנקום פון סוכות. מיט וואָס פאַר אַ עקסטאַז און בטחון האָבן זיך געלאָזט הערן די פאַרשידענע סוכות־געזאַנגען, די שיר המעלותן פון שמחת בית־השואבה און ווי פייערלעך און פאָלקסטימלעך פריילעך איז אַדורך שמחת תורה. דער מנהג פלעגט זיין אַז יעדע חברה האָט פאַר־בראַכט ביי אַ מסיבה ביי דעם גבאי אין שטוב. אין דער נאַכט פון שמחת תורה האָט דער רב געזאָגט „וזאת הברכה" כדי מסיים זיין די תורה. און דאַן האָט מען זיך משמח געווען, געטרונקען און געטאַנצט ביז אין אוונט ווען מען איז געגאַנגען צו הקפות.

מיט אַ ספּעציפישער פייערלעכקייט האָט זיך אויסגע־צייכנט די שמחת־תורה ביי דער חברה קדישא. די דאָזיקע חברה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט מסלתה ומשמנה פון דער שטאָט, לומדים, חסידים, אנשי מעשה. אָנגענומען צו ווערן אַלס מיטגליד איז נישט געווען פון די לייכטסטע זאַכן און געווען פאַרבונדן מיט אַ גרעסערער סומע געלט. אַ פרישער חבר האָט עטלעכע יאָר געטראָגן דעם נאָמען „מלאָדזש", ד"ה אַ יינגערער חבר, וועלכער האָט נישט געהאַט די זעלבע רעכט פון אַ ותיק. וואָס שייך קבורה האָבן זיי געהאַט אַ דיקטאַטאָ־רישע מאַכט אין שטאָט. ביי אַ נפטר האָבן זיי געשטעלט פּריזן און אַז עס האָט געטראָפן אויף אַן עושר, וועלכער האָט זיך ביים לעבן נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ספּעציעלע נדיבות־לב, האָט מען דעם נפטר נישט מקבר געווען ביז די יורשים האָבן נישט איינגעצאָלט די געפאָדערטע סומע. די חברה קדישא האָט אויך פאַרנומען דעם אויבן אָן ביי פאַרשידענע שטאָט־אָנגעלעגנהייטן, ביי קאָמפּליצירטע דין־תורהס אדג"ל. אויף זייער פסק איז נישט געווען קיין אַפּעלאַציע, זיי האָבן דעם אורטייל פאַרשריבן אין אַ פנקס און דאָס האָט געדינט לזכרון. זיי פלעגן איינאָרדענען אין פאַרשידענע דאַטן קידו־שים. ווען מען פלעגט מזכיר נשמות זיין פלעגט די חברה קדישא קומען דאַווענען אין שול. דאָס איז געווען אַ ספּעצ־יעלער טעקסט. די מזרח־וואַנט האָבן פאַרנומען זיידענע קאַפּאָטעס מיט זילבערנע עטרות אויף די טליתים, וועלכע האָבן געבלישטשעט פון דער ווייטנס. אויך האָבן זיי מקדש געווען דעם טאָג פון ז' באדר, די יאָרצייט נאָך משה רבינו. זיי פלעגן פאַסטן און די גאַנצע חברה פלעגט קומען דאַווענען אין בית המדרש נאָך צוועלף ביי טאָג, זאָגן סליחות פון יום־כפור און מאַכן הזכרות אַלע פאַרשטאָרבענע חברים און דאָס פלעגט דויערן אַ גאַנצן טאָג. ביי נאַכט האָט מען איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע סעודה מיט געשטאָפּטע גענדז, וואָס מען האָט געבראָטן אויף גענדזן־שמאַלץ אין אַ בעקער־אויוון.

פון די גבאים פון דער חברה געדענק איך נאָר ר' יחזקאל ביינישעס, אַ ייד אַ למדן, אַן איניקל פון ר' אברהמל טשעכאַ־נאָווער. באַזונדער פייערלעך האָט די חברה קדישא פאַר־ברענגט די נאַכט פון שמחת־תורה. זיי פלעגן זיך צוזאַמענ־קומען ביי די גבאים מיטן אָנטייל פון רב. דער רב פלעגט זאָגן תורה און מען האָט פאַרבראַכט ביז חצות ביי אַ סעודה מיט געזאַנג און חסידישע טענץ. נאָך חצות האָט מען זיך געלאָזט אין געשלאָסענע רייען, זינגענדיק און טאַנצענדיק, אין דער שול אַריין. פאָרויס האָט מען געטראָגן די גרויסע חופּה־לאָמטערנס אויף שטאַנגען. די פענצטער פון די הייזער אויף דער גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער שול זענען געווען אילומינירט מיט ליכט און הונדערטער מענטשן האָבן געוואַרט אין דרויסן זיי מקבל פנים זיין. דער עולם האָט זיך אָנגעשלאָסן צו זיי און די גאַנצע מענטשן־מאַסע האָט אַריינגעטאַנצט אין דער שול, אַזש אירע ווענט האָבן געציטערט. מען האָט זיך גענומען צו די הקפות און ווידער געזאַנג און טענץ, ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען איז דערגאַנגען צו דער העכסטער עקסטאַז פון שמחה פנימית, אַ שמחה בלב ונפש, אַ שמחה של קדושה.




שער הפנקס של החברה קדישא

פאַרשטייט זיך, אַז חוץ פון דער חברה קדישא זענען געווען נאָך אַנדערע חברות אין שטאָט, וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען.

עס האָט עקזיסטירט אַ חברה „תלמוד תורה", אין וועל־כער עס זענען געווען אַנגעשלאָסן די נכבדי העיר. אירע גבאים זענען געווען ר׳ שלום הערש לינדבערג און ר׳ יצחק מאיר הענדעל און זיי פלעגן יעדן יאָר איינאָרדענען אַ פייער־לעכן קידוש כדי צו זאַמלען געלט אויף צו געבן עלעמענטאַרע יידישע בילדונג די אָרעמע קינדער. די חברה האָט געדונגען צוויי־דריי מלמדים זיי זאָלן לערנען מיט זיי חומש און רש"י. די חברה „תלמוד תורה" האָט זיך אויסגעהאַלטן פון פריי־וויליקע נדבות, וועלכע מען פלעגט יעדע וואָך צוזאַמענעמען.

אויף דעם פילאַנטראָפּישן געביט איז געטון געוואָרן בלב ובנפש, מיט דער כוונה צו העלפן די נויט־באַדערפטיקע, אָן אַ פאַרצווייגטן אַפּאַראַט, ווי אין די היינטיקע צייטן. אין שטאָט איז טעטיק געווען די חברה „לינת הצדק" מיטן גבאי ר׳ משה וועליקאָבראָדאַ. די מיטגלידער פון דער חברה האָבן גענעכ־טיקט ביי אַ קראַנקן און דערמיט באַפרייט די משפחה און דערמעגלעכט איר זיך אויסצורוען. די חברה האָט אויס־געבאָרגט פאַרשידענע מעדיצינישע כלים, וואָס אַ פּריוואַטער מענטש האָט נישט געקאָנט קויפן. פאַר די אָרעמע מענטשן האָבן זיי באַצאָלט פאַר אַ דאָקטער און פאַר רפואות. די „לינת הצדק" האָט זיך אויסגעהאַלטן פון מיטגלידער־אָפּצאָל און פון נדרים.

די חברה „הכנסת אורחים" האָט געהאַלטן אַ צימער מיט בעטלעך, כדי פרעמדע אָרעמע לייט זאָלן האָבן וווּ אָוועק־צולייגן דעם קאָפּ ביינאַכט. עס זענען געווען אין פולטוסק נשים צדקניות, וועלכע זענען געגאַנגען זאַמלען געלט פאַר פאַרשידענע אָרעמע קראַנקע, פאַר הכנסת כלה וכד׳.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט עקזיסטירט אַ „חברה שלושים", ד"ה אַ פאַראייניקונג פון 30 מענטשן, בראש פון וועלכער עס זענען געשטאַנען ר׳ שלמה בראַנדשפּיגעל (אַ מצבה קריצער), זעליג שניאַדאָווסקי (אַ סופר), און אברהם ראָזשאַ. די מיטגלידער פון דער חברה האָבן געמאַכט אַ יד־אחת, זיי זאָלן זיין צווישן זיך ווי איין קערפּער, איינער זאָל וויסן פונעם צווייטן, אַלע זיינע פּערזענלעכע אַנגעלעגנהייטן, צער און פרייד און זיי האָבן זיך געדאַרפט קעגנזייטיק העלפן.

נאָך פאַרן אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג האָט עקזיסטירט אין פולטוסק אַ קאָאָפּעראַטיווע ליי־קאַסע, וועלכע פלעגט געבן קליינע הלוואות און איר פּרעזעס איז געווען שלמה קאָפּעלעוויטש. אויך איז געווען טעטיק אַ דיסקאָנט־באַנק מיטן פּאַרזיצער אפרים צעלניק און קאַסירער יצחק מאיר הענדעל.

ווי דאָס זאָל נישט זיין אומפאַרשטענדלעך, איז אַ פאַקט, אַז דער יאָר־יערלעכער פּריזיוו אין רוסישן מיליטער, וועל־כער פלעגט פאָרקומען אין חודש דעצעמבער איז אויך געווען אין אַ געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט זאַמלען געלט פון די פּריזיוויניקעס ביי די פולטוסקער בעלי־בתים.

די יונגעלייט, אין עלטער פון 21 יאָר, וועלכע האָבן געדאַרפט שטיין צו דער קאָמיסיע, האָבן אַנגעוואַנדן פאַר־שידענע מיטלען און אפילו אַנגעמאַכט זיך פעלערן כדי באַפרייט צו ווערן פון מיליטערישן דינסט. דינען אין צאַרישן מיליטער האָט געהייסן פאַרשיקט צו ווערן אויף דריי יאָר אין די ווייטסטע געגנטן פון רוסלאַנד, לעבן צווישן גויים, עסן טריפות, און געפינען זיך אונטער אַ שווערער מיליטע־רישער דיסציפּלין. מיטן אָנקום פון חודש אלול זענען זיך די פּריזיוויניקעס צונויפגעקומען יעדע נאַכט אין בית־מדרש. ס׳האָט געהייסן אַז מען זאָגט תהילים מען זאָל באַפרייט ווערן פון גוייִשע הענט, אָבער מען האָט זיך מיט דעם אויך געוואָלט צערן, נישט שלאָפנדיק גאַנצע נעכט. אַלע האָבן זיך געמוזט שטעלן יעדע נאַכט אין בית־מדרש, אויב נישט האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן. ווען מען האָט זיך צונויפ־געזאַמלט, האָט מען זיך לוסטיק געמאַכט איבער די בעלי־בתים, באַשטייערט זיי מיט געוויסע סומעס און געגאַנגען איבער די הייזער זיי צו „איינקאַסירן". ווען אימיצער האָט זיך אָפּגעזאָגט, אָדער מען האָט נישט געקאָנט מיט אים דורכ־קומען, האָט מען אויסגעפירט „סאַנקציעס". מען האָט ביי אַ הויזווירט אַראָפּגענומען ביי נאַכט דעם טויער און פאַרברענט אין בית־מדרש־אויוון און דער עולם דאַוונערס האָט געהאַט וואַרעם ביי טאָג. ביי די סוחרים פלעגט מען פאַרטוישן די שילדן פון די געשעפטן. דער שמש, ר׳ משה הירש, אַן עלטע־רער ייד, איז געווען אָפּהענטיק קעגן זיי. דאָך, האָבן די אַלע קונדס־שטיק געהאַט אין זיך אַ סך יידישן חן. די בחורים האָבן איינגעאָרדנט אַ „קאָמיסיע" און יעדער פון זיי האָט זיך גע־דאַרפט פאַר איר שטעלן. מען האָט אים געוויגן, געמאָסטן, אונטערגעזוכט און באַשטימט — דעם צו באַפרייען און אַנדערן באַשטעטיקט אויף „גאָדיען" (מיליטעריש פאַרפליכ־טעט). עס האָט געהייסן אַז אַזוי ווי עס האָט באַשטימט דער בית־דין של מטה, זאָל מסכים זיין דער בית־דין של מעלה.

אַ פינצטערע כמאַרע האָט זיך אַנגערוקט אויפן פוילישן יידנטום מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. אין פולטוסק האָט מען דערזען די סכנה נאָך מיט צוויי וואָכן פריער. עס זענען דאַן פאָרגעקומען אין דער אומגעגנט מילי־

טערישע מאַנעווורעס און אין שטאָט איז געשטאַנען אַ קאַוואַלעריע־דיוויזיע. דינסטאָג, דעם 20־סטן יולי האָט געדאַרפט אָנקומען אויף אַ באַזוך דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון וואַרשע און ביים רב איז שוין געווען צוגעגרייט אַ ספּעציעלע טאַץ מיט ברויט און זאַלץ אים צו באַגריסן. עס איז אָבער געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע פאָרמאַציעס זאָלן זיך אין פאַרלויף פון 24 שעה אומקערן צוריק אין זייערע באַזעס און דער באַזוך איז געוואָרן אָפּגערופן. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה און דאָס מיליטער האָט זיך אָפּגעצויגן אין גרויס אומאָרדענונג. אויף דער שטאָט איז געפאַלן אַ מרה שחורה, דער גאַנצער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט און ביזן 1־טן אויגוסט האָט מען געלעבט אין גרויסער שפּאַנונג פון אַ מלחמה געפאַר. דאָנערשטאָג איז דערקלערט געוואָרן די מאָביליזאַציע פון אַלע מענער ביזן עלטער פון 45 יאָר און אַ מאָביליזאַציע פון פערד. אַלע געוועלבער פון שאַרפע געטראַנקען און שענק זענען פאַרמאַכט געוואָרן. האַרצרייסנדיקע געוויינען האָבן זיך געלאָזט הערן פון אַ סך הייזער, מענער האָבן זיך געדאַרפט שיידן פון זייערע פרויען און קינדער, זין פון די עלטערן, ברידער און שוועסטער. אין מאַרק האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ קאָמיסיע פון רוסישע אָפיצירן און מאָסן פויערים זענען געקומען פון די דערפער מיט זייערע פערד. שבת־צו־נאַכט, ערב תשעה באב, איז מען געזעסן נידערגעשלאָגענע ביי קינות און געוואַרט מיט פחד וואָס עס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג. תשעה באב פאַרטאָג, דעם 1־טן אויגוסט איז געגעבן געוואָרן דעם מיליטער אין פּולטוסק דער באַפעל אָפּצומאַרשירן —— דייטשלאַנד האָט דערקלערט מלחמה. מיטן מיליטער זענען אַוועקגעגאַנגען אַלע מאָביליזירטע יאָרגענג. די שטאָט האָט זיך גענומען אויסליידיקן, אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ קבר־שטילקייט.

פונקט צוועלף אַזייגער בייטאָג איז פאָרגעקומען אַ לקוי־חמה, עס איז פינצטער געוואָרן ווי ביי נאַכט און דאָס האָט נאָך מער דערדריקט. ווי ס׳וואָלט געווען אַ אצבע אלקים. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און פּולטוסק האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פאַרפילן מיט פאַרשידענע סאָרטן סאָלדאַטן. דאָס רוסישע מיליטער איז געלאָפן צוריק נאָך דער גרויסער מפלה, וואָס זיי האָבן באַקומען ביים ערשטן פּרווו איבערצוטרעטן די דייטשע גרענעץ ביי מלאַווע, מישעניץ, כאָרזשעל. אַ יאָר צייט האָבן זיך די פּולטוסקער גאַסן געבראַכן פון מיליטער. טאָג און נאַכט זענען גאַנצע פּאָלקן געגאַנגען צום פראָנט און צוריק. אויסגעהונגערטע האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף ברויט, קאַלטע געטראַנקען, פלייש, פּאַפּיראָסן א״א און קיין פרנסה האָט אין שטאָט נישט געפעלט. דאָס לעבן אָבער איז אָנגעקומען מיט שרעק, עס האָט געהערשט אַן אומזיכערהייט פאַרן מאָרגן. עס זענען אָנגעקומען פּליטים, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן פון די אַרומיקע שטעטלעך און פאַרפילט דעם בית־המדרש און אַלע בתי־תפילות.

אַזוי האָט געדויערט ביז אויגוסט 1915, ווען דייטשלאַנד האָט אָקופּירט פּוילן און דער פראָנט האָט זיך אַוועקגערוקט ביז פינסק. די דייטשן האָבן איינגעפירט אַ קאַרטן־סיסטעם און אין אַ סך הייזער האָט געהערשט הונגער און נויט. פון דעסטוועגן האָט זיך דאָס לעבן געפירט אויף נאָרמאַלע רעלסן, די דייטשן האָבן סטימולירט דאָס אַנטשטיין פון געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. עס האָט געהערשט אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, אַ דערשיינונג, וועגן וועלכער מען האָט נישט געקאָנט חלומען ביים צאַרישן רעזשים. די השפעה פון דער רעליגיע אויפן יידישן לעבן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַכער.

אין יאָר 1918 איז אַנטשטאַנען די פּוילישע זעלבשטענדיקע מלוכה. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן צו שיטן צרות אויף יידן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטאַרקט, די האַלערטשיקעס זענען באַפאַלן און געריסן יידישע בערד. אין יאָר 1920, בשעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען פּולטוסק און געמאַכט אַ חורבן אין שטאָט. באַרוועסע און אָפּגעריסענע, האָבן די באָלשעוויקעס אין משך פון די אַכט טעג, וואָס זיי זענען געווען אין שטאָט, אויסגעליידיקט אַלע געשעפטן, צוגענומען די סחורות. ביי זייער אָפּטרעטן האָבן זיי מיטגעשלעפּט מענדל מינץ און דעם קריסטלעכן אַפּטייקער שניעגאָדסקי, צוגעבונדן ביידע צו אַ מיליטעריש וועגעלע און אַזוי געפירט ביז ביאַליסטאָק. בשעת אַ טומל זענען זיי פון דאָרט אַנטלאָפן און אומגעקערט זיך בשלום אין שטאָט.



נאָכן אומקערן זיך פון פּוילישן מיליטער, זענען אַ סך יונגעלייט, פאַר שרעק מען זאָל זיי נישט מאָביליזירן אויפן פראָנט, אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, מיט דער האָפענונג אַז די רויטע אַרמיי וועט זיך אומקערן אין שטאָט. מען האָט זיי אָבער געבראַכט מיט פּאָליציי, געהאַלטן אין אַרעסט, געשלאָגן און געפייניקט. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען זיי באַפרייט.

פון יאָר 1920 האָט זיך דאָס יידישע לעבן אין פּולטוסק אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. די געשיכטע אָבער פון צוואַנציק יאָר יידישן קיום אונטערן אַנטיסעמיטישן און האַלבפאַשיסטישן פּוילישן רעזשים איז אַ פּרשה פאַר זיך, וואָס איר טראַגישער סיום זענען די שייטערהויפנס און גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע און מאַידאַנעק.

יהושע אבראמטשיק (טאראנטא)

# מיין שטעטל ווו איך האָב מיין קינדהייט פאַרבראַכט

צו ניין יאָר בין איך געקומען פון מיין דאָרף אַבריטע לערנען ביי שטאָטישע מלמדים. מיין פאָטער כאָטש אַליין אַ פּשוטער ייד, האָט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל לערנען ביי גוטע מלמדים. האָט ער זיך פאַרדונגען אַלס בעקער־אַרבעטער אין שטאָט, כדי ער זאָל קאָנען צאָלן שכר־לימוד. יעדן ערב שבת פלעג איך מיט מיין פאָטער גיין אַ היים אין דאָרף אַריין, און זונטיק פרי — זיין צוריק אין חדר.

שוין אין די ערשטע חדשים אַדורכגעלעבט די גרוילן פון מלחמה. אַרום אונדזער שטאָט זענען פאָרגעקומען פאַרביטערטע שלאַכטן צווישן די פּוילישע און רויטע חילות. עס האָט זיך געהערט וואָס אַמאָל נעענטער דאָס „שטעפּן" פון די פּולעמיאָטן. ערגעץ ווו אין די שול־גאַס האָט אויפגעריסן אַ שראַפּנעל. פון אַלע עקן שטאָט האָט אָפּגעהילכט דאָס בראַזגעריי פון אַרויספּאַלנדיקע שויבן. כדי נישט געטראָפן צו ווערן פון אַ בלינדע קויל, האָט זיך דער גאַנצער הויף יידן צונויפגעקומען אין אַ טיפן קעלער — איבערוואַרטן די שלאַכטן. אינגיכן איז די שטאָט פאַרנומען געוואָרן דורך די רויטע אַרמיי, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט נישט מער ווי 8 טעג. איך געדענק אויך אַ ריזיקע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע מיט רויטע פענער, וועלכע האָט זיך געצויגן פון מאַרק דורך שוו. יאַנסקע גאַס העט ווייט צום וואַרשעווער שאָסיי. דערנאָך — די איבערלעבונגען, שוין אין זעלבשטענדיקן פּוילן; ווען יעדן יאָר, אין צייט פון פּריזיוו, פלעגן דאַרפישע שקצים, זייענדיק „אונטערן גלעזל", זיך לאָזן ווילגיין מיט אויסהאַקן שויבן און צעשלאָגן יידישע פאַרבייגייער. אַזאַ פאַל האָב איך אַליין איבערגעלעבט אויפן וואַרשעווער שאָסיי, איך בין מיט שרעק אַריינגעלאָפן אין אַ טונקעלן קאָרידאָר. גלייך נאָך דעם זענען אייניקע שקצים אַראָפּגעשפּרונגען פון זייערע פורן און אָנגעהויבן באַוואַרפן מיט שטיינער יידישע געוועלבער: די סוחרים פלעגן שנעל פאַרמאַכן די געשעפטן און אויסמיידן צו ווייזן זיך אין גאַס עד יעבור זעם. אַ מער שאַקירנדיקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט, ווען דער שטאָטישער פּולק פלעגט גיין יעדן פרימאָרגן פון די קאַזאַרמעס צו זיינע איבונגען, איז דורכמאַרשירנדיק די יידישע גאַסן פלעגן די סאָלדאַטן זינגען פאַרשידענע שפּאָט־לידער איבער די יידן; איינע פון די לידער פלעגט זיך פאַרענדיקן מיטן רעפריין: „פּשיסטקע זשידקי זיעדנעם גלאָסעם, אַי וואַי" (אַלע יידן מיט איין קול, אוי ווי) און דערביי שטאַרק נאָכקרומען דעם „אוי ווי".

פיל ענלעכע אַנטיסעמיטישע פאַלן האָבן פּאַסירט גלייך אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס זעלבשטענדיקייט.

מיר, יידישע קינדער, פון רעליגיעזע עלטערן האָבן געלעבט אין אַן אָפּגעזונדערטער גייסטיקע וועלט. אויסערן חדר, האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנדערע פאַראינטערעסירונגען. נישט אַלע קינדער־שפּילערייען זענען אונדז געווען דערלויבט. „עס פּאַסט נישט פאַר קיין חדר־ייִנגל" — פלעגן אונדז די מלמדים און די טאַטעס אויף טריט און שריט מוסרן, ווען עס איז געקומען צו אַ קינדער־שפּיל אַ מער דראַסטישע. מיט נישט יידישע קינדער זענען מיר קיינמאָל נישט געקומען אין קאָנטאַקט. קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט אויסצורעדן אפילו אַ וואָרט אין דער פּוילישער שפּראַך. זומער און ווינטער דורך אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר — אויסער שבתים און יום־טובים — פאַרברענגט אין די חדרים.

אַ גרויסער טייל חדר־קינדער האָבן שוין אין די פריסטע יאָרן, קומענדיק פון חדר, געלייענט אַלע ספרים אין עברי־טייטש, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער היים ווי: דעם דובנער מגידס משלים, ספר הישר, קב הישר, דעם תנ"ך אין יידיש (אין חדר פלעגט מען דורכן „זמן" לערנען בלויז עטלעכע קאַפּיטלען), חסידישע מעשיות אד"ג. כמעט אין יעדער יידישער שטוב האָט זיך געפונען דער טייטש־חומש, באַקאַנט אַלס „צאינה וראינה", אַ דיק ספר אין גרויסן פאָרמאַט אויף אַלע „סדרות" פון יאָר, אָנגעפּילט מיט טיף־רעליגיעזער עטיק און פּרעכטיק־אַדורכגעפלאָכטענע שטעלן פון תלמוד, מדרש און פאַרשידענע ספרים, געשריבן אין אַ שיינעם צונויפגעשטעלטן סטיל — אָט דער טייטש־חומש האָט געהאַט אויף מיר אַ טיפע רעליגיעזע השפּעה אין מיינע יונגע יאָרן.

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן און געוואָרן אַ גמרא־בחור

(בערך 10 יאָר אַלט), זענען די היימישע ספרים פון שטוב נישט געווען גענוג. איך פלעג מיט אפגעשפאָרטע גראָשנס קויפן ביכלעך פון פאַרשידענע וואַנדערנדיקע מוכרי ספרים, וועלכע פלעגן צעלייגן איבערן לאַנגן הילצערנעם בית־המדרש־טיש הונדערטער מעשה־ביכלעך (נישט קיין ראָמאַנען, חס וחלילה; מיט אַזאַ טריפהער סחורה וואָלט מען נישט דערלויבט צו קומען אין אַ בית המדרש). די ביכלעך זענען מערסטנס געווען פאָלקס־מעשיות; מעשיות פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער און ענלעכן שטייגער. מען פלעגט אויך קויפן וויץ־און הומאָר־ביכלעך ווי: יוסף לאָקש, שמחה פלאַכטע, הערשעלע אָסטראָפּאָלער, מאָטקע כאַבאַד אד״ג.

## שבת אין שטעטל

איך האָב ליב געהאַט צו גיין דאַווענען פרייטיק־צו־נאַכטס אין שול אַריין. דער הויכער מאַסיווער בנין מיטן באַלעמער און ארון־קודש און מיט די צענדליקער פון דער סטעליע אַראָפּהענגנדיקע לייכטער (קאַנדעלאַברען) און אין זיי די אָנגעצונדענע ליכט — האָט געשאַפן אַ מאַיעסטעטישן אויסזען און דערוועקט אַ געהויבענעם רעליגיעזן געפיל און עקסטאַז. אין שול האָבן געדאַוונט בעלי בתים, וואָס זענען נישט געווען קיין חסידים. לאַנגע יאָרן איז געווען שמש אין שול ר׳ מענדל באום. אַ שטילער, רויקער מענטש, וועלכער האָט זיך מיט די בעלי־בתים פון שטאָט קיינמאָל נישט געקריגט. שטיל געלעבט און שטיל געשטאָרבן. אין דער דאָזיקער שול האָט פאַר די לעצטע יאָרן געדאַוונט מיט אַן איינגעשטודירטן כאָר הערשל שוחט, וואָס איז באַרימט געווען מיט זיין זיסער נגינה און אייגענע תפילה־קאָמפּאָזיציעס. דער לעצטער רב ר׳ יששכר הלוי האָט דאָס, צוליב זיין רעליגיעזן פאַנאַטיזם, נישט געקאָנט סובל זיין און צוליב דעם איז נישט געווען קיין שלום־בית צווישן אים און דעם רב.

שבת האָט דאָס שטעטל באַקומען אַ גאַנץ אַנדער פנים. אַלע יידישע געשעפטן זענען געווען פאַרמאַכט. אין די פרימאָרגן שעהען האָבן זיך געהערט פון פיל היימען דאָס „מעביר סדרה" זיין; שנים מקרא ואחד תרגום. פון אַקעגן איבער מיין פעטער מאירס הויז, האָט מען יעדן שבת געהערט, ווי שמואל רינג (אַן אייגנטימער פון אַ מיל) פלעגט לערנען אַ בלאַט גמרא מיט אַ זיסן פאַרבענקטן גמרא־ניגון, און דער ניגון פלעגט זיך טראָגן ווייט ווייט איבער אונדזער שול־געסל.

גלייך אין דער פרי פלעגן שטראָמען יידן פון אַלע ריכטונגען, אָנגעטאָן אין די שבתדיקע מלבושים (חסידים — אין זיידענע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע היטלען) — צום דאַווענען. ווער אין שול, בית־המדרש אָדער חסידים־„שטיבל". פאַרשידענע חסידים־שטיבלעך זענען ביי אונדז אין שטעטל געווען: אַמנישאָווער, ראַדזימינער, אָטוואָצקער, אַלעקסאַנדערער און גערער. צווישן די 2 לעצטע זענען תמיד פאָרגעקומען מחלוקת לשם שמים. דאָס גרעסטע שטיבל איז געווען דאָס גערער. דאָרט האָבן געדאַוונט די גרעסטע לומדים פון שטאָט ווי: פרוכטנבוים א״א. דאָס שטיבל איז געווען אָפן אַ גאַנצע וואָך. שטענדיק זענען אינעם שטיבל געווען אייניקע בחורים, וואָס האָבן געלערנט „פאַר זיך" און עס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל ספרים.

לעבן דער שול האָט זיך געפונען דער בית־המדרש, וועלכער איז געווען אָפן פאַר די מתפללים אַ גאַנץ יאָר. יעדן אָוונט נאָך מעריב פלעגן אַ פּאָר צענדליק יידן ביי אָנגעצונדענע ליכט (עלעקטריע איז ערשט אויפגעקומען אין די שפּעטע 20 יאָרן) לערנען משניות. שבת נ.מ. פלעגט איינער לערנען מיט אַ גרויסן עולם „עין יעקב".

עס פלעגן אָפט קומען מגידים און האַלטן דרשות צווישן מנחה און מעריב. שטענדיק איז געווען אַ גרויסער עולם, וואָס פלעגט זיך צוהערן צו די דרשות. מערסטנס זענען דאָס געווען סקאַרבאָווע מגידים, וועלכע פלעגן שרעקן דעם עולם מיטן פייער פון גיהנום פאַר שלעכטע מעשים.

פון די אַלע דאַרף מען אויסטיילן דעם באַרימטן מטיף ראַפּאַפּאָרט, אַן אָפּשטאַמיקער פון ביאַליסטאָק (געשטאָרבן מיט אייניקע יאָרן צוריק אין ניו־יאָרק, אין עלטער פון 90 יאָר). זיינע דרשות זענען געווען מייסטער־ווערק, אי אין אינהאַלט, אי אין דער קאָנסטרוקציע. אַ שיין צוגעפּאַסטע מעלאָדיע האָט באַגלייט זיין „זאָגן". ער האָט פאַרמאָגט אָראַטאָרישע און אַרטיסטישע פעיקייטן. די ווייטע תנ״ך־געשטאַלטן פלעגט ער פאַרן עולם מאַכן נאָענט און היימיש, ווי זיי וואָלטן געלעבט צווישן אונדז. די גאַנצע שטאָט, קאָן מען זאָגן, איז געקומען צו זיינע דרשות. גערעדט האָט ער עטלעכע אָוונטן אין בית המדרש (נישט קיין געוויינלעכע דערשיינונג ביי מגידים) ביי אַ פול־פול געפּאַקטן עולם. איך האָב אין מיין לעבן נישט געזען אַזאַ ים מיט קעפּ, ווי ביי זיינע דרשות.

אין דעם זעלבן בית המדרש איז געווען פאַר די לעצטע 10 יאָר, פון פאַר דעם צווייטן קריג, די נאָוואַרדיקער ישיבה. דאָס רוב ישיבה־בחורים זענען געקומען פון פאַרשידענע מקומות אין פוילן זיי פלעגן עסן „טעג" ביי פאַרשידענע בעלי־בתים. ראש ישיבה איז געווען ר׳ יצחק, אַ גרויסער למדן, געשטאַמט פון סלאָנים.

דאָ דערמאָנט מיך אין אַן איבערלעבונג, וואָס ס׳איז געווען שייך צו מיר גופא: אין יאָר 1930 בין איך געווען אַ תלמיד אין דער דאָזיקער ישיבה. צוליב איבערכאַפּן מיינעם

אַ בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צו אַ חבר אין דער לאָמזשער ישיבה (אין וועלכן זיי האָבן געזען אפּיקורסות), בין איך באַזייטיקט געוואָרן פון דער ישיבה. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מיך דער ראש ישיבה געבעטן, איך זאָל צוריקקומען. דערביי האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ גמרא, וואָס זאָגט: „ווען גאָט האָט חרוב געמאַכט דעם בית המקדש, האָט ער געוויינט". פרעגט מען: צו וואָס האָט ער חרוב געמאַכט, ער זאָל שפּעטער דאַרפן וויינען? האָט ער אויסגעפירט דעם געדאַנק, אַז טיילמאָל דאַרף מען חרוב מאַכן און שפּעטער וויינען...

היינט זע איך, אַז איך האָב דאַן נישט ריכטיק געהאַנדלט. דאָס אַוועקגיין פון דער ישיבה מיט אַ זעץ אין טיר, איז נישט געווען אויפן פּלאַץ. די חדרים און ישיבות האָבן באַרייכערט אונדזער לעבן. אָן די דאָזיקע רעליגיעזע דערציונג־אינסטיטוציעס, ביי די דעמאָלטיקע באַדינגונגען און יענער צייטיקע סביבה, וואָלטן פיל פון אונדזערע יוגנטלעכע געווען פאַרבליבן פאַרגרעבט און אָפּגעשטאַנען. דעם זעלבן דורשט פון לערנען, וואָס מיר האָבן געהאַט אין ישיבה, האָבן מיר ווייטער אָנגעהאַלטן, ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן צו דער וועלטלעכער קולטור. די שענסטע מידות, וואָס מיר האָבן איינגעזאַפּט אין חדר, האָבן מיר אויך ווייטער נאָך מער פאַרטיפט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווו דער ענדציל איז פאַר אונדז געווען: פרידן און גליק פון מענטש.

## די יוגנט אין שטעטל

וועגן אונדזער יוגנט זענען פאַראַן מיינונגען פון אָנגעזעענע קולטור־טוער. אַזוי אַ שטייגער שרייבט מ. ווייכערט, דער אָנגעזעענער טעאַטער־טוער און אָנפירער פון יונג־טעאַטער אין דעם פאַר מלחמהדיקן פוילן (נפטר געוואָרן אין ישראל), אין זיינע זכרונות, באַנד 2, וועגן אַ פאָרלעזונג אין פולטוסק. אָט ווי ער גיט איבער דעם פאַקט: „אויף אַ פאָרלעזונג אין פולטוסק, האָב איך מיך פאַרשפּעטיקט; זי איז געווען באַשטימט אויף 3 נ.מ. און איך בין געקומען 5 אַ זייגער נ.מ., ווייל איך האָב געמוזט אין דער צייט זיך משתדל זיין אין אינערן מיניסטעריום וועגן אַ קאָנצעסיע פאַר אַ יידישער טרופּע. ווען איך בין אָנגעקומען קיין פולטוסק, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז דער עולם האָט געוואַרט 2 שעה און אַזוי ווי איך בין נישט געקומען, איז ער זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פאַרפאַלן, האָב איך געזאָגט, וועל איך מוזן אַ היים פאָרן. קיין הוצאות האָב איך נישט פאַרלאַנגט און כ'האָב נאָך איבערגעבעטן די איינאָרדנערס פאר די צרות וואָס זיי האָבן געהאַט. „וואָס פאַלט אייך איין — האָבן זיי געענטפערט — איר וועט זיך מיט אונדז איבערגיין אין שטאָט. דער עולם וועט זען, אַז איר זענט דאָ, וועט ער זיך באַלד אויפקלייבן פון דאָס ניי". און כך הוה: אין אַ קנאַפּער שעה איז דער זאַל געווען געפּאַקט.

אַ צווייטער אָנגעזעענער שרייבער, מ. צאַנין, רעד. פון דער ישראלדקער צייטונג „לעצטע נייעס", אין זיין בוך „איבער שטאָק און שטיין", אַ רייזע איבער 100 חרוב געוואָרענע קהילות אין פוילן, ווידמעט אין בוך 3 זייטן פאַר אונדזער שטאָט (ער האָט געדינט ערב די 2־טע מלחמה אין 13־טן פּולק אין פולטוסק). ער שרייבט: „ווען מיר זענען אָנגעקומען מידע און פאַרמאַטערטע פון די מאַנעווורעס אין שטאָט אַריין, זענען די יידן אַנטקעגן געגאַנגען דעם פוילישן מיליטער מיט קריגלעך מילך, צו שטילן דעם דורשט פון מיליטער. דאַן האָבן די אָפיצערן אויף די פערד צעשלאָגן מיט די נאַהייקעס די יידן. זיי האָבן אויסגעגאָסן די קאַנען מיט מילך און דערציילט דעם פוילישן מיליטער, אַז די יידן ווילן פאַרסמען די פוילישע אַרמיי. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה צווישן די יידן, אין מיטן מאַרק זענען די יידן געשטאַנען און געקוקט מיט טרויער אויף דעם פאַרבייגייענדיקן מיליטער. אויב די לאַגע זעט אַזוי אויס, ווען מען איז נאָך נישט אויפן פראָנט, טאָ וואָס וועט זיין שפּעטער".

„איך בין דעמאָלט אַרויסגעטרעטן פון די רייען און אַריינגעגאַנגען אין אַ יידיש געוועלבל קויפן אַ פּעקל שוועבעלעך. שטייט אַ פרוי, איך זע איר טרויעריק פּנים, טרייסט איך איר, זאָרגט נישט, מומע, עס וועט נאָך גוט זיין. הלוואי זאָל זיין ווי דו זאָגסט, ענטפערט זי מיר".

אָט איז זיין מיינונג וועגן די פולטוסקער יידן: „די פולטוסקער זענען געווען האַרציקע מענטשן, שטאַרק געהאַלטן פון דער גוטע מידה פון הכנסת אורחים. פאַר יעדן יידישן זעלנער איז געווען אָפן די טיר". וועגן דער יוגנט שרייבט ער: „אַ יוגנט, וואָס האָט פאַרמאָגט געדולד צו לייענען דיקע ראָמאַנען און שפּעטער אין שפּאַציר־גאָרטן העפטיק דיסקוטירן און פונאַנדערגלידערן די פּסיכאָלאָגיע פון יעדן העלד באַזונדער".

דאָס לעבן איז געווען דאָ אַזוי שטיל, אַז איינמאָל איז געקומען משה נאַדיר האַלטן אַ רעפעראַט, איז ער פאַרבליבן עטלעכע וואָכן. אונדזער יוגנט האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר פאַרגליווערטן שטייגער לעבן. די שטוב אַליין האָט שוין נישט געקאָנט באַפרידיקן, האָט מען געזוכט זיך צו קאָנען אויסלעבן אין אַ געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער. אַזוי ווי דאָס גאַנצע קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום די פאַרטייען, האָט כמעט 90 פראָצענט פון אונדזער יוגנט

געהערט צו פאַרשידענע פּאַרטייען. יעדער פּאַרטיי האָט פאַר־מאָגט אַן אייגענע ביבליאָטעק. די ביבליאָטעקן — זענען געווען די אוניווערסיטעטן פון אונדזער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט. מען האָט פיל געלייענט. כסדר פאַרטיפט דעם וויסן, כאָטש אַליין געקומען פון חדר און אַרבעטס־וואַרשטאַט, האָט מען נאָך געציילטע יאָרן געהאַט דעם נויטיקן קולטור־באַגאַזש צו קאָנען דיסקוטירן איבער אַלע אַנגעווייטיקטע און קאָמפּלי־צירטע פּראָבלעמען פון יענער אומרויִקער צייט. די דיסקוסיעס זענען געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכן פּאָליטיש־קולטורעלן ניוואָ. יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געהערט צו אַרבעטער־פּאַרטייען, האָבן באַזעסן טיפע ידיעות פון פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע און מאַרקסיזם.

די יידישע יוגנט האָט געזוכט אַן אויסוועג — זי האָט געלעבט אָן אַ מאָרגן, אָן אַ מעגלעכקייט צו געפינען אַ ריכ־טיקע באַשעפטיקונג. אַ טייל האָט געגעסן ביי טאַטע־מאַמע, געלייענט ביכער, געפירט דיסקוסיעס — דאָס איז געווען ווייניק אויף צו שאַפן זיך אַ פּראָדוקטיווע פּאָזיציע אין לעבן. אַ טייל יוגנטלעכע האָבן געזען אַן אויסוועג אין ציוניזם, דער געדאַנק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און בויען אַן אייגענע היים. די בונדישע יוגנט האָט געהאַלטן, אַז פּאַלעס־טינע קאָן נישט לייזן די יידן־פראַגע, האָט זי געקעמפט פאַר אַ שענער און בעסער לעבן אויפן אָרט און געזען צו דערציען דעם יונגן דור אין אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן גייסט. די גאַר רעוואָלוציאָנער־געשטימטע יוגנט, האָט זיך אַריינ־געלאָזט מיט לייב און לעבן און שטאַרקן גלויבן אין דער קאָמ.־פּאַרטיי, וועלכע האָט געלאָקט מיט אירע גרויסע אַל־מענטשלעכע לאָזונגען און געזען אין איר — אַן אויפגעפּראַלטן טויער צום אייביקן מענטשלעכן גליק.

## פולטוסק אַלס שטאָט *

איבער מיין לאַנגן וואַנדער־וועג אין פאַרשידענע לענדער האָב איך באַזוכט הונדערטער שטעטלעך אָבער קיין איין שטעטל וואָלט איך נישט געקאָנט פאַרגלייכן, אין פּרט פון אורבאַניסטישער שיינקייט, לגבי אונדזער שטעטל. כאָטש פולטוסק רעכנט זיך פאַר איינע פון די עלטסטע שטעט אין פוילן (אין 1966 האָט די שטאָט געפייערט איר 1.000 יעריקן יובילעאום) **, האָט זי דאָך אויסגעזען ניי און יונג. די גרויסע שריפה אין 1875, האָט פאַרצוקט די הילצערנע אַלטע הייזקעס, איבערגעבליבן איז בלויז דער „אַלטער מקום". דאָ האָט מען געקאָנט זען דעם בוי־סטיל פון פולטוסק פון פאַר דער שריפה; אַלטע האַלב־איינגעזונקענע הייזקעס, ווו די פענצטער שפּאַרן אַזש אָן די סאַמע ערד. די שטאָט איז געוואָרן פּלאַנמעסיק אויף דאָס ניי איבערגעבויט (די הייזער האָט מען געבויט אויסשליסלעך פון ציגל און נישט פון קיין האָלץ) — מיט ברייטע גלייכע גאַסן, פאַרפּלאַנצט לענג־אויס די גאַסן מיט קאַשטאַן־ און ווערבע־ביימער; מיט אַ ברייטן רחבותדיקן פּירקאַנטיקן מאַרק, וואָס האָט געקאָנט אַריינגעמען צענדליקער טויזנטער מענטשן. די טראָטואַרן אויסגעלייגט מיט צעמענ־טענע פּירקאַנטיק פּליטן, דעם שאָסיי אויסגעברוקירט מיט גאַנצע שטיינער (נחום סאָקאָלאָוו באַשרייבט אַזאַ רייזע מיט דער פּלאַטפאָרמע פון מאַקאָווע דורך פולטוסק קיין וואַרשע, ווען דער שאָסיי איז געווען אוסגעלייגט מיט גאַנצע שטיינער און די געדערעם פלעגן זיך ביי די פּאַסאַזשירן ממש אַרויס־טרייסלען).

געווען 2 שפּאַציר־גערטנער: איינער אויפן מאַקאָווער שאָסיי, וואָס האָט פאַרמאָגט שיינע אַלייען מיט הונדערטער מינים אַלטע ביימער און פּלאַנצן; דער צווייטער — האַרט ביים נאַרעוו, האָט געהאַט שיינע אויסגעאַרבעטע וועגעלעך מיט אויסגעלייגטע בלומען. אין די זומער־חדשים האָבן די איינ־וווינער באַזוכט די שפּאַציר־גערטנער, ווו מ'האָט איינגע־אָטעמט פרישע ריינע לופט, און זיך באַפרייט פון דער שטיקנ־דיקער לופט פון דער שטאָט.

אַ באַזונדערן חן האָט די שטאָט פאַרמאָגט, וואָס די נאַטור אַליין האָט זי באַשאָנקן דערמיט, וואָס דער צענטער שטאָט האָט זיך געפינען ווי אויף אַן אינזל, געבילדעט פון 2 אָפּפלוסן פון דעם נאַרעוו־טייך, ווער ס'איז נאָר אַהער געקומען פון דער פרעמד, איז אַריינגעפאַלן אין התפעלות פון דער קליינער אָרגינעלער שיינער שטאָט.

סוף מערץ 1939 בין איך אַרויסגעפאָרן קיין קובא. די ערב־מלחמה־שטימונג האָט זיך שוין געפילט אין גאַס. די נאַצישע חילות האָבן שוין דעמאָלט געהאַט פאַרנומען טשעכיש פּראַג. מען האָט געקאָנט גענוי פאַרויסזען דעם אָנקומענדיקן מלחמה־שטורעם אויף פוילן. אין לאַנד איז די היימישע רעאַק־ציע געווען פּאָליטיש געבונדן מיטן נאַציישן דייטשלאַנד און נאָכגעמאַלפּעוועט זייער יידן־פּאָליטיק. אַ ברייטע כוואַליע פון פּאָגראָמען האָט פאַרגאָסן יידישע שטעט און שטעטלעך, ביי דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון דער פּאָליציי און דאָס מיליטער. עס זענען איינגעפירט געוואָרן געטאָ־בענק אין די אוניווערסיטעטן. מען האָט דערמוטיקט אַ שאַרפן ווירט־

* לויט דער פאָלקס־ציילונג אין 1921, האָט די שטאָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 13.504, דערונטער 5.919 יידן; דאָס מאַכט אויס 43.7 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

** דער „נויער לעקסיקאָן" (אין דייטש) גיט אָן דאָס יאָר 956 אַלס די דאַטע ווען די שטאָט פולטוסק איז געגרינדעט געוואָרן (י. אַ.).

שאַפּטלעכן באַיקאָט לגבי די יידישע סוחרים און האַנדווער־קער. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געריכט אויף נאָך מער שווערע באַגרענעצונגען און נגישות.

טראָץ דעם טראַגישן מצב, אין וועלכן דאָס פּוילישע יידנטום האָט זיך געפונען, און בתוכם אונדזער שטאָט, ערב דעם קריג — האָט אַפילו דעם גרעסטן שוואַרצזעער נישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק, אַז נישט מער ווי אין געציילטע חדשים וועט ווערן אויסגעריסן מיטן וואָרצל, און צום גרעסטן טייל פיזיש פאַרניכטעט, דער יידישער ישוב אין פּולטוסק; די קהילה קדושה דפולטוסק, האָט געבליט און געוואַקסן אין משך פון איר קיום מיט אַזוי פיל האַרץ און יידישקייט. בוי און מסחר, גרויס־חסידות און הויך־שטרעבן, בוך און פּאַרטיי. אידיאַל און אויסקוק נאָך גאולה פון ייד און מענטש.

מיר, די יורשים, מעגן זיין שטאָלץ מיט דעם לעבן און שטרעבן פון די פּולטוסקער יידן. מיר דאַרפן זען שאַפן אַן אייגענעם זכות אין יידישן לעבן, און דאָס וועט זיין דער שענסטער זכרון פאַר אונדזער קליינער און שיינער יידישער שטאָט פּולטוסק.

## מיין דאָרף אבריטע

איך בין געבוירן אין יאָר 1911, אין פּולטוסק. אין 1913 האָט מיין פאָטער באַקומען פון אַ ברודער אין אַמעריקע אויפ־פאָדערונגס־פּאַפּירן. מיין באָבע האָט שוין דעמאָלט געהאַט 2 זין אין אַמעריקע, האָט זי זיך איינגעשפּאַרט, זי וועט אים נישט לאָזן פאָרן אין טרייפענעם לאַנד אַריין. זי וויל נאָך האָבן אַ זון, וואָס זאָל זאָגן נאָך איר „קדיש". מיין פאָטער האָט איר צוליב געטאָן און נישט געפאָרן.

אין יאָר 1914 האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. מיין פאָטער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. ער האָט איבערגעלאָזט מיין מוטער מיט 2 קליינע קינדער, שווער זיך געפלאָגט אויף באַשפּייזן זיך מיט די קינדער. אין 1917 אַריבערגעצויגן זיך אין דערבייזיקן דאָרף, אַבריטע, כדי לייכטער זיך קאָנען מפרנס זיין. אַליין אַן אָפּשטאַמיקע פון דאָזיקן דאָרף, האָט זי געהאַט פיל באַקאַנטע פּויערים. פלעגט זי אויפקויפן מילך, פון וועלכן זי פלעגט אויסשלאָגן פּוטער, מאַכן קעז. זי פלעגט אויך צוהאַנדלען מיט אייער און אַנדערע אַגראַר־פּראָדוקטן. איך פלעג איר אַלס קינד העלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט. מיר האָבן געדונגען אַן ענגן אַלקער ביי אַ גויישער פאַמיליע, כדי נישט צו צאָלן קיין סך דירה־געלט. מיין מאַמע פלעגט זיך אַרויסלאָזן איבער פאַרשידענע דערפער. אונדז האָט זי איבערגעלאָזט ביי דער גויע. מיר, דעם 6 יאָריקן בחור, אַנגעזאָגט נישט טועם צו זיין פון זייערע טריפהנע מאכלים, ווי אויך אָפּצוהיטן מיין יונגערן ברודער פון דעם דאָזיקן טרפות, וועלכער וואָלט עס גערן געגעסן.

פאַר מיר איז דאָס אַריבערציען זיך אין דאָרף געווען אַ גרויס גליק, וואָס זעלטן אַ יידיש קינד איז זוכה. אין שטאָט בין איך געווען באַגרענעצט צו אַן ענגן הויף. דאָ האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע אומבאַגרענעצטע וועלט, מיט פעלדער, וועלדער, לאַנקעס פאַרזייט מיט בלומען פון אַלע קאָלירן; מיט בעלי־חיים, וואָס איך וואָלט אין שטאָט נישט געזען. באַלד האָט מיר דער שייגעץ (דער באַלעבאָסטעס זון), אין זעלבן עלטער וואָס איך, צוגעפירט צום הונט, וואָס איז געווען אָנגע־בונדן אויף דער קייט, געגעבן אים צייכנס, אַז איך בין אַן אייגענער; אַז מהיום והלאה דאַרף ער אויף מיר מער נישט בילן און מיר דאַרפן ווערן גוטע פריינד. פון דער טראַדיציאָ־נעלער יידישער מורא פאַר אַ הונט, וואָס עקזיסטירט מערסטנס ביים שטאָטישן יידישן קינד, האָב איך דאָ נישט געליטן.

איך פלעג אָפט אַרויספאָרן מיילן ווייט צו זען די זומער־אַרבעטן אין פעלד. די פּויערישע פעלדער פלעגן זיך ציען עטלעכע מייל פון שטוב. איך פלעג נאָכגיין ביים זייען און שניידן. סוף זומער פלעגט מען קאָסיען די לאַנקעס און אַנלייגן דאַראַביאַסטע וועגענער מיטן אויסגעטרוקנטן היי. כ'האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו ליגן אויפן סאַמע שפּיץ וואָגן מיטן אָנגעלייגטן היי, וואָס האָט געשמעקט מיט אָנגענעמען פעלד־ריח און מיילן ווייט אַזויערנאָך פאָרן.

וואָס ווייסט אַ שטאָטיש קינד פון אָט דעם פאַרגעניגן? איך בין טאַקע צוליבן לעבן אין דאָרף געוואָרן אַ ליידנשאַפט־לעכער נאַטור־ליבהאָבער.

צווי יאָר האָב איך אַזוי געלעבט אויף דער פרייער לופט. די מאַמע איז געווען פאַריאָגט אין דער אַרבעט און איך בין געווען אַ פרייער פייגל. פּטור געווען פון לערנען און גיין אין „חדר". עטלעכע חדשים בלויז באַזוכט די דאָרפס־שול. די ערשטע געשיכטע פון חומש האָב איך נישט געלערנט אין חדר, נאָר ביים דאָרפישן גלח, וועלכער פלעגט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק רעדן וועגן אַלטן טעסטאַמענט. דאָס ערשטע מאָל, ווען איך בין געבליבן ביי דער לעקציע, האָבן מיר גלייך די שקצים פאַרמסרט פאַרן גלח, אַז אַ ייד זיצט אויף אונדזער לעקציע. האָט דער גלח זיי געענטפערט, אַז אויך אַ ייד קאָן בייזיין ביי דער דאָזיקער לעקציע (דעמאָלט נאָך געווען אַנדערע צייטן).

מערסטנס האָב איך פאַרבראַכט, ווי געזאָגט, אויפן פעלד. אַרומגעלאָפן מיטן הונט, געקראָכן צו די טויבן, געבראַכט זיי קערנער; זיי פלעגן אַן שום מורא פּיקן פון די הענט.

גלייך ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז מיין פאָטער

צוריקגעקומען פון פראַנט; גאַנץ, אָן אַ פיזישן פעלער. מיט זיין קומען האָבן זיך געענדיקט מיינע 2 יאָר פוסט און פאַסעווען. גלייך זיך איבערגעצויגן אין אַ יידישער דירה. ביי אונדז אין דאָרף האָבן געוווינט 18 יידישע פאַמיליעס. שוין עטלעכע דורות. געלעבט האָבן זיי טיילווייז פון לאַנדווירטשאַפט, געהאַט אייגענע פעלדער. זיי האָבן אויך צוגעהאַנדלט מיט אויפקויפן קעלבלעך, תבואה. זומער פלעגן זיי אָפדינגען סעדער און דאָס אויבס פונאַנדערפירן מיט אַן אייגן פערד און וועגעלע אין די נאָענטע שטעטלעך. זיי האָבן שווער געאַרבעט אויף צו מאַכן אַ לעבן. געאַרבעט פון פאַר פרי ביז שפעט אין אָוונט, נישט פריי געווען אַפילו שבת און יום־טוב. זומער געדאַרפט אַרויסטרייבן די בהמות אין פעלד אַריין, אין די ווינטער־חדשים געדאַרפט אַרומגיין אַרום די בעלי חיים. געלעבט אָרעם. אַ גאַנצע וואָך פלעגט מען זיך באַגיין אָן אַ שטיקל פלייש. אַז ס'איז געקומען דער הייליקער שבת, האָט מען זיך אויך נישט „פונאַנדערגענומען די הענט"; געקויפט אַ לונג און לעבער, אַ פאָר קעלבערנע פיסלעך, אַ קעפל. אַ מלבוש האָט מען זיך זעלטן געלאָזט מאַכן. מ'האָט געלייגט אַ לאַטע אויף אַ לאַטע און איבערגעקומען ווי ווייט מ'האָט געקאָנט. אויך די שטוב־אויסשטאַטונג ווי: כלים און מעבל איז געווען געוויינלעך אָרעם. דאָס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון עטלעכע אַלטע בעטן, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרלוירן זייער פריערדיקן קאָליר; עטלעכע שטולן מיט צעבראָכענע אָדער האַלב איינגעפאַלענע צודעקן; אַ שאַנק מיט אַרויסגעריסענע טירן אָן זאַוויאַסן, — וואָס פאַר אַ מלבושים, אייגנטלעך, זענען בכלל געווען דאָרט אַריינצוהענגען?

די יידן זענען געווען פשוט, אָפּגעשטאַנען. מער ווי דאַווענען האָט קיינער נישט געקאָנט און מער ווי סידורים און מחזורים אויף ראש־השנה און יום־כפור — ביי אַ טייל אויך חומשים — האָט מען אין אָט די שטובן נישט פאַרמאָגט. שבתים און יום־טובים פלעגן זיך צונויפקומען יידן פון די אַרומיקע דערפער און מאַכן אַ מנין (שטענדיק ביים זעלבן ייד). אויף ימים נוראים פלעגט מען דינגען אַ בעל־תפילה, יעדער פון די בעלי־בתים אין דאָרף האָט צוגעטראָגן אַ געוויסע סומע דערפאַר. דאָס זעלבע איז געווען ביים קויפן אַן אתרוג אויף סוכות. פסח האָט יעדער געבאַקן פאַר זיך מצות.

טיף אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט אַ טרויעריקע אַנטיסעמיטישע געשעעניש אין באַגינען פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט:

אין יאָר 1918 האָט אַדורכגעמאַרשירט אונדזער דאָרף אַן אָפּטיילונג פון דער פוילישער אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַוווסטן אַנטיסעמיטישן גענעראַל יאָזעף האַלער, וועלכע מ'האָט גערופן „האַלערטשיקעס" (די יידן פלעגן זיי רופן כאַלערטשיקעס). זיי האָבן יעדן דערוואַקסענעם ייד, וועלכן זיי האָבן באַגעגנט אין גאַס — אָפּגעשוירן די באָרד (זיי האָבן נאָך די מלאכה געקאָנט פאַר היטלערן). אַ סך וואָכן האָבן די יידן געהאַט — פאַר בושה — פאַרבונדן מיט ווייסע טיכלעך זייערע גאָמבעס; אַ פרעמדער האָט געקאָנט מיינען, אַז די דאָזיקע יידן ליידן נעבעך פון ציין־ווייטאָג. אָט מיט אַזעלכע „מעשים טובים" האָט זיך אָנגעהויבן זייער פריי מלוכהדיק לעבן און מיט די זעלבע מעשים האָבן זיי מיט 21 יאָר שפעטער פאַרענדיקט זייער מלוכהשאַפט.

די באַציונגען אין דאָרף מיט די פויערים זענען געווען פריינדלעכע. דער גלח האָט נישט געהעצט פון דער אמבאָנע קעגן יידן. מען פלעגט זיך קעגנזייטיק באַגריסן, אַז מ'האָט זיך באַגעגנט. אין די צוויי יידישע געוועלבער אין דאָרף, פלעגן זיך אין די וואָכן־טעג צונויפקומען צענדליקער פויערים, איבערזיצן שעהען לאַנג, אַרומרעדן צווישן זיך פאַרשידענע דאָרפישע ענינים. דער פויער, וואָס האָט אַבאָנירט אַ צייטונג פלעגט אַרומרעדן די לויפיקע פאָליטישע נייעס, עס מסביר זיין פאַר די אַרומיקע, וואָס פלעגן אגב אָנרייכערן אַ פולע שטוב מיט דעם ביליקן מאַכאָרקע־טאַבאַק, אַז מ'האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן.

אַזוי האָט זיך עס געלעבט ביז 1937סטן יאָר. ווען אין לאַנד האָט זיך צעגאָסן אַ ברייטע אַנטיסעמיטישע כוואַליע, האָט זי אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער דאָרף, ווו עס האָבן געוווינט ביי 2 צענדליק יידישע משפחות. ווי אַ צוגאָב דערצו, איז אַראָפּגעקומען פון פלאָצקער גלחישן סעמינאַר אַ יונגער גלח, אַן ענדעק, וועלכער האָט גלייך אָנגעהויבן העצן זיינע גלייביקע: „סטייטש, וואָס שווייגט איר? דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך אויפגעהויבן קעגן די יידן, און איר לאָזט דאָ רויִק לעבן אייערע אייגענע יידן?"

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, מהאָט אָנגעהויבן האַקן שויבן אין די יידישע וווינונגען און די לופט איז געוואָרן אַ פאַרסמטע. מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ בעקעריי אין דאָרף. האָט מען געמאַכט אַ פולשטענדיקן באָיקאָט און נישט אַריינגעלאָזט קיין גויים קויפן. האָט ווער געוואַגט עובר צו זיין אויפן באָיקאָט און יאָ געקויפט, אַזוי האָט מען אים באַוואָרפן מיט שטיינער און מיט בלאָטע און נאָכגעשריגן: „יידישער מאָשעק"! אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. ווען מיין מוטער, עליה השלום, איז געגאַנגען זיך באַקלאָגן פאַרן עלטערן גלח, האָט ער איר געענטפערט: „איר זענט אַלע קאָמוניסטן, מען דאַרף אייך דאָ, אין דאָרף נישט האָבן". אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז צום אויסברוך פון דער 2־טער וועלט מלחמה.

אין די ערשטע טעג פון קריג איז אונדזער דארף אקו־פירט געווארן דורך די דייטשן. די יידן פון די דערפער ארום פולטוסק האבן זיי נישט ארויסגעיאגט אין 1939, געלאזט זיי וווינען ביז סוף יאר 1940. דאן זענען זיי טראנספארטירט געווארן אין א דארף לעבן רוזשאן און געלעבט ביזן יאר 1941, און לסוף צונויפגעטריבן אלע יידן פון די דערפער — אין מאקאווער געטא. אלע יידן זענען אפגעטראנספארטירט געווארן אין די טויט־לאגערן פון טרעבלינקע און אשוויענטשים.

פון די אבריטער יידן איז לעבן געבליבן מיינער א ברודער (היינט אין קאנאדע; איבערגעלעבט אשוויענטשימער לאגער), א צווייטער — אהרן פראווקע (וווינט אין קאנאדע), האט איבערגעלעבט צוזאמען מיט נאך איינעם פונעם דערבייאיקן דארף וולקע — אין אן אויסגעבויטן בונקער אין וואלד; איבער 2½ יאר געלעגן דארט באהאלטן. יעדן אוונט פלעגט ער זיך אריינכאפן אין פארשידענע דארפישע כאטעס, באקומען גע־וויסע פראדוקטן, טראץ די גרויסע סכנות, וואס איז געווען דערמיט פארבונדן, האט מען אים די הילף נישט אפגעזאגט. א דאנק דעם איז ער געווען בכוח איבערצולעבן דעם דאזיקן גיהנום. דער צווייטער, לאוודיגא, לעבט אין ישראל.

אט אזוי איז אומגעקומען א קליינער דארפישער ישוב, וואס האט עקזיסטירט שוין עטלעכע דורות.

צוזאמען מיט די אבריטער יידן זענען אויך אומגעקומען א סך יידישע משפחות פון די ארומיקע דערפער (אינטערעסאנט, וואס די געאגראפישע נעמען פון די אונטן דערמאנטע דערפער האבן יידן גערופן לויטן יידיש־פויליישן דיאלעקט און נישט ווי די דערפער האבן געהייסן אין דער פוילישער שפראך).

עס זענען אומגעקומען: 2 פאמיליעס (16 נפשות) אין דארף צולקאווע; 2 פאמ. אין דארף גרודעק; 1 פאמ. אין דארף ראנשציק; 1 פאמ. אין דארף וויעלגאלאס; 10 פאמ. אין דארף סאקאלאווע; 10 פאמ. אין דארף וווולקע.

יהי זכרם ברוך והשם ינקום את דמם.

## א פאמיליע

איינע פון די איידלסטע פאמיליעס אין שטאט, איז, אן שום ספק, געווען די פאמיליע פשעטשעלעניעץ. מאיר פשעס־טשעלעניעץ, באקאנט אין שטאט אלס מאיר בעקער, איז געווען א חסידישער ייד, א נוח לבריות, א מכניס אורח און א גרויסער בעל־צדקה. ווי אין יעדער למדנישער שטוב, האבן זיך דארט געפונען 2 פולע שענק מיט הונדערטער ספרים ווי: ש״ס, פוסקים, דרוש־ספרים, חסידישע ספרים און ספרים אין עברי־טייטש. צווישן די ספרים אין עברי־טייטש, האבן זיך געפונען: דער „נחלת צבי״ (א באארבעטונג פון „זוהר״), די „צאינה וראינה״, דער „קב הישר״ מיט זיינע גיהנום־שילדערונגען און מעשיות פון רביים, פון חסידים, וועלכע איך האב, נאכן קומען פון חדר, שטענדיק געליינט. די דאזיקע פאמיליע האט גע־וווינט אויף קאטליארסקע 4. אין 1955, ווען איך בין געפארן זען מיין חרוב שטעטל, אזוי בין איך גלייך פון דעם אויטאבוס צוגעקומען צו דעם חרובן הויז, ווו די א.ד. פאמיליע האט פאר צענדליקער יארן געהאט דא איר נעסט. (אגב האב איך ביי דער דאזיקער הארציקער משפחה פארבראכט גאנצע 6 יאר, אן זייער מאטעריעלער הילף, וואלט איך נישט געהאט די מעגלעכקייט זיך צו לערנען). פון דעם גאנצן הויז איז געבליבן בלויז א האלבע וואנט, וואס צופעליק הענגט נאך א בלעכן שילדל מיטן נאמען פון דער גאס.

ס'איז כדאי צו באשרייבן די גייסטיקע מעלות און די מידות טובות פון דער דאזיקער פאמיליע. ווען מאיר בעקער האט צום צווייטן מאל חתונה געהאט, איז די באציִונג פון זיין צווייטער פרוי צו איר מאנס קינדער — געווען די זעלבע ווי צו אירע אייגענע קינדער. כאטש זיי האבן נישט געהאט מער ווי 2 צימערן, האט זיך נאך געפונען פאר מיר (זייער א ווייטער קרוב) אויך אן ארט, ווו צום שלאפן. דורך די גאנצע צייט איז נישט פארגעקומען קיין קריגערייען צווישן די קינדער פון ביידע עלטערן. א געוואלדיקער דרך־ארץ פאר די עלטערן, א זעלטן אידיליש פאמיליע לעבן. די באציִונג אפילו צום דינסט־מיידל איז געווען א העכסט דעמאקראטישע. געלאזט זי פילן ווי ביי זיך אין דער היים, אן באפעלן אדער הויכע רייד. לאנגע יארן האט זי ביי זיי געארבעט.

די שבתים און יום־טובים, ווי אזוי זיי זענען אין דער שטוב געפראוועט געווארן, איז שווער צו פארגעסן; די ספעציעלע שבתדיקע מאכלים מיט די שיינע זמירות. שבת האט נישט געטארט פעלן אן אורח ביים טיש; אן אים האט דער טיש אויסגעזען ווי פאריתומט. מ'האט געפילט, אז מען לעבט אין א וועלט פון בלויז רוחניות, אויסגעטאן פון די 6 וואכעדיקע גשמיותדיקע טעג.

יעדן שבת אין דער פרי, פארן דאווענען, פלעגן קומען צענדליקער חסידים טרינקען טיי. ביי דער געלעגנהייט זאגן פארשידענע טשעקאווע תורות פון רביים, און דערציילן כל מיני מעשיות און מופתים פון צדיקים, וואס האבן גערייצט שטארק מיין פאנטאזיע פון אט די גרויסע וווּנדער.

פון אט דער פאמיליע, וועלכע איז באשטאנען פון 11 נפשות, איז געבליבן בלויז איינער (וווינט אין תל־אביב).

אט אזעלכע מאירס און אזעלכע היימען האט פולטוסק פארמאגט א סך. זכרונם לברכה, והי״ד.

ואנו אוהבים אותו. הוא לא עשה לנו כל רעה". כנראה, עשו דברים אלה רושם עליהם. קמו ועזבו את סבא.

גילויים אלה של מסירות הפועלים לסבא היו די שכיחים. היה זמן שעל היהודים חל איסור קניית קרקעות. סבא רכש אדמות הכפר הסמוך ורשם אותן על שם אחד מפועליו המסו־רים. כאשר החוק בוטל, לא הפר הגוי את האמון שניתן בו והאדמות נרשמו על שם סבא.

הזמנים היפים והטובים של החווה החלו לחלוף ובמקומם הגיעו ימים קשים. בזמנו של גרבסקי הטילו מסים כבדים שפגעו בשגשוג המנסרה והחווה בכללה. המסחר פחת והלך.

אחותי הגדולה ממני עלתה לישראל. וגם אני חלמתי על עליה. סבי היה תומך נלהב בציונות אולם עסקיו המסועפים מנעו ממנו לעלות לארץ ישראל וגם דברי רב העיר שטען כי אין לדחוק את הגאולה השפיעו. עם עלותי ארצה, כשנפרד ממני ליד האוטובוס פתח סבא את סגור לבו ואמר: „צריך הייתי לשמוע בקולו של סוקולוב ולעלות לארץ האבות עם כל משפחתי. עשינו הרבה שגיאות ואני מכה על חטא. ואם אני לא העליתי אתכם, אתם תעלו אותנו. אני רוצה להיות אתכם בארץ ישראל". ברם סבא לא זכה, לא הוא ולא רבים מבני משפחתי. עם פרוץ מלחמת העולם השניה, גורשו היהודים מהאיזור. משפחתנו הספיקה לצאת לפני הגירוש. סבתא נפטרה עוד קודם לכן וסבא עם דוד שלום ודוד יחיאל על משפחותיהם יצאו לורשה. אבי ואמי, דוד נחום, דוד יהושע עם משפחותיהם פנו לגבול הרוסי. בעת הבריחה הופגזה השיירה, אבי נפצע בידו וכל המטלטלין נשרפו. הם הגיעו לסלונים, קיבלו אזרחות רוסית וסודרו בעבודות שונות. אבי ודוד נחום הועסקו כמנהלי עבודה במשתלת יער והבנים בעבודות שחורות.

כשבשנת 1941 עם פרוץ מלחמת גרמניה ברית־המועצות, הגיעו הנאצים לסלונים, הם אספו את כל היהודים במקום ריכוז. לגיסי, בעל של אחותי הצעירה, היתה מכונית משא. הוא ביקש מאחותי למהר ולמלט מזרחה אך אחותי רצתה לקחת את ההורים. גיסי האיץ בה פן יאחרו אבל אחותי קפצה מהאוטו. וכך ניצל גיסי ואחותי נספתה.

אחי עמד בקרבת גיסי וראה כיצד מענים הגרמנים את הגיס. קפץ וניסה לברוח. אבל הכדורים לא החטיאו והוא כרע ונפל. את השאר העלו הגרמנים באש. דודי יהושע עזב עוד מקודם את סלונים ונסע לפנים רוסיה וכך נשאר בחיים.

סבא הגיע לורשה עם בניו ומשפחותיהם והספיק למות „מוות טבעי" בגיטו ולהקבר בקבר ישראל. דוד שלום נתפס באחת האקציות והושמד. בן דודי ישראל, היה נשוי לאווה ברסלר ממשפחת גרינבאום. בוקר אחד הלכה אווה עם הבת ברחוב. הגרמנים „חמדו לצון" והרגו את השתיים. בן דודי אֲדַאֲש, שהיה בצד הארי ועבד במשרדים גרמנים ביקש אחרי אסון זה את ישראל לברוח מהגיטו. אך ישראל סירב. הוא לא רצה לעזוב את בני עמו הנמקים ושאף לנקום את דמם. הוא נספה במרד גיטו ורשה. אביו ואמו הומתו קודם למרד.

דוד יחיאל שהיה יוצא כל בוקר לעבוד מחוץ לגיטו נפגש עם פטאשה, בת הפועל הגוי שסבא רשם בזמנו את האדמות על שמו. היא רצתה להבריחו ולהסתירו, אך הוא לא יכול היה להשאיר את הדודה, אשתו, לבדה, שהיתה חולה מאוד. וכך נספו והוכחדו מרבית אנשי בית נובומינסקי.

דוד יהושע שניצל שב עם סיום המלחמה לאדמות העשנות ורוויות הדם של גיטו ורשה וחיפש סימן וזכר בין החורבות. אך אפילו את מקום קבורתו של סבא לא מצא...

הוא ביקר גם בחווה שלנו. בעת המלחמה הרחיבו הגרמנים את המנסרה, כי העצים היו דרושים להם למאמץ המלחמתי.

במקום שפרחו חיים יהודים, במקום שעברה עלינו ילדות מאושרת עומדת כעת מנסרה ממשלתית פולנית הממשיכה לנסר עצים והאנשים אשר יסדוה ופתחוה נפלו חלל מידי מרצחים וזדים.

תם ונשלם פרק חייה של חווה יהודית בפולין כפי שתמו ונשלמו חיי רבבות יהודיה.



# עטוואס פון מיינע זכרונות

## אונדזער טאַרטאַק

אונדזער טאַרטאַק איז געשטאַנען אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון פולטוסק און דאָרט האָבן מיר געוווינט. די הייזער צום וווינען זענען געווען פאַר זיך און פאַר דער אַדמיניסטראַציע. צוגלייכער צייט האָט מען אויפגעבויט צוויי צימערן פאַר אורחים. אַ מאָל האָט געהייסן אַן אורח דער, וועלכער איז געגאַנגען איבער די הייזער. די אָרעמע לייט האָבן געוווּסט, אַז ביי ר׳ יעקב לייבן געפינען זיך חדרים פאַר הכנסת אורחים. זענען אַלע אָרעמע אורחים געקומען בעכטיקן אין טאַרטאַק.

## די צוויי יידישע זעלנער ביים סדר

אַמאָליקע יאָרן איז געווען אַ מנהג צונעמען אַ יידישן זעלנער אויף יום־טוב. איינמאָל האָט מען אונדז געשיקט פון שטאָט צוויי זעלנער צו די פּסחדיקע סדרים. איך געדענק נאָך עד היום ווי זיי האָבן געהייסן: איינער — מאַראַז, דער צווייטער — ראובן טאַמאַרקין. ביידע זענען געווען פון רוסלאַנד. דער ערשטער פלעגט זינגען פאָלקס־לידער און דער צווייטער פלעגט דערציילן מעשיות אָדער זאָגן וויצן. איינער פון זיינע וויצן איז, געדענק איך, געזאָגט געוואָרן אויפן חשבון פון מענטש, וועלכער וויל זיך בייטן מיט דער חיה, ווייל זי, די חיה, ווייס נישט אַז מ׳טאָר נישט שלעכט זיין, איז זי שלעכט, אָבער ער, דער מענטש, ווייס, אַז מ׳טאָר נישט זינדיקן און פונדעסטוועגן זינדיקט ער... אָבער די חיה איז אים מוחל דעם טויש און וויל בעסער בלייבן ביים אַלטן. אַזוי פלעגן מיר זיצן נאָכן אָפּריכטן די סדרים און זיך דערציילן מעשיות ביזן גרויען טאָג אַריין. אַזוי איך, אַזוי מיינע ברידער, הי״ד, די אומגעקומענע פון די דייטשישע מערדער ימ״ש.

## מיין פאָטער

פון דער טבע — אַ מזג טוב, אַ נדבן ביד רחבה. אַלע יאָרן געווען אַ בר־מזל. געווען צייטן, ווען מיין פאָטער איז „געשטאַנען" גאָר גוט און אַמאָל — נישט אַזוי. אַלע שבת איז ביי אונדז געווען „מנין" (געהאַט אַן אייגענע ספר־תורה). אַמאָל פלעגט מען אויך דאַווענען אין דער וואָכן. אַלע אַרומיקע שכנים זענען געקומען צום דאַווענען, צווישן זיי — ר׳ שלמה שוסטער, אַ ייד מיט אַ לאַנגער שיינער באָרד, זייער אַ פרומער, וואָס האָט אַלע שבת באַקומען אַן עליה צום ספר. אַ סך געלט איז דערביי געזאַמלט געוואָרן פאַר נאַציאָנאַלע צוועקן ווי קרן־הקיימת, קרן־היסוד א״א. דאָס געלט איז איבערגעגעבן פערט געוואָרן אין די הענט פון ר׳ ישעיהו קופערמינץ. מיין פאָטער איז אין די יונגע יאָרן געפאָרן צום אַלעקסאַנדרער רבין און אין די עלטערע יאָרן — צום ראַדזימינער רבין, ר׳ מענדעלע. אין דער זעלבער צייט געווען אַ ציוניסט, קיינמאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון די פאַרשידענע שפענדונגען פאַר ארץ־ישראל.

## די ספר־תורה און דאָס קליינע סידורל פון מיין טאַטן

די ברוינע כמאַרע האָט גענומען זיך שפרייטן איבער גאַנץ פוילן אין 39־סטן יאָר. יידן זענען געווען די סאַמע ערשטע, וועלכע האָבן עס דערפילט. אַ טויט־שרעק איז יעדן איינעם באַפאַלן און אין די הערצער האָט גענאָגט אַ שלעכטע נביאות. די ביז איצט „פרידלעכע" פוילישע באַפעלקערונג האָט צוזאַמען מיט דעם נאַציסן אַריינמאַרש אויפגעדעקט איר אמתן פרצוף, אי צוליב חניפה פאַר די נייע הערשער, אי צוליב שנאת־ישראל, וואָס איז איינגעוואָרצלט פון דור־דורות. מ׳האָט געהאָלפן איבערגעבן יידן אין די דייטשישע הענט און גערויבט זייערע הייזער אַן חרפה. בעכטיקע „גוטע גויים" האָבן פלוצעם פאַרלאָרן די ראיה און זייערע „מאַשקעס" נישט דערקענט. מ׳האָט זיך טאַקע גאַנץ ווינציק געוויזן אויף די גאַסן נאָך אין ער׳שטן טאָג פונעם נאַציש־אָקופּירנדיקן פולטוסק. אויף די פינגער צו ציילן זענען געווען די, וועלכע האָבן געהאָלפן אַ יידן אין אַן עת־צרה; מיט אַ ברויט אָדער געפּרוּווט אפילו איינשטעלן פאַר אים דאָס אייגענע לעבן. געפאַלן זענען, באַלד אין תחילת, אַ סך פון די מערדערישע נאַצישע באַמבאַרדירונגען. מענטשן מיט פערד צוגלייך זענען געלעגן אויסגעהרגעטע אויף די וועגן, אויף וועלכע מ׳האָט געיאָגט די פולטוסקער יידן. צווישן יענע יידן איז אויך געווען מיין פאָטער, יעקב לייב נאַוואַמינסקי. פון זיין גאַנץ פאַרמעגן איז אים געגאַנגען אין לעבן אָפּצוראַטעווען די ספר־תורה און

דאָס קליינע סידורל „נהורה רבה", וואָס ער האָט איינגעוויקלט אין אַ ליילאַך און עס אָפּגעגעבן צו אַ באַקאַנטער פּוילישער משפּחה אין גאָלטשין (אַ דאָרף — אויפן וועג צו ווישקאָוו); יוזעף שטשערבאַ, דער ראש־המשפּחה, האָט עס באַהאַלטן אונטערן באָדן פון אַ שייער און עס אָפּגעהיט אין לויף פון די 6 בלוטיקע מלחמה־יאָרן.

אין 1941 איז אָנגעקומען צו אונדז, אינעם ווייטן קאַלטן סיביר — די פּאָר וואַרעמע ווערטער: „גמר חתימה טובה", אַדרעסירט פון מיין פּאָטער, ברודער יחיאל און זיין יונגסטן זון הערשעלע (10 יאָר אַלט), געשריבן אין דער וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען דער ערשטער און אויך דער לעצטער איינציקער לעבעדיקער סימן, וועלכן איך היט אָפּ שוין איבער 30 יאָר...

דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט פיל פּרטים וועגן מיין פּאָטער און פאַמיליע. זייער לעצטער טאָג איז געווען ביים ליקווידירן דאָס וואַרשעווער געטאָ.

זיי רויק, טייערער טאַטע! דער אָנדענק נאָך דיר איז געבליבן ביז היינטיקן טאָג: די ספר תורה און דאָס קליינע סידורל — געפינען זיך היינט אין דער יידישער מדינה.

### די צוויי יידישע יתומות...

אַ ווינטער־טאָג אין סיביר. אַ פראָסט אין דרויסן, אַ פראָסט אין דער נשמה, כאָטש די זון שיט איר העלן גאָלד אויף דעם ווייסן פאַרפרוירענעם שניי. געגאַנגען בין איך דאַן, נאָך אַ בייטאָגיקן אָפּרו (אַרבעטנדיק אַ נאַכט־אַרבעט) באַזוכן ר' שלמהלען, מיינעם אַ באַקאַנטן, אַ רב, וואָס האָט געוווינט אויף דער צווייטער זייט שטאָט.

אין דעם שמועס, וואָס מיר האָבן פאַרפירט, האָט מיר דער רב דערציילט אַ מעשה וועגן צוויי יידישע יתומות, וואָס ער האָט גענומען צו זיך פון אַ פּאַרטרויערטער איינזאַמער שטוב — גלייך נאָך דער פּטירה פון זייערע עלטערן, וואָס זענען געשטאָרבן פון אַ טיפוס. באַדאַרף מען זיי דערציִען און געבן עסן. איינע הייסט חנהלע, 9 יאָר אַלט, די צווייטע — נעשקעלע, 12 יאָר אַלט. די צוויי אַזוי פאַריתומטע יונגע קינדערלעך האָבן מיר שטאַרק גערירט, ווייל דער רב אַליין האָט געלעבט אין גרויס דחקות. אַ געדאַנק ווי אַ שטראַל האָט אויפגעלויכטן אין מיר. איך האָב דאָס קליינוואַרג מיט זיך מיטגענומען. איבער דעם שטייפן פראָסטיקן וועג — צו אונדזערע ווינ־פּלעצער, אַ 6 קל"מ בערך — האָב איך זיי מיט מיין פון זיך אַראָפּגעצויגענעם אויבער־מלבוש זייערע פריִרנדיקע קערפּעלעך צוגעדעקט. איך האָב זיי אַריינגעפירט אין 2 זאַטע יידישע היימען: צו ר' יצחק קירשנבוים און צו זיינעם אַ שוואָגער. די גוטע מענטשן האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט. די צוויי משפּחות האָבן זיך צעטיילט מיט די קינדער, מיטנעמענדיק זיי מיט זיך דערנאָך קיין פּוילן, פון וואַנען די צוויי מיידעלעך זענען אָפּגעפאָרן מיט אַ גרופּע יידישע קינדער — קיין ארץ־ישראל.

נישט צו באַשרייבן איז געווען מיין פרייד, בשעת די משפּחה קירשנבוים האָט מיך אין יאָרן אַרום, פאַרבעטן צו דער חתונה פון זייער זון, אברעמעלע, און האָב דאָרט באַגעגנט 2 פאַרנעמע פרויען מיט זייערע משפּחות: איינע, אַ דאַמע פון אַ באַאַמטן, אַ מוטער פון 4 קינדער, וועלכע איז געווען די אַמאָליקע 12־יעריקע נעשקעלע און די צווייטע עלעגאַנטע פרוי, אויך מיט אַ פאַרנעמען מאַן, אַ מוטער פון 2 קינדער, וועלכע איז געווען די אַמאָליקע 9־יעריקע חנהלע — ביידע פונעם דעמאָלטדיקן סיביר...



↑ פאַמיליע אײזנקײט (בערל גאלאנדקאַווער) זע: „דער לאַנגער רוף פון דער גרויער קו", ז. 359



← די משפּחה קאַהן (פאַטער: יעקב־יוסף; 3 דורות)

אידא בולמאן (טאשימאוויטש)

# מיין היים

מיין פאָטער האָט געהערט צו דעם טייל יידן אין שטאָט, וועלכע האָבן געפירט אַ טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנסשטייגער, אָבער געווען טאָלעראַנט צום יונגן דור און צו זייערע שטרעבונגען. ער האָט געשטאַמט פון דער שטאָט נאַשעלסק פון אַ סוחרישער פרומער משפחה. די מוטער איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף וויניצע, וואָס געפינט זיך צווישן נאַשעלסק און פולטוסק, און געווען אַ טאָכטער פון ערלעכע און אַרבעטסזאַמע עלטערן. די טראַדיציע פון אַרבעט און האַנדל האָט באַוויגן מיינע עלטערן צו גרינדן אין פולטוסק אַ זייף־פאַבריקל מיט אַ געשטעל אויפן שטאָט־מאַרק כדי צו פאַרקויפן די אייגענע פראָדוקציע. מיינע עלטערן האָבן געבראַכט אויף דער וועלט אַכט קינדער — 6 טעכטער און 2 זין. פאַרשטייט זיך, אַז מפרנס זיין אַזאַ גרויסע פאַמיליע איז נישט געווען פון די לייכסטע זאַכן. האָבן זיי טאַקע שווער געאַרבעט אויף זייער חיונה און אויך אונדז, קינדער, דערצויגן אין גייסט פון אַרבעט, כדי צו העלפן אין דער פרנסה. גלייכצייטיק אָבער האָבן זיי געזאָרגט, אַז מיר זאָלן אויך באַקומען יידישע און עלעמענטאַרע בילדונג.

ווי געזאָגט, איז דער לעבנסשטייגער אין אונדזער הויז געווען אַ טראַדיציאָנעל־יידישער, אָבער ווייט נישט קיין פאַנאַטישער. דער פאָטער איז געווען אַן אַמשינאָווער חסיד, געגרויסט זיך מיט דעם, וואָס איינע פון זיינע טעכטער האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַמשינאָווערס רבינס אַ טאָכטער, די מוטער האָט געטראָגן אַ שייטל און שטרענג אָפּגעהיט אַלע יידישע דינים. גלייכצייטיק אָבער האָבן זיי אונדז נישט געשטערט און אפילו אויסגעדריקט זייער צופרידנהייט פון אונדזערע פּאָליטישע וועלטלעכע אָנשויונגען און פון אונדזער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט. זענען טאַקע זייערע קינדער אַקטיוו געווען אין דער פועלי־ציוניסטישער יוגנט, אין יידישן דראַמאַטישן קרייז, אין די אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער א״ו. אין אונדזער שטוב האָט מען שטענדיק געפילט דעם דופק פונעם פולטוסקער יידישן לעבן אין אַלע זיינע ניואַנסן. מיר האָבן געפונען פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און טיילמאָל אפילו הילף מצד אונדזערע עלטערן.

עס שטייען ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן די שמועסן און דיסקוסיעס, וואָס מיר האָבן געפירט אין שטוב צווישן זיך און ווען עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביי אונדז חברים און חברטעס. די עלטערן האָבן זיך איינגעהערט, אָפּטמאָל געשטעלט פאַרשידענע פראַגן און אויסגעדריקט זייערע מיינונגען און זאַכלעכע באַמערקונגען. ווען עס זענען פאָרגעקומען וואַלן צום שטאָטראַט אָדער צום פּוילישן סיים, האָט ביי אונדז געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. „לינקע פועלי־ציון”, „בונד”, „פועלי־ציון רעכטע”, „מזרחי”, „אגודה” — די מוטער האָט נאָר געהיט מען זאָל זיך נישט רייסן פאַר די קעפּ. דער פאָטער ווידער האָט מיט זיין נאַטירלעכן הומאָר אָפּגעוואָנדן די צעפלאַקערטע דיסקוסיעס אויף שטילע און געמיטלעכע רעלסן. און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, טראָץ זיין פרומקייט און אָרטאָדאָקסישן צוגאַנג צום לעבן האָט ער געשטימט ביי די וואַלן פאַר די „לינקע פועלי־ציון” און די מאַמע איז געגאַנגען אין זיין וועג, ווייל עס האָט זיי צו דעם באַוויגן זייער פאָלקסטימלעכער געפיל און דער חוש פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט.

דעם ליבעראַלן צוגאַנג פון אונדזערע עלטערן קען מען אויך זען פון זייער באַציִונג צו אונדזער טעטיקייט אינעם דראַמאַטישן קרייז אין פולטוסק. אַנדערע עלטערן האָבן ביטער געקעמפט מיט זייערע קינדער, נישט דערלויבט זיי צו „שפילן טעאַטער”. אונדזער מוטער האָט געהאַט אַ גייסטיקן געניוס און די פולסטע סאַטיספאַקציע, ווען זי האָט זיך געקענט דערלויבן צו זען אירע קינדער שפילן אויף דער בינע. דער פאָטער האָט אָבער געהאַט גרויס הנאה, ווען ער האָט געקענט זיך צוהערן אין שטוב ווי זיינע קינדער מיט די פריינד רעפּעטירן די ראָלן און שפילן אָפּ פאַר אים גאַנצע שטיקער פון אַ יידישער פּיעסע.

דאָס חרוב געוואָרענע הויז פון אונדזערע עלטערן איז געווען אַ סימבאָל פונעם צוזאַמענשמעלצן זיך פונעם אַמאָל מיטן היינט, פון אינטעגראַלער יידישקייט, ווען מיטן כוח פון יידישן גייסט ווערן פאַראייניקט יידישע דורותדיקע טראַדיציע מיט מאָדערנע שטרעבונגען פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

העניע דבורה קינעל (בולמאן) און אליהו בולמאן

# אונדזער הויז

אונדזער פֿאָטער בצלאל בולמאַן האָט געשטאַמט פֿון אַ ברייט־פֿאַרצווייגטער אין פּוילן משפּחה, וועמענס מיטגלידער האָבן געוווינט אין דער שטאָט פּלאָצק, ניישטאָט, פּלאָנסק, מאַקאָוו־מאַזאָוויעצק, טשעכאַנאָוו, רוזשאַן און פּולטוסק. אונדזער מוטער מלכה־ברײַנע איז געווען אַ טאָכטער פֿון נתן גורמאַן פֿון פּולטוסק (נאָסקע בעקער), אַן ערלעכן, פֿרומען ייִד, כאָטש נישט קיין חסיד, גבאַי פֿון דער „חברה קדישא", וועלכער האָט זיך, ווײַזט אויס, „געקויפֿט" אַן איידעם אַ למדן — אונדזער פֿאָטער. דער איידעם האָט נישט געוואָלט זיצן אויף קעסט און איז אַרײַן אין שווערס בעקערײַ, שפּעטער איבערגענומען די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און גלייכצייטיק ממשיך געווען דאָס לערנען. ער האָט אויך זייער אָפּט געגעבן אַ שיעור פּולטוסקער יונגעלייט.

אונדזער שטוב — עלטערן, זעקס טעכטער און פֿיר זין — האָט מען גערופֿן: דאָס הויז פֿון „צלאל בעקער". דער פֿאָטער איז געווען אַ גערער חסיד, אָבער נישט פֿון די שטענדיקע „טיש־זיצערס" אין גער. צו זײַן באַליבטן רבין פֿלעגט ער פֿאָרן נאָר פֿון צײַט צו צײַט און דער עיקר אָפּגעהיט זײַן פּרנסה, די בעקערײַ, און אין דער פֿרייער צײַט געווידמעט זיך דעם דערציִען פֿון זײַנע קינדער און דעם לערנען, דעם טאָג־טעגלעכן שיעור פֿון אַ דף גמרא. די ליבשאַפֿט צו זײַנע טעכטער און זין האָט זיך נאָך מער פֿאַרשטאַרקט מיטן נפֿטר ווערן פֿון אונדזער מוטער, ווען זײַן הויפּט־זאָרג איז געווען צו דערציִען אונדז אין שטרענגן ייִדישן גייסט.

„צלאל בעקער" איז ווײַט געווען פֿון צו זײַן אַן אָפּיציעלער עסקן אָדער אַ כלל־טוער, אָבער ער האָט נישט ווייניק, שטיל און באַשיידן, אויפֿגעטון אויפֿן געביט פֿון צרכי ציבור און שלא על מנת לקבל פּרס צווישן פּשוטע מענטשן, ווי בעלי־עגלות, בעלי־מלאכות און אַנדערע „עמך"־ייִדן. די קרוין פֿון זײַן טעטיקייט איז געווען דאָס גרינדן אויפֿן וואַרשעווער שאָסיי, וווּ מיר האָבן געוווינט, אַ שטיבל צום דאַווענען אונטערן נאָמען „קהל חסידים", וואָס איז אין משך פֿון דער צײַט, איבערהויפּט אַ דאַנק זײַנע באַמיִונגען, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַבילן אָרט פֿון לערנען יום ולילה און אויך פֿון תּפֿילה בציבור אין משך פֿון אַ גאַנצער וואָך, אײַנגעשלאָסן שבתים, יום־טובֿים ווי אויך, „ימים נוראים".

איז ערגעץ אויסגעבראָכן אַ מחלוקת, אַ סכסוך צווישן די ייִדן פֿון אונדזער גאַס, אָדער צווישן די חסידים אין גערער שטיבל, האָט מען זיך געוואַנדן צו אונדזער פֿאָטער, ווײַל ער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס בורר און רודף־שלום. ער האָט אויך געשמט מיט זײַן ברייטער האַנט און אָפֿענעם האַרץ צו העלפֿן אַ ייִד אַ נצרך. אַלס בײַשפּיל קען דינען דער פֿאָלגנדיקער פֿאַל. אין דעם הויז פֿון ישׂראל קאָוואַל, וווּ מיר האָבן געוווינט, האָט צווישן עטלעכע האָרעפּאַשנע משפּחות, געוווינט אַן אָרעמע פֿאַמיליע, וואָס זייער ראש איז געווען אַ האָלץ העקער בײַ די ייִדישע בעקער און זײַן פֿרוי האָט געהאָלפֿן אין דער פּרנסה מיט וואַשן וועש אין די ייִדישע הײַזער. „שיינע די וועשערין" פֿלעגט אָפּט אויסגיסן דאָס האַרץ פֿאַר מײַנע עלטערן און נישט איינמאָל געפֿונען אַן עצה און הילף. איינמאָל, ווען זי האָט געדאַרפֿט אויסגעבן אַ טאָכטער, האָט זי זיי פֿאַרטרויט איר גרויס צער, וואָס זי האָט נישט אויף אַ חופּה־קלייד צוליב מאַנגל אין געלט. די כּלה פֿאָדערט עס דורכויס און ס'בלײַבט נישט מער ווי אָפּצולייגן די חתונה. אונדזער פֿאָטער האָט צוגעזאָגט צו זאָרגן פֿאַר דעם. ער האָט געהייסן זײַן טאָכטער, וואָס איר חתונה איז געווען באַשטימט צוויי וואָכן נאָך שיינעס טאָכטער, אויסצובאָרגן איר דאָס חופּה־קלייד, וואָס איז שוין געווען גרייט און אויפֿגענייט בײַ דער בעסטער נייטאָרין אין שטאָט. „אַן אָרעמע כּלה טאָר נישט פֿאַרשעמט ווערן" — האָט ער געטענהט און אויסגעפּועלט זי זאָל מותּר זײַן אויף צו באַנײַען איר הייראַט־קלייד און געבן דעם „פּרימאַט" אַן אַנדערער כּלה. עס איז נישט צו באַשרײַבן די פֿרייד פֿון די דאָזיקע אָרעמע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוווּסט ווי אָפּצודאַנקען אונדזער פֿאָטער פֿאַר דער גרויסער מיצווה וואָס ער האָט פֿאַר זיי געטון.

ווען עס האָט געהאַלטן ביי אַ שפּאַלטונג אין גערער שטיבל, צוליב די שאַרפע מחלוקותן וואָס זענען אויסגעבראָכן אין דעם דאָזיקן גרעסטן שטיבל אין שטאָט, האָט אונדזער פאָטער „איינגעלייגט" וועלטן און דערצו נישט דערלאָזט. זיין אויטאָריטעט האָט דעמאָלט משפּיע געווען און נאָר דאַן, ווען ער איז נפטר געוואָרן, איז פאָרגעקומען דער ריס.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז ווען עס איז געשטאָרבן דער פּולטוסקער רב, ר' שמחהלע, האָט מען פאָרגעלייגט אונדזער פאָטער, וועלכער האָט געהאַט היתר הוראה און סמיכות אויף רבנות, משמש זיין אַלס רב אין שטאָט. ער האָט אָבער צוליב זיין עניוות און היטן דעם כלל נישט צו מאַכן די תורה אַ קרדום לחפור בה, דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

אַלס „שאַרפער" לערנער האָט ער פאַר זיינע טעכטער געקליבן איידעמס נאָר בני־תורה. געשלאָסן דעם שידוך אָבער האָט ער נאָר מיט דער הסכמה פון זיינע קינדער און דעם גערער רבין, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אַן עצה האַלטן. די ליבע און זאָרג פאַר זיינע קינדער איז געווען אין לשער און גרויס איז געווען דאָס אומגליק ווען דער פאָטער איז נפטר געוואָרן. ער האָט אָבער געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אויף אַן אייגן בעט און קומען צו קבורת ישראל. די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן שפּעטער אומגעבראַכט כמעט אונדזער גאַנצע פאַרצווייגטע משפּחה. מיר, זיינע צוויי יינגסטע קינדער, ווילן מיט דער דאָזיקער קורצער רשימה פאַרהייליקן זיין אַנדענק, ווי אויך דעם זכר פונעם הויז פון „בצלאל דעם בעקער".



מאפית ארפא — די בעקעריי פון ארפא

משה סרעברא

# היים־זכרונות

## מיינע עלטערן קלמן־אהרן און חיה־זיסע הי״ד

פּאַפּאָווע איז געווען אַן אַלטער יידישער יישוב. לויט ווי עס האָבן דערציילט די זקנים האָבן די צוויי הייליקע ברידער, דער רבי אלימלך פון ליזשאנסק און דער רבי ר׳ זוסיא פון אנאפאלי, ווען זיי האָבן אָפּגעריכט „גלות”, וואַנ־דערנדיק איבער פוילישע יידישע יישובים — באַזוכט פּאַפּאָווע און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט לענגער ווי אין אַנדערע יידישע יישובים, אויסדריקנדיק זיך, אַז אין פּאַפּאָווע פילן זיי אַ ספּעציעלן יידישן ריח. אין פּאַפּאָווע איז אויך געווען אַ שול, אַלט איבער 400 יאָר, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן אין די 20־ער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט. אַ דאַנק די צוויי עסקנים, יעקב־מרדכי מרגליות און מיין פעטער הערשל סרעבראָ, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פרעמד זאַמלען געלט, איז די שול צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן. אין פּאַפּאָווע איז אויך געווען אַן אַלטער בית־הקברות און ווען אין פולטוסק איז שוין יאָרן לאַנג געווען אַ יידישער יישוב פלעגט מען פון דאָרט פירן די מתים אויפן פּאַפּאָווער בית־עלמין און נישט בלויז פון פולטוסק. ס׳איז פאַראַן אַ דעה, אַז עס זענען געווען צייטן, ווען מ׳האָט אויך פון וואַרשע און פּראַגע באַגראָבן אויפן פּאַפּאָווער בית־עולם. אַ גרויסער כבוד און זכות איז געווען צו זיין אַ גבאי פון דער דאָרטיקער חברה־קדישא און אַ סברה, אַז דאָס באַזעצן זיך פון דעם תלמיד־חכם קלמן־אהרן ווײַנקראַנץ אין פּאַפּאָווע איז געווען, צווישן אַנדערע, פאַרבונדן מיט דעם, וואָס ער איז געווען אַן אָנהענ־גער פון ליזשאַנסק און אַזוי ווי דער רבי, ר׳ זוסיא, האָט מיט בערך 300 יאָר צוריק געהאַט אַזאַ גוטע מיינונג וועגן פּאַפּאָווע, האָט זיך ר׳ קלמן אַהין באַזעצט מיט 200 יאָר שפּעטער אינעם שטעטל וואָס איז געווען באָענט פון לישאַנסק.

מיין זיידע זלמן־יעקל, איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף וויניצע און חתונה געהאַט פון פּאַפּאָווע מיט דער טאָכטער פין קלמן־אהרן ווײַנקראַנץ, וועלכער האָט פאַרלאָזט יאַראָס־לאַוו (גאַליציע) און זיך באַזעצט אין פּאַפּאָווע אין דער צוויי־טער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט, בערך מיט 100 יאָר צוריק. זלמן־יעקב איז ביזן סוף פון זיין לעבן געווען אין פּאַפּאָווע גבאי פון חברה־קדישא.

מיין באָבע פריידל איז געווען באַקאַנט אַלס איינע פון די פרומסטע פרויען אין פּאַפּאָווער געגנט. זי האָט נישט אויסגעמיטן קיין איינמאָל אין איר לעבן צו גיין דאַוונען אין שול, סיי אין דער פרי, סיי צו מנחה־ומעריב און שטענדיק האָט זי מיט זיך מיטגעטראָגן אַ פלאַש וואַסער צו וואַשן די הענט און דעם קרבן־מנחה־סידור. זי האָט געפירט אַ שטרענג־רעליגיעזע היים. ווען זי פלעגט טיילמאָל קומען צו אַ שנור און דאָרט געדאַרפט עסן, האָט זי אַליין כשר געמאַכט דאָס פלייש. אַפילו קידוש־מאַכן האָט זי זיך נישט פאַרלאָזט אויפן אייגענעם מאַן און נאָך זיין טויט — אויף אירע פרומע זין. סיי שבתים סיי יום־טובים האָט זי געמוזט האָבן צוויי באַזונ־דערע חלהלעך, צו מאַכן איבער זיי „המוציא”. מיין זיידע איז פרי געשטאָרבן און די באָבע איז געבליבן מיט פיר קינ־דער — דריי זין און איין טאָכטער. די באָבע האָט מער נישט חתונה געהאַט און אַכטונג געגעבן אויף אירע קינדער, זיי זאָלן זיין אָפּגעהיטענע פרומע יידן. אָבער אַזוי ווי עס האָט געפעלט פרנסה אין שטוב, האָבן די קינדער נישט געקאָנט ממשיך זיין „זיצן און לערנען” און יעדער האָט געמוזט זוכן אַן אָנהאַלט צו פאַרדינען אויפן לעבן. די קינדער, אַזוי גוט ווי זיי האָבן זיך געגרייסט מיט זייער טאַטן, זלמן־יעקב, האָבן זיי נאָך מער בכבוד געהאַלטן זייער פרומע מוטער.

מיין פאָטער קלמן־אהרן, דער בכור, איז אַוועק דינען אין רוסישן מיליטער. ער האָט נישט געוואָלט זיך אָפּהאַקן אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט, אָדער אַריינהאַקן אַ שפּיציק העלצל אין אויער אַריין און מאַכן זיך פאַר אַ בעל־מום, כדי באַפרייט צו ווערן פון מיליטער־דינסט. לאַנג אָבער האָט ער נישט געדינט „פאָניען”. נאָך אַ קורצער צייט איז ער באַ־פרייט געוואָרן צוליב אַ צופאַל.

מיין פאָטער איז געווען פון מיטעלן וווקס, האָט מען אים

צוגעטיילט צו טראָגן וואַסער אין די קאַשאַרן אַ הויכן שייגץ. דאָס וואַסער האָט מען געבראַכט אויף אַ לאַנגן שטעקן אויף די אַקסלען. דער שגץ פלעגט ספּעציעל אונטערהויבן דעם שטעקן העכער פון זיין אַקסל און מיין פּאַטער פלעגט דעריבער אָפּגעגאָסן ווערן פון קאָפּ ביז די פיס. די ערלים אַרום פלעגן אויסברעכן אין אַ סאַדיסטיש געלעכטער פון דעם דורכגעווייקטן יעוורעי...

מיין פּאַטער איז דעמאָלט געווען ביי די כוחות, אין פּאַפּאָווע האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ „גברן", איז ער אַוועק צום אָפיצער פון זיין „קאָמפּאַניע" און אים געבעטן, ער זאָל אים צוטיילן אַן אַנדער סאָלדאַט, וואָס זאָל זיין אין איין גרייס מיט אים. דער אָפיצער האָט זיך גאַנץ פיין פונאַנדערגעלאַכט און צוגעגעבן: „דו וועסט מיר לערנען וואָס איך האָב צו טאָן? סמירנאַ"! האָט ער געגעבן אַ ריטש — די זאָלסט מיר מער נישט קומען מיט קיין אַנקלאַגעס". מיין פּאַטער האָט זיך געשטעלט סמירנאַ, נאָר ער האָט אויך שטיל צוגעגעבן: „איך רעד צו דיר מענטשלעך און דו שרייסט אויף מיר, אַנשטאָט וואָס דו דאַרפסט שרייען אויף מיין שותף. נאָך אַ מאָל, אַז ער וועט מיך אָפּגיסן מיט וואַסער, וועל איך אים די ציין אויסהאַקן". דער אָפיצער האָט אָפּגעמאָסטן מיין פּאַטער מיט אַ שאַרפן בליק און באַפוילן אים גלייך אויפן אָרט זיך צו פאַרמעסטן מיטן הויכן שגץ, זייענדיק זיכער אַז דער גוי וועט בייקומען דעם נידעריקן יידן. מיין פּאַטער האָט מיט אימפּעט אָנגעכאַפּט דעם ערל ביי די זייטן, אויפגעהויבן אים אין דער הייך און אים אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד אַזוי, אַז די קישקעס זענען אים געבליבן אין דרויסן... ס'איז גלייך געוואָרן אַ בהלה, אַ סומאַטאָכע, מ'האָט דעם היידעמאַק אַוועקגעטראָגן אין לאַזאַרעט, ווו, נישט קומענדיק צום באַוווסטזיין, ער האָט אויסגעהויכט זיין טריפהנע נשמה... דעם ספּעקטאַקל האָבן צוגעזען עטלעכע קריסטן און 2 יידן פון דער זעלבער קאָמפּאַניע. מיין פּאַטער איז אַדורך אַ קעלט איבער די ביינער. ער האָט זיך גלייך פאַרגעשטעלט, אַז מ'וועט אים מאַכן אַ משפט און אַמווינציקסטן וועט מען אים אָפּשיקן לעבנסלענגלעך אויף סיביר. די צוויי יידן אָבער האָבן אים געטרייסט און צוגעזאָגט אויף דער אויספאָרשונג צו דערציילן דעם אמת. וואַרשיינלעך האָט דעם אָפיצער אויך געדרייט אין פּופּיק, ער האָט געוווסט אַז ער איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער און דאָ זענען נאָך פאַראַן 2 זשידעס, וועלכע וועלן אים קיין טובה נישט טאָן. האָט ער גלייך געשריבן אַן אַקט און די עטלעכע קריסטן מיט די 2 יידן — זיי האָבן זיך אַלע אונטערגעשריבן „אַז מיין פּאַטער מיטן שגץ האָבן זיך פאַרוועט — אין אַ פלאַש בראָנפן — ווער ס'וועט אַראָפּשפּרינגען פונעם דאָך פון מיליטערישן סקלאַד, איז דער סאָלדאַט געשפּרונגען און סאיז געשען דאָס וואָס ס'איז געשען". אין עטלעכע טעג אַרום, נישט וויסנדיק פון וואַנען און פון וואָס, האָט מען מיין פּאַטער באַפרייט פון רוסישן מיליטער און די איבעריקע עדות־זאָגער האָבן אַלע באַקומען לענגערע אורלויבן, פאַרן פרייז פון „האַלטן דאָס מויל"... ווייזט אויס, אַז דער אָפיצער האָט אויך געהאַט אַ „פלייצע" אין די העכערע פענצטער און דער ענין איז פאַרווישט געוואָרן, אָן קאָנסעקווענצן.

נאָך דער באַפרייונג האָט מיין פּאַטער געהייראַט פון רוזשאַן מיט ר' מאיר־הערש בורשטיינס אַ טאָכטער, חיה־זיסע, און זיך דאָרט באַזעצט. מיין זיידע, מאיר־הערש, איז באַקאַנט געווען אַלס אַ ייד אַ תלמיד־חכם. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז ער האָט געפירט, צוזאַמען מיט מיין באָבע באַשע ע"ה, אַ שטרענג־רעליגיעזע שטוב. זיינע זין זענען אַלע געווען יודעי־ספר, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן זיך אַלע אויסגעלערנט פאַרשידענע פאַכן.

מיין מוטער איז געווען אַ שטילע צניעותדיקע פרוי און געשטרעבט, אַז אירע קינדער זאָלן זיין כשרע יידן און זיך פירן לויטן יידישן שטייגער. ערב שבת, ווען זי איז צוגעגאַנגען בענטשן ליכט, האָט זי זיך אויסגעטון פון איר וואָכעדיקייט און שטיל בלחש זיך אויסגעטענהט מיטן רבש"ע. מיר, קינדער, האָבן געפילט אַז אונדזער שטוב איז אָנגעפילט געוואָרן מיט שטראַלנדיקער ליכטיקייט, אין וועלכער אויך מיר זענען געלייטערט געוואָרן.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן אין 14־טן יאָר דער ערשטער וועלט קריג, זענען דאָס רוב הייזער אין רוזשאַן אָפּגעברענט געוואָרן, צווישן זיי אויך אונדזער הייזקע. ס'איז שוין נישט געווען וואָס אַנצוווערן. ווו צו ווינען האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיינע עלטערן פאַרלאָזט צוזאַמען מיט אַ סך רוזשאַנער איינוווינער דאָס שטעטל און אָנגעקומען קיין פּולטוסק. יעקב־אריה סרעבראַ, דעם טאַטנס אַ קוזין, האָט אונדז גענומען צו זיך. אַ געוויסע צייט זענען מיר געווען ביי אים. נאָך דעם האָבן מיר געדונגען אין פּולטוסק אַ וווינונג און אַזוי זענען מיר פאַרבליבן אין פּולטוסק ביזן לעצטן טאָג, ווען די בלוטדורשטיקע דייטשישע רוצחים האָבן אונדז צוזאַמען מיט אַלע יידן אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט.

מיין פּאַטער איז געווען אַ ראַדזימינער חסיד, אַ ייד אַ יודע־ספר, מיטגעהאַלטן ביי אַ פרק משניות און אַ שטיקל „עין־יעקב". ער האָט ספּעציעל ליב געהאַט אַריינקוקן אין ספרים פון אַ באַזונדערן מין, ווי צ"ב: „ספר רזיאל־המלאך", „ספר רפואות" אד"ג. געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון ר'

יאַנקעלע ראַדזימינער זצ״ל און כל־ימיו געדאַווענט אין ראַדזי־מינער שטיבל. אין די וואָכן־טעג פלעגט ער אויך טיילמאָל שטיין פאַרן עמוד. געלייגט האָט ער צוויי פאָר תפילין. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער דערציילן חסידישע מעשיות מיט אַזאַ עקסטאַז און אמונה, גלייך ער אַליין וואָלט ביי־געווינט אַלע רבייִשע מופתים, געווען אַן ערלעכער ייִד און אַ שומר־מצוות. ער פלעגט אַוועקגעבן צייט אויפצוהאַלטן די נאָוואָרדיקער ישיבה „בית־יוסף" אין פולטוסק און אַרויס־גיין אָפט איבער דער שטאָט מיט אַנדערע בעלי־בתים צו זאַמלען געלט פאַר די נאָוואָרדיקער. מיין פאָטער האָט גע־גלייבט אין דעם אַלעם וואָס ס׳שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, צי דאָס ספר האָט געהייסן מסילת ישרים, חובת הלב־בות אָדער רזיאל המלאך וכדומה. געזעסן ביי זיי אַזוי שטאַרק פאַרטיפט, אַז ווען מיין מוטער פלעגט אים אַ רוף געבן, האָט ער על־פי־רוב אַפילו נישט דערהערט, נאָר ערשט, ווען זי האָט אים אַ סך מאָל גערופן פלעגט ער זיך אויפרייסן ווי פון אַ טיפן חלום, ווי ער וואָלט אַראָפגעפאַלן פון אַן אַנדער פלאַנעט.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל ווען מיין שוועסטערל איז געווען שטערבלעך קראַנק, האָט זיך מיין פאָטער אונטער־גענומען אַליין איר אויסצוהיילן... ער איז צוגעגאַנגען מיטן געעפנטן ספרל „רזיאל־המלאך" צום וויגל, מיט אַ שטיקל קרייד אַנגעצייכנט אַ גרויסן ראָד אויף דער הילצערנער פאָד־לאָגע און אין דעם אַ קלענער רעדל און אין סאַמע מיט — אַריינגעשטעקט אַ מעסער. טרערן האָבן גערונען פון זיינע אויגן, ווען ער האָט איבערגעחזרט עטלעכע מאָל שמות מיט צרופים. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס וועט זיין די ריכטיקע רפואה... אָבער אויף צו מאָרגנס איז געקומען איטשע־מאיר גרעבער, איינגעוויקלט מיין שוועסטערל אין ווייסן, אַרויפגעלייגט אויף אַ ברעטל, גענומען דאָס פעקל אונטערן אָרעם און אַוועקגעטראָגן זי אויפן בית־עולם. דערפאַר האָט ער שוין געהאַט מער דערפאַלג מיטן ספרל „ספר הרפואות". צענדליקער פולטוסקער ייִדן, איבערהויפט פון דער משפחה, פלעגן קומען צו אים, ער זאָל אַ קוק געבן אויף אַן אָנגעריסע־נעם פינגער, אַ מכה, אַ געשווילעכץ אד״ג. ער פלעגט זיי צונויפשטעלן אַזאַ וואַסערל מיט סאָדע, אַ שמירעכץ און נאָך אַזעלכע רפואות און זיינע גראָזן מיט די וואַסערלעך האָבן גראָד געהאָלפן... זיי פלעגן דערנאָך קומען אים דאַנקען, טייל האָבן אים אויך געבראַכט אַ מתנה, טראָץ דעם וואָס איך האָב זיי ממש געטריבן פון שטוב און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן דעם פאָטער מיינעם נישט דרייען קיין קאָפ, ווייל ער איז נישט קיין דאָקטאָר און אַפילו נישט קיין פעלדשער. כ׳האָב זיי געשיקט צו דעם יאַנאָווער פעלדשער, ר׳ ברוך, וואָס האָט יאָרן לאַנג געפראַקטיצירט ביי אונדז אין שטאָט און געהאַט אַ שם פאַר אַ ספעציאַליסט, אָבער זיי האָבן געגלייבט אין מיין פאָטער און געקומען ווידער...

אין דער צווייטער העלפט פון די 30־ער יאָרן, נאָך היט־לערס קומען צו דער מאַכט, האָט זיך אין פוילן, ווי באַוווּסט, פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם. אין פשיטיק, קעלץ און אַנדערע יישובים זענען אויסגעבראָכן פאָגראָמען מצד די ענדעקישע און „נאַרא" קרייזן. דער פוילישער האַלב־פאַשיס־טישער רעזשים האָט געקוקט דורך די פינגער און נישט אָנ־גענומען קיין שום מיטלען איינצושטילן די פאָגראָמשטשיקעס. די נאַרא־לייט זענען געוואָרן נאָך מער האָפעדיקער און אָרגאַניזירט איבערפאַלן אויף ייִדן אין יעטוועדער שטאָט און שטעטל. אויך אין פולטוסק איז געקומען צו צוזאַמענשטויסן; די אונטערוועלט צוזאַמען מיט „נאַרא"־לייט האָבן זיך גע־וואָרפן מיט אייזנס, בערשט מיט טשוועקעס אא״וו. עס האָט זיך גלייך אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ אויפן וואַרשעווער שאָסיי, וווּ ס׳האָט געוווינט דאָס רוב ייִדישע טרעגער, קאַוואַ־ליעס און בעלי־עגלות. אויף דעם מאָרגנדיקן טאָג האָבן די נאַרא־לייט געגרייט אַן איבערפאַל אויף ייִדן, ווען ס׳איז צו־געפאַלן די נאַכט האָט מיין פאָטער אָפּגעדאַווענט מנחה־ומעריב אין שטוב און צוגעגאַנגען צו דער שטאָל, וווּ אין אַ ווינקל איז געשטאַנען זייט יאָרן אַ סענקאָוואַטער, דעמבענער שטעקן אוז ער האָט אים אַריינגעטראָגן אין שטוב.

אַריינגענומען אַן אייזערנע פייל אין דער קאַליעווע און גע־וואָלט אַרויס פון שטוב. מיין מוטער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג און מיט טרערן אין די אויגן אים געבעטן: „קלמן, קלמנשי, ווו גייסטו? ביסט דאָך אַ טאַטע פון יינגע קינדער, מ׳וועט זיך אַן עצה געבן אָן דיר. געדענק, ביסט אַ ייִד מיט אַ באָרד און פאות, דיך, נאָר דיך זוכן זיי און וואַרטן אָפ. וועסט אַריינפאַלן ווי אַ שעפסעלע צווישן וועלף. ווער ווייס, צי איך וועל דיך שוין אָנזען צוריק?" „וואָס?" — האָט מיין פאָטער כמעט ווי אויסגעשריגן — „דאָרט שלאָגט מען מיינע ברידער און איך וועל זיצן אין שטוב און זיך אויסבאַהאַלטן ווי אין אַ מויזן־לאָך". מיטן כוח פון זיין פעסטן באַשלוס, מיטן דעמבענעם שטעקן אין האַנט און מיטן אייזערנעם פייל פאַר־שטעקט אין שטיוול, האָט ער זיך ווי אַרויסגעריסן פון שטוב. אַדורכגעשפּרייזט דעם מאַרק, שוו. יאַנסקע און אָנגעקומען אויפן וואַרשעווער שאָסיי, זיך צו פאַראייניקן מיטן אָרגאַ־ניזירטן זעלבסטשוץ, וואָס האָט זיך געגרייט צו פאַרטיידיקן ייִדישע לעבנס און ייִדיש האָב־און־גוטס.

סעפטעמבער 1939. שטאָלענע פייגל זייען טויט און פאַר־ניכטונג אין פוילישע שטעט, דערפער, יישובים און אויף די

וועגן. די נאַצישע חיה קאָן זיך נישט אָנזעטיקן מיט יידיש בלוט. אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָך דעם ווי די טמאים האָבן פאַרנומען פולטוסק, האָבן זיי אַרויסגעטריבן אַלע יידן נאַקעט און באָרוועס פון דער שטאָט (דאָס איז אפשר געווען דער איינציקער חסד, וואָס די ס. ס. האָבן געטאָן מיט די פולטוסקער יידן. ווען נישט דער גירוש, וואָלטן שפּעטער אַלע פולטוסקער יידן געשיקט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס...). פאַר דעם האָבן זיי אַלעמען אכזריותדיק צונויפגענומען אויף איין פּלאַץ. מיין פאָטער איז געוואָרן אַריינגעשליידערט מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין דעם גאָרטן־סקווער אין שלאָס אַרום דעם פּאָוויאַט, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט האַרט ביים נאַרעוו. אין דער גרויסער ענגשאַפט האָבן זיך די פאַמיליעס פאַרלאָרן. דאָס געוויין, די געשרייען און די תחנונים האָבן געשפּאַרט ביזן זיבעטן הימל... נאָכן אַריבערשפּאַנען די לאַנגע הילצערנע בריק, אונטער אַ האָגל פון קלעפּ, אָפּגעריסן פון זיין פרוי און קינדער, איז מיין פאָטער אַוועק קיין פּאָפּאָווע, דאָרט געטראָפן זיך מיט זיין איינציקער שוועסטער חיהטשע און צוזאַמען אַוועק קיין ביאַליסטאָק, ווו זיי האָבן זיך געטראָפן מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

פון ביאַליסטאָק זענען מיר אַוועק קיין הוראדאק, ווו ס'האָט געוווינט מיין מוטערס יינגסטער ברודער איטשע. אין דעם שטעטל האָבן מיר געפונען אַ ליידיקע דירה, ווו קיינער האָט זיך אין איר נישט געוואָלט אַריינציען, ווייל אין דער וווינונג איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מיט אַ יאָר פריער אַ דאָרטיקער פריזיער. דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, זיך פרי געשטעלט, דער ווייסער פראָסט האָט זיך באַזעצט אויף די שויבן און ווענט און טיף אַריינגעקראָכן אין די ביינער, איז מיין פאָטער אַוועק אויף די בוי־פּלעצער זוכן שטיקלעך האָלץ אויף אונטערצוהייצן, ס'איז אַוועק אַ לאַנגע צייט און ער האָט זיך נישט אומגעקערט. בין איך אַוועק צו די בנינים אים זוכן און כהאָב אים געטראָפן ליגן אין שניי. איך בייג זיך צו אים אַראָפּ: „טאַטע!" שריי איך אויס, האָט ער געעפנט האַלב די אויגן, פרעג איך אים: „דו דערקענסט מיך? ווער בין איך?" ענטפערט ער מיך, קוים וואָס איך האָב פאַרשטאַנען. כ'האָב גלייך אַלאַרמירט דעם פעטער, מיר האָבן אים אַרויפגעטראָגן אין שטוב, דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אַ פּאַראַליזש. ער איז צום באַוואוסטזיין מער נישט געקומען. דריי טעג האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט און פאַרלאָזט דעם ערדישן „גן־עדן" און איז כאָטש געקומען צו קבר־ישראל, י"א אדר שני, ת"ש (1940).

באַלד נאָך מיין פאָטערס טויט האָבן די סאָוויעטן פאַרארדנט, אַז אַלע פּליטים פון פּוילן („ביעזשענצעס") זאָלן אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּעסער. אַ טייל האָבן געפאָלגט און אַ טייל האָבן נישט אַרויסגענומען, מיינענדיק, אַז זיי וועלן געניסן פון „אַזיל־רעכטס"; זיי האָבן אָבער געהאַט אַ ביטערן טעות. נאָך דער פּאַספּאָרטיזאַציע האָט מען זיי אַרויסגעשלעפּט פון די וווינונגען, אָנגעפּאַקט זיי אין לאַסט־וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט אויפן ווייטן צפון. די פּליטים, וואָס האָבן יאָ אַרויסגענומען פּעסער האָט די סאָוויעטן־מאַכט אויפגעפאָדערט, זיי זאָלן פאַרלאָזן די שטעט און יישובים ביז 100 ק"מ פון דער נייער גרענעץ. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן הוראדאק. צו באַראַנאָוויטש האָט מען אונדז נישט געוואָלט צושרייבן, ווייל באַראַנאָוויטש איז געווען אַ קרייז־שטאָט, וואָס איז אויך געווען פאַרווערט פאַר די „נייע" סאָוויעטישע בירגער־ביעזשענצעס. זענען מיר אַוועק פון באַראַנאָוויטש קיין ניעסוויזש. מיר האָבן געמיינט, אַז ניעסוויזש וועט זיין אונדזער לעצטע סטאַנציע ביז אונדזער צוריקקער קיין פּוילן. אָבער דעם 21־טן יוני האָבן זיך באַוויזן די מעסער־שמידטן איבער די הימלען פון רוסלאַנד, גאַנצע יישובים זענען געוואָרן חרוב, אויף די וועגן זענען געלעגן מתים און צעשטערטע קריגס־מאַטעריאַלן. די ראַנדן פון די פעלדער האָבן געברענט פון די דייטשישע באָמבעס, די נאַצישע אַרמיי איז מיט אַ שטורעם געגאַנגען פאָרויס. דעם 22־טן יוני האָב איך מיט מיין פרוי איינגעפּאַקט אַ פּעקעלע קליידער און מיר האָבן זיך געלאָזט צו פוס אויף גאָטס באַראָט. די מוטער איז געווען קראַנק, זי האָט זיך נישט געקאָנט לאָזן אין וועג אַריין צו פוס. מיין שוועסטערל, אַ 17 יאָריק מיידל, האָט אויך נישט געוואָלט וואַנדערן, דאָס זעלבע מיין 12 יאָריקער ברודער, ער האָט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דער מוטער, זענען זיי געבליבן אויפן אָרט. מיר האָבן זיך צעוויינט, געזעגענענדיק זיך.

דעם 22טן יולי 1942, מיט 13 מאָנאַטן שפּעטער, איז אויסגעבראָכן דער גוט אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד אין ניעסווישער געטאָ. די יידן דאָרט האָבן זיך באַנוצט מיט קוילנוואַרפער, רעוואָלווערן, העק, מעסערס, דישלעס מיט טשוועקעס און שוועבל־זויער. די יידישע געטאָ־איינוווינער האָבן געוווסט, אַז דאָס איז זייער לעצטער קאַמף.

די נאַצישע אוקראַינישע, ביעלאָרוסישע און פּוילישע רוצחים האָבן שוין נישט געהאַט וועמען צו קוילענען און וואָס צו ראַבעווען. פאַרברענט זענען געוואָרן כמעט אַלע יידן פון ניעסווישער געטאָ, צוזאַמען מיט זיי מיין טייערע און איידעלע מאַמע חיה־זיסע בת מאיר־הערש ז"ל, מיין ליכטיקע צניעות־דיקע און גוט־האַרציקע שוועסטער אַלטע־דבורה און מיין ליב טעמפּעראַמענטפולער פריילעכער ברודער בן־ציון.

ה' ינקום דמם ות. נ. צ. ב. ה.

שרה פּראָסט (מאָרדיקס)

# אַ שפּאַציר איבער דעם „אַלטן מקום“

אונדזער שפּאַציר איבער דער עלטסטער פּולטוסקער גאַס: „אַלטער מקום“ (סטאַרע מיאַסטאָ) מיט אירע קליינע געסעלעך — וועט זיך אָנהייבן פון דער קריסטלעכער דרוקעריי ביז צו דעם „פּשיסטאַן“.

„אַלטער מקום“ — איז געווען אַ לאַנגע גאַס מיט שמאָלע טראָטואַרן. די הייזער זענען געווען הילצערנע און איינשטאָקיקע. די גאַס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט עטלעכע שיינע געמויערטע הייזער אַרומגעפלאַנצט מיט שאָטן־און קאַשטאַן־ביימער. די הייזער זענען בדרך כלל געווען קליינע מיט טויערן שמאָלע. די הויפן — געברוקירט נישט מיט קיין גלייכע שטיינער, כדי אַז אַ פור זאָל קאָנען אַריינפאָרן. די גאַס איז באַוווינט געווען פון יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן בירושה איבערגענומען די הייזער. די איינוווינער האָבן זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי, שניידעריי, קליין־האַנדל. עס זענען אויך געווען גרויסע סוחרים.

דער אַלטער מקום האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דעם קאַטוילישן קלויסטער, וועלכער איז געווען אַרומגעמויערט מיט אַ גרויסן פּאַרקן. ביים סוף פונעם קלויסטער האָט זיך געצויגן אַ שמאָל בלאָטיק געסעלע, אָט דאָס געסעלע, וואָס האָט פאַרקירצט דעם וועג צו דער עלעקטראָווניע און צו דער וואַרשעווער גאַס. אַדורכגייענדיק דעם קלויסטער פלעגט אָננעמען אַ פּחד. גאַנץ פרי האָט מען שוין געקאָנט זען מאַרשירן אין ברייטע שורות אַרעסטאַנטן אין ווייסע ליינענע אַנצוגער מיט סאַנדאַלן אויף הילצערנע קלעצלעך און מיט לאַנגע בעזעמער אין די הענט, וועלכע האָבן יעדן טאָג געדאַרפט רייניקן דעם פּלאַץ פון קלויסטער. אינעם „גרינעם“ דאָנערשטיק אָדער אַנדערע קריסטלעכע ימים־טובים זענען פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען טויזנטער קריסטן, גלחים מיט צלמים און הייליקע בילדער און געפייערט אויף זייער אופן זייערע ימים־טובים.

נאָענט פון דעם געסעלע האָט געוווינט אין אַ געמויערט הויז דער באַוווסטער פּוילישער פעלדשער זאַוואַצקי. נישט ווייט פון אים איז געזעסן אין אַ שיין געמויערט הויז דער באַקאַנטער לערער רינג, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן אַוועק־געגעבן פאַר די שיינע מענטשלעכע אידעאַלן (ווי עס איז באַקאַנט איז ער אומגעקומען אין רוסלאַנד).

דאָס צווייטע געסעלע „פּאַננאַ מאַריאַ“ האָט זיך געצויגן ביז צום עוואַנגעלישן קלויסטער. און דאַן די פאַרם פון מענדל יאַגאָדע מיט זיינע בהמות און שיינעם גאָרטן מיט די שמעקעדיקע רויזן (צו וועמען איך וועל זיך נאָך אומקערן) און דאַן די ברייטע גרינע לאָנקעס פאַר פּאַשע, וועלכע האָבן זיך געצויגן ביז צו דער פּליאַזשע. אין דעם געסעלע האָבן געוווינט די פאַמיליעס זעליקייט און אַלטמאַן ווי אויך עלי־יוסף, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט מילכיקס.

דורכשניידנדיק דאָס געסעלע האָט מען פאַרקירצט דעם וועג צו דער אויטאָמאָבילן־סטאַציע.

אויף דער צווייטער זייט פונעם קאַטוילישן קלויסטער האָט זיך אָנגעפאַנגען דער „אַלטער מקום“ מיט דער דרוקעריי פון איינעם אַ רייכן קריסט. פון זיין שיינער וווינונג מיט די ברייטע פענצטער האָט אַרויסגעקוקט דאָס אַריסטאָקראַטיש מעבל. דאָס שיינע פּיאַנאָ־שפּילן פון זיינע טעכטער האָבן יעדן אַדורכגייער צוגעצויגן, אַז מ׳האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן אויף אַ רגע און אַריינוואַרפן אַהינצו אַ בליק.

נאָך דעם הויז האָבן געוווינט: די משפחה ראָזענבערג, ציפּעלע פרידמאַן און צירל די רביצן. דאָרט איז אַמאָל געווען די יידישע „פּאָוושעכנע“־שול. אַ הויז ווייטער: די משפחות שטיינבערג און ענגעל און די באַקאַנטע שניידערין מלאך; אין דעם זעלבן הויז האָט חיים רובין געהאַט זיין יאַטקע.

נאָענט פון דעם הויז איז געווען די האַנדלס־שול, וווּ יידישע קינדער האָבן זיך לעצטנס געלערנט, און אַ הויז נאָך דעם האָט געוווינט די באַוווסטע שניידער־משפחה פּוזשיצקעס, דערלעבן: דאָס הויז פון די ברידער יענקל און לייבל שינאַוואָלאַגאַ מיט זייער יאַטקע (לעצטנס ווען לייבל האָט זיך איבערגעצויגן אין „רינעק“, איז אין זיין וווינונג געווען די שול „אורט“, וווּ יידישע מיידלעך האָבן געלערנט שניידעריי און קינדער־קאָנפעקציע; דער טייל האָט געהערט צו דעם גוישן צענטער).

נאָך דעם הויז פון די א״ד ברידער איז געווען דאָס הויז פון דוד פרינץ מיט אַ סקלאַד פון ברעטער. און דאַן דאָס הויז, ווו צווישן בלויזע קריסטן האָט געוווינט די איינציקע יידישע משפחה נאָוואַמינסקי; עלטערע מענטשן. גוט באַקאַנט איז געווען די הויז פון חיה די בעקערין ווי אויך איר מאַן, הענעך פישערמאַן; ביי איר אין הויז אויף אַ קליין בוידעם־שטיבל האָט געוווינט אַ גאַר אַלט פּאָרפּאָלק: די קאַלמענליייזערליכע. דאָס זענען געווען צוויי אַלטע מענטשן, וועלכע זענען תמיד געלעגן אין די בעטן און די גאַס האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און געשטיצט...

עס האָבן אין דעם הויז אויך געוווינט די משפחות: רובין, ווינטער, ציפּלאָווסקא און פּעציגאַרזש. נאָך דעם הויז האָבן זיך געצויגן הייזער מיט גרויסע גערטנער פון די בעלי־בתים: ישעיהו זשעזשניקער, מענדל יאַגאָדאַ (שוין אויבן דערמאָנט), וועלכער איז דער ערשטער אומגעקומען פון די דייטשן און יחיאל בראָף. תמיד פלעגן די שקצים זיך אַריינכאַפּן אין זייערע גערטנער און אויסרייסן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

לענגאויס די לינקע זייט פון דער גאַס האָט געפלאָסן אַ שטילער טייך, וואָס איז צום סוף אַריינגעפאַלן אין דעם נאַרעוו. אין דעם טייך פלעגן זומער־צייט סיי יידישע סיי קריסטלעכע קינדער זיך באָדן. יידישע יינגלעך פלעגן אַרויס־לויפן פון די חדרים פונעם שול־הויף, וואָס פון דער אַנדערער זייט, זיך אָפּרוען אויפן גרינעם גראָז און עסן זייער פרישטיק ביי דעם טייך. לאָדקעס מיט פישערס און טראַטוועס פלעגן זיך פון דאָרט אַדורכשיפן צו דעם נאַרעוו.

אין דעם א״ד טייך פלעגן יידישע און קריסטלעכע יינגלעך מיט גרויסע לאַנגע ווענטקעס כאַפּן די קליינע בלעיעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ פיינעם גוטן געשמאַק. זונטיק פלעגן די יידישע מיידלעך דאָרט שייערן און וואַשן די פאַרפעצטע טעפּ פונעם שבתדיקן טשאָלנט. יידישע בעל־הביתטעס האָבן זיך געקאַנט אַדורכשיפן פאַר 5 גראָשן אויף דער צווייטער זייט, זיי זאָלן האָבן נענטער צום מאַרק פאַר זייערע קניות. קינדער פלעגן זיך סתם לוסטיק מאַכן, אַדורכגיין האַלב־נאַקעט דעם טייך; דאָס וואַסער איז דערגאַנגען ביז איבער די קני.

ווינטער־צייט, ווען דער טייך האָט געפרירט איז פאַר די קינדער געווען אַ גאַר גרויסער פאַרגעניגן; געפאָרן מיט שליטלעך און זיך געגליטשט פון די בערג. גרויסע פלעגן פאָרן מיט ליזשוועס און מאַכן פאַרשידענעם ספּאָרט. דאָ פלעגן יידישע טעכטער ביי די פשערעמבלעס שווענקען דאָס גרעט און נאָך אַמאָל זויבער איז עס געוואָרן פון די שניי־קאַלטע וואַסערן; דאָ האָט מען געקאַנט באַמערקן ווי אַ פרומער ייד לויפט אַ דורך דעם טייך, איילט זיך אין בית המדרש צו מנחה, ער זאָל, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן די שעה — נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אאַ״וו.

פון דער אַנדערער זייט טייך האָט מען תמיד געהערט דאָס געזאַנג פון די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן מאַרשירט אויף מאַ־נעווורעס און איבונגען קיין פּאָפּלאַוועס. די לידלעך זייערע פלעגן זיך איינקריצן אין זכרון פון יעדן יוגנטלעכן. נאָך די מאַנעווורעס פלעגן פיל יוגנטלעכע דורכגיין דאָס וואַסער און באַוואַרפן די סאָלדאַטן מיט בלומען, וועלכע האָבן מאַשערירט צוריק אין זייער פּולק אַריין.

אַנהייב־פרילינג, ווען דאָס פאַרפרוירענע וואַסער האָט געלאָזט, האָט דער טייך זיך געשפּאָלטן, געברוישט, געריסן די ברעגעס און גאַנצע קוביקעס אייז האָבן זיך מיטן גאַנצן כח געריסן צו דעם נאַרעוו. דער טייך האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן און דאָס וואַסער איז דערגאַנגען כמעט ביז צו די הייזער.

אַזוי ווי אין יעדן טייל פון דער שטאָט, האָבן אויך די איינוווינער פונעם „אַלטן מקום״ מיטגעמאַכט סיי טרויעריקע, סיי פריילעכע צייטן. און אַזוי ווי איך האָב שוין אויבן דער־מאָנט דעם ח׳ יאַנקל שינאַוולאַגא, וויל איך אויך דערמאָנען זיין טאָכטער היהקע, אַ מיידל אין די לעצטע שקאָלע־יאָרן, וועלכע איז פלוצעם שטאַרק קראַנק געוואָרן און קיין שום האָפענונג איז נישט געווען, אַז זי זאָל בלייבן ביים לעבן (איר שוועסטער טייבעלע איז געווען מיין חברטע). די עלטערן האָבן איינגעלייגט וועלטן און אַראָפּגעבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, איר צו ראַטעווען. זי איז אַראָפּ פון די כוחות אַזוי, אַז אַלע טאָג האָט מען אין שטאָט געשמועסט, אַז זי איז געשטאָרבן.

די גאַנצע שטאָט האָט מיטגעלעבט מיטן צער פון דער משפחה און באַוווּנדערט דאָס אומבאַשרייבלעכע מסירת־נפש פון די עלטערן. ווען זי איז געזונט געוואָרן, האָט מען גע־שמועסט, אַז איר קראַנקייט האָט פאַראָרעמט דער משפחה. ליידער זענען זיי אַלע אומגעקומען פון די נאַציִשע מערדער און זאָל דערמיט זייער אַנדענק פאַראייביקט ווערן.

זאָל דאָ ביי דער געלעגנהייט אויך דערמאָנט ווערן די איינוווינערין פון „אַלטן מקום״ — חנה נאָוואַמינסקי (די פרוי פון נטע נאָוואַמינסקי), ווען זי איז געפאַלן אויפן מיטן גאַס און געשטאָרבן. גאַנץ אַלטער מקום האָט אָנטיילגענומען אין דער לוויה און באַדויערט דעם פריצייטיקן טויט פון אַ פרוי און אַ מוטער, וועלכע האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך גאַר קליינע קינדער.

יחיאל בראָפס הויף מיט די גרויסע שפּייכלערס סחורה האָט יעדער פּולטוסקער געקענט. אויף דעם דאָזיקן הויף האָט

געווינט די משפחה בורשטיין, וועלכע האָט געהאַט אַ שפּייז־געוועלבל. אַזוי ווי דער פֿאָטער פֿון דער משפחה איז אין די יונגע יאָרן געשטאָרבן, האָט שרה־לאה די אלמנה געפּראַצעוועט ביי דעם געוועלבל, אויסצוהאַלטן די משפחה. זייער זון חיים־הערצקע איז געווען — חוץ אַן אינטעליגענטער בחור — אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. אַזוי ווי ער איז געוואָרן לונגען־קראַנק, האָט די משפחה און די פּאַרטיי אַלץ געטאָן, כדי אים צו ראַטעווען. איז כּאָטש עס איז געלונגען אים צו דערהאַלטן ביים לעבן אַ שיין ביסל יאָרן, איז ער איינמאָל געפֿאַלן אויף דער גאַס, נישט ווייט פֿון זיין שטוב, און געשטאָרבן אויפֿן פּלאַץ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט אין אַ ווינטערדיקן שבת בייטאָג פֿון אַ רעפֿעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי. אַלע האָבן באַדויערט דעם פּריצייטיקן טויט פֿון דעם זייער אין שטאָט באַליבטן בחור. יהי זכרו ברוך.

דערמאָנענדיק די משפחה בראַף, דאַרף מען אויך נישט פֿאַרגעסן אין דער טאָכטער פֿון יחיאל בראַף — כעליא, אַ באַחנט האַרציק מיידל, וועלכע איז געווען די איינציקע יידישע באַאַמטין אין פּולטוסקער מאַגיסטראַט. אַ דאַנק איר קאָנטשאַפֿט מיט אַנגעזעענע שטאָטישע פּירער, וועלכע האָבן געהאַט אַן איינפֿלוס אויף די שטאָטישע ענינים, האָט זי געטאָן פֿיל טובות די פּולטוסקער יידן. האָט ווער זיך געניייטיקט אין אַן אַדמיניסטראַטיווער טובה, וואָס איז געלעגן אין די הענט פֿון בורמישטש, אָדער אַז מ'האָט געדאַרפֿט פּועלן ביים פּאָוויאַטאָוון ד"ר בראָון, ער זאָל דערלויבן אויפֿצומאַכן צוריק די בעקעריי, צי דאָס געוועלבל, וואָס איז פֿאַרמאַכט געוואָרן לויט זיינס אַ פֿאַראָרדענונג, מחמת די נישט גענוגנדיקע סאַניטאַרע באַדינגונגען, וועלכע האָבן דאָרט געהערשט, צי אין אַנדערע ענלעכע ענינים — איז כעלא בראַף געווען דער ערשטער און דער לעצטער אַדרעס. אירע ווייטגייענדיקע טובות האָבן געשמט אין שטאָט. מענטשן זענען שטענדיק געווען פֿאַרזאַמלט ביי איר טיר. זי האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט און יעדן איינעם געהאָלפֿן. זי איז אומגעקומען אין די הענט פֿון די נאַצישע רוצחים. יהי זכרה ברוך והי"ד.



כעליאַ בראַף — יחיאל בראַפֿס טאָכטער, געאַרבעט אין פּולטוסקער מאַגיסטראַט אַלס די איינציקע יידישע באַאַמטין.

WOJEWODA WARSZAWSKI

Nr rej. 1171

# DYPLOM

NA PODSTAWIE USTAWY Z DNIA 8 STYCZNIA 1938 ROKU
(DZ. U. R. P. NR 3, POZ. 11) NADAJĘ

P. BRAFÓWNIE Chaji
kancelistce Zarządu Miejskiego w Pułtusku, powiatu pułtuskiego

BRĄZOWY
MEDAL ZA DŁUGOLETNIĄ SŁUŻBĘ

WARSZAWA, DNIA 30 czerwca 1938 R.




Drukarnia Państwowa nr 98087.

הצטיינות ע"ש חיה ברף — אויסצייכענונג א. נ. פון חיה בראף

אַנטקעגן יחיאל בראַף איז געווען דאָס הויז פֿון פֿריידע־פּערל ריינגעווירץ, וואָס האָט שפּעטער געהערט צו מענדל האַלצמאַן. עס איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז מענדל האַלצמאַן איז פֿון די ערשטע מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און איז דאָן אומגעקומען. ער האָט אויף זיין הויף געהאַט אַ סטאָליאַר־וואַרשטאַט און פֿיל בחורים האָבן זיך ביי



א סטאָליאַר־וואַרשטאַט אויפן אַלטן מקום

אים געלערנט די מלאכה. אין דעם הויז האָבן געוווינט צווישן אַנדערע די משפחות: רובין, האופמאַן און איגנאַטאָווסקי.

דוד איגנאַטאָווסקי איז געווען אַ הויכער און דאַרער ייד. ער האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט ביי שוסטעריי, אויפצו־האַלטן זיין פרוי און זיינע פיר קינדער. זומער, ווען דאָס שוסטעריי איז געווען שוואַך, האָט ער זיך געלאָזט גיין צופיס קיין ווישקאָוו און געהאַנדלט מיט סעדער. ער פלעגט אַוועק־גיין תחילת־וואָך און קומען אַ היים אויף שבת. איינמאָל האָט ער זיך אויפן וועג פאַרקילט און באַקומען אַ שווערע לונגען־אַנטצינדונג. די איינוווינער פון דער גאַס איז ממש געגאַנגען אין לעבן אַפּצוראַטעווען דעם דאַזיקן ייד. עס האָט ליידער גאָר נישט געהאָלפן, ער איז געשטאָרבן. די אַלע, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער גרויסער לוויה, האָבן באַדויערט דעם ייד, וועלכער האָט זיך מיט לייב און לעבן מקריב געווען פאַר זיין משפחה, ז״ל.

אַנטקעגנאיבער מענדל יאַגאָדע און יהושע זשעזשניקער איז געשטאַנען דאָס הויז פון אפרים כהן, ווו זיין שוועסטער פעסע ניימאַן האָט געהאַט דאָס שפייז־געוועלבל.

דערנאָך אַ הויף, וואָס איז געווען באַזעצט פון בלויז קריסטן, מיט אַ פאַרשלאָסענעם טויער, פון וואַנען עס האָט זיך תמיד געהערט אַ הינט־בילעריי.

דערנאָך האָט זיך געצויגן דאָס לאַנגע הילצערן הויז מיט די שמאָלע קאָרידאָרן פון מענדל בזשאָזע. אין דעם הויז איז געווען דאָס שפייז־געוועלבל פון העניע בערגסאָן. איר פרומער מאַן מיט די צווײ זין, יאַנקל און יהודה־אריה, זענען תמיד געזעסן און געלערנט. די בכבודיקע העניע האָט געפירט דאָס קליינע געוועלבל און אַ בשלומדיק לעבן מיט איר שנור שרה־מינדל און אירע קינדער. אַ גאַנצער וואָך האָבן ישיבה־בחורים ביי זיי געגעסן „טעג״.

צום סוף פון דער הויז איז געווען דאָס שפייז־געוועלבל פון מענדל בזשאָזע, ווו עס האָט געוווינט די משפחה שעלאַנטשיק.

צו די א״ד טראַגישע פאַרלויפּעניִשן, וויל איך צוגעבן, אַז אויך פון פריילעכע פאַסירונגען האָט געוווּסט דער „אַלטער מקום״ צו דערציילן. מען רעדט שוין נישט וועגן די שמחות און די פייערלעכע חתונות, וואָס זענען געפּראַוועט געוואָרן פון צייט צו צייט מיט יידישן טעם און חן ביי די איינוווינער פון „אַלטן מקום״ ווי אַ שטייגער: די חתונה פון מענדל יאַגאָדעס זון, יוסף־אייזיק רובינס טעכטער, בנימין שינאַוולאַ־געס זון א״א; ווי שכנים מיט בעלי־בתים האָבן דאַן אָפּגעווישט זייער אונטערשייד, אַזוי אויך די שכנטעס מיט זייערע בעלי־ביתטעס פון די הייזער; איינע די אַנדערע האָבן זיך געהאָלפן; מ׳האָט געפּרעגלט, געקאָכט און געבאַקן; איינע די אַנדערע האָבן זיך אויסגעבאָרגט קליידער און צירונג; די שמחה איז געוואַקסן, דאָס נחת האָט זיך געגאָסן ווי ווײַן, האָבנדיק הנאה פון דער גרויסער יידישער מצווה פון חתונה מאַכן אַ קינד...

אָבער נאָך טאָפּלער איז געווען די באַלעבונג און די פרייד אויף דער גאַס, ווען מ׳האָט ביי ציפּעלע פרידמאַן געשריבן אַ ספר־תורה! מ׳האָט געשריבן אותיות. מ׳האָט געגעסן, געטרונ־קען. פאַרשטעלטע האָבן געריטן אויף פערד, מוזיק האָט גע־שפּילט און מיט גרויס פּאַראַד האָט מען געפירט דעם ספר; די גאַנצע גאַס יידן און פון נאָך אַנדערע טיילן שטאָט אפילו זענען מיטגעגאַנגען ביז צו דער שול, ווו מ׳האָט אַדורכגעפירט די גאַנצע צערעמאָניע.

אויפן „אַלטן מקום״ איז געשטאַנען אַ בשותפות־דיקע מיל, וועלכע האָט געהערט צו די בעלי־בתים: וואַגמאַן, רינג און קאַמינסקי. נאָך די ימים טובים פלעגט אַ באַזונדערע לעבהאַפטיקייט באַהערשן די גאַס, ווייל דעמאָלט פלעגן די פּויערים פירן זעק מיט האָבער און ווייץ אויף צו מאָלן. גלייכ־צייטיק פלעגן זיי מיטברענגען אויף צום פאַרקויף קאַרטאָפל, קרויט און בוראַקעס און נאָך אַנדערע גרינסן. אין דער צייט פלעגן די בעלי־הביתטעס מאַכן גרויסע איינקויפן, זיך גרייטנ־דיק צום ווינטער. דעמאָלט פלעגט די מיל קלאַפּן און אַרבעטן גאַנצע נעכט, אַז עס איז שווער געווען איינצושלאָפן. דער מיל־הויף איז געווען אַ גרויסער און דער אַריינפאָר — אַ ברוקירטער. דער הויף איז געווען צעטיילט אויף דריי טיילן. אין דעם ערשטן טייל האָט געוווינט די משפחה דוד וואַגמאַן מיט זיין פרוי און קינד און די משפחה שטיינבערג — אַן עלטער פּאָרפּאָלק. דאַן איז געקומען דער מיל־פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך געקאָנט אויסשטעלן צענדליקער פורן. די מיל האָט געהאַט אַ פּלומפּ מיט גוט קאַלט וואַסער. זומער, אין די הייסע טעג, פלעגט מען זיך דערקוויקן מיט אַ פרישן טרונק. פון דער רעכטער זייט מיל איז געשטאַנען אַ גרויסע אייזערנע

רער, אַרומגעמויערט מיט ציגל. ווען די מיל האָט געאַרבעט האָט זיך די רער זייער אָנגעגליט און עס האָט געזעצט פון איר אַ היץ. ווינטער, אין די קאַלטע טעג, פלעגט דאָס יונג־וואַרג זיצן ביי דער רער און זיך וואַרעמען שעהנווייז, פאַר־ברענגען אין געזאַנג און אין שפּילערייען אַזוי, אַז טאַטע מאַמע האָבן נישט געוווּסט, ווו די קינדער זענען נעלם געוואָרן. מיר זענען אַ היים געקומען מיט רויטע צעפלאַמטע בעקעלעך, און מיט אַן אויפגעהייטערטער שטימונג.

נחום פענערס הויז. טראָץ די הילצערנע אָפּיצינע איז דאָס הויז געווען געבויט אויפן מאָדערנעם אופן. עס איז געווען באַוווינט פון באַאַמטע, מיליטער־לייט און אויך פון עטלעכע יידישע פאַמיליעס. דאָס הויז איז געווען אַ צענטראַלער שפּיל־פּלאַץ פאַר אַלע קינדער כמעט פון דער גאַס. אויפן הויף איז געשטאַנען די גרעסטע סוכה פון דער גאַס (אין דער סוכה האָבן געגעסן ביי אַ 20 פאַמיליעס). אין דעם הויז האָט גע־ווינט וואָלף־בער זאַיעווסקי; ער איז אַמאָל געווען אַ מלמד. אינטערעסאַנט ווי ער האָט פאַרמאָגט אַ ליבשאַפט צו פייגל און הויז־באַשעפענישן. זיין וווינונג איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט לעבעדיקע חיות און עופות: זינגענדיקע קאַנאַרקעלעך, קאַזעס, הינער אא"וו. צום ליבסטן האָט ער געהאַט די קאַנאַר־קעלעך; אַ גאַנצן טאָג כמעט איז ער געווען מיט זיי פאַר־נומען. דער ייד האָט תמיד געשמעקט טאַבאַק און זיינע נאָז־לעכער זענען שטענדיק געווען שוואַרץ ווי קויל. פאַר אַ רפואה האָט מען ביי אים געקענט באַקומען אַ שמעק טאַבאַק.

אין זעלבן הויז, אין פראָנט צו דער גאַס, האָט געוווינט זייער אַ נאָבעלע פאַמיליע. דער ראש פון דער פאַמיליע, יידל בערמאַן, איז געווען אַ געפּוצט יידל. דאָס בלאָנדע בערדל איז שטענדיק געווען פיין פאַרקעמט און די קאַמאַשן האָבן שטענ־דיק געגלאַנצט. ער איז געווען אַ גערער חסיד. די משפחה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ריינקייט און פּעדאַנטישקייט, אַזוי אַז זיי האָבן זיך מיט קיינעם נישט געמישט און ביי קיינעם גאָר נישט טועם געווען. עס איז שוין געווען למעלה מן המשוער. חלות אויף שבת פלעגט גנענדעלע באַקן אין פּיעטשניק און דער ריח פון די געטרוקנטע מאַראַנצן־שאָלעכץ, וואָס זי פלעגט אַהין אַריינבראָקן, האָט זיך געטראָגן אויף דער גאַנצער גאַס; וואַסער אויף טיי פלעגט זי אין די גרעסטע פּרעסט ברענגען פון דעם פּלומפּ פון דער דריטער־מאַי־גאַס, ביי דעם קינאָ. אויך רבקהלע די טאָכטער איז „געשטראָפט“ געווען מיט דעם זעלבן „חסרון“... איך בין דאָרט געווען אַן אָפטע אַריינקומערין און געהאַט גרויס פּיעטעט פאַר דער דאָזיקער איידעלער פאַמיליע.

פון דער צווייטער זייט האָט געוווינט די משפחה נאָוואַ־מינסקי. דאָס הויז איז געווען אַ קריסטלעכע און עס האָבן דאָרט געוווינט עטלעכע יידישע משפחות ווי: מיכל שינאַ־וולאגא און יוסף שינאַוולאגא מיט זייערע פאַמיליעס, די משפּ־חה שטערן און די פאַמיליע פון דער באַקאַנטער כלל־טוערין איטקע וועסט; זי איז געווען אַ בעקערין.

איטקע וועסט איז געווען פון די איינציקע נשים צדקניות, פרויען וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט העלפן אָרעמע און קראַנקע מענטשן. ביי איר אין דער בעקעריי האָט יעדער בעל־הביתטע געמוזט איבערלאָזן פרייטיק אַ קליין חלהלע און פאַר ליכט־בענטשן האָט מען עס צעטיילט די אָרעמע לייט אויף שבת. זי פלעגט צונויפנעמען געלט פאַר קראַנקע און אָרעמע כלה־מיידלעך. מיט איטקען איז מען געגאַנגען אויפן בית־עולם, מנחם־אבל זיין צעבראָכענע אָרעמע משפחות אד"ג.

זאָל איר נאָמען קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

נאָך דעם הויף איז געווען אַ קליין הייפל, וואָס האָט אויך געהערט צו אַ קריסט, דאָרט האָבן געוואַקסן שיינע שמעקנ־דיקע אקאַציע־ביימער.

נאָכדעם האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער הילצערנער פּאַרקן מיט אויבס־און בעז־ביימער, און דאַן — דער הילצערנער גאַנעק (ווערענדע), וואָס האָט געדינט פאַר אַן אָפּרו־פּלאַץ; ווען די איינוווינער פון „אַלטן מקום“ זענען געגאַנגען מיט שווערע קוישן אָדער פון אַ שפּאַציר אין פּאַפּלאַוועס, פלעגט מען כאַפּן אַן אָפּרו־זיץ אויף דער ווערענדע, זיך אָנזאַפּן מיט אַ ביסל שמעקעדיקע לופט און גיין ווייטער.

אויף דער צווייטער זייט איז געווען אַ בלאָטיק געסעלע, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צו דער וואַרשעווער גאַס. דאָס דאָזיקע געסעלע איז געווען אַ פּלאַץ פאַר אינטריגעס און געשלעגן און שכורים האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט.

אין דעם לעצטן הויז פון דער גאַס, נאָך דעם געסעלע, האָבן געוווינט די משפחות: בנימין שינאַוולאגא, ראַנדעניצקי און שטיינבערג.

נאָך דעם הויז האָט געפירט אַ וועג צו דעם „טאַבאַר“, וואָס האָט געהערט צו דעם 13־טן „פּיעכאָטע“־פּולק, און דאַן האָט זיך געצויגן ביז צו דעם פּשיסטאַן אַ גרויסער גאָרטן פון פּרוכט און גרינסן, וואָס האָט געהערט צו דעם באַאַמטן קאַר־פּאַצקי, זייער אַן אָרנטלעכער מאַן. זיין פרוי, אַ הויכע, אַ דיקע פלעגט באַאַרבעטן דעם גאָרטן און אַ סך יידישע בעל־הביתטעס האָבן ביי איר געקויפט דאָס גרינוואַרג. זי האָט זיך זייער פיין באַנומען צו יעדן.

דער פּשיסטאַן. דאָס איז געווען אַ הויך הילצערן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף הילצערנע פּיליאַרן אין וואַסער פונעם נאַרעוו. עס האָט געדינט פאַר אַ פּלאַץ פון פּאַרוויי־

לונגען, ווו מיט יאָרן צוריק פלעגן יידן מיט קריסטן צוזאַמען פֿאַרברענגען. לעבן הויז איז געווען אַ שיינער שמעקעדיקער פֿאַרק־גאָרטן. די קינדערלעך פלעגן זיך דאָרט שפּילן און די עלטערן פלעגן אויסניצן די צייט אויף לייענען, שטריקן צי עפּעס אויסנייען. די לופט איז געווען אַ ריינע און די געדיכטע רויזן האָבן פֿאַרשמעקט אַ היפשן שטח. ביים ברעג פונעם טייך זענען געשטאַנען „קאַיאַקעס" און „סטאַטקעס" (פּאַסאַזשיר־שיפלעך), וועלכע פלעגן אָפּשווימען מיט פּאַסאַזשירן ביז וואַרשע.

די לעצטע יאָרן איז דער אַריינגאַנג צום פֿאַרק־פּלאַץ געוואָרן אַרומגעצוימט מיט אַ גרויסן אויפשריפט־פֿאַרבאָט פֿאַר יידן (ווסטעמפּ דלאַ זשידוּוו ווזבראָניאָנאי). פון דעמאָלט אָן האָבן נאָר קריסטן דאָרט פֿאַרברענגט און געווײַלט זייער צייט. איין מאָל אין יאָר נאָר האָט מען די יידישע שול־קינדער מיט זייערע לערערס איינגעלאַדן צו נעמען אַן אָנטייל אינעם ספּאָרט־יום־טוב.

פון דאָרט האָט אויך געפירט אַ קליין הילצערן בריקעלע, וואָס האָט פֿאַראייניקט די פּאָפּלאַווער בריק מיטן אַלטן מקום. דורך דעם בריקעלע האָבן די איינוווינער פון דער „סטאַרע־מיאַסטאָ" געקאָנט צוקומען דורך אַ פֿאַרקירצטן וועג צו דעם מאַרק.

די „סטאַרע מיאַסטאָ" איז געווען זייער באַלעבט אין די זונטיק־טעג. דעמאָלט פלעגן פון די קאָשאַרן שפּאַצירן דורך דעם אַלטן מקום מיליטער־לייט מיט זייערע פרויען און פוילישע אינטעליגענץ מיט שיינע געפּאַשעטע הינט — צו דעם הילצערנעם בריקעלע, וואָס האָט זיי אַוועקגעפירט צו דער גרויסער בריק, ווו די לופט איז געווען אַ ריינע און מ'האָט פריי געקאָנט קוקן אויף די שטילע בלויע וואַסערן פונעם נאַרעוו און אויף די ברייטע גרינע לאָנקעס, וועלכע האָבן געפירט ביז אין וואַלד אַריין.

אַזוי האָבן געלעבט די איינוווינער פון אַלטן מקום אַ סך, אַ סך יאָרן; ווער ביי זיין וואַרשטאַט, ווער ביי זיין מסחר. אַזוי האָט זיך דאָרט געפירט פון דור־דורות אַ יידיש לעבן מיט פרומקייט און חסידות, תורה און תפילה; אַ יידישע יוגנט מיט באַנייטער קולטור און געזעלשאַפטלעכער פּאַרטיייִשער אַרבעט, מיט חלום פון אַ בעסערן יידישן מאָרגן און מיט בענקשאַפט צו ציון און יידישער גאולה ביז עס זענען אָנגעלאָפן די דייטשישע מערדער און דאָס אַלץ אויסגעריסן מיטן וואָרצל; פון דעם יידישן ישוב איז קיין שפּור נישט געבליבן.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס אַ נר־זכרון פֿאַר אונדזער יידיש־אומגעקומענער פולטוסק און אירע קדושים.

אייביק, אייביק וועט איר אין אונדז לעבן.

מיר שווערן.



ה„פשיסטן" — דער „פּשיסטאַן"

# טיפן און געשטאלטן פון חסידישע פערזענלעכקייטן, תורה־לערנער, כלי קודש, פארטיי־און כלל־טוער

## טיפוסים ודמויות של אישים חסידיים, כלי־קודש, מלמדי־תורה, עסקני־ציבור ואנשי מפלגה

### ר' מענדל מינץ

ר' מענדל מינץ איז געווען אַ ייד אַ בן־תורה און אַ זייער פרומער, חסידישער מענטש. ער איז געווען פון מיטעלן וווּקס, לויט זיינע יאָרן מיטלמעסיק דיק און מיט אַ שיינער, אַ ביסל גרוילעכע באָרד. טראָץ זיין רייכן שטאַנד האָט ער זיך נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע פּולטוסקער יידן, נישט מיט זיין לבוש און נישט מיט זיין באַנעמען זיך. ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן באַשיידן מיט אַ האַרציקן, קוים מערקבאַרן שמייכל אויף די ליפּן. פריינדלעך אונטערהאַלטן זיך מיט יעדן איינעם, אין אַ געשפּרעך אַריינגעוואָרפן אַ פּסוק פון דער תורה אָדער אַ רביש ווערטל. דער איינציקער סימן פון זיין עשירות איז געווען זיין דראָשקע, געשפּאַנט אין אַ פערד און אָנגעטריבן דורך אַ קריסטלעכן קוטשער, מיט וועלכער ער פלעגט אַדורכ־פאָרן דורך דער שטאָט אין זיין פאַבריק.

די אייזנגיסעריי און פאַבריק פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען פון ר' מענדל מינץ, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין י. 1894, איז געווען די ערשטע און איינע פון די גרעסטע פאַבריק־אונטערנעמונגען אין שטאָט. זי האָט זיך געפונען צום סוף פון דער פּילסודסקי גאַס, באַלד נאָך די מיליטערישע קאַשאַרן און געצויגן זיך אויף אַ גרויסן שטח גראַד אויס מיט דעם שאָסיי. די פאַבריק האָט געליפערט דער דאָרפישער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער אומגעגנט לאַנדווירטשאַפט־לעכע מאַשינען פון פאַרשידענע סאָרטן. די מאַשינען און מעכאַנישע אויסשטאַטונגען פון דער פאַבריק האָבן פאַרנומען אַ סך געביידעס און געטריבן געוואָרן דורך אַ ריזיקן דאַמפ־מאָטאָר.

די פאַבריק האָט באַשעפטיקט ביי 200 אַרבעטער, ספעציאַליסטן און בעלי־מלאכות, צווישן וועלכע נאָר סטאַ־לערס זענען געווען יידן. צום דינסט פון דער פאַבריק האָט זיך אויפן פּלאַץ געפונען אויך אַ טאַרטאַק.

ר' מענדל מינץ האָט געוווינט ביי זיין פאַבריק אין אַ דריי־שטאָקיקן הויז, אויפן צווייטן עטאַזש איבער דעם ביוראָ. אין זיין וווינונג האָט ער אויך געהאַלטן אַ ספר־תורה און געדאַוונט מיט אַן אייגענעם מנין. די אַדמיניסטראַציע פון דער פאַבריק און דער ביוראָ־פּערסאָנאַל זענען באַשטאַנען פון ר' מענדל אַליין, פון אַ הויפּט־בוכהאַלטער, פון זיין באַליבטן זון דוד־הערש און עטלעכע אויסהעלפערס.

דוד הערש, אויך אַ חסידישער מענטש, האָט געוווינט מיט זיין פרוי און זיבן קינדער איבער דער דירה פון זיין פאָטער. ביים פאָטער האָט זיך אויך געפונען דער ייִנגסטער זון משה (לעבט היינט אין ישראל מיט זיין פרוי יונה און 2 טעכטער; אויך זיינע 2 שוועסטער, מרים און לאה, ניצול געוואָרענע פון די נאַציס־געפינען זיך אין לאַנד). ר' מענדלס טעכטער האָבן נאָך זייער חתונה פאַרלאָזט פּולטוסק און באַזעצט זיך אין פאַרשידענע שטעט. אויך דוד הערש איז אין די דרייסיקער יאָרן אַוועק קיין אָסטראָווצע, וווּ ער האָט, אויך אַזוי ווי זיין פאָטער, פאַרלייגט אַ פאַבריק פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען.

ר' מענדל מינץ, אַ שאַרפער אָטוואָצקער חסיד, איז געווען אַ ייד אַ נדבן און געשטיצט די שטאָטישע רעליגיעזע אינסטי־טוציעס, חוץ וואָס ער האָט אונטערגעהאַלטן דעם קיום פון זיין „חסידים שטיבל" און געגעבן אַ סך צדקה בסתר. געווען אַ צייט לאַווניק אין פּולטוסקער שטאָט־ראַט און אַ מיטגליד אין פאַרבאַנד פון דער שווערער אינדוסטריע אין פּוילן. זכרונו לברכה.

### ר' שמחה צעלניק

ר' שמחה צעלניק איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישער חסידי־שער מענטש מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען. מיט זיין בכבודיקער האַלטונג און פיינע מאַניערן האָט ער אַרויסגערופן צו זיך כבוד און אָנערקענונג. דאָס זעלבע אויך זיין פרוי, די טאָכטער פון זעליק ראָזענבערג, פון די מיל־אייגנטימער אויפן

וואַרשעווער וועג, מיט איר מאַיעסטעטישער שטעלונג. די צווי טעכטער און צוויי זין האָבן געהאַט גרויס אַנזען אין שטאָט.

שמחה צעלניק איז געווען דער אייגנטימער פון דער גרויסער צעגעלניע אין פולטוסק, וועלכע האָט זיך געפונען אין שכנות מיט דער אייזנגיסעריי־פאַבריק פון מענדל מינץ. שוין עטלעכע קילאָמעטער פון דער שטאָט, אויפן טשעכאַנאָווער וועג, האָט מען געקענט זען דעם הויכן, פון רויטע ציגל געבויטן קוימען פון דער צעגעלניע, וועלכער האָט שטענדיק גערויכערט. אַ גרויסן שטח פון דער פאַבריק האָט פאַרנומען אַ ליימיקער באָדן, וואָס איז געווען דער רוי־שטאָף פאַר דער ציגל־פּראָדוקציע. פון דאָ האָט מען אויף שמאָלע רעלסן געפירט מיט וואַגאָנעטקעס, געשפּאַנטע אין פערד אָדער געשטופּטע דורך מענטשן־קראַפט, דעם ליים צו די גרויסע האַלעס, וווּ די מאַשינען האָבן געפורעמט די ציגל און אָפּגעשיקט זיי אין די גרויסע אויוונס, וווּ מען האָט זיי געברענט גאַנצע זיבן טעג. די פאַרטיקע ציגל האָט מען שפּעטער אויסגעלייגט אין קוואַדראַט־מעטערדיקע הויכע און פאַראַלעלע רייען. גאַנץ פולטוסק איז געווען אויסגעבויט פון שמחה צעלניקס ציגל און ער האָט געליפערט זיין סחורה אין דער נאָענטער און ווייטער אַרומגעגנט.

צו דער דיספּאָזיציע פון דער פאַמיליע צעלניק איז גע־שטאַנען אַ שיינע בריטשקע, געשפּאַנט אין אַ פיין געפלעגטן פערד און מיט אַ גוישן קוטשער.

אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון דער אַקאַדעמישער יוגנט איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם שטראָם פון די ראַדי־קאַלע אידעען, זענען אויך עטלעכע מיטגלידער פון דער פאַמיליע צעלניק געוואָרן טעטיק אין דער אומלעגאַלער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז צעלניקס יינגערע טאָכטער האָט געפירט קאָמוניסטישע פּראָ־פּאַגאַנדע צווישן די פוילישע אַרבעטער פון איר פאָטערס פאַבריק. אויך האָט מען דערציילט, אַז איר קוזין, דער חסידי־שער און איידעלער יונגערמאַן הערש ראַטבלאַט איז געוואָרן אַרעסטירט צוליב זיין מיטאַרבעט מיט זיין קוזינע. מעגלעך אַז צוליב דעם האָט די פאַמיליע צעלניק שטילערהייט פאַר־לאָזט פולטוסק. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז ר' שמחה צעלניק איז נפטר געוואָרן. מענטשן האָבן דאָס צוגעשריבן דעם קאָנפליקט, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן דעם פרומען, חסידישן ר' שמחה צעלניק און זיינע קינדער, וועלכע האָבן געוואָלט ברענגען די גאולה דער גוישער וועלט...

ירחמיאל גרינשפּאַן

**חיים אלעווניק ווײַנשטײן**

גבאי־ראשון אין דער שול. געווען איז ער אויך דאָזאָר. אַ טשעכאַנאָווער חסיד. געזאָרגט תמיד פאַר דער גאַנצקייט פון דער שול. געווען דער אַנווייזער, ווער עס זאָל עולה לתורה זיין. דער עיקר געלייגט אַכט, אַז אַן אורח זאָל, חלילה, נישט בלייבן הונגערן אום שבת. אוועק שטענדיק דער לעצטער פונעם דאַווענען ביז די אורחים זענען נישט איינגעטיילט געוואָרן צווישן די בעלי־בתים, מיטנעמענדיק, פאַרשטייט זיך, אַליין אויך אַן אורח. חוץ דעם האָט ער שטאַרק געזאָרגט פאַר אַן אָרעמען ייד, ער זאָל האָבן אויף שבת.

**יהושע־לייב גאָלדמאַכער**

דער גרויסער שמש, וואָס האָט געהאַלטן אָרדענונג אין שול און אויך געלייענט אין ספר, ער איז באַזונדער ווערט דערמאָנט צו ווערן, ווייל נישט אַלע פון פולטוסקער קהל האָבן אים געגוני געקענט. כאָטש אין פלוג פלעגט ער שטענדיק כמעט אַרויסווייזן זיין „איך“, דאָך האָט ער פאַרמאָגט שיינע מענטשלעכע געפילן און געטאָן לטובת הכלל והפרט. זיין גוטמוטיקייט איז געלעגן אין אים און ווי פאַרבאָרגן. געווען אַ ראַדזימינער חסיד און געהאַט אַ גרויסע ליבשאַפט צו תלמידי־חכמים און זיך געוואָלט מקרב זיין צו זיי. דאָס האָט אים, ווייזט אויס, באַוויגן צו ווערן שמש נאָך ביי ר' שמחהלען און דערנאָך ביי הרב אַטערמאַן. כאָטש ער איז געווען פאַנאַ־טיש־פרום, דאָך נישט אַזוי אָפּגעשטאַנען און געווען באַהאַוונט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, זייענדיק פעיק צו פירן אפילו גרויסע געשעפטן, ווי ער האָט עס שפּעטער באַוויזן אַלס מעבל־סוחר (נאָך אַ שטאַרקן קאָנפליקט מיט די דאָזאָרעס...).

געווען פון הויכן וווּקס מיט אַ שטרענגן אַנבליק, דרייסט אין דער באַנעמונג און שטענדיק גרייט יענעם שאַרף אָפּצו־ענטפערן. דערפאַר האָט מען אים על־פּי־רוב אויסגעמיטן. פאַקטיש אָבער איז ער געווען אַ פילבאַרער ערלעכער מענטש, וואָס איז גרייט געווען צו העלפן אַ צווייטן מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט, לויטן כלל: מתן בסתר און שלא על מנת לקבל פרס.

הויפּטזעכלעך איז אים צו פאַרדאַנקען דאָס שפּעטערדיקע אַנטשטיין פון דער פולטוסקער ישיבה און נאָך אַנדערע אינ־סטיטוציעס וואָס ער האָט געהאָלפן גרינדן.

**לייב־בער שוסטער**

ער איז געווען אַ מין „פּריוויליקער גבאי“ אין שול. אַ פּשוטער ייד, מיט אַ שטענדיקן שמייכל. זיין נישט דרייסטער אונטערקומען יעדן איינעם און זיין שטענדיקע

גרייטקייט צו העלפן יענעם אין אַ נויט, האָט אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ.

אַלס שוסטער, האַנדלנדיק אין מאַרק, ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט פון ערגעץ אַ נויטבאַדערפטיקן יידן, פלעגט ער אַלץ לאָזן שטיין און לויפן אַהינצו, צי מיט אַ געשאַפּענער נדבה צי מיט אַן אַנדער גוטע זאַך יענעם צו דערהאַלטן.

זיין ווייב עלקע, אַ הויכע פרוי מיט אַ קופּקע, פלעגט אויך אַ סך טאָן אין די דאָזיקע צדקה־זאַכן. (ביידע זענען זיי געווען חברים אין דער חברה־קדישא).

לייב־בער פלעגט שטאַרק אַכטונג געבן, מ'זאָל נישט רעדן ביים דאַווענען, אויך גענאָרגט פאַר סדר און ריינקייט אין שול: אַנגאַזשירט וואַשן דעם פאַל, אַנגרייטן ליכט אד"ג.

צווישן אַלע אַנדערע פּרוכתן, איז דער העל ברוינער פּלושענער שיין־אויסגעשטריקטער פּרוכת — געווען דאָס גע־שאַנק פון זיין פרוי עלקע.

## שלום־הערש לינדבערג

צווישן די גערער חסידים איז געווען אַן אינטערעסאַנטע געשטאַלט, מלא חכמה ותבונה, ר' שלום־הערש לינדבערג. פון נידעריקן וווּקס מיט אַ לאַנגער ברוינער באָרד און גוטמוטיקע בלויע אויגן. שטענדיק איז ער געווען גרייט מכבד צו זיין מיט אַ גמרא־ווערטל אָדער אַ למדנישן וויץ; שטענדיק פאַר־קלערט ווי אַ פאַרטיפטער אין די בעיות און פלוגתות פון תלמוד; האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט אין זיך געטראָגן דעם וויטאָג פון חבלי דמשיחא. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר אַן עלטערן פון אים און אַ צערטלעכן אויסדרוק צו אַ בן־תורה, אויף וועלכן ער האָט געלייגט פיל אַכט. זייענ־דיק אַליין בטבע אַן עניו, האָט ער אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ און אַלע האָבן אים ליב געהאַט.

## ישראל־משה דראָזד

געלערנט מיט דער חברה „חיי אדם". אַ שטילער בנעימות־דיקער ייד. האָרט נעבן זיין טיש איז פּונקט אויסגעפאַלן דער גרויסער אויוון פון בית־המדרש, וואָס איז געווען אום ווינטער באַלאַגערט פון אורחים, וועלכע האָבן אין דער דאָזיקער תורה־סביבה און ביי דעם הייסן אויוון געפונען אַ טיילווייזע היים.

## יוחנן קאַפּלאָוויטש

געלערנט מיט דער „חברה משניות". וועלנדיק געניי אַריינדרינגען דאָס לערנען אין דער חברה, פלעגט ער מסביר זיין יעדן זאַץ מיט גרויס געדולד. אַ ייד פון נידעריקן וווּקס מיט אַ קיילעכדיק פּנים. כאָטש אַליין אַ תבואה־סוחר און פּאַריאַגט אין מסחר, דאָך האָט ער שטענדיק געפונען צייט צו העלפן אַ געפאַלענעם אָדער אַלס חבר פון דער „תלמוד־תורה" — צוזאַמענקלייבן די „וואָכערס". געווען אַ גערער חסיד און אויסגעמיטן שטיבלדיקע מחלוקות. בטבע אַ רודף־שלום און שטענדיק געפּרוּווט מיט גלאַטע רייד איינצונעמען די קעמפנדיקע צדדים.

אום ווינטער 1940 איז ער מיט נאָך 80 עלטערע און קראַנקע יידן דערשאָסן געוואָרן אין וואַלד גזשאַנקע נעבן מאַקאָוו־מאַזאָוויעצק, 22 ק"מ פון פולטוסק.

## דער בייטל־מאַכער

ער איז געווען אַן אַמשינאָווער חסיד. הויך געוויקסיק, דאַר מיט אַ בלאַס לענגלעך פּנים און שאַרפע בלויע אויגן. ער איז געווען אַ גוטער תנ"ך־קענער. ער האָט געלערנט מיט דער „חברה־מדרש" און אַלעמען באַגייסטערט מיט זיינע אויפ־קלערונגען. אַ גרויסער זייטיקער עולם, איז געשטאַנען שטענ־דיק אַרום אים און ממש געשלונגען זיינע אויסטייטשונגען און תורה־פּירושים, וואָס כאָטש פון אַ זייער שווערן אינהאַלט, זענען זיי דורך אים איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ זייער לייכ־טער און פאַר אַלעמען פאַרשטענדלעכער פאָרם. ער האָט אין משך פון זיינע לערן־שעהען געהאַלטן דעם עולם ווי צוגע־שמידט. גרויסע תנ"ך־קענער זענען אים געקומען הערן.

## פייבל סאָכאַטשעווסקי

געלערנט מיט דער „חברה־מקרא". זיין לערנען, וואָס ס'איז געווען דורכגענומען מיט פּלפּול, האָבן פיל חסידישע לומדים צוגעהערט שטייענדיק. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנ־דערער חסיד און אַליין געשטאַמט פון דעם אַלעקסאַנדערער הויף. געווען אַן איידעם פון ר' שלמה חייציק גורמאַן, אַ זון פון די ערשטע יידישע בעלי־בתים אין פולטוסק.

## משה הערש דירעקטאָר

געווען אַ גרויסער לערנער. שטענדיק פאַרטיפט אין אַ ספר, ווען ער איז געשטאַנען אויפן בעלעמער פון בית־המדרש. אַ גרויסע וואַכזאַמקייט און מסירת־נפש איז געלעגן אין דעם דאָזיקן שטילן איידעלן יידן. כאָטש ער פלעגט גלייך רעאַגירן, דערפילנדיק דעם מינדעסטן רעש און דאַכט זיך מיט שטרענג־קייט, אָבער אין זיין בליק איז געווען אַזאַ ווייכקייט, געבעט, אַז דאָס האָט געמוזט משפיע זיין אויף די בית־מדרש־שמועסער, זיי זאָלן זיך אונטערוואָרפן זיין שטומען באַפעל (זיין אייניקל, ברוך דירעקטאָר, זון פון ר' מרדכי דירעקטאָר, אַ ניצול־געוואָרענער פונעם נאַצי־חורבן, לעבט היינט אין ישראל).

### שמואל ישמח

דער אָרגאַניזאַטאָר און פאַרלייגער פון „מזרחי". אַרויס־געוויזן פיל מסירות נפש אין זיין אַרבעט, וועלכע האָט זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שטערונגען מצד די אָרטאָדאָקסישע קרייזן אין שטאָט. סיי חסידים, סיי מתנגדים האָבן געקוקט אויף אים מיט אַ „קרומען אויג". ער איז פערזענלעך איגנאָ־רירט און פאַרפאָלגט געוואָרן, זעענדיק אין זיין אַרבעט אַן אַפּיקורסות, אַ מין מיסיאָנערעריי...

ער האָט געשטאַמט פון זעמבראָוו. געווען אַ בקי אין תלמוד און אין תנ"ך און איז ווירקלעך געווען רעליגיעז. אין תחילת געווען אַ גערער חסיד, אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן אַגעטירן עפנטלעך פאַרן ציוניזם, איז ער פון שטיבל דער־ווייטערט געוואָרן. ער האָט דערנאָך געדאַוונט אין גרויסן בית־המדרש און פאַרגעזעצט אַלס רעליגיעזער מענטש זיין מזרחישע אַגיטאַציע און ווערבירט פיל נייע חברים פאַר דער פאַרטיי.

ער האָט, ווי אויבן דערמאָנט, פאַרלייגט די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין פולטוסק — מיט דער מיטהילף פון די ח"ח: דוד הערש טאוב, פיאַנטניצע, שלמה באַרענשטיין, יוסף בלום־שטיין, אברהם־שלמה יאַבלאָנקע, לייבל בערלינער, נח קאָפּ־לאָוויטש, עזריאל שטשופּאַק א"א.

שמואל ישמח איז געווען אַקטיוו אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, אַוועקגעבנדיק פיל צייט פאַרן ק"ק, קרן היסוד, האַלטנ־דיק דערביי פיל דרשות אין שול ווי אויך אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ער איז אומגעקומען ביי די נאַציס, הי"ד.

### שלום בראַנדשפיגל

אַ ייד פון מיטעלן וווקס, ברייטפלייציק מיט אַ שיין־פאַר־קאַמטער באָרד אַרום זיין שמייכלדיקן פנים, וואָס האָט באַ־רויִקט און צו זיך געצויגן. נישט איינער פלעגט פאַר אים זיין שווערע האַרץ זיך אויסרעדן, צי עס איז געווען אַ פאַמיליע־אַנגעלעגנהייט, צי אַ מאַטעריעלער סכסוך, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט אויסברעכן ביי שטאָטישע „עמך"־מענטשן ווי: קצבים, בעלי־עגלות אָדער סתם בעלי־בתים. ער איז געווען זייער יועץ און פשרה־מאַכער. ער האָט געקאָנט לערנען. אין תחילת איז ער געווען אַ טריסקער חסיד, דערנאָך — אַ סעראַצקער.

ער איז געווען אַ מצבה־קריצער, דערצו — געהאַט אַ שענק. אינטערעסאַנט ווי זיינע געשאַפענע און אויסגע־קריצטע טעקסטן אויף די מצבות, זענען שטענדיק געווען טרעפלעך און גאַנץ באַשיידן. ער איז נישט געווען דער איינ־ציקער מצבה־קריצער אין שטאָט, אָבער אַ מומחה אין דעם פאַך פון דער ערשטער מדרגה.

כאָטש ער האָט געלעבט בדוחק מיט דער שענק און מיט דער מצבה־קריצעריי, דאָך האָט ער אין אַ נויטבאַדערפטיקן נישט פאַרגעסן. ער איז געווען דער גרינדער פון „מלבוש ערומים", דערצו אַ גבאי אין חברה־קדישא. אין קהלישע מח־לוקתן איז זיינער אַ וואָרט געווען דעצידירנדיק, ווייל זיינע רייד זענען שטענדיק געווען גוט אַרגומענטירט און „אַריינ־געדרונגען אין האַרצן", בפרט ווען ער האָט געהאַט אַרום זיך אַ סך געטרייע אָנהענגער.

### איטשע־מאיר חנא מיכאלם קוינאַוויטש

שמש פון חברה קדישא. אַ ייד פון מיטעלן וווקס מיט אַ גאַנץ לאַנגע גרויע באָרד אַרום לענגלעכן פנים, גרויסע שוואַר־צע אויגן מיט שטאַרק געדיכטע ברעמען. זיין „צדקה תציל ממוות" ביי אַ לוויה פלעגט וואַרפן אַ פחד אויף קינדער און אפילו אויף דערוואַקסענע. זייענדיק פרום, האָט ער דאָס קלאַפּן מיט דער צדקה־פושקע געהאַלטן פאַר אַ מצוה. ער איז געווען דער לעבעדיקער היפּאָטעקאַר פון פולטוסקער בית־עלמין, געדענקט גענוי אויפן קאָפּ אַלע קברים ביז די אוראַלטסטע. אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ מחלוקת איבער אַ קרקע, פלעגט ער שטענדיק דעצידירן, וויסנדיק גענוי פון אַלע פרייע און פאַר־נומענע פלעצער. זאַכן, וואָס זענען נישט געווען פאַרשריבן אין פנקס, האָט ער געוווּסט אויף אויסנווייניק און אויף אים האָט מען שטענדיק „געשטעלט".

### גרשון קירשנבוים

געפירט אַ שענק אויף דריטער מאַי גאַס. ער איז געווען שטאַרק געשעצט פון די אַריינקומער, צוליב זיין העפלעכער האַלטונג. אפילו די, וועלכע האָבן געטרונקען ביז שכרות, האָבן זיך נישט דערלויבט ביי אים „אַרויסצוציִען פון די כלים"... פרייטיק, אין דעם מאַרק־טאָג, איז ער געווען דער ערשטער אין שטאָט, וואָס האָט געשלאָסן דאָס געשעפט צוויי שעה פאַר ליכט צינדן און זיך געלאָזט איבערן שטאָט אין די בגדי־שבת, גייענדיק אַזוי פון געוועלב צו געוועלב און געפאָדערט צו פאַרמאַכן די געשעפטן לכבוד דער שבת־מלכה וועלכע קומט באַלד אָן... דאָס האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן ביי אַ געוויסן טייל גרויס אויפרעגונג, ווייל די בעסטע לייזונג איז געווען אין די נאָך מיטאָג שעהען. קיינער אָבער האָט נישט געוואָגט אים צו באַליידיקן, כאָטש עס האָט נאָך געפעלט אַ גוטע שעה צו ליכט צינדן, פונדעסטוועגן האָט זיך דער „עולם" אונטער־געוואָרפן זיין באַפעל, וואָס איז אייגנטלעך געווען געבעט. דערפאַר איז ער געקרוינט געוואָרן ביי אַלעמען מיטן נאָמען:

„משיח״. ווי נאָר מען האָט אים אין די פרייטאָג־נאָך־מיטאָג שעהן דערזען, פלעגט מען דערביי מורמלען: „דער משיח איז שוין דאָ״. און אזוי איז ער פאַרבליבן ביי דעם דאָזיקן נאָמען. ער איז שטענדיק געווען דער אָנהייבער פון יעדן דאַווענען, פיל מאָל געדאַוונט אויך שחריתים אין שול, געזאָגט תהילים פאַרן עמוד אין די שבת פאַרנאַכטן. כאָטש זייענדיק ביז גאָר פאַנאַטיש, האָט ער קיינמאָל נישט געטראָגן קיין אָפּענעם פאַרדרוס אויף אַ „פריי׳ען״, נאָר עס אָפּגעפּטרט מיט אַ טיפן זיפץ. גרייט געווען צו העלפן אַ געפאַלענעם כאָטש זיין מאַטעריעלע לאַגע איז נישט געווען אַזוי „פייגלדיק״.

ווי גרויס איז געווען מיין איבעררעאַשנג אין יאָר 1951, בעת דער גרויסער דעפילאַדע פון צה״ל אין תל־אביב, ווען צווישן דער גרויסער מענטשן־מאַסע אויף אַלענבי־גאַס האָב איך דערזען דעם אַלטן ר׳ גרשון, ווי ער מאַרשירט מיט צום טאַקט פון מיליטערישן אָרקעסטער, טאַנצט אונטער און פּאַטשט צו מיט די הענט, צוזינגענדיק מיט זיין עקסטאַז פון אַמאָל, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי פרעמדע און אפילו ביי יונגע צושויער אַכטונג און אָנערקענונג.

רפאל משה שאַך



## מענדל רוזשאַנער

מיין זיידע ר׳ מענדל לייבמאַן האָט געשטאַמט פון רוזשאַן, איז ער שוין געבליבן אין פולטוסק ביי דעם ביינאָמען.

פערציק יאָר איז ער געווען בעל־מוסף אין גערער שטיבל.

אַ קליין יידל מיט אַ גרויער באָרד. גאַנצע נעכט געזעסן און געשריבן ספרים.

אַ גאַנץ יאָר האָט זיין פרוי אליין געאַרבעט אין דעם אייזן־געשעפט, וואָס אויף שוו. יאַנסקי, אין שאַפּראַנס הויז. ווען אָבער עס האָט זיך אונטערגעריקט ערב ראש־השנה, איז ער געקומען אין געשעפט אַריין „צוהעלפן״ דעם ווייב. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַן אויסרייד; ער איז געקומען אין געשעפט אַראָפּנעמען אַ פּאָר זלאָטעס אויף הוצאת הדרך צום רבין... און דאַן פאַרן שליסן דעם געשעפט, פלעגט ער אַוועקרוקן פון דער קאַסע דאָס ווייב: וואָס פאַרשטייט אַ יידענע אין געלט־זאַכן. דעמאָלט איז געווען אַ שעת־הכושר אָפּצוטאָן דאָס שטיקל אַרבעט...

נאָכן צוריקקומען פון רבין, פלעגט ער צונויפרופן זיין „קאַפּעליע״ חסידים און לערנען מיט זיי דעם רבינס נייעס „מכלכל־חיים״־ניגון.

זיינע שטענדיקע חברים זענען געווען: אלתר פילאַר, פרענקעל, שמואל־הערש סימכאָוויטש און אַנדערע.

שטענדיק איז ער געווען פאַרטאָן אין די עולמות העליר־נים. אַזוי אַז מיין באָבע פלעגט מיינען, אַז ער קוקט קיינמאָל נישט אויף איר. האָט זי אים איינמאָל געוואָלט אויספּרוּוון: געוועהנלעך פלעגט זי טראָגן די קופּקע אויפן קאָפּ פון פאָרנט, האָט זי דאָס איינמאָל אויסגעדרייט אויף הינטן. ער האָט עס תיכף באַמערקט, איר אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, און די באָבע איז געווען פון דעם זייער צופרידן. דאָך פלעגט זי אים נאָך יעדן ראש־השנה זאָגן: „ווער ווייסט וויפל דיין נייער „מכלכל־חיים״־ניגון האָט מיך דאָס יאָר אָפּגעקאָסט?״

מיין זיידע ר׳ מענדל איז אין תוך געווען אַ ווילער און אַ קלוגער ייד. ער האָט אויסער חסידות און למדנות פאַרמאָגט אַ סך זאַפטיקן הומאָר פון אַ תלמיד־חכם. ווען מיין טאַטע פלעגט מיך מוסרן, פאַרוואָס איך גיי נישט דאַווענען איבערהויפּט אין דער „מנחה־מעריב״־צייט, פלעגט מיך מיין זיידע שטענדיק פאַרענטפערן: „וואָס ווילסטו פון אים? ער האָט דאָך נאָך קיין איין מאָל נישט פאַרפעלט דאַווענען אַ מנחה. „פונוואַנען ווייסטו דאָס?״ האָט אים מיין טאַטע געפרעגט. „איך ווייס — האָט דער זיידע געענטפערט — ווייל איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען דאַווענען צוויי „שמונה־עשרהס״ ביי מעריב״... *

מיין זיידע איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1939, האַרט פאַר דעם היטלער־קריג; געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעך טויט.

זכרונו לברכה.

יהושע ליכטנשטיין

* ווער עס פאַרפעלט דאָס מנחה־דאַוונען — דאַרף דאַוונען 2 „שמונה־עשרהס״ ביי מעריב (אַ דין אין שו״ע, רעד.).



דער מוסף־דאַוונער אין גערער שטיבל. אַ קליין־געוואוקסיקער מיט אַ ברייט־צעצווייגטער באָרד און בנעימותדיקע באַוועגונגען, שטענדיק פאַרטיפט אין פאַרבאָרגענע וועלטן. חבר אין חברה־קדישא און תלמוד־תורה. צו די ימים נוראים האָט ער זיך פיל מאָנאַטן געגרייט און מיט גרויס דביקות געקליבן אַ כאָר פון בחורים און יונגע לייט, בני־תורה, אָן אַ „פגם״, חלילה. צו זינגען אין זיין כאָר איז געווען אַ ספּעציעלער כבוד. ער איז געשטאַנען ביים עמוד ווי אַן אמתער סנגור און מיטגעריסן מיט זיין דאַווענען אַן עולם פון אַ 500 מתפללים. זיין דביקות, זיין שטימע, וועלכע האָט געקלונגען מיט שאַרפער פאָדערונג צום הימל און ווי אַ ויכוח מיטן קטיגור, האָט געבראַכט אַ האָפענונג און אַ לייכטקייט אין די הערצער פון די מתפללים אין די טעג פון דין און משפט... אין זיין דאַווענען איז געווען סיי פאָדערונג און סיי געבעט.

רפאל משה שאַך



## ר׳ חיים קאַצקי ז״ל

לאַנג־יאָריקער ראש הקהל אין אַטוואָצק (וואַרשעווער קרייז), ווו ער האָט געוווינט און געלעבט. געווען איינער פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן אין שטאָט און באַליבט ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אַ למדן און אַ ירא־שמים. די באַטירלעכע גוטסקייט, וואָס האָט געגליט אין האַרצן, האָט אַריינגעלויכטן אין זיין גאַנצער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט נישט אופגעהערט איבערצוחזרן: „אוי לדור שאתה פרנסו, שאי אתה מפרנסו, שאי אתה יודע בצערן של תלמידי חכמים״, און מען האָט זיך מיט אים גערעכנט הן צוליב זיין ערלעכקייט און הן צוליב דעם, וואָס ער האָט אַליין געדינט ווי אַ מוסטער פון זאָרג פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. עס האָט געטראָפן אין אַ פראָסטיקן טאָג האָט ער זיך אומגעקערט אין שטוב אָן זיין ווינטער־מאַנטל און קיינעם נישט געוואָלט דער־ציילן וואָס מיט אים איז געשען. ערשט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ פאַרבאַר־גענעם אָרעמאַן און האָט ביי אים איבערגעלאָזט זיין אייגענעם ווינטער־מאַנטל.

אין יאָר 1932 האָט זיך ר׳ חיים קאַצקי מיט זיין פרוי און פאַמיליע באַזעצט אין פולטוסק און געעפנט אַ געשעפט פון ראַדיאָס און אַנדערע עלעקטרישע מכשירים. אויך דאָ האָט ער פאַרגעזעצט זיין טיף־איינגעבוירענע כלל־טוערישקייט מיט גרויס מסירות. אַריינגעטאָן זיך אין די שטאָטישע ענינים און געווען זייער טעטיק אין די אָרטיקע פילאַנטראָפּישע אינסטי־טוציעס ווי: „הכנסת אורחים״, „הכנסת כלה״ געווען דער מיטגרינדער פון אַ פסחדיקער קיך פאַר יידישע זעלנער אא״וו.

ר׳ חיים קאַצקי מיט זיין פרוי זענען אומגעקומען אינעם צווייטן וועלט קריג, אין ווייטן סיביר. זיינע פיר זין: יצחק, צבי, אברהם און יוסף מיט זייערע פאַמיליעס זענען אומגע־קומען ביי די נאַציס ימ״ש.

זיין טאָכטער שרהלע און איר מאַן, ה׳ משה האַנדקאַן — אַ נדבן און געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַ גרויסן שם — און קינדער, ווי אויך מענדל קאַצקי, ר׳ חיים קאַצקיס אַן איידעם און קינדער — לעבן אַלע אין פאַריז (מענדלס פרוי, רחלע, איז געשטאָרבן דעם 16.3.68 אין פאַריז).

דוד קאַצקי ר׳ חיים׳ס אַ זון מיט זיין פרוי העלאַ און זון — געפינען זיך אין ניו־יאָרק. די איינציקע שוועסטער פון ר׳ חיים קאַצקי ז״ל (לאַנצנאַוואָלסקי) איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. איר זון יוסף (לאַנצנאַוואָלסקי) לביא, דער איינציק פאַרבליבענער פון ר׳ חיים קאַצקיס פאַמיליע, מיט זיין משפחה — לעבן אין ישראל.

דערלאַנגט דורך זיין זון דוד קאַצקי, ניו־יאָרק

✶

## אברהמטשע מעלניק

ווער האָט נישט געקענט אין פולטוסק אברהמטשע מעל־ניק? כ׳גלייב אַז אַלע. אַ קאַמאַשנמאַכער, אַן אייגנטימער פון אַ וואַרשטאַט מיט געזעלן און לערן־ייִנגלעך. שפּעטער אַן אייגנטימער פון אַ שיך־געשעפט. אַ פרומער ייד, אַן אַמשינאַ־ווער חסיד. געשיט מיט חכמות און גלייכווערטלעך, וואָס זענען געווען זייער פּאָפּולער.

אַ סך האָבן אים געקענט אויך פון דער נעגאַטיווער זייט. דאָס נעגאַטיווע איז געווען, וואָס ער האָט זיך נישט באַמיט „אויסצונוצעמען״ ביי דער סביבה. אַליין נישט קיין כבוד־זוכער, האָט אָפט געטראָפן, אַז מ׳האָט אויך ביי אים קיין כבוד נישט געקאָנט דערגרייכן. האַבנדיק צו יעדן צוטרוי און גלייבנדיק אין צווייטנס ערלעכקייט, איז ער אָפט אַריינגעפאַלן, טראָץ זיין חכמה און פקחות... דאַן פלעגט ער אויף יענעם אויסגיסן זיין צאָרן און אים געבן אַזאַ „גאַב״, אַז ער זאָל „פאַרזאָגן אַ צענטן״.

נישט קאָנענדיק זיך באַרויקן, פלעגט ער מורמלען:

— זע נאָר דעם חכם, ווי ער האָט מיך איבערגעכיטרע־וועט. באשר איך האָב אים געגלייבט, געהאָט צו אים צוטרוי...

אַרבעטנדיק ביי אים אַלס שטעפּער־געזעלן צום ערשטן מאָל (אין דער ערשטער העלפט פון די 20ער יאָרן), האָב איך זיך געוווּנדערט, פאַר וואָס טראָג איך נישט אויף אים קיין פאַרדרוס, ווען ער דערלאַנגט מיר אַ פאַרציע מוסר. להיפך: וואָס מער איך האָב אים דערקענט, אַלץ מער האָב איך געפילט צו אים כבוד און אַכטונג. גאָר אַנגענעם איז מיר געווען אויסצוהערן זיינס אַ פאַרציע מוסר פאַר מיין אויס־געוואַקסענער פרומקייט, וואָס איז געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט וויצן און גלייכווערטלעך. מיינע חברים האָבן זיך ממש גע־

וווּנדערט, ווי אַזוי כ׳האָב געקאָנט אויסהאַלטן ביי אים צו אַרבעטן גאַנצע צוויי יאָר אָן איבעררייס.

נאָך מער איז ער אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען איך האָב, נאָך אַ הפסקה, ווידער ממשיך געווען ביי אים צו אַרבעטן. ס׳איז געווען אין די צייטן פון די אויפגעשרויפטע מלוכה־שטייערן. די גראַבסקיס „מאַרשירנדיקע עגלה״, וועלכע האָט אויסגעליידיקט די יידישע קלייטן, האָט ביי אים געמאַכטע אָפּטע באַזוכן און עטלעכע מאָל אויסגעליידיקט זיין געשעפט. ער האָט זיך ממש מיט די לעצטע כוחות און מיט פאַרשידענע „איינפאַלן״ געראַנגלט מיט דער אַלץ וואַקסנדיקער שטייער־שרויף.

אין אַזאַ צייט האָב איך באַמערקט, צווישן זיינע פאַרשידענע קונים — אַן אָפיצער, וואָס פלעגט זיין זייער אַן אָפּטער קונה. די פרייזן וועלכע ער פלעגט אים שטעלן, זענען געווען אַ סך אַרונטער פונעם קרן. מיט דער צייט בין איך געוויר געוואָרן, אַז דאָס איז אַן אָפיצער פון פּ.ק.או. (מיליטערישע עווידענץ), וועלכער האָט געראַטעוועט פון יאָרן טורמע דעם סעראָצקער רב. הרב קאַליש, אַ זון פונעם אַמשינאָווער רבין זצ״ל.

שפּעטער האָט מען מיר בסוד פאַרציילט, אַז אין י. 1928, זענען צו א. מעלניקן געקומען צוויי אַמשינאָווער חסידים מיט אַ וויכטיקן ענין. דער סעראָצקער רב, וועלכער איז שוין דאַן געווען איבער די 30, איז בכלל נישט געווען איינגעמאָלדן אין די ביכער. במילא זיך נישט צוגעשטעלט צום מיליטער־דינסט, צו וואָס ער איז דאַן, איידער ער איז געוואָרן רב, געווען פאַרפליכטעט. איצט, אויסגעפינענדיק דאָס, דראָט אים אַ געריכט מיט יאָרן תפיסה. דעריבער זענען חסידים גרייט צו שאַפן יעדן סכום, אפילו אין דאָלאַרן, מען זאָל פאַרגרינגערן דעם ענין.

אברהמטשע מעלניק איז גלייך אַוועק צו דעם אָפיצער פון פּ.ק.או. און יענער האָט נישט נאָר פאַרגרינגערט, נאָר „עפּעס וואָס״ געענדערט אינעם עווידענץ־בוך און דער הרב קאַליש איז פריי געוואָרן פון יעדער שטראָף.

ווען די חסידים מיטן סעראָצקער רב זענען געקומען צו מעלניקן כדי אומצוקערן דעם מי־יודע־וואָס פאַר אַ סכום, גלייבנדיק, אַז דאָס האָט געדאַרפט מן הסתם קאָסטן אַ סך הונדערטער דאָלאַרן, האָט זיי אברהמטשע מעלניק, צו זייער דערשטוינונג, דערקלערט:

— דער ענין איז דערלעדיקט, איר דאַרפט גאָר נישט צאָלן...

דעם רב קאַליש און זיינע חסידים איז נאָר געבליבן די ברירה, אָנצוווינטשן אים און זיין משפחה אין נאָמען פון דער גאַנצער אַמשינאָווער דינאַסטיע.

אין 1930 האָט אברהמטשע מעלניק צוזאַמען מיט ר׳ פייוול ראָטבלאַט אָרגאַניזירט די קיך פאַר יידישע סאָלדאַטן אויף פסח אין דער „פועלי אגודת ישראל״. אויך אין דעם פאַל, האָט ער אויסגענוצט זיינע קאָנטשאַפטן מיט העכערע אָפיצירן פונעם 13טן פולק, פון וועלכע ער האָט צוריקבאַקומען דעם עסן־באַטרעף פון יעדן יידישן סאָלדאַט פאַר די יו״ט־טעג און מיט דער סומע דערמעגלעכט אַ טייל סאָלדאַטן צו פאָרן אַ היים אויף יום־טוב.

דער דרוק פון שטייער־אַמט אויף אים האָט זיך פאַרשטאַרקט. ער האָט זיך שווער געראַנגלט. פונדעסטוועגן פלעגט ער אָפּשפּאָרן און איינצאָלן ראַטעסווייז אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט אויף „באַקוועמע באַדינגונגען״ פאַרקויפט באָדן אין ארץ־ישראל.

ביז גאָר צופרידן איז ער געווען, ווען זיין עלטערער זון, יעקב, האָט עולה געווען, אַלס איינער פון די ערשטע גרופּע חלוצים פון „פועלי אגודת ישראל״. און אין אַ צייט שפּעטער, אַז ער איז געווען געצוווּנגען צו ליקווידירן דאָס געשעפט און אָנגעהויבן זוכן זיין פרנסה אין וואַרשע, פלעגט ער, קומענדיק אין פּולטוסק, זיין ביי מיר אַן אָפּטער גאַסט און דערביי מיר געוויזן בילדער און בריוו פון זיין זון, מיט וועלכן ער האָט זיך געגרויסט, וואָס ער איז „דאָרטן״ אַ נוטר.

אין מאַי 1939, בשעת דער וואַל־קאָמפּאַניע צום שטאָטראַט, האָבן מיר דעם לעצטן שבת, ערב די וואַלן, אַדורכגעפירט אַן אויפקלערונגס־אַקציע פונעם פאַראייניקטן אַרבעטער־בלאָק, אין שול, אין בית־המדרש, אין אַלע חסידים־שטיבלעך און מנינים. איך האָב צוזאַמען מיטן ח׳ ברוך רינג „גערעדט״ אין בית־המדרש, פאַרן דאַוונען, און ווען דער עולם האָט נאָך אונדזער פאַרענדיקן אָנגעהויבן צו דיסקוטירן, האָט אברהמטשע מעלניק אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן פון בעלעמער און גלייך אָנגעהויבן, אָנווייזנדיק אויף מיר:

— אָט דעם יונגנמאַן קען איך שוין ביי פופצן יאָר. ער איז נישט קיין פרומער ייד, אָבער אין שטאָטראַט גייט מען נישט זאָגן קיין תהילים. איך גלויב, אַז זיי זענען די סאַמע ערלעכסטע, און זיי וועלן נישט פאַרקויפן כלל ישראל ווי ס׳האָבן דאָס געטאָן אַ טייל פון יענער (בירגערלעכע) ליסטע. וועלן מיר דאָס מאָל טאַקע שטימען פאַר דער אַרבעטער־ליסטע.

דער עולם האָט אים אַפּלאָדירט.

אַזוי ווי די ברכות פון דער אַמשינאָווער דינאַסטיע האָבן אים נישט געראַטעוועט מאַטעריעל, אַזוי איז ער אויך און זיין משפּחה נישט ניצול געוואָרן פון אומקום. צוזאַמען מיט זיין

פרוי, צווי טעכטערלעך און אַ זון איז ער אומגעקומען אין געטאָ אין וואַרשע, ווו ער האָט זיך האַרט פאַרן קריג אַריבער־געצויגן. הי״ד. ש. בלענקיטני



## ר׳ יוסף קרוננברג

לא פעם קורה, שאדם, הנהגה מאימון שלנו ורוחשים לו רגשי אהדה, מאכזב אותנו, ואנו קובעים אז שאין למצוא אדם טוב. הערכה זו, שהיא פרי ההתמרמרות, מוטעית. „לא אלמן ישראל". ישנם כאלה שהתנהגותם מאשרת שאכן אדם נברא „בצלם אלוהים". באגדה על ל״ו הצדיקים שבכל דור ודור, יש אמת פסיכולוגית. אחד מיחידי סגולה אלה היה גם ר׳ יוסף, זכרונו לברכה.

איש כן, ישר אופי בלי עקמומית, תוכו כברו. מוכן היה תמיד לעזור לזולת, מבלי לחכות לתמורה, כל מעשיו היו בגדר „חסד של אמת". האמרה: שכר מצוה — מצוה, לא היתה בשבילו מליצה ערטילאית גרידא. תמך ביד נדיבה בנזקקים ובמוסדות צדקה. נתן בעין יפה, כדי שהמקבל לא ירגיש עלבון. כמו שחז״ל למדוני: „כל הנותן פרוטה לעני, מתברך בשש ברכות, והמפיסו בדברים, מתברך באחת עשרה ברכות" (ב״ה) היה זהיר במצוה קלה כבחמורה, וקבע עתים לתורה.

היה אוהב ציון, כל ימיו השתוקק לעלות ארצה. שנים אחדות לפני פרוץ מלחמת עולם השניה, החליט להגשים את שאיפתו הלכה למעשה. העביר סכום כסף ניכר ארצה למטרה זו, אבל, לרוע מזלו, ביטלה הממשלה המנדטורית הוצאת אשרות כניסה בשביל סוג זה של עולים.

חלף כבר למעלה מחצי יובל, והכאב צורב כמו בימים הראשונים.

(נמסר ע״י משה קמין)



## ר׳ מאיר הלל כץ

שקט מטבעו, דיבר בתבונה ובצורה משכנעת, ניכר היה שהוא בעל נימוסין. כיהן כיו״ר הקהילה ולה הקדיש את כל מרצו וזמנו.

כשהצוררים התקרבו לעיר, עזב ביחד עם משפחתו ועבר לורשה, מפני שהבין מה מחכה לו. חשדו היה מבוסס. בימי הכבוש הראשונים „בקרו" בדירתו, ומדי פעם בפעם חזרו. המפתח היה אצלנו, היינו שכנים. כשפתחנו את הדלת נדהמנו למראה האנדרלמוסיה ששררה בחדרים, והעידה על הבהלה שאחזה אותם. היה זה בזמן האוכל, על הרצפה היו: בגדים, כלי מטה, תמונות, כסף וכו׳. לא תיארתי לעצמי שכעבור שבועות אחדים תהיה זו מנת חלקו של כל יהודי פולטוסק.

(נמסר ע״י אסתר קמין לבית קרוננברג)

## ר׳ שמואל קראנזשעק

געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין פולטוסק ביי אַ בכבור־דיקער למדנישער משפחה. געלערנט אין חדרים, ישיבות און ביי פאַרשידענע רבנים. געווען אַ ייד אַ בן־תורה און יעדן שבת געלערנט אין בית־המדרש מיט אַן עדה יידן „מדרש". ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, אַ מיוחסת, פון יאַנאָוו — די טאָכטער פונעם גרויסן למדן ר׳ ישראל הכהן שפירא ז״ל, וועלכער האָט געשמט מיט זיינע מעשים טובים און אַלס אַ גרויסער בעל־צדקה, וואָס פלעגט אויס־לייזן יידישע יונגע לייט פון מיליטער (ווייל דעמאָלט האָט מען געקאָנט פאַר 600 רובל קויפן אַ „זאַקלאַדניק", ד. ה. אַ פאַרטרעטער, וועלכער זאָל גיין „דינען" אויפן פלאַץ פון דעם אמתדיקן „פריזיוואָניק").

זיין פרוי, דאַבריש, איז געווען אַ מומע פונעם טשעכאַ־נאָווער רבין, ר׳ אברהמעלע ז״ל. זי איז געווען גוט און האַרציק צו אַלע אַזוי ווי צו אירע אייגענע קינדער. כאָטש זי האָט גע־דאַרפט דערציען 6 קינדער: 4 טעכטער און 2 זין (2 פון די טעכטער — לעבן אין ישראל), וואָס איז גאָר נישט לייכט אַנגעקומען, דאָך האָט זי געפונען צייט צו טאָן צדקה און העלפן נויטבאַדערפטיקע. אין די צייטן פון איר שווערער האַפענונגסלאָזער קראַנקייט, האָט זי אירע אומבאַשרייבלעכע יסורים, ווי אַ צדקת, מקבל באהבה געווען און נישט מתרעם געווען קעגן בורא־עולם, חלילה, ביז צו דער לעצטער מינוט פון איר לעבן.

ר׳ שמואל קראַנזשעק איז געווען געבענטשט מיט אַ שיינער שטימע און איז געווען בעל־מוסף אין שטאָטישן בית־המדרש. ער האָט מיט זיינע האַרציקע תפילות און ניגונים מהנה געווען די דאָרטיקע מתפללים 32 יאָר, אַן געצאָלט. ער איז געווען באַליבט מיט זיין נוסח־דאַווענען ביים פולטוסקער קהל. אין די יום־טובים פלעגט ער דאַווענען מיט אַ כאָר. ער האָט זיך נישט געציקלט ביי די תפילות. זיינע הויכע שטאַרקע טענער זענען געווען פשוט, קלאָר און אַריינגעגאַנגען אין האַרצן.

ער איז געווען אַ תבואה־סוחר, געהאַט אַ געווילב און געפירט אַ שיין בעל־הבתיש לעבן. זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין יידישן גייסט, און זיי האָבן זיך שפּעטער שטאַרק מתעסק געווען מיט געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע ענינים. איין זון זיינער, ישראל, איז ראַבינער אין אַמעריקע, דער צווייטער, יחיאל מאיר ז״ל, איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסטישער עסקן (וועלכער וועט נאָך דאָ אין בוך דערמאָנט ווערן).

ר׳ שמואלקע, ווי מ׳האָט אים אין שטאָט גערופן, איז

געווען, חוץ אַ למדן, אַ ייד אַ בעל־צדקה, ליב געהאַט זיך צו פּאַראינטערעסירן מיטן מצב פון אַ צווייטן און געשטאַנען אויף דער גערעכטיקייט פון זאַכן, נישט פאַרשוויגנדיק קיין עוולות. זיינע קינדער פלעגט ער שטענדיק לערנען, אַז וואָס מער מ׳גיט צדקה, אַלץ מער העלפט דער רבש״ע.

כבוד זיין אָנדענק.

זיין טאָכטער: רויזע קראַנזשעק (שטעטין)



## מאיר ליפּסקער

געב. אין יאָר 1893, אַ זון פון ר׳ שלמה־זלמן ליפּסקער שו״ב ז״ל.

געלערנט אין חדרים און מקומות של תורה. נאָך אין די פריסטע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן פאַרשידענע פעיִקייטן. ער האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלן זכרון, אַ „גוטן אויער״ פאַר מוזיק, געשפּילט פידל און געוווּסט גאַנצע אָפּערעס אויף אויסנווייניק. אַ באַזונדערע נייגונג האָט ער אַרויסגעוויזן צו חשבון און מאַטעמאַטיק. האָט ער טאַקע אין פּולטוסק געאַרבעט אַ סך יאָרן אַלס בוכהאַלטער ביי אפרים צעלניק, קאַמינסקעס איידעם.

ווען זיין טאַטע דער שוחט האָט אים פאַרגעלייגט שחיטות, האָט ער געטענהט, אַז ער איז נישט צוגעפּאַסט פאַר דעם און אַז ער „גייט מיט אַן אַנדערן וועג״.

ער איז געווען אַ הייסער ציוניסט, אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער און יאַנקל יאַבלאָנקע זענען געווען פון די ערשטע שקל־קויפער אין פּולטוסק. געווען איז ער פון די מיטגרינדער פון דער יידישער גימנאַזיע, אַ דאָזאָר אין גמינע און דער פאַרלייגער פון דער גמ״ח־קאַסע.

ער איז געווען אַ בעל־מידות טובות און אַ מענטש פון פּרינציפּן, געהאַלטן זיך אין די ראַמען פון זיינע אויפפאַסונגען, וועלכע זענען געווען אָריגינעל און אייגנאַרטיק.

ר׳ מאיר האָט מיטגעמאַכט דעם גירוש־פּולטוסק מיט אַלע נאַצי־סכנות, וואָס האָבן דאַן געהערשט אויף די וועגן און דערנאָך אינעם ווייטן רוסלאַנד, דורכגעגאַנגען דעם יסורים־וועג פון אַ סך פּולטוסקער יידן, ביז ער האָט זיך אין יאָר 1949 דערשלאָגן צו דער יונגער יידישער מדינה מיט זיין פרוי נחמה (ראָזאַנאָוויטש) און צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. ער האָט געוווינט אין תל־אביב אַלע זיינע יאָרן.

ווען ער איז געקומען אין לאַנד, האָט ער פאַרלאָזט זיין ציוניסטיש פּאַרטייישע אַרבעט, געטענהט, אַז ס׳איז שוין מער נישט נייטיק:

„אַז מיר זענען שוין דאָ אינעם יידישן לאַנד — דאָס אַליין באַווייזט שוין, אַז מיר זענען ציוניסטן...״

ער האָט זיך פון דאַן אָן אינגאַנצן געווידמעט דער פּולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין מדינת ישראל; געגרינדעט די גמ״ח־קאַסע או״ו.

פון דער טבע אַן אימפּולסיווער, אַן אַרבעטזאַמער, מיט אַ טיפּן חוש פאַר כלל־טועריִשקייט. אויך אין שטעטעלע, פאַר זיין אָנקומען אין לאַנד, איז ער געווען מזכיר פון „איחוד״, וווּ עס האָט זיך אָרגאַניזירט די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט אין דער עליה קיין ארץ־ישראל.

ער איז בטבע נישט געווען קיין פאַנאַטיקער, אָבער נאָך דער מעשה־היטלער איז ער דווקא געוואָרן פרומער, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע וואָס האָבן פאַרלוירן זייער רעליגיעזן גלויבן. „נאָך אַזאַ רשעות, וואָס האָט קיין גלייכן נישט אין דער היסטאָריע, איז אויף דער וועלט נישטאָ אין וועמען אַנדערש צו גלייבן...״ האָט ער אָפּגעפּסקנט.

כדאי צו באַמערקן, אַז אויך דאָ, אין ישראל, האָט ער געאַרבעט ביי בוכהאַלטעריע; 15 יאָר אין משרד הסעד אין דער „קריה״ און נאָך אין אַנדערע מקומות. אַזוי ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אין 1964 איז ער ערנסט קראַנק געוואָרן, דורכגעגאַנגען אַ שווערע אָפּעראַציע און איז צוריקגעקומען צו זיין געזונטצושטאַנד. ער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַזוי וועט עס שוין אָנהאַלטן. דער מלאך־המוות אָבער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און אין יאָר 1966 איז ער נפטר געוואָרן.

כבוד זיין אָנדענק.

אויפגענומען ביי זיין זון, יצחק ליפּסקער, שיבל״א

## דער „אַלטער צוקערלעך־מאַכער״

אַזוי ווי נישט אַלע יידן אין פּולטוסק האָט מען גערופן ביי זייערע אייגענע פאַמיליע נעמען, וועל איך זיין דאָ געצוווּנגען צו געבן דעם „נאָמען״ פון אַ פּערזאָן, אַזוי ווי מ׳האָט אים גערופן אין שטאָט. איך גלויב, אַז פּולטוסקער וועלן וויסן וועמען איך מיין.

דער אַלטער צוקערלעך־מאַכער האָט געהאַט 2 זין, ביידע

האָבן געוווינט אין יאַטקע־געסל. דער יונגערער איז געווען אַ חסידישער יונגערמאַנטשיק, פרום אַזוי ווי זיין טאַטע האָט געוואָלט, געהערט, דוכט זיך, צו דער „אגודה״. דער עלטערער דאַקעגן האָט געהאַט אַ שפּייז־געשעפט אינעם יאַטקע־געסל (איך קאָן זיך נישט דערמאָנען זיין נאָמען). ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישן בוך, ער האָט פאַרמאָגט זיין אייגענע ביבליאָטעק און שטאַלצירט מיט איר. לויט ווי ער האָט איבערגעגעבן, האָט זי געציילט איבער 500 ביכער. ער פלעגט קויפן די לעצטע אויסגאַבן, וואָס זענען דערשינען אין די וואַרשעווער פאַרלאַגן. צוליב דעם שרעקלעכן עקאָנאָמישן מצב, וואָס האָט געהערשט יענע צייט אין פוילן, האָבן יידישע ביבליאָטעקן זעלטן איינגעקויפט נייע ביכער. ביי אים האָט מען געקאָנט קריגן אויסגעבאָרגט הונדערטער ביכער, די נייעסטע, אין וועלכע יידישע ביבליאָטעקן האָבן געהאַט אַ גרויסן מאַנגל. מען האָט ביי אים געקענט געפינען פון קאַראַלניקס שריפטן, זלמן רייזינס לעקסיקאָנען און פיל אַנדערע יקר־המציאותדיקע ביכער. די פרייד פון איינשאַפן זיך אַזאַ שיינעם ביכער־פאַרמעג האָט אים געוואָרעמט אויפן האַרצן און אויסגעפילט זיין גאַנצן וועזן מיט גייסטיקן גענוס.

זיין גורל און דער גורל פון זיין גאַנצער משפחה איז מיר אומבאַקאַנט.

י. אבראַמטשיק

*

## ר׳ וואָלף־איטשע רעווינזאָן

אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, ביז גאָר אַן ערלעכער ייד, אַ שטיקל תקיף, שטענדיק געשטאַנען אויף זיינס. געוווינט האָט ער ביי אַ גוייִשן בעל־הבית. האָט זיך געמאַכט איינמאָל און דער גוייִשער בעל־הבית האָט אים נישט געלאָזט שטעלן קיין סוכה אויפן הויף. ר׳ וואָלף־איטשע שווייגט נישט. ער איז געלאָפן צום סטאַראָסטע אינטערווענירן. און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ר׳ וואָלף־איטשע אָנגעשפּאַרט ביזן אינערן מיניסטער און... אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו שטעלן אַ סוכה.

עס איז אַ סברה, אַז פון דעמאָלט אָן איז די דאָזיקע דערלויבעניש פון שטעלן אַ סוכה חל געוואָרן אויף אַלע יידן אין גאַנץ פוילן...

## ר׳ נתן שאַף

אַ קליין יידל, הויט און ביינער. זיין גאַנץ וועזן האָט ער געווידמעט נאָר אויף צו דינען דעם אויבערשטן.

זיינע לעצטע יאָרן איז ער געלעגן צו בעט אין אַן אַלקער אָן פענצטער. זיינע ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט תפילה טאָן צום בורא־עולם.

## ר׳ מאָטל לייב

איינער פון די שטאַרקסטע לערנערס און ערלעכסטע חסידים, איז פאַר זיין פטירה געלעגן דריי יאָר צו בעט.

ערב ראש־השנה פלעגט דאָס גאַנצע גערער שטיבל גיין צו אים אָנווינטשן אַ גוט יאָר. אויך איך מיט מיין טאַטן זענען געגאַנגען אים ווינטשן אַ לשנה טובה. געשטאַנען אין דער ריי ביז מ׳האָט געקאָנט צו אים צוקומען. געזען האָט מען נאָר אַ ווייסע באָרד און צוויי אויגן. מ׳האָט ממש געפילט ווי מלאכים שוועבן אַרום זיין בעט.

ער האָט אַלעמען נאָר אָנגעקוקט ווי ער וואָלט אונדז מיט זיינע בליקן געבענטשט און אונדז יעדן צוריק אָפּגעווונטשן...

יהושע ליכטנשטיין

*

## ר׳ ישראל עברי

### מיין זיידע פון קלעשעווע

הגם עס זענען שוין אַוועק 55 יאָר פון מיין זיידנס טויט, וועלכע נעמען אַרום צוויי וועלט־קאַטאַסטראָפעס — די ערשטע און צווייטע וועלט־מלחמה, ברענגט נאָך ביז היינט אַרויס דאָס געדעכעניש פון זיין הערלעכן געשטאַלט, זיין גייסטיקע וועלט און די צייטן, אין וועלכע ער האָט געלעבט.

ער איז געווען קודם אַ גרויסער ירא־שמים און דובר אמת בלבבו לויט דעם אָטוואָצקער חסידישן נוסח און לויט דעם חסידישן עקסטרעם פון דעם אָטוואָצקער רבין, ר׳ שמחה־בונעם, וואָס איז נפטר געוואָרן אין ארץ־ישראל. ער איז געגאַנגען אין די וועגן פון זיין רבין דעם קנאי און נישט געטאָן די מינדעסטע זאַך אָן זיין הסכמה.

דער זיידע מיט זיין פּאַטריאַרכאַליש געזיכט, לאַנגער געלער באָרד. קלוגן בליק און גרויסן רבנישן שטערן, איינגעבויגן איבער דער גמרא — האָט קיין איין איינציקן טאָג נישט פאַרמיטן פון עוסק זיין אין תורה. די שלאָפלאָזע נעכט, וועלכע ער האָט געווידמעט פאַר פרנסה־צוועקן (געפירט אַ קליין־בעקעריי), האָבן אויף זיין „הגית בם יומם ולילה״ גאָר נישט משפיע געווען.

לויט ווי איך געדענק, איז ער שטענדיק געווען אין אַן ערנסטער שטימונג און יעדער אין שטוב האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ און יראת־כבוד. איך, אַלס זיין איינציק אייניקל אין פולטוסק, דאָס קינד פון זיין עלטסטער טאָכטער (וועלכע איז געבליבן וווינען אין פולטוסק אין דער צייט ווען אַלע איבריקע זין און טעכטער און אייניקלעך האָבן געוווינט אין אַנדערע שטעט), האָב געהאַט דאָס גליק צו געניסן פון זיינע צערטלעכקייטן און פון קינדוויז אויף געווען

וווקס, אַ באַדאַכטער און געזעצטער, ער האָט געהאַט שטרויבלאָנדע האָר, וואָס זענען תמיד געווען ווילד צעשויבערט, ער האָט זיך געפילט זעלבסט־באַוווסטזיניק פון זיין עכטן און קערנדיקן טאַלאַנט. ער איז געווען פאַרביטערט אין לעבן, ווי כמעט יעדער יונגער פּאָעט, וואָס ליידט נויט און דחקות און מיינט, אַז די מענטשהייט איז אים אַ סך שולדיק. ער האָט אַ ביסל אימיטירט דעם דעמאָלט פּאָפּולערן רוסישן פּאָעט סערגיי יעסענין. דאָמב איז געווען אפילו פיזיש־ענלעך צום רוסישן שיכור און באָהעם. פון פיבער איז זיין פּנים געווען באַגילדעט ווי פון אַ ווינטערדיקן זון־אונטערגאַנג אָדער ווי די מומיעס פון טויטע ועמעס פּנימער זענען געפאַרבט אין גאָלד.

איך האָב זיך מיט אהרן דאָמב באַגעגנט אין דעם קוילנגרעבער־שטעטל סעריין, ביי ליעזש. אין סעריין האָבן די בלומען מורא געהאַט צו בליען. די טעג זענען געשטאַנען איבער די גאַסן ווי גרויע וואָלקנס, אַז מען האָט אָנגעטאָן אַ ווייס העמד, איז עס באַלד פאַרקאָפּטשעט געוואָרן.

אהרן דאָמב האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון קוילנגרובן און אויך אַרבעט אין די אייזן־גיסערייען פון „קאקעריל”. איינס פון זיינע לידער האָט געטראָגן דעם טיטול „איך און ס׳פערד”. עס האָט געשילדערט ווי אַזוי דער דיכטער אַרבעט צוזאַמען מיטן פערד אין דער ערדס געדערים און ווי אַזוי דאָס אויסגעמאַטערט פערד שטעקט פאַרטרוילעך זיין טרויעריקן און בלינדן קאָפּ אין די וואַרימע אָרעמס פון דעם צעווייטיקטן פּאָעט.

אהרן דאָמב, געדענק איך, איז אויך געווען אַ קורצע צייט אין פּאַריז, ער האָט דאָרט געזוכט אַרבעט און גליק, זיין מזל האָט אים נישט איבעריקס ליב געהאַט און ער האָט נישט צו פיל געגלעט זיין גורל איבערן קאָפּ. ער איז גיך צוריקגעקומען קיין אַנטווערפּן מיט אַ היפּשן פּעקל מיט פּאָעזיע, וואָס ער האָט מיט כּעס און נערוועזיטעט פאַרוואַנדלט אין ציגאַרעטן און אויסגערייכערט אין דער היץ פון דיסקוסיעס אין קאַפעען. איך געדענק, אַז אין איינעם פון זיינע דעמאָלטיקע לידער האָט ער געשילדערט אומגעפער ווי ער טראָגט אַרויס אויפן פּאַריזער מאַרק זיינע הענט צו פאַרקויפן אויף אַרבעט. אָבער קיינער וויל זיי נישט קויפן און די הענט בלייבן הענגען אויף זיין גוף פאַרשעמטע און באַליידיקטע, דאָס איז געווען אַ פּרווו צו שרייבן אַ סאָציאַל ליד.

ווען אהרן דאָמב איז צום ערשטן מאָל געקומען צו מיר אין מיין ביוראָ אין אַנטווערפּן, האָט ער אַרויסגענומען זיין טייסטערל מיט לידער און פאָטאָגראַפיעס פון מיידלעך און משפּחה. איינס פון די אָפּגעברענטע און צעקנייטשטע בילדער וואָס ער האָט מיר געוויזן, איז געווען פון אַ גרופּע יינגע, אָנפאַנגער־דיכטער אין וואַרשע. איך געדענק אַז אין דער גרופּע זענען געווען: שמחה דאַן (פון פּולטוסק), יוסף רובנשטיין, אַ הויכער, אַ דאַרער, געשטאַנען אין מיטן פון דער גרופּע און אויך איינער אַ יונגערמאַן מיט לאַנגע האָר, וואָס האָט געהייסן משה גראָסמאַן.

דאָמב האָט געשטאַמט פון שטעטל פּולטוסק. בלויז אין זעלטענע מאָמענטן האָט ער דערציילט פונעם יידישן לעבן אין שטעטל; פון די דאָרטיקע הינטערשטאָטישע לאַנדשאַפטן, וואָס שמעקן מיט דער טיפיש־סלאַווישער נאַטור. ער האָט אויך געלאָזט פאַלן ווערטער וועגן נאַפּאָלעאָנס היסטאָרישן אַדורכמאַרש דורך פּולטוסק מיט זיין גראַנדיעזער אַרמיי אויפן וועג קיין רוסלאַנד, צו זיין פאַרניכטונג.

דאָמב האָט זיך מוראדיק געמאַטערט מיט זיין אָרעמקייט און איינזאַמקייט אין די ביטערע באַדינגונגען פון לעבן אין אויסלאַנד, אָן שום מיטלען. ער האָט שוין אויך געהאַט געליטן אויף שווינדזיכט און געשפּיגן מיט בלוט.

נאָך עטלעכע יאָרן פון מי און מאַטערניש, פון הונגער און איינזאַמקייט, איז ער אין אַ טאָג צוריקגעפאָרן קיין פּוילן. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך געהערט, אַז ער האָט חתונה געהאַט. דאָס לעבן אויך אין פּוילן מיט זיינע שוועריקייטן פאַר פּרנסה און עקזיסטענץ, זיך מוחנדיק זאָרגן פאַר די באַדערפענישן פון אַ גרויסער משפּחה, האָט אויפגעגעסן זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. אויף וויפל איך ווייס, האָט ער זיך אין פּוילן מער קיינמאָל נישט געדרוקט.

אין אַ בריוו פון 16טן אָקטאָבער 1937, פון וואַרשע, שרייבט צו מיר מיינער אַ קוזין: איך האָב פאַר דיר גרוסן פון אַ געוויסן אהרן דאָמב, אַ פּולטוסקער, וועלכער איז געווען אַ צייט אין בעלגיע און פראַנקרייך. ער קען דיך, ער האָט אַ מאָל פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער אין צייטשריפטן. ער אַרבעט היינט אין אַ גאַרבעריי פאַר 25 זלאָטעס אַ וואָך (פיר און אַ האַלב טאָלער). ער האָט אַ קראַנק ווייב, געשטאָרבן איז אים אַ קינד און איז פאַרפינצטערט און צעבראָכן. ער האָט נישט אין זינען קיין לידער, נאָר לייענט קוים איין מאָל אין וואָך אַ צייטונג...

דאָס לעבן מיט זיינע שוועריקייטן און יסורים האָבן אויפגעגעסן זיין טאַלאַנט.

א. דאָמב האָט אַוודאי צוזאַמען מיט זיין קראַנק ווייב געטיילט דעם טראַגישן גורל פון די יידן אין פּוילן, וואָס האָבן אַזוי ווי משה רבינו נישט געלאָזן שטיין קיין שום קבר אויף דער ערד.

פון דאָמבס לידער איז נישט געבליבן קיין שפור. בלויז אין מיין זכרון זענען געבליבן שטיין עטלעכע פעסטע פערזן, וואָס זאָגן עדות אויף זיין קרעפטיקן טאַלאַנט:

„ווען איך האָב מיט נעגל־העק אין קוילנגרוב געגראָבן,
האָט עמעצער געזונגען איבער מיר:
— דיין חלום וועסטו דאָ אין קוילנגרוב באַגראָבן,
אַ קבר גראָבסטו, אַ קבר אויס פאַר דיר!״

ווי געזאָגט, נישט אין דער בעלגישער ערד האָט דער פּאָעט פון פולטוסק זיך אויסגעגראָבן אַ קבר — נייערט אין גאָטס גארן רוים, צוזאַמען מיט דריי מיליאָן פּוילישע יידן...

זאָלן די דאָזיקע ווערטער וועגן א. דאָמב דינען ווי אַ אַ נר־נשמה אויף זיין מצבה וואָס שטייט אין הימל״.

צוגעשיקט: י. אבראַמטשיק

## דוד תאומים
(דער חסיד)

געב. י״ב אב, 1892 אין פולטוסק, ביי אַ חשובער חסידישער משפּחה. ביז 13 יאָר געלערנט אין „חדר״ און בית־המדרש. דערנאָך אַריבער צו וועלטלעכער בילדונג, זיך באַקענט מיט דער אייראָפּעישער ליטעראַטור, אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע און אַליין אויף גענומען שרייבן, דעבויטירנדיק מיט אַ בילד (טראַטוועס) אין דער טעאַטער וועלט, וואַרשע, 1908. זינט דעמאָלט געדרוקט אין פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון 39—1922. געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער פון וואַרשעווער „היינט״, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט דערציילונגען: „אין רבינס הויף״ און „אויף פרעמדע וועגן״, אין וועלכע ער שילדערט טיפּן פון פּוילישן יידנטום אין די קליינע שטעטלעך. אין בוכפאָרם: „דער פּוילישער רבי״, אַ פּאָעמע אין פּראָזע, וואַרשע, 1921, 66 ז׳; „אונטער שטילע הימלען״. דערציילונגען, וואַרשע, 1921, 127 ז׳.

אין דעם בוך: „אַנטאָלאָגיע פון דער פּראָזע אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות״ — געפינט זיך זיינע אַ דערציילונג: „דער רבי״ (פון בוך „דער פּוילישער רבי״, פאַרלאַג פּראָגרעס, וואַרשע, 1921). אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, בעת דער יאַנואַר־אַקציע פון 1943. הי״ד.

יהושע אַבראַמטשיק

## נח פּאַטאַלאָווסקי

נח פּאַטאַלאָווסקי, אָדער ווי מ׳האָט אים אין שטאָט גערופן: נח בדחן, האָט געשטאַמט פון נאַשעלסק און זיך דערנאָך באַזעצט אין פולטוסק, ווו ער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין נישט געוויינלעכן בדחנות. ער איז געווען אַ קינסטלער־בדחן פון אַ גאָר הויכער מדרגה. זיינע גראַמען און בדחנישע „שטיקלעך״ פלעגן מיטרייסן דעם עולם. נח בדחן אויף אַ יידישער חתונה אָדער שמחה איז געווען אַ גרויס געשעעניש. געשעפט האָט ער זיינע בדחנישע אימפּראָוויזאַציעס פון זיין אייגענעם רייכן קוואַל. זיין ריטם, זיין יעדע בדחנישע מימרה איז געווען פול מיט יידישן הומאָר, פאָלקס־חן און טראַדיציע. ער איז געווען אָריגינעל אין זיין בדחנישן שאַפן. יעדע חתונה האָט ער באַנומען אויף זיין שטייגער, אַריינטרעפנדיק אין סאַמע „פּינטל״ פון די חתן־כלה, מחותנים און פאַרבעטענע געסט, וועלכע פלעגן מיט אַנגעצונדענער התפעלות זיך צוהערן צו זיין יעדן „זאָג״ און אויסטייטש, עס מיטנעמענדיק אין זכרון אויף לאַנגע־לאַנגע צייטן. ער איז געווען אַן עכטער קינסטלער און דיכטער פון בדחנישן וואָרט. זיין נאָמען איז אים פאַרויסגעגאַנגען ווייט־וויט אַריבער די גרענעצן פון פולטוסק.

אַלס קינסטלער־בדחן איז אויך פון אים קיין סך נישט אָפּגעשטאַנען שפּעטער — זיין נאָכפאָלגער, זיין זון מאָטל פּאַטאַלאָווסקי.

כאָטש ער האָט אַ ביסל שאַקירט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען, דאָך האָט זיין בדחנישע „עבודה״, וועלכע איז אים אָנגעקומען אַזוי לייכט און שפּילעוודיק, אים באַשיינט און אים געבראַכט אַזוי פיל חן און קינסטלערישע דערהייבונג, אַז ס׳האָט צונישט געמאַכט זיין פיזישן דעפעקט...

עס איז כדאי צו באַצייכענען, אַז אין זיינע פרייע שעהען האָט ער זיך געווידמעט אויף צו לערנען קינדער לייענען און שרייבן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אויף די וועגן פון פולטוסקער גירוש. זיין ווייטערדיקער גורל איז מיר אומבאַקאַנט.

רפאל משה שאך

## לייבקע סקרזשיפּצע

לייבקע קלעזמער (סקרזשיפּצע) — קיין שום חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען אין פולטוסק אָדער איר אומגעגנט, האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן אָט דעם גרויסן פאָלקס־קינסטלער. זיין פאָטער שמעון קלעזמער האָט געשטאַמט פון פּלאָנסק. צו באַקומען לייבקען אויף אַ יידישער חתונה, איז גאָר נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. מ׳האָט אים געמוזט צו וויסן געבן מיט אַ צייט פריער.

געווען איז ער פון קליינעם וווקס מיט אַ צוגעשווירענער באָרד און געטראָגן אַ מעלאַניק־קאַפּעליוש. טאָג־טעגלעך גע־

דאַוונט אין בית־מדרש און אין זיין פיין איינגעאָרדנטער שטוב געטראָגן אַ זיידענעם קאַפּל און געלערנט מוזיק. זיינע תּלמידים זענען מערסטנס געווען קריסטן. ער האָט זיך געפילט ווי אַ „קעניג" אין זיין פאַך אויך אויף קריסטלעכע חתונות אָדער גרויס־פּריצישע בעלער. ס'איז געווען אַ כּבוד, ווען פאַן לייבקא האָט מסכּים געווען צו שפּילן מיט זיין קאַפּעליע. ער פלעגט אַליין שאַפן פאַרשידענע קאָמפּאָזיציעס ווי אויך טאַנץ־מוזיק *.

לייבקע קלעזמער איז געווען אין זיין שפּילן אַ מייסטער פון גאָטס גענאָד. זיין פידל האָט פאַרשכּורט און מיטגעריסן. יאָמערלעך און האַרצרייסנדיק האָט זי, די פידל, געוויינט ביי דער חופּה און ביז גאָר פריילעך און בגילופנדיק איז זי געווען ביי דעם מצווה־טענצל. שטאַרק געהויבן האָט זיך לייבקע געפילט, ווען ער האָט געשפּילט דעם רבס ניגון פון בעש"ט.

ווען מ'האָט לייבקען פאָרגעשלאָגן מיטצואַרבעטן אין דער וואַרשעווער אָפּערע, האָט ער מיט איראָניע געענטפערט: „איך וועל דאָך נישט קאָנען עסן קיין טשאָלנט".

ווען גרשון סיראָטאַ מיט זון און טאָכטער זענען אין יאָר 1917 אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אויף אַ קאָנצערט און פּולטוסק, זענען זיי געווען זיינע געסט.

לייבקע איז נישט נאָר געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, ער איז געווען — בעיקר — דורכגענומען מיט גרויסער ליבע צו זיין שפּילן, וואָס איז כּמעט געווען דער אינהאַלט פון זיין לעבן. פון פרימאָרגן ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהען פלעגט ער שפּילן, אַרבעטנדיק אויף זיך. פון זיין מוזיקאַלישער אויפמערקזאַמקייט האָט ער אַ סך געשאָנקען די סקאַרבאָווע פאָלקס־ניגונים און געלייגט אויף זיי זיין טראָפּ. ער איז געווען אַ פאָלקס־קינסטלער.

מנחם קיפּניס, ווען ער האָט באַזוכט פּולטוסק און געהערט לייבקען שפּילן, איז אַריין אין אַ התלהבות און אָנגעשריבן אין וואַרשעווער „היינט" אַ באַגייסטערטן אַרטיקל וועגן אים.

לייבקע, וועלכער האָט געשמט אַלס גרויסער מוזיקער־קינסטלער, האָט יאָרן לאַנג באַצויבערט מיט זיין אומגעוויינלעכן שפּילן פיל פיל יידישע שטעט און שטעטלעך אויסער פּולטוסק.

רפאל משה שאך

---

* אגב: גראָטשטיין, דער באַרימטער אויטאָר פון לייכטע טאַנץ־מוזיק שטאַמט אויך פון פּולטוסק. וועגן אים האָט אויך געשריבן מ. קיפּניס אין דער סעריע „יידישע מוזיקער אין פּוילן". זיינע שלאַגער־טאַנגאָס און וואַלצן זענען באַרימט געווען אין דער צווישן מלחמה־צייט, מיט זייער מעלאָדישקייט (לויט י. אַבראַמטשיק).



# * טעאַטער אין פּוילטוסק *

## דראַמ־קרייזן
### (אַמאַטאָרן־טעאַטער)

דראַמ־קרייזן זענען פון תמיד אָן געווען די קאָרידאָרן, וועלכע האָבן געפירט צו די וווּנדערלעכסטע בינע־ברעטער. דער היינטיקער בכבודיקער שוישפילער האָט אַ סך מאָל געקאָנט זיין דער נעכטיקער „קליינער" אין תחילת אומאָפּגעשאַצטער ליבהאָבער, וואָס האָט ביים אָנהויב געלעכצט נאָך אַן אַבי־וואָס־פאַר אַ „ראָלכעלע" אויף דער אַמאַטאָרישער קליין־שטעטלדיקער בינע, אָנהייבנדיק טײַל מאָל זיין „קאַריערע" אויפן חשבון פון אַ פלוצעם־קראַנק־געוואָרענעם מיטשפּילער... אָדער אַז איר ווילט גאָר האָט עס געקאָנט אפילו זיין דער נעכטיקער „גאַפּאָווניק" *, וועלכער האָט געשלונגען מיט אַ ווילדן תענוג טעאַטער־שטייגער פון די סצענישע „הינטער־קוליסן (חוץ די, פאַרשטייט זיך, וועלכע זענען גלייך נתגלה געוואָרן מיט זייער אומגעוויינלעכן גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט).

איינגעמויערט איז די „ערשטע וואַרעמע ליבע" פונעם „קליינעם" אַמאַטאָר אין די מאַרמאָרענע ווענט פון דעם גרויסן ברייט־פונאַנדערגעבויטן טעאַטער.

איז טאַקע כדאי זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דעם פאַרנעם און די טעטיקייטן פון דעם אַלגעמיינעם שטאָטישן דראַמ־קרייז (אַמאַטאָרן־טעאַטער), וועלכער האָט „געאַרבעט" אַ סך יאָרן אין זיין שטאָט אָדער שטעטל און באַקומען זיין כשר־פאַרדינטן גוטן שם. געווען זענען אויך — כמעט אין יעדער שטאָט — פיל ביי־דראַמ־קרייזן און קרייזלעך, אַזוי צו זאָגן, פון אַ גאַנץ קלענערן פאַרנעם, וואָס האָבן געלעבט אַ קורצערן אָדער אַ לענגערן לעבן אין זכות פון אַ פאַרטיי אָדער וועלכער עס איז אינסטיטוציע.

דאָס חשיבות און באַזונדערקייט אָבער פון דעם א"ד אַמאַטאָרן־טעאַטער אין די דאָזיקע שטעט איז באַשטאַנען נישט נאָר בלויז אין דעם, וואָס ער האָט באַזעסן אַ סך טאַלאַנטירטע סצענע־מענטשן און האָט מיט אַ צייט שפּעטער, ווי עס איז באַקאַנט, אַרויסגעגעבן פון זיך אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן — און מיט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג, — צו שפּילן גרויס־טעאַטער אין דער ברייטער וועלט מיט די רומפולסטע אַרטיסטן, געוואָרן רעזשיסערן, פּיעסע־שרייבער אא"וו — דאָס חשובסטע דערפון איז געווען, וואָס די דאָזיקע דראַמ־קרייזן (אַמאַטאָרן־טעאַטער) האָבן זיך שטענדיק געצויגן צו דעם קולטורעלן ליכט פון זייערע טעאַטראַלע פאָרשטעלונגען און געשטרעבט צו סצענישער שלימות. מ'איז צוגעגאַנגען צו אַ פּיעסע בדחילא ורחימא און מיט אָן אַ שיעור ליבשאַפט און ווילן צו אַ בעסערער פאָרשטעלונג; מיט אַ תמימותדיקער התלהבות האָט מען זיך געוואָרפן אויף דער בעסערער דראַמע אָדער קאָמעדיע, ווי מיט דער כוונה אַרויסצוזאָגן און אַרויסצושפּילן — ווי ווייט מעגלעך — דעם געהויבענעם מחברס מיין, זיך פילנדיק גלייכצייטיק דערביי ווי אַ בכבודיקער שותף צו דעם שרייבער פון דעם דאָזיקן הויך־קולטורעלן טעאַטער־שטיק. דער דאָזיקער דראַמ־קרייז (אַמאַטאָרן־טעאַטער) איז דעריבער געווען שטאַרק חשוב און אָנגענומען ביים שטאָטישן קהל, וועלכער האָט נישט זעלטן פאַרטרעטן אַ סך פון דעם גלאַנץ און באַרוף פון דעם „אָפיציעלן" שלימותדיקן טעאַטער.

אַ גאָר באַדייטנדיקע חשיבות האָבן געהאַט די יידישע דראַמ־קרייזן פון דעם מין אין יענע השכלהשע „קולטור־אויפשפּראָצנדיקע" צייטן, וואָס אין זייערע רייען האָבן „געאַרבעט" נישט ווייניק זין און טעכטער פון פרומע חסידישע היימען (וואָס טעאַטער האָט ביי זיי געהייסן: „תרבות־רעה" אָדער: „שמד"), אויסשטייענדיק דערביי כל מיני פאַרפאָלגונגען און שטויסיקע רדיפות און זייענדיק אויסגעהונגערט נאָך וועלטלעכער קולטור און נאָך אַ ברייטן אָטעם — האָבן אַרויפגעבראַכט פון זייער חסידישן ערלעכן „ברען" אויך אויף די ברעטער פון דער פּראָווינציעלער בינע, וואָס איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צום יידישן טעאַטער בכלל און אפשר אויך זיך קונה־מקום געווען אויף דער וועלטלעכער בינע.

* אַריינבאַקומענדיק זיך צו אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אָן אַ „בילעט"...

אויסוויילן אַ צום־האַרצן־נאָענטע פּיעסע און זי „ריכטיק" אויסשפּילן איז געווען אַ דבר שבקדושה, אַ פּלי אין די טעאַטראַלע הייכן...

אמת איז, אַז פיל פון די טאַלאַנטירטע „ליבהאָבער" האָבן נישט געקאָנט ממשיך זיין זייער טעאַטראַלן רצון און נישט זוכה געווען צו זייער סצענישן „ווייטער", צי צוליב די דעמאָלטיקע סיבות, אָדער עס איז געווען דערנאָך, ווען ס'איז אָנגעקומען דאָס גרויסע אומגליק אויף דער וועלט: דער היטלער־חורבן, וואָס האָט געמאַכט אַ תל־עולם פון יעדעס יידיש לעבן וווּ־נאָר, אויסרייסנדיק מיטן וואָרצל אויך דאָס יידישע טעאַטער.

פון דעם ווייטער־באַשריבענעם איז צו זען, וויפל שווערע גלגולים עס איז אַריבער געגאַנגען איבער אַ דראַמ־קרייז, וואָס האָט געוואָלט שטיין אויף אַ געהעריקער הויך; וויפל האַרץ און מסירת־נפש האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר אַ „גוטער" פאַר־שטעלונג.

די דאָזיקע דראַמ־קרייזן האָבן אין די אַלע יאָרן פון זייער עקזיסטענץ זיך באַמיט צו שפּילן טעאַטער און אויסגעמיטן מיט אַלע כוחות דעם... „טרײַאַטער".

די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועלן זאָגן אויף דעם גענוג עדות.

(יוד־עין)

אליהו בולמאן

# וועגן יידישן „דראמאטישן קרייז"

נאָך איידער עס האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה האָבן אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן אָנגע־הויבן צו בלאָזן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג נייע ווינטן. צוזאַמען מיט די פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אויך אַנטשטאַנען יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען און לעבן זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט די דראַמאַטישע סעקציעס.

די ענטוזיאַסטישע יידישע יוגנט האָט געשטרעבט אַרויס־צורייסן זיך פון די ד' אמות פון עלטערן־שטוב, פון בית־המדרש און קלויז און אויפלעבן זיך אין אַ נייער וועלטלעכער אַטמאָס־פער. דער טעאַטער, דאָס קינסטלערישע וואָרט — די מעגלעכ־קייט צו' פאַרווירקלעכן און פאַרקערפּערן דאָס אַדורכגע־לייענטע און דורכגעטראַכטע און באַווירקן אַנדערע, האָט גע־לאָקט און געצויבערט.

אויך אין פּולטוסק, אַ שטאָט פון אַ קאָמפּאַקטער יידישער באַפעלקערונג — איז אַנטשטאַנען אַ יידישע „דראַמאַטישע סעקציע", אָרגאַניזירט דורך אַ גרופּע ציוניסטישע שול־יוגנט, וועלכע איז אויסגעוואַקסן צו אַן אַלגעמיינעם יידישן דראַמאַ־טישן קרייז, אין וועלכן עס זענען זיך צונויפגעקומען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּולטוסק, ציוניסטן און אַפּיקורסים, האַלב־פרומע און האַלב אַסימילירטע, די א"ג „גאָלדענע" יוגנט און פּראָלעטאַריער. און ווייל זיינע מיט־גלידער זענען געקומען פון אַלע יידישע קרייזן האָט ער מיט זיינע הכנסות געדינט אַלע יידישע קולטורעלע פאַראיינען און הילפס־אָרגאַניזאַציעס פון פּולטוסק, ווי למשל: די „יידישע גימנאַזיע", די ביבליאָטעק א.ב. פון י. ל. פּרץ, „גזע. אוונט־קורסן פאַר ייד. אַרבעטער", „האַנדווערקער־פאַראיין" א"א.

טראָץ דעם וואָס עס זענען פון צייט־צו־צייט אויפגעטרעטן קלענערע פּאַרטייִישע דראַמ־קרייזן — איז דער אַלגעמיינער ייד. דראַמ.־קרייז געווען דער איינציקער „טאָן־געבער" אין שטאָט, אויספירנדיק ערנסטע קינסטלערישע טעאַטער־פאָרשטע־לונגען. ער האָט געהאַט די פאַרשטענדעניש פאַר אַ רעפּערטואַר, פריי פון שונד און ביליקע „טרערן־מעלאָדראַמעס" און גע־שפּילט פּיעסן פון ליטעראַריש־קינסטלערישן זשאַנער, סיי אָריגינעל־יידישע און סיי איבערגעזעצטע. אַנטקעגן די דאַן־פּאָפּולערע שלאָגערס: „כינקע פינקע", „כל נדרי", „שמע ישראל" און ענלעכע זענען געשטעלט געוואָרן אַזעלכע פּיעסן ווי: „די יורשים", „מאָטקע גנב" און „גאָט פון נקמה" פון ש. אַש, „גרינע־פעלדער" און „די נבלה" פון פּ. הירשביין, „יאַנקל דער שמיד" און „די מוטער" פון ד. פּינסקי, „דער דאָרפס יונג" פון ל. קאָברין, „דער שטומער" פון א. ווייטער, „מירעלע אפרת", „חאַסע די יתומה" און אַנד. פון גאָרדינען, „סערקעלע" פון ד"ר עטינגער, „דער פאָטער פון סטרינ־



בערג, „זשאַן און מאַדלענא" „זיבן געהאַנגענע" פון אַנדרע־יעוו, „דער קאַרגער" פון מאָלער, „דער רעוויזאָר" פון גאָגאָל און נאָך. כאָטש פון צייט צו צייט זענען אויפגעטרעטן אין שטאָט גוטע פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּעס האָט די יידישע באַפעלקערונג פון פולטוסק באַזוכט מאַסן־ווייז אונדזערע פאַר־שטעלונגען, וועלכע זענען בדרך כלל פאָרגעקומען אין דעם גרויסן שטאָטישן טעאַטער. עס האָט זיך געפילט אַ וואַרעמע באַציִונג מצד די באַזוכער, אַ סימפּאַטיע צום דראַמאַטישן קרייז, צו די אייגענע שטאָטישע כוחות.

שווער און פאַראַנטוואָרטלעכט און פול מיט שטערונגען איז געווען די אַרבעט פון די מיטגלידער פונעם קרייז בשעתן צוגרייטן, איינשטעלן און אויפפירן אַ פּיעסע.

וויפל זידלערייען און אפילו פּעטש פלעגן אַריינכאַפּן די חברים, וועלכע האָבן געהאַט געשטאַמט פון חסידישע אָדער בעל־הבתישע היימען פאַר זייער „פאַרשעמען" דעם „ייחוס" און שפּילן „טעאַטער". דער קאַמף קעגן שפּילן טעאַטער מצד די כלי־קודש האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי די אייגענע קינדער, נאָר איז דער־עיקר געפירט געוואָרן קעגן דעם דראַמ.־קרייז בכלל.

די באַציִונג פון דער פּוילישער מאַכט צום יידישן טעאַטער איז אין די ערשטע יאָרן נאָך דער באַפרייונג (אין 1918), ווען עס האָבן נאָך געבלאָזן ליבעראַלע ווינטן, געווען אַ קאָרעקטע. אָבער פון גראַבסקיס צייטן אָן ביז אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק און דער אַנטי־סעמיטיזם פון דער מאַכט געשטערט די אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער, באַגלייך מיט דער גאַנצער ייד.־קולטור. זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז אַמלייכסטן איז אָנגעקומען צו שטערן די קולטורעלע קרייזן און אָרגאַניזאַציעס אין די קלע־נערע ערטער, ווו דער באַאַמטער פון אָרטיקן סטאַראָסטע האָט געקענט פאַרווערן אַ פאַרשטעלונג אפילו פון אַ פּיעסע וואָס איז צענזורירט און דערלויבט געוואָרן דורכן אינערן־מיניס־טעריום, אין דער זעלבער צייט האָט דער פּוילישער „דראַמ.־קרייז" געהאַט שטענדיק די שטאָטישע טעאַטער־בינע צו זיין דיספּאָזיציע. אפילו אויף פּראָבן האָבן מיר זי געהאַט נאָר

צו דער גענעראַל־פּראָבע, און אויך דאָס נאָך שתדלנותן און אינטערווענצן. עס איז כמעט געווען אויסגעשלאָסן אַז דער ייד.־דראַמ־קרייז זאָל שפּילן שבת־צו־נאַכטס. דאַקעגן דער פּוילישער „דראַמ.־קרייז" האָט זיינע אַלע פאָרשטעלונגען געשפּילט שבת־צו־נאַכטס און אויך זונטיק. פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט זיך אָפּגערופן גאָר שטאַרק אויף דער געלט־הכנסה. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט אַז אַ פּיעסע האָט געמוזט ווערן אַרונטערגענומען פון רעפּערטואַר, כאָטש עס איז געווען אַריינגעלייגט אין איר וואָכן פון שווערער אַרבעט.

עס זענען אויך געווען אין דראַמ.־קרייז נישט ווייניק אינערלעכע שוועריקייטן. די פּראָבן זענען נישט פאָרגעקומען רעגולער צוליבן מאַנגל פון צייט ביי די מיטגלידער. אַ טייל חברים האָבן זיך געיאָגט נאָך „גרויסע" און „שיינע" ראָלן, און אַ סך פלעגן פאַרנאַכלעסיקן און זיך נישט אויסלערנען דעם טעקסט אויף אויסנווייניק. עס איז געווען אַ מאַנגל אין קאָסטיומען א.א.וו. אויך האָבן מיר נישט ווייניק געליטן פון דעם ענין גרים, ווייל אונדזער רעזשיסער קוטנער, ע"ה, האָט געהאַלטן, אַז דאָס געהערט נאָר צו אים און קיינער פון אונדז האָט נישט געוווסט אַליין זיך צו גרימירן. די אַלע אויבנדערמאָנטע און נאָך אַנדערע שוועריקייטן האָבן פיל געהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פונעם דראַמ.־קרייז בכלל און פון יעדן פון אונדז באַזונדער. דאַקעגן האָבן מיר באַקומען פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס און פּערזענלעכקייטן אין משך פון אַלע יאָרן פיל מאָראַלישע הילף, וועלכע האָט אונדז געמוטיקט און געשטאַרקט, אין דער ערשטער ריי די פאַראינטערעסירונג פון אַלע פּראָגרעסיווע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס פון פּולטוסק; פון דעמאָלטדיקן דירעקטאָר פון דער פּולטוסקער יידישער־גימנאַזיע הער ליפּמאַן; פון דעם רעזשיסער פון פּוילישן דראַמ.־קרייז ה. שיקאָרסקי; פון אומגעקומענעם וואַרשעווער געטאָ־אָנפירער און רעזשיסאָר פון פיל יידישע דראַמ.־קרייזן אין פּוילן חבר משה ווײדע ז"ל; פון די אויסגעצייכנטע סופליאָרן: שלמה סאַפּראַן, יוסף זילבערשטיין און אהרון דאָמב (דער יונגער פּאָעט); פון דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות און אַנדערע. אַ ספּעציעלע ווירקזאַמע הילף האָבן מיר געהאַט אין דעם קליינעם אָבער טאַלאַנטפולן פּולטוסקער יידישן אָרקעסטער, וועלכער האָט אונדז אָפּט באַגלייט אין אונדזער אַרבעט און איז באַשטאַנען פון דער פאַמ. סקושיפּצע, קוזינען וולאָסקאַ, פריד, גורמאַן, און אַנדערע. כדאי דאָ צו דערמאָנען אַז אויך פּראָפעסיאָנעלע יידישע אַרטיסטן זענען אונדז געקומען צו הילף. אויך איינצעלנע מיטגלידער פון „דראַמ־קרייז" האָבן פון צייט צו צייט געהאָלפן אויפפירן מיט מיטגלידער פון פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „איינאַקטערס" און „סקעטשן".

ווי פאַרשידנאַרטיק איז געווען דער צוזאַמענשטעל פון דעם פּולטוסקער יידישן דראַמ.־קרייז.

ס'איז שווער צו געדענקען אַלע נעמען פון די מיטגלידער. זאָלן אונדז דעריבער מוחל זיין די, וועלכע וועלן דאָ נישט דערמאָנט ווערן. אַ טייל פון די חברים זענען געווען: דער רעזשיסער — אברהם קוטנער, פריידיל, איטשע און מ. קלאָס. יענטע און שאָשע ליאַסקע, משה פאַלדע, דער טראַגיש־אומגעקומענער רובין, נעמי ראַצמאַן, יאַרזשאָמבעק, די שוועסטער און ברודער מעלצאַרזש, איטקע טאַשימאָוויטש־בולמאַן, די שוועסטער ווינאָגראָן, באַשע וועסט, אַ. בולמאַן, דוד באָרעקעס, אַנשל קאָפּלאָוויטש, אברהם גוזשיק, שלמה ציטרינאַרזש, איסר האָלצמאַן, שלום כץ, מתתיהו שטיינבערג און פיל פיל אַנדערע.

סיי די חברים פון „דראַמ.־קרייז" אין אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ און סיי די אַלע וועלכע האָבן אים מאָראַליש אונטערגעהאַלטן, האָבן געהאַט שטענדיק פאַר זיינע אויגן דעם ציל אַז אין יידישן טעאַטער זאָלן קומען צום אויסדרוק די פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן יידישן לעבן און די שטרעבונגען פון די יידישע מאַסן צו אַ בעסערער וועלט.

דאָס האָט אונדז געגעבן מוט און כוח ביַיצוקומען אַלע שוועריקייטן און פאָרזעצן אונדזער אַרבעט ביז דער טראַגישער דאַטע פונעם אויסברוך פון דער וועלט מלחמה, ביזן חורבן פון יידישן פּולטוסק.

# עפּיזאָדן און קוריאָזן

איינער פון די קולטור צווייגן, אין וועלכע עס האט זיך אויסגעלעבט די יידישע פּראָגרעסיווע יוגנט אין פּולטוסק, שטרעבנדיק צו אויסבילדונג און צו באַקענען זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור, צו פאַרשפּרייטן דאָס יידישע קינסט־לערישע וואָרט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, איז געווען די יידישע בינע. מיטן אויפפירן די פאָרשטעלונגען האט זיך די יוגנט באַקענט מיט די יידישע ליטעראַרישע שאַפונגען, באַהאָפטן זיך מיט דער קולטור פון זייער פאָלק און דערווייטערט זיך פון אַסימילאַציע.

די מיטגלידער פונעם דראַמאַטישן קרייז האָבן אויך געהאַט אַ פּערזענלעכן גייסטיקן געניס און סאַטיספאַקציע פון זייער שפּילן, בפרט אַז די איינקונפטן פון די פאָרשטעלונגען זענען געווידמעט געוואָרן געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

אַ טעות וואָלט געווען צו מיינען, אַז די טעטיקייט פונעם יידישן דראַמאַטישן קרייז איז באַשטאַנען נאָר פון הנאה האָבן און פאַרגעניגן פון שפּילן יידיש טעאַטער. נישט וויייניק צער און ווייטאָג האט באַגלייט יעדע נייע אויפפירונג. ווילן מיר טאַקע דערציילן וועגן די ליכטן און שאָטנס, וועגן דעם צער און פרייד אין דער טעטיקייט פונעם יידישן דראַמאַטישן פאַראיין אין פּולטוסק.

אין די צוואַנציקער יאָרן האט זיך דער קרייז פאַרמאָסטן אויף אַ געוואַגטן שריט — אויפצופירן די באַרימטע דראַמע פון שלום אַשס „גאָט פון נקמה", נאָכן דערפאָלג וואָס עס האָט געהאַט מיט דער דאָזיקער פּיעסע די ווילנער טרופּע. די הויפּט־ראָל פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש איז צוגעטיילט געוואָרן דעם טאַלענטפולן מיטגליד פונעם דראַמאַטישן קרייז, רובינען, וועלכער איז אויך געווען אַ גוטער קענער פון דער יידישער ליטעראַטור. די צוגרייטונגען צו דער אויפפירונג זענען געווען ביז גאָר ערנסטע, מיט גרויס אחריות. די פאַרשטעלונג איז באַשטימט געוואָרן אויף אַ שבת־צו־נאַכט, אין די גאַסן זענען אויסגעקלעבט געוואָרן פּלאַקאַטן און די בילעטן זענען שנעל געוואָרן אויספאַרקויפט. אָבער צוויי טעג פאַר דער פאַרשטע־לונג, פרייטאָג פאַר מיטאָג, איז רובין טראַגיש אומגעקומען ביי דער אַרבעט אין דער מיל פון די ראָזענבערגס.

דער דאָזיקער טראַגישער פאַל האָט געמאַכט אַ דער־שיטערנדיקן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג בכלל און אויף די מיטגלידער פון דעם דראַמאַטישן קרייז בפרט. אויסער דעם ווייטאָג אויף דעם אַזוי יונג פאַרשטאָרבענעם חבר זענען געוואָרן צונישט אַלע צוגרייטונגען צו דער פאָרשטע־לונג און די פּרעמיערע איז געוואָרן אָפּגערופן.

דאָך, געציילטע טעג נאָך דער לוויה האָט די פאַרוואַלטונג פונעם קרייז, האָבנדיק פאַר זיך די געזעלשאַפטלעכע אחריות, איבערגעגעבן די ראָל פון שאַפּשאָוויטשן דעם ח' פאַלדא און אויפגעפירט די פּיעסע נאָך די שבעה־טעג נאָכן נפטר. דוכט זיך, אַז נאָך קיינמאָל האָבן די אָנטיילנעמער נישט געשפּילט זייערע ראָלן מיט אַזאַ ווייטאָג און אומעט אין האַרצן...

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען אין דייטשלאַנד האָט שוין געהערשט דער בלוטיקער היטלער־רעזשים און אין פּוילן האָט זיך געשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך געפילט אַ שטאַר־קער דראַנג צו שטעלן אויף דער פּולטוסקער יידישער בינע אַ דראַמע, וואָס זאָל שילדערן די ליידן פון די יידן אין פּוילן און אַלס פּאַסיקע פּיעסע איז אויסגעקליבן געוואָרן בימקאָס „אויפן ברעג פון ווייסל". די אכזריותדיקע פּרווון פון דער פּוילישער שליאַכטע אין די אַמאָליקע צייטן צו באַרויבן און דערנידעריקן די פון דורות איינגעוואָרצלטע יידישע מילנער־משפחות, זייער אַנטקעגנשטעלן זיך און זייער שטאָלץ — האָט אָנגערעגט ביז גאָר יעדן איינעם פון אונדז, ווי יעדער וואָלט זיך געוואָלט אַראָפּרעדן פון האַרצן און אויסשרייען זיין פּראָ־טעסט קעגן דער דיסקרימינאַציע פון יידישן פאָלק.

כאָטש עס איז געווען קלאָר פון אָנהויב אַז עס וועט אָנקומען מיט „קריעת ים־סוף" צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו שטעלן די דאָזיקע פּיעסע, האָט מען זיך דאָך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט. און אָט איז געקומען דער אויסגע־טרוימטער טאָג פון באַקומען די באַשטעטיקונג פונעם פּול־טוסקער סטאַראָסטע און צוויי, דריי טעג פאַר דער פּרעמיערע איז אָנגעקומען אַן אָפיציעלער אָפּזאָג. אָבער דער אַנטשלאָ־סענער ווילן האָט גובר געווען די געפאַר פון באַקומען די

געהעריקע שטראָף און „אויפֿן ברעג פֿון דער ווייסל״ איז יאָ געשפּילט געוואָרן און מיט דערפֿאָלג, אָבער אונטער אַן אַנדערן נאָמען, דאָס פּובליקום האָט פֿאַרשטאַנען די אַנאַלאָגיע און די אַקטואַליטעט פֿון דער פּיעסע.

עטלעכע מיטגלידער פֿון דעם אַלגעמיינעם יידישן דראַמאַטישן קרייז, וועלכע האָבן געהערט צו די „לינקע פּועלי־ציון״ (צווישן זיי אויך דער שרייבער פֿון די שורות) האָבן צוגעגרייט צוזאַמען מיט נאָך פּאַרטיי־מיטגלידער אַ פֿאָרשטעלונג פֿון פּרץ הירשביינס „גרינע פֿעלדער״ און באַשטעלט אויף אַ שבת־צו־נאַכט דעם זאַל פֿון שטאָטישן טעאַטער און באַצאָלט אפילו פֿון פֿאָרויס אַ „פֿעטן״ פּרייז. עס זענען געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אָנשטרענגונגען מצד פֿאַרשידענע גורמים אַז די פֿאָרשטעלונג און דער איינקונפֿט זאָלן זיין געלונגענע, אָבער ווען עס האָט זיך אין פּוילן געהאַנדלט וועגן שיקאַנירן אַ יידישע אינסטיטוציע, האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום מדינה־געזעצן און אַלץ איז געווען דערלויבט. אינעם טאָג פֿון דער פֿאָרשטעלונג האָט אונדז רויק און קאַלטבלוטיק געמאָלדן דער אייגנטימער, אָדער בעסער געזאָגט דער אויפֿזעער פֿונעם טעאַטער, אַז צו זיין באַדויערן וועלן מיר נישט קענען שפּילן אינעם זאַל פֿונעם טעאַטער. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אַז מיר האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ חוצפּהדיקער און אומדערלאָזבאַרער האַנדלונג, אָבער עס האָט אונדז ווייניק וואָס געהאָלפֿן, ווייל גלייך אויפֿן אָרט האָט אונדז געמאָלדן דער דיזשורירנדיקער פּאָליציאַנט אַז מיר דאַרפֿן זיך אָפּטראָגן... נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן אויפֿצופֿירן די פֿאָרשטעלונג אינעם זעלבן אָוונט אין זאַל פֿון די „לינקע פּועלי־ציון״. ס׳איז טאַקע געווען אַ קלענערע בינע ווי אין שטאָטישן טעאַטער און מיט באַגרעניצטע מעגלעכקייטן און מיטלען, אָבער דערפֿאַר האָט געהערשט דאָ וואַרעמקייט און התלהבות. דאָס אויפֿפֿירן פֿון דער פּיעסע, טראָץ די רעגירונג־שיקאַנעס, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראָטעסט קעגן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג.

אין יאָר 1927, סוף ווינטער, האָט דער דראַמאַטישער קרייז באַשלאָסן אויפֿצופֿירן די באַרימטע קאָמעדיע פֿון גאָגאָל „דער רעוויזאָר״. דער רעזשיסער א. קוטנער האָט צוגעטיילט פֿאַר זיך די הויפּט־ראָל כלעסטיאַקאָוו. נאָכן דורכפֿירן אַ היפּש ביסל רעפּעטיציעס און נאָענט צו דער פּרעמיערע האָט ער פּלוצלונג געמאָלדן, אַז ער פֿאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום וואַרשעווער יידישן אַרטיסטן פֿאַראיין צו שיקן אונדז (פֿאַר אַ גוטן האָנאָראַר) אַ פּאַסיקן אַרטיסט פֿאַר דער דערמאָנטער ראָל. ווי דערשטוינט אָבער זענען מיר געוואָרן, ווען אויף אונדזער ווענדונג איז געקומען אַ שאַרפֿער אָפּזאָג מיטן מאָטיוו: „אונדזער אויפֿגאַבע איז צו באַקעמפֿן דראַמאַטישע קרייזן און נישט צו העלפֿן זיי״. מיר האָבן אָבער נישט רעזיגנירט פֿון דער פּיעסע, צוקאָאָפּטירט אײנעם פֿון די בעסטע פּולטוסקער אַמאַטאָרן שלמה ציטריניאַזש אַלס דעם גאָראָדניטשי און די ראָל פֿון כלעסטיאַקאָוו האָט געשפּילט משה פֿאַלדא און אומדערוואַרט איז די פֿאָרשטעלונג „געגאַנגען״ צוויי מאָל חול המועד פּסח.

איינער פֿון די שלאַגערס אויף דער יידישער בינע אין די 20־ער יאָרן איז געווען שלום אַשס „מאָטקע גנב״. אַזוי ווי דער פּולטוסקער עולם האָט ליב געהאַט די דאָזיקע פּיעסע, איז זי אויפֿסניי געשטעלט געוואָרן אין יאָר 1927. עטלעכע ראָלן האָט דער רעזשיסער קוטנער געמוזט באַזעצן מיט נייע כוחות און צווישן זיי די ראָל פֿון חנהלען — די סאָלידע און ערלעכע געליבטע פֿון מאָטקען. דריי טעג פֿאַר דער פֿאָרשטעלונג האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין פּאַסיקע „חנהלע״. קוטנער האָט אָבער נישט געהערט צו די, וועלכע זענען זיך מיאש. ער האָט געהייסן דינגען דעם זאַל אויף שבת צו נאַכט, אויסקלעפּן אַפֿישן און פֿאַרקויפֿן בילעטן און ממשיך געווען צו זוכן אַ „חנהלע״. מיטוואָך האָט ער געוואָרפֿן אַן אויג אויף איטקע טאַשימאָוויטש, וועלכער ער האָט פֿון צייט צו צייט צוגעטיילט קלענערע ראָלן. עס האָבן נישט געהאָלפֿן אירע טענות אַז זי וועט נישט באַוויזן זיך אויסלערנען דעם טעקסט און אַז זי איז אין די עטלעכע טעג, וואָס זענען פֿאַרבליבן צו דער פֿאָרשטעלונג, פֿאַרבעטן אויף... צוויי חתונות, קוטנער האָט געבעטן, געפֿאָדערט און אויסגעפּועלט. איטקע טאַשימאָוויטש (איצט בולמאַן *) האָט די ראָל אָנגענומען, געחזרט די רעפּליקן אין שטוב, דורכגעגאַנגען עטלעכע אינטענסיווע רעפּעטיציעס און געשפּילט מיט אַ היפּשן דערפֿאָלג.

נאָכן דערפֿאָלג וואָס עס האָט געהאַט אין פּולטוסק די פּיעסע „די יורשים״ פֿון שלום אַש, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלע טענדענצן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו גאַסטראָלירן מיט איר אינעם שכנותדיקן שטעטל סעראָצק אין אַ שבת צו נאַכט. אַזוי ווי דאָס איז געווען ווינטער און אויף די וועגן האָט קיין שניי נישט געפֿעלט, האָט קוטנער

* געשט. אין 1968 אין ישראל, ז״ל.

זיך איינגעקשנט צו פֿאָרן מיט אַ שליטן. אינעם שטעטל, ווי דער שטייגער איז, איז אַלץ געווען צוגעגרייט צו דער פֿאָרשטעלונג, די אַפֿישן אויסגעקלעפּט און די בילעטן אויספֿאַרקויפֿט. לויט אונדזער אויסרעכענונג האָבן מיר געדאַרפֿט אָנקומען קיין סעראָצק אַרום 9.00 אין אָוונט. אָבער אין מיטן דער נסיעה איז געוואָרן אויס שליט־וועג און נאָך שווערע און לאַנגע מאַטערנישן זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל אויסגעמוטשעטע און דערפֿרוירענע אַרום עלף אַ זייגער ביי נאַכט. דער עולם מיט די אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם אָוונט האָבן אונדז געוואָלט ממש דורס זיין. אַנשטאָט צו דערלאַנגען אונדז אַ גלאָז טיי צו דערוואַרעמען זיך האָבן מיר באַקומען אַ „פּאָרציע" געשרייען, זידלערייען און באַליידיקונגען. פֿאַרשטייט זיך, אַז געשפּילט האָבן מיר שוין נישט און ווען מיר האָבן זיך צוריק אַריינגעזעצט אין שליטן, האָבן מיר באַקומען אַלס צולאָג אַ „צידה לדרך", מיר זענען פֿון אַלע זייטן באַוואָרפֿן געוואָרן מיט שניי־קוילן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך אַריינגעגנבעט עטלעכע שטיינער. אין רעזולטאַט פֿון דער „עקספּעדיציע" זענען עטלעכע מיטגלידער קראַנק געוואָרן און עס זענען איבערגעריסן געוואָרן די קעגנזייטיקע באַציִונגען מיט סעראָצק.

פּונקט ווי אין דעם פּראָפֿעסיאָנעלן יידישן טעאַטער, האָט אויך דער יידישער דראַמאַטישער קרייז אין פּולטוסק געליטן פֿון דעם אָנהויבן זיך שפּעט פֿון די פֿאָרשטעלונגען. אין שטעטל אָבער האָבן מיר געוווּסט ווו אויסצונוצן צו אונדזער פֿאַרגעניגן דאָס ענדיקן זיך שפּעט פֿון אונדזערע אויפֿפֿירונגען. אַזוי צ"ב האָבן מיר „געשלאָגן דעם רעקאָרד" ביי דער פֿאָרשטעלונג „כאַסיע די יתומה", וועלכע איז פֿאָרגעקומען זומער און געענדיקט זיך אַרום צוויי אַ זייגער פֿאַרטאָג און ביז מען האָט זיך אויסגרימירט האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. האָבן מיר גלייך אויפֿן אָרט באַשלאָסן אַז מיר גייען נישט אַ היים, נאָר קיין פּאָפּלאָוועס טרינקען פֿרישע מילך גלייך פֿון דער קי. און כך הווה. חברה האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צופֿוס אויף אַ שפּאַציר מיט דער בריק איבער דעם נאַרעוו אין דאָרף אַריין און הנאה געהאַט סיי פֿון די פֿרישע מילך און סיי פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער זון.

צוליבן גרויסן דערפֿאָלג פֿון „מאָטקע גנב", האָט דער דראַמאַטישער קרייז באַשלאָסן אויפֿפֿירן די פּיעסע אין שכנותדיקן שטעטל נאַשעלסק. אַזוי ווי אינעם שטעטל זענען געווען צוויי פּאַרטייען, אַלגעמיינע ציוניסטן מיט „תרבות" און „בונד" און ביידע האָבן געוואָלט געניסן פֿונעם ריווח פֿון דער פֿאָרשטעלונג, איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך מיט די ביידע פּאַרטייען.

מיר זענען אין שטעטל אָנגעקומען אַרום דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג און גלייך איז געזאָרגט געוואָרן אַז דער אַנסאַמבל, אגב נישט קיין קליינער, זאָלן עסן אַ לייטיש מיטאָג ביים אָנקומען אין שטעטל. נאָך דער פֿאָרשטעלונג האָט מען דערלאַנגט אָוונט־ברויט און ווען מען האָט געמאַכט דעם חשבון, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די צוויי מאָלצייטן און אַלע אַנדערע הוצאות האָבן איינגעשלונגען דעם גאַנצן פֿאַרדינסט, כאָטש די אַלגעמיינע הכנסה איז געווען זייער אַ גוטע און דער טעאַטער־זאַל איז געווען איבערפֿולט. סיי דער „תרבות" און סיי דער „בונד" האָבן געאַרבעט אומזיסט און פֿון דאַן אָן האָבן זיי געלייגט אין חרם דעם פּולטוסקער דראַם־קרייז.

דער רעזשיסער פֿונעם קרייז איז געווען אַן אייגנטימער פֿון אַ פֿריזיר־אַנשטאַלט אין שטאָט און באַשעפֿטיקט מענטשן. נאַטירלעך אַז יעדער אָנגעשטעלטער ביי אים האָט זיך געפֿילט ווי אַ „פּאַרטיקער" אַקטיאָר און געוואָלט שפּילן טעאַטער. איינער פֿון זיינע אַרבעטער, אַ הונדערטפּראָצענטיקער עם־הארץ און „דראָנג" אויף דער סצענע האָט געפֿאָדערט מען זאָל אים געבן אַ וואָסערע עס איז נישט ראָלע. קוטנער האָט אים ענדלעך געגעבן אַ ראָל אין „מאָטקע גנב" — דעם צאַרישן סטראַזשניק, וועלכער זוכט ביים סוף פֿון דער פּיעסע מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט דעם הויפּט העלד. קוטנער, וועלכער האָט געשפּילט מאָטקען, האָט אָבער נאָכן אַרויסשפּרינגען פֿון פֿענצטער נישט געגעבן אַ געלעגנהייט דעם סטראַזשניק אויסצושיסן, ווי עס פֿאָדערט דער טעקסט, נאָר פֿאַרמאַכט די פֿאָרהאַנג און דערצו אויסגעלאַכט זיין אַרבעטער הינטער די קוליסן. דער רעזולטאַט איז געווען אַז דער „נישט דערבאַקענער" אַרטיסט האָט פֿאַרלאָזט דעם פֿריזיר־אַנשטאַלט און קוטנער איז פּטור געוואָרן פֿון אַ נודניק.

קוטנער האָט, טריי זיין „טראַדיציע" צו נעמען פֿאַר זיך שטענדיק די הויפּט־ראָל, צוגעטיילט זיך אויך אין „אוריאל אקוסטא" די ראָל פֿון הויפּט־העלד, כאָטש לויט זיין נידעריקן וווּקס האָט ער זיך בכלל נישט געפּאַסט צו דעם. און לויט זיינע קענטענישן אין די „קליינע" אותיות אַוואַדע און אַוואַדע נישט. הערנדיק אָבער די באַוואָרענישן פֿון די אַנדערע מיטגלידער פֿונעם קרייז, האָט ער געפֿונען אַן אָריגינעלע עצה, ער האָט געשפּילט אין זיין ווייבס לאַטשן מיט הויכע קנאַפּל. נאָך דער פֿאָרשטעלונג איז ער אַראָפּ פֿון דער בינע מיט אַ פּאָר געשוואָלענע פֿיס און נישט געקענט אַ לאַנגע צייט אַרבעטן אין זיין פֿריזיערניע.

צו אימיטירן אַ געשלעג אויף דער בינע איז נישט געווען איינע פון די לייכטע זאַכן. דאָ האָט זיך געפאָדערט אויסער קינסטלערישע פעיקייטן אויך אחריות און עלאַסטישקייט פונעם קערפּער. קוטנער האָט אָבער פיינט געהאַט צו „צאַצ־קען" זיך צופיל מיט אַ פאַרטנער. אַז אין אַ פּיעסע האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט פון אַ געשלעג, האָט ער זיין „אויפגאַבע" אויסגעפירט ווי געהעריק. ער האָט דאָס באַוויזן אין דער פּיעסע „מאָטקע גנב" און אַלס מאָטקע געגעבן די ריכטיקע קלעפּ קאַנאַרעקן או״וו. אין „דאָרפס־יונג" פון קאָב־רינען האָט ער צעלאָזט די הענט קעגן זלמנקען דעם פישער. אַזוי אָבער ווי די דאָזיקע ראָל האָט געשפּילט משה פאלדא (איצט אין קאַנאַדע), האָט ער גלייך אויפן אָרט רעאַגירט און געוואָרפן אויף קוטנערן אַ שווערן מעשענעם לייכטער, וואָס האָט על פי נס נישט געטראָפן אים אין קאָפּ, נאָר אין אַ דעקאָ־ראַציע. פון דאַן האָט זיך קוטנער באַמיט צו שלאָגן „אַרטיס־טיש" און נישט אויף אַן אמת.

אליהו בולמאַן, וועלכער איז אַריינגעטרעטן אינעם קרייז אין יאָר 1922, האָט גלייך דערפילט אַז נישט אַזוי שנעל וועט ער באַקומען אַ „גאַנצע ראָל" אין אַ פּיעסע און בלית ברירה געמוזט איינשטימען צו „שפּילן אין קעסטל" ד״ה צו זיין אַ סופליאָר. אַזוי ווי צו יענער צייט איז אַ סופליאָר אויך געווען אַ „שטיקל" יחסן און די שפּילער זענען געווען צופרידן פון זיין אונטערזאָגן, זענען זיינע אויסזיכטן צו שטיין אויף דער בינע געווען גאָר שוואַכע, ביז... אין יאָר 1926, ווען דער דראַ־מאַטישער קרייז האָט אָנגעהויבן צו רעפּעטירן מיט „דעם קאַרגן" פון מאָליער, אַ פּיעסע מיט לאַנגע פינף אַקטן און מיט אַ גרויסן אַנסאַמבל. א. בולמאַן האָט דערלאַנגט קוטנערן אַן



Koło Amatorów Żydowskich.

W sobote dnia 25 lipca 1925 r.

**Wi zenen majne kinder**

(Gdzie są moje dzieci).

Melodramat w 4-ch aktach P. Fajgenbauma.

osoby:

D-r Frumkin — — A. Kutner
Dannel, syn — — A. Koplowicz
Bitrys asystentka — [illegible] Koplowicz
Benżamen — — — Guzik
Frendzele, żona — — Sz. Róża
Zofja — — F. Winogronówna
Purem Pesech — — M. Fałda
Ester — — B. Pieprzyk
Służący — — Ż. Młynarz
Załkind — — D. Borejkies
Kobieta — — I. Taszymowicz

Rzecz dzieje się w Ameryce.

Sufler—*E. Bulman.* Reżyser—*A. Kutner.*






Sekcja Dramatyczna
przy bibljotece Żydowskiej im. I. L. Pereca w Pułtusku.

*W sobotę dnia 12 grudnia 1925 r.*

**MOTKE GANEW**
**(Motke złodziej).**

dramat w 3-ch aktach z prologiem SZULEMA ASZA.

OSOBY PROLOGU:

*Motke Ganew — — — — Kutner*
*Ślepy Lejb, ojciec jego — — Borejkies*
*Zlatke, matka — — — Winogronówna*
*Efraim, szewc — — — — Guzik*
*Berysz, mistrz — — — — Młynarz*
*Dobcze, jego żona — Ch. Taszemowiczówna*
*Reb Mojsze Melamed — — — — Kac*
*Die Blynde Perl, policjant — Cytryniarz*
*Szprynce — — — — Racmanówna*

OSOBY I, II I III AKTU:

*Dyrektor katryniarz — — — M. Fałda*
*Mery, artystka cyrkowa. — F. Koplowiczówna*
*Kanarek katryniarz — — Sz. Joskowicz*
*Pan — — — — — Cytryniarz*
*Reb Melech, kawiarnik — — Cytryniarz*
*Hindel, jego żona — — — Trupiecka*
*Chanele, ich córka — — Taszemowiczówna*
*Czerwona — } ????!: — Racmanówna*
*Zychlineryn, — } — Sz. Różanka*
*Basze — — } — — Wiernik*
*Szlama, Alfons — — — Ben Jakób Dow*
*Policjant — — — — * * **

*Reżyser — — Kutner.*
*Sufler — — Bulman.*





GOŚCINNY WYSTĘP
KOŁA AMATORÓW ŻYDOWSKICH W PUŁTUSKU.

W sobotę dnia 19 grudnia 1925 r.

Z okazji Jubileuszu 25-cio letniej pracy literackiej wielkiego pisarza i dramaturga żydowskiego SZOLEMA ASZA

**SPADKOBIERCY**
**(Die Jorszym)**

Dramat w 4-ch aktach.

osoby:

Pan Majsner, bogaty bankier — M. Fałda
Rebeka, jego żona — — F. Winogron
Leon } ich dzieci — —A. Koplowicz
Justyna } F. Kłos Koplowiczowa
Reb Szmul, ojciec bankiera — D. Borejkies
Hrabina Dąbrowska — — * * *
Michał } jej dzieci — — A. Kutner
Karolina } — — N. Racman
Niania — — — —J. Taszemowicz
Jan, służący — — — Ł. Młynarz

Sufler—*p. Bulman* Reżyser—*p. Kutner*
Scenarjusz—*Frajdenberg.*

O twórczości ASZA powie p. dyrektor Lipman.

**Czysty zysk przeznacza się na bibljotekę im. I. L. Pereca w Pułtusku.**


Karol Belcikowski

פּראָגראַמקעס און טעאַטער־מעלדונגען פון יידישן דראַמ.־קרייז אין פּולטוסק

אולטימאַטום, אַז אָדער ער באַקומט אַ ראָל, אָדער ער פֿאַר־לאָזט דעם קרייז. די דראָונג האָט, ווייזט אויס, געהאָלפֿן און ער האָט באַקומען די ראָל פֿון דעם אויספֿאָרשונגס־קאָמיסאַר אינעם פֿערטן אַקט, כדי ער זאָל קענען סופֿלירן אין די אַנדערע אַקטן. אַנגעטון אַלס קאָמיסאַר האָט ער סופֿלירט אין 3־טן אַקט, אָבער אַנשטאָט צו גרימירן אים, האָט דער רעזיסער גרימירט אַ צווייטן קאָמיסאַר, וועלכער איז אַרויס אין פֿערטן אַקט אויף דער בינע מיט אַ צעבראָכענעם יידיש. נאָך דער פֿאָרשטעלונג איז אין דראַמאַטישן קרייז אַנטשטאַנען ממש אַ שטורעם נאָך דעם ווי דער באַעוולטער האָט געמאָלדן אַז ער פֿאַרלאָזט די געזעלשאַפֿט, איז פֿאָרגעקומען אַ חברים־געריכט, וועלכער האָט באַשלאָסן אַז ערשטנס, דאַרף קוטנער עפֿנט־לעכט זיך אַנטשולדיקן פֿאַר בולמאַנען אין אַ יידישער טאָג־ציטונג, צווייטנס ווערט צוגענומען ביי אים די אויסשליס־לעכע רעכט צו פּאַרטיילן ראָלן, דריטנס, ווערן אויסגעשלאָסן פֿונעם קרייז צוויי מיטגלידער, דער „קאָמיסאַר" און נאָך איינער, וועלכע האָבן מיט זייער צעבראָכענעם יידיש נאָר פֿאַרשעמט דעם דראַמ.־קרייז.

ווען אין יאָר 1927 האָט א. קוטנער פֿאַרלאָזט פּולטוסק און אַוועק קיין אַמעריקע, האָבן אַלע אָן אויסנאַם חברים פֿון קרייז געהאַלטן, אַז טראָץ די טענות קעגן אים, דאַרף מען אים איינאָרדענען אַ געזעגונגס־באַנקעט. אויף דעם דאָזיקן אָוונט זענען געווען אַנוועזנדיק אַלע מיטגלידער פֿונעם קרייז, צייט זיין גרינדונג און אויך פֿאָרשטייער פֿון יידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין פּולטוסק, סיי אין דעם ערנסטן סיי אין דעם הומאָריסטישן טייל פֿון דער באַגעגעניש איז געקומען צום אויסדרוק דער גרויסער קולטורעלער באַשטייער פֿונעם דראַמאַטישן קרייז פֿאַר דער פּולטוסקער יידישער באַפֿעל־קערונג, די גרויסע פֿאַרדינסטן פֿון קוטנערן און די מסירות־דיקע אַרבעט פֿון אַלע חברים.

די פֿאַקטן און עפּיזאָדן, וואָס מיר האָבן באַשריבן, זענען נאָר אַ קליינער טייל פֿון דער טאָג־טעגלעכער טעטיקייט און קאַמף פֿונעם יידישן דראַמאַטישן קרייז אין פּולטוסק אינעם אַנטיסעמיטישן פּוילן. זיי זענען אָבער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם אייזערנעם ווילן פֿון אַ טייל פֿון דער שטאָטישער יידישער יוגנט צו ברענגען די יידישע קולטור און די יידישע ליטעראַ־טור אין זייער קינסטלערישן געשטאַלט פֿאַר די יידישע מאַסן.

פראדל קלאס־קאפלאוויטש

# דער פולטוסקער דראמ.־קרייז אין מיין צייט

פּולטוסק אַלס אַ הערלעך־שיינע שטאָט וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט פֿון אַלע אַנדערע שטעטלעך אַרום, מיט איר ציכטיקייט, האָט צוגעצויגן צו זיך מענטשן פֿון אַנדערע יידישע ישובים, און זיי זיינען געוואָרן פּולטוסקער תושבים.

ווען יידישע וואַנדער־טרופּעס האָבן דערשמעקט, אַז אין פּולטוסק געפֿינט זיך אַ שיין טעאַטער, אין קעגנזאַץ צו אַנדערע פּראָווינץ־שטעט, וווּ מ'פֿלעגט „שפּילן־טעאַטער" אין שייערן פֿון ברעטער מיט פּראָוויזאָריש־צונויפֿגעשטעלטע בינעס — האָבן זיי שוין אונדזער שטאָט נישט אָפּגעלאָזט. איז טאַקע צו אונדז איינמאָל אַריינגעפֿאַלן אַזאַ מין וואַנדער־טרופּע, וואָס אייניקע פֿון די אַרטיסטן, ווערנדיק פֿאַרכישופֿט פֿון דער שיינקייט פֿון אונדזער שטאָט, האָבן זיך טאַקע גלייך „מגייר" געווען און געוואָרן פּולטוסקער איינוווינער.

אַ פּולטוסקער תושב איז אויך געוואָרן דער באַקאַנטער אַרטיסט און רעזשיסער אברהם קוטנער (פֿון פּאַך אַ גוטער פֿריזירער), וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּולטוסקער מיידל.

דער נאָמען קוטנער איז אין יענער צייט געווען זייער שטאַרק פֿאַרבונדן מיט יידיש טעאַטער אין פּולטוסק.

איך דערמאָן זיך ווי איינמאָל אין אַ שבת נאָכן עסן איז זיך דאָס יונגוואַרג צוזאַמענגעקומען מיט קוטנערן און נאָך אַ געשפּרעך האָט מען אויפֿגעשטעלט אַ דראַמקרייז און מ'האָט אָנגעהויבן רעפּעטירן. מיך מיט מיין ברודער מאָטל האָט מען דעמאָלט נישט גערופֿן. דאָ האָבן געשפּילט נאָר עלטערע ווי מיין ברודער איטשע קלאַס (הי"ד), גאָלדע דאַמב א"א (איך בין דאַן אַלט געווען 17 יאָר). דורך אַן אויסערגעוויינלעכן



אַ גרופּע פון דראַמ.־קרייז מיט פּראַדל קאַפּלאַוויטש־קלאַס (אין דער מיט)

צופאַל האָט אונדז קוטנער אַריינגענומען אין דעם דראַמ.־קרייז, אַנטדעקנדיק אין מיר אַ סצענישן טאַלאַנט ווי אויך אין מיין ברודער מאָטל, און געשפּילט אין אַ פּיעסע וואָס איז שוין רעפּעטירט געווען איבער אַ חודש... פון דאַן אָן האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען אין דעם דראַמקרייז; איך און מיין ברודער מאָטל — מיט אַ באַזונדערן דערפאָלג. ס'האָט אויך מיט אונדז מיטגעאַרבעט אין יענער צייט פישער, זייער אַ גוטער אַקטיאָר. זיי ביידע, קוטנער און פישער, האָבן רעזשיסירט מיטן דראַמ.־קרייז.

די ספּעקטאַקלען זענען אַרויסגעקומען זייער געלונגענע. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרשעמען אפילו קעגן די פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן. אונדזער גאַנצער אַנסאַמבל איז דאַן געשטאַנען אויף אַ געהעריקן ניוואָ און פאַרמאָגט פיל טעאַטראַלע קרעפטן.

ווען איך שרייב וועגן טעאַטער, דאַרף איך דערמאָנען דעם דראַמקרייז, וועלכע האָט עקזיסטירט נאָך פריער, ווו מיין קוזין איטשע וואַרטאַווסקי איז געשטאַנען אין דער שפּיץ. אויך דאָרט האָט מיין ברודער איטשע מיטגעשפּילט. זיי האָבן געהאַט אַ רעזשיסער, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט מיט קלאַרא יאָנג. דער זעלבער רעזשיסער איז איינמאָל געקומען זען



אַ סצענע פון „אוריאל אקאסטא״

אונדזערס אַ פאָרשטעלונג. ער איז געווען באַגייסטערט און באַזונדער האָט איך ביי אים נושא חן געווען. ער האָט מיך פיל מאָל איינגעלאַדנט צו שפּילן אין זיינע פאָרשטעלונגען. איך האָב עס נישט שטענדיק געקאָנט נאָכקומען, כדי נישט צו שאָדן אונדזער דראַמקרייז. דער רעזשיסער האָט זיך ווייזט אויס געבייטיקט אין אַזאַ ראָליסטין ווי איך, וואָס איז געווען פּאַסיק פאַר זיינע פּיעסן. דער דראַמקרייז האָט זיך סוף־סוף אויפגעלייזט און פיל פון די מיטגלידער זענען איבער־געגאַנגען צו אונדז.

כ׳האָב געהאַט פאַרשידענע פאָרשלאָגן פון גרויס־שטאָ־טישע טעאַטאָרן און אַרטיסטן ווי „וואַרשעווער צענטראַל־טעאַטער”, יאָנאַס טורקאָוו א״א. איך האָב אָבער אין יענער „נאַיווער” צייט נישט געקאָנט אַליין באַשליסן אָן דער צו־שטימונג פון מיינע עלטערן. אַזוי אַרום בין איך נישט געוואָרן פּראָפעסיאָנעל׳ ווי מיין ברודער מאָטעלע.

איך דערמאָן זיך, ווען איך בין שוין געווען אַ מאַמע פון אַ קינד, האָט דער גימנאַזיע־דירעקטאָר ה׳ ליפּמאַן, נאָך דעם ווי ער האָט מיך געזען שפּילן אין „אוריאל אקוסטא”, איינ־געטענעט מיט מיינע עלטערן, זיי זאָלן מסכים זיין, איך זאָל שפּילן טעאַטער אין וואַרשע. זיי האָבן איינגעשטימט. איז דאָך גוט? דאַן איז ער מיט מיר געפאָרן און מיך עקזאַמינירט ביי דער באַרימטער „ווילנער טרופּע”, וואָס האָט דאַן געשפּילט אין וואַרשע. מ׳האָט מיך אַקצעפּטירט און באַשטימט פאַר מיר אַ ראָל. אינצווישן (איך וועל דעם עפּיזאָד קיינמאָל נישט פאַרגעסן) האָט מען געבראַכט מיין קינד אין דער פּאָסט, ער זאָל „כאַפּן” אַ טעלעפאָנישן שמועס מיט זיין מאַמען אין וואַרשע. זיינע איינציקע ווערטער זענען געווען: „מאַמע, קום גיכער, איך בענק נאָך דיר!” איך האָב, פאַרשטייט זיך, אַלץ געלאָזט שטיין אין מיטן און געקומען זען מיין קינד...

אויסער אין בעלגיע, וווּ איך האָב געוווינט 3 יאָר, האָב איך געשפּילט פּראָפעסיאָנעל. אין בוענאָס איירעס, וווּ איך וווין איצט, האָב איך נאָר אין אויסנאַמס־פאַלן מיטגעווירקט ביי די מאָריס שוואַרץ־אויפפירונגען, כאַפּנדיק אַ „דזשאַב”. דאַקעגן מיין ברודער מאָטל, וועלכער רעכנט זיך אַלס איינער פון די בעסטע שוישפּילער (אויך אַ גלענצנדיקער רעזשיסער און מחבר פון אַ סך פּיעסן), האָט געשפּילט אַלע יאָרן מיט באַרימטע אַרטיסטן, באַזונדער מיט מאָריס שוואַרץ.

אין מיין אַרטיקל פעלן אַ סך פּרטים וועגן פּולטוסקער יידישן טעאַטער און די געגרינדעטע דראַמקרייזן פון יענער צייט. אויך פעלן דאָ גענויע פּרטים וועגן די חברים מיט־שפּילער, מענער ווי פרויען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע טעאַטראַלע פעיִקייטן. איך גלויב, אַז דאָס וועלן טאָן די איבריקע חברים, וועלכע געדענקען יענע עפּאָכע גענויער ווי איך, און בעט דעריבער זייער אַנטשולדיקונג.

צום סוף וויל איך דאָ מיט טיפן יזכור־געפיל דערמאָנען: אונדזער יידישע שטאָט פּולטוסק, וואָס איז ממש געווען אַ גאָרטן־שטאָט (די געדיכטעביימער אַרום שטאָט זענען, ווי מען גיט איבער, געפלאַנצט געוואָרן לויט אַ באַפעל פון אַ רוסישן נאַטשאַלניק, וואָס האָט דאָרט געוווינט) און געווען אָן אויסנאַם מיט איר זויבערקייט פון אַלע אַנדערע שטעט; די גאַסן מיט די טראָטואַרן ווי אויסגעוואַשענע; די טייכן, וואָס האָבן זיך דורכשלענגלט דער שטאָט; דאָס גרינס בשפע; דעם פּרעכטיקן סאָסנאָווער וואַלד, וואָס האָט נישט איין קראַנקן זיינע לונגען געקרעפטיקט; מיט דער צייט האָבן אָנגעהויבן קומען דאָרט אַלץ מער מענטשן אויף דאַטשע; אַ שטויס דערצו האָט געגעבן מיין קוזין משה דאָמב (הי״ד), וואָס האָט געהאַנדלט מיט האָלץ אויף דייטשלאַנד; געלאָזט אויסבויען צענדליקער הייזקעס, וועלכע פלעגן אין די הייסע זומער־חדשים פאַרדונגען ווערן פאַר „ליעטניקעס”, וואָס פלעגן אַזש קומען פון וואַרשע; דעם נאַרעוו, וואָס האָט יעדן זומער געפאָדערט זיין קרבן, אַריינרעכנענדיק דעם איינציקן זון פון משה דאָמב און בעת דעם מערדערלעכן נאַצישן גירוש — אַריינגענומען אין זיינע תהומען אַ סך פּולטוסקער קדושים: דעם שיינעם שטאָט־טעאַטער מיט דער צוקערניע; דעם שטאָט־גאָרטן מיט די „ראַנדעוווּעס”; די שטילקייט פון אונדזער שטאָט, וואָס קיין באַן איז דאָרט נישט דורכגעפאָרן, האָט מען טאַקע ווייניק פרעמדע פּנימער געזען, אויסער אויף אַ יאַריד (דערנאָך, ווען איך בין אַוועק פון פּולטוסק, האָבן שוין אָנגעהויבן קורסירן אויטאָס, וועלכע פלעגן יעדע האַלבע שעה לויפן נאָך זשעגזשע צו דער באַן); יזכור אַלע יידישע אינסטי־טוציעס, פאַרטייען, שטאָטישע פירער און אַלע מקומות, וואָס זענען געווען פול מיט יידישקייטן; יזכור מיינע אומגעקומענע עלטערן, שוועסטער און ברידער מיט זייערע פאַמיליעס דורך די דייטשישע מערדער; די אַלע פּולטוסקער, וועלכע זענען פאַר דער צייט פאַרשניטן געוואָרן — זאָלן די דאָזיקע שורות זיין ווי אַ מצבה אויף זייערע אומבאַוווּסטע קברים און אויף די חורבות פון דער אָפּגעמעקטער יידישער שטאָט פּולטוסק!

## מאטל (מאקס) קלאס

# אויף דער בינע

### מיינע ערשטע טריט...

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1904 אין דעם בילדערישׂ מאַלערישן שטעטל פולטוסק, וואָס האָט געשמט מיט אירע וווּנדערלעכע נאַטור־שיינקייטן און וואָס איז אַזוי אָפט באַשריבן און באַזינגען געוואָרן פון שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן עס באַזוכט.

וועגן דעם לעבן פון דער שטאָט גופא, גלייב איך, האָט מען שוין זיכער פיל געשריבן און עס פאַראייביקט לזכר־עולם אין דעם דאָזיקן יזכור־בוך, אַזוי אַז עס בלייבט אַ ספק, צי עס איז נאָך דאָ וואָס צו צוגעבן, בפרט ווען איך בין גאַנץ יונג אַוועק פון דער היים און נישט באַוויזן איינצוזאַפּן אין זיך אַלע שטאָט־פּייזאַזשן. דעריבער וועל איך דאָ מאַכן אַ מין קפיצת־הדרך, אַזוי צו זאָגן, ביז צו דער דראַמ־סעקציע פון יענער צייט און טעאַטער־געשפּיל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער תוכן פון מיין לעבן.

די דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין פולטוסק, איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון די צוויי פּראָפעסאָרן פון דער יידישער גימנאַזיע: מיכליס און ליפּמאַן. זיי זענען געווען די טעאָרעטיקער פון דעם דראַמ.־קרייז.

אַלס פּראָפעסיאָנעלער רעזשיסער איז געווען טעטיק אברהם קוטנער, אַ פולטוסקער תושב.

ווען די דראַמאַטישע סעקציע האָט זיך געגרייט אויסצופירן דעם „תלמיד חכם” פון נ. ראַקאָוו, בין איך נאָך דעמאָלט געווען אַ שול־יינגל. אין דער דאָזיקער פּיעסע האָבן מיטגעשפּילט: מיין אומפאַרגעסלעכער ברודער איטשע, וועלכער איז אויף אַ ברוטאַלן אופן אומגעקומען דורך די נאַצישע בעסטיעס, און מיין שוועסטער פראַדל. אַלע ראָלן זענען געווען „באַזעצט” פון די דראַמ.־קרייז־מיטגלידער, נאָר איין ראָל פון צמח למדן האָט געפעלט. צענדליקער בחורים זענען דעמאָלט אויסגעפּרוּווט געוואָרן, נאָר ליידער האָט קיין איינער פון זיי נישט געקאָנט שפּילן די ראָל פונעם 80 יאָריקן מלמד.



**מאָטל קלאָס אויף דער בינע — אין פאַרשידענע ראָלן**

**פון רעכטס, אויבן:** „זעליג גנב” (אין תהילים־ייד); דער וואַסער טרעגער (אין דער חסידישער חתונה); „אַברעמל מאַרוויכער” (פון געבירטיג); יאָסעלע סאָלאָוויי דער שמש (מאָריס שוואַרצס אויפפירונג).

**פון רעכטס, אונטן:** אַ ראָל אין „איד־יאָט” (פון דאָסטאָיעווסקי); גראַף ראַדזימער (גראַף געצל, קלאָסעס אויפפירונג מיט נעלי קעסמאַן); „זאַנגוויל” (אין „ד״ר הערצל”, מאָריס שוואַרצס אויפפירונג); קלאָס אַלס נאַצי, געשפּילט מיט מאָריס שוואַרץ און אין זיין אויפפירונג.

ביי אונדז אין שטוב זענען פֿאָרגעקומען די פּראָבן. מ'האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו ברענגען אַ פּראָפֿעסיאָנעלן אַקטיאָר פֿון וואַרשע פֿאַר דער דאָזיקער ראָל. איך, קענענדיק די רעפּליק, האָב פֿאַר מײַנע שוועסטער — ווי אויף אַ שפּאַס — געוויזן, ווי אַזוי איך וואָלט געשפּילט די געשטאַלט פֿון צמחן. זיי זענען דערשטוינט געוואָרן ווען זיי האָבן געזען ווי אַזוי איך בין אַרײַן אין דער ראָל. מ'האָט גלײַך פֿאַרגעלייגט דעם רעזשיסער, ער זאָל מיר אויספּרוּוון. „סטייטש — האָט ער געטענהט — ער איז דאָך נאָך אַ יינגל". מען איז צו אים צוגעשטאַנען און ער האָט מיך אויסגעפּרוּווט. סײַ דער רעזשיסער און סײַ די לערערס פֿון דער גימנאַזיע זענען איבערראַשט געוואָרן און האָבן געזאָגט, אַז קיין בעסערע אינטערפּרעטאַציע פֿון דער ראָל, וועט מען אפֿילו צווישן פּראָפֿעסיאָנעלע שוישפּילער נישט געפֿינען. איך האָב די ראָל געשפּילט (אַלס זעלדע „מײַן פֿרוי" האָט דאַן געשפּילט באַשע וועסט; היינט אין ישראל). די רייטיק האָט געפּסקנט, אַז די ראָל פֿון צמח למדן איז אויף אַ פּראַכטפֿולן נאַטירלעכן אופֿן אויסגעפֿירט געוואָרן. צוליב מײַן יינגלשן פּנים האָט מען מיך, פֿאַרשטייט זיך, זייער שטאַרק גרימירט, און אַ סך האָבן מיך נישט דערקענט.

דאָס זענען געווען מײַנע ערשטע טריט אויף די ברעט־לעך פֿון דער בינע, וועלכע האַלטן מיך צוגעשמידט עד היום.

## ווען איך בין געוואָרן פּראָפֿעסיאָנעל...

אַלס פּראָפֿעסיאָנעלער אַקטיאָר האָב איך אָנגעהויבן אין בעלגיע, נאָך דעם ווי איך בין אַנטלאָפֿן פֿון דײַטשלאַנד, ווו איך האָב געלערנט גרים און אַלץ וואָס געהערט צום טעאַטער.

קומענדיק אין בעלגיע האָט מיך אַ דירעקטאָר מיטן נאָמען אַבראַמאָוו אָנגאַזשירט צו שפּילן מיט יוליוס אַדלער. איך האָב געציטערט ווי אַ פֿיש, מורא געהאַט צו שפּילן מיט אַזאַ וועלט־באַרימטן אַקטיאָר ווי עס איז דעמאָלט געווען יוליוס אַדלער.

TEATRO SOLEIL U. T. 79-2307
CORRIENTES 3150
EMPRESA: Stramer, Peltz, Feldbaum, Narepkin, Glasserman
Administración: Peltz - Narepkin
Dirección Literaria Artística: Samuel Glasserman

HOY בעל שם טוב HOY
BAL SCHEM TOV
Espectáculo en 2 actos y 22 cuadros de SCH. FREILEJ
Puesta en Escena MAX KLOSS
Música: H. KUMOK y S. TENOVSKY
Bailes: ISRAEL FELDBAUM

REPARTO
Bal Schem Tov — Salomón Stramer
Esther Hana, su esposa — Clara Stramer
Hodel, su hija — Esther Rappel
Iejiel, maestro — Israel Feldbaum
Belle, su esposa — Katia Plavina
Abraham, rabino — Zalmen Hirschfeld
Dobosch — Sascha Rosental
Mikita, pastor — Max Kloss
Dov - Ber — Isaac Lajman
Iankel — León Brest
Wolf Kitschis — David Kaplan
Gerschon — Zalmen Hirschfeld
Katherina — Ana Rappel
Leizer — Mauricio Peltz
Noson — Herman Kosorsky
Leia — Margot Steinberg
Jolodetsky — José Schein
Iadviga — Elsa Rabinovich
Witold — David Fischman
Elena — Ana Feldbaum
Dembovsky — L. Brestovitsky
Maier — Max Kloss

Director escena: José Liberson
Sastrería: Schneider
Utilería: Puig
Jefe maquinaria: Pedro Navone
Decorados: Hornos
Electricidad: Gabriel Martin
Peluquería: Gardé

PRECIOS DE LAS LOCALIDADES

Imprenta Heuman - Pasteur 353 - U. T. 47-7752

מאַקס קלאָס



היינט מאָנטיק
דעם 13טן אָקטאָבער, 21.30 אַווענט אין
Teatro EL NACIONAL
CORRIENTES 960
T. A. 35-0816
„אידיש טעאַטער"

מיר האָבן דעמאָלט געשפּילט אַ פּיעסע אונטערן נאָמען „איך האָב דיך געקויפט און באַצאָלט". איך האָב געשפּילט זייער אַ קאָמישע ראָל.

נאָך דער פאָרשטעלונג, האָט מיך יוליוס אַדלער צוגע־פירט צו דער ראַמפּע און פאַרן עולם געזאָגט: „דער בחור איז אַ טאַלאַנט און ווי איך וועל נאָר האָבן אַ טעאַטער, וועט ער זיין דער ערשטער אַנגאַזשירט".

און ווען מען האָט באַקומען דעם מלוכה־טעאַטער אין ריגע, בין איך טאַקע געווען איינער פון די אַנגאַזשירטע.

דער יידישער קאָנטראַקט, וואָס איך האָב דעמאָלט באַ־קומען פון ריגע, געפינט זיך היינט אין יִוואָ, אין בוענאָס איירעס (ס'איז כמעט דער איינציקער דאָקומענט, וואָס איז געבליבן פון דעם דעמאָלטיקן יידישן טעאַטער אין ריגע).

ווען איך זאָל וועלן אויסרעכענען, מיט וועמען און ווו איך האָב געשפּילט אין פאַרלויף פון מיין טעאַטראַלער טע־טיקייט, וואָלט עס צוגענומען צו פיל אָרט. איך וויל נאָר דאָ באַמערקן געוויסע נעמען פון יידישע וועלט־קינסטלער, מיט וועלכע איך האָב געהאַט דעם כבוד מיטצושפּילן ווי: אידאַ קאַמינסקאַ (אַלס פּאַרטנער), צילאַ אַדלער, זיגמונד טורקאָוו, לודוויג זאַץ, בן־עמי, יוסף בולאָף, סאַמועל גאָלדבערג, מישאַ פישזאָן, מאָריס שוואַרץ, מיכאל מיכאַלעסקאָ, שמעון פינקעל א"א. נישטאָ, דוכט זיך, קיין איין יידישער אַקטיאָר, מיט וועלכן איך זאָל נישט האָבן געשפּילט. כ'האָב גאַסטראָלירט אין צפון־אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך, דרום־אַמעריקע, ווי אויך אין צענטראַל־אַמעריקע, דייטשלאַנד, עסטרייך, בעל־גיע און אַנדערע.

איך האָב אויך אָנגעשריבן, מאָדערניזירט און גאַנץ ביי באַאַרבעט אייניקע פּיעסן, וועלכע זענען געשפּילט געוואָרן מיט גרויס סוקצעס, ווי: „דער גאָסן־הענדלער", „שלמהקע שאַרלאַטאַן" (פון מיר רעזשיסירט), „קבצנים זוכן גליקן" — געשריבן פאַר העברי גערא און מאַקס פּערלמאַן; רעוויעס: „די פריילעכע וואַנדערער" און „אַ נאַכט אין פּאַריז"; באַאַר־בעט און אויפגעפירט „דאָס רעדעלע פון מזל" — פאַר העברי גערא און „דער זינגענדיקער מילנער" און פיל אַנדערע פּיעסן, געשפּילט מיט די באַאַבטסטע אַרטיסטן. מיינע גרעסטע אויפ־פירונגען זענען געווען: „דאָס לעבן פון בעל־שם" פון ש. פריילעך; „הונדערט יאָר יידיש טעאַטער" פון צוקער מיטן אָנטייל פון 60 אַקטיאָרן; „דעם נאַציס יידישע טאָכטער" פון ד"ר קאַף; „אין גאָלדענעם לאַנד" פון ד"ר ערלעך; „דאָרפס־יונג" און „צוריק צו זיין פאָלק" פון קאָברין; „שווער צו זיין אַ ייד" פון שלום־עליכם; און נאָך אַ ריי פּיעסן, מעלאָדראַ־מעס, קאָמעדיעס און אָפּערעטעס, אין וועלכע איך האָב גענו־מען גאָר אַן אַנזעענדיקן אָנטייל.

עס געפינען זיך אין מיין רשות זייער פיל רעצענזיעס און לויב־אָפּרופן פון יידישע קריטיקער און אויך קריסטלעכע, אין וועלכע עס ווערן גאַנץ פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט מיינע טעאַט־ראַלע אויפטרעטונגען אין משך פון די יאָרן. אָבער מיין גרעסטער שטאָלץ איז, וואָס ביז צו היינטיקן טאָג איז מיין באַציִונג צום טעאַטער אַ רעספּעקטפולע, אַ בכל־רמ"ח־איברימדיקע און איז געבליבן דער עיקר־יסוד פון מיין לעבן.

אליהו בולמאן

# אברהם קוטנער *

אין סעפּט. 1958־טן יאָר איז אין אַמעריקע געשטאָרבן דער לאַנג־יאָריקער אַקטיאָר און רעזשיסער פון פּולטוסקער יידישן דראַמאַטישן קרייז, אברהם קוטנער.

אברהם קוטנער איז געקומען קיין פּולטוסק אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אַ שווערער צייט פון מגיפות, הונגער און נויט. און דאָך איז אים געלונגען צונויפ־זאַמלען אַרום זיך אַ גרופּע ליבהאָבער פון טעאַטער און פון דער יידישער קולטור און גרינדן די יידישע דראַמאַטישע סעקציע אין פּולטוסק. אין דער צייט ווען יידיש טעאַטער איז געווען טריף־פּסול און צו זיין אַן „אַקטיאָרשטשיק" איז ביי יידן געווען אַ „פלעק אין דער משפּחה", איז דאָס אָנשטיין

* זיין בילד זע אין דער אַלגעמיינער פאָטאָגראַפיע פונעם פּולטוסקער דראַמ־קרייז; פערטער פון רעכטס, אויבערשטע ריי, ז. 344.

פונעם דראַמאַטישן קרייז אין פּולטוסק געווען דער קולמינאַציע פּונקט פונעם קאַמף פון דער פאָרגעשריטענער געזעלשאַפט אין שטאָט פאַר אַ פרייער וועלטלעכער קולטור.

אברהם קוטנער האָט נישט פאַרמאָגט קיין מיטעלע בילדונג און נישט געהאַט קיין טעאַטער־אויסשולונג, ער האָט אָבער געהאַט אַ היפּש ביסל טעאַטער־פּראַקטיק פון אַרומשלעפּן זיך מיט וואַנדערנדיקע טעאַטער־טרופּעס און געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דעם קינסטלערישן וואָרט. די רדיפות און שיקאַנעס פון די הערשנדיקע שטאָט־פּרנסים, און אויך פון זיין אייגענער משפחה — האָבן מיט גאָר נישט געמינערט זיין התלהבות און נישט אויסגעלאָשן דאָס פייער צו דער בינע, וואָס האָט אין אים געפלאַקערט.

קוטנערן האָט נישט אינטערעסירט דער יחוס אָדער דער בילדונגס־צענז פון בחור אָדער מיידל, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער דראַמאַטישער סעקציע (ווי די דראַמ־קרייזן האָבן זיך גערופן). ווער נאָר עס האָט אַרויסגעוויזן אַ געוויסע מאָס פון טאַלאַנט, איז דורך אים געוואָרן אָנגענומען. זיין אויסקלייב איז בדרך כלל געווען אַ געלונגענער און אויף אַזאַ אופן זענען אין דעם דראַמ־קרייז געווען פאַרטרעטן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

די דראַמאַטישע סעקציע, וואָס אַ דאַנק דעם רעזשי פון קוטנערן האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אין שטאָט, האָט מיט אירע הכנסות געדינט אַלע יידישע אינסטיטוציעס פון פּולטוסק. א. קוטנער האָט זיך געטיילט מיט די מיטשפּילער מיט זיין טעאַטער־דערפאַרונג און אויך געהאַט דעם מוט זיך צו לערנען פון אַנדערע.

דער דראַמאַטישער קרייז אין פּולטוסק האָט געשטעלט פּיעסן פון אַ קינסטלערישן ווערט. קוטנער האָט מיט אַ גרופּע אַקטיוויסטן אַנטקעגנגעשטעלט זיך דעם שונד־רעפּערטואַר און אַנטוויקלט ביים עולם דעם סובטילן געשמאַק און פאַרשטענדעניש פאַר אַן אויפפירונג פון אַ הויכן קולטורעלן און ליטעראַרישן ניוואָ. ביז היינט שטייען פאַר מיינע אויגן די געשטאַלטן, וואָס ער האָט פאַרקערפּערט אויף דער בינע, ווי: יאַנקל בוילע אין קאָברינס „דאָרפס־יונג", האַרפּאַגאָן אין מאָליערס „דער קאַרגער", „דער ווילדער מענטש" פון גאָרדין, מישקע ציגאַנאָק אין אַנדרעיעווס „די זיבן געהאָנגענע", מאָטקע אין אַשס „מאָטקע גנב", דער כראַביע דאָמבראָווסקי אין אַשס „די יורשים" און פיל אַנדערע. אין די דאָזיקע ראָלן, אין וועלכע עס האָט זיך אַנטפּלעקט זיין אורשפּרינגלעכער טאַלאַנט, זענען געקומען צום אויסדרוק דער ווייטאָג און קאַמף פונעם באַליידיקטן מענטש.

ער האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי, אָבער ווי אַ קינד פון פאָלק האָט ער סימפּאַטיזירט מיט די אַרבעטער־און פאָלקס־מאַסן און זייער אָנערקענונג אָדער קריטיק פאַר זיינע אויפפירונגען איז געווען פאַר אים די מאָסגעבנדיקע און דעצידירנדיקע.

גלייכצייטיק מיט זיינע שטרענגע פאָדערונגען בעת זיין איינשטעלן און רעזשיסירן אַ פּיעסע, האָט ער אונדז אויך מהנה געווען מיט זיין געזונטן און שפּרודלדיקן הומאָר. נישט איינמאָל זענען מיר געוואָרן דערמונטערט אין אַ רגע פון יאוש — פון אַ טעאַטער־קוריאָז, וואָס ער האָט מיט הומאָר דערציילט אָדער פון זיינע פאָלקס־ווערטלעך.

דער דרך־ארץ, וואָס ער האָט געהאַט צו די וועלכע זענען געשטאַנען העכער פון אים אין וויסן און בילדונג, איז געקומען אַמבולטסטן צום אויסדרוק בעת דעם געזעגנונגס־באַנקעט, וואָס מען האָט איינגעאָרדנט אין יאָר 1930 צו זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע און אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען, אויסער די מיטגלידער פונעם דראַמאַטישן קרייז, אַלע עסקנים פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אין די אָפּשאַצונגען פון זיין טעטיקייט האָבן זיך די רעדנערס אָפּגעשטעלט נישט נאָר אויף די פּאָזיטיווע שטריכן פון זיין כאַראַקטער און טעטיקייט און אויף זיינע פאַרדינסטן אויפן פעלד פון דער פּולטוסקער יידישער בינע, נאָר אויך פאַרמאָסטן זיך אָפּצושאַצן אָביעקטיוו זיינע מעטאָדן פון רעזשי און ראָלן פאַרטיילונג (וועלכע זענען leider נישט געווען אינגאַנצן אָן פּערזענלעכע פּניות). אברהם קוטנער האָט געענטפערט זייער חבריש. זיין געזעגנונגס־רעדע איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט טעאַטער־ציטאַטן און זי האָט געמאַכט אַ ביז־גאָר גוטן רושם אויף אַלע אָנוועזנדיקע.

פאַר דער יידישער יוגנט און פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט אין שטאָט איז אברהם קוטנער געווען איינער פון די פּיאָנערן, וועלכע האָבן געבראַכט דאָס יידישע טעאַטער צו די ברייטע מאַסן. זיינע תלמידים און מיטאַרבעטער, וועלן טריי היטן דעם זכר און אָנדענק פון זייער לערער און וועג־ווייזער, דעם פריינד און חבר פון זייערע יוגנט־יאָרן.

# * עפּיזאָדן און פּאַסירונגען *

מרדכי זילבערמאַן (מיעטעק)

## דער באַזוך פון גענעראַל ווייגאַן אין דער פולטוסקער שול

אין יוני 1920־סטן יאָר האָט דאָס פוילישע מיליטער אָפּגעשטויסן די רויטע אַרמיי פון הינטער וואַרשע און דערמיט געראַטעוועט די ניי אַנטשטאַנענע פוילישע מלוכה פון אַ סאָוויעטישן רעזשים. צו הילף דער פוילישער רעגירונג און דעם פוילישן מיליטער האָט די דעמאָלטדיקע פראַנצויזישע רעגירונג געשיקט אַ ספּעציעלן שטאַב פון העכערע אָפיצירן בראש מיטן באַרימטן גענעראַל מאַקסים ווייגאַן *.

נאָכן אָפּגעהאַלטענעם זיג, האָבן די פראַנצויזן געטענהט, אַז דעם נצחון פון די פּאָליאַקן איז צו פאַרדאַנקען דעם גענעראַל ווייגאַן. די פּאָליאַקן האָבן אָבער געטענהט, אַז נאָר זיי אַליין, זייערע פּלענער, סטראַטעגיע, טאַקטיק און כוח פון גאַנצן פאָלק האָבן גורם געווען צום רומפולן נצחון. דאָס אָפּשטויסן פון די באָלשעוויקן פון די טויערן פון וואַרשע, דער „נס ביי דער ווייסל" — האָט געראַטעוועט נישט נאָר פוילן נאָר אויך גאַנץ אייראָפּע.

אָבער טראָץ דעם „פּרעסטיזש קאָנפליקט", איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן די דורותדיקע פריינדשאַפט צווישן פוילן און פראַנקרייך און גענעראַל ווייגאַן האָט וויזיטירט אַ גאַנצע רייע פוילישע שטעט און בעיקר כמעט אַלע מיליטערישע פּאַרמאַציעס.

אין די טעג פון שבועות יאָר 1920 האָט ווייגאַן אָפּגעשטאַט אַ באַזוך דער שטאָט פולטוסק און בראש דעם 13־טן פּולק.

צווישן די ערטער אין פולטוסק, וואָס ווייגאַן האָט געדאַרפט באַזוכן, איז אויך געווען די פולטוסקער שטאָט־שול בשעתן יום־טובדיקן דאַווענען.

די ידיעה איז אויפגענומען געוואָרן דורך די מתפללים מיט אַ ספקדיק געפיל. אָבער וואָס זאָל מען טון, קיין אַנדער פּאַסנדיקער טאָג איז נישט געווען.

נאַטירלעך, אַז די שול איז נאָך מער ווי אין יעדן שבועות, אויסגעפּוצט געוואָרן אין גרינס, ביימער און בלומען, מיט אַן אויסגעלייגטן דיוואַן פון די אַריינגאַנגס־טרעפּ ביז אויפן באַלעמער אַרויף, ווו ס'זענען געוואָרן אויסגעשטעלט פּאָטעלן פאַר ווייגאַנדן און זיין סוויטע און פאַר הויכע פוילישע מיליטער־לייט.

געפירט די געסט האָט דער פולקאָווניק פון 13־טן פולק פיאַלקאָווסקי מיט זיין שטאַב.

בראש פון דער יידישער קהילה איז געשטאַנען ביי דער אויפנאַמע דער פולטוסקער רב ר' חיים משולם אָטערמאַן הכהן ז"ל, אַ פאָרטגעשריטענער מענטש, מיט אַ מילדן כאַראַקטער, מחבר פון אייניקע ספרים.

וויסנדיק אַז איך באַהערש די פראַנצויזישע שפּראַך, האָט זיך דער רב געוואָנדן צו מיר אַז איך זאָל איבערזעצן זיין רעדע און דערקלערן ווייגאַנדן וועגן דער שול, וועגן דעם יום־טוב שבועות, דעם מהות פונעם יום־טובדיקן דאַווענען, וועגן די מנהגים פון יום־טוב א"א.

איך האָב דאַן געדינט אין 13־טן פּאָלק אין אונדזער שטאָט, אָבער צוליבן יום־טוב בין איך געווען אויף אורלויב און דערשינען אין שול צו דעם „צערעמאָניאַלן דאַווענען" ביי דער זייט פון רב, מיליטעריש געקליידעט, מיט אַ קליין טלית'ל אויף די אַקסלען.

די שול איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענער, פרויען (אין דער ווייבער־שול) און קינדער.

ווען די געסט זענען אָנגעקומען, איז דער געדראַנג געוואָרן אומגעהויער.

---

* גענעראַל מאַקסים ווייגאַן (ווייגאַנד) איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914—1918) געווען שעף פון פראַנצויזישן גענעראַל שטאַב. וועגן אים דערציילט מען, אַז דער באַרימטער מאַרשאַל פאָש האָט געזאָגט, אַז „ווען פראַנקרייך וועט אַמאָל זיין אין געפאַר, זאָל מען בראש שטעלן גענעראַל ווייגאַן". בעת דער צווייטער וועלט מלחמה (1939—1945), נאָך פראַנקרייכס אונטערגעבן זיך צו היטלערן, האָט זיך ווייגאַן געשטעלט אויף דער זייט פון ווישי (מאַרשאַל פּעטען). שפּעטער האָבן אים די דייטשן אינטערנירט ביזן סוף פון דער מלחמה. נאָך דער מלחמה האָט אים דאָס פראַנצויזישע געריכט רעהאַביליטירט. דאָך האָבן נישט אויפגעהערט די חלוקי דעות, צי ער איז געווען אַ פּאַטריאָט צי אַ פאַרעטער. ער איז געשטאָרבן דעם 1964.7.2 אין עלטער פון 98 יאָר. איבער 30 יאָר געווען מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע. געשריבן היסטאָרישע אַרבעטן.

דער רב, אייניקע בעלי־בתים און איך האָבן אָפּגעוואָרט די געסט אויף די טרעפּ פון דער שול.

אַזאַ מין אויפנאַמע האָבן נישט געדענקט פולטוסקער יידן. נאַטירלעך, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון דערלאַנגען הענט — און פון דער ערשטער מינוט אָן, בין איך געווען ביי דער זייט פון גענעראַל ווייגאַן.

צום ערשטן איז דער סדר געווען אַזוי, אַז ווייגאַן איז געגאַנגען אין מיטן און ביי די זייטן דער רב און איך. אָבער אַזוי ווי דער גערויש איז געווען אַ שטאַרקער (אויך מיין פראַנצויזיש איז ווייזט אויס נישט געווען פון די בעסטע) און איך האָב געדאַרפט איבערזעצן דעם רבס רייד פון יידיש און העברעיש אויף פראַנצויזיש, האָט מיך ווייגאַן אַריינ־געלאָזט אין דערמיט, צווישן אים און דעם רב און אַזוי האָט מיר דער רב אַריינגערעדט אין איין אויער און איך האָב די ווערטער איבערגעגעבן אויף פראַנצויזיש אין ווייגאַנס אויער...

זיכער האָט ווייגאַן געהערט אין לעבן אַ בעסערן פראַנ־צויזיש, סוף־סוף, האָב איך געדאַרפט איבערזעצן דעם רבס רייד, וועלכע זענען געווען פול מיט אויסדריקן, וואָס איך האָב זיי קיינמאָל נישט געלערנט אין פראַנצויזיש. דער רב האָט גערעט נישט פון קיין געשריבענעם טעקסט, אַזוי, אַז איך האָב נישט געהאַט אפילו די מעגלעכקייט פון אַן עווענטועלן צוגרייטן זיך פון פריער.

בעסער איז שוין געווען אויפן בעלעמער, בעת די געסט זענען געזעסן אין די פּאָטעלן בעת די תפילות און איך האָב אַ חוץ די איבערזעצונג פון רבס רייד אויך געענטפערט אויף ווייגאַנס פראַגן און אויך אַליין געגעבן אייגענע דערקלערונגען.

מחמת העפלעכקייט, האָב איך אויך פאַר די פּוילישע אָפּי־צירן געגעבן אַ פּוילישע איבערזעצונג, וועלכע איז נאַטירלעך געגאַנגען ווי אַ מזמור.

פריער האָט מען ווייגאַנדן אויך אויפגענומען אין קאַטוי־לישן קאָשטשיאָל (דאָרט האָט מען אויף זיכער גערעדט אַ בעסערן פראַנצויזיש). אָבער די קירך (להבדיל) האָט נישט געקענט פאַרטרעטן די עקזאָטיק פון דער יידישער שול מיט אירע דאַווענערס, טיפּן און מנהגים, ווי דאָס שאָקלען זיך, די העויות, דאָס איבערדעקן זיך מיט די טליתים איבער די קעפּ אא״וו. יידן האָבן זיך אויף אַ האָר נישט איבערגענומען מיט דער אָנוועזנקייט פון „עפּעס״ אַ גענעראַל...

אָן ספק, אַז די שול האָט אויף די קריסטלעכע געסט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק און איז לענגער פאַרבליבן אין זייער זכרון ווי דער קאַטוילישער קאָשטשיאָל, וועמענס אַטמאָספער זיי האָבן איינגעזאַפּט פון דער קינדהייט. דער שיין געשניצטער ארון־קודש מיט לייבן און הירשן, אין פאַרבן פון זילבער און גאָלד; די קאָלירטע וויטראַזשן אין די פענצ־טערס; די אָריענטאַלישע תפילות־ניגונים פונעם חזן — האָבן געצויגן די נייגעריקייט פונעם פראַנצויזישן גענעראַל. אַלץ איז פאַר אים געווען אָריגינעל, ממש פאַרכאַפּנדיק און ער איז געבליבן זיצן אין שול לענגער ווי עס איז געווען פאָרויס־געזען.

ער האָט זיך וועגן פיל זאַכן אויסגעפרעגט און איך האָב זיך באַמיט אויף אַלעם צו ענטפערן קורץ און ווי־ווייט מעגלעך פאַרשטענדלעך און וואָס כהאָב נישט געקענט איבערזעצן אָדער אויפקלערן, האָב איך געענטפערט אַז דאָס איז מיר אוממעגלעך איבערצוגעבן אויף פראַנצויזיש.

בשעתן דאַווענען האָב איך פאַרשטאַנען אַז עס האָט נישט קיין זין, אַז ווייגאַן זאָל זיך כסדר איינהערן אין די מאָנאָטאָנע טענער פון די תפילות. האָב איך אים שטילער־הייט איינגערוימט אין אויער מעשיות וועגן יידישן פולטוסק און וועגן דעם אַז דער נאָמען פון דער שטאָט איז אויסגע־קריצט אויפן „אַרק דע טריאָמף (נצחון־טויער) אין פּאַריז, און צווישן אנדערע אויך דעם פּיקאַנטן היסטאָרישן פּאַל.

ווען אין יאָר 1806 האָט זיך נאַפּאָלעאָן אין זיין מאַרש אויף רוסלאַנד אָפּגעשטעלט אויף זעקס טעג אין פולטוסקער שלאָס (דעם 28־טן דעצעמבער 1806), האָט ער צוגענומען אַלס דאָלמעטשערין אַ יונגע יידישע פרוי פון פולטוסק מיטן נאָמען שטערן, וועלכע האָט געקענט יידיש, פּויליש, רוסיש און פראַנצויזיש, בכדי זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער אָרטי־קער באַפעלקערונג און זי האָט אים באַגלייט אין זיין ווייטער־דיקן וועג איבער די דערָאָבערטע שטחים. איך קען פערזענ־לעך איר אוראייניקל — האָב איך פאַרגעזעצט מיין דערציילן — וועלכער וווינט איצט אין באָסטאָן אין אַמעריקע און זיין נאָמען איז דיואי סטאַון, אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט, אַ מיל־יאָנער און אַ פילאַנטראָפּ. זיין טאַטע איז אין פולטוסק געווען אַ שניידער און נאָך היינט איז ער אַ שניידער אין אַמעריקע. נאַטירלעך, אַז די סטאַונס זענען שטאָלץ מיט זייער רומפולער באָבע און עלטערבאָבע.

ווען דער באַזוך פון גענעראַל ווייגאַן אין שול האָט זיך געענדיקט און ער האָט זיך געזעגנט מיט די פאַרשטייער פון דער יידישער קהילה האָט ער מיר לאַנג לאַנג געדריקט די האַנט...

אַ לאַנגע צייט האָט די שטאָט און בעיקר דאָס „מיליטע־רישע פולטוסק״ זיך נישט געקענט איינשטילן מיט ווייגאַנדס וויזיט און אויך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען נישט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן דעם באַזוך פונעם פראַנצויזישן גענעראַל אין דער פולטוסקער שול.

## דער לאַנגער „רוף“ פון דער גרויער קו...

יאָר 1920.

אין דער אַרענדע גאַלאַנדקאָווע (לעבן פּולטוסק) קומט היינט פאַר אַזוינס, וואָס איז נישט ווי נעכטן אָדער אייערנעכטן.

עס איז די צייט פון אַנטיסעמיטיזם, וועלכער ווילדעוועט אויף דער ערד פונעם נאָר וואָס באַפרייטן פּוילן.

דער פּריץ כראַניעוויטש האָט באַפוילן צו שיקן נאָכן איינציקן ייד אין דאָרף, בערל דעם פּאַכטער, און אים בפירוש מודיע געווען: היות ווי אויף אַ קאָנפערענץ פון די פּריצים איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוזאָגן אַלע יידן פון די דערפער, ווייל די יידן זענען אומעטום אַרויס מיט זייערע ספר־תורות און מקבל פנים געווען די פּוילישע שונאים אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, בכן, איז ער, בערל, אַלס ייד, אויך אין כלל פון די.

— פאַניע בערקו — האָט דער פּריץ געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אַז צווישן אונדז איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין „יאָ“ און קיין „ניין“. אין משך פון 15 יאָר האָסטו מיך ערלעך און געטריי געדינט. אָבער איך קאָן מיך נישט קעגנשטעלן דעם דאָזיקן באַשלוס.

אין בערלס אויגן האָבן געפינקלט טרערן און אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן האָט ער פאַרלאָזט דעם פּריצס הויז. ער איז געגאַנגען אָנזאָגן די „גוטע בשורה“ זיין ווייב, פייגע.

נאָך אין דעם זעלבן טאָג איז אָנגעקומען אשר יאַרניצקי פון הויף מיידאַנעס מיט דער זעלבער בשורה און פון נאָך אַנדערע הייפן איז דער זעלבער קלאַנג דערגאַנגען.

גלייך צו מאָרגנס, האָט שוין בערל דער פּאַכטער זיך דערטראָגן קיין פּולטוסק, אַריין צום דאָרטיקן רב און אים דערציילט פון דער גזירה, אויף וועלכער דער רב האָט געעטנפערט אַז דאָס איז מן השמים.

אין אַ העלן פרימאָרגן האָט בערל דער פּאַכטער צונויפגעקליבן דאָס ביסל בעטגעוואַנט און נאָך אַנדערע שטוב־זאַכן און גענומען זיך גרייטן צו דער „נסיעה“.

אַ סך פּויערים פון דאָרף האָבן זיך פאַרזאַמלט פאַר זיין שטוב.

בערל דער פּאַכטער — דאָס איז געווען מיין פאָטער און איך בין נאָך דאַן אַ קינד געווען.

איך דערמאָן זיך, ווי צווישן דעם פאַרמעגן, וואָס האָט זיך „געקליבן“ אין וועג אַריין האָב איך דערקענט אונדזערע 5 קי און די צוויי לאַנגע וועגענער, אין וועלכע מ'האָט געפירט דעם שטרוי — זענען שוין געווען רייזע־גרייט. די הויכע גויע, אונדזערע אַ נאָענטע שכנה, האָט מיך גענומען אויף די הענט און לאַנג געקושט.

ווען מיר האָבן זיך גערירט פון דאָרף האָט פּלוצעם איינע פון אונדזערע קי, אַ גרויע, אַ לאַנג־צעצויגענעם מו־געטאָן ווי זי וואָלט עמעצן גערופן אָדער זיך געזעגנט מיטן דאָרף.

היינט טראַכט איך: דער לאַנגער „רוף“ פון דער גרויער קו, — ווי ער וואָלט דאַן באַצייכנט דעם סוף פון אונדזער דאָרפיש לעבן און דעם אָנהייב פון אַ נייער פאַר אונדז שטאָטישער תקופה.

אַזוי זענען מיר דאַן אָנגעקומען אין פּולטוסק.

יצחק אייזנקייט

## א פרייטיק־צו־נאַכטס אין דער „פועלי ציון“...

געווען איז דאָס אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1926 יאָר אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק צו נאַכט. דער זייער פּרעכטיקער לאָקאַל פון דער „פועלי ציון“ איז געווען געפּאַקט מיט חברים און סימפּאַטיקער; ס'רוב יוגנטלעכע. ס'איז פאָרגעקומען אַ געוויינלעכער „קעסטל אָוונט“. חברים, וועלכע האָבן זיך פאַרשפּעטיקט האָבן דערציילט, אַז אַ גרעסערע צאָל גערער חסי־

דים שטייען נעבן דעם טויער פון זייער שטיבל וואָס גרענעצט זיך מיט אונדזער לאָקאַל און רעדן היציק, וועגן די יונגע און מיידן, וואָס פאַרברענגען צוזאַמען. היציקערע פון זיי שרייען, אַז מען דאַרף אַרויפגיין און מאַכן זיי שוואַרץ שבת...

שוין אַ לענגערע צייט ווי ס'טוט זיך חושך. אין גערער שטיבל וואָס אין זיין שכנות האָבן זיך אַריינגעקליבן די

„שקצים" און „שיקסעס" פון דער פּועלי ציון. אַ גאַנצע וואָך האָבן די חסידים קיין צייט נישט. האָבן זיי, ווייזט אויס באַשלאָסן אַז פרייטיק צו נאַכט נאָך דער סעודה איז די פּאַסיקסטע צייט צו מאַכן מיט אונדז אַ חשבון.

דעם דערמאָנטן פרייטיק צו נאַכט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ צוויי צענדליק חסידים, כדי זיך אַריינצורייסן מיט כוח אין דעם לאָקאַל און פונאַנדערטרייבן די „אויסגעלאַסענע" חברה.

ווען מיר האָבן באַקומען די ידיעה פון די פאַרשפּעטיקטע חברים, האָבן מיר אַוועקגעשטעלט אַ וואַך ביי דער טיר און רויק פאָרגעזעצט אונדזער אָוונט. אין דער טיר האָט זיך פּלוצעם באַוויזן דער שטאָט־באַקאַנטער אברהם זשעלינסקי, וועלכער האָט געוווינט נישט ווייט, און ווען ער האָט דערזען די גרויסע צאָל „גערער", האָט ער זיי געפרעגט וואָס ס'איז געשען. האָט ער זיי דערקלערט, אַז ווען זיי וועלן אַלע זיך אַריינרייסן צו אונדז, קען ח"ו קומען צו בלוט פאַרגיסונג. „איך אַליין שטעל איין מיין לעבן און גיי אַרויף זען וואָס זיי טוען, דערנאָך וועלן מיר באַשליסן — האָט ער אַ זאָג געטאָן — און אַרויף צו אונדז אויף „קידוש השם"... דערזעענדיק אים, האָבן מיר זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און פאָרגעזעצט דעם אָוונט. די אָרדנערס האָבן אים געגעבן אַ פּלאַץ. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די פראַגן און ענטפערס. זיך גוט איינגעקוקט אין דעם בערך 200 קעפּיקן עולם, וועלכער איז געזעסן און מיט שפּאַנונג אויסגעהערט די ענטפערס פון די רעדנער.

נאָך אַ צייט האָט ער געזאָגט אַ „גוטן שבת" און אַוועק. ער האָט אָנגעשריגן אויף די חסידים: — ווי וואַגט איר צו מאַכן בלבולים פון אויסגעלאַסנקייט אויף יידישע קינדער? דאָס איז דאָך די שענסטע יוגנט, וואָס כ'האָב ביז איצט געזען, אַ יוגנט וואָס אינטערעסירט זיך מיט יידישע פראַגן. ווי שעמט איר זיך נישט אויף זיי אָנצופאַלן? גייט בעסער טרייבט פונאַנדער די, וואָס זיצן און שפּילן אין קאָרטן אין די קנייפּיעס!..."

אברהמל זשעלינסקי איז געווען איינער פון די באַרימסטע שוסטער־מייסטער און אַ בעל־הבית פון אַן אייגן הויז*

יאָרן־לאַנג איז ער געווען אַ דאָזאָר אין דער קהילה, ווו ער האָט געקעמפט פאַר די גערעכטע פאָדערונגען פון די יידישע האַנטווערקער.

אין יאָר 1936, ווען מיר האָבן ביי קיין שום בעל־הבית נישט געקאָנט דינגען אַ לאָקאַל פאַר דער אַזוי שטאַרק געראָדפטער „באָראָכאָוו"־ביבליאָטעק, האָט אונדז אברהם זשעלינסקי אָפּגעגעבן אַ דירה אין זיין הויז. ביי אים איז געווען דער לעצטער זיץ־אָרט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע ביזן מלחמה אויסברוך און פאַרניכטונג.

ש. בלענקיטני

* זע: אברעמל זשעלינסקי „טיפּן פון פאָלקס־מענטשן", ז' 367.



## שנאת ישראל און איר שכר...
### (אַ זעלטענע פּאַסירונג)

די שטאָט פּולטוסק האָט זיך פאַררעכנט פון דור־דורות פאַר איינע פון די אַנטיסעמיטישע שטעט אין וואַרשעווער וואָיעוואָדסטוואָ. ביזן אָנהייב פון 19־טן י"ה האָבן דאָ קיין יידן נישט געטאָרט וווינען, צוליב דעם פאַרווער פון די דעמאָלט אַלמעכטיקע גלחים — די האַרן פון שטאָט.

טראָץ דעם וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט געצויגן פּרנסה על פּי רוב פון די גויים, איז דאָס נישט געווען פון דעם קריסטלעכן שטאָטישן עלעמענט, נאָר פון די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, ווי: אָבריטע, פּסאַרעס, ווילקע, קלעשעווע, זאַמסק, וויניצע א"א, וועלכע זענען געקומען מיט זייערע געשפּאַנען צוויי מאָל אין וואָך, דינסטיק און פרייטאַג, אין שטאָט אַריין פאַרקויפן אין די מאַרק־טעג זייער דאָרפישער פּראָדוקציע. די פּויערים, איינפאַכע און פּשוטע אַרבעטסמענטשן, האָבן געהאַט צוטרוי צו די יידן, וועלכע האָבן זייער פּראָדוקציע אויפגעקויפט, ווער צום אייגענעם געברויך און ווער צום האַנדל. יעדער פּויער האָט זיך געהאַט „זיין מאָשעק", וועלכן ער האָט געגלייבט אַז ער וועט אים נישט אָפּנאַרן ביי די אַרטיקלען, וואָס ער האָט איינגעקויפט פאַר זיין דאָרפישער ווירטשאַפט, אָדער פאַר זיין שטוב־געברויך. כדאי צו באַמערקן וועגן דעם ענגן קשר וואָס איז שטענדיק געווען צווישן פּויער און דעם יידישן סוחר, אַז האַרט פאַרן 2־טן וועלט־קריג, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך גאָר פאַרשטאַרקט און די

לאָזונג פון: „סוואַי דאַ סוועגאַ“ האָט אָנגענומען די האַרבסטע פאַרעם: קויפן ביי אַ יידן איז ממש געווען פאַרבונדן מיט סכנה — איז טראָץ דעם, וואָס די שטאַטישע אַנטיסעמיטן, איבערהויפּט די שטודירנדיקע יוגנט, האָבן אַוועקגעשטעלט פּיקעטן ביי די יידישע געשעפטן און יעדן קריסט וואָס האָט געוואָגט עובר צו זיין אויפן: „ניע קופּוי או זשידאַ“ — גוט „מכבד“ געווען, דאָך פלעגן זיך די פּויערטעס אַריינגנבענען דורך די הינטער־טירן און נישט מוותר געווען אויף די יידישע סוחרים.

איך וויל דאָ, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערציילן פון אַן אַנטיסעמיטישן פאַל, אַ זעלטענעם, וואָס איז טאַקע פאַר־לאָפן אין יענער צייט פון פאַרן צווייטן וועלט־קריג מיט אונדזערן אַן אַנטיסעמיטישן לאָקאַטאָר.

מיר האָבן געוווינט אויפן נאָווי־רינעק (חזיר־מאַרק), נישט ווייט פון דער פינף־שטאָקיקער רינגס־מיל, נעבן דער עלעקטראָווניע. אין דעם הויז האָבן געוווינט עטלעכע קריסט־לעכע לאָקאַטאָרן, אַנטיסעמיטן, איינער גרעסער פאַרן צווייטן. נאָר גאָר אַ פאַרביסענער שונא־ישראל איז געווען דער קאָוואַל דרוקאַלסקי, וועלכער האָט אין דעם הויז געוווינט מיט זיינע קינדער. לאַ־די וואָס ער האָט פאַרנומען אַ האַלבן הויף מיט זיין שמידעריי און ליאַקערניע, האָט ער געוואָלט ווייזן, אַז ער „פּייפט“ אויף זיין יידישן בעל־הבית און נישט צאָלן דעם „זשיד“ דאָס דירה־געלט צו דער צייט, און וואָס איז ביי אים, ווייזט אויס, געווען פאַררעכנט פאַר אַ קריסטלעכער מצווה. ווען מ'איז געקומען ביי אים איינמאָנען פאַרן קוואַרטאַל, האָט ער שטענדיק געענטפערט: „מאַרגן“. און דער „מאַרגן“ האָט געווירן אַ סך מאַרגנס. ס'איז אָנגעקומען מיט קריעת ים־סוף ביז מ'האָט פון אים אַרויסגעקריגן אַ פּאָר זלאָטעס. דאָך האָט אים גאָר נישט געהאָלפן, סוף־סוף האָט ער געמוזט באַצאָלן דאָס וואָס דעם בעל־הבית איז געקומען, ווייל די הויזווירטן אין פּוילן האָבן אַרויסבאַקומען אורטיילן דורכן געריכט און געגעבן עקסמיסיע די אַלע, וועלכע האָבן בייזוויליק נישט געצאָלט קיין דירה־געלט.

דער זעלבער דרוקאַלסקי האָט פאַרטרינקען אַ סך געלט, ער האָט ווי יעדער „גוי“ ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, אַרום זיין וווינונג האָבן זיך שטענדיק געוואַלגערט ליידיקע פלעשער פון בראָנפן. איינמאָל, אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער אַריינגערופן מיין פעטער, באַטשע גאַלימינער — דעם בעל־הבית פון דער הויז — צו זיך אין שטוב, און אים באַצאָלט פאַר אַ קוואַרטל דירה־געלט. דרוקאַלסקין האָט נישט געפּאַסט אַריינברענגען דאָס געלט צו אונדז אין שטוב אַריין, עס זאָל נישט הייסן, אַז ער, אַ פּאַליאַק בן פּאַליאַק, זאָל אַריינטראָגן דאָס געלט דעם „זשיד“, ס'האָט ביי אים אויסגעזען ווי אַ פּריץ זאָל זיך בוקן פאַר אַ פאַראַבעק.

ווי נאָר דער פעטער האָט אַריינגעשטופּט דאָס געלט אין בוזעם־טאַש, רופט זיך אָפּ דרוקאַלסקי: „פּאַניע בוטשקאַ, לאָמיר אויסטרינקען אַ גלעזעלע“. דער קאָוואַל איז געווען אין אַ הייטערע שטימונג, האָט אים דער פעטער צוליב געטאָן... ביים טיש איז אויך געזעסן דרוקאַלסקעס אַ קליענט, וועלכער האָט אים געבערענגט אַ שיינע פּאָר הונדערט זלאָטעס פאַר אַרבעט. האָבן זיך די גויים געלאָזט וווילגיין און געטרונקען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז. דער קאָוואַל האָט זיך געוואָנדן צום פעטער, ער זאָל פאַרבייסן און האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ טעלער שינקע מיט סלאָנינע.

דער פעטער האָט זיך צעשמייכלט: „פּאַניע דרוקאַלסקי, דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ נאַבאָזשנער (פרומער) ייד, אונדז איז פאַרבאָטן צו עסן חזיר“. אַ וואָרט צו אַ וואָרט, דער גוי האָט זיך געוואָלט פלייסן פאַר זיין גאַסט, האָט ער מיט פעסטע לאַפּעס אַריינגעכאַפּט דעם פעטער אין קלעם און אים אָנגעשמירט אָדער אַריינגעשטופּט אַ שטיק חזיר צווישן די ליפּן. דער פעטער האָט זיך מיט אים געראַנגלט, אַרויסגעריסן זיך מיט אַלע כוחות פון זיינע הענט און ווי געיאָגט פון טויזנט שדים אַרויסגעלאָפן פון קאָוואַלס דירה, אַריין צו זיך אין שטוב אַ פאַרסאַפּעטער, אַן אָנגעצונדענער פון צאָרן. ער האָט געברויזט ווי אַ ווולקאַן, ער האָט נישט גערוט, נישט געקאָנט אויסהאַלטן די בושה. ער האָט דעם קאָוואַל אָנגעקלאָגט אין געריכט. דרוקאַלסקי האָט פאַרשפּילט דעם משפט, באַצאָלט געריכטס־קאָסטן, געמוזט איבערבעטן דעם „זשיד“ און נאָך שפּענדן 50 זלאָטעס פאַרן רויטן קרייץ.

אין אַ יאָר אַרום איז אויסגעבראָכן דער דייטשישער־פּוילישער קריג. די ברוינע האָרדעס זענען אַריין קיין פּולטוסק און באַלד אין אָנהייב געשאָסן 15 יידן און זיך איזדעקעוועט איבער דער יידישער באַפעלקערונג. נאָך דריי וואָכן האָבן די ס.ס.־לייט אַרויסגעטריבן די יידן פון שטאָט. זיי זענען געגאַנגען פון הויף צו הויף, פון שטוב צו שטוב, נאָקעט און בלויז האָט מען געשלעפּט פרויען, מענער, קינדער, זקנים און קראַנקע, געיאָגט פון שטובן, פון הייף, פון גאַס, געשלאָגן מיט גומעס, מיט ביקסן־פּראַקלאַדן, מיט שטעקנס איבער די קעפּ, איבער די אויגן, איבער יעדן טייל פון קערפּער. טויזנטער נפשות זענען געוואָרן אַריינגעטריבן אין דעם גרויסן סקווער ביים שלאָס.

פּולטוסק איז געוואָרן „יודן־ריין“ אין פאַרלויף פון געציילטע שעהען.

ווען די נאַציס זענען אַריין צו אונדז אין הויף און פאַרהילכט די לופט „יודע ראַאוס!" בין איך אַריינגעשפּרונגען אין אַ וואָגן און זיך איבערגעדעקט מיט שטרוי. נאָך דעם ווי זיי האָבן אַרויסגעפירט אַלע יידן פון אונדזער הויף און ס'איז געוואָרן שטיל, בין איך אַרויסגעקראָכן פון אונטערן היי, צוגעלאָפן אין אונדזער דירה, אָבער די טיר איז געווען פאַרמאַכט. איך האָב אויפגעריסן דעם פענצטער, ווי אַ רוח בין איך אַריינגעשפּרונגען אין שטוב, געכאַפּט אַן איבערצוג, אָנגעהויבן אַריינוואַרפן אַ ביסל וועש, אַ פּאָר קליידלעך און אויך לאַטשן. מיינע קריסטלעכע שכנים האָבן, ווייזט אויס, באַמערקט ווי איך בין אַריין דורכן פענצטער, זענען זיי זיך אַלע צוזאַמענגעקומען, אַרומגעשטעלט זיך אַרום און נישט געלאָזט מיך אַרויס. איינער פון די לאָקאַטאָרן איז געלאָפן מיך פאַרמסרן. ווען אַ דייטשישער זעלנער איז צוגעקומען, האָט ער מיר גלייך געגעבן אַ קלאַפּ איבער די הענט, אַזוי אַז די לאַטשן זענען מיר אַרויסגעפאַלן. די קריסטן האָבן מיט נישט קיין באַהאַלטענע פרייד זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל. זיי זענען געווען זיכער, אַז דער דייטש וועט מיר גלייך דערשיסן און זיי וועלן זיך זעטיקן די תאווה נאָך יידיש בלוט. כ'בין אָבער בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק. ער האָט מיך אַרויסגעפירט פון הויף און איינגעשלאָסן מיט נאָך אַ גרופּע יידן אין דעם טרויעריקן מאַרש. אַרויספירנדיק מיך פון הויף, האָבן די קריסטלעכע שכנים, מיט וועלכע כ'האָב אָפּגעוווינט צוזאַמען צענדליקער יאָרן, מיך אויסגעלאַכט און מיר נאָכגעשריגן „פּאַרשיוואַ זשידוואַ", דו האָסט געוואָלט צונעמען אונדזערע זאַכן, איצט וועסטו שוין האָבן „זאַכן", אַ מאַגילע, אַ קבר, וועט מען דיר באַלד צוגרייטן".

דרוקאַלסקי איז געשטאַנען אין מיטן הויף, די הענט פאַרשטעקט אין די קעשענעס, ווילעריש מיך נאָכגעקוקט און געשמייכלט, ווי איינער זאָגט, פּטור געוואָרן פון „יידישן הויזווירט". איצט וועט ער זיין אַ פרייער פייגל, ער וועט נישט דאַרפן מער צאָלן קיין דירה־געלט — דעם „פּאַרשאַלטענעם זשיד". פון גרויס פרייד האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז פּוילן, זיין „פּאָלסקאַ", ווערט פון איצט אָן פאַרקנעכטיקט צום דייטשישן אָקופּאַנט און אַז דער נאַצישער שטיוול קאָן אויך טרעטן אויף זיינע שליאַכעצקע וואָנסעס, און זיין סוף איז טאַקע געקומען.

אונטער דעם נאַצישן אָקופּאַנט האָבן די פּאָליאַקן געמוזט רעגיסטרירן זייער לעבעדיקן אינווענטאַר און נישט געטאָרט פון דעם געניסן אָן דער דערלויבעניש פון די דייטשן.

ביי דרוקאַלסקין, איז געווען פאַררעגיסטרירט אַ קליין חזירל און עס איז אויסגעוואַקסן אויף אַ גרויסן חזיר, איז דעם כיטרען קאָוואַל איינגעפאַלן איבערקלוגן דעם אָקופּאַנט. ער האָט אַוועקגעקוילעט דעם גרויסן חזיר און אויף זיין אָרט אַריינגעפירט אַ קליין ייִנג חזירל, וועלנדיק זיך פאַרזאָרגן אויפן ווינטער. זענען אַוועק זיינע קריסטלעכע שכנים אין דעם געהעריקן אָרט און אים געמסרט. די דייטשן האָבן זיך נישט געצאַצקעט מיטן פּוילישן שמיד. אין פאַרלויף פון צוויי שעה איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תליה אין סאַמע פראָנט פון חזיר־מאַרק. מ'האָט צוזאַמענגערופן די באַפעלקערונג, זיי זאָלן זעען און זיך איבערשרעקן, ווי אַזוי די דייטשישע מאַכט באַגייט זיך מיט פאַרברעכער, וואָס זענען עובר אויף זייערע פאַראָרדענונגען. מ'האָט דרוקאַלסקין אַרויפגעצויגן מיט אַ שטריק אויף דעם זעקס מעטערדיקן קלאָץ און פאַרצויגן די פּעטליע. גאַנצע דריי טעג איז ער געהאָנגען און אויפן פערטן טאָג האָט מען אים אַראָפּגענומען און דערלויבט צו באַגראָבן.

אפשר האָט דער פאַרביסענער שונא־ישראל אין די לעצטע מינוטן, ווען ער האָט געצאַפּלט אויפן שטריק, זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ער האָט אַ רעליגיעזן ייד געשטופּט אַ שטיק חזיר אין מויל אַריין און געווען מלא שמחה, ווען מ'האָט די יידן געטריבן נאַקעט און באָרוועס פון דער שטאָט.

כן יאבדו.

רחל סרעברא־דעמבינסקא



שאול בוימגארטן

# אין די 30־ער יארן

## (פאַרצייכענונגען)

איך וועל אָנהייבן ווי יעדער פּולטוסקער הייבט אָן, ווען ער שילדערט עטוואָס פון זיין שטאָט, וווּ ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. ס׳איז אַ ליבשאַפט, וואָס שטייגט אויף פּילפּאַכיק נאָך אַ חורבן און גוט איז, וואָס די זכרונות זענען געבליבן און מ׳קאָן זיך צו זיי צוטוליען און קושן אין זיכרון יענע ליבע טייערע פּולטוסקער יידישע יאָרן...

אויבערפלעכלעך איז פּולטוסק געווען אַ שטאָט ווי אַלע שטעט אין קאָנגרעס־פּוילן, נאָר אַזוי ווי איך האָט קענענ־געלערנט פיל שטעט אין דער אומגעגנט, אין שייכות מיט מיינע נסיעות וועגן די ענינים פון מיין עסיק־פאַבריק, איז פּולטוסק געווען וואָס אַנדערש. איך מיין דאָ נישט בלויז אין זין פון מעלות, נאָר אויך אין חסרונות. אויב למשל סעראָצק—זעגזשע—יאַבלאָנע פון איין זייט און פּראָשניץ—כאָרזשעל—מלאַווע פון דער צווייטער זייט — אויב אין די דאָזיקע שטעט איז געווען אַ מיטל־קלאַס פון יידישע סוחרים, וואָס אַ 60—70 פּראָצענט פון זיי זענען געווען שיינע בעלי־פּרנסות, זענען די יידישע סוחרים אין פּולטוסק אין דעם פּראָצענט געווען אָרעמע לייט אָדער פאַרבאָרגט מיט חובות איבערן קאָפּ, טראָץ דעם וואָס עס זענען געווען סוחרים גאַנץ גרויסע נגידים (צופעליק האָב איך די לאַגע פון די יידישע סוחרים אין פּולטוסק גוט געקענט, זייענדיק פּרעזעס פונעם סוחרים־פאַראיין אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג). און אַזוי איז אויך געווען אויף אַנדערע געביטן.

### פּולטוסק האָט זיך פאַרשפּעטיקט...

אַזוי ווי פּולטוסק האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיט אַ סך זאַכן, אַזוי האָט זי זיך אויך פאַרשפּעטיקט מיט דער השכלה, ווי די מאָדערנע יידן האָבן עס אָנגערופן אָדער מיט דעם אַפּיקור־סות, ווי די פרומע יידן פלעגן דאָס רופן. איז געשען אַ פאַל ווי אַ געוויסער יונגערמאַן האָט אויפגעעפנט אַ געשעפט פון שרייב־מאַטעריאַלן, אַראָפּקומענדיק פון אַ צווייטער שטאָט. געווען איז דאָס, ווי אַלע פאַרשטייען און ווייסן שוין, נישט קיין אַנדערער ווי ישעיהו קופּערמינץ. אויסערלעך האָט עס אויסגעזען אַ געשעפט ווי אַלע אַנדערע געשעפטן און לויט דעם אויפשריפט אויפן שילד, האָט מען דאָרט באַקומען שרייב־געצייג, צייטונגען, לערן־ביכער אד״ג. פאַקטיש אָבער איז דאָרט געווען אַזוינס, וואָס איז לחלוטין אויפן שילד נישט געווען אָנגעשריבן... ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון אַלע מינים ביכער. פּולטוסקער יוגנט האָט געלייענט, געלייענט... די אַזוי גערופענע מאָדערנע בחורים זענען אַריין דורך דער „פראָנטאָווער״ טיר, דאַקעגן די בית־המדרש־בחורים האָב זיך אַרויסגעגנבעט דורך דער הינטער־טיר, מורא האָבנ־דיק פאַר אַ בייז אויג...

די ביכלעך האָבן זיי כמעט אויסגעלייענט אויפן אָרט. אַ היים נעמען, איז געווען אַ פּחד פאַרן טאַטן (מיט דער מאַמען וואָלטן זיי שוין אַדורכגעקומען...). נו, און די אַקציעס פאַר א״י, פאַרן קרן־הקיימת — ווו זענען געווען? ווו האָט מען געקויפט אַ שקל, אויב נישט דאָרט? און ווו זענען פאָר־געקומען די אַלע שמועסן איבער ליטעראַטור און צייט־פראַגן? ווו זענען באַהאַנדלט געוואָרן די ווייט גייענדיקע ציוניסטישע פּראָבלעמען?! און פונוואַנען זענען אויסגעוואַקסן די יונגע און שפּעטער עלטערע טוער און יידישע־קולטורעלע־ציוניסטישע כלל־פאַרזאָרגער — אויב נישט פון דאָרט?! דאָס אַלץ איז אויפן שילד נישט געווען אָנגעשריבן...

### קיין געלט נישט, אָבער קאָפּדרייעניש — יאָ

קאָן מען טאַקע מיינען, אַז די פּולטוסקער יוגנט איז דורכויס געווען אַ „פרייע״, געשלונגען בלויז השכלה־ביכער און מער גאָר נישט, ווערט עס זיין אַ גרויסער טעות. ס׳איז געווען אַ גרויסע שול און אַ גרויסער בית־המדרש. צענדליקער מנינים האָבן געדאַוונט אין פּריוואַט־הייזער, פּולטוסק איז געווען פאַרזייט מיט חסידים־שטיבלעך מכל המינים. אַ שטאָט מיט גרויסע למדנים און תלמידי חכמים, יראי אלקים און מיט די שענסטע מידות. צופעליק זענען געווען די גרעסטע נגידים — חסידישע יידן, ווי: משה שאַפּראַן, קאָפּלאָוויטש, רינג, ליכטנשטיין, מיין פאָטער, איטשע מאיר ע״ה, בערנבוים,

בושאַזע, שטיינבערג א"א. ס'איז אמת געווען אַ שפּאַר ביסל אָרעמע לייט, פאַר וועלכע מ'פלעגט דאַרפן אין די שבתים מעכב הקריאה זיין, און בני ישראל נתבעים ונותנים. איך ווייס נישט ווי עס האָט זיך געפירט אין אַנדערע קהילות, נאָר אין פולטוסק, אַנהייבנדיק פון דער יידישער קהילה, ווי אויך מוהלים, חברה־קדישא און אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס איז זייער טעטיקייט געווען שלא על מנת לקבל פרס. קיין געצאָלט דערפאַר האָבן זיי טאַקע נישט באַקומען, אָבער קאָפּ־דרייע־נישן האָבן זיי געהאַט גענוג.

**דער עפּיזאָד מיט ד"ר ניסניעוויטש אַלס דאָזער...**

ווי נאָר ד"ר ניסניעוויטש איז אויסגעקליבן געוואָרן אין קהילה־ראַט, זענען צו אים געקומען צוויי בית־מדרש־יידן און געבעטן, אַז ער זאָל גלייך קומען אין בית־המדרש, ווייל עס ליגט דאָרט אַן ערנסט־קראַנקער... נאַטירלעך איז ער גלייך געקומען און זיך געפרעגט, ווו איז דער קראַנקער? האָט מען אים געענטפערט, אַז קיין קראַנקער איז נישטאָ, נאָר דאָס בית־המדרש אַליין איז שטאַרק קראַנק; דער אויוון איז צעבראָכן, פון סופיט רינט אאַ"וו אאַ"וו.

פון דעמאָלט אָן, האָט מען געשמועסט, האָט ער קיין דאָזער נישט געוואָלט ווערן.

**מיטן פּנים צום רב...**

ווען הרב לעוונטאַל איז דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען אין פולטוסק, איז אַריינפאָרנדיק אין שטאָט, האָט זיך דער בעל־עגלה געזעצט מיטן פּנים צום רב. ווען דער רב האָט אים אַ פרעג געטאָן, פאַר וואָס זיצט ער נישט אַזוי ווי אַ בעל־עגלה דאַרף זיצן — מיטן פּנים צו די פערד? האָט אים דער בעל־עגלה געענטפערט, אַז עס פּאַסט נישט צו זיצן צו אַ צדיק מיטן הינטן, ווען אַזוי פיל אויגן זענען וואַך. האָט אים דער רב געענטפערט, אַז אויב ער וועט אַזוי זיצן, קאָן ער נאָך מאַכן פונעם צדיק אַ ק ר ו מ ע ן צדיק...

**אַ גוטער חזן איז אַ גוט מיטל צוציען די אומגעדאַוונטע אין שול אַריין...**

ר' הערשל אַראָנאָוויטש, וואָס די קצבים האָבן פאַר אים געהאַלטן „שטאָל און אייזן", ווייל ער האָט געהאַט אַ גרינגע האַנט ביים שחטן אַ בהמה ווי ביים מלען אַ קינד (במילא זענען פון טיש אַראָפּגעגאַנגען אַ סך „שאלות", וועלכע זענען געווען בכוח טריף צו מאַכן אַ בהמה ביי אַן אָרעמען קצב) — האָט געשמט אין שטאָט פאַר אַ גרויסן זינגער און אויסגעצייכנטן חזן. אַלע האָבן זיך מיט אים געגרויסט. זיין דאַווענען רה"ש און יו"כ מיט אַ קעפּעליע, האָט געהאַט אַ גרויסן נאָמען. דעם חסידישן קלאַס אָבער האָט עס נישט געשמעקט. זיי, די חסידים, האָבן בעסער געוואָלט אַ גוטן בעל־תפילה איידער אַ חזן מיט נאָטן... אַזוי אָבער ווי אַ גרויסער טייל פון דער פולטוסקער באַפעלקערונג האָט אים דווקא גערן געהאַט, איז אויסגעבראָכן אַ שווערע מחלוקת צווישן די קהילה־מיטגלידער. מיין פאָטער, ע"ה, אַלס פּרעזעס פון דער קהילה, האָט דעצידירט אין דעם ענין און אויפגעוויזן, אַז מען דאַרף אים דווקא יאָ אויפנעמען אַלס חזן, געבנדיק צו פאַרשטיין: ערשטנס, אַז אַ רוב שטאָט זאָגט יאָ — דאַרף זיין יאָ, צווייטנס, איז אַ גוטער חזן אַ גוט מיטל צוציען אפילו די אומגעדאַוונטע אין שול אַריין...

**משה רבנו'ס פולק, פסחדיקע זעלנער־קיך און אַ „קידוש־השם" אין פולטוסק...**

דער 13־טער פוס־גייער פּאַלק, וואָס איז געשטאַנען אין פולטוסק, האָט מען גערופן „משה־רבנוס פולק", ווייל עס זענען דאָרט געווען אַ סך יידן. אויך אין זייער אָרקעסטער זענען געווען פיל יידן און דער קאַפּעליע־מייסטער אַליין איז אויך געווען אַ ייד. אַלע יאָרן האָט יעדער בעל־הבית, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט, גענומען אַ זעלנער אויף פסח. נאָר די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, האָבן די יידישע זעלנער נישט געוואָלט זיין קיין אורחים ביי די בעלי־בתים. האָט מען איינגעאָרדנט אויף פסח אַ זעלנער־קיך. דעם לעצטן פסח 1939 זענען שוין געווען זייער פיל יידישע זעלנער, ווייל נאָך אין חודש מערץ ד. י. (אַ פּיר וואָכן פאַר פסח, בערך) איז שוין פאָרגעקומען אַ געהיימע מאָביליזאַציע. דעמאָלט האָט מען שוין געמוזט דערביי אָרגאַניזירן אַ סך מענטשן מיט אַ גרויסן איינקונפט. דער שרייבער פון די שורות האָט זיך דאַן געשטעלט אין דער שפּיץ פון אַזאַ קאָמיטעט, ווו עס זענען אַריינגענומען געוואָרן מענטשן פון אַלע שיכטן פון שטאָט.

עס איז געווען אַזוי: דאָס ערשטע האָט יעדער בעל־הבית, וואָס איז געווען בכח צו נעמען אַ זעלנער געדאַרפט איינצאָלן 20 זל'. דער פולק האָט אויסגעצאָלט פאַר יעדן יידישן זעלנער 1 זל' מיט 8 גר' אַ טאָג. מצות און אייער האָט מען נישט געקויפט. מ'האָט אָרגאַניזירט אַלע בית־המדרש־יינגלעך און די בחורים פון דער ישיבה דערצו. זיי האָבן באַקומען פון יעדן מתנדב צו 10 אָדער 20 מצות, ווי אויך צו 10 אָדער 20 אייער. די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט האָבן מיטגעאַרבעט אין קיך. אין זאַל פון דער ווייבער־שול זענען סערווירט געווען די טישן אויפן נגידישן אופן. הרב לעוונטאַל האָט אָפּגעריכט די ערשטע סדר־נאַכט און עסן איז געווען פון כל־טוב.

עד היום געדענק איך דעם דערהויבענעם געפיל, וואָס מיר, יידן, האָבן געהאַט אין דער דאָזיקער סדר־נאַכט. דאָס איז געווען דאָס געפיל פון אַ קידוש־השם... ווייל די יידישע רעקרוטן זענען באַגלייט געוואָרן צו דעם סדר דורך פוילישע עלצטע. און אַזוי ווי דער סדר האָט זיך געצויגן, ווי געוויינ־לעך ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט מען אויך די פוילישע עלצטע מכבד געווען מיט אַ סעודה. נאָך דעם ווי עס האָט זיך געענדיקט און זיי, די קריסטן, האָבן זיך פיין אָנגעגעסן, זענען זיי צוגעגאַנגען צו די איינאָרדענער פון דעם אָוונט, געדאַנקט און געזאָגט: „די יידן זענען באמת דאָס בעסטע פאָלק"... ווייל די קריסטלעכע רעקרוטן זענען געבליבן אין די קושאַרן און קיינער פון דער פוילישער באַפעלקערונג איז נישט געקומען זיי איינלאַדן צו קיין סעודה, כאָטש עס איז היינט אויסגעפאַלן דער קריסטלעכער פסח (פסחא) צוזאַמען מיט דעם יידישן...

## „יידן דאַרפן זיך וויניקער „דרייען" אין די גאַסן"...

יאָרן אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן ביז 1939. דער אַנטיסעמיטיזם און דער באָיקאָט אויף יידן האָבן זיך גענומען שטאַרקן און ביסלעכווייז אַרומגענומען כמעט די גאַנצע קריסט־לעכע באַפעלקערונג, דערגרייכנדיק שוין צו די ליבעראַלסטע קרייזן אפילו. כוליגאַנעס האָבן אָנגעהויבן אין די נעכט באַפאַלן און שלאָגן יידן און די פוילישע מאַכט האָט געשוויגן. דאַן האָט די שטאָט באַשלאָסן צו שיקן אַ יידישע דעלעגאַציע צום סטאַראָסטע, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ליבע־ראַלן מענטש. אין דער שפּיץ פון דער דעלעגאַציע זענען געשטאַנען: הרב לעוונטאַל, ד"ר ביסניעוויטש, דענטיסט יאָס־קאָוויטש, חיים בוים, יעקב פרוכטנבוים און דער שרייבער פון די שורות. דאָס איז געווען אַ שבת אין דער פרי. דער סטאַראָסטע האָט די דעלעגאַציע זייער פיין אויפגענומען. אָבער ווי נאָר די דעלעגאַציע האָט אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל זען ווירקן אָפּצושטעלן דעם כוליגאַניזם, האָט ער גע־ענטפערט, אַז: „יידן דאַרפן זיך וויניקער ‚דרייען' אין די גאַסן". ווען מיר האָבן אים אויף דעם דאָזיקן „יושר" אויפ־מערקזאַם געמאַכט, האָט ער אונדז באַשולדיקט אין יידישער „חוצפה"...

אַזוי ווי מיר האָבן געזען, אַז קיין שתדלנות וועט דאָ גאָר נישט העלפן, האָבן מיר באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע, וואָס יעקב אבינו האָט געטאָן מיט זיין ברודער עשו... מ'האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ שיינע מתנה און דאָס איבערגעגעבן דעם קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי.

מיר האָבן געוווּסט, אַז צווישן דער פּאָליציי גופא זענען דאָ פיל, וואָס שטייען אויף דער זייט פון די כוליגאַנעס. דער קאָמענדאַנט האָט אונדז דערקלערט, אַז די זאַך איז נישט אַזוי פשוט ווי מען מיינט, ווייל אונטער די קליינע שקצימלעך שטייט אָדער אַ גלח מיט אַ ברייטער טאַגע אָדער — אַ פּריץ מיט גרויסע וואָנסעס, און אַז מ'הייבט אָן מיט די קליינע, וואַקסן אויס פון אונטער דער ערד זייערע אַפּוטרופּסים... פונ־דעסטוועגן האָט ער צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס עס וועט נאָר זיין מעגלעך, און עס איז טאַקע פיל שטילער און רויִקער געוואָרן.

## גם זו לטובה...

ג־טס וועגן זענען נישט צום פאַרשטיין. פיל מאָל טרעפט, אַז אַ שלעכטע פּאַסירונג ברענגט צו אַ גוטן אויסגאַנג. בשעתן אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, האָט אַ גרויסער טייל פון דער אַנטלויפנדיקער יידישער באַפעלקערונג פון פּולטוסק זיך געצויגן קיין ווענגראָוו. ווי נאָר אָבער די דייטשישע ווערמאַכט האָט פאַרנומען ווענגראָוו, אַזוי זענען כמעט אַלע צוריקגעקומען קיין פּולטוסק, אַ חוץ איך און מיין פאָטער ע"ה זענען געבליבן אין ווענגראָוו.

אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען לאַנג־יעריקער פּרעזעס פון דער יידישער קהילה, אַ ראַטמאַן אין שטאָטראַט, אַן אייגנטימער פון עטלעכע הייזער און אַ שותף צו אַ מיל און איך, אַלס פּרעזעס פון סוחרים־פאַראיין, אַ מיטגליד פון לא"פ און אויסגעקליבענער צום שטאָט־ראַט ערב מלחמה — האָבן מיר מהאי טעמא מורא געהאַט צו פאָרן אַ היים. און דער פּחד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק. ווען מיין פרוי איז נאָר אַ היים געקומען, האָבן זיך גלייך באַוויזן 2 ס.ס.־לייט, אונטער־געשיקט דורך אונדזערע גוישע שכנים, כדי מיך צו אַרעס־טירן — מיט דער טענה, אַז דער לא"פ (זייענדיק דאָרט אַ מיטגליד), האָט איבערגעשיקט אַ סך געלט קיין אויסלאַנד, בכדי צו שטאַרקן דעם ענגלישן פלי־וועזן. מיין פרוי האָט געטענהט, אַז אויפן וועג בין איך פאַרפאַלן געוואָרן. נאָך פאַרשידענע דראָונגען האָבן זיי געפאָדערט דאָס געלט פונעם סוחרים־פאַראיין. ווען זיי זענען אַריין אין דער ביוראָ, האָבן זיי אויפ־געריסן די שאַנק און געפונען אַ... רשימה פון חובות. אָפּ־זייענדיק עטלעכע וואָכן, האָבן די דייטשן, ווי באַוווּסט, צו־זאַמענגענומען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, צוגענומען ביי יעדן, וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט און אַרויסגעטריבן אַלע יידן „צו זייערע ברידער אין רוסלאַנד". היינט ווייסן מיר, אַז אַ דאַנק דעם זענען אַ סך פּולטוסקער יידן ניצול געוואָרן פון דעם גרויזאַמען אומקום.

# טיפן פון פאלקס־מענטשן

אליהו בולמאַן

### וועלוול „אנטאלעק״ *

מיט דעם דאָזיקן צונאָמען האָט אים שטאָט, ווייזט אויס, מכבד געווען צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ נידעריקער און אַ קיילעכדיקער און האָט אויסגעזען ווי אַ קליין־ביר־פּעסעלע...

זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז געווען: ענגעל און האָט זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און מעקלעריי פון פערד.

חוץ וואָס ער איז געווען אַ ייד מיט אַ וואַרעם האַרץ, איז ער אויך געווען אָפּגעהיט אין אַ דאַווענען צי אין „אַריינכאַפּן״ אַ „קדושה״ אָדער אַ פּרק „חיי־אדם״ אין קליינעם בית־המדרש אויפן וואַרשעווער שאָסיי. העלפן אַן אָרעמען אָדער סתם טאָן אַ יידן אַ טובה — פון דעם האָט ער שטאַרק געהאַלטן.

אַזוי ווי עס איז אים אָבער נישט באַשערט געווען צו האָבן אַ קינד און ווילנדיק, ווייזט אויס, זיך און אויך דעם ווייב „פאַרזאָרגן״ מיט עפּעס־וואָס אויף עולם־הבא — האָט ער דעריבער געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה אויף זיין און זיין ווייבס נאָמען.

געוויס איז איינגעקריצט נאָך אין זכרון פון יעדן פּול־טוסקער ייד — דער סיום־הספר פון וועלוול „אַנטאַלעקס״ געשריבענער ספר־תורה! געווען איז עס „אַזוינס און אַזעלכס״. כמעט „אַלע״ ווייסע פערד זענען מאָביליזירט געוואָרן צו דעם הייליקן מאַרש. פאַרפּוצט און מיט גלעקלעך זענען זיי געווען באַהאָנגען. לייבקע קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע האָבן מאַר־שירט פאָרויס און מאַסן יידן, יונג און אַלט — נאָך זיי; אַן אומגעהויער לאַנגער צוג איז עס געווען איבער דער גאַנצער לענג פונעם וואַרשעווער שאָסיי. ששון ושמחה איז געווען אין שטאָט. משקה האָט זיך געגאָסן אַזוי ווי וואַסער. פולטוסק האָט נאָך אַזוינס באמת נישט געזען!

מיט רעכט האָט ר׳ וועלוול זיך געגרויסט און שטאָלצירט דערמיט וואָס זיין „ספר״ איז געווען דער שענסטער אין שטאָט, ווייל צווישן די אַלע באַזונדערע באַפּוצונגען האָט זיין „ספר״ אויך געטראָגן אַ קרוין פון ריינעם זילבער...

אַן ערלעכער פאָלקס־מענטש איז ר׳ וועלוול געווען.

יהי זכרו ברוך!

### ר׳ יאָסל קאָוואַל

יאָסל אינוועטאַזש אָדער יאָסל קאָוואַל, ווי מ׳האָט אים גערופן, איז געווען דער איינציקער, קאָן מען זאָגן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע אַנדערע איבעריקע שמידן און קאָוואַליעס אין שטאָט. זיין שמידישע פאַכמענישקייט האָט אים געשאַפן אַ ברייטן שם און באַרימט געמאַכט צווישן יידישע בעלי־עגלות, דאָרפס־פּויערים און אפילו צווישן די גרעסטע און רייכסטע פּריצים פון דער אומגעגנט.

פולטוסקער יידן פון זיין דור פלעגן דערציילן, אַז ער, ר׳ יאָסל, איז ממש געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך. ער פלעגט אַליין אָנצייכענען און אויסשמידן אייזערנע טויערן פאַר פּריצישע הייף און פּאַלאַצן. ס׳איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך וואָס דער פאַראיין פון די קריסטלעכע שמידן האָבן אים, יאָסלען, אַריינגענומען אַלס אַ מיטגליד אין זייער צעך. און דאָס אין אַ צייט וואָס האָט געהערשט אַ כמעט־אָפיציעלער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן.

אויסער זיין בקיאות אין פאַך, האָט ער פאַרמאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, ליב געהאַט צו טאָן אַ טובה און געהאַט אַ סך „דרך־ארץ״ פאַר אַ ייד אַ למדן און בעיקר: אַ ישר־לב...

ווען די היטלער־חיות האָבן פאַרנומען אונדזער שטאָט און שיקאַנירט יידן, האָבן זיי יאָסלען אין תחילת „געשוינט״ און אים אויסגענוצט, ביז... זיי האָבן אים דערמאָרדעט אויף אַ בעסטיאַלישן אופן — אַ געוויסע צייט נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון שטאָט.

אַן ערלעכער שטאָלצער ייד איז ר׳ יאָסל געווען.

יהי זכרו ברוך והי״ד.

* אַ קליין ביר־פּעסעלע; דאָס וואָרט שטאַמט פון גריכיש: „אַנטאַל״, אַ מאָס־באַצייכענונג; אַ פערטל פון אַ נאָרמאַלער ביר־פּעסל (רעד.).

## ר׳ דוד „האָלץ־העקער״

ס׳איז אַ גרויסער ספק, צי עמיצער פון די פולטוסקער ייִדן — אין דעם שוין אַריינגערעכנט די נאָענטסטע שכנים זיינע — צי ס׳האָט ווער פון זיי געוווּסט זיין ריכטיקן פאַמיליע־נאָמען. פאַר די, וואָס האָבן אים געקענט האָט ער געהייסן: דוד האָלץ־העקער. און דאָס דערפאַר, ווייל זיין „פּראָפעסיע״ איז געווען האָלץ האַקן ביי די ייִדישע בעקערס אין שטאָט.

נישט יעדער איז בכוח צו פאַרשטיין די „סודות״ פון אַזאַ פאַך. ער, ר׳ דוד, אָבער האָט געוווּסט און ממש „געפילט״ די אייגנשאַפט און די „קאַפּריזן״ פון יעדער „שטשאַפּע״ האָלץ און דערפאַר האָט ער זי אַזוי געשיקט און געלונגען צעשפּאָלטן און זי גרייט געמאַכט „צו גיין״ אין דעם בעקערישן אויוון אַריין.

סיי אין אַ הייסן זומער־טאָג, סיי אום ווינטער אין אַ פראָסט האָט ר׳ דוד אויסגעפירט געטריי זיין אַרבעט, אַריינ־פלעכטנדיק דערביי אַ פּסוק פון תהילים אָדער אַ טייטש פון „חיי־אדם״, וואָס ער האָט אַריינגעכאַפּט אין בית־המדרש פון אַ מגיד אָדער פון איינעם פון די שטאָטישע מלמדים.

אַ מין האַרמאָנישע שלימות איז געווען אין דעם דאָזיקן פאָלקס־ייִד. ווי שווערע גשמיות מיט איידעלער רוחניות וואָלטן געגאַנגען האַנט ביי האַנט. אומגעקומען ביי די נאַציס. הי״ד.

## דער „רבי״...

זיין ריכטיקער נאָמען איז אייגנטלעך געווען: יעקב־הערש קוקווא. יאָרן לאַנג האָט ער געאַרבעט אין דער בעקעריי פון מיינע עלטערן, אָבער קיינער האָט ווי נישט געוואַגט אים אָנצורופן ביים נאָמען, איבערהויפּט מיר, די קינדער פון ר׳ צאַלעל בעקער ז״ל. גערופן האָבן מיר אים: דער „רבי״, אַ נאָמען וועלכן ער האָט כשר פאַרדינט צוליב אַ ריי טעמים. ער איז געווען געלאַסן־סאָליד, פלעגט גיין מיט געמאָס־טענע טריט, דערצו: זיין שיינע פּאַטריאַרכאַלישע באָרד, וועלכע האָט אים מהנה געווען מיט אַן אויסזען פון אַ ריכטיקן „גוטן ייִד״ און דערביי פלעגט ער האָבן אַ „האָבי״ נאָכצוזאָגן ווערט־לעך פון רביים און סתם „גוטע ייִדן״ און אפילו געפּרוּווט מיטן גאַנצן ערנסט זיך לאָזן „טרעפן״ פאַרבאָרגענע זאַכן, ווי, למשל, וואָס פאַראַ מין קינד די אָדער יענע מעוברתדיקע אשה וועט „האָבן״, אַ זכר צי אַ נקבה? אד״ג. מעשה־רבי!

נישט קוקנדיק דערויף וואָס אַלע זיינע יאָרן איז ער געווען אַן „איינפאַכער״ אַרבעטער (אַ „פּראָסטער בעקער־יונג״, ווי מ׳פלעגט עס רופן אין יענע צייטן), איז ער ביז גאָר געווען אָפּגעהיט אין ייִדישקייט־זאַכן; אויך זיין לבוש איז געווען אין איינקלאַנג מיט דעם.

ביי אונדז אין הויז איז ער געווען פאַררעכנט ווי אַ משפּחה־מיטגליד. ער האָט בייגעוווינט און זיך מיטגעפרייט אויף אַלע 10 חתונות פון צאַלעל בעקערס קינדער (פון מיין עלטסטע שוועסטער עטע ביז מיינער), איז דעריבער גאָר קיין וווּנדער נישט געווען, וואָס עס האָט געהערשט צווישן אונדז אַזאַ קעגנזייטיקע פריינדשאַפט און צוגעבונדנקייט.

מיטן אָנהייב פונעם היטלער־חורבן איז ער פאַרשווּנדן געוואָרן.

אַן ערלעכער מענטש, אַן איבערגעגעבענער אַרבעטער און אַ טייערער ייִד איז ר׳ יעקב־הערש געווען.

יהי זכרו ברוך והי״ד. — אליהו בולמאן

## אברהמל זשעלינסקי

געווען אַ שם־דבר אין פולטוסק. אַ באַקאַנטע „פירמע״ נאָך פון די צאַרישע צייטן. די רוסישע אָפיצערן פלעגן זיך אויף אים פרעגן: „ווו וווינט דאָ גאָספּאָדין זשעלינסקי, סאָב־סטוועני דאָם?״ ד. ה. דער בעל־הבית פון אַן אייגן הויז.

ער האָט געפירט אַ שוסטער־וואַרשטאַט מיט געזעלן און לערן־ייִנגלעך, אויך אונטער דער ממשלה פון די פּאָליאַקן. ער האָט וואָס אַן אמת אָנגעהויבן צוצובויען אַ נייעם טייל צו זיין הויז, ווען די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן און די משפּחה איז פאַרגרעסערט געוואָרן. ער האָט אָבער נישט גע־קאָנט אָנזאַמלען די נויטיקע סומע דערצו. איז ער אַוועק קיין קובאַ, אין די יאָרן 1927־28, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער עמיגראַציע־שטראָם קיין צענטראַל־און דרום־אַמעריקע. ווייל: „אויב די יונגע חברה קאָנען דאָרט „מאַכן״ געלט — בין איך, אברהמל זשעלינסקי, פעיקער פון זיי״.

ווען ער איז פון דאָרט צוריקגעקומען, איז נישט נאָר וואָס ער האָט פאַרענדיקט דעם אָנגעהויבענעם בוי, נאָר אויך פאַרגרעסערט דאָס הויז, צובויענדיק צו דעם אַ גאַנץ נייעם פליגל; אין דער צייט, ווען אַ סך עמיגראַנטן מיט וועלכע ער איז צוזאַמען געפאָרן — זענען דאָרט, נעבעך, פאַרבליבן, נישט האָבנדיק קיין הוצאות־הדרך אויף צוריקצוקומען (אוי־סער די, וועלכע מ׳האָט ספּעציעל געשיקט געלט אויף אַ צוריק־רייזע) ווייל אין יענע יאָרן האָט דאָרט געהערשט אַ שטאַרקער קריזיס.

אָבער ער, אברהמל, האָט אויסגעהאַלטן, ווייל ער, אברהמל, גלייבט אין זיך און אין זיינע כוחות, וועלכע ער האָט פאַר ווירקזאַם און אומבאַגרענעצט...

* זיין בילד זע: „מעשים טובים בעיר״; קאָמיטעט ביים פאַר־טיילן אַמעריקאַנער הילף פאַר פולטוסקער ייִדן (פאָטאָגראַפיע, ז׳ 370).

אַלע יאָרן איז ער דער ראש־המדברים פון דער חברה שוסטערס, וועלכע האָבן אגב געפירט די אַקטיוווסטע טעטיקייטן פון אַלע אַנדערע האַנטווערקער. געהאַט אונטער זיך אַ „חברה־משניות", איינגעאָרדנט יאָר־ביי־יאָר אַ סעודה כיד המלך; מיט משקה, געפילטע פיש, קאָטלעטן און אַלע מינים פליישן, וואָס האָט פיל מאָל איבערגעשטיגן די באַרימטע יערלעכע סעודה פון דער חברה־קדישא. עס איז אויך געווען דערביי אַ קינסטלערישער פּראָגראַם: מיט זמירות, חזנישע שטיקלעך און לידער פון אַמאָליקן גאָלדפאַדן־טעאַטער און אויך לידער געבראַכט פון די עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך צוריק אַרויסגעריסן פון דעם „אַרגענטינער גהינום", אַז „ס'איז בעסער צו טרינקען פּולטוסקער וואַסער איידער אַרגענטינער וויין" און ווער איז געווען דער רעדל־פירער פון אָט דעם אַלעם? ער, אברהמל זשעלינסקי!

ער איז אויך געווען אַ סך יאָרן דאָזער אין דער יידישער קהילה, אַריינגעפירט דורך די חברה שוסטער און אַנדערע האַנטווערקער. נישט איינמאָל האָט ער דאָרט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַזוי, אַז די איבעריקע דאָזאָרעס האָבן זיך דערשראָקן און נאָכגעגעבן אַלע זיינע פאָדערונגען, וועלכע זענען געווען נאָר אויסן די טובה פון כלל. געווען פון די אַקטיוווסטע ביים פאַרטיילן די אַמעריקאַנער שטיצע פון מעות־חיטין אין די ערב פסחס. און ווו איז ער, אברהמל, נישט געווען אַקטיוו? אָנגעפירט מיט די אָרעמע מאַלצייטן אויף די גרויסע חתונות. געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף פריילעך מאַכן דעם עולם; פונאַנדערטאַנצנדיק זיך, אַז אַ סך יונגערע פון אים וואָלטן זיך געוווּנטשן דאָס צו קענען. אינמיטן דעם טאַנץ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ יאָר צוריק איז ער קראַנק געווען. ער האָט זיך געוואָנדן צום עולם: „איר געדענקט, פאַר אַ יאָרן, נישט היינט געדאַכט, האָט מען מיר געשטעלט פּאָדסקורנע. „טאַנץ פּאָדסקורנע! טאַנץ! האָפּ! האָפּ! טאַנץ אויך פאַר פאַראַיאָרן!"...

✶

האָט מען טאַקע געשמועסט, אַז אין פּולטוסקער בית־המדרש האָבן „געהערשט" 3 גרופּעס מיט זייערע אָנפירער און ראשי המדברים און דווקא נישט פון דער „מזרח־וואַנט"...

1) די שוסטערס מיט אברהמל זשעלינסקי בראש; 2) די קצבים מיט לייבקע פּיוולס אין דער שפּיץ; 3) די בעלי־עגלות מיטן „שוואַרצן חיים" בראש.

זייער „ממשלה" האָט זיך נישט איינמאָל איבערגעטראָגן פון דעם בית־המדרש אויף די סאַמע וויכטיקע ענינים פון דער שטאָט.

לאָמיר דאָ אָנגעבן פאַר אַ ביישפּיל אים טאַקע, אברהם זשעלינסקען אַליין, וועלכן מ'האָט אין שטאָט גערופן „מאָסקאַל" צוליב זיין הייך. צווישן די אַלע שטאָטישע שוסטערס איז ער געווען דער בולטסטער, ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט. ביי זיינע שוסטער־חברים האָט ער באַזונדער געהאַט גרויס אָנזען, וועלכע האָבן אים תמיד „געקוקט אין מויל אַריין"... געווען אין שטאָט דער איינציקער שוסטער, אַ בעל־הבית פון אַ הויז, זיין שפּראָצנדיקע ענערגיע האָט אים דערפירט צו גרויס־מסחר און געווען — בעיקר — אַ שטאַרקער מעורב בין הבריות. אומעטום איז ער געווען און געלאָזט הערן אין אַלע ווינקלעך פון שטאָט — זיין שטים און „שאַרפע" דעה...

ער איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקער קעמפער קעגן די אַלע אומשיינע מעשים און עוולות, וואָס ער פלעגט אַלע מאָל „פּאַקן" צווישן די „שיינע" געזעלשאַפטלעכע לייט און מכלר־מערשטע „לטובת־הכלל־אינסטיטוציעס. ער האָט געוווּסט ווי צו שלאָגן" מיט זיין וואָרט אין סאַמע פינטל אַריין; געבן „איבערן קאָפּ" אָט די „עוסקים בצרכי ציבור", וועלכע זאָרגן נאָר פאַר זייער גוטן שם און זייערע עגאָאיסטישע אינטערעסן.

ער איז אויך געווען — ווי מ'פלעגט זיך שושקען — איינער פון די „אונטערגעשטעלטע" פון דעם מעכטיקן „גערער־שטיבל" אין שטאָט, בלא יודעים.

האָט „גער", למשל, באַשטימט עמעצן פאַר אַ רב אָדער ראש־הקהילה אין שטאָט (פאַרשטייט זיך, אַז מיטן „הכשר" פון דעם רבין...), האָט מען שוין געוווּסט, אַז ווען אברעמל זשעלינסקי האָט אַ געשריי געטאָן בריש גלי און מיט אַ שאַרפן באַפעל אין טאָן, וואַרפנדיק אַ פייערדיקן בליק אויף איינעם פון די כלי־קודש־קאַנדידאַטן: „מזל טוב, רבי, איר זענט פּולטוסקער רב!" אָדער: „איר זענט דער ראש פון דער קהילה!" איז דאָס שוין געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך, און די איבעריקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט צו טאָן מיט „גער" — האָבן זיך שוין געמעגט אָוועקשאַרן אין אַ זייט... מ'האָט געוווּסט אַז אַנדערש וועט עס שוין נישט זיין; אַז דאָס איז אַ „בת־קול" פון גער און דער זאָג איז אַ זאָג פון אַ „פּוסק־אחרון"...

גער איז „גוזר" און אברהמל זשעלינסקי איז „מקיים"... אַזויערנאָך פלעגט ער „דעצידירן" אין די שטאָטישע ענינים...

✶

אין דעם 2־טן וועלט קריג איז ער מיט זיין משפחה — ווי טויזנטער אַנדערע משפחות — פאַרשיקט געוואָרן פון דער סאָוויעטן מאַכט אין די סיבירער וועלדער. די פרוי זיינע, גאָלדע, וועלכע איז באמת געווען אַ גאָלדענע פרוי און אַן אמתע אשת־חיל, נישט געשראָקן זיך פאַר קיין שום געפאַרן — האָט דאָרט פאַרלוירן איר לעבן, פאַרבלאָנדזשענדיק איינמאָל

אין אַ געדיכטן וואַלד, אָן דער מעגלעכקייט זי אָפּצוגעפינען...

ביי זיינע לעצטע יאָרן האָט ער נאָך זוכה געווען צו קומען אין דער יידישער מדינה, אין וועלכער ער איז אַלע יאָרן געווען פאַרליבט, טרוימענדיק וועגן אַ יידיש לאַנד מיט יידישע סאָלדאַטן און יידישער מאַכט — נאָך „אין פולטוסק פון דעמאָלט"...

מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל, געקומען מיט דער גאַנצער משפחה אין לאַנד אַריין. איינער פון זיינע זין, וועלכער איז געווען פון די געציילטע יידן אינעם פּוילישן מיליטער, האָט דערגרייכט צו באַקומען אַן אָפיצערן־ראַנג, נאָכן פאַר־ענדיקן די אָפיצערן־שול; אין לאַנד דאָ באַקומען אַ פּאָסטן אין אויסערן־מיניסטעריום.

אברעמל זשעלינסקי האָט נאָך דאָ זוכה געווען צו אַ סך נחת.

זכרונו לברכה.

אויפגענומען ביי שטאַטישע

# גוטע מעשים אין שטאָט



**אַ מאָלצייט פאַר אָרעמע — סעודה בשביל עניים**

(מעלצארזש טאָכטער האָט חתונה געהאַט אין אַמעריקע, האָט זי געשיקט געלט צו אירע עלטערן, אַז זיי זאָלן לכבוד דעם מאַכן אַ מאָלצייט פאַר אָרעמע־לייט אין פולטוסק)

דאָס בילד האָט פאָטאָגראַפירט אלתר קאַציזנע.

# מעשים טובים בעיר



קאָמיטעט צו פאַרטיילן אַמעריקאַנער הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע אין פולטוסק
מיט אברהם זשעלינסקי (3־טער פון לינקס)



**מטבח עבור חיילים — די זעלנער־קיך 1935**
**מימין, בשורה הראשונה:** ליבע שטאטזינגער, אסתר שטערן, פשה, קרא, חנה אַסמאַן (האחרונה)
**בין היתר:** קאַפלאוויטש זכריה, יאַסקולקא, נח גולדשטיין ואחרים.

# זינגענדיקע שוסטער

## א.
## חיים־ברוך

זינגענדיקע שניידער זענען באַקאַנט. ס׳האָבן זיי באַשריבן שלום־עליכם, איציק מאַנגער א״א. שוסטער האָבן אָבער אַזאַ מזל נישט געהאַט. אויסער אברהם רייזן, וואָס האָט זיי באַזונגען אין אַן איינציקן ליד: „העמערל, העמערל קלאַפּ״, ווי ס׳איז ביי נאַכט, דער זייגער שלאָגט שוין אויס באַלד 12 און דער אָרעמער שווער פאַרפּראַצעוועטער שוסטער דאַרף נאָך אַרויספּאַרטיקן פאַר דעם גבירס טעכטערל די שיך...

עס זענען אָבער אויך געווען זינגענדיקע שוסטער, איינער פון זיי איז געווען מיין פריינד חיים ברוך, וועמעס געזאַנג איך הער נאָך עד היום.

מיט זיין באַליבטן „יעמוד מורינו ורבינו״, וואָס ער פלעגט יעדן אויפרופן, וועל איך אים דאָ פאַר אייך פאַרשטעלן. כ׳ווייס, אַז נישט אַלע אין פּולטוסק האָבן אים געקענט. די, וואָס האָבן אים יאָ געקענט, האָבן אין אים געזען אַ מין פריילעכן קבצן.

אָט איז זיינס אַ באַליבט ליד, וואָס איז אגב געווען צוגעפּאַסט צו אים און צו זיין געמיט: „איך זינג זיך שטענדיק פריילעכע לידער / און פרעג ביי קיינעם קיין שאלות / ווייל צווישן אַלע, מיינע גוטע ברידער / געפינט זיך בלויז דער דלות״.

און אַלס אַזאַ־אַ, איז ער נישט מחויב צו גיין אין טעאַטער, ווייל אַלע טאָג האָט ער „אין שטוב אַ טעאַטער מיט אַ נייעם אַקט / איין קינד קוויטשעט, דאָס צווייטע מרושעט / און דאָס ווייבל קלאַפּט מיר צו צום טאַקט...״

זיין גאַנץ לעבן אַ פאַרהאָרעוועטער, אָבער אַ פריילעכער. פון די יונגע יאָרן אָן איז ער געזעסן... נישט אין תפיסה, חלילה, נאָר אויפן שוסטער־בענקל.

יאָ, אין תפיסה זיצן דאָס רוב פאַרברעכער, אידעאַליסטן, פרייהייטס־קעמפער. אָבער ער איז ערלעך, זיין אידעאַליזם באַגרענעצט זיך צו די פאָר שיך וואָס ער מאַכט.

אין ערשטן וועלט־קריג איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד צוזאַמען מיט זיין יונגער שיינער פרוי. דאָרט מיטגעמאַכט די שווערע רעוואָלוציע־יאָרן און דעם בירגער־קריג. אויך דאָרט ווי דאָ — איז ער אין דער צייט אָפּגעזעסן אויפן שוסטער־בענקל און געאַרבעט שיך מיט התמדה, געזאָרגט, אַז די פאָר שיך אָדער שטיוול זאָלן אַרויסקומען „טיפּ־טאָפּ״: גוט, שיין און שטאַרק. די הענט זיינע ווי די פינגער זענען פון די אַרבעטס־כלים און דראַטווען ציען געווען צעשניטן און אויסגעדרייט ווי זיין גאַנצער גוף. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט איז זיין קערפּער געווען געבויגן אויף פאַרויס ווי אַן אויסגעקרומטער שטאַם פון אַ בוים. ראַזירן פלעגט ער זיך נאָר אויף שבת. פלעגט טאַקע זיין פנים מיט יעדן טאָג ווערן שוואַרצער, אי פון דער אָנגעוואַקסענער באָרד, אי פון דעם טינט, סמאָלע און וואַקס, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין די הענט.

ער איז געווען אַ גוטער שוסטער און אַ שלעכטער פרנסה־געבער, כאָטש זיין אַרבעטס־טאָג האָט זיך פאַרצויגן ביז 12—14 שעה אין מעת־לעת.

סך הכל האָב איך מיט אים געאַרבעט אין דעם זעלבן וואַרשטאַט אַלס שטעפּער ביי אַ צוויי יאָר צייט, דאָך האָב איך באַוויזן זיך אָנצוזאַפּן מיט זיינע לידלעך, אַז ס׳זאָל מיר סטייען אויפן גאַנצן לעבן. די לידער זענען געווען פון כל המינים: פון דער השכלה־עפּאָכע; פון גאָדפאַדן־טעאַטער; פון אַסימילאַטאָרן און חוזר בתשובהניקעס; רעוואָלוציאָנערע לידער פון 5־טן יאָר; פון דער רוסישער רעוואָלוציע און דעם בירגער־קריג א״א. ער איז געווען ווי אַ סימבאָל פון יידישן אָפּטימיזם ביי די שווערסטע לעבנס־באַדינגונגען. זיינע נגונים מיט די טעקסטן פלאָנטערן מיר זיך שטענדיק אין רעיון. זיי האָבן זיך איינגעבירגערט אין מיר אויף עולם ועד.

אַזאַ הערלעכן יידישן האָראָפּאַשניק ווי ס׳איז געווען אונדזער פּולטוסקער חיים־ברוך, קען מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער איז אומגעקומען ערגעץ אין אַ ווייס־רוסיש שטעטל מיט פרוי און קינדער. הי״ד.

## ב.
## פרויעם (אפרים) גריטשאַק

פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער איז געווען פרויעם גריטשאַק. קליינערהייט געבליבן אַ יתום. זיין מוטער פלעגט

אים אַנטקעגנקומען, ווען ער פלעגט ביי איר אַלס קינד בעטן:
— מאַמע דאָבעלע, אַ בייגעלע וויל איך.
— מאַמע דאָבעלע, אַן אייעלע וויל איך.

אָבער ווען ער איז עלטער געוואָרן און אין חדר נישט געוואָלט גיין, האָט אים די געטרייע מאַמע בלית ברירה יונגערהייט אַוועקגעגעבן פאַר אַ שוסטער. ער פלעגט מיט זיינע גלייכווערטלעך, פאַראַדיעס און לידלעך דערגיין ממש צו ווירטואָזיטעט. באַזינגען פלעגט ער אַלץ און אַלעמען. צו יעדן יום־טוב פלעגט ער צופּאַסן אַ ליד אָדער אַ קופּלעט. טייל קופּלעטן זענען געווען אַ צונויפמיש פון טעקסטן פאַר צוויי יום־טובים צוזאַמען. ווי אַ בדחן באַזינגען אַ כלה. גע־לייענט אַ כתובה ווי אַ מסדר קידושין. סיי דאָס זינגען, סיי דאָס זאָגן איז געווען באַגלייט מיט אַ וווּנדערבאַרער מימיק. אַן אַמתער אַרטיסט. ס'איז געווען צו שטוינען, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו אַזאַ האַלב־אַנאַלפאַבעטישן בחור אַזעלכע פעיקייטן. ווען ער וואָלט באַקומען די געהעריקע טעאַטראַלע בילדונג, וואָלט ער, בלי שום ספק, אויסגעוואַקסן איינער פון די גרעסטע אַרטיסטן און טעאַטער־קאָמיקער.

אומגעקומען איז ער צוזאַמען מיטן מאַקאָווער יידנטום, וווּ ער האָט נאָך זיין חתונה געוווינט.

איך בין מער ווי זיכער, אַז אויך אין אָנבליק פונעם גרוי־ליקן גרויזאַמען טויט, האָט ער מיט זיין הומאָר און וויץ באַ־צווּנגען צו לאַכן די, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זיין נאָענטער סביבה. הי"ד.

# נשים צדקניות ועסקניות
## פרויען צדקתטעס און כלל־טוערינס



→

הרבנית **ברכה חיי־שרה** לוינטל ע"ה, אשת הרב הגאון ישׂשכר הלוי לוינטל זצ"ל ששימש כרב דמתא בק"ק פולטוסק עד לתקופת השואה הנאצית. היא אשר הוציאה מחדש את ספרו של בעלה המנוח „ברכת יצחק" וכתבה גם דברי הקדמה בשער הספר (ראה: „רבני פולטוסק", הרב לוינטל). היתה אשה בעלת לב טוב ונוחה לבריות. השתדלה תמיד להקל על הזולת שנמצא במצוקה; נפטרה בישראל.

די רביצן **ברכה חיי שרה ע"ה**
(פרוי פון הרב לעווינטאַל ז"ל)



←

**פייגע ליפּסקער ז"ל**, פרוי פון ר' זלמן שוחט, ז"ל. (געשט. אין יאָר 1922, אין פולטוסק)



→

די עסקנטע **גיטעלע קליגער**, פרוי פון ר' חיים לייב קליגער שו"ב ז"ל;ביידע אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, הי"ד. (זע דעם אַרטיקל איבער דעם א"ד שוחט, ז' 46)



←

(אַ בילד, אָנקומענדיק אין לאַנד, יאָר 1936)
**חיה־ברײנע* ז"ל**, די פרוי פון ר' הערשל אראַנאָוויטש שו"ב ז"ל. אַן אַשה צדקנית מיט אַ וואַרעם האַרץ פאַר נויטבאַדערפטיקע. נפטר געוואָרן אין י"ג חשוון, תשל"א (12.11.70) אין ישראל.

* די ידיעה וועגן איר טויט איז דערהאַלטן געוואָרן נאָכן אָפּדרוקן דעם אַרטיקל „אונדזער היים" פון דן אראַנאָוויטש (זע: ז' 261).

# נשים צדקניות

## פייגה רוזה רוזנברג

מספר מילים לדמותה של אמי ז"ל

שני מקרים שעשו עלי רושם רב בזמנו ושאת משמעותם האמיתית הנני מבינה עכשיו הרבה יותר, יש ברצוני לתאר ברשימה זו.

המקרה הראשון קרה בתקופת משפט בייליס, שהסעיר את כל העולם. בייליס היה יהודי רוסי שהשכנים הנוצרים העלילו עליו כי הרג ילד נוצרי והשתמש בדמו למצות. אחרי עינויים שוחרר בייליס ויצא זכאי. כששחקתי עם עוד מספר ילדים בחצר שלנו הופיעה לפתע ילדה פולניה והתחילה לצעוק עלינו וקראה לנו „בייליס". כולנו התרגזנו ובחצר רעש והמולה. פתאום הופיעה אמי ז"ל והילדה ממשיכה לקרוא לנו בשם זה אבל יותר בשקט. אז פנתה אמי ז"ל לילדה ואמרה: „התקרבי אלי והגידי „בייליס" בקול רם ואני אתן לך קופיקה עבור כל קריאה „בייליס", כי השם הזה לכבוד הוא לעמנו".

המקרה השני שהשאיר עלי רושם חזק היה התנהגותה של אמי ז"ל עם בתה של השוערת שלנו: הנערה ילדה ילד בלתי חוקי ובו בזמן שכל הסביבה לעגה לה, אמי ז"ל היתה שולחת לה כל יום ארוחת צהרים וכאשר שאלתי למה צריך לשלוח לה אוכל, אמרה אמי ז"ל: „היא מניקה ילד והיא זקוקה לאוכל טוב יותר. הילד אינו אשם".

ובזכרי שאמי ז"ל היתה יהודיה אדוקה והבת הזאת היתה נוצריה היה הדבר לפלא בעיני. אמי ז"ל היתה אומרת: „צריך לאהוב את האדם באשר הוא אדם".

הלואי וירבו דמויות כאלו בעולם ואז יהיו החיים יותר יפים וקלים.

פנינה גולדמן (פרל רוזנברג)

## חנה באשה

מי מאנשי פולטוסק לא הכיר את האשה המופלאה הזאת? תולדות חייה ידועים לי, מספורי אמי ז"ל.

חנה באשה נאספה כיתומה עזובה לבית סבי ר' שלמה־ניסן צינמון. גדלה יחד עם בני סבי וסבתי. אין פלא שאמי ראתה אותה תמיד כאחות. נשאה לאיש אמיד אבל מוזר, פורש מהצבור. תושבי עירנו כנוהו „זלמן גוי". לעומתו היתה אשתו, חנה באשה, אשה טובת לב ואוהבת בריות עד להפליא. היתה חשוכת בנים לכן ראתה בכל ילד חלק יקר מאוצר האומה הישראלית.

חנה באשה היתה שוחרת תורה וחכמת ישראל, אם כי בעצמה לא ידעה קרוא וכתוב, יעוד חייה — לאפשר לבחורי ישראל ללמוד בישיבה שבפולטוסק. לא חסכה עמל לאסוף כספים, חפצים, בראש וראשונה כלי מיטה לבחורי ישיבה שהגיעו לעירנו ממרחקים. היא טפלה בכל מחזור של תלמידי הישיבה, חלקה אותם לבתים לאכול „ימים", דאגה לכסות ואף ארגנה להם אירועים שונים בשבתות ומועדים.

זכור בודאי לכל אנשי פולטוסק ביתה בן שתי קומות בפינת הרחובות: קוטלרסקה—סנטורסקה. במרתף ביתה היה תנור בו היתה מעמידה את החמין (טשולנט) של כל דיכפין. בתנור הזה היתה אופה חלות לשבת למכירה, אבל תמיד נשאר לה מספר חלות לחלק בבתים, חנם אין כסף, למי שידו לא היתה משגת צרכי שבת. היא ראתה במעשיה דבר מובן מאליו, שכל יהודי חייב לעשותו. תוך יושר לבה רצתה שכל הבגדים או הכספים שאספה, יהיו מסומנים, רשומים ובדוקים, כי כפי שציינתי, לא ידעה בעצמה לנהל דבר בכתב. על כן רתמה את אמי חנה גרינברג, שאנשי העיר כנוה „חנה'לה די שרייבערין" והטילה עליה את התפקיד של מזכירה. הפנקס של אמי היה מעין ספר החיים של המוסדות הדתיים דאז.

חנה באשה היתה בין פליטי פולטוסק שהנאצים גרשו מהעיר. היא התגלגלה לביאליסטוק ושם נפטרה. שמעתי מפי נצולי השואה, שחנה באשה, זכתה ללויה גדולה ולקבורה מכובדת.

מרים טל (מניה גרינברג)

## חנה באשע

(די בעקערין)

קינד און קייט האָבן געקענט חנה־באַשען. אַלע האָבן געוווּסט, אַז שטענדיק לויפט זי אַרום איבער דער שטאָט, כדי עמעצן אַרויסצוהעלפן. זי איז אומעטום אַרויסגעוואַקסן אין דער ריכטיקער צייט. דאָ איז זי מבקר חולה אַ קראַנקן און באַלד האָט מען זי געפונען ביי אַ געליטענער משפחה. אומעטום פלעגט זי ברענגען טרייסט, האָפענונג און פאַר־לייכטערונג און איז געבענטשט געוואָרן פון צענדליקער מענטשן, זי זאָל מאריך־ימים זיין.

אויף ראָג קאַטליאַרסקע—סענאַטאַרסקע, אַנטקעגן לעוואַנ־דאָווסקיס שיינע געביידע מיטן גרויסן הויף און נאָך גרעסערן סאַד, ווו אַ ייד האָט נישט געהאַט קיין דריסת־הרגל, איז געשטאַנען אַ גרויער מויער מיט אַ קליין הייפעלע. דאָס הויז איז באַוווינט געווען מיט 4—5 לאָקאַטאַרן און זיינע אייגנ־טימער זענען געווען: זי, חנה־באַשע מיט איר מאַן זלמן זילבערמאַן, און דאָ האָט זיך געפונען זייער בעקעריי.

איר מאַן, ר׳ זלמן, איז געווען אַ שטיקל קמצן. מ׳האָט געוווסט, אַז ער איז אַ שטרענגער און אַ בייזער און אַז ער קריגט זיך אַרום מיט די לאָקאַטאַרן.

זיין פרוי, חנה־באַשע, איז געווען אַ קליינע צעקנייטשטע יידענע, נישט קיין איבערגעשפּיצטע, רעדן האָט זי ליב געהאַט ווי דער שטייגער ביי אַלע פרויען, אַביסל איבער דער מאָס. דער שייטל אויפן קאָפּ איז נישט געווען אויפגעפּאַסט, שטענדיק, איבערהויפּט אין דער וואָכן, האָבן פון אים אויס־געשטאַרטשעט בינטלעך האָר און געריסן זיך יוצא־דופנדיק אין דער הייך. גלייכצייטיק האָט אַ דינער שיכט מעל פאַר־שטויבט ביי איר אַ האַלבן קאָפּ מיט איין באַק.

דאָס פּאָרפאָלק האָט נישט געהאַט קיין קינדער און גע־שלאָגענע פון גורל האָבן זיי געבענקט די גאַנצע יאָרן נאָך אַ יורש, ביז דער מאַן איז אַוועק אויפן עולם האמת...

בלייבנדיק אַן אַלמנה איז דער גאַנצער לאַסט פון דער בעקעריי געפאַלן אויף אירע פּלייצעס.

די איינפאַכע, פּשוטע חנה־באַשע האָט נאָכן מאַנס טויט אויפגעבונדן די פליגל און באַוויזן, אַז זי שטייט אין אַלע הינזיכטן העכער פון אים. ס׳ערשטע, האָט זי געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה און איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן סיום־הספר. ווען מ׳האָט די הייליקע תורה געפירט אונטער אַ חופּה אין שול אַריין מיט מוזיק, זענען די גאַסן געפּאַקט געוואָרן מיט דער יידישער באַפעלקערונג.

„מצוה גוררת מצוה" — איין גוטער טאַט שלעפּט נאָך מיט זיך אַ צווייטן. אין די איינזאַמע אָוונטן האָט חנה־באַשע געמאַכט פאַר זיך אַ שטיקל חשבון־הנפש. די יאָרן לויפן אַדורך, מען וועט דאָך אַמאָל דאַרפן אָפּגעבן רעכענונג דעם „וואָס איבער אונדז". אויב זי וועט אַליין נישט צוגרייטן זיך אַ פּעקל מצוות און מעשים־טובים, ווער וועט פאַר איר זאָרגן, ווען אפילו קיין קינדער איז נישטאָ?!

זי האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ שותף אין דער בעקעריי, זי זאָל נישט דאַרפן צו טראָגן דעם גאַנצן עול אויף אירע פּלייצעס. געטראַכט און געטאָן, אַריינגענומען אַ שותף און געהאַט מער צייט צו טאָן עפּעס לטובת הכלל.

„אין לך דבר העומד בפני הרצון" — ביי וועמען ס׳איז פאַראַן אַ דראַנג צו טאָן גוטס, וועט שטענדיק געפונען. מצוות וואַלגערן זיך אין די גאַסן, מ׳דאַרף זיך נאָר איינבייגן...

אַט האָט זיך געגרינדעט אין פּולטוסק אַ מוסר־ישיבה. פון שטעט און שטעטלעך זענען געקומען יינגע בחורים, וואָס „דער מאַמעס מילך ליגט זיי נאָך אויף די ליפּן", זיצן און לערנען מיט גרויס התמדה און דער ניגון פון דער גמרא צע־שפּרייט זיך אין דער גאַנצער סביבה. ווער עס וויל, אַז דער ניגון זאָל נישט איבערגעריסן ווערן, דער קאָן געפינען אַ סך אַרבעט. מ׳דאַרף זאָרגן פאַר די ישיבה־בחורים, זיי זאָלן האָבן גוטע „טעג" און באַקוועמע נאַכט־לעגערס. מען דאַרף זיי אויסוואַשן אַ העמד, פאַרריכטן אַ פּאָר שיך אָדער זאָרגן פאַר אַ מלבוש. האָט זיך טאַקע חנה־באַשע אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט הילף פאַר דער ישיבה און געוואָרן פאַר די ישיבה־בחורים ממש אַ מאַמע.

ביי איינעם האָט זי דערזען, אַז עס פעלט אַ קנעפּל ביים העמד, אַ צווייטער האָט נישט קיין בגד, ביי אַ דריטן זענען די קאַמאַשן אויסגעקרומט, ביי אַ פערטן — אַן אויסגעריבענע פּיענטע ביים סקאַרפּעט, דער דאַרף זיך אָפּשערן, אַן אַנדערער זעט אויס בלאַס, האָט נישט קיין אַפּעטיט צום עסן און מען דאַרף אים באַזאָרגן אַ דאָקטאָר. זי, די קינדערלאָזע חנה־באַשע, האָט איצט צענדליקער קינדער, מיט וועלכע זי איז זיך מטפּל און ציטערט איבער זיי נישט ווייניקער ווי זייערע אמתע טאַטע־מאַמע.

אַלע ישיבה־בחורים האָבן חנה־באַשען ממש ליב באַקו־מען און איר אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

שטאַרק צוגעבונדן איז זי געווען צו די ישיבה־יינגלעך. זומער און ווינטער פלעגט מען איר טרעפן אונטערן בית־המדרש־פענצטער מיטן געעפנטן קרבן־מנחה־סידור דאַוונען מיטן ישיבה־מנין, מיט אירע „קינדער". זי איז גרייט געווען צו גיין אין פייער און אין וואַסער, אַבי צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די יינגענקע ביימעלעך, וואָס האָבן פאַרלאָזט טאַטע־מאַמע און אַוועקגעוואַנדערט אין דער פרעמד לערנען תורה.

מיט פרייד האָט זי אַוועקגעשאָנקען איר וואַרעם האַרץ, איר ענערגיע און געלט פאַר דער פּולטוסקער ישיבה. מיט איר איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיינע קיך פאַר די ישיבה בחורים ביי שמואלע קאַלפּוס אין שטוב, וועלכער איז אויך געווען קינדערלאָז, האָט ער געוואָלט טאָן עפּעס אַ מצוה; ביי אים האָבן זיי אַלע צוזאַמען געגעסן און גע־בענטשט מיטן „מנין".

זי האָט אַוועקגעשאָנקען אירע טעג און נעכט, שבתים און יום־טובים דער ישיבה, באַדינענדיק יינגע ווי אויך

עלטערע תלמידי־חכמים מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט און נישט נאָר פאַר דער ישיבה.

יעדן ערב־שבת פלעגט זי צוגרייטן גאַנצע טעפּ מיט טיי, פלעגט זיי האַלטן אין טשאָלנט־אויוון און אַ גאַנצן שבת זענען געקומען פולטוסקער פרומע יידן ביי איר זיך מהנה זיין מיט אַ ביסל וואַרעמס אין די קאַלטע ווינטער־שבתים.

זי איז געווען איבערצייגט, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר ווען אויף איר מגין זיין די דאָזיקע מעשים־טובים און זי וועט זוכה זיין צו זיצן מיט איר זלמענען אין שאָטן פון דער שיינענדיקער שכינה, גלייך מיט אַלע אַנדערע אָפּגעהיטענע יידן, פאַר וועלכע עס איז אָנגעגרייט ש״י עולמות. יהי זכרה ברוך. משה סרעברא

## ראכטשע די קצבטע
(1826—1933)

איינע פון די פאַרצווייגסטע יידישע משפחות אין פּול־טוסק איז געווען די משפחה פון ראָכטשע די קצבטע.

ראָכטשע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1826 אינעם שכנותדיקן שטעטל רוזשאַן. ווי ס׳איז אָנגענומען געווען אין יענע אַלטע צייטן, אַז נאָך גאָר אַ יונג מיידל קאָן שוין ראוי זיין לחופה, האָט מען איר גאַנץ פרי חתונה געמאַכט, נאָך נישט זייענדיק קיין פולע 12 יאָר אַלט מיט מאיר פּיעקאַרזש פון פולטוסק, אַ ייד, אַ חסיד, וועלכע האָט אים געבוירן 4 זין או׳



ראָכטשע די קצבטע (רחל פּיעקאַרזש) אַלט זייענדיק דאָ 82 יאָר

5 טעכטער*.

איר מאַן, מאיר, אַ ראַדזימינער חסיד, פלעגט פאָרן אָפט צו זיין רבין און זיך מיט אים, ווי דער שטייגער, שואל עצה זיין אין אַלע זיינע ענינים. ער פלעגט אַלע מאָל עפּעס אויס־בעטן ביים רבין אַ ברכה פאַר דער שטוב. נאָר אויף איין זאַך, אריכות ימים, האָט ער נישט געקאָנט אויסבעטן און נאָך אַ קראַנקהייט איז ער פרי אָפּגעשטאָרבן, נאָך נישט זייענדיק קיין 50 יאָר אַלט.

די יינגע אלמנה ראָכטשע איז געווען אַ שיינע קרעפטיקע פרוי און דערצו פאַרמאָגט אַ גוט הארץ מיט אַן אָפענע האַנט אויף צו געבן צדקה און העלפן מענטשן אין אַן עת־צרה. קיין שום שטערונג האָט איר נישט אָפּגעהאַלטן, ווען איר גוטער ווילן האָט אויפגעוואַכט. אין די רעגנס, אין די שנייען איז זי געלאָפן, מיט אַ מסירת־נפש וואָס האָט קיין גבול, דאָרט אין די מקומות, וווּ איר הילף האָט געדאַרפט קומען... צי מיט געלט, צי מיט אַ מתנה, צי מיט אַ גוט שטיקל פלייש פון איר יאַטקע. באַקאַנט און אָנגענומען איז זי געווען אין אַלע קרייזן פון שטאָט, סיי יידישע, סיי קריסטלעכע.

ווען עמעצער האָט זיך געפונען אין אַ נויט, איז ראָכטשע געווען זיין גואלטע; ווען אַ יידישער בחור האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון מיליטער־דינסט, האָט ער זיך נאָר געדאַרפט ווענדן צו ראָכטשען, אַזוי איז ער גלייך באַפרייט געוואָרן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן און „פּאַניען״ נישט געדינט, ווייל פאַר ראָכטשע די קצבטע זענען אַ סך טירן אין שטאָט געווען אָפן... זי איז געווען גאַנץ פאַרמעגלעך; איר אייגן הויז אין מאַרק, נישט ווייט פון דער פּאָסט, האָט אויף דעם עדות געזאָגט.

טראָץ דעם, וואָס זי איז געוואָרן יונג אַן אַלמנה און געווען נאָך גענוג שיין, האָט זי פונדעסטוועגן נישט געוואָלט זיך מער מיט אַ מאַן פאַרבינדן, כאָטש עס האָט איר נישט געפעלט קיין בעלנים. זי האָט זיך בלויז געווידמעט פאַר דער שטוב, פאַר דער יאַטקע און פאַר די קינדער. און במקום איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, איז זי אַלע מאָל געפאָרן צום ראַדזימינער צדיק. אַלץ וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען מיט דער צושטימונג פון רבין. ווי נאָר אַ טאָכטער איז געוואָרן ראוי לחופה, איז זי גלייך אַוועק צום רבין און געבעטן פאַר איר אַ גוטן בחור. אַלס אַ גוט באַקאַנטע אין רבינס הויז, פלעגט איר דער רבי אַלע מאָל געבן אַ מין שריפטלעכע אָנווייזונג צו איינע פון די ישיבות און פון דאָרט יעדעס מאָל געבראַכט אַ בחור, אַ צאַצקע, פון די בעסטע אין דער ישיבה, אַזוי אַז

* זין: יידל, איטשע, דוד, שלמה; טעכטער: חוה,ביילע, אסתר, פרומטשע, שרה.

אַלע אירע 5 איידעמס זענען געווען גרויסע תלמידי־חכמים מיט שאַרפע קעפּ, אַז סטאַט האָט זיך מיט זיי געבענטשט. זי האָט זיי געקויפט מיט שיינעם נדן, חתונה־אויססטייער און יאָרן קעסט. אַריינגענומען זיי צו זיך אין הויז און יעדן אָפּגעגעבן אַ וווינונג.

שיין איז געווען דאָס משפּחה־בילד ביי אַ שבתדיקן טיש, ווי אירע טעכטער מיט די איידעמס אין די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט די סאַמעטענע היטלען זענען געווען אַרומ־געזעצט, די זמירות האָבן אָפּגעקלונגען איבערן מאַרק און זי, ראָכטשע די קצבטע, איז געזעסן אויבן אָן און געשיינט פון גליק, אָנקוועלנדיק פון אירע צאַצקעדיקע איידעמס, וועלכע האָבן איר אָפּגעגעבן גרויסן כבוד. דער ווייַן האָט געפינקלט אין דער גראָב־בייכיקער „קאַראַפקע", די לייכטער האָבן מיט זייער זילבער געגלאַנצט, די פלעמעלעך פון די שבת־ליכט צוזאַמען מיטן שאַרפן בליץ־לאָמפּ האָבן באַלויכטן דעם ווייס־געשפּרייטן שבתדיקן טיש. נישט איינמאָל האָט געציטערט אַ טרער אין איר אויג, אין אַזעלכע שעהען, דערמאָנענדיק זיך, אַז איר מאיר האָט נישט דערלעבט צו טיילן זיך מיט איר מיטן דאָזיקן נחת, וואָס האָט אויסגעפילט דעם חלל פון דער שטוב אין די שבתים, יום־טובים, ווי אויך אַ גאַנץ יאָר.

איר עלטסטע טאָכטער, חוה, האָט זי אויסגעגעבן פאַר אהרן לייב גורמאַן ז"ל. געווען אַ גערער חסיד, אַ ייד אַ בן־תורה, אַ פּיקח, נאָר אויסגעזען ווי פאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן; גיך־באַוועגלעך און צעוואָרפן אינעם רעיון, שטענ־דיק געקייט אַ וואָנסע און געגלעט זי מיט די ליפּן, ווי דאָ וואָלט ער געטראַכט פון אַ שווער־פאַרפּלאָנטערטער סוגיא און אָט זענען שוין זיינע געדאַנקען איבערגעלאָפן צום מסחר; ער איז געווען אַ פעל־הענדלער.

איר טאָכטערביילע (הי"ד) האָט חתונה געהאַט מיט מענדל בערענט ז"ל, אַ ראַדזימינער חסיד, אַ שטילער איידע־לער מענטש, אַ חובב־ספר מיט אַן הדרת פנים. ווי זיין שווער ז"ל האָט ער אויך נישט מאריך ימים געווען און פרי אַוועק פון דער וועלט.

אסתרס מאַן, יוסף מאיר בראַמזאָן, איז געווען אַ גערער חסיד, אַ בן־תורה, אויך אַ שטילער, אַ באַשיידענער יונגער־מאַן מיט ליכטיקע אויגן, אָבער ווען זיינס אַ טאָכטער איז אַוועק לערנען אין דער פוילישער גימנאַזיע, ווו עס איז געווען פאַרבונדן מיט חילול־שבת, האָט ער זיך צעפלאַקערט קנאיש און אַרויס פון זיין שטילקייט... זי האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטוב און זיין ביי קרובים.

ער איז געווען זעלטן שיין. ווען ער איז אָנגעקומען צו זיין חתונה, דערציילט מען, האָבן זיך אויפגעפּראַלט טיר און פענצטער, אַלן האָבן אים באַוווּנדערט. אפילו קריסטלעכע שכנים זענען געלאָפן אָנקוקן אסתרס שוואַרץ־חנעוודיקן חתן.

יוסף גראַסבאַרד ז"ל, פרומטשעס מאַן, איז געווען אַן אויסנאַם פון אַ בחור, אַחוץ אַ בן־תורה און אַ גרויסער מתמיד אויך שיין, עלעגאַנט און פעדאַנדיש. ער איז געווען אַ גוטער בעל־מסביר און מיטשמועסער און געהאַט פעדאַגאָגישע פעיִ־קייטן. געווען זייער פרום, אַז מענטשן פלעגן דרשענען די שייכות פון זיין פרוי, וועלכע הייסט פרומטשע — מיט זיין פרומקייט... שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר נישט געווען אַזוי פרום ווי מ'האָט געמיינט. אין דער שטיל האָט ער געלייענט טריף־פּסולע ביכער און געווען פאַרטיפט אין דער השכלה־ליטעראַטור. ווען דער דייטש האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען פולטוסק, האָט יוסף געענ־דערט זיין פאַמיליע־נאָמען: וויעלקאָבראָדאָ — אויף גראָס־באָרד. אַראָפּגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע יידישע הלבשה, מעשה־דייטש, און געוואָרן אַ לערער פון דייטש און העברעיִש. אויף זיין פרוי, פרומטשע, האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל און אויסגעטאָן דאָס שייטל...

זייערע קינדער האָבן באַקומען אַן אייראָפּעיִשע דערציונג. די עלטסטע טאָכטער, חייקה גראַסבאָרד־פּיעקאַרזש, איז געווען אַן אָפיציעלע אָנגעזעענע לערערין אין דער פולטוסקער פּאָוו־שעכנער מלוכה־שול (אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד ביי די נאַציס, ימ"ש).

ישראל טראַכנאָווסקי, יבדל לחיים ארוכים, האָט חתונה געהאַט מיט ראָכטשעס ייִנגסטע טאָכטער, שרה. אין דער ישיבה, ווו ער האָט געלערנט האָט מען אים גערופן „דער גאָוואָראָווער עילוי". געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, געווען אַ בקי אין די דראָבנע אותיות, אַ דרייסטער, אַ פריילעכער מיט לאַכעדיקע אויגן און מיט אַ קלאָרער אויסשפּראַך. געווען אַ גוזלשאַפטלעכער טיפּ, אַ מעורב בין הבריות. אונטערן איינ־פלוס פון זיין שוואָגער, יוסף ז"ל, איז ער געווען אָנגעשטעקט מיט השכלה און געהאַט מיט דער יוגנט אַ געמיינזאַמע שפּראַך. געווען אַ מין אויפגעקלערטער רעליגיעזער ציוניסט... אין ראַדזימינער שטיבל פלעגט ער דאַווענען שבתים און יום־טובים, ווייל ער האָט געוווינט אין דעם זעלבן הויז, ווו דאָס שטיבל איז געווען — ביי שאַפּראַנען.

על פּי רוב פלעגט ער שטיין ביי דער טיר פונעם שטיבל, ביי דעם כיור אָדער אין פאָדערהויז מיטן וואָלענעם טלית אויף די ברייטע פּלייצעס און כאַפּן אַ שמועס אָדער אַ דיס־קוסיע מיט די אויסגעפּוצטע אויפגעקלערטע בחורים, בשעת קריאת התורה. די ראַדזימינער חסידים האָבן אויף אים קרום געקוקט, אים געהאַלטן פאַר אַ מסית ומדיח, אַ מין אפּיקורוס,

ר"ל. ער איז אויך געווען אַ בורר ביי דין־תורהס, אַן אָפטער אַריינגייער אין בית־דין שטוב. ער לעבט היינט אין אַמעריקע און זעצט פאָר די אַלטע יידישע טראַדיציע.

סיי די זין *, סיי די טעכטער זענען געגאַנגען אין דער באָבע ראָכטשעס וועגן. כמעט אַלע האָבן פאַר זייערע טעכטער אויסגעקליבן איידעמס בעלי־תורה, בחורים פון בעסטן סאָרט, מיט וועלכע מ'האָט געקאָנט שטאָלצירן. אין די לעצטע יאָרן פון איר לעבן איז די באָבע ראָכטשע געוואָרן בלינד, דאָך האָט זי דערקענט יעדן פון דער משפחה לויטן קול.

אַלט זייענדיק 107 יאָר האָבן די חברה־קדישא־ווייבער איר אויסגעפוצט אין אירע צוגעגרייטע תכריכים, נאָך דעם ווי זי האָט איבערגעגעבן איר הייליקע נשמה אין די הענט פון די גוטע מלאכים, וועלכע האָבן איר, לויט אירע מעשים טובים, געוויס אַריינגעפירט גלייך אין גן־עדן. געהאַט אַ גרויסע לוויה, כמעט די גאַנצע שטאָט האָט דער באָבע ראָכטשע באַגלייט צו איר אייביקער רו, צווישן די באַגלייטער זענען געווען 136 קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך **.

משה סרעברא

*

די באָבע ראָכטשע, אָדער ראָכטשע די קצבטע — ווי מ'האָט זי אין שטאָט גערופן — איז געווען פון די עלטסטע פרויען אין פולטוסק. צו 33 יאָר איז זי געבליבן אַן אַלמנה און אַליין דערצויגן אירע קינדער. זי האָט געפירט אַ „יאַטקע", וועלכע האָט געשמט אין שטאָט פאַר דער בעסטער; אַ גוט שטיקל פלייש איז געווען צובאַקומען נאָר ביי ראָכטשען דער קצבטע. זי איז געווען פאַרמעגלעך און דערמיט געטאָן אַ סך גוטע מעשים. זי האָט זיך אויך פאַרשאַפט שיינע איידעמס, צווישן זיי 2 איידעמס, גרויסע למדנים און משכילים, וועלכע פלעגן האַלטן אין שטאָט רעפעראַטן איבער די חכמי התורה און פירן אינטערעסאַנטע שמועסן איבערן רמב"ם און זיין „מורה נבוכים".

די באָבע ראָכטשע איז אויך געווען ציוניסטיש געשטימט; געקויפט אַ שקל און פיל ביישטייערט פאַר די ציוניסטישע קרנות. זי פלעגט זאָגן: „אַז די קינדערלעך ווילן זיך שפּילן אין ציוניזם, דאַרף מען זיי נישט שטערן. אפשר וועט פון זיי קומען די גאולה".

אָנגענומען איז געווען די באָבע ראָכטשע אין שטאָט, געניסנדיק דערביי פון פיל שטאָטישע פּריווילעגיעס.

---

* איר עלצטער זון, יידל פיעקאַרזש איז געשטאָרבן אין 1939 יאָר, האַרט פאַר דער 2־טער וועלט־מלחמה, אין עלטער פון 99 יאָר.

** פון אירע אוראייניקלעך זענען אייניקע געפאַלן פאַר דער באַפרייונג פון ישראל ווי: שטשופאַק, פּריש, קאָפּלאָוויטש; זיי ווערן אויסגערעכנט אין דעם ספר הזכרון אויף אַ צווייטן פלאַץ.

זי איז געווען באַקאַנט מיט אירע גוטהאַרציקייטן. זי פלעגט אויך העלפן „באַפרייען" פון מיליטער יונגע בחורים, אַ דאַנק איר השתדלות און אַנזען, וואָס האָט געמאַכט אויף יעדערן אַ רושם (וועלכע פלעגט אגב — אַלס „לא יחרץ" — באַזאָרגן „נאַטשאַלסטוואָ" און קריסטלעכע דעה־זאָגער אין שטאָט מיט אַ גאָר גוט שטיקל פלייש און ווען מ'האָט גע־דאַרפט — מיט עפעס מער ווי דאָס...). זי האָט אַרויסגערופן פיל אַכטונג מיט איר הילוך.

זי איז געווען אַ הויכע, גאַנץ זויבער אָנגעטאָן. אַלע האָבן איר באַזונדער געשעצט, ווען זי איז אַריין אין טיפן עלטער. צו 100 יאָר איז זי נאָך געגאַנגען גלייך. ד"ר בראון *, דער פּאָוויאַטאָווער שטאָט־דאָקטאָר, פלעגט נישט איינמאָל אָפּ־שטעלן דער באָבע ראָכטשע אינמיטן גאַס, ווען ער האָט זי באַגעגנט און זיך אויספרעגן אויף איר געזונט. זי האָט אַלץ און אַלעמען געדענקט אויפן קאָפּ. שטאָטישע פלעגן פאַרביי־גיין און אויספרווון איר זיכרון: „באָבעשי, ווער בין איך?" און זי פלעגט גלייך ענטפערן. ביי דער עלטער פון 106 יאָר, ווען דורך אַ צופאַל איז זי אַראָפּגעפאַלן פון אַ 2־טן שטאָק, האָט זיך ד"ר בראון שטאַרק מטפל געווען מיט איר. נאָך דעם פאַל האָט זי פאַרלוירן די ראיה.

זי איז געשטאָרבן 2 יאָר פאַר דעם היטלער־קריג. נאָך איר לוויה זענען נאָכגעגאַנגען אפילו קריסטן. זי האָט דער־לעבט אור־אור אייניקלעך. אייניקע פון זיי געפינען זיך אין ישראל.

אויפגענומען ביי ל. מ.

---

* ער איז געווען זייער שטרענג אין הלכות היגיענע. האָבן אים דערפאַר אַ טייל יידן, ספּעציעל די, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן, אין וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט ריינקייט — אים געהאַלטן פאַר אַן אַנטיסעמיט. עס זענען אָבער געווען פיל פאַלן, ווען ער פלעגט קומען צו אַ קראַנקן אָרעמען ייד — נישט נעמען פאַר דעם וויזיט קיין געלט און פלעגט נאָך פון זיין קעשענע צוגעבן אַ פאָר זלאָטעס. אַ זעלטנקייט ביי דאָקטוירים. געווען אפשר דער איינציקער ביי אונדז אין שטאָט, וועלכער האָט דאָס פּראַקטיצירט.

טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען פון דייטשישער אָפּשטאַמונג — נישט מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס, בעת דער מלחמה.

אין 1955 האָט ער נאָך פּראַקטיצירט אין שטאָט אַלס דאָקטאָר.

(לויט י. אַבראַמטשיק)

## פייגע רויזע די גלעזערקע

זי איז געווען פון די נשים צדקניות, פאָלקס־מענטשן מיט אַן עכט יידישן געפיל, וועלכע האָבן געטאָן זייערע מעשים־טובים לשמה.

ווער האָט זי נישט געקענט אין פולטוסק?

ווו נאָר אַ קראַנקער, ווו נאָר אַ נויטבאַדערפטיקער, אַ ייד, אַ „יורד", וואָס קיין מענטש האָט נאָך נישט געוווּסט פון זיין

**מצב** — האט רויזע שוין פאר אים געזארגט, צי מיט א ברויט, צי מיט א מלבוש, צי מיט אן אנדער מין צדקה, און דאס אלץ אין דער שטיל, נישט מבייש צו זיין, חלילה.

דא נעכטיקט זי ביי א חולה, וואס די שטוביקע זענען שוין מיד געווארן פון מטפל זיין זיך מיט אים, דעם באזארגט זי מיט שטיין־קוילן אויף איינצוהייצן דעם אויוון אין די גרויסע פרעסט און א צווייטן — מיט א נייטיקע רפואה, וואס זי האט פאר אים איינגעקויפט.

פרייטיק פאר נאכט, ווען די מארק־שטייערס איילן זיך שוין זייער ביסל סחורה אראפצונעמען פון די געשטעלן, ווייל דער קליינער עלעלע גוסמאן גייט שוין פון איינעם צום צווייטן, רופנדיק מיט זיין מילדן קול: „ערב־שבת, קינדערלעך, איילט זיך" — לויפט נאך פייגע־רויזע און בעט א פאר גראשן אויף א ברויט פאר א געפאלענעם ייד, פון וועלכן זי האט זיך דער־ווּסט אין דער לעצטער מינוט. און יעדער טראגט איר אנט־קעגן, ווייל מען ווייס, אז עס איז זיכער נייטיק ווען זי בעט.

באזונדער ווערט איז צו באצייכענען איר טעטיקייט, ווען ס׳איז אנטשטאנען די „בית־יוסף"־ישיבה אין פולטוסק, ווי פייגע־רויזע פלעגט ארומלויפן איבערן שטאט שאפן „טעג" פאר די ארעמע ישיבה־בחורים.

אזוי האט מען פייגע־רויזן שטענדיק געקאנט טרעפן אין יעדן ארט, ווו עס האט געהערשט א נויט, ביי לעבעדיקע און אפילו ביי טויטע, ווייל זי האט אויך געהערט צו חברה־קדישא. לאנג וועט זיין דער צעטל אויסצורעכענען די אלע מעשים־טובים, וואס די אלטע צדקנית האט געטאן פאר פולטוסקער.

## נעכע בוים (באקס)

באקס האט מען זי גערופן. אליין אן אלמנה מיט א שווערער פרנסה און דאך האט זי קיינמאל נישט פארגעסן, אז אויך אנדערע דארפן לעבן. זי פלעגט אפרייסן שטיקער פון איר פארהארעוועטער צייט און עס ווידמענען פאר ארעמע און נויטבאדערפטיקע. דעם א גמילת־חסד, דא קומט זי בעטן א ביסל יויך פאר א קראנקן, דארט — א שטיקל פיש אדער קיכל, ווייל דער שוואכער איז נישט געווען בכוח זיך דאס צו לייסטן, דעם טרייסט זי מיט א גוט ווארט, דערהייבנדיק זיין געשלאגן געמיט און לויפט ווייטער, ווייל זי מוז אויך פאר זיך זארגן און פאר איר קינד.

עס זענען געווען אין פולטוסק נאך פיל אנדערע נשים צדקניות ווי: חנה־באשע, ראכטשע די קצבטע, פייגע די אלעווניצקע, שיינע רחלע, איטע ועעסט א״א, וואס וועלן תמיד דערמאנט ווערן; וואס זייערע מעשים טובים וועלן פאר־צייכנט ווערן לדורות ביי דער פולטוסקער שארית הפליטה.

דאס זענען געווען הייליקע פאלקס־פרויען, וועלכע האבן זיך און זייער צייט געווידמעט צו צדקה־צוועקן נישט פאר כבוד וועגן און אוודאי נישט פאר באצאלט. אט די שרה־בת־טובימס — זיי האבן געשטראלט נישט מיט זייערע זכות־אבות אדער גרויס־בילדונג, נאר מיט זייערע הארציקע פשוטע מעשים־טובים, מיט דעם אומפארלאשענעם ליכט פון זייערע לייכטנדיקע נשמות.

**זכרונן לברכה.**

רבקה האלצמאן

---

## אסתר מינץ (אורלובסקי) ע״ה

**אשת** ר׳ מנדל מינץ ז״ל. היתה אדוקה מאד ונתנה **הרבה** צדקה בסתר. היו בתים שהיתה הולכת לשם **בכל יום** חמישי בשבוע להשאיר כסף או חבילות מזון. **אצל נשים** שמכרו מצרכים בשוק, בידעה את מצבם **הקשה** אך לא אבו לקבל נדבות — היתה „קונה" **אצלן איזה** דברים קטנים ותוך כדי כך השאירה להן **כסף וחבילות** שהכינה עוד לפני כן.

**היו נשים** שהיו ממשכנות אצלה חפצים מהבית **ותמורתם** היתה מלווה להן כסף ואם ביניהם היו גם **פמוטי־שבת** — היתה שולחת להן את הפמוטים ביום **ששי ע״י** בנה הצעיר משה (הנמצא בארץ עם בני **משפחתו** מ־1934), בכדי שיוכלו להדליק נרות של **שבת.**

**משחלתה** ולא יכלה כבר ללכת על רגליה — סידרה **את כל** ה„עניינים" שלה ע״י שליח־מצווה, וזה היה **בנה הצעיר.** אך לא אצל כל הנתמכות היה אפשרי הדבר, כי היו כאלה אשר התביישו לקבל את נדבת־ליבה מידי בנה. אז היתה מודיעה על ידו שהיא חולה והיות שאין לה אפשרות לבקרן — שיבואו הן לביתה ושיקיימו אצלה את מצוות „ביקור חולים", ואז היתה מוסרת להן את מה שהכינה עבורן.

אחרי שנפטרה, תרם ר׳ מנדל, בעלה, מגפיים (שטיוועלעך) בשביל כל ילדי ה„תלמוד תורה" בעיר — לזכרה. כדאי להזכיר כאן, כשהמנהל של ה„תלמוד־תורה" הציע להזמין את המגפיים בוורשה כדי שיעלו יותר בזול, סירב ר׳ מנדל להסכים לכך באמרו שנחוץ לקחת מידה מדויקת מכל ילד וילד, בכדי שהילדים יהנו ממגפיים נוחים ולסנדלרים הפולטוסקאים יהיה גם קצת פרנסה...

ר׳ מנדל תרם גם לוחות־עץ לגדר של בית הקברות שהיה הרוס.

(נמסר ע״י בני המשפחה)

---

* ראה: ר׳ מנדל מינץ, י. גרינשפן, עמ׳ 313.

# פולטוסק – בלשונה ובנוסחה ● פולטוסקער לשון און נוסח

**ארט־רעדן און לעבן און פרייען און לאַכן און דאגהן און וויצלען זיך אין שטוב און אין גאַס, אין „שטיבל", פאַרטיי, אין בית־המדרש, טעאַטער, ביחידות, ברבים — ווו נאָר פולטוסק האָט עקזיסטירט**

אַ שטאָט איז אַזוי פּערזענלעך ווי אַ לעבעדיקער יחיד: נאָר ער טוט אַזוי און נישט קיין אַנדערער; נאָר ער לעבט און לאַכט אַזוי און נישט קיין צווייטער; נאָר ער פרייט זיך און וויינט אַזוי און נישט עמעץ ווער אַנדערש. ער קאָן נאָכ־טאָן אָדער נאָכקרימען פרעמדע, אָבער זיין פּערזענלעכע פרייד אָדער דאגה מוז ער אַליין אויסזאָרגן אָדער אויספרייען אויף זיין אייגנאַרטיקן אויסגעשפּראָכענעם אופן. קיינער קאָן אים נישט פאַרטרעטן.

פּאַרטייען, למשל, אָדער צדקה צי עקאָנאָמישע אַנשטאַלטן קאָנען, בערך זיין אין אַלע עקן וועלט די אייגענע, אָבער שטייגער, נוסח, נשמה — קאָנען נישט זיין די זעלביקע.

ווער עס דערפילט ניואַנסן, קאָן גלייך תופס זיין אינעם שפּראַכלעכן אַרט רעדן אָדער תנועה, וואָס איז אַזוי ווי דינע מוזיק פון אַ ספּעציפישן אינסטרומענט — וועלכער מענטש און פון וועלכער געגנט אָדער שטאָט עס האָט אַזוי און נאָר אַזוי גערעדט, אַזוי און נאָר אַזוי געלאַכט, אַזו און נאָר אַזוי זיך געוויצלט, געוויינט און געברומט, כאָטש דאָס געוויין און דער וויץ און דאָס געברום שטאַמען אַלע פונעם זעלבן קוואַל: מענטש. צוגעקניפּט איז ער, דער תושב, צו זיין מאַמע־שטאָט אָדער אומגעגנט ווי אַ קינד צום נאָפּל פון דער מוטער. זיין געבוירן־אָרט קוקט אַרויס פון אים מיט לייב־און־לעבן, מיט אַלע זיינע פיזיאָזשן, גאַסן און איינגעוואָרצלטע היימען.

דורך טויזנטער נוסחאות אַנטפּלעקט ער זיך און זיין שטאַם־אָרט.

דורך די אַלע אויבן דערמאָנטע פאָרמען פון אויסדרוק גיט איבער דער תושב די נשמה און די פּערזענלעכקייט פון זיין שטאָט, וועלכע איז נישט ווייניקער פּערזענלעך ווי ער גופא.

(יוד־עין)

## פולטוסקער פאָלקלאָר

נח פּרילוצקי אין זיינע זאַמלביכער „פאָלקלאָר און קולטור געשיכטע (יאָר 1912), ברענגט אַ גרויסע רשימה פון צונעמען פאַר פאַרשידענע שטעט אין פּוילן.

וועגן אונדזער שטאָט פולטוסק געפינען זיך פאָלגנדיקע 4 צונעמען:

פולטוסקער משומדים (אונטער נומער 704). דער נאָמען זאָל שטאַמען צוליב אַ געוויסן סופר, וועלכער האָט זיך געשמדט. ער זאָל האָבן אויסגעריסעוועט די העברעיִשע אויפ־שריפט „מה טובו" אויפן דאַרטיקן קאָשטשאָל.

פולטוסקער אַדוואָקאַטן (705).

פולטוסקער חיות (706).

פולטוסקער לאַפּשוכעס — אָפּגעלאָזענע (707).

(י. אבראַמטשיק)

## אָן אַ קעפּל...

צווישן די יוגנטלעכע פון דער „פּועלי ציון" און דער יוגנט פון „בונד" און „רויטע", איז אָנגעגאַנגען כסדרדיקע דיסקוסיעס. יעדער פון זיי האָט געוואָלט איבערצייגן, אַז נאָר זיין יוגנט און פּאַרטיי איז די ריכטיקסטע. אָפט פלעגט טרעפן ווי דער אָדער אַ צווייטער האָט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיין קעגנער. האָט טאַקע געטראָפן ווי אַ „פּועלי־ציון" יוגנטלעכער האָט ענדלעך איבערצייגט אַ חבר פון „יוגנט־בונד־צוקונפט".

— יאָ, אָבער דער העברעיִשער נאָמען „פּועלי־ציון" שמעקט בירגערלעך, אפילו ווען מען שטרעבט שוין קיין פּאַלעסטינע — קאָן זיך דער „בונד־יוגנטלעכער" נישט שיינקען.

— אָבער דער פּראָגראַם אַליין געפעלט דיר?

— יאָ, מיטן פּראָגראַם בין איך שוין מסכים, אָבער דאָס קעפּל פּועלי־ציון שאָקירט מיך.

— ווייסטו וואָס — זאָג דער יונגער פּועלי ציוניסט — כ'האָב פאַר דיר אַן עצה, ווער אַ פּועלי ציוניסט אָן אַ קעפּל...

(ש. בלענקיטני)

## די אָרעמע גבירטע...

פאַרמאָגט האָבן זיי איינע פון די גרויסע הייזער בלאָקן אין פולטוסק, אָבער די נדבה־קלייבער האָבן שוין געוווסט, אַז צו זיי איז נישט כדאי אַריינצוגיין.

האָט געטראָפן אַז אַן אָרעמאַן האָט אַהין פאַרבלאָנדזשעט פונקט מיטאָג־צייט. ווען ער האָט באַקומען אַ נעגאַטיוון ענטפער, האָט ער געבעטן כאָטש אַ ביסל עסן.

— כ'האָב אַליין, היינט, נאָך גאָר נישט געהאַט אין מיין מויל... האָט די בעל־הביתטע געענטפערט.

ער איז אַוועק און אין געציילטע מינוטן אַרום צוריק־געקומען. אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ שטיק שוואַרץ־ברויט מיט אַ הערינג.

— נעמט און עסט בעל־הביתטישע. איר האָט דאָך נאָך היינט, נעבעך, אין אייער מויל נישט געהאַט... און ער האָט זיך אָפּגעטראָגן.

(ש. בלענקיטני)

## ווי אַזוי ס'איז געוואָרן פון אַ שלעכטן גלח — אַ גוטער מלאך...

דער יאַנאָווער פעלטשער — משה חיים ווישניאַ — וואָס קיינער אין שטאָט האָט נישט געוווּסט ווי ער הייסט און אויך קיינמאָל אים נישט גערופן ביי זיין ריכטיקן נאָמען — איז פון דעם ערשטן וועלט־קריג אָן געוואָרן אַ פולטוסקער תושב. געווען איז ער אין שטאָט אַ „גאַנצער" דאָקטער. געשריבן רעצעפּטן, געשטעלט אפילו ריכטיקע דיאַגנאָזן און אין די אַפּטייקן פלעגט מען אָננעמען זיינע פאַרשריבענע רפואות ווי פון אָן אמתן דיפּלאָמירטן דאָקטער. פון וואַנען ער האָט זיך אויסגעלערנט די חכמת המעדיצין — האָט נאָר איין גאָט אין הימל געוווּסט. אין יאַנאָוו, זאָגט מען, איז ער געווען אַחוץ פעלטשער אויך אַ מלמד און אפילו אַ זייגער־מאַכער...

מיט דער צייט האָט זיך זיין שם אַלס גוטער רופא צעבליט אפילו אין די גוייִשע קרייזן, און צווישן די קריסטלעכע דאָקטוירים גופא.

שטאָט האָט געוווּסט צו דערציילן פון זיינע אויפטוּונגען אין יענע „דייטשישע" צייטן פון די עפּידעמיעס, ווי אַזוי ער האָט געהיילט דעם קראַנקן עולם, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די שפּיטעלער, לויט די דעמאָלט־דייטשישע פאַראָרדענונ־גען, פון וואַנען דער צוריקגאַנג אַ היים איז גאָר נישט געווען קיין זיכערער...

דערציילט מען אַזאַ מעשה. אין יאַנאָוו איז געווען אַ געוויסער גלח, אַ גרויסער שונא־ישראל, וועלכער האָט הנאה געהאַט צו העצן די קריסטלעכע איינוווינער קעגן די יידן. מאַלע וואָס פאַר אַ שמד־שטיק ער פלעגט אָפּטאָן. די אינציאַ־טיוו למשל צו שאַפן אַ „ספּולדזשעלנע" (קאָאָפּעראַטיוו) קעגן די יידישע סוחרים — איז אויך געווען איינע פון זיינע אַנטי־סעמיטישע שטיקלעך.

מיטאַמאָל איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער קראַנ־קייט, וואָס קיין דאָקטער האָט אים נישט געקאָנט העלפן, ביז איינער פון די קריסטלעכע דאָקטוירים האָט אים געראָטן, אַז ער זאָל זיך ווענדן צום יאַנאָווער פעלטשער. בלית ברירה האָט ער זיין פאַרשלאָג אָנגענומען און דער יאַנאָווער פעל־טשער האָט אים טאַקע אויסגעהיילט...

פון דעמאָלט אָן האָט דער גלח אַוועקגעוואָרפן זיינע אַנטי־סעמיטישע שטיק און איז געוואָרן אַ בעל־תשובה; פון דעמאָלט אָן פלעגט דער גלח פאַרטיידיקן די יידן און זיי שיצן פון די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן.

אַזוי־ערנאָך איז געוואָרן פון אַ שלעכטן גלח — אַ גוטער מלאך...

(לויט ש. בלענקיטני)

## אָפּגעטאָן אויף „פולטוסקיש"...

אין פולטוסק האָט זיך געפונען אַ ייד, וועלכן ס'איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט פּורש בשמו צו זיין, אַ בעל־פּרנסה, נאָר אויסגעזען ווי אַ „שלעפּער"; אַליין קאַרג ווי עס „באַדאַרף" צו זיין, אָבער אויף יענעמס געווען שטענדיק אַ בעלן.

האָט מען אים איינמאָל אָפּגעטאָן אַ שפּיצל למען ידע.

אַחוץ זיינע געשעפטן, די ריכטיקע, פלעגט ער אויך „כאַווען" אַ ביסל הינער, גענדז וכדומה, כדי עס זאָל אַ ביסל פריילעך זיין אין הויף און בעיקר — אין דער קעשענע...

ויהי היום איז זיך צונויפגעקומען אונדזער* ייד מיט אַ צווייטן ייד און דוקא פון דער זעלבער „בראַנזשע" און אַזוי ווי זיי זענען יידן און דערצו אויך חסידים פון איין שטיבל, האָט איינער דעם צווייטן פאַרגעשלאָגן, אַז דעם קומענדיקן שבת־צו־נאַכטס זאָל ער „מאַכן" אַ מלוה־מלכה ביי זיך אין שטוב, און ווער, מיינט איר, איז געווען דער פאַרשלאָגער — אונדזער ייד, אָט טאַקע ער, דער קאַרגער „קורח" אַליין.

און אַזוי ווי אונדזער ייד, אַחוץ זיין אומבאַשרייבלעכע קמצנות, האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט די „סעודה", איז דער צווייטער ייד פון אים געוויר געוואָרן, אַז אַ שטיקל געגדזנס איז ביי אים לעילא ולעילא און אַז דאָס חיות גייט אים ממש אויס דערפאַר...

דער צווייטער ייד האָט דעם פאַרשלאָג אָנגענומען, אָבער מיט אַ „שפּיצל", וואָס האָט אים גלייך דערביי אַ בליץ געטאָן אין קאָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בשעת דער מלוה־מלכה, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן מיט אַ „ברען" ביים צווייטן ייד אין שטוב, האָט אונדזער ייד געשלונגען טאַקע און „געמאַלן" אויף ביידע באַקן די פעטע

---

* אונדזער ייד — מיינט דעם קאַרגן.

פּאַרציע געגנדזנס, וואָס מ׳האָט אים דערלאַנגט, אַז דער גרויסער פּאַרצעלייענער טעלער האָט אַזש געציטערט אונטער זיינע הענט, און חברה חסידים־מיטעסער האָבן זיך דערבייַ געקאַטשעט פּאַר געלעכטער: דאָס האָט אונדזער ייִד געגעסן פון זיין אייגענער גאַנדז, וואָס דער צווייטער ייִד האָט צו דעם צוועק מיט אַ נאַכט פריער פון אונדזער יידנס שטאַל אַרויסגעלקחנט, וואָס אַז ער, אונדזער ייִד, איז דערנאָך צו־געקומען צו דער שטאַל, האָט ער זיך דעם קאָפּ צעבראָכן, הלמאי עס פעלט אים אַ גאַנדז...

(לויט מ. ס.)

## ער שעמט זיך פאַרן טלית...

אַ פּאָלטאָסקער יונגערמאַן, וואָס איז שוין לאַנג אַרויס „לתרבות רעה״, פלעגט נאָך פון דעסטוועגן אַמאָל־אַמאָל זיך באַווייזן אין בית־מדרש און אריינכאַפּן אַ דאַווענען (אום יום־כפור צי אין אַ יאָר־צייט־טאָג), ווי עס וואָלט נאָך אין אים געטליעט אַ יידישער פונק. איינמאָל, ווען ער האָט אַראָפּ־געלייגט פון זיך דעם טלית, נאָכן פאַרענדיקן דעם דאַווענען, האָט ער אים צוזאַמען מיטן טלית־זעקל פאַרשטעקט אונטער זיין רעקל און גענומען אַזוי אַרויסגיין אויף דער גאַס.

אַ פרומער ייִד, וואָס האָט עס צופעליק באַמערקט האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף:

— וואָס? איר שעמט זיך מיטן טלית? איר זענט דאָך אַ ייִד!

— ניין, איך שעם זיך פאַרן טלית... — האָט ער אים מניה וביה געענטפערט. (פון אַ שטאָטישן)

## א.
## בלויז אַ ביסל זיך אַ שפּיל טאָן...

ראָכטשע די קצבטע, ווען מ׳האָט זי חתונה געמאַכט אַלס נאָך אַ גאָר ייִנג מיידל, נאָך נישט זייענדיק צומאָל אַלט קיין 12 יאָר, האָט פּלוצעם אויף צו מאָרגנס נאָך דער חתונה פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע קופּקע און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. ווען מ׳האָט איר אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, האָט זי זיך מיט טרערן אין די אויגן געבעטן און פאַרזיכערט, אַז זי וועט גלייך צוריקקומען, זי וויל נאָר בלויז אַ ביסל זיך אַ שפּיל טאָן מיט די מיידלעך אין הויף...

## ב.
## „אַ זון איז אַ טשאָלנט און אַ טאָכטער איז אַ יויך...״

אַ באַקאַנט ווערטל פון ראָכטשע דער קצבטע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין שטאָט.

זי האָט עס געגעבן צו פאַרשטיין אַנטקעגן דעם, וואָס זי פלעגט אויסקלייבן גוטע ישיבה־בחורים פאַר אירע טעכטער, אומגעפער אַזוי: „אין אַ טשאָלנט קאָן מען אַריינלייגן די פעטסטע קישקע און די בעסטע שטיקער פלייש, אָבער שבת צו מיטאָג, ווען מ׳נעמט אים אַרויס פון אויוון, קאָן ער אַמאָל פאַרברענט זיין און עס בלייבט נאָר איבער פון אים אַביסל האַרטע שערבלעך. אַ יויך אָבער, ווענדט זיך נאָר וואָס דו לייגסט אַריין אין טעפּל. לייגט מען אריין אַ גוט שטיקל פלייש מיט פיינע פאַרבראָ־קעכץ, קומט שטענדיק אַרויס אַ געשמאַקע יויך. מעגסטו צאָלן מלמדות־געלט מיט אַ ברייטער האַנט און האַלטן פאַר די זין די בעסטע מלמדים, איז נאָך אַלץ נישט קיין באַוויייז, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן תלמידי־חכמים. אָבער אַז מ׳וויל אַז ביי די טעכטער זאָלן זיך פירן יידיש־חסידישע שטיבער, דאַרף מען נאָר גוט פאַרבראָקן; אַרויסנעמען פון אַ ישיבה אַ גוטן בחור, אים געבן אַ גרויסן נדן און אַ סך יאָרן קעסט, וועט דאָס זיין אַ יויך אַזאַ יאָר אויף מיר!...״

## ג.
## „שיר־המעלותן״ — ביי געבוירענע מיידלעך...

ראָכטשע פלעגט זיין גאַנץ גלייכגילטיק, ווען ביי וועמען פון אירע קינדער איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל. אַ „פרישער טשאָלנט״ — האָט זי געזאָגט — איז געבוירן געוואָרן. דער־פאַר אָבער ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל אין דער משפחה, האָבן אירע אויגן ממש אויפגעלויכטן און אַרויס־געוויזן פיל פרייד. זי האָט זיך פלייסיק געפּאָרעט, אַליין אויפ־געהאָנגען „שיר המעלותן״ אויף די פאַרהאַנגען און געטיילט צוקערלעך מיט געזאָטענעם אַרבעס די מיידלעך פון די אַרומיקע שכנים...

## ד.
## ראָכטשע מאַכט זיך געשטאָרבן...

זי האָט זיך צוגעגרייט תכריכים אויף דער עלטער און ווען ס׳איז קיינער נישט געווען אין שטוב פלעגט זי אַ סך מאָל אַרויסציען די תכריכים פונעם הילצערנעם קופערט, זיי אָנ־מעסטן, זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד, צומאַכן איין אויג און מיטן אויג דעם אָפענעם קוקן אינעם אַנטקעגנאיבערדיקן שפּיגל און... זיך אַליין באַטראַכטן, גלייך זי וואָלט איצט נישט געווען זי, נאָר אַן אַנדערע, אַ פרעמדע, אַ געשטאָרבענע, וואָס גרייט זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון דעם רבונו של עולם.

איינמאָל האָט געטראָפן, אין דער אותו רגע, ווען זי איז אַזוי געלעגן מיטן „טויטן־סטרוי״ אויף דער פּאָדלאָגע, איז

אַריינגעקומען איר טאָכטער, ביי וועלכער זי האָט זיך אויפ־געהאַלטן, און איר געטראָפן אין דעם מעמד. זי האָט אויף איר אָנגעשריגן פאַר וואָס זי טוט עס. „שרעקסט דאָך מיר איבער", האָט די טאָכטער צו איר געזאָגט. האָט איר ראָכטשע געענטפערט ,אַז זי טוט עס, ווייל זי וויל זען, וואָס פאַר אַ פּנים זי וועט האָבן אויף יענער וועלט...

(מ. סרעברא)

## „אַ ליטוואַק טראָגט אַ צלם אין האַרצן"...

ר' יצחק העלפאַנד, דער ראש־ישיבה פון די נאָווארדיקער אין פּולטוסק, האָט אַמאָל מסביר געווען דעם אונטערשייד אין לערנען פון אַ פּוילישן ביז אַ ליטוואַק בזה הלשון: „מ'זאָגט, אַז אַ ליטוואַק טראָגט אַ צלם אין האַרצן" פאַר וואָס? ווייל אַ פּוילישער, ווען ער טרעפט אָן אויף אַ שווערער סוגיא, פאַר־טיפט ער זיך נישט אין איר. ער איז „אַ מדלג על ההרים ומקפץ על הגבעות", נישט אַזוי איז אָבער אַ ליטוואַק, דאָ ווו ס'איז שווער און עס שאַפן זיך קשיות, וועט דער ליטוואַק פון דעם אָרט נישט אָפּטרעטן, ער וועט זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט ווי אַ צלם און וועט סוף כל סוף די קשיות פאַרענטפערן...

(מ. סרעברא)

## „עכברא דשכיב הדינרא"...

ווען ס'פלעגט קומען צו רייד איבער אַ קאַרגן גביר, פלעגט ר' חיים ענגעלמאַן, אַ שאַרפער מוח און גלייכווערטל־זאָגער (אַן איידעם פונעם גרויסן שטאָט־נגיד, ר' משה שאַפּראַן ע"ה), אַזוי זאָגן:

„דער תלמוד רופט אָן אַ קאַרגן נגיד אויף אַראַמית־לשון: „עכברא דשכיב הדינרא" — אַ מויז, וואָס ליגט אויף גאָלדענע רענדלעך. פאַר וואָס גלייכט מען אַזאַ מין נגיד צו אַ מויז?

ווייל — האָט ער געזאָגט — עס איז פאַראַן 3 סאָרטן מייז, דהיינו: אַ מויז, וואָס קריגט זיך אַריין אין אַ זאַק מעל, עסט זי גוט און שלאָפט גוט; ווען זי קריגט זיך אַריין, למשל, אין אַ זאַק פון אַרבעס — עסט זי גוט, אָבער שלאָפן שלאָפט זי שלעכט; אָבער ווען זי קריגט זיך אַריין אין אַ זאַק גאָלדענע רענדלעך — דאַן פרעסט זי מכות און שלאָפט אויך שלעכט.

דער מוסר־השכל: אַ נגיד, וואָס מאַכט אַ לעבן און גיט אויך צדקה, עסט ער גוט און שלאָפט גוט, האָבנדיק רווחה פון זיין גוטער טאַט; מאַכט ער אַ לעבן, נאָר ער טוט קיין גוטס נישט, עסן עסט ער טאַקע גוט, נאָר שלאָפן קאָן ער נישט — עס קומט אים צום חלום די אויסגעשטרעקטע האַנט, וואָס ער איז איר פאַרבייגעגאַנגען; אַ נגיד אָבער, וואָס ער איז קאַרג אי פאַר זיך אי פאַר יענעם און ליגט נאָר אויפן געלט — חוץ וואָס ער עסט מכות שלאָפט ער אויך שלעכט..."

(ש. בוימגארטן)

## „רוף מיך נאַר און גיב מיר מעגעלעך"...

„גאַראַשפּאַטקאַיאַ" — אַ צונעמעניש פון אַ פּולטוסקער בחור, אַ חבר אין אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אין די יינגע יאָרן נישט געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון אַ חדר אָדער שולע, אַזוי אַז די אותיות פון אַ סידור אָדער בוך זענען אים לחלוטין פרעמד געווען אַ צייטלאַנג. ביז... ביז ער האָט פּלוצעם, ווי באַפאַלן פון אַ מעכטיקן ווילן, גענומען זיך רייסן צום לערנען, לייענען און אפילו אויך שרייבן. אַ ווילן, וועלכער איז 15 יאָר צייט געשלאָפן און מיטאַיינמאָל זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוואַלד...

האָט ער טאַקע מיט דער מיטהילף פון זיינע „יוגנט"־חברים, צו וועלכע ער פלעגט צושטיין מיט גרויס געבעט און עקשנות, צובאַקומען פון זיי אַ שטיקל הדרכה אין די שוואַרצע אותיותלעך — געבראָכן דעם אייז פון זיין אַלפאַבעטיזם (האָבנדיק מסתמא אַ כוונה פאַראיינוועגס צו דערכאַפּן די חדר־אָדער־שולע־אָוועקגעפלויגענע יאָרן...).

יעדעס איבערגעלייענט וואָרט, איז אַרויס פון זיין מויל מיט גרויס מאַטערניש און קאָמישקייט. אַז חברה האָט געלאַכט פון זיינע קאַפּויער־איבערגעדרייטע ווערטער, פלעגט ער גערן מיטלאַכן ווי פון אַ דערציילטן וויץ און ווי נישט אים מיינט מען.

דאָס באַקאַנטע פאַלקס־ווערטל: „רוף מיך נאַר און גיב מיר מעגעלעך", ד.ה. לאַכט וויפל איר ווילט, אַבי גיט מיר די מעגלעכקייט („מעגעלעך") צום לערנען און צו קענען — פלעגט ער אין די פאַלן אָפּט באַנוצן.

דאָס דאָזיקע גאַראַשפּאַטקאַיאַ — צונעמעניש, איז אים טאַקע געקומען צוליב אַ שלעכט איבערגעלייענט קאַפּל פון אַ געוויסן בוך...

איז כאָטש ער האָט שוין שפּעטער אַליין געוווּסט ווי צו לייענען אין אַ ביכל און ווי אָנצושרייבן אַ בריוול — איז אים פונדעסטוועגן דער דאָזיקער זכות נישט בייגעשטאַנען און דער צונאָמען איז אים געבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

(לויט ש. בלענקיטני)

## די קינדער זענען נישט זיינע...

מ'דערציילט, אַז אין די צייטן פון דער השכלה און פּאַרטיי־אויפקומעניש אויף דער יידישער גאַס, זענען געווען חסידישע שטיבער, ווו מלחמת אבות והבנים איז דערגאַנגען

עד לב השמים. ס׳פלעגט אָפּט טרעפן ווי אין חסידיש־פּאָר־פרומטע הייזער, זענען זייערע קינדער, זין צי טעכטער, געווען שייך צו פאַרשידענע מינים פאַרטייען און שטרעמונגען. אין איין און דערזעלבער שטוב, למשל, ווו עס זענען געווען אַ סך קינדער, האָט געקאָנט טרעפן, אַז יעדעס קינד איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אַנדער פאַרטיי און זיך געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. האָט איינמאָל אַזאַ פולטוסקער חסידישער פאָטער געענטפערט מיט אַ הומאָר, וואָס איז אין דעם געווען אַ סך וויטיק, ווען עמיצער האָט אים אַ פרעג געטאָן וועגן מצב פון זיינע קינדער, וועלכע מ׳האָט געקענט אין שטאָט:

— איך האָב טאַקע קינדער — האָט ער געענטפערט — די קינדער זענען אָבער נישט מיינע...

— וואָס הייסט?! — האָט אים דער צווייטער אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— זיי געהערן נישט מיר. איינער געהערט צום „בונד״, דער אַנדערער — צום „פועלי־ציון״, דער דריטער — צו די קאָמוניסטן, דער פערטער — צו די השומר הצעירניקעס אא״וו אא״וו.

צו מיר געהערט קיין איינער נישט פון זיי — האָט אים דער פאָטער געגעבן צו פאַרשטיין, און דערביי אָפּגעזיפצט.

(פון אַ שטאָטישן)

## מאַך מיר נאָך אַמאָל פאַר קאַסירער...

משה דאַמב, אַ גרויסער האָלץ־סוחר און אַ שטאַרקער וויצלער — ווען עס איז אים גוט געגאַנגען, האָט ער זיין לעבן געפירט אין אַ גרויסן מאַשטאַב. דערנאָך, ווען דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט און איז שוין נישט געווען אַזאַ בעל־פרנסה, פלעגט ער ראש־השנה ביים דאַווענען אין שול אויס־שרייען: „רבש״ע, מאַך מיר נאָך אַמאָל פאַר קאַסירער, איך וועל שוין וויסן ווי צו האַלטן דאָס געלט״... (י. ליכטנשטיין)

## פאַר דיינס וועגן גיב איך נישט אויס קיין געלט...

הערשל וואַסער טרעגער (דער קליינער הערשעלע) מיט די בוטאַלעס (שטיוול) פלעגט לייגן 3 פאַר זוילן איינע אויף די אַנדערע און די שטיוול אויסשמירן מיט זשעגעכץ נאָר פון פאָרנט און קיינמאָל נישט פון הינטן. ווען עס האָט אים איינ־מאָל אַ שטאָטישער אַ פרעג געטאָן, וואָס איז דער שכל וואָס ער שמירט נאָר די שטיוול פון פאָרנט און נישט אַמאָל אויך פון הינטן, האָט ער געענטפערט: „פאַר דיינס וועגן גיב איך נישט אויס קיין געלט. פון פאָרנט אַז א י ך זע, איז עס גענוג...״ (י. ליכטנשטיין)

## גוט איז צו וויסן, אַז...

אַז נחום סאָקאָלאָווס חתונה איז פאָרגעקומען אין פולטוסק און אַז ער האָט גענומען אַ פרוי פון מאַקאָווע, נאָענט פון פולטוסק; אַז לייבקע קלעזמער האָט געשפּילט אויף דער דאָזיקער חתונה און אַז נח בדחן האָט באַזינגען די כלה; אַז הינטער מאַקאָווע האָט נחום סאָקאָלאָוו געהאַט אַ מאַיאָנטעק מיטן נאָמען „פאַדעש״ און אַז די שותפים זיינע זענען געווען: ענגעלמאַן, אברהם שאַפּראַן און יצחק פרידלאַנד — אַלע „ריינע״ פולטוסקער.

(י. ליכטנשטיין)

## „דאָס איז זיכער אַ קלוג קינד...״

געשטאַמט האָט ער פון פינסק. איינער פון יענע „בעזשני־צעס״, אַ פאַרטריבענער פון זיין שטאָט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער זיך באַזעצט אין פולטוסק און שוין דאָרט געבליבן וווינען (ער האָט געוווינט אין ראַדזימינער שטיבל), דעריבער האָט מען אים געקענט אין שטאָט אַלס מרדכי דער פינסקער און געווען איז דער ייד אויך אַ שטיקל וויצלער.

אויפן זעלבן הויף האָט געוווינט אַברהם שאַפּראַן, אַ ייד אַ נגיד און עס האָט דאָרט אויך געוווינט אַן אָרעמער שוסטער, וואָס האָט נעבעך נישט געהאַט צום עסן.

מאַכט זיך, אַז אין איין נאַכט האָט געבוירן דאָס ווייב פון אברהם שאַפּראַן און אויך דעם שוסטערס ווייב. בעט זיך מרדכי דער פינסקער אים וויזן שאַפּראַנס ניי־געבוירן מיידעלע און זאָגט צו דעם עופעלע אַזוי: „דו ביסט זייער אַ קלוג קינד״. ווען מ׳האָט אים אַ פרעג געטאָן פון וואַנען ווייס ער דאָס? עס איז דאָך אַלט קוים עטלעכע טעג? האָט ער אויף דעם גע־ענטפערט: „דאָס איז זיכער אַ קלוג קינד, אַז דאָס האָט געהאַט שכל געבוירן צו ווערן ביי אַ גביר און נישט ביי דעם אָרעמען שוסטער״...

(י. ליכטנשטיין)

## פולטוסק איז עפּעס אַנדערש...

פולטוסקער פלעגן דרשנען, אַלע בפה אחד, אַזוי:

פולטוסק איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע שטעט מיט דריי זאַכן:

די ערשטע זאַך, וואָס אַלע שטעט שטייען אויף אַ באַרג און פולטוסק ליגט אין אַ טאָל;

די צווייטע זאַך, וואָס אומעטום שטייט דאָס בית־המדרש פון פאָרנט און די מקווה פון הינטן, און אין פולטוסק איז פונקט פאַרקערט;

די דריטע זאַך, וואָס אין דער גאַנצער וועלט, ווען דער רב האַלט אַ דרשה וויינט דער עולם און דער רב לאַכט, ביי אונדז — לאַכט דער עולם און דער רב וויינט...

(י. ליכטנשטיין)

## „דאָס איז אַ לאַך"...

ער איז געווען אַן אַלטער בחור. ער האָט זיך „געדרייט" צווישן די פּוילישע פּריצים און באַאַמטע. גערופן האָט מען אים „משה לאַך", ווייל ביי אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער צוגעגעבן, אַז „דאָס איז אַ לאַך". ער פלעגט זיך זייער באַרימען פאַר די שטעטלשע יידן, ווען ער פלעגט דורכגיין די גאַס מיטן סטאַראָסטע. אין שטעטל פלעגט מען איבער אים זיך ווערטלען: „משהלע, דו האָסט שוין היינט גערעדט מיטן סטאַראָסטע ?"

(י. ליכטנשטיין)

## „חייקל, קום אַ היים!"...

חייקל קורניק האָט מען אים גערופן. אַ ייד, אַ גבר, הויך און ברייט ווי אַ דאָמב. ער פלעגט באַקומען עפּילעפּטישע אַנפאַלן. דעמאָלט איז געווען אַ מורא צו שטיין אין זיינע דלת אמות. מען פלעגט אים זען אין מיטן מאַרק שטייענדיק מיט אַן אָרטשיק פון אַ וואָגן, אַ פאַרבלוטיקטן און טיילן קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס. קיינער האָט אים אין אַזאַ צושטאַנד נישט געקאָנט בייקומען, אפילו פּאָליציי האָט מורא געהאַט זיך מיט אים אָנצוהייבן. דעמאָלט פלעגט מען אַרויסרופן פון דער היים זיין ווייב, אַ קליינע דאַרע יידענע.

ווען זי איז צוגעקומען און אַ זאָג געטאָן: „חייקל, קום אַ היים", פלעגט דער גרויסער גבור אָוועקוואַרפן דעם האָרטשיק און ווי אַ חדר־ייִנגל זיך געלאָזט נאָך איר אַ היים.

(י. ליכטנשטיין)

## „און אַז אַ פולטוסקער גביר קאָן נישט שרייבן איז ער קיין גביר נישט"...

הענעך מלמד איז געווען דער בעסטער מלמד אין שטאָט. אַן אַלטער אויסגעדינטער רוסישער סאָלדאַט. האָט געקאָנט גוט לערנען. ער פלעגט זיך שטענדיק באַקלאָגן: „איך דאַרף האָרעווען מיט אַזעלכע כאַמולעס און האָב קוים צו עסן, און משה יעקל שטיינבערג דרייט זיך אַרום דער צוקערניע, טוט אַ גלעט די באָרד און שיט אַן אַ גאַנצן זאַק מיט רענדלעך". ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ פולטוסקער ייִנגל איז אַוועק לערנען אויף אַ שטונדע שרייבן, פלעגט ער צו אים זאָגן, בזה הלשון: „דו מוזט זיך דווקא לערנען שרייבן די נאַרישקייטן ? און אַז אַ פולטוסקער גביר קאָן נישט שרייבן איז ער קיין גביר נישט ? מ'נעמט אַ בוכהאַלטער פאַר עטלעכע גראָשן און ער שרייבט פאַר דיר"...

## איטשע שאַפּראַן און איטשע חכם...

איטשע שאַפּראַן, אַ בעל־הבית פון אַ הויז, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט 3 גאַסן: רינעק, שוו. יאַנסקא און פּיאָטר סקאַרגי, דערצו אַ חסידישער ייד מיט אַ שיינער באָרד און גאָר פאַרמעגלעך; ווייל נאָך אין יענע צאַרישע צייטן, האָט מען אים „געשאַצט" אויף פולע 100 טויזנט רובל.

איטשע חכם*, ווי די שטאָט האָט אים גערופן — צוליב זיינע וויצן און קלוגע ווערטלעך — איז אויך געווען אַ ייד אַ חסיד, נאָר אַ מטופל מיט אַ סך קינדער און בדוחק גדול אַרויסגעצויגן זיין טאָג־טעגלעכע חיונה. זיך, חלילה, נישט באַקלאָגט. אַלץ אויפגענומען מיט אַ וויץ, מיט אַ שמייכל. אדרבא, ער פלעגט נאָך אויפהייטערן אַנדערע נישט צופרידענע. אַרום אים פלעגט שטענדיק זיין פאַרזאַמלט אַ קרענצל יידן, וואָס פלעגן ממש אויפקווענן פון זיינע חכמות און אַז אים איז אַמאָל געלונגען אָפּצושפּאָרן אַן איין און איינציקן רובל, האָט ער זיך געפילט אַזוי ווי ראָטשילד.

איטשע חכם פלעגט דאַוונען אין דעם זעלבן שטיבל וואָס איטשע שאַפּראַן. אַז ס'איז געקומען שמחת־תורה ביי די הקפות, פלעגן זיי איינגעפלאַכטענע האַנט אויף אַקסל צוזאַמען גיין אַ טענצל און איטשע חכם פלעגט דאַן אויסשרייען מיט גרויס התלהבות: „מיר ביידע פאַרמאָגן הונדערט טויזנט און איין רובל!"...

(פון אַ שטאָטישן)

## שמואלקע דאַן און דער שוואַרצער משה...

שמואלקע דאַן איז געווען אַ גרויסער סוחר. מיט זיינע געשעפטן האָט ער אָנגעשפּאַרט איבער די פּוילישע גרענעצן. זיינע תבואות און געהילצן האָבן דערגרייכט קיין דאַנציג, מזרח־פּרייסן, טיף־דייטשלאַנד און עסטרייך. זיין מויער איז געווען אַ שם־דבר אין שטאָט. די הויז־טירן זענען געווען מיט געשליפן גלאָז, די ווענט פון די קאָרידאָרן און טרעפּן־צימער — מיט פאַרשידענע געמעלן און שפּיגלען, אויף די שטיגן זענען געווען אויסגעשפּרייט פּרעכטיקע דיוואַנען אין כלערליי פאַרבן. זיין הויף האָט אַריינגעפירט אין אַ סאָד מיט אַלטאַנעס און בענק, ממש ווי אין אַ גן־עדן.

דער שוואַרצער משה האָט זייער שווער געהאָרעוועט אויף

* ר' איטשע בראַמזאָן, דער שטאָט שדכן; שפּעטער האָט מען אים גערופן „איטשע חכם".

זיין חיונה און ס'האָט בשום אופן נישט געקאָנט קלעקן... האָט ער איינמאָל ממש אַפּגעשפּאָרט פון מויל און געקויפט אַ לאָטעריע־צעטל. דאָס מאָל האָט אים דאָס מזל צוגעשפּילט און האָט געווונען 5 טויזנט קערבלעך. די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך. אומעטום האָט מען דערפון גערעדט. דער נוסח איז געווען, אַז דער שוואַרצער משה האָט זוכה בגורל געווען און געווונען דאָס גרויסע געווינס.

איינמאָל, אין אַ נאָך מיטאָג שעה, ווען שמואלקע דאַן, וועלכן מ'האָט „געשאַצט" אין שטאָט ביי קרוב 200 טויזנט קערבלעך, איז זיך דאַן געזעסן אויף זיין באַלקאָן, אין זיין הויז אויף דריטער־מאַי גאַס, און בהרחבהדיק געטרונקען זיין גלעזל טיי, האָט ער געזען דעם שוואַרצן משה דורכגיין. האָט ער אים אַרויפגערופן, אים אַוועקגעזעצט אויף אַ געפּלאָכטע־נעם שטול און מכבד געווען מיט אַ גלעזל טיי מיט איינ־געמאַכטס.

— כ'האָב געהערט, אַז עס קומט אייך אַ מזל־טוב — זאָגט שמואלקע צום שוואַרצן משה — איר האָט געווונען דאָס גרויסע געווינס, זאָגט מען. זאָל אייך טאַקע זיין מיט גליק, נישט אויף אייביק איז דאָס שלעכטע. איר האָט אַוודאי געווונען אַ 20.000 קערבלעך, אויב נישט נאָך מער?

רופט זיך אָפּ דער שוואַרצער משה ווי אַן אַ מיין דערביי:

— ר' שמואלקע־לעבן, מיר זאָלן עס בײדע פאַרמאָגן וואָס עס פעלט נאָך צו 15 טויזנט...

(פון אַ שטאָטישו)

## זיי זענען „שולדיק"...

ווי באַוווסט זענען חברה־קדישאַ־לייט שטאַרקע בראַנפן־טרינקער און טרינקען על־פּי־רוב נאָר 96־ער... און דאָס, גיט מען צו פאַרשטיין, איז צוליב זייער „פאַך" און מין אַרבעט.

מאַכט זיך אַ פאַל ווי איינער פון די פולטוסקער חברה־קדישאַ, זייער אַ גרויסער וויצלער, נאָר אַ „ריינער 96־ער טרינקער" איז קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנטצינדונג און האָט באַקומען וואַסער אין אַ זייט. ווען זיינע חברים זענען אים געקומען מבקר־חולה זיין, האָט ער געטענהט, אַז זיי זענען „שולדיק" אין זיין קראַנקייט, ווייל לעצטנס האָבן זיי אָנגעהויבן צו גיסן וואַסער אין דעם ספּירט און אַזוי ווי ער האָט פון דעם געטרונקען, איז אים דאָס וואַסער אַריין אין זייט...

פון דאַן אָן האָט מען שוין טאַקע מער קיין וואַסער נישט געגאָסן אינעם ספּירט, כאָטש דאָס איז בלויז געזאָגט געוואָרן אויף אָנצוהערעניש...

(ש. בוימגאַרטן)

## „אויב אַזוי — זאָל עס שוין בלייבן ביים אַלטן"...

אַ פולטוסקער בעל־הבית פון אַ גרויס הויז, נאָר אַליין נישט קיין צו גרויסער בקי אין די קליינע אותיותלעך, האָט זיך אַמאָל אויסגערעדט דאָס האַרץ פאַר אַ פולטוסקער למדן, זיך פאַרקלאָגט, אַז זיין ווייב פון וועלכער ער וואָלט געוואָלט שטאַרק פּטור ווערן, וויל בשום אופן נישט נעמען ביי אים קיין גט, כאָטש צעבראָך זיך.

און די רבנים קאָנען דערצו גאָר נישט העלפן. האָט אים דער פולטוסקער למדן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז על־פּי־דין קאָן מען פריי ווערן פון אַ ווייב דורך 2 זאַכן: דורך אַ גט אָדער דורך מיתת הבעל *. ווען ער פרעגט איבער ביי דעם למדן, וואָס איז עס אַזוינס מיתת הבעל, ווייל גט ווייס ער וואָס דאָס איז. ענטפערט אים דער למדן: עס איז אַזאַ זאַך, וואָס מיט דער צייט ווייזט זיך עס אַרויס...

ווי דער פולטוסקער בעל־הבית האָט עס דערהערט, איז ער געוואָרן מלא שמחה. מילא, איז נישט קיין גט, טאָ זאָל זיין מיתת הבעל, אַבי פּטור ווערן.

מיט דער בשורה איז ער גלייך אַרומגעלאָפן צו אַלע היימישע, אַז אינגיכן ווערט ער שוין פּטור פון זיין ווייב.

ווען ער איז אָבער דערנאָך געוווירר געוואָרן דעם ריכטיקן פשט פון די ווערטער, איז ער אויף אַ ווײלע שטאַרק אומעטיק געוואָרן, אָבער קיין בייז האַרץ אויף דעם למדן האָט ער פונדעסטוועגן נישט געטראָגן און האָט אין זיך אַליין אַריינ־געזאָגט: „אויב אַזוי — טאָ זאָל עס שוין בלייבן ביים אַלטן"...

(לויט ש. בוימגאַרטן)

## מרה־שחורהניקעס און פון זינען געריטע...

### יצחק

פלעגט שפּרינגען פון בריק אין וואַסער און שווימען אין דעם אַנגעטועכץ. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ שטיק צייט אונטערן וואַסער.

### זכריהו

יעדן זומער, אין חודש תמוז, פלעגט ער „אַרויס פון די כלים". געהאַט אַ וווּנדערלעכן זכרון. געשטאַמט פון אַ גאָר שיינער פולטוסקער משפחה און געווען אַ האַרציקער אין דער נאַטור.

### אברהם

פלעגט גאַנצע נעכט זיך שלאַנדערן איבער די גאַסן און זינגען. מען דערציילט, אַז זיין טאַטע איז אַמאָל אַרויף צום

* אַז דער מאַן שטאַרבט אָפּ.

פּולטוסקער רב, ר׳ שמחהלע, מיט אַ געשריי (צוליב אַ סכסוך וואָס ער זאָל האָבן געהאַט מיט אַ צווייטן און האַלטנדיק אַז דער רב האָט נישט ריכטיק געפּסקנט): „ווי לאַנג נאָך וועט איר זיין רב אין פּולטוסק?!״ האָט אים ר׳ שמחהלע געענט־פערט, אַז ער וועט האָבן מיט זיך צו טאָן...

„מיינע סאַמאָכאָדן! מיינע עראָפּלאַנען!״ — מיט דעם פלעגט ער ממש פאַרשרייען די שטאָט, ווען ער פלעגט ווערן אויפגערעגט.

## צונעמען און איבעררופּענישן וואָס זענען „אַרומגעגאַנגען״ אין שטאָט

ביק, בלינדער, גריישל, גריטשאַק, האַפּאַס, הויקער, זשאַבע, טויטער, מאַסקאַל, משוגענער, מאַלפּע, סמאַליק, פאַרעך, קזשאַק, קאָקע, קישקע, קעצעלע, קעקסל, סמאַליק, פאַרעך, קראַמטשיק, שוואַרצער, שיינע מערינע, שפּיץ, קעקע.

באָקס, בליץ, דזשאָטש, וועגטקע, טשאַאַווע, חולם נאָז, טשעטווער, ניזשע, פאַרעניאַרזש, פּאָמפּ, לא לנו, פלאָמב, דאָס קינד, די יידענע, משיח, קאַפּער, קאַפּטאַניאַזש, קעץ לייגן אייער, צלאַפּ, שטשאָו, פּאָניע, יאַלושקע, מאַטשעק, פּויער, פּויטאַק, מזיק, אָגער, קאָמענדאַנט, פּולקאָווניק, יאַווניק, סטראַזשניק א״א.

קאָפּ־קאָפּ, מעגעלע, חסידל, רביצן, קופּקע, יורש, מיידל, מאָנטיק, איין־און־צוואַנציק, הימל־קוקער, קאַטשקעלע, משו־גענע־עופות, קעצל, פישעלע, באָרשטש, קאַשטאַן, קעזל, זעמע־לע, פערפעלע, ספּודניק, קורעטש, פּיקא, טשוואָק, שקאָפּ, שטע־קעלע, חלהלע, לאָקש, קייסער, פּאָטשטאַר, באָקעלע, דזשאַ־דעקל, באָטשאַן, זאָמבאַל, פּאַפּיעראָסניטשקע, קאָזעלע, נעזל, הויקער, גוי, קעלבאַס, נילאָאָ, פּיצעלע, באַדעלע, פאַלוך, סמאָלוך א״א.

## פּולטוסקער אויסשפּראַך

די פּולטוסקער יידן האָבן גערעדט יידיש מיט אַ ספּעציע־לער אויסשפּראַך, וואָס איז מיט אייניקע אָפּנייגונגען כאַראַק־טעריסטיש אויך פאַר דער אומגעגנט.

1. „ר״ פאַרן סוף האָט מען אויסגערעדט ווי „ע״:
איך — איעך; דיר — דיער; שיך — שיעך; דיך — דיעך; בוך — ביעך; פיר — פיער; קאָליר — קאָליער; מיך — מיעך.

2. „יי״ האָט מען אויסגערעדט ווי „אא״:
ווייב — וואַאַב; ווייזער — וואַאַזער; רייך — ראַאַך; אַריין — אַראַאַן; צייט — צאַאַט; שניידער — שנאַאַדער; אייזן — אַאַזן; בלייבן — בלאַאַבן.
„יי״ ווי „אי״:
פלייש — פלאַיש; קלייד — קלאַיד; דרייען — דראַיען.

3. „אָ״ פילמאָל ווי „וע״:
וואָס — וואוּעס; גלאָז — גלאוּעס; באָרד — בוּערד; צאָן — צוען; יאָר — יוער; האָר — הוער; שטאָט — שטועט; פּאָרט — פּוּערט.

4. „וי״ האָט מען אויסגערעדט ווי „אא״ אָדער ווי „אויע״:
בויך — באָאַך; לויט — לאָאָט; אויס — אָאָס; הויז — האָאָז; מויער — מאָאָר; פויער — פאָאָר; מויד — מאָאָד; גוי — גאָאָ.
אָדער:
הויך — הויעך; רויך — רויעך.

5. „ע״ אין סוף פון וואָרט ווי „א״:
באָבע — בובאָ; זיידע — זיידאָ; מאַמע — מאַמאָ.

6. צווישן צוויי קאָנסאָנאַנטן אין סוף וואָרט האָט מען אָפט צוגעגעבן אין דער אויסשפּראַך אַן „ע״:
באַרג — באַרעג; קאַלך — קאַלעך; האַלב — האַלעב; מאַרק — מאַרעק; העלפט — העלעפט; שטאַרק — שטאַרעק; חסיד — חוסעד; הילף — הילעף; פינף — פינעף.

7. „י״ איז אָפטמאָל אויסגעשפּראָכן ווי „ע״:
קיך — קעך; ליכט — לעכט; געדיכט — געדעכט.

8. אנשטאָט די שעה — די שו; ציילן די שעה, אנשטאָט איינס, צוויי, דריי — איינסאָ, צווייאָ, דראַיאָ, פיראָ, פינוואָ, אא״וו.



# ביסט מער נישטא, היים־שטאט!




**די אותיות, די שורות — זיי וויינען,**
**אַ טלית טו אָן דאָס צו לייענען !...**

דיין יעדער שטיין, יעדע גאַס און טיר,
איז אין בלוט אין מיר.
כ׳קלאָג אויף דיינע פרומע מויערן ;
אויף דיינע בתי־מדרשים, אויף דיינע קלויזן ;
אויף דיינע שבתים און אויף די סוחרישע וואָכן
מיט אירע קהלשע שמשים און גבאים ;
מיט אירע אלף־בית און חומשדיקע חדרים.
די „מנינים״ פון די חברהלעך און שולעכלעך,
אַלע התלהבותדיקע חסידים־שטיבלעך ;
יעדער זייד און אַטלאַסדיקער באַריר,
איז אין בלוט — אין מיר.

כ׳טראָג אַרום אין זיך נאָך יענע ערב־ע׳בתדיקע שרעק,
ווען פלוצעם ביזן גאַרטל איז די שטאָט געשטאַנען אין וואַסער —
פון עק ביז עק ;
דער טייך, ווי זיין אַלטער שטייגער, האָט דאָסמאל מיט אַ
שטאַרקער שפע זיך איבערגעגאָסן,
די שבתדיקע טשאָלנטן אין חנה־באַשעס פרומען אויוון האָבן זיך
געוווּנדערט און מיט אומגעדולד געוואַרט...
ער, דער טייך, האָט נישט איינמאָל אום ווינטער אַרונטערגעכאַפּט
אונטער זיין דיקן אייז־מאַנטל — קינדערלעך וואָס ער האָט
מיט שפּילצייג פאַרנאַרט...
(אַ צונויפגעזאַמל... אַ געקאָך ;
קינד און קייט האָבן געהאָלפן קלאָגן אויף דער מאַמעס בראָך...)

ביסט מער נישטאָ, היים־שטאָט !
דיינע בריתן, די חתונות,
די כשרע לוויות,
דיין זויבער פון די גאַסן און דער אַלטער יחוס פון די הייזער ;
דיין שטאָלצער „מאַרק״־זייגער וואָס איז געווען פאַר גאַנץ שטאָט
און פאַר יידישער „השכמה״ — דער „צייט״־ווייזער...
די פרייטיק־פאַרליכטצינדנדיקע יידן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם
נאָענטן אָנקום פון דער „שבת־מלכה״ מיט קדושה, לויטער־ריין
און „גריסן ביי די פאָלעס״ וואַכעדיקע ע׳טיבער און פריין־
צעחושטע קלייטן — וואָס גיכער איר אַנטקעגנצוגיין...
דער שוואַרצאויגיקער, געדיכטבאַברעמטער חברה־קדישא־שמש, וואָס
פלעגט מיט זיין „צדקה תציל״ די שטאַרקע אפילו שרעקן
און — זייענדיק מיטן בית־עולם אַ „נאָענטער מחותן״ — „אויפן
קאָפּ״ געוווּסט אַלע, אַלע קברים, די אוראַלטסטע אפילו — ווו
זיי שטעקן ;

דער מזמור שיר פון דיינע האַרציקע מנגנים און בעלי־תפילה ;
דיינע סך טייכן אין שטאָט ווי אַ „ווענעציע״ אָדער ווי גאַרטלען
פון מקוות צו יראת שמים און טבילה...
דיינע ליכטיקע בני־תורה, וויסן־און גערעכטיקייט־זוכער,
דיינע ווייט־פאַרשמעקנדיקע לאַנדשאַפטן און וועלדער ;
דעם געוואַלד — אוי־וויי — פון ג י ר ו ש דיין,
וואָס שוואַך און אָרעמער ווי אָרעם זענען אויסצושרייען —
ווערטער,
ווייל אויסצויאָמערן דעם נאַצי־אויסרייס פון די יידיש־איינגע־
פלאַנצטע ערטער —
דאַרף מען מער, אָ, מער ווי אַז „ירמיהו״ זיין !...
דער אויסמאָרד וואָס איז פלוצעם אָנגעלאָפן אויף דיינע ייד־
אומקום־אָנזאָגנדיקע גאַסן
און מיט „אַרישער״ הנאה אויף דעם בראָך און מיט די שוידער־
לעכסטע שפּאַסן
געשטויסן צו דער לאַנג־יסורימדיקער בריק דער ווישקאָווער וואָס
האָט זיך געבראָכן פון דיין היים־אַרויסגעטריבענעם געשריי ;
די צום־טויט־געשלייִדערטע, צעשאָסענע אין טייך —
שפּעטער אויפן דעק אַרויפגעשווומען זענען זיי
און דער הימל האָט געשאָטן ליכט בשפע פון זיין בלויער הייך ;
די טרייב־וועגן געבייטשטע צו דער שחיטה,
ווו אויסמענטש און אויסוועלט האָבן געהאַט די גאַנצע שליטה...

דאָס אַלץ טרויערט נאָך אין מיר און קלאָגט
מיט פאַרבענקטן בריענדיקן בלוט !

ביסט מער נישטאָ, היים־שטאָט,
אַ שאָד, אַ שאָד ! ! !
ס׳וועלן יענע יידן דיר מער נישט זיין באַשערט, —
יידן וואָס פלעגן אויסוואַקסן ווי פון דר׳ערד
מיט צעטראָגענע כאַלאַטן און צעפלאַמטע בערד,

אויף ווינטערדיקע יאַרידים צווישן פויערים און פערד
וואָס האָבן שטענדיק געמיינט, אַז זיי נאַרן אַפּ פולטוסקער יידן;
און זענען אין די שטעטלעך דערנאָך זיך צעפאָרן צופרידן.
אַ, יענער אַטלאַס און זייד;
דעם טאַטנס שטאָלצע קייט; די מאַמעס צירונג אויפן שבת־קלייד;
די באָבע וואָס האָט רק תחינה געזאָגט;
און דורכן פענצטער אַ שטערן אויסגעקוקט;
דיין צדיק־תמים וואָס איז געווען צום בורא אַזוי באַהאַפטן
ווי ער וואָלט זיך תמיד לעבן אים געפונען;
דיין צאַרטער דיכטער־זינגער וואָס האָט אין מענטש אַזוי געגלייבט
און פאַר אים זיין מאָרגן־ליד געשפונען;
דיינע נשים צדקניות וואָס האָבן זייערע יאָרן מיט צדקה געקרוינט,
למד־וואָווישע ווייבער וואָס האָבן אין מתן־בסתרדיקן שטיל
דעם אַלטן שטאָלץ פון „בכבודע־געפאַלענע" געשוינט...
ווער האָט געקענט פאַרטרייבן און אויסשעכטן אַזאַ בלוט,
היים־שטאָט?

ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף דעם,
אַז דאָס אַלץ וועט אַמאָל ווערן „שמע ישראל", קידוש השם!!
די היינטיקע גוייִשע גאַסן וואָס האָבן אַלע דיינע
דור־דורותדיקע־יידישקייטן באַזעצט און פאַרנומען;
די יידישע „פּה־נקברס" פון דעם אויסגעריסענעם בית־עולם
וואָס באַפּוצן דיינע היינט־שטאָטישע שוועלן און טרעטוואַרן —
שרייען מיט זייער שטומען
צו די פאַרגאַזטע,
צו נפטרים
פון צעפליקטע קברים,
צום הסתרת־פנימדיקן גאָט אין די הימלען זיבן, —
דער לעצטער סימן־ייד, דער איינציקער קידוש השם, וואָס איז
אין שטאָט נאָך געבליבן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —
ביסט מער נישטאָ, היים־שטאָט.

**יוד־עין**

**(אין די טריט פון ב. וו.)**




**מקום התחלת הפורענויות של יהודי פולטוסק**

הגן סביב בית המחוז (פּאָוויאַט); כאן אספו הנאצים את כל יהודי פולטוסק
וגרשום באכזריות מן העיר לצמיתות
שם ברקע בצד ימין, בבנין הקטן נפשטו היהודים ערומים והוכו, נערכו אצלם חיפושים והוכרחו למסור
את רכושם, כמו: כסף, זהב, תכשיטים וכדומה

**דאָס אָרט פונעם אָנפאַנגענדיקן אומגליק פון די פולטוסקער יידן**

דער גאָרטן אַרום דעם פאָוויאַט־בנין; דאָ האָבן די נאַצים אויפגעקליבן אַלע פולטוסקער יידן און מיט
אכזריות זיי פאַרטריבן אויף אייביק פון זייער שטאָט
דאָרט, אין הינטערגרונד, רעכטס, אינעם קליינעם שטיבל האָט מען די יידן אויסגעטאָן נאַקעט און געשלאָגן,
באַזוכט און געצוווּנגען אָפּצוגעבן זייער פאַרמעגן ווי: געלט, גאָלד, צירונג אד"ג.

# קרבן



מדרגות לטירה („זמק") — ממצבות עקורות מבית הקברות היהודי
טרעפ וואָס פירן צום שלאָס („זאַמעק") — פון אויסגעריסענע מצבות פון יידישן בית־עולם

**פרקי שואה וחידלון, לחימה וגבורה**

**קאפיטלען פון אומקום און פארגאנג, קאמף און העלדישקייט**

# גירוש פולטוסק

ווי אַ היימלאָזער צעשלאָגענער הונט
מיט יאָרן דרייסיק צוריק, האָב איך ס'לעצט מאָל
— געטריבן פון אַ ברוינעם גיהנום ווינט —
פאַרלאָזט מיין שטעטל צווישן באַרג און טאָל.

אויסגעוואָרצלט ווי — פון אַ דונער — אַ בוים אין פעלד,
מיין באַגאַזש ס'בינטל יאָרן אויף מיין רוקן,
ווי אַ בלינדער מיטן שטעקן אַוועק אין דער וועלט,
אַזוי ווי לוט'ס ווייב כ'טאָר זיך נישט אומקוקן.

מיט בראַנדיקן פייער דער וועג איז פאַרגרייט,
מיין ר ע כ ט... מיך זאָל איינשלינגען די ערד,
צי וועל איך דערגרייכן אַ גענוגנדיקע ווייט ?
כ'זאָל כאָטש באַקומען פון אַ וואָרעם דעם ווערט ?

ניין — טויזנטער נפשות אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן
מיט קינדערלעך קליינע געטראָגן אויף הענט,
פאַריאָגט פון זייערע היימען אין וואָגל פאַרטריבן,
געבויגענע זקנים — דעם בליק צום ברוק געווענדט.

פון גאַסן און געסלעך, הייף, בוידעמס און שטיבער,
געכאַפּט האָט ג ע ס ט אַ פּ אָ יעדן באַזונדער,
פרויען זוכן זייערע מענער, אַ שוועסטער אַ ברודער,
ס'איז פול מיט געוויין פון פאַרלוירענע קינדער.

דורותדיקע שכנים... געווינט טיר אין טיר,
מיט שפּאָטיש געלעכטער זיי האָבן אונדז באַגלייט
אין ליידיקע זעק אונדזער מי רעקוויזירט,
צערויבט יידיש פאַרמעגן מיט גזלנישער פרייד.

גלאַנצט שטיינערנער ברוק פון יידישע טרערן,
אַ מוטער האָט פאַרלוירן פון קישעלע איר קינד,
מאין יבוא עזרי ? ווער וועט אונדז העלפן ווער ?
ווען ערד האָט געעפנט איר שוואַרצן אָפּגרונט.

נאַצישע געשרייען פאַרטויבן די אויערן
שמוציקע י ו ד ע ן ראַוס, ראַוס, ראַוס,
ס'עפנט דער שלאָס־גאָרטן די הילצערנע טויערן
אַלעמען אַריינגעקאָפּעט — ווי פילקעס — אין שלאָס.

אויבן, אויפן בערגל אויסגעשטעלט פוליעמיאָטן,
געסטאַפּאָ מיט טויטן־קעפּ דרייען זיך דאָרט,
צי וועלן זיי אין גאָרטן אַלעמען אויסראָטן ?
עפענען פאַר אונדז אַ נייעם ג ו ט ־ אָ ר ט ?...

מיט צעפּיצלטע געדאַנקען די מוחות זענען פאַרפראָפּט,
דער חלל אין גאָרטן איז פול מיט געוויין,
ס'האָט איינער פאַר'חלשט מיט צעשפּאָלטענעם קאָפּ,
אַ צווייטער זאָגט ווידוי, רעדט צו זיך אַליין.

ס'רוישן די אַפּאַראַטן, מ'פילמירט אונדזער בראָך,
ווען פאַרוויינטע קינדער בעטן אַ ביסעלע טיי,
ס'באַהאַלט זיך די זון, ווי ווערעם אין מאָך,
ווען מ'פאַרגייט אין אַ תפילה „הבט משמים וראה !"

פון חיה'שע העלדזער רייסט אַ ג ע ש ר י י,
געוואָנדן צו אונדז מיט גאַליקן שפּאָט,

ד ר ע ק י ש ע יודען ! שטעלט זיך אין דער ריי,
אַרום דעם געמויערטן הייזל סאַניטאַרער באָד,

מענער און פרויען, זקנים און קינדער,
אַ ל ע זענען געוואָרן גענוי רעווידירט,
צוגענומען אַ ל ץ... האָט ברוינער שינדער,
געטריבן מיט גומי־שטעקנס צו דער בריק געפירט.

לענג אויס דער בריק באַזעצט געווען מיט נאַציס,
מיט טעמפּע מכשירים די גופים צעשלאָגן,
ווי יידן פון מצרים געטראָגן אויף זיך מצות,
האָבן מיר די קלעפּ אויף אונדזערע רוקנס געטראָגן.

צענדליקער געוואָרפן פונעם בריק אינעם טייך,
זיי זאָלן זיך טובל'ען פאַר נאַצישע ח ט א י ם...
ווו נעמט מען אַ שפּראַך זאָל זיין אַזוי רייך
פאַרשטעלן דער וועלט אכזריות פון דייטשע רשעים ?

די לעצטע שטראַלן נידערן מיט גלעט,
ווי טויטע פינגער איבער אַ בוקעט מיט בעז,
ס'פאַלט צו די נאַכט, די ערד איז דאָס בעט,
צווישן הימל און ערד מיר דערוואַרטן אַ נס...

שטייען מיר פאַרשטיינערט על פרשת־דרכים,
פאַרוואָרפן די בליקן אויפן נאָענטן וואַלד,
ווו נעמט מען אַ שלמה מכל אדם דער חכם ?
ווען שוועבל און שטורעם פון הימל עס פאַלט ?

פאָרויס דער מזרח פון אונטן דער מערב,
אַ טונקעלער פאָרהאַנג די גאַנצע וועלט,
שטיל רוישט דער טייך דער אַלט גרויער נאַרעוו,
שנעלער אַנטלויפט ! פאַרבלייבט נישט אין פעלד.

שפּאַנען טויזנטער פיס, „טריט אין דער נאַכט"
צום טאַרטאַק, אַבריטע, דלוגאָשאָדלאָ, ווישקאָוו,
ס'לעשן זיך שטערן איבער וואַלדיקן דאַך,
ס'צעשיידן זיך וועגן מיט בלאָנדזשענדע שאָף.

נאָך וואַרשע, ווילנע, סלאָנים, לאַכאָוויטש, מיר,
אָסטראָוו, מאַקאָוו, וועגנראָוו, ערטער אָן אַ שיר,
דער מלאך־המות צעטאַנצט זיך פאַר פרייד,
ציט אַרויס אַ פאַרגיפטעטע שווערד פון דער שייד.

טויזנטער פולטוסקער יידן אַוועק אין א ו מ ק ו ם,
די אברים צעשפּרייט אויף זייטן פיר,
דערמאָנען מיר זיי אַלע שווייגנדיק שטום,
פון נ אַ ר ע ו ו דעם טייך ביז ווייטן ס י ב י ר.

נישטאָ מער קיין יידן אין פולטוסק דער שטאָט,
אויך דער בית־הקברות געוואָרן צעשטערט,
אַלץ, וואָס געווען י י ד י ש איז מער נישטאָ,
אויפן יידישן בית־עולם פּאַשען זיך פערד.

טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער און קינדער,
אויסגעגאַנגען בטהרה על קדוש־השם והעם,
געדענקען מיר אַלע אינאיינעם און יעדן באַזונדער,
ק י י נ מ אָ ל פאַרגעסן ארץ אל תשכח דמם.

# גירוש פולטוסק

## פולטוסקאים מספרים — פולטוסקער דערציילן

**אליהו בולמאן** / ווי נאָר מ׳האָט פאַרנומען די שטאָט

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה אין יאָר 1939 האָבן מיר — פולטוסקער יידן, גלייך דערפילט אַז עס רוקן זיך אָן גרויזאַמע צייטן. טראָץ דעם וואָס אַ וואָך צייט ביזן 7־טן סעפטעמבער — האָבן מיר קיין דייטש נישט אָנגעזען, פונדעסטוועגן האָבן מיר גוט פאַרשטאַנען וואָס עס דערוואַרט אונדז פון די אַנטיסעמיטישע היטלער־הארדעס. די חוצפּהדיק־פּראָוואָצירנדיקע האַלטונג קעגן יידן מצד די א. ג. „פאָלקס־דויטשן" האָט נאָך פאַרשטאַרקט די אימה און פּחד.

גלייך אין די ערשטע טעג נאָכן פאַרנעמען פולטוסק, האָבן זיך די דייטשן אַ נעם־געטון צו די יידישע איינוווינער פון שטאָט. אונדזער האָב־און־גוטס איז געוואָרן הפקר פאַר יעדן כוליגאַן און מיר אַליין — אַלט און יונג — זענען געשלעפּט געוואָרן צו יעדער שווערסטער און געפערלעכסטער אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. און דווקא שבת און יו״ט, ס׳זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַנטי־יידישע געזעצן, ווי צום ביישפּיל:

1) קאָנפיסקירן יידישע אָפּגעשפּאָרטע געלטער אין די בענק;
2) אויסנאַם־צושטאַנד אין די נאַכט־שעהן;
3) נישט גיין אויף די טראָטואַרן, און אַנדערע פאַראָרדענונגען.

אַלס געטרייע העלפער אין דער אַנטי־יידישער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק — האָבן געדינט אויסער די „פאָלקס־דייטשן" אויך פיל פּאָליאַקן, און צווישן זיי די וועלכע האָבן יאָרן לאַנג דעקלאַמירט וועגן זייער יידן־פריינדלעכקייט, און איצט ווי נאָר זיי האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט יידיש געלט און יידישן פאַרמעגן, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן יידישן קערפּער. דורך פאַרשידענע בילבולים און פּראָוואָקאַציעס זענען דערמאָרדעט געוואָרן: דער שטובן־מאָלער מענדל בורשטין, דער בהמות־הענדלער רובין, דער שוסטער פייוול ניימאַן, עטלעכע פון די סטאָליאַרעס פון דער משפּחה פּענער, און נאָך אַנדערע קדושים. ביי אַזעלכע אומדערטרעגלעכע און טרויעריקע באַ־דינגונגען האָבן מיר געלעבט ביזן טאָג פון אַרויסטרייבן אַלע יידן פון פולטוסק, דאָס איז געשען אַ טאָג פאַר ערב סוכות, דינסטיק, דעם 26־טן סעפטעמבער 1939.

אַרום 10 אַ זייגער אינדערפרי אין אַ זונען טאָג — האָבן זיך פּלוצלונג אָנגעהויבן באַווייזן יידן מיט און אָן פּעקלעך, איינציקווייז און גאַנצע פאַמיליעס זענען זיי געטריבן געוואָרן דורך באַוואָפנטע סאָלדאַטן אין פאַרשידענע גאַסן אין איין ריכטונג צום נייעם שפּאַציר־גאָרטן אַרום דעם אַלטן שלאָס. די האָפענונגען און „אויסרעכענונגען" פון געוויסע אָפּטימיסטן, אַז אפשר וועלן מיר דאָס אַדורכקומען און נישט דאַרפן וואַנדערן, זענען ליידער צערינען געוואָרן. מיט קאַלטער, אכזריותדיקער דייטשער פּינקטלעכקייט זענען מיט איינמאָל באַזעצט געוואָרן אַלע הייזער, וווּ עס האָבן נאָר געוווינט יידישע פאַמיליעס. יונג און אַלט, מענער און פרויען, קינדער מיט און אָן עלטערן — אַלע זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די הייזער אין גאַס אַריין און געטריבן געוואָרן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און זידלערייען צום אומשלאַג־פּלאַץ.

אין משך פון צוויי שעה איז די גאַנצע יידישע פולטוסקער באַפעלקערונג אַריינגעשטויסן געוואָרן אין דעם דערמאָנטן גאָרטן. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער שדים־טאַנץ, די אמתע וואַקכאַנאַליע. דאָס געוויין פון די איבערגעשראָקענע פּיצלעך קינדער, דאָס קרעכצן פון די קראַנקע, די געשרייען פון די צעשלאָגענע און אין ענגשאַפט געטרעטענע, דאָס אַלץ צוזאַמען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן האַרצרייסנדיקן וויי־געשריי. ווי הונגעריקע וועלף אויף אַ קרבן, אַזוי האָבן זיך די „טרעגער פון די נייע קולטור" אַ לאָז געטאָן אויף די פאַרזאַמלטע יידן צו זוכן גאָלד, צירונג, און געלט, אַלע אָן אויסנאַם האָבן אַריינגעכאַפּט אכזריותדיקע קלעפּ, סיי די, ביי וועלכע מען האָט עפּעס געפונען און סיי די ביי וועלכע די אונטערזוכונג האָט נישט געבראַכט צו קיין שום רעזולטאַטן. דאָס דאָזיקע איזדעקוועןן זיך איבער די קרבנות האָט געדויערט ביי זעקס שעה. ערשט פאַרנאַכט זענען

אָפּגעשטעלט געוואָרן די רעוויזיעס און מיר זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פונעם גאָרטן אין דער ריכטונג צו דער הילצערנער נאַרעוו־בריק. ווי נאָר ס'האָבן די פאָדערשטע רייען פון די יידן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אויף דער בריק, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס שלאָגן, דאָס טרייבן, דאָס וואַרפן פון איין זייט בריק צו דער צווייטער, מיטן ציל אַריינצושטויסן די אומגליקלעכע אינעם טייך נאַרעוו, באַגלייט מיט ווילדע געשרייען מצד די דייטשן „גייט צו אייערע ברודער די רוסן" — „שמוציקע יידן, שפרינגט אין וואַסער", אא"ו.

אַזוי זענען מיר געטריבן געוואָרן ביז צו די נאָענטע דערפער פּאָפּלאַוו, אָבריטע, כוטאָרי, און אַנדערע, איבערלאָזנדיק אויפן וועג אומשולדיקע קרבנות, דערטרונקענע און דערשאָסענע. ערשט ווען עס איז געוואָרן נאַכט און עס האָט אונדז איינגעהילט די פינצטערניש — האָבן מיר אָפּגעאָטעמט אַביסל פרייער. די טויזנט־קעפּיקע מאַסע האָט זיך אָנגעהויבן צו צעשפּרייטן אין די דערמאָנטע דערפער און אַנדערע קלענערע דערפלעך, ווער צו באַקאַנטע פּויערים אין די הייזער און סטאָדאָלעס (פאַר אַ גוטן אָפּצאָל, פאַרשטייט זיך) און ווער אין דרויסן אונטערן פרייען הימל. און כאָטש די מידקייט איז גרויס געווען ביי אַלעמען — דאָך האָט זיך קיינער נישט דערלויבט אפילו איינצודרימלען צו ביסלעך. מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אָנגעצויגענע נערוון זענען אַלע געזעסן און געוואַרט עס זאָל שוין ווערן טאָג, כדי מען זאָל קענען ווייטער לויפן, פאַרלאָזן — מיט ווייטאָג אין האַרצן — די שטאָט, וווּ מען איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, וווּ מען האָט פאַרלאָזט האָב און גוטס, אַוועק וואָס ווייטער פון די פאַרנומענע דורך די דייטשן געביטן. מיר האָבן זיך אָבער געפונען אַרומגערינגלט פון די נאַציס און זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין די דערפער וווּ מיר זענען געזעסן, געשלאָגן און געווילדעוועט. אַ ספּעציעלער מאַסן־אָנפאַל איז פאָרגעקומען אין אָבריטע אין הויף פון פישל אָבריטער דעם בעקער. פיל יידן מיטן רב בראש זענען דאָרט צעשלאָגן געוואָרן, ס'זענען געווען קלאַנגען אַז אויך דער אָרטיקער גלח האָט „אַריינגעכאַפּט" פון די דייטשע באַנדיטן. דאָך איז פיל יידן געלונגען אַרויסצורייסן זיך פונעם דאָרף און אַנטלויפן אין די אַרומיקע קלענערע דערפלעך, וווּ די לאַגע איז פאָרלויפיק געווען פאַרהעלטענישמעסיק בעסער. די יידן, וועלכע זענען געבליבן אין אָבריטע האָבן געהאַט אויסצושטיין כסדרדיקע רדיפות, נישט נאָר פון די דייטשן נאָר אויך פון אַ טייל אָרטיקע פּויערים און עס זענען אויך געפאַלן עטלעכע קרבנות.

איך מיט מיין פאַמיליע און עטלעכע אונדזערע שכנים זענען אַוועק אין אַ זייטיק דערפל, וווּ מיר האָבן זיך דורכגעמאַטערט אַן ערך צוויי וואָכן, ביז עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה אַז מען קען גיין ווייטער צו די דורך די סאָוויעטן־פאַרנומענע געביטן פון מזרח פּוילן און מיר זענען אַוועק מיטן שטראָם וואַנדערנדיקע יידן וואָס האָט געפלייצט אין דער ריכטונג קיין ביאַליסטאָק. ממש דאָס לעצטע פון זיך האָבן מענטשן אַוועקגעגעבן פאַר אַ פּויעריש פורל איבערצופירן דאָס ביסל נאָך־פאַרבליבענע זאַכן און דער עיקר די קליינע קינדער און זקנים. די „גוטהאַרציקע" באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּויערים האָבן געשונדן די הויט פאַר יעדן וועגל, מיטן תירוץ, אַז מיטן פירן יידן שטעלן זיי איין דאָס לעבן. אין דער אמתן האָבן זיי אַלע געהאַט ספּעציעלע דורכפאַר־שיינען פון דער דייטשער מאַכט.

אין אַ שיינעם זוניקן זונטיק־טאָג זענען מיר, אַ גרופּע יידן, אָנגעקומען קיין אָסטראָוו, וווּ עס איז דאַן געווען די דייטש־סאָוועטישע גרענעץ. די גאַסן זענען פול געווען מיט שפּאַצירנדיקע פּאָליאַקן און דייטשן. ווען מיר זענען אַדורכן שטעטל און צוגעקומען צו דער באַן־בריק, וועלכע איז געווען דער גרענעץ־פּונקט צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד, דאָ האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דאָס איזדעקעווען זיך איבער אונדז. די דייטשע סאָלדאַטן און געסטאַפּאָ האָבן געזוכט און גענישטערט אומעטום און נישט געשפּאָרט דערביי קיין קלעפּ, צעריסן די פּעקלעך, דאָס געשפּאַן פון די פערד און אַפילו אויסגעטון די מענער און פרויען כמעט נאַקעט, פאָדערנדיק גאָלד, צירונג און געלט. ווייַ איז געווען צו דעם ווער עס האָט געהאַט די „העזה" צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ באַרבאַרישער באַציִונג. נאָכן אָפּפייניקן אונדז עטלעכע שעה און נאָכן צונעמען ביי אונדז אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אַ ווערט, האָבן זיי אונדז באַפוילן צו גיין „פאָרויס צו די רוסן" און ערשט דאַן, ווען מיר האָבן איבערגעשפּרייזט די גרענעץ און געזען די סאָוועטישע גרענעץ־וואַך, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט. און גרויס איז געווען אונדזער פרייד וואָס מיר האָבן זיך געראַטעוועט פונעם נאַצישן גיהינום.

באַלד אָבער איז אונדזער פרייד צעשטערט געוואָרן, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז אין זעמבראָוו און אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק האָבן די נאַצישע בעסטיעס אויסגעמאָרדעט אַ סך פולטוסקער יידן. די דאָזיקע שוידערלעכע נייעס האָט אונדז פולשטענדיק דערשיטערט און געווען ווי אַ וואָרענונג אַז מען מוז „ציען" וואָס ווייטער פון דער גרענעץ, בפרט אַז צוליב דעם כסדרדיקן אָנקומען פון נייע פּליטים איז נישט געווען ממש וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט וואַנדערן אין דער ריכטונג קיין ביאַליסטאָק מיט דער האָפענונג אַז מיר וועלן זיך דאָרטן „איינאָרדענען" און אויסרוען די

אויסגעמאַטערטעביינער. אָבער די לאַגע אין ביאַליסטאָק איז געווען זייער אַ שווערע. נישט נאָר זענען געווען אַלע דירות און האָטעלן פאַרנומען נאָר אפילו עפנטלעכע לאָקאַלן ווי: שולן, בתי־מדרשים, שטיבלעך, שול־אַנשטאַלטן א״א זענען געווען איבערפולט. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אויף די דילן אין די ערגסטע אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען. אַזוי האָבן מיר געלעבט בערך אַ וואָך ביז עס איז באַקאַנט געוואָרן מצד די סאָוויעטישע־מאַכט, אַז פּליטים פון פּוילן קענען פאָרן פריי און אומזיסט קיין ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע. די גרעסטע מערהייט פון אונדז האָט זיך גלייך פאַרשריבן אין די רעגיס־טריר־ביוראָען און אויך מיר צווישן זיי. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר פאַרלאָזט ביאַליסטאָק מיט אַן עשאַלאָן פון 80 לאַסט־וואַגאָנען, אין דער ריכטונג קיין ווייס־רוסלאַנד. שפּעטערדיקע עשאַלאָנען זענען געשיקט געוואָרן קיין אוקראַי־נע, און אין צענטראַל רוסלאַנד.



## דבורה וינשטין (לנדאו) / הגירוש

העיר נכבשה על ידי הגרמנים. מצוקה ויאוש אחזו בכל. כשבועיים אחרי הכיבוש גרשו אותנו הגרמנים מעירנו.

...אל ביתנו מתפרצים חמשה גרמנים אימתניים ופוקדים לעזוב מיד את הבית, כפי שאנו עומדים. כיוון שזו שעת בוקר מוקדמת ואני עדיין לבושה בחלוק ונועלת סנדלי קיץ, נוטשת אני את ביתי בצורה זו. מעמידים אותנו ארבעה בשורה, ישר ולפי הגובה, כי סדר צריך להיות... ומובילים אותנו אל הגן הצבורי ליד הטירה העתיקה. אנו צועדים בהכרה שזו דרכנו האחרונה. בגן עורכים אצלנו חפוש מְדוקדק. לוקחים מאתנו את כל דברי־הערך ולא פוסחים אפילו על טבעת נשואין. עד שעה שש, בערך, נמשך החפוש ואחר־כך מאיצים בנו הלאה בדרך אל מעבר הגשר. לאורך כל הגשר נעמדים גרמנים ואלות בידם ומרביצים בכל אחד באמתלה שזה צועד מהר מדי והאחר משרך דרכו לאט מדי. את כל הכובעים של היהודים הדתיים זורקים לנהר ואין גבול לשמחתם למראה המְגוחך של יהודי מזוקן בגלוי ראש. לא רק אנוכי, אלא בעלי־כשרון ספרותי גדול לא יעלה בידם לתאר את המצעד האיום דרך הגשר המקולל הזה. אורכו כ־500 מטר ואותי תוקפת ההרגשה שלא יגמר לעולם. מוכים, מעונים, רמוסים, מיוזעים, רעבים וסחר־טים מגיעים אנו אל קצהו השני. פה פוגשת אני בסאלק גולד־שטין, כשכל לחיו נחתכה ממכות אלה. לדאבוני אינני יכולה להושיט לו עזרה, אפילו להגיד לו מילה אחת, כי בעד הוצאת הגה מהפה יורים מיד.

מעברו השני של הגשר מתעוררת בעיה טראגית מאוד — לאן ללכת? אף איכר לא רוצה להכניסנו אליו, גם לא אל הגורן, כי איימו עליהם שעל הגשת עזרה ליהודי יעלו באש את כל רכושם ולאחר מכן יהרגו אותם. אנו קבוצה של חמשה־עשר איש, כולל חמשה ילדים רכים. מה לַעשות, לאן ללכת? יורד הלילה. הצינה והרעב מציקים עד למחריד. במשך כל היום לא בא אוכל לפינו.

במהלך צעדת האימים פוגשת אני ברופא, אשר בפרוץ המלחמה טפל בטרומבוזה שברגלי בעזרת זריקות אל תוך הורידים. הרגל מציקה לי עד למחריד, אבל אינני אוזרת אומץ לגשת אליו, נרתעת ממראו המחריד.

מאוחר יותר מגיעים אנו, בעלי ואני, אל אחוזה כפרית אחת שהגורן שלה מרוחקת מאוד ממקומות המגורים וכך מעבירים, אחד אחרי השני, את כל הקבוצה. פה, בשקט, שוכבים לישון. למרות עייפותי הגדולה אינני יכולה להרדם. מחשבותי לא נותנים לי מנוח — היתכן הדבר שכהרף־עין נהפכתי לקבצנית מרודה, גרועה יותר ממקבצת נדבות מן העניות ביותר. בלי פרוטה, בלי גג מעל לראשי, בלי בגדים וכמעט יחפה וגם אינני לבדי בתנאים איומים אלה. הלא בצוותא אני עם הורי, אנשים בגיל העמידה, עם אמא תשושת כוח, אשר רק בקושי עומדת על רגליה. ולמנין זה נחוץ לצרף את אחותי עם בעלה ושני ילדים בגיל חמש ושנה ומחצה. אחותי שוכבת ובוכה ומקללת את יום הוולדה. כך כל אחד עם סבלו ומכאובו זוכה לראות את שחרו של יום המוחרת.

השמש שלחה את קרניה, אבל לא אלינו. אצלנו שורר האופל, הרעב ועִנות המצוקה. חייבים להמשיך בדרך. בלי סבון, בלי מגבת, הגברים לא מגולחים. אָבי מתפלל תפילת שחרית בלי טלית. מי שהכירו מפולטוסק, יבין על נקל מה היא עבורו משמעות התפילה בלי תפילין וטלית. אחרי התפילה יוצאים אנו להמשך נדודינו. בדרך שואלת אני את אבי מה ההגיון בתחנונים לאלהים, אשר נטש ושכח אותנו. נאנח אבי ועונה שאסוננו הוא בזאת, כי ברגעים של יאוש כופרים אנו בקיומו. אסון הכפירה גדול יותר משואת הגירוש.

בדרך גונבים אנו מספר תפוחי אדמה וסועדים במקצת את לבנו. אבי לא אוכל אתנו, כי בשלנו את תפוחי האדמה בסיר של טריפה. טוב לו יותר למות, מאשר לטעום אוכל לא כשר. בהמשך הדרך שואלת אנוכי את בן אחותי הקטן האם לא חש הוא ברגליו. עונה הוא לי שלא ביותר, „אבל דודתי, אני כל כך רעב שראשי סחרחר עלי״. לרוע המזל, כשנעצרנו בכפר אחד ורצינו לפוש מעט מהדרך, הופיעו מיד גרמנים על אופנו־עים או במכוניות, גרשו ורדפו אותנו לכוון מזרחה וצעקו: „לצעוד הלאה, הלאה, לרוסיה, אל הבולשביקים, אל אחיהם, כי כל היהודים הם קומוניסטים!״

ביום השלישי לצעדה זו אנו כל־כך מזוהמים, שמתגלות בבגדינו הכינים הראשונות. כשבערב, אחרי יום של מסע מיגע, משיגים בקושי ובעזרת תחבולות שונות מקום משכב כלשהו, אין אנו יכולים להרדם, עד כדי כך אוכלות אותנו הכינים. כבר אינני בוכה, כי אזל מקור הדמעות.

...מגיעים לפשטיץ׳. חמתי אוספת ביערות הסביבה פטריות ואנו מבשלים מהם לפתן ממש. לפתע פתאום מופיעים הגרמנים ושוב מגרשים אותנו. מי יתאר את מצבנו כשנאלצים לנטוש רעבים את האוכל ואת המקום הזה. נרדפים, יגיעים, מבלי לדעת לאן, רק קדימה מבלי להיעצר... אמי מבקשת אותנו שנעזובה לנפשה, כי אין בכוחה להמשיך בדרך. אומרת היא: „אתם עדיין צעירים, תזכו למחר טוב יותר, ואני רק לכם למכשול״.

כך התקרבנו לאוסטרוב מאזוביצקי. פה נערך חפוש גדול. אם עדיין נותר למישהו מעיל, גוזלים אותו. יש לציין שאת הגבול הזה בין צבאות הגרמנים והרוסים עוברים אנו טוב באופן יחסי. אחרי יומיים בלבד קוברים פה הנאצים חמש מאות יהודים, ביניהם עשר משפחות לפחות מפולטוסק. השמות שאני זוכרת: נח קופלוביץ׳ עם אשתו ושני ילדיהם, אברהם בלום עם שתי בנותיו (מרח׳ שלישי במאי), אהרן מלניק עם אשתו וחמשה ילדים.

עם בשורות איוב אלו הבקענו את הדרך לביאליסטוק. בביאליסטוק מרגישה אני עוד יותר את גודל אסוננו, כי מצו־קתנו בולטת פה באופן מיוחד. פה יש לאנשים בתים, דירות משלהם, רכוש ובגדים...

תם פרק הגירוש מעיר מולדתנו, אך לא פסה פרשת נדו־דינו וסבלותינו.



## משה סרעברא / איבער דער בריק

די שטאָט איז דורכגעשניטן מיט עטלעכע טייכן, וואָס פאַלן אַריין אין גרויען נאַרעוו, וועלכער וויקלט זיך אַרום דער שטאָט ווי אַ פויזנדיקע שלאַנג. אַזוי ווי דער טייך נאַרעוו האָט געזאָלט זיין די נאַטירלעכע גרענעץ צווישן די 2 אָקו־פאַנטן, וואָס האָבן זיך צעטיילט אין 39־טן יאָר מיט פוילן, האָבן די נאַציס באַשלאָסן צוזאַמענצונעמען אַלע יידישע איינ־וווינער און אַריבערטרייבן זיי איבער דער ווישקאָווער בריק, וואָס ליגט איבערן נאַרעוו, כדי די שטאָט זאָל ווערן יידן־ריין און איר אַנשליסן צו מזרח־פּרייסן. טראָץ דעם וואָס די סיטו־אַציע האָט זיך איבערגעמאַכט געביטן און די סאָוויעטן האָבן די גרענעץ פאַרלענגערט לטובת דייטשלאַנד אַנשטאָט ביז דעם נאַרעוו — ביזן בוג, דאָך האָבן די נאַציס די גירוש־גזירה נישט אָפּגערופן, נאָר מיטן גאַנצן חומר־הדין דורכגעפירט דעם יידן־גירוש, אַרויסגעטריבן קינד און קייט, נאַקעט און באָרוועס ווי די הינט.

דאָס איז געשען ערב־סוכות. איך בין פונקט אַנגעקומען פון ערשטן וואַגל־וואַנדער פון וואָלאַמין און געבליבן שטעקן אויפן חזיר־מאַרק, איך האָב נישט באַוויזן זיך אָפּראַזירן האָבן מיר דערהערט טויבע קולות פון ווייטערע הייף: יודע ראַאוס! ראַאוס! ראַאוס! זענען מיר אַלע אַרויף אויפן בוידעם. דורך די שפּאַרעס פון געלעכערטן דאָך האָבן מיר דערזען ווי אויף דעם וואַרשעווער שאָסיי גייען אינמיטן וועג גרופּקעסווייז מענטשן, אַנדערע מיט קינדער אויף די הענט און אַנדערע מיט אַ פאַרוואָרפענעם קלימעקל אויף דער פּלייצע. וואָס אַמאָל הערן מיר דייטלעכער דייטשע קולות וואָס דערנענטערן זיך צו אונדז. וואַרשיינלעך פון עגמת־נפש האָב איך זיך פאַר־שטעקט הינטערן קוימען, וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ ציגלנע מצבה אויפן בוידעם, זיך אָרועקגעזעצט אויף דער ערד און אָנשפּאַרנדיק אויף אים די פּלייצע אַנטשלאָפן געוואָרן. אונטן אין שטוב זענען שוין געווען די מתים־שאַרבנס, מיט זייערע הייזעריקע העלדזער זיך געריסן יודע ראַאוס! יודע ראַאוס! אַלע פאַרזאַמלטע יידן זענען שוין געהאַט אַרונטער, איך בין געבליבן אַליין און דווקא געהאַט אַ גוטן חלום. ראַפּ־טעם האָב איך זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף פון געשרייען: „יודע אַרונטער! ווען נאָך איין יודע איזט דאָ מאַכן מיר אים קאַפּוט״. איך קוק זיך אַרום, דער בוידעם איז ליידיק. איך בין איינער



עס געזעגנט זיך מיין לעצטער בליק,
מיט מיין עלטער־עלטער־זיידנס שטאָט — ביי דער בריק...
כ׳לויף אַדורכגעשאָסן! מיט מיין בלוט די בריק ווערט רויט,
היינט ווערט יודן־ריין, היינט איז יודן־טויט...

אַליין, ווייזט אויס די איבעריקע יידן האָבן מיך נישט באַמערקט. ווי איך בין נאָר אַרונטער פון בוידעם, האָב איך גלייך באַקומען מיט אַ האָלץ איבער די לאָפּאַטקעס און בין אַריינגעשטופּט געוואָרן אין דער גרופּע יידן. מען האָט אונדז אָוועקגעפירט אויפן וואַרשעווער שאָסיי אין דער ריכטונג צום מאַרק. פון אַלע גאַסן און געסלעך האָבן געשטראָמט מענער, פרויען און קינדער מיט רענצלעך — נעבעכדיקע פּעקלעך און טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער זייערע באַקן. מיר זענען געגאַנגען אונטער דער ביקס פאַרשעמטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ ווי אויף אַן אייגענער לוויה. מיר האָבן זיך געשעמט צו קוקן די פריילעכע קריסטלעכע פּנימער אין די אויגן, וועלכע האָבן זיך געריבן די הענט פאַר פרייד און אונדז נאָך צוגעוואָרפן פאַרשידענע זידל־ווערטער און קללות. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך געמעגט פרייען אויף אונדזער בראָך, זיי האָבן באַקומען אַ געלעגנהייט אַרומצוגיין אין די יידישע שטובן ראַבעווען, גזלנען יידיש האָב און גוטס, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן מיט מי און מאַטערנ, מיט בלוט און טרערן הונדערטער יאָרן. אַזוי האָט מען אונדז געפירט גרופּנווייז צום שלאָס. דורך אַ שמאָל טירל האָט מען אַריינגעלאָזט איינצלווייז אין דעם גרויסן סקווער. כמעט יעדן צווייטן האָט באַגלייט אַ קלאַפּ פון אַ ביקסן־קאָלבע, אָדער אַ באַטשוועקטן שוך. פון די אַריינגעכאַפּטע קלעפּ — איידער מען איז געקומען צו זיך — האָט מען דערווייל פאַרלוירן די נאָענטסטע, מ'איז געבליבן נאָך איינזאַמער. מיר האָבן זיך אַלע געפּאַקט אין ענגשאַפט ווי גערודפטע שעפּסן אַרום דעם באַרג, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער האַלב־קיילעכדיקער בנין, דער פּאַוויאַק. פון אויבן די טמאדיקע פאָן מיטן האַקנקרייץ און אַרום דעם ווייסן מויער אויסגעשטעלט פּולעמיאָטן מיט דראָענדיקע לופעס אויף אונדז.

מיר זענען געווען איבערצייגט, אַז מ'וועט אונדז דאָ אַלעמען אויסשיסן און באַגראָבן אין אַ מאַסן־קבר, אַז ס'וועט פון אונדז קיין זכר נישט בלייבן. אַ גרויל האָט אַרומגעכאַפּט צוזעענדיק ווי מענער געזעגענען זיך מיט זייערע פרויען און די פרויען צעקושן זיך מיט זייערע קינדער. דער גאַנצער גאָרטן איז פול געוואָרן מיט געיאָמער און געוויין. חתנים האָבן זיך געטוליעט צו זייערע כלות. קינדערישע געשרייען: טאַטע! מאַמע! האָבן פאַרהילכט די לופט. דערוואַקסענע האָבן זיך אַליין באַקלאָגט. אַ סך זענען געוואָרן פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט, מיט שרעק און אַפּאַטיע אין די גלעזערנע אויגן...

נאָך עטלעכע שעה טויט־שרעק האָט מען אונדז צוגעפירט צו אַ קליין הייזל, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן גאָרטן. דאָרט זענען שוין געווען צוגעגרייט פעסער, קעסטלעך און עמערס. מ'האָט יעדן איינעם רעווידירט, צוגענומען גאָלד, געלט, וואָס ווער ס'האָט נאָך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פון שטוב. נאָך דעם האָט מען די רעווידירטע אַרויסגעטריבן דורך אַ צווייט טירל, נישט ווייט פון דער הילצערנער בריק. ס'האָט קיין איינער נישט געקאָנט אַנטלויפן, ווייל אַ שפּאַלער פון דייטשן פון ביידע זייטן, האָט זיי געטריבן מיט שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס אין דער ריכטונג צום נאַרעוו, אויף די וועגן קיין ווישקאָוו און אָבריטש. די גאַנצע בריק און דער וועג נאָך דער בריק איז פול געווען מיט די אַרויסגעטריבענע, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. די דייטשן האָבן זיך נאָך אַ שפּיל געטאָן מיט די פאַרצווייפלטע יידן, נאָכשיסנדיק זיי, און די ביקסן־קוילן האָבן אַדורכגעזשומעט כמעט נעבן די אויערן.

ווען מיר איז אויסגעקומען אַדורכצוגיין די בריק, איז זי שוין געווען כמעט ליידיק. כ'האָב מיך געהאַלטן מיט מיינעם אַ שוואָגער — די גאַנצע פאַמיליע איז מיר פאַרלוירן געוואָרן. גייענדיק איבער דער בריק האָב איך געוואָלט אויסמיידן קלעפּ. דאָרט איז יעדע 10 מעטער געשטאַנען אַ דייטש מיט אַ גומי אָדער אַ שטעקן. איז מיר איינגעפאַלן זיך אויסקרימען ווי אַ קריפּל און לויפנדיק אַריינגערעדט צום שוואָגער: „צעדריי זיך! מאַך זיך פאַר אַ קאַליקע! עטעם שווער, לויף!" געלאָפן זענען מיר ביז אין דער ריכטונג צום דייטש און אין דער לעצטער סעקונדע האָב איך זיך ראַפּטעם געלאָזט אין אַ זייט. אַזוי האָבן מיר אויסגעמיטן קלעפּ, און דערקראָגן זיך בשלום אויף דער צווייטער זייט פון דער בריק.

גערודפטע ווי הינט אויף וועגן און אומוועגן, צווישן פיינדלעכע פּוילישע דערפער און צעראַבעוועטע און צעשענדטע יידישע שטעטלעך און יישובים זענען מיר דערגאַנגען צו דער סאָוויעטישער דייטשישער גרענעץ.



## **ש. בלענקיטני** / צום שלאָספּאַרק

מ'האָט די יידן געטריבן נישט נאָר פון די שטיבער אַרויס, נאָר פון יעדן אָרט, ווו עמעץ האָט זיך אין דעם מאָמענט געפונען. פון אייגענעם קאָרידאָר האָט מען שוין נישט געלאָזט אַריינגיין אין שטוב עפּעס מיטנעמען. קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויף דער גאַס, אַ פרוי וואָס שטייט אין דער ריי נאָך ברויט, — אַלע זענען געכאַפּט און געטריבן געוואָרן.

אַנדערע, „גוטע" ס.ס.־לייט האָבן יאָ דערלויבט מיטצונעמען, וואָס מ'האָט געקאָנט טראָגן. פון די אַרומיקע געסלעך האָבן זיך געצויגן געטריבענע גרופּעס יידן, פאַמיליעסווייז און איינ־צלנע, באַהאָנגענע מיט פּעק און פּעקלעך, אַנדערע אין ווינ־טערדיקע מאַנטלען און אַנדערע כמעט נאַקעטע. מ'האָט אויך געזען אין פערד געשפּאַנטע וועגעלעך, באַלייגטע מיט קלו־מיקעס און פּעקלעך, און אַ גרופּע שכנים גיין נאָך זיי, ווי נאָך אַ לוויה... אַלץ האָט זיך פאַראייניקט אין איין גרויסער מחנה, אין וועלכער אויך מיר זענען איינגעשלונגען געוואָרן. און מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין שלאָספּאַרק.

דער שלאָספּאַרק, וועלכער איז פאַר די לעצטע יאָרן געוואָרן אויפגעריכט, וואָס זיינע אַלייען זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן מיט בלומען־קוסטעס און בעזבוימלעך, וואָס האָבן פאַרשכורט מיט זייערע ריחות די אויף די בענק זיצנדיקע און אַרומשפּאַצירנדיקע יונגע פּאָרלעך, און געווען אַן אַפּרופּלאַץ פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג — איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עמק־הבכא. געשרייען פון געשלאָגענע מיט גומע־נאַהייקעס און שפּיצרוטן מישן זיך אויס מיט רופן פון עלטערן, וואָס זוכן זייערע קינדער, מיט רופן פון קינדער, וואָס זוכן זייערע עלטערן; מענער זוכן זייערע פרויען און פרויען זוכן זייערע מענער; עס זוכן זיך אַרום משפחה־מיט־גלידער. יללות פון צעשלאָגענע מיט שפּיצרוטן; ביי דעם רינט בלוט פון אַ צעשפּאָלטענער באַק, ביי אַ צווייטן פון דער פּלייצע. און די יללות פאַרמישן זיך מיט די ווילדע געלעכטערס פון די ס.ס.־לייט. אויפן באַרג פון דער שלאָס־געביידע שטייען די פאָלקסדייטשן מיט זייערע פרויען, אויסגעפּוצטע, ווי אויף אַ גאַלאַ־פאַרשטעלונג, און קוקן אַראָפּ אויף אונדז דורך די בינאָקלען.

זייערע אויגן זוכן וואָס גרויליקע סצענעס. ווייזן אָן אויף זיי איינער דעם צווייטן און ברעכן אויס מיט טייוואָלאַנישע געלעכטערס. מ'האָט די סצענעס גענומען פילמירן. אַשמדאיס און ליליתן זענען אַרומגעלאָפן מיט פאָטאָ־און פילם־אַפּאַראַטן צווישן דעם עולם, זוכנדיק וואָס „אינטערעסאַנטערע" סצענעס, און ס.ס.־לייט מיט גומי־און לעדער־נאַהייקעס, פאַרענדיקטע מיט בלייקיילעכלעך, האָבן שוין באַזאָרגט סיי די פילמירער און סיי די פאָלקסדייטשישע צושויער מיט אַלע מאָל שווידער־לעכערע און גרויליקערע סצענעס, וועלכע זיי האָבן באַגלייט מיט בראַוואָ־פּאַטשערייען.

און אָט האָבן זיך די יללות פאַרשטאַרקט, ווען מ'האָט דערהערט:

— מענער באַזונדער!

אָבער באַלד איז אונדז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז מען גייט אונדז רעווידירן. מ'האָט דעם עולם אַריינגעפירט אין דעם געמויערטן הייזל ביי דעם הויפּטשטעגל פון פּאַרק, באַ־פוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און בודק געווען, צי מ'האָט נישט פאַרשטעקט ערגעץ אַ ביסל פאַרמעגן. די זאַך האָט זיך פאַר־צויגן ביז אין שפּעטן נאָכמיטאָג. דעמאָלט האָט אַן ס.ס.־קאָמאַנדיר געבראַכט אַ נייע פאַראָרדענונג: „ביז דער שפּעטער־שטונדע דאַרף אַלעס ערלעדיקט ווערן". ס'זענען אויסגעשטעלט שפּאַלערן פון צוויי רייען ס.ס.־לייט; ביים אָנהייב פון יעדן שפּאַלער — עטלעכע קוישן.

— אַלע גייען דורך. אָפּגעבן געלט, צירונג און דאָקומענטן. ביי וועמען מ'וועט שפּעטער עפּעס געפינען, יענער וועט דער־שאָסן ווערן!

גאָלדוואַרג, זילבערוואַרג, צירונג און גאָלדענע און זיל־בערנע מטבעות איז געוואָרפן געוואָרן אין אַ באַזונדער קויש, ניקלנע און קופּערנע מטבעות באַזונדער, באַנקנאָטן באַזונדער, דאָקומענטן זענען צעריסן געוואָרן און אַריין אין שמוצקויש, — אָרדענונג מוז זיין. ווען עמעץ האָט זיי אויסגעזען פאַרדעכ־טיק, האָט מען אים אָוועקגענומען אין אַ זייט און רעווידירט. ווען מיר זענען בשלום אַדורך, האָט אונדז אַ ספּעציעלע וואַך געוויזן וווהין צו גיין און באַגלייט מיט קנאַלן און שמיץ פון נאַהייקעס און שיסעריי איבער די קעפּ. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער בריק, איז געגעבן געוואָרן אַ קאָמענדע:

— שנעל לויפן! דערביי האָבן זיי נאָכלויפנדיק נאָכגע־שאָסן און געשלאָגן מיט די בייטשן די שוואַכע אַלטע לייט, וועלכע האָבן נישט געקאָנט נאָכהאַלטן דעם לויפטעמפּאָ.

די צווייטע אויפגעריסענע האַלבע בריק (וואָס די פּאָליאַקן האָבן געהאַט צעשטערט אין דער שלאַכט ביי דער שטאָט) איז שוין פאַרריכט געוואָרן מיט אַ שיפּוע ביז צום ברעג. אויך דאָ זענען געשטאַנען ס.ס.־לייט און זיי האָבן די שוואַך־לויפנ־דיקע אַראָפּגעוואָרפן אין די זומפּן, וואָס זענען דאָ שטענדיק געשטאַנען. און פון דאַנען זענען מיר אַוועק ווייטער.

וואָס פאַר אַ גרויליקע זאַכן מיר האָבן דאָס אַלץ נישט אָנגעזען אויפן דאַזיקן וועג: אַ משפחה פירט אויף אַ קינדער־וועגעלע אַ פאַראַליזירטן קראַנקן; עטלעכע עלטערע לייט פירן אונטער די הענט אַן אַלטן טאַטן פון אַ יאָר הונדערט און זענען סוף־כל־סוף געצוווּנגען אים איבערצולאָזן ביי אַ פּויער אין שטאַל, באַצאָלנדיק פאַרן אויסהאַלטן אים ביז יציאת־נשמה...

ערשט שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף באַרטאַדזשע, זיבן קל"מ פון פולטוסק. איך מיט מיין פאַמיליע האָבן אין דער פינצטערניש פאַרנומען אַ ווינקל אין אַ סטאָדאָלע.

## ש. בלענקיטני / פון די ערשטע קרבנות אין פולטוסק

יצחק בארנשטיין, אָדער ווי מען האָט אים גערופן יצחק קאפער, איז געווען איינער פון די בעסטע סטאָליערס פון בוי און ווייסע מעבל. פאַרמאָגט אַן אייגן הייזל מיט אַ וואַרשטאַט אויפן הויף. געווען אַ ייד אַ בעל־הבית אַן אַרבעטס מענטש. געהאַרעוועט פון פאַר טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט.

זיין הויף איז געווען דער ערשטער ברודער קבר אין פולטוסק און ער איז געווען צווישן די ערשטע קרבנות אין שטאָט. אַ גרופּע סאָלדאַטן פון „זאָנדער קאָמאַנדע" האָט אַרויסגענומען פון בארנשטיינס שטוב אַלע מענער און דער־שאָסן זיי אויפן אָרט.

מענדל ביבערשטיין, אָדער ווי מען האָט אים פּשוט גערופן מענדל מאַלאַזש, אַ פאָטער פון דריי דערוואַקסענע קינדער (צוויי זין און אַ טאָכטער), האָט געוווינט אין צענטער פון דער דריטער־מאַי־גאַס. ער איז באַקאַנט געווען אַלס גוטער פאַכמאַן און אַ רויקער שטילער אינטעליגענטער מאַן.

אַנטקעגן זיין פענצטער איז געשטאַנען אַן אויטאָ־ציסטערנע מיט בענזין. אַ טאָג נאָך יום־כפור האָט אַ דייטשי־שער וואַכמאַן, מן הסתם אומפאַרזיכטיק, אָנגעצונדן אַ סיגאַרעט און די מאַשין האָט אָנגעהויבן צו ברענען. מענדל מאַלאַזש איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, געוואָלט זען וואָס פאַראַ פייער איז אויסגעבראָכן לעבן זיין הויז. דאָס איז גענוג געווען, אַז מען זאָל אים באַשולדיקן אין דער שריפה. אַ גרופּע דייטשן זענען אַרויף צו אים און אים אויפן אָרט דערשאָסן.

פייוול ניימאַן, מיט זיין שוסטערישן צוגאָב־נאָמען פייוול האפאס. ער איז שבת־אָונט אַרויס פאַרמאַכן די לאָדן, פאַרגעסנדיק אָדער נישט וויסנדיק וועגן געזעץ פון דער שפּערשטונדע". מען האָט אים דערשאָסן אויפן אָרט.

זיין זון שמעון־זעליק, אַ חבר פון די „פּועלי ציון", איז אַרויסגעלאָפן זען, וואָס ס'איז געשען מיטן פאָטער. ער האָט באַקומען אַ קויל אין פּלייצע, אָבער די וווּנד איז נישט געווען קיין שטערבלעכע. אַ דייטשער מיליטערישער דאָקטער האָט אים אָפּערירט און אין משך פון אַ צייט געהיילט די וווּנד — מיט דער פּינקטלעכקייט פון דער דייטשער הומאַניטאַרער באַהאַנדלונג... ער איז געבליבן לעבן, כדי שפּעטער, צוזאַמען מיט זיין פרוי ח'טע פייגע יעריזאַלימסקא און זייער קינד, אומצוקומען אין די דייטשישע מאַסן שחיטות.

נתן גורמאַן, אַ שוסטער, האָט געשטאַמט פון פּראַש־ניץ און פונעם ערשטן וועלט־קריג געוווינט אין פולטוסק.

מיט דער צייט האָט ער זיך שיין אַרויפגעאַרבעט און געעפנט אַ שיך־געשעפט צוזאַמען מיטן וואַרשטאַט אויף שוו־יאַנסקא גאַס (ביי שאַפּראַנען אין הויז). שטענדיק געווען אַ פריילעכער און אַ וויצלער. ער האָט ליב געהאַט אָפּצוטאָן שפּיצלעך די פויערים, ווי צום ביישפּיל איבערצולאָזן אַ טשוואָק אין שטיוול. ווען אַ פויער האָט זיך באַקלאָגט, אַז אין שוך שטעקט אַ נאָגל, האָט ער געענטפערט אַז ס'קאָן נישט זיין, ס'איז נישט קיין טשוואָק און געעצהט דעם קליענט, ער זאָל געבן אַ גוטן קלאַפּ מיטן פוס.

— אָלאַ באָגאַ! כ'האָב זיך צעשטאָכן, ס'רינט בלוט — האָט געשריגן דער פויער.

— ס'איז בעסער אַזוי, דער פוס וועט זיך נישט גליטשן — האָט אים געטרייסט נתן גורמאַן.

די פויערים האָבן פונדעסטוועגן גוטמוטיק אויפגענומען זיינע שטיקלעך.

דערשאָסן געוואָרן ביי דער נאַרעוו, ביים צוריקקערן זיך קיין פולטוסק פון זאטאר, ווו ער האָט זיך געפונען אין די ערשטע טעג פון קריגס אויסברוך און איבערגעלאָזט אַ פרוי און צוויי קינדער.

אהרן דוד פענער, בעל הבית פון דעם הויז, ווו ס'איז געווען דאָס גערער שטיבל — אַ סטאָליאַר.

בערל וואַסערטרעגער האָט זיין נויט און אָרעמקייט מיטגעטראָגן מיט די עמערס וואַסער, אָנגעהאַנגענע אויף די פּידעס, וועלכע האָבן איינגעבויגן זיינע שמאָלע אַקסלען. שטענדיק מיט אַ תמעוואַטן שמייכל אין זיין געלבלעכן בערדל, וואָס איז געוואַקסן אויף אַ ווילדן אופן. אַ שטילער, קיינמאָל זיך נישט געבייזערט, נישט געטריבן פון זיך די קונדסעס, וועלכע פלעגן אים נאָכשרייען:

— בערל! קעץ לייגן אייער?...

(פון ווען אָן די לצים פלעגן אים פרעגן אַזאַ שאלה, איז מיר נישט באַוווּסט. אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע שפּאַט־פראַגע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין צונאָמען).

ער איז געווען איינער פון די ערשטע יידישע קרבנות, וועלכע זענען געפאַלן פון די הענט פון די נאַר וואָס אַריינ־געקומענע אין שטאָט „זאָנדער"־באַנדעס. ער איז דערשאָסן געוואָרן אינמיטן פון זיין אַרבעט פון באַזאָרגן מיט וואַסער די יידישע באַפעלקערונג. ער איז געגאַנגען מיט די עמער וואַסער פאַרביי אַ הויז, פון וועלכן עס איז אַרויס אַ גרופּע דייטשן פון דער „זאָנדער קאָמאַנדאָ". זיי האָבן אים דערזען און אויסגעשריגן:

— יודע!

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— שטעל אַוועק די עמערס!

ער האָט געהאָרכזאַם אַראָפּגענומען די פּידעס.

— קום!!! און ער איז מיטגעגאַנגען צו יצחק באַרנשטיין אויפן הויף. מען האָט אים אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט, צוזאַמען מיט נאָך 12 יידן, און אויסגעשאָסן מיט מאַשין געווער.

משה באַרנשטיין — אַדער מיט זיין שוסטערישן צו־נאָמען „משה זשאַבע" — איז אין פּולטוסק געווען גוט באַקאַנט אַלס איינער פון די „גרעסטע" בית־המדרש פּאָליטיקער. די גאַנצע לאַנד און וועלט־פּאָליטיק האָט ער באַגריפן און אויס־געטייטשט, שוין אָפּגערעדט פון דער יידישער וועלט־פּראָב־לעמאַטיק. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער דלאַניע, ווי אַזוי די וועלט־געשעענישן אַנטוויקלען זיך, און די האַנט האָט אים געדינט, אַלס אַ וועלט־מאַפּע. אויף זיינע ערלעכע אויסגע־האָרעוועטע שוסטערישע הענט האָט ער צוזאַמען מיט דער „מאַפּע" געמאָלט דעם יידישן שמערץ און וויטאָג. ווען מען זאָל אים צולאָזן וואָלט ער געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף אָנפירן מיט גאָטס־באַשאַף...

ער איז אַנטלאָפן פון פולטוסק קיין ווישקאָוו אין גיהנום אַריין און דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן אופן מיט אַנדערע ווישקאָווער יידן.

חוץ די א"ד ערשטע קרבנות זענען געווען נאָך פולטוס־קער פון די תחילת־אומגעבראַכטע דורך די דייטשן, וועלכע ווערן דאָ נישט אויסגערעכנט צוליבן מאַנגל אין גענויער אינפאָרמאַציע.



## רבקה האלצמאן / דער לעצטער „שפּאַציר"...

עס איז 1939, ערשטער סעפּטעמבער. אַלע סירענעס און גלאָקן זאָגן אָן דאָס שרעקלעכע, וואָס דאַרף באַלד אָנקומען.

שבת, דעם 2־טן סעפּטעמבער איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל פאַרפלייצט פון מענטשן, אַנטלאָפענע פון די מערב־גרענעצן פון לאַנד. צווישן דער פולטוסקער באַפעלקערונג ווערט די בהלה נאָך גרעסער. דער שטראָם טראָגט זיך דורך דער פּאָפּלאָ־ווער בריק ווייטער צו מזרח.

דעם 7־טן סעפּטעמבער באַהערשט די נאַצישע בעסטיע פולטוסק...

נאָך דעם ווי זיי האָבן דערמאָרדעט די ערשטע יידן, האָט מען געמיינט, אַז עס וועט זיך נאָרמאַליזירן און אַריין אין די ראַמען פון אַ פיל־וויניקערן מלחמה־לעבן.

אָבער ניין!

ערב סוכות, אין דעם פאַרייביקטן דינסטיק אין זכרון פון די פולטוסקער יידן, פאַרפלייצן מחנות פון ס.ס.־מיליטער די גאַנצע שטאָט. קיינער ווייס נאָך נישט דעם באַדייט דערפון. יידן גרייטן זיך מקבל יום־טוב זיין, יעדער לויט זיינע מעג־לעכקייטן.

אָבער נאָך אַ האַלבן טאָג האָבן מענטשן טויט־דערשראָ־קענע דערציילט, אַז פון דאָ און דאָרט טרייבט מען יידן אין דער ריכטונג צום שלאָס, וואָס ביי דער פּאָפּלאָווער בריק. און שוין האָבן זיך באַוויזן גרופּעס געטריבן דורך די ס.ס., האַלב־אָנגעטאָענע אין שטעק־שיך; געכאַפּטע אויף דער גאַס, און שפּעטער — גרופּעס, ווער שוין מיט אַ פּעקל אויפן רוקן, ווער מיט אַ פּיצל קינד אויף דער האַנט און טייל שלעפנדיק זייערע קראַנקע אויף די פּלייצעס. אַלע געטריבן פון דער צעיושעטער בעסטיע מיט גומי־שטעקנס אין זייערע לאַפּעס. אַלע, אַלע אין דער ריכטונג צו דער פּאָפּלאָווער בריק!

אַוונט־צייט, נאָך אין זעלבן טאָג איז גאַנץ פולטוסק גע־וואָרן יודן־ריין. פולטוסק האָט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם פון אַ ייד.

דינסטיק, דעם 26־טן סעפּטעמבער האָט פּאָפּלאָווער בריק געפילט אויף איר רוקן דעם בלוטיקן געלויף פון טויזנטער יידישע נפשות, וועלכע זענען געלאָפן בליץ־שנעל דורך דער בריק, כדי אויסצומיידן די שווידערלעכע שמיץ פון די גומי־שטעקנס דורך דיווילדע רוצחים, וועלכע זענען געשטאַנען פון ביידע זייטן בריק און אכזריותדיק געשמיסן די געטריבענע, וווּ עס האָט זיך נאָר געלאָזט. נאָר קומענדיק אויף דער צווייי־טער זייט בריק האָבן יידן געשיקט אַ לעצטן בליק צו זייער לאַנג־יעריקער געבורטס־שטאָט און צו די דורותדיקע, יידישע שפּאַצירן איבער דער דאָזיקער בריק.

געווען איז עס דער לעצטער „שפּאַציר"...

## יחיאל אבאזשאנעק / ווען מ׳האט אונדז פון שטאט געטריבן

ערב סוכות, 1939. די מערדערישע געסטאַפּאָ־לייט זענען היינט די בעלי־בתים אין שטאָט און אין זייערע טמא הענט ליגט דער יידישער גורל פון פולטוסק.

ווי אויסגעשטאָרבן איז דאָס גאַנצע שטעטל, אַ וויסטע פוסטקייט אין אַלע גאַסן מיט אַ לויערונג פון סכנות... פון צייט צו צייט לויפט אַדורך אַ טויט־דערשראָקענער ייד. אין אַלע יידישע שטיבער איז דער פחד גרויס, אָבער קיינער קאָן זיך געטוי נישט פאָרשטעלן דאָס, וואָס קאָן און דאַרף באַלד געשען. אין די ליידיקע גאַסן, וועלכע זענען צום מערסטן באַוווינט פון יידן — באַווייזן זיך פּלוצעם ס.ס.־אָפּטיילונגען מיט מאַשין־געווער און באַפוילן אַלע יידן אַרויסצוגיין פון זייערע הייזער. מיט ווילדע געשרייען, וואָס פאַרגליווערן דאָס בלוט — פירן זיי אונדז צו דעם שטאָטישן פאַרק, וווּ אַלע יידן פון דער שטאָט דאַרפן זיך פאַרזאַמלען: אין דעם גורל־אָנגעצייכנטן מקום המוכן לפורעניות. ביים פּאָוויאַט אין דער הויך, שטייען די ס.ס.־לייט און דאָס מאַשין־געווער איז אָנגעצילט אויף אונדז. מיר שטייען צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. ס׳איז אַ גרויסע עת צרה ליעקב! אָט זע איך ווי אַן עס־עס־מאַן מיט אַ בייטש אין דער האַנט שלאָגט זלמן שפּערלינג, ר׳ משה שפּערלינגס דעם זייגערמאַכערס זון, באשר אַ קריסטלעכע פרוי האָט אים געגעבן אַ זייגערל צו פאַריכטן און זי האָט עס נישט באַוויזן אָפּצונעמען... נישט ווייט פון דעם אַרויסגאַנג פון פאַרק געפינט זיך אַ קליין הייזקעלע און דאָרט געפונען זיך די מערדערישע אָפיצירן פון דער געסטאַפּאָ און פירן אַדורך שטרענגע רעוויזיעס באַגלייט מיט שרעקלעכע קלעפּ. ווען ס׳איז אונטערגעקומען מיין ריי, בין איך פאַרציטערט געוואָרן, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען: מענטשן האַלב־נאַקעטע, צעהרגעטע, בלוט האָט גערינען פון זייערע קערפּערס. ביי די טישן, ווו די דייטשן זענען געזעסן, זענען געשטאַנען גרויסע פּעסער און וויאַדרעס, אָנגעפילט מיט געלט, גאָלד און פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן וואָס יעדער האָט געמוזט אָפּגעבן. נאָך דער רעוויזיע, האָט יעדער איינער געדאַרפט דורכגיין צווישן 2 שורות אויסגעשטעלטע ס.ס.־לייט, פון ביידע זייטן, מיט שטעקנס און ביקסן, באַקומענדיק מורא־דיקע קלעפּ, באַגלייט מיט ווילדע באַליידיקנדיקע אויס־געשרייען.

דער בלוטיקער ספּעקטאַקל האָט אָנגעהאַלטן ביז ער האָט זיך אויסגעמישט מיטן רויט פונעם זון־פאַרגאַנג...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש, דאָס וואַנדערן. אַ גיהנום איז געווען איבערצוגיין די בריק. אויך דאָרט זענען די ס.ס.־לייט געווען אויסגעשטעלט און זיך פריילעך געמאַכט איבער די צום טויט־דערשראָקענע יידן. זיי האָבן געוואָרפן פון דער בריק — אין טייך אַריין. נישט אַרויס איז שוין דער, וועלכער האָט נישט געקאָנט שווימען, און ווען עס איז יאָ געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך, האָבן זיי מיט געווער צוריק אַריינגעשטויסן אינעם טייך. האַרצרייסנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט דערביי. די לעצטע יידן, וואָס זענען אַריבער די בריק, זענען באַגלייט געוואָרן מיט אַ האָגל פון קוילן און נישט איינער איז געפאַלן טויט.

איבער אונדזערע קעפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט. כאָטש עס איז געווען אַן ערב־סוכותדיקע ליכטיקע לבנה־נאַכט, אָבער פאַר אונדז איז זי געווען שטאָק־פינצטער. ווילד, צעשראָקן און נישט וויסנדיק וווהין זיך צו טראָגן, זענען מיר דורכגעלאָפן דאָס ערשטע דערפל: פּאָפּלאָוועס. פון דאָרט איז אַ טייל געלאָפן קיין אָבריטע. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין פּסארעס. אויף מאָרגן האָבן מיר זיך געלאָזט קיין דלוגאָ־שאָדלע; איך און מיין קוזין חיים און נאָך אַ גרופּע יידן. דער וועג איז שווער. די פיס זאָגן זיך אָפּ פון צוטראָגן דעם קערפּער. עס זענען שטאַרק משפּיע: די טויט־שרעק, דאָס האַרצ־רייסנדיקע געוויין פון די פיצלעך קינדער, די אַלטע לייט, וואָס קאָנען נישט מיטמאַכן דעם וועג; געליימטע, וואָס זענען יאָרן לאַנג געלעגן צו בעט אד״ג. אָבער עס איז נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן. מיר טרעפן אָן אויפן וועג יידן פון אַנדערע שטעטלעך. אַלע זענען דערשראָקן און צעחושט פונעם גרויסן אומגליק. מ׳גייט פאַרביי פּוילישע דערפער. מיר בעטן עפּעס עסן, אָבער זעלטן ווען מ׳גיט אונדז עפּעס צו דערכאַפּן די נשמה. אדרבא, מען באַגעגנט דיך נאָך מיט שנאה־אויסרופן, ווי: „אָט איז שוין געקומען אייער צייט״, „די דייטשן וועלן שוין אונדזער פּוילן אָפּרייניקן פון די זשידעס״ אד״ג.

די פיינדשאַפט פילן מיר פון אַלע זייטן. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעקלאַפּט אין אַ יידישער הייזקע, אויף וועלכער מ׳האָט אונדז אָנגעוויזן. דאָרט האָבן מיר זיך אַ ביסל אָפּגעוואַשן, געגעסן און זיך געלייגט אויפן אויסגעבעטן פּאָל צו כאַפּן אַ שטיקל שלאָף. איינשלאָפן האָבן מיר נישט געקאָנט צוליב דער שרעק פאַר דער געסטאַפּאָ, וועלכע האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאַנען.

אָנקומענדיק קיין דלוגאָשאָדלע האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל ווי דאָס שטעטל שטייט אין אַ יאַריד־טאָג. די גאַסן זענען פול מיט מענטשן, כמעט אַלע יידן. מען פרייט זיך, מען קושט זיך, מען וויינט, מען דיסקוטירט... דער שטראָם פון די

פריש־אָנגעקומענע יידן פאַרגרעסערט זיך פון שעה צו שעה. מען פילט זיך אַביסל פרייער, אָבער די שרעק איז נאָך אַלץ גענוג גרויס. די פוילישע מאַכט עקזיסטירט שוין נישט, קיין דייטשן זעט מען נישט און די סאָוויעטן דערוואַרט מען יעדן טאָג... דערווייל איז דאָס שטעטל אָן אַ „בעל־הבית". און דאָס שרעקט נאָך שטאַרקער.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך לאָזן קיין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. איך האָב געוווּסט, אַז אין אָסטראָוו וווינט מיינער אַ שוואָגער און זיך אויך דערוווּסט, אַז מיין פרויס עלטערן פון קראַסנאַשילץ דאַרפן זיך אויך דאָרט געפינען צווישן די יידן, וואָס מ'האָט אַרויסגעטריבן פון קראַסנאָשילץ (מיין פרוי האָט זיך אין יענער צייט געפונען אין וואַרשע).

דער וועג קיין אָסטראָווע ((ס'איז געווען דער 3־טער טאָג חול־המועד) איז געווען פול מיט פחד. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר באַגעגנט דייטשיש מיליטער.

דאָס שטעטל אָסטראָוו, ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. מען זעט נישט קיין ייד פאַר די אויגן, אין קעגנזאַץ צו דלוגאָשאָדלע. דאָ פאַלט שוין צו די נאַכט און עס דערנענטערט זיך די שעה, ווען ס'איז פאַרבאָטן צו באַווייזן זיך אין גאַס. איך זוך אַ ייד, אים צו פרעגן אויף מיין שוואָגער — באַגעגנט אונדז גאָר אַ דייטשישער פאַטרול און מען נעמט אונדז אויף אַרבעט. אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען, אַראָפּצונעמען דאָס היי פון די גרויסע וועגענער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף אַ געוויסן פּלאַץ און דאָס אויסשפּרייטן אויף די פּאָלן, כדי צו צוגרייטן געלעגערס פאַר אַ גרעסערער גרופּע ס.ס.־לייט, וואָס האָבן באַדאַרפט אָנקומען קיין אָסטראָווע. אונטער קלעפּ פון די דייטשישע סאָלאַטן האָבן מיר די אַרבעט געטאָן. ווען מיר האָבן זי געענדיקט איז שוין געווען 9 אַזייגער אין אָוונט. מ'האָט אונדז געהייסן גיין. מיר זענען געגאַנגען אין גרויס פחד, ווייל פון 6 פאַרנאַכט האָט מען שוין נישט געטאָרט גיין אין גאַס. מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ יידישער שטוב. צופעליק איז דער ייד פון דער הויז געווען איינער פון אונדזער משפחה. כ'האָב אים דערציילט וועגן גורל פון די פולטוסקער יידן און אים געפרעגט אויף מיין שוואָגער, וועלכער האָט געוווינט נישט ווייט פון אים. ביי מיין שוואָגער האָב איך טאַקע געטראָפן די גאַנצע משפחה פון מיין פרוי, וואָס מ'האָט אַרויסגעטריבן פון קראַסנאָשילץ.

די שטימונג פון די אָסטראָווער יידן איז געווען זייער אַ געשפּאַנטע. פול מיט זאָרג און שרעק פאַר זייער ווייטערדיקן גורל. מיין שוואָגער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון גאַס, דערציילט, אַז ס'איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן מעלדונגען, וועלכע רופן אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין אָסטראָווע, זיך אויפזאַמלען מאָרגן 8 אַזייגער פרי אויף דעם און דעם פּלאַץ.

מיר, די אַרויסגעטריבענע, האָבן שוין געוווּסט מיט וואָס עס שמעקט. מיר האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן הכנות צו פאַרלאָזן די שטאָט. פאַר קיין שום פרייז האָבן מיר נישט געקאָנט באַקומען קיין פערד און וואָגן — פאַר די קליינע קינדער מיט די אַלטע לייט. עס איז אונדז געלונגען צו באַקומען אַ וואָגן, אָבער אָן אַ פערד. צומאָרגנס גאַנץ פרי האָט מען אויפגעזעצט די קינדער פון מיין שוואָגער מיט די אַלטע לייט, די עלטערן פון מיין פרוי און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, שלעפּנדיק אַליין דעם וואָגן.

די פּראָוויזאָרישע גרענעץ צווישן די דייטשן און די רוסן איז געווען 1 קל"מ פונעם שטעטל אָסטראָוו, וואָס האָט געפירט אויפן וועג צו זעמבראָווע. מיר זענען בשלום אַדורך די דייטשע וואַך און אָנגעטראָפן די ערשטע רוסישע פאַטרולזעלנער. ס'איז נישט משער צו זיין די פרייד, וואָס מיר האָבן דאַן דורכגעלעבט. די רוסן האָבן זיך צו אונדז באַצויגן זייער העפלעך. זיי האָבן מכבד געווען די קינדער מיט שטיקלעך צוקער און אונדז געהייסן אָפּגיין פון דאַנען, באַטראַכטנדיק דעם אָרט פאַר אַ מקום־סכנה. מיט ווייניקער שרעק האָבן מיר זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג אַריין. אויפן וועג האָבן לאַסט אויטאָס מיט רויטאַרמייער אויפגענומען די וואַנדערנדיקע יידן און זיי אַריינגעפירט אין זעמבראָווע, וואָס איז געווען פאַרנומען פון די רוסן. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל, האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל ווי מיר וואָלטן אַריין אין אַ גן־עדן. פול זענען געווען די גאַסן מיט מענטשן. יידן מיט נישט־יידן זענען געווען צוזאַמען אויסגעמישט מיט די רויטאַרמייער. מען טאַנצט אין די גאַסן. מען פרייט זיך. די רוסישע סאָלדאַטן שפּילן אויף זייערע גאַרמאָשקעס. יידן וויינען פאַר פרייד, וואָס זיי האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם נאַצישן גיהנום, וואָס איז נישט ווייט פון זיי... אַ מין אויסערגעוויינלעכע דערלייכטערונג קומט אָן אויף דער נשמה, און מיט דעם — אַ גלויבן אין מענטש; אַז ס'איז נאָך נישט איינגאַנצן „אויס־וועלט" און אַז ס'איז נאָך דאָ פּלאַץ פאַר די אַלט־נייע חלומות וועגן אַ שענערן, בעסערן און מענטשלעכערן מאָרגן... מיר ווערן מיטגעריסן מיטן לעבעדיקן שטראָם. ענדלעך געפינען מיר אויך אַ פּלאַץ ביי אַ יידן, ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. מיר זענען נישט די איינציקע משפחה דאָ, וואָס געפינט זיך ביי דעם דאָזיקן ייד, אָן אייגנטימער פון אַ הויז און וואָס ווייזט אַרויס פיל זאָרג פאַר די אָנגעקומענע פּליטים. מערקווירדיק ווי דער דאָזיקער ייד ווערט גאָר נישט

מיטגעריסן מיט דער אַלגעמיינער פרייד־כוואַליע, וואָס האָט זיך צעוויגט איבער די גאַסן פונעם שטעטל. אויף זיין פּנים מערקט זיך אָן אומעט, ווי די זאָרג פאַרן מאָרגן וואָלט אים נישט אָפּגעלאָזט... ס׳איז די נאַכט פון הושענה־רבה. דער ייד זיצט אויף אַ גאַנצע נאַכט, איז מתפּלל און זאָגט תהילים אין אַ ווינקל...

אויף צו מאָרגנס — די זעלבע פריילעכקייט אויף די גאַסן. דער צושטראָם פון די פּליטים הערט גאָר נישט אויף. און דער מאַנגל אין לעבנס־מיטלען ווערט אַלע מאָל שטאַרקער און שווערער. די פראַגע פון באַקומען אַ שטיקל ברויט לאָזט אונדז נישט רוען. אַלץ איז גוט, אָבער מיט דעם קאָן מען דאָך נישט זאַט ווערן... מיר האָבן אָנגעהויבן ערנסט צו טראַכטן וועגן זיך לאָזן ווייטער אין וועג אַריין. מיט גרויס שוועריקייט איז אונדז געלונגען צו דינגען אַ פערד און וואָגן פאַר די קינדער און פאַר די עלטערע מענטשן. מיר האָבן זיך געלאָזט נאָך ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק זענען מיר אָנגעקומען נאָך האַלבער נאַכט. דאָך האָט מען געזען פיל מענטשן אין די גאַסן און דאָס רוב, פאַרשטייט זיך, יידן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ פּלאַץ, וווּ איבערצונעכטיקן די נאַכט. אַ ייד האָט אונדז געפירט אויף אַן אָרט, וווּ ס׳איז געווען די תלמוד־תורה. מיר האָבן דאָרט פאַרנומען אַ צימער און זיך אויסגערוט די נאַכט, אָפּפרישנדיק אַ ביסל אונדזערע צעבראָכענע גלידער. צו מאָרגנס האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט נאָך אַ סך יידישע פּליטים, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון זייערע צימערן (אין דער הויז פון דער תלמוד־תורה זענען געווען אַ סך צימערן). אין יעדן צימער זענען געווען פיל מענטשן מיט קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך אַהער געלאָזט פון פאַרשידענע אַרויסגעטריבענע שטעטלעך אין פּוילן.

אָבער די טיפע זאָרג: „וואָס ווייטער?״ — האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזט. די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין ביאַליסטאָק — זיי האָבן געטאָן אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר געווען מעגלעך פאַר די יידישע פּליטים, וועלכע האָבן געשטראָמט אָן אַ שיער פון די ווייטע און נאָענטע מקומות.

— — ס׳איז שמחת־תורה אין ביאַליסטאָק, אָבער ווער האָט געהאַט דעם כּוח זיך צו פרייען?! אדרבא. מען איז נאָך מער געוואָרן טרויעריקער. ס׳איז טאַקע שמחת־תורה, אָבער נישט מער שוין אין פּולטוסק. פּולטוסק איז „יודן־ריין״. אויסגעריסן מיטן וואָרצל. די הייליקע ספר־תורות שטייען דאָרט איצט אין די שולן, בתי־מדרשים און אין אַלע דאַווענערטער — פאַרשעמטע! (אפשר שוין פאַרברענטע!) נישטאָ ווער עס זאָל זיך מיט זיי פרייען, יידישע הענט זאָלן זיי טראָגן... טמא הענט פון דייטשישע מערדער וועלן זיי שענדן, מאַכן צו שפּאָט... אַז אָך און וויי צו אונדז!...

יעדער מינוט דערוויסן מיר זיך פון די פריש־אָנגעלאָפענע יידן וועגן די גרויזאַמע אכזריותן, וואָס ווערן באַגאַנגען דורך די דייטשישע פאַשיסטישע רוצחים איבער די יידן — אויף יענער זייט גרענעץ. מאַסן־דערשיסונגען פון יידן ווערן טאָג־טעגלעכע, שעה־שעהדיקע דערשיינונגען. אָט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז נאָך אונדזער פאַרלאָזן דאָס שטעטל אָסטראָווע, איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־דערשיסונג פון יידן דורך די נאַצישע בעסטיעס און צווישן דער גרויסער צאָל אָסטראָווער יידן, וועלכע זענען אומגעקומען — געפינט זיך אויך אַ גרויסע צאָל יידן פון פּולטוסק... — — — — — — — — — — — — —

און דערנאָך — — — אינעם לאַנגן בלוטיקן וואָגל און וואַנדער אויף וועגן פון פייער און אומקום, וועלכע האָבן איינגעשלונגען מיט די שווידערלעכסטע אכזריותן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק!... — — — — — — — — — — — — —

אב הרחמים! דאָסמאָל האָבן מיר פון דיין רחמנות נישט געזען און דו האָסט זיך נישט דערבאַרעמט! דיינע בלויע הימלען האָבן זיך שטיל און רויִק צוגעקוקט צו די אַלע גרויזאַמקייטן, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אויף דער ערד. די זון האָט געשאָטן איר ליכט אויף די בלוטיקע וועגן, וווּ פערד מיט מענטשן האָבן צוזאַמען איין טויט געפונען!... לעבעדיקע מענטשן זענען מיט אַ פריצייטיקן מיתה־משונה־טויט אומגעקומען. אפילו די לאַנג שוין געשטאָרבענע האָבן מיטגעמאַכט דעם מערטירער־וועג; אויסגעריסן האָט מען זייערע מצבות פון די ערטער און מיט שפּאָט זיי אויסגעפלאַסטערט איבער די גויִישע הייזער און גאַסן, וווּ קיין סימן פון קיין ייד איז נישט צו געפינען. הבט משמים וראה, ווי דער גרעסטער צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן דווקא איבער דיין „אתה בחרתנו״־פאָלק — די יידן, און נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען יידן...

און נאָך יאָרן לאַנג ווי דאָס איז שוין אַריבער, ווען מיר זענען מזכּיר די קדושים־נשמות פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, אין דער דאָזיקער הייליקער שעה, קומט די עקבויערדיקע מחשבה: ביז וואַנען, גאָט, וועסטו לאָזן שטראָמען צו אונדז די שנאה פון די אַרומיקע פעלקער...

צי אפשר האָסטו זיך שוין פון אונדז אינגאַנצן אָפּגעזאָגט?!

און אין דעם מאָמענט פון אייביק־נאָגנדיקן צער און אומגעשטילטן ווייטאָג, גיבן מיר אונדזער שבועה די קדושים: קיינמאָל, קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן! אייביק וועלן זיי לעבן אין די טיפענישן פון אונדזערע הערצער! קיינמאָל, קיינמאָל

וועלן מיר נישט פאַרגעסן דאָס דייטשישע מערדער־פאָלק וואָס עס האָט געטאָן צו אונדזערע 6 מיליאָן יידן, צו אונדזערע יידישע שטעט און שטעטלעך און צו אונדזער יידיש אָפּגע־מעקטער שטאָט פולטוסק.

* * *

## **ישראל זיסקינד** / אכט טעג נאכן גירוש — דורך די שפּאַרונעס פון א בוידעם

נאָך פאַרן אויסברוך פונעם קריג בין איך מאָביליזירט געוואָרן און געדינט אינעם 13־טן פוס־גייער פאָלק. געהאַט גליק, וואָס מ'האָט מיך נישט אַפּגעשיקט ערגעץ אַנדערש, נאָר באַשטעטיקט אַלס „וואַרטע" אין די שטאָטישע קאַשאַרן.

דעם 6.9.39 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן באַשיסן די קאַשאַרן מיט שווערער אַרטילעריע. זענען מיר — אַ 70 זעלנער בערך — אַנטלאָפן פון די קאַזאַרמעס אין שטאָט אַריין און ווי איינער האָט נאָר געקאָנט — זיך אויסבאַהאַלטן. איך בין אַריין צו מיר אין שטוב זיך אויסבאַהאַלטן מיט מיין ביקס און איבער 100 קוילן. אַ גאַנצע נאַכט (דאָס איז געווען אין אַ מיטוואָך אויף דאָנערשטיק 7—6.9.39) האָבן די דייטשן באַשאָסן די שטאָט. די פּאָליאַקן האָבן געענטפערט מיט פייער. אויף מאָרגן (ד.ה. דאָנערשטיק אום 7 פרי) זענען שוין אַלע בריקן, וואָס פירן איבערן נאַרעוו, געווען אויפגעריסן דורכן פּוילישן מיליטער.

פון דעם טאָג, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט ביזן טאָג פון גרוש, וואָס האָט גענומען אַ 3 וואָכן, בערך, בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע און איינע די אַנדערע געהאָלפן.

וואָס האָבן די דייטשן אָפּגעטאָן אין פאַרלויף פון די 3 וואָכן ביזן גרוש? זיי פלעגן יעדן טאָג קומען אויף די הויפן און שרייען: „ראַאוס! ראַאוס! יודן! אויף אַרבייט!" יעדער האָט דאַן געמוזט כאַפּן אַ בעזעם אָדער אַ לאָפּאַטע און אַרויס־גיין אויפן הויף. ווער מהאָט אין שטוב געטראָפן, האָט מען גלייך דערשאָסן. אויפן דריטן טאָג, נאָכן פאַרנעמען די שטאָט, האָבן זיי דערשאָסן 13 יידן אויף דער גאַס. די טויטע קערפּערס האָבן זיי צונויפגעשלעפּט אויפן הויף פון דער גרויסער שול אויף קאַטלאַרסקע און באַפוילן, אַז מען זאָל זיי גלייך מקבר זיין, ווען נישט וועט מען זיי פאַרברענען.

דינסטיק, דעם 26.9, אַ טאָג פאַר ערב סוכות, האָט מען אַרויסגעטריבן די יידן פון פולטוסק. פונקט 11 אין דער פרי איז געוואָרן אַ מהומה. די ווילדע געשרייען פון די דייטשן: „ראַאוס! ראַאוס!" האָבן פאַרהילכט די שטאָט. פון שטוב צו שטוב זענען זיי געלאָפן, אַרויסגעשלעפּט די יידן אַזוי ווי זיי שטייען און גייען און נישט געלאָזט מיט זיך מיטנעמען קיין שום וויכטיקע זאַכן. פיל האָט מען געכאַפּט אויף די גאַסן און נישט געלאָזט שוין צוריקגיין אין זייערע הייזער.

נאָכן גירוש פון אַלע פולטוסקער יידן, בין איך נאָך 8 טעג צייט געבליבן פאַרשטעקט אויף אַ בוידעם אין דעם הויז פון טוביה בזשעזשינער, ווו איך האָב געוווינט, איינער אַליין. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרונעס און געזען ווי די גויים האָקן אויף די יידישע הייזער און ראַבעווען פון דאָרטן אַלץ אַרויס. ס'האָט זיי געשמעקט באַזונדער דאָס יידישע האָב און־גוטס. אַ געטראַגעריי איז געוואָרן פון פּעק מיט בעטגעוואַנט, שטיקער מעבל און טייערע חפצים. יעדער סטרוזש האָט באַרויבט זיינע יידישע שכנים פון הויף. אויפן בוידעם ליגענדיק האָב איך געהערט, ווי אונדזער סטרוזשקע רייסט אויף די טיר פון מיין דירה און שלעפּט אַרויס אַלע מיינע זאַכן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געטאָרט מאַכן די מינדעסטע באַוועגונג. זי האָט נישט געוווּסט, אַז איך געפין זיך אויפן בוידעם. איך האָב געהערט ווי זי האָט געשריגן צו איר טאָכטער, אַז זי זאָל צונעמען אויף גיך די זאַכן (מיינע!), ווייל זיי דאַרפן גיין צו אַ צווייטן שכן אויפרייסן די טיר.

נאָך אין דער זעלבער וואָך (ס'איז געווען שבת) האָט מען אויך אַרויסגעטריבן די גויים פון שטאָט — קיין פּאָפּלאָ־וועס, מיטן אויסרייד, אַז מ'גייט אויפרייסן אַלע הייזער פון דער שטאָט. גלייך האָבן זיך דערהערט אייניקע אויפרייסן. אויך דאָ איז געוואָרן אַ געטראַגעריי פון פּעק. איך האָב געהערט ווי די פּאָליאַקן האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז דאָס וואָס ס'איז צוגענומען געוואָרן ביי די יידן, מוזן זיי איצט אַלץ איבערלאָזן. דאָס איז געווען אַ שפּיצל פון די דייטשן, די פּאָליאַקן אָפּצושרעקן. נאָך דעם זעלבן שבת פאַרנאַכט, זענען די פּאָליאַקן שוין געווען צוריק אין שטאָט. ס'איז צו באַמערקן, אַז דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג, בעת די פּאָליאַקן זענען געווען אויסער דער שטאָט, האָבן די דייטשן אַליין געעפנט די וווינונ־גען פון די יידן און פון דאָרט אַלצדינג אַרויסגעראַבירט. דאָס אומקערן זיך פון די פּאָליאַקן צוריק אין שטאָט, האָט מיך געמאַכט אַ ביסל גרינגער אויף דער נשמה.

אויפן 7־טן טאָג (ס'איז געווען אויף דער נאַכט), בין איך פאַרזיכטיק אַראָפּגעקראָכן פונעם בוידעם, אַריין אין שטוב,

אַנגעוואַרעמט זיך אַ ביסל טיי. די סטרוזשקע פונעם צווייטן הויף האָט, ווייזט אויס, באַמערקט ווי עס גייט אַ רויך פון אונדזער קוימען. איך האָב געהערט, ווי זי האָט אַריבערגערעדט צו אונדזער סטרוזשקע, אַז זי זאָל גיין מעלדן די דייטשן, אַז ווער פון די יידן ליגט אין דעם הויז באַהאַלטן. איך האָב גלייך מיין ביקס וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך אָנגעלאָדנט און באַשלאָסן זיך נישט צו לאָזן נעמען אַ לעבעדיקן אין זייערע הענט. כ'בין שוין די נאַכט נישט געשלאָפן און געוואַרט אויף די דייטשן. מיט דער ביקס אין דער האַנט בין איך געשטאַנען גרייט צו שיסן אין די אָנקומער און צוגעגרייט אַ לעצטע קויל פאַר מיר. ווען ס'איז שוין טאָג געוואָרן און קיינער איז נישט געקומען, האָב איך באַשלאָסן אַראָפּצוגיין פון בוידעם און זיך מעלדן פרייוויליק. פונקט צו די 8 טעג (ס'איז געווען אַ דינסטיק אין דער פרי), האָב איך זיך געמאָלדן אין דער דייטשישער קאָמענדאַנטור מיט דער טענה, אַז איך קום נאָר וואָס צופאָרן פון אַן אַרבעט און נישט געטראָפן מיין פאַמיליע. די ערשטע פראַגע איז געווען: „יודע?" יאָ", ענטפער איך. דאַן האָבן זיי מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט, צוגעפירט צו דער טיר און מיך אַרויסגעשטויסן אויף דער גאַס, מיט אַ געשריי: „מיר האָבן קיין געשעפט מיט יודן! „גיי אין פוילישן מאַגיסטראַט!". ווען איך בין דאָרט אַריין, האָב איך געזען הונדערטער גויים, וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי צום בורמישטש, באַקומענדיק באַשטעטיקונגס-צעטלען אויף די יידישע דירות...

איך האָב זיך מיט גרויס שוועריקייט דערשלאָגן צום בורמישטש, בעטנדיק פון אים אַן עצה, וואָס צו טאָן, ווען איך האָב דאָ קיינעם נישט פון מיין פאַמיליע. ער האָט מיר געהייסן איך זאָל גלייך פאַרלאָזן די שטאָט און גיין אויף די וועגן, ווו אַלע יידן זענען געגאַנגען. ווען איך האָב אים באַמערקט, אַז איך האָב מורא אַליין אַריבערצוגיין די בריק, האָט ער באַפוילן איינעם פון זיינע מענטשן, וואָס איז געווען באַוואָפנט, ער זאָל מיך אַריבערפירן, און דערנאָך מיך לאָזן פריי.

אונטער דער „באַשיצונג" האָב איך נאָך באַוויזן אַרויפצוכאַפּן זיך אויפן בוידעם, געמאַכט אַ שטיקל פעקל, אַריבער די בריק און פון דאָרט געלאָזט זיך אויפן שאָסיי קיין ווישקאָוו.

אין אַ 4 טעג אַרום בין איך אָנגעקומען קיין לאָמזשע, ווו עס האָבן געהערשט די רוסן און צוביסלעכווייז זיך אָפּגעזוכט מיט מיין פאַמיליע.

נאָך 8 חדשים אָפּזיין אין לאָמזשע, אַרויסבאַקומענדיק פון די סאָוויעטן אַ 5-יעריקן פּאַספּאָרט בין איך אַוועק קיין אוקראַינע (זאַפּאָדנע).

אין 41־טן יאָר, בעתן אָנפאַנג פון דער סאָוויעטישער־נאַצישער מלחמה, איז מיר געלונגען צו דערגיין ביזן טיפן רוסלאַנד.

אין 1946 בין איך צוריק געקומען קיין פוילן. איך האָב שוין אָבער קיין איינציקן פון מיין פאַמיליע דאָרט נישט געטראָפן. געטיילט האָבן זיי דעם זעלבן גורל פון די 6 מיליאָן פאַרשניטענע יידן דורך די נאַצישע מערדער ימ"ש.

יהי זכרם ברוך והשם ינקום את דמם.



## חנה וויינשטיין־כהן / מיר שיידן זיך מיט אונדזער פאָטער

דער אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג האָט מיר געטראָפן אין וואַרשע.

ווי אַ סך אַנדערע יוגנטלעכע פון אונדזער שטאָט האָב איך אויך געשטרעבט צו לעבן אין דער גרויסער שטאָט. די לאַגע אין שטאָט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע שוין אייניקע טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. די גרויסע פונאַנדערגעקלעפּטע מאָביליזאַציע־פּלאַקאַטן איבער אַלע טיילן פון שטאָט האָבן אַרויסגערופן אומרו און זאָרג ביי דער באַפעלקערונג. מ'האָט גענומען צוגרייטן שפּייז און פאַרשידענע פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך. דאָך האָט יעדער געגלייבט, אַז דאָס זענען נאָר בלויז צוגרייטונגען און דערמיט וועט זיך עס ענדיקן. ביז עס איז אָנגעקומען דער אומגליקלעכער פרייטיק פונעם ערשטן סעפּטעמבער 1939.

זיצנדיק ביי מיין אַרבעט האָב איך פּלוצעם דערהערט די טרויעריקע מעלדונג פונעם ראַדיאָ וועגן דעם שוין אויסגעבראָכענעם קריג מיט דייטשלאַנד. די איבערלעבונגען פון אַזאַ בשורה אין די ערשטע מינוטן איז זייער שווער איבערצוגעבן.

איך האָב געוואָלט, פאַר יעדן פּרייז, אָנקומען צו מיינע עלטערן קיין פּולטוסק.

אָבער ווי אַזוי? עראָפּלאַנען זענען שוין געפלויגן איבער די קעפּ. אָט מעלדעט דער ראַדיאָ וועגן די ערשטע געהרגעטע אויף וואָלסקאַ גאַס.

אונטער אַ האָגל פון קוילן האָב איך זיך ענדלעך דער־

שלאָגן צו דער אויטאָמאָבילן־סטאַציע, וואָס אויף „פּלאַץ־ברוני". ליידער האָב איך קיין שום אויטאָ נישט געטראָפן, ווייל עס איז געווען זייער אומרויִק אויף די וועגן. אין מיין פאַרצווייפלונג האָב איך צופעליק — ווי פון הימל אַראָפּ — באַמערקט אַ באַקאַנטן פולטוסקער בעל־העגלה און — אַ ביסל מיט זיין שווערן וואָגן און אַ ביסל מיט די אייגענע כוחות בין איך אָנגעקומען אַ היים.

די שטאָט האָב איך כמעט ווי נישט דערקענט. אַ מוראַדיקע שטילקייט האָט געהערשט אומעטום. זעלטן האָט מען געזען עמיצן דורכגיין די גאַס.

שכנים האָבן געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך ווענדן צום מאַגיסטראַט וועגן אַן עצה, וואָס די באַאַמטע גיבן יעדן בירגער. איך און מיין גאָטזעליקער פאָטער, האָבן שוין דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. דאָס זעלבע איז אויך געווען, ווען מיר זענען געקומען אין פּאָוויאַט. רעדן האָט מען נאָר געקאָנט צו די ווענט, ווייל אַלע זענען זיך צעלאָפן.

דאָ איז צו אונדז אַרויפגעקומען אונדזער שכן, קודערסקי, אַ קריסט, דער אייגנטימער פון אַ גרויסן פּערפומעריע־געשעפט און זיך ממש געבעטן ביי מיין פאָטער, ער זאָל אַנטלויפן, ווייל די דייטשן פון 1939 זענען נישט די דייטשן פון 1914; זיי וועלן אויסהרגענען אַלע יידן.

אָבער וווּ זאָל מען לויפן? מיין עלטסטער ברודער מוניעק איז געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי, איבערלאָזן אַלץ אויף הפקר — ווילט זיך נישט און געלט האָבן מיר גראַד דעמאָלט אויך נישט געהאַט.

אָבער קודערסקי שטיצט מיט עקשנות זיין פאָרשלאַג און לייגט פאָר מיין פאָטער געלט, אַבי צו ראַטעווען זיך מיט די קליינע קינדער.

— פאָר ווי נאָר עס לאָזט זיך — האָט ער געזאָגט.

גלייך צו מאָרגנס זענען מיר טאַקע צוזאַמען מיט מיין מומע עטי ווישניאַס פאַמיליע, אַנטלאָפן פון שטאָט.

וווּ לויפט מען? מיר האָבן אַליין נישט געוווּסט. מיר האָבן באַשלאָסן קיין פּאָפּלאָוועס. אין פּאָפּלאָוועס, ווי אויך אין די אַרומיקע וועלדער האָבן מיר געטראָפן אַ סך פאַמיליעס פון אונדזער שטאָט. קיינער האָט נישט געוווּסט ווי עס וועט אויסזען דער מאָרגן.

נאָך אַ טאָג וואַנדערן, האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ פאַרלאָזטע פּויערישע כאַטע. דאָרט האָבן מיר געזאָלט איבערוואַרטן עטלעכע טעג.

מיין פאָטער איז געווען שטאַרק אומרויִק און באַזאָרגט. וווּ נעמט מען אַ ביסל מילך פאַר די קינדער? (מיר זענען געווען 6 קינדער, צווישן זיי — 3 פּיצלעך).

און עס איז געשען ווי אין אַ דערציילונג: אַ בלאָנדזשנדיקע קי האָט זיך באַוויזן, וועלכע האָט געוויס געזוכט איר שטאַל. מיין פאָטער האָט זי גענומען מעלקן. ווען דער עמער איז שוין געווען באַלד פול, האָט מען פּלוצעם אָנגעהויבן די געגנט שטאַרק צו באָמבאַרדירן און איידער מיר האָבן זיך אָריענטירט, איז די קו שוין געלעגן אַ טויטע פון אַ שפּליטער, וואָס האָט איר געטראָפן.

מיין פאָטער מיטן עמער אין האַנט איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, נישט קאָנענדיק אַרויסברענגען אַ וואָרט.

צוויי נעכט האָבן מיר איבערגענעכטיקט אין דאָרף. געווען זענען דאָס שווערע, פּיינפולע און בייזע נעכט. עסן איז זייער שווער געווען צו באַקומען, ווייל די פּויערים זענען אַזוי ווי אין דער ערד אַריין. אַלע טירן זענען געווען געשלאָסן. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס בילן פון די ווילדע הינט. דאָס האָט נאָך מער צעטראָגן אונדזערע — אויך אָן דעם — צעשטרייטע נערוון.

זעענדיק, אַז אין דעם דאָרף גייען מיר פאַרלוירן, האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון ווישקאָוו. אָפּגייענדיק איייניקע קילאָמעטער איז אונדז אַ טויט־שרעק באַפאַלן, דערזעענדיק פּלוצעם פאַר זיך אַ גרויסע גרופּע פון ברוינע בעסטיעס אויף מאָטאָציקלען און אויטאָמאָבילן, וועלכע האָט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו פולטוסק.

צוויי דייטשן זענען צו אונדז צוגעקומען און גענומען פאָרשן פון וואַנען מיר זענען. באַקומענדיק דעם ענטפער, אַז מיר זענען פון פולטוסק, האָבן זיי אונדז גלייך באַפוילן זיך אומצוקערן צוריק אין שטאָט. „אויף פולטוסק וועט מען שוין מער נישט שיסן", האָבן זיי געזאָגט.

מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר זיך דערשלעפּט אַ היים, נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג.

די דייטשן זענען שוין געווען אין שטאָט. גלייך איז געוואָרן אַן איבערקערעניש און דער פּחד האָט זיך שוין געלאָזט פילן אויף יעדן טריט און שריט.

מיין ברודער מוניעק איז אויך שוין צוריק אַ היים געקומען, אָבער זייער אַ דערשעפּטער. זיין פאָלק איז זיך גלייך צעפאַלן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה; די אָפיצערן זענען זיך צעלאָפן און די פּשוטע זעלנער האָבן, פאַרשטייט זיך, דאָס זעלבע נאָכגעטאָן.

צווישן די יידן איז געוואָרן אַ געיעג נאָך אַרבעט. מ'האָט געמיינט, אַז די וואָס וועלן אַרבעטן וועלן די דייטשן צו רוּ לאָזן. מיין פאָטער, וואָס איז, אגב, געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס כלל־טוער און גוטהאַרציקער מענטש, האָט באַקומען

אַרבעט אינעם שטאָטישן שפּיטאָל. נישט לאַנג אָבער האָט עס געדויערט.

אונדזערע אַ שכנה, אַ קריסטין, טראָגנדיק אַ שנאה אויף מײַן פֿאָטער, װעלכער האָט אויף איר געװוּנען אַן „עקסמיסיע" נאָך פֿאַרן אויסברוך פֿון דער קריג, האָט אויף אים, װײַזט אויס, עפּעס אַ „רעד געטאָן" אין דער געסטאַפּאָ.

אין אַ געװיסן טאָג איז מען געקומען זוכן מײַן פֿאָטער און אים גלײַך געהײסן קומען אין דער קאָמענדאַנטור.

װען מײַן פֿאָטער, קומענדיק פֿון דער אַרבעט, האָט זיך פֿון דעם דערװוּסט, איז טראָץ דעם גרױסן פּחד זיך געגאַנגען צושטעלן.

מיר האָבן אויף אים געװאַרט, נאָר, לײדער, איז מײַן פֿאָטער פֿון דעמאָלט אָן שוין מער נישט צוריקגעקומען...

איך און מײַן מוטער זענען אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטאָט, כּדי זיך עפּעס צו דערװיסן.

אײנמאָל האָבן מיר געזען אַ גרופּע אַרעסטאַנטן פֿירן איבער די גאַסן און צװישן זײ איז געװען מײַן פֿאָטער. זײ האָבן „געאַרבעט" בײַ דעם נאַרעװ, געגראָבן ראָװעס אין דער געגנט פֿון פּאָפּלאָװעס. יעדן טאָג זענען מיר זײ נאָכגעגאַנגען מיט דער כּװנה זיך צו דערנענטערן צו מײַן פֿאָטער.

אײנמאָל איז מיר געלונגען אַרױסצובאַקומען פֿון מײַן פֿאָטער, אַז ער האָט די מעגלעכקײט צו אַנטלױפֿן אין דער־נעבנדיקן װאַלד און געבעטן מײַן מוטער, זי זאָל געבן איר הסכּמה דערצו. ער איז געװען שטאַרק זיכער אין דער דאָרטיקער געגנט, װײַל עס איז נישט געװען קײן אײן פּױער, װעלכער זאָל נישט האָבן געקענט אבא אָליװניק, מײַן פֿאָטער, און צו אים נישט האָבן קײן פֿרײַנדלעכע באַציִונג.

מײַן מוטער האָט דערצו נישט מסכּים געװען, מורא האָבנדיק, טאָמער װעלן די דײַטשן אים נאָכשיסן. ער האָט אונדז געפֿאָלגט. דערפֿאַר אָבער האָבן מיר אים פֿאַרלױרן...

אַלע אױסזיכטן צו ראַטעװען מײַן פֿאָטער זענען צונישט געװאָרן. איך האָב שוין מײַן פֿאָטער נישט געזען, אפֿילו נישט געפֿירט אים מער צו דער אַרבעט.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז געקומען דער באַפֿעל, אַז אַלע ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן די שטאָט. מיר האָבן געװאַנדערט. אומקום און טױט האָבן געהערשט אויף די װעגן.

ביזן סוף האָב איך מיט מײַן מוטער, אַ מאַמע פֿון 6 קלײנע קינדער, װעלכע ס'האָט אױסגעפּעלט אין אַזעלכע עת צרות אַ טאַטע אַ באַשיצער, דאָך נאָך געהאָפֿט אויפֿן צוריקקום פֿון פֿאָטער.

דער שױדערלעכער אמת איז געװען, לױט װי מיר זענען שפּעטער געװויר געװאָרן, אַז מ'האָט אים געטריבן קײן בוכענװאַלד. אין װאָס פֿאַר אַ אומשטענדן ער איז אומגעקומען װײסן מיר ביז הײַנטיקן טאָג נישט.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס אַ ליכטיקן אָנדענק פֿאַר מײַן הײליק־אומגעקומענעם פֿאָטער אין די מערדערישע הענט פֿון די בלוטדורשטיקע נאַציס ימ"ש.





## ירחמיאל גרינשפּאַן / א שטראַל אין געדיכטן חושך...

— — — אויף דער גאַס האָט זיך דער רעגן אײַנגעשטילט און מיר (איך, מײַן פֿרױ און צװײ קלײנע קינדער) גײען דורך בראָק* מיט איר אײנציקן שאָסײ־װעג. בײַם סוף דרײען מיר זיך אַרונטער אויף רעכטס אַזױ װי די װאַנדערער פֿאַר אונדז און מיר בלײַבן פּלוצעם שטײן פֿאַר אַ פּרשת־דרכים. דער שאָסײ טײלט זיך אין צװײ ריכטונגען. דער גראַדער װעג, נישט װײט פֿון אונדז, װאָס זעט זיך

* אַ שטעטל נעבן אָסטראָװ־מאַז.

איבער דעם טייך „בוג“, פירט אויף מאַלקין, דער שאָסיי אויף לינקס ציט זיך ביי אַ 30 ק״מ ביז זאַראָמב־קאָשטשעלנע. איך שטיי אַזוי זיך ביי דעם שייד־וועג און באַמערק נישט אין קיין שום ריכטונג קיין לעבעדיקן נפש. איך ווער שטאַרק באַזאָרגט און טראַכט: וווּהין נעמט מען זיך צו גיין? ביי וועמען צו פרעגן האָב איך נישט.

איך באַשליס, אַזוי ווי מיינער אַן עלטער־פעטער, מיין זיידנס אַ ברודער, האָט געלעבט אין זאַראָמב, דאַרף איך זיך נעמען מיט אָט דעם וועג, וואָס פירט אַהינצו. מיר וואַנדערן. דער טאָג גייט צו ענדע. די זאָרג ווו נעכטיקט מען איבער די נאַכט — עקבערט אין קאָפּ. דער שאָסיי איז לער. טיף אין די פעלדער שטעקן די פויערישע פאַמיליעס, באַשעפטיקט ביים אַרויסנעמען די קאַרטאָפל פאַר די רעגנס. אָפּגייענדיק אַזוי אַ 4 ק״מ, קומען מיר צו צום ערשטן דאָרף. דאָס טירל פאַר דער כאַטע שטייט אָפן. איך נעם זיך אָן מיט מוט און גיי אַריין אינעווייניק. אין שטוב טרעף איך אַ מיטליעריקע פרוי. איך פרעג איר, אפשר וועט זי אונדז דערלויבן איבערצונעכטיקן די נאַכט. זי אַנטזאַגט מיר מיטן מאָטיוו, וואָס די גאַנצע פאַמיליע איז אין פעלד און אויך זי גייט באַלד אַוועק פון שטוב און זי קאָן אונדז נישט איבערלאָזן. דאַן זעצט זי אַוועק די צוויי קינדערלעך מיינע, און גיט זיי אָפּצועסן. איך באַדאַנק זי און מיר נעמען זיך ווייטער צום וואַנדער.

עס נאָגט אַלץ די זאָרג, ווו נעכטיקט מען איבער די נאַכט. דער טאָג הייבט אָן צו ווערן טונקלער; אַ סימן, אַז עס קומט אָן די נאַכט. מיר געפינען זיך איינזאַמע אונטערן פרייען הימל אין אַזאַ ווייטע און פרעמדע פאַר אונדז סביבה. איך גיי מיר אַזוי דורך עטלעכע כאַטעס; די טירלעך פאַרשפּאַרטע, די הייזער אָפּגעשלאָסענע; אַלע משפחות וואָס וווינען דאָ אַרבעטן נאָך איצט אויף די פעלדער. ביז איך קום צו צו אַ ווייטער־דיקע כאַטע — דאָ זע איך ווי ביי איר אַריינגאַנג שטייט אַן הויכער מיטליעריקער סימפּאַטישער קריסט. איך באַגריס אים, שטעל זיך אָפּ און בעט אים אַ שטיקל פּלאַץ אויף איבער־צונעכטיקן. אַ ווייל טראַכט ער נאָך. און ווען מיין 4־יעריק מיידעלע פאַררייסט צו אים איר שיין בלאָנד קעפל מיט אירע בעטנדיקע בלויע אויגעלעך און קוקט אים גלייך אין זיינע אויגן און ער — אויף איר, דאַן ענטפערט ער מיר אָט וואָס: „אָט שטיי איך דאָ און וואַרט אויף דייטשן, וואָס האָבן אין דער צייט געזאָלט קומען און נעמען ביי מיר די פערד אויף אַ „פּאָדוואָדע“, וואָס זיי האָבן באַשטעלט אינדערפרי. די דייטשן האָבן אונדז פאַרזאָגט נישט אַריינצולאָזן קיין יידן, נאָר דאָס מיידעלע דיינס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, איך בין פון איר גערירט געוואָרן און איך בין גרייט אייך אַלעמען צו געבן אַ נאַכטלעגער“.

ער האָט צוגעגעבן: „די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. ווען זי וועט זיך ענדיקן — ווייסן מיר נישט און עס איז שווער צו וויסן, וואָס וועט נאָך זיין מיט אונדז“.

אַ דאַנק מיין 4־יעריק קינד האָט ער אונדז אַריינגעלאָזט אין שטוב. זיין פאַמיליע האָט געאַרבעט אין פעלד. ער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט אין קיך און אָנגעשיילט אַ טאָפּ קאַר־טאָפל, אויף שנעל זיי אָפּגעקאָכט, אונדז אַרומגעזעצט אויף בענקלעך ביי זיינע נידעריקע פויערישע טישלעך, אַוועק־געשטעלט אַ גרויסע שיסל מיט הייסע מעליקע קאַרטאָפל און 4 לעפל, צוגעשטעלט דערביי מילך ווי אויך רויטן בוראַקאָוון באָרשט צו פאַרטרינקען. ער האָט אונדז געבעטן עסן און מיר האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט. פאַר מיר און מיין פרוי איז דאָס געווען די ערשטע שפּייז, וואָס מיר האָבן דעם טאָג פאַרזוכט, טראָץ דעם וואָס מיר האָבן — ווי מיר דוכט זיך היינט — שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז מיר דאַרפן אויך עסן. איך ווייס נישט, צי דער מן אין דעם מדבר, נאָך יציאת מצרים, האָט בעסער געשמעקט ווי די סעודה פון שמחת־תורה ת״ש—1939, ביי דעם האַרציקן קריסט. אין דער צייט, וואָס מיר האָבן געגעסן, האָט דער בעל־הבית אַריינגעטראָגן 2 גרויסע בינטן שטרוי, אויס־געשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע פון זיין גרויסער קיך און אויסגעהייצט דעם אויוון.

עס איז געוואָרן נאַכט. די גאַנצע פאַמיליע איז צוריק־געקומען פון פעלד און אונדז באַגריסט.

דער בעל־הבית האָט אונדז פאַרגעלייגט זיך צו לייגן שלאָפן, זעענדיק אונדזער מידקייט. מיר זענען שנעל איינ־געשלאָפן.

אויף צו מאָרגנס (שבת־בראשית) גאַנץ פרי. מיר הייבן זיך אויף. דער פויער שניידט אָפּ 2 שטיקלעך ברויט פאַר די קינדער און גיט אויך צו טעפּלעך מילך. זיי עסן דאָס אָפּ און מיר דאַנקען זיי האַרציק. מיין טעכטערל נעמט אַראָפּ פון איר הענטל דאָס פינגערל און גיט עס אַוועק דעם פויערס אַ מיידעלע, וואָס איז אין זעלבן עלטער און גרויס ווי זי.

מיר הייבן אָן ווייטער צו וואַנדערן.

אויפן וועג באַגלייט אונדז אַ זוניקער וואַרימער האַרבסט־טאָג, מיר גייען און זעען נישט קיינעם דורך דעם לאַנגן וועג. פון צייט צו צייט זעצן מיר זיך אַוועק ביי די ראַנדן פון שאָסיי. מיר טראַכטן נאָר פון איין זאַך: אַנטלויפן וואָס ווייטער פון אונדזערע פאַרפייניקער, נישט וויסנדיק מה יולד יום.

נישט געיכולט. נו, האָט ער אַריינגעשריגן צו דער מומען אין געוועלב אַריין (זי איז דאָך געווען פאַרנומען מיטן לייזעכץ...) — זיסל! די פיש קאָכן זיך אויס! — טאַ גיס־זשע אַריין אַביסל וואַסער. ער האָט אָבער אַריינגעגאָסן אַ קוואָרט מיט וואַסער! זענען זיי דאָך ווייטער צו זיס, האָט ער אַריין געטאָן אַ באַרג מיט פעפער! (ס'איז דאָך אַלץ געווען בשפע...) — נו איז עפּעס אַ וווּנדער וואָס די פיש זענען דערנאָך געווען אי צוקער און אי פעפער...

דאָס בילד וויקלט זיך ווייטער — יום־טובֿ: דער בליץ־לאָמפּ וואַרעמט און ליכטיקט אין אַלע ווינקעלעך פון דער נשמה... דער פעטער זיצט ביים טיש, דאָס שטריימל „נאַ באַקער..." — ער לערנט מדרש. דער געשמאַקער מדרש־ניגון קייקלט זיך מיטן ציגאַרן־רויך צו דער סטעליע.

פלוצעם: נו, נו — אמר ר' תנחום, הא, מ'הא. — וואָסי לייבל? — דאָס לעצטע שטיקל ציגאַר האָט אים אָפּגעשרפּעט די וואָנצעס... — נאַרישקייטן, נאַרישקייטן — טראַכט די מומע. ווי עס שטייט מיר אַלץ פאַר די אויגן. — ס'קומט אַ מאַרק־טאָג. דאָס געוועלב איז פול מיט פויערים און פויער־טעס. — „וואָס מאַכסטו פעטערל" ?!

—האַנט קלאַפּט אויף האַנט, פּעקלעך, זעקלעך, געוויגן, געמאָסטן, געהויבן. — ווי דאָס גאַיעס האָט אים גינציק גע־האַט. — און אינמיטן דערינען — אין שול אַריין מנחה דאַווע־נען... אוי, לייבל קרוין ווי האָסטו מיך איבערגעלאָזט אויף מיינע אַלטע יאָרן? — האָט אַ זיפץ זיך אַרויסגעריסן פון דער מומעס מויל און אַ טרער האָט אַ פינקל געטאָן אויף אַן אויגן־שפּאַרע — נאָר נישט וויינען — האָט די מומע צו זיך גערעדט. זי האָט פאַרביסן די בלויע ליפּן און האָט גיך, גיך אַוועקגע־לייגט די אַטלאַסענע קאַפּאָטע אָן אַ זייט... אַ רגע איז די מומע געזעסן פאַרשטאַרט און דערביי האָבן אירע פינגער אַזוי פאַרחלומט גענישטערט און גענישטערט אין דער צעוואָר־פענער קליידער־קופּע. אַרויסגעפישט האָבן זיי אַ שטערן־טיכל אויסגעזעצט מיט ריכטיקע דיאַמענטן. אַ מתנה פון דער שוויגער ע"ה צו דער חתונה... אַ חלום, אַ חלום דאָס גאַנצע לעבן! ווי לאַנג איז עס שוין? אַ יאָר פופציק אוודאי — ווי ערשט דאָס געווען. — ליכט, ליכט! און צעפלאַקערטע הבדלות. די באָבע פעסל ע"ה טאַנצט אַנטקעגן מיט אַ קוילעטש אויס־געזעצט מיט ברענענדיקע ליכטלעך, די כלי־זמרים שפּילן אַ פריילעכס — צו דער חופה! — דערנאָך דאָס מצוה־טענצל! אַ רויטע פאַטשיילע, זי האַלט אין איין עק און דער פעטער — דעמאָלט נאָך אַ ייִנג בחור מיט געקרייזלטע פּאהלעך — אין צווייטן עק — און די שטוב מיט די געסט, מיט די מחותנים, מיט די כלי־זמרים דרייט זיך... — די מומע באַנעצט אירע טריקענע ליפּן מיט דער צונג — דער טעם ליגט איר נאָך אין מויל. — סאַראַ גאָלדענע יויך ס'איז דעמאָלט געווען צום נאָכטמאָל אין דעם באַזונדערן חדר... — דער פעטער זיצט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער וואַגט נישט צו קוקן אויף איר און ער רירט זיך נישט צו צום עסן... — נו, לייבל קרוין, סעצדע, עס דאָך. — האָסט דאָך אַ גאַנצן טאָג נישט טועם געווען... די טיר עפנט זיך אַ קאַפּעטשקע און דער לוסטיקער חסיד ר' הערש וואַרפט אַריין גנבישע בליקן... עטוואָס ענליך צו אַ רויטקייט האָט זיך צעפלעמלט אויף דער מומעס פאַר־מעטן פנים... און די מומע האָט דאָס שטערן־טיכל אָנגעטאָן אויף דער קופּקע...

מינוטן און אפשר שעהן איז די מומע געזעסן פאַרגלי־ווערט און געקוקט ווי אירע יאָרן שוועבן אַרום איבער די קליידער און גלעטן זיי מיט ציטערדיקע באַדויערונגספולע געזעגנונגס פינגער. און יאָרן זענען געווען פאַרשידענע: יאָרן פון גליק, שפע און נחת — אויף קליידער פון סאַמעט און זייד, יאָרן פון האַראַוואַניע, וואָכעדיקע — אויף קליידער גרויע, פשוטע און יאָרן ווי וואָלקנדלעך, טרויעריקע, אומע־טיקע האָבן געשוועבט, גענישטערט און גענישטערט ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קינדער־יאַקל — מרדכלע... זיבן יאָר איז זי געווען אַן עקרה ביז אים און דאָס גאַנצע לעבן נאָך אים...

אַזאַ טייער ייִנגעלע געווען... — אַ בלאָנדער זוניקער קאָפּ און צוויי בלויע שטיקער הימל. — די אויגן, נאָר אַ בייז אויג האָט עס נעבעך אויפגעפרעסן. ביי אַלע דאָקטוירים געווען, און צו גוטע יידן געפאָרן נאָר ס'האָט נישט געהאָלפן...

— פאַרברענט געוואָרן פון היץ... אַ בייז אויג נעבעך... אַ וואָלקנדל האָט פאַרטונקלט איר שטערן.

— ווי אַלט וואָלט ער היינט שוין געווען? אַ ייד מיט ווייב און קינדער, וואָלט געגאַנגען מיט איר, מיט אַלע יידן. וווהין? ווער ווייסט! אפשר צום לעצטן וועג און אפשר נאָך ערגער... אוי, ניין, רבונו של עולם! שוין בעסער אַזוי, שוין בעסער אַזוי, טאַטע זיסער אין הימל! זאָלסט מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד — טאַטע געטרייער! די לעבעדיקע זענען היינט מקנא די טויטע... יאַ מרדכלע, האַרצעלע! אַ מאַמע בין איך דאָך סיי ווי געווען צו אַלע קינדער פון שטעטל! יאַ מיין קינד, יאָסל דעם שוסטערס, בערל דעם שניידערס, זלמן דעם טרעגערס און נאָך און נאָך — — — וועמען אַ פּאָר שיכלעך און וועמען אַ יאַקל — וועמען אַ פאַלטקע און וועמען אַ היטל נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין.

— און וווּ איך בין געגאַנגען האָבן מיך די קינדער אַרומ־גערינגלט און גערופן: מומע זיסל! מומע זיסל! און שטענ־

דיק, צוקערלעך, ניס און כל־מיני נאַשוואַרג, זאָל זיי זיין צום געזונט! צום געזונט! אָבער אייגן בלוט און פלייש! — האָט די מומע געקרעכצט און פאַרבראָכן די הענט. — זי האָט צוגעטראָגן דאָס יאַקעלע צו אירע בלויע ליפּן. צוגעטוליעט עס צום האַרצן און מיט ציטעריקע הענט עס אַוועקגעלייגט צו דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע.

די מומע האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. אַ רגע שטיין געבליבן און אַוועק אין אַ שפּאַציר אַרום דער קליידער־קופּע. — וואָס נאָך? וואָס נאָך זאָל איך נעמען? אַז אַלץ ברויך איך און גאָרנישט קען איך דאָ איבערלאָזן. איר בליק איז געפאַלן אויף איר יָמִים־נוראָימדיקן זיידן קלייד און אויף אַ ווייס שטיקל לייוונט — תכריכים... שוין פון לאַנג דאָס אָנגעגרייט... מ'לעבט דאָך נישט אייביק... דאָס קלייד האָט זי אָנגעטאָן און דאָס לייוונט מיטן יאַקל און די אַטלאַסענע קאַפּאָטע איינגעפּאַקט אין אַ טיכל. זי האָט מיט ציטערדיקע פינגער פאַרלאָשן דאָס ליכטל און פון דרויסן האָט שוין אַריינגעשאַרעט דער באַגינען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן מאַרק־פּלאַץ צווישן דער תיפלה און דעם שטאָט־זייגער איז אויסגעוואַקסן אַ וואַלד מיט יידן. ווער איז דען דאָ נישטאָ? דער אַלטער שמאי — דער דיין און יאַנקל דער קלעזמער, אשר דער שניט־סוחר מיט זיינע צוויי טעכטער ווי די סאָסנעס און דאָבע די נייטאָרקע מיט איר נייגעבוירן עופהלע ביי דער ברוסט; יידן מיט בערד און יידן גאָלע־בראָדעס, סוחרים און טרעגערס, „פני" און בעלי־מלאכות, ווילע יונגען און מאַמעס, מאַמעס מיט קינדער אויף די הענט און מיט קינדער ביי דער זייט — קינדער! קינדער! אירע קינדערלעך! ס'קלעמט אַזש ביים האַרץ. און אַרום זיי, אַ קייט פּין דאַטשן מיט אָנגעשפּיזטע ביקסן — טאַטע געטרייער! די קוקסט און שווייגסט? — ווי צו די אויגן וואָס זעען דאָס!

ווו נישט ווו אַ יללה, ווו נישט ווו אַ פאַרשטיקט געוויין, באַלד דערויף אַ געשריי, אַ געביל, אַ קלאַפּ מיט אַ קאָלבע און ווידער אַ יללה...

דער הימל איז אַ שטיק גרויע שמאַטע. וואָסער צייט איז איצט? — נישט טאָג און נישט נאַכט... דער צלם פון דער תיפלה קוקט אַראָפּ צאָרנדיק אויף דער צוזאַמענגעטולעטער עדה יידן. — ווי די שעפּעלעך נעבעך — טראַכט די מומע. אין דער זייגער? די מומע כאַפּט אַ קוק צום שטאָט־זייגער: וואַרט אַ ביסל, וואַרט דאָך גזלן! אפשר, אפשר וועט אַ נס געשען. נאָר דער זייגער גייט! און די ווייזערס רוקן זיך אָן רחמנות צו דער באַשטימטער שעה און רגע...

ראַפּטעם — אַ בהלה! מ'גייט! טאַטע אין הימל! שוין? ווי גייט מען דאָס? צום לעצטן וועג? טאַטע, טאַטע! זיי זיך דאָך מרחם, פאַלג היינט דיין הייליקע תורה... „כרחם אב על בנים" שטייט דאָך געשריבן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

די שטאָט איז אויס. פעלד. פון ווייטן אַ וועלדל, אַ יינג שמעקעוודיק סאָסנע־וועלדל. פייגל שפּרינגען אויף און פלאַטערן צעשראָקן מיט געצווישטש. די זון שיקט אירע ערשטע שטראַלן. — מ'גייט! אַן עדה יידן גייט צו דער אייגענער לוויה... אין דעם — אַ ציטער איז אַ דורך די מחנה. פונדערווייטנס שווארצן זיך גריבער, לאַנגע גריבער...

די עדה וויל ווייטער נישט גיין. קלעפּ, געשרייען און שאָסן! און ביי דער מומען די געדאַנקען — אַ סטאַדע צעווירבעלטע פייגל. — שוין זשע? שוין?! רבונו של עולם שוין? עק וועלט? דער סוף פון דער עדה? פון אַלע יידן? פון די קינדערלעך? פון אירע קינדערלעך??? און סאיז איר אַזוי ביטער און פינצטער. די פיס ברעכן זיך אונטער, אין די אויגן פייערדיקע רעדער און אין קאָפּ אַ ריזיקע ווינטמיל דרייט זיך און שווינדלט, שווינדלט...

נאָר מיט אַ מאָל האָט אַ זונענשטראַל זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אירע פינצטערע אויגן און סהאָט עפּעס אויפגעהעלט ביי איר אין קאָפּ — משיחס־צייטן. וואָס דען? משיחס־צייטן! און אַלץ איז פאַר איר געוואָרן קלאָר.

און זי האָט אַזוי דייטלעך געהערט דעם געשמאַקן מדרש־ניגון פון פעטער לייבל: ס'וועגט די וואָג — כולו זכאי, אָדער כולו חייב. מילא, טראַכט די מומע — האָט די וועלט נישט זוכה געווען, איז כולו חייב. אָבער ס'איז דאָך משיחס־צייטן...

— זיי אויף דער אייזערנער בריק און מיר אויף דער פּאַפּירענער — הערט זי ווייטער ברומען דעם ניגון פון פעטער לייבל און זי זעט אים אויך גיין לעבן זיך. — מילא, זייער אייזערנע בריק וועט דאָך זיכער איינגעזונקען ווערן. אָבער מיר? מיר? — טענהט זי זיך שוין אויס מיטן פעטער — צי וועט כאָטש די פּאַפּירענע בריק אויסהאַלטן??!

און אירע לעפצן מורמלען שטיל אַ תפילה — טאַטע פאָטער! העלף! העלף! אַז מיר זאָלן אַריבער בשלום...

די שאָסן ווערן געדיכטער, די געשרייען און די יללות, בפרט פון די קינדער, שטאַרקער און יאָמערליכער און די מומע זעט באַשיינפּערלעך אַז די פּאַפּירענע בריק האַלט נישט אויס... און ס'ווערט איר אַזוי ביטער און פינצטער. זי איז אַזוי עלנט, אַליין — ווו ביסטו גאָט? ווו ביסטו לייבל? אַלץ איז פאַרשווונדן, די וועלט, דאָס וועלדל, די פייגל, די זון, נאָר איינס איז געבליבן — דאָס יאָמערליכע געשריי פון די קינדער...

ווי לאַנג איז די מומע געגאַנגען אַזוי אין דעם טומאַן פון

קינדער־געיאָמער? ווער ווייסט? אפשר אַ רגע און אפשר אַן אייביקייט?...

נאָר ווייזט אויס, איר בטחון איז געווען אַזוי פֿעלזן־פֿעסט, אַז ער האָט אַדורכגעבראָכן אַלע פֿינצטערע טומאַנען און וואָלקנס און עס האָט ווידער אויפֿגעשטראַלט אין איר דאָס וווּנדערליכע ליכט — האָפֿענונג... און ווידער הערט זי שוין דעם מתיקותדיקן ניגון, ברומען און קייקלען זיך דורכן געוויין, דורכן טומאַן...

— ווי באַלד משיח׳ס־צייטן איז דאָך אויך פֿאַראַנען תחית־המתים און גילגול־מחילות... און אויב אַזוי? וואָס האָט זי דאָ וואָס מורא צו האָבן און צו ציטערן פֿאַר די שיסערייען. — שיס גזלן! — טראַכט די מומע — הרגע! וואָס קענען אונדז שוין משטיינס־געזאָגט דיינע קוילן עפּעס טאָן...

אויב גאָט ברוך־הוא וועט וועלן, און ער וועט וועלן — ווייל מיר זענען דאָך זיינע קינדער און וואָס טוט דען נישט אַ טאַטע פֿאַר זיינע קינדער... — וועלן מיר צוריק לעבעדיק ווערן! און נישט נאָר דאָס, אויך קיין ארץ־הקדושה וועלן מיר אַלע אָנקומען... ווייל אָט די גריבער, די שוואַרצע לאַנגע גריבער, ווו דער רוצח וויל אונדז באַגראָבן, זענען גאָר קיין גריבער נישט — נייערט די טויערן פֿון ארץ־ישראל...

— און קיין איין נעגעלע, קיין איין הערעלע וועט נישט פֿאַרלוירן גיין, וועט נישט בלייבן דאָ — נייערט מיר אַלע מיט די קינדערלעך, מיט כל־ישראל, וועלן מיר זיך קייקלען און קייקלען דורך אָט די גריבער, דורך וווּנדערליכע אונטער־ערדישע היילן. — מיט זיין ליבן נאָמענס ווילן — ביז מיר וועלן אָנקומען אין הייליקן לאַנד, אם ירצה השם...

און אַ שמייכל, אַ ליכטיקער, אַ נישט דאָ־יִקער האָט זיך צעשפּילט אויף איר אויסגעפּייניקט פּנים... — מילא, נאָך גוט וואָס איך האָב אָנגעטאָן דאָס יום־טובדיקע קלייד מיטן שטערן־טיכל. אין ארץ־הקדושה וועט דאָך אויך זיין מרדכילע, לייבל און די אבות...

— כזאָל חס ושלום נישט פֿאַרשעמט בלייבן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

פֿאַרטון אין אַזעלכע מחשבות גייט די מומע זיסל פֿאָרויס מיט אירע דריבנע טריטלעך און ס׳אַרט איר מער גאָרנישט דער שטורעם פֿון שאָסן און געשרייען און די השכמהדיקע זונען־שטראַלן צינדן אָן די שטיינער פֿון איר שטערן־טיכל מיט אַלע פֿאַרבן פֿון געזעענע און נאָך נישט געזעענע רעגנ־בויגנס...



# אין בלוטיקן וואנדער

**ויהי ביום ג׳, 26 לחודש ספטמבר אלף תשע מאות שלושים ותשע,**

**ועדת פולטוסק גלתה ***

**מאיר שיינברג**, אחד מן הגולים על נהר נארעוו, עסקן ציבורי, פנקסן בקופת גמ״ח מטעם הדז׳ונט מספר:

הכובש נכנס לפולטוסק ביום 7.9.39, ותיכף להכנסו קבל הרב פקודה מאת קצין הפלוגה לעשות שתי רשימות, אחת — רשימה אישית, ואחת — רשימת־הון של אוכלוסיה היהודית, וזמן נתנו לו עד 25.9.

ביום 26.9 באתי אל הרב לקבל ממנו את הרשימות בכדי למסור אותן לכובש. ולרב תלמיד־חניך, לבוש במלבושי החסידים, בעל זקן, שליווה אותי. כשבאנו צוה הכובש על בן־לויתי לעלות על השולחן ולצאת במחול שתי שעות שלמות. אני, האירופאי, הרהבתי להעיר לקצין שמן הראוי לשחרר אותו ולתת לו מנוחה; אבל הקצין השיב: אין בכך כלום! ירקוד עוד שעה. הרשימה הכילה 960 משפחה. הרובריקים של רשימת־ההון: כמה מזומנים? כמה נחלות? כמה חפצים בעלי ערך? של הרשימה האישית: השם? המשפחה? הגיל? שם האשה? מספר הילדים? בעשר בבוקר נמסרו הרשימות לקצין, וכעבור שתי שעות, בשתים עשרה בצהרים יצאה פקודת הגירוש. הלכו מבית לבית, גם חטפו את העוברים והשבים בשוק, לא הבדיקו בין זקן לנער, בין בריא לחולה, בין איש לאשה, תפסו כל נפש חיה, כפי שמצאו אותה באותה שעה, בתלבשתם הארעית. ואספו את כלם בגן שעל יד הסטרוסטה וצוו על כל העדה לעזוב תיכף ומיד את העירה ולעבור את הנארעוו. מי שהספיק לקחת אתו איזו מזודה או איזה צרור לא הפריעו אותו לקחת אתו; ומי שלא הספיק — לא הרשו לו לאסוף את חפציו ולצרור אותם בחבילה. כאמור, לא היו יוצאים מן הכלל, אפילו זקנים על משענתם וחולים קרובים לגסיסה הגלו. הוציאו מן הכלל רק יולדת אחת שהמליטה באותו יום. אותה השאירו ליום אחד ולמחרתו השכיבו אותה בעגלה וגרשו גם אותה.

כל זה נעשה בשתים עשרה בצהרים, ביום 26.9.39.

הגולים עברו את נהר הנארעוו והתחנה הראשונה שלהם היתה הכפר פאפלאווי שבעבר הנהר השני. אבל מנוחתם לא ארכה. ביום שבת 30.9 גרשו אותנו גם מן הכפר פאפלאווי. בדרך אחדים מתו. המהומה והמבוכה אין לתאר. הרב יצא עם הגולים לפאפלאווי. באותו לילה נאספו גרי הכפר הפולנים, התנפלו על הרב, הכו אותו מכות נמרצות ושדדו ממנו את פרוטותיו האחרונות. אצל יתר הגולים שדדו את כספם בשעת יציאתם מן העיר, כי עשו אצל כלם חיפוש והריקו את כיסיהם.

* מתוך „מגילת יסורין״ לח. א. קפלן, יומן גיטו ורשה, עמ׳ 65—66, הוצ׳ עם עובד, ת״א — יד ושם, ירושלים. הקטע הזה הובא לכאן בלשונו כפי שהודפס בספר, מבלי לנגוע בסגנון ובכתיב העברי של המחבר.

* * *

**ברוך דירעקטער** / דעם 7־טן סעפטעמבער

דעם 7־טן סעפטעמבער 1939, נאָך אַ גאַנצער נאַכט שווערבאָמבאַרדירן די שטאָט, זענען אַנגעקומען די ערשטע דייטשישע פּאַטרולן. גלייך ווי זיי האָבן זיך באַוויזן, האָבן זיי אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די מענער האָט מען גלייך געכאַפּט צו דער אַרבעט און קלעפּ זענען געווען זייער ערשטע באַלוינונג. אויך קרבנות האָבן נישט געפעלט. דאָס ערשטע האָבן זיי געפאָדערט די כלל־טוער פון שטאָט, אָנפירער פון אָרגאַניזאַציעס, רעליגיעזע פערזענלעכקייטן; פון אַ סך האָבן זיי אפילו געוווסט די נעמען.

צום פולטוסקער רב, הרב לעווגטאַל ז״ל, זענען די דייטשן געקומען מיט פאַרשידענע פאָדערונגען. אַ מאָל האָבן זיי פאַרלאַנגט 20,000 אייער, אַ צווייט מאָל — 500 פּאָר שטיוול, צום סוף האָבן זיי אים אַראָפּגעשלעפּט אין גאַס, מערדערלעך צעשלאָגן, באַליידיקט און מיט קללות אים געצוווּנגען צו קערן די גאַסן. שרעקלעך איז געווען צוצוקוקן די דערנידערונג פונעם גרויסן למדן און איידעלען ייד.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן 19 טעג. ד. ה. ביז דעם 26־טן סעפּטעמבער. ס׳איז דאַן געווען 2 טעג פאַר סוכות. די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאָפט עפּעס וואָס צוצוגרייטן אויף יום־טוב. אָבער ווי נאָר די פרויען זענען

אַרויס וואָס עס איז איינקויפן מיט די קוישלעך אין די הענט, גלייך זענען זיי באַפאַלן די דייטשישע סאָלדאַטן, און צוזאַמענגעשלעפּט אויפן מאַרק אַלץ וואָס יעדער האָט געטראָגן מיט זיך.

אונטער שווערע קלעפּ האָט מען צוזאַמענגעטריבן דאָס גאַנצע שטעטל יידן אַזוי ווי זיי שטייען און גייען. מ׳האָט קיינעם נישט דערלויבט עפּעס וואָס נעמען פון דער שטוב אָנצוטאָן (ווי באַקאַנט איז אין פוילן שוין געווען קאַלט אין דעם דאָזיקן חודש). אַזוי האָט מען אונדז געיאָגט צו דער בריק וואָס איבערן נאַרעוו. איבער דער גאַנצער לענג פון דער בריק, זענען געווען אויסגעשטעלט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן „געטריי״ אויסגעפירט זייער אויפגאַבע: געשלאָגן מיט די נאַגאַיקעס און געוואָרפן איבער דער בריק אין וואַסער אריין. צווישן די אַריבערגעוואָרפענע בין איך אויך געווען. ווען זיי האָבן באַמערקט ווי איך האָב זיך דורכגעדראַפּעט און אַרויסגעקראָכן פון וואַסער, האָבן זיי מיך נאָכאַמאָל אַריבערגעוואָרפן. אַ טויט־דערשראָקענער און אַ זיך טרייסלענדיקער פון קעלט — איז מיר געלונגען אויך דאָס צווייטע מאָל אַרויסצוקריגן זיך פון וואַסער. איך האָב זיך אַנגעשלאָסן צו די מאַרשירנדיקע. פאַרבייגייענדיק אַ דאָרף האָבן מיר זיך געוואָלט אָפּשטעלן, זיך אַ ביסל אויסרוען, אָפּטריקענען אונדזערע נאַסע בגדים, אָבער אונדזערע באַגלייטער האָבן צו דעם נישט דערלאָזט. זיי האָבן געדראָאַט אונטערצוצינדן די הייזער מיט אונדז צוזאַמען, אויב עמיצער וועט וואַגן וועמען פון אונדז אַריינעמען צו זיך.

שמיני־עצרת זענען מיר אָנגעקומען קיין טשיזשעוו, אַ שטעטל, וואָס די רוסן האָבן באַזעצט. גלייך איז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די רוסן וועלן אָפּטרעטן פונעם שטעטל און די דייטשן וועלן דאָרט אַריין. מיר האָבן גלייך פאַרלאָזט דאָס אָרט, וויסנדיק וואָס עס קאָן אונדז דאָ דערוואַרטן.

שמחת תורה ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

ביאַליסטאָק איז געווען דער זאַמלפּונקט פון אַלע פּליטים. צום ערשטן מאָל האָבן מיר דאָ דערזען די גרויזאַמע ווירקלעכקייט. אָנגעזעענע יידן, וואָס ערשט נעכטן האָבן זיי געפירט אַ שיין בעל־הבתיש לעבן, זענען פּלוצעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעבראָכענע, דערשלאָגענע מענטשן, אויסגעשטעלט אויף שטיצע. מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט אויסגעשטרעקטע טעלערלעך זענען זיי געשטאַנען אין דער ריי אויף צו באַקומען אַ ביסל זופּ...

מיין פאָטער ז״ל, מיינע צוויי שוועסטער דבורה און שפרה ע״ה און איך, זיך צוקוקנדיק צו דעם טרויעריקן בילד, האָבן נישט געהאַט דעם מוט זיך אָוועקצושטעלן אין דער ריי, כאָטש מיר האָבן שוין גוט געפילט דעם טעם פון הונגער...

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די צוויי איידעלע ביאַליסטאָקער פאַמיליעס: מאַושאָוויטש און פיינסאָד, וועלכע האָבן מיט אונדז גומל־חסד געווען אין יענער שווערער צייט, פאַר אונדז געעפנט זייער היים און אַלע באַמיִונגען געמאַכט, צו לינדערן אונדזער מצב.

די לאַגע פון די פּליטים איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער. דאָ רוקט זיך שוין אָן דער ווינטער, און געבליבן זענען מיר אָן מיטלען, כדי צו קאָנען ממשיך זיין ווי עס איז דעם טאָגטעגלעכן לעבן. סוף יאר 1939, האָב איך זיך אַליין געלאָזט נאָך ווילנע, מיט דער האָפענונג צו העלפן מיין משפחה.

אין 1940, ווען ליטע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס ראַטן־רעפּובליק און ווילנע איז, דורך די רוסן, צוריק אָפּגעגעבן געוואָרן צו ליטע, איז דער שטראָם פון די פּליטים געווען אָן אומגעהויערער. זיי האָבן געהאַפט פון דאָרטן זיך אַרויסצוקריגן אויף דער פרייער וועלט. צו אַרבעטן איז דערווייל געווען פאַרבאָטן. די איינציקע שטיצע איז געווען — דער דזשוינט. דערנאָך איז דערלויבט געווען צו אַרבעטן אויך פּליטים. זיי האָבן געאַרבעט אין וואַרקשטאַטן, מאַגאַזינען און איך בתוכם. איך בין געווען די גאַנצע צייט אין ענגן קאָנטאַקט מיט מיין פאַמיליע (מיין פאָטער און 2 שוועסטער) ווי אויך מיט דער פאַמיליע פּשעשטשעלעניעץ פון וואַרשע. מיין מוטער איז דאַן געווען אין שליעשין (ביי קאַנין) ביי נחמה׳ן, מיין עלצטע שוועסטער. מיט אַלע מעגלעכקייטן האָב איך זיי געשטיצט: געשיקט פּאַקעטן, ווי אויך צו אַסך אַנדערע.

מיט אַ צייט שפּעטער, זענען מיר אַריבער קיין פּאָניוועזש, ד. ה. איך מיט נאָך אַן עטלעכע דרייסיק יונגע „חברה״, בערך, און דאָרט געגרינדעט אַ אינטערנאַט (פנימיה), אַ מין קיבוץ. מיר האָבן געאַרבעט און פון די פאַרדינסטן האָבן מיר צוזאַמען געלעבט. די יוגנט פון שטאָט, וועלכע איז אויך טיילווייז צוגעשטאַנען צו אונדז האָט באַוווּנדערט אונדזער קאָלעקטיוון לעבן מיט אַזעלכע באַגרענצטע מיטלען, וואָס איז געווען אין אונדזער רשות.

די גוטע צייט האָט אָנגעהאַלטן ביז אין מיטן יוני 1941, אַ וואָך פאַר דייטשלאַנדס אומגעריכטן איבערפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד. די רוסישע מאַכט האָט דאַן אָנגעהויבן אַריבערפירן פון קאָוונע די אַלע אָנגעזעענע אָרגאַניזאַציע־פירער און די גוט־באַזיצער (ס׳הייסט: די רייכערע יידן) אין די טיפערע געביטן פון רוסלאַנד. די געטראָפענע פאַמיליעס האָבן, פאַרשטייט זיך, זייער פיל איבערגעלעבט און זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די איבערזידלונגען. זייער געשפּאַנט איז אויך

געווען די לאַגע ביי די פּליטים, וועלכע האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פון ליטע.

דער פלוצעמדיקער אָנפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטן־פאַרבאַנד אין 22 יוני 1941, האָט אַלעמען דערשיטערט. ווי באַוווּסט, האָבן די רוסן אין ליטע נישט געשטעלט קיין ווידער־שטאַנד. ווי די רוסן האָבן אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן צו די ריין־רוסישע געביטן, האָבן עס די דייטשן אויסגענוצט און נאָך אין די ערשטע טעג אַריינגעמאַרשירט דורך אַלע זייטן קיין ליטע.

גלייך מיטן אַריינגיין האָבן זיי באַקומען די גרויסע מיט־הילף פון די ליטווינער, וועלכע האָבן שוין געוואַרט אויף דער דאָזיקער מינוט. די פּראָ־נאַציסטישע עלעמענטן, האָבן גלייך אָנגעהויבן צו בושעווען. בליץ־שנעל האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט און זיך אַ נאָמען געגעבן: „ליטווישע פּאַרטיזאַנער". אין אייניקע טעג אַרום, האָבן זיך אין די דאָזיקע מערדער־גרופּעס אָנגעשלאָסן אויך די אַרעסטאַנטן־פאַרברעכער פון די ליטווישע טורמעס, וועלכע זענען שוין אַ צייט פריער געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט נאַצי־דייטשלאַנד, און געזאַמלט אין געהיים געווער, — אָט די דאָזיקע מחנה האָט זיך גלייך באַוואָפנט און באַפאַלן אין רוקן פון די אָפּטרעטנדיקע רויטע אַרמייען. זיי האָבן איצט אויך געהאַט די בעסטע שאַנסן צו פאַרווירקלעכן זייער לאַנג־יאָריקן טריפהנעם חלום: מאָרדן די שוצלאָזע יידן. גרויסע גרופּעס יידן האָבן זיך געלאָזט אויף די וועגן פון די אָפּטרעטנדיקע אַרמייען, געוואָלט דערגיין צו די רוסישע געביטן. גרויסע מיליטער־טיילן זענען באַפאַלן געוואָרן דורך די „ליטווישע פּאַרטיזאַנער", גענומען אין געפאַנגענשאַפט צו־זאַמען מיט די אַנטלויפנדיקע יידן. אָן אַ צאָל זענען געווען געהרגעטע אויף די וועגן.

איך און אונדזער לאַנדסמאַן יוסף קאַצקי, ע"ה, זענען אויך געלאָפן. אומזיסט איז געווען אונדזער לויפן. אומעטום זענען שוין געווען די דייטשן, ווי אויך זייערע מיטהעלפער — די ליטווינער. צוזעענדיק דאָס אַלץ, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צוריקקערן קיין קאָוונע. אָבער אונדזער צוריקקער האָט אונדז שיער נישט געקאָסט דאָס לעבן. דייטשן האָבן אונדז פאַרהאַלטן און אונדז אויסגעשטעלט צום שיסן. ס'האָט נישט געהאָלפן אונדזער דערקלערונג, אַז מיר גייען אַ היים און זענען אומשולדיק.

ביז היינט קאָן איך נישט באַגרייפן ווי אַזוי מיר זענען ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

ווען אונדז האָט זיך סוף־סוף איינגעגעבן צוריק צו קומען קיין קאָוונע, האָבן מיר שוין געהערט און דערנאָך אַליין געזען נאָך שרעקלעכערע זאַכן: יידן האָט מען צוזאַמענגענומען אין די טורמעס און פיל טויטע זענען געלעגן אויף די גאַסן. דעם 25־טן יוני, האָבן רוצחישע באַנדעס, וואָס זענען באַשטאַנען פון סטודענטן און פּאַרטיזאַנער, מיט ביקסן, רעוואָלווערן, העק און מעסערס — זיך אַריינגעלאָזן צעיושעטע קיין סלאָבאָדקע. אויפגעריסן שלעסער, געשאָסן, געהאַקט קעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

אין דער דאָזיקער בלוט־באָד זענען אומגעקומען ביי 1,000 יידן. אין דער דאָזיקער שרעקלעכער נאַכט, זענען אויך אומ־געקומען: דבורה גאָלדוואַסער מיט מאַן און קינד און זייערע צוויי שוואָגערס — מיינע באַקאַנטע פון דער היים. דעם סלאָבאָדקער רב האָט מען געפונען אַ מוראדיק צעשאָסענעם ביי אַן אָפענער גמרא. ער האָט געלערנט בשעת די מערדער זענען אים באַפאַלן.

פרייטיק, דעם 26־טן יוני 1941, האָט מען די אַלע קרבנות צוזאַמענגענומען אין מיסט־וועגענער און זיי באַגראָבן אויפן אַלטן סלאָבאָדקער בית־עולם. נאָך אינעם זעלבן טאָג, האָבן די מערדער צונויפגענומען ביי אַ 60 יידן אין אַ גאַראַזש פון אויטאָמאָבילן און זיי אומגעבראַכט אויף אַ שוידערלעכן אופן. די שלויכן אָנגעפילט מיט וואַסער — אַריינגעפירט אין די קישקעס פון די קרבנות ביז זיי זענען אויפגעפלאַצט געוואָרן.

דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַ קליינער אַריינפיר צו די שפּעטערדיקע גרויזאַמע מאַסן־מאָרדן.

גלייך נאָך דעם זענען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן, פון אַ 10 ביז 12 טויזנט יידן, וועלכע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויף די פאָרט. 7 און 9. די מענער זענען געלעגן אויף די פעלדער אונטער דער נאַקעטער זון און זיך נישט געטאָרט באַוועגן אָדער אויסרעדן אַ וואָרט. אַזוי אַ גאַנצן טאָג. האָט עמיצער געפּרוווט עטוואָס זיך אויסגלייכן זיינע פאַרשטייפטע ביינער, איז ער גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. שיכורע ליטווי־נער האָבן זיך געלערנט שיסן אויף לעבעדיקע מענטשן. פאַר בעטן אַ ביסל וואַסער, האָט מען באַצאָלט מיטן לעבן. 8,000 יידן האָט מען דעמאָלט אומגעבראַכט און אין מאַסן־גריבער זיי באַגראָבן.

די אַרעסטירטע פרויען האָבן אויך נישט וויניק איבער־געלעבט פון די ליטווינישע מערדער. אין די נעכט פלעגן זיי שיכורע מיט לעמפּלעך אין די הענט — באַלייכטן די שלאָפנ־דיקע פרויען. די יונגע שיינע מיידלעך אַרויסשלעפּן, זיי שלאָגן און שענדן. נישט איינמאָל דערהרגענען, ווען זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט זייערע סאַדיסטישע פאַרלאַנגען.

דעם 15־טן אויגוסט 1941, האָט זיך געגרינדעט די יידישע געטאָ. אַלע יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען און

אַריבער קיין סלאָבאָדקע. און גלייך נאָך דעם — אַ ריי אַנטי־יידישע געזעצן, ווי: טראָגן אַ געלן מגן־דוד אויף דער ברוסט און אויף דעם רוקן; נישט גיין אויפן סאַמע מיטן טרעטואַר, נאָר ביי די ברעגעס באַענט צו דעם רינשטאָק; נישט פאָרן אין קיין אויטאָמאָביל אָדער דראָשקע, נישט באַנוצן זיך מיט קיין ראַדיאָ אָדער טעלעפאָן.

ס׳האָט זיך גלייך געשאַפן אַ יידישע פאָרשטייערשאַפט, וועלכע האָט געדאַרפט אָנפירן מיטן אינעווייניקסטן געטאָ־לעבן און אויספירן אַלע פאַראָרדענונגען פון די מאַכט־אָרגאַנען. דאָס איז געווען אַן עלטסטער ראַט („יודען־ראַט״) וואָס האָט גלייכצייטיק געשאַפן אַרום זיך פאַרשידענע אויספיר־אָרגאַנען, ווי: „פּאָליציי, אַרבעטס־אַמט, וווינונגס־אַמט, שפּייז־אַמט א״א.

דער ערשטער באַפעל, וואָס דער עלטסטער ראַט האָט באַקומען פון דער מאַכט איז געווען: צוצושטעלן 530 אינטע־ליגענטע מענער, בכדי צו ברענגען אין אָרדענונג דעם שטאָטישן אַרכיוו. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך גלייך געמאָלדן די וועלכע זענען געווען באַרופן דערצו. אָבער אַזוי ווי די צאָל איז נישט געווען גענוג, איז מען דעם 18־טן אויגוסט באַפאַלן די געטאָ און אויף אַ ברוטאַלן אופן צונויפגעטריבן מער ווי 500 יידן, זיי אָפּגעפירט אונטער אַ שטרענגער וואַך אויפן 4 פאָרט אין פאַנימאַן און דאָרט אַלעמען דערשאָסן (צווישן דער דאָזיקער גרופּע איז אויך געווען מיין חבר, מיט וועמען כ׳בין געווען צוזאַמען די גאַנצע צייט: יוסף קאָצקי).

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טאָג־טעגלעכע רויבערייען פון יידישן האָב־און־גוטס. אַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן זענען צוגענומען געוואָרן, ווי: קלאַווירן, פידלען, אַקאָרדיאָנען אד״ג. לאַסט־אויטאָס זענען פאַרפאָרן פאַר יעדער הויז און פון דאָרט געשלעפּט, וואָס נאָר זיי האָבן געפונען. נאָך דעם איז געקומען אַ באַפעל צו ברענגען אַלע ווערטפולע געגנשטאַנדן, ווי: פעלצן, גאָלד, זילבער אד״ג. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל האָט געדראָט טויט־שטראָף. איינער האָט געהיט דעם צווייטן, ער זאָל, חלילה, עפּעס נישט באַהאַלטן. פאַר פאַקן עמיצן ביי אַן עבירה פון דעם מין, איז די גאַנצע אומגעגנט געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך. ווען מ׳האָט ערגעץ אין אַ הויף געפונען אַ באַגראָבענעם חפץ, האָט מען אַ יונגנמאַן דערפאַר דערשאָסן.

דעם 28־טן אָקטאָבער 1941, האָט דער פאַראַנטוואָרט־לעכער פאָרשטייער פאַר די יידישע ענינים, דער בלוטיקער רוצח ראוקאַ, געמאָלדן, אַז ער האָט באַשטימט דורכצופירן אַ ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ, ד.ה. פון די אַרבעטנדיקע און נישט אַרבעטנדיקע; און אַלע, סיי יונג און אַלט, סיי קראַנקע און געזונטע — זענען מחויב זיך צו פאַרזאַמלען אויפן גרויסן פּלאַץ, וועלכער האָט געהייסן: „דעמאָקראַטן־גאַס״; און ווער עס וועט זיך אויסבאַהאַלטן — וועט גלייך דערשאָסן ווערן.

די שעה פון גורל איז אָנגעקומען. מאַסן האָבן געשטראָמט אַהין, צו יענעם טרויעריקן פּלאַץ, וואָס איז געווען אָנגעוויזן. פּאַראַליזירטע האָט מען געפירט אויף וועגעלעך, גוססע — אין זייערע בעטן. דאָס געוויין פון די קליינע קינדער האָט געשניטן דעם הימל. די מערדער זענען געלאָפן ווילדע פון הויז צו הויז — קאָנטראָלירן, אויב עמיצער ליגט נישט דאָרט באַהאַלטן; ווען יאָ, איז ער מיט ווילדער רציחה צו דעם פּלאַץ אַרויסגעשלעפּט געוואָרן. באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו סאָרטירן די מענטשן; ווער „רעכטס״ און ווער „לינקס״, דאָס האָט געהייסן: ווער צום טויט און ווער נאָך צום אונטערלעבן אַ ביסל. שוידערלעכע סצענעס זענען פאָרגעקומען ביים אָפּ־טיילן עלטערן פון קינדער און מענער פון פרויען.

נאָך ביז היינט ציטער איך אויף פון דער דאָזיקער פּאַסי־רונג און קאָן נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי מיר איז געלונגען אָפּ־צוראַטעווען אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר און האָט זיך געדאַרפט ציען, לויטן באַפעל, אויף „לינקס״. ווי נישט מיט מיין קול האָב איך אויס־געשריגן: „דאָס איז מיין פרוי! און איך האָב אַן אַרבעטס־שיין...״ „די פרוי האָט זיך גלייך אָריענטירט און מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם. „נעם זי דיר, ווען זי דיין פרוי איזט״ — האָט די שטים פון צורר אָפּגעהילכט. דערביי וויל איך באַ־מערקן, אַז מיין פרוי, לאה לערמאַן, מיט איר פּלימעניצע, זענען געווען סאָרטירט צו די טויט־פאַרמשפּטע און אין דער דאָזיקער טרויעריקער נאַכט געגאַנגען מיט אַלע דעם לעצטן וועג. נאָר אַן אומבאַגרייפלעכער נס איז געשען און זיי האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, זענען געבראַכט געוואָרן די מלבו־שים פון די אומגעקומענע קדושים, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן 9־טן פאָרט און כמעט לעבעדיקערהייט באַ־גראָבן געוואָרן. די גריבער האָבן זיך לאַנג מיט זיי געהויבן. עס זענען אויך געווען פאַלן פון קרבנות פאַרוווּנדעטע, וואָס האָבן זיך מיט אומגלויבלעכע מיטלען אַרויסגעשאַרט פון אונטער די טויטע קערפּערס. שפּעטער האָבן זיי דערציילט אין געטאָ גענויע פּרטים פון דעם שוידערלעכן אומקום. אין דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד זענען אומגעקומען פון 10 ביז 12 טויזנט יידן. יעדע פאַמיליע האָט פאַרלאָרן אייניקע פון זיינע מיטגלידער. געווען משפּחות, וועלכע זענען אינגאַנצן אָפּגע־מעקט געוואָרן.

דאָס לעבן אין געטאָ איז זיך ווייטער געגאַנגען. טיפער

טרויער נאָך די אומגעקומענע און פחד פאַרן נישט־קיין־גוטס־אָנזאָגנדיקן מאָרגן — זענען געווען אונדזערע טאָג־טעגלעכע פאַרציעס.

דערדריקט און דערשלאָגן און באַליידיקט, אַזוי ווי בהמהס האָט מען אונדז געטריבן טאָג־איין טאָג־אויס איבער די שאָסייען — קילאָמעטערס ווייט צו דער אַרבעט.

מיין מצב איז געוואָרן נאָך שווערער, בלייבנדיק אַליין, אָן מיטלען צום לעבן און אָן אַ שטיקל רעכטן בגד. נישט איינמאָל בין איך געפאַלן אַ פאַרחלשטער ביי דער אַרבעט. כ׳האָב זיך אויך געשעמט צו דערציילן עמיצן מיין באַשטאַנד. דער גאָר פריער מאָרגן האָט מיך אַרויסגעיאָגט און די גאָר שפּעטע נאַכט — צוריקגעברענגט...

ראש־השנה אויף דער נאַכט, זענען געקומען יידישע פּאָליציאַנטן און האָבן מיך צוזאַמען מיט נאָך 50 מאַן אַרויס־געשיקט אויף אַרבעט אין לאַגער ביי וועוויע, אַ באַן־סטאַציע צווישן קאָוונע און ווילנע.

נאָך איצט ציטער איך אויף, ווען איך דערמאָן זיך אונדזער מצב אינעם צוואַנגס־לאַגער. געשלאָפן זענען מיר אין אַ באַראַק, אויף דער ערד. געשיר צום עסן האָבן מיר נישט געהאַט, נאָר פאַרזשאַווערטע פּושקעס. צייט צום עסן, איז אויך נישט געווען, ווייל די אַרבעט איז געטריבן געוואָרן דורך אַ ווילדן מערדער־אויפזעער, וועלכער האָט נאָר פאַר־שטאַנען אונדז צו שלאָגן און צו שעלטן. ווען קריסטלעכע צוואַנגס־אַרבעטער, למשל, האָבן געדאַרפט אָנשיטן 14 וואַגאָנ־טשיקעס, האָבן מיר געמוזט אָנשיטן טאָפּל, 28. ווען ס׳האָט גערעגנט, זענען די קריסטן אינגאַנצן באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט, און מיר האָבן געמוזט אַרבעטן פאַר זיי — נאַקעטע, באָרוועסע און אונטער אַ האָגל פון קללות און קלעפּ. מיר האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אויך די קראַנקע האָבן געמוזט אַרבעטן. מיר האָבן געזען דאָ אונדזער סוף.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, האָב איך זיך אָנגענומען מיט כוח און בין אַריין צו אונדזער אויפזעער. אים דערקלערט אונדזער אַלגעמיינעם מצב: ווי נויטיק עס איז אויסצוטוישן די קראַנקע, וועלכע פאַלן ביי דער שווערער אַרבעט; אים באַזונדער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אונדזער זייער שלעכ־טער קליידונג. מיר וועלן ברענגען אויך פאַר אים מלבושים — האָב איך אים פאַרזיכערט. צום סוף האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל אַלע אַרבעטער פון דאַנען צוריקשיקן. אָבער אָן דער־פאַלג. איך האָב לאַנג מיט אים גערעדט און אַפּעלירט צו זיין „תלינישן געוויסן״... סוף־סוף האָט זיך מיר איינגעגעבן עטוואָס פון אים צו דערגרייכן. ער האָט באַשטימט 8 קראַנקע צו באַפרייען און איך זאָל זיי באַגלייטן.

ערב יום־כיפּור 1941, זענען מיר צוריקגעקומען אין געטאָ. כ׳בין גלייך אַוועק אין אַרבעטס־אַמט און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט וועגן אונדזער אומדערטרעגלעכן מצב אינעם אַרבעטס־לאַגער, און אויך פון דער אוממענטשלעכער באַציִונג פון די אויפזעער.

די פאַרשטייער פון אַרבעטס־אַמט, האָבן געמאַכט אַ גענויע אויספאָרשונג און זיך אָנגעהויבן מער צו פאַראינטערעסירן מיט דער גרופּע. די קראַנקע זענען געבליבן אין געטאָ און געוואָרן אויסגעטוישט אויף שטאַרקערע, געזונטערע מענטשן, וועלכע האָבן באַקומען בעסערע קליידונג און אויך אַ ביסל פּראָדוקטן. אַזוי ווי איך האָב נישט געהערט צו די געזונטע, האָב איך געדאַרפט בלייבן אין געטאָ. אָבער אַזוי ווי אויף מיין אָרט האָט געדאַרפט פאָרן אַ צווייטער, האָב איך זיך קעגנ־געשטעלט און אויף קיין פאַל דערויף נישט איינגעשטימט, אַז עמעץ ווער זאָל זיין מיין אויסלייז־קרבן. עס האָט געווירקט און קיינער איז אויף מיין אָרט נישט געפאָרן.

כ׳בין געבליבן אין געטאָ. געאַרבעט פאַרשידענע אַרבעטן שוין אין אַ ביסל בעסערע באַדינגונגען, ד. ה. מ׳האָט שוין באַקומען אַ זופּ ביי דער אַרבעט און פון צייט צו צייט אויך געקאָנט קויפן אַ שטיקל ברויט. מיין שטימונג האָט זיך אויך געבעסערט. די פירער פון אַרבעטס־אַמט האָבן אַרויסגעוויזן צו מיר אַ געוויסע חברשע באַציִונג, זעענדיק מסתמא, אַז אַ חוץ אַ פליט בין איך נאָך אַ מענטש מיט אַ שטיקל געפיל, וועלכן די שווערע אוממענטשלעכע מצבים האָבן נאָך נישט אָנגערירט...

די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו זייער טרויעריקן מצב. די גאַנצע צייט זענען פאָרגעקומען „אַקציעס״ און אומברענגונגען פון יידישע אומשולדיקע לעבנס. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז ער וועט בלייבן לעבן. מיר האָבן אַלע געאַרבעט שווער, אָבער מיט אַ שטאַרקן ווילן איבערצולעבן די מערדער...

עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אַרבעטס־וועקשטאַטן פון די בעסטע פאַכלייט, ווי: שניידער, שוסטער, פעלץ־מאַכער, זייגערמאַכער א״א. פון דעם באַראַבעווטן יידישן האָב־און־גוטס, האָבן זיי אויסגעאַרבעט די בעסטע און די שענסטע זאַכן. די דייטשן, ליטווינער און זייערע משפּחות — די איינציקע, וועלכע האָבן פון דעם גענאָסן. די אַרבעט איז געגאַנגען אין 3 שיכטן. עס זענען אין דעם געווען באַשעפטיקט פון 3 ביז 4 טויזנט יידן. מ׳האָט געאַרבעט בייטאָג און ביי־נאַכט. די דאָזיקע ווערקשטאַטן זענען געווען אַ גאָר וויכטיקער פאַקטאָר ביים אויפהאַלטן די עקזיסטענץ פון דעם איבער־געבליבענעם טייל יידן אין דער געטאָ.

איך האָב געאַרבעט אַלס עלעקטריקער און אויך ביים רעפּערירן אויטאָמאָבילן. פון דעם אַרבעטס־פּלאַץ פלעג איך ברענגען (בגניבה, פאַרשטייט זיך) האָלץ און פלעשלעך בענזין פאַרן שפּיטאָל, צו רייניקן די ווונדן פון די קראַנקע. דאָס אַלץ איז געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן, אָבער פאַרן שפּיטאָל איז עס דאַן געווען שרעקלעך נויטיק.

אין סעפּטעמבער 1943, איז די קאָוונער געטאָ איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דעם באַוווּסטן יידן־הענקער געקע, אַ רוצח פון גרעסטן מאַסשטאַב, מיט דער פולער רעכט צו האַנדלען קעגן די יידן לויט זיין אייגענעם איינזען. און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי טאַקע געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. זיין ערשטע אַרבעט איז געווען: פונאַנדערצוטיילן (קאָזערנירן) די געטאָ. זיין הויפּט־כוונה: צו קאָנען אונדז לייכט און אויפן אָרט פאַרניכטן. צו דעם צוועק זענען אויפגעשטעלט געוואָרן הילצערנע באַראַקן פאַר אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער, הינטער קאָוונע. דער ערשטער לאַגער איז געווען אַלעקסאָט מיט אַ זייער שטרענגן רעזשים און אַן אויפזעער, אַ רשע־מרושע, וועלכער פלעגט שלאָגן און פּייניקן ביי יעדער געלעגנהייט. דער צווייטער לאַגער איז געווען שאַנץ.

אַ קליינער טייל איז פאַרבליבן אין געטאָ ביז יוני 1944.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אונדז, דאָס ביסל אין געטאָ איבערגעבליבענע יידן, אַרויסגעפירט צו אַ באַן־סטאַציע, אונדז אָנגעלאָדן אין וואַגאָנעס אַזוי ווי בהמות. אָן לופט און אָן אַ ביסל וואַסער. די בהלה איז געווען גרויס. אויפן וועג זענען אייניקע געשפּרונגען פון די וואַגאָנעס. אייניקע זענען שפּרינגענדיק צעשמעטערט געוואָרן. אין אַ געפּרעסטער שט־מונג זענען מיר אָנגעקומען קיין שטוטהאָף.

יעדער פון אונדז איז געווען זיכער, אַז דאָ וועט שוין זיין אונדזער סוף, ווייל די קוימענס פון די קרעמאַטאָריומס, האָבן זיך גוט געזען. דאָ אָבער זענען מיר פונאַנדערגעטיילט געוואָרן, דאָס הייסט: פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אויסצוטאָן די קליידער און אַלע ווערטזאַכן איבערצולאָזן. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ פּלאַץ און אַרויסגעפירט דורך אַ צווייטן אָרט מיט אַ פּעקל שמאַטעס און האָלץ־שיך אין די הענט. נאָך דעם האָט מען אונדז פאַרטיילט אין גרופּעס און אַרויסגעשיקט אין „קאַצעט דאַכאו״.

דער גרעסטער טייל פון די פליכטלינגע האָבן דאָרט געאַרבעט אין די 2 שווערסטע פירמעס: „מאל״ און „האָלצמאַן״. איך מיט נאָך 30 מאַן זענען געווען באַשעפטיקט ביי עלעקטרישע אַרבעט (A.E.G.). איך האָב געאַרבעט ביי דער פריי־לייטונג אויף די סלופּעס. ביי שווערסטע וועטערן, ביי די גרעסטע שנייען און שלאַקס־רעגנס, בין איך געשיקט געוואָרן צו דער אַרבעט אין פאַרשידענע פּונקטן פון לאַגער. אַ דאַנק דעם האָט זיך מיר איינגעגעבן צו טרעפן מיט יידן פון שכנותדיקע לאַגערן. כ׳פלעג דערביי אָפּגעבן גרוסן פון משפּחה צו משפּחה, פון פערזאָנען, וואָס איינער האָט נישט געוווּסט פון צווייטן.

כדאי דאָ צו באַמערקן, ווען מ׳האָט געבראַכט 200 שאַוולער פרויען אויף צו אַרבעטן אין די קיכן, האָבן זיי אָפּגעפונען דורך מיר אַ סך פון זייערע נאָענטע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די צעוואָרפענע לאַגערן פון דאַכאו. די פרויען פלעגן אַריבערוואַרפן בריוולעך, ברויט אָדער וועש, ביי וואָס נאָר יעדע פון זיי האָט געאַרבעט, דאָס איבערצוגעבן פאַר זייערע נאָענטע און באַקאַנטע. איינשטעלנדיק דאָס לעבן פלעג איך אַלץ צונויפנעמען און עס פונאַנדערטיילן, לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. די מענער פלעגן שוין אויף מיר וואַרטן און מיט אומגעדולד מיך אויסקוקן. פאַרצווייפלט זענען זיי געווען ביז גאָר, ווען איך האָב זיך אַ מאָל פאַרשפּעטיקט. איינמאָל האָט געטראָפן, ווי אונדזער לאַגער־פירער יאָהן קירש האָט באַמערקט אַ בריוול, וואָס איז געבליבן הענגען אויף די דראָטן פון דעם סלופּ. איך האָב דאָס געוואָלט אַרונטערנעמען. מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט האָט ער זיך נאָכגעיאָגט נאָך מיר. שוין דאָס צווייטע מאָל ווי מיר האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון אַ זיכערן טויט.

איינמאָל, ביי מיין אויבן דערמאָנטער אַרבעט, האָב איך צופעליק באַגעגנט אייניקע פון אונדזערע לאַנדסלייט: יוסף מאַנצאַזש, שלמה און משה מעלניק. ווי אַלע פליכטלינגע זענען זיי געווען אויף גרויסע צרות — געקומענע פון שאַוולער געטאָ. צווישן די א.ד. פרויען איז אויך געווען סטאַראָשוויעצקעס פרוי, וועלכע האָט יעדן טאָג געשיקט אַ שטיקל ברויט פאַר זיי. איך האָב עס מיט גרויס פאַרגעניגן איבערגעגעבן; כאָטש, דעם אמת זאָגנדיק, וואָלט עס מיר אַליין אין דעם מאָמענט גאַנץ צונוץ געקומען.

איך האָב אָבער קיינמאָל נישט געוואַגט זיך זאַט צו מאַכן פריער, ווען עמיצער אַ צווייטער האָט געהונגערט... כ׳טרעף זיך נאָך היינט מיט די, וואָס דערמאָנען מיר יענע טרויעריקע יאָרן און באַוווּנדערן מיין אויסגעהאַלטענע עקשנות. איך בין נאָך היינט שטאָלץ אויף דעם, וואָס איך בין נישט נכשל געוואָרן אין אַזאַ הפקרדיקער האַרצלאָזער צייט...

אין אַן אויסטערלישער דיסציפּלין און אין פחד פאַרן סוף, וועלכער האָט יעדע רגע אויף איטלעכן פון אונדז געלויערט, האָבן מיר פאַרגעזעצט אונדזערע אַרבעטן. אין די קאַלטסטע

ווינטער־פרימאָרגנס פלעגן מיר שעהען־לאַנג שטיין אין דרויסן געפרוירענע אויפן שניי. די מושטירונגען ביי דעם „אַפּעל", האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן. אַלץ האָט געמוזט זיין אין איינקלאַנג. אויפן פונקט. ווען נישט — האָט זיך דער זעלבער ספּעקטאַקל געקאָנט איבערחזרן פיל מאָל. די קלענסטע עבירה האָט געשמעקט מיט טויט־שטראָף.

ביז היינט פאַרפאָלגט מיך דאָס דערשיטערנדיקע בילד, ווען איינמאָל, צוריקקומענדיק פון אַ טאָג קאַטאָרגע־אַרבעט, זענען מיר אויפגעפאָדערט געוואָרן איינצושטעלן זיך צוריק אין רייען אויפן אַפּעל־פּלאַץ און געמוזט צוזען אַ שוידער־לעכע תליה פון 7 מענטשן. ס'איז פאַרגעלייענט געוואָרן אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן 7 יידן, וועלכע זענען געשטאַנען ציטערנדיקע ביי דער תליה. יעדער איינער פון זיי איז באַ־שולדיקט געוואָרן אין אַן אַנדער „פאַרברעכן". זייערע עבירות זענען באַשטאַנען פון: אָפּשניידן אַ שטיקל פון אַ קאָלדרע צו פאַרבינדן עמיצנס אַ וווּנד; איבערגעבן אַ מאַנס אַ בריוול צו זיין פרוי; פאַרשפּעטיקן זיך צו דעם אַפּעל; גנבענען אַ קאַר־טאָפל פון דער קיך און נאָך אַזעלכע ענלעכע זאַכן.

אַלע 7 „באַשולדיקטע" זענען איינציקווייז אויפגעהאָנגען געוואָרן, כאָטש דאָס האַרץ האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס וועט געשען, קאָן געשען. פאַרשטייט זיך, אַז יענער טאָג, האָט אין יעדן איינעם פון אונדז איבערגעלאָזט עפּעס וואָס שרעקלעכעס אויפן גאַנצן לעבן...

סוף 1944 זענען געבראַכט געוואָרן אין דאַכאויער לאַגער 200 יידן פון דער לאָדזשער געטאָ. דאָס זענען געווען גוטע פאַכמענער. דאָ אָבער האָט מען זיי באַשעפטיקט מיט שווערע אַרבעט, ווי: שלעפּן זעק מיט צעמענט, באַן־רעלסן אד"ג. געאַרבעט האָבן זיי נאָר אין די נעכט. נאַקעטע, באָרוועסע. במשך פון 2 מאָנאַטן האָט מען זיי נישט אויסגעטוישט. אין אַ אין דער פרי, ווען זיי האָבן געוואָלט נעמען פון דער קיך אַ ביסל זופּ, איז געוואָרן אַ לופט־פלי־אַליאַרם און זיי זענען געטריבן געוואָרן אין די באַראַקן. פון שוואַכקייט און מיד־קייט, זענען זיי דאָרט אַוועקגעפאַלן און איינגעשלאָפן. אַלס שטראָף האָבן זיי מער נישט באַקומען קיין עסן. אין אַ געוויסן טאָג, ווען זיי זענען גערופן געוואָרן צו דער אַרבעט, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט אויפהייבן. זיי זענען אויך נישט אַרויס צום אַפּעל. דאַן זענען אַריין די מערדער און זיי געשלאָגן מכת־רצח. נאָר איין יינגל (היינט אין ישראל), ווי מיר איז באַוווּסט, איז ניצול געוואָרן פון זייערע הענט.

ווען דער פראָנט פון די אַליאירטע האָט זיך דערנענטערט און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו „שניידן" איין מפּלה נאָך דער אַנדערער, נאָך זייערע ערשטע „פאַרזייעטע" נצחונות... איז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם באַוווּסטן „גערינג־פּלאַן": זיך צו באַפעסטיקן אין די טיראָלער בערג און פאַרזעצן ווייטער דעם קאַמף — האָבן זיי באַשלאָסן אויך אַרויסצופירן זייערע שקלאַפן.

דעם 22 אַפּריל 1945. האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש פון אַלע דאַכאויער פליכטלינגע און פון דער אומגעגנט. דער ווינטער איז געווען אַ שרעקלעכער. מענטשן איינגאַנצן צעבראָכענע, אָן אַ שטיקל בגד אויפן לייב, און ביז צום גרונט אויסגעשוואַכטע האָבן נישט געקאָנט, פאַרשטייט זיך, מיטמאַכן אַזאַ וועג; זיי זענען געשלאָגן און געטריבן געוואָרן אָן רחמנות. ווער עס איז געבליבן אונטערשטעליק, האָבן אים די הינט צעריסן, אָדער — דערשאָסן געוואָרן.

אין דעם דאָזיקן מאַרש, זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען מיט רוסישע געפאַנגענע. אויך די רוסן האָבן אונדז נישט געשאַנעוועט. אין די נעכט, ווען מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו רוען אין די וועלדער — אויסגעהונגערטע, פאַרפרוירענע, איינשלאָפנדיק אין שניי, פלעגן די רוסן (וואָס זענען געווען אַ ביסל שטאַרקער פון אונדז) אַראָפּרייסן די קאָצן, אַראָפּציען די שיך פון אונדזערע פיס און נישט איינמאָל אַרויסרייסן דאָס שטיקל ברויט פון אונדזער מויל. ווען מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט, פלעגן זיי אונדז נאָך גוט אָנשלאָגן. אין דער פרי האָבן מיר געזען הונדערטער פאַרשטייפטע געפרוירענע מענטשן ליגן אין די שנייען. דער א.ד. מצב האָט אַזוי געהאַלטן ביי 2 וואָכן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט זענען מיר שוין געווען נאָענט אַ 3 ק"מ פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דעם 6־טן מאַי, 2 טעג פאַרן סוף פון דעם קריג, האָט אונדז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ אַריינגענומען אין אַ גרויסן שייער און אונדז צום ערשטן מאָל „מכבד געווען" מיט אַ ביסל וואַרימע זופּ און אויף וויפל ס'איז געווען מעגלעך געטיילט די „ערשטע הילף" פאַר די שווער קראַנקע. מ'האָט אונדז צוזאַמענגענומען אין לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט אין אַ הויז פון אַ געוועזענער ס.ס.־שולע, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן געמאַכט דערפון אַ שפּיטאָל. אויך דאָ זענען געפאַלן קרבנות פון קראַנקע און אונטערדערנערטע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו עסן אומ־פאַרזיכטיק און צופיל, אומקומענדיק דערפון מאַסנווייז.

די קראַנקע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין פאַרשידענע שפּיטעלער. ווען מיר זענען געקומען אין סאַנקט־טיליע, אַ גרויסער שפּיטאָל, נישט ווייט פון מינכען, דאָ האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט פאַרשטייער פון דער יידישער

בריגאַדע, ווי: דער באַוווסטער אַדוואָקאַט חוטר ישי און הרב ליפּשיץ. אוממעגלעך איז איבערצוגעבן אונדזער גרויסע איבערלעבונג אין דעם דאָזיקן מאָמענט און אויך זייער באַנעמונג צו אונדז. כ׳קאָן נאָר באַמערקן, אַז דאָס באַגעגענען זיך מיט זיי, אָפּנעמענדיק אַ גרוס, אַז עס לעבט אַ געזונטער ייִדישער יישוב אין ארץ־ישראל — האָבן אויפגעלעבט אונדזערע אָפּגעשטאַרבענע גלידער און אַריינגעגעבן אין אונדז פרישן מוט און האָפענונג ווייטער צו לעבן.



## גוטשע פריד־מעלניק (מעלבורן) / אין איינעם אַ פרימאָרגן...

ערב סוכות 1939, זענען מיר, ד. ה. איך און מיינע עלטערן מיט 3 ברידער און 3 שוועסטער, אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער שטאָט צוזאַמען מיט אַלע פּולטוסקער ייִדן.

מיר האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין וואַרשע, וווּ נישט איינמאָל האָבן מיר געזען דעם טויט פאַר די אויגן. קומענדיק קיין וואַרשע און זעענדיק דעם גרויסן חורבן, וואָס די דייטשן האָבן דאָרט אָנגעמאַכט, האָבן מיר באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין דער ריכטונג צו ביאַליסטאָק. אונדזערע עלטערן, געדענקענדיק נאָך די איבערלעבענישן פון דעם ערשטן וועלט־קריג, האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיט אונדז צו גיין און געבליבן אין וואַרשע.

אויפן וועג האָב איך געטראָפן די ברידער שלמה און משה מעלניק, צוזאַמען זענען מיר געווען אַ ביסל צייט אין ביאַליסטאָק. דערנאָך זענען מיר אַוועק קיין ווילנע און פון דאָרט — קיין ליטע. אַזוי ווי אין דער הויפּט־שטאָט קאָוונע האָבן די פּליטים נישט געהאַט קיין וווין־רעכט, האָבן מיר זיך באַזעצט אין שאַוול. דאָ האָב איך חתונה געהאַט מיט שלמהקען און געהאַפט איינצואָרדענען אונדזער לעבן אויפן נייעם פּלאַץ (מיין ברודער נחמן האָט געהייראַט אַ טאָג פאַרן גירוש).

שאַוול, ווי דאָס רוב שטעטלעך אין ליטע, איז באַרימט געווען אַלס אַ שטאָט פון באַוווסטע רבנים, לומדים און גרויסע פּערזענלעכקייטן. אויך די מענטשן פון שטאָט זענען געווען זייער גאַסטפריינדלעך און אַ סך געהאָלפן די פּליטים אין זייער איינזאַמקייט. אויך מיר האָבן פיל גענאָסן פון דער פריינדלעכער הילף אין דער שווערער צייט. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. נאָך אַ יאָר צייט רו (כאָטש די זאָרג וועגן אונדזערע נאָענטע, וועלכע זענען געבליבן ביי די דייטשן, האָט אונדז אָן אָן אויפהער געמאַטערט, ווי אויך דער מאַטעריעלער מצב זייענדיק אויסגעשטעלט בלויז אויף דער שטיצע פון „דזשוינט"), איז אונטערגעקומען דאָס יאָר 1941, ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און גלייך איז גאַנץ ליטע באַזעצט געוואָרן פון די דייטשן.

באַלד האָבן די דייטשן מיט די ליטווינער אָנגעהויבן זייערע מערדערייען איבער די ייִדן. די שרעקלעכע נייעס פון די שחיטהס אויף די וועגן און פון די ווילדע פּאָגראָמען אויף די קאָוונער און סלאָבאָדקער ייִדן, ווי אויך אויף די ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך — האָט זיך צו אונדז בליץ־שנעל דערטראָגן.

אַ פאַל, וואָס האָט מיר גלייך געגעבן צו פילן דעם טעם פון דעם ביטערן גורל, וואָס דערוואַרט אונדז: ווען איינמאָל גייענדיק אין גאַס, האָט מיר אַ ליטווישער מערדער אַ שלייַדער געטאָן אויפן שאָסיי און מיט זיינע שווערע שטיוול מיך געקאָפּעט. איך בין דאַן געווען אין 9־טן חודש. פאַרבייגייער זענען דערשיטערט געוואָרן פון דער גרויליקער „סצענע". מיר זענען זייער באַזאָרגט געווען דערפון. ס׳האָט אָבער קיין שלעכטס נישט פּאַסירט. ס׳איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן אַ זייער געראָטן ייִנגעלע, וואָס האָט דערפרייט אונדזערע הערצער און אונדזע געבראַכט האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

ווי נאָר מיר האָבן באַוויזן דורכצופירן דעם ברית, זענען שוין צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די דייטשן נעמען אַוועק די קינדער ביי די עלטערן און ברענגען זיי אום. דאָס קינד, ווי עס וואָלט געפילט אונדזער זאָרג, האָט באַקומען שווערע הייטערדיקע ווונדן און אַ יאָר צייט האָט געדויערט ביז מיר האָבן אים אויסגעהיילט. דאָס קינד האָט זיך פיין אַנטוויקלט און פאַרלייכטערט אונדזער געמיט.

ליידער האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן אונדזער פרייד מיטן קינד. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן זיך אַריינגעריסן אינעם שאַוולער געטאָ דייטשיש מיליטער מיט לאַסט־אויטאָס. באַוואָפנטע סאָלדאַטן ווי ווילדע חיות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן זוכן די קינדערלעך. ווי געניטע מערדער מיט גרויסע אויסגעדרעסירטע הינט, האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון די טיפסטע פאַרבאָרגנסטע באַהעלטענישן — די צום טויט דערשראָקענע עופעלעך און זיי געשליידערט אין די לאַסט־אויטאָס.

יענעם שוידערלעכן פרימאָרגן וועלן מיר צייט־לעבן נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי מיר, אומגליקלעכע מאַמעס און טאַטעס, זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון אונדזערע באַהעלטענישן

און מיט אַ סאַדיסטישער הנאה האָבן זיי אַרויסגעריסן פון אונדזערע אָרעמס די קינדערלעך, וואָס האָבן געוויינט און געבעטן ביי אונדז הילף. און ווען די מאַמעס האָבן געוואָלט מיטגיין מיט זייערע טייערע, זענען זיי פון די ווילדע הינט צעביסן און צעריסן געוואָרן און פון די צווייפיסיקע חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט — מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן.

דער גורל פונעם יידישן קינד אין געטאָ, זיין לעבן און אומקום — דאַרף נאָך גענוג באַשריבן און באַוויינט ווערן.

אונדזער קינד איז דאַן אַלט געווען 26 חדשים, דאַן, ווען זיין יונג לעבן האָט זיך אַזוי טראַגיש געענדיקט צוזאַמען מיט אַלע פריצייטיק־אומגעבראַכטע קינדערישע לעבנס.

זאָל דאָ זייער אָנדענק געבענטשט און געהייליקט ווערן אויף אייביק.



אין 1944 איז די שאָולער געטאָ ליקווידירט געוואָרן. אין לאַסט־אויטאָס זענען מיר געבראַכט געוואָרן קיין שטוטהאָף. דאָרט האָט מען אונדז צעטיילט: מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. די יונגע־און שטאַרקע פרויען האָט מען גלייך אָפּגעטיילט פון די עלטערע און שוואַכע, וועלכע זענען גלייך אומגעבראַכט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס פון שטוטהאָף. די שטאַרקע און יונגע פרויען האָט מען געשיקט אויף אַרבעט אין די שוץ־גראָבנס. מיר האָבן געלעבט אין צעלטן פון דיקטן און געשלאָפן אויף די סאַמע ערד. מיט אַ ביסל שיטערע זופּ דורכגעלעבט דעם טאָג, אָפּטועענדיק דערמיט די שווערסטע אַרבעטן. אַ סך פרויען זענען געשטאָרבן צוליב די אוממענטש־לעכע באַדינגונגען.

ווען דער פראָנט פון די אַליאירטע האָט זיך דערנענטערט און די דייטשישע מערדער האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן אַרויספירן די פרויען פון די לאַגערן אין אַן איילנדיקן מאַרש אויף די וועגן, ווו עס זענען געבליבן ליגן אַן אַ צאָל פרויען דערשעפּטע און פאַרחלשטע.

איך בין אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף אייניקע וואָכן און דערנאָך באַפרייט געוואָרן דורך די רוסן.

נאָך לאַנגע אַרומזוכענישן האָבן מיר זיך דערזוכט איינע די אַנדערע איך און מיין מאַן, שלמהקע מעלניק, וועלכער האָט נישט ווייניקער פון מיר געטרונקען פונעם ביטערן בעכער...



## שלמה מעלניק (מעלבורן) / מיין גורל ביז שטוטהאָף

ביז שטוטהאָף איז מיין גורל געווען כמעט דער זעלביקער ווי פון מיין פרוי גוטשע — אַ צוזאַמענדיקער מיט ענלעכע איבערלעבענישן בערך. אָבער ווי נאָר מען האָט אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען און יעדער פון אונדז איז אַוועק־געשיקט געוואָרן אין אַן אַנדער ריכטונג, האָב איך געפילט ווי מיין וועלט גייט אויס און מיין טרוים, איך זאָל נאָך אַמאָל קאָנען ווידער אויפוואַכן צו אַ גליקלעך לעבן — ווערט פאַרלאָשן...

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין קאָנצענטראַציע לאַגער דאַכאו, האָבן מיר זיך גלייך אָריענטירט וואָס עס שטייט אונדז פאָר. ווען מיר האָבן געזען די הויכע קוימענס, האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָ ווערט געבראַכט דאָס רעשט ביסל יידן צום פאַרברענען אין די קרעמאַטאָריומס. דערווייל האָבן זיי אונדז איינגעטיילט אין באַזונדערע גרופּן. איך, מיין ברודער משה און יאָסל מאָנצאַזש זענען די גאַנצע צייט געווען צוזאַמען. מיר האָבן אויפגעשטעלט צעלטן אין אַ וואַלד. נאַקעט און באָרועס זענען מיר געווען. די שיך און בגדים האָבן זיי ביי אונדז צוגענומען ווי ביי יעדן איינעם.

ביי די ערגסטע וועטערן האָבן מיר געמוזט אויספירן די שווערסטע אַרבעטן. די וואַך איבער אונדז איז געווען אַ שטרענגע און אַ מערדערלעכע. אין צווישן זענען אָנגעקומען נאָך אַ סך אַזעלכע ווי מיר, נאַקעטע, אויסגעהונגערטע, פאַרפייניקטע. מיר זענען פאַרטיילט געוואָרן אויף פאַרשידענע אַרבעטן ווייט ווייט אויסערן לאַגער.

איינמאָל, גייענדיק צו אונדזער אַרבעט, האָבן מיר באַמערקט ווי אויף אַ סלופּ אַרבעט אַ מענטש, וואָס איז גיכער געווען ענלעך צו אַ שאָטן פון אַ מענטש. ווי גרויס איז געווען אונדזער איבעראַשונג, ווען מיר האָבן אין אים דערקענט אונדזערן אַ גוטן חבר, דאָס איז געווען ברוך דירעקטאָר. ער, אַן איבעראַשטער, נישט גלייבנדיק זיינע אייגענע אויגן, האָט „גערעדט" צו אונדז מיט געוויסע האַנט־צייכענס, ווייל פון אַלע זייטן זענען מיר געווען שטרענג באַוואַכט און פאַר דער מינדעסטער דערנענטערונג, וואָלטן מיר באַצאָלט מיטן לעבן.

ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז ברוך אַרבעט אין לאַגער אַלס עלעקטריקער און זיין לאַגע איז נישט בעסער ווי אונדזערע. מיר האָבן זיך נאָכדעם באַגעגנט אין אַ בית־

שימוש (קלאָזעט) און אויף וויפל ס׳איז געווען מעגלעך איבערגעכאַפּט אַ פּאָר ווערטער. אַזוי ווי ברוך האָט געהאַט די מעגלעכקייט, לויט זיין שטייגער אַרבעט, צו דערשיינען אויף פאַרשידענע פּלעצער, איז ער געווען אַ פאַרבינדלער צווישן צעזייטע משפחות, געבראַכט גערוסן פון באַקאַנטע צו באַקאַנטע און געשאַפט פאַרבינדונגען צווישן נאָענטע, וועלכע זענען געווען צעשיידט איינע פון די אַנדערע. פיל האָט ער געטאָן אויף דעם געביט, איינשטעלנדיק דערביי זיין אייגענעם לעבן.

ברוך האָט אונדז פאַרבונדן מיט אַ פרוי, וועלכע האָט געאַרבעט אין אַ קיך. דאָס איז געווען די פרוי סטאַראָשוויעצקי, דוטשעס פרוי. זי האָט פיל דורכגעמאַכט. איר מאַן מיט אַ קינד זענען אומגעקומען. ווען זי איז געווען מיט אונדז אין שאַוולער געטאָ, האָבן מיר זי, ווי ווייט מעגלעך, געהאָלפן אין איר שווערן איינזאַמען מצב.

די פרוי סטאַראָשוויעצקי האָט אונדז יעדן טאָג געשיקט אַ קילאָ ברויט דורך ברוכן. מערקווירדיק, ווי עס האָט זיך קיינעם פון אונדז נישט איינגעגעבן איבערצורעדן ברוכן, אַז אויך ער זאָל פאַרזוכן פון דעם ברויט!... ווי ער וואָלט דערביי געפילט אַ הייליקע שליחות און נישט געוואָלט דערפון געניסן. דערביי מוז איך נאָך אַמאָל באַמערקן, אַז פירן עסן אָדער ידיעות פון איינעם צום צווייטן איז געווען פאַרבונדן מיטן לעבן. נישט נאָר פאַר אונדזערע שטאָטישע האָט ער געזאָרגט, אויך פאַר פרעמדע. ער איז געווען באָרוועס און נאַקעט און הונגעריק ווי מיר. ער פלעגט אַחוץ עסן אויך ברענגען וועש, בגדים און וויכטיקע ידיעות פון צעשיידטע פאַמיליעס. ווען די פרויען אין קיך פלעגן אים וועלן געבן עפּעס צום עסן, פלעגט ער זיך באַליידיקן און קאַטעגאָריש אָפּזאָגן, באַמערקנדיק, אַז ער איז נישט קיין „פּראָפעסיאָנעלער פעקל־טרעגער”.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, בין איך אַריבער צו אַן אַנדער אַרבעט און אַזוי האָבן מיר זיך צעשיידט מיט אונדזער ליבן חבר און פריינד ברוך.

איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס אַן אויפפּאַסער אין אַ סטאָליער־וואַרשטאַט. אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסאַרבעטן מעבל פאַר די דייטשישע אָפיצערן. מיט אונדז האָבן מיטגעאַרבעט גוטע מעבל־פאַכמענער. אונדזער לאַגערפירער האָט מיר אויסגעקליבן אַלס אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

מיין דאָזיקע פונקציע אַלס אויפפּאַסער, איז פאַר מיר נישט געווען צו אָנגענעם, ווייל כ׳האָב צוליב דעם געדאַרפט נאָך מער אַרבעטן, פאַרדעקנדיק דערמיט דאָס, וואָס אַנדערע האָבן נישט באַוויזן צו טאָן. אַזוי האָב איך זיך אויסגעאַרבעט אַ גוטן שם אַלס אַן אַרבעטזאַמער. אַ דאַנק דעם האָב איך זיך טאַקע געקאָנט באַוועגן אויף דער פריי מער ווי אַן אַנדערער. אונדזער מצב איז געוואָרן גרינגער. אָפט פלעג איך ברענגען עסן פון דער קיך און עס פאַרטיילן צווישן די קראַנקע, וואָס זענען געווען אונטערדערנערט און נישט געקאָנט ממש גיין אויף זייערע פיס, אַריינברענגענדיק דערמיט אַ פאַרבעסערונג אין זייער געזונטצושטאַנד. לאַנג אָבער האָט דאָס נישט געהאַלטן. אַ שווערע טיפוס־עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכן און אַלע קראַנקע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אינעם לאַגער 7. איך בין אויך געווען צווישן זיי. ס׳איז דערקלערט געוואָרן „קאַראַנטין”. דאָס אָרט פון די קראַנקע איז געוואָרן איזאָלירט און קיינער האָט נישט געקאָנט אַרויס פונעם פלאַץ. מיין צושטאַנד איז געווען זייער אַ קריטישער. זיי האָבן מיר באַטראַכט שוין פאַר אַ נוטה־למות, ווייל מיין צודעק־קאָלדרע האָבן זיי שוין געהאַט פון מיר אַראָפּגענומען...

דאָ איז אָנגעקומען מיין ברודער משה און מיט אַלע כוחות מיך אַראָפּגעשלעפּט פון דער „טויטן־גרופּע” און אַ נאַקעטן מיך געבראַכט צו דער אַרבעט. מיין ברודער משה און יאָסל מאָנצאַזש, ווי אויך דער דייטש, דער אויפזעער, וועלכער האָט געקריגן רחמנות — זיי אַלע האָבן זיך געגעבן די גרעסטע מי, איך זאָל געזונט ווערן.

אַ סך צייט האָט געדויערט ביז איך בין געקומען צו אַ ביסל כוח, און אַרויס פון דער קראַנקייט. טויזנטער מענטשן זענען דאַן דערפון געשטאָרבן.

נאָר איידער מיר האָבן באַוויזן קומען אַביסל צו זיך, איז שוין אונדזער לאַגער ליקווידירט געוואָרן. דער פראָנט פון די אַליאירטע האָט זיך דערנענטערט און די דייטשן, וויסנדיק אַז זיי האָבן פאַרשפּילט די מלחמה, האָבן געוואָלט פאַרווישן די שפּורן פון זייערע שרעקלעכע גרוילטאַטן און דערביי פאַרניכטן די לעצטע לעבנאיבערגעבליבענע עדות, וועלכע קאָנען דערציילן פאַר דער וועלט די שוידערלעכע מעשים, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן צו דעם מענטשלעכן מין...

זיי האָבן צוזאַמענגענומען אַלע קאַצעטלער און זיי גענומען טרייבן אין די טיראָלער בערג. דאָס איז געווען אַ טויטן־מאַרש, ווייל מיר אַלע האָבן שוין לאַנג פאַרלאָרן דעם מענטשלעכן אויסזען. ס׳איז דאַן געווען אַ שווערער ווינטער מיט טיפע שנייען און קאַלטע שניידיקע ווינטן. מיר האָבן געמוזט מאַכן אפשר צענדליקער קילאָמעטער אַ טאָג. ווער עס איז געבליבן אונטערשטעליק — דער איז מערדערלעך צעשלאָגן אָדער דערשאָסן געוואָרן אויפן מיטן וועג. אין די נעכט פלעגן מיר רוען און ווערן צוגעפרוירן צו דער ערד.

אַן אויפטרייסלנדיקער מאָמענט, וועלכן איך וועל אין מיין גאַנצן לעבן נישט פאַרגעסן איז געווען, ווען איך האָב נאָך אַזאַ־אָ נאַכט געוואָלט, ווי אַלע מאָל, אויפשטיין און נישט געקאָנט. מיין קערפּער איז געווען אינגאַנצן ווי פּאַראַליזירט און נישט געקאָנט רירן מיט קיין אבר. מיינע פיס זענען געווען שטייף און אָפּגעטייט. מיין מוט איז פון מיר אַוועק און האָב מיט די אויגן געבעטן מיין ברודער און מיין פריינד יאָסל, אַז זיי זאָלן גיין און מיך דאָ איבערלאָזן... זיי האָבן מיך גענומען אויף די הענט און מיין יעדן גליד באַזונדער געוואַרעמט און געריבן. זייער נשמה האָבן זיי אין מיר אַריינגעהויכט און מיט אומבאַשרייבלעכער מסירות נפש מיר צוריק געבראַכט צום לעבן. און אַזוי אונטער די הענט האָבן מיר ווייטער צוזאַמען מאַרשירט.

אין דער נאַכט אויפן 2־טן מאַי 1945 ווען מיר זענען טויט־מידע און ממש מיט די לעצטע כוחות געקראָכן דורך אַ וואַלד, וואָס האָט געהייסן „וואַנקירכן", איז פּלוצעם אָנגעפאַרן אַ דייטשישער אָפיצער אויף אַ מאָטאָציקל און געשריגן, אַז מיר זאָלן פריי מאַכן דעם וועג, ווייל דאָס דייטשישע מיליטער דאַרף אָפּטרעטן. „אַרונטער מיטן מיסט" — האָט ער געדונערט. אונטער אַ שטרענגער וואַך זענען מיר אַריין אין וואַלד און דאָרט אַוועקגעפאַלן ווי שטיינער. ווידער האָט אַ געדיכטער שניי אונדז אַלעמען באַדעקט, איינער צום צווייטן האָט זיך געטוליעט און ווען מיר האָבן געדאַרפט אויפשטיין אין דער פרי — נישט געקאָנט באַוועגן מיט קיין גליד. ווידער איז שווער געוואָרן מיטצומאַכן דעם מאַרש. מיינע פיס זענען ווידער פּאַראַליזירט געוואָרן און אַן האַלבער קערפּער איז ביי מיר אין גאַנצן אָפּגעטייט געוואָרן. מ'האָט געוואָלט מיך נעמען אויפס כוח, אָבער אוממעגלעך איז געווען צורירן מיך פון אָרט. און דאָ, פּלוצעם, צו אונדזער אַלעמענס ווונדער, האָבן זיך דערהערט פריילעכע אויסגעשרייען און אַ גרויס גערודער איז געוואָרן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט זענען די דייטשן אַנטלאָפן, אַראָפּרייסנדיק פון זיך זייערע אויסצייכענונגען. מיר זענען געבליבן אַליין, אָבער איך האָב זיך נישט געקאָנט פרייען. כ'בין געווען גלייכגילטיק צו אַלץ. דאַן האָבן זיך די שטאַרקערע אַ לאָז געטאָן אין וואַלד, צוזאַמענגענומען אַ ביסל האָלץ, געמאַכט אַ פייער, מיטן שניי געוואַרעמט מיין קערפּער, מיט פאַרשידענע מיטלען האָבן זיי געוואַרעמט מיינע גלידער ביז עס האָט זיך זיי איינגעגעבן מיך אַ ביסל אויפצולעבן. דאַן — מיך גענומען אויף די הענט און אַוועקגעטראָגן אין אַ פּויעריש הייזל.

אַ סך צייט האָט גענומען ביז איך בין געזונט געוואָרן און געקאָנט באַגרייפן, וואָס מיט אונדז האָט פּאַסירט...

מיר האָבן זיך געלאָזט דורך די וועגן — אַ היים, קיין פּולטוסק, וועלכע האָט פאַר אונדז, יידן, שוין נישט מער עקזיסטירט...



שער הכניסה לדכאו — אריינגאַנגס־טויער צום לאַגער דאַכאו

## **יעקב ווײַנקראַנץ** / ווען די דייטשן זענען אַריין אין פּאַפּאָווע...

דאָס שטעטעלע פּאַפּאָווע, וואָס ליגט צווישן ווישקאָוו און פּולטוסק (לעבן סעראָצק), איז געווען שייך אַלע יאָרן צו פּולטוסק.

מען דערציילט, ווי נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק, ווען אין די א״ד שטעט איז נאָך קיין זכר פֿון קיין ייִד נישט געווען, האָט שוין אין פּאַפּאָווע פּולסירט אַ ייִדיש לעבן. מ׳האָט געפֿונען אַלטע מצבות אויפֿן פּאַפּאָווער בית־עולם פֿון אַריבער 900 יאָר[1].

ווי עס איז צו נעמען פֿון די פֿאַרשריפֿטן פֿון פּאַפּאָווער פּנקס פֿון דער חברה־קדישא, פֿלעגט מען פֿון אַ סך אַרומיקע און אַפֿילו ווייטערע שטעט ברענגען זייערע מתים צו קבורה אין פּאַפּאָווע (מ׳פֿלעגט אויך מקבר זיין אין נאַשעלסק, קלעשעווע), ווייל קיין ייִדישער בית־עולם האָט נאָך אין די דאָזיקע ערטער נישט עקזיסטירט. עס ווערט אויך דערציילט פֿון אַ שול, וואָס איז פֿאַרברענט געוואָרן מיט 400 יאָר צוריק.

ווי מ׳גיט איבער פֿון אַלטע באַגלייבטע קוועלן, האָט אַ געוויסער ייִדן־פֿריינדלעכער כראַביע געשאָנקען פֿאַר אַ מתנה אַ שטיק פֿעלד פֿאַר ייִדן זיך צו באַזעצן. ווי אויך — אַ פּלאַץ פֿאַר אַ שול, מקווה און אַ בית־עולם. פֿון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן דער ייִדישער יישוב אין פּאַפּאָווע.

ביז 1939 האָבן אין פּאַפּאָווע[2] געלעבט ביי אַ 35 משפּחות, בערך. דאָס שטעטעלע האָט אויסגעהאַלטן אָן אייגענעם רב (דער לעצטער רב: הרב ר׳ יצחק מאיר פֿון וואַרשע), אַ שוחט (פֿון די ערשטע: מאיר שוחט; דער לעצטער: ר׳ מאָטל געלבאַרט — אַ פּולטוסקער איידעם), אַן הכנסת אורחים און געהאַט אויך אירע אייגענע מלמדים.

דאָס שטעטעלע (וווּ איך בין, אגב, געבוירן, און געלעבט און פֿאַרבראַכט אַלע מיינע יאָרן), איז דורכויס געווען רעליגיעז געשטימט. אַלע זענען כמעט געווען בני־תורה. עס האָט נישט געטראָפֿן דער פֿאַל, אַז עמיצער זאָל נישט טראָגן דאָס ייִדישע היטעלע אָדער זיין לאַנגע קאַפּאָטע.

דער גרעסטער טייל איינוווינער איז באַשטאַנען פֿון האַנטווערקער, שוסטער, שניידער, דאָס איבעריקע — תבואה־סוחרים, שפּייז־קרעמער און קצבים. דער האַנדל איז געווען מיט ווישקאָוו, פּולטוסק און סעראָצק און דער פֿאַרקער — מיט ייִדישע בעלי־עגלות.

פּאַפּאָווע איז דאַן, אין איר אָנפֿאַנג, געווען דאָס איינציקע ייִדישע שטעטעלע אין דער גרויסער נישט־ייִדישער סביבה און האָט דערפֿאַר געצויגן איר ייִדישן יחוס. באַרימטע צדיקים פֿלעגן דאָרט פֿון צייט צו צייט דורכפֿאָרן און זיך אָפּשטעלן[3].

עפּעס אַזוינס ספּעציפֿיש־ייִדישעס איז געלעגן אין דעם דאָזיקן שטעטל. פֿאַרשידענע לעגענדעס פֿלעגן דאָרט אַרומגיין ווי, למשל: „אַ טייך, וואָס איז אַנטלאָפֿן געוואָרן״ אד״ג.

אַזוי האָט דאָס ייִדישע פּאַפּאָווע עקזיסטירט און זיך אויף איר אייגנאַרטיקן אופֿן אויסגעלעבט ביז צום 1־טן סעפּטעמבער 1939, ווען די נאַציס האָבן דערקלערט אַ ווילדן פֿאַרטיליקונגס־קריג דער פֿרייער וועלט בכלל און דאָס ייִדישע פֿאָלק בפֿרט.

ערב ראש־השנה 1939, זענען די היטלעריסטן אַריין אין פּאַפּאָווע. זיי האָבן צונויפֿגענומען אַלע ייִדן אין דעם פּוילישן קאַשטשיאָל און זיי דאָרט געהאַלטן 24 שעה, אָן עסן און אָן טרינקען. אין דער צייט האָבן די דייטשן אויסגעליידיקט אַלע קרעמעלעך מיט זייערע סחורות און באַרויבט אויך פּריוואַטע הייזער.

נאָך די 24 שעה האָט מען אונדז באַפֿרייט. יעדער האָט אין זיין היים געפֿונען דאָס לעצט ביסל אָרעמקייט, וואָס האָט זיך שוין נישט געלוינט צו נעמען.

פֿונדעסטוועגן האָט מען זיך ראש־השנה צונויפֿגענומען און געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען. צווישן שחרית און מוסף זענען אָנגעקומען די ס.ס.־לייט און געגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַלע ייִדן זאָלן זיך צונויפֿזאַמלען אויפֿן מאַרק־פּלאַץ און ווער עס וועט נישט אַרויסקומען, וועט גלייך דערשאָסן ווערן.

טויט־דערשראָקענע זענען די ייִדן אַרויס פֿון שול, אָנגעטאָן אין די קיטלען, טליתים און שטריימלעך און לויטן באַפֿעל זיך צונויפֿגעקומען אויפֿן מאַרק־פּלאַץ.

דאַן האָבן זיי באַקומען אַ באַפֿעל אַרויסצונעמען אַלע ספֿרי־תורה פֿון שול, אויסלייגן זיי אויפֿן מאַרק, באַגיסן זיי

1. ווי עס איז משער צו זיין, האָט זיך די געשיכטע פֿונעם שטעטעלע אָנגעהויבן מיט אַ 100 אָדער 200 יאָר שפּעטער ווי די געשיכטע פֿון דעם נישט־ייִדישן פּולטוסק, וועלכע עקזיסטירט שוין, לויט בפֿירושע היסטאָרישע קוועלן, גאַנצע 1,000 יאָר, וואָס די גויישע פּולטוסק האָט אין 1968 געפֿייערט די דאָזיקע דאַטע (רעד.).

2. עס זענען אויך געווען דערפֿער אַרום פּאַפּאָווע ווי: קילגעווא, טשאַרנעווא, שלעזשיאַן, פּלודעס א״א. אין יעדן דאָרף האָט געוווינט אַ ייִדישע משפּחה. פֿאַר אַ יו״ט, פֿלעגן זיי זיך צונויפֿקומען און אַריינפֿאָרן דאַווענען אין פּאַפּאָווע. עס זענען אויך געווען אַרום שטעטל פֿולוואַרקעס און פּריצישע הויפֿן.

3. עס ווערט דערציילט מיט גרויסער זכיה וועגן די צוויי באַוווּסטע וואַנדערדיקע, גלות־אָפּריכטנדיקע צדיקים — ברידער, רב זושא און רב אלימלך, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַפּאָווע אויף אַ שבת, געדאַוונט אין דער שול און ביים פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל געחתמעט זייערע נעמען אין פּנקס מיט אַ צושריפֿט.

מיט נעפט און אונטערצינדן. דערנאָך זיך אָנגענומען אין אַ ראָד און אַרום די ברענענדיקע ספרי־תורה זינגען און טאַנצן.

דאָס פייער איז געפלויגן ביזן הימל מיט שטיקער הייליקן פּאַרמעט.

ווער עס האָט געוואָגט צו וויינען אויף דער דאָזיקער „פאַרשטעלונג", האָט די געסטאַפּאָ געשלאָגן ביז טויט. אַ ייד מיטן נאָמען יעקב־מרדכי מרגליות, אַ קרעמער, האָט מען אין דעם פאַל צעשלאָגן ביז ער האָט אויסגעפּאַכעט זיין נשמה.

נאָכן פאַרברענען די ספר תורות, האָבן די דייטשן באַפוילן אַלע פרומע יידן זיך איינשטעלן אין אַ שורה און מאַרשירן פאַרויס צום קליינעם טייכל[4].

זיי האָבן געדאַרפט אַריבערשפּרינגען די ברעט, וואָס איז געלייגט געוואָרן איבער דעם טייכל און כאַפּן אַ חזיר, וואָס האָט זיך געפּאַשעט קעגנאיבער דעם טייכל און אים ברענגען צו זיי אַ לעבעדיקן.

די יידן, נידערגעשלאָגענע, האָבן געמוזט לויפן איבער דער ברעט אַהינצו צום פעלד און אויספירן דעם באַפעל; ווען נישט ווערן זיי דערשאָסן.

אַריבערשפּרייזנדיק אויף יענער זייט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס בייזע געיעג נאָכן חזיר, וואָס האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט כאַפּן.

ווען עמיצער פון זיי האָט שוין אָנגעכאַפּט אַ וועלכן עס איז חזיר, האָבן זיי געטענהט, אַז נישט דעם האָבן זיי געמיינט, נאָר דעם אַנדערן, אויף וועלכן זיי האָבן אָנגעוויזן. נאָך לאַנגע יאָגענישן, האָט מען סוף־סוף אָנגעכאַפּט דעם, וואָס זיי האָבן „געמיינט". דערביי אָבער זענען פיל יידן געבליבן שטעקן אין די שווערע ליימיקע בלאָטעס פון דעם פּאַשע־פעלד. האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל, אַז זיי זאָלן אים, דעם חזיר, שנעל ברענגען צוטראָגן, עטלעכע יידן האָבן אים געמוזט פעסט האַלטן, ווייל ער האָט זיך געריסן פון זייערע הענט מיט קולי־קולות, — דאַן האָבן זיי באַפוילן, אים אָנטאָן אַ שטריימל.

די קריסטן, וואָס זענען געשטאַנען קעגנאיבער דעם טייכל, האָבן זיך מיט גרויס פאַרגעניגן צוגעקוקט צו דער דאָזיקער סצענע און געלאַכט.

(פּאַפּאַווע האָט זיך געטיילט אויף 2 טיילן. אין איין זייט האָבן געוווינט די יידן און אַנטקעגנאיבער — די קריסטן. דעם שטח פון די יידישע הייזלעך האָט אָפּגעטיילט אַ קליין טייכל, ביי וועלכן עס האָט זיך געשפּרייט אַ גרויס פעלד אויף פּאַשן בהמות און חזירים, וואָס האָט געהערט צו די קריסטן).

די דייטשן האָבן כסדר פּילמירט די דאָזיקע טרויעריקע סצענעס.

די עלטערע יידן האָבן געמוזט לויפן באָרוועס, ווייל זייערע שטיוול זענען געבליבן שטעקן אין די בלאָטעס; און דאָ האָט מען זיי געדראָט מיט שיסן.

דערנאָך האָבן זיי די יידן צוריק איינגעשטעלט אין אַ שורה, און יעדער איינער האָט געמוזט נעמען דעם חזיר, אָנגעטאָן אין שטריימל, און צוטראָגן צו יעדן ייד, ער זאָל אים אַ קוש טאָן.

נאָך דעם האָבן זיי געהייסן זינגען אַ „געבעט־ליד", וואָס די יידן האָבן היינט געזונגען אין שול.

נאָכהער זענען זיי צוגעגאַנגען צו די יידן, וועלכע האָבן געהאַט די גרעסטע בערד און פּאות און זיי געשניטן ביז בלוט.

ווען ס'איז געוואָרן נאַכט, האָט מען נאָך געדאַרפט מאַכן פאַרשידענע „איבונגען", וועלכע האָבן אונדז געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט.

פון דאַן אָן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן מוזן זיך מעלדן יעדן טאָג צו דער אַרבעט (דער מעלדונגס־פּלאַץ איז געווען אין אַ וואַלד, 2 ק"מ פון פּאַפּאַווע). די אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט געדאַרפט אויסגראָבן די וואָרצלען פון די ביימער ווי אויך גראָבן גריבער, האַקן האָלץ אד"ג. יעדן טאָג זענען יידן אַהיים געקומען צעבלוטיקטע, צעממיתטע.

דער מצב האָט זיך אַזוי געצויגן און אָנגעהאַלטן ביז סוף 1940.

דערנאָך איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן זיך אויסשטעלן אויפן מאַרק־פּלאַץ, דאַרפן מיטנעמען מיט זיך די גאָר נייטיקסטע זאַכן ווי אויך עסנוואַרג. דאַן זענען אָנגעקומען קריסטלעכע וועגענער, אַלע געהייסן אויפזיצן און אונדז געפירט קיין מאַקאָווע.

אין מאַקאָווע איז שוין דאַן געווען אַ געטאָ, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך אויך די יידן פון די אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער.

דער יודנראַט האָט אונדז יעדן אַריינגעפירט אין די באַשטימטע פאַר אונדז וווין־ערטער; צו 5 משפחות אין אַ צימער (דער פרעזעס פון יודנראַט האָט געהייסן דוד ארליק און זיין „רעכטע האַנט" — גורפינקעל).

4. אגב איז צו באַמערקן, אַז לעבן פּאַפּאַווע איז דורכגעגאַנגען דער טייך „בוג", וועלכער האָט, ווי עס איז אָנצונעמען, נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיטן דאָזיקן טייכל.

אַ יאָר צייט זענען מיר געזעסן אין מאַקאָווער געטאָ, געלעבט אין די זעלבע באַדינגונגען, וואָס אין יעדער געטאָ. עס האָבן געבושעוועט פאַרשידענע קראַנקייטן ווי: טיפוס, דיזענטעריע א״אנד. וועלכע האָבן על־פּי־רוב געבראַכט דעם טויט. אַ סך זענען געשטאָרבן פון הונגער. יעדע פאַר טעג האָט מען געהאָנגען יידן.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז 1941.

נאָך דער דאַטע האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן טראַנספּאָרטן צו 2,500—2,000 יידן, פון מאַקאָוו קיין מלאַווע. אין מלאַווע איז געווען אַ באַן, וועלכע האָט אונדז געפירט דירעקט קיין אוישוויץ.

✶

אין אוישוויץ האָב איך געזען אַזעלכעס, וואָס ס׳איז אַ פּחד צו שילדערן מיט רייד אָדער שריפט. דער מענטש האָט דאָרט פרעך אַ שפּיי געטאָן אויף זיין צלם אלקים און איז צו שאַנד געבליבן אויף לאַנגע לאַנגע דורות. אויסטערלישע אָפּגרונטן און רציחות האָב איך דאָרט געזען, וועלכע זענען אימשטאַנד צו פאַרסמען דאָס בלוט אפילו פון אונדזערע קינדס־קינדס־קינדס קינדער. אַליין האָב איך געשטעקט אין פּיסק פון דער היטלעריסטישער מענטשן־חיה מיט טויזנטער אומקומען און סכנות... מיט וועלכער מיר האָבן צייטנווייז אויסזיכטלאָז אויך געקעמפט...

די פּרשה אוישוויץ ווי אַלע אַנדערע פּרשיות פון די טויט־לאַגערן און אומקום־פּלעצער, זענען גאַנץ באַוווּסט און שוין גענוג באַשריבן געוואָרן: די כסדרדיקע תּליות און דער־שיסונגען; אַמאָל צוליב אַ מינדערוויכטיקע „פאַרזינדיקונג״ און אַמאָל צוליבן אייגענעם פאַרלאַנג אויסגעלייזט צו ווערן פונעם שוידערלעכן פּיין; דער שטענדיקער מענטשן־ריח פון די פאַרשרפעטע קערפּער, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען טאָג־טעגלעך, שעה־שעה און אָנגעפּילט אונדזערע נאָזלעכער; די אכזריותדיקע „מוזלמענישע״ אויסהונגערונגען ביז צום פאַלן ווי אַ פליג; די איבונגען נאַקעט אויפן שניידיקסטן פראָסט אונטער מערדערלעכע קלעפּ; די פאַסן־פּידזשאַמעס (אַלץ איז געווען אין פּאַסן), אין וועלכע מיר האָבן אויסגעזען ווי אַרעסטירטע פון דעם טויט אַליין; די אַרויסגאַנגען צו דעם „אַפּעל״ צעמיטטע, באַגאָסן מיט אייטער און בלוט; די פינצטערע „בלאָקן״ מיט די „פּריטשעס״ און קאַפּאָס און שטובדינסטער; די טריף־אַריינגעשניטענע נומערן אין אונדזערע אָרעמס; די אומצייליקע מיתה־משונה־טויטן; דער לאַנגער געראַנגל מיטן נאַצישן מלאך־המות, אין די גאַז־קאַמערן, וואָס נישט איינער פון אונדז, די יינגערע און שטאַרקערע, וועלכע מ׳האָט נאָך געלאָזט אַ ביסל אונטער־לעבן, אויסניצנדיק צו אַנדערע עבודות פּרך און אומאַנגע־נעמע אַרבעטן, איז אויסגעקומען צו כאַפּן אַ בליק אין דעם מוראדיקן שלאַכטהויז; דאָס כסדרדיקע מאַרך־אויסנאָגנדיקע אונטערזאָגן זיך: „זיי גרייט, איינגיכן דו״; די ביטערע אַנטוי־שונג און דאָס סמנדיקע געפיל, וואָס מיר האָבן דאַן געהאַט, אַז עס קאָן שוין נישט זיין מער אוממענטשלעכער ווי עס איז אַ מענטש!!‚..

דאָס באַוווּסטזיין, אַז דער סוף איז אומפאַרמיידלעך פאַר יעדן, כאָטש מ׳האָט, ווי אויבן דערמאָנט, די שטאַרקערע און די יינגערע באַשעפטיקט מיט אַנדערע אַרבעטן און טייל אפילו — על פּי מזל — מיט פיל לייכטערע עבודות; ווי איך, למשל, וואָס מ׳האָט מיך, על פּי נס און נושא חן זייענדיק (איך קאָן עס עד היום נישט תּופס זיין!) ביי אַן עלצטן פון דעם לאַגער (אַ ייד) — באַשעפטיקט מיט ענינים פון דער קיך (איך פלעג זיין דער קאַווע־צושטעלער פאַר די אַרבע־טער) און געווונען דעם צוטרוי פון די דייטשן; און דערנאָך, ווען איך האָב אַ דאַנק דעם געהאָלפן אין געהיים צוגרייטן אַן אָנפאַל אויפן לאַגער, איבערפירנדיק געווער; זיך קאָנען־דיק פריי באַוועגן פון איין אָרט אין צווייטן — בין, צו מיין גליק, אַרויס בשלום פון דעם גאַנצן ענין, כאָטש אונדזער געוואַגטער בונט און אָנפאַל איז אין אַ טייך פון בלוט דער־טרונקען געוואָרן און איך בין געלעגן שוין צווישן די דער־הרגעטע!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

זעט אויס, אַז די השגחה עליונה האָט געוואָלט, אַז איך זאָל — דורך אומבאַגרייפלעכע נסים — דאָך בלייבן ביים לעבן און זוכה זיין צו דער באַפרייונג פון 5־טן מאַי 1945 און דערנאָך — צום זכות פון אַלע זכותן — צו קומען מיט מיין פרוי, חוה קראַוויעצקא * אין מדינת ישראל אין 1949, אַ יאָר נאָך איר אַנטשטיין.

* זע: „אויף דער אַרישער זייט״, חוה קראַוויעצקא.

✶ ✶ ✶

## חנה טייטל (פרוכטנבוים) / בגיטו ווילנא

ינואר 1942. במשך כל הערב הרגשנו, שיקרה משהו. אנשים התרוצצו לכאן ולכאן, דיברו בקול־רם. חלק מהם ודאי ידע את האמת. אחר חצות התברר שבבוקר יצאו את הגיטו לשלושה ימים כל אלה, שיש להם „תעודות עבודה". מה יקרה לאחרים — ידענו. לכל משפחתי היו תעודות, רק לי לא היתה תעודה. אמא לא יכלה להסתיר את הדאגה שלה. אולי אַת רוצה לבוא אתי העירה, לביתה של ידידה פולניה?" — שאלה אותי השכנה, גברת גולדברג, שגם לה היתה תעודה. „כמובן!" — ענית בשמחה. העיקר לא להשאר כאן לבד. התלבשתי מהר, לקחתי סל לידי ליתר בטחון. נפרדתי מכולם, אמא בכתה. „האם נתראה?" צריך למהר, כל זמן שלא מאוחר מדי. על יד השער היו אנשים רבים. גב' גולדברג נדחפה בין הקהל ומשכה אותי. היא מסרה משהו לשומר — והוא פתח לפנינו את השער.

פתאום היינו מן הצד השני של הגיטו. מעולם אחד לאחר. איזה שקט! העיר ישנה. אין אור אפילו בחלון אחד. רק שלג ברחובות ועל הבתים. מרחוק שמענו את הצעדים של המשמר הגרמני. יריה. צעקה של אשה. המשמר צעד כאילו לאַ קרה כלום. לבי דפק בחוזקה. נדמה היה לי שגילו אותנו. אנו מחכות על־יד קיר של בית. השמים נעשים בהירים יותר. עוד מעט יאיר הבוקר. לאט ובשקט מתקרבות אנו לביתה של הפולניה. „הסתלקו מכאן מיד, יהודיות, אחרת אמסור אתכם!" צועק בעל־הבית, שראה אותנו ויצא עם הגרזן ביד.

ברחנו. כמעט בוקר. הפועלים הראשונים כבר יצאו לעבודה. בחצר הקרובה — בית־כנסת. החלונות שבורים. בזריזות פרצנו פנימה. חושך בפנים, ואנו התישבנו על ספסל, רועדות מפחד וקור. לאט לאַט התרגלו העינים לחושך. אנו רואות ספסלים שבורים, דפים ריקים מספרים, לכלוך...

בחצר שחקו ילדים בכדור. הכדור נכנס פנימה. עכשיו הסוף!... הילד נכנס, לוקח את הכדור ויצא. הוַא לא ראה. „מתי יחשיך?" יום החורף הקצר — ארוך כל כך. לא הרגשנו ברעב. רק הקור קשה מנשוא. „טוב שאַת אתי" — לחשה גב' גולדברג והתקרבה אלי. סוף סוף ירד היום והגיע הערב. אנו קשרנו מטפחות לראשנו ויצאנו במהירות מבית־הכנסת ונכנסנו עם הסלים לתוך הקבוצה בדומה לשאר הפועלות החוזרות מהעבודה. כולם ממהרים, הם יודעים לאן. ואנחנו — לאן נלך? עברנו רחוב אחרי רחוב. ליד סמטה אחת משכה אותי גב' גולדברג הצידה והביאה אותי לחצר קטנה, שבקצה ניצב בית. שתינו לא יכולות להכנס. חבל שלקחתי אותך" אמרה פתאום. היא נכנסה ואני נשארתי בחוץ. היא בלונדינית ודומה לכפריה. מה יהיה אתי אם לא תחזור? פליטה אני ואינני מתמצאת במקומות בווילנא.

גב' גולדברג חוזרת ומשכה אותי פנימה. „בואי מהר! יותר מסוכן לעמוד בחוץ!" החדר קטן. על יד הקיר עומד שולחן עגול, מכוסה במפה ארוכה. דופקים בדלת. „תחת השולחן" — דוחפת אותנו הפולניה ומושכת את המפה עד הרצפה. נכנסת שכנה, שואלת על כתובת. היא שמה את הפתק על השולחן, והעפרון נופל. אני מרגישה כאילו לבי יוצא מקרבי. היא מרימה את העפרון, כותבת, מפטפטת, ויוצאת. — „לא בשביל זה באה השכנה" — אומרת בעלת הבית. „כנראה הרגישה שמישהו נכנס. גב' גולדברג! מה אַת רוצה ממני? אינני יכולה לסכן את חיי משפחתי. קחי לך את החפצים שלך ולכי בשלום! אינני רוצה כלום". היא בוכה.

הבעל הסנדלר יושב בחדר השני ושותק. פתאום קם, נכנס לחדר ומתחנן. „אמא, אַל תגרשי אותן! רק עוד יומיים!" „אין לי שום מקלט" — טוענת גב' קוזלובסקה. — „אולי מתחת למיטה", שואלת אני בפחד. „אם אתן מוכנות לשכב כל היום תחת המיטה, השארו כאן" — אומרת בעלת הבית — „אבל רק ליום־יומיים!" הסכמנו כמובן בשמחה רבה.

המיטה מברזל היתה גדולה. בעלת הבית נתנה לנו שמי־כות של גב' גולדברג. יומיים שכבנו תחת המיטה. אל הסנדלר נכנסו אנשים ויצאו. בחורף כל כך קשה להתאפק משיעול. לפעמים שכבנו בלי נשימה. מרוב עייפות נרדמה לפעמים גב' גולדברג והתחילה לנחור. משכתי אותה כל הזמן. הפולניה בקשה מהבנות לא להזמין שום חברות, הכינה לנו מים בקערה, ובלילה, כשכולם נרדמו, יצאנו מתחת למיטה, התרחצנו, אכלנו וישנו במיטות הבנות ששכבו על הרצפה. בעצם היתה קוזלוב־סקה אשה טובת לב וריחמה עלינו. היא אמרה לבנות, שעלינו לישון במיטה ולנוח קצת. זה זמן רב לא ישנתי במיטה. חשבתי שאני מסוגלת לחיות כך כל החיים. דבר אחר אינני צריכה. העיקר שלא רודפים אחרינו. ביום שלישי, לפנות ערב נודע לנו, שקבוצות היהודים חוזרות כבר לגיטו ואנו עזבנו את הדירה. הפולניה בקשה סליחה שסרבה בתחילה לקבל אותנו. נפרדנו בלבביות ויצאנו לרחוב.

נכנסנו לתוך השורות וחזרנו לגיטו לצרות חדשות. בבית קבלו אותנו בהתרגשות ובבכי. לא האמינו עוד שאנו בחיים.

עם חיסול הגיטו בספטמבר 1943 נהרגו אמי, אחיותי, גב' גולדברג עם בעלה. תלאות רבות עברו עלי עד השחרור ולא פעם התגעגעתי למקום מבטחים זה שמתחת למיטה אצל הפו־לניה קוזלובסקה...

## חוה ווײַנקראַנץ־קראַוויעצקא / אויף דער אַרישער זײַט

### אויפן דריטן טאָג...

אויפן דריטן טאָג, נאָך דעם ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך, צוזאַמען מיט מײַנע עלטערן, זיך געלאָזט קיין סעראַצק, צו אונדזערע קרובים.

דײַטשישע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען גאָר נידעריק געפלויגן, האָבן אונדז באַשאָסן אויפן וועג.

מיר זענען אָנגעקומען אין סעראַצק. ס׳איז געוואָרן אַן אַלאַרעם. מיר האָבן זיך געוואָלט באַהאַלטן אין אַ הויז, וווּ ס׳איז געווען אַ קעלער. די גויים האָבן אונדז נישט געלאָזט. אין דעם מאָמענט איז אַ באָמבע אַרײַנגעפאַלן אין דעם זעלבן הויז.

מיר זענען אָנגעקומען צו די קרובים.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען די דײַטשן אַרײַן אין סעראַצק. מ׳האָט אַלע ייִדן אַרויסגעפירט אויפן מיטן מאַרק, אויסגעשטעלט אין אַ ריי און אַלעמען געשלאָגן. קינדער מיט פרויען האָבן זיי אַ היים געשיקט. די מענער, אַלט און יונג, האָבן זיי אַרײַנגעפירט אין דער גרויסער שטאָטישער שול.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען די גאַנץ אַלטע לײַט אָפּגעשיקט צוריק צו זייערע הײַזער און די ייִנגערע האָט מען אַוועקגעשיקט אין די לאַגערן, נישט וויסנדיק פון זיי ביז הײַנטיקן טאָג.

די דײַטשן אין סעראַצק האָבן טאָג־טעגלעך געראַבעוועט ייִדיש האָב־און־גוטס.

ווען מיר האָבן געהערט, אַז די דײַטשן זענען שוין אַרײַן אין פּולטוסק, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין שטאָט.

מײַן פֿאָטער איז געווען אַ תבואה־סוחר, האָבן אים די דײַטשן גלײַך אַרעסטירט, געהאַלטן פֿאַרשלאָסן אייניקע טעג, געפּײַניקט און דערנאָך אים אָפּגעשיקט אַ היים.

לאַנג זענען מיר אין פּולטוסק נישט געווען. די דײַטשן האָבן אונדז פון שטאָט אַרויסגעטריבן. מ׳האָט אונדז אַלע אַרײַנגענומען אין דעם גרויסן גאָרטן („זאַמעק״). דאָרט איז געווען אַ גרויסער צימער, פֿאַרנומען פון ס.ס.־לײַט. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט גרויסע קאַסטנס און יעדער איינער וואָס איז פֿאַרבײַ, האָט געמוזט אָפּגעבן פון זײַן פֿאַרמעגן, ווי: גאָלד, געלט, צירונג אד״ג.

פון דאָרט האָט מען אונדז געיאָגט צו דעם נאַרעוו. פון בײדע זײַטן בריק זענען געשטאַנען ס.ס.־לײַט און געשלאָגן. ווער ער איז נישט געגאַנגען גיך, דעם האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך.

מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז פון דער צווייטער זײַט נאַרעוו וועלן קומען די רוסן, זענען מיר דאָרט געבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מיר זענען דערגאַנגען ביז צום טאַרטאַק, וואָס האָט געהערט צו נאָוואַמינסקען.

אין מיטן דער נאַכט זענען די דײַטשן אַרײַן אין טאַרטאַק, וווּ מיר האָבן געמיינט צו האָבן אַ ביסל מנוחה און איבערשלאָפן כאָטש די נאַכט; זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז ווײַטער צו יאָגן.

מיר זענען אָנגעקומען אין דאָרף זאַטאָר. דאָרט זענען מיר אַרײַן צו אַ ייִדישער משפּחה און געווען בלויז אַ פּאָר טאָג, ווײַל די דײַטשן האָבן אונדז ווײַטער געיאָגט. דאָ האָבן זיי גענומען אַ פּולטוסקער ייִד מיטן נאָמען וועלוול זאַטאָר, אים געמאַכט פֿאַר אַ פֿערד, צוגעבונדן צו אַ גרויסן שווער־באַלייגטן וואָגן, אים געשלאָגן מכּת־רצח. ער האָט געמוזט שלעפּן דעם וואָגן ביז ער איז געפאַלן.

פון דאָרט זענען מיר אַוועק קיין פּאַפּאָווע. מיר האָבן דאָרט געהאַט קרובים. אין פּאַפּאָווע זענען מיר געווען דרײַ משפּחות: מײַן פֿאָטער משה, זײַנע ברידער, אַנשל און יאָסל (פון נאַשעלסק) און זײַן שוועסטער נעשע (פון פּאַפּאָווע).

די דײַטשן האָבן דאָ באַזונדער אָנגעטאָן גרויסע צרות, ווײַל פּאַפּאָווע האָט זיך גערעכנט פֿאַר דער גרענעץ פונעם טײַך בוג, האָבן זיי דאָס שטעטל גלײַך פֿאַררעכנט צו דעם דריטן רײַך.

דאָס שטעטל האָט אויך געדינט פֿאַר אַ וויכטיקן פּונקט פֿאַר די דײַטשן, פון דאָרט פלעגן זיי נעמען צו פֿאַרשידענע אַרבעטן. דאָרט איז אויך געווען דער שטאַב פון דער גרענעץ־וואַך.

די שטוב, אין וועלכער מיר האָבן זיך באַהאַלטן, איז געווען אין דער נידער. די דײַטשן מיט זייערע הינט, האָבן זיך געפונען אויף אַ בערגל, אַ פּאָר מעטער פון דאָרף. מיר זענען שטענדיק געווען אויף דער וואַך. ווען מיר האָבן געזען ווי די דײַטשן קומען אָן, האָבן מיר זיך גלײַך באַהאַלטן אונטער די סטאָדאָלעס ביי די קריסטן. ווען די דײַטשן האָבן געענדיקט די „אַבלאַוועס״ זענען מיר צוריק אַרײַן אין די שטיבער.

### מײַנע וואַנדערונגען אין די געטאָס...

פון דאָרט האָט מען אונדז אַרויסגעפירט קיין מאַקאָוו, וווּ עס איז שוין געווען אַ געטאָ. אין געטאָ זענען די באַדינגונגען געווען זייער שווערע. אייניקע משפּחות האָבן געוווינט אין איין צימער. צוויי מאָל אין חודש האָבן מיר באַקומען 150 גראַם ברויט, אַ ביסל ריבאָ — דאָס איז געווען די אָפּיציעלע

צוטיילונג. יעדער איינער האָט זיך באַמיט, אויף זיין שטייגער, צו דערווערבן עפּעס שפּייז פון אַנדערע ערטער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געשמעקט מיט גרויסע לעבנס־געפאַרן.

איך פלעג אַרויסגיין אויסער דער געטאָ אין די דערפער און באַקומען עפּעס שפּייז פאַר אַרבעט ווי „שפּאַנדזשען" אד"ג. פון דאָרט בין איך אויך דערגאַנגען צו אַנדערע געטאָס, ווי: יאַדאָוו, וואָלאָמין (סאָסנאָווקע), ראַדזימין און וואַרשע־ווער געטאָ.

מיר פלעגן שמוגלען. געקויפט שפּייז אויף דער אַרישער זייט און עס פאַרטוישט אויף אַנדערע צרכים אין געטאָ.

מאַקאָוו האָט געהערט צום דריטן רייך, האָט מען געמוזט שמוגלען די גרענעץ וואָס צו קאָנגרעס פוילן. עס איז געווען פאַרבונדן, ווי געזאָגט, מיט אַ סך טויט־שרעק; אי פאַר דער פוילישער פּאָליציי און געסטאַפּאָ, אי פאַר די גויים און יונגע שקצים, וועלכע פלעגן אויסגעבן די יידן.

איינמאָל, ווען איך בין געגאַנגען קיין ראַדזימין און געטראָגן מיט זיך אַ ביסל שפּייז, איך בין שוין געווען לעבן דער געטאָ — איז אָנגעקומען אַ יונגער שייגעץ און האָט מיך געשלאָגן, געצוווּנגען, איך זאָל אויסגעבן פון וואַנען איך האָב די שפּייז באַקומען. איך האָב געמאַכט אַ גרויס געוואַלד.

אין דער דאָזיקער געטאָ זענען געווען אַ סך פולטוסקער צווישן זיי: בעלאַ קאַלוסקאַ, הינדע מאַקאָווסקאַ (מיינע חברטעס פון דער שול), העלאַ ראָזענבערג, ישראל יאַזשינאַ מיט זיינע עלטערן און שוועסטער, מיט וועלכע איך בין געווען גאַנץ נאָענט. ווען יאַזשינאַ האָט באַמערקט ווי איך האַמפּער זיך מיט דעם שייגעץ, האָט ער קודם כל אַרויסגעכאַפּט פון מיר דאָס פּעקל שפּייז און געלאָפן מעלדן אין יודנראַט, אַז מ'איז באַפאַלן אַ פולטוסקער מיידל און גערופן צו הילף. ער האָט גלייך אַלאַרמירט אַלע פולטוסקער.

אין דעם דאָרטיקן יודנראַט האָט געאַרבעט אַ ראַדזימינער מיטן נאָמען ראַדזימינסקי, איינער פון די אָנגעזעענסטע פון דער סביבה. ער איז צופעליק אויך געווען אַ ידיד פון מיין פאָטער. צווישנצייט האָט מען מיך געפירט אין דער געסטאַפּאָ. מ'האָט מיך דאָרט געשלאָגן און געפאָרשט. איך האָב געטענהט, אַז איך בין נישט פון דער געטאָ, נאָר איך האָב געבעטלט פאַר דער גרויסער פאַמיליע פון אונדזער הויז. דער ה' ראַדזימינסקי האָט פיל געטאָן, מען זאָל מיך באַפרייען. איך בין באַפרייט געוואָרן, נאָר געמוזט בלייבן אַ פּאָר טעג אין דער געטאָ און יעדן טאָג האָט מען מיך געפאָרשט.

דערנאָך בין איך צוריק אַריין אין מאַקאָווער געטאָ. פון דאָרטן בין איך אָנגעקומען אין געטאָ סאָסנאָווקאַ. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ פּאָר פולטוסקער משפחות, צווישן זיי — די משפחה ווישניא (זייערע אַ טאָכטער, העניאַ, איז געווען מיינע אַ חברטע), זייער אַן אָנגעזעענע פאַמיליע אין פולטוסק. אין דער דאָזיקער געטאָ בין איך געווען בלויז צוויי טעג און פון דאָרט — אין יאַדאָווער געטאָ. איך האָב אויך דאָרט געטראָפן אַ סך פולטוסקער ווי: ענגעל, כוינאָוויטש א"א. פון דאָרט האָב איך ווייטער געוואַנדערט ביז איך בין צוריק געקומען קיין מאַקאָוו, ווו עס זענען געווען מיינע עלטערן.

פון מאַקאָווער געטאָ בין איך אַוועק אין דער וואַר־שעווער געטאָ, ווו ס'איז געווען מיין פאָטערס אַ ברודער. מיר האָבן געמיינט, אַז דער דאָרטיקער מצב איז אַ בעסערער, וועלן מיר זיך אַלע איבערקלייבן אַהינצו. געווען אַ פּאָר טעג און געזען, אַז פון דאָרט איז אוממעגלעך אַרויסצוגיין. עס איז געווען אַ הויכער מויער, אויסגעפּלאַסטערט מיט שטיקער גלאָז און שטעכל־דראָט. איך האָב געפילט, אַז פון דאָרט וועט מיר זייער שווער אָנקומען דער צוגאַנג קיין מאַקאָוו, צו־ברענגען מיין משפחה (דאַן האָט מען שוין אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אַן אויפשטאַנד). איך בין צוריק אַוועק קיין מאַקאָוו. אין וואַרשעווער געטאָ איז דאָס אָרעמקייט און די אומדערטרעג־לעכקייט געווען פיל שטאַרקער ווי אומעטום.

### אויפן וועג קיין אוישוויץ...

אין מאַקאָווער געטאָ זענען מיר געווען ביז יאָר 1942. פון דאָרט האָט מען אונדז געפירט גלייך קיין אוישוויץ. די וואַגאָנעס, אין וועלכע מ'האָט אונדז געפירט, זענען געווען פון בהמות און אין יעדן וואַגאָן זענען געווען ביי אַ 150 מאַן. נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן אַזאַ „נסיעה". פיל זענען געשפּרונגען פון די וואַגאָנעס, כאַפּנדיק אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרשטעלן פון די וואַך־לייט. עס איז געוואָרן אַ שיסעריי פון דער וואַך. איך האָב אויך, ביי אַזאַ אונטערקומענדיקער גע־לעגנהייט, אַרויסגעשפּרונגען דורך דער טיר, פאַלנדיק אויף אַ בערגל. אַ קויל האָט דורכגעשאַרפּעט מיין לינקן פוס. איך בין געלעגן אויפן גראָז אַ גאַנצע נאַכט און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. מיין פנים איז געווען פאַרבלוטיקט. איך האָב זיך קוים צוגעשלעפּט צו אַ דערנעבנדיקן דאָרף. עס איז געווען אַ שרעקלעכע קעלט. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. מ'האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט. נאָר פון רחמנות וועגן האָט מיך די דאָרטיקע קריסטין געהייסן בלייבן שטיין ביי אַ שטאַל. זי האָט אַרויסגעבראַכט אַ ביסל וואַסער זיך אַרומצוואַשן און מיך געהייסן שנעל אַנטלויפן.

עס איז געווען בייטאָג, האָב איך מורא געהאַט צו גיין, האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן ביז ס'איז געוואָרן פינצטער.

איך בין ווידער צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, צו פֿאַרשאַפֿן זיך אַ ביסל שפּייז. פֿון רחמנות וועגן האָב איך אַלעמאָל געקריגן עפּעס צום עסן פֿון אַ וועלכן ס׳איז קריסט אָדער קריסטין.

איך בין צוגעקומען צו אַ קליינעם דערפֿל, לעבן אַ וואַלד, ווו עס איז געווען אַ לעשניצע״ און זיך פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ קריסטין און אַלס איינע, וואָס איז געווען אין אַ יתומים־הויז (שעראָטשינעץ). זיי האָבן מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב און איך האָב אַלץ געטאָן, וואָס מ׳האָט געדאַרפֿט: געמאָלקן די קי, געפּאַשעט חזירים, געבאַקן ברויט און אַזוי ווייטער. דערפֿאַר האָב איך באַקומען עסן. שלאָפֿן האָב איך נישט געטאָרט אין שטוב, ווייל איך בין געווען אונטער אַ חשד, אַז איך בין אַ יידישע. פֿון מיין יידישן אויסזען האָב איך זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. איך האָב געמוזט אויך פֿון דאָרט אַוועק.

איך האָב געוואַנדערט פֿון איין דאָרף אין דעם צווייטן, פֿון איין שטעטל אין דעם צווייטן, פֿון איין גרוב אין דעם צווייטן. ביז איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע.

### אויף דער אַרישער זייט...

אין וואַרשע בין איך געווען אויף גרויסע צרות. איך האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט און נישט געהאַט צו וועמען צו גיין.

איך האָב זיך געשאַפֿט אַ קויש, אַרויסגעפֿאָרן אויף דער וואָלעווקע, אַריין צו אַ בעקער און אים געבעטן, ער זאָל מיר געבן אַ ביסל געבעקס צו פֿאַרקויפֿן. אויף דער נאַכט וועל איך אים ברענגען דאָס געלט. ער האָט מיר נישט געוואָלט גלייבן, האָב איך אים פֿאַרמשכנט אַ קליין גאָלדן פֿינגערל.

ווען ער האָט מיר געפֿרעגט ווער איך בין, האָב איך געענטפֿערט, אַז איך בין פֿון אַ דאָרף. איך האָב אַ שטיף־מוטער אַ שלעכטע, וועלכע שלאָגט מיך, בין איך פֿון איר אַנטלאָפֿן. אויף דעם סמך האָט ער מיר געגעבן אַ פּאָר ברויטן מיט נאָך געבעקס דערצו. כ׳האָב עס אַריינגעלייגט אין דעם ספּעציעלן קוישל, וואָס איך האָב געקויפֿט אויף דער וואָלעווקע. איך האָב זיך געשטעלט אויף דער גאַס און אויסגערופֿן אויף מיין סחורה. איך האָב עס שנעל פֿאַרקויפֿט און נאָך אין דעם זעלבן טאָג בין איך צוגעגאַנגען צום קריסטלעכן בעקער, ער זאָל מיר געבן נאָך אַזאַ פּאָרציע סחורה.

דערזעענדיק מיין טיכטיקייט, בין איך אים, ווייזט אויס, געפֿעלן געוואָרן אַלס פֿאַרקויפֿערין, האָט ער מיר ווידער געגעבן סחורה און דערלויבט מיר אפֿילו צו שלאָפֿן אויף דעם „פּיעקאָלאָק״. אַזוי איז עס געגאַנגען אייניקע וואָכן.

עס איז אָבער אויך דאָס געווען שטרענג פֿאַרבאָטן — צו שטיין אויף דער גאַס און פֿאַרקויפֿן. עס האָט געהייסן שוואַר־



חוה קראַוויעצקאַ (ווײנקראַנץ) פֿאַרקויפֿט געבעקס אויף די וואַרשעווער גאַסן אַלס אַן אַריערין, 1943

צער מאַרק. די געסטאַפּאָ פֿלעגט אַרומפֿאָרן אויף זייערע קעטשלעך, אין דעם פֿאַל — צונעמען די סחורה און אַרעסטירן די פֿאַרקויפֿער.

עס זענען געווען אַ פּאָר גרויסע בעקערייען, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די דייטשן, און נאָר זיי האָבן געמעגט פֿאַרקויפֿן דאָס ברויט און דאָס נאָר אויף קאַרטן.

נישט איינמאָל האָט פּאַסירט (פֿיל־פֿיל מאָל!) ווי איך פֿלעג איבערלאָזן אויפֿן מיטן גאַס דאָס קוישל מיטן געבעקס און אַנטלויפֿן, ווען איך האָב דערזען די געסטאַפּאָ און שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט...

איינמאָל, געדענק איך, שטייענדיק אַזוי מיט דעם געבעקס זענען פֿאַרביי זשורנאַליסטן פֿון אַ פּוילישער צייטונג (ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן) און מיך פֿאָטאָגראַפֿירט.

איך בין, אַ פּנים, געווען פֿאַר זיי אַ גוטער אָביעקט. ווען איך האָב אויך צו מאָרגנס גענומען די צייטונג, האָב איך דערזען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ פֿאַרקויפֿערין, וואָס איז געווען

זייער ענלעך צו מיר. איך האָב נישט געגלייבט, אַז דאָס בין איך. איך בין געווען צופֿרידן, אָבער נישט לאַנג האָט מיין „גליק" געדויערט.

## דער גלח און מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט דער פּוילישער יוגנט

איך בין אָנגעקומען צו אַ קריסטין, וועלכע איז געווען מיין „קליענטין". זי האָט מיך אָנגעבאָטן, איך זאָל ביי איר אַרבעטן. איך האָב דערויף מסכים געווען. ווען זי האָט מיך געפֿרעגט צי איך האָב ביי זיך דאָקומענטן, האָב איך געענטפֿערט אַז כ'האָב נישט. אָן אַ דאָקומענט האָט מען נישט געטאָרט אַריינלאָזן קיין שום מענטש. אויף יעדער טיר איז געווען אָנגעשריבן די צאָל פּערזאָנען, וועלכע געפֿינען זיך אין דער דירה. זי איז געשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל איר, לכל הפחות, ברענגען אַ געבורטס־דאָקומענט. בין איך אַוועק צו אַ גלח אין דעם דערבייִיקן דאָרף „קאָבילקאָ".

איך האָב אַמאָל געהערט אין דער היים, אַז דער דאָזיקער גלח האָט ווען געהאַט ענינים מיט מיין פֿאָטער, וועלכער האָט געוווינט אין פּאַפּאָווע. איך האָב אים געזאָגט ווער איך בין און האָב ביי אים געבעטן הילף.

ער איז גלייך אַוועק אין דער גמינע פֿון אַ צווייטן דאָרף און פֿון דאָרט געבראַכט אַ דאָקומענט — אַ מעטריקע פֿון אַ שיקסע, וועלכע האָט שוין לאַנג נישט געלעבט, אויפֿן נאָמען: טשעסלאַווא מאַניעצקאַ און רופֿן האָט מען מיך געדאַרפֿט: ציעשאַ.

איין זאַך האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך נישט פֿאַרלירן, ווען מ'וועט מיך אַ פֿרעג טאָן פֿון וואַנען איך האָב דעם דאָזיקן דאָקומענט און נישט דערציילן. ווען עס וועט האַלטן גאָר שלעכט, זאָל איך זאָגן, אַז איך האָב עס געפֿונען אָדער צוגעגנבעט.

דער גלח האָט מיך געשטאַרקט מיט זיין גוטע רייד און מיר צוגעגעבן מוט, איך זאָל זיך האַלטן, איבערלעבן דעם קריג, כדי דערנאָך צו דערציילן פֿאַר דער וועלט — אַלס יידיש קינד — די אַלע איבערלעבונגען.

ער האָט מיך געוואָלט אַפּילו אַריינעמען אין קאָשטשיאָל. נאָר איך האָב נישט געוואָלט. דער פּלאַץ איז געווען דאָ צו קליין, איך זאָל זיך נישט וואַרפֿן צופֿיל אין די אויגן. דער עיקר: כ'האָב נישט געוואָלט אים פֿאַרשאַפֿן קיין ליידן (אין פֿאַל פֿון אַ מסירה) פֿאַר זיין גוטסקייט און ממש פֿאָטערלעכער באַנעמונג. ער האָט מיר באַזאָרגט מיט אַ גויִיש „סידורל", אויסגעלערנט אַלע תפֿילות אאז״וו.

מיט דעם דאָזיקן דאָקומענט בין איך אַוועק צו דער קריסטין. אָבער עס איז נישט גענוג געווען. כדי איך זאָל ווערן איינגעמעלדן סטאַביל, האָט מען געפֿאָדערט אַ „קען־קאַרטע" (אַ תעודת זהות). איך האָב מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויף דער גאַס. אַ קען־קאַרטע האָט מען נאָר געקאָנט אַרויסבאַקומען פֿון דער געסטאַפּאָ. בין איך אַוועק אין רויטן קרייץ. זיי האָבן מיר געגעבן אַ באַווייז־דאָקומענט, אַז איך בין ניט קיין גנב, און דער מאַגיסטראַט זאָל מיך צייטווייליק איינמעלדן. דער מאַגיסטראַט האָט מיר איינגעמעלדן (צייטווייליק פֿאַרשטייט זיך). אַזוי האָב איך זיך שוין געקאָנט פֿריי באַוועגן אויף דער גאַס, און דאַן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ שטיקל תכלית.

די קריסטין האָט מיך געהאַלטן ביי זיך אין שטוב, און זיך באַצויגן נישט שלעכט. איך האָב דאָרט געגעסן, געשלאָפֿן, געאַרבעט און זיך פֿאַרנומען מיט איר אייניקל. איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, פֿיגורירט פֿאַר איר אַלס קריסטין. זי איז געווען אַ גרויסע אַנטיסעמיטין. איך האָב שרעקלעך געליטן פֿון אירע יידן־פֿיינטלעכע רייד.

אין משך פֿון דער צייט האָב איך זיך אויסגעזוכט פֿאַרשידענע קאַנטשאַפֿטן צווישן דער פּוילישער יוגנט, עס זענען געווען באַקאַנטע פֿון פֿאַרשידענע שיכטן. כ'האָב אויסגעפּרווט, מיט וועלכע עס וועט מיר לייכטער זיין זיך צו חברן. אַליין האָב איך נישט געקאָנט זיין.

ווען איך בין אַמאָל מיט זיי צוזאַמען אַרויס אויף דער גאַס, האָט מען אויף קיינעם פֿון זיי נישט געטייטלט מיט די פֿינגער נאָר אויף מיר, אַז איך בין אַ „קרעציקע יידישקע" אַ פּנים, אַז איך האָב זיך מיט מיין בולטן יידישן אויסזען נישט געקאָנט פֿון קיין שום בייז אויג באַהאַלטן.

איינמאָל זענען אָנגעקומען צוויי אומבאַקאַנטע שקצים און מיך געהייסן פֿירן אין דער געסטאַפּאָ מיט דער טענה, אַז זיי קענען מיך אַלס אַ יידישע. מ'האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין קאָמיסאַריאַט און מיינע אַלע קריסטלעכע חברים זענען מיט מיר מיט. די אומבאַקאַנטע שקצים האָבן דאָרט פֿייערלעך דערקלערט, אַז זיי האָבן געפּאַקט אַ יידיש קינד. מיינע חברים האָבן פּלוצעם אויך אָנגעהויבן מיטשרייען, אַז איך בין אַ „זשידוווקאַ" און זיי האָבן שוין אַפּילו לאַנג געטראַכט דערפֿון.

איך האָב גלייך בייגעלייגט מיין דאָקומענט. דער קאָמיסאַר האָט מיך אויסגעפֿאָרשט און ספּעציעל אויסגעפֿרעגט וועגן די אַלע קריסטלעכע תפֿילות און נאָך פֿיל קירכלעכע פֿראַגן, אויף וועלכע איך האָב אויסגעצייכנט געוווסט צו ענטפֿערן, וואָס די אַלע אַנדערע שקצים האָבן דווקא נישט געוווסט...

דער קאָמיסאַר האָט גלייכצייטיק זיך פֿאַרבונדן מיט דעם פּלאַץ, ווו איך בין געווען איינגעמעלדן און אַלץ האָט גע־

שטימט. נישט האָבנדיק קיין אַנדערע קלאָרע באַווייזן אויף מיין יידישקייט בין איך באַפרייט געוואָרן, כאָטש דער חשד איז געבליבן.

ווען איך בין צוריק אַ היים געקומען צו דער קריסטין, האָט זי מיך געפרעגט ווו איך בין געווען. איך האָב געענט־פערט, ס'איז געווען אַן „אַבלאַווע״, האָב איך זיך אויס־באַהאַלטן.

איינמאָל, ווען מ'האָט געכאַפּט מענטשן אויף די וואַר־שעווער גאַסן, כדי זיי צו פירן אויף אַרבעט קיין טיף־דייטש־לאַנד, קיין יידן זענען שוין אין שטאָט דאַן נישט געווען (אין יאָר 1943), האָט מען מיך אויך גענומען אַלס קריסטין. איך בין דאַן קראַנק געוואָרן, באַקומען הויכן פיבער און דורך גרויס פּראָטעקציע בין איך באַפרייט געוואָרן.

פון דאַן אָן איז דאָס לעבן געגאַנגען נאָרמאַל: כ'בין געגאַנגען אין קירכע, אָפּגעהיטן אַלע תפילות און אַלע „דינים״ פון אַ גוייע.

איך דערמאָן זיך, ווען איך בין איינמאָל געגאַנגען אין קאָשטשיאָל זיך מתוודה זיין פאַרן גלח, האָט מיר דער גלח געזאָגט, אַז ער וויל מיך עפּעס פרעגן, נאָר ער האַלט זיך אָפּ. ווען איך בין צוגעשטאַנען און געפרעגט, וואָס אַזוינס וויל ער מיר זאָגן, האָט ער מיר געענטפערט: דו זעסט אויס אָדער ווי אַן אונטערגעוואָרפענע אומגעזעצלעכע, אָדער דו שטאַמסט פון אַ יידישער אָפּשטאַמונג...

איך האָב זיך שטאַרק איבערגענומען פון די דאָזיקע רייד, נאָר איך האָב זיך געשטאַרקט און אים אָנגעקוקט גאַנץ דרייסט.

מיט דער צייט האָב איך זיך מיט אים באַפריינדעט און אים פאָרגעלייגט אַ פּלאַן: אַזוי ווי קיין חברים האָב איך נישט און קיינער וויל מיך נישט צוליב מיין אָרעמקייט און קאָן מיך אין לעבן קיין עצה נישט געבן, וואָלט דאָס בעסטע פאַר מיר געווען, איך זאָל ווערן אַ מאַנושקע.

ער האָט מיר אויפגעקלערט וועגן די אַלע זאַכן, וואָס עס דאַרף דורכמאַכן אַ מאַנושקע: זי דאַרף האָבן העכערע ביל־דונג, אַריינגיין אויף אַ פּרווו אין אַ קלויסטער אאַ״וו.

דאָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן. עס האָט מיך שטאַרק געשראָקן. אין צווישן איז אויסגעבראָכן דער וואַרשעווער פּוילישער אויפשטאַנד * קעגן די דייטשן און דאָס האָט אינגאַנצן צו־נישט געמאַכט דעם פּלאַן.

ווי נאָר עס איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד, האָט מיין קריסטין אויסגעפונען, אַז איך דאַרף זיך פאַרשרייבן אין דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ** (א. ק.) און נישט בלייבן אין שטוב.

איך האָב געמוזט גיין.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען פון איבערטראָגן קעסטלעך גראַנאַטן און געשטאַנען אויף שמירה.

די א. ק. האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן צוליב די נאָענטע שלאַכטן צווישן די דייטשן, וואָס האָבן געהאַלטן וואַרשע און די רוסן, וועלכע זענען געווען אין פּראַגע.

עסן איז נישט געווען. מ'האָט אין שטאָט געראַבירט. מיר האָבן פאַרבראַכט דאָס לעבן אין די קאַנאַלן און אין די וועלדער.

עס איז געקומען אַ טאָג, ווען מ'האָט אונדז אַלע אַרויס־געטריבן פון וואַרשע. קאָזאַקן, וועלכע זענען געווען קעגן די רוסן, די אוקראַינצעס מיט די דייטשן האָבן אָנגעפירט מיטן גירוש. די רוסן האָבן געהאַלטן אין איין באָמבאַרדירן. גאַנץ וואַרשע האָט געברענט.

זיי האָבן אַלע פּאָליאַקן צונויפגעזאַמלט אויף איין פּלאַץ (אויף „אָקענטשע״ — אַ לופט־פלי־פּלאַץ). איך האָב אויס־געזוכט מיין קריסטין, וועלכע איז אויך געווען אויף דעם פּלאַץ. איך האָב זיך מיט איר געהאַלטן צוזאַמען.

ווען ס'איז געוואָרן נאַכט, זענען געקומען די אוקראַינצעס מיט די דייטשן, אויסגעקליבן יונגע פרויען און זיי אַרויס־גענומען פון דעם רימל — מיט זיי צו פאַרברענגען.

מיין קריסטין ווי זי האָט עס דערזען, האָט זי מיך פאַר־שטעלט פאַר אַן אַלטע קריסטין, אָנטוענדיק מיך אין שמאַטעס און אַלטע בגדים.

אין דער פרי איז אָנגעפאָרן די געסטאַפּאָ און סאָרטירט די מענטשן. די עלטערע האָט מען געפירט באַזונדער. די יינגערע (א. ק.) האָט מען געפירט קיין אוישוויץ.

מיין קריסטין איז אַוועק קיין וולאָכי, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע. זי האָט דאָרט געהאַט אַ ווילע.

מיך האָט מען געפירט גלייך מיט די יונגע — קיין אוישוויץ. מ'האָט אונדז געפירט צו די וואַגאָנעס. אויפן וועג איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן אין אַ דערנעבנדיקן וועלדל.

---

* פאַרן וואַרשעווער פּוילישן אויפשטאַנד האָט מען גענומען פאַרפאָלגן און אויסראָטן די פּוילישע אינטעליגענץ. אויפגעהאַנגען גלחים אאַ״וו.

די גלחים האָט מען אויפגעהאַנגען לעבן דער יידישער געווע־זענער געטאָ. מ'האָט זיי חושד געווען, אַז זיי געהערן צו דער א. ק.; מ'האָט געצוואונגען מאַסנווייז צו קוקן אויף זייערע תליות.

סוף 1944. די עקזעקוציע אויף דער פּוילישער אינטעליגענץ איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: מ'האָט זיי אויסגעשטעלט אין רייען צו 15—10 מאַן און זיי מיט איין מאָל אויסגעשאָסן. ווער עס האָט געבראַכט קרענץ אָדער אָנגעצונדן ליכט אויף זייער אומקום־פּלאַץ, איז גלייך אַרעסטירט אָדער דערשאָסן געוואָרן.

** די א. ק. האָט אויך געשלאָגן און געמאָרדעט יידן. ווען איך בין אַריין אין זייערע רייען, האָבן זיי גלייך צוויי יידישע בחורים דערשאָסן.

מיר זענען דאָרט געווען ביי אַ צוויי טעג פאַרבאַהאַלטן. דערנאָך האָבן מיר זיך געלאָזט צוריק אין וועג אַריין, און איך בין אַוועק צו מיין קריסטין אין וולאַכי.

איך וויל דאָ, אגב, איבערגעבן אַ מאָמענט פון דער נאַצישער אכזריות, וואָס איך בין אַליין בייגעווען און וועל עס אין מיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן.

בעת איך בין געווען אין וואַרשע ביי מיין קריסטין, שפּאַצירנדיק אויף דער גאַס מיט איר אייניקל, האָבן די דייטשן, גאָר נאָענט פון דעם אָרט, אַרויסגעשלעפּט פון אַ טונעל ביי אַ 20 יידן, וואָס זענען געווען פון די שענסטע וואַרשעווער משפחות, און נאָך לאַנגע שווידערלעכע פּאַרפּייניקונגען זיי אַלע פאַרברענט. איינער אַ קריסט, אַן אַגראַדניק, וועלכער האָט די גאַנצע צייט זיי באַזאָרגט מיט עסן און זיי געהאָלפן מיט וואָס נאָר און מיט אומגעוויינלעכער מסירות נפש — האָבן די דייטשן שרעקלעך געפּייניקט און צוזאַמען מיט די יידן אים פאַרברענט מיט זיין גאַנצער משפחה.

לענגער בלייבן ביי מיין קריסטין האָב איך שוין נישט געקאָנט.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זיך צוריקציען פון דעם פראָנט און דאָ זענען פיל אוקראַינצעס אָנגעקומען אין וולאַכי און אָנגעטאָן שרעקלעכע צרות. זיי פלעגן כאַפּן יינגע מיידלעך, ראַבירן אין די הייזער או״וו.

ווידער האָט מען אָנגעהויבן מיך חושד זיין אין מיין „יידישקייט״ און מיך נאָכצופאָלגן.

יעדעס מאָל, ווען מ׳איז געקומען זוכן, האָט מען מיך באַהאַלטן אין אַ קעלער, וואָס איז געווען אָן לופט. דערנאָך איז שוין קיין קעלער און קיין שום באַהעלטעניש נישט געווען.

אַזוי האָב איך געמוזט פון דאָרט אַוועק.

## אין טשענסטאָכאָוו

אין יאַר 1944 בין איך אָנגעקומען אין טשענסטאָכאָוו מיט דער באַן.

פאָרן פון וולאַכי קיין טשענסטאָכאָוו (אַ שטרעקע פון אַ 700 ק״מ בערך), האָט מען געדאַרפט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, אָדער מ׳האָט געדאַרפט זיין אַ פאָלקס-דייטש. אַזוי ווי די ביידע זאַכן זענען ביי מיר נישט געווען, בין איך געפאָרן אַלס אַ טויב־שטומע. אַ וואָך צייט האָט געדויערט ביז איך בין אָנגעקומען אויפן אָרט. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות. נאָך לאַנגע אַרומוואַנדערונגען האָב איך באַשלאָסן זיך דורכצושרייבן מיט דער קריסטין פון וולאַכי, וועלכע האָט מיר אַמאָל דערציילט פון איר אַ באַקאַנטער אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב איר אויסגעזוכט לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס.

די חברטע איז אָבער געווען אין אַ שווערן מצב (זי האָט געקרענקט און געווינט צוזאַמען מיט אַ טאָכטער).

איך האָב דער טאָכטער געבעטן וועגן אַ שטיקל ווינקל פאַר מיר אין הויז און איך האָב זיך פאַרנומען מיט איר קראַנקער מוטער (דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, נישט אַלס יידיש קינד!).

גאַנצע טעג האָב איך פאַרבראַכט אין קלאַשטאָר און געפּרעפּלט די גוישע תפילות.

ווען די מוטער איז אָפּגעשטאָרבן, האָט זיך מיין לאַגע פאַרערגערט. די טאָכטער האָט מיר אַלע טאָג געהייסן גיין. קודם איז עס געווען אַ שווערע פראַגע פון עסן, וואָס האָט אין יענער צייט שטאַרק געפעלט, כאָטש איך האָב דאָס, סיי ווי סיי, נישט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין. פון דער אַנדערער זייט, האָט מען אויף מיר כסדר געטייטלט, אַז איך בין אַ יידישע...

ווען זי האָט מיך אַרויסגעטריבן, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו אַנדערע קריסטן, ביי וועלכע איך האָב נושא חן געווען און, אגב, געווען זייער אינטעליגענטע מענטשן.

אָבי צו האָבן אַ שטיקל מקום־מנוחה האָב איך אַלץ געטאָן. פאַר דעם קריסט פלעג איך עפּעס אויסשטריקן, פאַר דעם צווייטן פלעג איך גיין איינקויפן או״וו. דאָס איבעריקע פלעג איך שלאָפן הינטער די גאָרטנער אָדער ערגעץ ווו אַנדערש אין אַ ווינקל.

אין יענער צייט האָט מען שוין געשמועסט וועגן סוף פון דעם קריג און פון דער גרויסער מפּלה פון די דייטשן.

יאַנואַר 1945 זענען מיר באַפרייט געוואָרן פון די נאַציס. די רוסן זענען שוין געווען אין טשענסטאָכאָוו און עס האָט זיך ממש נישט געגלייבט, אַז די דייטשן האָבן פאַרשפּילט די מלחמה.

אַ פּאָר טעג האָט זיך קיינער נישט באַוויזן, צוליב מורא, אויף דער אָפענער גאַס.

ווען די גוטע ווירקלעכקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָב איך געטראַכט: וואָס טוט מען איצט? איך האָב באַשטימט צו לאָזן זיך אַ היים — קיין פּולטוסק.

די נסיעה איז נאָך דאַן נישט געווען קיין נאָרמאַלע. אַ ביסל איז מען געפאָרן מיט אַ באַן און אַ ביסל צו פוס. קיין געלט האָב איך נישט געהאַט און עסן האָט מען געדאַרפט.

איך בין צוגעגאַנגען צו די רוסן. זיי האָבן אונדז געגעבן עסן ווי אויך אַ דערלויבעניש צו פאָרן. ווען איך האָב געוויזן די דערלויבעניש פלעגט מיך אויפנעמען יעדער אויטאָ פון די רוסן.

אויפן וועג האָב איך אָפּגעטרעטן ביי דער קריסטין פון

וואָכי. זי האָט שוין דאַן געהאַט חשק, אַז איך זאָל ביי איר בלייבן. איך אָבער, פילנדיק די פרייהייט, האָב ביי איר נישט געקאָנט שוין זיין. איך האָב איר נישט אויסגעזאָגט, אַז איך בין אַ יידישע. געזאָגט, אַז איך פאָר זוכן אַ משפחה.

איינצעלנע יידן האָבן זיך שוין באַוויזן אויף דער גאַס און גערעדט יידיש. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען און געפרעגט וואָס מען טוט. זיי האָבן דערציילט, אַז אין פּראָגע איז שוין טעטיק אַ יידישער קאָמיטעט. איך האָב זיך גלייך רעגיסטרירט און זיי אַלץ דערציילט. איך האָב זיי געבעטן, אַז איך וויל זיך טרעפן מיט דעם יידישן פּאַלקאָווניק, ראַבינער כהנא (מעגלעך, אַז ער געפינט זיך היינט אין ירושלים), וועלכער פלעגט אויס־קויפן יידישע קינדער ביי די גויים. איך האָב זיך מיט אים באַראַטן וואָס צו טאָן.

געווען אַ מיינונג, אַז איך דאַרף באַצאָלן די קריסטין פאַר דער צייט, וואָס זי האָט מיך געהאַלטן. ווי אויך אַ מיינונג, אַז איך זאָל איר אויסזאָגן, אַז איך בין אַ יידישע.

דער פּאַלקאָווניק האָט מיך נישט געהייסן טאָןביידע זאַכן.

## מיינע לעצטע וואַנדערונגען...

אין פּולטוסק האָב איך קיינעם נישט געטראָפן פון מיין משפּחה. די איינציקע פאַמיליע, וואָס איך האָב דאַן געטראָפן אין שטאָט איז געווען: יעקב באַרנשטיין מיט זיין פרוי. זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיט מיר און מיך גאָר וואַרעם אויפגענומען. דאָס זענען געווען די איינציקע יידן אין פּולטוסק. זיי האָבן מיר גלייך אַריינגענומען צו זיך.

די שטאָט איז געווען אינגאַנצן רואינירט. אונדזער שטוב, וואָס איז געשטאַנען אין „רינעק", איז געווען האַלב־חרוב.

אינעם רוסישן מיליטער, וואָס איז איינגעשטאַנען אין פּולטוסק, זענען געווען אַ סך יידן. זיי האָבן אונדז געוואָרנט פאַר די א. ק., וועלכע ברענגט אום יידן.

ווי לאַנג דאָס מיליטער איז געווען — זענען מיר אויך געווען. קיין עסן האָט אונדז נישט געפעלט. די יידישע סאָלדאַטן האָבן אונדז געבראַכט עסן, צוזאַמען געקאָכט אא"וו.

ביי די באַרנשטיינס בין איך לאַנג נישט געבליבן. איך האָב דאָרט פאַר מיר נישט געזען קיין עקזיסטענץ. דאַן בין איך אַוועק קיין וואַרשע און פון דאָרט — קיין וולאָצלאַווו, ווו איך האָב געהייראַט.

ביז סוף 1946, בערך, זענען מיר (איך און מיין מאַן) דאָרט געווען.

דאַן האָבן מיר זיך געלאָזט קיין קלאַצק (נידערשלעזיע). דאָרט האָבן מיר געשמוגלט די גרענעץ ביז מיר זענען אָנגע־קומען קיין טשעכאָ־סלאָוואַקיי און פון דאָרט — קיין עסטרייך. אין עסטרייך זענען מיר געווען אין דעם געוועזענעם קאָנצענ־טראַציע־לאַגער טוועגזע איבער אַ האַלב יאָר.

שפּעטער האָבן מיר זיך געלאָזט קיין דייטשלאַנד און דאָרט געווען ביי אַ האַלב יאָר.

דאַן האָט מיינע אַ קוזינע פון בעלגיע אַרויסגעשיקט אַ קריסט פון אַנדערס אַרמיי, ער זאָל אונדז אַדורכשמוגלען די גרענעץ. ער האָט אונדז געפירט קיין פראַנקרייך. מיר זענען געווען אַנגעטאָן אין פּויליש־מיליטערישע מונדירן.

סוף 1946 זענען מיר אָנגעקומען קיין בעלגיע.

אונדזער לעצטע סטאַציע איז געווען: ישראל, וואָס איז שוין געווען אַ יידישע מדינה. אין אָנפאַנג 1949 זענען מיר דאָרט אָנגעקומען — שוין אויסגעלייזטע און באַפרייטע.



## בנימין פענער (זון פון יהודה און שרה) / ווי נאָר ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה

פאַרן אויסברוך פונעם 2־טן וועלט־קריג זענען מיר, אַ גרופּע חברים, געווען אויף הכשרה אין בענדין (מיט אונדז איז אויך דאַן געווען דער באַוווסטער ברוך גאַפּטעק).

ווי נאָר ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן מיר פאַר־לאָזן גלייך דעם קיבוץ און געלאָפן אין דער ריכטונג צו קעלץ. די אָפענע וואַגאָנעס, אין וועלכע מיר זענען געפאָרן, זענען באַשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. פיל פון אונדזערע חברים זענען געפאַלן פון די דייטשישע עראָפּלאַנען.

נאָך אַ וואָך צייט וואַנדערן איבער שטעטלעך, האָבן זיך די אַלע חברים, וואָס זענען געבליבן לעבן זיך צוריקגעקערט אין קיבוץ. אַזוי ווי די דערנערונגס־מיטלען זענען אינעם קיבוץ דאַן געווען זייער מאַגערע, האָט די אָנפירערשאַפט פונעם קיבוץ באַשלאָסן, אַז יעדער חבר זאָל זיך צוריקקערן צו זיין היים.

צוליב דער גרויסער אומרויקייט, וואָס האָט געהערשט אויף די וועגן, האָבן מיר אַנשטאָט צו לאָזן זיך קיין פּולטוסק — געגאַנגען אויפן וועג, וואָס האָט געפירט קיין וואַרשע אַזוי איך, אַזוי מיינע חברים.

אין וואַרשע האָב איך געוווינט ביי מיינער אַ שוועסטער. די נויט איז געווען גרויס. ברויט האָט מען געטיילט נאָר די,

וועלכע האָבן געהאַט אַן אַרישן אויסזען. אויך קיין וואַסער איז נישט געווען. די יידן האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט. געשלאָגן און געשניטן בערד. געלערנטע מיט הויכער בילדונג, האָבן זיך געמוזט רעגיסטרירן. זיי זענען פון דער אַרבעט מער נישט צוריקגעקומען *. דאָס לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

איך האָב באַשלאָסן זיך צו לאָזן קיין ביאַליסטאָק, ווו עס זענען געווען די רוסן.

אין וואַרשע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט אַלע יידן פון פולטוסק אַרויסגעטריבן.

אויפן וועג קיין ביאַליסטאָק, האָב איך באַגעגנט מיינעם אַ חבר, אַ פולטוסקער, זיין נאָמען איז געווען פעניגסאָן. ער האָט מיר דערציילט, אַז כמעט מיין גאַנצע משפחה האָט מען פאַרברענט הינטער פאַפּלאַוועס, ביי דער נייער בריק: מיין פאָטער, ברודער, שוואָגער און מיינע פעטערס — בלויז די מענער. די דייטשן האָבן זיי געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, אַלעמען דערשאָסן און דערנאָך האָט מען זיי פאַרברענט.

אַ מוטלאָזער האָב איך זיך געלאָזט ווייטער צו פוס, מיט דער כוונה צו טרעפן עמעץ אַ לעבנאיבערגעבליבענעם פון מיין משפחה און צו דערגיין צו זאַראָמב־קאָשטשעלני, ווו ס׳איז געווען די גרענעץ פון די רוסן.

אויפן וועג האָט מען ביי מיר צוגענומען דאָס לעצטע, וואָס איך האָב פאַרמאָגט און מיך גוט צעשלאָגן.

אָנקומענדיק קיין זאַראָמב־קאָשטשעלני, זענען ביי דער גרענעץ געשטאַנען פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן אויך געקענט פויליש. מ׳האָט יעדן באַזוכט, גוט אָנגעשלאָגן און געלאָזט אים גיין אין דער ריכטונג צו די רוסן.

דער דייטש, וועלכער האָט מיך באַזוכט, האָט מיר באַפוילן, איך זאָל גיין אין דער ריכטונג פונעם שלאַכטהויז. איך בין אַנטלאָפן. דער דייטש האָט מיר נאָכגעשאָסן.

אַ וואָגן פון אַ פויער, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן פעלד האָט מיך געשיצט. זיך באַהאַלטנדיק הינטער אים און הינטער דעם פערד, וועלכער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט.

איך בין געלאָפן אין דער ריכטונג צו דער רוסישער גרענעץ.

איך האָב זיך דערנענטערט צו די רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן פּאַטרולירט אויף דעם פלאַץ. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן דעם אָרט, ווו איך זאָל גיין, כדי זיך צו רעגיסטרירן.

* מיין שוואָגער פון מאַקאָוו, אברהם לייבל, זייער אַ שטאַרקער מאַן, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט נעמען צו דער אַרבעט, איז אומגעקומען פון די דייטשן נאָך אַ העלדישן קאַמף.

דאָרט האָבן שוין געוואָרט ביי אַ 2.000 יידן, בערך, אויף אַ וואַגאָן, ער זאָל זיי פירן אויף לאַפּי אָדער ביאַליסטאָק.

מ׳האָט געקאָנט פאָרן אין וועלכער רוסישער שטאָט מ׳האָט נאָר געוואָלט.

איך האָב אויסגעדרוקט מיין פאַרלאַנג צו פאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווען מ׳האָט מיך געפרעגט, ווו עס איז מיין משפחה.

נאָך צוויי טעג וואַרטן איז אָנגעקומען אַ צוג פול מיט מענטשן. ס׳איז געווען געפּאַקט. אַ סך האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די דעכער און אַנדערע האָבן זיך אַריינגעשטופּט דורך די פענצטער פון די וואַגאָנעס.

אין ביאַליסטאָק האָב איך געטראָפן מיין מוטער און עטלעכע שוועסטער מיט זייערע קינדער. אין דער גרויסער ביאַליסטאָקער שול (אויף פּאָלנע 20) ד.ה. אין דער ווייבער־שול, האָבן מיר גענעכטיקט און געלעבט ביי די שווערסט׳ע באַדינגונגען. מיר האָבן געליטן הונגער. איך און מיינע צוויי שוועסטער, אסתר און רחל, האָבן געזעגט און געהאַקט האָלץ פאַר די ביאַליסטאָקער איינוווינער. פון דעם האָט מען זיך דערנערט. ס׳איז געווען אַ ביליקע קיך, ווו מ׳האָט געקאָנט באַקומען אַ ביסל זופּ.

מיר האָבן זיך רעגיסטרירט און באַשלאָסן זיך צו לאָזן טיף אין רוסלאַנד. צו באַקומען אַ נומער (אַ וויזע, הייסט עס), האָט מען געדאַרפט שטיין גאַנצע אָוונטן.

מיר האָבן פונדעסטוועגן באַשלאָסן צו בלייבן נאָך אין ביאַליסטאָק, טאָמער וועט זיך נאָך אָפּגעפינען אַ לעבעדיקער פון אונדזער משפחה.

דאָ איז אַרויס אַ געזעץ פון דער סאָוויעטישער מאַכט, אַז אַלע „בעזשיניצעס" דאַרפן זיין אָפּגערוקט 100 ק״מ פון דער דייטשישער גרענעץ. דאַן האָבן מיר זיך געלאָזט קיין גראָדנע.

אָנקומענדיק אין גראָדנע, איז אונדזער „היים" געווען דער וואָקזאַל. ס׳איז געווען אַ שווערער ווינטער און דאָ מיט קליינע קינדער. מ׳האָט אונדז פון וואָקזאַל אַרויסגעטריבן און געשלאָפן האָבן מיר אין דרויסן אונטערן שניי.

מיין שוועסטער, חיה שעדלער, וואָס מ׳האָט איר מאַן, פון אָסטראָוו־מאַז. פאַרברענט אין פּאַפּלאַוועס; אויך מיין עלצטע שוועסטער, עלקע, (פון מאַן: משה בראַנדשפּיגל, אַ פולטוסקער, דעם מצבה־קריצערס אַ זון) מיט אירע 2 קינדער — זיי אַלע האָבן זיך מיט אונדז געהאַלטן.

דער מצב איז געוואָרן וואָס אַמאָל אומדערטרעגלעכער. די פראַגע פון אַ שטיקל מקום־מנוחה איז געוואָרן וואָס אַ טאָג שאַרפער. ביז אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך אויפגעריסן אַ טיר אין דער דאָרטיקער שול (ס׳איז געווען די ווייבער שול) און כ׳בין אַהינצו אַריין מיט דער גאַנצער

משפחה. דער שמש האָט גערופֿן די פּאָליציי. די פּרוּוון האָבן זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט און נישט געלאָזט זיך אַרויס־וואַרפֿן. מיר האָבן זיך געהאַלטן ממש אין די ווענט און זיי נישט געלאָזט טאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט.

מיר זענען דאָרט געבליבן.

מיט דער צייט האָט זיך אונדזער לאַגע פֿאַרבעסערט. יעדער פֿון אונדז האָט געאַרבעט און פֿאַרדינט אויפֿן לעבן.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אין פֿאַרלויף פֿון אַ קורצער צייט, איז אַרויס אַ פֿרישער געזעץ, אַז אַלע „בעזש־ניצעס" מוזן פֿאַרלאָזן גראָדנע און זיך רוקן נאָך ווייטער פֿון דער דייטשישער גרענעץ. דאַן האָבן מיר זיך געלאָזט קיין סלאָנים. אויך דאָרט האָבן מיר פֿיל דורכגעמאַכט ביז מ'האָט געפֿונען אַ שטיקל מקום־מנוחה. אויך דאָ ווי אין גראָדנע האָבן מיר זיך אויסגעלעבט דורך אַרבעט און געפֿירט אַ בשות־פּותדיקן לעבן.

**21.6.1941**

ווען די דייטשן זענען, נאָך זייער פּלוצעמדיקן איבערפֿאַלן די רוסן, אַריין קיין סלאָנים, האָבן זיי גלייך געוויזן זייער פּרצוף.

די ערשטע „ראַזוויעטקע" ווי נאָר זי האָט זיך באַוויזן אין שטאָט, האָט זי געשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס; וועמען נאָר זיי האָבן געטראָפֿן אויף דער גאַס.

מיר זענען שוין געהאַט אַוועק פֿון דער שול, ווייל דאָרט איז געווען אַ הויפּט־פּונקט פֿון דער רוסישער פֿאַרטיידיקונג. מיר האָבן זיך אַלע איבערגעקליבן צו מיינעם אַ קוזין, יאַנקל פּענער (אהרן דודס אַ זון).

די „ראַזוויעטקע" איז באַלד אין דער פֿרי אַריין צו אונדז אין וווינונג, באַפֿוילן אַלע מענער: „די הענט אין דער הייך". מיין קוזין מיט זיינע צוויי זין, שמשון און אברהם, האָבן זיי ערגעץ אַוועקגעפֿירט און דערשאָסן. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפֿן.

איך מיט מיין משפחה — בלויזע פּרוּוון — האָבן גלייך פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ און זיך געלאָזט אין צענטער פֿון שטאָט, צו דעם מאַרק־פּלאַץ, אַריין ערגעץ אין אַ קעלער און דאָרט געזעסן. איך האָב זיך איבערגעטאָן אַלס פֿרוי, ווייל פּרוּוון האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געטשעפּעט. לאַנג בין איך דאָרט נישט געווען. איך מיט מיינע צוויי שוואָגערס זענען אַריין אין אַ צווייטן קעלער, וואָס אין זעלבן הויף. דער קעלער איז געווען פֿאַרמאַסקירט. אַזוי ווי קיין שפּייז איז נישט געווען, האָבן מיר זיך דערנערט מיט וויין, וואָס די איינוווינער פֿון הויז האָבן דאָרט געהאַט.

מיין שוועסטער חיה האָט געבראַכט אַ זאַק מיט מעל פֿון אַ דערנעבנדיקער בעקעריי. דאָס האָט געקלעקט צו באַשפּייזן אונדזער משפּחה נאָר אויף אַ קורצער צייט.

דאַן האָבן מיר „אָקאָפּירט" אינעם מאַרק־פּלאַץ אַן אַנדער וווינונג, אַ פֿיל גרעסערע און דאָרט געלעבט ביז צו דער ערשטער שחיטה, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 15.10.41.

אין דער צייט האָט זיך געשאַפֿן אַ יידנראַט. דער הויפּט־אָנפֿירער פֿונעם יידנראַט איז געווען אַ סלאָנימער איינוווינער מיטן נאָמען קווינט. די אויפֿגאַבע פֿונעם יידנראַט איז געווען אויסצופֿירן די אַלע באַפֿעלן פֿון די דייטשן. גלייך האָט זיך געשאַפֿן די יידישע פּאָליציי מיט אַ מגן דוד אויפֿן אָרעם און מיט נאַגייקעס אין די הענט. קיין געטאָ איז נאָך דאַן נישט געווען, נאָר אַ ספּעציעל יידישער קוואַרטאַל.

אונדזער וווינונג (פֿאַר דער ערשטער שחיטה) איז באַ־שטאַנען פֿון איין צימער און נאָך צוויי צימערן דערנעבן, באַוווינט פֿון פּולטוסקער. לינקס ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ שטאַל. דאָרט האָבן מיר (איך און איינער פֿון מיינע שוואָ־גערס) אויסגעאַרבעט העמערס און צענטריפֿוגעס פֿאַר די פּויערים און דערפֿאַר האָבן מיר באַקומען פֿון זיי שפּייז.

ווי נאָר עס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן גרייטן צו אין צענטער שטאָט, ווו מיר האָבן געוווינט — אַ שחיטה אויף יידן, האָבן זיך פֿיל מענטשן איבערגעצויגן — דורך פּראָטעקציע — קיין זאַבינקאַ, וואָס איז געלעגן איבער דער אַנדערער זייט טייך „שטשאַראַ".

מיר האָבן געזוכט אַ פּלאַץ, ווו זיך צו באַהאַלטן.

אין אַ פֿרייטיק אין דער פֿרי, ווען מיר זענען אַרויס־געגאַנגען, ווי דער שטייגער, צו דער אַרבעט, האָבן די דייטשן אונדז געהייסן גיין „צוריק נאָך הויזע". מיר האָבן געפֿילט, אַז דאָס איז נישט פּשוט.

מיר זענען אַרויף אויף אַ בוידעם, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם הויז, כדי צו פֿאַרשן דעם מצב אויף דער גאַס.

דאָ זענען מיר אויפֿן מאַרק־פּלאַץ אויטאָס מיט דייטשן. מיר האָבן גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז מען גרייט דאָ עפּעס צו. די מאַגאַ־פֿאַנען האָבן געהילכט: „וועלכער יודע עס וועט זיך פֿאַר־שטעקן — וועט דערשאָסן אָדער אויפֿגעהאַנגען ווערן".

און ווייטער: „סלאָנים ווערט יודן־ריין און אַלע וועלן אַרויסגעשיקט ווערן אויף פּראָדוקטיווער אַרבעט".

אויף דעם בוידעם זענען מיט אונדז געווען נאָך פּולטוס־קער ווי: די משפחה נאַוואַמינסקי מיט די טעכטער, דאַפּטשע און חייקע, זון אייזיק און איידעם, זישע, אַ פֿעסטגעבויטער מאַן; די משפּחה „קעקסיל" — דער קאָמאַשן־מאַכער, פֿרוי, טאָכטער און זון. איך, איינער, האָב זיך פֿאַרשטעקט אין דער

שטאָל, ווו מיר האָבן געאַרבעט. צום אַריינגאַנג אין דער פּאַר־באַהעלטעניש, וואָס כ'האָב דאָרט איינגעאָרדנט, האָט מען געדאַרפט אויפשיבן אַ ברעט, וואָס האָט געדינט אַלס עפענונג.

איך האָב געמאַכט אין צימער־ווינונג אַ גרויסע אומ־אָרדענונג, אויפגעפּראַלט די טירן מיט די פענצטער, ווי אויך דעם קעלער פון דער פאַדלאָגע, כדי עס זאָל מאַכן דעם רושם, אַז דאָ איז שוין קיינער נישטאָ.

אַ סך מאָל האָבן די דייטשן באַזוכט דעם הויף. איך האָב געהערט ווי איינער האָט צום צווייטן געזאָגט: „היער איזט שאָן דאָס שייסדרעק דערשאָסן"...

כ'האָב געזען, אַז מיין באַהעלטעניש איז געזיכערטער ווי דער בוידעם. איך בין אַרויף און מיינע צוויי שוועסטער און שוואָגערס אַראָפּגענומען אין מיין באַהעלטעניש.

צו נאַכט צו אָבער האָבן זיך ווידער אויפן הויף באַוויזן דייטשן, צווישן זיי אַ פּאָליאַק, וועלכער איז דוקא אָנגעשטאַ־נען, אַז מ'זאָל נאָך דאָ גוט אַ זוך טאָן.

זיי זענען אַרויף אויפן בוידעם און אַלעמען אַראָפּגעפירט פון דאָרט. מיין מוטער האָבן זיי אַ שליידער געטאָן אויפן באָדן און אירע פעקלעך אַרויסגעריסן פון האַנט. מיין עלצטע שוועסטער, העלקע בראַנדשפּיגלס אַ מיידעלע, רחל, 9 יאָר אַלט, ווען דער פּאָליאַק האָט איר אַ פרעג געטאָן, ווו עס איז איר טאַטע, האָט זי געענטפערט: „דו זאָלסט זיין דאָרט, ווו עס איז מיין טאַטע..." ער האָט איר געגעבן אַ פּאַטש. נאָך אַ שפּאָר ביסל קלעפּ האָבן זיי אַלעמען אַוועקגעפירט צום מאַרק־פּלאַץ.

איך האָב געזען דורכן בוידעם, ווען איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע פון מיין באַהעלטעניש אַהינצו אַרויפגעכאַפּט, ווי מ'האָט אָנגעלאָדן פולע אויטאָס מיט מענטשן און, ווי כ'האָב שפּעטער זיך דערוווּסט, זיי אַלע אַוועקגעפירט קיין טשעפּלאָווע (אַ 12 ק"מ פון סלאָנים בערך). דאָרט האָט מען זיי באַגראָבן אין די גריבער, וועלכע זענען שוין פאַר זיי געווען צוגעגרייט.

גאַנצע נעכט האָב איך געפּלאָנטערט וואָס מער צו באַ־פעסטיקן אונדזער באַהעלטעניש.

אויף דער גאַס איז געוואָרן שטילער. עס איז געווען שוין נאָך דער אַקציע. אָוונט־צייט. דאַן בין איך אַרויפגעגאַנגען אויפן בוידעם זוכן, אפשר איז נאָך ווער און וואָס געבליבן.

איך האָב, ליידער, קיינעם נישט געטראָפן, בלויז נאָר די וואַליזעס מיט אויפגעריסענע פעק... אין צווישן האָב איך באַמערקט ווי אַ דייטש האָט פאַרשטעקט אַ פעקל אויפן דעכל פון דער שטאָל.

אַראָפּגייענדיק האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אים פּנים אל פּנים. „וואָס מאַכסטו היער, יודע!", האָט ער אַ ריטש געטאָן אויף מיר. אין אויגן־בליק בין איך אַריינגעלאָפן אין דער שטאָל, זיך געשטעלט הינטער דער טיר, ווו עס זענען געלעגן מיינע ווערקצייג. ווי ער האָט דאָס אָרט באַלויכטן מיט זיין לאַמטערקע, האָב איך בליץ־שנעל געכאַפּט אַ שטיק אייזן און אים געגעבן אַ זעץ איבערן קאָפּ. ער איז גלייך געפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט. איך בין געבליבן שטיין אָן אָטעם, נישט קאָנענדיק אַרויסרעדן אַ וואָרט. ווי איך בין צוגעגאַנגען אויפשיבן דאָס טירל פון דער באַהעלטעניש, ווו עס זענען געווען מיינע צוויי שוועסטער און שוואָגערס, האָבן זיי נישט געגלויבט אויפמאַכן, געמיינט אַז דאָס זענען דייטשן, וועלכע האָבן דאָס אָרט אַנטדעקט. ווען איך האָב מיט מיינע לעצטע כוחות אַריינגעשריגן: „שלמה!" (איינער פון די 2 שוואָגערס) און דערקענט מיין קול, דאַן האָבן זיי דאָס טירל אויפגעמאַכט און אַלע זענען אַרויס. מ'האָט פאַרווישט די שפּורן פון דעם בלוט, אַראָפּגעצויגן פון דעם דייטש דעם מונדיר, צוגענומען דעם פּיסטאָלעט, אַריינגעשיפּט אים אין דעם זאַפּאַסאָוון גרוב, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט לעבן בית־שימוש און אים צוגעדעקט מיט בלעכן. (ווי געזאָגט, איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין געטאָ, נאָר אַ יידישער ראַיאָן).

גאַנץ פרי. מען זעט שוין זיך באַוועגן איינצעלנע איבער־געבליבענע יידן פון דער „אַקציע" — אויף די סלאָנימער גאַסן.

מיין שוואָגער, אברהם, איז גלייך אַוועק צו דער אַרבעט אין דער בוינע ביי די דייטשן. די יינגסטע שוועסטער, רחל, איז געגאַנגען געוויר ווערן צו דער פּאָלטוסקער משפּחה דראַנזשעק, צי מען קאָן זיך דאָרט באַזעצן (מיין שוועסטער, היה, האָט זיך שוין דאָרט געפונען פאַר דער „אַקציע"; איר קינד איז אומגעקומען אין דער אַקציע). די צווייטע שוועסטער מיט מיין שוואָגער, שלמה, האָבן אַראָפּגענומען פונעם בוידעם די געבליבענע פעק און געלאָזט זיך אויף זשאַבונקע. אויפן וועג האָבן די דייטשן זיי פאַרהאַלטן און אַריינגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור אויף אויספאָרשונג.

איך האָב זיך גלייך דערמאָנט אין דעם פעקל פונעם דייטש, וואָס ער האָט דאַן פאַרשטעקט אויפן דעכל פון דער שטאָל. עס זענען דאָרט געווען אַ סך זילבערבאַשטעק מיט נאָך טייערע חפצים, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, און האָב זיך געלאָזט דערמיט גיין צום הויף פון דער קאָמענדאַנטור.

ביים אַריינגאַנג, באַמערקט מיר אַ ווייסרוסישער פּאָליצ־יאַנט, אַז ס'איז פאַרבאָטן צו טראָגן פעקלעך.

איך בין אַרויס און אַריין דורך אַ צווייטער ריכטונג. דער פּאָליציאַנט האָט עס באַמערקט און גלייך אַלאַרמירט אַ דייטש, וואָס האָט מיך פאַרהאַלטן. דער ווייסרוס האָט מיך

געפירט אין דער ריכטונג פונעם קאָמיסאַריאַט מיט אַן אויס־געשטרעקטער ביקס, צו מיר געצילט. איך האָב זיך געבעטן, ער זאָל מיך פריי לאָזן. איך האָב אַ רויטע שיין און האָב אַ רעכט אויף לעבן. איך בין אַ פּאַכמאַן.

ער האָט מיך נישט געוואָלט באַפרייען. כ׳האָב אָפּגעלאָזט דאָס פּעקל; אַ פּוילישער פּאָליציאַנט האָט עס אויפגעהויבן. כ׳האָב געפּרוווט אַנטלויפן. ער האָט באַפוילן: „דריי טריט פאָרויס!" איך האָב זיך גערוקט אויף הינטן. בליץ־שנעל אים אַנגעכאַפּט ביים קאָפּ און אַריבערגעשמיסן, געכאַפּט זיין ביקס, צו אים אויסגעשאָסן אָבער נישט געטראָפן. דאַן בין איך אַריינ־געלאָפן אינעם הויף פונעם קאָמיסאַריאַט, מיט דער דעה אַריבערצושפּרינגען דעם דאָרטיקן פּאַרקאַן. עס איז מיר גע־לונגען און כ׳בין אַנטלאָפן. פיל באַוואָפנטע דייטשן האָבן זיך געיאָגט נאָך מיר. איך האָב זיך געלאָזט צום טייך „שטאַרא", וועלכער האָט זיך געגרענעצט — אין צענטער פון שטאָט — מיט זשאַבינקא. דאָרט האָב איך געאַרבעט אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן: „וואַסער־וועג־אַמט". אויפן דאָרטיקן ברעג איז געשטאַנען אַ קליין שיפל, וואָס איך פלעג דערמיט פאָרן צו אַרבעט־צוועקן. איך בין אַריבער אויף דער צווייטער זייט פון טייך. די דייטשן זענען געלאָפן דורך דער בריק און איך האָב מיך פאַרשטעקט אין אַ הויף.

ווען ס׳איז געוואָרן רויק, בין איך אָנגעקומען צו דער משפּחה דראָנזשעק. דאָרט האָב איך געטראָפן מיינע צוויי שוועסטער, וועלכע זענען געווען שטאַרק פאַרצווייפלט צוליב דעם אַרעסט פון מיין שוועסטער מיט מיין שוואָגער שלמה (זיי זענען דערנאָך באַפרייט געוואָרן).

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער גרויסער שחיטה פון די 10,000 יידן. די מענער האָט מען געפירט אין געפּאַקטע אויטאָס און די פרויען האָט מען געטריבן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט איבער זיי געוואַכט און נישט געלאָזט זיי אַנטלויפן... געפירט האָט מען זיי נאָך טשעפּלאָווע, אַ דאָרף הינטער סלאָנים, צעשאָסן און באַגראָבן טיילווייז לעבעדיק אין גריבער, וואָס איז פאַר זיי שוין געווען צו־געגרייט.

עס איז כדאי דאָ צו באַצייכענען די גרויסע העלדישקייט פון די צוויי פּאָלטוסקער: משה מעלניק (דער טישלער) מיט זיין פאָטער, דעם בעל־עגלה („ספּודניק") — זיי האָבן אַרויס־געוויזן גרויס גבורה אין דער דאָזיקער שחיטה. זיי האָבן אַראָפּגעכאַפּט די האַרטשיקעס פון זייערע וועגענער און זיך געשלאָגן מיט די דייטשן אַזוי לאַנג ביז זיי זענען געפאַלן טויט.

די איינציקע אויסזיכט אין דעם גרויסן געראַנגל אויף צו בלייבן לעבן איז דאַן געווען: אַנטלויפן אין די וועלדער און קעמפן מיט געווער. געווער איז אָבער געווען זייער שווער צו באַקומען. אַן געווער האָט מען נישט אָנערקענט קיין שום פּאַרטיזאַנישע גרופּע און זיי אויך נישט געוואָלט אַריינעמען אין דעם בשותּפותדיקן קאַמף קעגן די דייטשן.

## אין געטאָ

אין דער הינזיכט פון איינשאַפן געווער און עס איבער־טראָגן צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער (אין געטאָ האָט עקזיסטירט אַ געהיימע פּאַרטיזאַנישע פאַרוואַלטונג, אַזוי צו זאָגן, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער־קעמפער אויסער דער געטאָ), האָט מיין שוואָגער שלמה סאָקאָלאָווער, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַ דייטשישן „בויטן־לאַגער" (געווער־מאַגאַזין), אַ סך טעכנישע און פּאַרטיזאַניש־מסירת נפשדיקע הילף צו פאַרשרייבן אויף זיין חשבון.

איינמאָל האָט ער אויסגעראַמאַנטירט אַ פּולעמיאָט מיט צוויי מחסנים פון קוילן און כדי עס איבערצוטראָגן האָט ער דערביי איינגעאָרדנט אַ דיקע רער מיט 2 „קאַליאַנעס" (קני). ער איז נישט אַ היים געגאַנגען און זיך פאַרשטעקט אין דעם אויבן דערמאָנטן מאַגאַזין. מיר האָבן אָפּגעשמועסט, אַז איך זאָל אים דערין באַהילפיק זיין. מיין אַרבעטס־פּלאַץ איז פון אים ווייט געווען אַ 2 ק"מ. בערך. ווי נאָר איך האָב געענדיקט מיין אַרבעט (וואַסער־לייטונג), האָב איך זיך געלאָזט צו אים אין „בויטן־לאַגער", וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ גרויסן ליידיקן שטח, אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָטן. ביי נאַכט איז יעדער באַוועגונג געווען פאַרבאָטן. אין אַ באַהעלטעניש אויפן פעלד בין איך געלעגן ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. איך בין דורכגעקראָכן די דראָטן און זיך דערנענטערט צו דעם פּלאַץ, ווו ער האָט מיר אָנגעוויזן. דעם פּולעמיאָט האָבן מיר אַריינגעלייגט אין דער בלעכענער רער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו דעם צוועק און אַראָפּרייסנדיק פון זיך די געלע לאַטע, האָבן מיר זיך געלאָזט מיט אויסגעשמירטע פּנימער — אונדז נישט צו דערקענען — צו אַ באַשטימטן קעלער פון אַ געוועזענער קוזשניע אויף דער קראַסנאַאַרמייסקי־גאַס. דאָרט האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט אַ גרופּע באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער אויף צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין.

מיין שוואָגער שלמה מיט מיין שוועסטער רחל זענען מיט דער דאָזיקער גרופּע מיטגעגאַנגען. איך בין נישט מיט־געגאַנגען און זיך צוריקגעקערט אין געטאָ, ווו איך האָב נאָך דאָרט געהאַט מיינע שוועסטער.

די צאָל יידן אין דער געטאָ איז וואָס אַמאָל געוואָרן קלענער. מ׳האָט געטריבן פון איין פּלאַץ אין צווייטן. 700 מאַן מיט לויף־נומערן (מיין לויף נומער איז געווען 163), וואָס האָבן

זיך געפונען אויף איינעם פון די פּלעצער — האָט מען ביז צו איינעם אויסגעשאָסן. דער פּלאַץ האָט זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט פון טייך „שטשאַרא". איך מיט מיין משפּחה זענען על פּי נס ניצול געוואָרן.

אַ שיכורער אוקראַינער איז צו מיר איינמאָל צוגעקומען, אַרבעטנדיק ביי אַ פּאַרקאַן און געזאָגט: „ביסט אַ יודע, קום, איך וועל דיך דערשיסן. סיי ווי וועט מען די נאַכט אַלע אויס־שיסן". זיינע ווערטער זענען מיר אַריין אין קאָפּ. איך בין שוין דעמאָלט צוריק אין געטאָ נישט געגאַנגען.

איך מיט מיין משפּחה האָבן זיך פאַרשטעקט ערגעץ ווו אין אַ שייער פון מיין אַרבעטס־פּלאַץ.

ווי נאָר עס האָט זיך געענדיקט די שחיטה, וואָס איז געווען פּאַרויסצוזען, האָב איך זיך צוריקגעקערט אין אַ צווייטער געטאָ.

די פראַגע פון באַקומען געווער כדי צו קאָנען אַנטלויפן, איז שטענדיק געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג. מיין שוועסטער חיה מיט אַ גוטער אויסשפּראַך פון דייטש און פּויליש, האָט זיך געוואַנדן אין דער דאָרטיקער פּאָסט אויף צו באַקומען וועלכע עס איז אַרבעט. אין דער פּאָסט האָב איך געהאַט אַ חבר, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס מעכאַניקער (געפינט זיך היינט אין חיפה, פּילניק). ער האָט דערציילט, אַז מ'קאָן דאָרט גנבענען געווער. צו דעם צוועק האָב איך כלומרשט געשיקט מיין שוועסטער וועגן אַרבעט. זי איז געגאַנגען אין די מיטאָג־שעהען, ווען די דייטשישע באַאַמטע לאָזן זייערע רעוואָלווערן אין די שופלאַדן. מ'האָט זי געהייסן וואַרטן ביז די מיטאָג־שעה וועט זיך ענדיקן.

אין דער צייט איז זי אַריין אין אַ צימער, אַרויסגעצויגן פון אַ שופלאַד אַ רעוואָלווער מיט איינצעלנע קוילן, אים פאַרשטעקט אין בוזעם און זיך געלאָזט צו דער געטאָ.

## די צווייטע גרויסע שחיטה

איך וויל דאָ פאַרצייכענען, אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען די צווייטע שחיטה, האָט מען אַ טייל פון דער געטאָ פאַרברענט צוזאַמען מיט די מענטשן, פיל האָט מען געטריבן אין אַנגעפּאַקטע אויטאָס קיין פּעטראַלעוויטש (אַ דאָרף הינטער סלאָנים), ווו גרויסע גריבער זענען שוין געווען פאַר זיי אויסגעגראָבן.

אין דער דאָזיקער שחיטה, וועלכע האָט געדויערט פון צוויי ביז דריי וואָכן, בערך, בין איך געווען פאַרשטעקט מיט מיין משפּחה אין אַ קעלער פון אַ טייל געטאָ, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט.

פונעם קעלער־פענצטערל, וואָס האָט אויסגעמאַכט ביים גרעטאָ־טויער, האָב איך באַמערקט ליגן אַ דערשאָסענעם — דעם פירער פונעם יידנראַט: קווינט.

מענטשן האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן אַזוי לאַנג אין פאַרבאַהעלטעניש אָן עסן און אָן טרינקען. ווי נאָר אָבער זיי זענען אַרויס, האָט מען זיי גלייך געכאַפּט און די יינגערע צווישן זיי געהייסן שלעפּן די טויטע און וואַרפן אין פייער פון דער ברענענדיקער געטאָ.

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַ טייל פון די פאַר־שטעקטע אינעם קעלער האָבן דערשטיקט זייערע קליינע קינדער, וואָס האָבן געוויינט, כדי זיך נישט אויסצוגעבן פאַר די דייטשן.

דעם אַריינגאַנג צום קעלער, האָב איך אויסגעאַרבעט אויף אַזאַ געהיימען אופן, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען צו דערגיין ווו איין און ווו אויס. דער קעלער איז געווען געאַרבעט אין דער פאָרעם פון אַ טונעל אין אַ זיג־זאַג, אַזוי אַז ס'איז אויך מעגלעך געווען אַרויסצובאַקומען זיך אויסער דער געטאָ.

## דער אַלטער דייטש ווייגט...

אַן אַלטער דייטש פונעם געביט־קאָמיסאַריאַט, אונטער וועמעס אָנפירונג איך האָב געאַרבעט ביי דער וואַסער־לייטונג, איז געקומען מיך רופן, איך זאָל אַרויס פונעם קעלער, באשר ער דאַרף מיך צו דער אַרבעט. ער זאָגט מיר צו, אַז ער וועט מיך שיצן און איך דאַרף גאָר קיין מורא נישט האָבן.

דאָסמאָל אָבער בין איך נישט אַרויס. כ'האָב געמיינט, אַז דאָס איז נאָר געווען אַן אויסרייד.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אַרויס פונעם קעלער. מ'האָט מיך גענומען אויף צו שלעפּן די טויטע קערפּערס און דערנאָך מיך געהייסן גיין אין דער קליינער געטאָ, וואָס איז געשטאַנען ביי דער בריק. איך בין נישט געגאַנגען. כ'האָב זיך געוואַנדן צו דעם אַלטן דייטש, ער זאָל שיצן מיין משפּחה. ער איז מיט מיר געגאַנגען און אַלעמען אַרויסגענומען פונעם קעלער, וויפל מענטשן ס'איז נאָר געווען. ער האָט געהייסן נעמען פון דער גאָס פּעק מיט אַנטועכץ, וויפל נאָר מ'האָט געקאָנט פאַרנעמען און אונדז געפירט צו דער קליינער געטאָ, ביי דער בריק.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען די צוויי סלאָנימער קאָוואַליעס, מאַשקע און חיים, וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיר געאַרבעט אין דער וואַסער־לייטונג, האָבן זיך אויך געוואַנדן צום אַלטן דייטש נאָך הילף פאַר זייערע משפּחות, וואָס זענען געבליבן פאַרשאָטן אונטער אַ פאַר־ברענטן טייל פון דער גרויסער געטאָ — צוזאַמען מיטן אַלטן דייטש האָבן מיר אָוועקגעשטופּט אַ ריזן שטיין (אפשר פון אַ 500 קילאָ אָדער נאָך מער), וואָס איז געלעגן ביי דעם

אַריינגאַנג פון אַ געהיימען קעלער אין דער גרויסער געטאָ, וווּ דער אויבערשטער טייל איז געווען אינגאַנצן אָפּגעבערענט. האַלב־טויטע קערפּערס האָבן מיר אַרויסגעצויגן פון דעם קעלער. די פרויען פון די צוויי קאָוואַליעס מיט זייערע קינדערלעך האָבן מיר געמינטערט מיטן וואַסער פון אַ דערנעבנדיקן טייכל. דער אַלטער דייטש, דערזעענדיק די „סצענע” האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און אַוועקגעשמיסן זיין ביקס אויף דער ערד...

מיר האָבן גענומען די קינדער אויף די פּלייצעס און זיי געבראַכט אין דער קליינער געטאָ.

## די קליינע געטאָ

אין דער קליינער געטאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ 800 מאַן, בערך, זענען די געזעצן געווען שטרענגע, די שמירה אַ שטאַרקערע און דער פּחד פאַרן מאָרגן — אַ גרעסערער. מ'האָט דאָרט דערוואַרט טאָג־טעגלעך דעם טויט. לויפן אין וואַלד איז נישט געווען קיין צוועק, ווייל די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן אין יענער צייט געטריבן די יידן פון די וועלדער צוריק אין די געטאָס און אַנטוואָפנט די, וואָס האָבן געהאַט ביי זיך געווער.

איינצעלנע זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין דער קליינער געטאָ.

דער לעצטער געזעץ, וואָס איז אַרויס, איז געווען, אַז אַלע מענער און פרויען מוזן זיך אָפּשערן זייערע האָר, אונטער אַ באַדראָונג פון טויט־שטראָף.

די געטאָ־מענטשן, וועלכע זענען צוליב פאַרשידענע סיבות (ווי: געזונטצושטאַנד אד״ג) נישט אַרויסגעגאַנגען אויף אַרבעט — האָבן געגראָבן גריבער, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין צוגעגרייט פאַר זיי.

איינער, אַ יידישער מסור, מיטן נאָמען: טעלנער (זיין פאָטער איז געווען דירעקטאָר פון דער סלאָנימער גימנאַזיע), וועלכער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט דעם באַקאַנטן יידישן מסור אוקראַינסקי (וואָס פלעגט מסרן יידישע פּאַרטיזאַנער און זיי איבערגעבן אין דייטשישע הענט) — פלעגט נעמען קראַנקע מענטשן פון געטאָ און זיי פירן צו אַרבעט אין די קאַשאַרן. ער האָט אויך גענומען מיין שוועסטער אויף אַרבעט און זי געשלאָגן, כאָטש זי האָט געהאַט אַ צעטל פון אַ דאָקטאָר. דער זעלבער האָט אויך אַרויסגענומען אַ יונג מיידל, וואָס האָט געוווינט מיט אונדז צוזאַמען און זי אַוועקגעפירט צו די דייטשן אויף פּראָפיט, ווערנדיק דערפאַר באַלוינט מיט אַ קליין חזירל.

די געשיכטע מיטן מיידל און מיט מיין געשלאָגענער שוועסטער, האָט מיך נישט געלאָזט צו רו. ווען איך האָב אים אַ פרעג געטאָן, פאַר וואָס ער האָט עס געטאָן, האָט ער געענטפערט, אַז ער וועט עס נאָך אַ מאָל טאָן. איך האָב זיך דאַן אויף אים געוואָרפן, אים געשלאָגן מיט מיין גאַנצן כוח ביז ער איז געפאַלן טויט.

איינמאָל זענען פאָרגעקומען אומגעוויינלעכע שיסערייען אַרום דער געטאָ. דאָ האָבן מיר באַמערקט פיל דייטשן מיט אויטאָמאָבילן און אַ שטאַרקע וואַך אַרום. דאַן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עס דאַרף פאָרקומען אַן אַקציע. מיר האָבן זיך אַלע גלייך פאַרשטעקט אין אונדזערע באַהעלטענישן.

אַ פּאָלטוסקער ייד מיטן נאָמען טייטלבוים (געהאַט אַ שפּייז־געוועלבל אין דער יאַטקע גאַס) מיט זיין זון זענען אויך צו אונדז געקומען, וויסנדיק פון אונדזער שטאַרק־געהיימער פאַרבאַהעלטעניש. עס איז געווען אַ פאַרטיפונג, וואָס איז דורכגעגאַנגען פון איין קעלער אין אַ צווייטן און איז געווען זייער שטאַרק פאַרמאַסקירט.

אַזוי ווי עס האָבן אונדז שוין נישט געקלעקט קיין כוחות אויסצוהאַלטן, דערצו אָן עסן און אָן שום זאַך, אין די דאָזיקע פאַרשטעקטע ערטער, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ.

די שיסערייען האָבן זיך שוין געהאַט איינגעשטילט. און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן בין איך אַרויס דער ערשטער, גלייך נאָך מיר — מיינער אַ חבר, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען מיט מיר. באַוואָפנט זענען מיר געווען מיט מעסערס (אַ רעוואָלווער מיט קוילן איז געבליבן ביי מיין שוואָגער, וועלכער איז נאָך געבליבן אין דער באַהעלטעניש).

ווי נאָר מיר האָבן זיך אַרויסבאַקומען דורך די שטעטל־דראָטן, האָט אונדז גלייך אַ יינגער שגצל באַמערקט און נאָכגעשריגן: „יודע!”. די וועכטער אַרום געטאָ האָבן אונדז גלייך נאָכגעשאָסן. מיר האָבן מצליח געווען צו אַנטלויפן, און זיך פאַרשטעקט אין דעם בנין פון דער וואַסער־לייטונג.

מיר האָבן זיך געוואָנדן צו דעם דייטש פון דער וואַסער־לייטונג, וועלכער איז געווען אַ פירער פון געביטס־קאָמיסאַריאַט און איז גלייכצייטיק אויך געווען אַ חבר פונעם שוידערלעך־באַקאַנטן „איק”, דער אָנפירער פון די סלאָנימער בלוטיקע אַקציעס, אַז מען זאָל אונדז לאָזן לעבן און ווייטער בלייבן ביי דער אַרבעט — האָט ער געענטפערט, אַז דאָס קומט נישט אין באַטראַכט.

דאַן זענען מיר אַנטלאָפן אויפן וועג צו „טרעוויאַנטשיטש”, וואָס פירט צו די וועלדער פון „וואָלטשענאַרע”. מיין שוועסטער אסתר מיטן שוואָגער, זענען דאַן בעת די שיסערייען,

נישט אַרויס פון זייער באַהעלטעניש. זייער גורל איז מיר עד היום נישט באַוווּסט.

די לעצטע שחיטה איז פאָרגעקומען אין 25.12.42.

## אויף אונדזער לעצטן וועג...

איך און מיין חבר, אברהם לייגא (פון לאָדזש), האָבן זיך געלאָזט צוזאַמען אין וועג, האָבנדיק פאַר זיך איין און איינציקן ציל, וואָס הייסט: „וואָלטשעניאַרע". מיר זענען געווען, ווי אויבן דערמאָנט, באַוואָפנט נאָר מיט קאַלט געווער (אָנגע־שאַרפטע מעסערס אד"ג). דאָס אַלץ. מיר זענען פריי געגאַנ־גען אין דרויסן, אַראָפּגעריסן די געלע יידישע לאַטע, זיך אָנגעטאָן אין גוישע קליידער און אַזוי געגאַנגען ביז אַ 25 ק"מ, בערך, דורך פאַרשידענע סטעטשקעס און פעלדער, ווו דער שטח איז געווען באַזעצט מיט דייטשן.

אינעם דאָרף טרעוויאַנטשיץ זענען מיר אַריין צו אַ פּויער, וואָס האָט אונדז גוט אויפגענומען. ער האָט אונדז געגעבן ברויט מיט מילך און אויך אויפן וועג מיטצונעמען. ער האָט אונדז געהייסן זיין פאָרזיכטיק לגבי אַנדערע פּויערים. ער האָט אונדז געהייסן איבערנעכטיקן די נאַכט אין אַ זאַגאַניק (קליין וועלדעלע) און באַלד אין דער פרי זאָלן מיר זיך לאָזן אויפן וועג, וואָס פירט צום דאָרף וואָלטשעניאַרע. דאָרט אין דעם געגנט געפינען זיך פּאַרטיזאַנער.

אָנקומענדיק אין דעם אויבן דערמאָנטן דאָרף, זענען מיר אַריין אין אַ „סקלעפּיעץ" (אַ קעלער), ווו מ'האַלט קאַרטאָפל. דאָרט זענען מיר איבערגעווען אַ גאַנצן מעת לעת. געשרייען פון דייטשן האָבן זיך געהערט פון צייט צו צייט. עס זענען, אַ פּנים, פאָרגעקומען אין דער זעלבער צייט אָבלאַוועס אין די וועלדער, נאָכן פאַרענדיקן די לעצטע שחיטה אין דער סלאָנימער געטאָ. מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט און גאַנץ פרי זיך געלאָזט צו די וועלדער פון „וואָלטשעניאַרע".

נאָך צוויי טעג אָן עסן און ווען מיר האָבן דאָרט קיין פּאַרטיזאַנער נישט געטראָפן, האָבן מיר זיך צוריק געלאָזט אין דער ריכטונג פון דאָרף. דאָ האָבן מיר באַמערקט פיל טאַנקען מיט מאָטאָציקלען, געפירט דורך די דייטשן. דאַן זענען מיר אַריין אין אַ צעבראָכענעם פאַרברענטן טאָק, וואָס איז געשטאַנען אויפן טראַקט ביז די דייטשן זענען אַריין אין וואַלד. דאַן האָבן מיר באַמערקט אַ רוסישן פּאַרטיזאַן, רייטנדיק אויף אַ פערד, ווי ער ווערט פאַרשוווּנדן אין איינער פון די סטעטשקעס. מיר לאָזן זיך אויף די טריט פון דעם רייטער. אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער דערהערן מיר פון ערגעץ אַן אָפּהילך פון טעמפּע קלעפּ. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דעם פּלאַץ. דאָ זענען מיר ווי אַ ייד האַקט אויס אַ בוים.

ער האָט זיך זייער דערשראָקן. מיר האָבן אים באַרויקט, אַז מיר זענען יידן, אַנטלאָפענע פון סלאָנימער געטאָ. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס מיר זענען געבליבן לעבן. ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ בונקער, ווו ס'זענען געווען 15 יידן, צווישן זיי פרויען און קינדער. אַלע זענען געווען נאַקעט, באָרוועס און דערשראָקן. (די רוסישע פּאַרטיזאַנער, ווען זיי האָבן געטריבן די יידן צוריק אין די געטאָס, האָבן זיי, אַחוץ צונעמענדיק דאָס געווער, אויך אַראָפּגעשלעפּט פון זיי די קליידער מיט די שיך). דער בונקער איז געווען זייער קליין און ביי דער זייט האָט זיך עפּעס געקאָכט אויף אַ קליינעם פייער. צום עסן האָט מען יעדן מכבד געווען מיט איין אָפּגע־קאָכטע קאַרטאָפל און אַ ביסל אומגעזאַלצענע וואַסער.

די אָבלאַווע האָט געדויערט ביי 7 טעג, בערך. די דייטשן זענען געגאַנגען געשלאָסן און איבערגעבליקט דעם וואַלד, אויב עס געפינט זיך נישט קיין לעבעדיקער נפש. זיי האָבן זיך אויך דערנענטערט צו אונדזער „זשעמליאַנקא" (בונקער). מיר זענען פון דאָרט אַרויס און זיך פאַרשטעקט אין אַ קליין וועלדל, וואָס האָט אַרויסגעפירט אויף אַ פרייען וועג. אַזוי איז אונדז געלונגען צו בלייבן און זיך אומצוקערן צוריק אין אונדזער בונקער.

אין משך פון 7 מאָנאַטן איז אונדז געלונגען צו ראַבירן אין די נעכט ביי די פּויערים, גייענדיק איבער פעלדער, אין די גרעסטע שנייען און פרעסט. אָנגעלאָדענע זעק מיט קאַר־טאָפל האָבן מיר געשלעפּט אויף די פּלייצעס און נאָך אַנדערע מינים שפּייז, געבראַנגט עס אין בונקער און אַזוי האָבן מיר זיך דערנערט.

איינמאָל איז אַ רוסישער פאַרבלאָנדזשעטער פּאַטרול־מאַן, באַמערקנדיק אַ רויך פון אונדזער בונקער, ווו ס'איז געווען איינגעאָרדנט אַן אויוון אויף צום קאָכן, אַריין צו אונדז אין דער זשעמליאַנקע מיט געווער. ער האָט ביי אונדז איבער־גענעכטיקט אָנשטאָט צו וואַכן אויף זיין פּאַטרול. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז אין אַ דערבייאיקן וועלדל געפינט זיך אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער. דאָס זענען די, וועלכע מ'האָט געטריבן אין געטאָ. אַזוי ווי קיין „פּאַראָל" (וואָרט־צייכן) האָבן זיי נישט געהאַט דאָס רעכט צו האָבן אַזוי ווי די רוסישע פּאַרטיזאַנער, למשל, — איז ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט אין די פינצטערע נעכט מיט אַנדערע פּאַרטיזאַנער, ביי די דערפער, כדי צו דערהאַבערן פּראָדוקטן, פלעגן פאָרקומען קעגנזייטיקע שיסערייען צווישן זיך, נישט וויסנדיק דעם „פּאַראָל" פון דעם אָטריאַד.

מיר, פון בונקער, האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט די פּאַר־טיזאַנער און זיך געוואָלט מיט זיי פאַראייניקן.

איינמאָל האָבן דריי „סאַמעכאָוועצעס״ (וויסרוסן, פריי־וויליקע קעמפער קעגן די סאָוויעטן) פאַרבלאָנדזשעט אינעם וואַלד, ווו די יידישע פאַרטיזאַנער האָבן זיך געפונען. זיי האָבן געכאַפּט צוויי סאַמעכאָוועצעס און זיי דערשאָסן. איינער איז אַנטלאָפן. ער האָט איבערגעגעבן די דייטשן, אין וועלכן קוואַרטאַל עס געפינען זיך די יידישע פאַרטיזאַנער. די דייטשן זענען זיי באַפאַלן און עס איז פאָרגעקומען אַ קאַמף. פון די 110 יידן זענען געבליבן 70, דערינען מיין שוועסטער רחל (אַלס פאַרטיזאַנקע, פאַרשטייט זיך).

דער „פראָנט״ האָט זיך וואָס אַ מאָל דערנענטערט; די רוסן האָבן צוריקגעשטויסן די דייטשן, וועלכע זענען שוין געשטאַנען ביי סמאָלענסק.

דאַן האָבן זיי געגעבן אַ פאַראָרדענונג צו אַנערקענען די יידן אַלס פאַרטיזאַנער און ווער עס האָט געהאַט געווער האָבן די רוסישע פאַרטיזאַנער אַריינגענומען אין זייערע אָטריאַדן. די יידישע גרופּע האָט זיך אָנגערופן: „יעווריעיסקאַיאַ גרופּאַ״ ביי דעם און דעם אָטריאַד.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען: באַשפּייזן דעם שטאַב און אויך זיך אַליין.

דער אָנפירער פון אונדזער גרופּע איז געווען: ברוך (בורי) יוטקאָווסקי פון ביטען (אַ שטעטל ביי סלאָנים).

ער האָט זיך געוואָנדן צום שטאַב, אַז מיר זאָלן אויספירן אויך קעמפערישע אַרבעטן און נישט בלויז גיין ראַבירן אין די דערפער.

די לעצטע אויפגעגעבענע אַקציעס, אין וועלכע איך האָב אָן אַקטיוון אָנטייל גענומען, זענען באַשטאַנען פון: איבער־שניידן די טעלעגראַפן־סלופעס און איבעררייסן די עלעקטע־רישע פאַרבינדונגען אינעם גאַנצן סלאָנימער געגנט, וואָס האָט זיך געשפּרייט אויף אַ שטח פון אַ סך קילאָמעטערס.

נאָך יעדער אַזאַ אַקציע איז אונדז כמעט שטענדיק געלונ־גען זיך בשלום צוריקקערן צו אונדזער באַזע. די דייטשן פלעגן, אַלס שטראָף, כאַפּן פון צייט צו צייט איינצעלנע פויע־רים פון דער געגנט און זיי אויפהענגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

סוף סוף איז אָנגעקומען די צעשמעטערנדיקע מפּלה פון די דייטשישע מערדער. די וועלט האָט אָפּגעאָטעמט פריי, כאָטש אָפּגייענדיק אין אַ סך בלוט. פאַר דעם „שכר״ פון די 6 מיליאָן אומגעקומענע יידן, האָט דאָס יידיש פאָלק באַקומען אַן אייגענע מדינה, אין וועלכער איך לעב היינט מיט מיין פאַמיליע און אַרבעט, טראָגנדיק אין האַרצן דעם שטענדיקן זכר נאָך מיין אומגעקומענער משפּחה צוזאַמען מיט די 6 מיליאָן יידישע קדושים, הי״ד.



## **יצחק אלטער (אלתר)** / אונדזער „מאַרש״ אין זיג־זאַגן

ווי נאָר דער היטלער־קריג האָט אויסגעבראָכן, האָט אַ מבול פון פּליטים פאַרפלייצט פּולטוסק. זיי האָבן זיך געצויגן פון די דייטשע גרענעצן: פון מלאַווע, פּרושניץ, כאָרזשל אא״וו. הערנדיק די בשורות־רעות, וואָס די דייטשן טוען אָפּ מיט די יידן, האָב איך באַשלאָסן, אַז מ׳טאָר קיין איין מינוט נישט בלייבן אין דער שטאָט. מיר זענען אַוועק כמעט מיט דעם לעצטן אויטאָ קיין וואַרשע. קומענדיק קיין וואַרשע, האָב איך מיט מיין קוזין, משולם וואַגמאַן, באַשלאָסן אַז דאָ איז אויך נישט דער ריכטיקער פּלאַץ. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער משפּחה (מיט דער אַלטער באָבען פריידע וואַגמאַן, און איר זון, שאול וואַגמאַן), מיטגענומען דאָס נייטיקסטע און זיך געלאָזט צו רוסלאַנד צו.

געגאַנגען זענען מיר צופוס דורך אָטוואָצק, ראַדזימין און שעדליץ. אָוונט־צייט זענען מיר אָנגעקומען קיין שעדליץ, וועלכע איז שוין געווען באָמבאַרדירט דורך די דייטשן און די גאַנצע שטאָט האָט געברענט. מיט שווערניש זענען מיר אַדורך די שטאָט. געגאַנגען זענען מיר נאָר אין די אָוונטן, כדי אויסצומיידן די בייטאָגיקע אַראָפּשיסערייען פון די דייטשישע עראָפּלאַנען, וואָס פלעגן זיך אַראָפּלאָזן „אויף די קעפּ״ פון די גייער.

נאָך אַ וואָך וואַנדערן, בערך, זענען מיר אָנגעקומען קיין לוקאָוו, באַשליסנדיק אָפּצורוען דאָ אַ נאַכט.

מ׳האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אַ בוידעם־שטיבל, ווו מיר וועלן קאָנען נעכטיקן. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט באַוויזן זיך אויסצוטאָן די בגדים, האָט מיין קוזין, ווי פון אַ שלעכטן פאָרגעפיל, פאָרגעלייגט צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. איך האָב קעגן מיין ווילן אים געפאָלגט. אינטערעסאַנט, ווי מיר האָבן נאָך נישט געהאַט באַוויזן אָפּצוגיין פון דעם אָרט אַ 100 מעטער, האָט אַ פּלוצעמדיקע באָמבאַרדירונג דאָס גאַנצע הויז צעשמעטערט.

ווייטער האָבן מיר מאַרשירט אויף דעם שווערן וועג ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין פּאַרטשעוו. הינטער דעם שטעטל

איז געווען אַ וועלדל, דאָרט האָבן מיר מיט נאָך 100־ער פּערזאָנען זיך אַ ביסל אָפּגערוט. אַ דייטשער עראָפּלאַן, וועלכער האָט אונדז באַמערקט, האָט אונדז באַשאָסן, זיך אַראָפּלאָזנדיק ממש איבער אונדזערע קעפּ. כ'האָב זיך אָנגעכאַפּט ביי אַ בוים און וועלנדיק אויסמיידן דאָס באַשיסן, בין איך געפאַלן אין חלשות. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך געזען פיל הרוגים. דאָס אָרט האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַכטהויז. איך מיט מיין קוזין זענען אַרויס גאַנץ.

מיר האָבן ווייטער מאַרשירט אין זיג־זאַגן. אָבער ווו מיר זענען צוגעקומען, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז די דייטשן זענען נאָענט פון אונדז.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה זענען מיר אָנגעקומען אין דוביענקא. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ שול; ס'איז געווען די שעה פון שופר בלאָזן. מיר האָבן זיך גלייך געלאָזט ווייטער אין וועג, באַזאָרגט זיך מיט אַ שטיקל ברויט (מער ווי דאָס איז נישט געווען) און אָנגעקומען צום טייך „בוג“.

עס איז געווען אַ שמיעה, אַז די רוסן וועלן פאַרנעמען איין זייט פון בוג.

נאָך שווערער מי, איז אונדז געלונגען צו טרעפן אַ פויער און פאַר גוט באַצאָלט האָט ער אונדז דורכגעפירט מיט אַ קליין שיפל צו דער צווייטער זייט בוג, וווּ עס האָט געדאַרפט געהערן צו די רוסן. קומענדיק אַהין האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט. מיר האָבן זיך אויסגעבאָדן, אויסגעוואַשן אונדזערע וועש און געקומען עטוואָס צו זיך.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט מאַניעוויטש (אַ קור־אָרט צווישן קאָוועל און סאַרנע), האָבן מיר — דורך אַ דאָרטיקן אָרגאַניזירטן קאָמיטעט — באַקומען אַ שטיקל צימער. עטלעכע טעג האָבן מיר גערוט און געגעסן צו דער זעט. אַ ביסל געלט האָבן מיר נאָך געהאַט ביי זיך.

אין די דערפער און שטעטלעך אַרום האָבן די פּאַליאַקן ראַבירט יידן און אפילו אויסגעהרגעט. יעדן טאָג האָבן מיר דערוואַרט דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי. מיר האָבן זייער מורא געהאַט פאַר אַ פּאָגראָם פון די פּאַליאַקן.

יום כיפור ביי טאָג, האָבן מיר געזען אָנקומען די ערשטע סאָוויעטישע באַן מיט מיליטער וואָס האָט באַזעצט דאָס שטעטל.

באַקומענדיק אַ ידיעה, אַז ביאַליסטאָק איז שוין פאַרנומען דורך די סאָוויעטן, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו לאָזן נאָך ביאַליסטאָק, אָבער דאַסמאָל שוין נישט צופוס. מיט אַ צוג, וואָס איז אַוועק דורך סאַרנע—באַראַנאָוויטש—וואָלקאָוויסק, זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. די גאַנצע שטאָט איז געווען פול מיט פּליטים פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. דאָרט האָב איך געטראָפן אפשר 50 פּראָצענט פּולטוסקער. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן צונויפגענומען אַלע יידן פון פּולטוסק אין גאָרטן פון שלאָס, ביי זיי אַלץ צוגענומען און געטריבן מיט מכות רצח דורך דער צעבראָכענער בריק און אַז פיל פון זיי האָט מען אַריינגעשליידערט אין נאַרעוו, צווישן זיי אויך דעם רב. די מענטשן האָבן איינעם דעם צווייטן אַרויסגעראַטעוועט און געלאָזט זיך אין וועג; ווער נאָך וואַרשע און ווער נאָך ביאַליסטאָק. פיל פון די מענטשן זענען אויפן וועג געשטאָרבן, צווישן זיי קראַנקע, אַלטע און שוואַכע.

אין ביאַליסטאָק האָבן די מענטשן זיך אָנגעהויבן צו ביסלעכווייז איינאָרדענען. ווער מיט האַנדל און ווער מיט אַרבעט. איך האָב געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ גאַרבעריי.

פונדעסטוועגן האָב איך מיט נאָך עטלעכע חברים פּולטוסקער, ווי: אברהם און נתן צעלניק, אברהם גוט מיט דער פרוי, באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין, וואָס ווייטער פון דעם „סאָוויעטישן גן־עדן“ — נאָך ליטע, באַקומענדיק אַ ידיעה, אַז פון ליטע איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ישראל. מיין קוזין האָט נישט געהאַט קיין חשק דערצו. מיר האָבן זיך געזעגנט און אין דעצעמבער 1939 זענען מיר אָנגעקומען קיין לידא. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר באַקומען אַ פויער, וועלכער האָט אונדז אַריבערגעפירט די גרענעץ.

דאָס מזל האָט אונדז צוגעשפּילט, וואָס איז אויסגעפאַלן אום וויי־נאַכט, דעם 31 דעצעמבער, און די פּאַטרולן, סיי די רוסישע און סיי די ליטווינישע, האָבן געשכורט.

מיר זענען אַדורך די גרענעץ און דעם 1־טן יאַנואַר זענען מיר אָנגעקומען קיין איישישאָק. דאָס איז דאַן געווען דאָס ערשטע שטעטל, וואָס האָט געהערט צו ליטע.

די אָרטיקע יידן זענען צו אונדז זייער פריינדלעך געווען, האָבן אונדז אויפגענומען מיט ווייסע זעמל און מילך, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג פאַר די אויגן נישט געזען. און אַזוי ווי ס'איז געווען קריסטלעכער יום־טוב און קיין קאָנטראָל איז נישט געווען — האָבן מיר אָן שום פחד זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָבוס און אַוועק קיין ווילנע.

אין ווילנע זענען מיר אָנגעקומען נאָך אין זעלבן טאָג. פּולטוסקער, וועלכע זענען שוין פון פריער דאָרט געווען, האָבן זיך מיט אונדז שטאַרק דערפרייט. ביי דער פאַמיליע פּראָכטנבוים האָבן מיר אַוועקגעלייגט אונדזערע אָרעמע פּעקלעך, גענעכטיקט די ערשטע נאַכט און מאָרגן פרי זענען מיר אַוועק אין קאָמיטעט פון „דזשוינט“, וועלכער האָט שוין געאַרבעט און געהאָלפן די פּליטים. מיר האָבן זיך דאָרט

רעגיסטרירט און באַקומען די ערשטע הילף, ווי: אַן איינ־שרייב־קאַרטע אויף מיטאָגן, טרוקענע פּראָדוקטן אד״ג. מיר האָבן זיך געדונגען אַ צימער און אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון אַ שטיקל מקום מנוחה.

ווילנע האָט דעמאָלט געהערט צו די ליטווינער. יעדער פּליט האָט זיך געמוזט רעגיסטרירן אין דער פּאָליציי. די פּאָליציי האָט דאַן באַשטימט די וווין־רעכט פון דעם פּליט: אין ווילנע אָדער אין ליטע. מיר האָבן געהאַט דאָס מזל צו פאַרבלייבן אין ווילנע. דאָרט האָבן מיר, ווי אויבן דערמאָנט, געטראָפן פיל פּולטוסקער, צווישן זיי: דעם פּולטוסקער רב, הרב לעווינטאַל, מיט זיין פרוי, מאַטעס שאַפּיראָ מיט זיין פרוי, דירעקטאָר, בערגסאָן, צבי ראַזאַנאָוויטש, שטיינבערג, גראַנעק מיט די קינדער, אַרפּא און אַנדערע.

די פּליטים האָבן נישט געהאַט קיין רעכט אויף אַרבעט, אָבער אין יידישן קאָמיטעט, אין „דזשוינט" האָט מען יאָ געקאָנט אַרבעטן. איך האָב באַקומען אַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ באַשפּייז־פּונקט אין „דזשוינט", אויף גדאַנסקע 6. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר זייער אַ קליינעם געהאַלט. פון דעם האָב איך זיך אויסגעהאַלטן. איך האָב געוווינט אין איין דירה מיט די ברידער צעלניק און אברהם גוט מיט דער פרוי. אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אַ שטיקל צייט.

פּלוצעם האָט מען געמאָלדן, אַז די סאָוויעטישע מאַכט האָט אויפן פאַרלאַנג פון ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד (באַלטישע לענדער) צוגעקאַפּירט ווילנע אַריינעמענדיק זי אין איר תחום. גלייך האָט מען אומעטום באַמערקט סאָוויעטישע הערשאַפט מיט איר „רויטן" סדר. דער יידישער קאָמיטעט פון „דזשוינט" איז גלייך מיט אַלע אַנדערע באַשפּייז־פּונקטן ליקווידירט געוואָרן, ווי אויך אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען נישט געווען לויט זייער טעם. באַלד האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין שפּייז, באַקליידונג אאַ״וו. מען האָט אָנגעהויבן נאַציאָנאַליזירן די פּריוואַט־געשעפטן, אַלץ האָט געהערט צו דער מלוכה. פיל פּליטים מיט מעגלעכקייטן, האָבן זיך באַזאָרגט מיט יאַפּאַנישע וויזעס און זענען געפאָרן דורך רוסלאַנד קיין שאַנכאַי און פון דאָרט — אַ טייל קיין ארץ־ישראל און אַ טייל קיין אַמעריקע. פיל האָבן באַקומען אַרויספאָדערונגען פון ישראל, צווישן זיי אויך די משפּחה זילבערמאַן.

ביי די סאָוויעטן האָב איך באַקומען אַ פּאָסטן אין „גאַסטאָרג" (מלוכהשע געשעפטן) אַלס בוכהאַלטער. דערנאָך בין איך אויפגענומען געוואָרן אַלס אינספּעקטאָר איבער די דאָזיקע געשעפטן. אַזוי האָב איך געאַרבעט ביז דעם 22.6.41, ווען די דייטשן זענען פּלוצעם באַפאַלן די רוסן.

מיט דריי טעג שפּעטער האָבן שוין די דייטשן געהאַט פאַרנומען ווילנע. באַלד איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַ ייד טאָר נישט גיין אויפן מיטן טראָטואַר, נאָר אין געציילטע שעהען פון טאָג מעג ער אַרויסגיין אויף דער גאַס, איינקויפן — נאָר אין געוויסע געשעפטן. אויף אַלע געשעפטן, קאַפייען אד״ג איז געווען אַן אויפשריפט: „פאַר יידן און הינט — איינגאַנג פאַרבאָטן".

גלייך אין די ערשטע טעג, האָבן די דייטשן געגעבן די ליטווינער פרייע הענט צו טאָן מיט די יידן, וואָס זיי האָבן געוואָלט. און דאָס האָבן זיי געמאַכט נאָר אין די נעכט.

די ליטווישע פאַשיסטן מיט געווער אין די הענט זענען אַריין אין די הייזער, אַרויסגענומען אַלע מענער, זיי אַוועקגעפירט אין דער ווילנער טורמע „לוקישקי", דערנאָך אַרויסגעפירט אויפן פּאָנאַר און דערשאָסן (צווישן די איז אויך געווען דער פּולטוסקער אברהם גוט, הי״ד). מיר האָבן זיי גערופן „די כאַפּונעס" (כאַפּערס). וועלכער ייד עס האָט גע־וואַגט אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָט מען גלייך געפירט צו שווערער אַרבעט. מען פלעגט אויך אַרויסשלעפּן פון די הייזער. שפּעטער זענען די מענטשן צוגעשטעלט געוואָרן צו דער אַרבעט — דורך דער יידישער קהילה. איך האָב באַקומען אַרבעט אויפן ווילנער באַן־הויף. עס האָט אויך מיט מיר מיטגעאַרבעט אברהם צעלניק.

נישט לאַנג האָט געדויערט און מ'האָט די גאַנצע פאַר־וואַלטונג פון דער קהילה, צווישן זיי — זייער אָנגעזעענע בעלי־בתים פון ווילנע ווי ד״ר וויגאָדסקי א״א, גענומען אין דער געסטאַפּאָ און געפאָדערט פון זיי געלט און גאָלד. די יידן האָבן טאַקע געגעבן געלט און גאָלד, אָבער זיי, די קהילה־פאַר־וואַלטער, זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען; זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

דער מצב איז געוואָרן אַלץ מער געשפּאַנטער און עס זענען פאָרגעקומען פיל פּראָוואָקאַציעס.

איינמאָל האָבן די דייטשן אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די יידן האָבן געהרגעט אַ דייטש אין דעם יידישן קוואַרטאַל, אין דער גלעזער־גאַס (וווּ אין די אַלטע היסטאָרישע צייטן איז געווען אַ יידישע געטאָ), האָט מען אַרויסגענומען אַלע מענטשן פון דער געגנט און אויפן פּאָנאַר זיי דערשאָסן, נישט מאַכנדיק קיין אונטערשייד צווישן אַלט און יונג, פרוי און קינד.

אין אַ קורצער צייט אַרום, ס'איז געווען אַ שבת, האָבן זיך באַוויזן די ליטווינער אויף די אַלע הויפן, וועלכע זענען געווען באַזעצט מיט יידן און געמאָלדן, אַז אין משך פון אַ שעה זאָל זיך יעדער פּאַקן און גיין אין געטאָ. יעדער האָט מיט זיך עפּעס מיטגענומען און זיך געלאָזט גיין.

ווי באַוווּסט זענען געווען אין ווילנע 2 געטאָס. 1 אויף דער רודניצקער גאַס מיט אַ צוגאָב פון נאָך 3 קליינע געסלעך; דאָס האָט געהייסן די גרויסע געטאָ, און די 2־טע, די קליינע געטאָ — אויף דער יידישער גלעזער גאַס. אין דער צייט זענען אין ווילנע געווען פון 90 ביז 100 טויזנט יידן. אָבער אין די געטאָס זענען אַריין נישט מער ווי 20 אָדער 30 טויזנט יידן. די רעשטע האָט מען אָוועקגעפירט אויפן פּאָנאַר און דערשאָסן.

מיך האָט מען אַריינגעטריבן אין דער גרויסער געטאָ. די געטאָ איז געווען געשלאָסן און אַרום און אַרום פאַרמויערט. דער איינציקער אַריינגאַנג איז געווען דורך דער רודניצקער גאַס. די אַלע פענצטער, וועלכע האָבן זיך געגרענעצט מיט די גאַסן אויסער דער געטאָ, זענען פאַרקלאַפּט געוואָרן מיט ברעטער, כדי צו פאַרשטעלן די יידן פון די אַריער. ביי דער אַרישער זייט פון טויער איז געשטאַנען אַ ליטווישע וואַך.

אין געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ יודן־ראַט מיט יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע, אַחוץ צו היטן די אָרדענונג, בעיקר: צו העלפן די דייטשן אויסצופירן זייערע באַפעלן.

יעדן פרימאָרגן פלעגט מען פירן גרופּעס יידן צו דער אַרבעט. צוריקקומענדיק פון דער אַרבעט, פלעגן די דייטשן אונטערזוכן ביים אַריינגאַנגס־טויער, צי האָט עמיצער נישט מיטגענומען מיט זיך קיין עסנוואַרג. ביי וועמען מ'האָט יאָ געפונען, האָט מען צוגענומען דאָס עסן און נאָך גוט אָנגע־קלאַפּט די ביינער.

נישט איינמאָל פלעגן אָנקומען הויכע געסטאַפּאָ־באַ־אַמטע אָדער דער געביטסקאָמיסאַר אַליין, בכדי צו רעווידירן די מענער און די פרויען (אויסטועענדיק זיי נאַקעט), צי זיי האָבן עפּעס וואָס נישט אויף זיך באַהאַלטן.

כדאי צו ברענגען דעם פאַקט, ווי איינמאָל איז דער גע־ביטסקאָמיסאַר מורער אָנגעקומען אין געטאָ, און ווען מ'האָט ביי צוויי פרויען געפונען שפּייז (איינע פון זיי אַ באַוווּסטע קינסטלערין), האָט מען זיי גלייך געפירט אויפן פּאָנאַר און דערשאָסן.

אין עטלעכע טעג אַרום ווי מיר זענען אַריין אין דער גרוי'סער געטאָ, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ווייסע שיינען. ווער עס האָט געהאַט אַ ווייסע שיין (ד.ה. אַן אַרבעטס־שיין) — דער האָט געהאַט דאָס רעכט צו גיין אויף אַרבעט.

(כדאי צו באַמערקן, אַז די גרויסע געטאָ מיט דער קליי־נער האָבן נישט געהאַט קיין שום אָפיציעלע פאַרבינדונג).

אין עטלעכע וואָכן אַרום, זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז די אַלע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער קליינער געטאָ, האָט מען אַרויסגעפירט אויפן פּאָנאַר און דערשאָסן.

אַחוץ עטלעכע צענדליק פּאָכלייט זענען לעבן געבליבן, איבערפירנדיק זיי אין דער גרויסער געטאָ.

אום יום־כפור, יאָר 1941, האָט די יידישע פּאָליציי באַ־קומען אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשן, אַז די אַלע, וועלכע האָבן נישט קיין ווייסע אַרבעטס־שיינען, זאָלן זיך שטעלן אין אוונט צום טויער אויף קאָנטראָל, דאַן וועלן זיי באַקומען די אַרבעטס־שיינען.

די וואָס האָבן געגלייבט אין דעם, האָבן זיך געשטעלט צו דער קאָנטראָל. מ'האָט זיי גלייך אָוועקגעפירט אויפן פּאָנאַר און פון דאָרט שוין מער נישט צוריקגעקומען.

דער מצב איז וואָס אַמאָל געוואָרן אומדערטרעגלעכער. די צרות זענען געוואַקסן. יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט נייע גזירות און נייע פאַראָרדענונגען. קיין עסן איז נישט געווען. דאָס וואָס מ'האָט יאָ באַקומען, האָט נישט געקלעקט אפילו אויף צו דערכאַפּן די נשמה. יעדער האָט זיך באַמיט צו פאַרקויפן עפּעס פון זיינע זאַכן און דערפאַר באַקומען אַ ביסל שפּייז, וואָס מ'האָט אַדורכגעשמוגלט פון דער אַרישער זייט מיט גרויס מסירת נפש — דורך דעכער, לעכער איז מען געקראָכן, און אַזוי האָט מען זיך ווי עס איז געהאַלטן.

פלוצעם איז אַרויס אַ נייע פאַראָרדענונג, אַז די ווייסע שיינען ווערן אומגילטיק און אויף זייער אָרט דאַרף מען באַקומען געלע, ד.ה. פאַך־אַרבעטער־שיינען. די שיינען דאַרף מען באַקומען דורכן אַרבעטס־פּלאַץ. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער אַרבעטס־פּלאַץ, וועלכער האָט, למשל, געהאַט ביי זיך 100 אַרבעטער, האָט נאָר באַקומען 20 שיינען, ד.ה. פאַר אַ פינפטל אַרבעטס־מענטשן אינעם דאָזיקן פּלאַץ. אַזויערנאָך האָבן נאָר געהאַט דאָס רעכט צו לעבן אַ פינפטל פון די, וואָס זענען געבליבן אין געטאָ.

ווינטער, אָנהייב 1942, איז געקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז די אַלע, וועלכע האָבן געלע שיינען דאַרפן זיך שטעלן מיט זייערע פאַמיליעס צום טויער גאַנץ פרי און ווי אויך אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער. נאָך אַ שטרענגער קאָנטראָל ביי דעם טויער, איז יעדער אַוועק מיט זיין פאַמיליע צו דעם אַרבעטס־פּלאַץ. דאָרט האָט מען אַלע אויסגעשטעלט אין אַ ריי, מ'האָט יעדן איינעם גענוי און שטרענג באַטראַכט, און ווער עס איז נישט „געפעלן" געוואָרן פון די גרופּעס, למשל: אַן עלטערער, אַ קראַנקער וכדומה — דעם האָבן די דייטשן אַרויסגעצויגן פון דער ריי.

די וואָס זענען געבליבן אין געטאָ אָן די געלע שיינען, האָבן זיך טיילווייז ערגעץ ווו פאַרשטעקט. די דייטשן מיט דער יידישער פּאָליציי האָבן אָבער דורכגעפירט אין געטאָ

זייער אַ שטרענגע קאָנטראָל, וואָס האָט געדויערט אייניקע טעג און די וואָס האָבן נישט געהאַט די איבנדערמאָנטע שיינען, האָט מען אַוועקגעפירט אויפן פּאָנאַר און מער נישט צוריקגעקומען.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען פונעם אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן מיר געטראָפן אַן אויסגעליידיקטע געטאָ. געראַטעוועט האָבן זיך נאָר די, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז אפילו אין די אַרבעטס־פּלעצער האָט מען אויך געדאַרפט האָבן מזל. געווען פּלעצער, למשל, ווו איך האָב געאַרבעט — אויפן ווילנער באַן־הויף — האָט מען נאָך געקאָנט באַקומען אַ ביסל זופּ. אין טייל פּלעצער פלעגט מען אויך באַקומען אַ שטיקל ברויט. אין טייל פּלעצער פלעגט מען נאָר באַקומען — מכות־רצח.

איידער איך וועל דערציילן וועגן מיינע פּאַרטיזאַנישע איבערלעבונגען נאָכן פּאַרלאָזן די געטאָ, וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן אויף אייניקע דערשיינונגען, אויף וועלכע עס איז כדאי זיך אפּצושטעלן.

די דייטשן האָבן געשאַפן די געטאָ נישט בלויז אויף אָפּצוזונדערן די יידן פונעם אַרום. דאָס איז געווען איינער פון די הויפּט־פּאַרניכטיקונגס פּלענער מיט אַ נאַציש־טייוולאַנישער מאַסקע, וועלכער האָט צוגעגרייט אויף שפּעטער די פּאַלשטענדיקע כליה אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. (ווי: די שווידערלעכע וווינונגס־באַדינגונגען אין דער געטאָ; די אכזריותדיקע באַציִונגען און דערנידערונגען פון די דייטשן אד״ג — דאָס אַלץ איז געווען, ווייס מען היינט, ווי אַ התחלה צו דער השמדה: ווי אַ „פאַרשפּיל״ צו דעם 6 מיליאָניקן אומקום...). און כדי צו פאַרטושן זייערע רוצחישע כוונות, האָבן די דייטשן געהייסן אָרגאַניזירן אַ קולטורעל יידיש לעבן, ווי: טעאַטער, קאָנצערטן אא״וו.

די יידישע אינטעליגענץ האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם (און אַמאָל טאַקע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ קליין שטראַלכעלע פון האָפענונג אין דעם מענטשלעך־דערנידעריקטן און אומבאַשרייבלעך־יידיש־צעטראָטענעם לעבן) און מ׳האָט געשאַפן אַ יידישע שולע מיט לערער. איך געדענק ווי צווישן זיי איז געווען דער לערער שעפּטל (היינט ראש־העיר אין ראשל״צ) מאשא עפרון (היינט אַ לערערין אין קרית־שלום). עס זענען אויך געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן אויף עברית, צווישן דער אָנפירערשאַפט: ד״ר דוואָזשעצקי, אבא קאָוונער א״א.

מיט דער צייט האָט זיך אין געטאָ אָרגאַניזירט אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע אויפן נאָמען פ.פ.א. (פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע), וואָס איז באַשטאַנען פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, פון רעכטס ביז לינקס.

די ערשטע צייט איז געווען באַשטימט, אַז מען זאָל קעמפן מיט די דייטשן אין די מויערן פון געטאָ און נישט אין די וועלדער. ווען מ׳האָט אָבער געזען, אַז „די שפּיל איז צום טייוול״ און מ׳קאָן אין געטאָ גאָר ניט אויפטאָן (בסך הכל איז דאָס גאַנצע געטאָ באַשטאַנען פון אַ דריי־פיר געסלעך) — דאַן האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצושיקן גרופּעס אין די וועלדער.

## אין דער פּאַרטיזאַנקע

אין סעפּטעמבער 1943, האָבן די דייטשן פאַרשלאָסן די ווילנער געטאָ, ד.ה. אַז די מענטשן האָט מען שוין נישט מער אַרויסגעפירט אויף די אַרבעטס־פּלעצער, וועלכע זענען געווען אויסער דער געטאָ און אַלע זענען פאַרבליבן אין געטאָ. די באַוואַכונג אַרום געטאָ איז שטאַרקער געוואָרן און אונדזער גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצולאָזן זיך אין וואַלד, איז שוין נישט געלונגען אַרויסצושאַרן זיך דורך די הינטערטירלעך.

אין זעלבן טאָג איז נאָך געלונגען אַרויסצוגיין אַ גרופּע מיטן דיכטער סוצקווער און פרוי, וועלכע זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון די נאַראָטשער וועלדער.

מיר האָבן געזוכט אַ וועג, וויסנדיק, אַז די געטאָ ווערט ליקווידירט אין די נאָענטסטע טעג, און עס איז אונדז לבסוף געלונגען איבערצוקויפן ליטווישע פּאָליציי און מיר זענען אַרויס דורך דעם הויפּט־טויער מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי, גרופּנווייז, צו 2 פּערזאָן, אָפּגערוקט איינער פון צווייטן אויף אַ מרחק פון 20—30 מעטער.

מיר האָבן זיך געדאַרפט טרעפן אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץ, הינטער דער שטאָט — אויפן וועג צו „ביאַלאַוואַקאַ״.

נאָך אינעם זעלבן טאָג האָבן מיר אַרויסגעשיקט מיט אַ וועגעלע דורך אַ פויער (אַ טאַטאַר), וואָס איז כלומרשט געקומען אַרויסנעמען דאָס מיסט פון געטאָ — פּיסטאָלעטן, רעוואָלווערן (קורץ געווער) און אַמוניציע, וואָס איז געווען פאַרבאַהאַלטן אונטער דעם מיסט.

דער וועג דורך דער שטאָט איז אַדורך בשלום. 12 ביינאַכט, בערך, האָבן מיר זיך צונויפגעזאַמלט אויפן באַשטימטן פּונקט. צו אונדזער גליק איז מיט אונדז געווען אַ ייד פון ווילנער געגענט — חיים סאַלק — וועלכער האָט געקענט יעדעס וועגל און יעדעס שטעגל.

אויפן באַשטימטן פּלאַץ האָט יעדער באַקומען זיין געווער, און דורך דער אָנפירונג פון חיים סאַלק, וועלכער האָט אונדז

געפירט אויף אַזוינע וועגן, מיר זאָלן זיך נישט אָנשטויסן אויף קיין שום מכשול — זענען מיר דורך 3 טעג אָנגעקומען אין דער „פושטשאַ רודניצקאַ", 48 ק"מ פון ווילנע. אַריינ־קומענדיק אין אַ וועגל פון דער פושטשאַ, האָבן מיר באַמערקט אַ פורל און ווי איינער איז זיך מטפל מיטן פערד. מיר זענען צו צו אים מיט געווער אין האַנט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ יידישער פּאַרטיזאַנער פון ליטע, חיים לאַזאַר, וועלכן מ'האָט איבערגעשיקט פון נאַראָטשער פושטשאַ מיט אַ גרופּע, צו אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין דער רודניצקער פושטשאַ, ווייל די פריערדיקע גרופּעס, וועלכע זענען דאָרט געווען, זענען אַלע אויסגעהרגעט געוואָרן.

חיים לאַזאַר האָט זיך גלייך מיט אונדז פאַרשטענדיקט און אונדז אַריינגעפירט אין דער פושטשאַ און מיר האָבן זיך באַזעצט אויף אַ געוויסן פּונקט.

ער האָט וועגן אונדז גלייך איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדיר פון ליטווישן פּאַרטיזאַנער־שטאַב, יורגיס, אויך אַ ייד. די ערשטע טעג איז אונדז נישט געגאַנגען אַזוי לייכט. די ליטווי־נער און די רוסן האָבן אונדז פאַרגעוואָרפן, אַז מיר זענען פּחדנים, וואָס מיר האָבן די גאַנצע צייט נישט געקעמפט, נאָר געזעסן אין געטאָ.



יצחק אלתר עם קבוצת פרטיזנים ביערות פושצ'ה רודניצקה (בסביבת וילנה) השני מימין, עומד, מאחורי הנשים, לבוש כובע
פּאַרטיזאַנער־גרופּע מיט יצחק אלתר
(2־טער פון רעכטס הינטער די פרויען)

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, זענען אָנגעקומען צו אונדז 2 גרופּעס פּאַרטיזאַנער פון ווילנער געטאָ. די לעצטע גרופּע איז אָנגעקומען מיט אַבא קאָוונער, וועלכע זענען אַרויס דורך די קאַנאַלן פון געטאָ און אין זייער אַ שלעכטן צושטאַנד זענען זיי צו אונדז אָנגעקומען. צווישן זיי זענען געווען אייניקע קראַנקע, וואָס האָבן זיך אָנגעשטעקט פון דער פאַרפעסטעטער לופט אין די קאַנאַלן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן, זיך איינגלידערנדיק אין דער ליטווישער פּאַרטיזאַנקע און ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אויף פּאַרטיזאַנישע אַרבעטן, ווי: אויפרייסן באַנען, מינירן וועגן און איינשאַפן זיך עסן אין די דערפער.

פיל האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין פון די פוילישע פּאַר־טיזאַנער: „אַרמיאַ קראַיאָוואַ". די דייטשן האָבן מער מורא געהאַט פאַר די פּאַרטיזאַנער ווי די פּאַרטיזאַנער פאַר זיי. די פוילישע פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז פאַרשטעלט די וועגן, געמאַכט „זאַסאַדעס" און ווען מיר זענען אַדורך האָבן זיי אויף אונדז געשאָסן. אַ סך זענען געפאַלן פון אונדז. איינמאָל האָבן זיי געכאַפּט אַ יידישע פּאַרטיזאַנקע, זי צעשניטן אויף שטיקער און צעוואָרפן אויף קילאָמעטערס ווייט. זיי האָבן פילמאָל געאַרבעט צוזאַמען מיט די דייטשן און אויסגעגעבן באַהאַל־טענע יידן אין די דערפער.

נאָך פיל אינפאָרמאַציעס, וועלכע זענען אונדז צוגעטראָגן געוואָרן דורך „אונדזערע מענטשן" (פּויערים), זענען מיר געוואויר געוואָרן, אַז די הויפּט קוועלע פון די פוילישע פּאַרטי־זאַנער איז דאָס דאָרף „קאָניוכי". מיר האָבן זיך גלייך פאַר־שטענדיקט מיט אונדזער שטאַב, וועלכער האָט געהאַט אַ טאָג־טעגלעכע ראַדיאָ־פאַרבינדונג מיטן הויפּט־שטאַב אין מאָסקווע, און באַקומען אַ באַפעל „אַפּצווישן" דאָס דאָרף, נישט איבער־לאָזן קיין איין לעבעדיקן נפש און גאָר נישט נעמען פון דאָרף, אפילו נישט קיין עסנוואַרג.

נאָכדעם ווי אונדזערע פּאַרטיזאַנער האָבן אַרומגערינגלט דאָס דאָרף, עס אונטערגעצונדן, גלייכמאַכנדיק עס מיט דער ערד — איז געוואָרן שטיל, מ'האָט שוין מער קיין יידן נישט אַרויסגעגעבן און די וועגן זענען געוואָרן פרייער.

איינמאָל, ווען אַ גרופּע (3־טער אָטריאַד) איז אַרויס אויף אַן „אַרבעט", האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ יידישן בחור, וועלכער האָט זיך געבעטן, מ'זאָל אים אויפנעמען אין דער פּאַרטיזאַנקע. ער שטאַמט פון פולטוסק, האָט ער זיך דער־ציילט. דאָס איז געווען רפאל משה שאַכס אַ זון.

אַזוי ווי איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט געוווּסט, אַז איך שטאַם פון פולטוסק, האָט ער דעם יידישן בחור מיטגענומען, אַריינגעפירט צו זיך און מיר דערפון געגעבן צו וויסן.

איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, גלייך גענומען צו זיך, געגעבן צו עסן, אים אָפּגעוואַשן און געביטן זיינע צעריסענע קליידער. און אַזוי ווי ער האָט געאַרבעט אַלס פּאַסטוך־נישט־ייד ביי אַ פויער און ער האָט גוט געקענט אַלע וועגן, האָט דער „אָטריאַד" באַשטימט, ער זאָל בלייבן מיט זיי אַלס וועג־ווייזער. אַזוי איז ער מיט זיי פאַרבליבן ביזן סוף פון דעם קריג.

געלעבט האָבן מיר אין וואַלד, אין די הינטערערדישע בונקערס, וועלכע מיר האָבן אויסגעבויט (מיטן בויען האָבן זיך פאַרנומען 2 פּולטוסקער: איך און אברהם צעלניק). זיי זענען געווען אַזוי שטאַרק פאַרמאַסקירט, אַז ס'איז שווער געווען צו דערקענען פון דרויסן, אַוווּ זיי געפינען זיך. מחוץ דעם בונקער, וווּ מיר האָבן געוווינט, איז געווען אַ בונקער אַלס שפּיטאָל מיט אַ דאָקטער ווי אויך אַ בונקער — אַ בעקעריי מיט אַן אויסגעבויטן אויוון, צו באַקן ברויט און אַ בונקער — אַ שוויץ־באָד. אַ דאַנק די באָד, איז ביי אונדז נישט געווען קיין אומריינִיקייטן.

אָבער נישט שטענדיק האָבן די פּאַרטיזאַנישע אויפגאַבן זיך איינגעגעבן. דאָס שווערסטע איז געווען, ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, נאָר צום אויפרייסן, דער צינדער איז שוין געווען אין דער מינע און פּלוצעם קומט אָן אַ באַפעל, אַז מ'דאַרף איצט נישט אויפרייסן און אַלץ פונאַנדערנעמען אויף צוריק.

עס דערמאָנט זיך אַ פאַקט: אין דער צייט, ווען איך האָב זיך פאַרנומען מיט לייגן מינעס, האָבן מיר אין אַ געוויסן טאָג באַקומען אַ מעלדונג פון שטאַב, אַז אויפן שאָסיי, וואָס פירט פון ווילנע קיין איישישאָק — דאַרפן מאָרגן פרי אַדורכפאָרן אַ קליינער טאַנק און עטלעכע דייטשישע געפּאַנצערטע אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט פון ווילנע נאָך איישישאָק אויף אַ ספּעציעלער אַקציע. מיר, אַ גרופּע פון 30 מאַן, בערך, האָבן געקריגן אַ באַפעל צו לייגן מינעס און זיי אָפּריינִיקן פון וועג. איך האָב געלייגט עטלעכע מינעס אין דער ברייט פון שאָסיי, און עס איז באַשטימט געוואָרן, ווי נאָר די מינעס וועלן אויפרייסן דעם קליינעם טאַנק, וועלכער פלעגט שטענדיק צום ערשטן אויסשפּירן דעם וועג — זאָלן מיר באַשיסן און אומברענגען די געסטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין פון 60 ביז 100 מאַן (אין דער צייט האָבן מיר שוין געהאַט גוט געווער אפילו קעגן טאַנקן).

אין אָוונט זענען מיר אַרויס אויף דער דאָזיקער „אַרבעט". איך האָב געלייגט די מינעס מיט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל. איינער פון די פּאַרטיזאַנער איז אַרויף אויף אַ בוים אויסקוקן, ווען די גרופּע קומט אָן, מ'זאָל זיין גרייט. 9 פרי, בערך, האָבן מיר דערהערט פון דער ווייטן פאָרן אויטאָס און פּלוצעם — אַ שטאַרקן אויפרייס און אַ קעגנזייטיקע שיסעריי.

דער פּונקט, וווּ מיר האָבן געדאַרפט דורכפירן די אַקציע, איז געווען, בערך, פון אַ 600 ביז 800 מעטער פון אַ בריקל לעבן דאָרף „זיגמונד־טשישקי", וועלכע די דייטשן האָבן באַוואַכט, און דאָרט זענען זיי געזעסן אין אַ בעטאָנירטן בונקער. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ מין אויפרייס, דאַרף די וואַך איבערגעבן אַ באַריכט, וואָס עס האָט געטראָפן. די דייטשן ווייסן זייער גוט, אַז אַ פּאַרטיזאַנישע אַקציע דויערט נישט מער ווי 15 אָדער 20 מינוט. מורא האָבנדיק פאַר זייער אייגענער „פעל", וועלן זיי (די דייטשן) נישט אַרויס פון זייערע בונקערס, איידער עס וועט אַדורכגיין 20 מינוט, כדי צו קאָנטראָלירן דעם פאָרפאַל — דאָס האָבן מיר געוווּסט.

אונדזער קאָמאַנדיר האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז איך אַליין מוז די מינעס צוריק אַרויסנעמען, ווייל אַ צווייטער קאָן דאָס נישט מאַכן. און כדי צו שיצן האָט ער איבערגעלאָזט 4 פערזאָן: 2 מיט פּולעמיאָטן און 2 מיט אויטאָמאַטן (צווישן די 4 פּאַרטיזאַנער איז געווען ד"ר ליאו בערנשטיין, היינט פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט אין ישראל).

מיר האָבן זיך פאַרשטעקט הינטער די ביימער, וואַרטנדיק, אַז דער דייטשער פּאַטרול זאָל דורך און וויסנדיק, אַז במשך פון אַ האַלבער שעה וועלן זיי זיך צורקקערן צו זייער באַזע.

ווי נאָר דער פּאַטרול איז דורך, בערך, אַ 100—200 מעטער, האָב איך, גייענדיק אַרויסנעמען די צינדערס פון די מינעס געוווּסט, אַז איך גיי 99 פּראָצענט אויפן טויט און געזאָגט צו בערנשטיינען: „ליאו, געדענק, אַז איך האָב 2 שוועסטער אין ישראל!" — אַזוי בין איך אַרויס אויפן פרייען שאָסיי, זעענדיק נאָך די דייטשן פון דער ווייטנס. די 4 פּאַרטיזאַנער האָבן מיר באַשיצט מיט זייער געווער, און איך, קריכנדיק אויף אַלע פיר, האָב אַרויסגענומען די צינדערס פונעם אויפרייס־מאַטעריאַל; איך האָב געהאַט גליק און עס איז מיר געלונגען. עס איז דאַן געווען ווינטער, אַ גרויסער פראָסט האָט געברענט, אָבער איך בין געווען נאַס פון שווייס...

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז אין אונדזער וואַלד געווען אַ ספּעציעלע גרופּע פון רוסישע פּאַרטיזאַנער־פּאַראַשוטיסטן, זיי האָבן זיך גערופן: „שפּעטש־גרופּע", וועלכע האָט אַדורכגעפירט ספּעציעלע אויפגאַבן אין טיל פון פראָנט. זיי האָבן אויך באַקומען דעם זעלבן באַפעל אומצוברענגען די געסטאַפּאָ־לייט. זייער פּונקט האָבן זיי באַשטימט אַ 6 ק"מ, בערך, פאַר אונדז. זיי האָט געלונגען אויפצורייסן.

אין מאַי—יוני 1944 האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל זיך צו רירן אין וועג, ליקווידירן אַלץ אין וואַלד און גיין נאָך ווילנע.

מיר זענען אָנגעקומען אין ווילנע צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, קעמפנדיק מיט זיי צוזאַמען קעגן די דייטשן.

אין ווילנע בין איך לאַנג נישט געבליבן. האַלב ווילנע איז געווען פאַרברענט. קיין יידן האָבן מיר כמעט נישט געטראָפן.

איך און אייניקע פּולטוסקער ווי: די ברידער צעלניק, די פרוי פון גוטן, וועלכער איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די ליט־

ווינער, נאָך פאַרן אַריינגיין אין געטאָ — האָבן מיר זיך געלאָזט אויפן וועג צו פּולטוסק. אַזוי ווי פּולטוסק איז נאָך געווען ביי די דייטשן, זענען מיר אַוועק קיין שעדליץ. דאָרט זענען מיר געווען אייניקע מאָנאַטן (ביי דער משפּחה צעלניק). מיר זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דעם יידישן קאָמיטעט אין לובלין און דערנאָך — אין פּראַגאַ־וואַרשע. איך האָב מיטגעאַרבעט מיט די פאַראייניקטע ציוניסטישע גרופּעס.

אין מאַי 1945 האָב איך מיט מיין פרוי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון טויטן־לאַגער, שטוטהאָף, זיך געלאָזט אין וועג מיט אַ גרופּע — דורך טשעכיע, טראַנסילוואַניע, רומעניע, אונגאַרן, עסטרייך און איטאַליע. דאָרט, אין איטאַליע, בין איך געבליבן אַ יאָר צייט, בערך. איך האָב געאַרבעט אין רוים אַלס מרכז (קאָנצענטרירער) פון „אירגון הפליטים איזור רומא״.

דעם 1־טן אַפּריל 1946, בין איך אָנגעקומען קיין ישראל (מיין פרוי איז נאָך אָנגעקומען אין ישראל אין נאָוועמבער 1945 — לעגאַל און מיט אַ באַדינג, אַז איך זאָל ממשיך זיין אין רוים צו אַרבעטן אין „אירגון הפליטים״).

היינט אַרבעט איך אין אַ מוסד פון ועד הפועל של ההס־תדרות, אַלס בוכהאַלטער, אין מחלקת הקולנוע, פון יאָר 1947.



## יוסף ניעסטעמפּאווער (זון פון שלמה און אסתר) / אונדזער ערשטע און לעצטע באַגעגעניש

ווען מיר זענען אָנגעקומען מיט אַן עשאַלאָן קיין ר.פ. האָט מען אַ גרופּע פון 70 יונגע פּליטים אָפּגעטיילט און גע־שיקט אין אַ שטעטל נאָך פּאַלאַצק — אסוועיעא — ביי דער לאַטווישער גרענעץ.

מיינע עלטערן מיט דריי ברידער און אַנדערע נאָענטע קרובים, דערונטער מיין פאָטערס ברודער יודל מיט זיין פאַמיליע און נאָך עטלעכע פּולטוסקער משפּחות, זענען באַזעצט געוואָרן אינעם שטעטל קאַפּיל, מינסקער געגנט, וועלכע איך האָב באַקומען אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן ערשט אין מערץ 1941.

דאָס איז געווען אונדזער ערשטע און לעצטע באַגעגעניש, זייט 1939, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט. אין שטעטל אסוועיעאַ, איז מיט מיר געווען צוזאַמען מיינער אַ יוגנט־חבר, יהושע, שמחה באַראַדאָוויטשעס אַ זון. מיר האָבן דאָ איינגעאָרדנט אַ פאָטאָ־אַנשטאַלט. דאָס פאַך האָבן מיר געלערנט און געאַרבעט צוזאַמען, נאָך אין פּולטוסק.

זייענדיק די ערשטע און די איינציקע פאָטאָגראַפיסטן דאָן אין שטעטל, האָבן מיר געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך גוט איינצואָרדענען און צו שליסן אַ סך באַקאַנטשאַפטן.

פון די 70 פּוילישע יידן, וועלכע זענען ביסלעכווייז פאַר־שיקט געוואָרן פונעם שטעטל אַלס נישט זיכערע עלעמענטן, זענען מיר געבליבן בלויז מיט געציילטע.

דער דייטשישער איבערפאַל איבער רוסלאַנד, איז געווען פאַר אונדז אַזוי אומגעריכט, אַז קיינער פון די יידן האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן.

די באַן־ליניע איז געווען ווייט. דער שנעלסטער דורכ־רייס פון דעם גאַנצן פראָנט, איז מצד די היטלער־אַרמיי געקומען דורך די באַלטישע לענדער.

איז אויך אונדזער שטעטל אָקופּירט געוואָרן אין די סאַמע ערשטע טעג פונעם נאַצישן איבערפאַל. צוזאַמען מיט דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג האָבן מיר גלייך דער־פילט דעם מערדערישן היטלער־רעזשים. גלייך האָט מען אונדז „באַשאַנקען״ מיט דער געלער לאַטע. רדיפות און שווערע קאַטאָרגע־אַרבעטן זענען געווען אונדזערע טאָג־טעג־לעכע פאַרציעס.

מיטן אָנקומען פון ווינטער האָט מען אַלע יידן פאַר־שפּאַרט אין אַ געטאָ, אַרומגעצוימט מיט שטעכל דראָט. צענ־דליקער פאַמיליעס האָבן געוווינט אין באַראַקן און אין די ערגסטע באַדינגונגען. צרות־צרורות האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף אונדזערע קעפּ.

ווען די פראָסט האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איז אונדזער לאַגע געוואָרן גאָר אומדערטרעגלעך. באַרוועסע, הונגעריקע און אין שמאַטעס פאַרוויקלטע פלעגט מען אונדז טרייבן צו די שווערסטע אַרבעטן. דער, וואָס איז אָפּגעשטאַנען, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.

— די וואָס קאָנען נישט אַרבעטן דאַרפן נישט לעבן — האָבן די דייטשישע וואַך־זעלנער דערקלערט. איינעם אַן אויסנאָם פון די וואַך־זעלנער האָבן מיר געהאַט נאָר געציילטע טעג. ער פלעגט נישט יאָגן ביי דער אַרבעט ווי אַנדערע. אַ געוויסן טאָג האָט ער געבעטן דעם שאָפער, וואָס האָט געפירט דאָס עסן פאַר די דייטשן, ער זאָל דאָס איבערבלייבעכץ נישט אַרויסוואַרפן און ברענגען אַ ביסל וואַרימע זופּ פאַר „זיינע

יודען״, וועלכע אַרבעטן גוט. דער שאָפער האָט, ביים צוריק־קומען, אונדז אָנגעגאָסן וואַרימע זופּ אין אַ גרויסער קאָנסערוון־פּושקע; די איינציקע כלי, וואָס מיר האָבן דאַן פאַרמאָגט. אַזוי ווי מיר האָבן קיין אַנדערע כלים נישט געהאַט, האָט יעדער געדאַרפט אָפּזופּן פון דער פּושקע, לויט דער ריי. דעם ערשטן זופּ האָט באַקומען אַן עלטערער ייד. דאָ האָט אַ דייטשישער וואַך־זעלנער פון אַ צווייטער גרופּע דאָס באַמערקט, דאַן האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען:

— דו, פאַרפלוכטער יודע! אָנשטאָט אַרבעטן ווערסטו עסן?

ער איז צוגעלאָפן און מיטן באַגנעט אים דורכגעשטאָכן דעם בויך. דער ייד האָט אין משך פון געציילטע מינוטן אויסגעהויכט די נשמה. דער מערדער האָט מיטן פוס אַוועקגעקאָפּעט די פּושקע מיט דעם עסן און אונדז געוואָרנט:

— אַרבעטן דאַרף מען! נישט עסן!

אויף מאָרגן איז אונדזער גוטער וואַך־זעלנער פאַרטוישט געוואָרן אויף אַ צווייטן, וועלכער האָט אונדז שוין „באַצאָלט״ פאַר יענע „גוטע״ טעג, וואָס מיר האָבן געהאַט ביי דעם פריערדיקן.

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער און אומדערטרעגלעכער. דער שווערער ווינטער פון 1941—1942 און די גרויזאַמע באַהאַנדלונג פון די וואַך־סאָלדאַטן האָבן אונדז לחלוטין אויסגעשעפּט. דער חודש פעברואַר איז אַריבער. מיר האָבן געהאָפט אויפן פרילינג, וועלכער וועט אונדז אַ ביסל פאַרלייכטערן.

אויפן צווייטן טאָג פון חודש מערץ איז צו מיר אַריינגעקומען אַ ווייסרוסישער פּאָליציאַנט, וועלכער האָט מיך געקענט (איך האָב אים מיט זיין משפחה פאָטאָגראַפירט) און איבערגעגעבן, אַז זיין מוטער, וועלכע אַרבעט אין דער דייטשישער קאָמענדאַנטור, האָט אים געהייסן מיר מודיע זיין, אַז עס זענען אָנגעקומען געסטאַפּאָווצעס, וועלכע וועלן מאָרגן פרי ליקווידירן די געטאָ.

איך, באַראַוויטש און נאָך אַ יידישער בחור (יצחק סמירין) פונעם שטעטל, האָבן נאָך פון פריער זיך געהאַט באַזאָרגט מיט דריי רעוואָלווערן און אַ ביסל קוילן אויף אַ נויט־פאַל. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איצט איז דער לעצטער שאַנס אויף פּרוּוון זיך צו ראַטעווען.

אין דעם באַראַק, וווּ מיר האָבן געוווינט, האָבן מיר געמאָלדן — ס׳איז געווען שוין שפּעט ביי נאַכט — אַז מיר גרייטן זיך צו אַנטלויפן און ווער עס וויל מיט אונדז מיטהאַלטן, זאָל דאָס שוין טאָן.

כמעט אַלע זענען געווען פאַמיליע־מענטשן מיט קינדער און אויך אַלטע לייט — האָט קיינער פון זיי נישט געוואָלט איינשטעלן. להיפך: זיי האָבן געפּרוווט אונדז דערפון אָפּרעדן; באשר מיט אונדזער אַנטלויפן וועלן מיר נאָך מער אויפרייצן די דייטשן:

— וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן, ווען מיר וועלן דאָ בלייבן?

— ווען נישט היינט, וועלן זיי אונדז מאָרגן אויסמאָרדן — האָבן מיר זיי געגעבן צו פאַרשטיין. אַן אויסנאַם פון אַלע זענען געווען די אַלטע עלטערן פון אונדזער דריטן חבר. זיי האָבן דערמונטערט זייער זון און אויך אונדז, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן און מצליח זיין.

— גייט, מיינע ליבע קינדער, און ראַטעוועט אייערע יונגע לעבנס! נעמט נקמה אויף פאַר אונדז!

זיי האָבן קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער מיט אַ צעבראָכן וויינענדיקן קול, אַזוי, אַז אַלע אין באַראַק האָבן מיטגעוויינט.

איינגעוויקלטע אין ווייסע ציכן זענען מיר געקראָכן אין שניי. די ווייסקייט פון דעם שניי האָט פאַרמאַסקירט אונדזער ווייסע אָנטועכץ און מיר האָבן אומבאַמערקט פון קיינעם זיך דערנענטערט צום אַרויסגאַנג־טויער.

אין דרויסן האָט זיך כסדר געהערט דאָס שיסן פון דער ס.ס.־וואַך, וועלכע האָט אָן איבעררייס געשאָסן, כדי צו וואָרענען די באַפעלקערונג אין געטאָ.

מיר האָבן די אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן געהאַלטן גרייט. דאָ האָבן מיר דערזען — עטלעכע מעטער פון אונדז — די צוויי וואַך־זעלנער, אַרויסקוקנדיק פון טויער. זייענדיק אומבאַמערקט פון קיינעם און אויך פון זיי, האָבן מיר געהאַט אַ מעגלעכקייט אין זיי אויסצושיסן, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט דער אַלגעמיינער דרויסנדיקער שיסעריי. זיי זענען געבליבן טויט אויפן אָרט און מיר האָבן שנעל צוגענומען זייערע ביקסן און דאָס ביסל אַמוניציע, וואָס זיי האָבן געהאַט.

אויפגעמאַכט דעם טויער, ווייטער אויפן בויך זיך געשאַרט און אונטער דער באַשיצונג פון דער פינצטערער נאַכט זיך אַזוי אַרויסגעשאַרט פון שטעטל.

ווייטער איז עס שוין אָנגעקומען לייכטער. די ווייסע ציכן האָבן מיר פון זיך אַראָפּגענומען און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פונעם וואַלד.

ס׳איז געווען שוין גוט ליכטיק. מיר האָבן זיך געפונען ביי אַ 10 ק״מ פונעם שטעטל. צום וואַלד האָט נאָך געקאָנט זיין אַ פינף קילאָמעטער בערך. צוליב דער ליכטיקייט פון טאָג האָבן מיר אַהין שוין נישט געקאָנט דערגרייכן. מיר האָבן

זיך גוט פֿאַרמאַסקירט און געפּאַרשט פֿון דער ווייטן די צוויי נאַענטע דערפֿער, וועלכע מהאָט גוט געקאָנט זען. דער פֿאַר־שנייטער שטח האָט קלאָרער געמאַכט דעם אַרומיקן געגנט. דער פֿריש אָנגעפֿאַלענער שניי פֿון דער פֿרי, האָט שוין געהאַט פֿאַרווישט די צייכנס פֿון אונדזערע פּיסטריט.

מיטאָגצייט האָבן מיר דערזען, ווי געסטאַפּאָווצעס און ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן לויפֿן אַרום איבער די צוויי דערפֿער „אָסטראָוו און „סאָקאָלי" און זוכן, נישטערן. און אָט באַמערקן מיר, ווי זיי שלעפּן יידן פֿון באַהעלטענישן, שלאָגן זיי מיט די קאָלבעס און שטעכן זיי מיט די באַגנעטן. דאָס בילד פֿון דער ווייטן מאַכט אויף אונדז אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק.

קענטיק, אַז נאָך אונדזער ליקווידירן די וואַך ביי דעם טויער, זענען נאָך אַנדערע יידן פֿון געטאָ אַנטלאָפֿן.

מיר זענען געלעגן ציטערנדיקע פֿון קעלט און צוגעקוקט זיך צו די שרעקלעכע בילדער. עס האָט אונדז געריסן פֿון אָרט, אינסטינקטיוו זיך געכאַפּט ביים געווער. אָבער אומ־מעכטיק זענען מיר געווען אין דעם דאָזיקן מאָמענט עפּעס צו טאָן.

דאָ האָט אונדזער חבר דער דריטער זיך פּלוצעם אַ ריס געטאָן פֿון אָרט און אַרויסגעכאַפּט פֿון מיר די ביקס. אָט זעט ער דאָרט זיין מאַמען ווי די דייטשן שלעפּן און שלאָגן זי.

— מיין מאַמע! האָט ער געשריגן. אָ, איך דערקען זי! איר פֿאַטשיילע!

מיר האָבן אים אָפּגעהאַלטן און געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער שטעלט אונדז אַלע אין קאָן. ווער ווייס, צי עס איז טאַקע דיין מאַמע צי אַן אַנדער מאַמע. ווען יאָ, דאַרף אונדזער נקמה קומען אויך פֿאַר אונדזערע מאַמעס, פֿאַר אַלע יידישע מאַמעס וואָס ווערן געפּייניקט און דערמאָרדעט. זי וועט קומען די נקמה, אָבער נישט אין דער רגע. איצט זענען מיר אין סכנה. אַזוי האָבן מיר אים צוביסלעך באַרויקט.

מיטן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט האָבן אונדזערע פּייכטע קליי־דער אָנגעהויבן צופֿרירן צום לייב. זיי האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין האַרטע בלעכן. און אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער ווייטערדיקן מאַרש. צוקומענדיק צום דאָרף סאָקעלי, קלאַפּן מיר אָן אין אַ וווינונג. פֿון אינעווייניק הערט זיך אַ פֿרויען שטימע: „ווער איז?" ווי נאָר די פֿרוי האָט אונדז דערזען, אָפּשפּאַרנדיק אַ ביסל די טיר, האָט זי גענומען שרייען: „האַ, זשידעס? טראָגט זיך אָפּ פֿון דאַנען! וויפֿל מ'שיסט און מ'הרגעט זיי אויס בלייבן נאָך אַלץ לעבעדיקע יידן!"

אין דער פֿינצטער האָט זי נישט באַמערקט דאָס געווער ביי אונדז, אַרויסקוקנדיק דורך אַ שמאָלער שפּאַרונע. אויך מיר האָבן באַשלאָסן זיך דערמיט איצט נישט צו באַנוצן, און אַוועק אין וואַלד אַריין. אָפּגייענדיק אַ זיבן קעלאָמעטער, זענען מיר אָנגעקומען צום דאָרף פּראַשקי.

איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ באַקאַנטער סטודענטין, וואָס וווינט דאָ. איך האָב זי אַמאָל פֿאָטאָגראַפֿירט צוזאַמען מיט איר משפּחה.

די צוויי חברים האָב איך איבערגעלאָזן אין וואַלד און מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, אויף יעדן פֿאַל, אַריין אין דאָרף.

כ'קלאַפּ אָן אין דער ערשטער וווינונג. אַ מענער שטים פֿרעגט מיך ווער איך בין.

— ווו וווינט דאָ די משפּחה פּאַוולאָוו? — פֿרעג איך.

— איך בין עס! — ענטפֿערט מיר די שטים.

— ווער אָבער ביסטו? — פֿרעגט מיך צוריק די שטים.

אַ יונגע פֿרוי איז צוגעקומען צו דער טיר, מיך דערזען און אויסגעשריגן:

— יוסף! דאָס ביסטו?!

שנעל האָט מען מיך אַריינגענומען אין שטוב. זיי באַשיטן מיך מיט פֿראַגן: „ווי אַזוי ביסטו אַרויס אַ לעבעדיקער? און „צי ביסטו אַליין?"

— איך בין דאָ מיט נאָך צוויי חברים — ענטפֿער איך.

די טאָכטער, די סטודענטין, איז גלייך אַוועק צום וואַלד און לויט די סימנים, וואָס איך האָב איבערגעגעבן זיי גלייך געבראַכט.

אויך איר מוטער האָט זיך גלייך גענומען פֿאַרען אַרום אונדז. מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די „בלעכענע" קליי־דער, אָנגעטאָן אַנדערע, וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן.

דאָס וואַרעמע עסן, וואָס זיי האָבן אונדז דערלאַנגט, האָט אונדז אויפֿגעמונטערט און דערמוטיקט צוזאַמען מיט די וואַרעמע רייד פֿון דער גוטער פֿאַמיליע.

פֿיר פֿאַרטאָג האָט אונדז דער פֿאָטער אויפֿגעוועקט. אויס־געטרוקנט זענען שוין געווען אונדזערע קליידער. מיטגעבנדיק אונדז אַ זעקל מיט עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט פֿאַר אונדז צוגעגרייט, ווענדעט זיך צו אונדז דער פֿאָטער:

— קומט, חברים! און ער האָט אונדז אַוועקגעפֿירט טיף אין וואַלד אַריין.

די פֿאַרטאָגיקע קעלט האָט אונדז ווידער אַדורכגענומען און מיר האָבן אינגאַנצן געציטערט. אָבער די פֿריינדלעכקייט פֿון דעם חבר פּאַוולאָוו, האָט אונדז געמונטערט און גע־וואַרעמט.

אָפּגייענדיק אַ 6—7 ק"מ בערך, האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן און אָנגעוויזן אויף אַ פֿאַרלאָזן הייזל פֿון אַ וואַלדוועכטער און זיך מיט אונדז געזעגנט.

דאָס הייזל, אָן טירן, אָן פענצטער, האָט אָנגעוואָרפן אויף אונדז אַ פּחד. דערנענטערנדיק זיך, האָבן מיר דערהערט אַ כראָפּען, נישט קענענדיק אונטערשיידן צי דאָס איז פון וועלף, אָדער פון מענטשן. פּאַרזיכטיק, מיטן געווער גרייט צו שיסן האָבן מיר אָנגעהויבן אַריינצוגיין אינעווייניק.

דאָס בילד האָט אונדז צוגעשמידט צו די ערטער.

דריי יידן פונעם שטעטל זענען געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. מיר האָבן זיי פּאַרזיכטיק אויפגעוועקט. זיי האָבן זיך מיט אונדז דערפרייט און מיט אונדזער געווער.

אַ וואָך צייט זענען מיר פאַרבליבן אין דעם הייזל. יעדע נאַכט פלעגט מען פון דער פאַמיליע פּאַוולאָוו ברענגען עסן. קומענדיק דאָס לעצטע מאָל זאָגט זי אונדז:

— איר מוזט גלייך אַוועק פון דאַנען. אַ פויער פון דאָרף, קלייבנדיק דאָ האָלץ, האָט אייך באַמערקט און עס איבער־געגעבן אין דאָרף. אַלע אין דאָרף האָבן באַשלאָסן צו מעלדן וועגן אייך אין דייטשישן שטאַב.

פאַרטאָג האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס הייזל. קוים אָפּגע־גאַנגען אַ צוויי קילאָמעטער, האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. מיר האָבן דורך דיביימער, וועלכע זענען אין דעם פלאַץ געוועזן שיטערלעך, באַמערקט ווי „אונדזער הייזל״ ברענט. די דייטשן האָבן עס באַשאָסן און אונטערגעצונדן, גלויבנדיק, אַז מיר געפינען זיך נאָך דאָרט.

מיט שנעלע טריט זענען מיר אַוועק טיפער אין וואַלד. דאָ האָבן מיר געפונען אַ בונקער, וועלכער איז דורכן רוסישן מיליטער ווי צוגעגרייט געווען פאַר אונדז. דאָס איז געווען, וואַרשיינלעך, פון די נישט אויסגענוצטע אָקאָפּעס. מיר האָבן אים נאָך מער פאַרמאַסקירט מיט צווייגן און איינגעאָרדנט „אונדזער וווינונג״. דערנערט האָבן מיר זיך מיט קאַרטאָפל, וואָס מיר פלעגן ביי דער נאַכט אַרויסנעמען פון די זאַפּאַסן גריבער, וואָס די פויערים פון דאָרף האָבן געהאַט באַגראָבן.

צוויי וואָכן זענען שוין געווען אַריבער און קיינער פון דער פאַמיליע פּאַוולאָוו האָט אונדז מער נישט באַזוכט. פון וואַנען זיי אייגנטלעך געקאָנט וויסן וווּ מיר געפינען זיך? אָבער ווי אַנגענעם איבעראַשט זענען מיר געוואָרן, ווען אין אַ פאַרטאָג האָט זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט פון פּאַוולאָווס טאָכטער. פון פרייד האָט זי אַזש געוויינט. זי האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז די דייטשן זענען געווען זיכער, אַז איר זענט אומגעקומען און פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן הייזל.

זי האָט אונדז געזוכט צוויי וואָכן, זייענדיק זיכער, אַז מיר האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען און ערגעץ ווו זיך איינ־געאָרדנט.

אַזוי האָבן מיר געלעבט אין וואַלד דעם גאַנצן ווינטער. דערווייל זענען צו אונדז צוגעקומען נאָך צוויי יידן און עטלעכע רוסן, וועלכע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון געפאַנ־גענשאַפט. מיר זענען שוין געווען אַ גרופּע פון 15 מאַן.

דער פרילינג האָט זיך דערנענטערט און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צו אַ פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט, אָנקלייבנדיק אין וואַלד געווער און מינעס פון די רוסישע חילות, וועלכע האָבן פאַריקן זומער אין איילעניש אָפּגעטראָטן און געלאָזט עס אין די אָקאָפּעס.



יוסף ניעסטעמפּאָווער אַלס פּאַרטיזאַן (אין דער מיט)

מיר האָבן באַשטימט דעם טאָג פון 15־טן מאַי, אַלס אָנהייב פון אונדזער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט. פאַרטאָג האָבן מיר איינגעגראָבן מינעס אויף דעם וועג, ווו מיר פלעגן באַ־מערקן — בעת אונדזערע אויסשפּירונגען — פאָרן דייטשישע מאַשינען מיט געווער און פּראָוויאַנט. אַלע פויערישע וועגענער וועלכע זענען אָנגעקומען אויפן וועג האָבן מיר פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט טיף אין וואַלד אַריין. ווי אויף צו להכעיס זענען דעם פרימאָרגן קיין דייטשישע אויטאָמאַשינען נישט אָנגעקומען, אַזוי, אַז אַ טייל פון אונדז האָבן זיך שוין אָנגע־הויבן מיאש צו זיין.

ענדלעך 11 אַ זייגער פאַר מיטאָג, האָבן אונדזערע אויס־שפּירער פון אַ הויכן בוים באַמערקט אַן אויטאָ מיט דייטשן.

מיר זענען געווען אַזוי געררייצט, אַז מהאָט זיי אַפילו נישט צוגעלאָזט ביז די איינגעגראָבענע מינעס, און געעפנט אויף זיי אַ קרייץ־פייער פון אַלע זייטן. דער בענזין־טאַנק האָט זיך גלייך אָנגעצונדן. זיי האָבן נישט באַוויזן צו שטעלן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד. איינער פון זיי האָט פון דער קאַבינע געוואָלט וואַרפן אַ גראַנאַט אויף די דערנענטערנדיקע חברים פּאַרטיזאַנער, אָבער ער איז גלייך געפאַלן אַ צעלעכערטער פון אונדזערע קוילן. פיר און צוואַנציק דייטשן זענען זיי געווען. מיר האָבן זיי פאַרענדיקט מיט די קאָלבעס און באַ־גנעטן, מיט אויסגעשרייען: „פאַר אונדזערע מאַמעס און טאַטעס! פאַר אונדזערע שוועסטער און ברידער! פאַר אַלע יידן, אויסגעמאָרדעטע דורך אייך, באַנדיטן!“ די נקמה־געפילן האָבן זיך ביי אונדז אַזוי צעפלאַקערט, אַז מיר האָבן געמאַכט פון זיי אַ מאַסקעראַד. און דאַן: אַראָפּגעצויגן פון זיי די שטיוול, זיי אָנגעטאָן אָנשטאָט די ביז איצטיקע שמאַטעס וואָס האָבן פאַרוויקלט אונדזערע פיס. פאַרנומען זייער געווער און אַוועקגעצויגן טיף אין וואַלד אַריין, וויסנדיק, אַז מיטן מאָמענט, ווען די דייטשן וועלן אונדז אַנטדעקן און וועלן ברענגען אַ גרעסערן כוח, וועט אונדזער קליינע גרופּע נישט זיין ביכולת מיט זיי צו קעמפן.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַ צווייטער דייטשי־שער אויטאָ מיט היטלעריסטן איז אויף אונדזערע פאַרלייגטע מינעס אויפגעריסן געוואָרן.

צייט דעם געלונגענעם פּאַרטיזאַנישן אָנהייב אין תחילת־זומער, האָט זיך אונדזער גרופּע אין משך פון אַ קורצער צייט פילפאַכיק פאַרגרעסערט. אַנטלאָפענע געפאַנגענע און אויס־באַהאַלטענע רויטאַרמייער האָבן געהאַלטן אין איין שטראָמען צו אונדז. נאָך דריי חדשים צייט, איז פון אונדזער קליינער גרופּע אויסגעוואַקסן אַ גרויסע פּאַרטיזאַנער אַרמיי, וועלכע האָט גראַסירט אויף דער רוסיש־לאַטווישער גרענעץ, ציילנדיק 4 טויזנט מאַן. שפּעטער איינגעטיילט געוואָרן אין 4 אָטריאַדן: פרוזנע, טשאַפּייעוו, זשדאַנאָוו און סטאַלין. מיר אַכט יידן, זענען געווען אין ערשטן פרוזנע־אָטריאַד. מער קיין יידן זענען דאָ ליידער נישט געווען. מיר האָבן זיך כסדר געהאַלטן צוזאַמען, ווייל צווישן די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפינען אַ גרויסע צאָל אַנטיסעמיטן. נישט איינמאָל האָבן מיר זיך באַ־דאַרפט פאַרטיידיקן, נישט נאָר בלויז מיטן מויל... ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי דאָס אַרויסגעוויזן. כדי אונדז — די קליינע צאָל געראַטעוועטע יידן — ווי צו טאָן, פלעגן זיי־זינגען אַנטיסעמיטישע לידלעך, מאַכן פּאַראָדיעס אויף יידישע קעמפער, כאָטש זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז מיר זענען פון די בעסטע קעמפער און ווערן געשיקט אויף די געפערלעכסטע ערטער און די „אַקציעס“ פירן מיר אָמהעלדישסטן אויס. זענען טאַקע פון אונדזערע יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען באַשטאַנען פון 8 מאַן — געפאַלן 6, און דאָס אין אַ גאַר קורצער צייט. געבליבן בין איך און מיין חבר באַרדאַוויטש.

כדאַי צו באַמערקן, אַז געפאַלן זענען די 6 יידישע חברים, נישט נאָר בלויז פון אַ שלאַכט מיט די דייטשן, נאָר אויך פון די אייגענע פּאַרטיזאַנער־חברים. ביי אונדז, יידן, זענען די פּאַרטיזאַנער־אַקציעס געווען פאַרבונדן — בעיקר — מיט נקמה־געפילן קעגן די דייטשישע מערדער, ווען ביי די רוסישע פּאַרטיזאַנער איז דאָס געווען אַ מלחמה־שפּיל. קעגן אונדז, יידן, פלעגן זיי זוכן אַלע שפּיצלעך, כדי אונדז צו דערנידעריקן.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַ פאַל ווי נאָך אַ שווערער אַקציע, נישט שלאָפנדיק עטלעכע נעכט, האָט די אָנפירערשאַפט, זיך נישט רעכענענדיק דערמיט, באַשטימט מיין חבר באַרדאַוויטש אויף אַ וואַך פּאָסטן. זייענדיק טויט־מיד פון די נישט דער־שלאָפענע נעכט, אין וועלכע ער האָט כסדר געוואַכט, איז ער אויף דעם וואַך־פּאָסטן איינגעשלאָפן. ער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ משפט, ווו נישט קיין אויסגעקליבענער ריכטער, נאָר אַלע פּאַרטיזאַנער פון אטריאַד האָבן געדאַרפט דעצידירן. נאָך דער רעדע פונעם הויפּט־פּאָליטרוק (פּאָליטישער אָנפי־רער), האָבן אַלע פּאַרטיזאַנער מיט איין קול געשריגן: דערשיסן!

יהושע איז געזעסן אַ בלאַסער, געטראַכט: בעסער וואָלט פאַר אים געווען, ווען ער פאַלט אין אַ שלאַכט מיט די דייטשן. פאַרן טויט האָט קיין שום יידישער פּאַרטיזאַן נישט מורא געהאַט. אָבער ווערן דערשאָסן פון אייגענע חברים פּאַרטי־זאַנער — דאָס וואָלט שוין געווען צופיל. אַ נס איז געשען, וואָס די אָנפירערשאַפט האָט אָנערקענט, אַז אַזאַ פאַל איז ביי באַראָוויטשן דער ערשטער, און אַלס גוטער פּאַרטיזאַנער וועט זיין אורטייל אַרויסגעגעבן אויף אַ תנאי, ד.ה. אויב עס וועט זיך ביי אים אַזאַ פאַל איבערחזרן — וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן.

שפּעטער האָט די אָנפירערשאַפט אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדענונג צו די אַלע פּאַרטיזאַנער אויף זייערע וואַך פּאָסטנס: ווער עס וועט איינשלאָפן אויף זיין וואַך, וועט גלייך אויפן פלאַץ דערשאָסן ווערן, אָן שום משפט.

געווען פאַלן, וואָס אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער פלעגן דערשיסן יידן אויף זייערע וואַך פּאָסטנס מיט דער טענה, אַז זיי זענען דעמאָלט געשלאָפן. זיי האָבן עס געטאָן פיל מאָל בסיד און אָן צו מעלדן די „אָפיציעלע“ אָנפירערשאַפט...

אויך מיר, צוויי לעבן געבליבענע חברים, האָבן זיך אין קורצן צעשיידט.

אין אַ שלאַכט מיט די דייטשן בין איך פאַרוואונדעט געוואָרן. איבערן פראָנט בין איך אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין ראַטן־פאַרבאַנד. דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע חדשים אין אַ שפּיטאָל. ווען כ׳בין געזונט געוואָרן האָט מען מיך אָפּ־געשיקט קיין... סיביר נאָך נאָוואָסיבירסק אין די קוילן־שאַכטןביים שטעטל אסינקי. דאָרט האָב איך געמוזט אַרבעטן פון 12 ביז 15 שעה אין מעת־לעת. די באַדינגונגען זענען געווען נישט לייכטער ווי אויף אַ פאַרשיקונג. אַחוץ הונגער־דיעטע זענען מיינע קליידער דאָ באַשטאַנען ווידער פון אַלטע שמאַטעס, וועלכע האָבן אויך געדינט אַלס שיך אויף די פיס.

דאָס איז געווען דער לוין, וואָס איך האָב באַקומען פאַר מיינע פאַרטיזאַנישע פאַרדינסטן. כ׳האָב זיך געשטאַרקט, נישט אריינצופאַלן אין אַ יאוש. די האָפענונג, אַז נאָכן קריג וועל איך טרעפןביים לעבן מיין משפחה — האָט מיך געשטאַרקט.ליידער איז עס אַזוי נישט געווען.

מיין מוטער אסתר און מיין פאָטער שלמה, ווי מיינע ברידער: משה, אהרן, יצחק און יחזקאל — זענען צווישן די לעבעדיקע מער נישט געווען. מיין פעטער יידל, מומע חוה און זייערע דריי זין (דער עלטסטער זון מאיר־וועלוול איז ערב דער קריג געווען רב אין פשעמישל) און נאָך אַ ריי פּולטוסקער פאַמיליעס זענען אומגעקומען אינעם שטעטעלע קאפּיל (ווייסרוסלאַנד). דאָס שטעטעלע האָב איך באַזוכט נאָכן קריג. כ׳האָב אפילו נישט געקאָנט דערגיין ווו עס איז זייער קבר. די שכנים האָבן מיר נאָר געקאָנט איבערגעבן, אַז אין אָנפאַנג 1942 האָט מען אַלע יידן פונעם שטעטל אַרויסגעפירט ערגעץ ווו און דערמאָרדעט.

פון מיין חבר באַרדאָוויטש, מיט וועמען איך האָב געווינט צוזאַמען אינעם שטעטל אסוועיא, האָב איך באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער שרייבט, אַז אויך ער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ פוס און האָט באַקומען אַ סך... אויסצייכענונגען. ער גלייבט, אַז מיר וועלן זיך אינגיכן טרעפן אין ארץ־ישראל. פון דאַן האָב איך מער פון אים קיין שום ידיעה נישט געהאַט. הגם איך האָב צו אים פיל מאָל געשריבן.

זאָלן די דאָזיקע שורות זיין ווי אַ מצבה אויף דעם אומבאַקאַנטן קבר פון מיינע טייערע עלטערן און נאָענטע משפחה־מיטגלידער, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער, ימ״ש.



# פאַרטיזאַנער־און געטאָ־קעמפער

דאָס לעבן פון אַ יידישן פּאַרטיזאַנער איז גאָר נישט געווען קיין לייכטער, אפילו ווען ער האָט געבראַכט דאָס טייערסטע פאַר אַ קרבן: זיין לעבן. נישט איינמאָל האָט מען געוואָרפן אין פּנים אַריין זיין יידישקייט און נישט איינמאָל פלעגט זיך עס ענדיקן מיט אַ קויל אין קאָפּ, און נישט דווקא פון קיין דייטשישער ביקס...

ווי נאָר עס איז אים געלונגען — אונטער טויזנטער געפאַרן — זיך אַרויסצושאַרן פון דער געטאָ, ניצולווערנדיק פון איין אומקום־געפאַר, זענען גלייך פאַר אים געבוירן געוואָרן נייע רעטונגס־פּראָבלעמען, נייע אויסטערלישע סכנות. זיין ציל איז שטענדיק געווען און געבליבן איינער: קעמפן ביז אומקום און נעמען נקמה פון דייטשישן שונא. די ערשטע און איינציקע מעגלעכקייט, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן צו קעמפן אויסער די ווענט פון געטאָ און שפּעטער זיך צו באַהעפטן מיט אַנדערע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אין די וועלדער, וועלכע האָבן שוין געהאַט הינטער זיך אַ סך פאַרדינסטן — איז געווען: דאָס געווער; אָן אַ ביקס אָדער רעוואָלווער, האָט אים קיין פּאַרטיזאַנישער אַטריאַד נישט געוואָלט אָננעמען. דער „ייד", ווי אויבן געזאָגט, איז אים שטענדיק געקומען אין פּנים אַריין, אפילו ווען עס איז אים שוין אין דער האַנט אַריין געקומען אַ שטיקל געווער.

די יידישע פּאַרטיזאַנער־געשיכטע ווייס אַ סך צו דערציילן פון דעם דאָזיקן פורכטערלעכן דערנער־וועג, וואָס איז געווען פאַרגאָסן מיט יידיש־קעמפנדיקן בלוט, אויף וועלכן דער יידישער פּאַרטיזאַנער איז געגאַנגען, געמוזט גיין.

כאָטש אין זייער אַ סך פאַלן זענען די יידישע פּאַרטיזאַנער איינגעגלידערט געוואָרן אין די אַלגעמיינע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס, איבערהויפּט אין די סוף יאָרן פונעם קריג, וואָס דער בלוטדורשטיקער נאַציזם מיט זיין ייד און־וועלט אָפּמעקנדיקן פּראָגראַם האָט זיי אונטערערדיש און פון אַלע טיפע וועלדער־פאַרבאָרגענישן אַרויסגערופן, און האָט דורך זייער אומצוברעכלעכן קאַמפס־מוט און איבערגבורה — נישט איין טויט־קלאַפּ באַקומען...

**יוד־עין**



**מנחם שטשופּאַק** / פאַרצייכענונגען פון אַ יידישן פּאַרטיזאַנער

**מיר זוכן פּאַרטיזאַנער און —**
**דער הילצערנער רעוואָלווער...**

אַ גרופּע פון 8 פּולטוסקער זענען מיר געווען, ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון דער לאָכאָוויטשער געטאָ. דורך אומגעהויערע סכנות האָבן מיר געשפּרייזט, כדי אָפּצוזוכן פּאַרטיזאַנער און מיטהאַלטן מיט זיי דעם קאַמף קעגן דייטשישן שונא.

ווען מיר זענען איינמאָל ביי דער נאַכט אַריין אין אַ דאָרף מיט אַ הילצערנעם רעוואָלווער צו אַ פּויער (קיין אמתע שיס־כלי האָבן מיר נאָך נישט געהאַט), זוכן עפּעס עסן, זענען מיר פון אים געוווּיר געוואָרן, אַז פּאַרטיזאַנישע גרופּעס דרייען זיך אין דער געגנט. זיי האָבן שוין אפילו ביי אים געמאַכט אַ „וויזיט". מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ באַגעגעניש.

אָבער שוין נישט קיין סך צייט איז אונדז אויסגעקומען צו וואַרטן. מיר האָבן צווישן זיך געמאַכט אַ „פאַרזאַמלונג" און עטלעכע טעג נאָך דעם זענען מיר געגאַנגען זוכן אין אַ צווייטן דאָרף עפּעס עסן; צוויי מאָל אין דעם זעלבן דאָרף פלעגט מען נישט גיין. די נאַכט איז געווען גוט אויסגעשטערנט. פון ביידע זייטן וועג האָט זיך געצויגן אַ געדיכטער סאָסנע וואַלד. נאָר אין דעם פּלאַץ, ווו דער וועג האָט זיך האַסטיק פאַרקירעוועט האָבן מיר פּלוצעם דערזען, נאָענט פון אונדז, אַ רייטער מיט אַ ביקס און הינטער אים — גרופּעס מענטשן, וואָס פירן וועגענער מיט געווער.

— פּאָליציי! — האָט איינער פון אונדז אַ געשריי געטאָן — און גלייך זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין און מיר — נאָך אים. די אַנגעפאָרענע חברה האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטאָן נאָך אונדז און געעפנט אַ שיסעריי. לויפנדיק האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אפשר זענען דאָס פּאַרטיזאַנער, וואָס די פּויערים האָבן אונדז פון זיי דערציילט? מען מוז רעזיקירן — האָב איך באַשלאָסן — ווען נישט וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט טרעפן מיט זיי. איך בין אַרויס פון וואַלד צום אָפענעם וועג, ווו זיי זענען נאָך געשטאַנען, גערעדט צווישן זיך מיט אימפּעט און פון צייט צו צייט געשאָסן צו דעם וואַלד. זיי האָבן אַנגעשטעלט אויף מיר זייערע ביקסן:

— „רוקי ווייערך"! (די הענט אין דער הייך).

איך האָב גלייך דערקענט, אַז דאָס זענען פּאַרטיזאַנער.

— „ניע סטרעלאַיטיע טאָווארישטשי! עטאָ סוואָיע!" (שיסט נישט חברים, דאָס זענען אייגענע).

מ'האָט מיך צוגעפירט צו איינעם, וואָס איז געזעסן אויף דעם וואָגן און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער קאָמאַנדיר. מהאָט מיך באַזוכט, אַלץ אַרויסגענומען פון די קעשענעס און געפרעגט ווער מיר זענען?

כ'האָב אים געענטפערט, אַז מיר זענען יידן, אַ גרופּע פון 8 מאַן, אַנטלאָפן פון דער לאַכאָוויטשער געטאָ. שוין באַלד די זעקסטע וואָך ווי מיר זוכן פּאַרטיזאַנער. מיר זענען גליקלעך, וואָס מיר האָבן אייך דאָ געטראָפן. מיר ווילן מיט אייך צוזאַמען קעמפן און נקמה נעמען פון אונדזער אַלגע־מיינעם שונא.

פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן? — האָט ער מיר איבער־געשלאָגן.

— מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז פּאָליציי — האָב איך געענטפערט. איך האָב ריזיקירט און בין אַרויס פון וואַלד.

— רוף אַרויס די איבעריקע חברה! — האָט ער צו מיר געזאָגט.

איך האָב גלייך אָנגעהויבן צו רופן די חברה ביי די נעמען, געשריגן אויף יידיש, אָבער קיין שום ענטפער האָב איך נישט באַקומען. אויף מיין רוף האָט נאָר אָפּגעענטפערט אין וואַלד מיין ווידער־קול.

דעם קאָמאַנדיר האָב איך געזאָגט, אַז זיי וועלן געוויס באַלד אַרויסקומען.

„פּרינימאַייאיטיע נאַס!" (נעמט אונדז!) — בין איך אים צוגעשטאַנען.

— געווער האָט איר? — האָט ער מיר געפרעגט.

— קיין געווער האָבן מיר נישט. זע, דאָס איז אונדזער געווער, — ווייז איך אים אָן אויף דעם הילצערנעם רעוואָל־ווער, וועלכער איז געלעגן צווישן די רעווידירטע זאַכן, וואָס מ'האָט אַרויסגענומען פון מיינע קעשענעס. אַלע האָבן גענומען אין די הענט אַריין דעם הילצערנעם רעוואָלווער און גענומען אים באַטראַכטן.

— ער איז גוט געמאַכט, זייער ענלעך. — זיי האָבן אַלע געלאַכט.

— אָן געווער וועלן מיר אייך נישט נעמען; אָן געווער זענט איר אונדז נישט נייטיק — האָט ער שאַרף אָפּגעזאָגט.

זיין ענטפער האָט מיך געטראָפן ווי אַ קלאַפּ פון אַ שווערן האַמער.

וויפל איך האָב אים געפּרוווט איבערצייגן אונדזער שווערן מצב, אַז אַ וועלכער ס'איז אויסזיכט צו באַקומען פון ערגעץ געווער און אַז אונדזער איינציקער ציל איז זיך אָנצו־שליסן צו פּאַרטיזאַנער — איז געווען אומזיסט.

— מיר קאָנען אייך גאָר נישט העלפן! — זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער.

ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן און די וועגענער האָבן זיך גערירט פון אָרט.

ווען די חברה איז אַרויס פון וואַלד, האָט זיך יעדער מיט מיר דערפרייט, וואָס איך לעב. זיי האָבן געהערט שאָסן. געמיינט, אַז די דייטשן זענען דאָ געווען.

ווען איך האָב זיי פאַרגעוואָרפן, פאַר וואָס זיי זענען נישט אַרויסגעקומען, ווען איך האָב זיי גערופן, ווייל דער קאָמאַנ־דיר האָט געוואָלט וויסן אונדזער צאָל, האָבן זיי אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג פון די אָפּגעפאָרענע פּאַרטיזאַנער.

מיר האָבן זיי דעריאָגט. זיי האָבן אויף דעם פּלאַץ גערוט.

ווען מ'האָט אונדז געבראַכט צום קאָמאַנדיר, האָט ער — זעענדיק די חברה — גענומען מיט אונדז מער רעדן, אויפ־קלערנדיק, אַז פון זייער גרופּע, וואָס באַשטייט פון 17 מאַן — זענען נאָר בלויז 11 באַוואָפנט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז 140 ק"מ, בערך, פון דאַנען, אין דער געגנט פון די דערפער „וואָלקי" און „דאַבראַמישל", ביים טייך „שטשאַרע", געפינט זיך אַ גרעסערע גרופּע פּאַרטיזאַנער. מעגלעך אַז זיי וועלן אונדז צונעמען. דערביי האָט ער גענוי אויף דער מאַפּע אָנגעוויזן דעם וועג.

איידער מיר האָבן זיך געגרייט אין וועג, האָבן מיר זיך קודם באַזאָרגט מיט אַ ביסל עסן.

מיר זענען אַריין אין אַ דאָרף, וואָס האָט געהייסן „שוועצ־טשיצא" און, ווי אויף אונדזער שטייגער, אָנגענומען ביי די פּויערים אַ שפּאָר ביסל פּראָוויאַנט, וואָס איז באַשטאַנען פון ברויט, זאַלץ, מעל, גרויפּן, אייער, פּוטער און אויף צו מאָרגנס, ביי דער נאַכט, זיך אַרויסגעלאָזט, בגניבה, אויף די פּעלדער,

אָנגעגראָבן מיט די הענט קאַרטאָפל און זיי אָנגעשיט אין זעק — דאָס וואָלט זיכער געקאָנט קלעקן אויף פולע צוויי וואָכן פאַר אונדזער חברה. מיר זענען געווען צופרידן.

נאָר צוריקוועגס, האָבן מיר באַמערקט אין וואַלד אַ פייערל. כדי אויסצומיידן דעם אָרט, האָבן מיר געדאַרפט אַנלייגן אַ וועג פון עטלעכע קילאָמעטער. פאַרגנבענענדיק זיך נענטער, האָבן מיר זיי דערקענט — די זעלביקע גרופּע פּאַרטיזאַנער, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געטראָפן אויף אונדזער וועג. ווי זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אָנגעשטעלט אויף אונדז זייערע ביקסן.

— איר דערקענט אונדז נישט? — האָבן מיר געפרעגט.

— טאָקע אייך זוכן מיר! — האָבן זיי געענטפערט.

ווידער האָט מען אונדז באַזוכט, אַלץ צוגענומען און געהאַלטן אונטער אַ וואַך, געוואָרנט, אין פאַל פון אַנטלויפן, וועלן זיי אונדז דערשיסן.

— וואָס איז דאָ געשען? — האָבן מיר מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט.

— איר וועט שוין וויסן! — האָבן זיי אונדז בייז געענטפערט.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר אָפּגעלעגן און נישט געאָנט וואָס עס האָט פּאַסירט, אָבער געפילט האָבן מיר, אַז נישט קיין גוטע זאַך שטייט אונדז פאָר.

שוין אַדורך אַ האַלבער טאָג, אָן שום עסן אָדער טרינקען. מיר זענען שרעקלעך הונגעריק און דענערווירט. פאַרנאַכט צו האָט מען אונדז געהייסן זיך אויפשטעלן און דריי מאַן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן האָבן אונדז געפירט. דער קאָמאַנדיר איז געגאַנגען פאָרויס. ווען מיר האָבן איינעם פון אונדזערע באַגלייטער געפרעגט וואָס גייט מען מיט אונדז מאַכן, האָט ער געענטפערט:

— פאַר ראַבירן שיסט מען ביי אונדז, אפילו אַן אייגענעם פּאַרטיזאַן!

גלייך איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מען באַשולדיקט אונדז אין אַ רויב. פירנדיק אונדז צו דער ריכטונג פונעם זעלבן דאָרף, ווו מיר זענען נעכטן אויף דער נאַכט געווען...

אַריינקומענדיק אין דאָרף, האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן, אַז אַלע פּויערים זאָלן זיך צונויפנקומען.

גלייך זענען אַלע זיך צונויפגעקומען.

— דאָס זענען זיי? — האָט דער קאָמאַנדיר געפרעגט.

— יאָ! דאָס זענען זיי! — האָבן אַלע מיט איין קול געענטפערט.

— וואָס האָבן זיי ביי אייך געטאָן? — האָט דער קאָמאַנדיר ווייטער געפרעגט.

— זיי האָבן אונדז באַראַבעוועט!

דאָ האָט יעדער אָנגעהויבן צו דערציילן מעשיות, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, אַז מ'האָט זיי, למשל, צוגעשטעלט רעוואָלווערן צום האַרצן, געשלאָגן און גערויבט פון די שטיבער; איינער האָט דערציילט, אַז מ'האָט געוואָלט דער־שטיקן זיין הונט אד"ג.

אין דעם מאָמענט האָט דער קאָמענדאַנט אַרויסגענומען די הילצערנע רעוואָלווערן און זיי געוויזן.

— פאַר די רעוואָלווערן האָט איר זיך דערשראָקן?

די פּויערים האָבן זיך פאַרשעמט און גלייכצייטיק זיך געוווּנדערט, ווען זיי האָבן געזען, אַז די רעוואָלווערן זענען הילצערנע, און מיט נאָך מער פּאַרדרוס געשיט אויף אונדז זייערע בלבולים. זיי האָבן געזידלט פאַר כעס, וואָס איז אונדז געלונגען מיט אַזאַ געווער זיי איבערצושרעקן.

די פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אונדז האָבן אונדז שטיל אַריינגערוימט:

— באַלד וועט מען אייך שיסן.

איך האָב איינגאַנצן אויפגעברויזט פון די שקרים: ברויט האָבן מיר ביי די פּויערים גענומען בלויז אַ העלפט, פון דאָס איבעריקע — נישט אָנגערירט כהוא זה; די פּראָדוקטן, האָבן זיי אַליין פון גוטן ווילן געגעבן — טראָץ דעם האָבן מיר פאַר דעם באַצאָלט, כאָטש זיי האָבן נישט געוואָלט.

— גענוג! אומפאַרשעמטע ליגנער! ווייניק בלוט האָט איר פון אונדז געזען? די 8 יידן, געבליבן פון אַ שטאָט, זענען אייך אויך צו גרויס אין די אויגן? — האָב איך אויסגעשריגן — מיר האָבן אייך ראַבירט? צוגענומען אייערע זאַכן? אייער גוטס? ווייניק זאַכן האָבן מיר איבערגעלאָזט? אונדזער האָב־און־גוטס געטרעטן מיט די פיס! ריכטיק, אַז מיר האָבן ביי אייך גענומען עסן, אָבער ווי אַזוי? פאַר וואָס זאָגט איר נישט דעם אמת?! אַז דאָס ברויט האָבן מיר פון אייך נאָר אַ טייל גענומען; אַז דאָס איבעריקע האָט איר אַליין געגעבן; אַז פאַר די אייער מיט די פּוטער האָבן מיר באַצאָלט, כאָטש איר האָט דאָס געלט נישט געוואָלט נעמען, האָבן מיר דאָס אויפן טיש געלאָזט. דאָס איז דער ריינער אמת, חבר קאָמאַנדיר — האָב איך פאַרגעזעצט — זיי ווילן אונדזער טויט בלויז דערפאַר ווייל מיר זענען יידן. דו קאָנסט אונדז שיסן. סיי ווי איז דאָס לעבן ביי אונדז נישט טייער. עס טוט נאָר וויי, וואָס מיר דאַרפן דערשאָסן ווערן פון אייגענע חברים פּאַרטיזאַנער און נישט פון קיין דייטשן, וואָס עס וואָלט פיל גלייכער געווען...

נאָך אַ שטיל שווייגן פון עטלעכע מינוט האָט דער קאָמאַנ־דיר געזאָגט:

איר זענט פריי! נאָר אויב דאָס וועט פּאַסירן נאָך אַ מאָל,

וועל איך אייך דערשיסן אָן אַ משפּט. עסן דאַרפט איר, אָבער נישט נעמען מיט געוואַלד — בעטן זאָלט איר.

צו די פּויערים האָט ער געזאָגט:

ווען זיי וועלן פון אייך בעטן — זאָלט איר געבן.

צום סוף האָט ער צו אונדז געזאָגט:

— גייט שאַפט זיך איין געווער, דאַן וועלן מיר אייך צו־נעמען און צוזאַמען קעמפן.

מיט די ווערטער האָט ער זיך געזעגנט און געווונטשן אונדז הצלחה אויף דעם שווערן וועג.

## באַגעגענישן מיט פּאַרטיזאַנער און — די ערשטע ביקס...

דער וועג איז נישט געווען קיין גרינגער, אויף וועלכן מיר האָבן זיך געלאָזט גלייך צומאָרגנס אויף דער נאַכט. אַ וועג, וואָס איז אונדז לחלוטין פרעמד, אָנגעזעצט מיט דייטשישע גאַרניזאָנען און דאָ זענען מיר אָן געווער. מיר פלעגן זיך פרעגן אין די פאַרבייגייענדיקע דערפער אַזוי, אַז די פּויערים זאָלן נישט וויסן אין וועלכער ריכטונג מיר זענען געגאַנגען. ביי דער נאַכט זענען מיר געגאַנגען און ביי טאָג גערוט. מיר זענען אַדורך דעם טייך „שטשאַרע" און זיך פאַרהאַלטן ביי דעם „בענטן שלאָס", אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען תמיד ליידיק (אין דעם זעלבן הויז זענען דערנאָך איינגעשטאַנען דייטשן, מיט וועלכע אונדזער אָטריאַד האָט שפּעטער געקעמפט). דאָ האָבן מיר געבלאָנדזשעט. האָט מען אונדז געזאָגט, אַז דאָרטן, וווּ ס'ציט זיך, איבער די טיפע בלאָטעס, אַ שמאָל וועגל צוגלייך מיט די טעלעגראַפישע סלופּעס — דאַרפן מיר גיין. ס'איז געווען אַ וועג פון איבער 20 ק"מ מיט בלאָטעס איבער די קני. געגאַנגען דאָרט ביי טאָג און קיין לעבעדיקן נפש האָט מען נישט געזען.

פאַרנאַכט צו האָבן מיר געהערט געשרייען פון פּאַסטוכער. אַ סימן, אַ דאָרף איז נישט ווייט. מיר האָבן זיי געפרעגט אויפן דאָרף „דאַבראַמישל". קיינער האָט נישט געוווּסט פון אַזאַ דאָרף. אַן אַלטער פּויער האָט אונדז געזאָגט, אַז רעכטס פון דער שטוב פון „צענטן שלאָס", צום טייך צו, איז דער וועג צום דאָרף. האָבן מיר שוין טאַקע געטראָפן פּויערים פון „דאַבראַמישל" אויף די לאָנקעס, וואָס האָבן געשניטן דאָס גראָז אויף היי. צוקומענדיק נענטער, האָבן מיר געזען אַ שטאַרקן פייער, וואָס האָט אַרויסגעזעצט פון דאָרף. די פּויערים האָבן זיך דערשראָקן. זיכער געווען, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן דעם דאָרף, ווייל עס קומען דאָרט פּאַרטי־זאַנער. ווי ס'איז געוואָרן גוט פינצטער זענען מיר אַריין אין דאָרף. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָבן גאָר די פּאַרטי־זאַנער אין מיטן העלן טאָג אַליין פאַרברענט אַ גרויסן מאַיאָנ־טעק לעבן דאָרף, כדי די דייטשן זאָלן פון אים קיין הנאה נישט האָבן.

די פּויערים האָבן זיך אָפּגעזאָגט — אויפן פאַרשלאַג פון די פּאַרטיזאַנער — פון דעם מאַיאָנטעק עפּעס צו געניסן, צוליב דער מורא פאַר די דייטשן, וואָס האָט געשמעקט אין דעם פאַל — מיט אַ קויל אין קאָפּ.

מיר האָבן געהאַט פאַרדרוס, וואָס מיר האָבן נישט גע־טראָפן די פּאַרטיזאַנער.

— איר וועט זיי טרעפן. זיי קומען יעדע נאַכט צו אונדז אין דאָרף — האָבן די פּויערים געזאָגט.

ווען די פּאַרטיזאַנער זענען אָנגעקומען, האָבן מיר מיט זיי גערעדט וועגן אונדזער ציל; אַז מיר ווילן טרעפן זיך מיט דעם קאָמאַנדיר; אַז מ'האָט אונדז דאָ אַהער געשיקט מיט דער זיכערקייט דאָ צו ווערן אָנגענומען אין אייער אָטריאַד.

די פּאַרטיזאַנער וועלכע זענען באַשטאַנען פון 3 מאַן, האָבן אונדז זייער וואַרעם אויפגענומען און געזאָגט:

— „קאַניעטשנאָ!" געוויס וועט מען אייך צונעמען, איר פאָרט מיט אונדז אין לאַגער. עפּעס וועט נאָך דויערן ביז מיר וועלן צוריקקומען.

ווי נאָר זיי זענען צוריקגעקומען, זענען זיי אַריין צו אַ פּויער, איינגעשפּאַנט פאַר אונדז נאָך אַ וואָגן און געפאָרן צו דעם לאַגער.

דער לאַגער איז געווען טיף אין וואַלד.

זייער אָטריאַד האָט געציילט ביי הונדערט מאַן. 50%, בערך, זענען געווען באַוואָפנט. זיי האָבן זיך געטיילט אויף צוויי גרופּעס. איינע פון די אַנדערע זענען געווען אָפּגערוקט עטלעכע קילאָמעטער.

גלייך האָט מען וועגן אונדז געמאָלדן. די קאָמאַנדירן האָבן אונדז געפרעגט, נאָך וואָס מיר זענען געקומען. מיר האָבן זיי דערציילט, אַז אַ קאָמאַנדיר פון אַ 17 פּערזאָניקע פּאַרטיזאַנישע־גרופּע, האָט אונדז צו אייך געשיקט, איר זאָלט אונדז צונעמען אין אייער אָטריאַד. „געווער האָט איר?" „ניין!" „אָן געווער וועט עס נישט גיין!" — דער זעלבער פּזמון אין יעדן אָטריאַד.

ווען אַ קאָמאַנדיר האָט אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט, פאַר וואָס מיר זענען אַזוי ווייניק אַנטלאָפן.

„ווען מיר וואָלטן געווען מער אין צאָל, וואָלט אונדזער מצב דען אַנדערש געווען?... האָבן מיר געענטפערט.

אין די מאָמענטן האָבן מיר געפילט, אַז מיר זענען איבריק אויף דער וועלט און אין לשער איז געווען אונדזער נידער־געשלאָגנקייט.

קיינער נייטיק זיך נישט אין אונדז, אפילו נישט אין אונדזער קאַמף; ווען מיר ווילן אונדזער לעבן ברענגען פאַר אַ קרבן.

— מיר קאָנען אייך גאָר נישט העלפן — איז געווען זייער קאָנקרעטער אָפּזאָג און זיי זענען אַוועק.

נאָכדעם ווי מיר האָבן געענדיקט דאָס עסן, וואָס זיי האָבן אונדז געבראַכט, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צום דאָרף.

מיד און נידערגעשלאָגן האָבן מיר זיך געזעצט איבערן וועג אָפּרוען. אייניקע האָבן אפילו געכאַפּט אַ דרימל.

דאָ האָבן מיר געזען צוויי פּאַרטיזאַנער אָנפּאַרן אויף ראָווערן. דאָס זענען געווען קאָמאַנדירן פון אַן אָטריאַד, ווי מיר זענען שפּעטער געוויר געוואָרן.

זיי האָבן אונדז געפרעגט ווער מיר זענען און פאַר וואָס מיר זענען אַזוי נידערגעשלאָגן.

מיר האָבן זיי דערציילט פון די אַלע גלגולים, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און אַז מיר זוכן פּאַרטיזאַנער און יעדער אָטריאַד שטויסט אונדז אָפּ פון זיך, צוליב דעם וואָס מיר האָבן נישט קיין געווער.

ווען מיר וואָלטן כאָטש געהאַט איין ביקס, וואָלטן מיר געקאָנט דאָס איבריקע אליין זיך שאַפן...

זיי האָבן אַ ווײַלע אַ קלער געטאָן און זיך ערנסט איבער דעם פאַרטראַכט.

— פאַרבלייבט נאָך היינטיקע נאַכט אין דאָרף. אפשר וועט מען קאָנען אייך אין דעם העלפן.

חוץ דעם — האָבן זיי געזאָגט — געפינען זיך אין די וועלדער פון „וואָלטשע נאָרי", אַרום סלאָנים, זייער פיל פּאַר־טיזאַנער־גרופּעס, אין וועלכע עס איז איינגעשלאָסן אַ גרויסע ייִדישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע אַ גוט באַוואָפנטע. זיי וועלן אייך געוויס צונעמען. גייט אַהין. עס איז פון דאַנען איבער 100 ק"מ. נאָר ס'איז אַ שווערער וועג, מ'דאַרף זיין פּאָרזיכטיק ביים אַדורכגיין דעם צענטראַלן שאָסיי און די הויפּט־באַן־ליניע.

אין דאָרף „דאָבראָמישל" האָבן מיר אויף זיי געוואַרט, כאָטש קיין גרויסע האָפענונגען האָבן מיר אויף זייערע רייד נישט געלייגט, ווייל מיר האָבן זיך אַ סך מאָל שוין אַנטוישט.

אויף דער נאַכט זענען טאַקע אָנגעפאָרן 2 וועגענער מיט פּאַרטיזאַנער, אָנגעזאָגט אַז מיר זאָלן נאָך אַ קליין ביסל וואַרטן און דורכפאָרנדיק נאָכגעשריגן די בשורה, אַז זיי האָבן פאַר אונדז אַ ביקס און זיך צעלאַכט דערביי.

מיר האָבן געמיינט, אַז עס איז אַ שפּאַס.

אַ פּאָר שעה האָבן מיר געוואַרט ביז זיי זענען צוריק פאַרבייגעפאָרן און געבליבן שטיין.

דער איינציקער ייד, וועלכער איז געווען צווישן זיי האָט אונדז צוגעטראָגן די ביקס, אין וועלכער עס זענען געווען 5 קוילן. ער האָט אַ פּנים געוואָלט האָבן די מצווה.

מיר האָבן אונדזערע אייגענע אויגן נישט געגלייבט.

— דער קאָמענדאַנט האָט אייך געשיקט די ביקס אַלס אַ געשאַנק פון אונדזער אָטריאַד, — האָט ער געזאָגט — איר זאָלט מצליח זיין, איינגיכן זיך אַלע באַוואָפענען און נקמה נעמען פון די דייטשישע מערדער.

פון זיינע פּאַטראָנטאַשן האָט ער אַרויסגענומען נאָך 5 קוילן און זיך דערביי געווענדעט צו די איבריקע פּאַרטיזאַנער, אַז יעדער פון זיי זאָל צוגעבן צו עטלעכע קוילן. יעדער האָט עס געטאָן. אַזוי האָבן מיר אָנגעזאַמלט איבער דרייסיק קוילן.

זיי האָבן האַרציק זיך מיט אונדז געזעגנט און אַוועק.

צו אונדזער פרייד איז נישט געווען קיין גבול. מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. אויפגעהייטערטע פון אַ ניי־אַריינ־געשטראָמטער האָפענונג און אויסזיכט צו דערגרייכן אונדזער הייליקן ציל, האָבן מיר זיך געלאָזט צוריק אין אונדזער געגנט — מיט אַן אמתן ביקס!...

(נאָר 4 מאַן ד.ה. אַ העלפט פון אונדזער גרופּע האָט דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן שווערן וועג, די אַנדערע העלפט איז געבליבן אויף זייער פריערדיקן אָרט).

אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן די ערשטע א.ד. פּאַר־טיזאַנער גרופּע מיט זייער קאָמאַנדיר, וועלכער האָט אונדז דאַן געוואָלט שיסן. ער האָט זיך זייער געפרייט מיט אונדזער ביקס און אַזש 2 מאָל פון איר אויסגעשאָסן. ער האָט אונדז געלויבט, אַז מיר זענען ערלעכע יידן. ער האָט באַדויערט, וואָס ער האָט אונדז דאַן שלעכט אויפגענומען. איר האָט דאָך זיכער נישט וואָס צום עסן — האָט ער געזאָגט — טאָ גייט אין דאָרף „זאַלוזשע". מיר האָבן דאָרט דערשאָסן צוויי רייכע משפחות. וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן און באַקומען גוט באַצאָלט דערפאַר. ס'איז אַלץ נאָך זיי געבליבן. ווי אויך פיל חזירים, בהמות, געגנדז. נעמט אַ פור אין דאָרף און לייגט אָן, וואָס אייער האַרץ גלוסט, נאָר די פור זאָלט איר צוריק אָפּגעבן, — האָט ער אָנגעזאָגט.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָבן די איבערגעבליבענע פון אונדזער חברה ממש געטאַנצט פאַר פרייד. איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען, ווי שטאַרק צוגעבונדן מיר זענען איינע צו די אַנדערע.

מיט דער צייט זענען אונדזערע באַציִונגען מיט די פּאַרטי־זאַנער געוואָרן גאָר נאָענטע. מיר האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו זיי אין לאַגער, זיי באַהילפיק געווען אין וואָס נאָר מיר האָבן געקאָנט.

**מיר באַקומען נאָך 6 ביקסן און גרייטן זיך איינגעגלידערט צו ווערן אין אַ גרעסערער פּאַרטיזאַנער־גרופּע**

די פּאַרטיזאַנישע גרופּעס האָבן זיך אָנגעהויבן, ווי באַוווּסט, פון גאַנץ קליינע גרופּקעלעך, וועלכע האָבן אין תחילת נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט קיינעם. זייערע אַקציעס זענען געפירט געוואָרן אויף אייגענער אחריות. בלויז איינצעלנע פּערזאָנען פלעגן דעם ערשטן ווינטער אַפּווינטערן אין וואַלד און זייער טעטיקייט איז געווען דאַן אַ „נעגאַטיווע": זיך אויסבאַהאַלטן. מיטן פרילינג זענען אָנגעלאָפן אין די וועלדער: געפאַנגענע (פּלעננע), פּאַרטיי־לייט און קאָמסאָמאָלצעס, וועלכע די דייטשן האָבן אַרומגעזוכט, און אין צעזייטע געגנטן — אויך יידן טייל מיט געווער, וואָס האָבן צוגענומען ביי די דייטשן. אין די וועלדער האָט מען זיך צונויפגעטראָפן. פון די קליינע גרופּקעס זענען געוואָרן גרויסע, דערנאָך — גאָר גרויסע אָטריאַדן, וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרבינדונגען מיט מאָסקווע (צו יענער צייט האָט מען פון מאָסקווע אָנגעהויבן צו „וואַרפן" איינצעלנע פּאַראַשוטיסטן, אָרגאַניזיר־פעיקע פּערזאָנען — דעסאַנטן־פאַרבינדלער פון די אַלע צעזייט און־צעשפּרייטע גרופּקעס, ברענגענדיק זיי באַפעלן פון מאָסקווע און אָרגאַניזירנדיק זיי אין גרעסערע אָטריאַדן). אויך די אויבן דערמאָנטע גרופּע פון די 17 מאַן, מיט וועלכער מיר האָבן אָנגעהויבן קומען אין פאַרבינדונגען, איז געווען פון דעם אויבן געשילדערטן מין.

זי איז באַשטאַנען פון: 2 טאַטאַרן, 4 אוקראַינער, 4 ווייסרוסן, 5 ווייסרוסן (פון מערב ווייסרוסלאַנד) און 1 גרוזינער. זייער קאָמאַנדיר, אַן אויבער־לייטענאַנט — אַן אַנטלאָפענער פון פּלען.

אייניקע פון אונדזער חברה פלעגן די גרופּע שטענדיק באַגלייטן אין זייער אַקציעס.

נישט איינמאָל פלעגן זיך אין די פינצטערע נעכט אָנשטויסן פּאַרטיזאַנער־גרופּעס איינע אין די אַנדערע, מיינענדיק אַז דאָס זענען דייטשן. אָבער ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז נישט, איז די שמחה געווען גרויס. מען פלעגט זיך האַרציק און ביז גאָר וואַרעם באַגריסן. עס פלעגן אַמאָל אויך פאַלן אומזיסטע קרבנות דערביי. אַמאָל פלעגט אויך טרעפן ווי איין גרופּע פלעגט באַוווסטזיניק אָנפאַלן אויף אַ צווייטער, צונעמען ביי איר דאָס גאָלד, זייגערלעך אָדער אַנדערע טייערע חפצים, און ווען אין דער חברה האָט מיטגעאַרבעט אַ פּרוי — זי פאַרגוואַלדיקן. נישט איין יידישער פּאַרטיזאַנער פלעגט פאַלן אַ קרבן פון אַזאַ אָנפאַלנדיקער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז נישט־יידן.

מיט דער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אין אונדזער באַזיץ 6 ביקסן. 1 ביקס — אַ געשאַנק פון די פּאַרטיזאַנער 3 האָבן מיר געקויפט פאַר גאָלד און זייגערלעך און די איבריקע 2 האָבן מיר אָפּגענומען דורך געשלעג און דראָונגען צום שיסן — ביי אייניקע פויערים פון דאָרף. דאָס געווער האָבן זיי געהאַט פאַרבאַהאַלטן אין די גריבער, נאָכדעם ווי די רוסן האָבן שנעל אָפּגעטראָטן צוליבן פּלוצעמדיקן נאַצישן איבערפאַל אין יאָר 1941.

מיר האָבן זיך געפילט שטאָלץ, האָבנדיק שוין מיט וואָס „צו גיין אין דער מלחמה" און בעיקר אונדזער אויסזיכט אויף „נקמה" און אָנשלוס צו אַ גרעסערער פּאַרטיזאַנער־גרופּע — איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן.

ווי אויבן דערמאָנט פלעגן מיר זיך צונויפקומען מיט פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס און זיי פיל מיטגעהאָלפן אין זייערע אויפגאַבעס און לויערונגען אויף די דייטשישע באַנדיטן. אָבער דער ענין פון אָנגענומען ווערן אין אַ פּאַרטיזאַנישן לאַגער און זוכה צו זיין אַלס פּאַרטיזאַנער פון אַן אייגענעם אָטריאַד, איז נאָך געשטאַנען אונטער אַ שווערן פראַגע־צייכן.

**אין די וועלדער פון „וואַלטשע נארי" און — אונדזער באַגעגעניש מיט זשעניאַן...**

דורך אַ סך געפאַרן זענען מיר ענדלעך אַריינגעקומען אין די וועלדער פון „וואַלטשע נאַרי".

„וואַלטשע נארי" — ווערט אָנגערופן אַ טייל פון אַ וואַלד פון די גרויסע געדיכטע וועלדער אונטער סלאָנים.

„וואַלטשע נארי" — דאָס וואָרט דערמאַנט אַ סך, אַ סך. מיט פריידיקן ציטער איז געלעגן דאָס וואָרט אויפן מויל פון יעדן פּאַרטיזאַנער. צווישן זיינע הויכע סאָסנעס און דיקע יאַלקעס האָט געקלאַפּט אַן אומגעהויער פּאַרטיזאַניש לעבן.

„וואַלטשע נארי"! ביסט געווען אַ צויבער־וואָרט פאַר פיל פאַרשמאַכטע יידן אין די איינצעלנע געטאָס פון דער געגנט. אַ חלום פון ישועה און גאולה — פאַר פיל רוסישע געפאַנגענע אין די לאַגערן פון יענער געגנט. בלויז דיין נאָמען האָט אָנגעוואָרפן אַן אימת־מות אויף די דייטשן.

וואַלטשע נארי", ביסט געווען דאָס וויגעלע פון די פּאַרטיזאַנער! אויסגעגליט איז דאָרט געוואָרן דאָס פייער פון נקמה צום דייטשן שונא פון לעבן און וועלט!...

ווי נאָר מיר האָבן באַטרעטן די געגנט פון „וואַלטשע־נארי", האָבן מיר זיך גלייך געפילט זיכערער.. ביי דער נאַכט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט פיל פּאַרטיזאַנער ווי זיי וואָלטן געווען די ערשטע אויף אונדזער וועג... אין דאָרף וו. האָבן

מיר זיך געטראָפֿן מיט אַ גרופּע פֿון אייניקע יידישע פּאַרטי־זאַנער. אונדזער שמחה איז געווען גרויס. זיי קאָנען אונדז נישט מיטנעמען גלייך אין זייער לאַגער, האָבן זיי געזאָגט, ווען מיר האָבן עס פֿאַרגעשלאָגן. זיי מוזן צוערשט מעלדן וועגן דעם זייער קאָמאַנדיר.

זיי האָבן אונדז אָוועקגעפֿירט אין „וואַיענקאָמאַט" און דאָרט געהייסן וואַרטן. פֿון דעם אָרט וועט מען אונדז צונעמען אין דעם אָטריאַד.

דער „וואַיענקאָמאַט" האָט זיך געפֿונען עטלעכע קילאָ־מעטער פֿון דאָרף. עס איז געווען אַ ליידיקע שטוב, כמעט אַ חורבה, אָן פֿענצטער, אָן טירן. געוווינט האָט דאָרט אַמאָל אַ לעשניק, וועלכער איז אַנטלאָפֿן. ווער עס פֿאַרלאַנגט צו מאָבי־ליזירן זיך אַלס פּאַרטיזאַנער, פּירט מען קודם אַריין אין דער דאָזיקער שטוב. ווען מען קומט אים נעמען, פֿאַרשט מען אים פֿריער אויס. דאַן ווערט ער באַשטימט אין אַ וועלכן ס'איז אָטריאַד אָדער משפּחה־לאַגער.

אַריינקומענדיק אין דעם שטיבל, ווו דאָס ערשטע האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן אַ גרויסער אויפֿשריפֿט מיט קרייד: „וואַיענקאָמאַט". האָבן מיר געטראָפֿן אויף דער פּאָל אויס־געשפּרייטן שטרוי און אין אַ ווינקל — אַ האַלבן לעבל ברויט.

צונויפֿרעדנדיק זיך מיט איינעם פֿון די פּאַרטיזאַנער און געוווירווערנדיק, אַז איך בין אַ פּולטוסקער, האָט ער געזאָגט, אַז אין זייער אָטריאַד געפֿינט זיך אַ פּולטוסקער מיידל מיטן נאָמען זשעניא.

איך האָב דערביי אַ ציטער געטאָן. ער האָט גלייך פֿאַר־צייכנט אונדזערע נעמען (8 פּולטוסקער זענען מיר געווען) און געזאָגט, ווען ער וועט קומען אין לאַגער, וועט ער איר געבן פֿון אונדז צו וויסן.

מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דער באַ־געגעניש.

פֿאַרנאַכט זענען נאָך אונדז געקומען דריי יידישע פּאַרטי־זאַנער מיט אַ מיידל.

— דאָס זענט איר, די יידן? — האָבן זיי געפֿרעגט.

— נעמט אייערע זאַכן און קומט מיט אונדז. דער קאָמאַנ־דיר פֿון אונדזער אָטריאַד האָט נאָך אייך געשיקט. מיר האָבן אין דעם האַלב פֿינצטערן שטיבל דאָס מיידל נישט דערקענט. זי אָבער האָט אונדז יאָ דערקענט. מיט אַ געוויין איז זי צו אונדז צוגעפֿאַלן, אונדז וואַרעם אַרומגענומען און געקושט:

— איר זענט די ערשטע פּולטוסקער, וואָס איך האָב דאָ אָנגעטראָפֿן אין וואַלד. מיין גאַנצע משפּחה האָט מען אויס־געהרגעט, געבליבן איינע אַליין.

מיט שווערקייט האָב איך זי דערקענט. דאָס איז געווען שיינדל אייכנבוים. דאָס קליין מיידעלע, כמעט נאָך אַ קינד, תמיד פֿריילעך, וועלכער איך האָב געקענט פֿון פֿאַר די מלחמה — פֿון „קן", איז איצט הויך, שיין, אַ פּרוי אין סאַמען בליען מיט אַ גאַר ענערגיש פּנים (אַחוץ דער טיפֿער טרויער וואָס ליגט אין אירע אויגן). אָנגעטאָן אין אַ שיינעם פּאַרטיזאַנישן לבוש: בופֿן־הויזן, שטיוועלעך, אויפֿן קאָפּ — אַ רוסישע פּילאָטקע, אַ גוטן דייטשישן פּיסטאָלעט ביי דער טאַליע און אויף איר אַקסל — אַ רוסישע קאַראַבינקע און רופֿן רופֿט מען זי אומעטום: זשעניא.

— געדענקסט? — האָט זי זיך צו מיר אָנגערופֿן — די לעצטע מושבה פֿאַר די מלחמה? שיינע פֿאַנטאַזיעס האָבן דאַן אַרומגעשוועבט אין מוח, ווען אונדזער גדוד איז איבער־געגאַנגען פֿון „צופֿים" אויף „צופֿים בוגרים". ווי דו האָסט אונדז אויף די מושבה פֿאָטאָגראַפֿירט? נאָר וואָס אָנגעהויבן צו לעבן און פֿאַרשטיין. אַ צייט געווען פֿון שיינע חלומות און געזען האָט מען דאַן דאָס לעבן נאָר פֿון דער גוטער זייט. דערנאָך, אין די טעג פֿון אָנפֿאַנג מלחמה 1939, פֿון באָמבאַר־דירן און אַנטלויפֿן פֿון דער שטאָט; ווי דו מיט שבתין, מיינע־דיק אַז דער שטורעם וועט פֿאַרביי, האָבן באַגראָבן די ביבליאָטעק פֿון „קן" און איך, אַריינקומענדיק דאַן צופֿעליק, האָב איך געהאָלפֿן אין דער אַרבעט... דערנאָך, ווען מ'האָט אונדז אַרויסגעטריבן פֿון דער שטאָט, איז עס געווען צום גוטן. מיר זענען אַריין צו די סאָוויעטן, געאַרבעט און איינגעאָרדנט זיך צו ביסלעך, געמיינט אַז דער שטורעם וועט פֿאַרביי און פֿאַרזעצן וועלן מיר ווייטער צו פֿאַרווירקלעכן אונדזערע שטרע־בונגען אין דעם גייסט, אין וועלכן איך בין דערצויגן געוואָרן. אָבער, ניין! ווידער די דייטשן! דאָס מאָל דראָט שוין צו אַלץ אַ סוף. אויסגעריסן ווערן לענדער מיטן וואָרצל, אויסגעמעקט ווערט יעדעס אָרט, ווו אַ יידיש לעבן עקזיסטירט. גאָר נישט איז געבליבן. איין זאַך, וואָס עס איז געבליבן: דער האָס צום בלוטיקן שונא, דער אומגעשטילטער דורשט נאָך נקמה! יאָ, צוליב דעם לעב איך! און וועל לעבן!

יאָ, צוביסלעך נעמען מיר נקמה — האָט זי געזאָגט מיט אַ טריאומפֿירנדיקן שמייכל — דו זעסט אָט דעם פּיסטאָלעט, איך האָב אים פֿון אַ דייטש אַראָפּגעצויגן, וועלכן איך האָב מיט מיינע הענט דערשאָסן.

נישט באַשערט געווען, אַז די העלדישע זשעניא, וועלכע האָט אַזוי פֿיל אויסטערלישע גבורה אַרויסגעוויזן אין דער פּאַרטיזאַנקע און נישט אָפּגעשטאַנען אין אויספֿירן אירע אויפֿגאַבעס פֿון פֿיל אַנדערע העלדן־פּאַרטיזאַנער, וועלכע

זענען אַזוי שטאַרק באַרימט געוואָרן — זאָל זוכה זיין צו דער באַפרייונג.

זשעניאַ איז געווען אַ שם־דבר אין די פאַרטיזאַנישע אָטריאַדן און איז געטראָגן געוואָרן מיט פיל שטאָלץ אויף די ליפּן פון אַ סך אונטערערדישע קעמפער.

אין 1944 איז זי געפאַלן אין אַ שווערן קאַמף מיט די דייטשן, — דריי שעה פאַרן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער, איז מען אונדז אַרויס אַנטקעגן. מ׳האָט אונדז אַרומגערינגלט, אויסגעפרעגט און זיך מיט אונדז געפרייט. מיר זענען געוואָרן אויסער זיך, ווען מיר האָבן געזען פאַר זיך אַזוי פיל יידישע פאַרטיזאַנער. איז עס אַ ווירקלעכקייט? צי גאָר אַ חלום?!

מיר האָבן געפילט אין דאָזיקן מאָמענט, ווי דאָס גליק איז צו אונדז געקומען און אונדז פאַרגיטיקט פאַר די אַלע ביז איצטיקע אַרומוואַנדערונגען, זוכענישן און אָפּשטויסונגען... מען פרייט זיך מיט אונדז, אַ סימן, אַז מיר זענען נישט איבריק. פיל פייערן האָבן געברענט און אַרום זיי — זענען געזעסן, געלעגן אָדער האַלב־געלעגן יידישע פאַרטיזאַנער.

דאָ האָט זיך געברענט אַ גרויס פייער, אויף וועלכן עס האָבן זיך געקאָכט גאַנצע עמערס מיט עסן. דער קאָמאַנדיר מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן איז צו אונדז צוגעקומען און געזאָגט, דריקנדיק יעדן פון אונדז די האַנט:

— אונדזער משפחה פאַרגרעסערט זיך! איך בין דער קאָמאַנדיר פון דער יידישער גרופּע — האָט ער פאָרגעזעצט און ווי זיך פאָרשטעלנדיק פאַר אונדז, — איר זענט זיכער מיד פון וועג. גייט, עסט אָפּ און לייגט זיך שלאָפן. מאָרגן וועל איך דערליידיקן די ענינים מיט אייך.

כאָטש איך בין געווען זייער מיד, האָב איך פון גרויס איבעראַשונג נישט געקאָנט איינשלאָפן. כ׳בין געלעגן לעבן פייער, וואָס איז פון מינוט צו מינוט קלענער געוואָרן. די זיסע מחשבה האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט: דערגרייכט איז אונדזער ציל; מיר ווערן פאַרטיזאַנער, — פריי פון איצט דער גאַנג צו נקמה!...

צומאָרגנס זענען מיר פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די „זוואָדן".

פאַרנאַכט, ביי דער „וויעטשערנאַ פּרעווערקא" האָבן מיר אָפּגעגעבן די שבועה: „קעמפן ביז די לעצטע קויל; נקמה נעמען פאַר די צענדליקער טויזנטער אויסגעשאָסענע אומשולדיקע מענטשן; קעמפן פאַר אונדזער גרויסן סאָוויעטישן פאָטערלאַנד; בעסער דער טויט איידער אַריינצופאַלן לעבעדיק צו די דייטשן".

נאָך דעם האָבן מיר צוזאַמען מיט אַלע גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם גרויסן געראַנגל מיט די דייטשישע מערדער.


ШТАБ
СПРАВКА
Тов.
Комиссар отряда

תעודה פרטיזנית ע"ש מנחם שצ'ופק

פאַרטיזאַנער־דאָקומענט א. נ. פון מענדל שטשופּאַק

## אונדזער אטריאַד, דער יידישער משפּחה־לאַגער און דאָס געווער פון געטאָ...

אונדזער אַטריאַד האָט געהייסן: „שטשאָרס". די אַלגע־מיינע צאָל פּאַרטיזאַנער איז באַשטאַנען פון 700 מאַן. דער אַטריאַד איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין פיר גרופּעס. אונדזער גרופּע איז כמעט געווען פון בלויז יידן. אַחוץ די 10 ווייסרוסן. געציילט האָט אונדזער גרופּע איבער 130 מאַן, דערינען 30 פרויען. יעדער גרופּע האָט געהאַט איר נומער. אונדזער גרופּע האָט מען גערופן לויטן נומער אָדער: „יעווריעיסקאַיאַ גרופּאַ". אין אונדזער גרופּע האָט זיך גע־פונען דער שטאַב, אַדאַנק די יידישע מיידלעך; יעדער פון דער נאַטשאַלסטוואָ האָט געהאַט זיין יידיש מיידל. אונדזער אַטריאַד איז געווען זייער גוט באַוואָפנט; דער איינציקער אַטריאַד מיט אַזאַ קאַלאָסאַלער באַוואָפענונג. ביי 90% מענטשן זענען געווען באַוואָפנט בדרך כלל. אין זייער באַזיץ: ביי 120 פּולעמיאָטן און 2 לייכטע אַראַמאָטן. אונדזער גרופּע האָט פאַרמאָגט 27 פּולעמיאָטן אַחוץ אויטאָמאַטן און ביקסן, פיל גראַנאַטן און קורץ געווער. אויסער די איבריקע גרעסערע אַטריאַדן, וועלכע האָבן געציילט ביי 200 מאַן זענען געווען עטלעכע גאַנץ קליינע אַטריאַדן; זיי זענען געווען שוואַך באַוואָפנט.

עס איז אויך געווען אַ גרויסער יידישער משפּחה־לאַגער, וווּ עס האָבן זיך געפונען פיל עלטערע מענטשן, פרויען מיט קינדער. אונדזער גרופּע האָט זיי פיל געהאָלפן, אויך מיט געווער. דאָס ביסל געווער האָבן זיי נישט געקאָנט באַנוצן צום קאַמף מיטן דייטש. זיי האָבן געהאַט אַ שווערע אַרבעט צו באַקומען פאַר אַזוי פיל מענטשן — עסן. זיי זענען געווען גאַנץ זיכער, זייענדיק אַרומגערינגלט פון די אַטריאַדן. זייער גאַנצע אָנשטערנגונג איז געווען אויף צו באַקומען געווער.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט דעם יידישן משפּחה־לאַגער, האָב איך זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווי שנעל זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דעם נייעם לעבן; מיט וויפל ענערגיע און כלערליי המצאות זיי שאַפן זיך געווער. קיין זאַך איז ביי זיי אַזוי נישט חשוב געווען, ווי דער אופן צו פאַרשאַפן זיך געווער. עלטערע יידן און ווייבער האָבן זיך געלערנט, ווי אַזוי זיך צו באַגיין דערמיט. דער גרעסטער חלום פון די קינדער, סיי יינגלעך סיי מיידלעך, איז געווען: אַ ביקס!

אין לאַגער האָט זיך געטומלט ווי אויף אַ יאַריד. שוסטער שניידער, זייגערמאַכער, פריזירער און שלאָסער האָבן פליי־סיק געאַרבעט. געהאַנדלט און פאַרקויפט פאַרשידענע זייגערס און נאָך פיל זאַכן. די מטבעה, וואָס איז געגאַנגען אין קורס איז נישט געווען קיין געלט אָדער גאָלד, נאָר: געווער.

עס איז געווען אַ מערקווירדיקער מאַרק. די פּאַרטיזאַנער פון דער גאַנצער געגנט האָבן געקענט דעם מאַרק. ווען זיי האָבן געדאַרפט עפּעס באַקומען אָדער צורעכט מאַכן, פלעגן זיי קומען אין משפּחה־לאַגער מיט אַ דערלויבעניש פון זייער אַטריאַד. פאַר צעבראָכענע טיילן פון ביקסן, גראַנאַטן אָדער קוילן פלעגן זיי אַלץ באַקומען. פון צעבראָכענע פאַרזשאַ־ווערטע טיילן, וואָס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז מ'קאָן דערפון עפּעס מאַכן — האָבן זיי אויפגעשטעלט ביקסן. און מיט אָט די ביקסן פלעגן גרופּעס, גרופּעס אַוועקגיין און מיט כלערליי מיטלען דערהאַבערן געווער. דאָס איינשאַפן פאַר אַזאַ גרויסע מחנה עסן, איז שוין פאַר זיך אַליין געווען אַ זאַך פון גרויסער קאַמפּס־באַדייטונג, אַריינגייענדיק אין דערפער, וועלכע זענען געווען פול מיט דייטשישע גאַרני־זאָנען. נישט איינמאָל פלעגט זיך עס ענדיקן מיט זייער שווערע פאַרלוסטן.

דער גרעסטער טייל פון די אַלע יידן האָט געשטאַמט פון סלאָנים.

כ'האָב זיך פאַראינטערעסירט אין זייערע איבערלעבונגען פון געטאָ ביז צום וואַלד און געזען וויפל זיי האָבן געטאָן ביים אָרגאַניזירן די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג און ווי שטאַרק באַעוולט זיי זענען דערנאָך געוואָרן.

סלאָנים איז, ווי באַוווּסט, געווען אַ גרויסער יידישער צענטער. אין דער צייט פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט, האָבן זיך פיל יידישע פליטים פון פוילן געצויגן קיין סלאָנים. ווען די דייטשן זענען אַריין, האָט די יידישע באַפעלקערונג געציילט איבער 25 טויזנט נפשות. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די שחיטות, ווי אין יעדער שטאָט, נאָר מיט אַנדערע מיטלען, כדי צו פאַרטושן אין תחילת זייערע מאָרד־כוונות.

אין דער ערשטער שחיטה זענען אומגעקומען ביי אַ העלפט יידן. די איבריקע האָבן געלעבט אין געטאָ.

גלייך נאָך דעם האָט זיך געשאַפן אַ קאַמפּס־קאָמיטעט. דאָס ערשטע: באַשלאָסן שאַפן געווער. ביי אַ 10 רוסישע קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ וואַלד אַרום סלאָנים, נישט לאָזנדיק זיך נעמען אין פּלען (צווישן די 10 — דער קאָמאַנדיר פון אונדזער יידישן אַטריאַד), זענען געשטאַ־נען אין אַ פאַרבינדונג מיט דעם קאַמפּס־קאָמיטעט אין געטאָ, וועלכער האָט אָנגעהויבן באַזאָרגן די קאָמאַנדירן מיט אַלעם נייטיקן; אַרבעטנדיק אין גרויס קאָנספּיראַציע אין געטאָ פאַר איינשאַפן געווער. די דייטשן, אָנהויבנדיק אויפצוזאַמלען די הויפּנס געווער, וואָס די רוסן האָבן איבערגעלאָזט אויף די צוריקגעטרעטענע וועגן מחמת דעם נאַציישן איבערפאַל,

האָבן עס פאַרוואַנדלט אין געווער־סקלאַדן, וועלכע האָבן ביי זיי געהייסן: „בוטע לאַגער". אַזאַ לאַגער איז אויך געווען אין סלאָנים. פיל אַרבעט איז געווען אין די סקלאַדן. מ'האָט דאָס געווער סאָרטירט און גערייניקט. צו דער אַרבעט האָט מען גענומען יידן. צענדליקער טויזנטער מינים פון כלי־זין, נישט אויסצושרייבן, האָבן זיך דאָרטן געפונען. די פיל יידישע יונגעלייט און מיידלעך וואָס האָבן דאָרט געאַר־בעט ביים רייניקן דאָס געווער, האָבן פאַרשידענע מחשבות געהאַט דערביי. „אפשר איז די קויל אָנגעגרייט פאַר מיר?" (ביים שיסן יידן פלעגן די דייטשן באַנוצן רוסיש געווער). ס'פלעגט אַרומגיין אַ וויץ דערביי, ווי איינער פלעגט זאָגן צום צווייטן: „רייניק גוט אויס די קויל, דו זאָלסט נישט באַקומען ביים שיסן אַ בלוט־פאַרגיפטיקונג". אינמיטן פלעגט דורכלויפן אַ צווייטער געדאַנק: אפשר גאָר אַרויסגנבענען אַ שטיקל געווער און האַלטן עס אויף דעם טאָג פון „ליקווי־דאַציע"... נישט גיין ווי אַ שעפּס צו דער שחיטה, נאָר „תמות נפשי עם הפלישתים". יעדער האָט מורא געהאַט צו אַנטפּלעקן זיינע מחשבות פאַר דעם צווייטן.

אָבער יעדער האָט בלא יודעים אָנגעהויבן אַריינשלעפּן אין געטאָ עפּעס אַ שטיקל געווער. דער קאַמפּס־קאָמיטעט אין געטאָ האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז דער „בוטע לאַגער" איז די בעסטע קוועלע אויף צו שעפּן געווער. נישט לאַנג און די אַרבעטער פון בוטע לאַגער" זענען געוואָרן טיכטיקע מיטגלידער אין קאַמפּס־קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן צושטעלן פיל ווערט־פולע מתנות פאַר דעם דייטשישן אָנפירער פון „בוטע לאַגער". עס האָט געהאָלפן. דער דייטש האָט אָנגעהויבן מער צו שכורען, וויניקער צו דרייען זיך ביי דער אַרבעט. „די יודן זענען געוואָרדן גוטע יודן". מ'האָט אויך נישט געקאַרגט קיין מתנות פאַר די איבריקע דייטשן. אַזויערנאָך האָבן יידן אַריינגעבראַכט געווער אין געטאָ.

אין קאַמפּס־קאָמיטעט האָט זיך וואָס אַמאָל פאַרגרעסערט די אַרבעט. דער ווינטער איז אַוועק און מ'האָט זיך געגרייט צום פרילינג — צו די דערוואַרטנדיקע ליקווידאַציעס פון די דייטשן. שלאָסערס האָבן געאַרבעט מיט התמדה אין די נעכט ביים צונויפשטעלן דאָס געווער, און אייזן־שטאַרק האָט יעדער באַשלאָסן נישט אַריינצופאַלן לעבעדיק צו די דייטשן. שליחים זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם קאַמפּס־קאָמיטעט צו די קאַמאַנדירן אין וואַלד, זיי פאַרלייגנדיק מענטשן פון געטאָ. די קאַמאַנדירן האָבן געטענהט, אַז די מענטשן זענען איצט נוצלעך פאַר דער געטאָ. דער קאַמפּס־קאָמיטעט דאַרף זיי נאָר צושטעלן דאָס געווער פאַר די פאַרטיזאַנישע גרופּעס, וואָס זיי הייבן איצט אָן צו אָרגאַני־זירן. ווען עס וועלן זיך ציען אין די וועלדער גרעסערע גרופּעס מענטשן פון דער געטאָ, וועלן עס גלייך דערשפּירן די דייטשן און זייער אָרגאַניזיר־פּלאַן וועט פולשטענדיק צונישט ווערן.

אַ געווער־אַרסענאַל, וואָס האָט זיך געשאַפן מחוץ דער געטאָ, פלעגט נאַכט ביי נאַכט איבערטראָגן דאָס געווער פון געטאָ צו די קאַמאַנדירן אין וואַלד.

מיט די ערשטע שטראַלן פון דער פרילינגס־זון, האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערצוּוואַקסן גרופּעס פון פאַרטיזאַנער; אַלע אַנטלאָפענע, וואָס האָבן געווינטערט אין די וועלדער, האָבן זיך גרופּירט אַרום די קאַמאַנדירן. וועגן געווער האָט מען נישט געדאַרפט זאָרגן. קיינער האָט אפילו נישט געוווּסט פון וואַנען עס שטאַמט, ווייל עס איז געהאַלטן געוואָרן, ווי אויבן דערמאָנט, בסוד גדול...

איצט האָט מען זיך גענייטיקט אין זייער אַ סך געווער. דעריבער פלעגן פאַרקומען אַ סך פאַלן פון אומפאַרזיכטיקייט.

עס איז צו פאַרצייכענען אַ פאַקט, וואָס איז געשען: 3 מאַן, וועלכע האָבן געטראָגן אויף זייער לייב דריי לופּעס פון פּולעמיאָטן, האָט זיי געטראָפן אויף דער גאַס דער געביט־קאָמיסאַר און גענומען זיי אויף אַרבעט. ער האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ פּאָליציאַנט. זיי האָבן גע־דאַרפט רייניקן אַ גאַס, און דאָ קאָנען זיי זיך נישט איינ־בייגן. אַ נס, וואָס איינער פון זיי האָט געהאַט ביי זיך אַ גוט זייגערל. ער האָט עס אַוועקגעוואָרפן לעבן פּאָליציאַנט. דער פּאָליציאַנט, תופסזייענדיק דעם ענין האָט עס אויפגעהויבן און זיך אַוועקגעדרייט — די 3 יידן זענען נעלם געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די ספּעציפיש־יידישע גבורה און העלדישקייט, וואָס אונדזער יידישער אַטריאַד האָט אַרויסגעוויזן אין די קאַמפן מיט די דייטשן, איז אַ העראָיש קאַפּיטל פאַר זיך.

מען מוז דערביי אונטערשטרייכן, אַז ביי די אַלע „אַק־ציעס" און קאַמפּס־אונטערנעמונגען קעגן די נאַציש מערדער ווי: מינירן שאָסייען, אויפרייסן באַנען אד"ג, איז עס ביי דעם יידישן פאַרטיזאַן געווען מער קידוש השם ווי מלחמה, מער „יהרג ואל יעבור" ווי סטראַטעגיע. דער יידישער פאַר־טיזאַן האָט געפילט, אַז ער מוז פאַר יעדן פּרייז מקריב־זיין זיין לעבן און זיין גיין אַנטקעגן זיכערן טויט, איז זיין הייליקסטע מצווה. דערפאַר האָט מען מיט אַזוי פיל שטוינונג און וווּנדער אין אַלע פאַרטיזאַנישע קרייזן באַטראַכט דעם קאַמפּס־לוסט פונעם יידישן פאַרטיזאַן...

איך האָב דאָ געוואָלט נאָר שילדערן דעם בלוטיקן יסורים־

וועג, וואָס דער יידישער פּאַרטיזאַן איז דורכגעגאַנגען פון דער רגע אָן, ווען ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ ביז ער האָט באַקומען געווער און גלייכבאַרעכטיקונג צו קעמפן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס קעגן דעם בשותפותדיקן שונא.

נאָך דער צעשמעטערנדיקע מפּלה פון נאַצי־דייטשלאַנד און באַפרייונג פון די סאָוויעטן בין איך אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל *.

* געפאַלן אין דער באַפרייונגס־מלחמה פון דער יידישער מדינה אין 1948 (זע: „הלוחמים והנופלים").

## ברוך גאַפּטעק

נאָך אַלס קינד האָט ער זיך אויסגעטיילט פון אַנדערע מיט זיין שאַרפן מוח און שנעלער אָריענטאַציע. געלערנט אין חדרים און ישיבות, אומעטום געווען איינער פון די פעיקסטע. זיינע עלטערן זענען געווען שטאָלץ מיט אים און געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען אויפן געביט פון למדנות: מי יודע, וואָס פאַרא גרויסער רב עס וועט פון אים נאָך אויסוואַקסן.

נאָר איינמאָל, ווען ברוך האָט געדאַרפט אין דער ישיבה זיך צוריקקערן (דאָס איז געווען אין דער לאָמזשער ישיבה, אַלטזייענדיק 16 יאָר), האָט ער דערקלערט זיינע עלטערן, אַז ער פאָרט נישט מער. שווער זיך פאַרצושטעלן דעם שווערן רושם, וואָס די דאָזיקע רייד האָבן געמאַכט אויף זיי. וויפל קעגנזייטיקע ליידן עס האָט אַריינגעבראַכט אין זייער שטוב...

אויף זיין נייעם לעבנסגאַנג האָט ברוך אָנגעטראָפן פיל מכשולים, וועלכע ער האָט מיט גרויס דערפאָלג באַקעמפט. די נאַטור האָט אים געבענטשט מיט אַ שיינעם קול; אַ לירישן באַריטאָן. געלערנט סאָלפעדזשאַ * און שפּילן פּיאַנאָ ביי מאַדריקאַמיען און דערנאָך — ביי וואַנסאַלאַ, וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר פון מוזיק און געזאַנג אין דער פּוילישער גימנאַזיע ווי אויך אין סעמינאַר.



ברוך גאַפּטעק — צו זיין אָפּפאָר אויף „הכשרה", 1938

ער האָט געלערנט קינדער און דערוואַקסענע העברעיש. פון זיין פאַרדינסט האָט ער אָפּגעשפּאָרט אויף ביכער און פאַרפולקאָמען זיך אין דער אַלגעמיינער בילדונג. פּראָפעסאָרן פון דער פּוילישער גימנאַזיע, ביי וועלכע ער האָט געלערנט פּריוואַט ווי: ענגליש, מאַטעמאַטיק אד"ג — האָבן באַוווּנדערט זיינע פעיקייטן.

ער איז געווען אַ חבר אין „השומר הצעיר" און אין אַ קורצער צייט געוואָרן ראש־קבוצה. זיינע אָנגעשריבענע אַרטיקלען פלעגט מען לייענען אויף ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס זענען אָפּט אין דער פּאַרטיי פאָרגעקומען.

אין 1936־טן יאָר האָט דער יװוא פאַרעפנטלעכט אַ קאָנקורס אויף ד. ט. „פאָרשונג וועגן יוגנט־פּראָבלעמען". ברוך האָט געשיקט אייניקע אויסצוגן פון זיינע טאָג־ביכער און באַקומען אַ זייער ווערטפול בוך אַלס אויסצייכענונג צוזאַמען מיט אַ דערמוטיקונגס־בריוו פון דער ריכטער־קאָמיסיע, באַמערקנדיק, אַז עס איז צו זען אין אים אַן אויפקומענדיקן טאַלאַנט, און דאַרף בכן פאָרזעצן זיין אַרבעט.

די גאָלדענע תקופה פון „השומר הצעיר" האָט זיך געענדיקט. די וועלכע זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג, האָבן געמוזט אויפגעבן זייערע אינטענסיווע אַרבעטן. טייל זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל, טייל — קיין אויסלאַנד צוליב בילדונגס־צוועקן.

אין דער צייט, ווען יעקב נחושתן־קופּפערמינץ און צבי

* נאָטן; אַנטוויקלונג פון דער שטים און שמיעה.



אין די יוגנט־יאָרן

לאַטערמאַן האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דעם בית״ר, וואָס איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן איינע פון די גרעסטע און בליענדיקסטע אָרגאַניזאַציעס — ווערט ברוך, אַנשטאָט נייגן זיך צו לינקס, אַ ביתריסט, מאָטאָווירנדיק, אַז קודם כל מוזן יידן ווערן גלייך ווי אַנדערע פעלקער; האָבן אַ באָדן אונטער די פיס און דענקען מלוכהדיק...

אין בית״ר אַרבעט ברוך מיט התלהבות, ווערט ראש־קבוצה און אַ חבר פון דער פאַרוואַלטונג. נעמט אָנטייל אינעם קורס פון די מדריכים, וואָס איז פאָרגעקומען דאָן אין וואַרשע און פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג.

ברוך האָט שטענדיק געטראַכט פון ארץ־ישראל. דאָס איז געווען זיין גרויסער חלום. מיטן טויט פון ארלאָזאָראָוו און נאָך די שווערע קאַמפן פון זשאַבאָטינסקי מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, באַקומט דער בית״ר זייער אַ קליינע צאָל סערטיפיקאַטן. ברוך פילט ווי דער באָדן אין פוילן ברענט אונטער די פיס און ער מוז פאַר יעדן פרייז פאָרן קיין ארץ־ישראל, און כדי צו דערגרייכן זיין ציל, קערט ער זיך אום צוריק אין די רייען פון השומר הצעיר.



ברוך גאָפּטעק (אויף „הכשרה״)

פאָרט אויף הכשרה קיין בענדין, ווו ער פאַרענדיקט זיין לעבן אַלס קאָמאַנדיר און העלדישער קעמפער אין געטאָ און אין די רייען פון די דאָרטיקע און געגנטאָרומיקע פאַרטיזאַנער.

הי״ד ויהי זכרו ברוך. ל. מ.



גלייך אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די דייטשן אים געכאַפּט און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט. ס'איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פונעם אַרבעטס לאַגער, דערגרייכנדיק קיין בענדין. אויפגענומען געוואָרן אין בענדינער געטאָ אַלס קאָמאַנדיר איבער דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויפן פּלאַץ. גלייכצייטיק איז ער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט די אונטערערדישע חלוצישע מחנה איבער גאַנץ זאַגלעמביע. ער איז אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און דערציער פון קבוץ „עתיד״ פאַר יתומים קינדער אין עלטער פון 10—16 יאָר, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגענומען פון יתומים־הויז.

גאָפּטעק איז אויך געווען מיליטערישער אינסטרוקטאָר; ער האָט די יוגנט געלערנט, ווי אַזוי אומצוגיין מיט געווער.

אין דעם בונקער, ווו ס'האָבן זיך געפונען ברוך גאָפּטעק מיט זיין חברטע פרומקע דאָלנאַרוזשאַ, איז געווען דער גאַנצער געווער־זאַפּאַס ווי אויך וואַרשטאַטן פאַר אויסאַרבעטן פרימיטיווע געווער. אונטער גאָפּטעקס קאָנטראָל איז פאַרטיילט געוואָרן געווער אויך אין אַנדערע בונקערס, וואָס האָבן זיך געפונען אין בענדין.

גאָפּטעק איז אויך געווען פון די, וועלכע האָבן פּלאַנירט צו עפענען אַ וועג אין דער סלאָוואַקיי, וויסנדיק אַז דאָרט איז דער נאַצישער רעזשים אַ מעסיקער. אַ גרופּע צוזאַמען מיט גאָפּטעקן האָבן זיך שוין געהאַט צוגעגרייט צו פאַרלאָזן בענדין און נאָר געוואַרט אויף דעם וועג־ווייזער. אָבער דער וועג־ווייזער האָט זיך נישט באַוויזן צו דער אָפּגעשטימטער צייט... און דער פּלאַן איז צו נישט געוואָרן. אומגעריכט איז געקומען דער נאַצישער איבערפאַל איבער אַלע גוט מאַסקירטע בונקערס. אָדער ס'איז געווען אַ צופאַל, אָדער אַ פאַרראַט, ווייל ווי באַוווּסט איז דער יודנראַט אין בענדין געשטאַנען אין קאָנפליקט מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער יודנראַט — ווי אַנדער יודנראַטן אין אַנדערע ערטער — האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף צו שטעלן די צאָל יידן, וואָס דער דייטש פאַרלאַנגט, גלייבנדיק, אַז די יידן ווערן אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט, קעגן וועלכן די קאַמפּס־אָרג. האָט

זיך קעגנגעשטעלט און צוגעגרייט די יוגנט זיך צו פּאַר־טיידיקן מיט געווער.

דעם 3־טן אויגוסט 1943 — נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן שוין געהאַט ליקווידירט די איבריקע בונקערס — אויך אַנטדעקט דעם בונקער, אין וועלכן ס'איז געווען גאפּטעק. זיי האָבן אָפּגעשאַרט אַ ביסל ערד און עס האָט זיך באַוויזן אַ דיקט. זיי האָבן דעם דיקט פון דעם פּענצטער אַראָפּגעריסן און אַ לייטענאַנט מיט נאָך אַ נאַצי האָבן אַריינגעשטעקט די קעפּ אין פּענצטער. אין דער רגע האָט גאפּטעק, שטייענדיק אויף דער וואַך, גלייך אָנגעצילט דאָס געווער. ביידע נאַציס זענען געטראָפן געוואָרן און דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט. די דייטשן, מורא האָבנדיק אַריינצוגיין אינעם בונקער, האָבן באַוואָרפן דעם בונקער מיט האַנט־גראַנאַטן און אַלע פון בונקער זענען שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן.

ווי עס גיט איבער איינער פון די, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט פון אַ צווייט אָרט, ער זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין בונ־קער, אַרויסנעמען דאָס געווער און די מתים, — איז נאָכדעם ווי גאַפּטעק האָט פאַרשטופּט דאָס געווער אין דער ליימיקער ערד, וואָס איז געווען באַגאָסן פון אַ וואַסער שטראָם, כדי עס זאָל נישט אַריינפאַלן צו די דייטשן, האָט ער געזען ווי די קעמפער זענען אַ טייל געלעגן מיט די אינגעווייד אין דרויסן, און אַז פרומקע דאָלנאַרוזשא האָט אַרויסגעשיינט ווי אַ בליענדיקע בלום און לעבן איר איז געלעגן ברוך גאפּטעק, וועלכער האָט אַרויסגעברענגט די לעצטע ווערטער זיינע, געווענדעט צו זיין מיידל: „זע, פרומקע, איך בין געקומען צו דיר אין דעם בונקער, כדי מיר זאָלן ביידע צוזאַמען שטאַרבן"...

דעם 19־טן אַפּריל 1946, נאָכן טויט באַקומען אַ מעדאַל פון דער פוילישער רעגירונג „קזשיזש וואַלעטשניך" (קאַמפס־קרייץ).

גענראַכט: מ. ס.



**חוה לאנצנער**, אַ פּאַרטיזאַנקע, אַן אָפּגעראַטעוועטע פון בענ־דינער געטאָ דערציילט:

זייענדיק שוין אויף דער אַרישער זייט אין בענדין, האָב איך זיך דערוווּסט איינצלהייטן פון דעם ווּעשעריי־בונקער און וועגן טראַגישן אומקום פון דער חברים גרופּע, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען: פרומקע פּלאַטניצקא, ברוך גאַפּטעק מיט זיין חברטע פרומקע דאָלנאַרוזשא (שטאַמען ביידע פון פּולטוסק), צפורה באָטשאַן, חדווה בערנאַרד און טוביה



אַקאַפּעס־גרעבער ערב דעם 2־טן וועלט־קריג מיט ברוך גאַפּטעק (ערשטער פון לינקס אין דער אונטערשטער שורה)

דוואָרסקי מיט זיין חברטע פנינה יאַקאָבאָוויטש. אַלע באַווייזן צייגן, אַז ברוך גאַפּטעק איז געשטאַנען אויפן אָמט אַלס אויסשפּירער. ווען ער האָט דערזען צוויי ס.ס.־לייט וואָס שטייען מיט די געזיכטער אין דער ריכטונג צום וואַנט, האָט ער גלייך געשאָסן און ביידע ס.ס.־לייט זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן פּלאַץ. צווישן דער ס.ס.־גרופּע איז אַנטשטאַנען אַ שטאַרקע צוטומלעניש. באַלד זענען אַרויסגערופן געוואָרן הילף־אָפּטיילונגען, אויסגעשטאַט מיט מאַשין־געווער און האַנט־גראַנאַטן. זיי האָבן אויפגעריסן די גאַנצע בונקער־אומגעגנט מיט אויפרייס־מאַטעריאַל און ווען די טיר איז געוואָרן אַרויסגעריסן פון איינגאַנג, האָט זיך אַנטפּלעקט דער בונקער. די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן אין חלל פון בונקער האַנט־גראַנאַטן און באַשאָסן מיט מאַשין־געווער. די „אַקציע" האָט געדויערט עטלעכע שעה. דערנאָך האָבן די נאַציִשע מערדער אַריינגעשטראָמט וואַסער אין בונקער אַריין. צום סוף האָבן זיי באַפוילן די „יידישע געטאָ־פּאָליציי", זיי זאָלן אַרויסשלעפּן די טויטע קערפּער, וואָס זענען געטראָפן געוואָרן פון פייער און וואַסער. 7 קערפּער זענען אויסגעלייגט געוואָרן איינער לעבן אַנדערן מיט די געזיכטער צו דער זון. איינער פון די פּאָליציי האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז די דייטשן זענען איבעראַשט געוואָרן פון דעם, וואָס זייערע אויגן האָבן געזען.

אַמשטאַרקסטן האָבן זיי באַוואונדערט דאָס געשטאַלט פון פרומקע דאַלנאַרוזשאַ. זי האָט געבליט ווי אַ צוואַקסענע רויז. איינער פון די חברים, וואָס האָט נאָך באַוויזן סימנים פון לעבן האָט זיך אַנגעשטרענגטערהייט געוואָלט אונטערהייבן זיצנדיק, עפּענען דאָס מויל און עפּעס אַרויסרעדן, האָט אים איינער פון די רוצחים שטיל געמאַכט אויף אייביק, אַריינהאַקנדיק אַ קויל אין קאָפּ אַריין.

פרומקע פּלאַטניצקאַ, „די קעמפערין מיט אַ שטאָלענעם ווילן" האָט געוואָלט זאָגן די מערדער איר לעצטן וואָרט. אָבער אומזיסט. ס'איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו „פּאַרגיטיקן" יעדן איינעם פון דער בונקער־גרופּע — נאָך אַ זשיפּעדיקן אָדער אַ טויטן — מיט אַ צאָל קוילן אין די קעפּ אַריין.

איינער פון דער פּאָליציי האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז אין דער צייט ווען מ'האָט זיי אַרויסגעצויגן פון בונקער, האָבן זיי געקלאַמערט דאָס געווער אין די הענט; די פויסטן זענען געווען פאַרקוועטשט און נישט אָפּגעלאָזט די „כלים". אַזוי זענען געבליבן ליגן די דורכגעלעכערטע 7 קערפּער און דאָס וואַרעמע בלוט האָט זיך געגאָסן אונטערן זוניקן הימל.

צומאַרגנס איז געקומען די שוואַרצע מאַשין פון אָשוויענטשים, צוגענומען די 7 טויטע קערפּער, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן אונטערפוילן.

(פון בוך „מלחמות הגיטאות", רעדאַקטירט פון יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) און דיכטער „משה באסאק ז"ל, זייטן 362—363).

✶

צווישן די קעמפער אין דער בענדינער געטאָ איז באַקאַנט געווען און געזונגען געוואָרן דאָס ליד: ענג איז מיר די וועלט", געשריבן פון ברוך גאַפּטעק. דאָס ליד איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעיִש דורכן באַקאַנטן דיכטער משה באסאק ז"ל.

נישט געפינענדיק דאָס ליד אין דעם יידישן אָרגינאַל, יוערט עס דאָ געבראַכט אין דער העברעישער איבערזעצונג.

### צרו מרחבי תבל לי

(ענג איז מיר די וועלט)

צרו מרחבי תבל לי
המצור עלי סגר
לא לצאת ולא לבוא
ובכול — עין המשמר.

התבל יושבת כלא
וכלאה אחד גדול
התבל — רודן ועבד
במחנק ארצה שאול.

עננים שחורים כליל
ממטירים שואה והי
בא הקץ לכל בשר
ותבל עיים תהי.

מעשן יאפיר רקיע
אדמה מדם תאדים
אי אדם אי החופש ?
אין דיין אין דין...

דאָס ליד געבראַכט: מ. ס.

### שבע אייכענבוים הי"ד

איינע פון די הערצאיִשסטע געשטאַלטן איז בלי שום ספק די טראַגיש אומגעקומענע שבע, אָדער ווי מ'האָט איר גערופן זשעניאַ אייכנבוים. זי איז געבוירן געוואָרן אין פּולטוסק אין 1925 יאָר (ביאַליסטאָקער קרייז). אין 1939־טן יאָר ווערט זי איבערגעשיקט פון טשערוואָני־בור קיין סלאָנים. אין אויגוסט 1942 אַנטלויפט זי אין פּאַרטיזאַנקע און קומט אָן אין דער 51־טער יידישע גרופּע ביים אָטריאַד „שטשאָרס". זי האָט אָנטייל גענומען אין אָנפאַל ביים באַפרייען די קאָסעווער געטאָ אין אויגוסט 1942. דעם 14־טן סעפּטעמבער 1942 נעמט זי אָן אַקטיוון אָנטייל אין צעקלאַפּן אַ שול פון דער „סאַמאָכאַוועצ" אין נאָווינאָוויטש (סלאָנימער געגנט), אין באַרימטן קאַמף ביים 10־טן שליוז פון אָגונסקי קאַנאַל, וועלכער פאַרבינדן די טייכן בוג, פּריפּיעטש און דניעפּער אין טעלעכאַנער ראַיאָן.

אין נאָוועמבער 1942 נעמט זי אָן אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף ביים צעקלאַפּן דעם דייטשן גאַרניזאָן ביים שטעטל טשוטשעוויטשי (לונינעצער ראַיאָן), וועלכער איז אויסגעפירט געוואָרן אויסשליסלעך דורך דער 51־טער יידישער גרופּע פון א"ד אָטריאַד. זי האָט אויך אָנטייל גענומען אין קאַמף ביים צעקלאַפּן און פאַרברענען דעם גרויסן טאַרטאַק און גאַרניזאָן

אין דעניסקאָוויטש (האַנצעוויטשער ראַיאָן) אין מאָנאַט נאָוועמבער 1942; אויך ביים צוקלאַפּן דעם גאַרניזאָן שוויענטאַ־וואָליא (טעלעכאַנער ראַיאָן) אין פעברואַר 1943 און ביים צעקלאַפּן און פאַרברענען דעם גאַרניזאָן מיענדזילעשיע (קאַרטוז בערעזער ראַיאָן). אין יוני 1943 האָט זי אַרויסגעוויזן גרויס איניציאַטיוו און דרייסטקייט.

במשך פון 1943־טן יאָר האָט זי אָנטייל גענומען אין די אויפרייסן אויף די ליניעס בריסק—באַראַנאָוויטש, ביי די סטאַנציעס הארענטשיצע—בלודען און בריסק—פינסק און ביי דער סטאַנציע האַראָדעץ—דראָהיטשין.

נישט וויניקער ווי דרייצן עשאַלאָנען מיט דעם שונאס לעבעדיקע קראַפט און קריגס־טעכניק איז פאַרשריבן אויף איר קאָמפּס קאָנטע. באַזונדערס האָט זי זיך געמאַכט אַ נאָמען מיט איר אָנטייל אין אויפרייס פון אַן עשאַלאָן אויף דער ליניע באַראַנאָוויטש—לונינעץ, ביי דער סטאַציע בודי, דעם 31־טן דעצעמבער 1943. זי איז געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי די סאָלדאַטן־פּאַרטיזאַנער און קאָמאַנדשאַפט נישט נאָר פון איר אָטריאַד, נאָר בכלל ביי אַלע פּאַרטיזאַנער פון דער בריסקער פּאַרטיזאַנער פאַראייניקונג. אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר איר העלדישקייט און מוט, האָט מען איר געשענקט אַן אויטאָמאַט־געווער, וואָס זעלטן ווער פון פרויען האָט געהאַט אין פּאַרטיזאַנקע. (גלייכצייטיק האָט זי מיטגעאַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער ביי ד"ר בלומאָוויטש, דער הויפּט דאָקטאָר איבער דער בריסקער פּאַרטיזאַנער פאַראייניקונג).

די העלדישע שבע אייכענבוים צוזאַמען מיט אייניקע פּאַרטיזאַנער פון דער 51־טער יידישער גרופּע ביים אָטריאַד „שטשאָרס", האָט זיך געטראָפן אין דאָרף גאָזשלעווע (קאַרטוז בערעזער געגנט) מיט אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „קאַלאָפּאיעווע", וועלכע האָבן פּראָוואָצירט אַן אַנטיסעמיטישן שמועס, און איינער פון זיי האָט אַ זאָג געטאָן „די דייטשן האָבן אייך נאָך ווייניק אויסגעהרגעט!" זשעניע האָט גלייך אַרויסגעכאַפּט דעם פּיסטאָלעט און אויסגעשריען „אַזעלכע ווי דו וועל איך ווי אַ הונט דערשיסן". די יידישע חברים האָבן זי קוים באַרויִקט און פון אירע הענט אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער.

דעם 23־טן מערץ 1944, אַ טאָג פאַר דער באַפרייאונג פון יענעם ראַיאָן, בעת דעם קאַמף מיט דער אָפּטרעטנדיקער דייטשישער אַרמיי פון מערב אוקראַינע, ביי דעם צוזאַמענגוס פון די קאַנאַלן דניעפּראַ־בוג און ביעלאָזשערסק (דראָהיטשינער ראַיאָן) איז זי געפאַלן ביי טראַגישע אומשטענדן.

באַקומען נאָכן טויט דעם אָרדן „רויטער שטערן" און דעם מעדאַל „פּאַרטיזאַן פון פאָטערלענדישער מלחמה" 1־טע מדרגה. אויך איז זי צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער קאָמאַנדשאַפט פון דער בריגאַדע צו די אָרדנס „רויטעפאָן"" און „העלד פון ראַטן־פאַרבאַנד".

(פון בוך: „דער יידישער אָנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג" פון סאָוויעט־רוסלאַנד. רעדאַגירט דורך משה קאַגאַנאָוויטש, לייטער פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים פּאַרטיזאַנער פאַרבאַנד פח"ח אין איטאַליע, ז. 228, 290, 320).

## ז'ניה אייכנבוים

ילידת פולטוסק שנתגלגלה בשנות המלחמה לסלונים. אחרי הטבח הגדול נמלטה באוגוסט 1942 ליערות „וולצ'ה נורה" (מאורת הזאבים) ונתקבלה בפלוגה היהודית ה־51 שליד הגדוד ע"ש שצ'רוס. השתתפה בהתקפת הגדודים הפארטיזניים לשיחרור גיטו קוסוב, במיקוש מרכז ההגנה העצמית הכפרית („סאמוכובה") בגאווינוביץ', בקרב המפורסם ליד הסכר העשירי של תעלת אוגינסקי באיזור טאלאכאני (14 בספטמבר 1942); בנובמבר 1942 השתתפה עם הפלוגה היהודית שליד „שצ'רוס" בקרב נגד חיל־המצב הגרמני בעיירה צ'ואביץ (איזור לונינץ); היא לקחה חלק פעיל בקרב נגד חיל המצב הגרמני בדניסקוביץ ובשריפת המנסרה שבעיירה (נובמבר, 1942) וכן בקרב על הנהר לאן ב־5 לדצמבר 1942. הוכיחה את יוזמתה ואומץ ליבה בשעת השמדת חיל המצב בשווינטא־ווליא בפברואר 1943 ובקרב נגד חיל־המצב במינדזילסיא (איזור קארטוברזה), ביוני 1943. אותה שנה השתתפה גם במיקושים רבים של מסילת הברזל בריסק—בארנוביץ ליד התחנות בריסק, פינסק, דרור־הוצ'ין וכו'. לזכותה נרשמה השמדתן של שלוש־עשרה רכבות שהובילו מטען חי וחומרי־מלחמה של הצבא הנאצי.

פירסומה הגדול בא לה מהשתתפות במיקוש הרכבת במסילת בארנוביץ'—לונינץ, ליד תחנת בודי (31 בדצמבר 1943). שמה של ז'ניה נודע לתהילה ולהערצה לא רק בקרב אנשי גדודה ומפקדיה, כי אם גם בין כל הפרטיזנים באיזורי סלונים ובריסק. כהוקרה על גבורתה הוענק לה נשק אוטומטי, שרק לעתים רחוקות הופקד בידי אשה בפארטיזנקה.

נפלה יום אחד בלבד לפני שיחרור האיזור, שבו נמצאה (23 במרס 1944), בשעת קרב עם הצבא הגרמני הנסוג ממערב־אוקראינה, ליד מקום המיפגש של תעלות דניפר—בוג וביאלוז'רסק (איזור דרוהוצ'ין). אחרי מותה הוענק לה עיטור „הכוכב האדום" וכן המדליה „פארטיזן מלחמת המולדת", דרגה א'; כן הוצעה על ידי המיפקדה לקבלת המיסדר של „הדגל האדום" והתואר „גיבורת ברית המועצות".

(ז'ניה אייכנבוים „הארץ" 7.5.67, נשים יהודיות גיבורות בתנועה הפרטיזנית הסובייטית, משה כהנוביץ).

## צבי ראַזאַנאַוויטש

אומגעפער אַ האַלב יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער פאַר־אייניקטער פאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע אַרום ווילנע, וועלכע האָבן געפּרוּווט עטלעכע מאָל אויסגעפונען פאַרטיזאַנישע כּר־חות מיט וועמען זיך פאַרבונדן און מיטאַרבעטן, געמיינזאַם



צבי ראַזאַנאַוויטש

שלאָגן דעם בשותּפותדיקן שונא און ס'איז זיי נישט גע־לונגען — האָט דער פאַרטיזאַן הערש ראַזאַנאַוויטש (פון פּול־טוסק) אין סוף זומער 1942 זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פאַר־טיזאַנער גרופּע אין ווילנער קרייז. דאָס זענען געווען אַ גרופּע פּאַראַשוטיסטן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע. די פרייד און צוזאַמענטרעף איז געווען זייער גרויס אָבער נישט אויף לאַנג. ווייל לויט די דערקלערונג פון פאַרבינדלער פאַר־טיזאַן צבי ראַזאַנאַוויטש האָבן די פּויערים פון יענער געגנט זיי געמסרט און איבערגעגעבן צו די דייטשן. ראַזאַנאַוויטש האָט זיי געזען אַרומגערינגלטע און קעמפענדיקע. זייענדיק פאַרוווּנדעטע באַגאָסענע מיט בלוט, האָבן די פּאַראַשוטיסטן געשאָסן אין דער דייטשער זייט. זיי האָבן דורכגעריסן אַ וועג און זייערע שריט זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן.

אין אַפּריל 1943 איז צבי ראַזאַנאַוויטש אַנטלאָפן פון ווילנער געטאָ, זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַרטיזאַנער, אין אָטריאַד א״נ „קוטוזאָוו״ בריגאַדע לעונינסקי־קאָמסאָמאָל, שפּע־טער געשיקט געוואָרן אין ווילנער „געטאָ״ אויף אַן אַקציע אַרויסצוראַטעווען אַ גרופּע יידן און זיי אָפּפירן אין די אַרו־מיקע וועלדער. צוריקגייענדיק פון געטאָ מיט אַ גרופּע יידן וואָס ער מיט נאָך אַ פאַרטיזאַנער האָבן אַרויסגעפירט, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דייטשישער לאַקערונג. און כּדי צו דערמעגלעכן די אומבאַוואָפנטע אַרויסגעראַטעוועטע יידן פון ווילנער געטאָ, זיי זאָלן אַנטרינען ווערן פון דייטשישן פייער אין די וועלדער אַריין, האָט צבי ראַזאַנאַוויטש מיט זיינעם אַ חבר, אויך אַ פאַרטיזאַן, אויפגענומען דעם קאַמף מיט די דייטשן ביז דער לעצטער קויל געפאַלן אין דעם נישט גלייכן קאַמף מיטן אויסגעשריי: „אַ טויט די דייטשישע מערדער״.

(פון בוך: „דער ייד. אַנטייל אין דער פאַרטיז. באַוועגונג״, פון משה קאַגאַנאַוויטש)

## איזידאָר (ישראל) נאַוואַמינסקי

ס'איז געווען אין אַ טאָג פון דייטשישער „אַקציע״ אין דער וואַרשעווער געטאָ. יחידים און משפּחות האָבן געזוכט און געגנושטערט אַן אָרט, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשישע רוצחים און פאַרכאַפּערס.

צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען די יונגע פאַמיליע פון איזידאָר נאַוואַמינסקי, וואָס איז גאָר נישט לאַנג אויפגעשטעלט געוואָרן. ער איזידאָר, אַן אַרבעטזאַמער, אינטעליגענטער און געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַ שם; זי, זיין יונגע פרוי, די איידעלע עווע ברעסלער, און זייער קליין טעכטערל, וואָס די מוטער האָט דאַן געהאַלטן אויף די הענט, בשעת זיי זענען אַריינגעפאַלן אין די טמא לאַפּעס פון די נאַציש מערדער.

ווען דער דייטש האָט איבערגעקוקט וואָס דאָקומענטן, אַז זי איז אַ יידין, האָט ער ברוטאַל אַרויסגעריסן דאָס מיידעלע פון אירע הענט. און ווען די מוטער האָט אויסגעבראָכן אין אַ שוידערלעכן ספּאַזמירן, האָט דער זעלבער דייטש — אַלס ענטפער דערויף — אַ זעץ געטאָן מיט דער ביקס וואָאַן אין פּנים אַריין אַזוי, אַז זי האָט זיך אינגאַנצן באַגאָסן מיט בלוט און געבליבן ליגן אָן סימנים פון לעבן.

דאַן האָט זיך איזידאָר אַ ריס געטאָן צו דעם דייטש, אָבער יענער האָט אים אָנגעכאַפּט און מיט כּוח צוגעהאַלטן. איזידאָר האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע לאַפּעס, אַרויסגעכאַפּט פון דעם דייטשס גאַרטל דעם רעוואָלווער און אים אָוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט.

איזידאָרן איז געלונגען אין דעם גרויסן טומל זיך אויס־צומישן מיט די אַרומיקע און אין דער טונקלקייט פון דעם אומנט נעלם געוואָרן, אָבער מיט אַ ברענענדיקן געפיל: צו נעמען נקמה!

די ימירים אין געטאָ האָבן זיך ווייטער געצויגן.

פון דער גאַנצער משפּחה איז געבליבן אין געטאָ נאָר ער איינער, איזידאָר.

זיין געליבטע פרוי, זיין קינד, די טאַטע־מאַמע, לולקאַלע (די 16 יעריקע שוועסטערל) ווי אויך די משפּחה פונעם פעטער יחיאל — אַלע זענען שוין געווען אומגעקומען, אויסער זיין ברודער, אַדאַש, וועלכער האָט זיך על־פּי־נס אַרויסבאַקר־מען אויף דער אַרישער זייט.

אַדאַש, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער וואַרשעווער געטאָ — מיט דער הילף פון באַקאַנטע פּאָליאַקן, האָט זייער שטאַרק געוואָלט אַרויסראַטעווען זיין איינציק־פאַרבליבענעם ברודער אין געטאָ — איזידאָרן (אַדאַשן איז דאַן געלונגען אַרויסצוראַטעווען אייניקע פּולטוסקער משפּחות ווי: סרעבערניק, בורשטיין א״א, איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן).

איזידאָרס פּערזענלעך לעבן איז שוין אָבער געווען צע־בראָכן. ער האָט באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אין דער געהיימער געטאָ־באַוועגונג און קעמפן קעגן באַוואָפנטן שונא.

ער האָט געקעמפט און — געפאַלן!

טייערער אומפאַרגעסלעכער איזידאָר! געטרייער חבר און געשעצטער פון די, וועלכע האָבן דיך נענטער געקענט! שוין קיינמאָל וועלן דיך אונדזערע אויגן מער נישט זען!

מיט אַ טויט פון אַ גיבור ביסטו אומגעקומען!

אייביק וועסטו, סרולעקל, אין אונדזערע פאַרטרויערטע הערצער לעבן און עקזיסטירן! השם ינקום את דמך!

דערלאַנגט: פאַרבליבענע פון דער משפּחה

* * *

## מיינע אומגעקומענע דעמבענע ברידער הי״ד

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ שטיי איך פאַראַבלט פאַר די אומבאַקאַנטע קברים פון מיינע דריי אומגעקומענע ברידער זישע, פּיניע און יצחק * דעמבינסקי. זיי זענען געווען ווי די יונגע דעמבעס, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן אין זייער שענסטן בלי דורך אוקראַינישע, פּוילישע און נאַציסטישע רוצחים אין די גרויסע שחיטות פון 43—41־טן יאָר.

7 יאָר איז אַלט געווען זישע, דער עלצטער פון זיי, ווען דער פאָטער איז אַוועק אין דער אייביקייט. פּיניע האָט געהאַט צוויי יאָר און יצחק איז נאָך נישט אַלט געווען קיין יאָר. אַט דער דאָזיקער יתומים־גורל האָט זיי באַגלייט אויף זייער גאַנצן לעבנס־וועג, וואָס איז פול געווען מיט שטרויכלונגען און ביטערן קאַמף פאַרן קיום.

די מוטער האָט זייער ליב געהאַט אירע שיינע און געראָ־טענע קינדער און געשפּיגלט זיך אין זיי, אָבער ווען זי האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל, איז אין שטוב אַריינגעקומען אַ ריכטיקער שטיף־פאָטער און דאָס הויז איז געוואָרן ענג פאַר די יתומים... יונגערהייט האָבן זיי פאַרלאָזט דער מאַמעס נעסט און אַוועקגעלאָזט זיך יעדער אין אַן אַנדער ריכטונג, זוכנדיק אין דער פרעמד אַ בעסערן מאָרגן. ווען זיי פלעגן זיך צונויפ־זאַמלען פון די פאַרשידענע ווינקעלעך אויף אַ יום־טוב ביי דער מאַמען און אַז די מוטער איז אַרויס מיט אירע פינף קינדער פון ערשטן מאַן אין גאַס אַריין, האָבן זיך אַלע אויגן פון אַרום צו זיי צוגעקלעפּט... זי פלעגט בעטן די קינדער, זיי זאָלן זיך צעטיילן אין צוויי גרופּן, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע...

### אלעקסנדר זישע דעמבינסקי הי״ד

געבוירן אין סוף 1907. ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר, ווען ער האָט פאַרלאָזט די שטוב און אַוועק זוכן אַרבעט. זישע איז געווען אַ פעסט אַנטוויקלט יינגל און האָט אויסגעזען ווי אַ בחור פון 15—16 יאָר. אַז ער האָט איינעם פון זיינע פריינד געדריקט די האַנט, האָט זיך יענער פאַרקייכט פון ווייטאָג. די חברים האָבן אים גערופן „זישע ברייטבאָרד״ פאַר זיין שטאַרקייט און כוח. ער איז אַוועק אַרבעטן צו יעקב לייב נאַוואָמינסקי אין טאַרטאַק און געווען זייער אַ געהאָרכזאַמער און פאָלגעוודיקער און אויסגעפירט אַלץ, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט. ביי 16—17 יאָר, ווען אַ פור מיט שטיינ־קוילן איז אַריין אין אַ ראָוו, האָט ער אונטערגעשטעלט זיין ברייטע פּלייצע, אונטערגעהויבן דעם וואָגן און געהאָלפן דעם פערד צוריק אַרויף אויפן טראַקט. מ'האָט אים אין טאַרטאַק זייער גינציק געהאַט, ווייל מען האָט זיך געקאָנט אויף אים פאַרלאָזן. ער האָט זיך געקאָנט אַן עצה געבן אין אַלע אומ־שטענדן. ווען מ'האָט געדאַרפט, האָט ער גענומען אַ מעטער תבואה אונטער איין אָרעם, אַ צווייטן — אונטערן צווייטן און אַרויפגעטראָגן דעם שווערן לאַסט אויף שטיגן אין שטאָקן. ער איז געווען אַ בחור מיט אַלע מעלות, הויך, שיין, געזונט און מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ. איז דעריבער נישט געווען קיין וווּנדער, וואָס יעקב־לייבס אייניקל און פּישל נאַוואָמינסקעס טאָכטער, ראָכטשע, האָט זיך אין אים פאַרליבט. זי האָט אים צוגעלערנט בוכהאַלטעריע און צוזאַמען האָבן זיי געוועבט חלומות וועגן אַ בשותפותדיקער צוקונפט.

זייענדיק אין מיליטער ביי קאַוואַלעריע איז ער געווען איינער פון די פאַרטרויליכסטע סאַניטאַרן און די מיליטערישע

* זע: יצחק דעמבינסקי „דער געטאָ קעמפער״, משה סרעבראַ, ז׳ 487.

דאָקטוירים האָבן באַוואונדערט זיין איידלקייט און פאַרשטאַנד.

נאָכן באַפרייען זיך פון פּוילישן מיליטער איז ער אַוועק צוריק אַרבעטן אין טאַרטאַק. ווען די משפחה נאַוואָמינסקי האָט זיך אַרומגעזען, אַז צווישן זישען מיט ראָכטשען בינדט זיך אַ ליבע איז שוין געווען צו שפּעט זיי פונאַנדערצושיידן. זישע מיט ראָכטשען האָבן געפּאַקט די פּעקלעך און אַוועק נאָך לאָדזש אויף הכשרה אין קיבוץ פון הנוער־הציוני, אין וועלכן זיי זענען אָפּגעווען גאַנצע 6 יאָר. פּאָר דער עליה־באַשטעטיקונג איז געשען מיט זישען אַ פּאַרפּאַל, וועלכער האָט אָפּגעלייגט זייער עולה זיין אויף אַ לענגערער צייט און צעשטערט אַלע זייערע פּלענער.



זישע דעמבינסקי אויף הכשרה אין קבוץ נועד־הציוני אין לאָדזש

איינמאָל האָט דער קיבוץ אַרויסגעשיקט אין איינעם פון די אַרומיקע שטעטלעך ביי לאָדזש אַ געלאַדעוועטע מאַשין מיט באַלן סחורה. זישע איז געלעגן אויסגעצויגן אויף די באַלן און געהאַלטן אויג... אין מיטן פאָרן האָט ער זיך פאַר־טשעפּעט אָן אַ שטאַרטשענדיקן צווייג פון אַ בוים און איז אַרונטערגעפאַלן פון דעם לאַסט־אויטאָ אין אַ ראָוו. ערשט אָפּפאָרנדיק אַ האַלבן קל״מ, בערך, האָט דער שאָפער באַ־מערקט, אַז זישע איז נישטאָ. ער האָט אויסגעדרייט די מאַשין, געפאָרן אויף צוריק און געפונען אים ליגן אַ באַוווסטלאָזן. אין שפּיטאָל האָט דער דאָקטער דערקלערט אַז ביי זישען איז אַ האַרץ פון אַ יונגן לייב, ווען עס טרעפט ביי אַ צווייטן וואָלט עס געפּלאַצט. ער איז געלעגן אַ לענגערע צייט אין שפּיטאָל און נאָך דעם האָט אים דער קיבוץ געשיקט אויף אַ דריי־מאָנאַטיקער דערהאָלונג.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלט־קריג זענען זישע מיט ראָכטשען געבליבן שטעקן אין פּולטוסק. נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון פּולטוסק האָבן זיי זיך דערשלעפּט ביז ביאַליסטאָק אין דעם עמק־הבכא, ווו ס'האָבן זיך געוואַל־גערט הונדערטער פּליטים אויף די גאַסן.

ראָכטשע האָט זיך דערמאָנט אין אירס אַ קריסטלעכער חברטע פון דער שול־באַנק פון דער פּוילישער גימנאַזיע — אַז זי דאַרף ערגעץ וווינען אין סלאָנים. זענען זיי ביידע דאָרט אַוועק, אויפגעזוכט די חברטע און זי האָט זיי אַריינגענומען צו זיך, אָפּגעגעבן אַ צימערל, ווו זיי האָבן געלעבט ביזן 41־טן יאָר. זישע האָט זיך איינגעשאַפט אַ געשעפט און האָט געפירט געהילך פון וואַלד פאַר דער גאָסודאַרסטוואָ (רעגירונג) און פאַרדינט גאָר נישט שלעכט.

אין יוני 1941, ווען די נאַציס זענען באַפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, איז זישע במקום זיך צו לאָזן מיט ראָכטשען פאַרויס נאָך רוסלאַנד — געפאָרן נאָך זעלווע, נעענטער צום פייער אויף מערב, ווייל דאָרט האָט זיך געפונען זיין שוועד פישל נאַוואָ־מינסקי מיט זיין משפחה, וועלכע ער האָט געוואָלט ברענגען קיין סלאָנים. זישע האָט זיי טאַקע אַהין געבראַכט, אָבער די שטאָט איז שוין דאַן געווען אוממעגלעך צו פאַרלאָזן.

ווען די ברוינע חיות זענען אַריין אין סלאָנים האָבן ראָכטשע מיט זישען געמוזט פאַרלאָזן זייערע קריסטלעכע פריינד און אַוועק צוזאַמען מיט אַלע יידן אין געטאָ. וואָלטן זישע מיט ראָכטשען נישט געווען צוזאַמען מיט דער משפחה, וואָלטן זיי זיך אפשר אַרויסגעריסן פון סלאָנימער געטאָ און אָנגעשפּאַרט צו די פּאַרטיזאַנער, אַזוי ווי עס האָבן געטאָן צענדליקער געוואַגטע יונגע מענטשן. זיי האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט שיידן מיט דער משפחה און זענען געבליבן אין געטאָ ביז דער לעצטער אַקציע. ווען אוקראַאינישע ווייס־רוסישע היידאַמאַקעס צוזאַמען מיט דער געסטאַפּאָ האָבן אַלעמען אַרויסגעשלעפּט און געיאָגט צו די אויסגעגראָבענע לאַנגע גריבער אונטער דער שטאָט. דורכגעלעכערטע פון די נאַצישע קוילן, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין די מאַסן ברודער־קברים. זיי האָבן נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער צוקונפט אין אייגענעם לאַנד.

אויף זישען און ראָכטשען קען מען זאָגן: הנאהבים וה־נעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו. הי״ד.

### פּיניע דעמבינסקי הי״ד

מיין יינגערער ברודער פּנחס, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „פּיניע", איז געווען אַ מאָגערער, אָבער מיט ברייט־

לעכע פלייצעס, זייער אַ באַחנטער יינגל, תמיד אַ שמייכל־דיקער, דאָס פּנים קלאָר און ריין, אָן אַ שפּרינקעלע. ער איז געווען אַ חברישער, ליב געהאַט געזעלשאַפט און שטענדיק גרייט געווען צו טאָן אַ צווייטן אַ טובה אפילו ווען דאָס איז געווען ריזיקאַליש פאַר אים. פון דער נאַטור נישט קיין פוילער און אַ פאַלגעוודיקער און די חברים האָבן אים זייער ליב געהאַט, ווייל ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָנגעגריפן אפילו נישט קיין שוואַכערן פון אים. אָבער האָט אימעצער אים פאַרטשעפּעט האָט ער דעם קאַמף אויפגענומען אפילו ווען יענער איז געווען שטאַרקער. זיינע פויסטן האָבן זיך צעפאַכעט און דער אָנגרייפער איז שוין נישט אַרויס קיין גאַנצער פון אונטער זיינע קלעפּ. ווייל זיין גוט אַנטוויקלטער גוף האָט געדאַרפט מער שפייז וויפל די שטוב האָט אים געקענט געבן, איז ער גאָר פרי אַוועק אַרבעטן צו „יענעם". ס'איז אים געפעלן געוואָרן קאַמאַשנמאַכעריי און ער האָט זיך געלערנט דאָס פאַך ביי אבראַמטשע מעלניק. נאָכן אָפּ־אַרבעטן אַ געוויסע צייט ביי מעלניקן, ווו מען האָט אים זייער געשעצט צוליב זיין באַשיידנקייט און באַציִען זיך ערנסט צו דער אַרבעט, איז ער אַוועק זוכן אַ בעסערן גורל קיין וואַרשע. אין דער פוילישער הויפּטשטאָט האָט ער זיך צעוואַקסן און אַנטוויקלט, געוואָרן אַ שיינער און באַחנטער בחור. אויף זיינע ליפּן האָט אַרומגעשטיפט אַ שטענדיקער שמייכל.



פּיניע דעמבינסקי „שפּאַצירט" אַרום ביים נאַרעוו אין פולטוסק, האַלטנדיק אויף זיך אייניקע פון זיינע חברים...

ער איז געווען העכער ווי מיטלוווקס, אַלע מוסקולן פון זיין קערפּער האָבן געשפּראַצט מיט קראַפט. ער איז געווען געזונט ווי אַ דאָמב. ווען ער פלעגט אַמאָל אַראָפּקומען קיין פולטוסק, פלעגט ער נעמען דריי אָדער פיר מאַן אויף זיך אין פאָרם פון אַ בלום־פּיראַמידע און מיט זיי אַרומשפּאַצירט ביי דער פולטוסקער פּליאַזשע ביים נאַרעוו פון אַ פערטל ביז אַ האַלבע שעה און נישט מיד געוואָרן. אין וואַרשע האָט ער געאַרבעט נישט אַזוי ווי אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט בלויז סעזאָנען, נאָר אַ גאַנץ פעליק יאָר. ער האָט געהאַט אַ שטענדיקן פאָסטן, ווייל דער בעל־הבית האָט אים זייער ליב געהאַט און אים געהאַלטן אפילו ווען ס'איז שוואַכער געוואָרן מיט דער אַרבעט. ער האָט אויך עטלעכע מאָנאַטן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געהייראַט מיט דעם פאַברי־קאַנטס טאָכטער.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין וואַרשע, האָט פּיניע מיט זיין יונג ווייבל פאַרלאָזט די שטאָט און זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאַלקין „שוואַרצן" די גרענעץ נאָך רוסלאַנד. אויפן גרענעץ־פּאַס זענען זיי געלעגן ווי אַ סך אַנדערע — עטלעכע טעג אויפן שניי אין די גרויסע קעלטן און פרעסט, ביז ס'איז זיי געלונגען אַדורכשמוגלען זיך און אָנקומען קיין ביאַליס־טאָק. אין ביאַליסטאָק איז נישט געווען ווו זיך אַהינצוטאָן. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אין די שולן אויף די קאַלטע פּאָדלאָגעס, געוואָרן קראַנק און געפרוירן, איז פּיניע אַוועק נאָך איגנאַטעק, אין אַ זומער־קאָלאָניע פון הילצערנע הייז־קעס. אין ווינטער האָבן די הייזלעך געפּוסטעוועט.

„איגנאַטעק" איז נישט ווייט געווען פון ביאַליסטאָק און אַ סך יידישע ביזשענצעס האָבן דאָרט אַוועקגעוואַנדערט. די וווינונגען זענען געווען אין אַ וועלדל מיט צובראָכענע טירן און אויסגעהאַקטע פענצטער. דערזעענדיק דעם דאָזיקן מקום־מקלט, האָט פּיניע קיין סך נישט געקלערט און זיך פאַר־שריבן אויף אַרבעט אין דער נייער זיך בויענדיקער שטאָט מאַגניטאָגאָרסק, וואָס ליגט ביי די אוראַלער בערג. די אַרבעט איז דאָ געווען זייער אַ שווערע און עסן איז געווען ווינציק, האָבן זיי פאַרלאָזט מאַגניטאָגאָרסק און אַוועק אויף צוריק קיין אוקראַינע ווו זיי האָבן זיך גאַנץ פיין איינגעאָרדנט.

אין יוני 1941, ווען די נאַציס זענען איבערפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, איז פּיניע מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און געשיקט געוואָרן אויפן וויניצער פראָנט. אויף דעם אָפּשניט זענען געפאַלן 90% פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און צווישן די האָט געפונען זיין העלדישן טויט מיין ליכטיקער ברודער פּיניע בן שלמה דעמבינסקי הי"ד.

רחל סרעברא (דעמבינסקי)

# יצחק דעמבינסקי דער געטאָ־קעמפער

איינער פון די געטאָ־העלדן פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, וועלכער איז באַשאָנקען געוואָרן נאָך זיין טויט דורך דער פּוילישער דעמאָקראַטישער רעגירונג מיט אַ „גאָלדענעם פאַרדינסט קרייץ" דעם 19־טן אַפּריל 1948 — איז געווען יצחק בן שלמה דעמבינסקי פון פּולטוסק.



יצחק דעמבינסקי — גיבור גיטו ורשה

יצחק איז געבוירן געוואָרן דעם 2־טן נאָוועמבער 1914, אין דאָרף ליעשניעווע, וואָס ליגט אויפן וועג מאַקאָוו—מאַזאָוויעצק—פּולטוסק, אין אָנהייב ערשטער וועלט־מלחמה, ביי מיטל־פאַרמעגלעכע עלטערן. דער פאָטער שלמה איז געווען אַ רעליגיעזער ייד, האָט זיך פאַרנומען מיט מילך־פאַבריקאַטן... די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקציע: קעז, פּוטער, סמעטאַנע, האָט ער געפירט קיין וואַרשע און פון דער פּרנסה האָט געסטייעט אויסצוהאַלטן בכבוד אַ פרוי מיט 5 קינדער. יצחק איז געווען דאָס ייִנגסטע קינד און ווען ער איז געוואָרן עפּעס מער ווי אַ האַלב יאָר אַלט, האָט זיין פאָטער באַקומען, אום פּסח, 1915־טן יאָר, אַ שווערן אַסטמע־אַטאַק, האָט אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה אין וואַרשע און באַערדיקט געוואָרן אויפן גענשער בית־עולם. אויף דער יונגער אלמנה, וואָס איז געבליבן מיט פינף פּיצלעך קינדער, איינס עלטער פונעם צווייטן מיט אַן אָנדערטהאַלבן יאָר, איז געפאַלן די לאַסט פון פּרנסה און דערציִונג. אַזוי ווי זי איז געווען אַן אַרבעטסזאַמע פרוי האָט זי איבערגענומען דעם פאַרשטאָרבענעם מאַנס עול, זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט און באַשלאָסן מער נישט חתונה האָבן, נאָר ווידמען איר לעבן פאַר די יתומים. זי האָט פאָרגעזעצט דעם מאַנס באַשעפטיקונג און אפילו געזען ברכה אין דער אַרבעט. דריי יאָר האָט זי שווער געהאָרעוועט ביז פאַמיליע און גוטע פריינד האָבן זיך אַריינגעמישט און משפּיע געווען, זי זאָל חתונה האָבן צום צווייטן מאָל, כדי צו פאַרלייכטערן זיך און גלייכצייטיק אַריינבעמען אַ דערציִער פאַר די קינדער. מיינענדיק אויסשליסלעך די טובה פון די קינדער האָט זי סוף־כל־סוף איינגעשטימט. אָבער אַרויסגעקומען איז דאָס קאַפּויערדיקע. אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ שטיף־טאַטע — נאָך דעם ווי ער האָט זיך געשיידט מיט זיין ערשטער פרוי, מיט וועלכער ער איז געווען געהייראַט 10 יאָר און נישט געהאַט מיט איר קיין קינדער — און מיט אים איז אויך אַריין אַ קללה אין שטוב. ער האָט אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען אין דער ווירטשאַפט, אַז פון די 10 קי איז געוואָרן אַש און פּראָך... מ'האָט ליקווידירט דאָס מילכיקס און אין 19־טן יאָר האָט מען פאַרלאָזט ליעשניעווע און זיך איבערגעצויגן קיין פּולטוסק, און צו וואָס ער האָט זיך נישט גענומען, איז מיטגעקראָכן דער שלימזל...

דער קליינער יצחק איז געצוווּנגען געווען, ביי 10 יאָר, צו גיין לערנען זיך אַ פאַך. געוואָרן אַ לערניינגל ביי שלום סטאָליאַר (שלום פרידמאַן). אָפּאַרבעטנדיק אַ פּאָר יאָר און נישט קאָנענדיק זיין אין די ד' אמות פונעם שטיף־פאָטער, פאַרלאָזט ער די היים און פאָרט אַריבער קיין וואַרשע, זיך וואַלגערן אין דער פרעמד. ער איז באַלד שטאַרק באַליבט געוואָרן ביי זיינע קרובים און חברים פאַר זיין גוטהאַרציקייט. ער פלעגט יעדן איינעם אַרויסהעלפן ביזן „לעצטן גראָשן" און פאַר זיין גוטער נאַטור האָט מען אים אויס ליבשאַפט גערופן „איזשעלע". ער איז געווען שטיל און באַשיידן. קיינעם נישט אָנגעגריפן, געווען אַ סימבאָל פון גוטסקייט און אָפּ־פערוויליקייט. די דאָזיקע כאַראַקטער־שטריכן האָבן אים באַוויגן אָנצושליסן זיך אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט בתמימות געגלייבט, אַז דער קאָמוניזם וועט איבעראַנדערשן די וועלט און וועט פול זיין מיט סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט.

אין יאָר 1937 ווערט ער אָנגענומען אין פּוילישן מיליטער, דינט אָפּ צוויי יאָר ביי שווערער זעניט־אַרטילעריע ביזן אויסברוך פון קריג. אין יאָר 1939, ווען ער האָט געדאַרפט באַפרייט ווערן, איז ער, פאַרשטייט זיך, געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, דערגאַנגען מיטן פּוילישן מיליטער ביז צו די קרעסן און פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. די סאָוויעטן האָבן ביי זיי צוגענומען דאָס געווער און באַפרייט די זעלנער. וואָלט יצחק דעמאָלט געוווּסט, אַז זיינע נאָענטסטע, די ברידער, שוועסטער און מוטער געפינען זיך אין ביאַליסטאָק, וואָלט ער זיכער געטיילט דעם גורל פון זיין פאַמיליע און

וואָלט פון ביאַליסטאָק ממשיך געווען, צוזאַמען מיט זיי, קיין אוראַל. ער האָט אָבער געצויגן קיין וואַרשע. אויפן וועג איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די נאַציס און געוואָרן איבערגעפירט קיין דייטשלאַנד אין אַן אַרבעטס־לאַגער, ווו ער איז געווען פאַרהאַלטן אַ לענגערע צייט. שפּעטער באַוויזט ער זיך אין וואַרשע. ווי אַזוי ער איז צוריקגעקומען, צי ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דעם דייטשישן לאַגער, אָדער די דייטשן האָבן אים באַפרייט — איז נישט באַוווּסט.

יצחק האָט זיך ווידער געפונען אויף דעם אָרט, ווו ער האָט אַלע זיינע יאָרן געקעמפט און געטרוימט פאַר אַ בעסערן מאָרגן פאַר דער מענטשהייט. ער האָט באַקומען אַרבעט אין געטאָ ביי זיין פאַך, אויף נאָוואָליפּקי 59, אין „העלמאַנס־שאָפּ". ס'האָט זיך אים אין אָנהייב נישט שלעכט געלעבט, וויל ווי ס'איז באַקאַנט, האָט ער נאָך אויסגעהאַלטן מיט לעבנסמיטלען זיינער אַ מומען, אַ מוטער פון קליינע קינדער און אַ שוועסטערן־קינד. שפּעטער טרעפן מיר אים צוזאַמען מיט דער העלדישער קעמפערין „דאָראַ", וועלכע האָט זיך צוגעאייגנט דעם פאַמיליען נאָמען דעמבינסקא. וואַרשיינלעך האָבן זיי חתונה געהאַט און האָבט ביי האַנט האָבן זיי באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון די בלוטיקע יידישע שונאים. אונטער דער אָנפירונג פון יצחק דעמבינסקי האָט מען אויסגעבויט אונטער „העלמאַנס־שאָפּ" אַ בונקער. ווען דער בונקער איז פאַרטיק געוואָרן האָט מען אין די נעכט אָפּגעוואַרט עס־עס־לייט, יידישע קאַפּאָס, אוקראַינישע און פּוילישע אונטערהעלפער און אויסגעפירט איבער זיי טויט־אורטיילן, לויט די באַשלוסן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

יצחק דעמבינסקי איז אויך געווען דער איינשאַפער, איינקויפער פאַר שווערע געלטער און אָפּנעמער פון יעדן שטיקל געווער, וועלכע איז געוואָרן אַריינגעבראַכט אין בונקער. ער פלעגט אַליין דורכפירן די „געווער טראַנזאַקציעס" ביי יעדן שטיקל געווער, געשטאַנען ביים צוים פון דער זייט פון געטאָ, כדי איבערצוגעבן דעם סכום געלט — דעם פון דער צווייטער זייט שטייענדיקן קריסטלעכן סוחר. איינמאָל איז יצחק צוריקגעקומען פון אַזאַ „טראַנזאַקציע" ביים פלויט מיט צעבלוטיקטע פינגער. ער איז געוואָרן אָפּגענאַרט פון אַזאַ „סוחר", וועלכער האָט צוגענומען דאָס געלט און נישט געגעבן די „סחורה". יצחק האָט זיך פון עגמת־נפש צעביסן די הענט ביז בלוט...

אין דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ קעמפט יצחק מיט געווער אין האַנט אַלס מיטגליד פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. נאָכן פאַלן פונעם געטאָ איז אים געלונגען מיט זיין פרוי זיך אַרויסצוראַטעווען דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן און אָנשליסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער. דאָראַ דעמבינסקא איז שפּעטער געכאַפּט געוואָרן דורך צוויי פּאָליאַקן אונטער וואַרשע. זיי האָבן געוואָלט פון איר אַרויסרייסן דאָס מאַשין־געווער, ווען זי האָט זיך באַהאַלטן אין טיפן קאָרן, אָבער אירע הענט האָבן זיך איינגעקלאַמערט אינעם געווער. די גויים האָבן איר צעבראָכן אַלע פינגער פון די הענט ביז זיי האָבן אַרויסבאַקומען פון איר דאָס וואָפן און שפּעטער געבראַכט די דייטשן, וועלכע האָבן איר דערשאָסן אויפן אָרט.

יצחק דעמבינסקי איז געפאַלן אַ קרבן פון דער פאַרעטערישער האַנט פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, די אַנטיסעמיטישע העלדן, וועלכע האָבן אויסגעמישט דעם קאַמף קעגן היטלעריסטישן שונא מיטן אויסראָטן די רעשטלעך געראַטעוועטע זין פונעם אויסגעהרגטן יידישן פאָלק.

כבוד זיין אָנדענק!

משה סרעברא



# פולטוסק נאכן חורבן * א שטאט אָן יידן

י. גרינבערג*, חיפה

## אין לאַנד פון מיין וויגל

קום איך אַריין
אין לאַנד פון מיין וויגל —
אויף די פליגל פון מיין טרוים.
גייט מיר קיינער נישט אַנטקעגן...
גיי איך צום בריקל
מיט ציטער און פלאַטער
כ'קוק אינעם טייכל
און זע נישט מיין פנים
אין שפיגל פון וואַסער. —
ווערט פאַרוואָלקנט מיין חלום.
לויף איך צום וועלדל
ווו מיין יוגנט טוט ווינען —
שרייען קראָען אַראָפּ פון די קרוינען;
גיי איך צום הויז —
כ'בין דאָרט געבוירן
קוקן פנימער פרעמדע
פון די טויערן...
זיי שפּיזן מיך מיט אויגן
גרינער פון האַס :
געברענט און פאַרברענט אים
און אָט גייט ער אויף דער גאַס...
שפּאַן איך אַוועק מיט שטרויכלקע טריט
ביז איך קום צו דעם אָרט
פון אייביקער רו. —
אויף קברים פון אבות
איך וויל זיך דאָ שפּרייטן
נאָר פון זייער געביין
איז נישטאָ מער קיין צייכן
דאָס פעלד איז צעהאַקערט
און אויך שוין פאַרזייעט.
נעם איך אַ גאָרשט ערד
פון אַ בייט
און קרייז אַרום דעם
אין אַ עיגול
דערנאָך טו איך עס
אַ וואָרף אויפן ווינט
און באַגלייט עס מיט אַ ווונטש ׳
אַזוי זאָל זיין דיין סוף
לאַנד פון מיין וויגל...

און ווידער
אויף די פליגל פון מיין טרוים
נאָר דאָס מאָל אין שטעטל
איך קום מיט געזאַנג
און פערל און עטל
באַגלייטן מיין גאַנג
פערל האָט אויגן מאַנדלען אַ פּאָר
און עטל אַ קרוין צעפּאַטלטע האָר
אין דרייען מיר שוועבן אין זילבערנעם גלאַנץ
און די הייזער אַרום אין שיכערן טאַנץ
שוועבן מיר און טאַנצן אַראָפּ און אַרויף
ביז מיר טאַנצן אַריין אין אַ ליכטיקן הויף
אין הויף פון דער שול.
מיט שבת און יו״ט דאָ פינקלען די שויבן —
און אַלע לייכטערס ליכט אָנגעצונדן !
און אין שול איז אַ דוחק, גאָר אין לשער
קעפּ אויף קעפּ ! און יונגוואַרג אויף זיילן

---

* געבוירן אין 1904 ביי חסידישע עלטערן אין פולטוסק. געלערנט אין „חדר“, אין „בית־מדרש“. צו 15 יאָר געוואָרן אָן איבערגעדרייט „שלעסל“. געוואָרפן זיך אויף די פוילישע ליטעראַטור מיט חסידישן ברען, דערנאָך אויף די וועלט ליטעראַטור, און צום סוף ערשט געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור. געוואָרן דער גרינדער פון די ערשטע ליטעראַרישע קרייזן אין פולטוסק. שפּעטער — דער מיטגרינדער פון דער „יוגנט“ געזעלשאַפט.אָוונט־קורסן און פון דער „באָראָכאָוו ביבליאָטעק“.

יהושע גרינבערג אָדער „שיעלע“ ווי מ'האָט אים צווישן פריינד און חברים גערופן, איז אין 1926 אַוועק פון פולטוסק, געלעבט אין נאַשעלסק און צום סוף זיך באַזעצט אין וואַרשע. אין די שטעטלעך ווו ער איז געווען — געשאַפן ליטעראַרישע קרייזן און יוגנט אָרג. אַ געוויסע צייט אויך געווען אַ מיטגליד פון וואַרשעווער יוגנט־קאָמיטעט פון דער לינקער פועלי־ציון.

אין 1933 עולה געווען קיין ארץ־ישראל און וווינט די גאַנצע צייט אין חיפה. זיין שרייבערישע טעטיקייט הייבט זיך אָן אין ארץ־ישראל. דעביוטירט אין דער „ניי וועלט“ מיטן ליד „די געלעלאַטע“ אין יאָר 1940. פון דעמאָלט אָן דרוקט ער זיך אין דער „ניי וועלט“ — אין די „בריק“, די „צוקונפט“, „לעצטע נייעס“, „ישראל שטימע א״א.

דערציילונגען ווי : „די מומע זיסל“ (זע : ז׳ 422) א״א, האָט ער געדרוקט אין די חיפהער בלעטלעך און אויך אין זשורנאַל חיפה.

זיינס אַ ליד איז אַריין אין דער פרץ־אַנטאלאָגיע פון נחמן מייזל און זיינס אַ דערציילונג אין דער אַנטאלאָגיע „מכאן ומקרוב“ פון חלמיש.

ווי ענגלעך טרויבן, —
אַ קלאַפּ אין באַלעמער!
און אַ שטילקייט צעגיסט זיך
ווי אין וואַלד פאַרן שטורעם
איידער ער צעוויגט זיך.
שימשל דער סופר קריצט מיט זיין פעדער
— ס'לעצטע אות — סיום הספר —
אויפן געלבלעכן פאַרמעט קריצט די פעדער
און אויך אין האַרצן פון יעדן באַזונדער
ס' לעצטע אות — סיום הספר.
ווישט די אויגן זיך פערל,
ווישט די אויגן זיך עטל
ס'לעצטע אות — סיום הספר
סיום השטעטל — —
אין שולהויף איז ליכטיק און רוישיק אַצינד
אַ ים פון התלהבות פלאַקערט אין ווינט.
ליכט, הבדלות און געצונדענע שטורקאַצן
און יידל מיטן פידל און בערל מיטן באַס
שפּילן דאָ אַ ניגון צום סיום פאַרפּאַסט.
און אונטער אַ חופּה פון גאָלד און בראָקאַט

מ'טאַנצט מיטן ספר!
און אַרום אין אַ ראָד
די גאַנצע שטאָט!
שטריימלעך, קאַסקעטן — די פנימער פלאַמען
חסידים, מתנגדים — אַלע צוזאַמען.
שייטלעך, קופּקעס און פּראָסטע פאַטשיילעס,
אַלטוואַרג, יונגוואַרג — אויך פון עפר ואפר —
אַלע זענען געקומען צום סיום הספר. —
פּלוצעם אַ בליץ שלאָגט אַריין אין דער עדה
און זי ווערט אַ פלאַמיקער שייטער —
נאָר דער טאַנץ גייט ווייטער
שטאַרקער ברייטער — — —
און ס'טאַנצן מיט די ליכט, הבדלות און שטורקאַצן,
און ס'טאַנצן די פידלען, די פּויקן און די טאַצן
ס'טאַנצט מיט דאָס שטעטל מיט פלאַמענדיקע דעכער
ביז דער פייערדיקער טאַנץ
טוט אַ טאַנץ אין דער הייך
און בלייבט הענגען אין די ספערן
אַ גליענדיקער שטערן...



יהושע אבראמטשיק, טאראנטא

## א באזוך אין אונדזער שטאט נאך די מלחמה

צוויי מאָל האָב איך באַזוכט פולטוסק נאָך דעם קריג: אין 1948, ווען איך בין געקומען דערליידיקן אַן ענין וועגן ירושה, וואָס מיינע אומגעקומענע עלטערן האָבן געלאָזן אין דאָרף, אַ הויז אויסגעבויט סאַמע ערב די מלחמה, און דעם ענין געמוזט איבערגעבן אין די הענט פון אַן אַדוואָקאַט; דאָס צווייטע מאָל — אין 1955, ווען איך בין געווען דעלעגירט פון דעם פעסטיוואַל־קאָמיטעט אַלס איבערזעצער — קיין וואַרשע.

אין דער לעצטער מלחמה האָט זיך די שטאָט געפונען עטלעכע חדשים אויף דער פראָנט־ליניע. 70% פון דער שטאָט, קאָן מען אָננעמען, איז צעשטערט געוואָרן (פולטוסק איז באַפרייט געוואָרן דעם 17־טן יאַנואַר 1945), זעלטן־ווו אין אַ גאַס עס זאָל האָבן געבליבן עטלעכע אומבאַשעדיקטע הייזער. די שטאָט האָט דעמאָלט גיכער אויסגעזען ווי אַ גרויס צע־וואָרפן דאָרף, קיין ענלעכקייט אויף אַ פּאָוויאַטאָוועד שטאָט.

אין די 7 יאָר — פון ערשטן ביזן צווייטן באַזוך — האָט זיך נישט געזען קיין ענדערונג. ווו־נישט־ווו בלויז האָבן יחידים אויפגעשטעלט, אָן שום פּלאַן, עטלעכע שמאָלע גע־ווענלבלעך אויף שוו.־יאַנסקא גאַס.

אַן ענדערונג צום ערגערן איז יאָ פאַרגעקומען מיט אונדזער שול, וועלכע איז געבליבן ווי אַ זכר לחורבן פון דעם אַמאָל־בליענדיקן יידישן ישוב. אין 1948 איז דער שול־בנין געווען אומבאַשעדיקט. געדינט, לויט ווי פּאָליאַקן האָבן מיר איבער־געגעבן, אַלס אַ מאַגאַזין פאַר זאַלץ. 7 יאָר שפּעטער איז פון דער שול געבליבן נישט מער ווי 4 נאַקעטע ווענט. דער דאַך מיטן סופיט — זענען מסתמא צעשטערט געוואָרן דורך די אָרטיקע פּאָליאַקן. אין דעם דאָזיקן צושטאַנד וועט שוין דער שול־בנין לאַנג נישט קאָנען האַלטן. עס וועט ווערן אָפּגע־ווישט דער לעצטער אָנדענק פון אַ יידישן ישוב.

אָט זענען די בנינים, וואָס האָבן איבערגעהאַלטן דעם מלחמה־שטורעם: דער שלאָס, דער שטאָטישער שפּיטאָל (אויף 3־טער מאַי גאַס), דער טעאַטער בנין „רעדוטא", ווו עס פלעגן פאַרקומען אַלע יידישע טעאַטער־אונטערנעמונגען, די פּוילישע גימנאַזיע (דאָס איינציקע ווינקל וואָס איז געבליבן

אומבאַרירט). די קלאַסן זענען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטע צאָל בוימער און זעען אויס ווי אַן אַאַזיס אין מדבר, מחמת די שטאָט שטעלט מיט זיך פאָר איין גרויסע חורבה. דאַקעגן איז דער תפיסה־בנין שטאַרק צעשטערט. דער ראַטהויז האָט אויך שטאַרק געליטן; דער גאַנצער אויבערשטער טייל איז נישטאָ. נישטאָ דער באַרימטער שטאָט־זייגער, וואָס פלעגט אויסקלינגען יעדע פירטל שעה. געבליבן איז בלויז דער אונ־טערשטער ברייטער טייל פון ראַטהויז, וווּ עס געפינען זיך די מכשירים פון דער פייער־לעשער־קאָמאַנדע.

דאָ, וווּ עס איז געשטאַנען דער בית המדרש האָט מען איבערגעבויט, די פענצטער פאַרמויערט מיט ציגל און דינט פאַר אַ שפייכלער פון תבואה.

איך האָב אויך געזען, ווי עס איז אויסגעברוקירט דער טראָטואַר ביים שלאָס און ביים פּאַוויאַט — מיט פיל יידישע מצבות (דאָס איז נאָך די אַרבעט פון די נאַציס ימ"ש). אויף איינע פון די מצבות לייען איך דייטלעך איבער דעם אויפ־שריפט: שנת תקע"א (1811).

איך האָב אויסגעמאָסטן די שטאָט אין דער לענג און ברייט. שווער איבערצוגעבן די איבערלעבונגען, ווען מען גייט איבער חרובע גאַסן און יעדער גאַס דערמאָנט דיך, אַז דאָ האָסטו געהאַט אַ חבר, דאָ — אַ פריינד, דאָ איז געווען דער חדר פון דעם און דעם מלמד, דאָ איז געשטאַנען דיין אַרבעט־וואַרשטאַט, דאָ ביסטו זיך צונויפגעקומען מיט אַ גרופּע פון דיינע חברים, מיט זיי דיסקוטירט און געחלומט פון אַ שענערער בעסערער וועלט, דאָ האָט געפּולסירט די און די אינסטיטוציע, — דאָס אַלץ איז נישטאָ! נישטאָ די מלמדים מיט זייערע תלמידים, נישטאָ די לייענער פון די ביבליאָטעקן, נישטאָ די מיטגלידער פון די פאַרשידענע פּאַרטייען און אומ־פּאַרטייאישע רעליגיעזע יידן, וואָס מיט זייער לבוש האָבן זיי צוגעגעבן די שטאָט אַ ספּעציפישן קאָלאָריט. די מתפללים פון שול, בית המדרש און חסידים־שטיבלעך, די גוט־האַרציקע יידן און נשים צדקניות, וועלכע האָבן אויפגעהאַלטן די אָרעמ־קייט פון שטאָט מיט זייערע מידות טובות, די שיינע יידישע טעכטער, פרויען און מיידלעך, די אומשולדיקע ריינע קינדער — די אַלע זענען שוין מער נישטאָ! פאַרפייניקט האָט מען זיי אין די טויט־לאַגערן און אין די געטאָס. אויסגעריסן זענען זיי געוואָרן פון די ערטער, אין וועלכע זיי האָבן זיך אין משך פון דורות איינגעוואָרצלט. שיינע יידישע פאָלקסטוק! דער בראָך פון דיין חורבן איז גרויס! ווי האַלטן מיר עס אויס?! אפילו די, וועלכע זענען על־פּי־נס גדול ניצול געוואָרן פון די נאַצישע טויטן, זענען איבערגעבליבן ווי שיריים פון חורבות, וועלכע וועלן שוין קיינמאָל נישט אויפגעבויט ווערן — — —

לענגער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף קאָטלאַרסקי (די שול־גאַס נומ׳ 4, וווּ איך האָב 6 יאָר פאַרבראַכט ביי דער גוט־האַרציקער פאַמיליע מאיר פּשעסטשעלעניעץ) *. צענדליקער יאָרן האָבן אין דעם פּראַנט־בנין געוווינט ביי אַ 10 יידישע פאַמיליעס; מערסטנס רעליגיעזע. דאָ האָט אויך געוווינט די פאַמיליע קופּערמינץ ביז זייער אַרויספאָר קיין ישראל; מלכה און ישעיהו, אָנגעזעענע ציוניסטישע טוער, אייגנטימער פון דער איינציקער יידישער בוכהאַנדלונג, וווּ מען פלעגט באַקומען די טעגלעכע וואַרשעווער יידישע פּרעסע (אגב האָב איך באַקומען אַ בריוו פון זייער זון אין ישראל, שרייבט ער, אַז זייער הויז איז געווען דאָס ערשטע, וווּ אַלע קינדער האָבן גערעדט עברית). דאַקעגן אין דער שפּעטער צוגעבויטער אַפּיצינע (אויפן זעלבן הויף, נאָר נענטער צום טייך), האָבן געוווינט אויסשליסלעך בלויז פּאָליאַקן. אַ מין פּרייוויליקע געטאָ. 2 פעלקער. 2 גורלות. פון דעם פּראַנט טייל איז געבליבן נישט מער ווי אַ האַלבע איינפאַלנדיקע וואַנט מיט אָנגעוואָרפענע ציגל און שטיינער. אירע עטלעכע פאַמיליעס איינוווינער זענען אומגעקומען; אַ טייל — אין דער וואַר־שעווער געטאָ און אַ טייל — אין די טויט־לאַגערן. דאַקעגן איז די אַפּיצינע געבליבן גאַנץ און באַוווינט, פּונקט ווי פאַר דער מלחמה, דורך נישט יידן.

עס קומען אויף אין זכרון לאַנג פאַרגעסענע פּרטים פון מיין קינדהייט אין אָט דעם דאָזיקן יידישן הויף. אַ שטיק יידיש לעבן גייט פאַרביי פאַר דיינע אויגן. די שבתים און יום־טובים — וויפל דערהויבנקייט האָט עס אַרויסגערופן אין דער קינדערישער נשמה! יעדער יום־טוב מיט זיינע ספּעציפישע אייגנאַרטיקייטן און מנהגים: פסח מיט פייערלעכן אָפּריכטן דעם „סדר", פרעגן די 4 קשיות, זאָגן אַ פשטל און מיטזינגען די האַרציקע טראַדיציאָנעלע ניגונים פון דער הגדה; ראש־השנה מיט שופר בלאָזן און גיין מיט טאַטע־מאַמע צו „תשליך"; סוכות — זיצן אין סוכה צוזאַמען מיט פרעמדע שכנים, בענטשן אתרוג און שאָקלען מיט לולב; שמחת־תורה מיט דער פאָן; חנוכה מיט שפּילן אין דריידל; פורים מיטן המן־גרעגער אאַז"וו. געדענק איך, אין דעם הויף טאַקע, ווען מאיר בעקערס ווייב איז „געלעגן" געוואָרן, זענען מיר, אַ גרופּע חדר־קינדער געקומען לייענען „קריאת־שמע" ביי דער קימפּעטאָרן (דאָס איינציקע מאָל, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו נעמען אַן אָנטייל אין אָט דער צערעמאָניע). נאָכן אָפּלייענען די קריאת־שמע", האָבן די קינדער באַקומען פאַרשידענע זיסקייטן און פרוכטן. אויך דאָס יידישע קינד פון פרומע עלטערן, איז

* זע: „אַ פאַמיליע", י. אבראַמטשיק, ז׳ 280.

נישט געווען, ווי מען מיינט, באַרויבט פון פרייד און פּאַר־געניגנס. דאָס רעליגיעזע קינד האָט פאַרמאָגט אפשר שלימות־דיקע העכערע פאַרגעניגנס און דערהויבנקייטן, וועלכע האָבן געצונדן זיין קינדערישן עקסטאַז. אָט די האַרציקע קינדער זענען געפאַלן קרבנות, געטיילט דעם זעלבן גורל ווי די דער־וואַקסענע. דער בלוט־דורשטיקער נאַצישער רוצח, האָט אויך נישט געשוינט אָט די ריינע אומשולדיקע נשמות.

פאַר אָט די אַלע פרי־פאַרשניטענע, פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער, זאָגן מיר: ת. נ. צ. ב. ה., און דער טאָג פון באַצאָל און חשבון־הדמים וועט קומען אויף דעם פאַרשאָל־טענעם דייטשישן מערדער־פאָלק — פאַר זייערע רציחות, וואָס האָבן נישט קיין גלייכן אין דער יידישער געשיכטע. אין דעם איז נישטאָ קיין ספק. דאָס אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט שרייט און רופט צו נקמה. נישט פאַרגעבן און נישט פאַרגעסן. קיין שלום, אויף דור־דורות לאַנג, מיטן מערדער־פאָלק. זיי זאָלן קיינמאָל קיין תקומה נישט האָבן. — — —

נאָכן באַזוכן די חרובע שטאָט, איז מיר געקומען אויפן רעיון די ווערטער פונעם קדוש יצחק קאַצנעלסאָן, ווו ער שרייבט: „אָט דעם חשבון, דעם חשבון פון די אַלע נפשות, אַז איך הייב אָן צו מאַכן, כאַפּט מיך אָן אַ שגעון. עס איז נאָך נישט געקומען די צייט, איך זאָל משוגע ווערן! ווען די פעלקער וועלן שליסן שלום און אויף אַלע, אַלע אונדזערע דערמאָרדעטע אין די שטעט און שטעטלעך, ווו עס ליגן אונדזערע קרבנות און אויף זייערע נישט־באַצייכנטע קברים וועט מען טרעטן און גיין, דאַן וועל איך אַראָפּ פון זינען".

איך וויל ענדיקן מיט אַ פּאָר פערזן פון אַ ליד, אַ קללה אויפן דייטשישן פאָלק, אויף די דייטשישע מערדער, פונעם סאָוויעטיש־יידישן דיכטער ליפע רעזניק:

„די זין דיינע, דייטשלאַנד, מיט מעסערס פאַרקלעמט אין די
ציינער
זיי האָבן פאַרפייניקט מיין ברודער און דיר אַ מתנה
געשיקט זיינע אָרעמע קליידער, — ביי זיי וועל איך מאָנען
פאַר איצט און פאַר פריער, און דו וועסט מיט בלוט זיי
באַווייינען,
אויף זיי און אויף זיך וועסטו וויינען אין טאָג פון נקמה —
זיי האָבן מיין זיידן געפייניקט אין נאָמען פון קריסטוס,
איצט שענדן זיי קינדער און שעכטן און היימען פאַרוויסטן
און דיין נאָמען, גזלן — געשענדט איז אויף אייביק דיין נאָמען.
נישט אָפּוואַשן וועסטו מיט טרערן פון דייטשישע מאַמעס,
מיט בלוט פון די זין דיינע, דייטשלאַנד, דיין שאַנד און
די קללה
פון פעלקער און דורות, און וועסט נישט פאַרלעשן די פלאַמען
פון הייליקן צאָרן אין טאָג פון דערמאָנען און צאָלן. — — —"



פולטוסק, 1958 ; דאָס יאָר פון אַ פאַרפלייצונג



**פולטוסק — 1958**
פיאָטרי סקאַרגי, נומ׳ 1 (די וווינונג פון מעלניק), ווי אויך די הייזער אויף דער אַנדערער
זייט גאַס ביז צו דער שול־גאַס —אַרונטערגעריסן ; מ׳זעט נאָר אַ שטיקל פּאַרק



דער הויף, וווּ ס׳איז געווען די „שקאַלע" און דאָס געריכט (געבליבן גאַנץ נאָך דעם קריג)
אויפן בילד : די פרוי מעלניק, לעבן איר — קריסטלעכע שול קינדער

גיטל איגנאַטאָווסקי־ראַפּפּ

# פון פולטוסק 1939 ביז ישראל 1950

נישט איינמאָל מאַכט זיך און אַ שטעטעלע, גרויס ווי אַ גענץ, אַ קליינס, אַן אומבאַדייטנס, אַזאַ מין שטעטעלע וואָס טוליעט זיך צו איר עלטערער שוועסטער — דער גרויסער שטאָט, גייט „מיטאַמאָל" אַריין אין דער געשיכטע פון די שטעט און ווערט פאַר זיך אַליין אַ יש. עס ווערט אַ מין „ווילנה הסמוכה לסמורגון" „ביאַליסטאָק הסמוכה לטיקטין" אָדער ווי אין ארץ ישראל — „תל־אביב הסמוכה ליפו". עפּעס ענלעכעס איז געשען מיט פולטוסק הסמוכה לווישקוב.

דער יידישער ישוב אין ווישקאָוו איז געווען אַן עלטערער פון פולטוסק. קאַנטיק אַז פולטוסק, וועלכע איז געלעגן אויפן הויפּט־טראַקט קיין וואַרשע, האָט אין די אויגן פון די צאַרישע און פּוילישע מושלים נישט געטאָרט ווערן צופיל פאַרייִדישט. אָבער מיט דער צייט האָט די יידישע מי זיך דורכגעשפּאַרט אַלע פאַרצוימונגען און די שטאָט האָט זיך צעוואַקסן און גענומען אונטערהוזקן אינדערשטיל פון איר עלטערער שוועס־טער ווישקאָוו, פון די „ווישקעווער קורפּיעס".

און אַלץ האָט זי פאַרמאָגט, די שטאָט פולטוסק. פרנסה בשפע און פרנסה בצמצום, גבירים און אָרעמע לייט, למדנים און עמי הארצים, יידן „שטאַרקע" וואָס קאָנען געבן אַ קלאַפּ אַ גוי און האָבן נישט קיין מורא אפילו פאַרן פּשאַדאָווניק, און יידן חלושים, וואָס די תורה האָט געזויגן דעם תמצית פון זייערע ביינער. ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען וועלכע האָבן אויף זיך אַליין מקיים געווען די מצווה פון שיבת ציון, בונדיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן פון „קאַמף אויפן אָרט" און אויך קאָמוניסטן, וועלכע האָבן געשטרעבט „צו לייזן די יידן־פראַגע" מיט דער אוניווערסאַלער רפואה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. יאָ, אַ רייך פולבלוטיק יידיש לעבן האָט דער דייטשער רוצח ימח שמו געהאַט אומצובריינגען אין דער יידישער שטאָט פולטוסק. אין פייער פון דער היטלערישער שריפה איז אַוועק — די באָד־גאַס און די שול־גאַס, די ריביט־וואַ און די לופּטיקע פּאַפּלאָוועס. און צוזאַמען מיט זיי, די פישער און קצבים, ווויללערנער און עמך־מענטשן, יוגנט מיט טרוימען אין די אויגן און זקנים מיט בענקשאַפט צו גאולה. אַלץ איז אַוועק אין רויך פון שרעקלעכן פייער פון דער היטלעריסטישער מגפה.

ווען מיין מאַמע, „ביילע די העמיטשקעס" איז מיט צוויי יאָר פאַר דער מלחמה געשטאָרבן „מיט אַ נאַטירלעכן טויט", פון אַ לונגען־קראַנקייט, האָבן די זיבן קליינע קינדער אירע געיאָמערט צו דער טויטער מאַמען, וואָס האָט זיי געלאָזט אַליין אויף דער וועלט. אין צוויי יאָר אַרום, נאָכן מלחמה אויסברוך, ווען טויט און פאַרוויסטונג איז אַרויס הוליען איבער דער וועלט, האָט דער נאַטירלעכער טויט פון דער מאַמען אויסגעזען ווי אַ ספּעציעלער חסד פון גאָט. ווייל איצט, אין היטלער גיהנום איז דער טויט געקומען מיט גאַז־קאַמערן און מאַסן קברים, געגראַבענע פון די קרבנות אַליין.

אַריבער צוואַנציק יאָר בין איך אַלט געווען, ווען איך האָב מיינע קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך אַרויסגעריסן פון די דייטשע נעגל פון פולטוסק און זיך געלאָזט מיט זיי איבער פעלדער און זומפּן, דייטשע און רוסישע גרענעץ־וואַכן — קיין ביאַליסטאָק. אין די וועלדער האָבן געוואָיעט די וועלף, אויף די פעלדער האָבן געסווישטשעט די קוילן און איך האָב געטוליעט דאָס קליינוואַרג אַרום זיך און געציילט: לייבל, נחמיה, יוכבד, פייגע, שרה, יהודית, איר זייט דאָ? קראַנקע און פיבערנדיקע האָב איך זיי געבראַכט קיין ביאַ־ליסטאָק, ווו גוטע מענטשן האָבן מיר געהאָלפן זיי ביים לעבן צו דערהאַלטן, ביז די סאָוויעטישע מאַכט האָט זיך אין אונדז „דערמאָנט" און אין איין „שיינער פינצטערער נאַכט" אונדז אַלעמען פאַרנומען און פאַרשיקט צו די ווייסע בערן קיין סיביר. אונדז אַלעמען? ניין, ליידער נישט אַלעמען. צוליב דער גרויסער עבירה פון וועלן ברענגען אַ שטיקל ברויט פאַר די הונגעריקע קינדער, האָבן די סאָוויעטן אַרעסטירט מיין שוועסטער יהודית, איר פאַרשפּאַרט אין לאָמזשער תפיסה און — ביז היינטיקן טאָג איז מיר נישט באַוווּסט, מיט וואָס פאַראַ טויט עס איז אומגעקומען מיין שוועסטער יהודית.

כ'וועל מיך נישט אונטערנעמען שילדערן אונדזער לעבן אין רוסלאַנד, אין דעם לאַנד, ווו „יעדער אַרבעט לויט זיינע מעגלעכקייטן און פעיִקייטן". אויך איך האָב דאָרט געאַרבעט „לויט מיינע מעגלעכקייטן". ביי די הונדערט מעטער אונטער דעם ערד־אויבערפלאַך האָב איך געאַרבעט אין די קוילן־גרובן אין „לענגער־אוגאָל" אין פאַרוואָרפענעם אַזיאַטישן קאַזאַכסטאַן. מסתמא האָט דער אבי היתומים מיר געגעבן דעם כוח דאָס אַלץ אויסצוהאַלטן, כדי איך זאָל קאָנען זיין אַ מאַמע צו מיינע קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך.

דער שרעקלעכער פייער פון דער וועלט האָט אָפּגעמעקט דאָס יידישע פולטוסק. איינצעלנע פולטוסקער יידן, וועלכע האָבן באַזוכט די שטאָט נאָך דער מלחמה, זענען פון איר

אַנטלאָפֿן, ווי פֿאַר זייערע אויגן וואָלט זיך אַנטפּלעקט דער גרויל פֿון איבערגעקערטן סדום. דער פֿריער גירוש פֿון פּויל־טוסק האָט אָפּגעראַטעוועט אַ ביסל יידן און אין זייער גרעסטן טייל האָבן זיי געפֿונען זייער היים אין ישראל.

אויך איך האָב געפֿונען מיין היים אין יידישן לאַנד. אין די ערשטע נאָך מלחמה יאָרן האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין קבוץ „העובד" אין וראָצלאַוו, דאָרט האָב זיך און אַנדערע געגרייט צו עליה, דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט מיין איצטיקן מאַן, דעם יידישן דיכטער נחמן ראַפּפּ און פֿון דאָרט זענען מיר אין יאָר 1950 עולה געווען קיין ישראל און אויפֿגעשטעלט אונדזער היים.



מלכה ניעסטענפּאווער (בלענקיטני)

## מיין כח — אין יענע טעג*...

### (מלחמה־איבערלעבענישן און פֿאַרצייכענונגען)

**מיין געוויין אויף די באָמבאַרדירטע וועגן...**

דאָס איז געווען מאָנטיק, דעם 4־טן סעפּטעמבער, אינעם גרויסן בהלה־טאָג ביי דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פּויל־טוסק. דער גרויסער פּליטים־שטראָם פֿון די גרענעץ־דערפֿער, פֿון וועלכע עס האָבן ווי אַ לאַווינע געשטראָמט דורך פּולטוסק די פּויערים־פֿאַמיליעס מיט זייער לעבעדיקן אינווענטאַר — האָבן אָנגעפֿילט מיט פּחד די יידישע איינוווינער. אויב זיי, די פּויערים, אַנטלויפֿן פֿאַר די דייטשישע חיילות, דאַרפֿן מיר דאָך, יידן, אוודאי. האָבן מיר באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין וואַרשע צו אונדזערע קרובים, ד. ה. איך מיטן קינד בלויז, ווייל אהרן (מיין מאַן) האָט זיך דאַן געריכט מאָביליזירט צו ווערן. אָבער קומענדיק צו דער אויטאָבוס־סטאַציע, ווערן מיר געוווויר, אַז דער וועג קיין וואַרשע איז שוין געשלאָסן און ס'איז בכלל נישט צו באַקומען קיין אויטאָבוס. דאָ פֿאָרט אָן אונדזערס אַ שכן (קאַלינאָווסקי), כאָטש מיט אַן איבערגע־פֿולטן וואָגן, דאָך איז ער מסכים מיך מיטצונעמען. איך זיץ קוים אויפֿן ברעג פֿונעם זיך טרייסלענדיקן וואָגן. איך קאָן דאָס קינד נישט דערהאַלטן. איך גיב עס אָפּ אהרנען צו טראָגן אויף די הענט, וועלכער באַשליסט נאָכצוגיין צו פֿוס אינעם דאָרף אַריין, וווהין דער וואָגן האָט געפֿירט נאָך אַנדערע פֿרויען מיט קינדער. דאָ אָבער זע איך ווי מיין שכן קערעוועט אָפּ דעם וואָגן פֿונעם הויפּט־שאָסיי אויף אַ זייטיקן וועג. „וווהין?" — פֿרעג איך אַ פֿאַרצווייפֿלטע — „מיין מאַן מיטן קינד זענען דאָך דאָרט געבליבן!".

מיין שכן באַרויקט מיך: אַזוי ווי ער דאַרף די איבריקע פֿרויען מיט די קינדער, וועלכע זענען, אגב, מיליטערישע פֿאַמיליעס, אָפּפֿירן קיין באַרוסק (אַ דאָרף נאָענט צו זאַטאָר), לויט ווי ער איז פֿון זייערע מענער דערצו באַדינגען געוואָרן, וועט ער אונדז (מיך און נאָך אַ צווייטע יידישע פֿרוי, וואָס איר מאַן מיט אַ קינד זענען אויך אויף דעם שאָסיי געבליבן) — אָפּפֿירן דערנאָך אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ.

אָנקומענדיק מיט מיין שכנס וואָגן קיין זאַטאָר, האָבן מיר אונדזערע מענער און קינדער נישט געטראָפֿן. איך האָב זיי אַרומגעזוכט פֿון איין שכנותדיקן דאָרף אין צווייטן און זיי נישט באַגעגנט. די שמועות, אַז מ'האָט מיין מאַן — מיטן קינד און אַן קינד — דאָ און דאָרט געזען, האָבן זיך אַרויסגעוויזן אפֿילו פֿאַר אמתע, אָבער שוין נישט גילטיקע. ווי נאָר כ'האָב באַטרעטן די ערטער פֿון די אָנגעוויזענע אַדרעסן, האָב איך קיינעם שוין נישט מער געטראָפֿן. אַ שוואַנגערנדיקע אין 5־טן חודש און אַ גאַל־ליידנדיקע האָב איך זיך געשלעפּט אויף די וועגן וועלכע זענען פֿאַרפֿלייצט געווען מיט פּויערים־פּליטים און מיטן אָפּטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער, און וועלכע זענען כסדר באָמבאַרדירט געוואָרן פֿון דער דייטשישער אוויאַציע.

ווי אויסגערונען איז ביי מיר געוואָרן דער פּחד פֿאַר דער מלחמה. איך האָב נישט מורא געהאַט פֿאַר די באָמבאַרדי־רונגען און זיך כלל נישט געשראָקן פֿאַרן טויט. דאָס האַרץ איז געווען ביי מיר איבערגעגאָסן און האָב זיך שטאַרק צע־וויינט איבער דעם צופֿאַל מיט מיין מאַן און מיין קינד און איבער מיין איינזאַמען וואַנדער. פּוילישע פֿאַרבייגייענדיקע מיליטער־לייט האָבן זיך געפֿרעגט, צי איך וויין איבער דער אויסגעבראָכענער מלחמה, האָב איך געענטפֿערט, אַז איך האָב פֿאַרלוירן אין וועג מיט מיין מאַן מיט מיין קינד. „דאָס איז נאָך ערגער" — האָבן זיי ווי באַשטעטיקט...

איינזאַם און פֿאַרצווייפֿלט האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין זאַטאָר. דאָך האָב איך געוואַרט, געהאָפֿט. די טרייסט־ווערטער, וואָס איך האָב דאַן באַקומען פֿון אַ יונגן בחור מיטן

* די דאָזיקע מלחמה־שילדערונג איז שייך צו דער רובריק: „אין בלוטיקן וואַנדער".

נאָמען כאַצקל, וועל איך אייביק געדענקען: „ברעכט זיך נישט איין, מלכה. אייער מאַן מיטן קינד וועלן זיך אָפּזוכן. אַז איר וועט זיך, חס ושלום, נעמען צו האַרצן, וואָס וועט אייער קינד דעמאָלט טאָן אָן אַ מאַמען?! — — —

## „אויף ווידערזען!"...

אויפן דריטן טאָג, צו נאַכט צו, איז מיין מאַן צוריק־געקומען מיטן קינד, וואָס איז אויפן וואַנדער־וועג קראַנק געוואָרן. אין דער זעלבער נאַכט, פון מיטוואָך אויף דאָנער־שטיק, בעת דעם דייטשישן אָנגריף אויף פּולטוסק, זענען די סניאַראַדן אויך געפאַלן אין זאַטאָר. די פאַמיליע, ביי וועלכער מיר זענען געווען, איז צוזאַמען מיט נאָך אייניקע דאָרטיקע פאַמיליעס אַוועק קיין פּאַפּאַווע. זענען מיר בלית ברירה אַוועק מיט זיי. מיר האָבן זיך געהיטן ווייטער מער זיך נישט צו פאַרלירן. אָבער נישט שטענדיק זענען מיר געווען איבער זיך די בעלי־בתים...

נאָכן גירוש פולטוסק, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן וואַנ־דערן צו פוס, זענען מיר, אַ פאַראייניקטע גרופּע פון עטלעכע משפחות, געגאַנגען דורך ווישקאָוו. צוקומענדיק צו דער בריק, האָבן די ס.ס.־לייט אָפּגעטיילט אַלע יונגערע מענער און אונטער אַ וואַך אַראָפּגעפירט צום טייך בוג. אונדז, פרויען, מיט די קינדער און עלטערע — געהייסן וואַרטן. מיר האָבן אַ צייט לאַנג געוואַרט אין שפּאַנונג וועגן גורל פון אונדזערע מענער. ענדלעך האָבן מיר זיי דערזען צוריק. געווען זענען זיי פאַר־שוויצט און פאַרמאַטערט. ווי זיי האָבן דערציילט האָט מען זיי „מכבד" געווען מיט שווערער אַרבעט. בעתן אַוועקגיין האָט מיין שוואָגער, שיעלע, אהרנס יינגסטער ברודער, אַ זאָג געטאָן צו די דייטשן: „אויף ווידערזען"...

אַן ס.ס.־מאַן האָט זיך דאַן פונאַנדערגעשריגן, דראָענדיק מיט זיין אויטאָמאַט: „פאַרפלוכטער יודע! קיינמאָל מער ווידערזען! צו די שמוציקע רוסן לאָס וועק!!!"...

כ'האָב זיך דאַן געזאָגט: „יאָ, קיינמאָל מיט אייך נישט מער זיך ווידערצוזען — — —

## מיט אַ טראַנספּאָרט קיין סטאַלינגראַד

כדי מער נישט ווידערצוזען די ס"ס־פּרצופים, זענען מיר, סוף יוני 1941, אַנטלאָפן צו פוס פון סאַרני (ווו מיר האָבן פון פולטוסקער גירוש אָן ביז צו דער א"ד צייט געוווינט). צו דער שרעק פאַר צעשיידונג איז צוגעקומען די שרעק פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן אין דער צייט געמאַרשירט מיט אַן אומבאַגרייפלעכן מיליטערישן פאַרנעם איבער די רוסישע טעריטאָריעס און געזייעט אומעטום טויט און פאַרניכטונג, אויסראייסנדיק אַלץ מיטן וואָרצל. דערשלאָגנדיק זיך קיין קיעוו, זענען מיר געשיקט געוואָרן מיט אַ טראַנספּאָרט קיין סטאַלינגראַד. פון דאָרטן אַראָפּ מיט דער וואָלגע אין אַסטראַ־כאַנער געגנט — אויף איינעם פון די אינדזלען פון דער וואָלגע: דעלטשע.

נאָך די שווערע איבערלעבענישן אין משך פונעם גרוי־זאַמען ווינטער מיט הונגער און קראַנקהייטן, האָט שוין אויך דאָ, אין די ווייטע מקומות, סוף זומער, דערגרייכט דער היטלער־געשפּענסט.

ס'איז אָנפאַנג סעפּטעמבער 1942. די היטלער חיילות דערנענטערן זיך מיט ריזן־טריט קיין סטאַלינגראַד. די געגנט, ווו מיר זענען, איז שוין פאַררעכנט אַלס „פראָנט"־געביט. די געציילטע פּויליש־יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן דאָ געוווינט, זענען שוין אַוועק. מ'האָט שוין אויך אַרויסגעפירט פון דאַנען אַלע אַהער־פאַרשיקטע קאַרעער קאַלכאָזן, וועלכע זענען דאָ געווען אין משך פון יאָרן. מיר אָבער אַלס „רוסישע בירגער" מיט פינף־יעריקע פּעסער, הגם מיטן פּאַראַגראַף 11 (נישט זיכערע עלעמענטן) — האָבן נישט קיין האָפענונג פון דאַנען זיך אַרויסצורייסן. שוין העכער אַ חודש צייט ווי מיין אהרן איז מאָביליזירט אויפן אַרבעטספראָנט. זיין מיליטער־ביכל געפינט זיך אין וואָיענקאָמאַט, גרייט יעדן טאָג אויף אָפּגעשיקט צו ווערן. דערווייל אַרבעט ער נאָך ווי פריער אין אַרטעל ביי מיליטערישע באַשטעלונגען־אַרבעטן.

(ביים איצטיקן מאָמענט געפינען מיר זיך דאָ מיט 3 קליינע קינדער: דאָס עלטסטע מיידעלע — נאָך קיין פינף יאָר נישט אַלט, דאָס יינגסטע — קוים 2 חדשים, דאָס מיטל־סטע — נאָך אַ שווערער לונגען־אַנטצינדונג, אָבער אַלע דריי ליידן פון מאַלאַריע און פון אַ גאָר שווערן קאָקליוש־הוסט).

## איך גיב זיך נישט אונטער...

פרייטיק, דעם 11־טן סעפּטעמבער 1942. פאַרנאַכט. אהרן איז געקומען פון דער אַרבעט. ער גיט מיר איבער, אַז די היטלער חיילות זענען שוין אַריין אין די פאָרשטעט פון סטאַלינגראַד; אַז דער וואָיענקאָמאַט עוואַקויִרט אַלע מילי־טערישע פאַמיליעס, וועלכע געפינען זיך דאָ; שוין מאָרגן אין דער פרי פאָרן זיי אָפּ מיט אַ באַרזשע קיין אַסטראַכאַן און פון דאָרטן — מיטן קאַספּישן ים. דאָס איז דער לעצטער עוואַקואַציע־טראַנספּאָרט פון דאַנען.

וועט דאָסמאָל מיר באַשערט זיין אַריינצופאַלן צו די היטלער־מערדער? אַ צעשיידטע פון מיין מאַן, וועלכער וועט דאָך געשיקט ווערן צום אַרבעטס־פראָנט. איך וועל בלייבן דאָ

מיט די קינדער אַן עלנטע אין אַ פרעמדער געגנט. אָן באַקאַנטע, אָן פריינד, קיין קרוב, קיין ייד; אין אַ געגנט ווו די באַפעלקערונג איז דורכגעפרעסן מיט יידן־האַס. דאָ אַהער האָסטו מיך, גורל, אַריינגעגאַרט אויף אַ זיכערן אומקום? ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פון דאַנען?

אַ געדאַנק האָט אין מיר אויפגעבליצט און צו זיך געזאָגט: ניין, איך גיב זיך נאָך נישט אונטער. איך האָב גענומען די 3 קינדערלעך מיט זיך, אָנגעקלאַפּט אין אַ פאַרמאַכטן טויער פון דער פריוואַט־וווינונג פון וואָיענקאָם. ס׳קומט אַרויס אַ יונגע הויכגעוואוקסיקע און פעסט־געבויטע פרוי. איך דערקען זי. דאָס איז די פרוי פון וואָיענקאָם. ס׳נעמען מיך שטיקן אין האַלדז די טרערן און קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. זי פרעגט מיך שוין צום וויפלטן מאָל: „בירגערן, וואָס פאַרלאַנגט איר?" זעענדיק, אַז איך קאָן מיך נישט באַהערשן, הייבט זי מיר אָן צו באַרויקן. די ערשטע ווערטער, וועלכע איך האָב ענדלעך אַרויסגעבראַכט: „ראַטעוועט מיך אַרויס פון דאַנען מיט די קינדער!" — האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אַלע מיינע טיפענישן. „נאָר דיין מאַן קאָן מיר איצט העלפן!" — האָב איך צוגעגעבן מיט אַ מין עקשנות, נישט אָפּטרעטנדיק דערפון — און אונדז אויך עוואַקויִרן". זי האָט מיך דערביי אויסגעפרעגט, ווי: פון וואַנען מיר זענען? ווי אַזוי מיר זענען פון פוילן אַהער געקומען? און נאָך אַזעלכע ענלעכע פראַגן. ,

„וואַרט צו" — האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן און אַריין אין שטוב (די גאַנצע צייט זענען מיר געווען אויף דער וואַרענדע, ווו זי האָט מיך מיט די קינדער פאַרבעטן צו זיצן). זי איז אַרויסגעקומען מיט איר מאַן דעם וואָיענקאָם.

— איז וואָס פאַרלאַנגט איר בירגערין? — האָט ער מיט אַ פאָטערלעכן טאָן אין דער שטים מיך געפרעגט.

— ח׳ וואָיענקאָם! — האָב איך זיך ווי געשטיקט מיט די ווערטער — צוויי מאָל זענען מיר אַנטלאָפן פון די דייטשישע מערדער. דאָס ערשטע מאָל פון פוילן. דאָס צווייטע מאָל פון מערב־אוקראַינע, געמיינט, אַז דאָ וועלן מיר איבערלעבן די מלחמה... זאָלן מיר איצט דאָ אַריינפאַלן צו די היטלער־מערדער? איך בין דאָך אַ יידישע! דערמעגלעך אונדז צו עוואַקויִרן צוזאַמען מיט די מיליטערישע פאַמיליעס.

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט.

— גוט! כ׳וועל אייך דאָס דערמעגלעכן.

— אָבער ח׳ וואָיענקאָם, וואָס וועט זיין מיט מיין מאַן?...

ער האָט מיט אַ שמייכל געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— קיין מענער עוואַקויִרן מיר נישט, אויסער פראָנט־אינוואַלידן. איבעריגנס איז דאָך דיין מאַן מאָביליזירט אויפן אַרבעטס־פראָנט.

— אָבער... ח׳ וואָיענקאָם... די קינדער — ווי אַזוי וועל איך זיך אַן עצה געבן אין אַזאַ שווערן וועג — אַליין?...

די פרוי האָט אים עפּעס איינגערוימט, ווי זי וואָלט אים געוואָלט איבערצייגן אין די ריכטיקייט פון מיינע רייד.

— גוט, קומט אַרויף אין וואָיענקאָמאַט מיטן מאַן אום 10 אַזייגער אָונט — האָט ער געזאָגט נאָכדעם ווי ער איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

אין וואָיענקאָמאַט האָט גערוישט ווי אין אַ בין־שטאָק. פּאָלקאָווניקעס, גענעראַלער ווי אויך קלענערע אָפיצירן זענען געלאָפן פון צימער צו צימער (שפּעטער זענען מיר געוווירגעוואָרן, אַז ס׳איז דאָרט געווען דער גענעראַל־שטאַב, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פאַרטיידיקונג פון סטאַלינגראַדער פראָנט).

דער וואָיענקאָם, באַמערקנדיק אונדז, האָט אַרויסגעבראַכט מיין מאַנס מיליטער־ביכל און געזאָגט: „איך האָב זיך באַראַטן מיט מיין עלטסטן, איז אָט באַפריי איך דיך, כדי דו זאָלסט קאָנען אָפּפירן דיין פאַמיליע אין די טיפענישן פון לאַנד. וועגן עוואַקואַציע מוזט איר זיך ווענדן צום פאָרזיצער פון ראַיספּאָלקאָם. איר געהערט נישט מער צום וואָיענקאָמאַט, נאָר צו די ציוויל־אינסטאַנצן..."

דער פאָרזיצער פון ראַיאָן אויספיר־קאָמיטעט, וועלכן מיר האָבן דאָרט געטראָפן האָט געזאָגט: „קיינער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָט זיך נאָך ביז איצט נישט געוואָנדן וועגן עוואַקואַציע... איך האָב אויך נישט קיין שום פאַראָרדענונג צו עוואַקויִרן די ציוויל־באַפעלקערונג"...

כ׳בין ווידער אַוועק צו דער פרוי פון וואָיענקאָם. זי האָט מיך ווידער געהייסן קומען אין וואָיענקאָמאַט, ווען זי איז אַרויס פון איר מאַנס אַרבעטס־צימער האָט זי מיך געהייסן וואַרטן. דער וואָיענקאָם האָט זיך באַוויזן.

צו אונדזער גליק איז אין דעם מאָמענט אָנגעקומען אַן עלטערע יידישע פרוי פון בעסאַראַביע מיט דער בקשה אויף עוואַקואַציע, האָבנדיק אויפן פראָנט צוויי זין. מיר זענען צוזאַמען אויף איר עוואַקואַציע־דערלויבעניש געפאָרן, אַלס משפחה. מיין מאַן האָט געדאַרפט פון איצט אָן הייסן: איר... פלימיעניק. טיף אין האַרצן האָבן מיר געדאַנקט דעם וואָיענקאָם פאַר דער „שטיקל אַרבעט"...

אַזוי זענען מיר נישט צעשיידטערהייט אַרויס פון קראַסניאַר און געפאָרן אַנטקעגן ווייטערדיקע מלחמה־איבערלעבענישן.

### מיר פאַרלירן זיך און געפינען זיך ווידער...

נישט קענענדיק מער עוואַקואירן דורכן קאַספּישן ים, האָט מען אונדזער עוואַקואַציע צוגעגרייט דורך דער איינציקער באַן־ליניע אַסטראַכאַן־ענגעלס, אויף מזרח־זייט פון דער וואָלגע. דער ריזן־עשאַלאָן שטייט שוין גרייט אָפּצופאָרן, עס הערן זיך די אָפּקלאַנגען פון די רעדער, וועלכע די באַן־אַרבעטער קלאַפּן אויס צוליב קאָנטראָל. איך גיב אינסטינקטיוו אַ בליק אַרויס פון וואַגאָן און זע ווי אַ פּאַטראָל פירט אָוועק „פּאַד קאָנוואָי" מיין מאַן, וואָס איז געגאַנגען ברענגען אַ ביסל געקאָכט וואַסער. איך שפּרינג אַראָפּ פון וואַגאָן און לויף צו דעם פּאַטראָל, שרייענדיק: — מיר האָבן דאָך אַ דערלויבעניש פון וואָיענקאָמאַט צו פאָרן צוזאַמען.

אָבער זיי טרייבן מיך ברוטאַל אַוועק מיט די באַגנעטן־שפּיצן פון די ביקסן. דאָך גיי איך ביי דער זייט, האַלטנדיק דאָס פּיצעלע צוגעטוליעט צו זיך. אַהרן בעט זיך ביי מיר, איך זאָל צוריקגיין, אי וואָס דער עשאַלאָן איז שוין גרייט אָפּצופאָרן, אי וואָס אין וואַגאָן זענען געבליבן די ביידע קינדער אַליין. ער איז זיכער, אַז ער וועט אונדז אָפּזוכן...

דער עשאַלאָן האָט שוין גענומען רירן פון אָרט און האָב זיך מיט דער הילף פון אַ יידישן פּאָלקאָווניק זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם דיל פון אַ וואַגאָן. אָן אייגזאַמע בין איך געזעסן מיטן פּיצעלע צוגעטוליעט צו דער ברוסט און געהאַפּט, אַז ביי דער ערשטער סטאַציע וועל איך אַריבער צו די ביידע קינדער, וועלכע זענען געבליבן אין אַ ווייטערדיקן וואַגאָן. אָבער דער געדאַנק, אַז דאָסמאָל האָט מען אונדז ווידער צעשיידט — האָט נישט אויפגעהערט צו נאָגן און צו פּרעסן די נשמה...

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל צייט, האָט זיך דער עשאַלאָן פּלוצעם אָפּגעשטעלט און גלייך גענומען פאָרן אויף צוריק. און אָט דערזעען מיר זיך צוריק ביי דער אַסטראַכאַנער באַן־סטאַציע. שנעל לויף איך לענגאויס אונדזער עשאַלאָן, וואָס איז באַשטאַנען פון צענדליקער צענדליקער וואַגאָנען, נישט מיטן אויג צו פאַרכאַפּן און אין איינעם פון זיי האָב איך געטראָפן ביידע קינדער, וועלכע האָבן געציטערט פאַר פחד, מיך דערזעענדיק. און אָט גלייך הער איך ווי מיין טעכטערל, גיטעלע, שרייט אויס און פּאַטשט מיט די הענטלעך: — אָט איז דער טאַטע אויך דאָ!!!

מיר וויינען אַלע פון דער אומבאַשרייבלעכער שמחה... אינטערעסאַנט, וואָס וועגן צוריקקער פונעם עשאַלאָן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע ווערסיעס. טייל האָבן געהערט אַזש פון דער „ערשטער קוועלע", אַז מ'האָט פאַרגעסן מיטצונעמען וויכטיקע דאָקומענטן; אַנדערע האָבן „געוווּסט", אַז אויף דער זעלבער ליניע איז געפאָרן אַ צוג אַנטקעגן... מיר אָבער האָבן דאָן, אונטער דער השפּעה פון דער דאָזיקער געשעעניש, געוואָלט גלייבן, אַז דאָס איז געשען אין אונדזער „זכות"...

### אויפן פינפטן טאָג...

ווען אויפן פינפטן טאָג פון אונדזער נסיעה האָבן דייטשישע באָמבאַרדירער צעשמעטערט אונדזער עשאַלאָן, ווען ער איז געשטאַנען אויף איינער פון די סטאַציעס אַנטקעגן סטאַלינגראַד, האָב איך ליגנדיק אין וואַגאָן מיט מיין קערפּער איבערגעדעקט די קינדערלעך, ווי כ'זאָלט בכח געווען מיט זיך זיי צו באַשיצן. די שרעק פאַר די שיסערייען און מערדערלעכע באָמבאַרדירונגען האָט אויסגעזען ביי מיר קליין און נישטיק אַנטקעגן דעם פּחד אַריינצופאַלן אין דייטשישע הענט און זיין אַ צעשיידטע פון מיין מאַן און מיינע קינדער... די דאָזיקע מורא האָט מיך געשטאַרקט, געגעבן כח — אין יענע טעג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינט, נאָכן חורבן, איז שוין י ע נ ע פּולטוסק אַ שטאָט איינגאַנצן אָן יידן... דער וווּנדערלעכער כח פון יענע שווערע טעג האָט אונדז ווייטער געטראָגן ווי אונטער באַשיצנדיקע פליגל — צו אונדזער אויסגעטרוימטן יידישן לאַנד.

* * *

## גיטל (גוטקא) שטאקהאמער־נאוואמינסקי

## פ ו ל ט ו ס ק — 1947

די פּוילישע פּולטוסק האָט טיילווייז געטיילט דעם גורל, וואָס אירע יידישע איינוווינער. אין אַ סך מקומות איז די שטאָט שטאַרק רואינירט געוואָרן. טייל ערטער זענען בכלל פאַרשוווּנדן געוואָרן. די נייע פּראַכטפולע אייזן־בעטאָנענע בריק איז איינגאַנצן נעלם געוואָרן; די צווייטע בריק ליגט אָן איינגעבראָכענע אין מיטן, ווי זי וואָלט דעמאָלט נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם פאַרפּייניקטן געלויף פון די מערדערלעך־אַרויסגעטריבענע פּולטוסקער יידן...

אויף דער געפּוצטער דריטער מאַי־גאַס שטייען חרוב אַ סך הייזער, צווישן זיי דער קינאָ „באַיקאַ" און אַנדערע. אינעם

אַמאָליקן צענטער פון די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך — הערשט אַ דערדריקנדיקע שטילקייט. קיין ייד איז נישטאָ אַנצווען פאַר די אויגן. אפילו די דעמאָלטיקע פּוילישע יוגנט איז זיך צעפּאָרן אין פאַרשידענע מקומות.

פיל פיל פון די טייערע און קיינמאָל נישט פאַרגעסלעכע פולטוסקער יידן זענען אומגעקומען. די, וועלכע זענען לעבן געבליבן, איז נאָר על־פּי־נס גדול. פון אונדזער גרויסער פאַרצווייגטער משפחה זענען געבליבן לעבן נאָר איינצלנע; פון אונדזערע גוטע פריינד זענען אומגעקומען די משפחה אברהמל קאָוואַל, דער אַלטער הענעך שאַפּראַן און יחזקאל, וואָס פלעגט פירן פיש; פון מיינע חברטעס — צלאווא רוזשא, כעלאַ בראַף, נעליא יאַזשינא, עדזשאַ דאַן און מאַיורעק יאַבלאָנקאַ.

מען דאַרף דאָס כסדר איבערחזרן און עס פאַרצייכענען לדורות, אַז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס אַ גרויסער טייל פון די פולטוסקער אַרויסגעטריבענע יידן האָבן זיך געלאָזט (ווי דער גוטער גורל וואָלט זיי אונטערגעזאָגט) אויף אומבאַקאַנטע וועגן און אומוועגן, וועלכע האָבן געפירט צום ווייטן סיבירישן רוסלאַנד — איז דער דאָזיקער רעטונגס־נס געשען, כאָטש אויך דאָרט האָבן די פולטוסקער יידן קיין האָניק נישט געלעקט...

איך געפין זיך אינעם נאָכן־חורבנדיקן פולטוסק. צום ערשטן בין איך געגאַנגען אויסוויינען זיך דאָס האַרץ ביי דעם קבר פון מיין באָבעשי, נישט ווייט פון מיין קוזין מאָטעסלס קבר. קנאַפּ וואָס איז געווען צו דערקענען, וואָס ס'איז דאָרט אַמאָל געווען... אַן אומעטיקע פוסטקייט, אַ מוראדיקער שוידער האָט מיך אַרומגענומען אויפן פרייען, הפקר־אויפגעריסענעם שטח, וועלכער איז אַן אַ צוים און אָן אַריינגאַנג... אַביסל ווייטער פון מיר האָט אַ פּוילישער פאַסטוך געפאַשעט עטלעכע קי. ער האָט זיך געוווּנדערט אויף מיין געיאָמער, וואָס האָט זיך געריסן פון דער נשמה אַליין. — — —

מען מוז מודה זיין, אַז אויך צווישן דער פּוילישער יידן־פיינדלעכער באַפעלקערונג זענען געווען גוטע אויסנאַמען, ווי: די משפחה סאַדאָווסקי — דער שומר פון דער מענער־גימנאַזיע, וועלכער האָט אויסבאַהאַלטן אונדזער אדאַשן, אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן אים לאַנג אַרומגעזוכט, זיך דערוויסנדיק, אַז אַ ייד איז נאָך געבליבן אין שטאָט... אַזאַ זאַך איז געווען פאַרבונדן מיטן לעבן; מיין באַגעגעניש מיט אונדזער סטרוזשס פרוי קאַינסקאַ, וועלכע האָט אַ קורצע צייט אויסבאַהאַלטן מיין מוטער און איר געגעבן צו עסן פון דעם בעסטן, — איר מענטשלעכע באַציִונג איז נישט צום פאַרגעסן!

איך בין צוגעקומען צו אונדזער הויף, וווּ איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן; ביז 15 יאָר האָב איך דאָרט פאַרבראַכט מיין לעבן. כ'האָב זיך באַגעגנט מיט אַלע נאָענטע ערטער, אָבער אין אונדזער וווינונג האָב איך נישט געהאַט געווגע כוח אַריינצוגיין. דאָס הויז איז גאַנץ, אָבער אנשטאָט מיינע טייערע פעטערס מיט זייערע ליבע פרויען און קינדער, וועלכע מ'האָט גרויזאַם אומגעבראַכט — וווינען דאָרט פרעמדע פּאָליאַקן, ווי עס וואָלט פון אייביק אָן זייערס געווען... איך האָב אויסגעבראָכן מיט אַ געיאָמער און גיך פאַרלאָזט דאָס אָרט.

חרוב איז געוואָרן דאָס יידישע פולטוסק. וויסט אומעטום. קיין פיצל שפור פון אַ ייד. אויך די איבערגעבליבענע שטאָט זעט אויס אומעטיק, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אין דעם יידישן חורבן. אפילו די קאַשטאַן־ביימער פון די אַלייען וויגן זיך מאָדנע ווי זיי וואָלטן באַדויערט מיט די קעפּ דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן דאָ צוגעזען...

איך גיי ווייטער. דאָ באַמערק איך מיינע אַ שול־חברטע: מאַרילקאַ באַרקאָווסקאַ, וועלכע איז אַמאָל געווען גוט צו מיר. איר גוט געפיל צו מיר איז געבליבן נאָך דער זעלבער, וואָס מיט די בלוטיקע 6 יאָר צוריק. זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר, וואָס איך לעב. זי האָט מיך פאַרבעטן צו איר אין הויז און מיך מכבד געווען מיט גוטע זאַכן. דאָן האָט איר, פאַרשטייט זיך, נישט געדראָט קיין שום געפאַר.

נאָך אַנדערע באַקאַנטע פון דער שול־באַנק האָב איך באַגעגנט.

צום סוף האָט איך געטראָפן אַ שול־קאָלעגע — היינט אַ באַאַמטער — און האָט זיך זייער פריינדלעך צו מיר באַצויגן. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַן אויטאָ, וועלכער האָט מיך שוין אויף שטענדיק אָוועקגעפירט פונעם היינטיקן אין שווערן אומעט פאַרזונקענעם און יידיש־אָפּגעמעקטן פולטוסק — אַהינצו, אויף דעם וועג, וואָס פירט צום אויסגעחלומטן יידישן לאַנד: ארץ־ישראל.

# תמונות מהעיר – אחרי המלחמה

## בילדער פון דער שטאט – נאך דעם קריג



בתים בשוק

הייזער אין מארק





ה„רטוש" (בית העיריה) שנבנה מחדש
ניי־אויפגעבויטער ראַטוש (ראַטהויז)



↑
ה„רטוש" (בלי השעון) שנפגע במלח"ע השניה
דער „ראַטוש" (אָן זייגער) רוינירט געוואָרן אין דער 2־טער וועלט מלחמה



בתים בשוק — הייזער אין מאַרק



מראה כללי — אלגעמיינער אויסבליק



ככר השוק — דער מארק־פלאץ

# דאס שבתדיקע פארשוועכטע חלה־טישעכל...

כ׳וועל אָנהויבן פון אָנהייב: פון מיין געבוירן אין פול־טוסק אין 1913.

מיין פאָטער ר׳ הערשל צבי חיים געלבלום, אַ למדן און אַ גערער חסיד, איז געווען דער זון פון ר׳ לייביש אייזנ־הענדלער, אויך אַ למדן און אַ גערער חסיד און דער איידעם פון ר׳ שמואלקע קראַנזשעק, אַ ייד, אַ למדן און אַ מרביץ תורה ברבים: געדאַווענט מוספים אין פולטוסקער בית־המדרש ביי 35 יאָר מיט אַ וואַרעמען האַרציקן קול, וועלכער איז תמיד אַריין אין די הערצער פון די מתפללים, באַזונדער — אין די ימים נוראים.

מיינע ערשטע מלמדים זענען געווען: כאַצקעלע, זישע און לייזער מענדל, נאָך זיי: איצל, יהודה־איצל און צום סאַמע סוף — דער באַקאַנטער למדן ר׳ העניך און דער קליינער יאַנקעלע (יאַנקעלע פויזנער).

כדאי צו דערמאָנען, אַז די לעצטע אויסגערעכנטע מלמדים האָבן אַריינגעלייגט זייער גאַנצן כוח אין די תלמידים, זיי זאָלן אַרויסוואַקסן למדנים, שומרי מצוות, יראים און שלמים...

די סאַמע ערשטע יאָרן מיינע האָב איך טאַקע דורכגעמאַכט מיט מיין פאָטער צוזאַמען אין גערער שטיבל, געגאַנגען אין זיינע דרכים. אָבער... שפּעטער... ווען די פולטוסקער יוגנט האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ... תכלית, אַ יידישן תכלית און דער „רוף" צו אַ באַנייט יידיש לעבן האָט אַריינגעשריגן אפילו אין די טויבסטע אויערן, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַ־ניזירן. וועל איך טאַקע דאָ דערמאָנען די ערשטע יוגנטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער איך האָב אָנטייל גענומען אין איר שאַפן. דאָס איז געווען: „החלוץ הצעיר". די אויפגאַבע און דער ציל איז געווען אַ קלאָרער: צונויפ־צופירן די בעסערע אַזוי גערופענע עלעמענטן פון דער יוגנט מיטן „עמך" און אַזויערנאָך אויסצוקריסטאַליזירן אַ יוגנט, וואָס זאָל פעיק זיין צו „גיין" אויף „הכשרה" און אויף „בנין הארץ". די ערשטע אָרגאַניזירער פון „החלוץ הצעיר" זענען געווען די חברים: פייוול אַרפע, שמחה בוימגאַרטן, אברהמל בוים, ישראל וואָראַנאַ, חיה שטערן און דער שרייבער פון די שורות. די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען אין עלטער פון 17—18 יאָר.

מיר זענען אויך געווען פאַרטרעטן אין די קאָמיסיעס פון קרן הקיימת, קרן היסוד און ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י (מפא״י). מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט פאַרטראַגן און רעפע־ראַטן פון פאַרשידענע רעדנער, באַוווּסטע אין יענער צייט ווי: יעקב לעשטשינסקי, אברהם ביאַלאָפּאָלסקי און אַנדערע. אין די קאָמיסיעס פון ק״ק פלעגן מיר זייער אָפט אַראָפּברענגען די באַקאַנטע רעדנער ווי: פּנחס קאַמינער, מאַגיסטער פּאָליאַ־קעוויטש א״א. דערמאָנענדיק דאָס אַלץ דאַרף מען נישט דורכלאָזן יענע גרויסע הערלעכע ציוניסטישע געשטאַלטן פון אונדזער שטאָט ווי: ישעיהו קופּערמינץ, רוזשאַ דאַן און אַנדערע, וועלכע זענען ראשם ורובם פאַרטאָן געווען אין בנין הארץ, אַוועקגעבנדיק זייערע בעסטע יאָרן דערפאַר.

אין יאָר 1938, ווען איך האָב זיך געגרייט עולה צו זיין אין ארץ־ישראל, בין איך צוגענומען געוואָרן צום פּוילישן מיליטער.

2 חדשים נאָך מיין הייראַט מיט מיין פרוי, אסתר, די טאָכטער פון ר׳ שמואל מעלניק, אַ גרויסער תבואה־סוחר און אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין שטאָט — האָט אויסגעבראָכן די היטלער־מלחמה.

שווערע איבערלעבונגס־יאָרן זענען אַריבער פון ווען מ׳האָט אונדז, פולטוסקער, אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט, מיטמאַכנדיק דעם בלוטיקן וואַנדער און די אַלע פאַרשיקונגס־לאַגערן אינעם ווייטן סיבירישן רוסלאַנד...

נאָך דעם קריג, ווען איך בין צוריק אָנגעקומען קיין פּוילן, בין איך 2 וואָכן געווען אין פולטוסק.

איך האָב געוויינט אויפן גרויסן יידישן חורבן פון אונדזער שטאָט. איך האָב נישט דערקענט די יידישע הייזער; אַ טייל פון זיי איז איינגאַנצן אָדער האַלב חרוב, און די, וועלכע זענען געבליבן זענען באַזעצט פון שונאי־ישראל און יידישע מערדער; איך האָב נישט דערקענט די אַלע ערטער, וועלכע זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל יידישקייטן פון דור־

דורות; כ׳האָב זיך אומעטום אָנגעשטויסן מיט שאַרפע שנאה און קנאה בליקן פון פרעמדע, וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַר־גינען מיין יידישן איבערבלייבן אויף דער וועלט; כ׳האָב געזען אַזוי פיל באַגנבעט און באגזלט יידיש האָב און גוטס; אונדזערע אינטימיקייטן אין גוישע הייזער — ווי יידישע חלה־טישטעכלעך מיטן „לכבוד שבת" ליגן אויסגעלייגט אויף גויישע בעטן; יידיש פאַרמעגן, וואָס אונדזערע טאַטעס, זיידעס און עלטער־עלטער זיידעס האָבן אויף דעם געפּראַצעוועט צענדליקער, צענדליקער יאָרן; כ׳האָב געזען בלוט פאַר מיינע אויגן און געהערט ווי די ווענט פון די יידישע שטיבער שרייען...

איך בין געקומען צו אַ פעסטער איבערצייגונג, אַז קיין ייד אויף דער וועלט טאָר אין דעם טמאדיקן פוילן נישט ממשיך זיין מער...

און אַ נקמה־געבעט איז מיר געהאָנגען אויף די ליפּן: גאָט, פאַרשעלט דאָס דאָזיקע לאַנד אויף דור־דורות.

## 1939 — 49

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער 2־טער וועלט־קריג, זענען מיר אַוועק קיין ווישקאָוו, פון ווישקאָוו — קיין וועגגראָוו און פון וועגגראָוו — צוריק קיין פּולטוסק.

אונדזער הויז אויף קאַטלאַרסקי איז שוין געווען חרוב פון די באָמבעס. פון פולטוסק האָט מען אונדז געטריבן אָן רחמנות, געזען ווי אַ דייטש האָט אַרויסגעריסן אַ קינד פון דער מאַמעס הענט און עס אויפן אָרט דערהרגעט, און נאָך פיל אַנדערע גרויליקע רציחות האָבן מיר געזען. מיר האָבן געוואַנדערט ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק צו די רוסן. אין אַ קאָלאָניע, 8 ק״מ פון ביאַליסטאָק, זענען מיר געווען ביי אַ 3 חדשים. דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרשריבן און מ׳האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד אויף אוראַל. אין רוסלאַנד איז מיין פאָטער געפאַלן.

אין 1945 זענען מיר אָנגעקומען צוריק קיין פוילן, אין וואַלדנבורג. דאָרט האָב איך געאַרבעט אין קיבוץ „נוער העובד", וועלכן מ׳האָט איבערגעפירט קיין דייטשלאַנד און אין וועלכן איך האָב ממשיך געווען צו אַרבעטן.

אין דייטשלאַנד זענען מיר געווען אין דעם לאַגער טראַמפּ־שטיין, פון דאָרט בין איך אַריינגעפאָרן אין דאַכאו. דאָרט האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ פּראָפעסאָר, אַ קאָמוניסט, און פון אים האָב איך באַקומען אַ צאָל אומגעהויער שוידערלעכע ביל־דער (ס׳וואָלט געווען איבער די מענטשלעכע כוחות — זיי דאָ צו פאַרעפנטלעכן...) וואָס האָבן דערציילט פון דעם אכזריות־דיקן אומקום פון די יידן אין דאַכאו און פון זייערע גרויזאַמע פאַרפּייניגונגען, ווו עס האָבן אויך פיל פולטוסקער יידן דורכ־געמאַכט זייער בלוטיקן און שווער־יסורימדיקן וואַנדער־וועג...

אין יאָר 1939 בין איך אָנגעקומען אין מדינת ישראל מיט מיין מוטער פייגע און מיין שוועסטער רחל.

סום משה, בת־ים

**בימי „הנאצים"** היינו עדים למקרים מזעזעים ומחרידים מסמרות שער. „הגיהינום" של דנטה נראה כמשחק בהשוואה למציאות האיומה. החושים שלנו נעשו קהים וחדלו להגיב, „צרות אחרונות משכחות את הראשונות". זכרנו את הכלל ולא את פרטיו. אבל, אפילו בימים טרופים אלה אירע „שתופעה רגילה" נחרתה בתודעה שלנו כמו בעט ברזל. על מקרה „קטן" כזה אכתוב:

בוקר אחד הביאו למשפחה שגרה בחצרנו, יהודי מווישקוב. יהודי זה הוכה בהיותו בדרך מכות אכזריות, השכיבוהו במיטה. לא נע, לא אכל, לא שתה ולא דיבר, רק עיניו השחורות כפחם הסתכלו בנמצאים בחדר, והן — כן דברו, הייתי אומר — צעקו. כעבור ימים ספורים מת.

עינים אלה ספוגות צער קורע לב ויגון קודר. עינים שרק ליהודי יכולות להיות כאלה, ורק יהודי מבין את שפתם, הן מלוות אותי תמיד. אינני רוצה ואינני יכול להשתחרר ממבט איומים זה.

רעיון נצנץ אז במוחי: זוהי מצבה חיה על קברה של יהדות פולין. „ניבא הלב וידע מה ניבא".

אסתר קמין (לבית קרוננברג)

ש. ל. שניידערמאַן

# דער נס פון גירוש פּולטוסק

צווישן די חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות אין פּוילן איז נישטאָ נאָך אַ שטאָט, וועמעס יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך האָבן געראַטעוועט אין אַזאַ גרויסן פּראָצענט, ווי דאָס איז דער פאַל מיט פּולטוסק.

פּולטוסקער יידן זענען צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט. זיי געפינען זיך אין אויסטראַליע, אין לאַטיין־אַמעריקע, אין קאַנאַדע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין ישראל. די איבערוועגנדיקע מערהייט לעבט אין מדינת ישראל. אין פּולטוסק, פאַרשטייט זיך — קיין איינער נישט.

איך בין אָנגעקומען קיין פּולטוסק אין 1960, אין פרימאָרגן פון אַ וואָכעדיקן טאָג. דער מאַרק און די גאַסן זענען געווען כמעט פּוסט. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוויזן איינצעלנע פאַרבייגייער. ווי נאָר אָבער אונדזער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָראַן האָבן זיך אַרום אונדז גענומען זאַמלען נייגעריקע מענער און פרויען.

זייער צאָל איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט און איך האָב באַקומען דעם איינדרוק, אַז אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט האָבן צוגעצויגן גיכער די יידישע פּנימער פון דעם שאָפער און זיין פּאַסאַזשיר, ווי דאָס צעקנייטשטע פּנים פון אונדזער אַלטמאָדישן פאָרד־אויטאָמאָביל.

זינט דער פאַרפּלייצונגס־קאַטאַסטראָפע אין יאָר 1958 און דעם באַזוך אין שטאָט פון פּרעמיער ציראַנקעוויטש, האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט ווידער אויפצובויען פּולטוסק.

אויפן פּולטוסקער מאַרק־פּלאַץ האָב איך שוין געזען רעסטאַווירט אַ ריי געוועלבטע הייזער וואָס האָבן אַ היסטאָרישן ווערט. די הייזער האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו די יידישע גבירים פון שטאָט. דער אויסגוס פון נאַרעוו האָט אויך געבראַכט דערצו אַז עס זאָל אויפגעמישט ווערן אַ רומפּול בלעטל אין דער געשיכטע פון פּולטוסק. דאָס איז די געשיכטע מיטן פּולטוסקער מעטעאָר, וואָס האָט אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן י״ה באַרימט געמאַכט די שטאָט איבער גאָר דער וועלט. נאָך קנאַפּע הונדערט יאָר האָבן די וואַסערן פון צעברויזטן נאַרעוו אויפן פּולטוסקער מאַרק־פּלאַץ אָנגעטראָגן די נאָך פאַרבליבענע, ערגעץ פאַרשטעקטע שפּליטערס פון פּולטוסקער מעטעאָר, וואָס האָט אין אָוונט פון 31־טן יאַנואַר 1868, אין אַ ריזיקן שטיינער־האָגל זיך צעשאָטן איבער דער פּעריפעריע פון פּולטוסק.

וועגן דעם פּולטוסקער מעטעאָר עקזיסטירט אַ גאַנצע ליטעראַטור אין די פאַרשידנסטע לשונות. עס זענען דאַן קיין פּולטוסק אַראָפּגעקומען באַרימטע וויסנשאַפטסלייט, וועלכע האָבן אויסגעפאָרשט דעם „הימלשן גאַסט" און געקומען צום אויספיר, אַז ער איז אַ היפּשער זקן, וואָס איז אַלט נישט ווייניקער פון 630 מיליאָן יאָר.

די פאַרבליבענע שפּליטערס פון דעם פּולטוסקער מעטעאָר, וואָס האָבן אין יאָר 1958 פּלוצעם זיך באַוויזן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרפּלייצונג, האָבן באַנייט די פאָרשונגען פון דער דאָזיקער אויסטערלישער נאַטור־דערשיינונג.

ביי די עלטערע אַבערגלויבערישע פּאָליאַקן פון פּולטוסק האָט דאָס פּלוצעמדיקע אויסטויכן פון די מעטעאָר־שפּליטערס אַרויסגערופן אַ בהלה, גלייבנדיק אַז דאָס איז אַן אָנזאָג אויף אַ נייעם אומגליק פאַר זייער שטאָט, וואָס אין יאָר 1875, נאָך אַזאַ פּאַסירונג, איז די שטאָט חרוב געוואָרן פון אַ שרעקלעכער שריפה.

אויך צווישן די פּולטוסקער יידן איז געווען פאַרשפּרייט אַזאַ מיינונג. וועגן דעם האָבן מיר דערציילט פּולטוסקער יידן, רעפּאַטריאַנטן פון סאָוויעט רוסלאַנד מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט אין נידער־שלעזיע. די יידן האָבן אָבער גערעדט וועגן פּולטוסק ווי וועגן אַ פרעמדער שטאָט, מיט וועלכער זיי האָבן מער קיין שייכות נישט. זיי האָבן אַפילו נישט געטראַכט וועגן פאָרן אַהין אויף אַ באַזוך.

פאַרשידן זענען געווען די איבערלעבונגען פון די פּולטוסקער יידן דורך די יאָרן פון זייערע וואַנדערונגען איבער סאָוויעט רוסלאַנד. פיל האָבן געאַרבעט אין שקלאַפן לאַגערן, אַנדערע זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די וויסטענישן פון סיביר, אָבער אַלע האָבן איינשטימיק אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט פון „נס גירוש פּולטוסק", בעת די, וועלכע האָבן זיך

אויסבאַהאַלטן אין די שטעטלעך און דערפער פון דער געגנט — זענען אומגעקומען.

דער רעטונגס־נס איז אָבער פול געווען מיט מוראדיקע עינויים און צאָלרייכע קרבנות. אין פולטוסק, מער ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער שטאָט אין פוילן, האָבן די נאַציס גלייך פון אָנהייב זיך אַנטפּלעקט אין זייער גאַנצער בעסטיאַלישקייט.

קוים ניין טעג נאָך דער נאַצישער אַטאַקע אויף פוילן איז פולטוסק אָקופּירט געוואָרן דורך די רייכסווער־סאָלדאַטן, וועלכע האָבן גלייך געוואָרנט די יידן: „מיר וועלן אייך גאָר נישט טאָן. מיר בלייבן אָבער דאָ זייער קורץ. נאָך אונדז וועלן קומען די ס.ס.־לייט און די געסטאַפּאָ און זיי וועלן אייך פאַרניכטן”.

אַ טאָג פאַר ערב סוכות איז געקומען דער באַפעל וועגן גירוש פולטוסק. אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג געמוזט אַרויס פון שטאָט און איבערלאָזן זייער האָב און גוטס. זיי זענען געטריבן געוואָרן צו דער ווישקאָווער וועג. אין מאָמענט, ווען די טויזנטער יידן האָבן זיך געדרענגט אויף דער בריק איבערן טייך נאַרעוו האָבן די נאַציס מיט מאַשין־געווער גענומען באַשיסן די יידן. פיל יידן זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין טייך און פיל זענען געטראָפן געוואָרן פון די שיסערייען.

די פולטוסקער זענען געלאָפן אויף מזרח, צו די רוסן, ווי דאָס האַרץ וואָלט זיי אונטערגעזאָגט און דאָס איז געווען זייער נס; דער נס פון זייער גרויסן איבערבלייב.

די פולטוסקער יידן זענען ביי זייער אָנקום קיין זאַראָמב מיט גרויס פריינדלעכקייט באַגעגנט געוואָרן דורך סאָוויעטישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיי פאַרטיילט ברויט און אַלס צוגאָב האָט נאָך אַ מיליטערישער אָרקעסטער געשפּילט אויפן מאַרק־פּלאַץ. פון זאַראָמב זענען די פולטוסקער יידן אָפּגעפירט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט זענען זיי עוואַקוירט געוואָרן אין די פאַרשידענע געגענטן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

נאָכן קריג, אין די יאָרן 1945—1946, איז מיטן ערשטן מאַסן־שטראָם פון יידישע רעפּאַטריאַנטן פון סאָוויעט־רוסלאַנד צוריקגעקומען קיין פוילן דער גרעסטער טייל פון די לעבנגעבליבענע פולטוסקער יידן. זיי זענען אויך געווען צווישן די ערשטע, וואָס זענען נאָכן קעלצער פּאָגראָם אַנטלאָפן פון פוילן אין די דייטשע לאַגערן און פון דאָרט אויסגעוואַנדערט קיין מדינת ישראל און אין אַנדערע לענדער.

די גערעטעוועטע פולטוסקער לאַנדסלייט האָבן פאַר מיר געשילדערט דערשיטערנדיקע עפּיזאָדן וועגן גירוש פולטוסק, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעטונגס־נס.

בעת אַן אינטימן צוזאַמענקונפט אין ברוקלין מיט ה׳ מאיר בזשאָזע[1] (איינער פון די געציילטע, אַלט־איינגעזעסענע פולטוסקער יידן אין אַמעריקע, וואָס אויף זיין איניציאַטיוו איז אין יאָר 1955 געגרינדעט געוואָרן, אין ניו־יאָרק, דער פולטוסקער ישראל־קאָמיטעט, וועלכער האָט געציילט ביי 150 מיטגלידער), אין הויז פון די פריש־געקומענע פולטוסקער לאַנדסלייט חיה און דוד קאָצקי און רפאל פּייפּאָוויטש. (איינער פון די לעצטע פולטוסקער יידן צו אַנטלויפן פון דער שטאָט), האָט פרוי חיה קאָצקי[2] דערציילט, אַז אין דעם גרויסן געדראַנג, וואָס האָט געהערשט אויפן וועג פון פולטוסק ביז זאַראָמב, האָט זי אויף עטלעכע שעה געהאַט פאַרלוירן איר משפחה. דאָס איז געווען אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, ווען עס זענען אָנגעפלויגן נאַצישע עראָפּלאַנען און האָבן גענומען באָמבאַרדירן די מחנה אַנטלויפנדיקע יידן. חיה קאָצקי[3] האָט זיך געפונען צוזאַמען מיטן ראש־ישיבה פון פולטוסק און אַ גרופּע פון זיינע תלמידים. ווען די באָמבעס פון די נאַצישע עראָפּלאַנען האָבן גענומען פאַלן, זענען זיי אַראָפּ פון וועג און זיך באַהאַלטן אין אַ קירכע, אין אַ דאָרף הינטער ווישקאָווע.

די קירכע איז געווען פול מיט פויערים, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער באָמבאַרדירונג און קניענדיק תפילה געטאָן. איינער פון די פויערים איז דאַן צוגעקומען צום ראש ישיבה און די תלמידים, וואָס האָבן זיך געטוליעט אַרום אים, און געזאָגט:

„זייט מתפלל. אייך וועט גאָט בעסער אויסהערן”.

פון די יידישע דענקווירדיקייטן אין אָט דער אַלטער יידישער קהילה זענען פאַרבליבן די געמויערטע פעסטונגסאַרטיקע הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ, אין סטיל פון שפּעטן רענעסאַנס. זיי זענען געבויט געוואָרן דורך די רייכע יידישע תבואה־סוחרים, וועלכע האָבן מיטן טייך נאַרעוו געשיקט פון פולטוסק טראַנספּאָרטן תבואה קיין דאַנציג. פון דאָרט האָבן זיי געבראַכט פאָרצעליי, בורשטין און אַנדערע לוקסוס־אַרטיקלען.

עס זענען אויך פאַרבליבן די געשענדעטע מצבות פון פולטוסקער ריטערלעכן שלאָס. די מצבות זענען אַזוי פאַרבליבן ביזן יאָר 1958, ווען דער פוילישער פּרעמיער, דער געוועזענער קאַצעטלער יוזעף ציראַנקעוויטש, איז געקומען

---

1. פאָרזיצער פונעם פולטוסקער קאָמיטעט אין אַמעריקע.
2. הײנט: וויצע־פאָרזיצערין פונעם פולטוסקער קאָמיטעט אין אַמעריקע.
3 אַן אייניקל פון באַוווסטן פולטוסקער גביר און למדן אברהם קאַמינסקי ז״ל, וועמעס געמויערט הויז אויפן מאַרק־פּלאַץ איז רעסטאַווירט געוואָרן אַלס איינער פון די היסטאָרישע בנינים אין שטאָט. אין אָט דעם הויז פלעגן מיט גרויס רחבות פראַווען „טיש” באַרימטע חסידישע רביים אין פוילן, ביים קומען צו גאַסט קיין פולטוסק.

קיין פולטוסק בראש מיט אַ קאָמיסיע, בכדי אויסצופאָרשן די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע פון דער שטאָט, צוליבן אויסגוס פון טייך נאַרעוו.

ווען ציראַנקעוויטש איז אַריין אין הויף פון ריטערלעכן שלאָס און דערזען די מצבות, האָט ער האַסטיק זיך צוריק־געצויגן און נישט געוואָלט באַטרעטן דעם באָדן. ער האָט אויפן אָרט שאַרף אויסגעמוסרט די שטאָט־בעלי־בתים פאַר דער שענדונג פון די יידישע הייליקייטן. אויף צו־מאָרגנס זענען די מצבות געוואָרן אויסגעגראָבן און אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס אָפּגעמעקטע פּול־טוסקער יידישע בית־עלמין.

(פון דער סעריע „יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן נאָך דעם קריג", „פאָרווערטס", 1960.12.2).

## אַ געטאָ אין פולטוסק

אין יאָר 1943, בערך, ווען אין פולטוסק און אין איר סביבה איז שוין נישט געווען צו געפינען אַ סימן פון אַ ייד, האָבן די דייטשן צונויפגענומען פון ערגעץ־ווו אַ עטלעכע הונדערט יידן און זיי איינגעשפאַרט אין אַ געטאָ, וואָס די חורבה פון דער גרויסער פולטוסקער שול האָט געדינט דערצו. מ'פלעגט זיי פירן אויף שווערער אַרבעט אויף ק"מ וועיט. חדשים לאַנג האָט מען זיי געפּייניקט, אַ סך פון זיי אויס־געהרגעט און די רעשטע אָפּגעטראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ, הי"ד.

צוגעשיקט: יוזעף שניעגאָצקי
אָנפירער פון היסטאָרישן מוזייאום אין פולטוסק

## דער אומקום פון ברוך פיאַסעצקי ז"ל

אין יאָר 1947, ווען איך האָב באַזוכט פולטוסק, האָב איך געטראָפן אַ סך באַקאַנטע פאַליאַקן פון אַמאָל, צווישן זיי — אַ מיטליעריקן אַרבעטער מיטן נאָמען וולאַדיסלאַוו רעיענט. ער האָט מיר דערציילט אַז די דייטשן פלעגן אים מיטנעמען אויף צו גראָבן גריבער פאַר די דערהרגעטע. יעדן איינעם פון די צום טויט פאַרמשפטע, פלעגן זיי צובינדן צו אַ דייטשן זעלנער, כדי ער זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן און אַזוי אים פירן צום גרוב.

דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1941 אָדער1942. די אומ־גליקלעכע וועלכע מ'האָט דעמאָלט געפירט צום טויט זענען געווען: דער פריץ קאַראָל דלושעווסקי פון פּאַווילקאַווע, דער פריץ יאַן דלושעווסקי פון לאָביעניצע, ביי וועלכע מ'האָט געפונען געווער און... ברוך פיאסעצקי ז"ל; זיין פאַרברעכן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געקומען אין שטאָט. ווען יידן האָבן שוין דאָרט נישט געטאָרט זיין. די ערשטע צוויי זענען געגאַנגען צום טויט טרויעריק און שטום ווי אָפּגעליימטע. דאַקעגן ער, דער יונגער, קרעפטיקער ברוך האָט זיך געראַנגלט מיט אומגעוויינלעכער גבורה. ער האָט זיך געריסן פון אַלע זייטן און ממש געשפרונגען אין דער לופטן.

רעיענט האָט דערציילט, אַז אַזאַ מין האַמפּערן זיך האָט ער נאָך נישט געזען אין זיין לעבן. עס האָט אָבער ליידער גאָר נישט געהאָלפן. אַלע דריי זענען מיט איין מאָל געפאַלן פון דעם שונאס קוילן, און דער זעלבער רעיענט האָט זיי באַערדיקט.

פריצייטיק פאַרשניטן איז ער געוואָרן מיט אַלע יידישע קדושים — דער יונגער ברוך, הי"ד.

יהושע דוב נאָוואָמינסקי

## פון עמק הבכא...

### „זאָ ווי וואַנצען"...

„די יודען זינד זאָ ווי וואַנצען, אומפאַרניכטונגסבאַר" — פלעגן די דייטשן זיך קרענקען און ווייצלען, ווען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ לעבעדיקן ייד אין די לעצטע מלחמה־יאָרן, מיינענדיק, אַז אַלע יידן זענען שוין אויסגעגאַזט געוואָרן אין די קאַמערן און אויסגעשרפעט אין די קרע־מאַטאָריעס. וואַנצן — דוכט זיך, אַז דו האָסט שוין היינט אַלע פאַרניכטעט, אויף מאָרגן זענען זיי ווידער דאָ...



### די מיתה־משונה...

יידן האָבן נישט פאַרלאָרן זייער הומאָר אפילו אין געטאָ אָדער אין סאַמע דערוואַרטונג פון טויט. די דייטשן פלעגן זיך זייער באַרימען מיט זייערע ערשטע איבערראַשנדיקע דערפאָלגן אויף די מלחמה־פראָנטן. איינמאָל האָט אַן ס.ס. אויפזעער איבער אַ גרופע שווער־פּראַצנדיקע יידן — אַ מער צוגענגלעכער — אָנגעוויזן אויף זיין מאַפּע, אַז די דייטשן האָבן שוין באַלד אַ האַלבע וועלט איינגענומען און רעכנט דערביי אויס די נעמען פון די לענדער און שטעט. רופט זיך אָפּ אַ ייד: „אַלץ האָט איר שוין איינגענומען און די מיתה־משונה ווען וועט איר איינעמען? דער דייטש קוקט אויף דער מאַפּע און קען נישט געפינען דאָס מאָדנע אָרט. „יאָ — זאָגט דער דייטש — דאָס וועט אויך שוין קאָממען!..."

# הלוחמים והנופלים

## בני פולטוסק שלחמו ונפלו בנכר ובעד חירות העם והמולדת

### זאב בוגץ'

נולד בשנת 1947 באוסטריה. הגיע ארצה ב־1949. למד בבי"ס ישורון בחולון ואח"כ בבי"ס לתעשיה.



ב־1965 התגייס לצבא בו שירת 3 שנים. בזמן שרותו במלואים נפל במלוי תפקידו, באילת.

### ישראל (רוסקי) גוטמורגן

בן אברהם ודינה. נולד ב־1925 בפולטוסק שבפולין. למד בחדרים ובבית ספר עממי ואחר כך עבד בנגרות. בראשית מלחמת העולם השניה, נמלטה כל המשפחה — ההורים, שמונת ילדיהם, והוא הבכור — לסרני שבוולין. ב־1941 כשהגיע האויב הנאצי גם שמה ויהודי העיר נכלאו בגיטו, נמלט ישראל עם שתי אחיות משכונת היהודים, ומסר אותן למשפחות נוצ־ריות. הוא ואחד מאחיו יצאו אל היערות והצטרפו לפרטיזנים. במשך הזמן אבדו עקבות אחיו והוא המשיך במלחמה הפרטי־זנית עד השחרור. כשחזר לסרני נודע לו כי אחותו הגדולה יצאה עם המשפחה הנוצרית לגרמניה, בלי להשאיר עקבות ברורים, והקטנה, בת ה־6 אז, נדבקה במשפחה הנוצרית שאצלה גדלה, ולא הצליח בשידוליו, בגילויי חיבה, ובהזכרת ההורים, להניעה לחזור אליו.

פעמים אחדות נדד למחנות בגרמניה וחזרה לפולין, כדי לבקש את שרידי משפחתו. באחד המחנות הצטרף לארגון פרטיזנים חלוצים, העפיל ארצה באניה „לטרון", הוגלה לקפרי־



סין והגיע משם לארץ ביולי 1947. עבד בעבודות שונות והתחיל ללמוד עברית ולהסתגל לחיי הארץ.

כשהגיע תורו, התגייס להלחם למען שחרור הארץ. לדברי מפקדו היה מסור ולוחם בעד מולדתו כמו יליד הארץ.

השתתף בקרבות בחטיבת הצפון, בחזית ג'נין ובגליל. נפל בביריה שבגליל המערבי ביום 24.6.48. למחרת היום הובא למנוחת עולמים בבית הקברות בנהריה.

### משה גולומב

נולד בפברואר 1911. מת מפצעיו בפברואר 1945, ונקבר בבית הקברות הצבאי ברומא.

הכשיר את עצמו בסלונים על־מנת לעלות לארץ־ישראל.

ב־1935 עלה לא"י. משום האקלים הקשה ותנאי מזג האויר התרופפה בריאותו, אך לא היה מוכן לחזור לפולין למרות מצוות הרופאים.

במכתביו בקש מאתנו, אחיו ואחותו, שנעלה לא"י, ושמח מאוד כאשר שמע שאנו מתכוננים לעלות.

בארץ היה חבר קבוץ „משמר העמק" ועובד חרוץ בו. התגייס לחיל התותחנים ושירת בחוץ־לארץ.



בכל שנות שירותו התגעגע לארץ ובמיוחד לקבוץ, אליו היה קשור בכל נימי לבו.

התכונן להפגש עם משפחתו באיטליה ולעלות יחד לארץ. אך בהיותו בסיור עלה רכבו על מוקש, נפצע פצעי מות ומת ב־3 בפברואר 1945.

משפחות גולומב־ולוסקי

## אברהם (יצחק) גורמן

בן נתנאל וגננדל. נולד ב־15.5.1924 בפולטוסק שבפולין. למד בבית ספר עממי מקומי. בשנת 1939 רצחו הגרמנים את אביו לעיניו ומאז נדד עם המשפחה ביערות. השתתף בפעולות



פרטיזניות. עבר דרך היערות לביאליסטוק, שהיתה בידי הרוסים ומשם לאורשה (בילו־רוסיה). בכסף שהשתכר (כצלם ועוד) כלכל את המשפחה. ב־1941 נשלחו לקולחוז ליד פרגנה באוזבקיסטן, שם, מתה האֵם. אברהם ואחיו נסעו לפולין בתעודות מזויפות. הוא נכנס לקבוץ „גורדוניה", סירב לקבל רשיון כניסה לארצות הברית ועלה ארצה ב־1946 באנית המעפילים „וג'בוד". האניה נתפסה והוא נעצר בעתלית. כששוחרר, הצטרף לקבוץ „המעפיל". כעבור חצי שנה עבר לקרית מוצקין ועבד בבנאות.

היה חבר ה„הגנה". עם פרוץ מלחמת השחרור לווה שיירות לשבי־ציון. בהיותו בחופשה, התנדב להדוף את האויב מקרית־ביאליק ומקרית־מוצקין. בפעולה זו נפצע, נלקח לבית חולים וכעבור יומיים, ב־19.3.48 מת. הובא למנוחת עולמים בבית־הקברות בחיפה.

## גרוב חיים

בן מנחם ורבקה. נולד בכ"ט מנחם־אב תרצ"ה — 1931, בעיר פולטוסק שבפולין. אחותו ושניים מאחיו נהרגו ע"י הנצים. בשנת 1941 עלה ארצה עם הוריו ושלושת אחיו (אחד מת



בארץ), שנשארו לפליטה. הם התישבו בכפר־אתא שעל יד חיפה. למד בבית ספר עממי ובתלמוד תורה, ולאחר מכן בישיבת שפת־אמת בירושלים. שלא בידיעת הוריו ומנהלי הישיבה, התנדב יחד עם חבריו מ„אגודת־ישראל" לצבא.

נפל בהגנה על „מוצא" ב־7 באפריל 1948. חבריו מספרים: עוד בהיותו על ערש דווי, מפרפר בין החיים והמוות, ביקש שיחבשו כיפה לראשו, לבל ישכב בגלוי־ראש.

הובא לקבורות בסנהדריה בירושלים.

## דוד אריה וונסובר

בן יצחק ופייגה, נולד ב־24.5.1928 בעיר פולטוסק, פולין. בשנות מלחמת העולם השניה היה עם משפחתו ברוסיה.

במאי 1946 חזר לפולין ומיד התחבר לקבוצה העושה את דרכה באופן בלתי ליגלי לארץ.

ב־1947, בהיותו באיטליה הצטרף ל„הגנה" ופעל כמדריך



עד שהגיע ארצה כאיש גח"ל (גיוס חוץ לארץ) במאי 1948.

עבר קורס מפקדי כיתות והשתתף במלחמת השחרור.

עם סיום שרותו הסדיר בצה"ל חתם על שרות בצבא הקבע בתור מדריך בדרגת סמל ראשון. עמד לצאת לקורס קצינים, אולם בגלל מחסור במדריכים נדחה הדבר.

נפל ב־27.8.1950 בסביבת בית ג'וברין, בעלות רכבו על מוקש, כשהיה בסיור לשם עטור שטח לאימונים בהרי חברון.

יהי זכרו ברוך.

## יעקב כהן

נולד ב־ו' אייר שנת תש"י (23.4.1950), בישראל, לכהן יהודה ושרה (מבית פסקוביץ מפולטוסק, פולין).

יעקב היה אדם עליו אפשר לאמר „משכמו ומעלה גבוה מכל העם". וכשמדובר ביעקב הרי אמרה זו בעלת כפל משמעות היא, שכן יעקב היה גבוה ותמיר ובעל נפש אצילה. העדינות שלו באה לידי ביטוי ביחסו אל משפחתו, חבריו ושאר הסובבים אותו. תמיד מוכן היה לעזור לזולת. דאג למשפחתו לפני דאגתו לעצמו, שכן טובת המשפחה היתה נר לרגליו.

עדינות נפש זו לא מנעה ממנו מלהיות אדם ער לסובב אותו ואחראי ביותר למעשיו. חברים, קרובים והורים — כולם ידעו שאפשר לסמוך על יעקב, שאם יתן עצתו תהיה זו עצה נבונה.

את ילדותו ותקופת התבגרותו בילה יעקב בעכו. כאן סיים את בית הספר העממי. מכאן עבר לירושלים וסיים בהצטיינות את ביה"ס לתקשורת „בזק", שטח בו התענין והתעמק. על מעשיו בצבא לא ידע איש כי מעולם לא סיפר. אך תמיד בשעת מתיחות בגבולות היה מודיע שחופשה קרובה בוטלה. מכך, ומסיפורי מפקדיו וחבריו לשירות, נודע שיעקב לא שינה דרכו בזמן שרותו בצבא. הוא נטל על עצמו קשיים מקשיי חבריו, סכונים הכרוכים בתפקידיו ומעל לכל: אחריות, מסירות



וסודיות. ומפעולה כזו לא חזר יעקב. לאחר שסיים בהצלחה את חלקו בפלישה לאי „שדואן", היה קרבן לאסון בנמל אילת י"ז בשבט תש"ל (24.1.1970).

הוא לא חזר, אך דמותו נשארה חקוקה בזכרוננו וכך תשאר לעד — תמירה, חייכנית ומבינה — — —

## שמחה מלניק

בן שרגא וצפורה. נולד בשנת 1911 בפולטוסק שבפולין. על חייו אין כל ידיעות, זולת זאת שהצטיין בהכנסת אורחים, בתמיכה בכל נצרך ובמצפון לאומי. למלחמת השחרור התנדב



לפני הגיע תור גיוסו. השתתף בהרבה פעולות, ביניהן כיבוש חיפה, קרבות ג'נין ומערכת לטרון.

בחופשתו האחרונה, בא בברית הנשואין. שבוע אחרי הנשואין, נפל בכבוש ראש פינה ומטולה, ביום 13.11.48. למחרת היום הובא למנוחת עולמים בבית הקברות בראש פינה.

## יהושע (שייע) פריש

יהושע (שייע) פריש נולד ב־12.7.1947 להוריו מינדל ומנדל פריש בהיותם במחנה מעבר בעיר אייכשטט שבגרמניה בדרכם לישראל.

בהיותו בן שנה הגיע ארצה עם הוריו ואחותו באניה



„קדמה" וגר בחיפה עד לשנת 1957. בשנה זו עבר לרמת־גן ולמד בבית הספר העממי „עליות", אותו סיים בהצלחה מרובה בשנת 1961. את למודיו התיכוניים המשיך בביה"ס „דביר" ברמת־גן לאחר שעמד בבחינות הסקר בהצלחה וקבל סטיפנדיה לצורך זה. את לימודיו התיכוניים סיים בשנת 1965 וקיבל ת. בגרות. בהיותו תלמיד בביה"ס התיכון נהג לארגן ולהכין הרצאות על עניני דיומא במסגרת השיעור החופשי בימי ששי. לאחר סיום שרותו הצבאי היה בכוונתו ללמוד עתונאות ואף תכנן לצאת לאנגליה לשם כך.

בין השנים 1957 עד 1965 היה חבר פעיל בתנועת הצופים ברמת־גן ואף שימש בה כמדריך. במסגרת פעילותו בצופים עסק בפעולות התנדבותיות רבות למען מפעלים שונים כגון מבצע „הקש בדלת" שנערך מדי שנה.

ב־17.12.66 גויס לשרות סדיר בצה"ל והושבע שבועת אמונים על פסגת המצדה. לאחר סיום הטירונות נשלח לקורס מפקדי טנקים, אותו סיים בהצטיינות. בזמן שרותו הצבאי השתתף במספר פעולות קרביות כגון פעולת התגמול בכפר הירדני סמוע ב־13.11.66 ובקרב טנקים נגד טנקים סוריים ברמה הסורית ב־13.1.67. השתתף גם בפעולות החפושים בהליקופטרים אחרי שני חיילי צה"ל שטבעו בשטפון באחד מנחלי הנגב בחורף 1966 והיה זה שמצא את אחד הנעדרים.

הוא היה בחור מוכשר וטוב לב, נאמן להוריו, אחותו, בני משפחתו וחבריו. פעמה בו אהבת העם והמולדת.

בימי הכוננות הרבה לכתוב להוריו ולאחותו חוה, אותם אהב והוקיר. הוא היה משוכנע בנצחוננו בשדה הקרב והרבה להרגיע את הוריו בכותבו שעלינו לאמץ לבנו ולבטוח בממשלת הליכוד שקמה לעם באותה תקופה. על אף בטחונו זה הביע את תקוותו שהמתיחות תופג בדרך דיפלומטית במקום בשדה הקרב בכדי למנוע קרבנות בנפש: „אינני מפחד מהמלחמה, אולם חבל על כל אותם הבחורים הטובים שלא ישובו לבתיהם משדה המערכה".

ב־14.5.67, ביום הזכרון לחללי מלחמת השחרור, השתתף עם בני משפחתו בטקס אזכרה לבן־דודו, יוסף קופלוביץ, אשר נפל במלחמת השחרור ב־1948. באותו מעמד אמר לאמו: „זהו הכבוד הגדול ביותר לעלות על קברם של אלו אשר נפלו על מזבח העם והארץ". למחרת, ב־15.5.67 חזר ליחידתו ומאז לא שב לביתו.

במלחמת ששת הימים היה מפקד טנק. נפל בקרב על רפיח ב־5.6.67.

יהא זכרו ברוך.

## דניאל צפוני

בן איטקה (מבית גרוב בפולטוסק) וגדליה צפוני. נולד ב־1.1.1946, (כ"ח בטבת תש"ו) בבית־אלפא. בוגר המוסד החינוכי המשותף „גלבוע". מכתה י"א עבד בענף הפרדס. היה ספורטאי ובמיוחד נמשך למשחק הכדורסל ועד מהרה השתלב



בקבוצה המקומית. התבלט כלוחם ומפיח רוח־קרבית במשחקים.

עם גיוסו לצה"ל רצה להתנדב לחיל הצנחנים או לשייטת אך באותה עת היה צורך בשריונאים ועל כן, לאחר לבטים, נהיה לשריונאי. מכאן ואילך היו כל מעייניו נתונים לטנק. עבר את כל שלבי האימונים — טירונות, מקצועות, מפקד טנק (מט"ק) ולבסוף סיים קורס קצינים בהצטיינות. אך סיים את קורס הקצינים, נלקח לגדודו ולאחר זמן קצר הועלה לדרגת סגן מפקד פלוגה.

עמד להשתחרר בסוף חודש מאי ש. ז. בעיצומן של חגיגות חג העצמאות בקיבוץ נקרא לגדודו.

עם פרוץ הקרבות נלחם בציר רפיח—אל־עריש ובהיותו במרחק של כעשרה קילומטר מאל־עריש, ביום 5.6, כ"ו באייר, בשעות אחר־הצהריים, נפגע הטנק שלו ודניאל נפל *.

## יוסף קופלוביץ (מולדובין)

בן שלמה־דוד ולאה. נולד ב־1929 בפולטוסק שבפולין. למד בבי"ס עממי וחי חיי שפע ורחבות בבית הורים אמידים. יצא בראשית מלחמת העולם השניה עם אביו (שנפצע בשירותו בצבא הפולני), אמו ואחותו הקטנה, בנתיב הפליטים לשטח הכיבוש הרוסי. בגולה הרוסית, עבד הנער קשה, בעזרו לאמו בעבודה, לכלכלת האב החולה והאחות. משהחלים האב ומוס־



דות פולניים הוקמו ברוסיה, נתקבל הנער לבית חנוך לילדי פליטים. ב־1946 חזר עם ההורים בדרך הרפטריאציה לפולין והתישב בשצ'צ'ין (שטטין הגרמנית לשעבר). מתוך תשוקה לעלות לארץ־ישראל, נדד דרך מחנות העקורים בגרמניה, הצטרף לקבוץ הכשרה של השומר הצעיר ונדד גם בצרפת.

העפיל ארצה באניה „יציאת אירופה" תש"ז ועבר בה את כל דרך התלאות עד הארץ, וחזרה דרך פורט דה בוק לגרמניה.

בשעת מסדר הזיהוי של המוחזרים במחנה פאפנדורף, ניתנה הוראה חשאית למעפילים שימסרו שמות מזויפים, והוא הציג את עצמו לפני הבריטים בשם „מולדובין" מנדל־חיים; בשם זה קיבל אחר־כך רשיון עליה. כשהגיע בינואר 1948 לארץ ומצא אותה בסערת מלחמה, הרגיש חובה להצטרף מיד לשורות המגינים, אף כי עוד לא מלאו לו אז 17 שנה. התנדב לחטיבת „הראל" של הפלמ"ח והתאמן בבסיס בקרית־ענבים. יצא לפעולתו הראשונה ל„טבילת אש" בקרב על נבי־סמואל, ושם נפל ב־23.4.1948. נקבר בקרית־ענבים ב־25.4.1948.

* השנה — לא ידוע.

## סמל אברהם קנטרוביץ

בן פניה בת יהושע גולדשטין, הנשואה למר קנטרוביץ מאיר, יליד סלונים.

פניה ובעלה עלו ארצה בחודש אפריל 1947 אחרי השואה ובעיצומה של מלחמת השחרור. השתכנו בקבוץ „שער הגולן", כאן נולד אברהם. אחרי שהקבוץ נכבש ע"י הסורים עבר הזוג עם בנם אברהם לחיפה למשך כ־3 שנים וחזרו לעמק הירדן, הפעם לעיר הכנרת — טבריה. את הילדות המאושרת עובר אברהם מגן הילדים לבית ספר יסודי ותיכון, תלמיד שוקד על למודיו ומצטיין בהתמדה, הבנה ואינטליגנציה גבוהה, את שעותיו הפנויות מחלק בין פעילות ב„צופים" וטיולים בחיק הטבע. כל פרח קרא בשמו והכיר כל שביל שהובילו למחשבות של אין סוף אודות יופיו של הטבע.

בהיותו אחד מפעילי ומדריכי שבט הצופים וצופי ים בעירו — טבריה, התגבשו נטיותיו ושאיפותיו לגיוס לחיל־



הים. היה גם כתב בעתון תנועת הצופים „היה נכון". היה בעל רצון עז ותמיד שאף להשיג את המקסימום.

שאיפתו להשיג את מירב התוצאות התבטאה גם בנכונותו לעזור לזולת. היה תמיד מוכן להחליף חבר בתורנות. יתכן שאהבת האדם שהיתה טמונה בלבו המריצה אותו להכיר את נפש האדם ועל כן התגבשו אצלו השאיפות ללמוד בעתיד קרימינולוגיה. בשטח זה הצטייד בחומר קריאה רב, חדרו היה גדוש ספרות מקצועית.

היה שוחר בבסיס חיל הים, עבר בהצלחה ובהצטיינות קורסים של מפקדי כתות בחיל רגלים וקורסים מקצועיים עד שהגיע לדרגתו — אחראי על המכ"ם במשחתת „אילת".

את העולם הגדול הכיר בהפלגת המשחתת „אילת" לצרפת ויוון בשנת 1966.

אחרי שקצר שבחים מפי מפקדיו על מסירותו לתפקידו ודבקותו במשימה מחליט להתקבל לקורס קצינים. עובר בהצ־לחה בחינות כניסה וממתין למועד פתיחת הקורס.

עם זאת נמנע אברהם להתבלט ולהתפאר בהישגיו. הוא היה מופנם, מאופק, צנוע, שליו, כן ביחסיו לזולת מתוך שיקול ואינו מאבד את עשתונותיו. מסירותו להוריו ולאחותו לא ידעה גבול. את אהבתו לבית ולמשפחה ביטא בטלפונים קצרים מדי יום בהיותו על החוף, בכתיבת מכתב מידי יום ובמשלוח מתנות לימי הולדת וחגים.

משחתת „אילת" נפלה קרבן לטיל האויב ובין 21 הנופלים מבין 200 אנשי הצוות נספה אברהם ביום שבת — 21.10.1967.

בטבריה נערכה הלוויתו בהשתתפות המונים שלא היתה כדוגמתה, בטקס צבאי מלא הובא לקבורה. הארון הובל על משאית צבאית מכוסה בדגל הלאום בליווי משמר כבוד של חבריו לנשק. המונים התאספו על יד גן העיר. בראש מסע ההלוויה צעדה יחידת חיל הים ואחריהם נושאי הזרים, ההורים, הקרובים, קציני חיל הים, חבריו מתנועת הצופים ותלמידי בתי הספר. בכניסה לבית העלמין הספיד הרב הראשי של טבריה — הרב רפאל הכהן קוק, שאמר כי על אף האיסור להספיד בחול המועד הוא מתיר להספיד את המנוח משום שמת מות קדושים בנפלו על הגנת המולדת. אברהם היה זכור לרב קוק מיום היותו לבר־מצווה בהופעתו המרשימה בעת עלייתו לתורה בבית־הכנסת.

ליד הקבר הפתוח הספיד אותו רב צבאי ונאמרו פרקי תהילים. חבר משק „שער הגולן" נשא דבריו אל עבר ההורים והזכיר את התקופה בה נולד בנם אברהם — בן משק „שער הגולן".

בבכי מר אמר אביו של המנוח קדיש ובין היתר אמר בקול חנוק: „הייתי אחד ממגיני סטלינגרד שם נפצעתי ועתה נהרג בני ע"י כלי משחית מתוצרת אותה מדינה שעליה הגנתי בגופי".

עם סתימת הגולל נורו 3 מטחי אש.

### אלי ריבויאד

נולד ב־1944 להוריו מיכל (לבית טשימוביץ) ומרדכי בתקופה הקשה של טרם גמר מלחמת העולם השניה, כשהרעב והקור בסיביר הרחוקה נתנו את אותותיהם בכל בית ובית ובמיוחד ביהודים שנמלטו מהשואה הנאצית. כשנגמרה המל־חמה גדל אלי התינוק בתנאים של נע־ונד וטלטולים מארץ לארץ עד שזכה להגיע, יחד עם הוריו ואחותו — ארצה. בעודנו ילד קטן התבלט בתכונותיו החיוביות, בעיקר — בשאי־פתו העזה ללמוד ולרכוש דעת. אודות חריפותו ושניניותו, אשר עמדו לו לעזור הגיע במשך השנים לדרגה של מהנדס כשסיים הטכניון.

כך הוא היה בצה"ל בין המצטיינים בחיל־השריון. הוא



קיבל את הכל כחובה כתובה ולא נתפס חלילה, להתרברבות. הוא היה בן מסור ונאמן להוריו ולמדינה, אשר נפל בשירותה. בגיל רך כ"כ, 25 בס"ה.

גדול ורב הוא הצער והיגון ואין מילים לנחם ולהתנחם. בלבנו יחיה לעד!

ההורים

### זליג שינובלוגה

בן אריה ובריינה, נולד ב־1924 בפולטוסק אשר בפולין. גמר בית ספר עממי. בימי מלחמת העולם השניה נתגלגל עם בית הוריו לשטח הכיבוש הרוסי. נשלחו לעבודת פרך ביערות סיביר ואחרי הסכם סטלין־שיקורסקי, הורשו לצאת דרומה,



לאסיה התיכונה. נתנסה בכל התלאות של הפליטים עד סוף המלחמה. מתוך שאיפה להגיע לארץ ישראל הקדיש לחזור לפולין, הצטרף לקבוץ חלוצי בסוסנוביץ ויצא בנתיב הבריחה לוילנה. עלה ארצה בתעודות מזויפות של חיל הצבא הבריטי,

הנוסע הביתה, נתפס וישב שלושה חדשים במאסר. אחרי שחרורו החל לעבוד.

בחורף תש״ח התיצב למערכה ועד מהרה עלה בדרגה.

במכתבו להוריו מיום 3.3.48, סיפר על פעולות תגמול בשכונות ערביות בחיפה ועל פעולה מוצלחת נגד 660 ערבים מסוריה שתקפו נקודה בגבולות הצפון, ואחרי עבודת שעתיים של יחידתו הצליחו רק 400 מהם לחזור לסוריה, משום שחיילים בריטיים חשו לעזרתם. „לא אחת היו התנגשויות בין האנגלים ובין יחידותינו. מטרתם לפרוק את נשקנו, אך אינם מצליחים בכך, כי יהודי, כל עוד יהודי חי הוא, לא ימסור את נשקו״ כתב.

נפל ב־3.6.48. הועבר להר הרצל ברושלים ב־3.8.50.



**ישעיהו שינובלוגה**

יליד פולטוסק. נפל במלחמת העולם השניה. לחם בחירוף נפש והרג כמה גרמנים. הי״ד.



**מנדל שצ׳ופק**

בן עזריאל ולובה. נולד בשנת 1919 בעיר פולטוסק שב־פולין. גמר בית־ספר עממי ועבד בנגרות עד כיבוש פולין.

בשנת 1942 הצטרף אל הפרטיזנים שבסביבת מינסק, ובמשך שנתיים וחצי היה פרטיזן לוחם. עם השחרור עלה לארץ בעזרת חיילי הבריגדה; קיבל תעודותיו של חייל עברי והוטס לארץ באוירון בשנת 1945. מיד הצטרף להגנה והיה פעיל בה. גויס בין הראשונים ב־30.11.47. צורף לגדוד אחד בחטיבת גבעתי. היה רב טוראי, והשתתף בכל הפעולות של הגדוד. נפצע פעם, החלים וחזר למערכה.

ב־10.6.1948 נפל בקרב, על גבעה אחת בדרום, ליד בית־דראס. לפי סיפורו של אחד הניצולים, היה בין אלה שנשארו במקום על אף הנסיגה הכללית. „לא קבלתי פקודה לסגת״, אמר, וקיבל על עצמו את גורלו.

הועבר לנחלת־יצחק ב־31.8.1950.



### אונדזער שטוב און מיין ברודער מענדל

פראַגרעסיוו און ציוניסטיש איז געווען אונדזער שטוב. מיין פאָטער — אַ ייד אַ למדן, פיל געלערנט און געלייענט. תמיד געשטרעבט זיך אַרויסצורייסן פון דעם אומזיניקן לעבן אין דער קליינער שטאָט און קומען אין ארץ ישראל. אויך מיין מוטער איז געווען אַ פאָרגעשריטענע פרוי, זי האָט אונדז פיל געהאָלפן אינעם לערנען און אין דער אַנטוויקלונג. איך געדענק נאָך די פיל באַקאַנטע, וואָס פלעגן אָפט אונדזער שטוב באַזוכן; טייל וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און טייל, וועלכע זענען אומגעקומען גלייך מיט מיינע עלטערן הי״ד — וויפל לעבן און שטימונג זיי פלעגן אַריינברענגען מיט זייערע אויפהייטערנדיקע שמועסן און דיסקוסיעס איבער פּאָליטיק, וועלט־פראַגן בכלל און איבער דער יידן־פראַגע בפרט. מיר, קינדער, זענען געווען דערצויגן אין גייסט פון קולטורעלער און ציוניסטישער שטרעבונג. דעריבער איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז ווי נאָר מיר האָבן געענדיקט די פאָלקס־שול, זענען מיר „אַריין״ אין השומר־הצעיר; איך און מיין ברודער, וואָס איז געפאַלן דאָ אין לאַנד. אַ סך יאָרן האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער באַוועגונג. ביז איך בין אַוועק אויף אַ הכשרה און מיין ברודער, מענדל, איז געבליבן אין „קן״ און געהאָלפן אין שטוב.

פאַר מיין עליה אין ארץ, איז אויסגעבראָכן דער 2־טער וועלט־קריג. מיין מוטער, הערנדיק אין ראַדיאָ, אַז מ׳הייסט אַלע יונגע מענטשן גיין אויף מזרח, האָט אונדז אויפגענייט פלעצאַ־קעס (רוקזעק) און איך, מיין ברודער און זלמן קאַרמעל האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. 4 וואָכן זענען מיר געגאַנגען מיט אַלע פליטים ביז מיר זענען דערגאַנגען צו די רוסן. מיר האָבן

זיך צעשיידט. איך בין אַוועק קיין ווילנע און פון דאָרט — קיין ארץ (געווען איז עס אין תחילת 1941־טן יאָר).

מענדל האָט זיך געטראָפן מיט די עלטערן, אַרויסגעטריבענע פון פולטוסק, און צוזאַמען מיט זיי אַוועק קיין לאַכאָוויטש. אין 42־טן יאָר, נאָך דעם ווי די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף די רוסן, קומט פאָר אַ גרויסע שחיטה אין לאַכאָוויטש. לאַכאָוויטשער יידן ווערן אויסגעשאָכטן אין די טויזנטער, צווישן זיי אַ סך פולטוסקער. דער גרוב שטייט אָפן, מענדל און נאָך אייניקע, וואָס זענען מיט אים געווען, האָבן דעם גרוב פאַרשאָטן (אונטער אַ דייטשישן באַפעל מסתמא) און אוועק קיין באַראַנאָוויטש. אויך דאָרט האָט מענדל מיטגעמאַכט אַ שחיטה, על־פּי־נס זיך געראַטעוועט און אַוועק אין וואַלד. 6 וואָכן האָט ער זיך געבלאָנקעט איינער אַליין אין וואַלד ביז ער האָט זיך געטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער. 3½ יאָר געווען אין דער פּאַרטיזאַנקע *, פיל מיטגעמאַכט און דורכגעלעבט. ביים סוף פון קריג באַקומט ער אַ פּאָסטן אַלס פּאַרטיזאַן. ער האָט אָבער געשטרעבט זיך צו זען מיט מיר און קומען אין לאַנד. אַלס רויט־אַרמייער קומט ער קיין פולטוסק, געוואָלט טרעפן עמעצן פון דער משפחה, אָבער קיינער איז נישט געבליבן. ער פאַרלאָזט פולטוסק און פאָרט קיין לובלין. דאָרט טרעפט ער זיך מיט פיל חברים פון דער באַוועגונג. פון דאָרט פאָרט ער קיין רומעניע און פון רומעניע — קיין איטאַליע. אַלס חייל פון דער בריגאַדע קומט ער אין לאַנד. ער קומט צו מיר אין קיבוץ, איז אונטער אַ ביסל, קומט צו זיך, גייט אין שטאָט, באַקומט אַרבעט און ווערט גלייך אַ חבר אין דער „הגנה". נאָך אַ יאָר צייט זייענדיק אין שטאָט ברעכט אויס די באַפרייונגס־מלחמה (מלחמת השחרור). מענדל איז צווישן די ערשטע, וואָס גייען אין קאַמף. קעמפט אין דער חטיבה „גבעתי", גדוד 51. איינמאָל איז ער אין קאַמף פאַרוווּנדעט געוואָרן און אין דער נאַכט פון די ערשטע שביתת־הנשק־שעהען פאַלט ער אויפן בערגל (גבע) 69 אַלס קאָמאַנדיר פון אַ מיליטער־איינהייט, ער און נאָך 23 מאַן — זיי פאַלן אַריין אין די הענט פון די מצרים. נאָך צוויי יאָר צייט האָט מען ערשט געפונען זייערע קערפּערס. ער איז געפאַלן אין עלטער פון 28 יאָר, ג' בסיון, (1948).

באַגראָבן אין נחלת־יצחק אין אַ ברודער־קבר פון 11 מאַן.

ברוך יהיה זכרו וזכר חבריו.

מיכל שטשופאק־ארזי (ניר דוד)

* זע: „פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער". פאַרצייכענונגען „פון אַ יידישן פּאַרטיזאַן". מנחם שטשופאַק.



# זאב נחושתן

נר לזכרו של צעיר שנפל



זאב, בן צפורה ויעקב נחושתן (קופפרמינץ), נולד בשנת 1947 (תש"ז). יפה מראה ויפה רוח היה. מילדותו שבה לב כל רואיו. והנה כבר גדל נער תמיר, בעל חלומות.

מה היו חלומותיו הטמירים — איש לא יפענח.

כשרונותיו הרב־גוניים בלטו במשך כל שנות למודיו בבית הספר והגיעו לביטוי נמרץ כבר בשנה הראשונה של האוניברסיטה. אין ספק שעולמו היה עולם עשיר בשאיפות. גם לבטים רבים ידע בחייו הקצרים.

מאמין בתמימות ושומר מצוות ואף מרחף בעולם מחשבות ורעיונות של אדם מחפש ומתלבט.

והוא עדיין כה צעיר. בלוריתו הנהדרת מגביהה עוד יותר את קומתו ועיניו מורדות מדי פעם, מתוך ביישנות ילדותית. אדיבות ועדינות היו טבועות באופיו וגם אם לא הסכים לדעתו של הזולת — היה עונה במאור פנים, כי על כן נועם רב היה בכל הליכותיו.

הנני נזכרת איך היה מופיע לפתע ליום, ליומיים או אפילו לשעות מספר לביתנו בכפר יחזקאל, בטיוליו בשבילי הארץ והיה נהנה מחיי הטבע וממראות הסביבה.

פעם סיפר איך נראים הרי גלעד מעל פסגת הגלבוע. ספוריו המאופקים, הצנועים העידו על ידיעה מעמיקה במקורות ובתנ"ך.

כאשר שאלנו אותו על תכניותיו — היה מתחמק, אולי מתוך לבטי נפש על חיפוש דרכו בחיים.

והנה שוב ראיתיו בכל יופיו ופריחתו בחתונת תמי שלנו. כל אחד מבני המשפחה והידידים לא גרע עין ממנו. כה גאה הלב לראותו כאילן זקוף, צעיר ורענן.

תוך צמיחה ופריחה נעלם, אפוף תעלומה נוראה, מדהימה והוא בעצם לבלובו. ב־ט' חשון, תשכ"ז (23.10.66) יצא מביתו ומאז לא חזר עוד.

הנוחם היחידי — זכר דמותו הנפלאה, הנאצלת.

זעקי ארץ אהובה על אובדן בן כזה!

חסיה דרורי (קופפרמינץ)

✶

זאב הנער האציל והצנוע עד להפליא, זה השנה החמישית שנדם קולו.

לכאורה היה זאב נער מסוגר מאוד, אך מי שידע להבחין ולחדור מעט לנבכי נפשו, ידע לזהות את מעין הדינמיט שפעפע בו — להט שהתבטא בעיניו היוקדות.

ידידיו יודעים לציין את התחושה הלאומית המפותחת שבה ניחן זאב, אותו רגש עמוק, אשר שאב מביתו היהודי־לאומי החם. אציל ונועם הליכות היה בבית כמו עם כל חבריו ללימודים; נער שניצל כל דקה פנויה מלימודיו לתחביבו הקרוב — הכרת הארץ.

ניחן היה זאב באינטואיציה ובשאיפות לדברים יפים ונשגבים ואהב את האמנויות: ציור, תיאטרון, סרטים טובים; התלהב מטיולים ברחבי הארץ וביחוד הקסים אותו נופה של ירושלים.

לאחרונה התלבט זאב בקשר לשרותו הצבאי. הוא התייעץ עם חבריו הקרובים ותיאר לפניהם את התלבטויותיו. הוא סיפר להם: „העובדה שאינני מתגייס לצה"ל, עקב היות אחי בצבא — האם איננה מהווה ניצול מסוים של דברים אשר אינני זכאי לנצל".

רבות התלבט, האם להפסיק את לימודיו, אשר הצליח בהם באוניברסיטה, בכדי להתגייס — או לאו.

בן מסור היה להוריו: הבין והכיר את דאגותיהם ואת יחסם הלבבי אליו ללא רבב.

בן נאמן היה למורה הגדול, למורה הדגול של הדור, זאב ז'בוטינסקי, שאת שמו נשא — זאב.

כל צד בו היה יפה ומושלם: חיצוניותו הנאה, דמותו התמירה והזקופה עם עיני התכלת כמים זכים וצלולים, בהן השתקף הטוהר ותום הנעורים, חיוכו המקסים על פניו החטובים, בלוריתו השחורה כפחם מעל מצחו הגבוה, מצח תלמיד חכם, ענו ועדין נפש; ויפיו הפנימי, הנפשי, בהיותו שונה מבני גילו בתכונותיו האצילות, ברוך ובקסם אישי; שני הצדדים — החיצוני והפנימי — נתמזגו בו להוויה אחת, השלימו זה את זה ויצרו טפוס של צעיר מופלא, עילוי, שהבטיח גדולות.

חן מיוחד הוסיפה לו אמונתו הדתית, התפילה וקיום המצוות, ביחוד זו של כיבוד אב ואם שהקפיד בה.

זאב לא ידע צביעות ושקר מה הם, כי תם וישר היה והערכים שלפיהם גדל ובהם האמין, לפיהם התמיד לחיות.

בהסתלקותו הפתאומית, בנפלו באביב ימיו נאבד להוריו ולעם בן מסור ונאמן.

חבר על דאבדין ולא משתכחין!

(מתוך דברים שנאמרו באזכרה באוניברסיטה)

# ★ פּולטוסקאים בעולם ★
# פּולטוסקער אין גאר דער וועלט

מאיר בושאזא (ניו־יאָרק)

# אין אמעריקע

אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע פון די פּולטוסקער יידן קיין אַמעריקע. דאָס פאָרן קיין אַמעריקע איז דאַן נישט געווען קיין גרויסן כבוד, האָבן דעריבער די, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער היימשטאָט און אַוועק איבערן ים, געטון דאָס בסוד, נישט געזעגנט זיך אַפילו מיטן נאָענטסטן שכן אָדער פריינד. דאַקעגן אין דער „נייער וועלט" האָבן זיי געפילט אַן אינערלעכע באַדערפעניש זיך צו באַזעצן נאָענט איינער צום צווייטן, העלפן זיך אין די שוועריקייטן פון אַקלימאַטיזירן זיך אינעם נייעם לאַנד און אין דער בענקשאַפט נאָך זייערע אייגענע, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט אין פּולטוסק.

דער גרעסטער טייל פון די אָנגעקומענע האָט געטראַכט זיך אומקערן צוריק נאָך דעם ווי זיי וועלן אָנזאַמלען אַ ביסל געלט, אָבער דער חלום וועגן דער אַלטער היים איז שנעל אויסגערונען געוואָרן און נאָך אַ געוויסער צייט האָבן די איינוואַנדערער אַראָפּגעבראַכט צו זיך זייערע פאַמיליעס כדי צו באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען אין יאָר 1898 האָבן זיך אין ניו־יאָרק געפונען גענוג פּולטוסקער איינצוואָרדענע אַן אייגענעם מנין, האָבן זיי געדונגען אַ דירה און געגרינדעט אַ חברה אונטערן נאָמען „חברה פולטוסק אנשי פולין".

מיט דריי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1901, אין אַ תקופה, ווען דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אָנגעהויבן צו שאַפן און אַנטוויקלען פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, איז געגרינדעט געוואָרן די „ערשטע פּולטוסקער סאָסייטי", ווייל דאָס דאַווענען אין אַן אייגן שולכל איז נישט געווען גענוג כדי אויפצוהאַלטן דעם געמיינזאַמען געאָגראַפישן אָפּשטאַם און די פאַרבינדונג צווישן די פּולטוסקער משפחות. די סאָסייטי איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין און אַ חברה קדישא, וועלכע האָט געזאָרגט וועגן אַ קרקע, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אויף אַ פּולטוסקער בית־הקברות.

נאָך דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג האָט זיך די עמיגראַציע פון פּולטוסק באַדייטנדיק פאַרגרעסערט. די נייע עמיגראַנטן, וועלכע זענען געקומען אָן זייערע פאַמיליעס, אָבער מיטן ציל וואָס שנעלער זיי אַריבערצונעמען צו זיך, אָדער די איינגעוואַנדערטע גאַנצע משפחות האָבן זיך גענויטיקט אין זייערע ערשטע שריט אויפן אַמעריקאַנער באָדן אין מאַטעריעלער הילף. די דאָזיקע סיטואַציע האָט געשאַפן די נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן צווישן זיך אַ ליי־קאַסע, ווו אַ פּולטוסקער זאָל קענען קריגן אַ הלוואה אָן פּראָצענט. אויף אַזאַ אופן איז אין יאָר 1910 געשאַפן געוואָרן אַ בשותפותדיקע קאַסע פון דער „חברה פולטוסק אנשי פולין" און דער „פּולטוסקער סאָסייטי".

אַזוי האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום צוויי פּולטוסקער גרופּירונגען און יעדן חודש פאַרגרעסערט זייער צאָל, ווען מיטן גרויסן עמיגראַציע־שטראָם זענען אָנגעקומען גאַנצע משפחות פון פּולטוסק. אָבער דער שלום האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. עס איז אַנטשטאַנען אַ קאָנפליקט, וואָס האָט געטראָגן אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, אָבער זיין אמתע סיבה זענען געווען פּערזענלעכע מחלוקות. כמעט אַ העלפט פון די מיטגלידער האָט פאַרלאָזט דעם פאַראיין און געגרינדעט אין יאָר 1917 די „פולטוסקער פּראָגרעסיווע סאָסייטי". אין סאַמע ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די יידן אין דער אַלטער היים האָבן זיך גענויטיקט אין דרינגענדיקער הילף, האָבן אין אַמעריקע פונקציאָנירט דריי פּולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפטן אָן קיין שום קאָנטאַקט צווישן זיך.

אין דעם זעלבן יאָר אָבער איז אַנשטאַנען אין ניו־יאָרק אַ גרופּירונג פון פּולטוסקער פרויען, די „פולטוסקער פרויען עקזילער" (פרויען יוצאי פולטוסק), מיט דעם ציל צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע אין זייער היימשטאָט. דערווייל אָבער האָט מען קיין ממשותדיקער הילף נישט געקענט שיקן, ווייל אַמעריקע איז אַריין אין קריג, אָבער מען האָט אָנגעהויבן צו זאַמלען מיטלען כדי צו זיין גרייט, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. די ערשטע פּרעזידענטין פונעם פאַראיין איז געווען פעסע נאָרדווין און די סעקרעטאַרין טאָבע ניומאַן.

מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווי נאָר דער קריג האָט זיך

פאַרענדיקט, האָבן אויך די מענער אָרגאַניזירט אַ פּולטוסקער הילפס־פאַראיין און האָבן אָנגעהויבן צו שיקן פּעקלעך קיין פּולטוסק, אויסגעהאַלטן אַ לייַ־קאַסע אין דער שטאָט און געשטיצט יעדן, וועלכער האָט זיך צו זיי געוואָנדן נאָך הילף. די אַרבעט איז פאַרגרעסערט געוואָרן, ווען אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע יונגע, אינטעליגענטע מענטשן ווי הערש פּסח מעלניק, איטשע וואַר־טאַווסקי א"א, וועלכע האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט.

אין יאָר 1926 האָט די „חברה פּולטוסק אנשי פּולין" גע־קויפט אַ הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס קליינע וווינונגען און צוויי קלייטן און אין איינעם פון די געשעפטן האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ שולכל צום דאַווענען. דאָס שולכל איז געווען דער צענטער פון דער הילפס־טעטיקייט פאַר פּולטוסק. ביידע הילפס־אָרגאַניזאַציעס האָבן געאַרבעט האַנט ביי האַנט און אַ סך וויכטיקע אונטערנעמונגען האָבן זיי דורכגעפירט צו־זאַמען. די אַרבעט האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פאַרבינדונג מיט פּולטוסק.

ליידער זענען נישט געבליבן קיין שום פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, וועלכע וואָלטן אונדז געקענט געבן אַ בילד פונעם פאַרנעם פון דער טעטיקייט פון דער פּולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אַלס גאַנצע און פון די איינצעלנע טוערס. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די נעמען פון די עסקנים, וואָס זענען באַקאַנט דעם שרייבער פון די שורות און זאָלן אים מוחל זיין די מענטשן, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און וועמענס נעמען זענען צו אים נישט דערגאַנגען.

## די אַקטיווע טוער פון דער שול

אברהם משה בוכנער, לייבל ניומאַן, קסיל ליפקאַ, אברהם דאַניעלס, משה סרעבראָ, הערשל ניעסטעמפּאָווער, יוסף דאַ־ניעלס, שלמה מילער.

## די עסקנים פון דעם הילפס־פאַראיין

משה אהרן פּראַגער, חיים פויזנער, בעריש דאַניעלס.

## די טוערינס פון דעם פרויען־עקזילער

פּעסע נאַרדווין, טאַבאַ ניומאַן, ברכה פאַס, דבורה דאַמבס.

נאָך דער מלחמה, ווען דאָס יידישע פּולטוסק איז חרוב געוואָרן, זענען די הילפס־פאַראיינען ליקווידירט געוואָרן און די פּולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפטן (די סאָסייטי און די חברה פּולטוסק) האָבן נישט געמאַכט קיין שום באַמיִונגען אויסצו־געפינען די געראַטעוועטע פּולטוסקער ברידער נאָך דער גרוי־זאַמער היטלער־שחיטה, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. ערשט אין יאָר 1945, ווען איך האָב געווײלט מיט מיין פרוי אין מדינת ישראל, האָבן זיך מיט אונדז פאַרבונדן די מיטגלידער פונעם פּולטוסקער עולים־פאַראיין און געבעטן מיר זאָלן זיין די איניציאַטאָרן אין אַמעריקע צו שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען, כדי מען זאָל קענען אין ישראל גרינדן אַ לייַ־קאַסע, ווו די פּולטוסקער עולים זאָלן קענען באַקומען אַן אָנפּראַצענטיקע הלוואה.

נאָכן אומקערן זיך קיין פּש"א, האָב איך זיך פאַרבונדן מיט דעם „פרויען־עקזילער". מיר האָבן באַשטימט אַ זיצונג, אויף וועלכער עס זענען געווען אָנוועזנדיק: די פאָרזיצערין גיטל דאַניעלס, די סעקרעטאַרין טאַבאַ ניומאַן און די פרויען: חייטשע טעש, ברײנע קוטנער און דבורה רײנעווירץ. מיט זייער איניציאַטיוו האָבן מיר זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די צוויי אַנדערע פּולטוסקער קערפּערשאַפטן אין אַמעריקע.

אין נאָוועמבער 1954 זענען זיך אין דער דירה פון משפחה טעש צונויפגעקומען די פאָלגענדיקע פּערזאָנען: פון דער ערשטער פּולטוסקער סאָסייטי דער פרעזידענט שלמה מילער (פון דער היים: מאַנצאַרזש, פון די וויטראַקן), סעם וויטמאַן, יוסף דאַניעלס און ישראל טעש; פון דער פּראָגרעסיווער סאָסייטי לייבל ניומאַן, זיין שוואָגער ש. סאָקאָל, אייבי קאַפּלאַן און טעדי קאַהאַן, און פון דעם „עקזילער" די א"ד פרויען. די פאַרזאַמלטע האָבן באַשלאָסן צו גרינדן דעם „פּולטוסקער ישראל־קאָמיטעט". עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צייט־ווייליקע פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט גענומען אויף זיך צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די פּולטוסקער אין אַמעריקע.

אויף דער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אַ מאָנאַט אַרום, זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע הונדערט מענטשן און עס זענען געזאַמלט געוואָרן אַרום טויזנט דאָלאַר, וואָס מען האָט גלייך אַוועקגעשיקט קיין ישראל. צו דער פאַרוואַלטונג זענען צוקאָאָפּטירט געוואָרן נאָך עטלעכע אַק־טיווע מענטשן, ווי שלמה אָסטערקולסקי, אַ גרויסער נאָמען אין דער אַמעריקאַנער ביזנעס־וועלט, וועלכער האָט זיך ברייט־האַרציק אָפּגערופן אויף אונדזערע געל־אַפּילס; איטשע יורקאָוויטש, געווען פיל יאָרן אַ לערער אין פּולטוסק, אַ גלענצנדיקער רעדנער, צוגעגעבן חשיבות אונדזערע פאַר־זאַמלונגען; אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר צוגעצויגן זיין שוואָ־גער פּאָול פּרינץ, אַ מענטש מיט אַקאַדעמישער בילדונג, אַ גוטהאַרציקער און איבערגעגעבענער צו יעדן. ער איז געווען אונדזער פינאַנס־סעקרעטאַר ביז ער איז פון אונדז אַוועק אויף אייביק. זאָל זיין נאָמען דערמאָנט ווערן מיט כבוד!

אויך איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון די נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע משה ניומאַן און זיין פרוי טאָבאַ, וועלכע האָבן צום דריטן יאָר פון דער עקזיסטענץ פונעם קאָמיטעט געלאָזט שרייבן אַ ספר און איינגעאָרדנט דעם סיום דורכן קאָמיטעט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַרום צוויי טויזנט דאָלער. ביי דער דאָזיקער פייערלעכקייט זענען געווען אָנוועזנדיק דוד און חיה קאָצקי מיט זייער זון אברהם, וועלכע האָבן עמיגרירט פון פראַנקרייך. זי איז אַן אייניקל פון אברהם קאַמינסקי און די טאָכטער פון ברכה פרידלאַנד. אונדזער אַרבעט האָט איר אַזוי אימפּאָנירט, אַז זי האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין קאָמיטעט און זי אַרבעט שוין פיל יאָרן אין דער הילפס־אַרבעט פאַר אונדזערע ברידער אין ישראל אַלס וויצע־פּרעזידענטין פונעם פאַראיין.

דער קאָמיטעט שטייט אין אַ קאָנטאַקט מיט דער פאַר־וואַלטונג פונעם ארגון עולי פולטוסק אין ישראל און שיקט אויף זייערע ווענדונגען די נויטיקע מאַטעריעלע הילף. די חברים אין ישראל זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַר־טיילונג פון דער שטיצע פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין ישראל.



דאָס פולטוסקער שולכל אין ניו־יאָרק

דאָס פולטוסקער שולכל פאַרדינט אַ באַזונדערן קאַפּיטל. ווי דערמאָנט, האָבן די פולטוסקער אין ניו־יאָרק פאַרמאָגט אַן אייגן שולכל. אָבער מיט דער צייט, ווען דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן, האָט עס פאַרלוירן איר וויכ־טיקייט און אויך איר חשיבות אַלס רעליגיעזע אינסטיטוציע. די פולטוסקער האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דער דאָזיקער געגנט, ווו עס האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען מענטשן פון מינדערווערטיקן שטאַנד. די געגנט איז געוואָרן אַ ביליקע און דאָס ווערט פון די הייזער איז געפאַלן. עס איז שווער געוואָרן צונויפצוזאַמלען אין דעם שולכל אַ מנין. דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער פולטוסקער פּראָגרעסיווער סאָסייטי אברהם משה בוכנער, אַ מענטש אין די אַכציקער יאָרן האָט צוגענומען אַ ייד, וואָס האָט געוווינט אין דער דאָזיקער געגנט (נישט קיין פולטוסקער) אויפצופּאַסן אויף דער שול. דער פרעמדער איז געוואָרן דער גאַנצער בעל־דעה זאָגער און אפילו נישט אַריינגעלאָזט קיינעם פון דעם פולטוסקער פאַראיין.

עטלעכע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט האָבן זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק פאַרצולייגן די פאַר־אַנטוואָרטלעכע פאַר דער שול צו פאַרקויפן דעם בנין און פאַר דעם געלט איינשאַפן אין ישראל אַן אָרט, אַ צענטראַלן פּלאַץ, ווו עס וועט געפירט ווערן די טעטיקייט פון דער פולטוסקער אָרגאַניזאַציע און ווו עס וועט זיין אַ צונויפטרעף־פונקט פאַר די פולטוסקער טוריסטן, וועלכע וועלן קומען קיין ישראל. ווען עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע מיט דעם שולכל, איז מיט מיין איניציאַטיוו דעם 6־טן יולי 1961 פאָרגעקומען ביי מיין שוועסטער אין ברוקלין (איך האָב שוין דעמאָלט אין ברוקלין נישט געוווינט) אַ צוזאַמענקונפט פון די פאָרשטייערס פון ביידע סאָסייטיס און פונעם פולטוסקער קאָמיטעט, אויף וועלכן עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַז די שול איז אַן אייגנטום פונעם כלל פולטוסקער, און אַז זי וועט פאַרקויפט ווערן, ווערט פאַר דעם געלט געקויפט ווערן אַ זאַל אין ישראל, ווו עס וועט אויך איינגעאָרדנט ווערן אַ מקום תפילה. אויף דער רעזאָלוציע האָבן זיך אונטערגעשריבן אברהם משה בוכנער, שלמה מילער, יוסף דאַניאַלס, ישראל טעש, אברהם קאַפּלאַן, הערי סאָקאָל, סעם וויטמאַן, שלמה אָסטערקולסקי און מאיר בזשאַזאַ. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז אויף דער זיצונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין שול אויסגעוויילט געוואָרן אַן אַקציע־קאָמיטעט מיט יוסף דאַניאַלס אַלס פּרעזידענט, שלמה מילער וויצע פּרעזידענט און מאיר בזשאַזא פינאַנץ־קאָרעספּאָנדענץ און פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר וועלכע זענען גע־

דער רעזאָלוציע־באַשלוס אַז די שול איז אַן אייגנטום פונעם כלל־פולטוסקער, וועט פאַרקויפט ווערן און פאַר דעם געלט קויפן אַ זאַל אין ישראל אַלס אַ בית־פולטוסק, לזכר די קדושים.
**אונטערגעשריבן:** אברהם משה בוכנער, שלמה מילער, יוסף דאַניאַלס, ישראל טעש, אברהם קאַפּלאַן, הערי סאָקאָל, סעם וויטמאַן, שלמה אָסטערקולסקי און מאיר בזשאַזא.

שטאַנען אויף דער וואַך, אַז די שול זאָל נישט אַריינפאַלן אין קיין פרעמדע הענט. אונדזער סאַטיספאַקציע איז געווען אַ קליינע, ווייל דער גאַנצער בנין איז שוין כמעט געווען ווערטלאָז.

דאַן אָבער איז געשען אַ „נס". די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן איבערצובויען די געגנט און עס האָט זיך געשאַפן די מעגלעכקייט מיר זאָלן באַקומען פאַרן הויז אַ פאַרהעלטענישמעסיק גוטן פרייז. נאָך זעקס שווערע יאָרן פון בשותפותדיקע באַמיִונגען אַז מען זאָל דאַווענען אין שול כאָטש שבתים און יום־טובים, זי זאָל האָבן אַ חשיבות פאַר די מוני־ציפּאַלע מאַכט־אָרגאַנען און פון אויפהאַלטן דעם בנין לויט די פאָדערונגען פונעם שטאָט קאָדעקס, האָט די שטאָט־מוניצי־פּאַליטי אָפּגעקויפט דעם בנין. דער פרייז אָבער, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָט אונדז נישט צופרידנגעשטעלט און מיר האָבן דערלאַנגט אונדזערע פאָדערונגען אין העכסטן געריכט פון דער שטאָט ניו־יאָרק און טאַקע דורך אַ פולטוסקער אַדוואָ־קאַט, דזשוליס בזשאָזאַ. ווען דאָס געריכט וועט אַרויסגעבן זיין אורטייל וועט דער חלום פון אַ פולטוסקער זאַל אין ישראל ווערן אַ ווירקלעכקייט.

מאַי 1968, לאָנג־ביטש, ניו־יאָרק.



**פאַרוואַלטונג און אַקטיוויסטן פון פולטוסקער קאָמיטעט אין אַמעריקע**

**ערשטע ריי, אין פראַנט, זיצן:** אין דער מיט, ה' מאיר בזשאָזאַ — פּרעזידענט; העכטס, זיין פרוי חיה — (פון דער היים ביילי'ס); לינקס, פרוי קאַצקי חיה — וויצע פּרעזידענטין; צווייטער פון רעכטס, ה' יוסף מילער — ערן פּרעזידענט; ערשטער פון רעכטס, ה' יוסף דאַניעלס — קאַסירער; ערשטער פון לינקס, ה' בוימגאַרטן יעקב — פינאַנס סעקרעטאַר; צווייטער פון לינקס, ה' פייפאַוויטש — פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר.

**צווייטע ריי, פון רעכטס, שטייען:** פרוי טיק, פרוי דאַניעל, פרוי מילער, פרוי לאַסקאַ, פרוי טעש, פרוי קוטנער, פרוי טרייסטער, פרוי פייפאַוויטש, פרוי בוימגאַרטן, פרוי דבורה ריינגעווירץ.

**דריטע ריי, פון רעכטס, שטייען:** ה' אשר לאַסקאַ, ה' עזריאל טעש, ה' האָראָוויץ און זיין פרוי האָראָוויץ, ה' טרייסטער, ה' וויטמאַן, ה' קאַצקי.

# אין קאנאדע

יואל אבאזשאנעק, יהושע פרידלאנד (טאָראָנטאָ)

גלייך נאָך דער צעשמעטערנדיקער און כשר־פאַרדינטער מפלה פונעם נאַצישן דייטשלאַנד, ווען די אַזוי גערופענע ד. פ.־לאַגערן זענען ליקווידירט געוואָרן און יידן האָבן אָנגעהויבן פריי אַריינצוּוואַנדערן אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט האָט אונדז דער גורל געפירט קיין דרום־אַמעריקע: קאַנאַדע. מיר זאָגן „אונדז", ווייל מיר זענען געווען אַ גרופּע פולטוסקער און מיט אונדז נאָך פיל אַנדערע פליטים און לעבנאיבער־געבליבענע.

פאַרשטייט זיך, אַז שטאַרק אומהיימלעך איז אונדז גע־וואָרן, אָנקומענדיק אין אַ שפּאָגל־ניי פאַר אונדז לאַנד מיט אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך, קולטור און גאַנץ־נייעם לעבנס־שטייגער, נאָך אַזעלכע בלוטיק־שרעקלעכע מלחמה־איבער־לעבונגען און אַנטוישונגען אינעם געוויסן פון דער וועלט...

נייע פּראָבלעמען זענען פאַר אונדז אויסגעוואַקסן מיט דעם מאָמענט, ווען מיר זענען נאָר אַ ביסל צו זיך געקומען. מיר האָבן איינגעזען, אַז מיט דער צייט וועלן מיר גייסטיק אינגאַנצן צעשמאָלצן ווערן און אונדזער „אַמאָל" וועט, חלילה, פאַרגעסן ווערן. טראָץ דעם וואָס דער נעכטן איז פאַר אונדז געווען אַזוי שוידערלעך, האָבן מיר אָבער איינגעזען, אַז אונדזער פולטוסקער עבר טאָרן מיר נישט פאַרגעסן. דאַן איז אַנטשטאַנען די פראַגע פון שאַפן אַ פאַרבאַנד פון פולטוס־קער אין טאָראָנטאָ *.

ס'האָבן אפילו נישט געפעלט קיין יידישע אָרגאַניזאַציעס אין טאָראָנטאָ, אָבער די אַלע גרופּירונגען האָבן אונדז גייס־טיק נישט באַפרידיקט; מיר האָבן זיך געפילט פרעמד. מיר ווילן דאָ דעריבער דערמאָנען די גרופּע „עקשנים", וועלכע האָבן געלייגט דעם גרונד־שטיין פאַר שאַפן אַזאַ ווינקל פאַר די פולטוסקער אינעם פרעמדן קאַנאַדע; דאָס זענען געווען די חברים־ות: יואל אָבאַזשאַנעק, יהושע פרידלאַנד, קלמן לאַסקא, שאשא דרופּיעסקא, יענטע לאַסקא און מאיר לאַסקא.

געווען איז עס אין סעפטעמבער 1955. אונדזערע לאַנדס־לייט זענען געווען דערשעפּט פון די איבערלעבונגען און דערצו זענען צוגעקומען נייע זאָרגן ווי: דאגות פרנסה, וווינונגען אד"ג. מ'מוז מודה זיין, אַז דער אָנפאַנג פון גרינדן אַזאַ מין ווינקל איז נישט געווען קיין לייכטער, נאָר אַ דאַנק דעם עקשנותדיקן ווילן פון די אויבן דערמאָנטע חברים איז אונדז סוף סוף געלונגען צו שאַפן אַ פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ, וועלכע האָט מיט דער צייט באַקומען אַ חשובן אָנזען ביי דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, נישט ווייניקער ווי אַלע אַנדערע אַפילו לאַנג שוין עקזיס־טירנדיקע אָרגאַניזאַציעס.

אונדזערע טעטיקייטן אין פאַרבאַנד זענען פאַרשידנאַר־טיקע: אינערלעכע און אויסערלעכע. די אינערלעכע באַשטייען פון צונויפטרעפן זיך יעדע 2 וואָכן מיט דער עקזעקוטיוו און אַלע 4 וואָכן — מיט דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט, וועלכע ציילט היינט צו טאָג ביי 57 משפחות בערך.

* עס ווערט דאָ גאָר נישט דערמאָנט פון וועלכער עס איז לאַנדסמאַנשאַפטלעכער טעטיקייט פון די פולטוסקער, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין קאַנאַדע נאָך פון פאַר דער היטלער־תקופה (רעד.).

## פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ!

חשובע לאַנדסלייט, ליבע פריינט!

מיט 10 יאָר צוריק האָבן אַ גרופּע פון אונדזערע לאַנדסלייט אַלט־באַזעסענע און ניי־געקומענע געלייגט דעם גרונט־שטיין פון אונדזער סאָסייטי, וואָס האָט זיך געשטעלט די הייליקע אויפגאַבע צוזאַמען צו ברענגען אַלע אונזערע לאַנדס־לייט, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק אין דער לעצטער מלחמה, און אויך נישט אויס־געמיטן אונדזער שטאָט פולטוסק.

די אויפגאַבע איז נישט געווען קיין לייכטע, אָבער היינט, מיט 10 יאָר שפּע־טער, קענען מיר מיט שטאָלץ פעסטשטעלן, אַז מיר זיינען אַלע שוועריקייטן בייגעקומען און היינט איז אונדזער סאָסייטי אַ יש. די גרעסטע צאָל פולטוסקער, ווי אויך פון דער אומגעגנט, וואָס וואוינען אין טאָראָנטאָ, זיינען מיטגלידער פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט.

מיר האָבן אויך אַן אָנגעזען אָרט אין געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן אין טאָראָנטאָ, מיר זיינען אָנגעשלאָסן אין די פאַראייניקטע אידישע אָרגאַניזאַציעס ביים הסתדרות. מיר נעמען אָנטייל אין אַלע פּראָיעקטן וואָס האָבן אַ שייכות מיט הילף פאַר ישראל. מיר שטיצן אידישע קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס אין טאָ־ראָנטאָ. מיר האָבן אין פאַרלויף פון די 10 יאָר געשאַפן אַ בית־עולם, וואו מיר האָבן אויפגעשטעלט אַ פּרעכטיקן דענקמאָל פאַר אונדזערע פאַמיליעס, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די היטלערישע רוצחים אין די יאָרן 1945—1939. מיר נעמען אויך אָנטייל מאָראַליש און מאַטעריעליש אין דעם פנקס, וואָס אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל גרייטן צו אַרויסצוגעבן.

אָבער דערמיט איז אונדזער אַרבעט נישט פאַרענדיקט. צו פייערן אונדזער 10־יאָריקע עקזיסטענץ רופן מיר אייך אַלע צו באַטייליקן זיך

דעם 2־טן יאַנואַר. 1966

אין דעם

### 10-יאָריקן יובילעאום

פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וואו מיר אַלע וועלן צוזאַמען אָפּשליסן אונדזערע ערשטע 10 יאָר עקזיסטענץ, און אָנצייכענען אונדזער ווייטערדיקע יאָרן פון אַרבעט צום גוטן פאַר אונדזער סאָסייטי.

דער קאָמיטעט

די זייער שווערע אויסערלעכע פּראָבלעמען, וואָס מיר האָבן געדאַרפט לעזן, זענען געווען פּאָלגנדיקע: א) אַ בית־הקברות אויפן נאָמען פון דער פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ, וועלכער איז מיט דער הילף פון אַלע מיטגלי־דער, אין יאָר 1957, איינגעשאַפט געוואָרן. ב) אַ פּאַראייבי־קונגס־מאָנומענט פאַר די פולטוסקער קדושים, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען קומען צו קבר־ישראל און אויך פאַר די נפטרים, וואָס די נאַצישע רוצחים ימ"ש האָבן זייערע קברים געשענדעט און פאַרניכטעט.

אין 18־טן אָקטאָבער 1964 האָבן מיר אַנטהילט די אַלגע־מיינע מצבה, אויף וועלכער עס געפינען זיך די נעמען פון די אַלע פולטוסקער קדושים און אויך אַ טייל פון דער אומגעגנט. הונדערטער יידן זענען בייגעווען די אַנטהילונג פון דער דאָזיקער מצבה, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין גאַנץ טאָראָנטאָ.

פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ!

# מצבה אויפדעקונג

**אין אָנדענק פון די אומגעקומענע פון פולטוסק און אומגעגנט**

**אין די יאָרן 1945—1939 דורך די נאַצישע רוצחים**

וועלכע וועט פאָרקומען

## זונטיק, דעם 18־טן אָקטאָבער, 1964

פּינקטלעך 11:30 פאַרמיטאָג

**אויפן בית־עולם פון באַטהורסט לאָון** (נאָרטה אויף פינטש)



אונדזערע יאָר־יערלעכע הזכרות פירן מיר שטענדיק דורך אין די הייליקע טעג פון די ימים נוראים.

אונדזערע אַרבעטן שפּרייטן זיך אויך אויס אויף אַנדערע געביטן, ווי: די צוזאַמען־פייערונגען פון אַלע יידישע יום־טובים, דעם אַנטשטייונגס־טאָג פון דער יידישער מדינה, דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד א"אַנד. מיר זענען אויך פאַר־טרעטן אין אַ ריי שטאָטישע אָרגאַניזאַציעס און שטיצן זיי לויט אונדזערע מעגלעכקייטן. עס ווערן אויך דורך אונדז געשטיצט אַ ריי פּראָיעקטן, וועלכע די הסתדרות אין טאָראָנטאָ צוזאַמען מיט דער הסתדרות אין ישראל האָבן דורכגעפירט.

ווען עס איז דערשינען דער אַלגעמיינער פנקס פון די חרוב־געוואָרענע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע, האָבן מיר אין אים פאַראייביקט אונדזער שטאָט מיט אַ גאַנצער



אין דעם גרויסן חורבן זענען
אומגעקומען אונדזערע טאַטעס און
מאַמעס, שוועסטער און ברידער א דריטל
פון אונדזער פאָלק־אויף קידוש השם דורך
די דייטשע רוצחים.

אויף דעם מזבח פון דעם גרויסן אומקום
איז פאַרשניטן געוואָרן אויך אונדזער שטאָט
פולטוסק, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם
גרויסן יידישן ישוב אין פוילן.

זאָל דער זכר פון די קדושים פון
אונדזער שטאָט פולטוסק בלייבן אויף
דור דורות.
זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן
זייער נאָמען.

פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט
אין טאָראָנטאָ (וואַרשאַווער קרייז)

פאָרזיצער: ל. אַבערזשאַנעק
וויצע־פאָרזיצער: יוסל וולאַסקאַ
סעקרעטאַר: יהושע פרידלאַנד
וויצע־פאָרזיצער: זעליג פענסטער

זייט, דער פנקס, געשריבן אויף פאַרמעט, געפינט זיך אין קיבוץ „לוחמי הגיטאות". אין דער זעלבער צייט האָבן מיר געשטיצט אַ קולטור־צענטער אין „אור־יהודה", וואָס איז אויף אַ נאָמען פון אַן אָנגעזעענעם פאָלקס־רבי אין טאָראָנטאָ.

די איין און איינציקע פראַגע, וועלכע שטייט אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז: דער פול־טוסקער יזכור־בוך, וועלכער ווערט צוגעגרייט צום דערשיינען אין ישראל. אויך דאָ באַמיען מיר זיך, מיט אַלע אונדזערע מעגלעכקייטן, צו צוטראָגן אונדזער הילף, אין אַלע הינזיכטן.

מרפאה של קופת־חולים בכרכור (ישראל), הוקם בהשתתפות של קהילת יוצאי פולטוסק בטו־רונטו, קנדה.



אַמבולאַטאָריע פון דער קופת־חולים אין כרכור (ישראל), אויפגעשטעלט מיטן אַנטייל פון דער פולטוסקער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע.



**אויבן:** אין פאָרהויז פון דער אַמבולאַטאָריע; (ביים הענגענדיקן שילד: „נתרם ע״י קהילת יוצאי פולטוסק בטורונטו, קנדה, מאי 1970״) שטייען: פולטוסקער־קאַנאַדער־און־ישראלדיקע לאַנדסלייט צווישן זיי הסתדרות־פאָרשטייער פון קאַנאַדע.

**אונטן:** אין דעם צימער פון דער אַמבולאַטאָריע — ביי דער אָפיציעלער דערעפענונג; שטייט און רעדט: רפאל ווײַנשטאָק (פאָרזיצער פון דער פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל); צווישן די זיצנדיקע: ברוך דירעקטאָר (וויצע־פאָרזיצער), קאָמיטעט־מיטגלידער: מרדכי געלבלום, יחיאל אבאזשאַנעק, משה קאַמינער, אליהו בולמאַן און פולטוסקער קאַנאַדער געסט, צווישן זיי: הער פרענקעל און פרוי פ׳ מאַלי סאָבאָל און אַנדערע (פאָטאָ: ישראל — 3.5.70).

מיר ווילן דאָ נאָך אַ מאָל באַצייכענען, אַז די גאַנצע טעטי־קייט פון אונדזער פאַרבאַנד ווערט געפירט פון דער גרופּע אויבן דערמאָנטע חברים־ות ביז צום היינטיקן טאָג. מיט דער אויסברייטערונג פון אונדזערע אַרבעטן, האָבן זיך אַקטיוויזירט נאָך פיל אַנדערע חברים, וועלכע העלפן פאַרווירקלעכן אונ־דזערע אַלע פּראָבלעמען. דאָס זענען די ח״ח: יואל אָבאַזשאַנעק (פּאָרזיצער), יהושע פרידלאַנד (פינאַנס־סעקרעטאַר), קלמן לאַסקאָ (קאַסירער), בנימין מעלניק (פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר), זעליג פענצטער, יצחק סום, מרדכי ראָטמאַן (אַ פולטוסקער איידעם, וועלכער איז טעטיק פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר און פאַרנעמט דעם אַמט פון וויצע־פאָרזיצער), אברהם לעווקאָ־וויטש און יאָסל פיגא.

ס'איז באַזונדער ווערט צו דערמאָנען אונדזערע פרויען, וועלכע נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אונדזערע אַלע טעטיקייטן.



# אין ארגענטינע

יוסף קארמעל (אַרגענטינע)

אין די יאָרן 1923—1924, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט גענומען בושעווען אין פּוילן, האָט דאָס פּוילישע יידנטום געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו אַנטלויפן. איבערהויפּט די יוגנט, וועלכע האָט שוין נישט געפונען קיין פּלאַץ וווּ זיך אויסצו־לעבן, האָט געזוכט אַ וועג צו עמיגרירן. דער ציל איז געווען דרום־אַמעריקע. היות ווי אין יענער צייט איז אַנגעקומען זייער שווער צו באַקומען אַ וויזע, האָט מען אויסגעקליבן פּאַר אַ דורכרייזע פּלאַץ אַרגענטינע. יעדער איינער האָט געגלייבט, אַז פון אַרגענטינע וועט ער זיכער קענען דורכברעכן די טויערן פון דרום־אַמעריקע. מיט דער צייט ווען מען האָט געזען, אַז ווייטער פאָרן קען מען נישט, האָט יעדער איינער גענומען קלערן ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען אויפן פּלאַץ. דאַן האָט זיך גענומען שאַפן אַ קאָנטאַקט פון אײן לאַנדסמאַן צום צווייטן. ווער צוליב אַרבעט, ווער וועגן הילף. אַזויערנאָך איז דער קאָנטאַקט צווישן די לאַנדסלייט ענגער געוואָרן און וואָס אַמאָל זיך פאַרשטאַרקט, ביז עס איז געקומען דער געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן זיך. אַ דאַנק דעם גוט־האַרציקן חבר און מענטש ווי ס'איז געווען משה מאַנצאַרזש (ז"ל), וועלכער האָט



משה מאַנצאַרזש ז"ל
דער ערשטער פּרעזידענט פון פּולט.־סער. פאַראיין אין אַרגענטינע

געהאַלטן אָפן די טיר פאַר יעדן איינעם, איז געגרינדעט גע־וואָרן דער ערשטער פּולטוסקער פאַראיין אין אַרגענטינע און טאַקע ביי אים אין שטוב. עס ווערט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: משה מאַנצאַרזש (אַלס פּרעזי־דענט), זלמן גורמאַן, משה יאַקובאָוויטש, מענדל גאָלדבערג, דוד מעלניק און יוסף קאַרמעל, וועלכע פירן אָן מיט דער אַרבעט פון פאַראיין ביז מיר פאַראייניקן זיך מיט די סע־ראָצקער.

אין 1940, ווען מיר האָבן באַקומען די ידיעות וועגן דער גרויסער קאַטאַסטראָפע וועלכע האָט געטראָפן דעם אייראָ־פּעישן יידנטום, האָבן מיר געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו פאַר־שטאַרקן אונדזער פאַראיין, כדי אַנטקעגנצוקומען מיט גרע־סערער הילף. אין יענער צייט איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק זיך צו פאַראייניקן מיט פאַראיינען פון אַנדערע לאַנדסלייט פון דער סביבה, כדי צו פאַרשטאַרקן, ווי געזאָגט, אונדזער הילפס־טעטיקייט. דאַן האָבן מיר זיך געפּרווט צוזאַמענגיסן מיט די פאַראיינען פון די ווישקאָווער און סעראָצקער. באַלד, ביי דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז מיט די ווישקאָווער וועלן מיר נישט קאָנען צו־זאַמענאַרבעטן, צוליב זייער פּאָליטישער אָריענטאַציע. דאַקעגן מיט די סעראָצקער האָבן מיר גלייך געפונען אַ בשותפות־דיקע שפּראַך. דאַן שאַפן מיר אַ פּראָוויזאָרישע קאָמיסיע מיט משה מאַנצאַרזש אַלס פּרעזידענט. אין דער קאָמיסיע גייען אַריין; פון די פּולטוסקער: משה יאַקובאָוויטש, אהרון יורקע־וויטש, מענדל גאָלדבערג, זלמן גורמאַן, נחום מעלמאַן און פון די סעראָצקער — פּיעטרוטש פאַרמיינסקי.

דעם 15.10.40 קומט פאָר אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און עס ווערט געשאַפן אַ נייע קאָמיסיע מיט: מענדל קוליגאָווסקי (פּרעזידענט), זלמן גורמאַן (סעקרעטאַר), שלמה אַשענמיל, לייבל קאַפּלאָוויטש, מיגעל וועטשטיין, משה יאַקובאָוויטש (קאַסירער), משה מאַנצאַרזש, יואל גוטקאָווסקי, שלמה וורא־בעל, יוסף קאַרמעל, דוד מעלניק, יצחק פּערעל און אהרן יאַרקעוויטש. מיר טרעטן גלייך צו צולעזן פאַרשידענע לאָקאַלע פּראָבלעמען פון אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן דאַן נישט געפעלט. מיר זוכן מיטלען ווי אַנטקעגנצוקומען מיט הילף די אַלע נויטבאַדערפטיקע. דורך פאַרשידענע אונטער־נעמונגען, צווישן זיי פיל קינאָ און טעאַטער איינאָרדענונגען — שאַפן מיר די נויטיקע סומעס. ווען די באַדערפעניש ווערן נאָך גרעסער, גרינדן מיר אַ לייַ־קאַסע, וועלכע ווערט אָנגע־פירט פון דער זעלבער א"ד קאָמיסיע. מיר פאַרקויפן אַקציעס און מיר העלפן יעדן איינעם, וואָס ווענדעט זיך צו אונדז.

אין דער זעלבער צייט שליסן זיך אָן צו אונדזער פאַראיין די נאַשעלסקער, יאַבלאָנער און נאָווידוואָרער לאַנדסמאַנ־שאַפטן.

אין 1941 שאַפן מיר ביים פאַראיין אַ יוגנט־קלוב, וועלכער עקזיסטירט אַ געוויסע צייט. אָבער צוליב געוויסע מיספאַר־שטענדענישן ווערט דער קלוב אויפגעלייזט.



**אריה אייזנבערג ז״ל**
אַקטיווער מיטאַרבעטער און חבר פון פולט.־קאָמיטעט אין אַרגענטינע

דעם 28.9.41 קומט פאָר אַ צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג, וווּ עס ווערט אויסגעקליבן אַ נייע קאָמיסיע מיט: מענדל קוליגאָווסקי (פּרעזידענט), יוסף קאַרמעל (וויצע פּרעזידענט), שלמה אשענמיל (סעקרעטאַר), שמחה גאָלדמאַכער, משה האַכמאַן, יצחק פּערעל, גריזעק, יואל גוטקאָווסקי, אדאנאלאַן, אריה אייזנבערג, דוד מעלניק, זלמן גורמאַן, אינווענטאַרזש.

אָבער מיר באַנוגענען זיך נישט בלויז מיט הילפס־אַרבעט, מיר זוכן אויך אויפצוטאָן עפּעס אויפן קולטורעלן געביט. דאַן פירן מיר דורך אַ ריי מוזיקאַלישע פרימאַרגנס, פאַרלעזונ־גען אד״ג.

אין דער זעלבער צייט שאַפן זיך צענטראַלע קאָמיטעטן וועלכע הייבן אָן זאַרגן וועגן געמיינזאַמער הילף פאַר די לעבנגעבליבענע פון אונדזערע א״ד שטעטלעך.

דעם 23.2.44 ווערט אוסגעקליבן אַ נייע קאָמיסיע מיט יוסף קאַרמעל אַלס פּרעזידענט און די חברים ל״ל: יואל גוט־קאָווסקי, קלמן קאַליגאָווסקי, שלמה וואָרבעל, שמחה גאָלד־מאַכער, אברהם ווינאגורא, שלמה אַשענמיל, יצחק פּערעל, אריה אייזנבערג, זעליג ליפּאָוויטש, הערצקע געלודא און מאָטל קראַנזשעק. דאַן שליסן מיר זיך אָן אין צענטראַל־קאָמיטעט, שאַפן געוויסע סומעס געלט ווי אויך קליידונג און וועש פאַר מענער, פרויען און קינדער.

אין יאָר 1945 זענען מיר פון די ערשטע, וואָס שיקן אַרויס קיין פּוילן אַ סכום פון 750 דאָלער אויף איינצושאַפן אַרבעט־געצייג. אין יאָר 1946 פירן מיר דורך אַ ברייטערע טעטיקייט, אויפזאַמלענדיק זייער אַ שיינע סומע געלט און מיר שיקן



אַ יזכור־אַקט, וואָס די פולטוסקער אין אַרגענטינע פירן דורך ביי דעם מאָנומענט פון די 6 מיליאָן קדושים — יאָר־ײַערלעך.

אַרויס 6 קאָסטנס מיט מלבושים ווי אויך אינדיווידועלע פּעקלעך.

אין 47־טן יאָר האָבן מיר געהאַט דאָס גליק אויפצוּועמען פּערזענלעך די פרוי שטיינבערג פון פולטוסק מיט איר מאַן און קינד. עס ווערן דעלעגירט 2 פּערזאָן, וועלכע דאַרפן זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירן מיט דער דאָזיקער פאַמיליע. מיר גיבן זיי איבער אַ געוויסע באַלדיקע הילף און זאָרגן, אַז עס זאָל זיי גאָר נישט פעלן.

אין דעם זעלבן א״ד יאָר פירן מיר דורך דעם ערשטן יאָרצייט נאָך די אומגעקומענע פון די נאַציס. די יאָרצייטן פירן מיר דורך יאָר־איין, יאָר־אויס. אונדזער פאַראיין איז אָנגעשלאָסן אין די אַלע צענטראַלע אינסטאַנצן פון אַרגענטינע. מיר נעמען אויך אַן אָנטייל אין די אַלגעמיינע ענינים אויף דער יידישער גאַס.

אין יאָר 1960, ווען עס ווערן שטאַרק אָפּגעשוואַכט די געלט־זאַמלונגען — שאַפן מיר אַ קאָאָפּעראַטיוו, ווו מיר גיבן אַרויס קרעדיטן שוין אויף גרעסערע סומעס. מיר גיסן צונויף די ליי־קאַסע מיט דעם קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער איז פאַר אונדז אַ מיטל אויף צו קענען אָנטקעגנקומען די לאַנדסלייט, סיי אין אַרגענטינע און סיי אין אויסלאַנד.

אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דער א״ד קאָמיסיע ווערט פאַרגרעסערט די אַרבעט פון פאַראיין ביזן יאָר 1963. דאַן נעמט איבער די אָנפירערשאַפט דער ח׳ שמחה גאָלדמאַכער אויף אַ קורצער צייט און עס ווערט נאָכדעם באַשטימט דער ח׳ הערצקא געלודאַ אַלס פּרעזידענט פון פאַראיין.

אין 1964 פאַראייביקן מיר דורך אַ טאָוול, וואָס איז איינגעאָרדנט אין פאַראיין — די אַלע פאַרשטאָרבענע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע.

ווי שוין דערמאָנט נעמען מיר אַ זייער אַקטיוון אָנטייל אויף דער יידישער גאַס, סיי אין די אונטערנעמונגען פאַר ישראל און סיי אין די יידישע נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין אַרגענטינע.

אין 64־טן יאָר נעמען איבער די אָנפירערשאַפט פון פאַראיין די פאָלגנדיקע: דוד מעלניק אַלס פּרעזידענט און די חברים: שלמה אַשענמיל, קלמן קוליגאָווסקי, וואָלף רוזשאַ,



**קאָמיטעט פון די פולטוסקער־סעראָצקער פאַראייניקטע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַרגענטינע**

**פון רעכטס, זיצן:** משה מאָנצאַרזש (ז״ל), שלמה רייטשיק, מענדל קוליגאָווסקי, יוסף קאַרמעל, שלמה אַשנמיל, שמחה גאָלדמאַכער, נחמן קערשנבוים, אַטאַליה געלודאַ.

**פון רעכטס, שטייען:** סאלאמאן וואָרבעל (ז״ל), לייבל קאָפּלאָוויטש ז״ל), משה האָכמאַן (ז״ל), דוד מעלניק, יואל גוטגאָווסקי, זעליג ליפּאָוויטש, יצחק פּערל (ז״ל), מיגל וועטשטיין, יקותיאל ליפּסקער, קלמן קוליגאָווסקי.

אברהם ווינאגארא, יוסף קאַרמעל, הערש־לייב שטייפמאַן, נחמן קערשנבוים.

ווי אוך איז טעטיק אַ פרויען־קאָמיסיע, וועלכע באַשטייט פון די פרויען: פישערמאַן, געלודאַ, קוליגאָווסקי, קאַרמעל, פערעל, גוטקאָווסקי, שטייפמאַן.

אין 66־טן יאָר ווערט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע מיט פרעזידענט קלמן קוליגאָווסקי און די ל״ל: הערצקא געלודאַ, שלמה אַשענמיל, יוסף קאַרמעל, משה פערעל, דוד מעלניק, נחמן קערשנבוים, הערש־לייב שטייפמאַן ווי אויך די זעלבע פרויען־קאָמיסיע פון יאָר 1964.

ביים איצטיקן מאָמענט פאַרנעמען מיר זיך מיט זוכן מאַטעריאַלן פאַרן פולטוסקער יזכור־בוך וועלכער דאַרף דער־שיינען, ווי אויך געלט. צום באַדויערן זענען שוין געבליבן זייער אַ קליינע צאָל מענטשן. אַ סך פון אונדזערע לאַנדסלייט זענען שוין אַוועק אין דער אייביקייט. לאָמיר האָפן אַז מיר געבליבענע פולטוסקער, וועלן מיטהעלפן פאַרענדיקן די הייליקע אַרבעט ווי עס איז דער יזכור־בוך.

שוין 20 יאָר ווי מיר פייערן דעם יום־עצמאות. און טאַקע איצט גרייטן מיר זיך צו פייערן דעם 20־טן יום־עצמאות. לאָמיר האָפן, אַז נאָך דעם יום־טוב וועט שוין קומען אַ דויער־האַפטער שלום פאַר ישראל און שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

מיר האַלטן איצט ביים אַרויסענדיקן אַן אייגענעם בנין, אַ היים פאַר אונדזערע לאַנדסלייט. אַזויערנאָך וועלן מיר קענען דורכפירן פאַרשידענע קולטורעלע איינאָרדענונגען ווי אויך אַנדערע אַקטיוויטעטן, וואָס זענען אנבאַלאַנגען צו אַ לאַנדס־לייט־פאַראיין.

צום סוף וויל איך ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט באַערן די אַלע פאַרשטאָרבענע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע ווי:

משה מאָנצאַרזש, אריה אייזנבערג, מאָטל וויערניק, לאזער זעלמאַנאָוויטש, משה גאָלדמאַכער, לייבל קאָפּלאָוויטש, עליאש מאָנצאַרזש, נחמן פיעקאַרזש, ברוך מידא, משה זשעפּקא, שלמה מידא, אברהם געווארטשיק, שמואל וויערניק, אסתר קערשנבוים, לאה גוכעניק, גיטל יארקעוויטש, אהרן יארקע־וויטש, זלמן גורמאַן, הדס יאַקובאָוויטש, משה יאַקובאָוויטש.

יהי זכרם ברוך.



# בישראל

רפאל וינשטוק (תל־אביב)

**ההתארגנות הראשונה של יוצאי פולטוסק בישראל החלה בסוף מלחמת העולם השנייה. כשהגיעו הידיעות הראשונות משארית הפליטה שנשארה ברוסיה ואשר זעקה לעזרה, התאספה קבוצת יוזמים והחליטה להגיש עזרה ע"י משלוח חבילות מזון ומצרכים חיוניים באמצעות הסוכנות היהודית. חלק מכתובות הנצרכים הגיעו אלינו באופן ישיר מהאנשים שהיו ברוסיה וחלק — מקרוביהם שהיו בארץ.**

**לשם מימון העזרה העברנו מגבית בין יוצאי עירנו — בעיקר בתל־אביב והסביבה — תרומה חד־פעמית בסכום גדול ותרומה חדשית בסכומים קטנים. היוזמים היו המתרימים שביקרו בביתם של יוצאי פולטוסק בישראל, לפי רשימות שנערכו והמתרימים שמשו גם בתור גובים של התרומות החודשיות.**

**משלוחי החבילות נמשכו עד אמצע שנת 1946, כאשר הפליטים חזרו לפולניה. רובם התרכזו אז בשצ'צין וחלקם בלודז'. גם לשם שלחנו כסף לעזרת הנצרכים לפי כתובת אחת.**

**מר יהודה גורמן ששמש כגזבר העמיד לרשותנו את דירתו לפגישות שבועיות של הפעילים, ובמקרה הצורך הלווה לנו כסף, כדי שלא יחול עיכוב במשלוח הסיוע. מר קמינר הווה את הכתובת של הפונים לעזרה והוא גם היה המבצע בפועל של משלוחי החבילות.**

**הנהלת החשבונות ועבודת המזכירות התנהלו על־ידי רפאל וינשטוק.**

**עם עזבם את פולניה ועליתם של פליטי השואה ארצה, המשכנו עוד להגיש עזרה לנצרכים בודדים. בני פולטוסק המעטים שהיו אז בארץ, לא יכלו להגיש עזרה ממשית לכל אלה שבאו בחוסר כל, היות ולא עמדו לרשותם האמצעים הכספיים הדרושים לשם סידור כלכלי של העולים החדשים.**

**אחרי זמן מה התחילו מספר אנשים מבין העולים החדשים — ביניהם הפעיל מאיר ליפסקר ז"ל — לפעול ולהמריץ את הותיקים בארץ להקים קופת גמ"ח לעזור בהלוואות לעולים החדשים למטרת דיור, סידור פרנסה וכד'. שוב התחילו בודדים ללכת**



**היושבים ע"י השולחן — מחברי המועצה וועדת האירגון:** דב זילברמן ז"ל (השני משמאל), מרדכי זילברמן ז"ל (השני מימין) ושיבל"א: יהודה גורמן (הראשון מימין) ויצחק עברי (הראשון משמאל).
**בין העומדים:** יצחק אלתר (במרכז) ואח' (היושב ע"י השולחן באמצע: ר' צבי אהרונוביץ שו"ב ד"ל)

**די זיצנדיקעביים טיש — פון די לאַנד־ראַט און קאָמיטעט חברים:** דב זילבערמאַן ז"ל (צווייטער פון לינקס), מרדכי זילבערמאַן ז"ל (צווייטער פון רעכטס) ושיבל"א: יהודה גורמאַן (ערשטער פון רעכטס) און יצחק עברי (ערשטער פון לינקס).
**צווישן די שטייענדיקע:** יצחק אלתר (אין צענטער) און אַנדערע. (ביים טיש, אינמיטן, זיצט: ר' הערשל שוחט ז"ל).

תל־אביב, 1952

מבית לבית אצל בני עירנו ולהתרימם למטרה הנ"ל, אולם ללא תוצאות ממשיות שתאפשר פתיחת קופת גמ"ח. הפעילות לא נפסקו בכ"ז — ואחרי שהעולים החדשים הסתדרו פחות או יותר התקיים באדר תשי"ב (25.2.1952) כינוס ארצי של יוצאי פולטוסק בישראל ונבחרה מועצה ארצית של הארגון — נציגי ערים, מושבות וקיבוצים מכל אזורי הארץ והוטל עליה לארגן את הכינוס שמטרתו: הנצחת זכרה של הקהילה היהודית בפולטוסק ובניה שנספו — בצורה הולמת:

א. הרשמת פולטוסק בספר הזהב של הקהק"ל;
ב. נטיעת חורשה ביער הקדושים, ע"ש קדושי עירנו;
ג. לאסוף חומר בכתב על תולדות הקהילה מיום הווסדה ועד יום חורבנה ולהעלות על הספר קורותיה, אישיה ומוס־דותיה על כל גווניה וצורותיה וכן רשימת כל הנעדרים;
ד. להתחיל בפעולה מידית לשם ייסוד קופה לעזרה הדדית;
ה. לערוך כרטיסיה של כל הפולטוסקאים בישראל ובתפוצות.

למימוש כל החלטות הנ"ל נבחרו: מזכירות ושתי וועדות מבין חברי המועצה; וועדת ארגון שיעמוד בקשר עם בני עירנו בתפוצות וועדה טכנית.

**ואלה שמות חברי המועצה הארצית שנבחרו בכנס ב־25 לפברואר 1952, אדר תשי"ב:**

אליהו בולמן (השרון), משה סרברו, יהודה־אריה מלניק (מחנה ישראל — רמלה), מרדכי שטרן (פ"ת, יהודיה), מרדכי שצ'ופק (רמת־יצחק), שרגא יסקולקא (בני־ברק), מאיר ליפסקר (גבעת־רמב"ם), פישל בשקר (משמר־העמק), יצחק דון (טבריה), גדליהו טשימוביץ (עכו־נהריה), לנה סנדלר (עפולה), חיים אהרנוביץ, בן־ציון בלום, הניה קינל (חיפה), יוספה קינל (בת־ים), יצחק אלתר, פנינה גולדמן, יהודה גורמן, מרדכי גלבלום, רפאל וינשטוק, דב זילברמן, אנשיל זילברמן, מרדכי זילברמן, גוטה טרוקנהיים, נחמן מאירסדורף, ד"ר ניסניביץ, יצחק עברי, רפאל ורות פייפוביץ, משה קמינר אלתר קמינסקי (ת"א—יפו והסביבה); וועדת הארגון: **יהודה גורמן** (יושב־ראש); המזכירות: **רפאל וינשטוק** (מרכז), **יצחק אלתר ונחמן מאירסדורף**; הוועדה הטכנית: **רפאל ורות פייפוביץ, פ. גולדמן ומרדכי זילברמן.**

אחרי עבודה מאומצת כגון פרסום בעיתונות, רושמים מיוחדים באזכרות השנתיות שמתקיימות כל שנה ב־י' בטבת, הצלחנו לרכז רשימה של חמש מאות משפחות יוצאי פולטוסק בישראל (שהם כאלפיים נפש).

כשהוקם הקשר עם בני עירנו בארה"ב, ארגנטינה וקנדה התחלנו לקבל מהם כספים למטרת ייסוד קופת גמ"ח ויחד עם הכספים שנאספו בארץ הקימונו את הקופה ונעזרו על ידה מאות משפחות.

**והרי דו"ח על פעולות הקופה:**

| בשנת | הוצאו הלוואות | בסכום כולל של |
|---|---|---|
| 1955 | 50 | 6,100 ל"י |
| 1956 | 41 | 5,300 " |
| 1957 | 78 | 15,500 " |
| 1958 | 86 | 18,255 " |
| 1959 | 86 | 19,200 " |
| 1960 | 69 | 16,805 " |
| 1961 | 62 | 16,850 " |
| 1962 | 72 | 23,315 " |
| 1963 | 67 | 25,250 " |
| 1964 | 80 | 32,000 " |
| 1965 | 90 | 32,000 " |
| 1966 | 100 | 45,000 " |
| 1967 | 90 | 44,000 " |
| 1968 | 100 | 47,000 " |
| 1969 | 100 | 48,000 " |

**כמו כן מחלקים מדי שנה לפני חג הפסח עזרה לנזקקים.**




שטעמפל פון פולטוסקער פאַרבאַנד אין ישראל ביי דער „ציוניסטישער פאַראייניקונג" פון די עולי פולניה, תל־אביב (אין די 50ער יאָרן)

**אלה חברי וועד הארגון כיום:**

רפאל וינשטוק, יו"ר; ברוך דירקטור, סגן יו"ר; צבי גולדשטין, מזכיר; משה קמינר, גזבר; יחיאל אובז'נק, יצחק אלתר, אליהו בולמן, שלמה בלנקיטני, מרדכי גלבלום, יעקב נחושתן (קופפערמינץ), משה סרברו, אפרים קופלוביץ, יהודה שטינברג, מרדכי שטרן.

**הוועדה של קופת גמ"ח:**

אפרים קופלוביץ (אגב: מראשוני החלוצים, יוצאי פולטוסק, שהגיע לארץ ב־1921), משה קמינר, ברוך דירקטור ומרדכי גלבלום.

**ספר־זכרון — פולטוסק**

אחרי שנים רבות של התלבטות נגשנו סוף סוף להגשים את חלומנו הישן: להוציא לאור ספר יזכור שינציח את בני עירנו הקדושים שנספו בשואה הנאצית.

ב־1965 כשהוזמן על ידנו עורך לשם כך היה ברשותנו מעט מדי חומר בכדי שיספיק להוציא ספר. אולם עד מהרה השתנה המצב. בעזרת העורך וחברי ועדת הספר התקדם העבודה עד כדי כך שב־1970 היה כבר מודפס למעלה מחצי ספר.

חברי הוועדה, אשר נבחרו לשם כך, נגשו לעבודה קדושה זו בהרבה מסירות.

ואלה שמותיהם: יעקב נחושתן (קופפרמינץ) — יושב ראש; משה סרברו — מזכיר; יחיאל אובז'נק, אליהו בולמן, שלמה בלנקיטני, ברוך דירקטור, משה קמינר, מרדכי שטרן.

כפי שצוין לעיל עשו חברי הוועדה הנ"ל הכול מה שבידם היה לעשות — שהספר יופיע במהרה.

יש לציין כאן במיוחד את העבודה המסורה של החברים יעקב נחושתן (קופפרמינץ) ומשה סרברו, אשר עשו את הכול מה שהיה מוטל עליהם ומסרו את זמנם — למעלה מן המשוער — למען הגשמת המטרה הקדושה הזאת הן באיסוף חומר, תמונות, דוקומנטים שונים וכד' בשביל הספר והן ביצרם קשר אמיץ ובל ינותק עם בני עירנו בתפוצות בנוגע לעניני הופעת הספר.

וועדת הספר יחד עם כל חברי האירגון מביעים בזאת את תודתם העמוקה לכל אלה, אשר נתנו יד להקמת מצבה זו בצורת ספר ויחד עם זה — את הצטערותם על בני עיר אלה, אשר לא נענו בזמן לקריאות־בלי־הרף של הוועדה בנוגע למסי־רת חומר, דוקומנטים שונים, תמונות וכד', בכדי שתמונת חייה וחורבנה של עירנו היהודית תהיה מלאה ויותר מושלמת.

יש, איפוא, לבקש את סליחתם של קוראינו בני העיר, באם יתפגשו בספר עם אי־אלה שגיאות־דפוס של „הבחור הזעצער", אי־דיוקים בתאריכים, שמות אנשים וכד', שלא באף אחד האשמה.

במיוחד התודה והברכה לבני עירנו הפולטוסקאים בארה"ב, ארגנטינה וקנדה על שהגישו לנו את עזרתם ואת תרומתם להקים יד ושם לבני עירנו הקדושים וטהורים שנספו בידי הנאצים הטמאים בכל מיני מיתות משונות, הי"ד.



# אין ישראל

די פולטוסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן ביים סוף פון דעם צווייטן וועלט־קריג.

אין דעם מאָמענט ווען עס זענען דערגאַנגען די ערשטע הילפס־רופן פון דער פולטוסקער שארית הפליטה אין סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן מיר באַשטימט צו דערלאַנגען זיי אונדזער הילף, וועלכע האָט זיך געדאַרפט אויסדריקן דורך שיקן פעקלעך מיט שפייז און אַנדערע לעבנסוויכטיקע געברויך־אַרטיקלען דורך דער יידישער אַגענץ (סוכנות). אַ טייל אַדרעסן פון די נויטבאַדערפטיקע זענען צו אונדז אָנגעקומען דירעקט פון די לאַנדסלייט אין רוסלאַנד און אַ טייל — האָבן מיר באַקומען פון זייערע קרובים אין לאַנד.

כדי דאָס צו רעאַליזירן האָבן מיר דורכגעפירט אַ געלט־זאַמלונג צווישן אונדזערע לאַנדסלייט — בעיקר אין תל־אביב און סביבה — אין דער פאָרעם פון איינמאַליקע גרעסערע שפענדונגען און חודשלעכע אָפּצאָלונגען אין קלענערע געלט־סכומים.

די איניציאַטאָרן פונעם דאָזיקן רעיון זענען גלייכצייטיק געווען די זאַמלערס גופא, וועלכע האָבן באַזוכט די הייזער פון די פולטוסקער לאַנדסלייט, לויט צוגעגרייטע רשימות און האָבן אויך געדינט אַלס די איינמאַנערס פון די חודשלעכע שפענדונגען.

דאָס איבערשיקן פון די פעקלעך האָט זיך געצויגן ביז אין מיטן פון 1946סטן יאָר.

ווען די מלחמה־פליטים האָבן זיך אומגעקערט קיין פוילן, און האָבן זיך צום גרעסטן טייל קאָנצענטרירט אין שטשעטשין און אַ קלענער טייל — אין לאָדזש, האָבן מיר אויך דאָרט געשיקט געלט־סכומים צו הילף די באַדערפטיקע, לויט איין אַדרעס.

דער ה' יהודה גורמאַן, וועלכער האָט דאַן געדינט אַלס

קאַסירער, האָט געשטעלט צו אונדזער רשות זיין דירה פאַר די וועכנטלעכע באַגעגענישן פון די טעטיקע, און ווען ס'איז געווען נייטיק — אונדז אויסגעליען געלט, כדי עס זאָל נישט זיין קיין אָפּהאַלט אין דער צוגעשיקטער הילף.

דער ה' משה קאַמינער איז געווען דער אַדרעס פון די ווענדונגען נאָך הילף און ער איז אויך געווען דער פּאַקטישער באַזאָרגער פון די הילפס־אַרויסשיקונגען.

די בוכהאַלטעריע און די אַרבעטן פונעם סעקרעטאַריאַט האָט געפירט רפאל וויינשטאָק.

מיטן פאַרלאָזן פוילן און מיטן עולה זיין פון דער פּולטוסקער שארית הפליטה אין לאַנד, האָבן מיר ווייטער ממשיך געווען אונדזער הילף פאַר די איינצלנע באַדערפטיקע.

די קליינע צאָל פולטוסקער, וואָס האָבן זיך דאָן געפונען אין לאַנד, זענען נישט געווען אימשטאַנד צו דערלאַנגען ממשותדיקע הילף די נייע עולים, וועלכע זענען געקומען אָן קיין שום מיטלען אין לאַנד, ווייל עס זענען נישט געשטאַנען צו זייער דיספּאָזיציע די נויטיקע געלט־מיטלען צו קענען זיי עקאָנאָמיש איינאָרדענען.

מיט דער צייט איז אַ טייל פולטוסקער פון די נייע עולים — צווישן זיי דער טעטיקער מאיר ליפּסקער ז"ל — געוואָרן אַקטיוו און אָנגעהויבן „אונטערצויאָגן" די „עלטערע" פולטוסקער — אויפצושטעלן אַ גמילת־חסד־קאַסע, כדי אַרויסצוהעלפן מיט הלוואות די נייע־געקומענע זיך איינצואָרדענען מיט אַ דירה, אַ „שטיקל" פּרנסה אאַ"וו.

ווידער האָבן איינצעלנע פולטוסקער אָנגעהויבן צו גיין פון שטוב צו שטוב צו אונדזערע לאַנדסלייט און זיי בייצושטייערן אויף דעם א"ד צוועק, אָבער אָן די געהעריקע רעזולטאַטן, וואָס זאָלן דערמעגלעכן צו גרינדן אַ גמ"ח־קאַסע.

די טעטיקייטן זענען פונדעסטוועגן נישט איבערגעריסן געוואָרן.

נאָך דעם ווי די נייע עולים האָבן זיך מער־ווייניקער איינגעאָרדנט, איז פאַרגעקומען אַ לאַנד־פאַרזאַמלונג פון אַלע פולטוסקער לאַנדסלייט אין ישראל (דאָס איז געווען אין 25־טן פעברואַר 1952, אדר תשי"ב) און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ לאַנד־ראַט פון די פולטוסקער — פאַרשטייער פון שטעט, מושבות און קבוצים, פון אַלע ראַיאָנען אין לאַנד. דער לאַנד־ראַט איז פאַרפליכטעט געוואָרן צו פאַרווירקלעכן די פּראָקלאַמירונג פון דער לאַנד־פאַרזאַמלונג — צו פאַראייביקן דעם זכר פון דער פולטוסקער יידישער קהילה און אירע קדושים אויף די פאָלגנדיקע אופנים:

א. איינשרייבן די פולטוסקער קהילה אינעם גאָלדענעם בוך פון קרן הקיימת;

ב. פלאַנצן אַ וועלדל אין „יער הקדושים" אויפן נאָמען פון די שטאָטישע קדושים;

ג. זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון דער פּולטוסקער יידישער קהילה, פון דעם ערשטן טאָג ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן ביז צו דעם לעצטן טאָג פון איר חורבן און אַרויסגעבן אַ ספר זכרון, וואָס זאָל דערציילן וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, וועגן אירע פערזענלעכקייטן, אינסטיטוציעס אד"ג און אויך צונויפשטעלן אַ רשימה פון אַלע אומגעקומענע;

ד. אָנצוהויבן אַ באַלדיקע אַקציע פאַר שאַפן אַ „קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף" פאַר די לאַנדסלייט;

ה. איינצואָרדענען אַ סטאַבילע קאַרטאָטעקע פון אַלע פּולטוסקער אין ישראל און אין די תפוצות.

כדי צו פאַרווירקלעכן די אַלע א"ד באַשלוסן פון דעם לאַנד־ראַט זענען אויסגעקליבן געוואָרן: אַ סעקרעטאַריאַט און צוויי קאָמיסיעס פון די ראַט־חברים; אַ פאַרבאַנד־קאָמיסיע, וואָס זאָל שטיין אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע בני־עיר אין די תפוצות און אַ טעכנישע קאָמיסיע.

מיר גיבן דאָ איבער די נעמען פון די חברים וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער א"ד לאַנד־פאַרזאַמלונג: אליהו בולמאַן (השרון), משה סרעבראַ, יהודה־אריה מעלניק (מחנה ישראל לוד־רמלה), מרדכי שטערן (פ"ת, יהודיה), מרדכי שטשופּאַק (רמת־יצחק), שרגא יאַסקולקא (בני־ברק), מאיר ליפּסקער (גבעת־רמב"ם), פישל באַשקער (משמר־העמק), יצחק דאַן (טבריה), גדליהו טאַשימאַוויטש (עכו־נהריה), לענאַ סנדלר (עפולה), חיים אַראָנאָוויטש, בן־ציון בלום, העניע קינעל (חיפה), יאַספאַ קינעל (בת־ים), יצחק אלתר, פנינה גאָלדמאַן, יהודה גורמאַן, מרדכי געלבלום, רפאל וויינשטאָק, דב זילבערמאַן, אנשיל זילבערמאַן, מרדכי זילבערמאַן, גוטאַ טראָקנהיים, נחמן מאירסדאָרף, ד"ר ניסניעוויטש, יצחק עברי, רפאל און רות פייפּאָוויטש, משה קאַמינער און אלתר קאַמינסקי (תל־אביב—יפו און סביבה) — ראַט־מיטגלידער;

יהודה גורמאַן (פאָרזיצער), סעקרעטאַריאַט: רפאל וויינשטאָק (קאָנצענטרירער), יצחק אלתר און נחמן מאירסדאָרף — פאַרבאַנד־קאָמיסיע;

רפאל און רות פייפּאָוויטש, פ. גאָלדמאַן און מרדכי זילבערמאַן — טעכנישע קאָמיסיע.

נאָך אַן אינטענסיווער אַרבעט ווי: פאַרעפנטלעכונגען אין דער פרעסע, נעמען־פאַרצייכענונגען אויף די הזכרה־אָוונטן וועלכע קומען פאָר יעדעס יאָר, אין י' בטבת א"א, האָבן מיר מצליח געווען צונויפזאַמלען אַ רשימה פון 500 פולטוסקער משפחות אין ישראל (ביי 2.000 נפשות)



פגישה ידידותית עם בני פולטוסק מחוץ־לארץ
פריינדלעכע באַגעגעניש מיט פולטוסקער פון חוץ־לאַרץ

ס'איז אויך מיט דער צייט איינגעשטעלט געוואָרן ענגערע פאַרבינדונגען מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אַרגענטינע און קאַנאַדע. מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען פון זיי געלטער פאַרן צוועק צו גרינדען אַ גמ"ח־קאַסע, און צוזאַמען מיט דעם געלט וואָס איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אין לאַנד — איז אויפגעשטעלט געוואָרן די גמ"ח־קאַסע, וועלכע האָט געהאָלפן און העלפט ביז היינט צו טאָג, הונדערטער פולטוסקער משפחות.

און אָט איז אַ דין וחשבון פון דער גמ"ח־סטאַטיסטיק:

| אין יאָר | אַרויסגעגעבענע הלוואות | אין אַ סכום פון |
|---|---|---|
| 1955 | 50 | 6,100 פונט |
| 1956 | 41 | 5,300 " |
| 1957 | 78 | 15,500 " |
| 1958 | 86 | 18,255 " |
| 1959 | 86 | 19,200 " |
| 1960 | 69 | 16,805 " |
| 1961 | 62 | 16,850 " |
| 1962 | 72 | 23,315 " |
| 1963 | 67 | 25,250 " |
| 1964 | 80 | 32,000 " |
| 1965 | 90 | 32,000 " |
| 1966 | 100 | 45,000 " |
| 1967 | 90 | 44,000 " |
| 1968 | 100 | 47,000 " |
| 1969 | 100 | 48,000 " |

אזוי אויך פאַרטיילן מיר יאָר איין יאָר אויס אונדזער הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע אויף פסח.

**די מיטגלידער פון דעם פולטוסקער קאָמיטעט אין ישראל היינט צו טאָג:**

רפאל וויינשטאָק (פאָרזיצער), ברוך דירעקטאָר (וויצע־פאָרזיצער), צבי גאָלדשטיין (סעקרעטאַר), משה קאַמינער (קאַסירער), יחיאל אַבאַזשאַנעק, יצחק אלתר, אליהו בולמאַן, שלמה בלענקיטני, מרדכי געלבלום, יעקב נחושתן (קופּפער־מינץ), משה סרעברא, אפרים קאַפּלאַוויטש, יהודה שטיינבערג, מרדכי שטערן.

די חברים פון דער גמ"ח־קאָמיסיע: אפרים קאַפּלאַוויטש (אגב: פון די ערשטע פולטוסקער חלוצים אין א"י, אָנגעקומען אין לאַנד אין יאָר 1921), משה קאַמינער, ברוך דירעקטאָר און מרדכי געלבלום.

**דער פולטוסקער ספר הזכרון:**

נאָך מי און מאַטערניש פון אַ סך יאָרן זענען מיר סוף־סוף צוגעטרעטן צו פאַרווירקלעכן אונדזער אַלטן חלום וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך צום אָנדענק פון אונדזערע קדושים. אין יאָר 1965, ווען מיר האָבן איינגעלאַדנט אַ רעדאַקטאָר צו דעם צוועק, איז נאָך אין אונדזער באַזיץ געווען גאָר ווייניק מאַטעריאַל פון דער שטאָט, וואָס זאָל קאָנען קלעקן פאַר אַ יזכור־אויסגאַבע. אָבער גאָר גיך האָט זיך דאָס בילד געענדערט. מיט דער הילף פון דעם רעדאַקטאָר און די חברים פון דער בוך־קאָמיסיע, איז די אַרבעט פאָרויסגעגאַנגען מיט אַזאַ טעמפּאָ, אַז אין תחילת יאָר 1970 איז שוין געווען אָפּגעדרוקט מער ווי אַ העלפט פונעם בוך.

# תוספות - צוגאבן

למדור: „הלוחמים והנופלים"
עמ' 514—508

## יחזקאל וונגר



בגלות פולין נולד יחזקאל, בכ"ט בסיון תרפ"ט (6.7.1929), להוריו נדזיה (לבית איזנברג) מ־פולטוסק ומרדכי וונגר (מוישקוב), בן למשפחה ציונית אשר בשנת 1933 עולה ארצה עם בנם יחידם בן הארבע. יחזקאל גדל בארץ ללא מורא הגוי, חפשי מתסביכים, זקוף גב ונפש. הוא לומד בבית הספר „בלפור" בתל־אביב ומש־תייך לעדת־הצופים, אולם עד מהרה עוזב הוא אותם — לבו, לב נער עברי חם ורגיש אינו מוצא לו מקום בעדה זו.

מלחמת העולם, נדודי המעפילים, אסון „סטרומה", זוועת הגולה — מזעזעות את נפשו. אין הוא מוצא לו מנוח. הוא עתה תלמיד בבית הספר התיכוני „גאולה", נותן בטוי לרגשותיו בחבורים אשר תכנם הוא למורת רוח מוריו. יחזקאל עקשן, יודע דרכו מה היא, מחפש ומוצא את הקשר לאצ"ל והוא עדיין נער, בן 14.

ראשית צעדיו בחת"ם — תעמולה. מפיץ הוא את דבר הארגון ברבים. ביום מוכר עתוני „חרות" מחתים ומתרים מנויים לפרסומי האצ"ל, ובלילות מדביק עלונים על קירות הבתים, למען יקראום למחרת תושבי תל אביב. בשבתות וחגים הולך הוא להפיץ כרוזים בבתי־כנסת, אין הוא חושש להתגלות, בכל מקום פומבי. וכאשר החל הארגון משתמש ב„פצצות כרוזים" היו הוא וחברו אברהם כנעני — אשר נפל בעת כיבוש יפו — הראשונים אשר הפעילום.

בעודו בחת"ם כבר נבחר למלא תפקידי ח"ק. אחר החרמת הנשק ממחנה ראש־העין השתתף יחזקאל בהעברתו לתל־אביב ובהתקפה על מחנה הצבא הבריטי במגרשי התערוכה בתל־אביב, היה בין ה„סבלים" אשר נועדו להכנס ולהוציא את הנשק מן המחסן.

לא עבר זמן רב ויחזקאל הוא איש ח"ק תל־אביב. פעולתו הראשונה בהתקפה על מחנה הצבא בסרפנד, עת נכנס עם חבריו, לבושים במדי הדיויזיה הששית המוטסת, להחרים נשק ותחמושת ולפוצץ את הנותר.

עבודתו הרבה ומסירותו מונעים ממנו לעתים לחזור בלילות הביתה, ואף מלמודיו החסיר לא פעם, אך תלמיד שקדן הוא ולומד טוב. אולם בפני הוריו אינו יכול לשמור סודו ועד מהרה נאלץ לעמוד בהפצרותיהם לעזוב את העבודה בארגון. אבל יחזקאל מתמיד ולאמו עונה: „מדוע לא ילדת חמשה בנים אין זו אשמתי כי בן יח׳יד אני. העם זקוק גם לבנים יחידים שידאגו לו".

אחר שדולים רבים מביע הוא את נכונותו לנסוע לאנגליה ללמ׳ד רפואה, הוריו מטפלים בסדור הניירות הדרושים. יחזקאל אינו ממריץ אותם, יש לו זמן. עוד עבודה רבה לפניו בארץ. הוא נתון כולו ורובו לפעילות הארגון. תעמולה וקרב, מחסנאות ורכישה — כל המוטל מקבל הוא בצייתנות האופינית לו ובעקשנות־הרצון למלא, גם אם אין התפקיד לפי רוחו. ואף אם זו פעולת החרמה כספית אשר אינה לו לרצון — הולך הוא לבצעה, כי צוו וצורך הארגון הוא. הולך עם חבריו להחרים כסף מבנק עותומן אשר ביפו הערבית. בצאתם מתנפלים עליהם ערבים. היחידה מתפזרת. חלק נאסר. יחזקאל מתחמק, אולם נופל שוב לידי ערבים הרוגמים באבנים ודוקרים אותו בפגיונותיהם. הוא מצליח להמלט מידיהם ומגיע לביתו בתל־אביב. אחות ורופא הארגון נזעקים מיד לעזרתו. הטפול נותן אותותיו. בימים הראשונים נכרת הטבה, אולם ביום השלישי מועבר הוא לבית החולים „אסותא". וכאן, חצי שעה אחר בואו, מקבל הוא שטף דם המקפח את פתיל חייו.

והוא עודנו בפריחתו, נער בן 17.

ת. נ. צ. ב. ה.

צו דער רובריק: „געשטאַלטן פון למדנים און גאָטספּורכטיקע יידן"
ז' 57—44

משה סרעברא

# ר' יענקל גאָלדשטיין

דאָס שיינדל פון ראַדזימינער שטיבל אין פּולטוסק.

זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט צווישן די ווענט פון ראַדזי־מינער רבינס ישיבה. אַלס בן־תורה און מתמיד און מיט אַ פיינעם כאַראַקטער, האָט דער גבאי פון ראַדזימינער שטיבל, מענדל פּאַס, זוכה בגורל געווען אַריינצונעמען אים, יענקלען, אַלס אַן איידעם פאַר זיין שיינער גראַטענער טאָכטער, פייגע־לאה, וועלכע האָט אים געבוירן 14 קינדער: 7 זין און 7 טעכטער (אויב איך בין זיך נישט טועה, איז ר' יענקל גאָלד־שטיינס פאַמיליע געווען די גרעסטע אין שטאָט).

זיין שווער, מענדל פּאַס, איז געווען אַ שניידער — פון די אַמאָליקע שניידערס, און אַן אָפּגעהיטענער פרומער ייד, חוץ ראַדזימינער חסיד און גבאי פון שטיבל ווי ס'איז שוין א"ד.

ווען ר' יענקל דער תלמיד־חכם האָט כאַרענדיקט די „קעסט" ביי זיין שווער, האָט ער זיך געלערנט ווערן אַ צו־שניידער, צוגעהאָלפן דעם שווער אין זיין שניידערישער אַר־בעט, געשטאַנען אין געשעפט פאַר פאַרטיקע מלבושים ביים פאַרקויפן, אָבער שטענדיק איז געלעגן אויפן טאָמבאַנק אַן אָפן ספר, אין וועלכן ער פלעגט מעיין זיין ביי יעדער פרייער צייט.

ער איז געווען דער לאַנגיעריקער בעל־תפילה, בעל־קורא און דער ימים־נוראימדיקער בעל־שחרית אינעם ראַדזימינער שטיבל. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט די שלוש־סעודותן און געווען דער צענטראַלער נערוו פון די ראַדזימינער חסידים.

ער איז געווען אַ אוהב־ישראל און אַלע האָבן אים ליב געהאַט. נישט בלויז אין די ד' אמות פונעם שטיבל — נאָר אויך אין דער גאַנצער שטאָט איז ער באַקאַנט געווען מיט זיין פשטות און ערלעכקייט. זיינס אַ וואָרט איז געווען ווי מען זאָגט: קודש־קדשים. געווען אַ נוח לבריות, אַ גוטער בעל־יועץ. כאָטש אַן ערנסטער, איז שטענדיק געווען צו גע־פינען אַ שמייכל אויף זיין פנים, וואָס איז געווען איינגעראַמט אין אַ פעך־שוואַרץ בערדל און פון די לענגלעכע ברילן־שייבלעך האָבן אַרויסגעקוקט קוילן־שוואַרצע קלוגע אויגן וואָס האָבן געגלעט מיט צאַרטער ווייכקייט.

ער האָט פיינט געהאַט געזעלשאַפטלעכע „טועכצן", נישט געוואָלט אין ערגעץ קאַנדידאַטירן; נישט אין אַ וועלכער עס איז אינסטיטוציע, פּאַרטיי אָדער זיך סתם אַזוי צו קהלן. במקום צו ווערן אַ „מישער" אין שטאָטישע געשעפטן, איז ער זיך געגאַנגען זיין שטילן בנעימותדיקן גאַנג. אין די אוונטן פלעגט ער — סיי זומער סיי ווינטער — פאַרברענגען אין ראַדזימינער שטיבל ביי ספרי־קודש און אויך עטלעכע מאָל אין דער וואָך — אָפּגעבן אַ שיעור אין „תלמוד" ביי דער רעליגיעזער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „פּועלי־אגודת־ישראל". ער איז געווען אַ גוטער בעל־מסביר. זיינע שיעורים זענען געווען פשוט און פאַרשטענדלעך, אָן דריידעלעך און פּאַר־קרימענישן.

די חברים פון פּאג"י פלעגן אים אומגעדולדיק אָפּוואַרטן, ווען ער האָט באַדאַרפט קומען אָפּגעבן אַ שיעור. אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שיעורים־אָפּגעבערס ווי, למשל, ר' יעקב אריה מעלניק, ר' משה־יוסף געלבאַרד דער מנקר א"א, איז ר' יענקל גאָלדשטיין געווען מער צום האַרצן און צוגעלאָזענער. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי מקרב צו זיין יינגערע פון אים, זיי צוצובינדן, געווינען זייער טרייהאַפט און מסירות וואָס איז ממש געווען אָן אַ גרענעץ.

אין אָנהויב פון די 30ער יאָרן, ווען ס'זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער פּולטוסקער קהילה, האָט די „פּועלי־אגודת־ישראל" (אַ גרופּע פון קרוב 3 מנינים מענטשן) זיך פאַרמאָסטן אַרויסצושטעלן אַן אייגענע ליסטע. נאָך פיל פיל בקשות און אינטערווענצן האָט מען קוים געפּועלט ביי יענקל גאָלד־שטיין, ער זאָל זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון דער פּאג"י־ליסטע. דער רעזולטאַט איז דאַן געווען אַן איבערראַשנדיקער; פּאג"י האָט באַקומען 2 דאַזוערס: דער ערשטער (פאַר יעקב־אריה מעלניק) איז געווען יענקל גאָלדשטיין. אַ באַוויז ווי באַליבט ער איז געווען אין שטאָט און אַז דער אומפּאַרטיי־געזעצלעכער זיג פון פּאג"י איז בלי שום ספק געווען צו פאַר־שרייבן אויף זיין, גאָלדשטיינס, חשבון.

אַ פאַרביטערונג האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין געמיט און אים אַרויסגעפירט פון זיין שלווה האָט דער פאַקט, ווען איינע פון זיינע טעכטער איז אַריינגעטרעטן אין „השומר־הצעיר", געפאָרן אויף „הכשרה" און זיך געגרייט עולה צו זיין אין א"י, וועלכע האָט, אגב, געעפנט דעם וועג פאַר אַ סך אַנדערע „הכשרה"־מיידלעך.

עס איז פאַר אים געווען אַ נשמהדיקער קלאַפּ.

ווען זי איז געפאָרן, האָט ער זיך מיט איר נישט געוואָלט געזעגענען. ער האָט זיך — דערציילט מען — אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער מזרח־וואַנט, אויפגעהויבן די הענט און

פאַרשטעלט מיט זיי דאָס געזיכט. „איך האָב פ אַ ר ל אָ ר ן אַ טאָכטער!" — האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ ציטערדיקער שטים...

ווען מען האָט דעמאָלט געקאָנט אײַנפאַלן, אַז אין אַ 8—9 יאָר אַרום וועט אויפשטיין אַ נאַצישע חיה און פאַרצוקן 6 מיליאָן יידן און צווישן זיי — ר' יענקל גאָלדשטיין מיט זײַן פאַמיליע, פון וועלכער עס זענען בלויז געבליבן 2 טעכטער מיט 1 זון, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זענען אין דער אומקום־צײַט געווען אין ארץ־ישראל.

אגב איז כדאי צו באַמערקן, אַז ר' יענקל גאָלדשטיין איז דער זיידע פונעם יינגן פיל צוזאָגנדיקן שרײַבער און דיכטער שמאי גולן (גאָלדשטיין), וועלכער וווינט אין ירושלים און האָט שוין באַקומען 2 פרעמיעס פאַר זײַנע דערשינענע ביכער *.

כבוד דעם אָנדענק פון יעקב גאָלדשטיין און זײַן משפחה. הי"ד.

* זע: „נע ונד", ש. גולן, ז' 414—410.

# הרב מאיר־וועלוול ניעסטענפאָווער

יידל ניעסטענפאָווער, דער בעל־עגלה, אָדער ווי מ'האָט אים אין שטאָט גערופן: יידל פניעוואַק (וואַרשיינלעך צוליב דעם וואָס ער האָט געשטאַמט פונעם דאָרף פניעוואַ; נישט ווײַט פון פולטוסק) — איז געווען אַ הויכער מיט אַ רויטלעך צעשעקעט און אָפּגעברענט פנים פון דער זון און פון די ווינטן וועלכע האָבן געריסן אויף די „נאַקעטע" וועגן און מיט אַ ברוין־שאַטינער צוגעשוירענער באָרד. יידיש געקליידעט, אָפּגעהיט דאָס דאַווענען, די „ברכה" איבער יעדן עסן, דעם „בענטשן" און ווען ס'איז אים נאָר געבליבן אַ ביסל צײַט — אויך אַרײַנגעכאַפּט אַ קאַפּיטל תהילים.

אָבער זעלטן ווען האָט ער געהאַט פרײַע צײַט. תמיד זיך געפּאָרעט אַרום דעם פערד־און־וואָגן; די שטענדיקע נסיעות, די אייביקע השגחה איבערן פערד, זײַן איינציקן פרנסה־געבער — האָט אים צוגענומען זײַן גאַנצע צײַט. דעריבער איז גאָר קיין חידוש נישט, וואָס שטענדיק איז ער געווען „טויט־מיד" און אויסגעהונגערט נאָך אַ ביסל שלאָף.

אין שטאָט האָט מען אַפילו דערציילט אַ פאַל, ווי איינמאָל ביים אָפּריכטן דעם „סדר", האָט ער אַרײַנגעכאַפּט אַ דרימל — ס'האָט זיך אים מסתמא געמוזט חלומען ווי ער זיצט אויף דער קעלניע און טרײַבט אָן מיט דעם פערד — האָט ער במקום די לייטשעס אָנגעכאַפּט דעם עק פון טישטעך און — — די כלים פון טיש צוזאַמען מיט די כוסות און ווײַן־„קאַראָפקע" האָבן זיך צעבראַזגעט אַראָפּפאַלנדיק אויפן הילצערנעם דיל...

זײַן פרוי חוה, אָדער ווי מ'האָט זי אין שטאָט גערופן: „די פּאַפּיעראָשניצקע", איז געווען אַ העלהויטיקע מיט איידעלע געזיכט־שטריכן. פרום, אָנשטענדיק און באַשיידן, אַרויסרופנדיק צו זיך כבוד. „פּאַפּיעראָשניצקע" האָט מען זי גערופן דערפאַר, וואָס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'האָט יעדן איינעם „אויסגעפעלט אַ טאָג צו דער וואָך", האָט זי צוגעהאָלפן אין דער פרנסה מיט... אויסשטאָפּן פון געשיטן טאַבאַק פּאַפּיעראָסן און זיי פאַרקויפט פאַר אַ ביליקן פרײַז, קאָנקערירנדיק, אַזוי צו זאָגן, מיטן טאַבאַק־מאָנאָפּאָל...

מאיר וועלוול — איז געווען דער נאָמען פון זייער זונעלע דעם בכור. אַ בלאַס יינגעלע מיט בלאָנדע האָר, אַ פאַרחלומטער און נישט קיין ווילדער, אַרויסגעוויזן סימנים אַז ער וואַקסט אַנדערש ווי אַנדערע יינגלעך אין זײַן עלטער. האָבן אים טאַקע די עלטערן זייער רעספּעקטירט, נישט אויסניצנדיק אים צו קיין שום אַנדערע זאַכן, נאָר אים געלאָזט לערנען, גלייבנדיק אַז עס וועט פון אים עפּעס אַרויסוואַקסן.

דער קליינער וועלוול האָט זיי טאַקע נישט אַנטוישט. ער איז געווען אַ מתמיד. געהאַט אַ שטאַרקן ווילן מיט אַ שאַרפן קאָפּ. ער איז געווען ווי אַ „מעיין המתגבר" און מיט דער צײַט האָט ער מיט זײַן תורה־קענטשאַפט איבערגעוואַקסן משכמו ומעלה אַלע פולטוסקער ישיבה־און שטיבל־בחורים (אין כלל „אַלע" איז נאָר איינער נישט אַרײַן: ר' דודל גרינשפּאַן *, דער זון פון חיים־זעליג דעם שניידער, וועלכן מ'האָט אים אין שטאָט גערופן „דאָס חסידל", ווײַל ר' דודל האָט זיך דערצויגן אין דער לאָמזשער ישיבה און דאָרט אויסגעוואַקסן אַלס איינער פון די ישיבה־רעפּרעזענטאַנטן, מיט וועלכן דער ראש־ישיבה, הרב גאָרדאָן ז"ל, האָט זיך ממש געצאַצקעט).

מאיר־וועלוול האָט אויך „אַרײַנגעקוקט" אין די ספרים חיצוניים, ד"ה, אין די „טריף־פּסולע" ביכער. ס'איז געווען די צײַט פון „נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע". די השכלה איז געגאַנגען מיט פאָרויסדיקע טריט. „פרײַע" ווינטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין די סאַמע פרומסטע מקומות. די חברים פון מאיר־וועלוולען, וועלכע זענען געוואָרן „געכאַפּט אין דער

* זע: ר' דוד גרינשפּאַן פון ירחמיאל גרינשפּאַן, ז' 57.

מעשה" האָבן אים, וועלוולען, אונטערגערוקט ביכלעך פון דער דעמאָלטדיקער השכלה־ליטעראַטור, וועלכע האָבן בשעתם פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון יעדן יידישלעכן יונגן בחור...

וואָס אָן אמת האָט דער קאַמף פון „יצר טוב" מיט דער „סטרא־אחרא" אויך מאיר־וועלוולען נישט אויסגעמיטן. אַ קורצע צייט נאָך האָבן געקעמפּט אין אים די צוויי מאיר וועלוולס: דער תורה־לערנער און דער השכלהניק, ביז ער האָט זיך מתגבר געווען. מיט איינמאָל האָט ער אָפּגעהאַקט און מער נישט געוואָלט נעמען אַ „טריף־פסול" אין די הענט אַריין. מאיר־וועלוול איז בשלום צו זיך געקומען... און מיט נאָך מער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אינעם ים־התלמוד און מפרשי־התורה. צו 19 יאָר האָט ער באַקומען היתר־הוראה און פאַרעפנטלעכט מאמרים אין די אויסגאַבן פון די שומרי תורה ומצוות. געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין די אָרטאָדאָקסישע יוגנט־בלעטער ווי: „טאָג־בלאַט", „בית־יעקעב זשורנאַל" א"א, מיט דער טענדענץ צו פאַרשטאַרקן דעם יהדות־וועג צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט און זיי פאַרפּאַנצערן קעגן דעם כפירה־שטראָם, וועלכער האָט דאַן געבושעוועט אויף דער יידישער גאַס.

דער פּולטוסקער עילוי, מאיר־וועלוול, האָט געהאַט גרויס אָנזען, סיי אין שטאָט סיי אויסער־איר. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ תורה־אויטאָריטעט און זיך מיט אים געגרויסט. אַלס בעל־משפחה — כדי צו ציען פרנסה — איז ער געוואָרן איינער פון די בעסטע אינסטרוקטאָרן ביי דער „אגודת־ישראל"; אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, געגרינדעט אָפּ־טיילונגען פון אגו"י און צעירי־אגודת־ישראל און אין די מקומות, ווו עס האָבן שוין אַזעלכע עקזיסטירט — האָט ער מיט זיין פלאַמיקן וואָרט נאָך מער געשטאַרקט זייער עקזיס־טענץ און ווערבירט נייע מיטגלידער.

מאיר־וועלוול ניעסטענפּאָווער איז געווען פון מיטעלן וווקס מיט אַ גרויסן שטערן און אַ בלאַס פּנים. ער האָט אויסגעזען אַסעקטיש. זיינע אויגן זענען געווען אַ ביסל אַרויס־געזעצט און זיינע קין־ביינער האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט. זיין שמאָלע גאָמבע מיטן שיטער בלאָנד בערדל און אונטער־די־אויערן־אַרונטערגעשאַרטע פאות — האָבן אים געמאַכט פאַר נאָך מער אויסגעצערטער.

אין דער 2טער העלפט פון די 30ער יאָרן איז ער אויפ־גענומען געוואָרן אַלס מרא־דאתרא אין סאַנאָק. ער האָט זיך אויך פאַרנומען אַרויסצוגעבן אַ ספר א"נ „דור ודור ודורשיו" ווי אַ המשך פון דעם ספר (מיטן זעלבן נאָמען), וואָס האָט אַרויסגעגעבן דער באַקאַנטער סעראָצקער רב, הרב הגאון ר' יוסף לעווענשטיין, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1924. זיין מוח איז געווען פאַרנומען מיט אַ סך פּלענער, וועלכע ער וואָלט זיי זיכער פאַרווירקלעכט, זייענדיק נאָך אַ יינגער מענטש ביי די עטלעכע דרייסיקער יאָרן. די 2טע וועלט־מלחמה האָט אָבער איבערגעשניטן אַלע זיינע רעיונות און פּלענער און ער מיט זיין פאַמיליע האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל פון די 6 מיליאָן קדושים וטהורים, הי"ד.

צו דער רובריק: „טיפּן פון חסידים, תורה־לערנער, כלי־קודש, פּאַרטיי־לייט און כלל־טוער" ז' 313

# אברהם־משה בלום

באַקאַנט אין שטאָט אַלס בעל־הבית פון אַ שיין געמויערט הויז, לאַנגיעריקער דאַזער אין דער יידישער קהילה און לאַווניק אין שטאָטישן מאַגיסטראַט.

ער איז געווען פון די ראשי־המדברים אין גערער שטיבל, אַ ייד, אַ תקיף מיט וועמען מ'האָט זיך גערעכנט, סיי אויף דער יידישער גאַס און סיי אין די שטאָטישע אַמטן.

ער איז געווען אַ הויך־געוויקסיקער און אַ בעל־כוח. אין גערער שטיבל, ווי שוין דערמאָנט, געהאַט די „ברייטע דעה". געווען אַ מין משגיח איבער די שטיבל־בחורים, זיי בודק געווען ווי עס האַלט מיט זייער יידישקייט; נאָכגעקוקט, למשל, צי זיי פאַרקלענערן נישט די פאות וכדומה. האָט ווער פון זיי געפרווט אַרויפשאַרן די האָר, אַזוי האָט ער בפני כל עם ועדה אַראָפּגעכאַפּט יענעמס היטל, אָנגעמאַכט אַ רעש, אַז דעם און דעמס זון האָט זיך פאַרלאָזט אַ פערדישע „גזשיווע", טראָגן דעם וואָס ס'האָט זיך נישט אָנגעהויבן און נישט אויס־געלאָזט. ווען אַ שטיבל־בחור האָט בלויז געפּרווט אָנטאָן אַ פאַרלאַגע מיט אַ קעלנערל, אַזוי איז געווען „הימל עפן זיך". אַזאַ אַ בחור פלעגט ער, בכבודו ובעצמו, אָנגעמען מיט זיינע פעסטע הענט „פאַרן קאַרק" און אים אַרויסוואַרפן פון שטיבל, אַז ער האָט עס געהאַט צו פילן אַ לאַנגע צייט. ער איז געווען ווי אַ מין שומר איבער דעם חסידות פון שטיבל און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל זיך דאָ, חלילה, נישט אַריינכאַפּן עפּעס פון די „אַפּיקורסישע ווינטן", וואָס די השכלה, רחמנא ליצלן, האָט דאַן אָנגעיאָגט אין די סאַמע פרומסטע יידישע מקומות...

וועגן זיין למדנות איז שווער געווען צו זאָגן, ווייל קיינמאָל האָט מען אים נישט געטראָפן זיצן ביי אַ בלאַט גמרא אָדער מעיין זיין אין אַ ספר אַזוי ווי אַנדערע חסידים, למשל: משה יוקלס, שמעון ווענגראָווער, מאיר ענגלראד, שילעם פרידמאַן, שלום־הערש לינדענבערג, גדליה פערלבערג, יצחק־נחום גאָרפינקל, שמואל רינג און נאָך צענדליקער אַנדערע — געזעסן אַרום די טישן, בין מנחה למעריב, און געשמאַק געלערנט.

דערפאַר האָט ער באַהערשט די פוילישע שפּראַך, אין וואָרט און שריפט, און איז געווען דער פאָרשטייער פון „אגודת־ישראל" אין אַלע אינסטאַנצן.

עטלעכע יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג איז ער פּאַראַליזירט געוואָרן אויף אַ פוס. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און מ'האָט די פולטוסקער יידן אַרויסגעטריבן האָט ער זיך דערשלעפּט ביז אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. דאָרט האָט ער צופעליק געטראָפן זיינע טעכטער. זיי זענען זיך געפאַלן אויף די העלדזער און פון גרויס פרייד האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ האַרצרייסנדיקן געוויין. דאָס איז נישט געפעלן געוואָרן דעם געסטאַפּאָוויעץ, וועלכער האָט דאָס אָבסערווירט. ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און זיי דערשאָסן אויפן אָרט.

כבוד זייער אָנדענק והי"ד.

# יאסל בלומשטיין

יוסף בלומשטיין, אָדער ווי מ'האָט אים אין שטאָט גערופן: „דער בלינדער יאָסל", איז געווען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער ייד. נאָך אין 1917טן יאָר איז ער געווען פון די „מזרחי"־גרינדער. יאָרן־לאַנג איז ער געווען פאָרזיצער פון „זאַזשאַנד" אין דער „צווייטער שפּאָר־און לייַ־קאַסע" אין פולטוסק. געווען אויך פּרעזעס פון האַנדווערקער־פאַראיין (ער גופא איז אויך געווען אַ בעל־מלאכה, אַ פאַרבער). ער האָט ליב געהאַט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אומעטום מיטגעאַרבעט ערלעך און געוויסנהאַפט, אָן שום טובת־הנאה. ביי אַלע שטאָטישע אָדער ציוניסטישע אַקציעס זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט.

אין 1904, ווען ער איז אַלט געווען 20 יאָר, האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון טרינקען זיך — יחזקאל (באַקס) גראָדקאָס אַ טעכטערל. דערפאַר האָט ער — דערציילט מען — באַקומען אַזש פון פעטערבורג אַ מעדאַל אַלס אויסצייכענונג.

אין דער 2טער וועלט־מלחמה איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן, ווי פיל פולטוסקער, אין רוסלאַנד. אין 47—46טן יאָר, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן און דערנאָך — קיין א"י, האָט זיך ביי אים אָפּגערופן דער אַלטער דראַנג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ער האָט מיטגעאַרבעט אין „ארגון יוצאי פולטוסק" אַלס חבר אין קאָמיטעט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

געשטאָרבן און באַערדיקט געוואָרן אין ישראל (אין רעננה).

יהי זכרו ברוך.

# שמואל ישמח*

אַ נאָמען, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען אין שטאָט און האָט זיך געלאָזט הערן ביי יעדער געזעלשאַפטלעכער אַקציע — אַ ציוניסטישע צי סתם אַ קהלישע; אַ נאָמען, וואָס האָט אַרויסגערופן כבוד און יידישן שטאָלץ.

שמואל ישמח איז געווען אַ שטאָלצער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער ייד, אַ „מזרחיסט", אַ פאַרביסענער קעמפער, אַ קנאי פאַר זיינע אידעען און פאסטאלאטן. ער האָט געהאַט אַ קלאָרן שאַרפן חתוך־הדיבור. יעדעס וואָרט איז אַרויס פון זיין מויל גלאַט און געשליפן.

ער איז געווען פון מיטעלן וווקס מיט אַן אָדלער־שאַרפן בליק, געהאַט אַ ברייטע געהויקערטע נאָז. דאָס געלע בערדל איז ביי אים נישט געוואַקסן אויף אַראָפּ, נאָר עס האָט זיך פון אונטער דער גאָמבע געשטופּט פאָרויס ווי אויף צו להכעיס. ווען ער האָט גערעדט — פּריוואַט אָדער פאַר אַן עולם — האָט זיך געדאַכט ווי דאָס בערדל העלפט צו דאָס מויל רעדן. זיינע אַרויסגעשטאַרטע באַקן־ביינער — זענען געווען עדות פון זיין פאַרביסענער עקשנות.

אין די רעליגיעזע חרדישע קרייזן האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ „מסית־ומדיח", ווייל ער האָט זיך מיט כח אַריינגעריסן צו די שטיבל־בחורים און צו די ישיבה־לייט; פאַרבונדן מיט זיי שמועסן — ביחידות אָדער בחברותא — און זיי אויפגעקלערט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. געשמועסט מיט זיי שעהענווייז ביז ער האָט געווירקט. פייערדיקע רייד האָבן זיך געשאָטן פון זיין מויל. אַ גרויסער טייל פון זיי, די בחורים,

* זע: „שמואל ישמח", חיים אהרנוביץ, „פרקי ילדות", עמ' 255; ר. מ. שאַך, ז' 317—316.

האָבן טאַקע פאַרלאָזט די שטיבל־און בית המדרש־בענק. דאָס אָבער איז שוין נישט געווען זיין „שולד", וואָס זיי, די בחורים, זענען נישט פאַרבליבן אין די רייען פון „מזרחי", נאָר זענען שוין אַוועק ווייטער — צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אָרגאַניזאַציאָנעל, קאָן מען זאָגן, איז ער געווען אַ בונה אָבער צוגלייכער צייט אויך אַ מחריב, ד. ה. אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אָבער אַ סך מאָל — אויך אַ צעשטערער פון דעם וואָס ער האָט אַליין געהאָלפן שאַפן, אויב עס איז נישט „געגאַנגען" לויט זיין רצון און אָנגעצייכנטער ליניע...

אַזוי איז ער אַלעמאָל געשטאַנען מיט איין פוס אין מזרחי, און מיטן צווייטן — אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָדער גאָר רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע...

שמואל ישמח האָט געגעבן אַ גרויסן ביישטייער פאַר דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג ביי דער יידישער רעליגיעזער יוגנט אין אונדזער שטאָט, אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען אַ יודע־ספר און פאַרמאָגט אַ מעכטיקע איבערצייגונגס־קראַפט.

כבוד זיין אָנדענק און דעם אָנדענק פון זיין אומגעקומענער משפחה. הי"ד.

## איטשע מאיר פיעקאַזש

זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיין פאַך: אַ בעקער (אין פויליש: פיעקאַזש). אַ נידעריקער מיט אַ געדיכטער באָרד, גרויסע ברעמען און אַ פאַרפלאַמט פנים, קענטיק, פון שטיין יאָרן־לאַנג ביים אויסגעהייצטן ברענענדיקן אויוון. אין זיין בעקעריי האָט מען יאָר־יערלעך געבאַקן מצה־שמורה.

ער איז געווען אַ הייסער סאָקאָלאָווער חסיד. ווען דער אדמו"ר פון סאָקאָלאָוו * פלעגט אַראָפּקומען קיין פּולטוסק, פלעגט ער איינשטיין ביי איטשע־מאיר פיעקאַזש.

איטשע־מאיר איז געווען דער איינציקער, קאָן מען זאָגן, אין שטאָט, וועלכער פלעגט זיך טובלען אין דער מקווה ביי דער הייסעסטער טעמפּעראַטור, ווען דאָס וואַסער איז געווען אַזוי ווי אויפגעקאָכט... מיט די טרעפּ האָט ער זיך נישט געקאָנט אַראָפּלאָזן, ווייל יעדער אַנריר מיטן פוס אין וואַסער האָט געשניטן ווי מיט אָנגעגליטע מעסערס. ער פלעגט זיך אַראָפּלאָזן מיט איין „זעץ" אין ווינקל ביי צוויי ווענטלעך און אין אויגן־בליק זיך צוריק אַרויפכאַפּן. דאַן האָט ער אויסגעזען גאָר נישט ווי קיין מענטש נאָר ווי אַ שטיק רויטער פלאַקער.

אַזוי פלעגט ער זיך אויך נוהג זיין אום־ווינטער, ווען ער פלעגט זיך טובלען אין פאַרפרוירענעם טייך. אַ מאַך מיטן אויג — אַ טונק אַפּ זיך אינעם שניידיק־קאַלטן וואַסער, ווו דאָס אייז איז געווען אויסגעהאַקט, בליץ־שנעל זיך אַריינגעכאַפּט אינעם פעלצענעם פוטער און אַרויף צו זיך אין שטוב...

ווען מ'האָט אַרויסגעטריבן די פּולטוסקער יידן, איז ער דערגאַנגען ביז צום דאָרף ווילקאַ־לובעצקאַ. דאָרט האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה. פּולטוסקער יידן האָבן נאָך באַוויזן אויסצוגראָבן מיט די הענט אַ פלאַכן גרוב, אים דאָרט באַהאַלטן און אָנגעהויבן אים צודעקן מיט דער אויסגעגראָבענער ערד. נאָר איידער מ'האָט פאַרענדיקט דאָס צודעקן, איז אָנגעלאָפן די געסטאַפּאָ און אָנגעהויבן שלאָגן די יידן מיט שטעקנס, וועלכע זענען זיך צעלאָפן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

אַזוי איז איטשע־מאיר געבליבן אין דעם פרישן קבר מיט אָפּגעדעקטע איברים, הי"ד.

* ר' יצחק־זעליג מאָרגנשטערן זצ"ל, וועלכער האָט געירשנט די בליציקע שאַרפקייט און דעם צדיקישן פלאַם פון זיין רבין, ר' מענדעלע קאָצקער.

## ברוך־מענדל פראַגער

אַ מיטלוויקסיקער מיט אַ לאַנגער באָרד. גרויסע ברעמען. אַ געקנייטשטן שטערן. אַזוי איז ער טאָג־טעגלעך געזעסן ביים לאַנגן הילצערנעם טיש אין ראַדזימינער שטיבל און געלערנט מיט אַ ספּעציפישן ניגון (יעדער לערנער פלעגט זיך אונטערברומען ביים לערנען זיינס אַן אייגן־צוגעקליבענעם ניגון...). נעבן דער אָפענער גמרא, אויפן טיש, איז געווען אויסגעשפּרייט זיין רויטע פאַטשיילע, אויף וועלכער ער פלעגט אָנשפּאַרן זיין רעכטן עלנבויגן, אונטערהאַלטנדיק דעם רעכטן אויער, וועלכער האָט כמעט שטענדיק ביי אים געגליט ווי אַ רויטער פלאַם. ער איז נישט געווען קיין פאַרבטלטער ייד. אַ נוח־לבריות, ליב געהאַט צו שמועסן מיט מענטשן וועגן דאָס און יענץ און אויך — פאָליטיק.

ער איז געווען אַ „פאַרברענטער" שאַך־שפּילער און נישט געווען קיין איבערקלייבער; געשפּילט מיט וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט: מיט עלטערע, יינגערע און אפילו מיט קליינע יינגלעך. און ווי נאָר עס איז אים אונטערגעקומען אַ פּאַרטנער, האָט ער גלייך אָפּגענומען די רויטע פאַטשיילע פון אונטערן עלנבויגן און זי אַרויפגעלייגט אויף דער אָפענער גמרא, וועלכער ער האָט אָפּגערוקט אין אַ זייט, אַרויסגערוקט דעם שופלאָד פונעם לאַנגן טיש, אַרויסגענומען דאָס שאַך־קעסטל מיט די שוואַרץ־ווייסע כלים, גערוקט די פּיאָנערן פאָרויס און גלייכצייטיק ממשיך געווען דעם זעלביקן ניגון, מיט וועלכן ער האָט זיך פריער באַניצט ביי דער גמרא...

זיין זון, בן־ציון פּראַגער, איז געווען לאַנג־יעריקער לערער אין דער „יבנה"־שול אין פּולטוסק, וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון „מזרחי". ער איז געווען פון די „קאַליע־געוואָרענע בחורים, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער השכלה־ליטעראַטור; געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן אָנגעטאָן שטייפע קעלנערלעך מיט פאָרלאַגעס; געווען נאַציאָנאַל געשטימט, אַ מענטש מיט הומאָר און גראָטעסקע און מיט אַ כח אַרייצודרינגען אין יענעם. זיין דורכגעקליגטער בליק פלעגט זיך איינעסן און אָבסערווירן זיין מיטשמועסטער פון אונטער די ברילן אַפער...

אַלע זענען זיי אומגעקומען פון די דייטשישע עמלקים: ברוך־מענדל, זיין טאָכטער, בן־ציון מיט דער פרוי און זייערע 3 טעכטער. כבוד זייער אָנדענק והי"ד.

# זינדל ראזנבערג

אין שטאָט האָט מען אים גערופן „זינדל זייגערמאַכער". געווען אַן אָטוואָצקער חסיד. אַ געפּוצט יידל מיט אַ שיינער צעקאַמטער באָרד, אַז מ'האָט ממש געקאָנט איבערציילן יעדער האָר באַזונדער. זיין געל־גאָלדענע שיטערע פירקאַנטיקע באָרד, האָט שטאַרק האַרמאָנירט מיט זיינע אויסגעפּוצטע גאָלדענע ברילן און אים צוגעגעבן אַ מאַיעסטעטישן אויסזען.

ער איז געווען דער גרינדער פון דער „בית־יעקב"־שול. אַ סך צייט האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר דער דאָזיקער שול ביז ער האָט זי אַוועקגעשטעלט אויף אַ געזונטן יסוד.

ער האָט אויך אויפגעשטעלט די „בנות־אגודת־ישראל". די „אגודת־ישראל", וועלכע איז אויסשליסלעך געלעגן אין די הענט פון די גערער חסידים — איז ער, זינדל, דער אָטוואָצקער חסיד, געווען איר פּרעזעס*. מיט זיין דערשיינען אין דער „אגודה", האָט ער איבעראָרגאַניזירט די אגו"י און זי געגעבן אַ פּנים פון אַן אָרגאַניזאַציע און נישט ווי אַ חסידים־שטיבל, ווייל ביז אים האָט די אגו"י געוווינט אין גערער שטיבל און דעם שטעמפּל האָט מען געהאַלטן אין דער קעשענע...

* אָטוואָצקער חסידים, כידוע, האָבן זיך בכלל ווייניקער פון אַלע אַנדערע געמישט אין שטאָטישע ענינים; אָטוואָצקער חסידים האָבן איבערהויפּט געדינט פאַר אַ גערער־חסידימשער טעמע אין באַצוג צו למדנות און „קאָנען לערנען", ווו די גערער זענען געשטאַנען אויפן „1שטן פּלאַץ"... (רעד.).

גלייכצייטיק האָט ער געשטיצט די „צעירי־אגודת־ישראל" וועלכע זענען געווען די אַרויסהעלפערס ביי אַלע אגודהשע אַקציעס ווי: קהילה־וואַלן, קרן הישוב א"א.

באַמערקונגס־ווערט, וואָס צו דער „פּועלי־אגודת־ישראל" האָט ער דוקא אַרויסגעוויזן אַ ווידערווילן און געווען מיט איר אין קאָנפליקט, טראָץ דעם וואָס אים, אַלס בעל־מלאכה (אַ זייגערמאַכער), וואָלט גיכער געפּאַסט, אַז ער זאָל זיין אָנגעשלאָסן אין אירע רייען. דאָ אָבער האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ האַרטער „נוס". די פּועלי אגו"י איז אויסגעוואַקסן טראָץ זיין קעגנערשאַפט. די צעירי אגו"י דאַקעגן איז געוואָרן איינגעשרומפּן, כאָטש ער האָט זי געשטיצט אַקטיוו.

ערלעך און געוויסנהאַפט האָט זינדל ראָזענבערג אויסגעפירט זיין געזעלשאַפטלעכע שליחות. כבוד זיין אָנדענק און דעם אָנדענק פון זיין משפחה, וועלכע איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אים אין די טמא הענט פון די נאַצישע מערדער, הי"ד.

# עליע שינאוולאגא

גערופן האָט מען אים אין שטאָט: עליע „שטשאַוו" צוליב אַ מעשה וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין שטאָט, באשר עליעס באָבע, ווען זי איז געווען אין די „הויכע" חדשים, איז זי אַליין אַוועק קלייבן שטשאַוו אין פעלד און דאָרט באַקומען פלוצעם „ווייען". זייענדיק גאַנץ אַליין האָט זי זיך — באין ברירה — געמוזט מטפּל זיין מיט איר אייגן געבורט. דעם צווילינג, די 2 מיידלעך וואָס זי האָט געבוירן — דערציילט מען — האָט זי אַריינגעלייגט אין פאַרטעך מיט דעם שטשאַוו

און געקומען מיט די עופעלעך בשלום אַ היים...

דערפֿאַר האָט מען מכבד געווען די פֿאַמיליע, וועלכע איז געווען אַ פֿאַרצווייגטע אין פּולטוסק, מיט דעם צונאָמען: די „שטשאַוועס".

עליע איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטבייניקער מיט אַ געדיכטער פּירקאַנטיקער באָרד. נישט קיין חסיד, נישט קיין מתנגד. נאָר סתם אַ רעליגיעזער ייד. אַ גוטהאַרציקער, וואָס האָט געטיילט צדקה ביד רחבה (געווען אַ בעל־פּרנסה; געהאַנדלט מיט פּריצים). געווען איז ער גרייט צו לויפֿן „אין פֿייער" אַריין, בכדי אַ יידן אַ טובה צו טאָן. געווען אַ מעורב בין הבריות, אומעטום — אַ היימישער און מיט אַ ברייטן שמייכל.

עליע האָט געוווינט אויף דער וואַרשעווער גאַס קעגנאיבער דעם חזיר־מאַרק.

מאַכט זיך איינמאָל ווי ער שטייט אַזוי „פֿאַר דער טיר" מיט נאָך אייניקע סוחרים פֿון זיין בראַנזשע, צעשמועסנדיק זיך וועגן די מסחרים און אַנדערע ענינים. פּונקט אין דער צייט האָט זיך צעשפּילט די קאַרוזעליע (אַ צוגעוואַנדערטע פֿון ערגעץ), וועלכע איז געשטאַנען אויפֿן חזיר־מאַרק און די קינדערלעך האָבן זיך געדרייט אויף די הילצערנע פֿערדלעך אונטער דער באַגלייטונג פֿון מוזיק...

דאָ רופֿט זיך עליע פּלוצעם אָפּ צו זיינע מיטשמועסער, אַז ער וואָלט גרייט געווען זיך אויפֿצוזעצן אויף דער קאַרוזעליע און זיך מיט אַלע מיטדרייען, בתנאי, ווען זיי וועלן „איינלייגן" אַ הונדערט־זלאָטע־שטיק...

די מיטשמועסער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, ווי ער וואָלט פֿון זינען אַראָפּ. „סטייטש? — האָבן זיי געזאָגט — אַ ייד מיט אַ יידיש היטל און שיינער באָרד וועט זיך אויפֿזעצן אויף אַ קאַרוזעלע און זיך דרייען מיט קליינע קינדער צוגלייך? גאַנץ שטאָט וועט דאָך לאַכן!"

ניין — ענטפֿערט עליע — ס'איז גאָר קיין חרפה נישט צו פֿאָרן אויף אַ קאַרוזעליע פֿאַר הונדערט זלאָטעס. פּרנסה — מלחמה...

אויב אַזוי — רופֿט זיך אָפּ איינער פֿון זיינע מיטשמועסער — אַז עס פֿעלט דיר אויס 100 זלאָטעס צו דער פּרנסה, לייגן מיר זיי איין און לאָמיר זען...

געמיינט האָבן זיי, אַז ער זאָגט עס בלויז לפנים וועגן, כדי זיי אָנצוציען.

ווי דערשטוינט זענען זיי געוואָרן, ווען זיי האָבן געזען ווי עליע דערנענטערט זיך ממש צו דער קאַרוזעליע, פֿאַרבייגט די פּאָלעס פֿונעם לאַנגן בגד און כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ הילצערן פֿערדל און אויף די איבעריקע פֿערדלעך דרייען זיך אים נאָך אַ חברה קינדער יידישע און קריסטלעכע. אָט דרייט זיך די קאַרוזעלע אין אַ ווילדן קאַראַהאָד, עליעס באָרד פֿליט אין ווינט — — —

ווען ער איז צוריקגעקומען האָט עליע גענומען די געוווּנענע 100 זלאָטעס, אַרויסגענומען פֿון זיין טאַש נאָך מטבעות און איז דערמיט אַריין אין אייניקע אָרעמע שטיבער, ווו דער דלות האָט שטאַרק „געפּייפֿט" און דאָס געלט צעטיילט פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע...

אַזוי איז עליע געגאַנגען דורך פֿאַרשידענע אונטערוועגן צום אויסגעפּלאַסטערטן וועג פֿון צדקה און מעשים טובים.

כבוד זיין אָנדענק.

צו דער רובריק: „נשים צדקניות ועסקניות" ז' 378—372

# ליבע שטאַטזינגער

אין פּולטוסק — ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך — זענען געווען פֿיל פֿרויען, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין געזעלשאַפֿטלעכער און אויך פּריוואַטער הילף, אויף וויפֿל עס איז געלעגן אין זייערע מעגלעכקייטן. פֿאַר אַ ביישפּיל איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די צוויי איידעלע און זייער באַשיידענע פֿרויען: טאָבע סטאַראַשעוויעצקי, אָדער ווי מ'האָט זי גערופֿן: „טאָבע פֿון דער קאַסע", ווייל דער מאַן אירער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט אַלס „וואַזשני" אין דער צווייטער שפּאָר־און ליי־קאַסע און די צווייטע: פֿייגע־רויזע וואָלמאַן, ישראל־משה דעם גלעזערס. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען פּריוואַט מיט דערלאַנגען הילף פֿאַר נויטבאַדערפֿטיקע משפּחות. זיי האָבן שטענדיק „געשמעקט", געזוכט, גענישטערט און — אויסגעפֿונען אָרעמע, צעבראָכענע און קראַנקע, ביי וועלכע די נויט און דער הונגער זענען געווען גאָר אָפֿטע געסט. יעדע איינע פֿון זיי איז געלאָפֿן מיט שנעלע טריט, אַנגעקלאַפּט אין זאַטע טירן. דאָ גענומען און דאָרט אַוועקגעטראָגן. אַזוי טאָג־אויס טאָג־איין. אַ סך, אַ סך נצרכים האָבן זיי זייער הילף געגעבן, געטראָגן טרייסט און פֿאַרלייכטערונג צו פֿאַרצווייפֿלטע, נידערגעשלאָגענע, וואָס האָבן, נעבעך, נישט געקאָנט אַליין זיך קיין עצה געבן.

געווען זענען אויך פרויען, וועלכע פלעגן, חוץ מיט זייערע מסירותדיקע אַרבעטן פאַר פאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — אויך רעפּרעזענטירן מיט זייער מעמד אין שטאָט און פלעגן זיין ווי אַ פאָן אויף דער דאָזיקער אינסטיטוציע ווי, למשל, די פרויען: רוזשאַ דאַן, הורביץ, ניסניעוויטש אד״ג; פרויען פון אינטעליגענטן פאַרגעשריטענעם מין, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט די אַרבעטן פאַרן קרן־הקיימת ווי: פאַרטיילן פושקעס, זאַמלען עקספּאַנאַטן פאַר קק״ל־באַזאַרן אד״ג.

געווען פרויען מיט אַ טראַדיציאָנעלן פונק, וועלכע פלעגן זיך פאַרנעמען מיט רעליגיעזע אינסטיטוציעס און אָוועקגעבן דערפאַר זייער גאַנצע ענערגיע, ווי: פרוי אסתר קאַלפוס, גיטל פענער מיט חנה־באַשן אין דער שפּיץ (אַלע דריי זענען געווען קינדערלאָזע). אַ סך יאָרן פון זייער לעבן האָבן זיי אָוועקגעגעבן פאַר דער נאָוואָרדיקער „בית־יוסף״־ישיבה. אין דער „בית־יעקב״־שול, האָט חוץ דער פרויען־קאָמיטעט פון די מאַמעס, וואָס זייערע קינדער האָבן באַזוכט די שול — מיטגעאַרבעט מיט גרויס מסירות די איידעלע פרוי גאָלדע־רבקה בירנבוים (אַ טאָכטער פון „טאָבע פון דער קאָסע״).

אָבער בראש פון די אַלע איז געשטאַנען די אויסערגעוויינלעכע ענערגישע אַקטיוויסטן ליבע שטאַטזינגער, וועלכע איז ראוי, אַז מ׳זאָל זיך אויף איר באַזונדער אָפּשטעלן.

ליבע שטאַטזינגער האָט אָוועקגעגעבן אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט פאַר דעם „בית־יעקב״: צייט, כוח און מוח. איבער אירע כוחות האָט זי זיך באַטייליקט אין אַלע אַקציעס, וואָס איז געווען נוגע דעם „בית־יעקב״ אָדער „בנות אגודת־ישראל״.

אין שטאָט האָט מען זי גערופן „די געלע ליבע״ און געווען איז זי געשלאָגן פון גורל. איר מאַן איז גאַנץ פרי אָוועק אין דער אייביקייט און געבליבן אַ יינגע אלמנה מיט 3 קינדער. די דערציאונג פון די קינדער האָט זי גענומען אויף אירע פּלייצעס, ווייל זי האָט נישט מער געוואָלט חתונה האָבן, איז זי פאַר די קינדער געווען חוץ אַ מאַמע אויך אַ טאַטע. באַמיט זיך, זיי זאָלן נישט פילן אַז זיי זענען יתומים. געגעבן אַלץ וואָס אַ קינד האָט באַדאַרפט און זיי דערצויגן אין רעליגיעזן גייסט. זי איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקע פרוי, וועלכע האָט זיך פאַרמאָסטן מיט איר גורל און אים כמעט ווי ביי־געקומען. „כמעט״, ווייל אין עטלעכע יאָר אַרום איז איר אָפּגעשטאָרבן אַ זון אין עלטער פון 12 יאָר און האָט זיך פונדעסטוועגן נישט איינגעבראָכן, ווייל ווי קאָן מען גיין קעגן ג־טס רצון? איר אמונה אין דער השגחה־עליונה האָט איר געשטאַרקט און געגעבן כח אין אַלע צייטן.

זי האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר. פון דעם האָט זי געצויגן איר פרנסה. זי איז געווען אַ פרוי, וואָס חוץ דעם טייטש־חומש האָט זי אויך געוווסט עטלעכע שפּראַכן, געהאַט אַן אָנונג אין וועלטלעכע ענינים, געלייענט, חוץ די טאָגטעגלעכע פּרעסע, פאַרשידענע בראָשורן און צייט־שריפטן. ביכער פלעגט זי נישט בלויז לייענען, נאָר ממש שלינגען...

איר עלטערער זון, שמחה־בונים, האָט זיך צו 16 יאָר גענומען צום האַנדל, כדי צו פאַרלייכטערן דעם שווערן עול פון דער מוטער, וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן נאָך איר מאַנס טויט.

דעמאָלט האָט זיך ליבע שטאַטזינגער אַריינגעוואָרפן ראשה ורובה אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און איר גאַנצע ענערגיע אָוועקגעשאָנקען דער בית־יעקב־שול. זי איז געווען פון די ראשי המדברים, געוועקט, געמאָנט, אָרגאַניזירט. ביי אַלע אַקציעס איז זי געווען פון די סאַמע ערשטע און מיטגעריסן מיט זיך נאָך פיל אַנדערע, וועלכע זענען פון איר געוואָרן אָנגעשטעקט. צו איר מסירות איז גאָר קיין גבול נישט געווען.

ווען די קינדער פון דער בית־יעקב־שול האָבן געגרייט אַ פאַרשטעלונג אויף פורים („מגילת אסתר״), האָט די געלע ליבע אָוועקגעגעבן איר ווינונג צו דער דיספּאָזיציע פון די פאַרשטעלערס, ווו מ׳האָט צוגעגרייט דעם גאַנצן רעקוויזיט ווי: „היסטאָרישע״ בגדים, בערד; געשניטן דיקטן פאַר היטלען, קרוינען, שווערדן אד״ג. איר דירה איז נישט געווען קיין גערוימע אַזוי אַז פאַר איר איז שוין קיין פּלאַץ נישט געבליבן איז זי אַרויס מיט די קינדער אויפן הויף.

די געלע ליבע האָט אויך געזאָרגט פאַר יידישע זעלנער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַ טייל רעליגיעזע בחורים, וועלכע מ׳האָט „אָוועקגענומען פון די גמראס״, אַז זיי זאָלן נישט עסן פונעם זעלנערישן טריפענעם קעסל (אינעם 13טן פוסגייער־פּאָלק, וואָס איז איינגעשטאַנען אין פּולטוסק, האָבן זיך געפונען אַ סך יידישע זעלנער, דערפאַר האָט ער אין די יידישע קרייזן באַקומען דעם נאָמען: „משה רבינוס פּאָלק״). זי האָט ממש געשטורעמט ביי די קצבים און בעל־הבתישע משפחות, אַז יעדן טאָג זאָלן ווערן צוגעגרייט מיטאָגן פאַר די פרומע בחורים, וואָס „דינען״ אין פּולטוסק.

אויף פסח פלעגט די געלע ליבע אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע פרויען־גרופּע, וועלכע האָט געגרייט פאַר יידישע זעלנער אַ כשרע פסחדיקע קיך *, זיי זאָלן נישט טועם זיין, חלילה דעם טעם פון חמץ.

* זע דאָס בילד: „גוטע מעשים אין שטאָט״, ז׳ 370.

**צו דער רובריק: „פולטוסקער אין גאר דער וועלט״,**
**אַרטיקל „אין אַמעריקע״, מאיר בזשאזא, ז׳ 520—521**

— — אַנהויב יוני 1971 זענען אָנגעקומען קיין ישראל 2 חשובע פאַרשטייער פונעם פולטוסקער קאָמיטעט אין אַמעריקע — די הערן: מאיר בזשאזא (פאָרזיצער פון קאָמיטעט) און יוסף דאניעל, מיטברענגענדיק מיט זיך אַ טשעק אויף 16 טויזנט דאָלער, וואָס די פולטוסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן באַקומען אַלס אַנטשעדיקונג פאַר זייער שול־בנין — מיטן צוועק אויפצושטעלן אין ישראל פאַר דעם געלט אַן אָנדענק פאַר די פולטוסקער קדושים הי״ד, לויט אַ פון לאַנג שוין אָנגענומענעם באַשלוס פונעם אַמעריקאַנעם פולטוסקער קאָמיטעט.

די א״ד חשובע פאַרשטייער האָבן צוזאַמען מיטן פולטוסקער קאָמיטעט אין ישראל באַשלאָסן צו פאַרווענדן דאָס געלט אויף אַ דבר שבקדושה.

פון דער א״ד סומע זענען 10 טויזנט דאָלער אָפּגעגעבן געוואָרן אויף צו רעמאָנטירן און פאַרברייטערן דעם בנין פון דער שול־און־ישיבה „אור אברהם״ אין ירושלים, וועמעס פאַרוואַלטער עס איז הרב משה בורשטין, אַליין אַ פולטוסקער תושב — אַלס אַ זכר פאַר די אומגעקומענע פולטוסקער הי״ד, ווו עס איז אויפן שילד פון דער שול־און־ישיבה בנין דייטלעך אויפגעשריבן.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, איז אַ שטוב, וועלכע געפינט זיך דערנעבן באַצייכנט געוואָרן מיט אַן אויפשריפט: „בית פולטוסק״ (פולטוסקער הויז), זע די בילדער נאָך די אָנגעשריבענע שורות:



דער שול־און־ישיבה בנין „אור אברהם״ אין ירושלים מיטן אויפשריפט „לזכר קדושי קהילת פולטוסק״



דאָס הויז מיטן אויפשריפט „בית פולטוסק״




אַמבולנס ל„מגן דוד אדום״ בישראל —
תרומה מאת **נתן צעלניק** (בנו של שמחה צלניק) ורעיתו מלונג־ביץ, ארה״ב

אַן אַמבולאַנס פאַרן „מגן דוד אדום״ אין ישראל —
אַ שפענדונג פון **נתן צעלניק** (זון פון שמחה צעלניק) און **זיין** פרוי
פון לאָנג ביטש, אַמעריקע

# הערות — באַמערקונגען

**די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין פולטוסק** מיט א גרויסער צאָל ביכער א״נ פון „שלום־עליכם״ איז פאַרלייגט געוואָרן אין סאַמע האַרץ פון שטאָט, שוויענטא יאַנסקא 4 (אַמאָל: פּובליטשנא), אין איינעם פון די שענסטע הייזער — דורך ישעיהו קופּפערמינץ מיט דער מיטהילף פון: י. בזשעזשינסקי, ב. ליפּניצקי, פּסח מעלניק, אלתר יאַזשינא, משה־יעקב ווינאַגראַד, מרדכי האוסמאַן, שקאַרלאַט, שלמה און יצחק יורקעוויטש, חיים שלמה סאַפּיאַן, אברהם באַרטאַװסקי, יהודה־אליעזר רינג, וועלוול באַרנשטיין, שעפּסל ווישניעוויטש א״א.

(רפאל משה שאך)

▼

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַלס „צ ע י ר י צ י ו ן״ איז פאַרלייגט געוואָרן דורך ישעיהו קופּפערמינץ, מרדכי ראָזענבערג, יחיאל קראַנזשעק (ר׳ שמואלקע קראַנזשעקס אַ זון), אברהם־גרשון וויגאַדא, שמעיה ראַפּאַפּאָרט, יהודה־אלעזר רינג, יחיאל זילבערשטיין, יצחק קאַפּלאָוויטש, אפרים קאַפּלאָוויטש, לייבל גאָלדשטיין, רוזשא דאַן, יעקב גאָלדבערג, אברהם רוזשא (אלעוויק), ברידער אַלטשילער, אביגדור קופּפערמינץ א״א.

(רפאל משה שאך)

▼

**חיים אהרנוביץ:** מורה וסופר. נולד בפולטוסק בבית אביו החזן והשו״ב ר׳ הערשל אהרנוביץ ז״ל. בנעוריו למד הרבה תורה וקיבל „סמיכות״ לרבנות. בוורשה גמר את ביה״ס „תחכמוני״ והוסיף ידע בלימוד עצמי.

ב־1936 עלה ארצה ומאז הוא מורה בבתי ספר מקצועיים מטעם משרד החינ״ך ועירית חיפה, עיר מגוריו. מספריו שיצאו לאור: „ההבעה בכתב״ (2 כרכים); „ספר חיפה״ שהוצא ע״י וועד הדר־הכרמל; כתב רשימות ב„דבר״ במדור „הדים״; כתב רפורטז׳ות בשבועון „בגלגל״; הוציא ספר בשביל תלמידים על הכתיב העברי: „כתוב כהלכה״; כתב ספר על רומא: „תור את רומא״ ופרסם בשעתו שורת מאמרים על איטליה ב„ידיעות אחרונות״ (היה מן החיילים הראשונים בבריגדה היהודית בצבא הבריטי באיטליה); פרסם גם חוברות גיאוגרפיות על ארצות שונות; כתב שורת מאמרים ב„בדרך״, שבועון לעניני עליה שיצא בזמנו בוורשה ועוד.

בירושלים למד באוניברסיטה וגם בקונסרבטוריון.

כאביו החזן והמנגן הגדול, אשר בזמירותיו ובתפילותיו שבה ליבות המתפללים, ר׳ הערשל ז״ל, כן גם הוא, ניחן בהבנה עמוקה ובחיבה יתירה למוסיקה, אשר באה לביטוי ב„פרקי ילדות״ המופלאים שלו בספר פולטוסק (ראה עמ׳ 260—241), ביחוד בטורים בהם הוא מספר בלהט על אביו החזן ומנגינותיו התפילתיות.

**שמאי גולן** (ראה: „נע ונד״, עמ׳ 421—410).

„גולן (מקודם: גולדשטין) שמאי נולד בפולטוסק ב־5.4.1933 להוריו סימא לבית גולדמכר ושלמה גולדשטין. בשנות מלחמת העולם השניה נדד עם משפחתו בפולין הכבושה וברוסיה. שם מתו הוריו ואחותו הצעירה, וש. ג. הוכנס לבית יתומים. בסיום המלחמה חזר יחד עם אחותו הבכירה ואחיו לפולין, ומשם עלה ארצה בעליה בלתי ליגלית בשנת 1947. התחנך בקיבוץ רמת הכובש עד גיוסו לצה״ל. לאחר שירות החובה המשיך לשרת כקצין בצבא הקבע עוד כשלוש שנים. משנת 1957 יושב בירושלים, בה סיים לימודיו באוניברסיטה העברית בחוגים לספרות עברית ולהיסטוריה של עם ישראל. עוסק בהוראה ומרצה בסמינר למורים.

ספריו: „באשמורת אחרונה״, על ילדות בתקופת השואה, זכה (כפי שצוין כבר כאן המ.) בפרס לספרות ע״ש אשר ברש; „אשמים״, על תקופת השואה וההעפלה, זכה בפרס אקו״ם (אגודת קומפוזיטורים ומחברים). בימים אלה עומד לצאת ספרו השלישי „מותו של אורי פלד״, על צעיר ניצול השואה ונסיונותיו להתערות בארץ.

כמו כן פרסם ש. ג. סיפורים ומאמרים בכתבי עת לספרות״.

(מה„לקסיקון הספרות העברית״ מאת ג. קרסל ומהספר „מי ומי בישראל 72—1971״).

▼

**פלוריאן סוקולוב** („זכרונות מפולטוסק״, ראה עמ׳ 221). סופר ומטובי העיתונאים בעולם; הוציא לפני פטירתו ספר ביוגרפיה מרתק על אביו הסופר והעיתונאי בחסד עליון ר׳ נחום סוקולוב ז״ל, עורך „הצפירה״ (אגב: מנהיג ציוני גדול ונשיא ההסתדרות הציונית) בשם: „אבי נחום סוקולוב״ שיצא זה עתה לאור בהוצאות הספריה הציונית.

„אע״פ שפלוריאן היה כל כולו ספוג תרבות פולנית, הצטרף בגיל צעיר מדי לתנועה הסוציאליסטית הפולנית ואף מראהו החיצוני היה כמראה „שלאכציץ״ (אציל) — חודר פלוריאן (ששמו היה אפרים) באורח פלא אל ההווי היהודי שגדל בו אביו, אל אותן העיירות הקשורות בחיי נ. ס. — ווישגורוד, פלוצק, מאקוב, פולטוסק, על יהודיהן ורבניהן, על חיי הדת שבהן, על בתי מדרש והישיבות, על הפרנסות של יהודי העיירות ועל מצוקתם, על הרדיפות מצד שלטון הצאר ושנאתם של השכנים הפולניים, והוא מצייר לנו תמונה נפלאה — שאגאלית ממש — מלאה גם רגש יהודי, גם הומור יהודי, של אותם חיים תלושים ותלויים על בלימה — ועל רקע זה הוא מצייר לא רק את דמותו של אביו ה„עילוי״, אלא גם את שלשלת היוחסין שלו, עם דורות של רבנים, תלמידי חכמים, גאונים... זהו הפלא הגדול שבספר. בזה גם יופיו.

במאי 1936 נפטר כידוע נחום סוקולוב לפתע כשהוא רכון על כתב יד של ספרו האחרון על גבורי ישראל אשר לא הספיק להשלימו: „שלוש עשרה שנה לאחר מכן השלימו כתב יד זה בדרך אחרת בחורים יהודיים בא״י״. באקורד פטטי זה ובו רמז למלחמת השיחרור של תש״ח—תש״ט מסיים פלוריאן הבן את ספרו היפה והנוגע ללב על נחום־האב״.

(ד. לאזר, „מעריב״, 1971)

**יעקב נחושתן (קופפרמינץ)** מפקד בית״ר בפולטוסק (ראה: „בית״ר, עמ׳ 201) וממפקדי „אצ״ל״ בארץ.

ב־1935, 3 ימים אחרי שהוריו הגיעו ארצה נאסר וישב בכלא יפו, באשמת אירגון הפגנה נגד המועצה המחוקקת. בפעם השניה נאסר ב־1938 בעוון אירגון הפגנה נגד גזר הדין על שלמה בן יוסף בראשון לציון. ב־1939 נאסר בקורס של קציני „אצ״ל״ שהתקיים במשמר הירדן, באשמת אימונים בנשק ונדון ע״י בית דין צבאי בריטי — ל־10 שנות מאסר בעכו. ב־1946 נאסר לפי חוק לשעת חירום — בלטרון. אחרי הקמת המדינה נאסר שוב בעוון אירגון הפגנה נגד השילומים — בכלא רמלה.

שנים רבות היה פעיל בתנועה הלאומית בארץ ונשא בתפקידים כחבר מרכז התנועה בארץ.

שירת בצבא במלחמת השיחרור בגליל העליון בדרגת רב־סמל. גר עם משפחתו בתל־אביב.

▼

**הרב אוטרמן ז״ל** נפטר בוורשה ושם נקבר (ראה תמונת המצבה, עמ׳ 38).

▼

**ר׳ חיים־לייב קליגער שו״ב ז״ל און זיין פרוי גיטעלע און זייער טאכטער** — זענען אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ (זע אַרטיקל פון דוד קליגר, ז׳ 46).

▼

**לייבקע קלעזמער** (רפאל משה שאך, זע ז׳ 340—341) ביים סוף פונעם אַרטיקל דאַרף צוגעגעבן ווערן: „ווי עס איז אָנצוזעמען זענען לייבקעס זין און אייניקלעך, פולטוסקער תושבים, אַלע כמעט מוזיקער און טייל באַקאַנטע קינסטלער — אומגעקומען פון די דייטשן, הי״ד.

*

„מרה שחורהניקעס און פון זינען געריריטע״, ז׳ 385 — דאַרף זיין צום סוף: (לויט יוסף בלומשטיין).

*

כל התווים שב„פרקי ילדות״ מאת חיים אהרנוביץ — הם מפרי יצירותיו של אביו החזן, ר׳ צבי אהרנוביץ ז״ל.

*

פיל אויסדרוקן זענען געגעבן געוואָרן לויט ווי זיי זענען „אַרומ־געגאַנגען״ אין שטאָט, כאָטש פון דעם ריין־גראַמאַטיקאַלישן שטאַנד־פונקט איז עס מחויב צו זיין אַנדערש.

אין די נעקראָלאָגן ווי אין דער רשימה פון די קדושים איז נישט געווען קיין שטרענגע הקפדה אין דער אָרטאָגראַפיע פון העברעישער אָדער יידישער אויסלייגעכץ — אין באַצוג צו די נעמען פון נפטרים אָדער קדושים.

ווערטער אונטער דער צייכענונג „6 ליכט״, עמ׳ ט״ז (אָנפאַנג בוך); ווערטער אונטער דער צייכענונג „גירוש איבער דער בריק״, ז׳ 396 — פון יוד־עין.

**ראשי תיבות:** א״ד — אויבן דערמאָנט; א״ג — אַזוי גערופן; אא״וו — און אַזוי ווייטער; א״א — און אַנדערע; ד״ה — דאָס הייסט; ל״ל — לאַנדסלייט; אד״ג — און דאָס גלייכן; א״נ — אויפן נאָמען; ז׳ — זייט; א״אנד — און אַנדערע; י״ה — יאָר הונדערט; חת״ם — חיל תעמולה; ח״ק — חיל קרב.

# תיקוני טעויות — פאַרריכטע גרייזן

ז׳ 449 : דער יידישער פּאַרטיזאַנער — דאַרף זיין פּאַרטיזאַן (מנחם שטשופּאַק ; פאַרצייכענונגען).

*

ז׳ 553, מאַקס קלאַס „אויף דער בינע״, 13טע שורה פון רעכטס — דאַרף מען לייענען : קפיצת הדרך.

*

זינגענדיקע שוסטער (ש. בלענקיטני, ז׳ 371) — דאַרף זיין שוסטערס (ווי : זינגערס, שניידערס, אד״ג).

*

ז׳ 265, דן אַראָנאָוויטש : שלמה כסיל (17טע שורה פון אונטן, פון רעכטס) — דאַרף זיין קסיל.

*

ז׳ 308, שרה פּראַסט : קוביקעס אייז (12טע שורה פון אויבן, פון לינקס) — דאַרף זיין ריזיקע אייז-שטיקער.

*

הערש קוקווא (טיפּן פון פאָלקס-מענטשן, א. בולמאַן, זע ז׳ 367, 17טע שורה פון רעכטס, פון אונטן) — דאַרף זיין : קוקפא.

*

צדקת, צדקתטעס (זע : נשים צדקניות, ז׳ 372) — דאַרף זיין : צדיקת, צדיקתטעס.

*

ניעסטעמפּאָווער — דאַרף זיין : ניעסטנפּאָווער.

במודעות־אבל, עמ׳ 567, משפ׳ דירקטור — צריך לקרוא (בשורה העליונה) שנספו בשואה.

*

אינעם נעקראָלאָג, ז׳ 569, לינקס, אונטן : חייקע בת יוסף גראָסבאַרד — דאַרף מען לייענען : אין דער יידישער פאָלקס-שול.

*

במודעת־אבל, עמ׳ 577 (בחצי עמוד למטה) מנדל בן גרשון יגודה — צריך לקרוא : אך לאחר תחנונים ובכיות.

*

אינעם נעקראָלאָג, ז׳ 583, מעלניק (טשאַרניצקי) — דאַרף מען לייענען : ברודער גדליה לייב.

*

ז׳ 360, „עפּיזאָדן און פּאַסירונגען״, ש. בלענקיטני, דריטע שורה פון רעכטס, פון אויבן : און ווען ער האָט דערזען — דאַרף זיין : ווייל ווען ער האָט דערזען.

*

אינעם נעקראָלאָג, ז׳ 627, אונטערשטער האַלבער דף, משפ׳ מנשה שטיינבערג — איבערגעטוישטע נעמען : אנשטאָט לאה — שרה-רבקה און אנשטאָט שרה-רבקה — לאה.

*

במודעת־אבל, עמ׳ שלם 555 — הוחלפו השמות : במקום פסיה ודב בוקסר צריך להיות חיים גולדשטיין ובמקום חיים גולדשטיין — פסיה ודב בוקסר.



# תוכן הספר — אינהאלט פון בוך



## פרקי עבר — קאַפּיטלען פון עבר



## רבני פולטוסק — משה צינוביץ



## מוצי״ם, שובי״ם ודמויות של גדולי תורה ויראי אלוקים דיינים, שוחטים און געשטאַלטן פון למדנים און גאָטס־פורכטיקע יידן



## עיר שהיתה — א שטאָט וואָס איז געווען



## אינסטיטוציעס און פאַראיינען — מוסדות ואגודות



(בתי־ספר — שולן):



## פרייע פראָפעסיעס (טיפּן פון יידישע דאקטוירים, דענטיסטן, אדוואקאטן):

## מפלגות ואירגונים — פארטייען און ארגאניזאציעס



## אין פולטוסק פון דעמאלט (טיפּן, שטאָט־בילדלעך, שילדערונגען):



## זכרונות (בתים ואנשים — היימען און מענטשן):



## טיפּן און געשטאַלטן פון חסידישע פערזענלעכקייטן, תורה־לערנערס, כלי קודש, פּאַרטיי און כלל־טוער



## דמויות של סופרים ואמנים, בני פולטוסק — שנגדעו בשואה

## געשטאַלטן פון שרייבער און קינסטלער, פולטוסקער — פאַרשניטענע אין אומקום

## טעאַטער אין פּולטוסק



## עפּיזאָדן און פּאַסירונגען



## טיפּן פון פאָלקס־מענטשן



## נשים צדקניות ועסקניות — פרויען צדיקתטעס און כלל־טוערינס



## פולטוסק בלשונה ובנוסחה — פולטוסקער לשון און נוסח



1939

## פרקי שואה וחידלון, לחימה וגבורה — קאַפּיטלען פון אומקום און פאַרגאַנג, קאַמף און העלדישקייט



## פולטוסקאים מספרים — פולטוסקער דערציילן



## אין בלוטיקן וואַנדער



## פאַרטיזאַנער־און געטאָ־קעמפער

## פולטוסק נאָכן חורבן — א שטאָט אָן יידן



## הלוחמים והנופלים



## פולטוסקאים בעולם — פולטוסקער אין גאַר דער וועלט



## לזכר עולם — צום אייביקן אָנדענק





# רשימת התמונות — ליסטע פון די בילדער

## הודעה לבני עיר!

**אין המערכת „פולטוסק־ספר־זכרון" אחראית לכתבי יד שהודפסו בספר. המבקש לקבל חומר שלו שלא נדפס, יפנה למערכת מתאריך הופעתו של הספר ועד לחודש ימים, כי אחר כך לא ייענה.**

המערכת

## באקאנטמאכונג פאר די לאנדסלייט!

**די רעדאַקציע „פולטוסק־ספר זכרון" איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מאַנוסקריפּטן, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגעדרוקט אין בוך. די, וועלכע ווילן אָפּנעמען זייערע נישט געדרוקטע מאַטעריאַלן, דאַרפן זיך ווענדן אין דער רעדאַקציע פון דער דאַטע ווען דאָס בוך איז דערשינען ביז צו אַ חודש צייט נאָכדעם. שפּעטער וועלן זיי נישט געענטפערט ווערן.**

די רעדאקציע

*

הכתובת — אַדרעס: **י. עברי, רח' העבודה 30, ת"א טלפון: 245109**